# שלמה המלך

היסטארישער ראמאן

פון

שאול ספיר



# KING SOLOMON

*Historical Romance by Saul Saphire*

Author of Caliph of Cordova, Between Rome and Jerusalem, King David, Abraham's Grandchildren, Prince of Egypt, Queen Esther, Columbus the Cryptic Jew, The Daughter of the Desert, Forty Years in the Desert, Joshua, Samson and Delilah, Rambam, Ruth, Deborah, Jeptah and His Daughter, etc.



**UNITED PUBLISHING CO.**
225 Centre Street
New York, N. Y.

*To Harry Nevin,*

*a much esteemed friend*

אַנדערע ביכער ביי שאול ספיר:

„רמב"ם".

„משה רבנו'ס נאָכפאָלגער".

„צווישען רוים און ירושלים".

„פערציק יאָהר אין מדבר".

„טאָכטער פון מדבר".

„דוד המלך".

„קאָלאָמבוס דער איד".

„פרינץ פון מצרים".

„שמשון הגבור".

„דבורה".

„רות".

„יפתח און זיין טאָכטער".



## ערשטער קאפיטעל

# אבישג די שונמית

דוד דער קעניג פון ישראל איז אלט געווען בלויז זיבעציג יאהר, אבער ער האט זיך שוין געפהילט זעהר אלט און שוואך... ווייס ווי שנעע זיינען זיינע האר געווארען און זיין פנים געל און צוקנייטשט. די הענט און פיס זיינען אפגעשוואכט געווארען... א גרויסע מידקייט האט דורכגענומען זיין קערפער. ער איז כמעט דעם גאנצען טאג געלעגען אין בעט. שווער איז איהם געווען זיך צו בעוועגען. ארום איהם זיינען געווען זיינע מיניסטארען, הויפלייטע און געזוכט צו פערטרייבען זיין אומעט און טרויער, אבער די מונטערע און פרעהליכע ווערטער פון זיינע פריינד, האבען איהם נאך מעהר אויפגערעגט... זייער אנוועזענהייט האט נאך זיין שטימונג געמאכט מעהר געדריקט... ער האט פארגעצויגען צו בלייבען אליין מיט זיינע געדאנקען, און ווען קיינער איז מיט איהם נישט געווען, האט ער ליעב געהאט צו ליעגען און טראכטען פון זיינע פערגאנגענע יאהרען...

זיינע געדאנקען וואנדערען אוועק צו זיין יוגענד: אט זעהט ער זיך אלס דער יונגער פאסטוך פון בית לחם... ער פיטערט זיין פאטער'ס שאף אין טהאל... ער שפיעלט אויף זיין הארפע שעהנע בעצויבערענדע ליעדער, איהם דוכט זיך אז די גאנצע נאטור טאנצט און זינגט צוזאמען מיט איהם... ער פיהלט זיך פריי פון זארג, פריי, ווי זיינע שאף, ווי די פויגעלאך מיט זייער געזאנג... דאן איז געקומען מיכל... ווי גרויס זיין ליעבע איז צו איהר געווען... ווי שטארק ער האט געליטען... ווען שאול איז געווארען קעניג און מיכל איז א פרינצעסין געווארען... האט ער שוין געהאט אויפגעגעבען זיינע האפענונגען צו קריגען מיכל'ן... אבער גאט איז מיט איהם געווען און איהם און אלע זיינע וועגען בעגליקט... איהם דוכט זיך יעצט, אז גאט האט גלית'ן דעם פלשתי געשיקט צו לעסטערן די אידען צוליעב איהם, כדי ער זאל מיט זיין זיעג איבער דעם ריעז, דערהויבען און בעריהמט ווערען, אז דער קעניג שאול זאל זיין געצוואונגען איהם צו געבען מיכל'ן פאר א פרוי... אבער זעהר קורץ איז זיין גליק געווען: שאול ווערט קראנק, מעלאנכאליש,

זיין איינערזוכט אויף איהם ווערט שטארקער און ער מוז פארלאזען זיין ליעבע. מיכל איז אוועק אין גלות, אה, וויפיעל ער האט זיך אנגעליטען פון שאול׳ס רדיפות! נישט איינמאל איז איהם דער טויט פאר די אויגען געשטאנען... אבער גאט האט איהם גערעטעט... אט איז ער אליין געווארען קעניג, פריהער איבער דעם שבט יהודה און דערנאך איבער אלע שבטים. יע, פערציג יאהר זיינען פאריבער! און דאס אלעס קומט איהם פאר ווי עס האט ערשט נעכטען פאסירט... די טעג פון זיינע לידען זיינען מעהר ווי די טעג פון זיינע פריידען... אין די ערשטע יאהרען פון זיין קעניגען האט ער געפיהרט מלחמות מיט די ארומיגע פעלקער וועלכע האבען געגומען באאומרוהיגען די לאנד. און ווען גאט האט געהאלפען און ער האט אלע פעלקער פון ארום באזיעגט, האט ער שוין געגלויבט אז יעצט וועט ער קענען הערשען מיט רוהיגקייט און געניסען פערגעניגען, איז אויף איהם געקומען די צרות פון זיין אייגענער משפחה... פריהער זיין בכור אמנון׳ס באליידיגונג צו זיין שוועסטער תמר... דערנאך אבשלום׳ס נקמה... איין ברודער טויטעט דעם צווייטען... און מיט איניגע יאהר שפעטער אבשלם׳ס אויפשטאנד געגען איהם... זיין אייגענער זוהן האט זיין לעבען געזוכט, איהם געוואלט פארניכטען אום צו ווערען קעניג... א גרויל געהט דורך זיין לייב ווען ער נעהמט זיך דערמאהנען, ווי שוין אויף די עלטערע יאהרען, איז ער געווען געצוואונגען צו פארלאזען זיינע פאלאצן און אנטלויפן פון ירושלים... אפריכטען גלות און זיך פארטהיידיגען געגען זיין זוהן׳ס אנגריף... און נאך מעהר בלוטיגט זיין הארץ ווען ער דערמאנט זיך דעם טראגישען סוף פון זיין זוהן, אבשלום... יע, פון אלע זיינע זיהן, זיינען איהם יעצט נור צוויי פארבליבען... אדוניה, רוגית׳עס זוהן, און שלמה דער זוהן פון בת שבע...

ווען דוד טראכט פון שלמה׳ן בעווייזט זיך א שמייכעל אויף זיינע ליפען, זיינע אויגען ווערען ווידער אנגעצונדען מיט א פונק פון פייער... זיין זוהן שלמה! ווי שטאלץ ער איז אויף איהם... ער איז פערבליבען דער איינציגער באלזאם צו זיין פערוואונדעטע הארץ... ער איז דער איינציגער שטראהל פון ליכטיגקייט אין זיינע לעצטע פערכמורעטע טעג... ער איז שעהן, נאך שעהנער ווי אבשלום, העלדיש און געלערנט; קלוג איז ער ווי א מלאך פון הימעל!... געלויבט איז גאט וואס ער האט איהם געבענשט מיט אזא יורש... יעצט וועט ער קענען רוהיג שטארבען: ער וועט די מלוכה איבערלאזען אין גוטע און אין זיכערע הענט. זיין זוהן שלמה וועט וויסען ווי צו רעגיערען מיט גערעכטיגקייט... ער וועט ווערט זיין צו בויען א הויז פאר גאט... דורך איהם וועט מקוים ווערען די נבואה וואס נתן דער נביא האט צו איהם לאנג צוריק נביאות געזאגט: „דיין זוהן וועלכער וועט ארויסקומען פון דיר, ער וועט בויען א הויז פאר גאט און זיין קעניגרייך וועט באפעסטיגט ווערען ביז אייביג"...

דוד איז יעצט זיכער אז גאט האט איהם מוחל געווען די זינד, וואס ער איז בעגאנגען געגען אוריה׳ן ווען ער האט איהם געשאנקען אזא זוהן פון בת שבע׳ן זיין בעליעבסטע פרוי צווישען אלע פרויען... איז ער דען נישט געגונג אפגעקומען פאר דעם. האט ער דען נישט זעהן שטארק געליטען זינט דאן?! איין קלאפ איז געווען גרעסער פאר׳ן צווייטען... זיין נשמה איז דורך די אלע יסורים אויסגעלייטערט און גערייניגט געווארען... דער שטורעם אין לאנד האט זיך איינגעשטילט, אבער דער שטורעם פון זיין הארצן האט נאך ביז יעצט

נישט אויפגעהערט צו ברויזען... זיינע ליעבסטע קינדער זיינען טויט... זייערע יונגע לעבענס זיינען אזוי פריהצייטיג אפּגעשניטען געוואָרען... און יעצט זיינע פערבליעבענע צוויי זיהן!... איינער פון זיי וועט ווערען קעניג נאָך איהם... און דער צווייטער?... וועט ער אויך האָבען אזא טראגישען סוף ווי זיינע פריהערדיגע ברידער? אָדער וועט גאָט זיי ביידען בעשיצען און זיי וועלען לעבען צווישען זיך אין שלום?...

דוד האָט זיין אדוניה'ן אויך זעהר ליעב געהאַט. ער איז אויך שעהן און בעזיצט פיעלע מעלות, אָבער די מלוכה וועט ער איהם נישט איבערגעבען... שלמה וועט ווערען קעניג, ער איז מעהר פּאַסיג צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ, און א חוץ דעם האָט ער שוין פון לאַנג דאָס פאַרשפּראָכען צו בת־שבע'ן, שלמה'ס מוטער... קיינער אָבער וויים דערפון נישט... ער וואַרט ביז וואַנען די גינסטיגע געלעגענהייט וועט קומען און ער וועט פאַר אַלעמען בעקאַנט מאַכען דאָס שלמה וועט ווערען קעניג נאָך איהם... דערוויילע איז עס איהם זעהר שווער צו טהאָן... ער וויל אדוניה'ן נישט פאַרשאַפען אזוי פיעל צער, דעריבער זוכט ער אָפּצולעגען ביז ער וועט פיהלען דאָס זיינע לעצטע טעג קומען אָן... דוד האָט אויך געבעטען זיין פריינד, נתן דעם נביא דערווייל פאַר קיינעם ניט צו דערצעהלען אז שלמה וועט בעשטייגען זיין טראָהן...

— מיין האַר קעניג — האָט זיך נתן דער נביא אָפּגערופען — איז דען נישט בעסער אז אדוניה זאָל דערפון גלייך וויסען. דאָס וועט פאַרמיידען א סך אונאנגענעהמעס...

— איך וויים ווי שטאַרק דערשלאָגען אדוניה וועט זיך פיהלען, ווען ער וועט דערהערען פון מיין בעשלוס. זיין ענטטוישונג און ליידען וועט זיין זעהר גרויס... דעריבער איז מיין וואונש עס אָפּצולעגען ביז צום לעצטען — האָט דוד געזאָגט — צו וואָס זאָל איך איהם גלייך פאַרשאַפען די יסורים?...

— דער ווילען פון קעניג איז ביי מיר הייליג — האָט איהם נתן געזאָגט — איך וועל מיט קיינעם וועגען דיין בעשלוס נישט ריידען, ביז וואַנען די צייט וועט קומען.

נתן האָט זיין פערשפּרעכען געהאַלטען און קיינער פון דעם קניג'ס הויף האָבען פון דוד'ס בעשלוס נישט געוואוסט א חוץ בת שבע און שלמה איהר זוהן...

דוד'ס לאַגע איז ערגער געוואָרען פון טאָג צו טאָג. ער האָט אין גאַנצען פערלאָרען זיין אַפּעטיט, זיין טרויער און מעלאַנכאָליע איז וואָס ווייטער גרעסער געוואָרען... ער איז געוואָרען זעהר אומרוהיג... יעדע זאַך פלעגט איהם שנעל אויפרעגען...

די רופאים האָבען פון זיין בעט נישט אָפּגעטראָטען, זיי האָבען געטהאָן אַלעס מעגליך איהם צו מונטערען און פרעהליך מאַכען, אָבער זיי האָבען נישט געקענט פערטרייבען זיין אומעט און מרה שחורה... זיי האָבען געזעהן אז אַלע זייערע מיטלען זיינען נוצלאָז, און זיי האָבען גענומען זיך בעראַטען וואָס צו טהאָן.

— מיין עצה איז — האָט זיך איינער פון די רופאים אָפּגערופען — דאָס מען זאָל פאַר דעם קעניג ברייגגען א יונגע שעהנע מיידעל וועלכע זאָל זיין פול מיט לעבענסקראַפט און יוגענד, זי זאָל זינגען און טאַנצען פאַר דעם קעניג און דורך איהר לעבהאַפטיגקייט און יוגענד וועט זי אַריינברייגגען דעם קעניג אין א

פרעהליכע און מונטערע שטימונג... איך בין איבערצייגט אז ווען אונז זאל גע־לונגען צו קריגען אזא מיידעל וועלכע זאל בעזיצען אין זיך די קראפט פון יוגענד־ליכען פרייד און דערצו זיין בעגאבט מיט א שעהנע שטימע, וועט איהר אנוועזענהייט אריינברייגען פרעהליכקייט אין דעם קעניג'ס צימער, און דעם קעניג'ס געמיטה וועט זיך ענדערען.

אלע רופאים האבען צוגעשטימט אז ווען מען זאל קריגען אזא מיידעל וואלט זי א סך געהאלפען צו פערבעסערען דעם קעניג'ס לאגע. עס וואלט פאר איהם ווינציג צייט פערבליבען צו טראכטען זיינע טרויעריגע געדאנקען.

זיי האבען ארויסגעשיקט איינינע פון דעם קעניג'ס בעאמטע איבער די שטעדט פון ארץ ישראל צו זוכען אזא מיידעל...

---

אין דרום—מערב זייט פון דעם טהאל יזרעאל וואס געפינט זיך אין דעם טייל פון דעם שבט יששכר, איז געווען א שטאדט מיט'ן נאמען שונם. אין יענער שטאדט האט געוואהנט אן ארימער אכר מיט זיין פרוי און קינדער. זיין נאמען איז געווען יואל ער האט געהאט פינף זיהן און איין טאכטער, און איהר נאמען איז געווען אבישג. די זיהן האבען צוזאמען מיט'ן פאטער בעארבייט די פעלדער און אבישג האט געפיטערט די שאף. יונג און שעהן איז אבישג געווען איהרע לאנגע פעך שווארצע האר, איהרע גלאנצענדיגע אויגען און געטאקטע נאז האבען איהר געגעבען א בעצויבערענדען אויסזעהן... אין איהר שמייכעל איז געלעגען א וועלט מיט רייץ און חן. זעהר יונג איז זי געווען, און פרעהליכקייט און לוסטיג־קייט האט יעדער טריט פון איהר ארויסגעבראכט, יעדעס גליעד האט אין איהר געוויברירט, געטאנצט... איהר יעדע בעוועגונג איז געווען עלאסטיש בויגזאם און גראציעז.

די זון האט געהאלטען ביים אונטערגעהן און אבישג האט געפיהרט די שאף אהיים... אין איהר האנט האט זי א קליין שטעקעלע געהאלטען מיט וואס זי האט צערטליך א ריהר געטהאן יעדען לעמעלע וואס איז אוועק אן א זייט... לאנגזאם, טריט ביי טריט איז זי נאכגעגאנגען איהרע שאף און אונטערגעזונגען א ליעדעל. איהר שטימע האט אפגעקלונגען אזוי העל און זיס אין דער שטיל־קייט פון ארום... איהר פנים איז געווען בעדעקט מיט א מונטערע פרישקייט איהרע בארוועסע פיס האבען זיך בעוואויגען צום טאנצען... זי האט זיך צוזונגען אזוי הויך, ווי די שטימע פון דעם זמיר אין וואלד אזוי האט איהר קול געטרעלט. זי איז געווען אזוי פערנומען מיט איהר זינגען און טאנצען אז זי האט גארנישט בעמערקט ווי אימיצער פאלגט איהר נאך... און ווען זי האט פלוצלונג דערהערט א שטימע פון הינטען, האט זי זיך דערשראקען... אבער ווען זי האט אומגעדרעהט איהר קאפ און א קוק געטהאן האט זי גלייך דערזעהן אז דאס איז א חשוב'ער מאן פון יהודה, און איהר שרעק איז פערוואנדעלט געווארען אין שעמעוודיגקייט...

— דו זינגסט אזוי זיס ווי די נאכטיגאל — האט זיך דער מאן צו איהר אפ־גערופען — און דיין פנים איז אזוי שעהן ווי די פרעכטיגע זון... זאג מיר ווער ביזטו? און ווי איז דיין נאמען?

— איך בין די טאכטער פון יואל, פון דער שטאדט שונם און מיין נאמען איז אבישג — האט זי געענטפערט פערניינענדיג זיך פאר איהם...

— איז פאראן ביי דיין פאטער׳ס הויז א פלאץ פאר א דורכרייזענדער איבערצונעכטיגען די נאכט? — האט ער איהר געפרעגט.

— יע, מיין האר — האט אבישג געזאגט — מיין פאטער וועט זעהר צופריעדען זיין צו געבען דיר א נאכטלעגער אין זיין הויז.

— ביזטו ווען עס איז געווען אין ירושלים? — האט ער איהר געפרעגט, ווען זיי זיינען אריין אין שונם.

— ניין, מיין האר, — איך בין נאך אין ירושלים קיינמאל נישט געווען... מיין פאטער קומט יעדען יאהר אין ירושלים אויף שבועות, ער נעמט מיט מיינע ברידער, וועיל זיי זיינען עלטער און מיר נישט... איך בין די אינגסטע אין דער משפחה... אבער אויף דעם קומענדען יאהר האט מיר מיין פאטער אויך פערשפראכען מיטצונעמען...

— ירושלים איז זעהר א שעהנע שטאדט — האט דער מאן ווייטער צו איהר גערעדט — דארטען איז פאראן זעהר פיעל צו זעהן...

— און מיין האר קומט פון ירושלים? — האט אבישג איהם געפרעגט.

— יע, איך קום פון ירושלים... איך בין א דינער צו אונזער ליעבען קעניג דוד...

— אה, מיין האר! — האט זיך אבישג נאך אמאל פארנייגט — דעם קעניג׳ס א דינער! — איך בעט דיר מיין האר וועסטו מיר פערגעבען... איך האב נישט געוואוסט אז דו ביזט...

— בערוהיג דיך דו שעהנסטע צווישען טעכטער — האט ער צו איהר געזאגט מיט א שמייכעל — איך זעה אז גאט האט מיר אויף דעם ריכטיגען וועג געפיהרט...

אבישג האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט, אבער זי האט געשוויגען.

ווען אבישג האט זיך דערנעהענטערט צו איהר הויז, איז זי שנעל געלאפען אנזאגען איהר פאטער וועגען וויכטיגען גאסט.

יואל האט איהם זעהר פיין אויפגענומען און אבישג האט איהם געבראכט וואסער און ער האט זיך אפגעוואשען. זיי האבען זיך אלע געזעצט ביים טיש און אבישג האט דערלאנגט עסען.

נאך׳ן עסען האט מען זיך פאנאנדערגערעדט וועגען דעם קעניג און וועגען ירושלים, וועגען די לעצטע פאסירונגען אין לאנד.

— דער קעניג איז שוין זעהר אלט און שוואך — האט זיך דער גאסט אפגערופען צו יואל׳ן — און לעצטענס ליידט ער פון מרה שחורה... ער איז זעהר אומעטיג און טרויעריג און דאס רופט זיך זעהר שלעכט אפ אויף זיין געזונט... דעריבער האבען די רופאים געראטען מען זאל אויפזוכען פאר׳ן קעניג א יונגע מיידעל וועלכע זאל האבען די פעהיגקייט צו פערטרייבען דעם קעניג׳ס טרויעריגע געדאנקען מיט איהר פרעהליכקייט און לוסטיגקייט... זי זאל אונטערהאלטען דעם קעניג מיט געזאנג און מיט טענץ... עטליכע פון דעם קעניג׳ס בעאמטע זיינען ארויסגעשיקט געווארען איבער׳ן לאנד. און איך בין איינער פון זיי... און גאט האט מיר מיין וועג בעגליקט; איך האב אין דיין טאכטער געפונען אלעס וואס די רופאים האבען אויסגערעכענט יעצט. ווען שיקען דיין טאכטער צום קעניג, זי זאל העלפען פערבעסערען זיין צושטאנד.

אבישג׳ס מוטער, וועלכע איז געשטאנען די גאנצע צייט אן א זייט און

געשלונגען יעדען ווארט פון דעם וויכטיגען גאסט, איז איבערראשט געווארען צו הערען פון איהם דאס ער וויל ברייננגען אבישג׳ן איהר טאכטער אין דעם קע־ניג׳ס פאלאץ... זי האט אבער נישט געוואלט ריידען איידער איהר מאן וועט איהם ענטפערען... זי האט דאריבער געווארפען איהרע בליקען אויף איהר מאן, צו זעהן וואס פאר אן איינדרוק די ווערטער פון דעם קעניג׳ס שליח האבען אויף איהם געמאכט.

— איז דען פאראן א זאך וואס מיר זאלען פארמיידען פון אונזער בעליעב־טען קעניג? — האט יואל זיך אפגערופען — אויב מיין טאכטער באזיצט די פעהיגקייטען צו מאכען דעם קעניג מונטערער, בין איך צופריעדען און גליקליך איהר צו שיקען צו איהם.

— אבער, יואל! — האט די מוטער אויסגערופען — אבישג איז דאך אזוי יונג. זי איז ניט געוואוינט צו דעם לעבען פון דער גרויסער שטאדט. זי איז נאך קיין מאל אין דער פרעמדער ניט געווען!...

— נו, וועט זי זיך צוגעוואוינען! — האט איהר יואל געענטפערט — זי געהט דאך צום קעניג, און איז דען דער קעניג נישט אונזער אלעמענס פאטער?

— איך בעט דיר מיין הארינטע — האט דער גאסט זיך געווענדעט צו אבישג׳ס מוטער — נאכדעם אז גאט האט מיר געפיהרט אין דעם ריכטיגען וועג, וועסטו דאך נישט זיין דאגעגען אז דיין טאכטער זאל מיט מיר פאהרען נאך ירושלים. איך בין זיכער אז גאט וועט דורך דיין טאכטער שיקען א היילונג צו אונזער קעניג און דאן וועט דער קעניג אייך אלעמען באלוינען פאר דער טובה וואס איהר האט מיט איהם געטהאן.

— אה, ניין, מיין הארר! — האט זיך יואל אפגערופען — ניט פאר א באלוינונג שיק איך מיין טאכטער צום קעניג... מיין באלוינונג וועט זיין ווען איך וועל וויסען אז דורך מיין טאכטער האט דער קעניג צוריקגעקראגען זיין פריהערדיגע מונטערקייט און פרעהליכקייט... איך בין צופרידען איהר גלייך מיטצושיקען מיט דיר...

— אבער יואל, זי איז דאך נישט צוגעגרייט. זי האט דאך אפילו נישט קיין קלייד. זי קען דאך ניט קומען אין קעניג׳ס פאלאץ אין די קליידער פון א הירטין!

— קיין קליידער וועלען איהר אין פאלאץ ניט פעהלען, — האט דער גאסט איהר געענטפערט. — איך בעט דיר, פערהאלט מיר נישט...

— נו, אויב אבישג איז צופריעדען מיט דיר מיטצוגעהן, בין איך אויך צופריעדען — האט די מוטער איהם געענטפערט.

— ביזטו צופריעדען צו געהן מיט דעם קעניג׳ס שליח? — האט יואל געפרעגט זיין טאכטער.

— יא! — האט אבישג געענטפערט, און איהרע אויגען האבען געלויכטען פון שמחה.

— אויב אזוי, זאל זי מיט אונז פארבלייבען עטליכע טעג און נאכהער וועט זי געהן — האט די מוטער פארגעשלאגען.

— אין דער צייט ווען דער קעניג איז קראנק, איז איין טאג אויך צופיעל צוריקצוהאלטען פון איהם א מעגליכע רפואה — האט דער בעאמטער זיך אפ־גערופען.

— גוט, זאָל זי דאָ פאַרבלייבען נעכטיגען און מאָרגען, גאַנץ פריה, וועט זי מיט דיר געהן נאָך ירושלים.

דער גאַסט האָט איהם בעדאַנקט, און אויף מאָרגען האָט ער מיט אבישג'ן, אין די בעגלייטונג פון איהרע צוויי עלטערע ברידער, אַפּגערייזט נאָך ירושלים...

איז איינינע טעג אַרום איז אבישג געבראַכט געוואָרען פאַר דעם קעניג זי זאָל איהם בעדינען.

מיט איהר אנקומען אין פּאַלאַץ, האָט אבישג טאַקע געבראַכט אַ גרויסע ענדערונג אין דעם קעניג'ס שטימונג. איהר זינגען און שפּיעלען האָבען איהם אַ סך פרעהליכער געמאַכט... יעדער ווינקעל פון פּאַלאַץ איז געווען דורכגעזאַפּט מיט איהר יונגקייט און פרישקייט...

---

אדוניה דער זוהן פון חגית, איז ביי זיך געווען זיכער דאָס ער וועט ירשנ'ען זיין פאַטער'ס טראָהן. ער איז יעצט דער עלטערער און די מלוכה געהערט צו איהם. זיין פאַטער ליגט קראַנק אין בעט און ער האָט געוואַרט יעדען טאָג צו־קריגען זיין פאַטער'ס צושטימונג... און ווען ער האָט געזעהן אַז דער קעניג שווייגט דערווייל וועגען דעם, האָט ער זיך בעראַטען מיט יואב'ן, דוד'ס שר צבא, און ימט אביתר דעם כהן און מיט נאָך איינינע פון זיינע אנהענגער.

— די טעג פון מיין פאַטער זיינען געצעהלטע — האָט אדוניה צו זיי געזאָגט — און דערווייל האָט ער נאָך נישט דערמאָהנט וועגען איבערגעבען די מלוכה.

— דאַרף ער דען ריידען וועגען דעם ? — האָט יואב איהם געענטפערט — עס איז זעלבסט פערשטענדליך אַז דו וועסט קעניגען נאָך דיין פאַטער און נישט דיין ברודער שלמה... ביזטו דען נישט דער עלטערער?

— איך וואָלט זיך אבער פיהלען אַ סך בעסער, ווען איך הער פון מיין פאַטער'ס מויל אַז איך וועל פערנעמען זיין פּלאַץ נאָך זיין טויט — האָט אדוניה זיך אָפּגערופען.

— אפשר וואָלסטו געפרעגט דעם קעניג וועגען דעם ? — האָט אביתר דער כהן זיך אָפּגערופען צו יואב'ן — דו קומסט דאָך אָפט אריין אין קעניג'ס צימער...

— עס איז זעהר נישט אנגענעהם צו ריידען מיט דעם קעניג וועגען דעם— האָט יואב געענטפערט — בפרט זינט אבישג די שונמית איז געקומען, זי האָט איהם אַ סך ערמונטערט און זיין געזונדסצושטאַנד האָט זיך פערבעסערט. און ער האָפט אין גיכען צו פערלאָזען די בעט...

— יע, אבער ער ווייס דאָך אַז איביג לעבט מען נישט — איז אדוניה אומגעדולדיג געוואָרען — און ער וועט זיכער אויף דיר נישט זיין אין כעס ווען דו וועסט איהם אַ פרעג טהאָן ביי אַ געלעגענהייט.

— אַזאַ געלעגענהייט איז יעצט גאַנץ שווער צו געפינען פאַר מיר — האָט יואב געענטפערט — די שונמית געפינט זיך שטענדיג אין דעם קעניג'ס צימער, און אין איהר אנוועזענהייט איז שווער צו ריידען מיט דעם קעניג וועגען ירשנ'ען זיין טראָהן... אבער איך זאָג דיר נאָכאַמאָל אַז איך צווייפעל נישט אין דעם אַז דו וועסט זיצען אויף דיין פאַטער'ס טראָהן.

— מיין עצה איז — האט אביתר דער כהן געזאגט — דו זאלסט זיך נעהמען אויפפיהרען ווי א יורש פון דעם טראהן פיהרט זיך אויף; נעהם פאר זיך רייטוועגען און פערד, בעשטים רייטער וועלכע זאלען זיין דיינע לייב־וועכטער און ווען דו ווערסט פאהרען איבער׳ן שטאדט, זאלען פופציג מענשען לויפען פאראוים.

אדוניה האט אביתר׳ן געפאלגט און ער האט זיך גענומען אויפפיהרען וויא א קרוינפרינץ. ער האט זיך געמאכט א רייטוואגען וואס איז געווען געשפאנט צו פיעלע פערד. ער האט בעשטימט זיינע פריינד פאר לייב־וועכטער, און ווען ער פלעגט דורכפאהרען איבער׳וש טאדט, פלעגען פופציג מענשען לויפען פאראוים.

אדוניה פלעגט אזוי עטליכע מאל א טאג דורכפאהרען ירושלים מיט קרוינ־פרינצליכער פראכט און גלאנץ.

ווען מען האט דוד׳ן איבערגעגעבען אז אדוניה פיהרט זיך אויף ווי א יורש פון דער מלוכה, האט דוד געשוויגען, ער האט איהם נישט געוואלט מצער זיין. ווען די צייט וועט קומען, וועל איך איהם דאן זאגען — האט דוד זיך געטראכט.

אדוניה האט אבער אנגענומען זיין פאטער׳ס שווייגען, ווי א צושטימונג, און איז דעריבער נאך מעהר ערמוטהיגט געווארען און איז ביי זיך שטאלצער גע־ווארען... ער האט גענומען אפט אריינקומען אין קעניג׳ס צימער, נישט אזוי צו בעזוכען זיין פאטער, ווי אנצוקוקען אבישג די שונמית...

זינט אדוניה האט אבישג׳ן צום ערשטען מאל דערזעהן, האט זי איהם בע־צויבערט מיט איהר שעהנקייט און ווען ער האט איהר געהערט זינגען און געזעהן טאנצען פאר דעם קעניג איז זי אין זיינע אויגען ווי א מלאך געווען... אדוניה האט זיך פערליעבט אין אבישג׳ן און האט געזוכט א געלעגענהייט צו קומען איהר אנקוקען און זעטיגען זיינע אויגען מיט איהר שעהנקייט... זיין ליעבע צו איהר איז געווארען שטארקער פון טאג צו טאג... ער האט די גאנצע צייט געטראכט פון איהר... און ווען ער האט געהערט אז איניגע פון די רופאים ראטען זיין פאטער חתונה צו האבען מיט דער שעהנער יונגער אבישג איז ער זעהר אויפגע־בראכט געווארען געגען זיי. ער האט גענאט מורא טאמער וועט טאקע זיין אלטער קראנקער פאטער אננעמען זייער עצה, און דאן וועט ער איהר פערליערען אויף עוויג... און ווי גרוים איז זיין שמחה געווען, ווען ער האט זיך דערוואוסט אז זיין פאטער האט זייער עצה נישט אנגענומען... יעצט וועט ער איהר זיכער קענען קריגען פאר זיך... ווער דען קען האבען דאס רעכט איבער איהר אויב נישט ער, וועלכער וועט אין גיכען הערשען איבער דעם גאנצען לאנד ?...

אדוניה האט געזוכט א געלעגענהייט צו ריידען מיט אבישג׳ן אבער זי איז שטענדיג געווען פערנומען מיט דעם קעניג...

איינמאל ווען דוד האט איינגעשלאפען און אבישג האט שטילערהייט פאר־לאזען זיין צימער, און איז אריין אין גארטען, איז אדוניה פלוצלונג פאר איהר ערשינען...

— מיין האר! — האט זי זיך פאר איהם פערנויגט און האט זיך גלייך גענומען צוריקציהען.

— דו שעהנסטע צווישען די טעכטער! — האט אדוניה זיך אפגערופען —

אנטלויף נישט פון מיר... איך וועל דיר קיין בייזעס נישט טהאן... ערלויב מיר בלויז א קוק צו טהאן אויף דיין געטליכען געשטאלט...

אבישג האט פערשעהמטערהייט ארונטערגעלאזען איהר קאפ. — וועסטו דען מיר נישט בעשענקען מיט א בליק פון דיינע וואונדערשעהנע אויגען? — האט זיך אדוניה עטוואס דערנעהענטערט צו איהר...

אבישג האט א שמייכעל געטהאן אבער איהרע אויגען האט זי נאך געהאלטען ארונטערגעלאזען...

— זאל איך דיר בעפעהלען מיט א בעפעהל פון איינעם וועלכער דארף ווערען קעניג, אויפצוהויבען דיינע אויגען! — האט אדוניה אנגענומען איהר האנט. אבישג האט אויפגעהויבען איהר קאפ און א קוק געטהאן אויף אדוניה'ן.

— ווי שטאלץ דיין בליק מאכט מיר, דו שונמית! געפינט זיך דען איז גאנץ ארץ ישראל אזא שעהנהייט ווי דו?! פון דעם ערשטען טאג ווען איך האב דיר דערזעהן האט מירמ יין הארץ געצויגען צו דיר. און זעהר שטארק איז מיין געדולד געווען אז איך האב געקענט ווארטען אזוי לאנג אויף דיזער געלעגענהייט צו זייז און ריידען מיט דיר אליין...

— אבער מיין האר, — איז אבישג'ס פנים בעדעקט געווארען מיט רויטקייט — איך מוז זיך איילען צוריק צום קעניג... פיעלייכט האט ער אויפגעוואכט...

— זארג נישט, דו שעהנע בלום, דער קעניג שלאפט נאך געוויס און אויב ער וועט זיך אויפכאפען וועט ער דיר זיכער פערגעבען פאר דיין פערשפעטיגען אריינצוקומען, ווען ער וועט זיך דערוויסען אז דאס האט דיר פערהאלטען זיין זוהן, דער יורש פון זיין מלוכה — האט אדוניה זיך אפגערופען.

אבישג איז געבליבען שטעהן אין פערלעגענהייט און אדוניה האט פארטגעזעצט:

— זינט דו ביזט אין פאלאץ געקומען האסטו פון מיר מיין שלאף גערויבט. איך האב פון דיר געטראכט די גאנצע צייט... און ווי גליקליך איך האב זיך געפיהלט ווען איך בין געקומען בעזוכען מיין פאטער און דיר דארטען געטראפען... אבער דו האסט מיר די גאנצע צייט אפילו נישט בעשאנקען מיט א בליק פון דיינע בעצויבערענדע אויגען.

— אבער מיין האר! — האט אבישג זיך אפגערופען דיין דינסט איז דאך נישט ווערט די שטויב אונטער דיינע פיס ווי אזוי רעדט מיין האר אזוי צו מיר...

— דו ביזט ווי א געטליכער מלאך אין מיינע אויגען — האט אדוניה געזאגט. — מיין פאטער'ס טעג זיינען געצעהלטע... און איך וועל בעשטייגען דעם טראהן נאך זיין טויט, איך בין דאך זיין עלטערער-זוהן, און דו אבישג וועסט זיין מיין קעניגין . . .

— איך בעט דיר מיין האר, פארוואס זאלסטו שפאטען פון דיין דינסט? — האט אבישג געזאגט מיט א נידעריגע שטימע.

— א דו געטליכע בלום! וועל איך דען שפאטען פון דיר?... ביי דעם לעבען פון מיין פאטער שווער איך אז איך מיין יעדען ווארט וואס איך האב נאר וואס צו דיר געזאגט.

— ווייס דען נישט מיין האר אז איך שטאם פון א נידעריגע משפחה. מיין פאטער איז אז ארימער אכר און דיין דינסט איז א הירט'ן.

— איז דען מיין פאטער נישט געווען א הירט אין זיין יוגענד? — האט דאס דען געמאכט אַן אונטערשיעד, ווען ער האט זיך פערליעבט אין מיכל דיא פרינצעסין שאול'ס טאכטער?... ווי איך וועל ווערען קעניג אזוי וועל איך דיר פאר מיין פרוי נעמען און דו וועסט זיין די ערשטע אין מיין פאלאץ — האט אדוניה געזאגט און איהר געוואלט ארומנעמען און א קוש טהאָן.

— א ניין, מיין האר, טו עס נישט! — האט אבישג אויסגערופען. און זיך גענומען ארויסדרעהען פון זיינע הענט.

ארוניה אבער האט איהר פעסט געהאלטען און זי האט זיך אומזיסט געזוכט צו בעפרייען פון זיינע הענט...

— איך בעט דיר, מיין האר, לאז מיר אפ! — האט זיך אבישג גענומען בעטען — איך מוז געהן צום קעניג!

— דער קעניג בין איך! עס וועט לאנג נישט דויערען און איך וועל ווערען קעניג! — האט ארוניה געזוכט איהרע ליפען...

— אדוניה!! וואס טוסטו?!...

אדוניה האט איהר גלייך אפגעלאזען און ווי גרוים איז זיין ערשטוינונג געווען ווען ער האט דערזעהן לעבען זיך זיין אינגערען ברודער, שלמה...

אבישג האט זיך פאנאנדערגעווייגט.

— ווער האט דיר געגעבען דאס רעכט איהר צו בעלעסטיגען?! — האט שלמה מיט צארן אויסגערופען.

— איך האב דאס רעכט! דאס רעכט פון קרוינפרינץ וועלכער וועט אין גיכען קעניג ווערען — האט אדוניה געזאגט מיט שטאלץ.

— אזוי! — האט זיך שלמה אפגערופען מיט א סארקאסטישען שמייכעל — דאס רעכט פון קרוינפרינץ וועלכער וועט אין גיכען קעניג ווערען! נו, אלס א קעניג האסטו א רעכט זיך צו בענעהמען ווי אַן אויסוואורף?!

— איך וועל טהאָן ווי מיר געפעלט! — האט זיך אדוניה א קרים געמהאָן.

— און איך זאג דיר אַן אז דו זאלסט נישט וואגען אנצוריהרען די שונמית! — האט שלמה א געשריי געטהאָן מיט א דונערענדע שטימע...

— און דו? ווער ביזטו? ווער האט דיר געגעבען דאס רעכט אזוי צו רעדען צו מיר! — האט אדוניה אויסגערופען.



— און איך זאג דיר נאך אמאל, — האט שלמה זיך אפגערופען צו אדוניה'ן, ווען אבישג איז שוין ניט געווען אין גארטען — אויב דו וועסט די שונמית נישט צורוה לאָזען, וועט דיין ענדע זיין א ביטערע!...

— דו בעסער זיי מעהר פארזיכטיג ווי אזוי דו רעדסט צו מיר! — האט אדוניה אויסגערופען, — פארגעס נישט אז איך בין דער יורש פון אונזער פאטער'ס מלוכה... און איך וועל לאנג נישט דולדען אזעלכע רייד פון דיר!...

— אביסעל צו שנעל האסטו זיך געקרוינט קעניג! — האט שלמה גע־

לאכט, — מיר דוכט זיך אז דער פאטער האט נאך דערוויי̆ל זיין בעשלוס נישט געמאכט.

— דארף איך דעןווארטען אויף מיין פאטער׳ס בעשלוס? איז עס דען נישט זעלבסטפארשטענדליך אז איך וועל קעניגען נאך מיין פאטער׳ס טויט, און נישט דו!.. איך בין דאך דער עלטערער! און א חוץ דעם קען איך דיר מיט זיכערהייט זאגען אז דער פאטער האט שוין אזוי גוט ווי איינגעשטימט, דאס איך זאל ווערען קעניג, — האט אדוניה זיך א רייץ געטהאן מיט שלמה׳ן.

— דו ביזט א ליגנער! — האט שלמה אויסגערופען מיט צארן. — דו מיינסט אז דאס וואס דו פיהרסט זיך אויף ווי א קרוינפרינץ, דו פאהרסט ארום אין א רייט־וואגען געשפאנט צו פיעלע פערד, און פופציג מענשען לויפען דיר פאראויס, ועסטו שוין ווערען קעניג?!...

— זעהסט דאך, — האט אדוניה זיך א קרים געטהאן, — דער פאטער וויס פון אלעם און ער האט גארנישט דאגעגען, איז דאס נישט א צייכען אז ער האט איינגעשטימט אז איך קען זיין יורש?... יא, איך קען טהאן וואס איך וויל!... און דו דארפסט מיר נישט זאגען קיין דעות...

— איך וויל דיר נישט זאגען קיין דעות, אבער איך ראטה דיר, אז דו זאלסט מעהר די שונמית נישט אנריהרען, — האט שלמה בייז געזאגט, — זי איז נישט געקומען אהער באלעסטיגט צו ווערען פון דיר.

— און איך וויל נישט הערען דיינע עצות! — האט אדוניה אויסגערופען און זיך אפגעקעהרט מיט כעס.

שלמה האט איהם מעהר גאר נישט געענטפערט און איז אריין אין פאלאץ.

## צווייטער קאפיטעל

אדוניה׳ס אויפרעגונג און כעס אויף זיין ברודער שלמה האט נאך לאנג אנגעהאלטען. איהם האט זעהר באנג געטהאן דאס וואס שלמה איז אנגעקומען און צושטערט זיינע פלענער וואס ער האט געהאט וועגען די שונמית. ער האט שוין כמעט דערגרייכט זיין ציעל.. וויפיעל טעג און נעכט ער האט דערפון גע־טראכט, ער האט געפלאנעוועט ווי אזוי צו זיין מיט אבישג׳ן אליין, און ווען איהם האט זיך שוין איינגעגעבען, און האט איהר שוין כמעט געוואונען אויף זיין זייט, איז געקומען זיין ברודער און אלעס קאליע געמאכט... ער האט איהם אזוי ערנידעריגט אין איהרע אויגען... ער האט איהם בעליידיגט, און זי האט אלעס געהערט... ער וועט איהם נישט שווייגען דערפאר! ער וועט זיך מיט איהם אפרעכענען; זאל נאר דער פאטער שטארבען און ער וועט די מלוכה פארנעהמען, דאן וועט ער לאזען שלמה׳ן פיהלען זיין מאכט... אבער זיין פאטער!... ווען וועט ער שוין באפרייען דעם טראהן פאר איהם... זיין לאנגע פארבעסערט זיך און ווער וויים ווי לאנג ער וועט נאך לעבען.. זינט אבישג איז אנגעקומען אין פאלאץ, איז ער מונטערער געווארען. און ווי עס ווייזט אויס, האט ער שוין גאר פארגעסען אז זיינע טעג זיינען געצעהלטע.

אדוניה האט בעשלאסען זיך צו בעראטהען מיט יואב׳ן, דוד׳ס שר צבא, און אביתר דעם כהן, וועלכע זיינען געוועזן זיינע בעסטע פריינד.

אין דעם זעלבען טאג איז ער אוועק צו יואב׳ן און זיך צו איהם אפגערופען:

— דו האסט מיר שוין עטליכע מאל פארזיכערט אז מיין פאטער׳ס מלוכה

וועט געהערען צו מיר. און אביתר האט מיר געראטהען איך זאל זיך נעהמען אויפפיהרען ווי א יורש פון דעם טראהן... איך האב איהם געפאלגט. איך פיהר זיך אויף ווי א קרוינפרינץ, און דערוויל בין איך בלויז געבליבען ביי דעם, קיינער אין פאלאץ רעכענט זיך מיט מיר נישט ווי מיט דעם יורש פון דער מלוכה, און לויט די חוצפה וואס שלמה האט היינט ארויסגעוויזען געגען מיר, קומט אויס אז ער איז גאר דער ריכטיגער יורש...

— דו אבער דארפסט וועגען דעם נישט זארגען, — האט יואב זיך צו איהם אפגערופען, — זאל זיך שלמה טראכטען וועגען דער מלוכה וואס ער וויל, אבער דו וועסט קעניגען נאך דיין פאטער'ס טויט.. דו דארפסט נאר האבען אביסעל געדולד...

— עס פארשטעהט זיך אז איך וועל נישט טהאן ווי מיין ברודער אבשלום האט געטהאן — האט אדוניה געזאגט, — איך וועל געגען מיין פאטער נישט מאכען קיין אויפשטאנד, און איך וועל נישט זוכען צו ווערען קעניג כל זמן ער לעבט... אבער דאך דארפסטו, יואב, זעהן עפעס צו טהאן מיר צו פארזיכערען אז איך וועל ווערען קעניג.

— וואס מעהר האב איך געקענט טהאן, ווי זיך דורכריידען מיט פיעלע בעאמטע פון קעניג וועגען דיר, און האב זיי געוואונען אויף דיין זייט! — האט איהם יואב געענטפערט, — אלע זיינען מסכים אז דו און נישט שלמה, וועט פארנעהמען דעם פלאץ פון דיין פאטער... און מיר דוכט, אז דער איינציגער וועלכער צווייפעלט אין דעם, ביזטו אליין...

— ווען דו וואלסט געהערט ווי אזוי שלמה האט היינט צו מיר גערעדט, וואלסטו פיעלייכט אויך נישט אזוי זיכער געווען מיט מיין קרוין! — האט אדוניה געזאגט.

— וואס איז פארגעקומען צווישען אייך ביידען? — האט איהם יואב געפרעגט.

— גארנישט!

— אבער וואס האט געבראכט דערצו אז שלמה זאל צו דיר אזוי ריידען?

— צוליעב אבישג די שונמית! — האט אדוניה זיך אפגערופען נאך א קליינע פויזע.

— אבישג די שונמית?! — האט יואב איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג, — איך פארשטעה נישט, וואס האט זי צו טהאן מיט אייך ביידען?

— איך מוז זיך יעצט פאר דיר מודה זיין, יואב, אז איך האב ליעב די שונמית, זינט איך האב איהר צום ערשטען מאל דערזעהען.. זי האט מיין הארץ געפאנגען... און איך האב לאנג געזוכט א געלעגענהייט צו זיין מיט איהר אליין... אויסגיסען פאר איהר מיין הארץ... ערשט היינט אין דער פריה האב איך זי געטראפען אליין אין גארטען. איך האב מיט איהר גערעדט, און פלוצלינג איז אנגעקומען שלמה און האט נישט נאר אונטערבראכען אונזער געשפרעך, נאר ער האט מיר נאך באליידיגט פאר איהר אין די אויגען.

— און איך גלויב אז דאס וועט זיין פאר דיר א טובה! — האט יואב געזאגט, — דו האסט זיך אביסעל צוגעאיילט מיט דער שונמית... ווען דער קעניג וואלט זיך דערוואוסט אז דו זוכסט צו נעהמען אבישג'ן פאר דיין פרוי,

וואָלט ער זיכער אויף דיר אין כעס געוואָרען און דאָס וואָלט דיר זעהר פיעל געשאַדעט.

— אָבער אבישג ווערט דאָך ניט פאַררעכענט פאַר מיין פאָטער'ס פרוי! פאַרוואָס זאָל ער זיין דאַגעגען זי זאָל הייראַטען מיט מיר?

— דו דאַרפסט אָבער שוין וויסען, אַז ווען אַ פרוי קומט אַן צום קעניג אין פּאַלאַץ, ווערט זי פאַררעכענט אַלס דעם קעניג'ס אייגענטום אפילו ווען דער קעניג הייראַט מיט איהר נישט... יאָ, אדוניה, דו דאַרפסט זעהר פאָרזיכטיג זיין... דו מוזט האָבען געדולד, אויב דו ליעבסט אבישג'ן, וועסטו דאָך איהר זיכער קריגען גלייך ווי דו וועסט ווערען קעניג... דאַן וועט איהר קיינער נישט קענען פון דיר פאַרמיידען...

— ווער ווייס ווי לאַנג עס וועט נאָך דויערען, — האָט אדוניה געזאָגט מיט אומעט — ווען איך וואָלט נאָר זיכער געווען אַז מיין פאָטער איז מסכים איך זאָל ווערען זיין נאָכפאָלגער, וואָלט איך שוין געהאַט געדולד... וויפיעל מאָל האָב איך דיר געבעטען, יואב, אַז דו זאָלסט זיך דורכריידען מיט מיין פאָטער און דערגעהן פון איהם וואָס ער טראַכט וועגען מיר, אָבער דו ענטזאָגסט מיר צו טהאָן די געפעליגקייט.

— איבער פערציג יאָהר האָב איך דיין פאָטער געדיענט געטריי און איבערגעגעבען, איך האָב איהם ליעב געהאַט און האָב איהם נאָך יעצט ליעב מיט מיין גאַנצען האַרצען. איך בין געווען חשוב און געאַכטעט אין דעם קעניג'ס אויגען... ער האָט שטענדיג אַרויסגעצייגט זיין פריינדשאַפט און ליעבשאַפט צו מיר... אָבער זינט איך האָב געטויטעט זיין זוהן אבשלום, וועלכער האָט זיין לעבען געזוכט, טראָגט ער אויף מיר אַ כעס און שנאה. און טאָקע אין דערזעלבער צייט ווען איך האָב זיין לעבען און קרוין געראַטעט, האָט ער בעשטימט דעם פאַררעטהער עמשא בן יתר, אבשלום'ס שר צבא, אויף מיין פּלאַץ... איך האָב אַזאַ ערנידריגונג און אומרעכט נישט געקענט פאַרליידען און איך האָב עמשא'ן געטויטעט. און כאָטש איך בין פאַרבליבען דיין פאָטער'ס שר צבא, ווייס איך אָבער אַז דיין פאָטער'ס שנאה צו מיר איז אויף אַ האָר נישט געמינערט געוואָרען... יעצט פרעג איך דיך, אדוניה, אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז עס פּאַסיג פאַר מיר צו ריידען מיט דיין פאָטער וועגען מאַכען דיר פאַר קעניג נאָך זיין טויט?...

— אָבער איך מוז דאָך איינמאָל פאַר אַלע מאָל וויסען וואָס מיין פאָטער טראַכט וועגען מיר! — האָט אדוניה געזאָגט.

— עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל נישט אַז דו וועסט ווערען קעניג, — האָט יואב איהם פאַרזיכערט — ביזט דען נישט דוד'ס עלטסטער זוהן... און אַ חוץ דעם וויסען אַלע אַז דו פיהרסט זיך אויף ווי דער קרוינפּרינץ, און דער קעניג שטערט דיר נישט... דאָס אַליין איז אַ סימן אַז דיין פאָטער האָט דיר אויסערוועהלט פאַר זיין נאָכפאָלגער... דערווייל איז מיין עצה דו זאָלסט זיך האַלטען רוהיג. מאָרגען וועלען מיר זיך בעראַטהען מיט אביתר'ן און מיט נאָך אייניגע בעאַמטע און מיר וועלען בעשליסען וואָס צו טהאָן.

* * *

זינט די באַגעגעניש מיט אדוניה'ן אין גאָרטען, איז אבישג, די שונמית, געוואָרען אין גאַנצען געענדערט. די ווערטער און די באַנעהמונג פון דעם

קעניג'ס זוהן, אדוניה, האבען איהר אזוי איבערראשט אז זי האט אויף א היבשע ווײלע נישט געקענט צו זיך קומען. איהר פרעהליכקייט און לוסטיגקייט האבען זיך פון איהר אפגעטהאן...

ווען זי איז א הירטין געווען און געפיטערט איהר פאטער'ס שאף נעבען איהר שטאדט שונים, האבען אייניגע יונגע פאסטוכער געמאכט פארזוכען צו ערקלעהרען זיך אין ליעבע צו איהר... אבער זי האט זיך פון זיי אויסגעלאכט, און זיי פארטריבען פון זיך... דאך האט זי פיעלע מאל געטרוימט פון זיי. זי האט ליעב געהאט איבערצוזינגען די ליעבעס-ליעדער וואס די פאסטוכער האבען פאר איהר געזונגען... און טיעף אין איהר הארצען איז געווען פארבארגען א וואונש זיי זאלען צו איהר נאך אמאל קומען און זינגען פאר איהר ליעדער פון ליעבע און פון גליק... יעצט געפינט זי זיך אין קעניג'ס פאלאץ... זי האט אין דעם קעניג'ס אויגען חן געפונען און ער בעהאנדעלט איהר ווי זיין אייגענע טאכטער. אלע אין קעניג'ס הויף האבען איהר ליעב און אכטען איהר... אבער אז דעם קעניג'ס זוהן זאל זיך צו איהר פלוצלינג ערקלעהרען אין ליעבע, דאס האט זי קיינמאל נישט געקענט אפילו חלום'ען... זי האט טאקע פיעל מאל באמערקט ווי אדוניה קוקט אויף איהר נישט מיט קיין גלייכגילטיגע אויגען... דאך אבער האט זי זיך קיינמאל נישט געקענט פארשטעלען אז ער זאל איהר אזוי בעהאנדלען... ער האט געשווארען ביי זיין פאטער'ס לעבען אז ער האט איהר ליעב... ווייס זי דען נישט אז ערווארט אויף זיין טויט... "עס וועט לאנג נישט דויערען און איך וועל ווערען קעניג"! האט ער איהר גענומען פארזיכערען. יא, זיין פאטער'ס לעבען איז ביי איהם גארנישט ווערטה... און, א, ווי זי פער־האסט איהם דערפאר! ווי אזוי קען א זוהןווארטען מיט אומגעדולד אויף זיין



פאטער'ס טויט!?... ווי שטארק דערווידער זיינען צו איהר געווען אדוניה'ס באריהרונגען... ווי דאנקבאר זי דארף זיין צו שלמה'ן, וואס ער איז אין צייט אנגעקומען און איהר באפרייט פון אדוניה'ס אומארמונג... א לייכטער ציטער געהט דורך איהר קערפער ווען זי דערמאהנט זיך אן שלמה'ן... ווי שעהן און העלדיש ער קוקט אויס... ווי העל זיינע אויגען האבען געלויכטען, ווען ער האט מיט א דונערנדע שטימע א געשריי געטהאן אויף אדוניה'ן... יא, איהם פאסט זיך מעהר צו זיין קעניג ווי אדוניה'ן... אין הארצען טהוט איהר זעהר באנג וואס שלמה איז נישט דער עלטערער זוהן פון קעניג... נישט איינמאל האט זי גע־הערט ווי דער גרייז-גראהער נביא, נתן, האט שלמה'ן געלויבט פאר'ן קעניג, ווי ער האט איהם דערצעהלט פון זיין קלוגשאפט און געלערנטקייט... אבער ווי עס ווייזט אויס וועט אדוניה ווערען קעניג... ער פארבארגט עס פאר קיינעם נישט... און זיין פאטער ווייס אז ער פיהרט זיך אויף ווי א קרוינפרינץ, און ער זאגט איהם גארנישט.

יענעם טאג ווען שלמה איז אריינגעקומען אין זיין פאטער'ס צימער, איז אבישג געווען זיכער אז ער וועט דערצעהלען דעם קעניג אלעס וואס איז פאר־געקומען אין דער פריה צווישען איהם און אדוניה... זי האט געווארט אז דער קעניג זאל איהר הייסען פארלאזען זיין צימער, אבער זי איז דארטען די גאנצע צייט פארבליבען און שלמה האט קיין ווארט נישט גערעדט מיט דעם קעניג וועגען דעם.

דעם זעלבען אבענד ווען אבישג איז ארויס פון קעניג'ס צימער, איז צו איהר צונעגאנגען חגית, אדוניה'ס מוטער און איהר אריינגערופען צו זיך.

— אבישג, — האט זיך חגית צו איהר אפגערופען, — איך האָב מיט דיר עפּעס צו ריידען וועגען א זעהר וויכטיגע זאך. האסטו עטוואס צייט?

— יא, מיין הארינטע, — האט זיך אבישג פארנייגט, — דער קעניג שלאפט יעצט.

חגית האט גוט פארמאכט די טיהר פון איהר צימער און געהייסען אבישג'ן זיך זעצען.

— דו ווייסט דאך אבישג, — האט זיך חגית געזעצט אויף איהר בעט, — אז מיין זוהן וועט ווערען קעניג נאך דעם טויט פון זיין פאטער, און יעצט וויל איך דיר אנזאגען אז מיין זוהן האט דיך אויסערוועהלט צו ווערען די קעניגין.

א רויטקייט האט בארעקט אבישג'ס פנים. זי האט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען און גארנישט געענטפערט.

— איך ווייס אז דאס איז פאר דיר א גליקליכע איבערראשונג, — האט חגית פארטגעזעצט מיט א שמייכעל, — איך מוז דיר אבער זאגען דעם אמת, מיין זוהן האט דיר ליעב מיט זיין גאנצען הארצען, און ווי נאר ער וועט ווערען קעניג וועט ער מיט דיר חייראטען... דו ביזט פון יעצט אן פאררעכענט ביי מיר פאר מיין טאכטער, און דו דארפסט טהאָן אלעס וואס איך וועל פון דיר פארלאנגען.

אבישג האט איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— דו ווייסט דאך אז אדוניה האט פיעלע שונאים אין קעניג'ס הויף, וועלכע זוכען צו טהאן איהם שלעכטעס. — האט חגית ווייטער געזאגט, — איינער פון זיי איז נתן דער נביא... ער קומט זעהר אפט צום קעניג און רעדט מיט איהם, און איך בין זיכער אז ער רעדט אן שלעכטס אויף זיין זוהן... ווייל, פארשטעהסטו מיך, ער איז פעראינטערעסירט מעהר אין בת שבע'ס זוהן, און דאריבער זוכט ער צו געווינען די מלוכה פאר איהם... דיר איז דאך מסתמא אויסגעקומען צו הערען וואס נתן האט געזאגט פאר'ן קעניג.

— ניין, מיין הארינטע, — האט זיך אבישג אפגערופען, — ווען דער נביא קומט אהין צום קעניג, דאן שיקט מען מיר ארויס פון צימער און מיר קומט אויס זעהר זעלטען צו הערען זייער געשפּרעך.

— אבער יעצט, מיין טאכטער, אז דו ווייסט וואס אדוניה טראכט פון דיר, מוזטו זעהן איהם ארויסצוהעלפען. און ווען דער נביא וועט קומען בעזוכען דעם קעניג, זאלסטו זיך בעמיהען איינצוהערען וועגען וואס זיי ריידען...

— אבער איך האב דאך דיר געזאגט, מיין הארינטע, אז מיר קומט נישט אויס צו הערען זייער געשפרעך, — האט זיך אבישג אפגערופען.

— ווען דער נביא וועט קומען און דער קעניג וועט דיר פון זיין צימער ארויסשיקען, זאלסטו זיך פארשטעלען הינטער א פארהאנג ביים טיהר פון קעניג'ס צימער און זיך איינהערען צו זייער געשפרעך, — האט חגית געזאגט, — און ווי נאר דו וועסט הערען עפּעס וויכטיגעס זאלסטו גלייך קומען און מיר דערצעהלען.

— אבער ניין, מיין הארינטע, ווי אזוי וועל איך קענען טהאן אזא זאך

צו דעם קעניג, וועלכער האט פולע צוטרויען צו מיר, ווי אזוי וועל איך איהם קענען פערראטען ?!...

— דו ביזט נאך יונג און אומשולדיג! — האט חגית צו איהר געשמייכעלט, — אבער זעהסטו דען נישט אז דאס וועסטו טהאן פאר דיין אייגענער טובה און פאר די טובה פון מיין זוהן... ווען מיר זאלען וויסען אלע פלענער פון אדוניה'ס שונאים, וואלטען מיר גרינגער געקענט אויסגעפינען א וועג ווי אזוי אפצושאפען די לעצטע שטרויכלונגען וואס שטעהען אדוניה'ן אין וועג צו זיין קרוין...

— איך בעט דיר מיין הארינטע, פארלאנג ניט פון מיר א זאך וואס איז פאר מיר אונמעגליך צו טהאן, — האט אבישג געזאגט, — ווי אזוי וועל איך קענען זינדיגען געגען גאט און געגען דעם קעניג!

— גאט וועט דיר דאס נישט פאררעכענען פאר א זינד, מיין טאכטער, — האט איהר חגית געענטפערט, — דו געהסט דאך קיינעם קיין שלעכטעס נישט טהאן... און דער קעניג! ער וועט דאך וויסען אז דאס האסטו געטהאן פאר זיין יורש, דעם צוקינפטיגען קעניג... עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל נישט, אז מיין זוהן אדוניה וועט רעגירען איבער גאנץ ישראל, און דו וועסט זיין די קעניגין... טהו ווי איך הייס דיר און אדוניה'ס ליעבע צו דיר וועט נאך שטארקער ווערען.

אבישג איז רויט געווארען און האט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען.

— איך וויים אז דו וועסט טהאן וואס איך האב דיר געזאגט, — האט חגית אויסגערופען, — און ווי נאר דו וועסט הערען אז נתן דער נביא אדער צדוק דער כהן האט עפעס שלעכטעס גערעדט אויף אדוניה, זאלסטו מיר גלייך קומען זאגען... פארשפרעכסטו עס מיר, מיין טאכטער?

— איך קען נישט! איך קען נישט! — האט אבישג געזאגט, און טרעהרען האבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען. — ניין, איך וועל דאס נישט טהאן.

— וואס?! — האט חגית אויסגערופען מיט כעס, — דו ענטזאגסט מיר צו טהאן די טובה פאר מיין זוהן, וועלכער וויל דיר פאר זיין פרוי נעהמען!... דו האסט פארגעסען אז דו שטאמסט פון די נידריגסטע שיכטען פון פאלק, און מיין זוהן וויל דיר דערהויבען צום טראהן, און דו ווילסט פאר איהם גארנישט טהאן!

— איך וועל בעסער געהן צוריק צו מיינע שאף... איך וויל נישט ווערען אדוניה'ס קעניגין! — האט אבישג זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ.. ענטשולדיג מיר, מיין הארינטע, איך מוז געהן... דער קעניג.. ער האט זיך פ'עלייכט אויפגעכאפט פון שלאף....

חגית האט גענומען קוקען אויף איהר מיט פארדעכטיגע אויגען... זי האט זיך נישט געקענט פארשטעלען אז אבישג זאל אזוי גרינג שעצען אדוניה'ס ליעבע צו איהר... אפשר האט זי געהערט עפעס וועגען אדוניה'ן פון דוד'ן... א שוידער איז דורכגעגאנגען איהר לייב, ווען חגית האט דערפון א טראכט געטהאן. זאל עס זיין אז אבישג האט געהערט אז דוד וועט מאכען שלמה'ן פאר קעניג און דאריבער האט זי געקראגען אזא חוצפה און וויל איהם נישט פאלגען..

— ווארט צו א ווײַלע, אבישג! — האט חגית געזאגט מיט א ווײכערע שטימע. — איך בעט דיר, גײ יעצט נישט אוועק... דער קעניג שלאפט נאך... איך וויל עפעס מיט דיר נאך ריידען... זעץ זיך צו אויף א קלײנע ווײַלע.

אבישג האט זיך צוגעזעצט... איהרע אויגען האט זי אנגעווענדעט אין דער ריכטונג פון טיהר.

חגית האט אויף איהר געקוקט מיט פארשענדע בליקען, ווי זי וואלט וועלען דערגעהן אויב איהר פערדאכט, אז זי פארבארגט עפעס פון איהר, איז באגרינדעט.

— אבישג, מײַן טאכטער, — האט זיך חגית צו איהר דערנעהנטערט און איהר צערטליך אנגעריהרט ביים האנט, — זאג מיר, איך בעט דיך, האסטו עפעס געהערט פון קעניג וואס זאל דיר מאכען צווייפלען אז מײַן זוהן איז דער יורש פון דער מלוכה?.. פארלייקען גארנישט פון מיר... טהו א חסד מיט מיר און מיט מײַן זוהן און דערצעהל מיר וואס דו האסט געהערט.

אבישג האט איהר אנגעקוקט פערוואונדערט... זי האט נישט געקענט בעגרײַפען וואס חגית פארלאנגט פון איהר.

— איך שווער דיר ביי דעם לעבען פון קעניג, אז דײַנע ווערטער וועלען בלײַבען פארזיגעלט אין מײַן הארצען! — האט חגית גענומען צו איהר צו־שטעהן. דערצעהל מיר אלעס וואס דו ווייסט... דו דארפסט קײן מורא נישט האבען... קײן שלעכטעס וועט צו דיר נישט געטהאן ווערען.

— אבער מײַן הארינטע, איך האב דיר גארנישט צו דערצעהלען, — האט אבישג זיך אפגערופען, — זינט איך געפין זיך ביי דעם קעניג האב איך פון זײַן מויל קײן ווארט נישט געהערט וועגען דער מלוכה אין דער צוקונפט..

— זאגסטו מיר דעם ריינעם אמת, מײַן טאכטער? — האט חגית איהר געפרעגט.

— איך שווער ביי גאט אז איך זאג דיר דעם אמת! — האט אבישג אויפגעהויבען איהר האנט.

— איך גלויב דיר! — האט חגית אויסגערופען און א שטײן איז איהר אראפ פון הארצען, — איך ווייס אז דו וועסט קײן ליגען נישט זאגען... איך בין אויך זיכער אז דו וועסט זיך ארומזעהן אז וואס איך האב דיר געבעטען טהאן איז עס פאר דײַן טובה אזוי גוט ווי פאר דער טובה פון מײַן זוהן. און דאן וועסטו מיר פאלגען...

אבישג האט איהר גארנישט געענטפערט און האט באלד פארלאזען דעם צימער.

* * *

אויף דעם צווייטען טאג האט יואב פאררופען צו זיך אביתר דעם כהן און נאך אײניגע בעאמטע און צוזאמען מיט אדוניה'ן האבען זיי געהאלטען אן עצה ווי צו מאכען זיכער אז אדוניה זאל ווערען קעניג נאך דוד'ס טויט, און נישט שלמה.

— עס איז ביי מיר קײן צווייפעל נישט, — האט זיך אביתר אפגערו־פען, — אז צדוק דער כהן ארבייט האנט־אין־האנט מיט נתן דעם נביא. ביידע זוכען צו ווירקען אויף דעם קעניג אז ער זאל מאכען שלמה'ן פאר קעניג.

— אח, די פערעטהער! — האט אדוניה געקריצט מיט די צייהן, —

איך וועל זיך מיט ביידען אפרעכענען, ווען איך וועל ארויפשטייגען דעם טראהן.

— יא, ביידע האבען פארדיענט דעם טויט! — האט אביתר דער כהן זיך אפגערופען צו אדוניה׳ן, — איך ווייס אז צדוק וויל ווערען דער כהן גדול. דאריבער זוכט ער צו העלפען שלמה׳ן.

— שלמה וועט נישט ווערען קעניג! — האט יואב, דוד׳ס שר צבא, אויסגערופען, — נישט צדוק דער כהן און נישט נתן דער נביא וועלען עפעס קענען טהאן פאר איהם... די מלוכה געהערט צום עלטערען זוהן!... דאס ווייסען אלע אונזערע פריינד אזוי גוט ווי אונזערע שונאים.

— מיין עצה איז, — האט אביתר ווידער געזאגט, — מיר זאלען מאַכען א גרויסען יום טוב ביי דעם אבן זוחלת, וואס איז אין מזרח פון ירושלים... מיר וועלען שעכטען שעפסען און רינדער און איינלאדען אלע אונזערע גוטע פריינד, ווי אויך אלע מיטגלידער פון דעם קעניג׳ס משפחה, א חוץ שלמה׳ן, נתן׳ן און צדוק׳ן, און דאן וועלען מיר פאר אלעמען ערקלעהרען אז אדוניה איז קעניג!

— און מיר וועלען איהם טאקע דארטען זאלבען פאר קעניג! — האט איינער פון די בעאמטע צוגעגעבען.

— ניין, מיר ווילען דאך נישט ווידערהאלען אבשלום׳ס טהאטען! — האט יואב אויסגערופען, — ווען מיר זאלען אדוניה׳ן דארטען גלייך זאלבען פאר קעניג, וועט אויסקומען אז מיר מאכען א נייעם אויפשטאנד געגען דוד׳ן, און דאס וויל דאך קיינער פון אונז נישט...

— אויב אזוי, וואס וועלען מיר אויפטאהן מיט דעם מאלצייט? — האט אדוניה איהם געפרעגט.

— מיר וועלען דארטען אלע בעשליסען אז דו זאלסט ווערען קעניג, און מיר וועלען שיקען אנזאגען דעם קעניג וועגען דעם מאלצייט און דעם בעשלום פון די פערזאמעלטע, און צו דער זעלבער צייט אויך בעטען זיין ברכה...

— דאס איז זעהר א קלוגע עצה, — האבען אלע צוגעגעבען — ווען דער קעניג וועט זעהן אז דאס פאלק איז מיט אדוניה׳ן, וועט ער זיכער נישט זיין דאגעגען.

— איך וויל אז מען זאל איינלאדען צו דעם מאלצייט אויך אבישג די שונמית — האט אדוניה געזאגט, — און אפילו בניהו, דעם זוהן פון יהוידע, וועלכער איז יעצט דער הויפט פון דעם קעניג׳ס לייב-וועכטער. ער האט מיר ארויסגעוויזען פריינדשאפט.

— איך צווייפעל אויב די שונמית וועט קענען פארלאזען דעם קעניג און געהן צו דיין יום טוב. —האט יואב געזאגט, — אבער בניהו׳ן טארען מיר אפילו נישט איינלאדען, ווייל איך בין זיכער אז ער איז מעהר פריינד צו שלמה׳ן ווי צו דיר. ער קען נאך מעהר שאדען טהאן ווי גוטעס.

— גוט, וועל איך בניהו׳ן נישט איינלאדען, אבער פארשפרעכסטו מיר, יואב, זיך אליין צו זעהן מיט דער שונמית און איהר איינלאדען אין מיין נאמען צו דעם יום טוב וואס מיר וועלען פייערען ביי דעם אבן הזוחלת?

— אויב דו שטעהסט צו, וועל איך דאס טהאן פאר דיר, אבער פון דעסט-

וועגן וואלט איך דיר געראטהען נאך אמאל צו האבען אביסעל געדולד מיט דער שונמית . . .

— מיין פאטער וועט נישט האבען דאגעגען זי זאל קומען צו מיין מאלצייט — האט אדוניה געזאגט — און אויב איך וועל איינלאדען די קינדער פון מיין פאטער'ס קעבסווייבער, פארוואס זאל איך אבישג'ן נישט איינלאדען.. זי איז דאך יעצט פאררעכענט כמעט ווי א טאכטער פון דעם קעניג...

— איך גלויב אז די איינלאדונג צו אבישג'ן זאל קומען דורך דיין מוטער און נישט דורך מיר ! — האט יואב געזאגט.

— אה, ניין ! — האט אדוניה אויסגערופען, — מיין מוטער האט שוין פרובירט מיט איהר ריידען וועגען עפעס אנדערש. און זי האט ביי איהר גארנישט גע'פועל'ט.

— איך וועל שוין ביי איהר פועל'ן ! — האט יואב געזאגט מיט א שמייכעל, און א פיהר געטהאן זיין האנט איבער זיין בארד, — איך וועל נאך היינט זיין אין פאלאץ און זיך מיט איהר דורכריידען... איך גלויב אז זי וועט אויך אונטערהאלטען אונזערע געסט מיט געזאנג און טאנץ...

* * *

אין אבענד איז יואב אוועקגעגאנגען צום קעניג'ס פאלאץ. ער איז אריין אין דוד'ס צימער און איהם באגריסט.

דוד האט איהם קאלט געענטפערט אויף זיין באגריסונג, און פון יוצא וועגען איהם געפרעגט וועגען דער ארמעע און וועגען די נייעס פון לאנד.

יואב האט איהם אין קורצען איבערגעגעבען איינינגע וויכטיגע געשעהעניסען, און האט באלד פארלאזען דעם קעניג'ס צימער. ער האט געוואוסט אז דוד קען נישט ליידען ווען ער פארבלייבט דארט צו לאנג... ער האט אפגעווארט שונמית'ן אין דעם דורכגאנג און ווען ער האט איהר געזעהן אנקומען, איז ער צו איהר צוגעגאנגען:

— זיי באגריסט אבישג ! — האט ער אויסגערופען, — איז פריעדען צו דיר און צו דיין משפחה ?

— פריעדען צו אלעמען, מיין האר ! — האט אבישג געענטפערט.

— אונזער האר, אדוניה, געהט מארגען פייערען א יום טוב ביי דעם אבן זוחלת, וואס איז נעבען עין רוגל, — האט יואב געזאגט, — דארטען וועט אויך פארקומען א גרויסארטיגע פארוויילונג. עס וועלען זיך געפינען אלע חשוב'ע לייטע פון קעניג'ס הויף. אדוניה האט מיר געבעטען איך זאל דיר איינלאדען צו דער פארוויילונג, און צו דערזעלבער צייט וועסטו אונז אויך אונטערהאלטען מיט דיינע זיסע ליעדער און שעהנע ריטמישע טענץ.. דו וועסט דאך זיכער קומען, אבישג ?

— ניין ! — האט אבישג אויסגערופען.

יואב האט איהר בעטראכט מיט ערשטוינונג... ער האט זיך נישט געקענט פארשטעלען אז אבישג וועט אזוי צו איהם ריידען.

— דו ענטזאגסט די איינלאדונג פון קרוינפרינץ ? — האט איהר יואב געפרעגט. — איז דאס ווייל דו ווילסט נישט פערלאזען דעם קעניג אויף א קורצע ווייל ?

אבישג האט אומגעדרעהט איהר קאפ און איהם נישט געענטפערט.

קעניג וועט נישט האבען דאגעגען ווען דו וועסט קומען צו ארוניה׳ס און אונטערהאלטען זיינע וויכטיגע געסט... ווייל ארוניה איז דאך דער פון דער מלוכה... אויב דו פערלאנגסט, וועט ארוניה בעטען דעם קעניג ער זאל דיר ערלויבען דארט צו געהן. וועסטו דאן געהן ווען דו וועסט קריגען דיא ערלויבניס פון קעניג?

— ניין! איך וועל דארטען נישט געהן! — האט אבישג אויסגערופען מיט ענטשלאסענהייט. און איבערלאזענדיג יואב׳ן שטעהן אין דורכגאנג, איז זי גלייך אריין צום קעניג אין צימער.

יואב איז געבליבען שטעהן צוטומעלט... ער האט זיך קיינמאל נישט גע־קענט פארשטעלען אז די שונמית זאל ענטזאגען ארוניה׳ס איינלאדונג און דערצו נאך מיט אזא חוצפה... עס איז זעהר מעגליך — האט ער זיך געטראכט — אז דער לייכטזיניגער ארוניה האט איהר שטארק בעליידיגט, און דעריבער וויל זי נישט אננעמען זיין איינלאדונג... דאך אבער, האט יואב׳ס כעס געברענט אויף איהר... ער וועט איהר שוין אנלערנען ווי אזוי אפצוגעבען כבוד דוד׳ס הויפט שר צבא... ער האט א בליק געטהאן אויף דער ריכטונג וואוהין אבישג איז אוועק... ער האט א קוועטש געטהאן מיט זיינע פלייצעס און אז ענטוישטער האט ער פערלאזען דעם פאלאץ...

יואב האט ארוניה׳ן איבערגעגעבען ווי אזוי אבישג האט איהם ענטזאגט צו קומען. — ווי איך גלויב, האסטו איהר שטארק בעליידיגט — זאג מיר וואס האסטו אזוי געטהאן צו איהר, וואס זי איז אזוי אויפגעבראכט געגען דיר...

— איך האב איהר קיין שלעכטעס נישט געטהאן — האט ארוניה זיך אפ־געפרעגט — ווען איך האב איהר אליין געטראפען אין גארטען, האב איך איהר ערקלערט ווי שטארק ליעב איך האב איהר, און אויך דאס זי וועט ווערען מיין קעניגין, ווען איך וועל בעשטייגען דעם טראהן.

— איז עס מעגליך אז צוליעב דעם זאל זי זיין אויף דיר אין כעס? — האט יואב געפרעגט.

—אין דעם איז שלמה שולדיג! — האט ארוניה אויסגערופען — ער האט מיר שטארק באליידיגט אין איהר אנוועזענהייט... א, נקמה וועל איך נעהמען פון שלמה׳ן! איך שווער ביי מיין קרוין וואס איך וועל אין גיכען טראגען אויף מיין קאפ, אז ווי נאר מיין פאטער וועט געהן צו זיינע עלטערען וועל איך שלמה׳ן אויך גלייך אהין שיקען... נישט נאר איהם וועל איך טויטען אבער אויך זיין מוטער בת שבע׳ן, ווייל אזוי לאנג ווי ביידע וועלען לעבען וועט מיין טראהן נישט זיין געזיכערט...

— און איך גלויב אז ווען די שונמית וועט נישט זיין אויף אונזער מאל־צייט, וועט זיין פאר דיר א סך בעסער... ווייל מיר דארפען זיין זעהר אפגעהיט נישט אריינצוברייננען דעם קעניג אין כעס... קיינער פון אונזערע געסט וועט נישט קומען דערצעהלען דיין פאטער וואס עס איז דארטען פארגעקומען, אבער ווען אבישג וועט אויך זיין אויף דיין שמחה, וועט זי דען קענען עפעס פערליי־קענען פון קעניג אויב ער וועט איהר פרעגען?

— מעגליך אז דו ביזט גערעכט, יואב! — האט ארוניה געזאגט — אבער

דאָך פיהל איך זיך זעהר געקרענקט פון דעם וואָס אבישג האָט ענטזאָגט מיין איינלאַדונג... איך פיהל אז מיין ליעבע צו איהר ווערט וואָס פון טאָג שטאַרקער, און מיר וועט מיין גאַנצע שמחה נישט איינגעהן, ווען איך וויים אז אבישג האָט נישט קיין גוטען מיינונג וועגען מיר...

— די איינציגע זאַך וועגען וואָס דו דאַרפסט יעצט טראַכטען איז די מלוכה — האָט יואב איהם געזאָגט ווען דו וועסט דאָס ערּרייכען וועסטו שוין אַלעס האָבען... די שונמית וועט דאַך דאַן אויך צו דיינע פיס פאַלען... זי וועט זיך זעהר גליקליך פיהלען, ווען דו וועסט איהר אַרויסווייזען גנאַדע... דערווייַלע פאַרגעס וועגען איהר ביז די צייט וועט קומען. דו דאַרפסט וויסען זיין אז כאָטש דו האָסט זעהר פיעל פריינד, וועלכע וועלען דיר שטיצען מיט זייער לייב און לעבען, האָסטו, אין דערזעלבער צייט, אויך נישט ווינציג שונאים, וועלכע זוכען דיר בייז צו טהאָן... דעריבער ראַטה איך דיר נאָך אַמאָל צו האָבען געדולד מיט דער שונמית...

## דריטער קאַפּיטעל
## נתן ביים אמת...

יענעם טאָג, ווען יואב האָט מיט איהר גערעדט איז אבישג זעהר אומרוהיג געוואָרען.. יעצט איז זי געווען זיכער אז אדוניה פּלאַנעוועט צו פערכאַפּען די מלוכה נאָך יעצט, ווען זיין פאָטער לעבט... גרעסער איז איהר זאָרג געוואָרען, ווען זי האָט דערזעהן אז יואב שטיצט אדוניה'ן... זי וויים אז יואב האָט פערלאָרען חן אין דעם קעניג'ס אויגען, אָבער דאָך איז ער נאָך אַלץ דער הויפּט שר צבא און איז זעהר חשוב ביים פאָלק... זי איז געווען זיכער אז דעם יום־טוב וואָס אדיוניה געהט פייערען ביי דעם אבן הזוחלת, איז געפּלאַנעוועט פון יואב'ן, כדי אדוניה'ן עפענטליך צו ערקלערען פאַר קעניג... די לעצטע צייט האָט אָבער אבישג פאַרשטאַנען פון דעם קעניג'ס רייד צו נתן'ען דעם נביא, אז ער האָט גאָרנישט בדעה איבערצוגעבען די מלוכה צו אדוניה'ן... און דאָס וואָס אדוניה האָט זיך גענומען האַלטען פאַר'ן קרוינפּרינץ איז עס געגען דעם ווילען פון קעניג... וועמען, אָבער, אויב נישט אדוניה'ן, וועט דער קעניג איבערגעבען די מלוכה ? זעלבסטפאַרשטענדלעך — צו שלמה'ן... א פרייד געהט דורך איהר קערפּער... שלמה! דער שעהנער, העלדישער און קלוגער שלמה!... נאָר פאַר איהם פּאַסט זיך די קרוין... גאַנץ ישראל וועט גליקליך זיין ווען ער וועט ווערען הערשער... זי דערמאָהנט זיך ווי ער האָט איהר פון אדוניה'ס הענט באַפרייט. זיין דונערנדע שטימע קלינגט נאָך יעצט אין איהרע אויערען! „און איך זאָג דיר אז דו זאָלסט נישט וואָגען אָנצוריהרען די שונמית!" זי וויים אז אדוניה וועט זיך אָפּרעכענען מיט שלמה'ן און עס איז איהר פליכט צו וואָרענען שלמה'ן וועגען אַלעס וואָס זי האָט געהערט... אָבער ווי אַזוי קען זי צוקומען צו שלמה'ן ? זי מוז דאָס איבערגעבען דעם נביא און ער וועט שוין וויסען וואָס צו טהאָן...

אין אָבענד ווען אבישג האָט געטראָפען נתן דעם נביא אַרויסגעהענדיג פון קעניג'ס צימער, איז זי איהם ענטקעגען געקומען און זיך פערנייגט!...

— וועט מיר דער נביא ענטשולדיגען ווען איך וויל מיט איהם איינינגע ווערטער רײדען! — האָט זי אויסגערופען:

דער גרייז גראהער נביא האט א ליעבליכען שמייכעל געטהאן. — דער מיין טאכטער — האט ער געזאגט — איך וועל הערען דיינע רייד.

אבישג האט זיך ארומגעקוקט און געזאגט:

— איך ווייס נישט אויב איך קען ריידען דא... איך האב א וויכטיגען סוד צו זאגען מיין האר און ווען אימיצער זאל עס הערען קען עס מיר זעהר שאדען...

— אויב אזוי, מיין טאכטער, קום צו מיין הויז און דארטען וועסטו מיר אלעס דערצעהלען.

אבישג איז אוועק צו נתן'ען אין הויז און ווען זי איז געווען זיכער אז קיינער אויסער דער נביא, הערט איהר נישט האט זי געזאגט:

— איך ווייס אז דער קעניג וויל מאכען שלמה'ן פאר זיין יורש... אבער יואב העלפט אדוניה'ן... זיי האבען בעשטימט א גרויסען יום טוב פאר מארגען הינטער'ן שטאדט ביי דעם אבן הזוחלת און דארטען וועלען זיי קרוינען אדוניה'ן פאר קעניג.

— פון וואנען ווייסטו עס אלעס, מיין טאכטער? האט איהר דער נביא געפרעגט.

— יואב האט מיר איינגעלאדען אויף מארגען צו דעם מאלצייט... ער האט מיר געזאגט אז אלע חשוב'ע מענשען פון קעניג'ס הויף וועלען דארטען זיין... אדוניה פערלאנגט איך זאל דארטען אויך זיין — האט ער מיר געאזגט — און אונטערהאלטען די געסט מיט געזאנג און מיט טענץ... ווי איך טוה פאר דעם קעניג.

— אבער פון וואנען נעהמסטו אז יואב און די איבריגע פריינד פון אדוניה'ן ווילען איהם ערקלערען פאר קעניג?

— אדוניה אליין האט מיר שוין לאנג געזאגט אז ער וועט ווערען קעניג... דאס זעלבע האב איך געהערט פון זיין מוטער חגית, און יעצט, ווען איך האב יואב'ן ענטזאגט צו קומען, האט ער מיר געזאגט אז אדוניה וועט ווערען קעניג, און איך דארף זיין איינלאדונג אננעמען... איך ווייס אז ער האט איינגעלאדען צו זיין מאלצייט די גאנצע קעניגליכע משפחה... אבער האט ער דען איינגעלאדען דעם נביא און מיין האר שלמה'ן?

— און מארגען וועט פארקומען די פייערונג? — האט נתן איהר איבער-געפרעגט.

— יע, מיין האר, מארגען וועט עס פארקומען און מיין הארץ ציטערט אין מיר פאר די פאלגען...

— זיי געבענשט צו גאט מיין טאכטער! — האט נתן אויסגערופען, דו ביזט זעהר קלוג און דו זעהסט פאראויס די שלעכטע ווירקונג וואס אדוניה'ס מאלצייט קען האבען אויף דער צוקונפט פון דער מלוכה... ריכטיג, איך האב טאקע נישט געקראגען קיין איינלאדונג און שלמה אויך נישט... און דו מיט דיין פארזיכטיגקייט און קלוגשאפט, האסט מיר אין צייט געווארענט... שלמה וועט דיר דעם חסד קיינמאל נישט פערגעסען. יעצט מיין טאכטער געה צוריק אין פאלאץ, און זאל קיינער נישט וויסען אז דו ביזט דא געווען. און מארגען גאנץ פריה וועל איך שוין זעהן אז דער קעניג זאל פון אלעס וויסען.

אבישג האט זיך צוריקגעקעהרט אין פּאלאץ און מיט א קלאפּענדע הארץ האט זי געווארט אויף מאָרגענדיגען טאג...

אויף מאָרגען גאנץ פריה האט נתן דער נביא דערהערט א טומעל אין דרויסען. ער האט ארויסגעקוקט דורך'ן פענסטער און האט דערזעהן ווי ארוניה זיצט אין זיין קארעטע מיט חגית'ן זיין מוטער. פופציג מאן זיינען געלאפען פאראויס. אין א צווייטע קארעטע, האט ער בעמערקט, זיצען יואב, אביתר דער כהן און נאך אייניגע בעאמטע. א היבשע ווײלע האט ער זיי נאכגעפאלגט מיט זיינע אויגען און ער האט בעמערקט אז זיי געהען אין דער ריכטונג פון עין רוגל.

נתן איז גלייך אוועק אין פּאלאץ, און ער האט געשיקט רופען בת שבע'ן.

— האסטו געהערט דעם שאלען און דעם טומעל אין דרויסען? — האט נתן איהר געפרעגט.

— יע, — האט בת שבע געענטפערט — דאס איז אדוניה... יעדען פריה־מאָרגען פאהרט ער זיך דורך מיט זיין קארעטע און פופציג מענשען לויפען פאר־אויס... עס איז שוין אייניגע מאנאטען ווי ער פיהרט זיך אזוי אויף... דער קעניג שטערט איהם נישט...

אבער דיעזען מאל האט זיין פאהרען א בעזונדערע בעדייטונג, בת שבע! — האט נתן אויסגערופען — צוזאמען מיט איהם זיינען געפאהרען זיין מוטער, חגית, יואב, אביתר און נאך וויכטיגע פערזענליכקייטען.

— יואב איז מיט איהם געפאהרען? — האט בת שבע אויסגערופען מיט שרעק — וואס מיינט דאס?

— עס מיינט אז זיי האבען בדעה צו קרוינען אדוניה'ן פאר קעניג! — האט נתן געזאגט.

— אבער דער קעניג האט דאך מיר פערשפּראכען אז מיין זוהן שלמה וועט קעניגען נאך איהם!

— בת שבע! דו טארסט נישט פערליערען קיין רגע! — האט נתן אויס־גערופען — דו מוזט גלייך געהן צום קעניג — אבער וואס האט פּאסירט?!

— אדוניה פייערט יעצט א גרויסען יום טוב ביי דעם אבן הזוחלת, ער האט געשאכטען פיעל שאף און רינדער... און געמאכט א גרויסען מאלצייט... ער האט איינגעלאדען די גאנצע קעניגליכע משפחה און די וועלכע שטעהן ענג פערבונדען מיט'ן קעניג אבער שלמה'ן, בניהו'ן און מיר האט ער נישט איינגעלאדען — האט נתן געזאגט. — דארטען, ביים מאלצייט, האט ער בדעה זיך צו ערקלערען פאר אלעמען פאר קעניג...

— אבער ווי איז עס מעגליך?! — איז בת שבע בלאס געווארען — זאל עס זיין אז יואב העלפט אדוניה'ן צו מאכען אן אויפשטאנד? ווער האט עס דיר אלעס דערצעהלט?

— איך האב זיך דאס דערוואוסט פון אבישג די שונמית! זי איז נעכטען פארנאכט ביי מיר געווען און האט דערצעהלט אז יואב איז געקומען איהר איינ־לאדען צו דעם מאלצייט און ער האט איהר פערזיכערט אז ארוניה וועט זיין דוד'ס נאכפאלגער און אחוץ דעם האט שוין חגית אויך גערעדט מיט דער שונמית וועגען דעם אז איהר זוהן וועט קעניגען...

— חגית זוכט שוין אלעמען איינצורעדען! — האט בת שבע געברענט פון כעס — אז אֲדוֹנִיָה וועט ווערען קעניג!

— אין דער צייט וואס מיר ריידען דא, — האט דער נביא זיך אפגערופען — ווערט אדוניה געקרוינט פאר קעניג...

— וואס זאל איך יעצט טהאן? — האט בת שבע אויסגערופען מיט פערצווייפלונג.

— אויב אדוניה וועט ווערען קעניג, דאן ביזטו און דיין זוהן שלמה פערלארענע... ווי נאר ער וועט זיך זעצען אויף דעם טראהן, אזוי וועט ער דיר און שלמה'ן טויטען... דעריבער איז מיין עצה דו זאלסט גלייך געהן צום קעניג און זאלסט מיט איהם ריידען... דערמאהן איהם אז ער האט דיר פערשפראכען דאס שלמה דיין זוהן וועט זיצען אויף'ן טראהן נאך איהם... יע דו קענסט איהם טאקע זאגען דאס ער האט דיר צוגעשווארען דאס שלמה וועט קעניגען און צום סוף האסטו געהערט אז אדוניה איז געקרוינט געווארען פאר קעניג! אין דערצייט וואס דו וועסט מיט איהם ריידען, וועל איך אריינקומען אין קעניג'ס צימער און איך וועל בעשטעטיגען אלע דיינע ווערטער... אבער זאל דער קעניג נישט וויסען אז מיר האבען ביידע זיך צונויפגערעדט דערפון... ווען דו וועסט איהם דערמאהנען אן זיין שבועה, קענסטו איהם זאגען דאס ער האט געגעבען די שבועה אין נתן'ס אנוועזענהייט, און ווען איך וועל פלוצלונג אריינקומען אין זיין צימער, זאלסטו ווערען עטוואס איבערראשט און אויסרופען: אט איז נתן ביים אמת... דאן וועל איך שוין מיט איהם אויך ריידען, און אויב ער וועט זאגען דאס ער געדענקט נישט אויב ער האט צו דיר געשווארען, וועל איך איהם אויך דערמאהנען...

— אבער עס איז דאך אזוי פריה, פיעלייכט וועל איך שטערען דעם קעניג פון זיין שלאף? האט בת שבע געזאגט — איך בין דאך נישט איינגעלאדען צו קומען...

— אבישג די שונמית געפינט זיך יעצט אין דעם קעניג'ס צימער, און ווען דו וועסט עפענען די טיהר, זאלסטו איהר אויף'ן וואונק א פרעג טאהן צו דער קעניג שלאפט און אויב ער שלאפט נישט זאלסט אריינקומען און גלייך נעמען מיט איהם ריידען וועגען דעם...

— איז עס ראטזאם פאר מיר, דאס איך זאל ריידען אין דער אנוועזענהייט פון דער שונמית? — האט בת שבע געפרעגט דעם נביא.

— די שונמית האט ענטזאגט אדוניה'ס איינלאדונג און איז געקומען ווארענען וועגען דער סכנה וואס לויערט אויף שלמה'ן... זעהסטו דאך דערפון אז זי איז מיט אונז, און דעריבער קענסטו גאנץ אפען ריידען מיט דעם קעניג אין איהר אנוועזענהייט... זי וועט נאך דיר ארויסהעלפען אויב דער קעניג וועט צווייפלען וועגען אדוניה'ס כוונות... אבישג ווייס פון נאך פיעלע זאכען וואס וועלען בעשטעטיגען דיינע רייד צו דעם קעניג.

בת שבע איז אריינגעקומען אין קעניג'ס צימער און געבליבען שטעהן ביים טיהר. זי האט א וואונק געטהאן צו אבישג'ן אויב זי קען יעצט שטערען דעם קעניג. אבישג האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אויף יע.

בת שבע איז גלייך צוגעגאנגען צו דוד'ס בעט און זי האט זיך פערנייגט פאר איהם.

דוד איז געלעגען רוהיג אין זיין בעט און כאטש זיין מרה שחורה האט זיך

פון איהם אפגעטהאן זינט די שונמית האט איהם אונטערהאלטען, איז ער דאך געבליבען זעהר שוואך, און פלעגט זעלטען ארויס פון בעט...

— וואס איז דיין פערלאנג, בת שבע? — האט דוד געזאגט מיט א שוואכע שטימע, ווען ער האט איהר בעמערקט נעבען זיך.

— מיין האר קעניג זאל זיין געזונט און לעבען אויף עוויג! — האט בת שבע זיך אפגערופען מיט טרעהרען אין איהרע אויגען — דו האסט מיר צוגעזאגט אז מיין זוהן שלמה וועט בעשטייגען דעם טראהן נאך דיר. יע, דו האסט מיר געשווארען אז שלמה וועט ווערען קעניג, די שבועה האסטו מיר געגעבען אין נתן דעם נביא'ס אנוועזענהייט...

— יע, בת שבע, — האט דוד געזאגט — איך האב דאס דיר פערשפראכען און אויך געשווארען און אזוי וועט עס געשעהן. דיין זוהן שלמה איז דער יורש פון מיין מלוכה!..

— אבער מיין האר — האט בת שבע אויסגערופען — דערווייל איז אדוניה געווארען קעניג, אהן דיין וויסען.

— וואס?! — האט דוד אויסגערופען און זיך געזעצט אויף זיין בעט — ווער האט עס דיר געזאגט אז ער איז געווארען קעניג?...

— עס איז שוין לאנג אז ער האלט זיך פאר דעם קרוינפרינץ — האט בת שבע געענטפערט — אבער היינט האט ער פעררופען א גרויסע פערזאמלונג ביי דעם "אבן הזוחלת" און ער האט געמאכט א גרויסען מאלצייט און ער האט איינגעלאדען די גאנצע קעניגליכע משפחה, און אביתר דער כהן און יואב דיין שר צבא זיינען אויך מיט איהם מיטגעפאהרען אהין... אבער אונזער זוהן שלמה'ן האט ער אהין נישט איינגעלאדען...

— פון וואנען אבער דריינגסטו אז אדוניה זוכט צו ווערען קעניג? — האט איהר דוד געפרעגט...

— עס איז שוין פאר קיינעם קיין סוד נישט! — האט בת שבע אויסגערופען — און אדוניה אליין פערבארגט עס אויך פון קיינעם נישט... ער בעריהמט זיך נאך פאר אלעמען, בפרט יעצט, אז יואב דיין שר צבא איז מיט איהם און אויך אביתר דער כהן, גלויבט ער אז ער איז שוין מיט זיין מלוכה געזיכערט... יעצט מיין האר קעניג, דאס גאנצע פאלק ישראל ווארט מיט גרויס אומגעדולד אויף דיין בעשלוס... און ווען דאס זאל נישט געשעהן באלד, וועל איך און מיין זוהן שלמה בלייבען די זינדיגע... און אונזערע לעבענס וועלען זיין אין סכנה...

— האט אדוניה איינגעלאדען נתן דעם נביא צו זיין מאלצייט — האט דער קעניג איהר געפרעגט.

— ניין ער האט נתן דעם נביא אויך אהין נישט איינגעלאדען — האט בת שבע געענטפערט — און מיר דוכט אז אונזער פריינד צדוק דעם כהן, האט ער אויך נישט איינגעלאדען... אבער אט קומט אן נתן ביים אמת, דער קעניג וועט פון איהם אלעס דערגעהן — האט זי געזאגט, ווען זי האט דערזעהן נתן'ען אריינקומען אין קעניג'ס צימער.

דוד'ס לייב וועכטער האבען געמאלדען נתן'ס אריינקומען און בת שבע האט זיך פערנייגט און צוריקגעצויגען.

נתן האט זיך דערנעהענטערט צו דוד'ס בעט און האט זיך פאר איהם פערנייגט.

— שלום צו דיר מיין האר קעניג! — האט דער נביא אויסגערופען.

— שלום אויך צו דיר מיין פריינד! — האט איהם דוד געענטפערט. — זאג מיר וואס מאכט מיין זוהן שלמה? און וואס טוט ער יעצט.

— שלום איז צו איהם, ער איז יעצט אין זיין צימער ער לערנט איבער די היילינע ספרים וואס איך האב מיט איהם געלערנט...

— און דו רופסט נאך איהם אלץ ידידיה? — האט דער קעניג געזאגט און א ליכטער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפען.

— יע, מיין האר קעניג! ביי גאט איז ער נאך אלץ דאס זעלבע בעליעבטע און אומשולדיגע קינד ווי ער איז געווען אין די ערשטע טעג פון זיין געבורטה...

— יע מיין ווירדיגער פריינד, נתן — האט דוד געזאגט — גאט האט מיר זעהר פיעל געשטראפט דורך מיין לעבען, ווייל מיינע זינד זיינען גרויס געווען... אבער ווען דער ליעבער גאט האט מיר געשאנקען אזא זוהן ווי שלמה, איז עס דען נישט א סימן אז ער האט מיר אלע מיינע זינד פערגעבען...

— גאט האט דיר שוין פון לאנג מוחל געווען דיינע זינד, מיין קעניג! — האט נתן געזאגט — גאט זעהט וואס ביים מענשען אין הארצען טוט זיך... ער וויים אז דיין נשמה איז אויסגעלייטערט און גערייניגט געווארען...

— יעצט וועל איך קענען רוהיג שטארבען, איך וועל מיין מלוכה איבערלא-זען אין גוטע און אין זיכערע הענד — האט דוד געזאגט.

— מיין האר קעניג! — האט נתן אויסגערופען האסטו דאס געזאגט אז אדוניה זאל קעניגען נאך דיר, און אז ער וועט זיצען אויף דיין טראהן? ווייל אדוניה האט היינט פערזאמעלט אלע מיטגלידער פון דעם קעניג'ס משפחה און אויך יואב'ן דיין שר צבא און אביתר'ן דעם כהן, אבער שלמה'ן און צדוק דעם כהן און מיר האט ער נישט איינגעלאדען... און יעצט אין דער צייט וואס איך רייד צו דיר דיזע ווערטער, זיצען זיי דארטען אלע, ביי דעם "אבן הזוהלת", עסען און טרינקען, און זיי ערקלערען אדוניה'ן פאר דעם קעניג איבער ישראל... אויב דאס איז געטהאן געווארען מיט דער צושטימונג פון דעם קעניג וואונדערט דאס מיר פארוואס דו האסט מיר וועגען דעם נישט געזאגט...

— איך האב געוואוסט אז אדוניה פיהרט זיך אויף ווי א קרוינפרינץ, אבער איך האב איהם נישט געשטערט ווייל איך האב איהם נישט געוואלט מצער זיין...

— האט דוד געזאגט — איך האב איהם אויך ערלויבט צו מאכען א מאלצייט און זיך משמח זיין מיט זיינע פריינד — אבער מיר איז גארנישט איינגעפאלען אז אדוניה זאל זיין פעהיג אפצוטהאן אזא זאך ווי זיך צו ערקלערען פאר קעניג אהן מיין הסכמה... און אויב יואב דער זוהן פון צרויה איז מיט איהם אין דעם, דאן וועט גלייך מוזען געמאכט ווערען אן ענדע צו דעם...

— רופט מיר אריין בת שבע'ן האט דוד אויסגערופען צו זיינע לייבוועכטער וועלכע זיינען געשטאנען נעבען מיהר.

בת שבע איז גלייך אריינגעקומען און נתן דער נביא האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

— בת שבע, — האט דוד געזאגט — איך האב יעצט אלעס געהערט פון דעם נביא'ס מויל.. עס איז ריכטיג וואס דו האסט מיר דערצעהלט וועגען אדוניה'ן, אבער איך שווער דיר ביי גאט וועלכער האט מיר אויסגעלייזט פון אלע צרות, אז אזוי ווי איך האב דיר פערשפראכען און דאן געשווארען דאס

דיין זוהן שלמה וועט קעניגען נאך מיר און ער וועט זיצען אויף מיין טראהן, אזוי וועל איך עס היינט טהאן, און טאקע באלד וועט עס געשעהן...

— זאל מיין האר קעניג לעבען אויף עביג — האט זיך בת שבע פערנייגט.

— שיקט רופען צדוק דעם כהן און בניהו דעם זוהן פון יהוידע און זאל נתן דער נביא אויך אריינקומען צוזאמען מיט זיי — האט דוד בעפוילען זיינע לייב־וועכטער.

באלד זיינען זיי אלע געקומען פאר דעם קעניג.

— עס איז דער ווילען פון גאט און אויך מיין ווילען אז מיין זוהן שלמה זאל קעניגען נאך מיר — האט דוד זיך צו זיי אפגערופען — און יעצט, בניהו, וויל איך אז דו זאלסט צוזאמען רופען די גבורים וועלכע שטעהן אונטער דיין אויפזיכט, די גדודים פון כרתי און פלתי, און איהר וועט מאכען מיין זוהן שלמה'ן רייטען אויף מיין מויל־אייזעל און איהם פיהרען פון דעם טייך גיחון, און דארטען וועלען איהם צדוק דער כהן און נתן דער נביא זאלבען פאר קעניג איבער ישראל.. גלייך נאך דעם זאלט איהר בלאזען דעם שופר און אויסרופען:

— לעבען זאל דער קעניג שלמה! נאך דער זאלבונג זאלט איהר זיך אלע צוריקקעהרען מיט שלמה'ן אין פאלאץ... דאן וועט ער זיך גלייך זעצען אויף מיין טראהן... ווייל איך האב איהם אויסדערוועהלט צו ווערען קעניג איבער יהודה און ישראל... און איך וויל זוכה זיין צוזעהן מיט מיינע אויגען ווי מיין זוהן וועט פערנעמען מיין קעניגליכען פלאץ...

— אמן! — האט בניהו אויסגערופען — אזוי זאל זיין דער רצון פון גאט... און אזוי ווי גאט איז געוועזען מיט מיין האר קעניג אזוי זאל ער אויך זיין מיט שלמה'ן און זאל דער בעשעפער פון דער וועלט געבען אז שלמה'ס טראהן זאל זיין שטארקער, גרעסער און גלארייכער פון דעם טראהן פון מיין האר קעניג, דוד!

בת שבע איז אוועק צו שלמה'ן און גענומען האלדזען און קושען...

— מיין זוהן, מיין ליעב קינד! — האט זי אויסגערופען מיט גרויס פרייד — דיין פאטער האט יעצט פאר אלעמען ערקלערט אז דו וועסט ווערען קעניג... קום שלמה, דער נביא און צדוק דער כהן ווארטען אויף דיר זיי וועלען דיר באלד מאכען רייטען אויף דעם מויל־אייזעל און ביי דעם טייך גיחון וועט מען דיר זאלבען פאר קעניג!

שלמה'ס פנים האט גענומען שטראהלען פון שמחה.. — אזוי איז דער ווי־לען פון מיין ליעבען פאטער! — האט ער אויסגערופען — איך זאל ווערען קע־ניג איבער יהודה און ישראל! געלויבט איז גאט פאר דעם חסד וואס ער טוט מיט מיר...

— אייל זיך צו מיין זוהן! — האט בת שבע אויסגערופען נעה שנעל און בייט איבער דיינע קליידער, ווייל אלעס איז שוין געגרייט!

שלמה האט איבערגעביטען זיינע קליידער און איז אריין צו זיין פאטער אין צימער און איהם געפאלען אויף'ן האלדז...

— מיין זוהן! — האט דוד געוויינט פאר פרייד — גאט האט מיר געלאזט לעבען ביז יעצט, איך זאל זוכה זיין צו זעהן מיט מיינע אויגען ווי דו וועסט איבערנעמען מיין מלוכה. זאל דיר גאט קרעפטיגען און שטארקען און זאל גאט געבען אז בניהו'ס ברכה זאל מקויים ווערען, און דיין טראהן זאל זיין שטארקער גרעסער און גלארייכער פון מיינעם...

## פערטער קאפיטעל

# די קרוינונג פון שלמה

אדוניה, יואב, אביתר און זייערע נאכפאלגער זיינען שוין געווען פערזאמעלט ארום דעם אבן הזוחלת. ביי לאנגע טישען זיינען זיי געזעסען, געגעסען [illegible] געטרונקען. די שמחה איז געווען זעהר גרויס. מוזיק האט געשפיעלט. פרויען [illegible] געטאנצט... אט האט איינער אויסגעשריען: ״לאנג לעבען זאל דער קע־ [illegible]ה!״ און באלד איז די גאנצע לופט פון עין רוגל אנגעפילט געווארען [illegible] עם זעלבען געשריי: ״לאנג לעבען זאל דער קעניג אדוניה!״

יואב וועלכער איז שוין געווען עטוואס דערהיצט פון דעם וויין, האט זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופען:

— ״מיר האבען זיך דא אלע יעצט פערזאמעלט צו פייערען די שמחה פון אדוניה, דעם קרוינפרינץ. עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל נישט אז אדוניה וועט ווערען קעניג נאך דוד'ס טויט, ווייל מיר אלע ווייסען אז אחוץ דעם וואס ער איז דער עלטערער און די מלוכה געהט דאך אלע מאל צום עלטערען זוהן פון קעניג, איז דאך זיין ברודער שלמה געווים נישט ווערט צו טראגען די קרוין... ערשטענס איז ער נאך צו יונג און זיין שכל איז נישט געזעצט, און צווייטענס, ווער פון אונז ווייס נישט ווער בת שבע איז... אפילו ווי בערעכטיגט זי זאל נישט זיין, האט זי דאך בעגאנגען א פערברעכען געגען איהר מאן... און האט דען גאט נישט געשטראפט דעם קעניג פאר דיזען זינד? יע, זי האט זיכער נישט פארדיענט אז איהר זוהן זאל ירשנ'ען די מלוכה... חגית, די מוטער פון אדוניה, וועלכע האט מיט איהר בעשיידענהייט און גוטסקייט געוואונען אונזערע אלעמענס הערצער, זי איז די איינציגע וועלכע האט פערדיענט צו זיין די מוטער פון דעם קעניג איבער ישראל!...

א גליקליכע פרייד האט זיך צוגאסען איבער חגית'ס פנים, איהרע אויגען האבען גענומען גלאנצען און שטראהלען... זי האט געשלונגען יעדען ווארט וואס איז ארויסגעקומען פון יואב'ס מויל.

— דו וועסט איהם מאכען פאר דיין שר צבא און אויך דיין הויפט ראטה־געבער — האט חגית שטילערהייט זיך אפגערופען צו אדוניה'ן — יואב פערדיענט צו דערהויבען צו ווערען צו דעם העכסטען אמט.

— געווים, מוטער! — האט אדוניה איהר געענטפערט — איך וועל יואב'ן מאכען העכער פון אלע שרים אין מיין מלוכה...

״אריבער פערציג יאהר האב איך געדיענט אונזער קעניג דוד״ — האט יואב פארטגעזעצט — און ווען ער וואלט יעצט געווען געזונט און פעהיג צו רעגיערען, וואלט איך געווען דער לעצטער צו העלפען איינעם פון זיינע זיהן ארויפצוגעהן אויף'ן טראהן, כל זמן דער קעניג לעבט, אבער יעצט זיינען די אומשטענדען אין גאנצען אנדערע: דער קעניג איז אלט און קראנק, ער האט שוין מעהר קיין כח ניט צו רעגיערען, ער האט דערווייל נאך ניט בעשטימט ווער עס זאל ווערען זיין נאכפאלגער... און ווייל דער קעניג איז אזוי שוואך, און זיין קאפ איז נישט דאבֵיי, בענוצען זיך אדוניה'ס שונאים צו ווירקען אויפ'ן קעניג

איבערצוגעבען די מלוכה צו דעם זוהן פון בת שבע... דעריבער איז מיין עצה צו פערלויפען אונזערע שונאים דעם וועג און טאקע באלד זאלבען אדוניה׳ן פאר קעניג, דא אויף דעם פלאץ, און ווען דאס וועט ווערען אפגעטהאן, וועט דוד נעווים געבען זיין ברכה...

— לאנג לעבען זאל אונזער קעניג אדוניה! — האבען שטימען געדונערט.

— לאנג לעבען זאל יואב, דער שר צבא פון אדוניה!

— אביתר, נעהם די אייל און זאלב אדוניה׳ן פאר קעניג! — האט זיך יואב אפגערופען צו אביתר׳ן.

— מיין הער יואב! — האט אביתר דער כהן אויסגערופען — איך האב דעם קריגעל אייל נישט מיטגענומען, ווייל דו ביזט דאך אליין געווען געגען דעם, דאס מיר זאלען זאלבען אדוניה׳ן פאר קעניג אהן דוד׳ס הסכמה!

— איך האב אבער יעצט מיין מיינונג געביטעט — האט יואב געענטפערט — איך גלויב אז נאך דעם ווי די זאך וועט ווערען אפגעטהאן, וועט דער קעניג זיכער נישט זיין דאגעגען. דעריבער וויל איך אז אדוניה זאל נאך היינט געזאלבט ווערען פאר קעניג.

— אויב אזוי וועל איך שיקען מיין זוהן יונתן, און ער וועט געהן ברייננען די אייל — האט אביתר געזאגט.

— און זאל ער דאס טאקע מאכען אזוי שנעל ווי מעגליך! האט זיך חגית אריינגעמישט — זאל בת שבע שוין היינט וויסען אז מיין זוהן איז געזאלבט געווארען קעניג...

— ווען דו וועסט געהן אין שטאדט צו ברייננען דעם קריגעל אייל פון דיין פאטער׳ס הויז — האט יואב געזאגט צו יונתן — זאלסטו, אין דער זעלבער צייט, אויסגעפינען וואס הערט זיך אין ירושלים, און וואס מען רעדט דארטען יעצט וועגען אדוניה׳ס פייערונג... זיי זעהר פארזיכטיג אז קיינער זאל נישט וויסען אז דו טראגסט מיט זיך דעם קריעגעל אייל... דערצעהל קיינעם נישט וואס עס איז דא יעצט פארגעקומען, און אויב דו וועסט זיך עפעס דערוויסען זאלסטו אונז גלייך קומען אנזאגען...

— איך וועל טהאן אלעס וואס דו האסט מיר אנגעזאגט — האט זיך יונתן פערנייגט און איז גלייך אוועק אין שטאדט...

---

אין דעם הויף פון דוד׳ס פאלאץ, האט בניהו צונויפגעזאמעלט זיינע צוויי שטארקע גבורים, כרתי און פלתי. די זעקס הונדערט גבורים וועלכע האבען זיך דארטען געפונען זיינען געווען בעוואפענט מיט בלאנקע שווערדען.

צדוק דער כהן האט מיט זיך גענומען דעם "קרן" אייל וואס עס האט זיך געפונען אין אהל, נעבען ארון, און צוזאמען מיט נתן דעם נביא האט ער גע־האלפען שלמה׳ן ארויפזעצען זיך אויף דוד׳ס מויל־אייזעל. פון הינטען זיינען געווען די לויים וועלכע האבען געהאלטען פערשיעדענע כלי־זמר. און גבורים זיינען געגאנגען פאראויס. בת שבע און נאך איינינע וויכטיגע פרויען זיינען גע־זעסען אין א קארעטע געשפאנט צו זעקס פערד.

מיט גרויס מיה און אנשטרענגונג האט זיך דוד געזעצט נעבען אפענעם

פענסטער פון זיין צימער און האט ארויסגעקוקט אין דרויסען. ער האט דערזעהן ווי זיין יונגער זוהן שלמה זיצט אויף זיין מויל אייזעל, ארומגערינגעלט פון אלע גבורים... ער האט בעמערקט אין צדוק'ס האנט דעם קרן אייל... — מיט דעם זעלבען קרן אייל האט איהם שמואל דער נביא געזאלבט פאר קעניג איבער ישראל — האט זיך דוד דערמאהנט... אח, ווי שנעל זיינען די יאהרען פערבייגעפלויגען... ווי לאנג איז דאס געווען, ווען דער הייליגער נביא שמואל איז געקומען אין זיין פאטער'ס הויז צו גאסט... אלע האבען דאן געווארט אויף איהם, אויף דעם יונגען דוד'ן ער זאל זיך צוריקקעהרען פון פעלד מיט די שאף... ער געדענקט ווי דער נביא און זיין פאטער האבען איהם אן א זייט אוועקגערופען און שטילערהייט איהם פערטרויט דעם סוד אז עס איז דער ווילען פון גאט ער זאל געזאלבט ווערען פאר קעניג איבער ישראל... א, ווי ווינציג ער האט דאן פערשטאנען די וויכטיגקייט פון די ביסעלע אייל וואס שמואל האט ארויסגעגאסען אויף זיין קאפ... ער האט גאר וועגען דעם נישט געטראכט, ער האט געפיטערט זיינע שאף ווי פריהער אזוי ווי עס איז גארנישט געשעהן אין זיין לעבען...

דוד בויגט זיך נאך מעהר ארויס פון פענסטער און בעטראכט דעם שטראהלענדען פנים פון זיין זוהן, און די פרעהליכקייט און שמחה וואס הערשט ארום איהם... און עס קומט איהם פאר די צייט ווען מען האט איהם געקרוינט פאר קעניג... אין חברון, דעם ערשטען מאל פון דעם שבט יהודה און דערנאך פון אלע שבטים...

„א גאט שיק דיין ברכה פון הימעל צו מיין זוהן שלמה — האט ער שטילערהייט מתפלל געווען — זאל זיין קעניגרייך זיין גליקליכער ווי מיינע איז געווען... בעשיץ איהם פון שונאים פון דרויסען ווי פון שונאים פון אינווייניג. גיעב איהם כח און מוטה צו רעגירען מיט גערעכטיגקייט דיין פאלק ישראל"...

צדוק דער כהן האט בעמערקט דוד'ן אין פענסטער און ער האט אויפגעהויבען זיין האנט און אויסגעשריען: זאל אונזער קעניג דוד לעבען אויף עוויג!

אלע האבען ארויפגעקוקט אין פענסטער פון וואנען זיי האבען געזעהן דוד'ן...

— זאל אונזער קעניג דוד לעבען אויף עוויג! — האבען זייערע שטימען אפגעקלונגען.

שלמה וועלכער איז געזעסען אויף דוד'ס מויל אייזעל האט א נייג געטהאן זיין קאפ פאר זיין פאטער.

דוד האט געמאכט א בעוועגונג מיט'ן האנט, דאס זיי זאלען אנפאנגען צוגעהן.

די מוזיק האט גלייך גענומען שפיעלען און דער מארש האט זיך אנגעפאנגען...

דוד האט זיך צוריקגעקעהרט אין זיין בעט, און אבישג די שונמית איז נאך געבליבען שטעהן נעבען פענסטער און נאכגעפאלגט מיט נייגיריגע אויגען די פראצעסיע...

— אבישג דו קענסט מיטגעהן און צוזעהן מיט דיינע אויגען ווי מיין זוהן שלמה ווערט געזאלבט פאר קעניג? — האט דוד זיך צו איהר אפגערופען.

— איך דאנק מיין האר קעניג! — האט זיך אבישג פערנייגט — איך האב געפונען גנאדע אין דעם קעניג'ס אויגען. איך בין זעהר נייגעריג צו זעהן ווי מיין האר שלמה וועט געזאלבט ווערען פאר קעניג!

— געה בשלום מיין טאכטער! — האט דוד צו איהר געזאגט.

אבישג האט מיטגענומען איהרע צימבאלען און מיט שנעלע טריט איז זי אַרויס פון פאלאץ און אנגעיאגט די פראצעסיע.

בניהו, דער שר פון די גבורים, האט ארויסגעשיקט עטליכע פון זיינע פלינקע מענשען, זיי זאלען לויפען פאראויס און אויסרופען אין אלע גאסען פון שטאָט וועגען דעם אז שלמה, דעם קעניג'ס אינגערער זוהן ווערט אויף'ן בעפעהל פ'ן דוד'ן געזאלבט פאר קעניג...

גלייך זיינען די גאסען פול געווארען מיט מענשען וועלכע האבען נאכגע־פאלגט דעם מארש. אין יעדער גאס פון ירושלים האבען זיי זיך א ווײַלע אפגע־שטעלט. און דאס פאלק האט זיך געפרעהט, געיובעלט... און אויסגעשריען!

"לאנג לעבען זאל אונזער נייער קעניג שלמה"!

פלוצלונג איז ערשינען אבישג די שונמית בעפאר שלמה'ן און די שרים. זי האט גענומען טאנצען און צוקלאפענדיג מיט די צימבאלען האט זי געזונגען:

"זינגט איהר טעכטער, זינגט און לויבט!
טאנצט די טענץ פון פריידענס גליק!
שאלט, יובעלט, אייערע שטימען הויבט!
די זון שיינט העל פאר אונז צוריק!

---

שלמה איז פאר דעם קעניג געוועהלט;
די קרוין האט איהם זיין פאטער געגעבען...
זינגט, איהר טעכטער, פאר יעדע'ן דערצעהלט:
עס זאל דער קעניג שלמה לאנג לעבען!

באלד האבען זיך אלע פרויען א לאז געטהאן טאנצען און אויפגעכאפט דאס ליעד וואס אבישג האט געזונגען.

לאנגזאם האט זיך די פראצעסיע בעוועגט, דער המון איז וואס ווייטער גרעסער געווארען. און די בעגייסטערונג האט וואס ווייטער אלץ מעהר געשטיגען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום טייך גחון, האט צדוק דער כהן גענומען ד'עס קרן מיט אייל און האט פאר די אויגען פאלק געזאלבט שלמה'ן פאר קעניג איבער ישראל.

די כהנים האבען גענומען בלאזען שופר. און גלייך האט דאס פאלק גענומען שאלען און אויסשרייען:

"זאל לעבען דער קעניג שלמה!

די פרייד, דער טומעל און געשריי איז געווען אזוי גרויס אז מען האט עס געקענט הערען פון זעהר ווייט...

---

אויף דעם מאלצייט פון אדוניה, האבען זיך אלע געסט אויך גאנץ פיין משמח געווען... יעדער האט מיט גרויס אומגעדולד געווארט, ווען יונתן וועט זיך צוריקקעהרען מיט דעם קריגעל אייל, כדי מען זאל שוין זאלבען אדוניה'ן.

יעדער פון די אנוועזענדע האט ערווארטעט אז אדוניה וועט איהם געב'ן

א הויכען אמט אין דער רעגיערונג... און דעריבער האט יעדער איינער געזוכט וואס מעהר זיך צו חנפ'נען צו אדוניה'ן.

— שלמה'ן וועסטו מוזען טויטען! — האט זיך אימיצער אפגערופען צו אדוניה'ן... כל זמן ער וועט לעבען, וועט ער זוכען דיר אנצוטהאן צרות...

— גישט נאר שלמה'ן אבער די אלע וועלכע האבען געזוכט צו מאכען שלמה'ן פאר קעניג וועט מען דארפען אומברינגען — האט א צווייטער זיך אפגערופען צו חגית'ן, אדוניה'ס מוטער...

— דו ביזט גערעכט! — האט איהם חגית געענטפערט — נקמה וועט מען זוכען נעמען פון אלע זיינע פיינד... און בת שבע?! איהר וועל איך פאר מיין דיענסט מאכען!... דאס וועט מיין גרעסטע נקמה זיין אן איהר... א ווי זי האט געהאפט, אז איהר זוהן שלמה וועט קעניגין...

— איך בין זיכער אז בניהו דער זוהן פון יהוידע טראכט יעצט פון ווערען דער שר צבא אנשטאדט דיר, יואב! — האט א בעאמטער זיך צו איהם אפגערופען — דעריבער איז ער פאר שלמה'ן.

— ער וועט שוין יעצט לאנג פון דעם נישט טראכטען! — האט איהם יואב געענטפערט — זאלען מיר אזוי שנעל פארטיג ווערען מיט אונזערע אויסערליכע שונאים, ווי שנעל מיר וועלען פארטיג ווערען מיט זיי...

— איך וועל זיך דאס נוקם זיין אן צדוק'ן — האט אביתר דער כהן זיך אפגערופען — איך ווייס אז צוליעב זיין חניפה און פאלשקייט האט איהם דוד מעהר מקרב געווען ווי מיר, — און יעצט זוכט ער צו ווערען דער כהן גדול... ווער פון אייך ווייס דאס נישט, אז מיין זוהן יונתן האט אזוי פיעל געטהאן פאר דוד'ן בעת ער איז אנטלאפען פון אבשלום'ן, ווי אחימעץ, צדוק'ס זוהן... און דאך איז צדוק'ן געלונגען מיט זיינע זיסע רייד צו געווינען דעם קעניג'ס הארץ... יעצט איז אחימעץ דערהויבען געווארען... און פאר מיין זוהן איז נאך גארנישט געטהאן געווארען...

— איך וועל שוין זעהן צו בעלוינען יונת'ן, דיין זוהן — האט אדוניה זיך אפגערופען — אבער פאר וואס זאמט ער זיך?

— איך האב איהם אנגעזאגט — האט זיך יואב אפגערופען אויסצוגעפינען אין דער זעלבער צייט וואס עס הערט זיך אין שטאדט און וואס מען רעדט דארטען יעצט אין שטאדט וועגען אונזער פייערונג. און דעריבער נעהמט עס איהם לענגער..

— און מיר שרעקט מיין הארץ! — האט זיך חגית אפגערופען. אפשר האט עפעס מיט איהם פאסירט.. מעגליך אז מען האט זיך דערוואוסט אז יונתן פיהרט די זאלבונג'ס אייל און מען האט איהם פערהאלטען פאר דוד'ן...

— וועגען דעם מעגסטו רוהיג זיין, מיין הארינטע — האט אביתר איהר געענטפערט — מיין זוהן ווייס ווי צו זיין פארזיכטיג...

— מיר דוכט אז איך הער א טומעל און א געשריי פון שאלען! — האט אדוניה זיך אפגערופען.

אלע זיינען טויט שטיל געבליבען. יעדער האט אנגעשטרענגט זיינע אויערן עפעס צו הערען.

— מיר דוכט אז מען שפּיעלט מוזיק און מען זינגט! — האָט איינער זיך אפּגערופען און זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ...

— און איך הער דעם קול פון שופר! — האָט יואב אויסגערופען — וואס זאָל עס בעדייטען?...

— עס בעדייט — האָט זיך חגית אפּגערופען מיט שמחה — אז אביתר'ס זוהן, יונתן, וועט אונז באלד אלעמען איבערראשען מיט א גרויסע ארמעע... איך בין זיכער אז יונתן האָט צונויפגעזאמעלט א גרויסע ארמעע און זיי געזאגט אז אדוניה איז געווארען קעניג! און יעצט קומען עס אלע אן בעגריסען מיין זוהן אלס דעם נייעם קעניג...

— זאָל דיר גאָט אזוי בערוהיגען, מיין הארינטע! — האָט יואב צו איהר געזאגט — ווי דו האָסט אונז בערוהיגט... עס איז קיין צווייפעל נישט אז אזוי האָט טאקע פּאסירט... ווייל יונתן איז טאקע א בן חיל און מען קען זיך אויף איהם פערלאזען. אז ער וועט וויסען ווי אויסצונוצען די געלעגענהייט מיט דער ארמעע... מיר דוכט זיך אז דאס שפּיעלען און שאלען ווערט שטארקער, עס איז א סימן אז זיי דערנעהענטערען זיך צו אונז... יונתן פיהרט זיי אהער...

— אבער מיר שרעקט מיין הארץ — האָט אדוניה זיך אפּגערופען שטילער־הייט צו זיין מוטער — עפּעס גלויבט זיך מיר נישט אז אזוי שנעל זאָל יונתן געלונגען צונויפצוזאמלען אן ארמעע און זיי צו געווינען אויף מיין זייט..

— דו האָסט זיך נישט וואס צו שרעקען מיין קינד, דאס גאנצע פאלק איז מיט דיר — האָט איהם חגית געטרייסט — און איז דיר דען נישט בעוואוסט וואס יונתן האָט אויפגעטהאָן פאר דיין פאטער, ווען ער איז געווען אין גלות... ווער האָט עס דאן נישט בעוואונדערט יונתן'ס פלינקייט... ער טויג זיך צו די זאכען... און איך זאג דיר מיין זוהן, אויב יונתן'ען האָט טאקע געלונגען צונויפ־צוזאמלען אן ארמעע צו העלפען בעפעסטיגען דיין מלוכה, דאן האָט ער זיכער פערדיענט דו זאלסט איהם טאקע מאכען פאר דיין שר צבא... יואב איז שוין צו אלט און ער איז שוין מעהר נישט פעהיג ארויסצואווייזען זיין העלדישקייט אין מלחמה, ווי ער האט עס געטהאָן אין די פריהערדיגע יאהרען.

— אה, מוטער רייד נישט אזוי הויך! — האָט זיך אדוניה צו איהר אפּגע־רופען מיט שרעק — יואב קען דאס נאך דערהערען און דאן...

— דו ביזט דער מלך און דו דארפסט פאר קיינעם קיין מורא נישט האָבען — האָט חגית געזאגט עטוואס שטילער — אין דיין מלוכה דארפסטו אריינברייי־גען בלויז יונגע קרעפטען... איך זאג נישט אז דו זאָלסט יואב'ן אין גאנצען ערוויטערען פון דער ארמעע, אבער אלס הויפּט שר צבא איז ער שוין מעהר נישט פעהיג צו זיין!

— אבער מוטער עס איז נאך צו פריה צו רעדען וועגען דעם! — האָט אדוניה געזאגט מיט זארג — איך וויים נאך אלץ נישט וואס דער טומעל אין דאס שאלען בעדייטען? מיינט עס אז אונזער שמחה וועט פארגרעסערט ווע־רען... אדער וועט פיעלייכט אונזער פרייד צושטערט ווערען...

— נעהם נאך א טרונק וויין מיין זוהן! — האָט חגית אנגעפילט זיין בעכער — טרינק דעם וויין און פערטרייב דעם אומעט פון דיין פנים... דו

דארפסט וויסען אז נישט מיט שרעק און שוואכקייט וועסטו דיין קעניגרייך בעפעסטיגען דו טארסט קיינמאל דיין מוטה פערליערען...

— אבער פארוואס זאמט זיך יונתן אזוי ? — האט אדוניה זיך ווידער אפגערופען — ער ווייס דאך ווי אומגעדולדיג מיר אלע זיינען...

— דאס אליין איז שוין א גוטער סימן ! — האט חגית איהם גיענטפערט — עס נעמט צייט צונויפצושטעלען אן ארמעע... ווען עס וואלט געשעהן עפעס שלעכטעס וואלט שוין יונתן דא לאנג געווען...

יואב האט אויך גלייך בעמערקט דעם בלאסען און צושראקענעם פנים פון אדוניה'ן און ער האט אויסגערופען :

— פילט אן אייערע בעכער מיט וויין און לאמיר אלע ווידער טרינקען פאר דעם געזונט פון דעם נייעם קעניג אדוניה !

די בעכער זיינען באלד אנגעפילט געווארען און אלע געסט האבען זיך אויפגעשטעלט פון זייערע פלעצער, אויפגעהויבען די בעכער מיט זייערע רעכטע הענט און אויסגעשריען :

— לאנג לעבען זאל אונזער נייער קעניג אדוניה !

דאס האט אויף אדוניה'ן געווירקט ווי כשוף... ער איז באלד ווידער פרעהליך געווארען... זיין פנים האט גענומען שטראהלען. ער האט אויפגעהויבען זיין בעכער און אויסגערופען :

— איך זעה אז איהר זייט אלע מיינע געטריינע און איבערגעגעבענע פריינד... איך קען אייך אלעמען פערזיכערען אז קיינער פון אייך וועלכע זיינען אנוועזענד ביי מיין היינטיגער שמחה, וועט נישט געקריוודעט ווערען...

— מיר וועלען דיר זיין געטריי ביז דעם לעצטען פון אונזער לעבען ! — האט איינער פון די געסט אויסגערופען.

— מיר וועלען אונזערע לעבענס אפגעבען פאר דיר און פאר דיין קרוין ! — האבען אנדערע געשריען.

— לאנג לעבען זאל אדוניה, אונזער קעניג ! — האבען זיך געהערט שטימען...

ווען דער עולם האט זיך עטוואס איינגעשטילט, האט ווידער דערגרייכט צו זייערע אויערען דאס שאלען און געשריי פון דערווייטענס...

— מיר דוכט אז איך הער ווי מען שרייט : "לאנג לעבען זאל אונזער נייער קעניג ! — האט אביתר אויסגערופען".

— יע, דאס בעגריסען זיי, אונזער האר, קעניג אדוניה'ן — האט איינער פון די געסט געזאגט — דיין זוהן יונתן האט דאס אויפגעטהאן...

— די ארמעע איז מיט אונז ! — האט חגית אויסגערופען מיט פרייד — זיי קומען העלפען ארויפזוצען מיין זוהן אויף דעם טראהן... יע, איך הער אויך ווי זיי שרייען : "לאנג לעבען זאל אונזער נייער קעניג" ! יעצט וועסטו שוין זיכער מעהר נישט אומעטיג זיין, מיין זוהן !

— ווען אבישג די שונמית וואלט דא יעצט געווען — האט אדוניה געזאגט — דאן וואלט איך שוין נישט געקענט אומעטיג זיין... איך וואלט אלעס אפגעגעבען פאר איהר !

— וואָס רעדסטו, אדוניה, האָט זיך חגית א בייזער געטהאָן אויף איהם — איז יעצט די צייט צו ריידען וועגען דער שונמית!

— איך וואָלט מיין קרוין אפּגעגעבען פאר איהר, די שעהנסטע אין גאַנץ ארץ ישראל! — האָבען אדוניה'ס ליפּען געפּליסטערט.

— דער ווייז רעדט אין דיר, מיין קינד! אבישג איז נישט ווערט די שטויב וואָס איז אונטער דיינע פיס!...

— אח ווי שעהן זיינען דיינע אויגען, אבישג! דיין בליק האָט מיר בע־צויבערט! — האָט אדוניה געדעדט ווי צו זיך...

— הערסטו נישט דעם יובעל פון גאנצען פאָלק ווי זיי שרייען אויס לאַנג לעבען זאָל אונזער נייער קעניג? — האָט חגית געזאָגט צו אדוניה'ן, ניכטער זיך אויס מיין זוהן, דו טראָגסט שוין אויף זיך א גרויסע פעראנטוואָרטליכקייט, דו ביזט דאָך שוין קעניג איבער אלע שבטים! באַלד קומט אָן די גרויסע ארמעע און דו וועסט אנקומען אין ירושלים געקרוינט פאר דעם נייעם קעניג!

— אבער וואו איז אבישג, די שונמית — האָט אדוניה זיך אפּגערופען מיט א האַלב פער'שכור'טע שטימע — זאָל מען איהר גלייך אהער ברייגגען!

— דו וועסט איהר שוין יעצט זיכער קריגען! — האָט חגית איהם געגע־מען בערוהיגען — דו ביזט דאָך קעניג און וואָס קען זיין צו שווער פאר א קעניג!

— יואב! — האָט אדוניה זיך פלוצלונג געווענדעט צו איהם — פאַרוואָס האָסטו אהער נישט געבראַכט אבישג די שונמית?! איך האָב דיר געבעטען אַז דו זאָלסט די שונמית איינלאַדען אהער, צו אונזער מאָלצייט.

— האָב איך דען נישט געטהאָן ווי דו האָסט מיר געבעטען, מיין האר... און איך האָב דיר דאָך אויך געזאָגט אַז אבישג האָט דיין איינלאַדונג ענטזאָגט...

— וואָס טויג מיר די מלוכה, אַז אבישג איז ניטאָ — האָט זיך אדוניה געפּלאָנטערט מיט'ן צונג! די שונמית זאָל דאָ גלייך קומען!

— מיין זוהן! ניכטער זיך אויס! — האָט חגית אריוסגערופען — ער האָט צו־פיעל וויין געטרונקען — האָט זי זיך געווענדעט צו יואב'ן מיט א שמייכעל...

— איך בין נישט שכור! — האָט אדוניה אויסגערופען — איך וויל די שונמית... איך האָב איהר ליעב!

— אביסעל געדולד, מיין האר! די שונמית וועט געהערען צו דיר! — האָט איהם יואב גענומען בערוהיגען. דו דאַרפסט דאָך אבער וויסען אַז יעצט איז נישט די צייט צו ריידען דערפון... מיר וואַרטען אלע מיט גרויס שפּאַנונג און אומגעדולד אויף וויכטיגע נייעס פון יונתן, און דו דאַרפסט זיין געגרייט צו בעגריסען די אַרמעע וואָס יונתן וועט ברייגגען מיט זיך... יעצט איז נישט די צייט צו ריידען וועגען א געליעבטער. — דו ווילסט מיט דיין אויפפיהרונג פער־לירען די מלוכה?

— איך וועל בעסער פערלירען די מלוכה איידער די שונמית! — האָט אדוניה א מאַך געטהאָן מיט דער האַנט.

— ווען דו פערליערסט די מלוכה, דאַן וועסטו זיכער אויך פערליערען די שונמית — אבער ווען דו ביזט קעניג דאַן וועט אבישג געהערען צו דיר!

— איז דען יעצט די צייט צו ריידען וועגען אַזעלכע נאַרישקייטען! — האָט זיך חגית א בייזער געטהאָן אויף אדוניה'ן — אַלע דיינע געסט שטרענגען

אן זייערע אויערען בעסער צו הערען די געשרייען פון דער אנקומענדער ארמיע... אלע זיינען אזוי אומגעדולדיג! און דיר ליגט יעצט אין זינען די שונמית! נאר איך ווייס, מיין זוהן, אז דו האסט איבערגעבאפט אביסעל די מאס, און יואב וועט אויף דיר קיין פאריבעל נישט האבען...

— ער איז נאך יונג און איז נישט געוואהנט קיין סך צו טרינקען... — האט יואב איהר געענטפערט מיט א שמייכעל — אבער איך קען טרינקען נאך אמאל אזוי פיעל און נאך אלץ ניכטער זיין!

— יונתן קומט אן. יונתן קומט אן! — האט אימיצער אויסגערופען.

ארוניה און אלע געסט האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און אנטקעגען געגאנגען יונתז'ען... חגית איז מיט אדוניה'ן מיטגעגאנגען, האלטענדיג איהם אונטער איהר ארעם.

— איך בין ניכטער, מוטער! — האט אדוניה אויסגערופען מיט פרייד — איך בין גליקליך! יונתן קומט אן מיט א פרעהליכע בשורה...— ער האט זיך אפגעטהיילט פון זיין מוטער און צר איז געווען דער ערשטער איהם צו קומען ענטקעגען.

— נו!, מיין פריינד, דו ביזט דאך א בראוועד יונג און דו ברייננסט דאך אלע מאל גוטע בשורות!

— אבער מיין האר! צום בעדויערען האב איך יעצט נישט זעהר קיין פרעהליכע בשורה פאר דיר! — האט יונתן אויסגערופען.

— וואס האט פאסירט? ! וואס האט פאסירט? ! — האט אדוניה אויסגעשריען און האט געגומען ציטערען פון שרעק...

— האט מען דען ביי דיר געפונען דעם קריגעל אייל? — האט יואב זיך אפגערופען א דערשראקענער.

— עס איז נאך ערגער, מיין הארר! דאס ערגסטע איז געקומען! — האט יונתן קוים געקענט אפכאפען דעם אטעם.

— אבער דערצעהל אונז שוין וואס האט פאסירט? ! — איז חגית צו איהם צוגעלאפען, — ווייס דען דוד אז מיר האבען געפלאנעוועט צו זאלבען ארוניה'ן פאר קעניג? !

— עס טהוט מיר זעהר לייד אז איך זאל דארפען ברייננען אזא שלעכטע בשורה! — האט יונתן טרויעריג געזאגט, — אבער דער קעניג דוד האט געמאכט שלמה'ן פאר דעם יורש פון זיין מלוכה!...

— עס קען ניט זיין! — האט חגית אויסגערופען, — ווער האט דיר דערצעהלט אזא אומפערשעהמטע ליגען! מיין זוהן איז דעם קעניג'ס אויסערוועהלטער און נישט שלמה!

— א, ווי שטארק איך וואלט געוואונשען אז מיינע יעצטיגע רייד זאלען נישט ריכטיג זיין, אבער צו מיין גרויסען צער און וועהטאג איז אלעס אמת! דער קעניג דוד האט געשיקט נאך צדוק דעם כהן, נתן דעם נביא, בניהו דעם זוהן פון יהוידע און אויך נאך דעם גאנצען גדוד כרתי און פלתי... ער האט זיי אנגעזאגט זיי זאלען מאכען שלמה'ן רייטען אויף זיין מויל-אייזעל, פיהרען איהם צום טייך גחון און דארט איהם זאלבען פאר קעניג...

— אבער פון וואנען ווייסטו עס אלעס? — האט איהם יואב געפרעגט.

— ווען איך בין געגאנגען אין שטאדט צו נעהמען דעם קריגעל אייל, האב איך פלוצלינג געהערט א טומעל אויפ'ן גאס. איך האב זיך אפגעשטעלט און איך האב גלייך דערקענט די מענשען פון בניהו'ן... זיי זיינען שנעל דורכגעלאפען די גאס און אויסגעשריען: "אויף דעם באפעהל פון אונזער קעניג דוד, ווערט זיין זוהן שלמה געפיהרט צום טייך גחון און דארטען וועט ער געזאלבט ווערען פאר קעניג!"... ווען איך האב דאס דערהערט, בין איך שוין מעהר נישט געגאנגען צו נעהמען דעם קריגעל אייל, נאר איך האב נאכגעפאלגט דעם המון און איך האב מיט מיינע אויגען געזעהן ווי שלמה זיצט אויף דעם קעניג'ס מויל־אייזעל. די מוזיק האט געשפיעלט און אלע האבען אויסגעשריען: "לאנג לעבען זאל אונזער נייער קעניג שלמה!"

— האט שלמה געטראגען דוד'ס קרוין אויף זיין קאפ? — האט יואב איהם א פרעג געטהאן.

— מען האט איהם די קרוין אנגעטהאן נאכדעם ווי מען האט איהם געזאלבט פאר קעניג! — האט יונתן געענטפערט.

— געזאלבט פאר קעניג!! — האט חגית אויסגעשריען, — האסטו אויך בייגעוואהנט ווי מען האט איהם געזאלבט פאר קעניג!

— יא, איך האב אלעס בייגעוואהנט! בייב טייך גחון האבען זיך אלע פערזאמעלט... דער געדראנג איז געווען זעהר גרויס... אלע איינוואהנער פון ירושלים זיינען דארט געווען און צדוק דער כהן האט פאר אלעמען אין די אויגען געזאלבט שלמה'ן פאר קעניג...

— מיר זיינען פארלארען! מיר זיינען פארלארען! — האט אביתר אויסגעשריען.

— האסטו פיעלייכט אויך באמערקט די שונמית — האט אדוניה גענומען ציטערען ווי א בלאט — זאג מיר, איך בעט דיר, האסטו איהר דארטען געזעהן.

— די שונמית ליגט דיר נאך אין זינען! — האט חגית א געשריי געטהאן,

— דיין לעבען איז אין גרויס געפאהר און ער רעדט נאך פון דער שונמית...

—אונזערע אלעמענס לעבענס זיינען אין געפאהר!—האט זיך איינער פון די געסט אפגערופען, — לאמיר געהן אהיים איידער דער נייער קעניג שלמה וועט אויסגעפינען אז מיר זיינען געווען מיט אדוניה'ן...

— האט איהר דען נישט נאר וואס פארשפראכען אפצוגעבען אייערע לעבענס פאר אדוניה'ן, — האט יואב אויסגערופען, — פאר וואס זאלט איהר יעצט ווילען פארלאזען אדוניה'ן און אנטלויפען?

— אדוניה וועט דאך שוין מעהר נישט קענען זיין קעניג! — האט איינער פון די געסט געענטפערט, — טא פאר וואס זאלען מיר איינשטעלען אונזער לעבען פאר איהם...

— איך האב אלע מאל געזאגט אז אדוניה פאסט נישט פאר קיין קעניג!

— האט זיך א צווייטער אפגערופען, — און כאטש שלמה איז אינגער, איז ער אבער קליגער און בעסער פאר אדוניה'ן...

— אבישעל פריהער האסטו דאך געראטהען אדוניה'ן צו טויטען שלמה'ן,

— האט חגית זיך צו איהם אפגערופען מיט כעס, — דו פייגלינג! ווארט מיין זוהן האט נאך נישט פארלארען די מלוכה, ער וועט זיך מיט דיר אפרעכענען...

— זיי בעסער פארזיכטיג אז שלמה זאל זיך מיט דיר נישט אפרעכענען!
— האט ער זיך אפגערופען צו חגית און זיך פאנאדערגעלאכט.

— קומט, מיר האבען דא מעהר נישט וואס צו טהאן! שלמה איז געווארען קעניג, און יעדער איינער וועלכער וועט נאך דא פארבלייבען, וועט פאררעכענט ווערען פאר א פאררעטהער... קומט!...

— איהר האט דאך אבער נאר וואס געשריען "לאנג לעבען זאל אונזער נייער קעניג אדוניה!" — האט יואב זיך צו זיי געווענדעט, — לאמיר בלייבען מיט אדוניה'ן און זיין פעראייניגט געגען דעם זוהן פון בת שבע'ן!

— דו קענסט פארבלייבען מיט אדוניה'ן, און יעדער פון אונז וועט זיך געהן אהיים... אדוניה האט פארלארען די מלוכה און מיר ווילען נישט פאר־לירען אונזערע לעבענס פאר גארנישט.

— פארלאזט נישט מיין זוהן! — איז חגית געווארען היסטעריש, — יואב'ס גבורים זיינען מיט אונז... אדוניה מוז ווערען קעניג! אביתר, זאלב אדוניה'ן פאר קעניג!... וואו איז דער קריגעל אייל?

— הערסטו דען נישט די געשרייען און שאלען פון פאלק! — האט אביתר אויסגערופען, — שלמה איז געזאלבט געווארען קעניג... אבער לאמיר זיי אריבער־שרייען: "לאנג לעבען זאל אדוניה אונזער נייער קעניג"...

קיינער האט אביתר'ן נישט געענטפערט. א טויטע שטילקייט האט גע־הערשט ארום.

— יעדער זאל זיך געהן זיין וועג! — האט איינער פון די פערזאמעלטע אויסגערופען, — אויב אייערע לעבענס און די לעבענס פון אייערע משפחות זיינען אייך טהייער, מוזט איהר גלייך פון דאנען אנטלויפען איידער שלמה'ס אנהענגער וועלען אונז דא טרעפען.

— מיר האבען מעהר קיין חלק נישט אין אדוניה'ן, — האט נאך איינער אויסגערופען, — יעדער זאל געהן אהיים...

— אַ, איך בעט אייך, געהט נישט יעצט אוועק פון דאנען... מיין זוהן אדוניה האט נאך די מלוכה נישט פארלארען... דאס האט די פארפלוכטע בת שבע איבערגערעדט מיט עטליכע פון איהרע פריינד און זיי האבען געזאלבט שלמה'ן אהן דוד'ס צושטימונג... דאס גאנצע פאלק האט ליעב מיין זוהן, און ער וועט ווערען קעניג איבער אלע שבטים.

— אדוניה! וואס שווייגסטו?! רייד צו דיינע פריינד זיי זאלען דיר בליי־בען געטריי! — האט יואב זיך צו איהם אפגערופען, — זיי ווילען דאך אוועק־געהן... זיי, וועלכע האבען נאר וואס געשריען מיט גרוים פרייד און בעגייס־טערונג "אז זייער קעניג אדוניה זאל לאנג לעבען!" ווילען דיך יעצט פארלא־זען... זיי האבען מורא און ציטערן... קום, שריי אויס, פארזיכער זיי אלעמען, די פייגלינגע, אז דו גיסט נישט אויף די מלוכה... זאג זיי אז דו וועסט בעלוינען דעם וועלכער וועט דיר בלייבען געטריי... און וועה וועט זיין צו די יעניגע וועלכע ווילען דיך פערראטהען און אוועקגעהן! פאר וואס שווייגסטו? הויב אויף דיין שטימע און זאלען דיינע ווערטער פאלען ווי שארפע שפיזען אין די אויערען פון דיינע פאלשע פריינד!

אדוניה, וועלכער איז די גאנצע צייט געשטאנען צוטומעלט און צושראקען,

האט געמאכט א באוועגונג פאָרויערטס... זיין פּנים איז נאָך בלאסער געוואָרען און זיינע אויגען האָבען אויסגעדריקט יאוש און מורא...

— איך וויל נישט די מלוכה! — האָט ער אויסגעשריען, — יעדער קען זיך געהן צו שלמה׳ן... איך וועל נישט טראָגען די קרוין... געהט אלע אוועק פון דאַנען!!

— מיין זוהן, וואָס איז מיט דיר! — האָט חגית אויסגערופען מיט שרעק.

— וואָס רעדסטו?! אזוי לאנג ווי יואב און אביתר זיינען מיט דיר, ביזטו געזיכערט מיט דיין קרוין... שטארק זיך, מיין קינד, לאָז זיך נישט אָפּ... דו האָסט מעהר פריינד ווי שלמה!... אלע שבטים זיינען מיט דיר! ווייסטו דען נישט אז יואב איז מעהר בעליעבט ביים פאלק ווי בניהו דער זוהן פון יהוידע! די גאנצע ארמעע איז מיט דעם שר צבא, יואב! דו ביזט דער קעניג! דו דאַרפסט זיך נישט אָפּלאָזען און שרעקען זיך פאר דיינע שונאים.

— איך דארף נישט די מלוכה! איך וויל בלויז קריגען אבישג, די שונמית!

— האָט אדוניה א זאָג געטהאָן, ווען די געסט האָבען אָנגעפאנגען אוועקצוגעהן...

— זאָלען זיי געהן...

— אָ, מיין זוהן, דו ביזט נאָך אלץ באַרוישט פון דעם וויין און דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט, — האָט זי אויסגערופען, און אנגעווענדעט איהרע בליקען אויף יואב׳ן, ווי זי וואָלט איהם געבעטען ער זאָל אָפּהאַלטען די פערזאמעלטע זיי זאָלען זיך נישט צוגעהן...

יואב האָט פארשטאנען וואָס זי מיינט און האָט באלד געמאכט א פאַרצווייפעלטען פארזוך אָפּצוהאלטען די געסט פון צוגעהן זיך. אָבער ער איז נישט געווען ערפאָלגרייך. אלע האָבען זיך אָפּגעקעהרט פון אדוניה׳ן און פון יואב׳ן און זיינען שנעל אוועק צוריק אין ירושלים...

יואב, אביתר, יונתן און חגית זיינען געווען די איינציגע וועלכע זיינען פארבליבען מיט אדוניה׳ן.

חגית האָט מיט איהרע אויגען נאכגעפאלגט ווי די לעצטע געסט, די בעסטע פריינד פון איהר זוהן, פארשווינדען, און זי האָט זיך פאנאנדערגעוויינט.

אדוניה איז געשטאנען באוועגלאָז, זיינע אויגען געווענדעט צו דער ערד. און ווען ער האָט געזעהן אז די לעצטע פריינד׳ האָבען איהם פארלאָזען, האָט ער זיך געווענדעט צו יואב׳ן:

— פארוואָס געהסטו נישט מיט זיי? זעהסטו דען נישט אז מיר האָבען פארלאָרען?!

— ניין, אדוניה! יואב איז נאָך קיינמאָל נישט געווען בעזיעגט... איבער פערציג יאָהר האָב איך געדיענט פאר דיין פאָטער, און קיינמאָל קיין נידערלאגע געליטען... און יעצט אפילו ווען אלע האָבען אונז פארלאָזען, וועל איך אויך נישט צוגעבען אז מיר זיינען בעזיעגט... דו וועסט נאָך טראָגען די קרוין און זיצען אויף דיין פאָטער׳ס טראָהן, אדוניה!

— געבענשט זיי צו גאָט, יואב! — האָט חגית אויסגערופען ערמוטיגט, — דיינען ווערטער האָבען מיך מחיה געווען...

— און וואָס יואב וועט טהאָן וועל איך אויך טהאָן, — האָט אביתר, דער כהן, זיך אָפּגערופען. — איך בין נאָך יעצט גרייט צו דיענען מיין האר אדוניה!

— דו הערסט, מיין קינד, — האָט זיך חגית אָפּגערופען א פרעהליכע, —

די צוויי גרעסטע און וויכטיגסטע מענשען אין ישראל זיינען דיר געבליבען געטריי. זיי וועלען קעמפפען פאר דיין רעכט צו בעשטייגען דיין פאטער'ס טראהן...

— אויב איהר זייט מיינע ריכטיגע פריינד, — האט אדוניה זיך צו זיי געווענדעט, — זעהט זיך צו בעמיהען און צו קריגען פאר מיר אבישג, די שונמית, פאר מיין פרוי... ווען איך וועל אבישג'ן קריגען, דאן וועט מיך נישט קימערען אויב איך וועל פארלירען די מלוכה.

— די שונמית וועסטו נור דאן קענען קריגען פאר זיך ווען דו וועסט ווערען קעניג! — האט יואב צו איהם געזאגט, — אויב דו גיסט אויף דיין האפנונג אויף דער מלוכה דארפסטו אויך אויפגעבען דיין פערלאנג צו קריגען די שונמית פאר דיין פרוי.

— ניין! די שונמית וועל איך קיינמאל נישט אויפגעבען! — האט אדוניה אויסגערופען.

— אזוי דארפסטו אויך ריידען וועגען דער מלוכה — האט חגית געזאגט — דו דארפסט עס טהאן צוליעב מיר, מיין זוהן... וועל איך דען עס קענען אריבער־טראגען ווען איך וועל וויסען אז בת שבע איז די מוטער פון נייעם קעניג און נישט איך! ווייסטו דען נישט ווי גרויס מיין שנאה איז צו איהר?... איך האב די גאנצע צייט געטראכט צו כאפען בת שבע'ן פאר מיין דיענסט, און יעצט אויב דו וועסט זיך אונטערגעבען און איהר זוהן וועט קעניג ווערען, וועט זי דען נישט טהאן דאסזעלבע מיט מיר?...

— אבער, מוטער, זעהסטו דען נישט אז איך האב די מלוכה פארלארען... מיין פאטער האט זיין צושטימונג געגעבען אז מען זאל קרוינען שלמה'ן פאר דעם קעניג.

— דיין פאטער איז אלט און קראנק און איז נישט פעראנטווארטליך פאר זיינע רייד, — האט חגית געזאגט, — איך בין זיכער אז בת שבע האט איהם גענומען איינרייידען און ער איז אלט און זיין פארשטאנד איז שוואך... האט ער געגעבען זיין צושטימונג... אבער דו ביזט דאך בארעכטיגט צו דער מלוכה, ווייל דו ביזט דער עלטערער... און אפילו דיין פאטער קען פון דיר דאס רעכט נישט אוועקנעהמען.

— איך האב א פלאן! — האט יואב זיך אפגערופען — דו וועסט די מלוכה קריגען און טאקע דורך דער שונמית.

— ווי אזוי? — איז אדוניה נייגעריג געווארען.

— דו דארפסט אבער בעשליסען אז די מלוכה געהערט צו דיר, — האט יואב צו איהם געזאגט, — און דערנאך וועל איך דיר העלפען קריגען די שונמית, און דורך איהר וועסטו נישט האבען קיין שוועריגקייטען צו קריגען די מלוכה.

— איך פארשטעה נאך נישט וואס דו מיינסט, — האט אדוניה געפרעגט יואב'ן...

— דו טהו אלעס וואס איך וועל דיר הייסען, און אויב דו וועסט מיר פאל־גען וועסטו שוין זעהן אז איך בין גערעכט.

— וואס זאל איך טהאן יעצט? — האט אדוניה געפרעגט.

— דערווייל מוזטו זעהן מאכען שלום מיט דיין ברודער... זאל ער מיינען

אז דו האָסט אין גאַנצען אויפגעגעבען דעם געדאַנק צו ווערען קעניג... נאכהער וועל איך דיר ראַטהען ווי אזוי דו וועסט קענען קריגען די שונמית פאַר דיין פרוי.

— אָבער גלויבסטו נישט, אז שלמה וועט זיך זוכען מיט אונז אָפּצורעכענען אויב מיר וועלען זיך אונטערגעבען ? — האָט איהם חגית נעפרעגט.

— ער וועט דאָך קיין רעכט נישט האָבען אדוניה'ן צו בעשטראָפען, — האָט יואב איהר געענטפערט, — ווייל ווען דיין זוהן האָט זיך ערקלעהרט פאַר קעניג, איז נאָך דאַן נישט בעוואוסט געוואָרען וועמען דוד האָט אויסערוועהלט צו קעניגען נאָך איהם. און אזוי שנעל ווי עס איז פאַר אלעמען בעוואוסט געוואָרען אז דוד האָט בעשטימט שלמה'ן פאַר קעניג, האָט דאָך זיך אדוניה גלייך אונטערגעגעבען... קען ער דען פאַררעכענט ווערען פאַר א פאַררעטהער ? !

— אָבער ווי אזוי וועל איך זיך קענען צוריקקעהרען אין פּאַלאַץ און אַנ־קוקען בת שבע'ן, — האָט חגית אויסגערופען, — זי וועט יעצט זוכען אַז מיר זיך נוקם צו זיין.

— נישט לאַנג וועסטו דאַרפען ליידען ! — האָט איהר יואב בערוהיגט. דו וועסט יעצט זיין עטוואָס אונטערטהעניג צו איהר, ריידען צו איהר פריינד־ליכע ווערטער, און זי וועט נישט פאַרדעכטיגען אז דיין זוהן האָט דעם גע־דאַנק נישט אויפגעגעבען צו קריגען די מלוכה...

— ווען איך זאָל נאָר זיכער זיין אַז מיין אדוניה וועט ענדליך קעניגען, וואָלט איך זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט, — האָט חגית געזאָגט, — איך וואָלט אפילו זיך גע'חנפ'עט צו דער פערהאַסטער בת שבע... אָבער איך צוויי־פעל זעהר שטאַרק אויב דיר וועט געלינגען עפּעס צו טהאָן פאַר מיין זוהן, נאָכ־דעם ווי ער וועט זיך האָבען אונטערגעגעבען צו שלמה'ן...

— אדוניה האָט גאַרנישט צו פאַרלירען, אָבער אַלעס צו געווינען, — האָט יואב געזאָגט, — ער איז דאָך יעצט אַלץ איינס געצוואונגען זיך אונטער־צוגעבען... קען ער זיך דען ווידערשטעלען געגען שלמה'ן ? אונזערע מענשען זיינען זיך צוגאַנגען... און איידער איך וועל האָבען די מעגליכקייט צוזאַמענצור־שטעלען אַן אַרמעע, וועט דאָך שלמה זוכען זיך אָפּצורעכענען מיט איהם... איז דען נישט בעסער דערווייל זיך אונטערצוגעבען און בסוד אויסאַרבייטען פּלע־נער ווי אזוי צו פערכאַפּען שלמה'ס מלוכה.

— יואב איז גערעכט מיין זוהן, — האָט חגית אויסגערופען, — מיר וועט־לען זיך מוזען יעצט אונטערגעבען... און ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועלען מיר מאַכען אַן אויפשטאַנד געגען שלמה'ן און דו וועסט פאַרכאַפּען די מלוכה... מיר קענען זיך אויף יואב'ן פאַרלאָזען. ער וועט אונז זיכער נישט פאַרפיהרען.

— איך האָב אָבער מורא, אז ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען אין פּאַלאַץ וועט מיר שלמה גלייך טויטען ! — האָט אדוניה זיך אָפּגערופען.

— מיין עצה איז דאַריבער, — האָט איהם יואב געזאָגט, — אז דו זאָלסט געהן צום מזבח און פון דאָרטען נישט אָפּטרעטען ביז וואַנען דו וועסט קריגען א פאַרזיכערונג פון דיין ברודער שלמה, דאָס ער וועט דיר קיין שלעכטעס נישט טהאָן.

— און וואָס זאָל איך טהאָן געגען בת שבע'ן ? — האָט חגית זיך אָפּגע־רופען צו יואב'ן, — ווי אזוי קען איך זיך בעשיצען געגען איהר גיפטיגע שנאה. זי וועט זיך דאָך זיכער וועלען מיט מיר אָפּרעכענען.

— בת שבע וועט דיר קיין שלעכטעס נישט טהאָן! — האָט יואב איהר געענטפערט, — יעצט אז זי איז אזוי גליקליך מיט איהר זוהן, וועט זי אן דיר געוויס פארגעסען, בפרט אז זי האָט נישט קיין אורזאכע זיך אן דיר נוקם צו זיין.

— זי האָט פיעלע אורזאכען! — האָט חגית אויסגערופען מיט שרעק — האָב איך איהר דען נישט דערצאַרענט די גאַנצע צייט? נישט איינמאל האָב איך איהר געזידעלט... יא, איך האָב אפילו געשאָלטען איהר זוהן... און יעצט? וועהר ווייס וואָס זי קען טהאָן צו מיר.

— דו ביזט דאָך דערוויל דוד'ס פרוי! — האָט יואב איהר געענטפערט, — און בת שבע וועט נישט וואגען דיר שלעכטעס צו טהאָן כל זמן דוד לעבט, און נאכהער וועסטו דאָך ווערען די מוטער פון דעם קעניג...

— אָ, יואב, דיינע ווערטער זיינען א דערקוויקונג צו מיין ביטערע הארץ, — האָט חגית געזאָגט, — איך האָב אין דיר געגוג צוטרויען און ווייס אז מען קען זיך פארלאָזען אויף דיינע ווערטער... דו וועסט נישט דערלאָזען אז שלמה זאָל קעניגען און נישט מיין זוהן.

— אויב אדוניה וועט פאָלגען אלעס וואָס איך וועל איהם זאגען, וועט ער נישט נאָר קריגען די שונמית, נאָר אויך די מלוכה... איבערהויפט דאַרף ער נישט פארלירען זיין מוטה... איך און אביתר און מיינע מענשען וועלען איהם בלייבען געטריי.

— אויב שלמה זאָל בלייבען קעניג, דאַן בין איך און מיין זוהן פארלאָרען, — האָט אביתר געזאָגט, — צדוק, וועלכער האָט איהם פאַר קעניג געזאַלבט, וועט ווערען דער כהן גדול, און מיר וועט ער זעהן אין גאנצען צו דערווייטערען פון דער כהונה... אבער ווען אדוניה וועט קעניגען, וועל איך ווערען דער כהן גדול און צדוק מיט זיין זוהן אחימעץ וועל איך פארטרייבען פון דער כהונה.

— אַט דאָס וואָס איך האָב געזאָגט. אויב מיר וועלען זיך האלטען צוזאַמען און נישט אויפגעבען אונזער האָפנונג, וועלען מיר באגליקען. אבער ווי נאָר מיר וועלען זיך נעהמען שרעקען און פארלירען אונזער מוטה, דאַן זיינען מיר אלע פארלאָרען, — האָט יואב געזאָגט, — בניהו וועט זוכען מיר צו ערנידריגען... און צדוק דער כהן וועט אוועקנעהמען פון דיר, אביתר, די כהונה... און שלמה וועט זיך נוקם זיין אַן דיר, אדוניה...

— און בת שבע אַן מיר, — האָט חגית צוגעגעבען.

— אָ, ווען איך זאָל נאָר קריגען אבישג, די שונמית! — האָט אדוניה א זיפץ געטהאָן און האָט א קוק געטהאָן אויף די ליידיגע בענק און אויף די איבערגעבליבענע שפייזען פון גרויסארטיגען מאָלצייט... — אבער אלע מיינע פריינד האָבען מיך פארלאָזען.

— א ווייילע פריהער איז דאָ אזוי פרעהליך געוועזן, — האָט חגית טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט איהר קאָפּ, — און איצט איז דאָ שטיל, פוסט... זיי האָבען אפילו נישט געענדיגט עסען און זיינען זיך צולאָפען... די שרעקענדיגע האָזען... קיינעם פון זיי זאָלסטו קיין אמט נישט געבען אין דיין רעגירונג, דו הערסט, אדוניה?!

—"מיר וועלען דיר זיין געטרייע ביז דעם לעצטען טאָג פון אונזער לע־בען"! — האָבען "מיינע פריינד" עטוואס פריהער אויסגעשריען, — האָט

אדוניה ווי צו זיך געמורמעלט, — און יעצט, האבען זיי מיר געוויזען ווי אומגעטריי זיי זיינען מיר געווען!...

— זארג נישט, אדוניה, זיי וועלען אלע בעצאהלען פאר זייער אונטרייהיייט צו דיר, —האט יואב געדריקט מיט זיין פויסט, — יעצט קענען מיר דא מעהר נישט פארבלייבען... דו געה צום מזבח ווי איך האב דיר געזאגט, און דו, חגית, קעהר זיך אום צוריק אין פאלאץ. און איך און אביתר, וועלען זעהן וואס מיר האבען צו טהאן...

## פינפטער קאפיטעל

# די פערשווערונג

מיט גרויס פאראד און פייערונג האט זיך דער יונגער קעניג, שלמה, צו־ריקגעקעהרט אין ירושלים... טויזענדע מענשען פון ירושלים און ארום האבען געמארשירט און באגלייט שלמה'ן און זיינע מענשען, מיט שאלען און געשרייען פון יובעל און פרייד.

שלמה האט געריטען אויף זיין פאטער'ס מויל־אייזעל, די קעניגליכע קרוין אויף זיין קאפ.. זיין פנים האט געשיינט און געלויכטען פון גליק... ער האט געווארפען זיינע מילדע בליקען צום בעגייסטערטען המון, און מיט א ליעבלי־כען שמייכעל געענטפערט אויף זייערע ווארעמע באגריסונגען.

יעדעס מאל ווען דער מארש האט זיך אפגעשטעלט, איז אבישג, די שונמית, צוזאמען מיט די יונגע מיידלעך, זיך געשטעלט פאראויס. די מיידלעך האבען געמאכט א צירקעל און אבישג האט געטאנצט און געזונגען, און די מיידלעך האבען איהר צוגעהאלפען...

שלמה האט פון אבישג'ן זיינע אויגען נישט ארונטערגענומען. ווי וואונדער־שעהן זי איז... יעדער גליעד אין איהר איז געטאקט.. ווי גראציעזן זי באוועגט איהרע פיס... און ווי זיס איהר שטימע קלינגט... ער באמערקט די גליהענדע פרייד וואס עס איז אויסגעגאסען אויף איהר פנים... די פונקען פייער וואס שפריצען פון איהרע שטראהלענדע אויגען...

— דו ווייסט, מיין האר קעניג, — האט נתן דער נביא ארייגערוימט שלמה'ן אין אויער — די שונמית האט די מלוכה פאר דיר גערעטעט...

שלמה האט איהם אנגעקוקט מיט פערוואונדערונג.

— זי האט געוואוסט אז דיין ברודער אדוניה זוכט צו פארכאפען די מלוכה... יואב האט איהר איינגעלאדען צו דעם מאלצייט וואס אדוניה האט געפייערט היינט אין דער פריה... זי האט זיך ענטזאגט צו קומען, האט ער איהר געגעבען אנצוהערעניש אז אדוניה וועט דארטען געזאלבט ווערען פאר קעניג... אבישג האט קיין רגע נישט פארלארען און זי האט מיר אלעס איבערגעגעבען, און היינט פארטאג האב איך טאקע באמערקט ווי יואב, אביתר און נאך פיעלע פריינד מארשירען צוזאמען מיט אדוניה'ן... האב איך געזעהן אז די שונמית איז גערעכט... און איך האב זיך גלייך געזעהן מיט דיין מוטער און איהר גע־הייסען איבערגעבען דעם קעניג וועגען אדוניה'ן... ווען דיין פאטער האט עס דערהערט, האט ער גלייך באפוילען דיך צו זאלבען פאר קעניג.. יעצט זעהסטו, ווען נישט אבישג'ס געטרייהייט צו דיר וואלטען מיר גארנישט אויסגעפונען

וועגען אדוניה׳ן ביז וואנען עס וואלט שוין געווען נאך אלעמען... יא, דו דארפסט איהר דאנקבאר זיין.

שלמה האט נאך אמאל געווארפען זיין בליק אויף אבישג׳ן און זיך שטי־לערהייט אפגערופען צו דעם נביא:

— איהר באלוינונג וועט זעהר גרויס זיין... איך וועל איהר חסד און טובה קיינמאל נישט פארגעסען...

ווען זיי זיינען שוין געווען נאהענט פון פאלאץ, זיינען פלוצלינג צוגעקומען צו שלמה׳ן צוויי מענשען און האבען זיך פארנייגט.

— לאנג לעבען זאל אונזער האר קעניג! — האבען זיי אויסגעשריען, און געפאלען מיט זייערע פנים׳ער צו דער ערד.

— זייט איהר דען נישט פריהער געגאנגען צו אדוניה׳ן, — האט בניהו, דער זוהן פון יהוידע, אויסגערופען צו זיי.

— יא, מיין האר! — האבען זיי געענטפערט.

— אויב אזוי טא וואס טהוט איהר דא?! ווילט איהר שפיאנירען פאר אדוניה׳ן? — האט בניהו זיך אפגערופען מיט כעס.

— א, ניין! — האט זיך איינער פון די צוויי אפגערופען, און האט זיך גענומען טרייסלען פון שרעק — ווען מיר זיינען איינגעלאדען געווארען צו בע־טייליגען זיך אין אדוניה׳ס פייערונג, האבען מיר געגלויבט אז דאס איז געטהאן געווארען מיט דער צושטימונג פון אונזער בעליעבטען קעניג דוד... אז עס איז זיין וואונש, אז אדוניה זאל קעניגען... אבער אזוי גלייך ווי מיר האבען אויס־געפונען אז דאס וואס אדוניה וויל זיך פאר קעניג ערקלעהרען איז געגען דעם וואונש פון אונזער קעניג דוד, און ווי נאר מיר האבען געהערט אז אונזער האר שלמה איז בעשטימט געווארען צו ווערען קעניג, האבען מיר גלייך פארלאזען אדוניה׳ן מיט יואב׳ן. און נישט נאר האבען מירביידע עס געטהאן, נאר צוזא־מען מיט אונז האבען אלע איבריגע געסט גלייך פארלאזען אדוניה׳ן... פיער הונדערט געסט זיינען געווען פערזאמעלט ביי דעם אבן הזוחלת... און גלייך ווי עס האט דערגרייכט אונזערע אויערען אז אונזער האר שלמה איז געזאלבט געווארען, האבען מיר אלע מיט אמאל פארלאזען אדוניה׳ן און געקומען בעטען אז דער האר קעניג שלמה זאל אונז מוחל זיין, ווייל מען האט אונז פארפיהרט. מיר ביידע זיינען אויסגעקליבען געווארען פון אלע געסט, און אין זייער נאמען בעטען מיר אז דער קעניג זאל אונז ערלויבען צו שווערען טרייהייט און איבער־געבענהייט צו אונזער בעליעבטען קעניג שלמה.

— וואו זיינען די איבעריגע אנהענגער פון אדוניה׳ן? — האט אביתר שטרענג א פרעג געטהאן.

— קיינער פון אונז פערדיענט נישט גערופען צו ווערען אן ״אנהענגער״ פון אדוניה׳ן — האט איינער פון די צוויי געזאגט — מיר זיינען אנהענגער פון אונזער עליעבטער קעניג דוד, און וועמען ער האט אויסגעקליבען צו זיין דער נאכפאלגער פון זיין קרוין, יענעם׳ס אנהענגער וועלען מיר פערבלייבען ביז עוויג!...

— אויב איהר זייט אלע געגרייט צו שווערען טרייהייט צו אונזער קעניג שלמה, — האט בניהו געזאגט — וועט אייך דער קעניג מוחל זיין... אבער ווען עס זאל אויף אימיצען פון אייך פאלען דער מינדסטער חשד, וועט יענער זיין

לעבען פערשפּיעלען !... יעצט קענט איהר זאגען אלע אייערע איבעריגע פריינד, זיי זאָלען צוקוקען און געבען זייער שבועה פון טרייהייט צו דעם נייעם קעניג שלמה !

די צוויי פאָרשטעהער האָבען זיך פערנייגט און באלד זיינען אלע פיער הונדערט געסט געשטאַנען בעפאר דעם קעניג מיט געבויגענע קעפּ.

צדוק דער כהן האָט זיי געהייסען אויפהויבען די רעכטע הענט און זיך אפּגערופען :

— אין דעם נאָמען פון גאָט פון ישראל, און אין דעם נאָמען פון דוד'ן זיין קנעכט, זייט איהר אלע געשוואָרען צו בלייבען טרייע דינער צו דעם יורש פון דוד'ס טראָהן, שלמה המלך. און פערפלוכט זאָל זיין יענער וועלכער וועט דיזע שבועה ברעכען אין טהאט אדער אין זיין מחשבה...

— אמן ! — האָבן די פיער הונדערט געסט אויסגערופען. און זיי האָבען זיך פערנויגט פאר שלמה'ן, פאַלענדיג אויף זייערע פּנים'ער צו דער ערד.

— שלום וועט זיין צו אייך אלעמען — האָט בניהו אויסגערופען ווען זיי האָבען זיך אויפגעהויבען פון דער ערד.

— לאנג לעבען זאָל אונזער קעניג שלמה ! — האָבען די פיער הונדערט שטימען א דונער געטהאָן !

באלד האָט דאָס גאנצע פאָלק וואָס האָט זיך געהאט פערזאַמעלט ארום שלמה'ן נעבען פּאַלאַץ, ווידערהאַלט :

לאנג לעבען זאל אונזער קעניג שלמה !

די מוזיק האָט גענומען שפּיעלען, די כהנים און לויים האָבען גענומען זינ־גען אבישג די שונמית מיט אלע איבעריגע יונגע מיידלעך האָבען געטאַנצט מיט גרויס בעגייסטערונג און התלהבות...

ווען דוד האָט דערהערט דאָס שאַלען און געשרייען, האָט ער זיך געשטאַרקט, זיך אויפגעהויבען פון בעט און ארויסגעקוקט דורך'ן פענסטער...

א רויטקייט האָט בעדעקט זיין בלאַסען צוקנייטשטען פּנים... זיינע אויגען האָבען אויפגעלויכטען און א פרייד האָט איהם דורכגענומען.

שלמה האָט ארויפגעקוקט צו זיין פאָטער'ס פענסטער און זייערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט...

גלייך איז שלמה ארונטער פון דעם מויל אייזעל און זיך געלאָזט געהן מיט שנעלע טריט צום ארייננאנג פון פּאַלאַץ...

אלע זיינען געבליבען שטעהן ערשטוינט און פערוואונדערט... דער נייער קעניג האָט אלעמען איבערגעלאָזען... א שטילקייט האָט געהערשט ארום... דער גאַנצער המון איז געבליבען שטעהן בעוועגלאָז און מיט פערגאַפטע אויגען געקוקט אויבען.. באלד האָבען זיי דערזעהן דורך'ן פענסטער ווי שלמה נעהמט ארום זיין פאָטער... ער האַלדזט איהם און קושט איהם... דער אלטער קעניג דוד מיט דעם יונגען קעניג שלמה זיינען אזוי געווען איינגעפלאָכטען איינער אין צווייטען א היבשע ווייל, בלויז זייערע אויגען און הערצער האָבען גערעדט...

— מיין זוהן ! — האָט דוד אויסגערופען, נאָכדעם ווי ער האָט זיינע הענט צוריקגעצויגען פון אומאַרמען איהם — געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט מיר געלאָזט לעבען ביז דיזער צייט, און מיר מזכה געווען צו זעהן מיט מיינע

אויגען ווי מיין זוהן טראָגט מיין קרוין... יעצט וועל איך קענען רוהיג שטאַרבען...
איך ווייס אַז דער גורל פון מיין פאָלק וועט בלייבען אין זיכערע הענט... און דער
צוקונפט פון מיין קעניגרייך איז בעפעסטיגט...

— פאַטער! — האָט שלמה אויסגערופען — זאָל דיר גאָט שטאַרקען און
קרעפטיגען און זאָל דיר אונזער פאַטער אין הימעל שענקען נאָך פיעלע יאָהרען
פון גליק און פרייד!

— איך האָב שוין דערגרייכט דעם העכסטען גליק פון מיין לעבען! יעצט
איז מיין וואונש אַז גאָט זאָל זיין מיט דיר און דיר געבען די מאַכט צו הערשען
מיט גערעכטיגקייט. און זאָל דיר גאָט בעשענקען מיט שכל און פערשטאַנד, דו
זאָלסט ברייגנען גליק און צופריעדענהייט צום גאַנצען פאָלק ישראל.

שלמה האָט נאָך אַמאָל ארומגענומען זיין פאַטער און איהם געהאַלדזט און
געקושט...

— גרויס איז דיין גנאָדע צו מיר, מיין ליעבער פאַטער — האָט ער אויס־
גערופען — איך וועל זיך בעמיהען ווערטה צו זיין דעם חסד וואָס דו טוסט מיט
מיר, ווען דו האָסט מיר אויסדערוועהלט צו טראָגען דיין קרוין...

— וואו איז אדוניה? — האָט דוד פּלוצלונג אַ פרעג געטהאָן — האָט
ער זיך שוין ארומגעזעהן אַז ער האָט זיך נאַריש געמאַכט? איך פערשטעה אַז
ער איז פערפיהרט געוואָרען פון יואב'ן... און דו מיין זוהן ווען דו וועסט זעהן
אַז ער האָט חרטה מיט'ן גאַנצען הארצען, וועסטו איהם געוויס מוחל זיין און
קיין שלעכטעס נישט טהאָן...

— געוויס, פאַטער! — האָט שלמה געענטפערט — אויב ער וועט זיך
בערוהיגען און נישט אונטערהאַלטען קיין שלעכטע געדאַנקען וועגען מיר, דאַן
וועל איך איהם נישט נאָר מוחל זיין, אָבער איך וועל איהם געבען אַ פּאַסיגען
אַמט אין דער מלוכה...

— זאָל מען רופען אהער חגית'ן, די מוטער פון אדוניה — האָט דוד
בעפוילען.

באַלד איז חגית געקומען און זיך פערנייגט פאַר דוד'ן און שלמה'ן. איהר
פּנים איז געוועזן בלאַס און איהרע אויגען צושראָקען...

— מיין האַר קעניג וועט מיר און מיין זוהן, אדוניה'ן, מוחל זיין — האָט
חגית אויסגערופען מיט אַ ציטערענדע שטימע — מיר האָבען געמאַכט אַ טעות...
דעם קעניג'ס בעשלוס איז אונז נאָך דאַן נישט בעוואוסט געוואָרען...

— קיין שלעכטעס וועט אייך ביידען נישט געשעהן! — האָט דוד געזאָגט —
אָבער וואו איז אדוניה, דיין זוהן?

— מיין זוהן... ער איז... איך בעט דיר מיין קעניג! — האָט חגית געגומען
שטאַמלען — ער איז נישט שולדיג... ער איז זעהר צושראָקען... ער געפינט זיך
יעצט ביים מזבח... ער האָט מורא פאַר דעם קעניג שלמה...

דוד האָט אַנגעזאָגט איינעם פון זיינע לייב־וועכטער געהן צום מזבח און
הייסען אדוניה'ן קומען אין פּאַלאַץ אין נאָמען פון דוד'ן און שלמה'ן.

דער שליח איז גלייך אַוועק צום מזבח און געטראָפען אדוניה'ן זיך אַנהאַל־
טענדיג אין די "הערנער" פון מזבח.

— אין דעם נאָמען פון קעניג דוד און זיין זוהן שלמה, דער יונגער קעניג

ביזטו אויפגעפאָדערט באַלד צו קומען אין קעניגליכען פּאַלאַץ. — האָט דער שליח געזאָגט צו אדוניה'ן.

— איך וועל פון דאַנען נישט אָפּטרעטען, ביז וואַנען דער קעניג שלמה וועט מיר צו שווערען אַז ער וועט מיר נישט טוידטען! — האָט אדוניה דעם שליח געענטפערט און זיך נאָך פעסטער צוגעהאַלטען ביי די "הערנער"...

דער שליח האָט זיך באַלד צוריקגעקעהרט און געבראַכט צו דוד'ן און שלמה'ן אדוניה'ס ענטפער.

— געה זאָג איהם — האָט שלמה זיך אָפּגערופען — אויב ער וועט זיין אַן עהרליכער מאַן, און נישט טראַכטען פון אַן אויפשטאַנד, וועט איהם קיין שלעכטעס נישט געשעהן... יע, קיין האָר וועט נישט פאַלען פון זיין קאָפּ... ער זאָל נור זיין בראַוו און אויפריכטיג.

דער שליח איז ווידער אַוועק צו אדוניה'ן און איהם איבערגעגעבען שלמה'ס רייד...

אדוניה איז גלייך אַוועק אין פּאַלאַץ... ער האָט בעמערקט דעם גרויסען המון וואָס האָט זיך פערזאַמעלט אַרום פּאַלאַץ... ער האָט געזעהן ווי די פרעהליכקייט און צופריעדענהייט איז אויסגעגאָסען אויף יעדענס פּנים... צו זייגע אויערען האָבען זיך דערטראָגען פערשיעדענע לויב געזאַנגען צום נייעם קעניג... ער האָט באַלד בעמערקט די טאַנצענדע מיידלעך און גלייך זיינען זיינע בליקען געפאַלען אויף דער שונמית וועלכע האָט געטאַנצט אין מיט'ן צירקול מיט צוויי צימבאַלען אין איהרע הענט... זיין האַרץ האָט אין איהם פערקלעמט... ער האָט צוזאַמענגעדריקט זיינע פויסטען... אין האַרצען האָט ער געשאָלטען זיין פאָטער און ברודער.. "איך בין נאָך מיט שלמה'ן נישט פאַרטיג!" — האָט ער זיך געטראַכט — נקמה וועל איך פון איהם נעמען.

א דערשלאָגענער און פערטרויערטער איז ער אריין אין פּאַלאַץ. מיט לאַנגזאַמע און שווערע טריט איז ער צוגעגאַנגען צו דעם צימער פון דוד...

מען האָט באַלד געמאָלדען דוד'ן אַז אדוניה איז געקומען און דוד האָט איהם געהייסען אריינקומען.

אדוניה איז אריין און האָט זיך פערנייגט פאַר זיין פאָטער און ברודער:

— פריעדען צו דיר, מיין ברודער, דער קעניג פון ישראל! — האָט ער אויסגערופען — און פרידען אויך צו דיר מיין פאָטער — האָט ער זיך געווענדט צו דוד'ן.

— מיין זוהן! — האָט זיך דוד צו איהם אָפּגערופען — עס איז געווען דער ווילען פון גאָט און אויך מיין וואונש אַז דיין ברודער שלמה זאָל קעניגען נאָך מיר... איך האָב שלמה'ן איבערגעגעבען די מלוכה... ער איז שוין געזאַלבט פאַר קעניג... שלמה איז גוטהערציג האָט ליעב גערעכטיגקייט... ער איז ווילינג צו פערגעסען דאָס וואָס איז פאָרגעקומען ביז יעצט... ער וועט לעבען מיט דיר בשלום... אָבער דו דאַרפסט זעהן אַרויסצושלאָגען פון דיין קאָפּ די פערפיהרערישע מחשבות.... דו דאַרפסט ביי זיך באַשליסען זיך אונטערצוואַרפען שלמה'ס הערשאַפט און זיין ווירדיג... איהם ליעב האָבען און זיין צו איהם איבערגעגעבען. דאַן וועט דיר זיין גוט... שלמה דיין ברודער, וועט מיט דיר טהאָן

חסד, ווען ער וועט זעהן אז דו ביזט ערנסט און דיינע וועגען זיינען רעכטפאר־טיג... פערשפרעכסטו מיר מיין זוהן ?...

אדוניה איז געבליבען שטעהן א ווײלע ווי צוטומעלט... ער האט א בליק געטהאן אויף דוד'ן, און א כעס האט אין איהם געברענט אויף זיין אלטען פא־טער... ער איז אזוי געווען זיכער אז זיין פאטער וועט איהם איבערגעבען די מלוכה... איז ער דען נישט געווען בערעכטיגט דערצו ?... האט דען זיין פאטער נישט געוואוסט, אז ער פיהרט זיך אויף ווי דער קרוין־פרינץ, און האט איהם נישט געשטערט.. א ווי שטארק איז זיין פערביטערונג געגען זיין פאטער... ער האט זיינע בליקען אנגעווענדעט אויף זיין ברודער... אט זעהט ער איהם, שלמה'ן, וועמען ער האט אזוי פיעל געהאסט... טראגט שוין די קרוין אויף זיין קאפ... ער איז שוין קעניג... זיין אייגענער ברודער איז הערשער און ער דארף אזוי שטעהן אונטערטעניג פאר איהם.. זיין שנאה האט אין איהם געברענט... א ווען ער קען נאר נקמה נעמען ! האט ער געטראכט...

— אדוניה ! — האט דוד אונטערבראכען זיינע געדאנקען — דו האסט מיר נאך דיין תשובה נישט געגעבען...

— דארף איך דיר דען פערזיכערען, מיין ליעבער פאטער, האט אדוניה געזאגט מיט חניפה — אז דיין ווארט איז ביי מיר הייליג ?!... און ווען עס איז דיין וואונש געווען אז מיין ברודער זאל קעניגען, בין איך צופריעדען... און פון דער טיפענים פון מיין הארצען ווינש איך מיין ברודער גליק... און איך זאג דיר צו, ליעבער פאטער, אז מיט מיין גאנצען לייב און לעבען וועל איך דיענען דעם קעניג שלמה !...

— איך בין זיכער אז דו וועסט האלטען ווארט ! — האט דוד אויסגערופען — און שלמה וועט לעבען מיט דיר בשלום...

— אויב אדוניה וועט האלטען ווארט, וועל איך געוויס מיין פערזיכערינג האלטען, אז קיין שלעכטעס זאל צו איהם נישט געטהאן ווערען, נישט ענדערען! — האט שלמה געזאגט — אבער ווי נאר איך וועל אויסגעפינען אז ער זוכט מיר שאדען צו טהאן, דאן וועט זיין בלוט פאלען אויף זיין קאפ...

— יעצט זעהסטו מיין זוהן, אז דיין גליק און לעבען ליגט אין דיינע הענט... זעה דו זאלסט זיי גוט אפהיטען...

אדוניה האט זיך נאך אמאל פערנייגט :

— איך וועל זעהן צו געווינען דעם צוטרויען פון דעם נייעם קעניג !

— יעצט קענסטו געהן מיט שלום ! — האט שלמה געזאגט — קיינער וועט דיר קיין בייז נישט טהאן...

— איך דאנק דיר, מיין האר קעניג ! האט אדוניה אויסגערופען און ארויס פון דוד'ס צימער.

אדוניה איז גלייך אוועק צו זיין מוטער, און ווען זי האט פערשלאפען די טיהר, האט ער זיך פאנאנדערגעווײנט...

— בערוהיג זיך, מיין זוהן — האט חגית געווישט איהרע טרעהרען — גיעב נישט אויף דיין האפנונג... זאג מיר וואס האט דער פאטער מיט דיר גערעדט ?

— ער האט מיר געשאטען זאלץ אויף מיינע וואונדען ! — האט אדוניה

געכליפּעט — ער האָט מיר געהייסען פערשפּרעכען איך זאָל זיין געטריי שלמה'ן... איך זאָל זיך אונטערוואַרפען זיין הערשאַפט, און קיין שלעכטעס נישט טראַכטען פון שלמה'ן... אַ ווי גרויס מיין צאָרן איז געווען אויף מיין פאָטער!!— האָט אדוניה געקריצט מיט זיינע צייהנער... נישט גענוג וואָס ער האָט מיר בעצ־רויבט פון דער מלוכה, און זי אָפּגעגעבען צו מיין אינגערען ברודער, האָט ער נאָך פערלאַנגט איך זאָל איהם פערשפּרעכען ליעב צו האָבען מיין פערהאַסטען ברודער...

— נו, דאָס דאַרפסטו זיך גראָדע נישט נעהמען צום האַרצען — האָט איהם חגית געטרייסט — דו האָסט דאָך איהם געקענט אַלעס צוזאָגען... דערווייל וועסטו אַרונטער־נעמען פון דיר יעדען פערדאַכט... און ביי דער ערשטער געלעג־ענהייט וועסטו אַראָפּוואַרפען דיין ברודער'ס יאָך פון זיך... און איך בין זיכער אז עס וועט לאַנג נישט נעהמען... און די קרוין וועט איבערגעהן צו דיר... דאַן וועט שלמה זיין אין דער זעלבער לאַגע אין וואָס דו ביזט יעצט...

— אַ ווי זיס וואָלט מיר געווען די נקמה אין שלמה'ן! — האָט אדוניה אויסגערופען.

— נישט אַזוי הויך! מיין זוהן! האָט חגית צוגעלעגט איהר האַנט צו זיין מויל — ווענט האָבען אויערען! — עס קען נאָך אימיצער דערהערען און דאַן זיינען מיר ביידע פערלאָרענע!...

— ער האָט מיר געוואָרענט! — האָט אדוניה געזאָגט עטוואָס נידעריגער — אז אויב איך וויל איהם זוכען שאַדען צו טהאָן, דאַן וועט מיין בלוט פאַלען אויף מיין קאָפּ...

— מיר וועלען זיך דאַרפען זעהר גוט אָפּהיטען... איך וועל זיך נאָך היינט אין אָבענט דורכריידען מיט יואב'ן... און ער וועט מיר געוויס זאָגען וואָס צו טהאָן און ווי אַזוי ווייטער צו האַנדלען. פערשטעהסטו מיר, ווי יואב זאָל ניט זיין געפאַלען אין זיין פאָטער'ס אויגען, האָט ער דאָך פאַר איהם מורא... ער ווייס ווי שטאַרק בעליעבט יואב איז ביים פאָלק... און ער וועט איהם נישט וואַגען צו טהאָן קיין שלעכטעס... אָבער דו דאַרפסט דערווייל אַרויסווייזען דיין אונטערטעניגקייט. — קיינער וועט דיר נישט טאָרען אַפילו פערדעכטיגען אז דו זעהסט זיך מיט יואב'ן... איך וועל שוין זעהן אָפּצומאַכען מיט איהם ווי אַזוי ער זאָל זיך מיט דיר זעהן אין געהיים... און ווען דו וועסט זיך מיט איהם זעהן וועסטו אויסגעפינען אַלע זיינע פּלענער... עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל נישט אז שלמה וועט בעשטימען בניהו'ן פאַר דעם שר צבא אַנשטאָט יואב'ן אָבער דערווייל איז נאָך די הויפּט אַרמעע אין יואב'ס הענט... און ער קען אַ כּך אויפטהאָן מיט זיינע סאָלדאַטען...

— דו ווייסט מוטער, ווען איך זאָל וויסען אז איך קען קריגען די שונמית פאַר מיין פרוי, נישט מאַכענדיג קיין פערזוך צו פערכאַפּען שלמה'ס מלוכה, וואָלט איך אין גאַנצען אויפגעגעבען דעם פּלאַן וועגען אויפשטאַנד... זאָל זיך שלמה האַלטען מיט דער קרוין און איך — מיט אבישג'ן...

— איך בעט דיר מיין זוהן דו זאָלסט אויפהערען צו ריידען וועגען דער שונמית אַזוי... אבישג דאַרף בלויז זיין איינע פון די מיטלען צו דערגרייכען דיין ציעל... דורך איהר, אויב דו וועסט איהר קריגען, וועלען דיינע פּרעטענזיעס צו

דער מלוכה ווערען שטארקער נאך דיין פאטער'ס טויט... באטש דיין פאטער האט מיט דער שונמית נישט געהייראט, ווערט זי דאך פעררעכענט ביים פאלק אלס דעם קעניג'ס אייגענטהום... און דער וועלכער וועט מיט איהר הייראטען, וועט זיין מעהר בערעכטיגט צו דער קרוין... און אויב אזוי דארפסטו קלערען וועגען דער שונמית בלויז אין צוזאמענהאנג מיט דער קרוין... יואב האט אויס־געארבייט זעהר א גוטען פלאן ווי אזוי דו זאלסט קריגען די קרוין צוזאמען מיט אבישג די שונמית און דארפסט זעהן מיט אלע דיינע מעגליכקייטען איהם ארויסצוהעלפען... דו טארסט זיך אויף א רגע נישט אפלאזען...

— דאס פייער פון נקמה ברענט זעהר שטארק אין מיין הארצען — האט אדוניה געזאגט צו זיין מוטער... איך וואלט איינגעגאנגען אויף אלעס, איך זאל זיך קענען נוקם זיין אן שלמה'ן... אבער איך האב מורא אז איך וועל נאך אין גאנצען פערלירען די שונמית, און דאס אליין האלט מיר אפ...

— האסטו דען נישט געהערט וואס יואב האט דיר געזאגט — האט חגית איהם געענטפערט — אז די שונמית וועסטו נור דאן קענען קריגען ווען דו וועסט ווערען קעניג, און אויב דו גיסט אויף דיין האפענונג אויף דער מלוכה דאז דארפסטו אויך אויפגעבען דיין פערלאנג צו קריגען אבישג'ן פאר דיין פרוי...

— אבער עס איז מעגליך, אז ווען איך וועל צייגען שלמה'ן מיין אונטער־טעניגקייט, וועט ער מיר דאן פיעלייכט ערלויבען צו נעהמען די שונמית פאר מיין פרוי...

— איך צווייפעל אויב שלמה וועט עס וועלען טהאן פאר דיר און א חוץ דעם, בין איך איבערצייגט אז אבישג אליין וועט נישט איינוויליגען צו ווערען דיין פרוי, ווען זי וועט וויסען אז דו האסט קיינע שאנסען צו ווערען קעניג... פארגעס ניט אז אבישג האט זיך שוין צוגעוואוינט צום לעבען פון פאלאץ... און זי וועט קיינמאל נישט וועלען איינשטימען צו ווערען די פרוי פון איינעם וועל־כער האט קיינע אויסזיכטען אויף דער קרוין...

— ווען איך זאל בלויז וויסען יואב'ס פלענער, וואלט איך געקענט או־טהיילען אויב עס לוינט זיך צו ריזיקירען — האט אדוניה געזאגט צו זיין מוטער — נאך אלעמען זוכט דאך יואב מעהר זיין אייגענע טובה ווי מיינע... ער ווייס אז מיט שלמה'ס קעניגין פערליערט ער זיין הויכען אמט אלס הויפט שר צבא — און ווען איהם וועט געלינגען מיר צו מאכען פאר קעניג, דאן וועט ער נאך העכער שטייגען... אבער וואס וועל איך טאהן אז שלמה וועט זיך ארומזעהן אז יואב ברייננגט גרויסע נוצען צו דער ארמעע, און וועט איהם לאזען בלייבען אויף זיין שטעלע... דאן וועל איך דאך זיין א פערלארענער...

— דו קענסט נאך נישט יואב'ן זעהר גוט! — האט חגית געזאגט — ער האט דיר ליעב און ער וויל דיר זעהן אויף דעם טראהן... שלמה'ן האט ער אבער זעהר פיינט, און ווען אפילו שלמה זאל זוכען איהם מקרב צו זיין וועט ער זיין מיינונג נישט בייטען... און איך בין איבערצייגט אז יואב וועט זיין ערפאלגרייך אין זיין אונטערנעהמונג.

— איך האב אבער פערשפראכען מיין פאטער צו בלייבען געטריי צו מיין ברודער — האט אדוניה געזאגט — און איך האב מורא אז מיר וועלען דורכפא־לען און דאן וועל איך נאך ערגער מאכען...

— דיין פאטער'ס טעג זיינען געצעהלטע... — האט חגית איהם געענט־פערט — כל זמן ער לעבט — וועלען מיר נישט דורכפיהרען אונזער פערשווע־רונג... דערוויילע וועט יואב בלויז צוגרייטען אלעס, און גלייך ווי דיין פאטער וועט שטארבען, וועלען מיר שוין זעהן אז שלמה זאל איהם נאכפאלגען... אבער דו, מיין זוהן, דארפסט ביי זיך נישט זיין געפאלען... זיי בראוו און פערליער נישט דיין מוטה, און איך בין זיכער אז דו וועסט נאך די קרוין טראגען... איך וועל זיין די מוטער פון דעם קעניג פון ישראל!...

---

שלמה איז געזעסען אויף דוד'ס טראהן, און כאטש ער איז נאך גאנץ יונג געווען, האט ער אבער גלייך בעוויזען צו געווינען די הערצער פון פיעלע וועלכע זיינען געווען פערבונדען מיט'ן קעניגליכען פאלאץ. די ערשטע מאנאטען פון זיין הערשען, האט שלמה פערבראכט די גאנצע צייט מיט זיין פאטער; דוד האט געהאט זעהר פיעל איבערצוגעבען זיין זוהן... ער האט איהם אויך דער־צעהלט, אלע איינצעלהייטען פון זיינע ערפאהרונגען דורך די פערציג יאהר פון זיין קעניגען...

— די גאנצע צייט זינט גאט האט מיט זיין גרויס גנאדע מיר אויסדער־וועהלט צו הערשען איבער ישראל, — האט דוד געזאגט צו שלמה'ן — האב איך גע'חלומ'ט צו בויען א בית המקדש, א הויז פאר אונזער גאט, וואו דאס גאנצע פאלק וועט קענען קומען און דאנקען גאט פאר דעם חסד וואס ער טוט מיט זיין פאלק... נישט איינמאל האב איך אויסגעדריקט מיין פערלאנג צו נתן דעם נביא וועגען דעם, אבער נתן האט מיר איבערגעגעבען אין נאמען פון גאט, אז צוליעב דעם וואס איך האב פיעלע מלחמות געפיהרט און א סך בלוט פארגאסען בין איך נישט געווען פאסענד צו בויען א הייליגע הויז פאר אונזער פאטער אין הימעל... דער נביא האט מיר אבער געזאגט, אז מיין נאכפאלגער, מיין זוהן, וועלכער וועט הערשען נאך מיר, ער וועט זיין א מאן פון שלום און רוהיגקייט... איך האב דיר א נאמען געגעבען שלמה, ווייל איך האף אז שלום וועט הערשען אין דיינע טעג איבער'ן גאנצען לאנד... יעצט מיין זוהן, האב איך זוכה געווען צו זעהן מיט מיינע אויגען, די פערווירקליכונג פון נביא'ס נבואה... זאל גאט זיין מיט דיר און געבען דיר גענוג שכל און פערשטאנד צו הערשען מיט צדק איבער אלע שבטים און צו לעבען אין פרידען מיט די ארומיגע פעלקער... דו דארפסט אבער וויסען, מיין זוהן אז נאר דאן וועסטו בעגליקען און זיין ערפאלג־רייך אין אלע דיינע אונטערנעמונגען, ווען דו וועסט היטען די תורה און טאהן אלע מצוות, געזעצען און משפטים וואס גאט האט אנגעזאגט דורך משה'ן... נור דאן וועט דיר געלינגען צו בויען דעם בית המקדש, וועלכער וועט זיין א מוסטער פאר אלע פעלקער פון דער וועלט... און איך, מיט מיין נישט ווערטה זיין צו בויען דעם בית המקדש, האב איך צוגעגרייט הונדערט טויזענד צענטער גאלד און א מיליאן צענטער זילבער, און קופער און אייזען אהן א צאל... דאס אלעס געפינט זיך אין מיין שאץ קאמער... אפילו האלץ און שטיינער האב איך צוגעגרייט און אויב עס וועט דיר אויספעהלען וועסטו צוגעבען און אנפאנגען גלייך די הייליגע ארבייט... און זאל גאט זיין מיט דיר...

— איך דאנק דיר, מיין ליעבער פאטער — האט שלמה איהם געקושט. איך

וועל זעהן זיך בעמיהען ווערטה צו זיין דורכצופיהרען דיעזע הייליגע **אויפגאבע**, וואס דו האסט מיט דיין גרויס גנאדע מיר איבערגעגעבען... איך האף, **אז גאט** וועט מיר שיקען זיין הילף פון הימעל... איך זאל נישט זיין געצוואונגען **צו** פירען מלחמות מיט די פעלקער וועלכע גרענעצען זיך מיט אונזער לאנד...

— יע, מיין זוהן, — פון די אלע מלחמות וואס איך האב געפיהרט דורך מיין לעבען, בין איך יעצט נאך מעהר איבערצייגט אז די קלוגשאפט און העלדישקייט פון א קעניג ליגט נישט אין שלאכט-פעלד, אבער אין זיינע פעהיגקייטען איינצוהאלטען דעם שלום... און איך בין זיכער אז דו, מיין זוהן, בעזיצסט אזעלכע איינגענשאפטען... און דעריבער וועסטו קענען מיט רוהיגקייט בויען דעם בית המקדש. יעצט מיין זוהן וויל איך דיר איבערגעבען די שליסלען פון מיין שאנץ קאמער, מיט זיי וועסטו עפענען דעם שאנץ-קאמער און דארטען וועסטו געפינען אלע אוצרות, וואס איך האב געווידמעט צו בויען א הויז פאר גאט...

שלמה האט גענומען די שליסלען פון זיין פאטער, און ער האט זיי אריינגעטראגען צו זיך אין צימער...

---

דורך דער גאנצער צייט, זינט אדוניה איז פארגעבראכט געווארען פאדעם קעניג שלמה'ן און פאר זיין פאטער, האט ער זעלטען פערלאזען זיין וואכונג... נאר דאן, ווען ער האט אויסגעפונען אז אבישג די שונמית אונטערהאלט זיין פאטער, מיט איהרע טענץ און געזאנג איז ער מיט אן אויסרייד געקומען צי בעזוכען זיין פאטער... און וואס מעהר ער האט איהר געזעהן, אלץ גרעסער איז זיין ליעבע צו איהר געווארען. זי האט איהם בעצויבערט מיט יעדע בעוועגונג וואס זי האט געמאכט. ער האט פון איהר זיינע אויגען נישט ארונטערגעלאזען.. און כאטש ער האט אויף איהר מיט דורכדרינגענדע בליקען געקוקט, האט אבישג אויף איהם זיך אפילו נישט אומגעקוקט... דאס האט נאך מעהר פערגרעסערט זיין שנאה אויף זיין ברודער... יעצט אז ער האט פערלארען די מלוכה — האט ער ביי זיך געטראכט — קוקט זיך אויף איהם אבישג נישט אום... זיין פערלאנג צו קריגען אבישג'ן פאר זיין פרוי איז נאך שטארקער געווארען... ער מוז איהר קריגען... ער איז זיכער אז זי האט איהם אויך ליעב... און דאס וואס זי שענקט איהם נישט מיט א בליק, איז עס בלויז צוליעב איהר בעשיידענהייט... א ווי שטארק נידערשלאגען ער פיהלט זיך יעצט... ער האט זיך פערלארען, ווען ער האט דערהערט אז זיין פאטער האט צוגעשטימט איבערצוגעבען די מלוכה צו שלמה'ן... ווען ער וואלט בעת מעשה געהאט גענוג מוטה און בראווקייט, וואלט זעהר מעגליך געווען, דאס ער וואלט יעצט געזעסען אויף דעם טראהן... און אבישג וואלט שוין זיכער געווען זיינע... אויף זיינע געדאנקען קומען ארויף יואב'ס ווערטער: "דו וועסט נאך טראגען די קרוין און זיצען אויף דיין פאטער'ס טראהן, אדוניה!" יא, יואב איז שוין גאנץ אלט און פון דעסטוועגען בעזיצט ער א סך מוטה און ענערגיע... "ער וועט קיינמאל נישט צוגעבען אז ער איז בעזיעגט"... און ער, אדוניה, איז נאך אזוי יונג, זאל ער פארלירען זיין האפנונג!

— ניין! — האט אדוניה ווי גערעדט צו זיך, און ער האט פארלאזען זיין פאטער'ס צימער, — איך בין נאך נישט בעזיעגט! איך מוז קריגען די מלוכה!...

ווען אדוניה איז געקומען צו זיין מוטער, האט זי גלייך באמערקט אין איהם

א גרויסע ענדערונג... זיין פנים האט געפלאמט און זיינע אויגען האבען געגלאנצט.

— מוטער! — האט ער אויסגערופען מיט אויפרעגונג — איך וועל נאך הערשען איבער אלע שבטים! איך גיב נישט אויף מיין האפנונג צו קריגען די מלוכה... איך וועל טהאן אלעס וואס יואב וועט מיר ראטהען... איך מוז קריגען די קרוין... שלמה האט זי פון מיר גערויבט... און איך וועל קעמפפען ביז וואנען איך וועל די מלוכה צוריקקריגען!

— מיין זוהן! — האט חגית אויסגערופען מיט פרייד, — דיינע ווערטער מאכען מיר גליקליך! אט אזוי האב איך ליעב צו הערען ווי דו רעדסט! קום, לאמיר נאך היינט אין אבענד אריבערגעהן צו יואב'ן... ער וועט אונז זאגען אלע זיינע פלענער!

— איך געה, מוטער! — האט אדוניה אויסגערופען, — איך מוז קריגען די מלוכה און דאן וועט אבישג די שונמית געהערען צו מיר.

ווי נאר עס איז טונקעל געווארען, איז אדוניה מיט זיין מוטער, אומבאמערקטערהייד אוועקגעגאנגען דורך זייטיגע געסלעך צו יואב'ן...

יואב'ס הויז האט זיך געפונען אין א זייטיגע געסעל אין ירושלים. זיין גרויסע און פראכטפאלע וואהנונג, וואס איז געשטאנען נעבען פאלאץ האט ער פערלאזען זינט ער האט געטויטעט אבשלום'ן... ער האט געוואוסט אז דוד'ס פריינדשאפט צו איהם איז פערוואנדעלט געווארען אין פיינדשאפט... און ווען שפעטער צו, האט ער געטויטעט עמשא דעם זוהן פון יתר... האט דוד ארויסגעוויזען זיין האס צו איהם עפענטליך... יואב האט זיך דאן ארומגעזעהן, אז עס וועט זיין פאר איהם א סך געזינטער ווען ער וועט זיך אריבערציהען עטוואס וויטער פון פאלאץ...

דארטען אין הויז איז דאס יעצט יואב געזעסען מיט אביתר'ן און זיך געהאלטען אן עצה ווי אזוי און ווען אנצופאנגען די מרידה געגען שלמה'ן.

— איך גלויב — האט אביתר געזאגט — אז מיר טארען נישט אפלעגען אויף שפעטער: כל זמן שלמה'ס מלוכה האט זיך נאך נישט בעפעסטיגט, וועלען מיר האבען א גוטע געלעגענהייט אפצוואווענדען דאס פאלק פון איהם... מיר האבען עס נאך געדארפט טהאן גלייך, אין דעם זעלבען טאג וואס שלמה איז געזאלבט געווארען פאר קעניג...

— דאס וואלט אבער אוממעגליך געווען אהן א סך בלוט פארגיסונג — האט יואב געזאגט — די גאסען פון ירושלים וואלטען פערפלייצט געווארען מיט בלוט... פערגעס נישט אז בניהו, דער הויפט פון די גבורים, כרתי און פלתי, האט אויך אויף זיין זייט פיעלע פון דוד'ס גבורים... און ווען איך וואלט פערארזאכט אן אפענעם אויפשטאנד געגען שלמה'ן דורך מיינע סאלדאטען, וואלט געמוזט קומען צו א צוזאמענשטויס... און כל זמן דוד לעבט, וויל איך אזא זאך פרעמיידען...

— ווער ווייס ווי לאנג דוד וועט נאך לעבען! — האט אביתר געזאגט — און וואס לענגער דאס פערציהט זיך, אלץ מעכטיגער און פעסטער ווערט שלמה'ס טראהן... צדוק איז שוין יעצט געווארען דער כהן גדול. בניה פערנעמט זיין פלאץ, און ביסלעכווייז וועסטו פערלירען אלע דיינע סאלדאטען און דאן וועלען מיר אלע

בלייבען הילפלאז... און דערצו זאל זיך נאך שלמה דערוויסען אז מיר האבען פערזוכט צו מאכען א פערשווערונג, דאן זיינען מיר פערלארענע!

— די לאגע איז זעהר א שווערע, אבער נישט קיין האפנונגסלאזע — האט יואב צוגעגעבען — אונז פעהלט יעצט א מאן ווי אחיתופל.

— א סך האט אחיתופל אויפגעטהאן מיט זיינע עצות! — האט אביתר געזאגט — אויב מיר האבען צו ערווארטען אזא סוף ווי ער האט געהאט צוזאמען מיט זיינע נאכפאלגער, וואלט פאר אונז גלייכער געווען, ווען מיר זאלען אין גאנצען אויפגעבען די האפנונג צו פערכאפען די מלוכה פאר אדוניה'ן...

— אחיתופל'ס עצות זיינען געווען די ריכטיגע און גוטע און ווען אבשלום וואלט זיך צו זיי צוגעהערט און איהם געפאלגט וואלט ער יעצט געזעסען אויף'ן טראהן, און דוד וואלט געווען וואו אבשלום איז יעצט... אבשלום האט קיין שכל נישט געהאט און נישט געוואוסט ווי אונטערצושיידען צווישען א ריכטיגע עצה און א פאלשע... — האט יואב געזאגט — און אחוץ דעם בין איך דאך געווען מיט דוד'ן און צוזאמען מיט מיינע גבורים האבען מיר אנגעווארפען א שרעק אויף אבשלום'ס מחנות... ווען איך וואלט אבשלום נישט געטויטעט... ווער ווייס צו ער וואלט דאך נישט פערבליבען קעניג... איך האב דוד'ן געראטעוועט פון זיין זוהן'ס הענט... און דערפאר איז ער מיר געווארען א שונא ביז יעצט...

— און איך זאג דיר דעם אמת, אז עס וואלט שוין געווען גלייכער ווען אבשלום וואלט פערבליבען קעניג... מיר האבען געהאט א רעכט מעהר צו ערווארטען פון אבשלום'ן, ווי פון שלמה'ן... אבשלום וואלט אונז ביסלעכווייז מקרב געווען. שלמה אבער שטעהט די גאנצע צייט אונטער די השפעה פון נתן דעם נביא און צדוק דעם כהן... און אחוץ דעם האט איהם דוד אליין בעאיינפלוסט געגען אונז... און ווען אונז וועט נישט געלינגען אומצוקעהרען די מלוכה צו אדוניה'ן דאן זיינען מיר פערלארענע..

— ווען אדוניה וואלט געווען העלדיש און בראוו, דאן וואלטען מיר געווען געזיכערט מיט אן ערפאלג — האט יואב געזאגט, אבער די צרה איז, וואס ער איז א פייגלינג און א שוואכלינג... ווי נאר עפעס, פערליערט ער גלייך זיין מוטה און קוראזש...

—דערפאר אבער איז חגית, זיין מוטער פול מיט קאמפף... זי וועט שוין זעהן, דאס ער זאל נישט אויפגעבען דעם קאמפף פאר דער מלוכה ביז וואנען ער וועט זיעגען...

— באלד דארף חגית אנקומען — האט יואב זיך אפגערופען, איך וועל זעהען וואס זי האט צו זאגען פון אדוניה'ן... און אויב ער ציטערט און האט מורא וועלען מיר צייטווייליג מוזען אויפגעבען דעם געדאנק וועגען א פארשווערונג...
— און דערלאזען אז בניה און צדוק זאלען פערנעהמען אונזערע עמטער! — האט אביתר אויסגערופען — האסטו דען שוין אויך פערלארען דיין מוטה... ווייסטו דען נישט וואס אונז ביידען קען ערווארטען ווען שלמה זאל זיין הערשאפט בעפעסטיגען?

— אבער דו ווייסט דאך אז אדוניה איז דער איינציגער פאר וועמען מיר וועלען האבען א בערעכטיגונג פאר אונזער פערשווערונג... און אויב ער אליין וועט נישט וועלען, דאן האבען מיר נישט פאר וועמען צו מאכען די מרידה!

— אויב אדוניה האט קיין שכל נישט, און פערשטעהט נישט וואס דאס מיינט פאר איהם, דאן איז אונזער פליכט איהם צו ערקלערען — האט אביתר א זאג געטהאן...

אדוניה וויים גאנץ גוט וואס עם מיינט צו הערשען איבער אלע שבטים... אבער וואס איהם פעהלט איז מוטה און בראווקייט — האט יואב געזאגט — יוען אלעם געהט כשורה איז ער גרייט, אבער ווען ער דערשמעקט אז די אונטער־נעהמונג איז פארבונדען מיט געפאהר האט ער מורא צו ריזיקירען... געדענקסטו נישט ווי דערשראקען און פערציטערט ער איז געווארען ביי דער פייערונג נעבען אבן הזוחלת... ווי נאר ער האט דערהערט אז מען האט געזאלבט שלמה'ן פאר קעניג האט ער אויסגעשריען: ״איך וויל נישט די מלוכה... איך וויל נישט טראגען די קרוין !״

— מען דארף איהם נישט האלטען פעראנטווארטליך וואס ער האט גערעדט אין שכור'ן צושטאנד... זינט דאן האט ער זיך שוין גוט אויסגעניכטערט... ער וויים גאנץ גוט די לאגע, און ער וויים אויך אז ווען דו וועסט איהם העלפען, וועט ער זיין ערפאלגרייך...

א קלאפ אין טיהר האט זיך דערהערט. יואב איז געגאנגען עפענען און ער האט דערזעהן חגית'ן מיט אדוניה'ן...

— א, אדוניה, דו ביזט אויך געקומען ! — האט ער אויסגערופען מיט צופריעדענהייט — עס איז א גוטער סימן !

זיי זיינען גלייך אריין אין הויז און יואב האט צוגעשלאסען די טיהר.

— אביתר איז אויך דא ! — האט יואב געזאגט, און זיי אריינגעפיהרט אין צימער וואו דער כהן איז געזעסען...

אביתר האט זיך אויפגעשטעלט און זיי הערצליך בעגריסט.

דו האסט נישט מורא געהאט צו קומען צו מיר ? — האט יואב געפרעגט אדוניה'ן, מיט א שמייכעל.

— מיר זיינען זעהר פארזיכטיג געווען אז קיינער זאל אונז נישט בעמער־קען — האט אדוניה געענטפערט — נאך אלעמען וועלען מיר דאך קענען טאהן אונזער ארבייט מיט מעהר זיכערהייט, ווען איך וועל נישט זיין אונטער פערדאכט...

— אהן צווייפעל אז דו ביזט גערעכט, אדוניה — האט יואב געזאגט — מיר מוזען אלע זעהר פארזיכטיג זיין... אבער וואס איך פרעג איז צו דו האסט געביטען דיין מיינונג און דו וועסט אנהאלטען דעם קאמפף פאר דיין קרוין ?...

— מיין זוהן האט זיך לעצטענס אין גאנצען געביטען ! — האט חגית אויס־גערופען — יעצט, נאך מעהר ווי פריהער, איז ער איבערצייגט אז די מלוכה וועט זיך צוריקקעהרען צו איהם... ער וועט קעמפפען ביז וואנען ער וועט זיגען.

— איך אנערקען דעם גרויסען פעהלער, וואס איך בין גלייך בעגאנגען, אין דער צייט ווען איך האב זיך דערוואוסט אז מיין ברודער איז געזאלבט געווארען פאר קעניג... ווען איך וואלט זיך דאן צו דיר צוגעהערט — האט ער זיך געווענ־דעט צו יואב'ן — וואלט איך יעצט געזעסען אויף'ן טראהן... יעצט בין איך צו דיר געקומען, יואב, הערען דיין עצה. איך וועל טאהן אלעס וואס דו וועסט

מיר ראטהען. איך האב פערלארען מיין מורא... איך בין געגרייט אויף אלעם.

— ביזטו לעצטענס געוועזן ביי דיין פאטער? — האט אדוניה געפרעגט.

— איך בין נאך היינט דארט געוועזן! — האט אדוניה געענטפערט. — דער אלטער ליגט אין בעט כמעט בעוואוסטלאז... איך ווייס אז עס איז בת שבע'ן אנגעקומען נישט זעהר שווער איהם איבערצורייידען... איך בין צו איהם אריין אין צימער, ווייל איך האב זיך דערוואוסט אז אבישג אונטערהאלט איהם מיט איהרע טענץ און געזאנג... ער האט מיר כמעט ווי גארנישט בעמערקט...

— אבער די שונמית האט דיר שוין גאר גוט בעמערקט! — האט אביתר צו איהם געזאגט מיט א שמייכעל...

— אבישג די שונמית איז געוועזן שטארק פערנומען מיט איהר זינגען פאר מיין פאטער, אז זי האט קיינעם נישט בעמערקט...

— נו, יעצט זיינען מיר געקומען הערען וואס מיר האבען צו טהאן — האט חגית געזאגט — די לאגע אין פאלאץ ווערט וואס ווייטער אונערטרעגליכער... איך קען בת שבע'ס פנים נישט אנקוקען... און איך בין נאך געצוואונגען זיך פאר איהר צו פערנייגען... און ווען איך דערזעה איהר געהענדיג צו דעם טראָדן מיט איהר זוהן שלמה'ן, ווערט מיין הארץ פערצעהרט פון שנאה צו איהר... א ווי איך וואלט זיך וועלען אפרעכענען מיט זיי ביידען!...

— און מיין האס צו צדוק'ן איז אויך נישט קלענער! — האט אביתר אויסגערופען — ווען איך שטעל זיך פאר ווי ער פערנעמט מיין פלאץ אלס כהן גדול, ווערט מיין בלוט אין מיר אויפגעקאכט... מיין עצה איז מען זאל גלייך אנפאנגען די מרידה נעגען שלמה'ן... דו, יואב זאלסט פערזאמלען אלע סאלדאַטען וועלכע זיינען דיר געבליבען געטריי, און גלייך געהן שטורמען אויף'ן פאלאץ...

— יע, דאס איז ווירקליך א גוטע עצה! — האט חגית געזאגט — געהן מיט דיין ארמעע צום פאלאץ, ארונטערזעצען שלמה'ן פון טראהן, און איהם טויטען... און גלייך זאלבען אדוניה'ן פאר קעניג און אויסרופען איבער'ן לאנד אז אדוניה איז קעניג!

— מיר טארען יעצט נישט מאכען קיין איבעראיילטען שריט — האט צונויפנעמען מיינע סאלדאטען און געהן שטורמען דעם פאלאץ, דארט וואו דיך יואב זיך אפגערופען — דאס וואס איז געוועזן מעגליך צו טהאן גלייך, דעם ערישׁ־געפינט זיך... וועלען דען כיינע סאלדאטען וועלען געהן קעמפפען געגען זייער בעליעבטען קעניג דוד... מיר דארפען נישט פערגעסען אז אלע מיינע גבורים נישטא ווי צו ווארטען אויף דוד'ס טויט... דאן וועלען מיר קיינע שוועריגקייטען יעצט, סיידען מיט גרוים פארזיכטיגקייט און איבערלעגונג... ווען איך זאל יעצט טען טאג, ווי מען האט שלמה'ן געזאלבט פאר קעניג איז אוממעגליך צו טהאן זיינען נאך יעצט געטריי און איבערגעבען צו דוד'ן... זיי ווייסען אז שלמה קעניגט מיט דוד'ס צושטימונג, און עס וועט זיין זעהר שווער זיי איינצורייידען צו קעמפפען נעגען שלמה'ן כל זמן דוד לעבט... ניין, יעצט איז קיין אנדער יועץ נישט האבען צו געווינען פיעלע פון שלמה'ס יעצטיגע אנהענגער, דערווייל איז מיין עצה אז דו זאלסט זעהן צו געווינען אבישג'ס הארץ... ווייל זי וועט אונז זעהר שטארק צוניץ קומען צו אונזער ווייטערע פלענער...

— אבער ווי אזוי וועל איך קענען געווינען אבישג'ס צוטרויען? — האט אדוניה געפרעגט — ווען זי האט קיין אהנונג נישט אז איך וועל נאך אמאל טראגען די קרוין...

— דאס בעלאנגט שוין צו דיר! — האט אביתר געענטפערט — אויב דו וועט געלינגען צו געווינען איהר הארץ, דאן וועסטו פון איהר קענען פיעלע סודות ארויסקריגען... ווען זי זאל דיר ליעב האבען און איינווילינגען חתונה צו האבען מיט דיר, וועט זי דיר געוויס וועלען זעהן אלס קעניג... זי וועט אונז העלפען קריגען פאר דיר די קרוין...

— די שונמית איז יעצט פערדעכענט פאר דוד'ס אייגענטהום — האט יואב געזאגט — און ווען זי זאל ווערען דיין פרוי, דאן וועלען דיינע תביעות אויפ'ן טראהן דורך דעם במילא פערשטארקט ווערען... קיינער דארף אבער דערפון נישט וויסען... און אויב דו וועסט פערשטעהן ווי צו האנדלען, קען נאך זיין אז די זאלסט האבען א מעגליכקייט חתונה צו האבען מיט דער שונמית, גלייך ווי דיין פאטער וועט "צו מאבען" זיינע אויגען...

— אבער ווי אזוי? — האט אדוניה געפרעגט מיט גרויס נייגירינקייט...

— הער זיך איין צו מיין עצה, אדוניה! האט יואב זיך אפגערופען און זיך צוגעזעצט נעבען איהם — כל זמן דיין פאטער לעבט, זאלסטו גארנישט טהאן, וואס קען מעגליך װארפען אויף דיר א חשד, אז דו ווילסט אויפהויבען א האנט געגען שלמה'ן.... דו ווייז זיך ארויס גאנץ פריינדליך צו איהם און יוען דוד וועט שטארבען, זאלסטו אפווארטען א קורצע צייט, און דאן אריבערגעהן צו בת שבע'ן און איהר בעטען זי זאל דיר טאהן די טובה און בעטען דער קעניג שלמה זאל דיר ערלויבען חתונה צו האבען מיט אבישג די שונמית... איך קען בת שבע'ן זעהר גוט... איך בין זיכער אז זי וועט דיר נישט ענטזאגען... און יוען זי וועט הייסען איהר זוהן, וועט ער איהר געוויס פאלגען... ער וועט דאך נישט פערשטעהן, וואס דאס קען מיינען פאר דיר... און ווי נאר דו וועסט חתונה האבען מיט דער שונמית, דאן וועל איך מיט מיין ארמעע דיר קרוינען פאר קעניג... און איידער שלמה וועט זיך ארומזעהן וועלען מיר פערכאפען דיעם פאלאץ... און ווען עס וועט אויסקומען צו קעמפפען מיט שלמה'ס אנהענגער, וועל איך אליין פיהרען מיינע ארמעען אין שלאכט... און ווען דאס פאלק וועט זעהן אז די שונמית איז געווארען דיין פרוי, וועלען זיי אנערקענען דיינע רעכטע תביעות אויף דער מלוכה, און זיי וועלען אהן שוועריגקייטען צושטעהן צו דיר...

— וואס וועט אבער זיין ווען שלמה וועט זיך אליין פערליעבען אין אבישג'ן — האט חגית געפרעגט — און ער וועט נישט דערלאזען אז אדוניה זאל מיט איהר חתונה האבען... ווענדעט עס זיך אלעס אין דעם, אויב אדוניה וועט חתונה האבען מיט אבישג'ן.

— איך בין זיכער אז בת שבע וועט קיינמאל נישט דערלאזען אז איהר זוהן זאל חתונה האבען מיט אבישג'ן וועלכע איז פערדעכענט געווארען פאר דוד'ס אייגענטהום... — האט יואב איהר געענטפערט — און כאטש אונזער פלאן העננט אין גאנצען נישט אפ דערפון, אז אדוניה זאל חתונה האבען מיט דער שונמית, וועט דאס אבער זיכער פאר אונז א סך גרינגער מאבען... דאס וועט זיין א ריעזיגער שריט צו אונזער ערפאלג...

— איך בעט דיר יואב — האט אדוניה זיך אפגערופען פיעלייכט וועסטו מיר קענען בעהילפיג זיין אין דעם... איך ווייס נישט פאר וואס דאס איז, אבער מיר איז לעצטענס זעהר שווער צו ריידען מיט דער שונמית... איך פיהל זיך אזוי דערשלאגען אז איך האב נישט קיין מוטה מיט איהר צו ריידען וועגען דעם... פיעלייכט וועסטו מיט איהר ריידען... דו וועסט גיכער קענען אויסגעפינען פון איהר וואס זי טראכט וועגען מיר... און דו וועסט אויך קענען אורטהיילען, אויב מיר קענען איהר אנפערטרויען אונזערע פלענער וועגען דער פערשווערונג...

— שלאג זיך דאס ארויס פון דיינע געדאנקען! — האט יואב איהם געוואר־רענט — כל זמן די שונמית וועט נישט ווערען דיין פרוי, זאלסטו צו איהר א ווארט נישט ריידען וועגען דיין פלאן צו פערכאפען די מלוכה...

— געוויס נישט! — האט חגית אויסגערופען — פערגעס נישט אז זי איז די גאנצע צייט מיט זיי און איז זיכער שטארק בעאיינפלוסט פון דוד'ן און אויך פון שלמה'ן און אחוץ דעם געדענק איך נאך וואס זי האט מיר געענט־פערט ווען איך האב איהר געבעטען זי זאל זיך צוהערען וואס נתן דער נביא רערט וועגען דיר צו דוד'ן און זי האט זיך ענטזאגט עס צו טהאן... זי האט מיר דאן געזאגט: "ווי אזוי וויעל איך קענען טאהן אזא זאך צום קעניג וועלכער האט פולע צוטרויען צו מיר... ווי אזוי וועל איך איהם קענען פערראטען?" יעצט זעהסטו, מיין זוהן, אז דו טארסט פאר איהר קיין ווארט נישט אויסריידען כל זמן זי וועט נישט ווערען דיין פרוי...

— יע — האט יואב צוגעגעבען — אונזער פערשווערונג געגען שלמה'ן וועלען מיר אנפאנגען גלייך ווי דו וועסט הייראטען די שונמית...

זעקסטער קאפיטעל

# דוד'ס צוואה

ווען שלמה האט בעקומען די שליסלען פון זיין פאטער'ס שאץ קאמער, איז ער גלייך אויפמארגען, געגאנגען מיט נתן דעם נביא און צדוק דעם כהן צו בעטראכטען די אוצרות וואס זיין פאטער האט איהם איבערגעגעבען צו בויען דעם בית המקדש. פריהער זיינען זיי אריין אין שאץ קאמער וואו די גאלד איז געווען... און דער גלאנץ און שיין פון הונדערט טויזענט צענטער גאלד, האט כמעט זייערע אויגען פערבלענדעט.

— דעם ערשטען מאל אין מיין לעבען זעה איך אזוי פיעל גאלד! — האט שלמה אויסגערופען מיט גרויס ענטציקונג...

— דאס בעווייזט ווי גרויס איז די צדקות פון דיין פאטער — האט איהם נתן געזאגט — ער האט פערמאגט אזעלכע אוצרות פון רייכטימער, און אנ־שטאדט דאס צו בענוצען פאר זיין פערזענליכען לוקסוס, צו פערשעהנערען זיינע פאלאצען, האט ער דאס אפגעשפארט צו בויען א הויז פאר גאט... ווי גרויס זיין פערלאנג איז געווען צו בויען א בית המקדש, אבער ווען ער האט געזעהן אז דאס איז פאר איהם אוממעגליך צו בויען גאט'ס הויז, האט ער עס אפגעשפארט און

# שלמה המלך

בעהאלטען פאר דיר, זיין נאכפאלגער, דו זאלסט קענען גלייך אנפאנגען די בייט אומגעשטערט...

— איך וועל זיך טאקע צו־איילען מיט דער ארבייט — האט שלמה גערופען מיט פרייד — און גאט וועט געבען אז מיין פאטער וועט נאך זיין צו זעהן מיט די אויגען דעם בית המקדש אין זיין פראכט...

— מיין קינד! — האט נתן דער נביא געענטפערט שלמה'ן — עס איז זעהר שווער דיר צו זאגען, אבער איך גלויב נישט אז דיין פאטער וועט קענען צו זעהן מיט זיינע אויגען דאס בויען פון דעם בית המקדש... זיינע זיינען געצעהלטע... איך קום עס יעצט פון איהם... ער איז זעהר אפגעשוואכט דאס וואס האלט איהם נאך אויף איז זיין פרייד און גליק, וואס ער האט זיך געוועהן דיך צו זעהן אלס זיין נאכפאלגער... ווען ער האט דיר איבערגעגעב די שליסלען פון זיינע שאץ קאמערען, האט ער דיר נישט געוואלט זאגען, ווי שלעכט ער פיהלט, און אז זיינע טעג זיינען געצעהלטע... ער האט געוואונשען דאס דו זאלסט פריהער זעהן די אוצרות און זאלסט דיינע פלענער וועגען בית המקדש מאכען מיט א רוהיגען קאפ... אבער יעצט אז דו האסט געזעהן וואס דיין פאטער לאזט דיר איבער פאר'ן בית המקדש, וואלט איך דיר געראטען, דו זאלסט באלד פערשליסען דעם שאץ קאמער און אוועקטראגען די שליסלען און בעהאלטען זיי אין דיין שלאף צימער, און גלייך נאכדעם זאלסטו ארייננעהן צו דיין פאטער... ער וועט מיר דיר זיכער דארפען ריידען, איידער ער וועט געהן אין דעם וועג וואו אלע געהן...

שלמה'ס פנים איז בלאס געווארען... א שווידער איז דורך זיין קערפער...

— האלט מיין פאטער אזוי שמאל?! — האט ער אויסגערופען מיט שרעק

— און איך האב עס נישט געוואוסט...

— די רופאים טרעטען נישט אפ פון זיין בעט — האט צדוק דער כהן צוגעגעבען, אויך די שונמית טוט אלעס צו ערמונטערען איהם, אבער יעצט גע־לינגט עס איהר מעהר נישט... דיין פאטער גוסס'ט מיין האר קעניג!

— איך בעט דיר צדוק! — האט שלמה אויסגערופען דו האלט די שליסלען איך מוז גלייך געהן צום פאטער...

— ניין! — האט נתן דער נביא אויסגערופען — דו טארסט די שליסלען פון דיינע הענט נישט ארויסלאזען — דו זאלסט זיי קיינעם נישט געטרויען... אפילו נישט מיר און צדוק'ן... און אפילו נישט דיין אייגענע מוטער... אליין מוזטו געהן און זיי בעהאלטען... און קיינער אחוץ דיר זאל נישט וויסען וואו זיי זיינען...

— קען איך זיי מיט זיך נעהמען? — האט שלמה געפרעגט — איך ראטה דיר נישט עס צו טהאן — עס וועט דיר לאנג נישט דויערען און דו וועסט בע־וויזען צו בעהאלטען די שליסלען און זיך צו זעהן מיט דיין פאטער...

שלמה האט מעהר קיין ווארט נישט געזאגט... האט איבערגעלאזען צדוק'ן און נתן'ן און איז שנעל אריין צו זיך אין שלאף צימער וואו ער האט בעהאלטען די שליסלען, און גלייך נאכדעם איז ער אוועק צו זיין פאטער...

ווי ער איז אריינגעקומען אין צימער, האט ער געזעהן די רופאים שטעהע־דיג ארום זיין בעט... אין א ווינקעל פון צימער איז געשטאנען אבישג די שונמית

א פערטרויערטע מיט א געבויגענעם קאפ... און טרעהרען זיינען פון איהרע אויגען געפלאסען.

שטיל, פאמעליך, נישט צו שטערען, איז שלמה צוגעגאנגען צו זיין פא־טער׳ס בעט...

— דער קעניג איז איינגעשלאפען אויף א ווײלע... — האט דער הויפט פון די רופאים זיך שטילערהייט אפגערופען צו שלמה׳ן... עס וואלט געווען ראטהזאם איהם יעצט נישט צו שטערען...

שלמה איז געבליבען שטעהן ווי פערגליווערט... ער האט געווענדעט זיינע אויגען אין דער ריכטונג וואו זיין פאטער איז געלעגען און איז א היבשע ווײלע געשטאנען בעוועגלאז... נאכהער איז ער שטיל און פארזיכטיג, צוגעגאנגען צו דער שונמית און איהר געפרעגט מיט א נידעריגע שטימע:

— וואס מאכט מיין פאטער? וואס זאגען די רופאים?

— דער קעניג איז געפעהרליך קראנק! האט זי איהם געענטפערט און ע־ווישט איהרע טרעהרען... לאמיר מתפלל זיין...

א טרויער האט בעדעקט שלמה׳ס פנים... זיין הארץ האט אין איהם געוועה־טאגט פאר זיין פאטער.

— געה רוף מיין מוטער — האט זיך שלמה אפגערופען אין דער שטיל צו דער שונמית — זאג איהר אז איך געפין זיך אין פאטער׳ס צימער... אבער זאג איהר גארנישט וועגען מיין פאטער׳ס לאגע.

אבישג האט זיך פארנויגט און פארזיכטיג ארויס.

אין צימער האט געהערשט אן אנגעצויגענע שטילקייט. שלמה האט זיך פון זיין פלאץ נישט גערירט... די רופאים זיינען געשטאנען מיט געבויגענע קעפ און האבען זייערע אויגען נישט ארונטערגענומען פון דעם חולה...

די שטילקייט איז אונטערבראכען געווארען פון א סקריפ פון דוד׳ס בע־טעל. דער חולה האט זיך אויפגעוואכט און גענומען בעוועגען. דוד האט א קרעכץ געטאהן...

שלמה איז שנעל צוגעגאנגען צו זיין פאטער... ער האט געווארט ער זאל עפענען זיינע אויגען.

די רופאים זיינען נאך אלץ געשטאנען ווי סטאטוען... זיי האבען זיך איינער דעם צווייטען אנגעקוקט...

— דו ביזט עס שלמה, מיין זוהן? — האט דוד ארויסגערעדט מיט א שוואכע שטימע, ווען ער האט זיינע אויגען געעפענט.

די רופאים האבען גלייך עטוואס אפגעטראטען אויף צוריק, און שלמה איז צוגעגאנגען און האט א קוש געטהאן זיין קראנקען פאטער...

— געלויבט איז גאט וואס איך קען דיר נאך זעהן מיט מיינע אויגען! — האט דוד נאך אלץ געזאגט מיט דער זעלבער שוואכער שטימע... זעץ זיך מיין קינד נעבען מיר... איך האב מיט דיר עטוואס צורײדען...

די רופאים האבען זיך לאנגזאם גענומען ארויסרוקען פון צימער...

— ווען אונזער אנוועזענהייט וועט נויטיג זיין וועלען מיר זיך געפינען אין צווייטען צימער — האט זיך דער עלטסטער פון די רופאים זיך אפגערופען צו שלמה׳ן, ער האט זיך פערנויגט און איז ארויס...

באלד איז אנגעקומען בת שבע מיט אבישג׳ן. בת שבע איז גלייך צוגעקומען צו דוד׳ן און אבישג איז געבליבען שטעהן אין איהר ווינקעל...

— מיין ליעבער דוד! — האט בת שבע אויסגערופען מיט א וויינענדיגע שטימע — זאג מיר ווי פיהלסטו זיך יעצט. זי האט אנגענומען זיין האנד און טיעף אריינגעקוקט אין זיינע אויגען...

אויף דוד׳ס צוטריקענטע ליפען האט זיך בעוויזען א קליינער שמייכעל.

— דו, בת שבע, ביזט געווען דאס ליכט אין מיינע פינסטערע טעג... דיין ליעבע און צערטליכקייט האבען געהיילט מיינע וואונדען... ווי זונען שטראהלען האבען מיר די בליקען פון דיינע אויגען געוואַרעמט... געלויבט איז גאט וואס ער האט דיר בעלוינט פאר דיין בריימע נאבעלע הארץ, פאר דיין גוטסקייט און גרויסע ליעבע וואס דו האסט געהאט צו מיר... דו ביזט געבענשט געווארען מיט א זוהן, מיט וועמען אונזער גאנצעס פאלק וועט שטאלצירען... דער וואס רוהט אין די הימלען, האט איהם געבענשט... ער האט איהם בעשאנקען מיט חכמה און פערשטאנד. ער וועט וויסען ווי צו רעגיערען מיט גערעכטיגקייט און יושר... און דו בת שבע, וועסט נאך זוכה זיין צו צוזעהען מיט דיינע אויגען ווי אונזער זוהן שלמה וועט אויפבויען א פראכטפולען בית המקדש, א הויז פאר גאט, א הויז וואו אלע וועלען קענען קומען און אויסגיסען זייערע הערצער פאר דעם בעשעפער פון דער וועלט... און איך... מיר איז עס נישט בעשערט צוצוזעהען מיט מיינע אויגען... איך ווייס, אז איך האב פיעל געזינדיגט פאר גאט... איך בין געווען נישט ווירדיג אנצופאנגען צו בויען דעם בית המקדש... אבער דער נביא האט מיר געזאגט אז מיין זוהן, וועלכער וועט קעניגען נאך מיר, ער וועט בויען א הויז פאר גאט... אבער געלויבט איז אונזער פאטער אין הימעל וואס ער האט מיר אריינגעגעבען א געדאנק אפצושפארען גאלד און זילבער פאר זיין הויז... איך האב נעכטען איבערגעגעבען די שליסלען פון מיינע שאץ קאמערען צו שלמה׳ן... איך האף אז ער וועט האבען גענוג גאלד און זילבער אנצופאנגען די הייליגע ארבייט... איך, אבער פיהל אז מיינע טעג זיינען געצעהלטע... איך וועל געהן אין דעם וועג וואוהין אלע געהן. און איידער איך געה צו מיינע עלטערען וואלט איך וועלען זאגען שלמה׳ן, מיין טראהן נאכפאלגער עטליכע ווערטער... איך וועל דיר דעריבער בעטען, בת שבע מיר איבערלאזען אליין מיט שלמה׳ן.

בת שבע האט זיך איבערגעבויגען דוד׳ס בעטעל און איהם א קוש געטהאן אין שטערען און זיך אפגערופען:

— זאל גאט געבען אז דו זאלסט געזונט ווערען און לעבען נאך פיעלע יאהר. און מיט דיינע אויגען צו זעהן דאס בויען דעם בית המקדש... און איך ווינש אז דו זאלסט נאך זוכה זיין דארטען מתפלל צו זיין און דאנקען איהם פאר דעם חסד וואס ער האט מיט דיר געטהאן...

— איך בין געגרייט, בת שבע, צו געהן צו מיין בעשעפער... איך האב געזוכט אויסצולייטערען מיין נשמה, און איך האף אז ווען איך וועל אהין קו־מען, וועל איך זיין ריין פון זינד, אזוי ווי א ניי געבאָרענעס קינד... אבער צו האפען צו זעהן דעם בית המקדש, צו דעם בין איך זיכער נישט בערעכטיגט... דער בארמהערציגער גאט האט מיט מיר אזוי אויך געטהאן א גרויסען חסד ווען ער האט דערלענגערט מיינע טעג, כדי איך זאל מיט מיינע אויגען צוזעהן, ווי

מיין זוהן שלמה פערנעמט מיין פלאץ... יע, איך ווייס אז איך האב איבערגעגע־בען די מלוכה אין גוטע און אין זיכערע הענט... איך ווייס אז אלע מיינע ליידען און מאטערניסען וועלען נישט זיין אומזיסט. און איך בין גליקליך צו וויסען, אז דו, מיין טייערע בת שבע, וועסט האבען דעם פערגעניגען און נחת צו צוזעהן מיט דיינע אויגען ווי דיין זוהן רעגיערט, און אויך ווי ער בויט דעם בית המקדש. איך ווייס בת שבע אז גאט האט דיר בעשאנקען מיט א לאגישען שכל און ברייטען פערשטאנד... און יעצט, כל זמן שלמה איז נאך יונג, וועט ער אין דיר קריגען א וועג פיהרער, דו וועסט איהם ראטהען מיט דיינע עצות און ער וועט טאהן אלעס וואס דו וועסט איהם זאגען.

אין בת שבע'ס אויגען האבען זיך טרעהרען בעוויזען... זי האט נאך אמאל געקושט דוד'ן און צוזאמען מיט אבישג'ן פערלאזען דעם צימער.

— מיין זוהן! — האט דוד זיך אפגערופען צו שלמה'ן — זעץ זיך נעבען מיר אויפ'ן בעט, און איך וועל דיר איבערגעבען מיינע לעצטע ווערטער, איידער איך מאך אויף אייביג צו מיינע אויגען.

מיט טרעהרען אין זיינע אויגען און מיט א געבראכענעם געמיטה האט זיך שלמה אנידערגעזעצט אויף זיין פאטער'ס בעטעל...

א היבשע ווײלע זיינען ביידע, פאטער און זוהן, געווען שטיל. דוד האט געקוקט אויף זיין זוהן מיט צערטליכע בליקען... ער האט געזוכט צו בעהערשען זיינע געפיהלען... ער האט זיך בעמיהט צו זיין רוהיג און געלאסען.

שלמה אבער איז זעהר אומרוהיג געווארען. ווען ער האט דערזעהן זיין פאטער'ס איינגעדארטען און צוקנייטשטען פנים און באמערקט דאס אויסגעלאשענע פייערעל פון זיינע אויגען האט עס איהם שטארק פארדריקט ביים הארצען.

— איז עס דאס לעצטע מאל וואס ער רעדט מיט זיין פאטער, — האט א טרויעריגער געדאנק דורכגעבליצט זיין מח, — איז עס מעגליך אז זיין ליעבער פאטער וועט איהם באלד אויף אייביג פארלאזען?... א שוידער געהט דורך זיין לייב... ווי שטארק ער נויטיגט זיך יעצט אין זיין פאטער'ס ראטה... ער איז דאך אזוי יונג און אונערפאהרען אין פיהרען די מלוכה. "אה, גאט! — האט שלמה מתפלל געווען ביי זיך אין הארצען — שיק דיין רפואה צו מיין פאטער! גיב איהם כח, שטארק איהם און קרעפטיג איהם און דערלייגנער זיינע יאהרען, זאל ער נאך פאר פיעלע יאהרען זיין צו מיר א פאטער און וועג־ווייזער"...

— שלמה, מיין זוהן! — האט דוד אונטערבראכען זיינע געדאנקען, — איך געה באלד אין דעם וועג פון דער גאנצער וועלט.

— פאטער, א, פאטער, פארלאז מיך יעצט נישט! — האט שלמה אויס־געבראכען אין א געוויין ווען ער האט דערהערט דוד'ס ווערטער.

— מיין קינד, שטארק זיך און זיי א מענש! דו דארפסט זיין זעלבסט־שטענדיג... איך האב מיין לעבען אפגעלעבט. יעצט איז געקומען מיין צייט זיך מיט דיר צו געזעגענען און אויך מיט דער גאנצער וועלט... ווען איך נעהם יעצט דורכפיהרען א חשבון פון מיינע פערגאנגענע יאהרען, זעה איך אז איך האב א סך גוטעס געטהאן, אבער צו דער זעלבער צייט האב איך אויך פיעל שלעכ־טעס געטהאן... איך האב אויך געזינדיגט און זיך בענארישט... אזוי איז שוין דער מענש, דער בשר ודם... עס איז ניטא א צדיק אויף דער וועלט וועלכער זאל נישט זינדיגען... אויב נישט דורך מעשים אין דורך שלעכטע מחשבות... אבער

יעדער מענש וועלכער לעבט אויף דער זינדיגער וועלט, טראגט צו זיין חלק זינד צו איהר... צו יעדער צייט, מיין קינד, דארף מען געדענקען אז מיר האבען א פאטער אין הימעל פאר וועמען מיר אלע וועלען דארפען פריהער אדער שפעטער אפגעבען דין וחשבון פאר אונזערע מעשים... דאריבער איז מיין צואה צו דיר, מיין זוהן, אז דו זאלסט זעהן צו היטען אלעס וואס גאט האט אנגעזאגט דורך משה'ן אין זיין הייליגער תורה... דו זאלסט זעהן זיך צו ערווערבען די געטליכע מידות, אזוי ווי דער וואס רוהט אין די הימלען איז בארמהערציג צו אלע זיינע בעשעפעניסען אזוי זאלסטו אויך זיין בארמהערציג צו אלע דיינע אונטערטהאנען, אזוי ווי גאט טהוט הערשען מיט יושר און גערעכטיגקייט די גאנצע וועלט, אזוי זאלסטו הערשען איבער דעם פאלק ישראל מיט יושר און גערעכטיגקייט; דו זאלסט אפהיטען אלע געזעצען פון דער תורה; דו זאלסט טהאן מצות און די משפטים סיי די וואס בעשטימט פון גאט און סיי דאס וואס בעלאנגט צו דעם מענשען... און ווען דו וועסט אלעס אזוי טהאן וועסטו דאן מצליח זיין און וועסט זיין ערפאלגרייך וואו דו וועסט זיך קעהרען און ווענדען... דורך דעם וועט גאט אויך מקיים זיין די הבטחה וואס ער האט געמאכט צו מיר דורך זיין נביא: ״אויב דיינע קינדער וועלען טהאן מיין פערלאנג און געהן פאר מיר מיט אמת און מיט זייער גאנצען הארצען און זעעלע, דאן וועט דיין מלוכה פעראייביגט ווערען״...

״איצט מיין זוהן, וויל איך דיר זאגען וואס דו האסט צו טהאן פאר זיך זעלבסט און פאר דיין מלוכה... דו ווייסט דאך געוויס וואס יואב, דער זוהן פון צרויה האט צו מיר געטהאן ווען ער האט פארגאסען די אומשולדיגע בלוט פון אבנר'ן, דעם זוהן פון נר, און פון עמשא, דעם זוהן פון יתר; ער האט ביידען געטויטעט נאכדעם ווי זיי האבען געשלאסען שלום מיט מיר און זיינען געווען גרייט מיר צו העלפען אין מיינע שוועריגקייטען. יואב האט זיי ביידען געטויטעט דורך בעטרוג און אפנארען... געוועהנליך האט ער דערפאר פארדיענט זיין טויט, אבער איך האב איהם ניט בעשטראפט ווייל איך האב גענומען אין אנבעטראכט זיין גרויסע דיענסט וואס ער האט געדיענט מיר און אונזער פאלק... אבער דו, מיין זוהן, דארפסט איהם בעשטראפען, דו דארפסט איהם דערווייטערען פון דער מלוכה, ער טאר ביי דיר קיין אמט ניט האלטען... אויך וועסטו מוזען גוט אכטונג געבען אויף איהם... ווייל איך קען יואב'ן זעהר גוט... ווען ער וועט דערזעהן אז דו האסט איהם ארונטערגעזעצט פון זיין אמט, וועט ער נישט רוהען, ער וועט זוכען דיר שלעכטס צו טהאן, דאריבער דארפסטו זעהר פארזיכטיג זיין... דו דארפסט איהם היטען, און אויב דו וועסט טאקע אויסגעפינען אז ער זוכט צו בונטעווען דאס פאלק געגען דיר, זאלסטו וויסען ווי צו האנדלען מיט איהם... מיט דיין קלוגשאפט וועסטו אלעס דערגעהן אויף זיכער, און דאן וועסטו איהם בעשטראפען לויט זיין פערדיענסט... דו זאלסט שוין זעהן אז ער זאל מיט זיין נאטירליכען טויט נישט שטארבען...

״און יעצט, מיין זוהן, וועל איך דיר נאך זאגען א פאר ווערטער וועגען איינעם פון מיינע גרעסטע שונאים וועלכער האט ביי יעדער געלעגענהייט געזוכט מיר אנצוטהאן צרות... ער האט מיר בעליידיגט און ערנידריגט... און דו מוזט זיכער געדענקען יענע צייט ווען איך בין אנטלאפען פון אבשלום'ן, און ווען מיר זיינען געווען אויפ'ן וועג נאך מחנים, איז ארויסגעקומען שמעי, דער זוהן פון גרא, פון שבט בנימין, ער האט מיר געשאלטען מיט די שרעקליכסטע

קללות, און דערצו האט ער אויף מיר געווארפען שטיינער און געשאטען שטויב... און ווען גאט האט געהאלפען אז איך האב זיך גענומען צוריקקעהרען אין ירושלים, איז שמעי מיר אנטקעגען געגאנגען און מיט טרעהרען אין די אויגען מיך געבעטען איך זאל איהם מוחל זיין און איך זאל איהם ניט טויטען... איך האב איהם געזאגט אז איך וועל איהם נישט טויטען... אבער דו מוזט וויסען זיין, מיין זוהן, אז דער שמעי איז אימער געווען איינער פון מיינע פארביסענע שונאים. ווען איך בין נאך געווען אין שאול'ס הויז, האט ער געמאכט פיעלע פארזוכען מיר שלעכטעס צו טהאן. ער האט אויסגענוצט יעדע שלעכטע לאגע וואס איז מיר באפאלען און געזוכט צו העלפען מיינע שונאים... אבער יעצט ווען דו ביזט קעניג, דארפסטו גוט אכטונג געבען אויף דיינע שונאים, דו וועסט דארפען אויספארשען אלעס וואס ער טהוט, ווייל איך בין זיכער, אז נאכדעם ווי איך וועל "ליגען מיט מיינע עלטערען", וועט ער מאכען א פארזוך אויך דיר שלעכטעס צו טהאן. דו מוזט אויך געדיינקען אז שמעי האט א גרויסען איינפלוס אויף זיין שבט בנימין; ער איז דאך פון שאול'ס משפחה... דאריבער איז מיין עצה, דו זאלסט זעהן אז שמעי זאל שטענדיג זיין אונטער דיין השגחה... דו טארסט נישט דערלאזען דאס ער זאל פארבלייבען אין בחורים. דו, מיין זוהן, ביזט דאך א חכם, וועסטו שוין וויסען ווי זיך צו באגעהן מיט איהם. און ווען דו וועסט אויסגעפינען אז ער זוכט נאך אלץ דיר שלעכטעס צו טהאן, דאן וועסטו וויסען וואס צו טהאן צו איהם.

"אין דער זעלבער צייט שלמה, טארסטו נישט פארגעסען אונזערע גוטע און איבערגעבענע פריינד... די קינדער פון מיין ליעבען פריינד ברזילי, זאלסטו זעהן מקרב צו זיין, זיי זאלען זיך תמיד געפינען ביי דיין טיש, ווייל זיי האבען מיט מיר און מיינע מענשען געטהאן זעהר פיעל חסד, אין דער צייט ווען איך בין געווען אין גרויס נויט, ווען איך בין אנטלאפען פון דיין ברודער אבשלום.

דוד'ס שטימע איז געווארען שוואכער, זיינע ליפען זיינען נאך מעהר פארטריקענט געווארען, אבער זיינע בליקען האט ער נישט אפגעווענדט פון שלמה'ן.

— פאטער! — האט זיך שלמה אפגערופען, — זאל איך דיר ברייגנען אביסעל וואסער?

דוד האט א דרעה געטהאן מיט'ן קאפ אויף ניט. א קליינע ווייל האט ער געשוויגען ווי ער וואלט זיך אפגערוהט און נאכהער האט ער פארטגעזעצט:

"הועגען בויען דעם בית המקדש האב איך שוין מיט דיר פריהער גערעדט. איך וויים אז דו וועסט טהאן אלעס וואס איך האב דיר געזאגט. דו וועסט בויען דעם בית המקדש ער זאל זיין א מוסטער פאר דער גאנצער וועלט... און יעצט, מיין זוהן, — האט דוד ארויפגעלייגט זיין האנד אויף שלמה'ס קאפ — זאל דיר גאט בענשען און שטארקען, ער זאל דיר און דיין פאלק בעשיצען פון אלע דיינע שונאים... זאל הערשען שלום אין דיינע טעג און זאל דיין קעניגרייך זיין שטארקער און גלארדייכער פון מיינער. און זאל דער כבוד פון אונזער פאלס דערהויבען ווערען דורך דיין קלוגער און יושר'דיגער הערשאפט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דוד'ס האנד איז פלוצים ארונטערגעפאלען פון שלמה'ס קאפ... און ווען שלמה האט באמערקט אז זיין פאטער'ס אויגען זיינען פארמאכט געווארען, און זיין קערפער איז קאלט געווארען, האט ער פארשטאנען אז ער האט זיינע אויגען געשלאסען אויף אייביג.

— פאטער! פאטער! — האט שלמה אויסגעבראכען אין א יאמערליכען געוויין, — מיין ליעבער פאטער! . . . . .

זיין געוויין האט זיך דערהערט אויסער'ן צימער און באלד איז בת שבע און די שונמית אריינגעלאפען אין צימער. נאך זיי זיינען אנגעקומען די רופאים. זיי האבען געטראפען שלמה'ן האלזענדיג זיין פאטער און וויינען.

— מיין ליעבער דוד! — איז בת שבע צוגעפאלען צו דוד'ס בעט. — די ליכט פון מיינע אויגען זיינען אויסגעלאשען געווארען. א, ווי שטארק דיין טויט האט מיר געטראפען, מיין טהייערער דוד... הלואי וואלט איך בעסער געשטארבען, אנשטאט דיר.

---

בליץ שנעל איז די נאכריכט פון דוד'ס טויט פארשפרייט געווארען איבער'ן גאנצען לאנד. אין יעדען ווינקעל פון ארץ ישראל האט א טרויער געהערשט... מענשען, אין די הונדערטע טויזענדער זיינען געקומען אין ירושלים אפצוגעבען דעם לעצטען כבוד זייער בעליעבטען און געאכטעטען קעניג.

געוויינען און יאמערען האבען אנגעפילט די לופט אין ירושלים.

— דוד איז טויט! — האט נתן דער נביא אויסגערופען, — אבער ער וועט אייביג לעבען אין די הערצער פון ישראל!

דריי טעג זיינען די טיהרען פון פאלאץ געווען אפען, און טויזענדע זיינען אריין אנצוקוקען צום לעצטען מאל דעם פנים פון דוד'ן, זייער קעניג, וועלכער האט זיי אזוי ערהויבען און דערגרויסט.

פיעלע פארשטעהער פון די ארומיגע מלוכות וועמען דוד האט בעזיעגט זיינען אויך געקומען אפגעבען דעם גרויסען אידישען קעניג זיין לעצטען כבוד. זיי זיינען געקומען אין ירושלים און האבען שלמה'ן איבערגעגעבען זייערע שווערדען אלס צייכען פון פריינדשאפט.

נאך דער מיטה איז געגאנגען שלמה און זיין מוטער. הינטער זיי חגית און אדוניה און די איבריגע פרויען, ווי אויך זיינע פלגשים מיט זייערע קינדער.

פאר דער מיטה זיינען געגאנגען נתן דער נביא, צדוק דער כהן און בניה דער זוהן פון יהוידע... זיי האבען אלע געזונגען די מזמורים וואס דוד המלך האט פארפאסט.

גאר צום לעצטען זיינען נאכגעגאנגען יואב, דער זוהן פון צוריה, און אביתר דער כהן... זיי האבען די גאנצע צייט געשוויגען. אבער פון צייט צו צייט האבען זיי זיך איבערגעווארפען מיט בליקען... זיי האבען זיך איינער דעם צווייטען גוט פארשטאנען...

## זיעבעטער קאפיטעל

## דער דורכפאל

דרייסיג טעג האבען אלע אידען געטרויערט נאך דוד'ן. דורך דער צייט האט שלמה אויפגענומען פיעלע שלוחים פון פערשיעדענע פעלקער וועלכע זיינען געשיקט געווארען דורך זייערע קעניגען צו טרייסטען שלמה'ן.

שלמה האט זיי זעהר פיין אויפגענומען און האט מיט זיי געשלאסען א בונד פון שלום.

די שלוחים האבען שטארק בעוואונדערט די קלוגשאפט פון דעם יונגען קעניג. זיי זיינען געריהרט געווארען פון זיין ווארימער אויפנאהמע און ווען זיי האבען זיך צוריקגעקעהרט אהיים אין זייערע לענדער האבען זיי שלמה'ן זעהר פיעל פערלויבט פאר זייערע קעניגען... אזוי איז שלמה בעריהמט געווארען ניט נאר אין אלע ארומיגע לענדער, אבער אויך אין גאנץ ווייטע מדינות.

---

עטליכע מאנאטען זיינען אריבער, זינט דוד איז געשטארבען, און יואב האט איינגעזעהן אז ער האט נישט וואס צו ערווארטען פון שלמה'ן... ער האט נאך אלץ געהאפט, פיעלייכט וועט שלמה פארט האבען מיט איהם איינזעהעניש און איהם צוריקגעבען דעם אמט אלס שר צבא, וואס ער האט געהאט ביי זיין פאטער... ער האט ביי זיך געטראכט אויב שלמה וועט איהם צוריק רופען, און געבען איהם אפילו א קלענערען אמט וועט ער אויפגעבען דעם געדאנק וועגען אויפשטאנד... אבער ווען ער האט געזעהן אז שלמה טראכט גאר נישט וועגען איהם, האט זיך אין איהם ווידער ערוואכט דער געפיהל פון נקמה און ער האט ווייטער גענומען פלאנעווען וועגען אן אויפשטאנד...

יואב האט זיך דורכגערעדט מיט חגית'ן און איהר געבעטען זי זאל צו איהם קומען מיט אדוניה'ן...

ווען זיי זיינען געקומען צו איהם, האט יואב זיך אפגערופען צו אדוניה'ן:

— זאג מיר אדוניה, האסטו נאך דיין באשלוס נישט געענדערט?

— נאך יעצט, מעהר ווי פריהער, בין איך געגרייט אויף אלעס — האט אדוניה געענטפערט — איך האב זיך אבער געוואונדערט אויף דיר... די גאנצע צייט, זינט מיין פאטער איז געשטארבען — האב איך פון דיר אפילו קיין אנדייטונג נישט געהערט אויף דעם... מיר האט זיך געדוכט אז דו האסט זיך ארומגעזעהן דאס עס לוינט זיך יעצט נישט אנצופאנגען מיט שלמה'ן...

— דיר איז דאך בעוואוסט ווי דאס פאלק האט געפיהלט גלייך נאך דוד'ס טויט... יעדען'ס הארץ איז געווען פערביטערט אויף דעם טויט פון זייער קעניג. און עס וואלט געווען אוממעגליך פאר אונז עפעס צו טהאן... יעצט, אז די געמיטהער האבען זיך בערוהיגט... דאס פאלק פאנגט ביסלעכווייז אן צו פערגעסען דוד'ן, איז געקומען די צייט איבערצוצייגען דעם פאלק אז דו ביזט דער בערעכטיגטער יורש פון דוד'ס טראהן און ניט שלמה...

— אבער ווי איך פערשטעה, האסטו זינט מיין פאטער'ס טויט אין גאנצען פערלארען דיין מאכט איבער דער ארמעע... — האט אדוניה איהם געזאגט.

— אמת, שלמה האט פון מיר אוועקגענומען די מאכט, אבער מיינע סאלדאטען האבען מיר נאך אלץ ליעב. און זיי האבען נישט אויפגעגעבען זייער צוטרויען אין מיר... ווען די געלעגענהייט וועט קומען און איך וועל זיי ברויכען, וועלען אלע ווי איין מאן קומען צו מיר...

— וואס בלייבט דען יעצט צו טהאן? — האט חגית געפרעגט יואב'ן.

— דערווייל בלייבט נור איין זאך פאר דיר צו טהאן—האט יואב זיך אפגערופען צו אדוניה'ן—דו מוזט זעהן צו קריגען שלמה'ס הסכמה צו קענען הייראטען די שונמית. און ווי זי וועט ווערען דיין פרוי, דאן וועט זיין גרינג פאר מיר

איבערצוצייגען דעם פאָלק אז דיינע תביעות אויף׳ן טראָהן זיינען גערעכטע... דו דאַרפסט מיר פאָלגען און טהאָן ווי איך האָב דיר שוין פריהער געראַטען, דו מוזט געהן צו בת שבע׳ן און איהר בעטען זי זאָל דיר טאָהן א טובה און פועל׳ן ביי שלמה׳ן, ער זאָל דיר ערלויבען צו הייראַטען אבישג די שונמית... און טאַקע גלייך אין דעם טאָג פון דיין חתונה וועל איך האָבען צוגעגרייט מיין אַרמעע מיט׳ן אויסרייד אז איך וויל זיך מיט זיי פעראַבשידען און דאַן וועט דיר אביתר זאַלבען פאַר קעניג און מיט דער הילף פון מיינע סאָלדאַטען וועלען מיר פער־כאַפּען דעם טראָהן פאַר דיר...

— איין זאַך וויל איך דיר אנזאָגען, מיין זוהן — האָט חגית געזאָגט צו אדוניה׳ן — איידער דו הייראַטסט אבישג׳ן טאָר זי גאָרניט וויסען פון דיינע פּלענער... דו זאָלסט נישט וואָגען אנפערטרוי׳ען דיין לעבען אין אבישג׳ס הענט... כאָטש דו ליעבסט איהר זעהר שטאַרק, אָבער דו קענסט דאָך ניט וויסען ווי גרויס איהר ליעבע איז צו דיר...

— דיין מוטער איז גערעכט — האָט יואב צוגעגעבען — עס וועט זיין גלייכער פאַר אונז אלעמען אז אבישג וועט גאָרניט וויסען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך...

— אבער וואָס וועל איך טהאָן ווען אבישג וועט נישט וועלען הייראַטען מיט מיר ? — האָט אדוניה געפרעגט — דאַן וועל איך דאָך איהר מוזען ער־קלערען וואָס פאַר אן אויסזיכט איך האָב צו ווערען קעניג אנשטאָדט שלמה׳ן, — כדי זי זאָל צושטימען מיך צו הייראַטען...

— חלילה, דו זאָלסט צו איהר עפּעס זאָגען וועגען דעם ! — האָט יואב אויסגערופען — ווי נאָר דו וועסט קריגען שלמה׳ס צושטימונג, וועט די שונמית קיין אנדער ברירה נישט האָבען... זי וועט דאָך מוזען נאָכקומען דעם קעניג׳ס פערלאַנג... און דאַן וועט זי שוין מיט דיר חתונה האָבען...

— און דאַן וועסטו מיין זוהן ווערען קעניג ! דאָס פאָלק האָט ליעב אבישג׳ן די שונמית. דאָס פאָלק האָט אויך דיר שטאַרק ליעב, און אחוץ דעם ביזטו דאָך דער עלטערער... אלע ווייסען אז שלמה האָט קיין רעכט נישט צו זיצען אויף׳ן טראָהן... די קרוין בעלאַנגט צו דיר און נאָר דו אליין וועסט זי טראָגען !

— יע, מוטער נאָר איך אליין וועל טראָגען די קרוין, און אבישג וועט זיך טיילען מיט מיר די מלוכה !

— אָ, ווי גרויס איז מיין וואונש דאָס צוצוזעהן מיט מיינע אויגען ! — האָט חגית אויסגערופען — ווי גליקליך איך וואָלט זיך געפיהלט ווען איך קען נקמה נעמען פון דער פערהאַסטער בת שבע׳ן... ווען איך בין יעצט די מוטער פון קעניג און זי...

— ווען אדוניה וועט מיר פאָלגען, וועט שוין לאַנג נישט דויערען ! — האָט יואב זיך צו איהר אפּגערופען — שלמה וועט אין גיכען דערפיהלען מיין מאַכט... יואב איז נאָך קיין מאָל נישט בעזיעגט געוואָרען... ער האָט מיר בערויבט פון מיין אַמט אלס שר צבא, אָבער די אַרמעען זיינען מיט מיר... און ווען איך יועץ זיי ברויכען וועלען זיי מיינע בעפעהלען טהאָן.. איך ווינש בלויז אן אויסרייד צו האָבען און איך וועל אומקעהרען די הערצער פון גאַנצען פאָלק צו אדוניה׳ן „אזוי גרינג ווי איך ציה דיזען שווערד ארויס פון דער שייד...

יואב האט שנעל ארויסגעצויגען זיין שווערד פון דער שייד און ער האט פארטגעזעצט:

— מיט דיזען שווערד, האב איך געטויטעט אבנר'ן און עמשא'ן, מיינע שונאים... אבער דאס שווערד האט זיך נאך נישט אנגעזעטיגט מיט דעם בלוט פון מיינע שונאים... און ווען עס וועט נויטיג זיין וועט שלמה אויך פארזוכען דיעם טעם פון מיין שווערד...

— און אין וואס וועט דיין אויסרייד בעשטעהן האט איהם אדוניה :ע־פרעגט.

— אין דעם אז דו וועסט קריגען די שונמית פאר דיין פרוי... זי האט פריהער געהערט צו דוד'ן און יעצט וועט זי געהערען צו זיין יורש!!!

— מארגען געה איך צו בת שבע'ן! — האט אדוניה אויסגערופען.

— מיט גליק, מיין זוהן — און זאל גאט אריינגעבען שלמה'ן א געדאנק ער זאל אהן שוועריגקייטען דיין וואונש ערפילען...

— און אויב נישט וועל איך איהר אהן זיין הסכמה נעמען! — האט אדוניה אויסגערופען — ער האט געקענט פון מיר די מלוכה אוועקרויבען אבער נישט די שונמית!...

— יעצט רעדסטו ווי א בן חיל! — האט יואב צו איהם געזאגט — איך בין זיכער אויב דו וועסט דיין מוטה נישט פערלירען וועסטו ערפאלגרייך זיין.

---

אויף מארגען אין דער פריה, נאך פריהשטיק איז אדוניה אוועק צו בת שבע'ן.

— קומסטו צו מיר מיט פרידען? — האט בת שבע איהם געפרעגט מיט איבערראשונג.

— מיט פריעדען, מיין הארינטע, און מיט גרויס אכטונג און שעצונג צו דיר און צו דעם קעניג!

— וואס איז דיין פערלאנג, אדוניה? — האט איהם בת שבע געפרעגט.

— איך בין געקומען דיר בעטען א קלייניגקייט און איך האף אז דו וועסט מיין ביטע נישט ענטזאגען...

— אויב דיין פערלאנג איז אין די גרעניצען פון מיין מעגליכקייט וועל איך עס זיכער טאהן פאר דיר! — האט איהם בת שבע געענטפערט. — זאג מיר, וואס איז דיין בקשה?

— דיר איז דאך גאנץ גוט בעוואוסט, בת שבע אז די מלוכה איז געווען אין מיינע הענט... איך האב געהאט מעהר רעכט צו דעם טראהן ווי מיין ברודער שלמה, בין איך דען נישט דער עלטערער? און אחוץ דעם האט גאנץ ישראל צו מיר געווענדעט די אויגען צו מיר איך זאל קעניגען... דו ווייסט דאך ווי שטארק ליעב דאס פאלק האט מיר געהאט און עס איז ביי קיינעם גאר קיין ספק נישט געווען אז איך וועל קעניגען נאך מיין פאטער... אבער עס האט זיך אזוי געמאכט, און די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו מיין ברודער... איך טראג נישט קיין כעס אויף שלמה'ן און אויך ניט קיין שנאה אויף איהם... ע כאיז דאך אזוי בעשערט געווען, אזוי איז געוועזן דער וואונש פון גאט און אויך פון מיין פאטער!

— איך ווייס נאך אבער אלץ נישט וואס דיין פערלאנג איז? — האט בת שבע אומגעדולדיג א זאג געטהאן.

— מיין בקשה פון דיר איז — האט אדוניה אויסגערופען, רויט־ווערענדי־ג — אז דו זאלסט קריגען פאר מיר ערלויבניס פון שלמה׳ן דעם קעניג, צו הייראַטען! — האט אדוניה געזאגט — און א חוץ דעם וויל איך איבערצייגען מיין מיר בעטען, וועט ער דיר זיכער נישט ענטזאגען, איך האב אבישג׳ן זעהר ליעב.

און איך וועל צופריעדען זיין ווען זי וועט מיין פרוי ווערען. און איך וועל אפילו אין זינען נישט האבען די מלוכה...

— אויב אבישג האט דיר אויך ליעב, זעה איך נישט איין פארוואס דו זאלסט מיט איהר נישט קענען הייראטען! — האט בת שבע זיך אפגערופען...

— אהן די הסכמה פון קעניג, וועל איך מיט איהר נישט קענען הייראַטען!! — האט אדוניה געזאגט — און אקוץ דעם וויל איך איבערצייגען מיין ברודער ווי געטריי און איבערגעגעבען איך בין איהם, אז איך טוה קיין זאך נישט אהן זיין צושטימונג...

— גוט, איך וועל דיר די טובה טאהן! !— האט בת שבע געזאגט — איך וועל נאך היינט בעטען שלמה׳ן ער זאל דיין וואונש ערפילען... דו קענסט יעצט רוהיג געהן אהיים, איך וועל שוין זעהן אז דו וועסט בעקומען די שונמית פאַר דיין פרוי...

— איך וועל דיין גנאדע קיינמאל נישט פארגעסען — האט אדוניה זיך פערנייגט פאר בת שבע׳ן... דיינע ווערטער האבען מיר גליקליך געמאכט... אבישג וועט מיינע זיין!... יעצט איז מיר ווידער כדאי צו לעבען...

— דו וועסט קומען אין אבענט און איך וועל דיר מיין זוהנ׳ס תשובה געבען — האט בת שבע געזאגט.

— איך דאנק דיר בת שבע, ווי א מלאך פון הימעל ביזטו יעצט אין מיינע אויגען! — האט אדוניה געזאגט און איז ארויסגעגאנגען...

---

מיט גרויס פרייד, האט אדוניה געבראכט די בשורה צו זיין מוטער און יואב.

— די שונמית איז שוין מיינע — האט אדוניה אויסגערופען און זיינע אויגען האבען געגלאנצט פון גליק...

— וואס מיינט אז אויך די מלוכה איז דיינע! — האט יואב צוגעגעבען.

— וואס האט דיר בת שבע צוגעזאגט — האט חגית איהם געפרעגט — האט זי דיר געזאגט אז זי וועט זיך מיט שלמה׳ן דורכריידען וועגען דעם, אדער זי האט דיר פערשפראָכען אז זי וועט בעטען דאס שלמה זאל זיין הסכמה געבען?

— זי האט מיר פערשפראָכען צו בעטען שלמה׳ן ער זאל מיין וואונשט ערפילען! — האט אדוניה געזאגט.

— אויב אזוי מעגסטו זיכער זיין אז די שונמית וועט דיין פרוי ווערען! — האט איהם וואס געזאגט — שלמה וועט זיין מוטער׳ס ביטע קיינמאל ניט ענטזאגען — דער כבוד אם איז ביי איהם זעהר הייליג... איך האב געהערט אז ווי נאר בת שבע בעווייזט זיך אין זיין קעניגליכען צימער, אז שלמה געהט ארונ־

טער פון זיין טראהן און פערנויגט זיך פאר זיין מוטער, און ער אליין דערלאנגט איהר א שטוהל זי זאל זיך זעצען נעבען איהם!

— איך צווייפעל אויב דו וואלסט אזוי געטהאן פאר מיר! — האט חגית מיט קנאה געזאגט — איך בין זיכער אז ווען דו וועסט ווערען קעניג וועסטו מיר אזוי פיעל כבוד נישט אנטהאן...

— אין דעם וועסטו זיך אין גיכען איבערצייגען, מיין מוטער — האט איהר אדוניה א קוש געטהאן — נישט נאר וועל איך פאר דיר א שטוהל שטעלען נע־בען מיין טראהן אבער איך וועל דיר זעצען אויף מיין טראהן, און איך וויל די גאנצע צייט שטעהען נעבען דיר...

— איך וועל זיין צופריעדען אז דו וועסט זיצען אויף'ן טראהן און איך זאל שטעהען נעבען דיר — האט חגית געזאגט מיט א שמייכעל... איך וועל פון דיר צופיעל כבוד נישט פערלאנגען מיין זוהן!

— יעצט דארף מען זיין געגרייט! — האט יואב אויסגערופען — איך געה גלייך רופען אביתר'ן און צוזאמען וועלען מיר זיך איבעררעדען מיט אונזערע פריינד... פיעלע פון מיינע גבורים זיינען מיר געבליבען געטריי... מארגען וועט עס געשעהן!! אדוניה וועט הייראטען די שונמית און אין דערזעלבער צייט וועט ער קעניג ווערען אנשטאדט שלמה'ן!!... מארגען וועט דאס פאלק שרייען: "לאנג לעבען זאל אדוניה דער קעניג פון ישראל!

— און לאנג לעבען זאל די קעניגין, אבישג די שונמית!! — האט אדוניה צוגעגעבען.

זעהר אומגעדולדיג איז אדוניה געווארען וועגען אבישג'ן; ער האט זיך ניט געקענט דערווארטען ביז דעם אבענד ווען ער וועט הערען פון בת שבע'ן דעם ענטפער פון שלמה'ן.

ער איז געווען אזוי בעגייסטערט פון דעם וואס יואב האט איהם נאר וואס געזאגט, אז ער איז גלייך אוועק צו דעם פאלאץ, און געווארט אויף א געלע־גענהייט זיך צו זעהן מיט דער שונמית...

ווען אדוניה האט איהר דערזעהן, איז זיין הארץ נאך מעהר ווי פריהער אנגעצונדען געווארען פון ליעבשאפט און ליידענשאפט צו דער שעהנסטער מיי־דעל אין גאנץ ישראל... ער האט זיך צו איהר דערנעהנטערט און פארנייגט.

— דו בליהענדע בלום פון יהודה! — האט אדוניה זיך צו איהר אפגע־רופען — די בליקען פון דיינע שעהנע, רייצענדע אויגען מאכען מיר שטאלץ... די שטראהלען פון דיין פרעכטיגע געשטאלט דערווארעמען מיין נשמה.

— מיין האר! — האט די שונמית א שמייכעל געטהאן, און איהר פנים איז בעדעקט געווארען מיט רויטקייט — מיט וואס קען איך דיר דיענען?

— מיר דיענען? א, דו געטליכער מלאך! ווי גליקליך איך וואלט זיך געפיהלט ווען איך וואלט דיין דיענער געקענט זיין אויף אייביג...

אבישג איז געבליבען שטעהן צוטומעלט... עס איז שוין נישט דאס ערשטע מאל ווי זי הערט פון אדוניה'ן אזעלכע זיסע רייד, וועלכע זיינען איהר שטארק דערווידער... און כאטש אין די פריהערדיגע צייטען האבען איהר זיינע רייד זעהר שטארק אויפגערעגט, און זי פלעגט פון איהם זיך אפקעהרען מיט כעס, האט זי אבער יעצט דאך געהאט עטוואס מיטלייד מיט איהם... זי האט געזעהן ווי שנעל ער האט זיך אונטערגעגעבען צו שלמה'ן... ער האט די מלוכה במעט

געהאט אין זיינע הענט... ער האט זיך די גאנצע צייט געהאלטען פאר דעם קרוינפרינץ און יעצט איז ער צופריעדען מיט זיין גורל... זי איז געווען זיכער, אז אדוניה וועט מאכען א פארזוך ווידערצושפעניגען אין שלמה'ן און פאר־אורזאכען אן אויפשטאנד נאך דוד'ס טויט. אבער יעצט זיינען שוין עטליכע מאנאטען פאראיבער און אדוניה האלט זיין ווארט וואס ער האט געגעבען צו שלמה'ן...

אבישג האט א בליק געטהאן אויף אדוניה'ן, ווי זי וואלט איהם געפרעגט, וואס איז זיין פערלאנג.

— איך וויים... — איז אדוניה דרייסטער געווארען ווען ער האט בעמערקט אבישג'ס סימפאטישע בליקען — איך וויים, אז דיר וואונדערט פאר וואס איך בין צו דיר א סך פריהער נישט געקומען... איך בין נישט געווען אימשטאנד דאס צו טהאן... אבער דו דארפסט נישט פארגעסען, אז איך האב טאג און נאכט נים אויפ:עהערט צו טראכטען פון דיר... איך האב זעהר פיעל געפלאנעוועט צו־ליעב דיר, אבישג, און בין וואנען איך בין נים געווען זיכער מיט אלעס, האב איך דיר נים געוואלט באלעסטיגען... יעצט אבער... ניין... איך קען דאס דיר דא נישט זאגען... קיינער טאר דערפון נישט וויסען... קום, אבישג, אריין מיט מיר אין גארטען און ווען איך וועל זיכער זיין אז קיינער הערט נישט מיינע ווערטער, וועל איך דיר דאן אלעס דערצעהלען...

— מיין האר! — האט זיך אבישג אפגערופען, — ווער בין איך, אז דו זאלסט מיר דיינע סודות פארטרויען?

— דו ביזט מיין שטראהל־ליכטיגקייט, דו ביזט מיין איינציגע האפנונג, — האט אדוניה זיך אפגערופען — און פאר דיר איז ביי מיר קיינע סודות נישטא... קום, איך בעט דיר, קום אריין מיט מיר אין גארטען און דארט וועל איך פאר דיר אלעס ענטפלעקען!

אבישג איז געבליבען שטעהן אומבעשלאסען. פון איין זייט איז זי געווען זעהר נייגעריג צו וויסען מיט וואס פאר א פלענער אדוניה טראגט זיך יעצט ארום... א געדאנק איז איהר דורכגעפאלען פיעלייכט וויל ער שלעכטס טהאן שלמה'ן... אויב דאס זאל זיין דער פאל דאן איז גלייכער אז זי זאל עס אויס־געפינען אין צייט כדי צו פערהיטען פון אן אונגליק... און פון דער צווייטער זייט האט די שונמית מורא געהאט צו בלייבען מיט אדוניה'ן אליין אין גאר־טען. פריש איז נאך געווען אין איהר זכרון ווי אדוניה האט זיך צו איהר בענ־מען דעם ערשטען מאל ווען ער האט איהר אליין געטראפען אין גארטען... יא... ווען נישט שלמה, ווער וויים וואס ער וואלט צו איהר דאן געטהאן.

— איך בעט דיך, אבישג, — האט אדוניה אונטערבראכען איהרע גע־דאנקען — ענטזאג נישט מיין פערלאנג און קום מיט מיר...

— ניין! — האט אבישג אויסגערופען — איך וועל מיט דיר נישט געהן, סיידען דו וועסט מיר שווערען אז דו וועסט קיין פארזוך נישט מאכען מיר צו בעליידיגען.

— דיר צו בעליידיגען?! — האט אדוניה אויסגערופען ערשטוינט — איך זאל דיר בעליידיגען! ווי אזוי פאלט דיר גאר איין אזא זאך, האב איך דיר דען ווען עס איז בעליידיגט?

— דו האסט ווארשיינליך פארגעסען... אבער איך געדענק גאנץ גוט,

ווען דו האסט מיר צום ערשטען מאל געטראפען אין גארטען... — האט אבישג געזאגט.

— אה, — האט אדוניה זיך אפגערופען מיט א שמייכעל, — דאס הייסט ביי דיר בעליידיגט?... ווען איך האב בלויז געמאכט א פארזוך אויסצודריקען מיינע געפיהלען צו דיר...

— א געפיהל וואס ווערט אויסגעדריקט מיט די הענט איז א בעליידיגונג! — האט אבישג שנעל געענטפערט.

— איך האב דאך דיר אבער דאן גארנישט געטהאן! — האט זיך אדוניה פרובירט פארענטפערען.

— יא, דאס איז ריכטיג, — האט אבישג געענטפערט, — אבער אין דעם איז דיין ברודער געווען שולדיג... ער איז גראדע אנגעקומען אין צייט און צונישט געמאכט דיין פארזוך...

— אה, צו וואס דערמאנען יעצט די פערגאנגענהייט! — האט אדוניה זיך אפגערופען, און א ציטער איז דורך זיין קערפער, — ווען איך וואלט וויסען דאן וואס איך ווייס איצט, וואלט אלעס אנדערש געווען... אבער איך פארשפרעך דיר יעצט אז איך וועל מיינע הענט נישט בענוצען...

— דו מוזט מיר אבער אויך שווערען. — האט אבישג געזאגט.

— ווי אזוי וועל איך קענען שווערען, — האט אדוניה זיך אפגערופען, — טאמער וועל איך זיך פארגעסען...

— אויב דו וועסט זיך פארגעסען וועל איך דיר דערמאנען, — האט אבישג געשמייכעלט.

ווען אדוניה האט באמערקט אבישג'ס שמייכעל, איז ער געווען אויסער זיך פון גליק... דאס באוויזט, — האט ער געדרונגען פון דעם, — אז זי האט איהם באמת ליעב און דאס וואס זי פערלאנגט פון איהם ער זאל איהר שווערען אז ער וועט איהר נישט באלעסטיגען, טהוט זי דאס ווייל זי איז בעשיידען.

— איך שווער! — האט אדוניה אויפגעהויבען זיין רעכטע האנד, — איך שווער אז ווען דו וועסט יעצט מיט מיר אריינגעהן אין גארטען, וועל איך דיר נישט בעריהרען מיט מיינע הענט אויב דאס וועט זיין געגען דיין ווילען.

— אויב אזוי וועל איך געהן! — האט די שונמית געענטפערט.

אדוניה איז אריין מיט אבישג'ן אין גארטען.

— לאמיר זיך זעצען דארטען אונטער'ן בוים, — האט אדוניה געזאגט, — ווייל דאס וואס איך האב מיט דיר צו ריידען איז א סוד און קיינער טאר דערפון נישט וויסען. פון יענעם פלאץ וועלען מיר גוט קענען זעהן אויב אימיצער קומט אז.

אבישג'ס נייגעריגקייט האט געשטיגען און זי האט איינגעשטימט.

ביידע האבען זיך געזעצט אונטער'ן בוים און אדוניה האט אנגעפאנגען.

— עס איז שוין לאנג, אבישג, אז איך האב זיך דיר געקליבען אלעס צ דערצעהלען, ווייל ווער נאך ווי דו, וועסט מיר אזוי קענען פארשטעהן... אבע ווייל איך בין נאך נישט געווען זיכער ביז היינט, האב איך זיך אבגעהאלטען פ צו ריידען מיט דיר וועגען דעם. היינט אבער, ווייס איך, אז איך האב א רעכ צו ריידען מיט דיר מיט זיכערקייט.

אבישג האט איהם אנגעקוקט מיט נייגעריגקייט. זי האט נאך אלץ ני געקענט פארשטעהן וואס ער ציעלט מיט זיינע ווערטער.

אדוניה האט געמאכט א קליינע פויזע ווי עס וואלט איהם שווער געווען צו בעשליסען צי זאל ער פאר איהר יעצט אויסגיסען זיין הארץ און איהר אלעס דערצעהלען.

א ווײלע האט געהערשט א שטילקייט. אבישג האט געווארפען איהרע פארשענדע בליקען אויף איהם, און ווען אדוניה האט אריינגעקוקט אין איהרע שעהנע אויגען, האט ער געקראגען מוטה און האט פארטגעזעצט:

—דיר איז דאך בעוואוסט, מיין ליעבע אבישג, אז איך בין געווען מיין פאטער'ס עלטערער זוהן. יא, איך בין עלטער פאר שלמה'ן מיט צעהן יאהר, און קיינער האט גאר נישט געצווייפעלט אז איך וועל זיין דער יורש פון מיין פאטער'ס טראהן... ווער האט זיך גאר געקענט פארשטעלען אז שלמה וועט פארנעהמען מיין פלאץ... פארשטעהסטו, קיינער פון פאלק האט נישט ליעב גע־האט שלמה'ן און זיין מוטער בת שבע'ן.

— ווי ווייט איך וויים, — האט אבישג א שמייכעל געטהאן, — איז דער קעניג זעהר בעליעבט ביי דעם גאנצען פאלק... און בת שבע... איהר פארגעטערען דאך אלע. זי איז דאך אזוי גוט און ליעבליך ווי א מלאך.

— המ... — האט אדוניה אויסגערופען, — דיר איז נאך נישט בעוואוסט וואס עס האט פאסירט מיט בת שבע'ן, דו ביזט נאך פיעלייכט דאן אויף דער וועלט נישט געווען... אבער דו דארפסט וויסען זיין, אז קיינער האט נאך ביז יעצט בת שבע'ן נישט מוחל געווען איהר גרויסע זינד וואס זי איז בעגאנגען געגען איהר פריהערדיגען מאן, אוריה דעם חתי... יא... זי האט פערראטהען איהר מאן!... זי האט פעראורזאכט אז ער זאל געטויטעט ווערען אויף דער מלחמה מיט די עמונים, כדי זי זאל נאכהער קענען הייראטען דעם קעניג! יעצט זעהסטו שוין ווי פארדארבען זי איז... און דו האסט די גאנצע צייט געלעבט אין טעות וועגען איהר...

— ניין, מיין האר, — האט אבישג אויסגערופען, — נישט איך האב גע־לעבט אין טעות, נאר איך גלויב אז דו לעבסט נאך יעצט אין טעות... איך האב פון דעם שוין לאנג געהערט, אבער נישט ווי דו גלויבסט... אלע ווייסען שוין יעצט אז אוריה דער חתי האט דעם טויט פארדיענט צוליעב צוויי זאכען: ער־שטענס, האט ער פערראטהען דוד'ן ווען ער איז נאך אנטלאפען פון שאול'ן, און ווידער, ווייל ער האט פעראורזאכט דעם טויט פון איש בושת'ן... און מיר וואונדערט זיך אויף דיר, אז דו, וועלכער האט זיך שטענדיג געפונען אין קע־ניגליכען הויף זאל דערפון נישט וויסען.

— המ... ע... איך וויים יא דערפון, — האט זיך אדוניה געזוכט ארויסצו־דרעהען — אבער כאטש דאס האט ריינגעוואשען מיין פאטער פון זינד, אבער דאס האט נישט רעכטפערטיגט בת שבע'ס פערראטה.

— אבער איך וויים אז בת שבע האט געהאט א פולשטענדיגעם רעכט צו פארלאזען איהר מאן, ווייל ער האט איהר גענארט... און נישט נאר האט ער איהר גענארט נאך דער חתונה ווען ער האט אויף זיין געוויסען געהאט דאס בלוט פון אז אומשולדיגען מענשען, אבער ער האט דורך בעטרוג און שווינדעל איהר ארייננענארט זי זאל מיט איהם חתונה האבען... יא, איך וויים פון אלעם... בת שבע האט מיר איהר גאנצע לעבענס־געשיכטע דערצעהלט... דאריבער האסטו קיין רעכט נישט צו ריידען אזוי וועגען איהר.

— יאָ, מעגליך אַז דו ביזט גערעכט. איך גלויב אויך אַז זי איז אפשר נישט אַזוי שולדיג ווי אַנדערע ווילען האָבען... אָבער דאָס פאָלק ווייס דערפון נישט, און איך בין זיכער אַז אַ מעהרהייט פון פאָלק טראָגט אין האַרצען אַ שנאה אויף איהר דערפאַר, און דאַריבער איז ביי קיינעם קיין ספק נישט געווען, אַז איך וועל ווערען קעניג נאָך מיין פאָטער'ס טויט. דו ווייסט דאָך אָבער אבישג, אַז דער פאָטער איז די לעצטע צייט פאַר זיין טויט זעהר קראַנק געוואָרען, און בת שבע האָט זיך באַנוצט מיט דעם און איבערגערעדט דעם פאָטער אַז איהר זוהן זאָל ווערען קעניג אַנשטאָט מיר.

— עס איז נישט ריכטיג, אדוניה! — האָט אבישג זיך אָנגערופען, — איך ווייס אַז דער קעניג האָט נאָך לאַנג צוריק געשוואָרען צו בת שבע'ן אַז שלמה וועט ווערען דער קעניג נאָך איהם.

— דאָס איז אונמעגליך! — האָט אדוניה איהר געענטפערט. — געדענקסטו נישט די צייט ווען איך האָב זיך אויפגעפיהרט ווי דער קרוינפּרינץ און דער פאָטער האָט דערפון געוואוסט. איך האָב עס נישט געטהאָן פאַרבאָרגענערהייט. אַלע האָבען דערפון געוואוסט... דאָך האָט מיר דער פאָטער נישט געשטערט... איך בין זיכער אַז ער איז געווען צופריעדען מיט מיין אויפפיהרונג.

— אָבער וואָס האָט דאָס צו טהאָן מיט מיר! — האָט אבישג זיך אָפּגע־רופען, — ווייסטו דען נישט אַז יעצט איז שוין אַלעס פאַרפאַלען.

— ניין, אבישג! — האָט אדוניה אויסגערופען, — עס איז נאָך גאָרנישט פאַרפאַלען. איך מוז די מלוכה קריגען צוריק... איך בין מעהר בארעכטיגט צום טראָהן ווי שלמה... איך וועל ווערען קעניג! די קרוין בעלאַנגט צו מיר; שלמה האָט זי מיט געוואַלד אַוועקגערויבט פון מיר. און יעצט וועל איך מיט געוואַלד זי צוריקקריגען.

אבישג האָט איהם אַנגעקוקט מיט פערוואונדערונג.

— אדוניה! — האָט זי זיך אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ, — דו מוזט זיין פון זינען געריהרט! ווי אַזוי קענסטו גאָר ריידען אַזעלכע ווערטער! ווייסטו דען נישט אַז דו שטעלסט דיין לעבען אין סכנה!...

— וועגען דעם דאַרפסטו זיך נישט בעאומרוהיגען, מיין ליעבע אבישג, — האָט ער זיך אויך אויפגעשטעלט — איך בין גוט צוגעגרייט... יואב, מיין פאָ־טער'ס שר צבא און דער בעליעבטעסטער העלד פון גאַנץ ישראל איז מיט מיר... מיר זיינען גוט צוגעגרייט און יעצט ווענדעט עס זיך נאָר בלויז אַז דיר...

— אין מיר!! — האָט אבישג אויסגערופען אַ צושראָקענע — אַה!... איך בעט דיר, אדוניה, לאָז זיך נישט פאַרפיהרען פון יואב'ן. דו ווייסט דאָך, אַז דו האָסט געמאַכט אַ פאַרשפּרעכונג צו שלמה'ן... און ווי נאָר דו ברעכסט דיין וואָרט אַזוי פאַרלירסטו דיין לעבען.

— דו האָסט זיך גאָרנישט וואָס צו שרעקען! — האָט אדוניה געזאָגט, — איך האָב שוין אַלעס צורעכט געמאַכט... בת שבע האָט מיר היינט אין־דער־פריה פאַרשפּראָכען צו פּועל'ן ביי איהר זוהן, ער זאָל זיין הסכמה געבען צו מיין הייראַט מיט דיר, און ווי נאָר איך וועל מיט דיר הייראַטען, אַזוי ווער איך ער־קלערט קעניג פון ישראל... ווייל מיין הייראַטען מיט דיר וועט נאָך מעהר בארעכטיגען מיינע תביעות אויף דער מלוכה... אַלע ווייסען דאָך אַז דו האָסט פריהער בעלאַנגט צום קעניג און יעצט דאַרף דער וועלכער באַזיצט דיר אויך

ווערען קעניג. דעם קעניג׳ס אייגענטום געהט צו דעם יורש פון טראהן... און יעצט אז איך האב געקראגען א פארשפרעכונג פון בת שבע׳ן אז זי וועט שוין זעהן קריגען שלמה׳ס הסכמה צו אונזער הייראט איז עס אזוי גוט ווי זיכער אז דו וועסט בעלאנגען צו מיר... מארגען וועלען מיר הייראטען און דו וועסט מיט מיר טיילען דאס קעניגרייך.

אבישג׳ן האט אנגעהויבען שווינדלען אין די אויגען... זי האט נישט געקענט גלויבען איהרע אויערען. זאל דאס אדוניה אזוי ריידען וועגען זיין פעררראטה... איז ער ביים פולען זינען?

— אדוניה! — האט זי אויסגערופען, — ווי וואגסטו אזוי צו ריידען וועגען דעם קעניג שלמה! האסטו פארגעסען אז אונזער ווירדיגער קעניג האט דיר דיין לעבען געשאנקען און דו האסט איהם צוגעזאגט צו בלייבען געטריי דיין גאנצען לעבען?...

— איך האב איהם דעם פארשפרעכען געמאכט צוליעב דעם פאטער!

— האט אדוניה געזאגט, — איך האב ניט געוואלט מיין קראנקען פאטער קיין שמערצען פארשאפען... יעצט אבער איז מיין פאטער טויט, און די מלוכה געהערט צו מיר... מארגען מוז עס געשעהן... גלייך ווי איך וועל מיט דיר חתונה האבען, מיין ליעבע אבישג, וועט יואב ערשיינען מיט זיינע גבורים ביים פאלאץ און שלמה וועט ארונטערגעזעצט ווערען פון טראהן... איך וועל איהם שיקען צום פאטער... יא, שלמה וועט מוזען אפגעראמט ווערען פון וועג, ווייל ווען איך זאל איהם לאזען לעבען, דאן וועט מיין טראהן נישט זיין געזיכערט. דו וועסט מיין קעניגין ווערען, אבישג! איך האב דיר יעצט מיין גאנצען סוד אנפערטרויעט, ווייל איך וויים, אז דו האסט מיר אויך ליעב און דו ווינשט איך זאל זיין ערפאלגרייך... יא, דו וועסט אונז נאך ארויסהעלפען, אבישג... דו מוזט מיר אבער צוזאגען, אז ביז וואנען איך וועל בעשטייגען דעם טראהן, פאר קיינעם זיך ניט ארויסריידען וועגען דעם.

דערהערענדיג פון אדוניה׳ן אזעלכע ווערטער איז אבישג געבליבען שטעהן ווי פארגליווערט... א קאלטער שוויים האט באגאסען איהר לייב... אדוניה און יואב געהען מאכען א פארשווערונג געגען דעם לעבען פון שלמה׳ן... אח, ווי שרעקליך... ניין... זי טאר דאס נישט דערלאזען... זי וועט מוזען געהן גלייך ווארענען שלמה׳ן וועגען גרויסען געפאהר... דאס אבער וועט שטעלען אדוניה׳ס לעבען אין סכנה... שלמה וועט איהם דאך געוויס טויטען, און זי וועט אין דעם זיין שולדיג. אבער עס איז דאך איהר פליכט צו ראטעווען דעם קעניג... זי ליעבט שלמה׳ן אזוי שטארק, ווי אזוי וועט זי קענען דערלאזען אז אדוניה זאל איהם שלעכטס טהאן... א שוידער איז דורך איהר לייב.

— אדוניה! דיין צונג האט דיר אליין צום טויט פאר׳משפט! — האט אבישג אויסגעשריען, — און יואב איז אין דעם שולדיג... ער וויל דיר אויסנוצען פאר זיינע פערזענליכע צוועקען, און דו לאזט זיך פון איהם פארפיהרען... איך בעט דיר, גיב אויף דיין נארישע איינריידעניש איידער עס איז נאך ניט צו שפעט.

— א, ניין, אבישג, פארלאנג עס נישט פון מיר, — האט אדוניה אויסגערופען, — עס איז געווען א צייט ווען איך וואלט זיך באנוגענט בלויז מיט דעם אז איך וואלט דיר געקענט קריגען פאר מיין פרוי... מעהר האב איך נישט פערלאנגט. יעצט אבער פערלאנג איך אויך די מלוכה. און איך וועל זי קריגען...

יואב איז מיין בעסטער פריינד, אויך אביתר דער כהן איז מיט מיר... מיר קענען נישט דורכפאלען. דער זיעג איז אימערצו געווען אויף יואב'ס זייט... יואב האט נאך קיינמאל נישט פארלארען און דאריבער, מיין ליעבסטע אבישג, דארפסטו זיך ניט שרעקען... מארגען איז דער צייט וועלען מיר ביידע ערקלעהרט ווערען קעניג און קעניגין איבער גאנץ ישראל... מארגען וועל איך טראגען שלמה'ס קרוין און דו וועסט זיין מיינע אויף אייביג.

— ווען דו וועסט אפילו טראגען צעהן קרוינען, וועל איך דיינע נישט ווערען! — האט אבישג אויסגערופען מיט כעס און פארביטערונג, — שלאג זיך ארויס פון דיינע גרויסע געדאנקען ועגען מיר... איך וועל בעסער מיין לעבען פארלירען איידער צו ווערען דיין פרוי.

— אבישג! אבישג! — האט אדוניה איהר אנגענומען פאר'ן האנד און איהר צו זיך געצויגען — אבישג, איך האב דיך אזוי ליעב, דו מוזט מיינע ווערען! שלמה וועט מיר זיין צושטימונג געבען און דאן וועל איך דורך דיר, אויך צוריקקריגען די מלוכה וואס געהערט צו מיר.

— לאז מיר אפ, אדוניה! — האט זי א געשריי געטהאן.

אדוניה אבער האט איהר נישט אפגעלאזען. ער האט איהר נאך פעסטער ארומגענומען און געוואלט איהר ווידער א קוש טהאן.

— דו האסט דאך געשווארען, אדוניה! — האט זי זיך גענומען ארויסדרעהען פון איהם.

— א, איך בעט דיר, באפריי מיר פון מיין שבועה, — האט אדוניה זיך גענומען ביי איהר בעטען, — דיינע ליפען זיינען דאך אזוי שעהן און ליעבליך, זיי זיינען פול מיט צויבער און רייץ... בלויז איין קוש!

— ניין! ניין! — האט זיך די שונמית גענומען ארויסרייסען פון זיינע הענט, — איך וועל דיר פון דיין שבועה ניט באפרייען! לאז מיך אפ!

אדוניה האט איהר אפגעלאזען און אבישג האט גענומען ארויסלויפען פון גארטען...

אדוניה איז געבליבען שטעהן עטוואס צוטומעלט און ענטטוישט... ער האט זיך אויף דעם גאר נישט געריכט. באלד אבער האט ער זיך בערוהיגט:

— זי האט בכיון אזוי מיט איהם געהאנדעלט — האט ער זיך געטראכט — ווייל זי וויל נישט ער זאל איינשטעלען זיין לעבען איז סכנה... יא... זי האט איהם שטארק ליעב... דאס האט זי איהם בלויז אנגעשראקען, כדי ער זאל אויפגעבען דעם פלאן וועגען דער פארשווערונג... זי ציטערט פאר זיין לעבען... אבער ניין, ער וועט איהר וויזען ווי בראוו ער איז... מארגען וועט ער זיצען אויף שלמה'ס טראהן... און דאן וועט זי שוין נישט זיין דאגעגען ווען ער וועט איהר וועלען מאכען פאר די קעניגין.

אדוניה איז ארויס פון גארטען און אונבאמערקטערהייד אוועק צו זיין מוטער... ער האט בעשלאסען ניט צו זאגען זיין מוטער אז ער האט אנפערטרויט זיין סוד צו אבישג'ן...

— נו, מיין זוהן! — האט חגית זיך צו איהם אפגערופען, — האסטו זיך נאך אמאל געזעהן מיט יואב'ן?

— ניין, מוטער, איך בין מעהר ביי איהם היינט ניט געווען, — האט אדוניה געענטפערט.

— אויב אזוי, טא ווי ביזטו געווען די גאנצע צייט? — האט איהם חגית געפרעגט.

— איך בין אזוי אומגעדולדיג צו ווארטען בי'ן אבענד פאר דעם ענטפער וואס בת שבע וועט מיר ברייננגען פון איהר זוהן, אז איך האב קיין חשק ניט געהאט אין ערגעץ צו געהן.

— און איך קום יעצט פון יואב'ן — האט חגית געזאגט — יואב הייזט מיר איבערגעגעבען אז ער האט זיך שוין געזעהן מיט אביתר'ן און זיין זוהן, און היינט ביינאכט, אין דער צייט ווען דו וועסט קריגען שלמה'ס הסכמה וועגען צו האבען מיט דער שונמית, וועלען זיי זיך איבעררעדען מיט דעם הויפט פון די גבורים וועלכע זיינען נאך עד היום פארבליבען גוטע פריינד פון יואב'ן, און מארגען גאנץ פריה וועט דער אויפשטאנד צוגעגרייט ווערען, און ווי נאר אבישג וועט ווערען דיין פרוי וועסטו ערקלערט ווערען קעניג און יואב'ס גבורים וועלען גלייך נעהמען שטורמען דעם פאלאץ.

— אבער מוטער, ארום דעם פאלאץ געפינט זיך שטענדיג דער גדוד פון כרתי און פלתי, וועלכע באוואכען דעם קעניג... גלויבסטו נישט אז זיי וועלען ארויסווייזען א ווידערשטאנד און פיעלייכט וועלען זיי נאך בייקומען אונזערע גבורים. און דאן בין איך דאך א פארלארענער...

— וועגען דעם דארפסטו רוהיג זיין, מיין זוהן, — האט חגית געזאגט, — פארגעס נישט אז בניהו דער זוהן פון יהוידע, דער הויפט פון דעם גדוד כרתי און פלתי האט דאך קיין אהנונג וועגען אונזער פלאן... אונזערע גבורים וועלען זיי באפאלען גאר פלוצלינג און זיי וועלען גאר קיין צייט נישט האבען ארויס־צוצייגען דעם קלענסטען ווידערשטאנד. מיר קענען זיך פארלאזען אויף יואב'ן. ער האט גענוג ערפאהרונג אין דעם... ער וויים ווי צו זיין פארזיכטיג אין קאמפף. יא, מיין זוהן, מארגען אין דער צייט וועסטו זיצען אויף שלמה'ס טראהן און אבישג וועט זיצען ביי דיין זייט.

— און דו, מוטער, וועסט זיצען נעבען מיין רעכטער האנד, — האט אדוניה געזאגט.

— זעה אז דו זאלסט אקארשט קיין חרטה ניט האבען און זעצען די שונמית ביי דיין רעכטער האנד און דיין מוטער ביי דיין לינקער האנד, — האט חגית געזאגט מיט א שמייכעל.

---

ווען אבישג, די שונמית, איז ארויסגעלאפען פון גארטען, איז זי גלייך אריין אין איהר צימער... איהר פנים האט געברענט, אין איהרע אויגען האט איהר געשווינדעלט... דאס וואס זי האט נאר וואס געהערט פון אדוניה'ן, האט איהר אזוי אויפגערעגט אז זי האט זיך געפיהלט אין גאנצען נידערגעשלאגען... איהר פארצווייפלונג האט געוואקסען פון יעדער רגע.. וואס זאל זי יעצט טהאן. שלמה'ס לעבען איז אין גרויס געפאהר. זי וועט גלייך מוזען געהן און קריגען ערלויבניש מיט איהם צו ריידען און ווארענען וועגען דעם גרויסען געפאהר וואס לויערט אויף איהם פון זיין ברודער אדוניה. צו דערזעלבער צייט האט זי זיך נישט געקענט בעשליסען צו פערראטהען אדוניה'ן, וועלכער האט איהר אנפערטרויעט זיין סוד, האבענדיג אין איהר גענוג צוטרוי אז זי וועט פאר קיינעם נישט דערצעהלען... אבער ווער האט איהם געגעבען דאס רעכט אזוי

צו איהר צו ריידען, האט זי איהם ניט געווארנט, אז זיין צונג פאר׳משפט איהם צום טויט? און האט זי זיך ביי איהם נישט געבעטען ער זאל אויפגעבען דעם געדאנק וועגען אן אויפשטאנד... יא, ער האט פערדיענט דעם טויט...

באלד אבער האט זיך אבישג גענומען פארשטעלען שרעקליכע בילדער ווי שלמה פער׳משפט איהם צום טויט און ווי אדוניה שטארבט צוליעב איהר... און א שווידער געהט דורך איהר קערפער... זיין בלוט וועט פאלען אויף איהר קאפ... נאך אלעמען איז דאך שלמה געזיכערט... די שטארקסטע גבורים באוואכען זיין פאלאץ, בניהו האט די גאנצע ארמיי אונטער זיין אויפזיכט... ווען עפעס זאל פאסירען, וואלט פון יואב׳ן און זיינע נאכפאלגער קיין געדעכנים נישט געבליבען... אבער דאך ווער ווייס... וואס עס קען פאסירען... ווען יואב וועט פלוצים אונגעריכטערהייט אנפאלען אויף דער וואך, אפשר וועלען זיי זיך פארלירען און זיך אונטערגעבען... יא, זי מוז געהן דערצעהלען שלמה׳ן וועגען אלעם — האט אבישג, די שונמית, ביי זיך בעשלאסען און גענומען געהן צום פאלאץ וואו שלמה זיצט אויף דעם טראהן.

אין מיטען וועג האט זי זיך אפגעשטעלט. זי האט זיך גענומען ווידער פארשטעלען וואס זי געהט דא יעצט טהאן און עס האט איהר אנגעהויבען טרייסלען. זי האט זיך פארט נישט געקענט בעשליסען וואס צו טהאן.

נאך דעם ווי אדוניה איז אוועקגעגאנגען פון איהר, האט זיך בת שבע גענומען איבערטראכטען וועגען זיין פערלאנג... ער וויל אז שלמה זאל איהם ערלויבען חתונה צו האבען מיט דער שונמית... ער האט איהר זעהר ליעב!... יא, זי וועט איהם מוזען טהאן די טובה! א רחמנות האט זיך ביי בת שבע׳ן ערוועקט אויף אדוניה׳ן... ער איז יעצט אזוי שטארק געפאלען ביי זיך. ער האט איהר פארזיכערט דאס ער טראגט קיין כעס ניט אויף איהר זוהן, און ער האט ניט קיין שנאה ביין זיך אין הארצען אויף זיין ברודער... ער האט פאר איהר צוגעגעבען אז "עס איז אזוי באשערט געווען, אזוי איז געוועזן דער וואונש פון גאט"... זאל ער זיך צופרידענשטעלען דאמיט וואס ער וועט קריגען די שונמית? נאך אלעמען האט ער דאך שוין גענוג געליטען... ער איז דאך ביי זיך אזוי זיכער געווען דאס ער וועט ווערען קעניג, און יעצט האט ער זיך אין גאנצען אונטערווארפען זיין שיקזאל... יא, זי וועט איהם ארויסהעלפען. זי קען איהם מיטפיהלען. האט זי דען אליין אמאל נישט געליעבט? זי איז זיכער אז אבישג, די שונמית, האט איהם אויך ליעב... זי וועט זיי דארפען ביידען ארויסהעלפען. און דאס וועט אויך בערוהיגען אדוניה׳ן. ווען ער וועט חתונה האבען מיט זיין געליעבטע אבישג׳ן, וועט ער זיך קיינמאל נישט ארומטראגען מיט בייזע מחשבות וועגען איהר זוהן.

מיט דיזען בעשלוס איז בת שבע אריינגעגאנגען צו איהר זוהן.

ווען שלמה האט דערזעהן זיין מוטער, איז ער גלייך ארונטער פון זיין טראהן און האט זיך פאר איהר פארנייגט. ער איז אליין געגאנגען און געשטעלט א שטוהל נעבען זיין רעכטער האנד און געהאלפען זיין מוטער זיך זעצען.

— מיין ליעבע מוטער! — האט זיך דער קעניג שלמה אפגערופען, — דיין יעצטיגעס קומען צו מיר איז געווים מיט א באשטימטען צוועק.

— יא, מיין זוהן! איך בין געקומען פון דיר בעטען א קליינע טובה, און איך האף אז דו וועסט מיין ביטע נישט ענטזאגען.

— אח, מיין ליעבע מוטער! — האט שלמה געזאגט מיט א שמייכעל אויף זיינע ליפּען — דיין וואונש איז ביי מיר הייליג, און איך וועל זיכער דיין פערלאנג נישט צוריקווייזען. אלעס וואס דו וועסט ארויסריידען וועט באלד ערפילט ווערען.

— איך האב קיינמאל נישט געצווייפעלט, מיין זוהן, אין דיין ליעבשאפט צו מיר. געלויבט איז גאט, וואס ער האט מיר געגעבען אזא זוהן ווי דו ביזט.

— יעצט, טהייערע מוטער, זאג מיר וואס איז דיין פערלאנג... איך בין זעהר נייגעריג.

— מיין פערלאנג איז, — האט בת שבע געזאגט, — דו זאלסט אפּגעבען אבישג'ן, די שונמית, צו דיין ברודער, ארוניה, פאר א ווייב...

דאס בלוט האט שלמה'ן א זעץ געטהאן אין פּנים ווען ער האט דערהערט פון זיין מוטער דיזע ווערטער... ער האט זיך אבער באהערשט און געלאסען געזאגט:

— דו וועסט דאך מיר זאגען, מוטער, פאר וואס דו ביזט פּלוצלינג געקומען מיט אזא פערלאנג פון מיר? פארוואס איז דאס דיין וואונש אז איך זאל אבישג'ן אפּגעבען צו ארוניה'ן?...

— ארוניה איז געוועזען היינט אין־דער־פריה ביי מיר! — האט בת שבע איהם געענטפערט, — און מיר געבעטען איך זאל איהם טהאן דיזע קליינע געפעליגקייט.

— וואס האט ער צו דיר געזאגט?! — האט שלמה אויסגערופען, בעמיהענדיג זיך צו ריידען צו זיין מוטער מיט דער זעלבער געלאסענקייט — וועסטו מיר איבערגעבען אלעס וואס ער האט צו דיר גערעדט?

— יא, מיין קינד, — האט זיך בת שבע אפּגערופען, — ווען ער איז צו מיר אריין, האט ער מיר געזאגט אז ער איז געקומען פון מיר בעטען א קליינינגקייט און אז ער האפט דאס איך וועל זיין ביטע נישט ענטזאגען. איך האב איהם געענטפערט, אז אויב זיין פערלאנג וועט זיין אין די גרעניצען פון מיין מעגליכקייט וועל איך עס טהאן פאר איהם.

— און וואס האט ער געזאגט? — איז שלמה אומגעדולדיג געווארען.

— ער האט מיר דאן געזאגט: "דיר איז דאך גאנץ גוט בעוואוסט אז די מלוכה איז געוועזען אין מיינע הענד... איך האב געהאט מעהר רעכט צו דעם טראהן ווי מיין ברודער, שלמה... בין איך דען נישט דער עלטערער? און א חוץ דעם, האט גאנץ ישראל געווענדעט זייערע אויגען אויף מיר, איך זאל קעניגען... דו ווייסט דאך ווי שטארק ליעב דאס פאלק האט מיך געהאט, און עס איז ביי קיינעם גאר קיין ספק נישט געווען אז איך וועל ווערען קעניג נאך מיין פאטער... אבער עס האט זיך אזוי געמאכט... די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו מיין ברודער. איך טראג נישט קיין כעס אויף שלמה'ן און אויך נישט קיין שנאה אויף איהם. עס איז דאך אזוי באשערט געווען און אזוי איז געווען דער וואונש פון גאט און אויך פון מיין פאטער!"

— אזוי האט ער צו דיר גערעדט! — האט שלמה אויסגערופען.

— יא, און דערנאך האט ער מיר געזאגט אז ער פערלאנגט איך זאל פאר איהם קריגען ערלויבניש פון דיר צו הייראטען די שונמית. יעצט בעט איך דיר, אז דו זאלסט איהם די קליינע געפעליגקייט טהאן... גיב איהם די שונמית...

— און פאר וואס זאלסטו שוין אין איין וועגס נישט בעטען פאר איהם

איך די מלוכה ?!... — האָט שלמה אויסגערופען, און זיין פּנים איז רויט געוואָרען. — ער איז דאָך מיין עלטערער ברודער, און יואב און אביתר זיינען דאָך זיינע פריינד... פאר וואס זאָל איך איהם טאקע נישט איבערגעבען מיין טראָהן ?! . . .

— אָבער, מיין זוהן ! — האָט בת שבע זיך צו איהם אָפּגערופען, — ווען דו וועסט איהם ערלויבען חתונה צו האָבען מיט דער שונמית, וועט עס פאר דיר אויך זיין א טובה... אדוניה וועט זיך שטארק צופרידענשטעלען דערמיט... ער וועט דיר אזוי דאנקבאר זיין, און וועט קיין איין בייזע מחשבה נישט האָבען ווע־גען דיר . . .

— און יעצט, מיין ליעבע מוטער, קענסטו דען זיינע מחשבות נישט זעהן ? האָט ער דען דיר נישט גאַנץ איינפאך געגעבען אנצוהערען ווי שטארק פאראינטע־רעסירט ער איז אין דער מלוכה ?... האָט ער דען דיר נישט אנגעדייטעט אז ער איז נאָך אלץ בארעכטיגט צו דער מלוכה ? נאר וואס דען ? ער וועט מיר א טובה טהאָן און חתונה האָבען מיר דער שונמית, און דערפאר וועט ער מיר מוחל זיין די קרוין... אה, מוטער, ווי איך פארשטעה אדוניה׳ן... איך קען זיינע מחשבות זעהר דייטליך און בולט זעהן... פריהער וועט ער אריינקריגען די שונמית, און דערנאָך וועט ער זיך נעהמען צו דער מלוכה... איך בין זיכער אין דעם. די שונמית איז בלויז אַן אויסרייד... ער האָט מיר זיין ווארט געגעבען... און דאן האָב איך איהם מוחל געווען... אָבער יעצט האָט ער דיזע רייד גערעדט צו דיר, מיין מוטער, אויף דעם חשבון פון זיין לעבען !...

— אָבער, שלמה ! ! — האָט בת שבע אויסגערופען, — מעגליך אז אדוניה איז גאר נישט שולדיג... און דאס דוכט זיך דיר נאר אז ער טראָגט זיך ארום מיט שלעכטע כוונות...

— ניין, מוטער, איך מאך נישט קיין טעות. נאכדעם ווי איך האָב געהערט פון דיר דאָס וואָס ער האָט צו דיר גערעדט, קען איך דייטליך לעזען זיינע כוונות. מוטער, אדוניה גרייט זיך צו מאכען אַן אויפשטאנד ! ווי גאָט לעבט ! אדוניה וועט דאריבער שטאַרבען !

— איך בעט דיך מיין זוהן, טהו נישט קיין אומרעכט ! דאָס וואָס דו האָסט געשוואָרען איז דאָך ווייל דו ביזט איהם חושד אז ער פּלאָנעוועט אַן אויפ־שטאנד געגען דיר, אָבער אויב דו וועסט דיך ארומזעהן אז דיין חשד איז נישט בעגרינדעט און אז אדוניה איז אומשולדיג, וועסטו דאָך איהם זיכער קיין שלעכ־טעס נישט טהאָן. טהו נישט קיין איבעראיילטע שריט, מיין זוהן, ביז וואנען דו וועסט האָבען גענוג באווייזע אז ער איז שולדיג !

— ווען איך וואָלט נישט האָבען גענוג באווייזע, וואָלט דאָס וואָס ער האָט צו דיר ארויסגערעדט פון זיין מויל, געווען גענוג צו פעראורטיילען צום טויט.

— אָבער איך בין זיכער אז ער האָט גארנישט געמיינט דאמיט... ער האָט מיר געזאָגט, דאָס ער וועט צופרידען זיין ווען אבישג וועט זיין פרוי זיין און ער וועט אפילו אין זינען נישט האָבען די מלוכה...

— און דאָך זעהסטו, מיין מוטער, — האָט שלמה זיך אָפּגערופען, — אז איך האָב היינט פערשטארקט די וואך ארום דעם פּאַלאַץ, און איך האָב אנגעזאָגט בניהו, מיין שר צבא, אז ער זאָל זיין גרייט מיט זיין ארמעע... און דאָס האָב איך געטהאָן נאָך איידער דו האָסט מיר אדוניה׳ס ווערטער איבערגעגעבען...

אזוי זאָל גאָט טהאָן גוטעס צו מיר, ווי אדוניה האָט מיט זיין לעבען געדעדט דיזע ווערטער צו דיר... און יעצט, מיין מוטער, שווער איך נאָך אמאָל ביי גאָט וועלכער האָט מיר געזעצט אויף מיין פאָטער'ס טראָהן און וועלכער האָט באַפעסטיגט מיין טראָהן, אַז נאָך היינט וועט אדוניה געטויטעט ווערען!...

בת שבע האָט זיך אַ שטעל געטהאָן פון איהר פּלאַץ מיט ערשטוינונג... זי האָט באַמערקט איהר זוהן'ס כעס און אויפרעגונג, און זי האָט נאָך אַלץ ניט געקענט באַגרייפען פאַר וואָס שלמה זאָל וועלען טויטען אדוניה'ן. ניין! זי טאָר דאָס נישט דערלאָזען... זי איז זיכער אַז אדוניה האָט גאָר קיין שלעכטעס נישט געמיינט.

— שלמה! — האָט בת שבע אויסגערופען, — אדוניה איז אומשולדיג!... ער טראַכט נישט וועגען קיין אויפשטאַנד. און מיר דוכט זיך, אַז מיט דעם וואָס ער האָט פערלאַנגט פון דיר ערלויבניס צו הייראַטען די שונמית, האָט ער נאָך ניט פאַרדיענט דערפאַר געטויטעט צו ווערען... איך וועל נישט דערלאָזען דו זאָלסט טויטען אדוניה'ן; כל זמן דו האָסט נישט גענוג בעווייזע אַז ער האָט טאַקע געפּלאַנעוועט צו מאַכען אַן אויפשטאַנד געגען דיר... פיעלייכט האָט ער דיזע ווערטער צו מיר נישט געדאַרפט זאָגען, אָבער טויט־שטראָף דערפאַר קומט דאָך איהם אויך נישט!... און איך גלויב, אַז ווען דו וועסט איהם ענטזאָגען צו געבען דיין ערלויבניס צו הייראַטען מיט אבישג'ן, וועט דאָס זיין גענוג שטראָף פאַר איהם פאַר זיין נאַרישען צונג... אָבער טויטען איהם, דאָס וועל איך דיר נישט דערלאָזען! . . .

— מיין ליעבע מוטער! — האָט זיך שלמה צו איהר אָפּגערופען, — גלויבסטו אַז איך וואָלט בעגאַנגען אַז אומרעכט געגען מיין ברודער, ווען איך וואָלט וויסען אַז ער האָט קיין שלעכטע כוונות נישט געהאַט און ער וויל בלויז קריגען די שונמית, ווייל ער האָט איהר ליעב, וואָלט איך איהם דען בעשטראָפט פאַר דעם?! אָבער ער וויל האָבען די שונמית אַלס אויסרייד... כדי ער זאָל גרינגער קענען פערכאַפּען די מלוכה...

— אָבער, מיין זוהן, דיין חשד איז דאָך אומבעגרינדעט, איך בין זיכער אַז דו מאַכסט אַ טעות און אדוניה טראַגט זיך גאָר נישט אַרום מיט אַזעלכע געדאַנקען.

— אָט באַלד, מוטער, וועסטו זיך אַליין איבערציינען, — האָט שלמה אויסגערופען.

ער האָט צוגערופען איינעם פון זיינע לייב־וועכטער און צו איהם געזאָגט:

— שיק אריין די שונמית צו מיר.

— דער לייב־וועכטער האָט זיך פאַרנייגט און איז אַרויס.

באַלד איז אריינגעקומען אבישג, די שונמית. אַ בלאַסקייט האָט באַדעקט איהר שעהנעם פּנים, איהרע אויגען האָבען אויסגעדריקט שרעק און אויפרעגונג.

זי האָט זיך פאַרנייגט פאַר'ן קעניג און זיין מוטער, און איז געבליבען שטעהן מיט איהרע אויגען אַרונטערגעלאָזט.

— איך בעט דיר, אבישג, — האָט שלמה זיך אָפּגערופען מיט אַ צערטליכע שטימע, — דערציילט מיר נאָך אמאָל אַלעס וואָס אדוניה האָט מיט דיר היינט גערעדט און זאָל מיין מוטער אויך הערען.

אבישג'ס בלאַסער פּנים איז רויט געוואָרען, און פון דעם אויסדרוק פון איהרע אויגען האָט מען געקענט בולט אַרויסזעהן דעם שטורם אין איהר האַרצען.

איהרע פארצווייפעלטע און צושראקענע בליקען האבען געוואנדערט פון שלמה'ן אויף בת שבע'ן און צוריק.

— איך ווייס, אבישג, ווי שווער עס איז פאר דיר צו ווידערהאלען דאס וואס דו האסט מיר פריהער דערצעהלט. אבער עס איז פאר מיר יעצט פון גרויס וויכטיגקייט אז מיין מוטער זאל פון דיין מויל אלעס הערען!... — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען. — בערוהיג זיך און דערצעהל אלעס וואס דו ווייסט.

בת שבע האט איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג מיט גרויס אונגעדולד גע־ווארט צו הערען וואס אבישג האט צו דערצעהלען...

— "אדוניה האט מיר געטראפען נעבען פאלאץ, — האט אבישג אנגעפאנ־גען צו דערצעהלען מיט א ציטערנדע שטימע, — און ער האט מיך געבעטען איך זאל מיט איהם אריינגעהן אין גארטען, ווייל ער האט מיר עטוואס וויכטיגעס איבערצוגעבען.

"ווען איך בין אריין מיט איהם אין גארטען, האט ער מיר אנפערטרויט אז ער האט נאר־וואס געקראגען די פארשפרעכונג פון דעם קעניג'ס מוטער, צו פועל'ן ביי דעם קעניג ער זאל זיין הסכמה געבען צו זיין הייראט מיט מיר... "איך מוז די מלוכה קריגען צוריק" — האט ער מיר געזאגט, — "איך בין מעהר בארעכטיגט צום טראהן ווי שלמה, איך וועל ווערען קעניג! די קרוין בעלאנגט צו מיר... שלמה האט זי מיט געוואלד אוועקגערויבט פון מיר! און יעצט וועל איך מיט געוואלד זי צוריקקריגען".

בת שבע איז געווארען אויסער זיך פון אויפרעגונג.

— א, דער נידערטרעכטיגער יונג! — האט זי אויסגערופען מיט צארן, — ווי פאלש זיינע רייד זיינען צו מיר געווען! יעצט זעה איך, מיין זוהן, אז דו האסט רעכט! ער זוכט דיר אפצוצאהלען מיט שלעכטעס אנשטאט גוטעס.

— דאס איז נאך נישט אלעס, מיין ליעבע מוטער, — האט זיך שלמה אפגערופען, — הער וואס אבישג וועט אונז ווייטער דערצעהלען.

— איך האב זיך צו איהם אפגערופען, ווי וואגט ער גאר אזוי צו ריידען וועגען קעניג, האט ער דען פארגעסען אז דער קעניג האט איהם זיין לעבען גע־שאנקען... און אז ער האט געמאכט א פארשפרעכען זיך גוט אויפצופיהרען.

— "איך האב דעם פארשפרעכען געמאכט צוליעב דעם פאטער, — האט אדוניה מיר געזאגט, איך האב נישט געוואלט מיין קראנקען פאטער קיין שמער־צען פארשאפען. יעצט אבער איז מיין פאטער טויט, און די מלוכה מוז געהערען צו מיר... מארגען וועט עס געשעהן, גלייך ווי איך וועל מיט דיר חתונה האבען וועט יואב ערשיינען מיט זיינע גבורים ביים פאלאץ און . . .

אבישג האט זיך מעהר נישט געקענט באהערשען און אויסגעבראכען אין א געוויין...

— בערוהיג זיך אבישג — איז שלמה ארונטער פון זיין טראהן און צו איהר צוגעגאנגען — דו האסט דאך בלויז דיין פליכט געטהאן.

— אה, איך ווייס אז מיינע ווערטער וועלען איהם פער'משפט'ן צום טויט! — האט אבישג אויסגערופען מיט פארצווייפלונג, — אבער גאט איז מיין עדות, אז איך האב זיך ביי איהם געבעטען ער זאל אויפגעבען זיינע שלעכטע געדאנ־קען וועגען קעניג... איך האב זעהר נישט געוואלט אז דורך מיר זאל בלוט פאר־גאסען ווערען. אבער מיין ערשטע פליכט איז דאך צום קעניג... איך האב דאך

געמוזט ווארענען דעם קעניג וועגען דעם גרויסען געפאהר וואס עס דראהט איהם פון זיין ברודער... זאָל מיר גאָט מוחל זיין!...

— מיין קינד! — האָט בת שבע איהר אנגענומען פאר׳ן האנד, — גאָט וועט דאס דיר פאר א מצוה פאררעכענען, דו האָסט מיט דיינע ווערטער פארהיט דעם געזאַלבטען פון גאָט, פון א גרויסען אומגליק... שטארק זיך, מיין קינד, און דערצעהל וואָס דו ווייסט.

— ער האָט געזאָגט, אז יואב מיט זיינע גבורים וועלען בעפאלען דעם פאלאץ און ארונטערזעצען דעם קעניג פון טראָהן. ער וועט דעם קעניג שיקען צום פאטער, — האָט ער פאר מיר צוגעגעבען — ער וועט מוזען שלמה׳ן טויטען, וויל אויב נישט וועט זיין טראָהן נישט זיין געזיכערט...

— אה, מיין קעניג, היינט ביינאכט וועט דער אויפשטאנד ווערען צוגע־גרייט... יואב און אביתר וועלען איהם ארויסהעלפען.

אבישג האָט געענדיגט ריידען. איהר קאָפּ האָט זיך איהר גענומען דרעהען און די אויגען שווינדלען. א קאַלטער שווייס איז דורך איהר קערפער, און ווען שלמה וואָלט איהר נישט צוגעהאַלטען וואָלט זי אומגעפאלען.

שלמה האָט געהייסען ברייגגען וואסער און ער האָט איהר אוועקגעזעצט אויף א שטוהל און איהר געגעבען א טרונק...

בת שבע׳ס אויגען זיינען אנגעפילט געוואָרען מיט טרעהרען.

— זיי מיר מוחל, מיין זוהן! — האָט זי זיך אפּגערופען צו שלמה׳ן, — איך האָב נאָך א האָר געקענט אויף דיר ברייגגען אן אומגליק. איך בין דאָך מעהר נישט ווי א שוואכע פרוי... איך האָב זיך גאַרנישט געקענט פארשטעלען אז הינטער אדוניה׳ס זיסע רייד ליגט פארבאָרגען א גיפטיגע שלאנג. אַ, דער פאררעטהער! ער האָט פערדיענט דעם טויט! יאַ, מיין קינד, דער זוהן פון חגית מוז נאָך היינט שטארבען, און ווען דו וועסט אויסגעפינען אז יואב איז זיין הויפט שטיצער, זאָל ער דערפאר אויך מיט זיין לעבען בעצאָהלען!

— דאָס האָב איך שוין אויך אויסגעפונען! — האָט איהר שלמה גע־ענטפערט, — אלחנן, דער הויפט פון די גבורים, האָט היינט איבערגעגעבען בניהו׳ן אז יואב האָט זיך מיט איהם געזעהן און געבעטען ער זאָל איהם ארויס־העלפען דורכצופיהרען דעם אויפשטאנד געגען מיר. בניהו האָט עס מיר גלייך דערצעהלט, און דאריבער האָב איך גלייך פארשטארקט מיין וואך ארום דעם פאלאץ... בניהו און דער גאנצער גדוד פון כרתי און פלתי זיינען געגרייט צו יעדען נויטפאל...

— אה, די בעטריגער! — האָט בת שבע אויסגערופען, — זיי האָבען אלע פערדיענט דעם טויט!... זיי האָבען אליין, מיט זייערע אייגענע הענד, זייערע לעבענס אומגעבראכט, זייער בלוט וועט פאלען אויף זייערע קעפּ.

— בניהו, מיין שר צבא, האָט מיר געראטהען איך זאָל דערווייל גאַרנישט טהאָן ביז מאָרגען ווען יואב וועט זיך דערנעהנטערען צום פּאַלאַץ, דאַן וועט פאר אלעמען קלאָהר ווערען יואב׳ס און אדוניה׳ס פארשווערונג, און אלע וועלען זיין איבערצייגט אז ביידע, אי יואב און אי אדוניה, האָבען פערדיענט דעם טויט, — האָט שלמה געזאָגט, — אָבער איך וועל נאָך היינט צושטערען זייערע פּלענער.

— פיעלייכט האָט בניהו רעכט? — האָט בת שבע געזאָגט צו איהר זוהן.

— זאָל גאַנץ ישראל וויסען פון יואב׳ס און אדוניה׳ס אומווירדיגע מעשים...

דאן וועט ביים פאלק קיין צווייפעל נישט זיין, אז דיין ברודער האט פערדיענט זיין טויט...

— איך וויל פארמיידען עס זאל נישט פארגאסען ווערען אומזיסטע בלוט.

— האט איהר שלמה געענטפערט, — ווען איך זאל עס דערלאזען וועט דאך גע־וויס קומען צו א צוזאמענשטויס. און עס קען נאך פארגאסען ווערען בלוט פון פיעלע אומשולדיגע מענשען. יא, דאריבער האב איך בעשלאסען אז [illegible] זאל אדוניה בעצאהלען מיט זיין לעבען. איך האב געשיקט רופען מיין שר צבא, בניהו, דעם זוהן פון יהוידע, און ווען ער וועט קומען וועל איך איהם מיין באַ־פעהל געבען גלייך צו טויטען אדוניה'ן... איך און מיין קעניגרייך וועלען זיין ריין, ווייל ער אליין וועט זיין שולדיג אין זיין טויט...

* * *

אדוניה האט קוים דערווארט די זון זאל אונטערגעהן ווען ער וועט קענען געהן צו בת שבע'ן און הערען פון איהר מויל שלמה'ס תשובה... עס איז ביי איהם קיין צווייפעל נישט געווען, אז שלמה וועט מסכים זיין... בת שבע האט דאך איהם פארשפראכען און שלמה וועט נישט ענטזאגען זיין מוטער'ס פערלאנג. ער האט שוין געוואוסט ווי צו ריידען מיט בת שבע'ן... יא, ער האט איהר גלייך געוואונען אויף זיין זייט. "איך וועל שוין זעהן אז דו וועסט בעקומען די שונמית פאר דיין פרוי", — האט זי איהם פארשפראכען.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף אדוניה'ס ליפען, ווען ער האט זיך דערמאהנט ווי גרינג איהם איז אנגעקומען צו געווינען בת שבע'ס סימפאטיע... זי האט געגלויבט אלעם וואס ער האט איהר געזאגט... יא, זי אליין וועט העלפען שיקען איהר אייגענעם זוהן צו זיין גרוב... בת שבע מוז זיכער יעצט ריידען מיט שלמה'ן וועגען איהם... באלד וועט ער צו איהר ווידער קומען און הערען איהר תשובה.

— מוטער! — האט אדוניה זיך אפגערופען, — די זון איז שוין פערגאנ־גען, דער אבענד קומט אן, די צייט איז געקומען... איך מוז יעצט געהן צו בת שבע'ן הערען וואס זי האט מיר צו זאגען... כאטש איך צווייפעל נישט, אז מיר וועט ענדליך געלינגען צו קריגען שלמה'ס צושטימונג, דאך בין איך זעהר אומ־רוהיג... איך וואלט שוין וועלען אז אלעס זאל פאראיבער ווי מיר ווינשען...

— פון דעסטוועגען וואלט איך דיר געראטהען מיין זוהן, — האט חגית זיך צו איהם אפגערופען, — אז איידער דו געהסט צו בת שבע'ן, זאלסטו זיך אריבערכאפּען צו יואב'ן און הערען וואס ער האט צו זאגען [illegible] געזאלט זיך דורכריידען מיט אלחנן, דער הויפט פון די גבורים... און איידער דו מאכסט אן אנדער שריט מוזטו פריהער אויסגעפינען וואס יואב האט אפּגע־מאכט מיט איהם און אויב מען קען זיך פארלאזען אויף דעם, ווייל דו טארסט נישט פארגעסען אז דו שטעלסט אין געפאהר דיין לעבען און אויך מיינעם.

— גוט, מוטער, אויב דו ווילסט וועלען מיר ביידע גלייך אריבערגעהן צו יואב'ן און הערען וואס ער האט אונז צו דערצעהלען.

— ניין, איך וועל יעצט נישט מיטגעהן, — האט חגית זיך אפגערופען, — עס וועט זיין גלייכער פאר מיר אויב איך וועל פארבלייבען זיצען אין דער היים... פארשטעהסטו, איך וויל נישט אז גומיצער זאל מיך באמערקען... איך האב שוין אזוי אויך צו אפט איהם בעזוכט... אבער דו מוזט מיר פארשפרעכען, מיין זוהן, אז איידער דו געהסט צו בת שבע'ן זאלסטו מיר קומען אנזאגען די נייעס

וואס דו האסט געהערט פון יואב'ן... ווייל דאס וואס יואב פלאנעוועט צו טהאן איז פאר מיר א סך וויכטיגער אפילו ווי דיין קריגען שלמה'ס צושטימונג... דו פארשטעהסט דאך אליין, אז אהן יואב'ן וועט אונזער גאנצער פלאן צו־נישט ווערען.

אדוניה איז אוועק צו יואב'ן, און ווי נאר יואב האט איהם דערזעהן, איז ער צו איהם צוגעגאנגען און מיט גרויס פרייד אויסגערופען:

— אדוניה, מיין פלאן ארבייט אויסגעצייכענט! איך האב זיך היינט געזעהן מיט אלחנן, דעם הויפט פון די גבורים... דו ווייסט דאך אז ער איז מיין אלטער פריינד פון זינט ער האט געטויטעט דעם ברודער פון גלית דעם פלשתי. איך האב זיך מיט איהם איהם דורכגערעדט און ווי נאר איך האב אויסגעספּרעכען אז מען קען זיך אויף איהם פארלאזען האב איך איהם אלעס אנפערטרויט...

— און וואס האט ער געזאגט דערצו? — האט ארוניה געפרעגט מיט נייגעריגקייט.

ער האט מיר פערשפראכען צו טהאן אלעס וואס איך איך וועל פון איהם פערלאנגען... ער האט מיר פארזיכערט אז אלע גבורים אכטען און ליעבען מיר מיט זייער גאנצען הארצען... און ער וועט האבען אלעמען גרייט... און ווי נאר עס וועט בעקאנט ווערען אז דו האסט חתונה געהאט מיט דער שונמית וועלען זיי אלע אויסשרייען אין די גאסען פון ירושלים:

— "ארוניה האט געקעניגט!"

— אה, יואב! — האט אדוניה איהם ארומגענומען, — דו ביזט מיין בעסטער פריינד, איך וועל דיר מיין גאנצען לעבען דאנקבאר זיין, ווען איך וועל קעניג ווערען, וועל איך אלע מאל געדענקען אז איך האב דיר צו פערדאנקען פאר די קרוין וואס איך טראג. און איך שווער דיר אז נישט נאר וועסטו זיין מיין הויפט שר צבא און ערשטער ראטהגעבער, נאר איך וועל אויך גוטעס טהאן צו דיין משפחה... איך וועל דיין טובה קיינמאל נים פארגעסען.

— ווי נאר עס וועט אונז געלינגען צו פערכאפען די מלוכה, דארפסטו די ערשטע זאך זעהן פטור צו ווערען פון שלמה'ן! — האט איהם יואב געזאגט, — ווייל אויב דו וועסט שלמה'ן לאזען לעבען, וועט ער פריהער אדער שפעטער דיר פערשאפען פיעל צרות. דו טארסט זיך נישט לאזען פארפיהרען פון זיינע געבעטען און פון די טרעהרען פון בת שבע'ן...

— איך האב גאר קיינמאל אנדערש נישט געטראכט! — האט ארוניה געענטפערט מיט א שמייכעל, — און נישט נאר וועל איך איהם טויטען, נאר אויך זיין שר צבא, בניהו'ן, צדוק דעם כהן און אפילו דעם אלטען נביא נתן...

— ניין, דעם נביא דארפסטו צו־רוה לאזען. ער איז שוין צו אלט, אז ער זאל דיר קענען עפּעס שלעכטעס טהאן, און אויב דו וועסט איהם אויך טויטען, וועסטו דאמיט בלויז פארגרעסערען דעם צארן פון פאלק אויף דיר... די בעסטע זאך וועט זיין ווען דו וועסט דעם אלטען נביא ארויסשיקען פון ירושלים. זאל ער שטארבען מיט א נאטירליכען טויט אין זיין שטאדט... דו וועסט בלויז האלטען אן אויג אויף איהם...

— יעצט מוז איך געהן אנזאגען די פרעהליכע נייעס צו מיין מוטער, — האט אדוניה געזאגט, און האט גלייך פארלאזען יואב'ס הויז...

ווען חגית האט דערהערט אז יואב האט זיך דורכגערעדט מיט אלחנן, דעם

הויפט פון די גבורים, און האט געקראגען זיין פאלע שטיצע, איז קיין גרענעץ ניט געווען צו איהר פרייד.

— יעצט, מיין זוהן, — האט זי אדוניה'ן געקושט, — איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט, אז די מלוכה איז דיינע... ווי באלד אז יואב האט געקענט קריגען אויף זיין זייט די גבורים, וועט דער אויפשטאנד געקרוינט ווערען מיט ער־פאלג. אפילו דער גדוד פון כרתי און פלתי וועט זיין הילפלאז געגען אונזערע גבורים.

— יואב האט מיר אנגעזאגט, — האט זיך אדוניה מיט פרעהליכקייט אפ־געררופען, — אז ווי נאר איך וועל פערכאפען די מלוכה, מוז איך טויטען שלמה'ן, כדי זיך צו פארזיכערען און באפעסטיגען מיין טראהן.

— ווען דו וועסט שוין טראגען די קרוין, וועסטו קיין שוועריגקייטען איז דעם נישט האבען, — האט חגית געזאגט — דו וועסט שוין געפינען א געניגענדע אורזאכע צו רעכטפערטיגען זיין טויט אין די אויגען פון פאלק.

— ווער וועט זיך דאס רעבענען מיט דער מיינונג פון פאלק! — האט אדוניה אויסגערופען, — איך וועל פאר קיינעם נישט דארפען אפגעבען א חשבון פאר מיינע טהאטען. איך בין דער קעניג און איך וועל טהאן אלעס וואס מיר וועט זיך געלוסטען.

— איין זאך וועל איך דיר בעטען, — האט חגית געזאגט מיט א שמייכעל, — שלמה'ס מוטער, בת שבע'ן, זאלסטו מיר אפגעבען פאר מיין דיענסט... אה, ווי איך האס איהר! זי האט שוין געמיינט אז אייביג וועט זי בלייבען די מוטער פון דעם קעניג... יעצט זאל זי פיהלען דעם טעם צו זיין די דיענסט פון דעם קעניג'ס מוטער... און איהר זוהן זאל מען טויטען פאר איהר אין די אויגען.

— אלע דיינע פערלאנגען וועל איך ערפילען, מיין ליעבע מוטער, — האט אדוניה זיך אפגערופען, — יעצט מוז איך זיך איילען צו בת שבע'ן און הערען די תשובה פון שלמה'ן... דאס הארץ ציטערט אין מיר, פיעלייכט וועט ער זיין הסכמה נישט וועלען געבען.

— יעצט, מיין זוהן, האסטו זיך גארנישט וואס צו שרעקען, אפילו ווען שלמה וועט זיין צושטימונג נישט געבען, וועט דער אויפשטאנד פארקומען... יואב מיט זיינע גבורים וועלען זיך מעהר דערמיט נישט רעבענען... דו וועסט ווערען קעניג און דאן... דאן וועט דאך אבישג אלץ איינס געהערען צו דיר...

— עס וועט אבער א סך לייכטער זיין ווען איך קריג זיין צוטשימונג, דאן וועט אלעס זיין ווי מיר האבען געפלאנט, — האט אדוניה געזאגט, און זיך פארנומען צום טיהר.

— געה און באגליק, מיין זוהן! — האט חגית אויסגערופען, און בעגלייטענדיג איהם ביז דער טיהר, האט זי איהם ווידער געקושט.

* * *

מיט זיכערע און פעסטע טריט האט זיך אדוניה אוועקגעלאזען צום פאלאץ... א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זיינע ליפען ווען ער האט זיך געגומען פאר־שטעלען ווי ער וועט מארגען ערקלעהרט ווערען פאר קעניג... צוזאמען מיט אבישג'ן וועט ער דורכפאהרען די גאסען פון ירושלים... און די געשרייען: "לאנג לעבען זאל דער קעניג אדוניה און די קעניגין אבישג!" וועט זיך הערען איבעראל... דאן וועט ער צופאהרען צו די טויערען פון פאלאץ. יואב און זיינע

גבורים וועלען איהם באגעגענען, די מוזיק וועט שפיעלען, און דאן וועט אביתר דער כהן איהם זאלבען מיט די היילינע אייל...

— וואוהין געהסטו, אדוניה? — איז איהם בניהו, דער זוהן פון יהוידע, פלוצלינג אנטקעגען געקומען.

— איך... איך... געה צו בת שבע'ן, דעם קעניג'ס מוטער... — האט זיך אדוניה עטוואס דערשראקען פון דער פלוצלינגער באגעגעניש... זי האט מיר געבעטען איך זאל היינט אין אבענד צו איהר קומען...

— קום בעסער מיט מיר! — האט יהוידע זיך צו איהם אפגערופען... איך וועל דיר באלד אלעס קלאר מאכען...

— וואס מיינסטו?! — האט אדוניה איהם אנגעקוקט מיט פערוואונדערונג. — איך דארף הערען דעם קעניג'ס תשובה פון בת שבע'ס מויל... שטער מיר נישט, ווייל איך אייל זיך... דעם קעניג'ס מוטער ווארט אויף מיין קומען.

— צו וואס דארפסטו זיך באמיהען?! — האט בניהו זיך אפגערופען, — עס איז פאר דיר נישט נויטיג צו געהן צו איהר, זי וועט מסתמא באלד דא אליין ארויסקומען.

— ווער ביזטו עס וואס דו וועסט מיר שטערען צו געהן אין פאלאץ! — האט אדוניה אויפגעהויבען זיין האנד אויף בניהו'ן...

— דו דערקענסט מיך גאר נישט?! פיעלייכט וועסטו איהם דערקענען, — האט בניהו אויסגערופען און אנגעצייגט מיט'ן פינגער הינטער איהם.

אדוניה האט אומגעקעהרט זיין קאפ און האט באמערקט הינטער איהם שטעהט אלחנן, דער הויפט פון די גבורים, מיט א לאנגען שפיעז אין זיין האנד.

— אלחנן־ — האט אדוניה אויסגערופען, און א פרייד האט זיך צוגאסען איבער זיין פנים, — אה, אלחנן, מיין פריינד, דו ביזט געקומען אין צייט!...

באלד אבער האט אדוניה באמערקט נאך אייניגע גבורים מיט זייערע שפיזען אין די הענד, און זיין פרייד איז פארוואנדעלט געווארען אין שרעק. ער איז געשטאנען א פארצווייפעלטער און צוטומעלטער... עפעס האט ער ניט באגריפען וואס דאס אלעס באדייטעט... זאל עס מעגליך זיין אז אלחנן מיט זיינע גבורים זאלען נאך דעם אבענד דורכפיהרען יואב'ס פלאן וועגען ארונטערזעצען שלמה'ן פון טראהן... אויב אזוי, טא ווי קומט בניהו צווישען זיי?... מעגליך אז דאס האט אלחנן פארנארט אהער בניהו'ן כדי ער זאל זיי גארנישט חושד זיין.

אדוניה האט א וואונק געטהאן צו אלחנן, און אלחנן האט איהם אפגעענטפערט מיט א שעלמישען וואונק...

יעצט איז אדוניה געווען זיכער, אז דאס זיינען יואב'ס פריינד געקומען צו זיין הילף. ער האט גלייך צוריקגעוואונען זיין גלייכגעוויכט און מוטה, און גענומען פארטזעצען צו געהן אין דער ריכטונג פון פאלאץ...

— ווילסטו דען מיין איינלאדונג נישט אננעהמען, דו זוהן פון חגית! — האט בניהו איהם פארשטעלט דעם וועג.

— ווי וואגסטו מיר צו שטערען! — האט אדוניה א שטופ געטהאן בניהו'ן — איך וועל זיך נאך מיט דיר אפרעכענען דערפאר... איך מוז זיך באלד זעהן מיט בת שבע'ן און דו שטעהסט מיר אין וועג...

— פריהער וועלען מיר דיר "קרוינען", און נאכהער וועסטו קענען געהן וואוהין דו ווילסט! — האט בניהו זיך אפגערופען מיט א שמייכעל.

— אה, בניהו, דו ביזט אויך מיט מיר! — האט אדוניה אויסגעשריען

מיט פרייד, מיינענדיג אז בניהו איז ערנסט, און איהם געדריקט די האנד. דאס איז דאך ווירקליך פאר מיר אן איבערראשונג! דו האסט שלום געמאכט מיט יואב'ן און מיט אלע מיינע פריינד... אה, בניהו! איך וועל מיט דיר טהאן מעהר גיטעס ווי מיין ברודער!

— יא, אדוניה! — האט אלחנן קוים געקענט איינהאלטען זיין שמייכעל, — באלד וועסטו "געקרוינט" ווערען קעניג...

— און וואו איז יואב? — האט אדוניה א פרעג געטהאן — פארוואס איז ער נאך ניטא?!...

— ער וועט שוין באלד קומען צו דיר! — האט איהם בניהו געענטפערט. — דו וועסט שוין לאנג אויף איהם נישט דארפען ווארטען.

— אט וועל איך לויפען אנזאגען מיין מוטער! — האט אדוניה אויסגערופען, זיך אומקעהרענדיג צו געהן צוריק, — אה, ווי גרויס וועט זיין איהר פרייד, ווען זי וועט וויסען אז בניהו איז אויך מיט אונז.

— דאס איז אויך נישט נויטיג! — איז שוין בניהו געווארען ערנסט, — דיין מוטער וועט שוין באלד אלעס וויסען... קום מיט מיר, זאג איך דיר!

— אדוניה איז נאך מעהר צוטומעלט געווארען... איז עס מעגליך אז בניהו מאכט חוזק פון איהם... אבער אלחנן איז דאך אויך מיט איהם, און ער איז דאך יואב'ס בעסטער פריינד...

אדוניה האט געווארפען זיינע בליקען אויף אלחנן און נאכהער אויף בניהו'ן, און פלוצלינג איז איהם ארויף א געדאנק: אלחנן האט איהם פערראטהען!...

א טויט-שרעק איז איהם באפאלען, וועז ער האט פון דעם א טראכט געטהאן... און ער איז נאך אזוי אונפארזיכטיג געווען... זיך כמעט ווי מודה געווען פאר בניהו'ן וועגען דער פארשווערונג.

— איך וויים, בניהו, אז דו וועסט מיך פארשטעהען, — האט זיך אדוניה געזוכט ארויסצודרעהען פון פלאנטער, — איך האב עטוואס געשפאסט מיט דיר... ווייל איך האב געוואוסט אז דו שפאסט אויך מיט מיר... זאל מיין ברודער שלמה קעניגען אויף אייביג! איך וועל שטענדיג בלייבען זיין בעסטער פריינד... און זיין מוטער, בת שבע, וויים אויך דערפון... דאס געה איך יעצט צו בת שבע'ן, ווייל זי האט מיר פארשפראכען צו ווירקען אויף דעם קעניג ער זאל מיר אפגעבען אבישג'ן, די שונמית, פאר מיין פרוי... לאז מיר, איך בעט דיך, איך בין זעהר אומגעדולדיג... איך וואלט שוין וועלען וויסען דעם קעניג'ס תשובה...

— איך וועל דיר באלד זאגען דעם קעניג'ס תשובה... — האט בניהו איהם א נעהם געטהאן פאר'ן האנד.

— לאז מיר געהן! — האט אדוניה זיך א ריס געטהאן און גענומען לויפען... אבער אלחנן און די גבורים האבען איהם פארשטעלט דעם וועג.

— דו פאררעטהער! — האט אדוניה א געשריי געטהאן צו אלחנן, און זיך גענומען ראנגלען מיט בניהו'ן. ער האט איהם געבריקעט און געביסען...

בניהו האט א וואונק געטהאן צו אלחנן.

באלד האט אלחנן א נעהם געטהאן אדוניה'ן, וועלכער האט זיך געריסען, געצאפעלט און געשריען: פאררעטהער! פאררעטהער!

צו די קולות און געוואלדען, זיינען אלע פון פאלאץ ארויס אין הויף... אויך שלמה, דער קעניג, איז ארויסגעקומען מיט זיין מוטער...

ווען בניהו און די גבורים האבען פארבייגעפיהרט ארוניה'ן, האט בת שבע אויסגערופען:

— דיין בלוט וועט פאלען אויף דיין קאפ! דו אונדאנקבארער און פארדארבענער זוהן פון חגית.

— יואב! אבישג! מוטער! . . . — האט אדוניה געשריען, ווען מען האט איהם גענומען אוועקפיהרען... זיינע געשרייען האבען נאך אבגעהילכט אין דער שטילקייט פון דער נאכט... אבער באלד איז ער "איינגעשטילט" געווארען...

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

יואב איז יענעם אבענד פארבליבען ביי זיך אין הויז. ער האט געווארט ביז גאנץ שפעט... גלויבענדיג אז נאכדעם ווי אדוניה וועט קריגען שלמה'ס תשובה, וועט ער איהם קומען אנזאגען... אבער ווען מיטנאכט איז אנגעקומען און אדוניה איז צו איהם ניט געקומען, האט ער זיך געלעגט שלאפען. — אדוניה מוז זיין אזוי פאר'שכור'ט פון גליק, — האט ער זיך געטראכט, — אז ער האט פארגעסען צו קומען צו איהם...

אויף מארגען איז יואב גאנץ פריה אויפגעשטאנען... ער האט ביי זיך בעשלאסען ווידער זיך צו זעהן מיט אלחנן און אויסארבייטען די פלענער ווי אזוי זיי זאלען אנפאנגען צו שטורמען דעם פאלאץ.

ער איז אוועק אין לאגער וואו ער האט נאך נעכטען אפגערעדט מיט אלחנן'ן, אבער צו זיין גרויסע איבערראשונג האט ער איהם דארטען מעהר נישט געטראפען, — נישט איהם און נישט די איבריגע גבורים...

יואב האט זיך גענומען נאכפרעגען ביי די מענשען וועלכע האבען געוואהנט אין יענעם געגענד, אויב זיי וויסען וואוהין אלחנן איז געגאנגען מיט זיינע גבורים.

— מיר האבען געהערט, אז זיי זיינען אוועק צום פאלאץ — האט מען איהם געענטפערט.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף יואב'ס פנים... — אלחנן מיט די גבורים זיינען שוין גרייט — האט ער זיך געטראכט, און ער האט זיך גלייך פארנומען אין דער ריכטונג פון פאלאץ.

די זון איז נאר וואס אויפגעגאנגען און אין די גאסען פון ירושלים האט געהערשט א שטילקייט... די איינוואוהנער זיינען געווען פארזונקען אין א טיעפען שלאף.

יואב האט פארשנעלערט זיינע טריט... יעצט וועט זיין די בעסטע צייט צו מאכען אן איבערפאל אויפ'ן פאלאץ, האט ער ווייטער געטראכט. אלע שלאפען נאך... די לייב־וועכטער פון שלמה'ן זיינען אויך מיעד און שלעפעריג... און ווען ער און אלחנן וועלען באפאלען דעם גדוד פון כרתי און פלתי אזוי פריה, וועלען זיי אפילו נישט קענען ארויסציינען דעם מינדעסטען ווידערשטאנד...

פלוצלינג האט זיך יואב דערמאהנט אז ער האט זיך נאך נישט געזעהן מיט אביתר'ן... ער וועט טאקע פריהער זיך אריבערכאפען צו איהם... זאל ער זיין געגרייט מיט דעם אייל פאר דער זאלבונג... יואב האט זיך פארנומען אין דער ריכטונג וואו אביתר'ס הויז איז געשטאנען... פלוצלינג האט ער באמערקט ווי אימעצער לויפט איהם אנטקעגען. באלד האט יואב איהם דערקענט אלס יונתן אביתר'ס זוהן...

— מיר זיינען פארלארען! מיר זיינען פארלארען! — איז יונתן צוגעלאָפען צו יואב'ן מיט א יאמערליכען געוויין.

— וואס האט פאסירט!? — האט יואב איהם געפרעגט מיט צושראָקענהייט.

— ווייסטו גארניט, מיין הער! — האט יונתן נישט אויפגעהערט צו יאָמערען, — דיין גאנצע פארשווערונג איז ענטדעקט געווארען.

— וואאאס?! — האט יואב אויסגעסטארטשעט אויף איהם זיינע אויגען.

— יא, אלחנן האט ענטדעקט אלע דיינע פלענער צו בניהו'ן. לעצטע נאכט האט ער הינגעריכטעט אדוניה'ן...

— אדוניה איז טויט? — האט יואב אויסגעשריען, און האט זיך אנגעכאפט אין יונתן'ס האנד ער זאל נישט אומפאלען. — אה, דערצעהל מיר ווי אזוי און ווען האט עס פאסירט!

— לעצטע נאכט איז אדוניה געגאנגען צו בת שבע'ן צו הערען דעם קעניג'ס תשובה... ווי ער איז צוגעקומען צו די טויערען פון דעם פאלאץ, איז ער איבערגענומען געווארען ביי בניהו'ן און אלחנן מיט זייערע גבורים און מען האט איהם באלד געטויטעט.

— ווער האט עס דיר אלעס דערצעהלט?! — איז יואב בלאס געווארען.

— איך בין גראדע דאן פארבייגעגאנגען די טויערען און איך האב געהערט די געשרייען און דעם טומעל... איך האב זיך דערנעהנטערט און זיך געגומען נאכפרעגען וואס האט פאסירט. האט מען מיר איבערגעגעבען אז מען האט נאר וואס ענטדעקט א גרויסע פארשווערונג פון אדוניה'ן און דאס פיהרט מען איהם טויטען... אין א ווײלע ארום האב איך געהערט די קולות פון חגית'ן. זי האט געשריען אזוי הויך, זי האט געשטורעמט און געליארעמט: מיין זוהן, אדוניה! גיט מיר מיין זוהן... מען האט איהר אבער גלייך גענומען פיהרען אין געפענגניס. חגית האט נישט אויפגעהערט צו שרייען: "יואב, דער פארפלוכטער יואב איז שולדיג אין מיין זוהן'ס טויט! מיין זוהן איז אומשולדיג! יואב האט איהם איבערגערעדט"!

— אה! — האט זיך יואב געכאפט פאר'ן קאפ — א דורכפאל! א דורכפאל! איך בין פארלארען!

— מיין הער — האט זיך יונתן אפגערופען — עס איז נאך נישט שפּעט פאר דיר זיך צו ראטעווען. אנטלויף פון ירושלים! דו וועסט זיך בעהאלטען פאר א קורצע צייט אין איינע פון די הייהלען הינטער'ן שטאדט און דערנאך ווערסטו אריבערגעהן דעם ירדן און דו ווערסט ראטען דיין לעבען.

— אה, ניין, עס ווערט זיין אונמעגליך פאר מיר יעצט צו אנטלויפען פון ירושלים — האט יואב געזאגט מיט יאוש — די טויערען זיינען זיכער באַוואכט... שלמה האט שוין געווים בעזארגט אז איך זאל נישט קענען אנטלויפען.

— איך בעט דיך, מיין הער! — האט יונתן זיך אפגערופען מיט א וויינענדיגער שטימע, — זעה צו בעשיצען מיין פאטער. מיר דוכט זיך, אז דער קעניג ווייס נאך נישט דאס מיין פאטער האט גענומען א טייל אין דער פארשווערונג... און ווען בניהו ווערט קומען צו דיר, זאלסטו זיך נישט ארויסריידען ווענען מיין פאטער... פארשפרעך מיר מיין הער?

יואב האט געשוויגען... ער האט מיט יאוש'דיגע אויגען געקוקט אויף אביתר'ן און טרויעריג צוגעשאקעלט מיט זיין קאפ.

פון ווייטען האבען זיך באוויזען מענשען, און יואב האט זיך אפגערופען:

— דאס קומען זיי צו מיר, זיי ווילען מיך טויטען... איך לויף צום מזבח, דארטען, אין אוהל, וועלען זיי פיעלייכט נישט וועלען פארגיסען מיין בלוט...

יואב האט איבערגעלאזען יונתן און אליין האט ער גענומען לויפען... ביז ער איז צוגעקומען צום אוהל וואו דער ארון איז געשטאנען און זיך אנגעהאל־טען פאר די "הערנער" פון מזבח.

א היבשע ווילע איז ער דארטען געבליבען שטעהן און זיך נישט געריהרט פון ארט... און פיעלע מענשען וועלכע זיינען געקומען זאגען זייערע תפלות צום ארון האבען איהם באמערקט... עס האט לאנג נישט געדויערט, און שלמה האט זיך דערוואוסט אז יואב געפינט זיך ביים מזבח... שלמה האט געשיקט רופען בניהו'ן און צו איהם געזאגט:

— נעהם מיט איינינע פון דיינע גבורים און געה צום מזבח, דארטען וועסטו טרעפען יואב'ן, און טהו צו איהם ווי דו האסט געטהאן צו אדוניה'ן.

בניהו האט מיטגענומען איינינע גבורים. ער איז אוועק מיט זיי צום אוהל און האט זיך אפגערופען:

— אין דעם נאמען פון דעם קעניג, באפעהל איך דיר דו זאלסט פארלאזען דעם מזבח און ארויסגעהן פון אוהל.

— איך וועל פון דאנען נישט אפטרעטען ביז וואנען דו וועסט מיר צו־שווערען ביי דעם לעבען פון דעם קעניג אז דו וועסט מיר נישט טויטען...

— איך זאג דיר נאך אמאל דו זאלסט ארויסגעהן פון דאנען! — האט בניהו שטרענג א זאג געטהאן.

— ניין! איך וועל פון דאנען נישט ארויס, איך וועל בעסער שטארבען דא, — האט יואב געענטפערט.

בניהו האט איבערגעלאזען די גבורים ביים אוהל און אליין איז ער אוועק צום קעניג.

— יואב וויל נישט אפטרעטען פון מזבח — האט בניהו בעריכטעט צו שלמה'ן, — ער זאגט, אז ער וועט בעסער שטארבען דארטען... זאל איך פארגי־סען בלוט בייב מזבח?

— א חוץ דעם וואס יואב פארדיענט דעם טויט פאר פארזוך מורד צו זיין אין מיר, טראגט ער נאך אויף זיך די אומשולדיגע פארגאסענע בלוט פון אבנר'ן, דעם זוהן פון נר, און פון עמשא, דעם זוהן פון יתר'ן... ביידע זיינען געווען עהרליכע און גוטע מענשען... און יואב האט זיי מוטוויליג ערמארדעט... ביידען האט ער פארנארט און זיי דערשטאכען... און לויט אונזער הייליגער תורה דארף מען איהם פון מזבח נעהמען און טויטען... דאריבער קעהר זיך אום און טויט איהם אפילו ווען ער וויל פון דארטען נישט אפטרעטען.

בניהו איז אוועק צום אוהל נאך אמאל און ווען יואב האט זיך נאך אלץ ענטזאגט צו פארלאזען דעם מזבח, האט איהם בניהו געטויטעט דארטען...

בניהו האט זיך גלייך אומגעקעהרט און געמעלדעט דעם קעניג אז ער האט דורכגעפיהרט זיין שליחות.

— זאלען אזוי אלע שונאים פון קעניג האבען אזא סוף ווי אדוניה און יואב האבען געהאט, — האט בניהו צוגעגעבען.

— יעצט דארף מען אויסגעפינען ווער נאך עס האט זיך בעטייליגט אין דער פארשווערונג, — האט שלמה זיך אפגערופען.

— די איינציגע פון וועמען מיר וועלן קענען אלעס אויסגעפינען איז חגית, — האט בת שבע געזאגט. — דעריבער איז מיין עצה צו ברענגען חגית'ן פון געפענגנים און איהר פרעגען, און אויב זי וועט ארויסגעבען אלע מורדים, וועט מען זי אין גאנצען באפרייען. יעצט קען זי דאך געווים גאר קיין שלעכטעס נישט טהאן.

מען האט חגית'ן געבראכט פאר דעם קעניג און זיין מוטער. זי איז גע־שטאנען מיט א געבויגענעם קאפ און א טרויעריג פנים.

— אויב דו וועסט ארויסגעבען די איבריגע מענשען וועלכע זיינען געווען פארבונדען מיט דער פארשווערונג, — האט זיך שלמה צו איהר אפגערופען, — דאן וועל איך דיר אין גאנצען באפרייען פון געפענגנים, און איך וועל דיר צו־ריקקעהרען אויף דיין פלאץ.

— און דער קעניג וועט מיך ניט בעשטראפען? — האט זי געפרעגט.

— דער קעניג וועט דיר מוחל זיין, — האט בת שבע געענטפערט, — דו אבער דערצעהל אונז אלעס וואס דו ווייסט...

— א חוץ יואב'ן האט זיך אויך אביתר, דער כהן, בעטייליגט אין דער פארשווערונג, — האט חגית צוגעגעבען... און יואב האט מיר דערצעהלט אז אלחנן איז אויך געווען מיט איהם.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף שלמה'ס ליפען.

— און מעהר ווייסטו פון קיינעם נישט? — האט ער איהר געפרעגט.

— אויך זיינע גבורים, אבער איך ווייס נישט גענוי ווער זיי זיינען און וויפיעל זיי זיינען... — האט חגית געענטפערט.

— דו ביזט פריי! — האט איהר שלמה געזאגט, — דו ביזט געווען איינע פון מיין פאטער'ס פרויען און כאטש דו האסט אויך פערדיענט בעשטראפט צו ווערען, בין איך דיר מוחל...

ווי חגית איז ארויס פון פאלאץ, האט שלמה געשיקט רופען אביתר'ן.

— איך בעט דיך, מיין קעניג! — איז אביתר געפאלען מיט זיין פנים צו דער ערד, — איך האב געגען דיר זעהר שטארק געזינדיגט, פארגיב מיר... און שענק מיר מיין לעבען.

— דו האסט פארדיענט דעם טויט אזוי ווי דיינע פריינד, אבער איך וועל דיך יעצט נישט טויטען, ווייל מיין פאטער האט מיר דערצעהלט וואס דו האסט זיך אנגעליטען פון שאול'ן... איך ווייס אז ער האט פאר דיינע אויגען אויסגע־שלאכטעט דיין גאנצע משפחה, און דו האסט געוואנדערט צוזאמען מיט מיין פאטער, און צוזאמען געליטען... דו האסט אויך געטראגען דעם הייליגען ארון, דעריבער שענק איך דיר דיין לעבען און דעם לעבען פון דיין זוהן, אבער דו קענסט אין ירושלים מעהר נישט פארבלייבען. געה צו דיין שטאדט ענתות און דארטען זאלסטו זיצען ביז דיינע לעצטע טעג... דו טארסט אויך מעהר קיין כהן נישט זיין... דו טארסט קיינמאל נישט קומען אין ירושלים...

דעם זעלבען טאג האט אביתר און זיין זוהן פארלאזען ירושלים און זיך באזעצט אין ענתות.

— יעצט איז נאך פארבליבען בלויז איין שונא פאר וועמען איך וועל זיך דארפען היטען, — האט שלמה זיך זיך אפגערופען צו זיין מוטער, — און דאס איז שמעי, דער זוהן פון גרא.

— ער איז ווירקליך איינער פון די גרעסטע שונאים וואס דיין פאטער

האט געהאט, — האט זיך בת שבע אפגערופען, — ווען איך דערמאהן זיך יענע צייטען ווען מיר זיינען אנטלאפען פון אבשלום'ן, ווען מיר זיינען אנגעקומען נישט ווייט פון בחורים, איז ער ארויסגעקומען, אט דער שמעי, און האט גע־זידעלט און געשאלטען דיין פאטער און אונז אלעמען. און די שטיינער וואס ער האט אויף אונז געשליידערט... דו, מיין זוהן, ביזט נאך גאר יונג געווען. אבער ווי שלעכט און ביטער מיר האבען דאן געפיהלט, ווי שטארק איז דאן מיין וואונש געווען זיך נוקם צו זיין אן שמעי'ן... און ווען גאט האט געהאלפען און מיר האבען זיך גענומען צוריקקעהרען נאך ירושלים, איז מיין ערשטער געדאנק געווען אז יעצט וועט דער קעניג בעשטראפען שמעי'ן... אבער דער פאלשער שמעי האט זיך געקליגט און איז אנטקעגען געגאנגען דעם קעניג, איהם צו זיינע פיס געפאלען און געבעטען ער זאל איהם מוחל זיין... ער האט מיטגע־בראכט זיינע קליינע קינדער און ניט אפגעטראטען ביז דער קעניג האט איהם צוגעשווארען דאס ער וועט איהם נישט טויטען... און איך בין זיכער, אז כאטש דיין פאטער האט מיט איהם געטהאן גרויס גנאד און איהם געלאזט לעבען, וועט ער זיך נאך יעצט אויך נישט אפהאלטען פון צו טהאן שלעכטעס צו דיר, אויב ער וועט נאר קענען.

— און מיר האט מען איבערגעגעבען, — האט בניהו זיך אפגערופען, — אז שמעי האט שוין געמאכט איינינע פארזוכען אפצורייסען דעם שבט בנימין פון דיין מלוכה, אבער קיינער הערט זיך צי איהם מעהר נישט צו.

— פון דעסטוועגען, כל זמן שמעי וועט זיך געפינען אין זיין געבורטס־שטאדט בחורים, קען ער נאך דארטען טרעפען עטליכע אנהענגער, וועלכע ווע־לען זוכען צו פארשאפען אונרוהען אין לאנד. דאריבער גלויב איך, וועט זיין א סך בעסער ווען שמעי וועט זיך שטענדיג געפינען אונטער מיין אויפזיכט אין ירושלים... געה, בניהו, און שיק רופען שמעי'ן ער זאל קומען צו מיר.

בניהו האט געטהאן ווי דער קעניג האט איהם פארזאגט און ער האט גע־שיקט נאך שמעי'ן.

ווען שמעי האט דערהערט אז דער קעניג שלמה רופט איהם צו זיך אין ירושלים, איז אויף איהם אנגעפאלען א גרויס פחד... ער האט געוואוסט אז דאס וואס ער איז די גאנצע צייט געבליבען לעבען איז דאס געווען צוליעב דעם וואס דער קעניג דוד האט צו איהם געשווארען דאס ער וועט איהם נישט טויטען... און ווי נאר דוד איז געשטארבען, האט ער ווידער גענומען גלויבען דאס יעצט איז די צייט אז די מלוכה זאל זיך אומקעהרען צו איינעם פון שאול'ס משפחה... און ווער, אויב נישט ער, איז נאך געווען אזוי נאהענט צו שאול'ן. דאריבער האט שמעי גענומען זיך דורכריידען שטילערהייט מיט זיינע פריינד און בע־קאנטע, דאס דער שבט בנימין זאל זיך אפרייסען פון שלמה'ן און אויסקלייבען א קעניג פון שאול'ס משפחה... אבער זיינע גוטע פריינד און בעקאנטע האבען זיך יעצט פון איהם אויסגעלאכט. זיי האבען נאך גוט געדענקט איז וואס פאר א בלאטע שמעי האט זיי אריינגעפיהרט דאן, ווען דוד איז אנטלאפען פון אבשלום'ן.

יעצט ווען שמעי האט געזעהן אז דער קעניג רופט איהם, האט ער זיך שטארק געשראקען, פיעלייכט האט אימיצער אויף איהם פאר'מסר'ט פאר שלמה'ן, דאס ער האט געזוכט מורד צו זיין אין איהם... פריש איז נאך געווען אין זיין זכרון דער סוף פון אדוניה'ן און יואב'ן. דאריבער האט זיך זיין שרעק

פארגרעסערט... ער האט מיטגענומען זיינע פרויען און קינדער זיי זאלען איהם העלפען בעטען דעם קעניג ער זאל איהם מוחל זיין.

— מיין האר קעניג! — איז שמעי געפאלען צו שלמה'ס פיס — איך וויים אז איך האב זעהר שטארק געזינדיגט געגען דיין פאטער און דיר... אבער דיין פאטער האט מיר מוחל געווען... יעצט, גנעדיגער קעניג פון ישראל, פארצייהע דיין קנעכט און שענק מיר דאס לעבען.

— קיינער צווייפעלט נישט אז דו האסט פארדיענט דעם טויט! — האט שלמה צו איהם געזאגט, — אבער איך וויל דיר געבען א געלעגענהייט צו בלייבען לעבען. יעצט טהו אזוי: בוי זיך א הויז אין ירושלים און באזעץ זיך דא צוזאמען מיט דיין משפחה... דו וועסט מוזען בלייבען וואהנען אין ירושלים ביז די ענדע פון דיין לעבען... דו וועסט נישט טארען ארויסגעהן פון ירושלים. און אויב דו וועסט מיר נישט פאלגען און פארלאזען ירושלים אפילו אויף א קליינע ווילע, וועסטו שטארבען... און דאן וועט קיינער נישט זיין שולדיג אין דיין טויט, דיין בלוט וועט פאלען אויף דיין אייגענעם קאפ...

א פרייד האט זיך צוגאסען אויף שמעי'ס פנים און ער האט בעדאנקט דעם קעניג פאר דעם חסד וואס ער טהוט מיט איהם.

— איך שווער, אז איך וועל טהאן אלעס וואס מיין הארר קעניג האט מיר געזאגט, איך וועל זיך באזעצען אין ירושלים און פון דאנען קיינמאל נישט ארויסגעהן.

שמעי האט גלייך איבערגעפיהרט זיין גרויסען פארמעגען פון בחורים, נאך ירושלים. ער האט געבויט א הויז און זיך דריי יאהר געלעבט רוהיג אין ירושלים.

איינמאל האט מען אנגעזאגט שלמה'ן אז שמעי האט פארלאזען ירושלים אויף עטליכע טעג.

דער קעניג האט גלייך געשיקט רופען צו זיך שמעי'ן און צו איהם געזאגט מיט כעס:

— האסטו דען נישט געשווארען אז דו וועסט קיינמאל נישט ארויסגעהן פון ירושלים? און יעצט האסטו פארדיענט דעם טויט ווייל דו האסט עובר געווען דיין שבועה און נישט אויסגעפאלגט מיין באפעהל!

— מיין האר קעניג, — האט זיך שמעי גענומען בעטען, — צוויי פון מיינע קנעכט זיינען פון מיר אנטלאפען און מען האט מיר אנגעזאגט אז זיי געפינען זיך אין גת, ביז איך אהין אוועק אויפצוזוכען דארטען מיינע קנעכט.

— דו ווייסט דאך וואס פאר א שלעכטעס דו האסט געטהאן צו מיין פאטער, ווען ער איז פארבייגעגאנגען בחורים... דו האסט איהם געשאלטען, אויף איהם געווארפען שטיינער און בלאטע, פון דעסטוועגען האט דיך מיין פאטער נישט געטויטעט, און אויך איך האב דיך געלאזט לעבען, אבער יעצט אז דו האסט מיך נישט געפאלגט, ביזטו אליין שולדיג אין דיין טויט...

שלמה האט געגעבען א וואונק צו בניהו'ן און ער האט ארויסגעפיהרט שמעי'ן פון פאלאץ.

מיט שמעי'ס טויט האט שלמה אפגעראמט דעם לעצטען פון זיינע ביטערסטע שונאים. און די מלוכה איז יעצט געווען שטארק און פעסט אין שלמה'ס הענט.

## אכטער קאפיטעל

## דער משפט

זעהר שנעל איז דער קעניג שלמה בעליעבט געווארען ביי דעם גאנצען פאלק. אלע האבען זיך איבערצייגט אז שלמה איז דער ריכטיגער נאכפאלגער פון זייער גרויסען און געאכטעטען קעניג, דוד... דער דורכפאל פון זיינע שונאים׳ס פארשווערונג האט באוויזען אז כאטש שלמה איז נאך גאר יונג, האט ער גע־האנדעלט קלוג און אויפריכטיג אין א צייט פון א שווערער און אונאנגענעהמער לאגע.

דעם יונגען קעניג׳ס פאפולאריטעט און שעצונג איז נאך געוואקסען מיט דעם וואס שלמה האט געזוכט צו פארבעסערען דעם מצב פון אלע אידען איבער׳ן גאנצען לאנד. ער האט ארומגערייזט פון שבט צו שבט און פון שטאדט צו שטאדט און אויסגעפארשט די לאגע פון די איינוואהנער; ער האט באשטימט עהרליכע שופטים, אנשטאט די וועלכע האבען געזוכט צו פארבויגען גערעכ־טיגקייט.

שלמה האט איינגעלאדען אין זיין פאלאץ אלע גרויסע חכמים און געלערנטע פון לאנד און פלעגט זיך מיט זיי בעראטהען וועגען פיעלע זאכען.

אין זיין פרייע צייט האט ער פערבראכט מיט דעם אלטען נביא נתן, וועל־כער האט מיט איהם געלערנט די תורה.

שלמה האט זיך גענומען גרייטען צו בויען דעם בית המקדש, אבער ער האט בעשלאסען אז איידער ער פאנגט אן די הייליגע ארבייט, מוז ער פריהער זעהן, עס זאל הערשען שלום און רוהיגקייט, ארדנונג און צופרידענהייט אין לאנד... און ווען עס פלעגט זיך מאכען זעהר א שווערער משפט פלעגט דער קעניג אליין עס משפט׳ן. עס האט לאנג נישט געדויערט און דאס פאלק האט איינגעזעהן די גערעכטיגקייט פון דער קעניג שלמה.

איינמאל ווען שלמה איז געזעסען אויף זיין טראהן, און אלע חכמים זיינען געווען ארום איהם, האט מען דעם קעניג געמאלדען אז צוויי פרויען זיינען גע־קומען אין פאלאץ זוכען גערעכטיגקייט.

שלמה האט געהייסען אריינפיהרען די פרויען צו איהם. באלד זיינען די צוויי פרויען אריינגעקומען און זיך פארנייגט פאר׳ן קעניג. הינטער זיי איז מיטגעגאנגען א בעאמטער פון קעניג און האט אויף זיינע הענד געהאלטען א קליין קינד.

ווען די פרויען האבען זיך אויפגעשטעלט, האט זיי שלמה גוט בעטראכט: איינע איז געווען א פרוי פון מיטעלען וואוקס מיט א קאפ טונקעל־ברוינע האר, איהר פנים איז געווען בלאס און אויסגעצעהרט... איהרע אויגען האבען אויס־געדריקט שרעק און אנגסט.

די צווייטע פרוי איז געווען עטוואס קירצער, מיט א דיקליכע פיגור. איהרע האר זיינען געווען פייערדיג רויט און פון איהרע אויגען האבען פונקען געשפריצט... זי האט איהרע בליקען געווארפען אויף אלעמען אין פאלאץ, צו־פענדיג עטוואס נערוועזיש די שאל פו׳ איהר קאפ.

— וואס האט פאסירט? — האט זיי דער עקניג געלאסען א פרעג געטהאן.

— עס איז מיין זוהן! עס איז מיין זוהן! — האבעןביידע פרויען מיט אמאל אויסגערופען. — איך האב איהם געבארען! ער איז מיינער!...

זייערע קולות און געשרייען זיינען שטארקער געווארען:

— זי איז א פאלשע, א ליגנערין! עס איז מיין זוהן, איך שווער ביי גאט, ער איז מיינער!...

— זאל מיר גאט צום טויט שלאגען אויב דאס קינד איז נישט מיינער...

אזוי ווי ביידע פרויען האבען געשריען און געליארעמט מיט אמאל, האט מען גארנישט געקענט פארשטעהן א ווארט פון זיי.

— עס זאל ווערען שטיל! — האט דער קעניג באפוילען.

און גלייך זיינען ביידע פרויען געבליבען שטעהן שטיל און באוועגלאז, בלויז זייער שווערער אטהעם האט זיך געקענט הערען אין דער שטילקייט פון פאלאץ.

— ווי איז דיין נאמען? — האט זיך שלמה אפגערופען צו דער פרוי מיט די טונקעל־ברוינע האר.

— מיין נאמען איז צרועה, — האט די פרוי געענטפערט מיט א ציטערנדע שטימע, — איך בין אן אלמנה, און איך שטאם פון שבט אפרים. איך קום פון דער שטאדט צרדה.

— זעץ זיך אוועק און דערצעהל מיר דיין גאנצע געשיכטע, אלעס וואס מיט דיר האט פאסירט פון דיין יוגענד ביז איצט, — האט דער קעניג צו איהר געזאגט מיט א צערטליכע שטימע.

מען האט פאר איהר געבראכט א שטוהל און צרועה האט ביי זיך נישט געקענט בעשליסען זיך זעצען פאר דעם קעניג. זי האט זיך נאך אמאל פארנייגט פאר'ן קעניג און א בליק געטהאן אויף דעם שטוהל און אויף דעם קעניג, און איז געבליבען שטעהן.

שלמה האט גלייך באמערקט איהר פארלעגענהייט און האט צו איהר געזאגט:

— שרעק זיך נישט, צרועה, קיין בייז וועט צו דיר נישט געטהאן ווערען. גערעכטיגקייט וועט געטהאן ווערען צו אייך ביידען. זעץ זיך און דערצעהל מיר אלעס וואס מיט דיר האט פאסירט.

צרועה האט זיך געזעצט און אנגעשטעלט איהרע אויגען וועלכע האבען אויסגעקוקט נאך מעהר צושראקען אויף דעם קעניג.

אין פאלאץ האט געהערשט א שטילקייט. יעדער האט אנגעשטרענגט זיינע אויערן צו הערען וואס די פרוי האט צו דערצעהלען.

— "אויף דעם בארג פון אפרים געפינט זיך די שטעדטעל וואו איך בין געבוירען געווארען, — האט זיך צרועה אפגערופען מיט א נידעריגע שטימע, און טרעהרען האבען זיך באוויזען אין איהרע אויגען, — ארים זיינען מיינע עלטערן געווען, שווער און ביטער האבען זיי געארבייט צו ערנעהרען זייער קליינע משפחה. ווען איך בין אונטערגעוואקסען האב איך גענומען ארויסהעלפען מיינע עלטערן. זיי זיינען שוין דאן געווען אלט און שוואך. פלעג איך געהן בעארבייטען די שטיקעל פעלד און אויך אכטונג געבען אויף די עטליכע שעפסען וואס מיר האבען פארמאגט.

"אין שכנות צו אונזער פעלד איז געווען דאס פעלד פון א רייכען מאן מיט'ן נאמען תותם. ביי איהם האט געארבייט זיינער א קנעכט, א יונגער מאן

מיט׳ן נאמען נבט, וועלכער האט אויך געשטאמט פון ארימע עלטערן. נבט האט באמערקט ווי שווער איך ארבייט, איז ער מיר פיעלע מאל געקומען צו הילף... ער האט מיר געהאלפען צו אקערען דאס פעלד און ווען איינע פון מיינע שאף איז פארפאלען געווארען, האט ער זי פאר מיר אויפגעזוכט... עס האט נישט לאנג געדויערט און מיר האבען זיך פארליעבט איינע אין צווייטען.

״נבט האט מיר דערצעהלט אז צוליעב דעם וואס מען האט אויף איהם געמאכט א בלבול דאס ער האט צוגע׳גנב׳עט א שעפס פון חותם׳ן, האבען די שופטים צוגע׳פסק׳ענט דאס ער מוז בעצאהלען פיער שעפסען פאר דער גנבה... אבער ער איז געווען זעהר ארים און האט גארנישט געהאט, האט מען איהם דערפאר פארקויפט צו חותם׳ן פאר א קנעכט פאר זעקס יאהר. ווען איך האב איהם באגעגענט אין פעלד, האט ער שוין ביי זיין האר געדיענט צוויי יאהר... נבט האט צו מיר געשווארען אז ער איז געווען אומשולדיג און דאס האבען זיינע שונאים אויף איהם אויסגעטראכט א בלבול. און איך האב איהם געגלויבט... ווייל זיין פנים האט עדות געזאגט אז ער איז עהרליך.

״פיער יאהר האבען מיר ביידע מיט גרוים אומגעדולד געווא־ט ביז וואנען ער וועט בעפרייט ווערען, כדי מיר זאלען קענען חתונה האבען... דורך דער צייט האב איך פארלארען מיין פאטער און מוטער און מיר איבערגעלאזען דאס שטיקעל פעלד און זייער הויז אלס ירושה.

״ווי דער טרויער־יאהר איז פאראיבער האב איך חתונה געהאט מיט נבט׳ן, און יעצט האבען מיר ביידע געארבייט צוזאמען אין אונזער פעלד... מיר זיינען געווען זעהר גליקליך און צופרידען מיט אונזער חלק.

״איינמאל האט אונז ־ער שופט פון שטעדטעל געשיקט רופען און צו מיר געזאגט: ״דיין פאטער איז געבליבען שולדיג חותם׳ן א חוב, און אזוי ווי ער איז געשטארבען נישט אפצאהלענדיג דיזם חוב, האט חותם א רעכט צוצונעה־מען פון דיר דיין פאטער׳ס הויז און פעלד״.

״ווען איך האב דאס דערהערט ביז איך געפאלען צו חותם׳ס פיס און געבעטען ער זאל אויף מיר רחמנות האבען און נישט אוועקנעהמען מיין פא־טער׳ס ירושה פון וואס איך מיט מיין מאן ערנעהרען זיך בדוחק... מיינע גע־וויינען און תחנונים זיינען געפאלען אויף טויבע אויערען... ״אויב דו וועסט אין משך פון דעם יאהר מיר נישט בעצאהלען דיין פאטער׳ס חוב, וועל איך אלעס ביי דיר צונעהמען״, האט חותם מיך געסטראשעט... מיר האבען געזעהן אז מיר וועלען ביי איהם גארנישט פועל׳ן, האט מיין מאן בעשלאסען זיך ווידער צו שטעלען ארבייטען ביי איהם פאר מיין פאטער׳ס חוב... איך האב איהם אבער דערצו נישט דערלאזען.

— ניין, — האב איך צו מיין מאן געזאגט, — איך וועל נישט דערלאזען דו זאלסט ווידער ווערען זיין קנעכט! מיר וועלען ביידע שווער ארבייטען צו־זאמען און אפשפארען פון אלעם וואס מיר קענען, ביז וואנען מיר וועלען אנ־קלייבען גענוג געלד צו בעצאהלען דעם חוב.

״שווער און ביטער האט מיין מאן געארבייט, ער האט קיין נעכט נישט געשלאפען און געארבייט. איך האב איהם געהאלפען ווי ווייט מעגליך. אבער ווען איך האב עטוואס שפעטער אנגעהויבען פיהלען אז איך דארף ווערען א מוטער, האט מיר מיין מאן נישט דערלאזען איך זאל איהם העלפען ביי דער ארבייט... ער האט אליין געטהאן אלע שווערע ארבייט. נאך מעהר ווי פריהער

האבען מיר געשפארט און זיינען געווען גליקליך צו זעהן אז עס וועט שוין לאנג נישט נעהמען און מיר וועלען האבען גענוג געלד אויסצוצאהלען חותם'ן מיין פאטער'ס חוב... אבער...

צרועה האט זיך א ווײלע אפגעשטעלט. די טרעהרען האבען איהר געשטיקט... עס איז געווען קענטיג אז עס איז איהר שווער צו ריידען וועגען דעם

די שטילקייט אין פאלאץ איז נאך מעהר אנגעשטרענגט געווארען. דער קעניג און אלע פערזאמעלטע האבען פון דער פרוי נישט ארונטערגענומען די אויגען.

"אבער מיין גליק האט לאנג נישט אנגעהאלטען, — האט צרועה פארטגעזעצט — מיין מאן איז פון דעם וואס ער האט געארבייט איבער זיינע כוחות קראנק געווארען. ער איז געלעגען אין בעט... איך האב גערופען פארשידענע רופאים און דאס געלד וואס מיר האבען געהאט אפגעשפארט צו בעצאהלען מיין פאטער'ס חוב, האב איך ביסלעכווייז גענומען נוצען אויף רפואות פאר מיין מאן, און אויף צום לעבען, ווייל ווען ער איז געלעגען קראנק צום בעט איז דאס פעלד פערנאכלעסיגט געווארען. דערווייל איז מיין מאן ערגער געווארען פון טאג צו טאג... דאס אפגעשפארטע געלד איז אין גאנצען אויסגעליידיגט געווארען. און נאך עטליכע חדשים פון מאטערנים איז מיין מאן געשטארבען...

"שווער איז געווען די שטראף מיט וועלכע גאט האט מיך געשטראפט, ווען ער האט ביי מיר אוועקגענומען מיין ליעבען מאן... אבער נאך שווערער און אונערטרעגליכער איז געווארען מיין לאגע ווען אין א קורצע צייט נאך מיין מאן'ס טויט איז געקומען חותם און מיך פארטריבען פון מיין הויז, צוגעהמענדיג דאס הויז, די כלים און דאס פעלד, פאר דעם חוב... איך בין געבליבען אן עלענדע אלמנה, אהן א דאך איבער מיין קאפ, און אהן שפייז און שוין... עטליכע טעג האב איך זיך אזוי געוואלגערט אין די פעלדער וואו איך פלעג צונויפזאמלען די אראפגעפאלענע זאנגען אום זיך צו ערנעהרען... און געשלאפען האב איך אין א שייער פון היי... גאנץ פריה פלעג איך אויפשטעהן און געהן אויף דעם קבר פון מיין מאן אויסגיסען פאר איהם מיין ביטער הארץ. און איינמאל ווען איך בין געלעגען ביי מיין מאן'ס קבר און געוויינט, איז צו מיר צוגעקומען אן עלטערע פרוי און מיך געפרעגט פאר וואס איך וויין און טרויער. איך האב איהר אלעם דערצעהלט און זי האט זיך צו מיר אפגערופען;

"קום מיט מיר, איך בין אויך אן ארימע פרוי, אבער איך האב א וואהנונג... דו וועסט זיך קענען ביי מיר געפינען ביז וואנען דו וועסט אריבערקומען בשלום און דאן וועט גאט פיעלייכט זיך מרחם זיין איבער דיר צוליעב דעם זכות פון דיין קינד וואס וועט קומען".

"איך האב איהר זעהר בעדאנקט און מיט איהר מיטגעגאנגען. אויפ'ן וועג האט זי מיר דערצעהלט אז אין איהר הויז געפינט זיך נאך א יונגע פרוי וועלכע דארף אויך אין גיכען ווערען א מוטער...

"איך וועל אייך ביידען קענען באהילפיג זיין, — האט די גוטע אלטיטשקע צו מיר געזאגט, — ווייל איך בין א געניטע העבאם.

"ווען זי האט מיך אריינגעפיהרט אין הויז, האב איך דארטען אויך באמערקט די דאזיגע פרוי, — האט צרועה אנגעצייגט מיט איהר פינגער אויף דער צווייטער פרוי, וועלכע איז געשטאנען נישט ווייט פון איהר — מיר זיינען

באקד ביידע געוואָרען גוט בעפריינדעט און מיר האָבען איינע דער צווייטער דערצעהלט אַלעס וואָס מיט אונז האָט פּאַסירט.

„אין א קורצע צייט ארום האָב איך געבאָרען א זוהן. די אַלטע פרוי האָט מיר פיעל געהאָלפען. זי האָט מיר געבראַכט שפּייז, און איך בין געווען גליקליך וואָס גאָט האָט מיר געבענשט מיט א זוהן... יעצט האָב איך געגלויבט וועלען אַלע מיינע צרות פאַרשווינדען. איך האָב אויך געהאָפט אז צוליעב מיין זוהן וועלען די מענשען פון מיין שטאָדט האָבען איינזעהעניש מיט מיר און איך וועל קריגען א גערעכטען משפט מיט חותם'ן. ווייל איך בין זיכער, אז מיין פאַטער איז איהם קיינמאָל גאָרנישט שולדיג געווען. איך האָב איהם פאַרדעכטיגט אז דאָס האָט ער געפעלשט מיין פאַטער'ס חתימה כדי אוועקצונעהמען פון מיר דאָס שטיקעל פעלד וואָס גרעניצט זיך מיט זיין פעלד. אבער מיין יעצטיגע פרייד האָט אויך לאַנג נישט אָנגעהאַלטען. אויפ'ן דריטען טאָג, נאָכדעם ווי איך האָב געבוירען מיין זוהן, האָט אויך די־זע פרוי געבוירען א זוהן... די אַלטע איז נאָך געווען מיט אונז איינינע טעג און נאָכהער האָט זי אונז ביידען איבער־געלאָזט אַליין אין הויז און איז אוועק. פאַר די לעצטע עטליכע טעג איז מיט אונז קיינער נישט געווען אין הויז. און ווען איך האָב זיך געפיהלט עטוואָס קרעפטיגער האָב איך מיין שכנה ארויסגעהאָלפען... און יעצט האָט זי מיר אָפּגעצאָהלט מיט שלעכטעס אנשטאָט גוטעס... יא, איהר זוהן איז לעצטע נאַכט געשטאָרבען. ווי עס ווייזט אויס, האָט זי איהם דערשטיקט זויגענדיג... זי האָט אבער נישט געוואָלט אז מען זאָל וויסען אז איהר קינד איז טויט, איז זי אויפגעשטאַנען אין מיטען נאַכט און שטילערהייט צוגענומען מיין לעבעדיגען זוהן צו זיך אין בעט. און איהר טויטען זוהן האָט זי אוועקגעלייגט ביי מיין זייט. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה און געוואָלט אָנזויגען מיין קינד, דערזעה איך אז ער איז טויט... און ווען איך האָב זיך גוט צוגעקוקט, האָב איך באַמערקט אז ער איז גאָרנישט מיין זוהן... דער טויטער איז נאָר דער זוהן פון מיין שכנה, און מיין לעבעדיגער זוהן ליגט גאָר ביי איהר זייט.

— עס איז א ליגען! איך האָב עס קיינמאָל נישט געטהאָן! איך האָב זיך מיט איהר נישט געביטען מיט די קינדער! — האָט די אַנדערע פרוי גע־נומען שרייען.

— יעצט האָסטו קיין רעכט נישט צו ריידען ביז וואַנען מען וועט דיר אויספרעגען, — האָט איהר דער קעניג געזאָגט, און האָט געהיירען צרועה'ן ענדיגען איהר ערצעהלונג.

— „איך האָב גלייך געמאַכט א געוואַלד, — האָט צרועה פאַרענדיגט, — און מענשען זיינען זיך צונויפגעלאָפען. מען האָט אונז אוועקגעפיהרט צום שופט, אָבער ער האָט נישט געקענט בעשליסען ווער עס איז גערעכט... און דאריבער האָט מען אונז געבראַכט צו דעם האר קעניג"...

— גוט! — האָט שלמה אויסגערופען. — יעצט אז איך האָב געהערט דיין געשיכטע און דיינע טענות, וויל איך אויך הערען וואָס דיין שכנה האָט צו דערצעהלען. — זעץ דיך אויף דעם שטוהל, — האָט דער קעניג זיך אָפּגע־רופען צו דער צווייטער פרוי.

צרועה האָט זיך אויפגעשטעלט און איהר שכנה האָט פאַרנומען איהר פּלאַץ.

— ווי איז דיין נאָמען? — האָט איהר שלמה געפרעגט.

— מיין נאָמען איז שפרה, — האָט זי געענטפערט — און איך שטאַם

אויך פון שבט אפרים. ווען איך בין נאך א יונג מיידעל געווען, האט מיין פאטער צוליעב זיין ארימקייט פארקויפט מיך פאר א דיענסט צו א רייכען מאן פון צרדה... און כאטש איך האב מיין האר געטריי געדיענט, האט מיך זיין פרוי זעהר פיעל געפייניגט. זי האט מיר אנגעטהאן אלערליי נגישות און צרות. נישט איינמאל בין איך געווען געצוואונגען צו אנטלויפען צו מיין פאטער'ס הויז. אבער מיין האר פלעגט שטענדיג קומען און מיך צוריקנעהמען.

— און ווי איז דער נאמען פון דיין האר?

— זיין נאמען איז זבד — האט שפרה געענטפערט — און וויל זבד פלעגט זיך זעלטען געפינען אין דער היים, פלעג איך זעהר פיעל ליידען פון זיין פרוי... און ווען איך בין איינמאל אנטלאפען געווארען און זיך מעהר נישט געוואלט צוריקקעהרען צו איהר, האט מיר מיין האר צוגעזאגט אז ער וועט מיט מיר חתונה האבען... און טאקע ביי מיין פאטער אין הויז האבען מיר ביידע חתונה געהאט. ווען ער האט מיך געבראכט צו זיך אהיים אלס זיין פרוי, האט זיין ערשטע פרוי מיך נישט געוואלט אנערקענען און זי האט מיך גערופען קעבס ווייב און מיר גענומען פייניגען נאך מעהר ווי פריהער... איז דער צייט ווען דער מאן אונזערער איז געווען אין הויז, האט זי מורא געהאט מיר שלעכטעס צו טהאן, אבער אזוי ווי זבד איז א סוחר און רייזט ארום אין פערשידענע שטעדט, קומט מיר גאנץ אפט אויס צו בלייבען אליין מיט איהר אין הויז... און דאן נעהמט נישט קיין ענדע צו מיינע צרות. מיט עטליכע יאהר שפעטער האב איך דערפיהלט אז איך דארף ווערען מוטער, און אזוי ווי אונזער מאן איז אוועק אויף א לאנגע רייזע, האב איך נישט געהאט פאר וועמען צו פארטרויען מיין פרייד... האב איך עס פארטרויט צו מיין פיינדין. ווען זי האט זיך דערפון דערוואוסט, האט איהר צארן אויף מיר נאך מעהר געברענט, וויל זי איז געווען אן עקרה, און יעצט האט זי מורא געהאט אז ווען זבד וועט זיך אומקעהרען וועט ער מיר מעהר ליעב האבען ווי איהר... האט זי מיך פארטריבען פון הויז... מיין פאטער איז שוין דאן געוועזן טויט. איך האב קיינעם נישט געהאט צו וועמען איך זאל זיך קענען ווענדען פאר שוץ... און דערצו האט זי נאך אויף מיר אויסגעטראכט א בלבול אז איך בין אן אויסגעלאסענע און דאס קינד איז נישט פון מיין מאן... פ'עלע פון אונזערע שכנים האבען איהר געגלויבט, און איך האב זיך מעהר נישט געקענט אומקעהרען צו מיין היים... איך האב געווארט ביז מיין מאן וועט זיך אומקעהרען פון זיין רייזע... וויל איך בין געווען זיכער, אז גרוים וועט זיין זיין פרייד ווען ער וועט זיך דערוויסען אז איך האב איהם געבארען א זוהן... דערווייל האבען זיך די טעג דערנעהנטערט... און ווען נישט די אלטע פרוי וועלכע האט זיך איבער מיר דערבארעמט און אריינגענומען צו איהר אין הויז, וואלט איך געווען געצוואונגען צו געבוירען מיין קינד אין דרויסען...

שפרה האט זיך דא אפגעשטעלט און געווישט די טרעהרען פון איהרע אויגען.

איינינגע פון די אנוועזענדע אין פאלאץ האבען זיך פארבארגענערהייט אויך א וויש געטהאן די אויגען.

— און גאט האט געגעבען איך האב געבוירען א זוהן... און איך בין געווען אזוי גליקליך און צופריעדען. יעצט — האב איך זיך געטראכט — וועל איך געפינען רוה און שוץ אין מיין מאנ'ס הויז... נעהמט גאר אט די פרוי און

טראכט אוים אויף מיר א בלבול אז איך האב מיין קינד געטויטעט און איהם אומגעביטען אויף איהר קינד! אה, זי איז א גרויסע ליגנעריז! זי וויל האבען מיין לעבעדיגען זוהן, כדי זי זאל נאכהער קענען צוריקקריגען איהר הויז און פעלד פון איהר פאטער׳ס חוב...

דער קעניג האט יעצט געהייסען ביידע פרויען צוגעהן נעהנטער צו איהם.

ווען צרועה און שפרה זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט צום קעניג, האט שלמה אויך געהייסען דעם בעאמטען וועלכער האט געהאלטען דאס לעבעדיגע קינד, זאל זיך דערנעהנטערען.

— גיב מיר דאס קינד! — האט דער קעניג באפוילען דעם בעאמטען.

ער האט דערלאנגט דאס קינד צו שלמה׳ן.

אלע האבען אנגעשטרענגט זייערע אויגען און אויערען און געווארט מיט גרוים שפאנונג צו זעהן וואס דער קעניג וועט טהאן.

— דו זאגסט אז דאס קינד איז דיינס און דאס טויטע קינד בעלאנגט צו דיין שכנה? — האט זיך דער קעניג אפגערופען צו שפרה׳ן.

— יא, מיין האר קעניג! — האט זי פעסט געענטפערט, — ער איז מיין זוהן, איך האב איהם געבוירען... און זי האט מסתמא איהר קינד דערשטיקט. און יעצט זאגט זי, אז איך האב עס געטהאן... און וויל אוועקנעהמען פון מיר מיין זוהן.

— יעצט זאג מיר, צרועה, ביזטו זיכער אז דאס טויטע קינד איז נישט דיינס... עס איז דאך אזוי שווער צו דערקענען א קינד וואס איז בלויז אייניגע טעג אלט... פיעלייכט מאכסטו א טעות... פאר וואס זאל דיין שכנה וועלען נעה־מען א קינד וואס איז נישט איהרער...

— אה, ניין, מיין האר קעניג! — האט צרועה געזאגט וויינענדיג — איך מאך נישט קיין טעות... זינט מיין זוהן איז געבארען געווארען האב איך פון איהם מיינע אויגען נישט ארונטערגענומען. יעדעס גליעד זיינער איז מיר גוט בעקאנט... איך דערקען זיין מויל, זיינע אויגען... אה, ער איז מיין זוהן!... זי זוכט איהם פון מיר אוועקצורויבען... ווייל זי האפט אז מיט א זוהן וועט זי נושא חן זיין ביי איהר מאן.

— און זי האפט אז מיט א זוהן וועט זי צוריקקריגען איהר נחלה! — האט שפרה אויסגערופען, — דאריבער וויל זי ביי מיר אוועקנעהמען מיין זוהן! ניין, דער איז מיין זוהן און איהרער איז עס דער טויטער!

— מיין זוהן איז דער לעבעדיגער און דיינער איז דער טויטער.

— ניין, דיינער איז דער טויטער און מיינער איז דער לעבעדיגער!

שלמה האט איבערגעגעבען דאס קינד צום . עאמטען, און אליין האט ער גענומען טראכטען: ביידע טענה׳ן אז דער לעבעדיגער זוהן געהערט צו זיי... ביידע האבען, א הויך מוטערליכען אינסטינקט, אויך גוטע מאטיווען פאר וואס יעדע זאל פערלאנגען דאס קינד, כאטש אין אמת׳ן איז זי נישט זיין מוטער... ווער אבער פון די ביידע איז גערעכט? צרועה מיט איהר געבראכענעם געמיטה און טרויעריגע ערפאהרונג, שיינט צו זיין עהרליך, זי וועט קיין ליגען נישט זאגען, אבער דאך איז דאך מעגליך אז זי מאכט א טעות... איהר דוכט זיך אז דאס איז איהר זוהן, אבער אין אמת׳ן קען זיין אז דאס זוכט זי זיך אליין איינצורעדען... ווייל עס קען זיך איהר נישט פארשטעלען אז זי זאל האבען אומגערען געטויטעט איהר קינד... אבער שפרה, זי ווייס דאך זיכער אויב זי

האט דעם לעבעדיגען זוהן אוועקגענומען פון איהר שכנה'ס זייט אדער נישט...
יא, דורך איהר וועט ער קענען דערגעהן דעם גאנצען אמת! — האט שלמה ביי זיך בעשלאָסען און אויסגערופען:

— איינע זאגט: "מיין זוהן איז דער לעבעדיגער און דיין זוהן איז דער טויטער"; און די צווייטע זאגט פארקעהרט: "דיין זוהן איז דער טויטער און מיין זוהן איז דער לעבעדיגער". דאריבער איז מיין משפט ווי פאלגט: איהר, ביידע מוטערס זייט גערעכט. דאס קינד בעלאנגט צו אייך ביידען, דאריבער וועט איהר איהם ביידע באקומען!... ברייננט אהער א שארפען שווערד! — האט דער קעניג באפוילען.

מען האט גלייך געבראכט א שווערד און עס דערלאנגט צום קעניג. אלע אנוועזענדע האבען מיט גרויס שרעק גענומען צוקוקען וואס דא וועט פארקומען.
— נעהם דעם שווערד און שנייד דאס לעבעדיגע קינד אין צווייען!
— האט שלמה אויסגערופען צום בעאמטען, אויפשטעלענדיג זיך פון זיין טראָהן.
דער בעאמטער האט גענומען דעם שווערד אין זיין רעכטער האנד און דאס קינד אין זיין לינקער האנד.

א טויטע שטילקייט האט געהערשט אין פאלאץ... די אנשטרענגונג איז געוואָרען זעהר גרויס.

"וואס איז דאס?!... — האט א געדאנק דורכגעבליצט די מוחות פון די אנוועזענדע — איז דער קעניג געריהרט פון זינען"...
— שנייד! — האט דער קעניג באפוילען — שנייד דאס קינד אין צווייען און גיב איין העלפט צו שפרה'ן און די אנדערע העלפט צו צרועה'ן.
דער בעאמטער האט אויפגעהויבען זיין שווערד און זיך פארמאסטען אויף דאס וויינענדע קינד.

— איך בעט דיך, מיין האר! — איז צרועה געפאלען צו דעם קעניג'ס פיס, — טויטעט נישט מיין קינד!! אה, האט רחמנות אויף מיין זוהן און טויטעט איהם נישט!!
— איהר זוהן!! — האט זיך שפרה א קרים געטהאן — גוט, שניידט איהם! נישט פאר מיר און נישט פאר איהר זאל ער זיין! שניידט!!...
— אה, האב רחמנות, האר קעניג! זאל מען שוין בעסער איהר אפגעבען מיין קינד, אבער טויטעט איהם נישט!...
— ניין, נישט פאר מיר און נישט פאר איהר זאל ער זיין! שניידט! — האט שפרה אויסגערופען.

— גיט איהר דאס קינד! — האט שלמה אויסגערופען, אנצייגענדיג מיט זיין האנד אויף צרועה'ן, — יא, זי איז זיין ריכטיגע מוטער!
מען האט גלייך איבערגעגעבען דאס קינד צו זיין מוטער און אלע אנוועזענדע האבען פריי אבגעאטעמט. יעדער האט יעצט געזעהן ווי גרויס און וואונדערבאר איז די חכמה פון זייער קעניג.

צרועה, די גליקליכע מוטער האט גענומען איהר קינד און עס געדריקט צו זיך מיט אזוי פיעל צערטליכקייט און מוטער־ליעבע, און האט איהר זוהן באדעקט מיט קושען און געוואָרפען דאנקבארע בליקען אויף דעם קלוגען קעניג.
שפרה איז געשטאנען אן א זייט מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ און שטר־לערהייט געוויינט.

אלע חכמים און די איבריגע אנוועזענדע אין פאלאץ האבען נאך צו זיך

נישט געקענט קומען פון גרויס איבערראשונג. זיי האבען בעטראכט דאס שטראה־לענדע פנים פון דער איבערגליקליכער מוטער און האבען זיך נאך מעהר איבער־צייגט אין די גערעכטיגקייט פון דעם משפט.

יעצט האבען אלע געווארט צו הערען וואס פאר א שטראף דער קעניג וועט ארויסגעבען צו שפרה'ן פאר איהר פארזוך צו רויבען דאס קינד פון איהר שכנה.

צוויי בעאמטע פון דעם קעניג זיינען צוגעגאנגען צו שפרה'ן און געשטא־נען מיט זייערע בלויזע שווערדען, ערוואַרטענדיג דעם קעניג'ס באפעהל.

שלמה איז געזעסען אויף זיין טראהן און האט צוגעקוקט ווי שפרה וויינט אהן אן אויפעהר.

— קום אהער צו מיר! — האט דער קעניג איהר צוגערופען, — זאג מיר דעם אמת, גלויבסטו נאך אז איך האב דיר נישט ריכטיג גע'משפט. און דאס וואס איך האב אפגעגעבען דאס קינד צו דיין שכנה, בין איך געגען דיר בעגאנגען אן עולה?!

— אה, ניין, מיין האר קעניג! דיין משפט איז גערעכט! — האט שפרה ווידער גענומען וויינען, — אבער איך האב געזינדיגט געגען גאט, געגען קעניג און געגען מיין שכנה צרועה.

— ביזטו זיך יעצט מודה אז דאס קינד איז נישט דיינס? — האט איהר דער קעניג געפרעגט.

שפרה האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אויף יא.

— יעצט זאג מיר, פארוואס האסטו טאקע בעגאנגען אזא אומרעכט געגען דיין פריינדין? ווי אזוי האסטו בייז זיך געקענט פועל'ן אוועקצונעהמען א קינד פון זיין מוטערס זייט... האסטו דען נישט געפיהלט גרויסע יסורים און צער, ווען דו האסט זיך אויפגעכאפט און געפונען דיין קינד טויט נעבען דיין זייט? ווי אזוי האסטו נאכדעם געוואלט פאראורזאכען אזעלכע שמערצען צו דיין שכנה, וועלכע איז געווען אזוי גנעדיג צו דיר? . . .

— איך האב שטארק חרטה אויף מיין גרויזאמע טהאט! — האט שפרה זיך אפגערופען, — אבער אין גאנצען שולדיג בין איך אויך נישט.

— דו מיינסט אז צוליעב דעם וואס דו האסט געוואלט צייגען דיין מאן אז דו האסט איהם געבארען א זוהן, דאריבער ביזטו ניט שולדיג אין גאנצען! — האט שלמה אויסגערופען מיט כעס. — אויב דיר האט גאט באשטראפט און דו האסט נישט ווילענדיג דערשטיקט דיין זוהן, טא וואס איז אין דעם שולדיג געווען דיין שכנה!

— אה, ניין, מיין האר קעניג, — האט שפרה געזאגט, — ווען איך האב זיך אויפגעכאפט פון מיין שלאף און געזעהן א טויט קינד ביי מיין זייט, בין איך אויסער זיך געווען פון שרעק און מורא... דאס ערשטע וואס איז מיר גע־קומען אויפ'ן געדאנק איז געווען, אז דאס איז נישט מיין קינד... ווייל איך האב זיך קיינמאל נישט געקענט פארשטעלען דאס איך זאל חאבען אומגערען דער־שטיקט מיין קינד... איך בין זעהר פארזיכטיג געווען, און מיין קינד געלעגט אזוי, אז עס זאל זיין אונמעגליך פאר מיר איהם צו שעדיגען... א חוץ דעם שלאף איך אימער זעהר רוהיג... ווען איך האב זיך אויפגעכאפט האב איך גלייך באמערקט אז דאס קינד ליגט נישט אויף דעם זעלבען פלאץ... און דערצו זיינען די ווי־קעלעך געווען עטוואס ארונטערגעצויגען... איך בין בעת מעשה געווען זיכער אז דאס איז נישט מיין קינד, און גלויבענדיג אז דאס טויטע קינד איז דער

זעהן פון מיין שכנה, און אז זי האט איהם אומגעביטען אויף מיינעם, האב איך גלייך גענומען און אוועקגעלעגט דאס טויטע קינד נעבען איהר און אוועקגענומען דאס לעבעדיגע קינד פון איהר זייט. אבער פארטאג, ווען עס איז נאר ליכטיג געווארען האב איך באלד געזעהן מיין טעות... איך האב דערקענט אז דאס לעבעדיגע קינד איז נישט מיינס, אבער עס איז שוין געווען צו שפעט... מיין שכנה האט זיך אויפגעכאפט און איך האב קיין אנדער ברירה נישט געהאט ווי צו זאגען אז דאס לעבעדיגע קינד איז מיינס!...

— איך בעט דיך, מיין האר קעניג! — האט זיך צרועה אפגערופען, פארנייגענדיג פאר שלמה'ן — פארגיב איהר און באשטראף איהר נישט... ווייל זי איז דאך אן אומגליקליכע מוטער מיט א שווערען געמיטה... איך בין איהר אלעס מוחל... אה, זי איז שוין גענוג באשטראפט!...

— בארוהיג זיך, דו גוטהערציגע פרוי! — האט דער קעניג געזאגט, — מיין אויפגאבע איז צו משפט'ן מיין פאלק מיט גערעכטיגקייט, איך וויל נישט אזוי בעשטראפען דעם שלעכטען ווי צו באזייטיגען די אורזאכע פון שלעכטסקייט... אייער ביידענס געשיכטעס האבען מיך שטארק געריהרט און איך וועל זעהן אז גערעכטיגקייט זאל צו אייך ביידען געטהאן ווערען... איך וועל נישט דערלאזען אז מיין לאנד זאל פארפלייצט ווערען מיט אומרעכט און פאלשקייט.

— יעצט זאג מיר, שפרה, האט דיין מאנס ערשטע פרוי געוואוסט אז דו געפינסט זיך אין דער זעלבער שטאדט, אין דעם הויז פון דער אלטער פרוי?

— איך גלויב אז נישט! — האט שפרה געזאגט. — קיינער האט נישט געוואוסט וואו איך געפין זיך, א חוץ די אלטע פרוי, וועלכע האט זיך איבער מיר ערבארעמט און מיך איינגעלאדען צו איהר אין הויז.

— האסטו די אלטע פרוי ווען עס איז געזעהן פריהער?

— איהר פנים איז מיר באקאנט געווען, אבער איך האב ביז דאן קיינמאל מיט איהר נישט גערעדט.

—דו האסט מיר נישט דערצעהלט אויספיהרליך ווי אזוי די אלטע האט דיך געטראפען, און וואס האט געמאכט אז דו זאלסט גלייך קריגען צו איהר פולען צוטרויען און איהר דערצעהלען אלעס וואס מיט דיר האט פאסירט! — האט שלמה איהר געפרעגט.

— ווען מיין פיינדין, די ערשטע פרוי פון מיין מאן, האט מיר פון איהר הויז פארטריבען, האב איך איינציגע טעג קיין רוהע־פלאץ נישט געפונען... איך האב זיך געשעהמט צו בעטען א נאכטלעגער ביי מיינע שכנות, ווייל איך האב געוואוסט וואס זי האט אויף מיר אנגערעדט.

— זאג מיר, ווי הייסט דיין מאנס ערשטע פרוי? — האט דער קעניג איהר געפרעגט.

— איהר נאמען איז חלאה, און זינט איך האב איהר דערקענט האב איך קיין איין גוטען טאג נישט געהאט, — האט שפרה געזאגט מיט א זיפץ, — יא, מיין לאגע איז געווארען שווערער און איך בין געווען שטארק פארצווייפעלט. איינמאל ווען איך בין אזוי געזעסען אונטער דעם שאטען פון א בוים און זיך אפגערוהט פון מיין גאנצען טאג ארומוואנדערען, איז צו מיר צוגעקומען די אלטע פרוי און מיך געפרעגט וואס איך טהו דא איינע אליין ווען איך בין אין אזא צושטאנד.

איך האב איהר געזאגט אז איך האב נישט קיין חיים וואוהין צו געהן, האט זי מיר דאן איינגעלאדען צו איהר הויז.

— האט די אלטע צו דיר קיינמאל נישט גערעדט וועגען חלאה'ן, דיין פיינדין?

— יא, זי האט מיר געזאגט, אז ווען איך וועל געבוירען דאס קינד, וועט זי זיך מיט חלאה'ן איבעררעדען און פיעלייכט וועט זי איינזעהן דעם אומרעכט וואס זי איז געגען מיר בעגאנגען און מיר מיט מיין קינד אריינעהמען צוריק אין הויז.

— ווען האט די אלטע פרוי אייך ביידען פארלאזען? — האט שלמה גע־פרעגט שפרה'ן.

— דריי טעג נאך דעם געבורט פון מיין קינד, — האט שפרה געענטפערט.

— זי האט קיינעם פון אייך נישט געזאגט וואוהין זי געהט?

— איך האב געגלויבט אז זי איז אוועק צו חלאה'ן.

— און מעהר האט זי זיך שוין נישט צוריקגעקעהרט?

— ניין!

— וויסטו פיעלייכט פון א צווייטען פלאץ וואו די אלטע קען זיך יעצט געפינען?

— ניין!

—אויב אזוי, — האט דער קעניג באפוילען זיינע בעאמטע, — זאל מען ברייגנען אהער חלאה'ן, די פרוי פון זבד'ן.

ווען די בעאמטע זיינען אוועק, האט דער קעניג זיך אפגערופען:

— יעצט זאל מען ביידע פרויען געבען עסען, און א פלאץ זיך אויסצורוהען.

מען האט אריינגעפיהרט שפרה'ן און צרועה'ן מיט איהר קינד אין א באזונדער צימער פון פאלאץ און מען האט זיי דערלאנגט א גוטען מאלצייט.

די פרויען זיינען געווען אזוי אויסגעהונגערט אז זיי האבען זיך צו־געכאפט צום עסען.

— יעצט, גלויב איך, וועט זיין א סוף צו דיינע צרות! — האט צרועה זיך אפגערופען צו שפרה'ן, — דער קעניג האט געשיקט רופען דיין פיינדין און וועט איהר געווים אנזאגען זי זאל דיר צוריק אריינעהמען אין הויז.

— ווער ווייס! — האט שפרה א זיפץ געטהאן, — איך גלויב אז מיין גליק איז שוין אויסגעלאשען געווארען אויף אייביג... דעם שענדליכען בלבול וואס זי האט אויף מיר אויסגעטראכט, וועט יעצט, אז מיין קינד איז טויט, גיבען יעדען א רעכט צו גלויבען אז דאס איז אמת... ווארום אויב נישט, פארוואס האט מיר גאט אזוי געשטראפט? און ווען מיין מאן וועט קומען וועט ער דען מיר גלויבען דאס איך בין אומשולדיג?

— דיין אומשולד וועט באוויזען ווערען, — האט איהר צרועה געטרייסט.

— דער קעניג וועט שוין ווארשיינליך זעהן אז צו דיר זאל קיין שלעכטס נישט געשעהן...

— נאך דעם ווי ביידע פרויען האבען אפגעגעסען, איז אריינגעקומען צו זיי דעם קעניג'ס א דיענער און צו זיי געזאגט:

— דער קעניג האט געהייסען צוגרייטען פאר אייך א צימער איבערצו־נעכטיגען די נאכט, ווייל מארגען וועט איהר ווידער מוזען ערשיינען פאר דעם קעניג.

ער האט זיי אנגעוויזען זייער צימער און האט זיך צוריקגעצויגען.
אויף מארגען האט מען געבראכט חלאה'ן, זבד'ס פרוי, צו שלמה'ן.
די חכמים און די בעאמטע זיינען ווידער געווען פערזאמעלט אין פאלאץ און האבען מיט אומגעדולד געווארט צו זעהן וואס זייער קלוגער קעניג וועט דא ווייטער טהאן...
אין פאלאץ איז געווען זעהר שטיל, ווען מען האט חלאה'ן פארגעבראכט פאר'ן קעניג. זי האט זיך פארנייגט און איז געבליבען שטעהן עטוואס צוטומעלט.
— ווי איז דיין נאמען?
— חלאה!
— און דיין מאנ'ס נאמען?
— זבד!
— האט דיין מאן א חוץ דיר נאך פרויען? — האט איהר שלמה געפרעגט.
— יא, נאך איין פרוי, מיט וועמען ער האט ניט לאנג געהייראט.
— און ווי הייסט זיין צווייטע פרוי?
— שפרה!
— און וואו געפינט זיך יעצט דיין מאן?
— ער איז אוועקגעפאהרען צוליעב מסחר... ער דארף זיך צוריקקעהרען די טעג.
— זאג מיר, חלאה, פארוואס האסטו פארטריבען שפרה'ן פון דיין הויז?
— האט דער קעניג איהר א פרעג געטהאן.
חלאה'ס פנים איז רויט געווארען.
— וויל . . . ער . . . איך . . . — האט זי גענומען שטאמלען, — זי האט זיך נישט אויפגעפיהרט ווי עס פאסט זיך פאר א אידישע טאכטער....
— און דו ביזט זיכער, אז דאס קינד וואס שפרה האט געבארען איז נישט געווען פון זבד'ן?
— יא!
— אויף וואס באגרינדעסטו דיין חשד? — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען. — ווייסטו נישט אז דער וועלכער מאכט א בלבול אויף אן אומשולדיגען וועט שטארק באשטראפט ווערען?
— מיר האט מען איבערגעגעבען אז זי פיהרט זיך שלעכט אויף! — האט חלאה געזאגט.
— ווער האט עס דיר דערצעהלט?
חלאה האט א ווײלע געשוויגען. זי איז געבליבען שטעהן אין פארלעגענהייט. באלד אבער האט זי אויסגערופען:
— יא, איך גערענק! א פלשתית האט עס מיר דערצעהלט.
— וואס האט זי דיר דערצעהלט? — האט שלמה שטרענג א זאג געטהאן.
— זי האט מיר דערצעהלט דאס זי האט באמערקט ווי שפרה האט עטליבע מאל גערעדט מיט דעם פאסטוך פון מיין מאן.
— האסטו קיינמאל נישט גערעדט מיט דיין מאנ'ס פאסטוך? — האט שלמה איהר א פרעג געטהאן.
א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף די ליפען פון די חכמים, און די איבריגע אנוועזענדע.
— ע... ע... איך האב גערעדט, אבער דאס איז געווען וועגען די שאף.

— און פון וואנען ווייסטו אז שפרה האט מיט דעם פאסטוך נישט גע־רעדט יוזעגע: די שאף?

— איך ווייס נישט, אבער די פלשתית האט אנדערש געדענקט וועגען דעם . . .

— און ווער איז די פלשתית, איז זי א יונגע פרוי אדער אן אלטע? — האט דער קעניג איהר ווייטער געפרעגט.

— זי איז א גאנץ אלטע פרוי און מען קען איהר גלויבען, אז זי וועט קיין ליגען נישט זאגען.

— ווייסטו פיעלייכט וואו די פלשתית געפינט זיך יעצט?

— ניין! — האט חלאה געענטפערט און איהר פנים איז נאך רויטער געווארען, — מיר דוכט זיך, אז זי האט זיך אומגעקעהרט צוריק נאך איהר געבורטסלאנד.

— איז דו האסט זיכער געגלויבט אז דיין מאן זבד איז נישט דער פאטער פון שפרה'ס קינד?

— יא, מיין האר קעניג, אזוי האב איך געגלויבט און איך גלויב נאך יעצט אויך.

— אויב אזוי! — האט זיך שלמה האסטיג א שטעל געטהאן, און אנ־געצייגט ויף איהר מיט דעם פינגער, — אויב דו ביזט געווען זיכער, אז שפרה'ס קינד איז נישט פון דיין מאן, טא פאר וואס האסטו געטויטעט איהר קינד!!!

אלע חכמים האבען זיך א שטעל געטהאן פון זייערע פלעצער. דעם קע־ניג'ס לעצטע ווערטער האט זיי אזוי איבערראשט, אז זיי זיינען געבליבען שטעהן פארגאפטע, מיט אפענע מיילער.

— אה, ניין, ניין! מיין האר קעניג! — האט חלאה ווילד אויסגעשריען און געפאלען אויף די קניע פאר'ן קעניג, — איך האב שפרה'ס קינד נישט געטויטעט!... דאס האט די פלשתית געטהאן. יא, זי האט שפרה'ס זוהן דער־שטיקט...

— וואס האט די פלשתית געהאט צום קינד? — איז דעם קעניג'ס שטי־מע נאך שטרענגער געווארען.

— די פלשתית האט געגלויבט אז איך וועל איהר דערפאר באלוינען... אבער ווען איך האב זיך דערפון דערוואוסט, האב איך זיך אויף איהר אנגע־בייזערט און איך האב איהר געוואלט איבערגעבען צום שופט, אבער זי האט זיך באצייטענס אפגעטראגען נאך איהר געבורטסלאנד.

די ערשטוינונג און שפאנונג פון אלע אנוועזענדע איז געוואקסען מיט יעדער רגע. קיינער האט נישט געגלויבט זיינע אויערען.

— זאל מען ברייגנען אהער ביידע פרויען, צרועה'ן און שפרה'ן! — האט דער קעניג באפוילען.

גלייך זיינען זיי געבראכט געווארען פאר דעם קעניג.

שפרה האט באמערקט איהר פיינדין און א ציטער איז דורכגעגאנגען איהר קערפער... כאטש זי האט געוואוסט אז זי וועט איהר יעצט קיין שלעכ־טעס נישט טהאן, דאך איז זי אויפגעציטערט געווארען.

— איז די אלטע פרוי וואס האט אייך ביידען אריינגענומען צו זיך

אין הויז, געווען איינע פון אונזער פאלק? — האט דער קעניג זיי א פרעג געטהאן.

— זי האט גערעדט אונזער שפראך, אבער מיר דוכט, אז זי האט אויס־געזעהן ווי א פלשתית, — האט צרועה געזאגט.

— און יעצט בין איך כמעט זיכער אז זי איז געווען א פלשתית! — האט שפרה זיך אפגערופען, — און נישט איינמאל האב איך באמערקט צו מיין שכנה אז די גוטהארציגע זקנה שיינט נישט צו זיין פון א־דישער אפשטאמונג.

— און דו האסט עס גערונגען די אלטע פלשתית צו פארנארען צו זיך שפרה'ן כדי דו זאלסט קענען פטור ווערען פון שפרה'ס זוהן! ווייל דו האסט מורא געהאט אז דיין מאן וועט ליעב האבען שפרה'ן מעהר פון דיר! — האט שלמה אויסגערופען.

שפרה און צרועה האבען אויפגעשפרונגען פון זייערע פלעצער ווען זיי האבען עס דערהערט.

— אה, ניין! מיין האר קעניג! — האט חלאה זיך גענומען טרייסלען פון שרעק, — איך בין אומשולדיג. איך האב עס איהר ניט געהייסען טהאן! זי האט דעם פארברעכען באגאנגען אהן מיין וויסען.

— אויב דו ווילסט אז איך זאל דיר גלויבען! — האט שלמה אויסגע־רופען, — טא זאג מיר, וואו די אלטע פלשתית געפינט זיך.

— איך וויים נישט! א, מיין האר קעניג, איך וויים נישט, זי האט שנעל פארלאזען אונזער שטאדט און איז ווארשיינליך יעצט אין דעם פלשתים לאנד.

— געהט נאך צרדה און זוכט דאס גאנצע הויז פון זבד'ן, — האט שלמה באפוילען איינעגע פון זיינע בעאמטע, — דארטען וועט איהר געפינען די אלטע פלשתית, ברייגגט איהר אהער צו מיר.

—א, מעכטיגער קעניג! די פלשתית געפינט זיך נישט אין מיין הויז... איך שווער ביי דעם לעבען פון קעניג, אז די אלטע האט פארלאזען אונזער לאנד, און איך וויים נישט וואו זי געפינט זיך יעצט.

— פיהרט איהר אוועק אין געפענגניס, — האט שלמה געזאגט צו זיינע לייבוועכטער, — זאל זי דארטען פארבלייבען ביז וואנען די אלטע וועט גע־בראכט ווערען פאר מיר.

ווען אלע זיינען אוועק פון פאלאץ, האבען זיי נישט אויפגעהערט צו ריידען וועגען דעם ווי דער קלוגער קעניג האט ענטדעקט א געהיימניס אין דעם טויט פון שפרה'ס נאר וואס געבוירענעם קינד... יעדער האט יעצט גע־ווארט מיט דער גרעסטער שפאנונג צו זעהן אויב די אלטע פלשתית געפינט זיך טאקע אין זבד'ס הויז.

אויף דעם צווייטען טאג האבען זיך אלע דערוואוסט אז די פלשתית איז טאקע געפונען געווארען אין חלאה'ס הויז.

מען האט איהר געבראכט פאר שלמה'ן, און ער האט גלייך געשיקט רופען שפרה'ן און צרועה'ן.

— דערקענט איהר דיזע פרוי? — האט זיך דער קעניג אפגערופען.

— יא! — האבען ביידע מיט אמאל אויסגערופען, — זי איז דאס די זעלבע פרוי וועלכע האט אונז צו זיך אריינגענומען.

— חלאה, זבד'ס פרוי באשולדיגט דיך אז דו האסט דערשטיקט שפרה'ס קינד! — האט שלמה זיך אפגערופען צו דער אלטער, — איז עס ריכטיג?!

— את, נייז, גרויסער קעניג! — האט די פלשתית אויסגערופען, — חלאה איז א ליגנעריז און א בעטריגעריז, — זי האט עס אליין געטהאן און יעצט זוכט זי ארויפצוואווארפען די שולד אויף מיר.

— דערצעהל מיר אלעס וואס דו ווייסט פון דעם, — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען עטוואס ווייכער, — דערצעהל בלויז דעם אמת!

— דיין דינסט איז א פלשתית! — האט די אלטע אנגעהויבען דער־צעהלען, — איך געפין זיך אין ארץ ישראל פון מיין קינדהייט אן. שויז פיעלע יאהרען ווי איך וואוין אין צרדה און איך ערנעהר זיך פון דעם וואס איך קלייב די פארגעסענע זאנגען פון די פעלדער.

נישט לאנג צוריק, ווען איך בין אין דעם פעלד פון זבד׳ן געווען איז צו מיר צוגעקומען חלאה, זיין פרוי, און מיר איינגעלאדען צו איהר אין הויז.

— האסטו פריהער חלאה׳ן נישט געקענט? — האט איהר שלמה גע־פרעגט.

— יא, מיין הער קעניג, איך האב איהר שוין לאנג געקענט, אבער דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס זי האט מיר צו זיך אין הויז איינגעלאדען.

— דערצעהל ווייטער!

— איך האב דיר עטוואס צו פערטרויען, — האט זי מיר געזאגט, — און ווען דו וועסט וויסען ווי צו האלטען מיין סוד און טהאן מיין פארלאנג, וועל איך דיר גוט באלוינען. איך האב צוגעשטימט, און זי האט מיר געזאגט:

״מיין מאן זבד האט חתונה געהאט מיט מיין דינסט, און זי דארף איהם אין גיכען געבוירען א קינד. דו ווייסט דאך אז איך בין אן עקרה, און ווען מיין מאן וועט זיך צוריקקעהרען פון זיין רייזע און וועט זעהן אז שפרה האט איהם געבארען א קינד, וועט ער מיר אין גאנצען אויפהערען צו ליעבען, ער וועט נאר ליעב האבען מיין דינסט... איך האב דאריבער ארויסגעטריבען שפרה׳ן פון מיין הויז. זי געפינט זיך דא אין שטאדט. און מיין פארלאנג איז, אז דו זאלסט איהר אויפזוכען און איינלאדען צו דיין הויז, ביז וואנען זי וועט געבויריין, און ביי דער ערשטער געלעגענהייט זאלסטו צונעהמען ביי איהר דאס קינד און ברייגגען צו מיר... זי האט מיר גלייך געגעבען פינף שקלים.

״איך האב אזוי געטהאן, איך האב זיך געטראפען מיט שפרה׳ן און פון איהר פארלאנגט זי זאל מיר אלעס דערצעהלען וועגען זיך, און דערנאך האב איך איהר איינגעלאדען צו מיין הויז ביז וואנען זי וועט געבוירען.

״מיט א פאר טעג שפעטער האב איך געטראפען די צווייטע פרוי צרועה, וועלכע איז געווען אין דערזעלבער לאגע און איהר אויך פארבעטען צו זיך.

״ווען איך האב אנגעזאגט חלאה׳ן אז שפרה האט געבוירען א זוהן, איז איהר כעס נאך שטארקער געווארען. ״דו מוזט מיר איהם גלייך ברייגגען!״ — האט זי מיר באפוילען.

— איך קען דאס נישט טהאן! — האב איך איהר געזאגט, — איך בין צו אלט, און איידער איך וועל צייט האבען זיך א ריהר צו טהאן וועט די מוטער פון קינד אויסגעפינען... און איך האב איהר געראטהען אז זי זאל עס אליין טהאן.

״איך האב איהר איבערגעגעבען דעם שליסעל פון הויז און איך האב איהר געזאגט, וואו שפרה׳ס בעטעל געפינט זיך.

״חלאה האט מיר שוין מעהר נישט געלאזט זיך צוריקקעהרען צו מיין

הויז... זי האט מיר פארהאלטען ביי זיך... און מיט איניגע נעכט צוריק איז זי אליין אוועק צו מיין הויז. דאס איז געווען אין מיטען נאכט. איך האב ערווארטעט אז זי וועט באלד צוריקקומען מיט שפרה׳ס זוהן, אבער צו מיין גרויס איבערראשונג האב איך געזעהן אז זי האט זיך אומגעקעהרט אהיים מיט ליידיגען.

— וואו איז דאס קינד? — האב איך איהר געפרעגט.

— שוין! אלעס איז פאראיבער! — האט זי זיך שטילערהייט צו מיר אפגערופען.

— איך האב נישט פארשטאנען וואס זי מיינט און האב איהר נאך אמאל איבערגעפרעגט.

— איך בין אריינגעקומען אין דיין הויז, — האט מיר חלאה דערצעהלט.

— און ביי דער ליכט פון דער לבנה האב איך באמערקט ווי מיין פיינדין שפרה שלאפט רוהיג מיט איהר קינד ביי איהר זייט. איך האב זעהר פארזיכטיג אויפגעהויבען דאס קינד און איהם געוואלט ארויסטראגען פון הויז, אבער ער האט זיך גענומען אויפכאפען און איידער ער האט צייט געהאט אנצופאנגען צו וויינען, האב איך איהם פארשטאפט דאס מויל... א היבשע ווייל האב איך אזוי געהאלטען מיין האנט אויף זיין מויל, ביז וואנען איך האב פלוצים דערפיהלט אז ער איז טויט. דאן האב איך איהם גלייך צוריקגעלייגט נעבען זיין מוטער און איך בין ארויס פון דיין הויז.

—אה, וואס האסטו געטהאן! — האב איך זיך צו איהר אפגערופען, — ווי אזוי האסטו געקענט טויטען אזא אומשולדיגען נפש׳ל.

— זיי שטיל! — האט חלאה אויף מיר א געשריי געטהאן, — אויב דו וועסט נישט האלטען דיין מויל פארמאכט וועל איך פאר אלעמען זאגען אז דו האסט געטויטעט שפרה׳ס קינד!

איך האב זיך טאקע שטארק דערשראקען פאר איהרע רייד, ווייל איך בין דא אן עלענדע פלשתית און איך האב נישט ווער עס זאל זיך פאר מיר אננעהמען... און זי איז דאך רייך... וועלען דען די שופטים איהר נישט גלויבען? דאריבער האב איך פארשפראכען צו שווייגען. זי האט מיר געזאגט, דאס איך זאל זיך אויסבעהאלטען אין איהר הויז ביז וואנען אלעס וועט זיך איינשטילען, און דאן וועט זי מיר געבען גענוג געלד און איך וועל קענען אוועקגעהן צוריק נאך דעם פלשתים לאנד... אבער יעצט האט די פאלשע, די מערדערין, גאר ארויפגעווארפען דעם בלבול אויף מיר! אה ניין, מיין האר קעניג. איך האב דעם קינד נישט געטויטעט, און ווען איך וואלט געוואוסט אז זי פלאנעוועט צו טויטען דאס קינד וואלט איך איהר געווים נישט ארויסגעהאלפען מיט דעם.

די גאנצע צייט וואס די אלטע פלשתית האט גערעדט, איז שפרה געשטאנען מיט א געבויגענעם קאפ און שטילערהייט געוויינט.

אלע אנוועזענדע האבען אויף איהר געקוקט מיט גרויס רחמנות...

שלמה האט געהייסען מען זאל גלייך ברייגנען חלאה׳ן פון געפענגניס.

ווען זי איז ווידער פארגעבראכט געווארען פאר דעם קעניג, האט זי גלייך באמערקט די אלטע פלשתית.

— זי איז דאס די מערדערין פון שפרה׳ס קינד! — האט זי אויסגעשריען, — זי האט איהם געטויטעט ווייל זי האט געגלויבט אז איך וועל איהר

דערפאר באלוינען! אבער ווען זי האט געזעהן אז איך האב איהר נישט נאר באלוינט, נאר איך האב זיך אויף איהר אנגעבייזערט, קומט זי יעצט און ווארפט דעם בלבול ארויף אויף מיר... א, מעכטיגער קעניג, איך האב איהר זוהן נישט געטויטעט.

— זי איז א ליגנערין! — האט די אלטע פלשתית אויסגערופען, — איך האב זיך צום קינד נישט צוגעריהרט פון דעם דריטען טאג נאך זיין געבורט... איך בין אפילו זינט דאן אין מיין הויז נישט געווען!

— דו אומווירדיגע פלשתית! — האט חלאה א געשריי געטהאן צו איהר, — ווי וואגסטו מיר צו רופען ליגנערין! — "אה, מיין קעניג! — האט זי זיך גע־ווענדעט צו שלמה'ן, — די חוצפה פון דער פלשתית איז שוין אונערטרעגליך, זי רופט מיך ליגנערין!"...

— און דו באשטעהסט נאך אין דעם אז דו ביזט נישט שולדיג אין דעם טויט פון שפרה'ס קינד? — האט שלמה צו חלאה'ן געזאגט.

— ניין! א, מעכטיגער קעניג! דיין דינסט האט דעם פארברעכען נישט בעגאנגען! זאל דער קעניג מיר גלויבען!

— ווי אזוי קענסטו פארלאנגען אז מיר זאלען דיר גלויבען, ווען דו האסט נעכטען מיר דעם אמת נישט געזאגט.

— איך בין געווען אזוי ערשיטערט און צוטומעלט אז איך האב דעם גאנ־צען אמת נישט געזאגט... אבער אז איך האב דאס קינד נישט געטויטעט, איז אמת... איך שווער אז איך האב דאס קינד קיינמאל נישט געזעהן און זיך צו איהם נישט צוגעריהרט — האט חלאה אויפגעהויבען איהר רעכטע האנד — איך שווער ביי גאט פון אונזער פאלק ישראל!

א ציטער איז דורכגעגאנגען די לייבער פון די חכמים... זיי האבען געווארפען בייזע בליקען אויף חלאה'ן...

— אזא מרשעת! אזא זינדיגע פרוי! — האט איינער ארייגעשושקעט דעם צווייטען אין אויער.

— עס איז דאך אזוי קלאר און אזוי פארשטענדליך אז זי האט דעם פאר־ברעכען בעגאנגען, — האט איהם דער צווייטער שטילערהייד געענטפערט, — און זי האט נאך די העזה צו שווערען אזוי פאלש אין דעם נאמען פון אונזער גאט.

— זי וועט שוין איהר שטראף באקומען, אונזער קלוגער קעניג וועט דער שולדיגער בעצאהלען לויט איהר פארדינסט... און מיר קענען זיך פארלאזען אויף איהם אז ער וועט טהאן גערעכטיגקייט.

— ווער וואלט געקענט גלויבען אז צווישען אידישע פרויען זאל זיך גע־פינען אזא געמיינע פארברעכעריז, וואס איהר זינד איז אזוי גרויס, און זי וואגט נאך צו שווערען פאלש בעפאר דעם קעניג און בעפאר אלע אנוועזענדע.

— קען דען זיין ביי אימיצען א ספק אז זי, און נישט די אלטע, האט דאס קינד געטויטעט! . . .

— אבער פריהער איידער אונזער קעניג האט מיט זיין גרויסע חכמה ענטדעקט אז דאס קינד איז נישט געשטארבען דורך א צופאל, איז דאך ביי קיינעם פון אונז קיין ספק נישט געווען אז קיינער איז אין דעם ניט שולדיג...

— האט אן אנדער חכם זיך אפגערופען שטילערהייד...

— צווייפעלסטו דען אין דער שולד פון דיזער פרוי? — האט איהם זיין שכן געפרעגט.

— אין דעם צווייפעל איך געווים נישט. אבער איך גלויב אז מיר דארפען זיך אפהאלטען פון ארויסצוזאגען א מיינונג וועגען דעם. איידער דער קעניג וועט זיין אורטייל ארויסגעבען.

שלמה האט באמערקט דעם איינדרוק וואס חלאח'ס שבועה האט געמאכט אויף אלע חכמים. ער האט דאריבער א וואונק געטהאן אז אלע זאלען זיך בערו־היגען און ווען אין פאלאץ איז ווידער שטיל געווארען האט ער זיך אפגערופען צו חלאה'ן:

— יעצט אז דו האסט געשווארען, וועסטו מיר דערצעהלען דעם גאנצען אמת.

— יא, מיין האר קעניג! איך וועל מעהר קיין זאך פון דעם קעניג נישט פארלייקענען.

— גוט! — האט שלמה אויסגערופען, — איך בין גרייט צו הערען.

— איך בין זיך מודה, — האט חלאה אנגעפאנגען, — אז ווען מיין מאן האט חתונה געהאט אויך מיט מיין דינסט, האט עס מיר שטארק פארדראסען. וויייל איך האב מורא געהאט אז יעצט וועל איך גאנצען פארלירען די ליעבע פון מיין מאן... גאט האט אויף מיר זיין צארן אויסגעגאסען און מיר קיין קינדער נישט געגעבען... און ווען איך האב געהערט אז שפרה וועט געבוירען א קינד צו זבד'ן, האט זיך מיין קנאה אין מיר צופלאקערט... מיין קנאה האט זיך פאר־וואנדעלט אין א שנאה צו שפרה'ן... איך האב נישט געקענט דערלאזען דעם געדאנק אז מיין פריהערדיגע דינסט זאל יעצט ווערען מיין הארינטע... אמת, איך האב שפרה'ן נישט ריכטיג בעהאנדעלט . . .

— אבער ווי אזוי האסטו געהאט דאס רעכט איהר צו פארטרייבען פון דיין מאן'ס הויז? — האט איהר שלמה געפרעגט.

— אין דעם איז אויך שולדיג די אלטע פלשתית — האט חלאה געענט־פערט, — זי האט אנגערעדט אויף שפרה'ן און איך האב איהר געגלויבט.

— דערצעהל מיר אלעס אויספיהרליך, — האט דער קעניג געזאגט.

—"די אלטע פלשתית פלעגט דאס רוב קומען אין די פעלדער פון מיין מאן. איך האב אויף איהר רחמנות געקראגען און האב איהר ארויסגעהאלפען. ווען זי פלעגט הונגעריג זיין האב איך איהר געגעבען פון מיין ברויט, און ווען זי איז דורשטיג געווען האב איך איהר פון מיין וואסער געגעבען צו טרינקען.

"איינמאל, אין אבענד, ווען די אלטע איז צו מיר צוגעקומען און זיך מיט מיר פאנאנדערגערעדט, האב איך פאר איהר אויסגעגאסען מיין ביטער הארץ... איך האב איהר אלעם דערצעהלט, איך האב אפילו פון איהר נישט פארבארגען מיינע געפיהלען וואס איך פיהל צו שפרה'ן... אין איינינע טעג ארום איז צו מיר צוגעקומען די אלטע פלשתית און זיך אפגערופען:

— "איך האב דיר עטוואס וויכטיגער צו דערצעהלען וועגען שפרה'ן".

"איך בין זעהר נייגעריג געווען צו הערען און איך האב איהר אין מיין הויז אריינגערופען.

"ווען איך בין דא נישט לאנג געגאנגען אין פעלד פון דיין מאן, — האט די אלטע פלשתית מיר אנגעפאנגען צו דערצעהלען, — האב איך פון וויטען באַ־מערקט ווי שפרה רעדט צו דעם פאסטוך פון דיין מאן'ס שאף... איך האב זיך דערנעהנטערט און איך האב דייטליך געקענט הערען וואס זיי ריידען.

—"זאג מיר שנעלער וואס האסטו געהערט?" — האב איך איהר מיט גרויס אומגעדולד געפרעגט.

—"איך האב געהערט, — האט זי מיר געענטפערט — ווי שפרה זאגט צו איהם ווי שטארק ליעב זי האט איהם... דערנאך האב איך געזעהן אז דער פאסטוך האט איהר א קוש געטהאן.

"פון מיין גרוים שנאה וואס איך האב געטראגען אויף שפרה'ן, האב איך דער אלטער אלעס געגלויבט.

"שפעטער האט זי מיר געגומען איינריידען אז דער פאסטוך איז גאר דער פאטער פון שפרה'ס קינד...

"מיר איז גאר ניט איינגעפאלען אז די אלטע מכשפה טהוט עס כדי צופריי־דענצושטעלען איהר לוסט... זי האט אויך ערווארטעט אז איך וועל איהר גוט באלוינען פאר איהר "ענטדעקונג".

"איך בין געווען אזוי זיכער אז שפרה האט געזינדיגט געגען מיין מאן, אז איך האב זיך געפיהלט בארעכטיגט איהר פון מיין הויז צו פארטרייבען.

"שפעטער האב איך אפגעמאכט מיט דער אלטער אז זי זאל זעהן איינצו־לאדען שפרה'ן צו איהר הויז, און ווען דאס קינד וועט געבוירען ווערען זאל זי דאס ברייגגען צו מיר.

— אבער אויב דו ביזט געווען זיכער אז שפרה'ס קינד וואס וועט געבוירען ווערען איז נישט דיין מאנס, פארוואס ביזטו געווען פאראינטערעסירט אז שפרה זאל דאס קינד נישט האבען? — האט שלמה זי געפרעגט. — וואלט דען פאר דיר נישט געווען גלייכער אז דאס קינד זאל בלייבען ביי שפרה'ן כדי דו זאלסט נאכהער קענען איבערצייגען דיין מאן ווי אונגעטריי שפרה איז איהם געווען?

—"איך האב דאס קינד געוואלט האבען ביי זיך, ווייל איך האב געהאפט אז ווען איך וועל רופען דעם פאסטוך און איהם צייגען דאס קינד, וועט ער זיך פאר מיר מודה זיין אז ער איז דער פאטער... און דאן וואלט איך געהאט גענוג באווייזע וועגען שפרה'ס שולדיגקייט...

"איין טאג קומט צו מיר די פלשתית און דערצעהלט מיר אז שפרה האט געבארען א זוהן... און זי האט פארגעשלאגען דאס זי וועט ביינאכט אוועקנעהמען דאס קינד פון שפרה'ן און איהם ברייגגען צו מיר.

"איך וועל אייניגע טעג נישט זיין מיט די פרויען צוזאמען, — האט מיר די אלטע געזאגט, — און דאריבער וועט קיינעם נישט איינפאלען מיך צו בעשולדיגען אז איך האב דאס קינד אוועקגע'גנב'עט.

"זי איז דאריבער געבליבען אין מיין הויז פאר עטליכע טעג... און איין אויף־דער־נאכט איז זי אוועק צו זיך אהיים צו ברייגגען שפרה'ס זוהן צו מיר... אין דער זעלבער צייט האב איך געשיקט רופען דעם פאסטוך און איהם געהייסען קומען צו מיר אויף מארגען גאנץ פריה.

"איך האב געווארט מיט גרוים אונגעדולד אויף דער אלטער'ס צוריקקעהר... ווען זי האט זיך אומגעקעהרט מיט ליידיגען, האט זי מיר גלייך געזאגט, אז זי האט חרטה און זי וועט עס נישט דורכפיהרען, ווייל זי איז צו אלט און האט מורא אז זי וועט געכאפט ווערען... אבער פון איהר צושראקענהייט און פון איהרע ווידערשפרעכענדע ווערטער האב איך פארשטאנען אז עפעס האט געשעהן... איך האב איהר גענומען גוט אויספארשען און דאן האט זי זיך מודה געווען, אז זי האט שוין געהאט אוועקגענומען דאס קינד פון זיין מוטער'ס זייט, אבער זי האט זיך דערשראקען, ווייל דאס קינד האט זיך גענומען אויפכאפען, און מורא האבענדיג אז די מוטער זאל זיך נישט אויפכאפען פון זיין וויינען, האט זי איהם

דאס מויל פארשטאפט און דאן האט זי פלוצלינג דערפיהלט אז דאס קינד איז טויט . . .

—"וואס האסטו געטהאן ? ! . . . — האב איך אויף איהר געשריען, — ווי אזוי האסטו געקענט טויטען אזא אומשולדיגען נפש'ל ?

"די אלטע אבער האט מיך געווארנט אז איך זאל וועגען דעם מיט קיינעם נישט ריידען, ווייל ווען זי וועט זיך דערוויסען אז איך האב אימיצען אויסגע־זאגט, אז זי האט געטויטעט דאס קינד, וועט זי גאר מיך בעשולדיגען.

—"אויף דיר וועט מען אזא זאך גיכער גלויבען ווי אויף מיר, — האט מיר די אלטע געזאגט, — און ווען איך וועל זאגען אז דו האסט דאס קינד געטויטעט, וועט קיינער אין מיינע רייד נישט צווייפלען.

"איך האב שטארק מורא געקראגען אז די אלטע זאל מיר טאקע איז דעם נישט באשולדיגען, און איך בין דאריבער געווען געצוואונגען איחר אויסצו־באהאלטען אין מיין הויז.

"אויף מארגען איז געקומען דער פאסטוך, און איידער איך האב צייט געהאט ארויסצוגעהן ריידען מיט דעם פאסטוך, האט מיר די אלטע אוועקגערופען אז א זייט און זיך צו מיר אפגערופען :

—"דו האסט גארנישט וואס צו ריידען מיט דעם פאסטוך וועגען שפרח'ן, ווייל ער איז אומשולדיג...

—"וואס מיינסטו ? !... — האב איך איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג, — האסטו דען נישט געזעהן מיט דיינע אויגען . . .

—"ניין, — האט זי צו מיר זיך אפגערופען, — איך האב דיך גענארט, איך האב קיינמאל נישט געזעהן שפרה'ן ריידענדיג מיט דעם פאסטוך.

—"פארוואס האסטו מיך גענארט ? — האב איך איהר געפרעגט.

—"ווייל איך וויים אז דו ביזט איהר פיינדין, און וועסט זיין צופרידען ווען דו וועסט הערען אזא זאך וועגען איהר... און איך האב געהאפט אז דו וועסט מיר נאך באלוינען — האט זי מיר געענטפערט.

—"עס פארשטעהט זיך אז איך האב שוין גאר נישט געהאט וואס צו ריידען מיט דעם פאסטוך און איך האב בלויז געפרעגט וואס די שאף מאכען... ער איז אפילו געווען איבערראשט פארוואס איך האב איהם צוליעב אזא קלייניגקייט געשיקט רופען אזוי פריה . . ."

— יעצט זאג מיר, חלאה, — האט זיך שלמה צו איהר אפגערופען, — פאר־וואס האסטו מיר געזאגט אזא ליגען, ווען איך האב דיך געפרעגט אויב דו ווייסט וואו די אלטע געפינט זיך ?

— ווייל איך האב געוואוסט, אז ווען מען וועט איהר ברייגנען פאר דעם קעניג מיט דער בעשולדיגונג אז זי האט געטויטעט דאס קינד וועט זי אלעם ארויפוואדפען אויף מיר... און האט דען טאקע אזוי נישט פאסירט... זי, די אלטע פלשתית באשולדיגט מיך אין דעם פארברעכען וואס זי איז בעגאנגען.

— און ווי באלד אז דו האסט געוואוסט אז שפרה איז אומשולדיג, פארוואס האסטו אויף מיין פראגע : אויב דו האסט זיכער געגלויבט אז דיין מאן זבד איז נישט דער פאטער פון שפרה'ס קינד, האסטו מיר געענטפערט, אז דו האסט עס געגלויבט און אז דו גלויבסט עס נאך יעצט אויך ?

— האב איך דען אנדערש געקענט זאגען ? — האט חלאה זיך אפגערופען,

— איך האב דאך נישט געוואלט אז מען זאל אויסגעפינען וואס די אלטע האט אפגעטהאן... און איך בין געווען געצוואונגען אזוי צו זאגען...

אין פאלאץ זיינען אלע געבליבען זיצען אויף זייערע פלעצער, און מיט גרויס שפאנונג נאכגעפאלגט אלעס וואס חלאה האט דערצעהלט.

שפרה און צרועה זיינען די גאנצע צייט געזעסען און זיך צוגעהערט צו חלאה'ס ווערטער... די אלטע פלשתית האט געמאכט עטליכע פארזוכען צו ריידען אבער די ווערטער וועלכע זיינען נעבען איהר געשטאנען האבען איהר נישט דערלאזען...

שלמה האט אויסגעהערט ביידען, די אלטע און חלאה'ן מיט גרויס אויפ־מערקזאמקייט... יעדע ווארפט די שולד אויף דער צווייטער, און ביידענס בע־הויפטונגען שיינען צו זיין איבערצייגענדע... ער האט א ווײלע א טראכט גע־טהאן, נאכהער האט ער זיך אפגערופען צו דער פלשתית:

— האסטו געזאגט צו חלאה'ן ווענען דעם אז דו האסט געזעהן ווי דער פאסטוך האט מיט שפרה'ן גערעדט און זיך נישט פיין בענומען צו איהם?

— איך... האב איהר געזאגט, — האט די אלטע אויסגערופען, — אז איך האב געזעהן ווי דער פאסטוך רעדט צו שפרה'ן, אבער איך האב איהר מעהר גאר נישט געזאגט...

— האסטו ווען עס איז גערעדט מיט דעם פאסטוך? — האט דער קעניג איהר ווידער געפרעגט.

— ניין! איך האב מיט איהם קיינמאל נישט גערעדט, — האט די אלטע גענומען שטאמלען.

— האסטו איהם גאר נישט געזאגט ווענען שפרה'ן? — האט דער קעניג איהר ווייטער א פרעג געטהאן.

— איך האב... א... ניין!... איך האב מיט איהם גארנישט גערעדט.

— זאל מען אהער אויף ברייננען זבד'ס פאסטוך — האט שלמה באפוי־לען. און דערווייל זאל מען ביידע פערהאלטען ביז וואנען איך וועל אויסגע־פינען ווער עס איז שולדיג.

אויף מארגען אין דער פריה האט מען פאר שלמה'ן ווידער אלעמען פאר־געבראכט. דער קעניג האט געהייסען מען זאל אויך אריינברייננען דעם פאסטוך.

— קענסטו דיזע אלטע פרוי? — האט דער קעניג זיך געווענדעט צום פאסטוך.

— יא, מיין האר קעניג, — האט דער פאסטוך געענטפערט.

— האסטו ווען עס איז מיט איהר גערעדט?

— יא! — האט דער פאסטוך געענטפערט.

— קענסטו מיר זאגען ווען דו האסט לעצטענס מיט איהר גערעדט?

— מיט א צוויי־דריי מאנאטען צוריק.

— געדענקסטו פיעלייכט וואס זי האט מיט דיר גערעדט?

— איך געדענק!

— דערצעהל מיר אלעס! — האט דער קעניג איהם באפוילען.

דעם פאסטוך'ס פנים איז באדעקט געווארען מיט רויטקייט.

— דו דארפסט דערצעהלען אלעס וואס זי ווייסט, און נאר דעם אמת...

— ווען איך האב געפיטערט די שאף פון מיין האר, איז די אלטע איינמאל צו מיר צוגעקומען און גענומען צו מיר ריידען. זי האט פאר מיר גענומען לויבען

מיין האר'ם איינגערע פרוי און זי האט מיר געגעבען זעהר נישט קיין אנשטענ־דיגע אנצוהערעניש... זי האט מיר אפילו געזאגט, אז זי וועט זעהן דאס איך זאל זיך באגעגענען מיט שפרה'ן אין איהר הויז.

— און וואס האסטו איהר געזאגט? — האט איהם שלמה געפרעגט.

— איך האב איהר גוט אנגעזידעלט און איהר פון מיר אוועקגעשיקט... איך האב געזעהן אז זי האט בייזע געדאנקען און איך האב איהר אנגעזאגט אז זי זאל מעהר צו מיר פון דעם נישט ריידען.

— און זינט דאן האסטו איהר מעהר נישט געזעהן?

— איך האב איהר עטליכע מאל געזעהן, אבער מעהר האט זי צו מיר נישט גערעדט.

— און האסטו ווען עס איז גערעדט צו שפרה'ן, דיין האר'ם פרוי?

— ניין, מעכטיגער קעניג!

— האסטו מיט איהר גערעדט ווען זי איז געווען בלויז זבד'ם דינסט?

— איך האב נאך קיינמאל מיט איהר נישט גערעדט.

— ווייסטו נאך יעצט אלץ אפלייקענען אז דו האסט מיט דעם פאסטוך ווען עס איז גערעדט? -- האט שלמה צו דער פלשתית א זאג געטהאן.

— מיין האר קעניג! — איז זי געפאלען מיט איהר פנים צו דער ערד, — זיי מיר מוחל. איך האב געזאגט ליגען... איך האב מיט איהם גערעדט... יא, גרויס זיינען מיינע זינד... איך האב געמאכט א פארזוך דעם פאסטוך איינצורייי־דען צו באגעהן אן אומרעכט.

— יעצט זיי זיך מודה, האסטו דען נישט געטויטעט שפרה'ס קינד? — האט שלמה גלייך א פרעג געטהאן.

— יא, מיין האר קעניג! דאס קינד איז געשטארבען אין מיינע הענד... אבער איך האב נישט געמיינט איהם צו טויטען... איך האב זעהר ליעב קליינע קינדער... איך האב דאס מויל פערמאכט ער זאל נישט שרייען, און איך האב נישט באמערקט ווי ער איז דערשטיקט געווארען.

אלע אין פאלאץ האבען גרינג אפגעאטעמט... זיי האבען אנגעפאנגען צו ריידען צווישען זיך.

— איך האב אבער גלייך פארשטאנען אז די אלטע מכשפה איז אין דעם שולדיג! — האט זיך איינער פון די חכמים אפגערופען צום צווייטען.

— האסטו דען פריהער נישט געזאגט, — האט דער צווייטער איהם גע־ענטפערט, — אז עס איז ביי דיר קיין ספק נישט דאס חלאה איז די שולדיגע!...

— נו, יא... פריהער... איידער איך האב געהערט וואס חלאה האט צו זאגען וועגען דעם.

— עס פארשטעהט זיך, אז אונזער קלוגער קעניג האט פארשטאנען וואס די כוונה פון דער אלטער איז געווען, און האט געבראכט דעם פאסטוך פנים אל פנים מיט דער אלטער. האט זי דאך קיין אנדער ברירה נישט געהאט ווי זיך מודה צו זיין.

— ווען נישט דעם קעניג'ס איינפאל וועגען פאסטוך, וואלט מען קיינמאל נישט געקענט דערגעהן ווער עס האט געטויטעט שפרה'ס קינד, — האט נאך איינער זיך אפגערופען.

און א ווייל שפעטער האט דער קעניג שלמה זיך אפגערופען:

— יעצט, חלאה, אז דו ביזט איבערציינגט ווי ריין און אומשולדיג שפרח

איז, און אז די אלטע האט בלויז געזוכט צו פארגרעסערען די פיינדשאפט צווי־שען אייך ביידען, וועסטו זיכער חרטה האבען אויף אלע דיינע עוולות וואס דו ביזט בעגאנגען געגען שפרה׳ן. זי וועט זיך אומקעהרען צו וואהנען מיט דיר אין הויז און דו וועסט איהר פון היינט אן בעהאנדלען ווי אן אייגענע שוועס־טער... איך האף אז דיין שנאה צו איהר וועט אין גאנצען פארשווינדען.

— א, מיין האר קעניג! — האט חלאה זיך פארנייגט און טרעהרען האבען זיך באוויזען אין איהרע אויגען. ווען שפרה זאל מיר נאר מוחל זיין... איך האב שטארק חרטה אויף אלע שמערצען און יסורים וואס איך האב איהר פארשאפט... איך וויים אז איך האב זיך געלאזט פארפיהרען פון דער אלטער׳ס בייזען צונג.

— שפרה איז דיר געווים מוחל! — האט שלמה אויסגערופען, — און איך האף אז איהר וועט ווערען גוטע פריינד.

טרעהרען האבען זיך באוויזען אין אלעמענס אויגען ווען זיי האבען גע־זעהן ווי די צוויי פרויען, חלאה און שפרה, האבען זיך ארומגענומען און געקושט.

— יעצט געהט ביידע בשלום אהיים! — האט שלמה געזאגט, — און זאל גאט זיין מיט אייך ביידען!

ביידע פרויען האבען זיך פארנייגט און מיט דאנקבארע בליקען האבען זיי פארלאזען דעם פאלאץ.

— און דו, — האט דער קעניג זיך אפגערופען צו דער פלשתית, — דו האסט פעראורזאכט פיעלע צרות צווישען די רוהיגע אידישע פרויען פון דער שטאדט צרדה. אלע האבען מיט דיר געטהאן בלויז חסד. מען האט דיר נישט פארלאזען אין דיין נויט. דו ביזט געגאנגען פון פעלד צו פעלד און געקליבען די זאנגען וואס זיינען דארטען געלאזען געווארען, לויט אונזער תורה, פאר ארימע און פרעמדע, דו האסט געהאט א הויז און יעדער האט דיר בעהאנדעלט גוט און פריינדליך... אבער דו ביזט דאמיט נישט געווען צופרידען... אין דיין פאר־דארבענעם הארץ האסטו בלויז געטראכט שלעכטעס צו טהאן צו די וועלכע האבען דיר מקרב געווען און מיט דיין בייזען צונג האסטו פארזעעט שנאה און קנאה צווישען פרוי און פרוי... פאר גוטעס האסטו אבגעצאהלט מיט שלעכטעס. און ווער וויים צו וואס נאך דו ביזט געווען פעהיג צו טהאן, ווען איך וואלט יעצט נישט אלעם אויסגעפונען וועגען דיר... יא, פאר׳ן טויטען דאס אומשולדיגע קינד פארדינסטו דעם טויט... אבער אזוי ווי עס איז נישטא קיין עדות וועלכע האבען צוגעזעהן דיין אומווירדיגע טהאט, מוז איך אננעהמען דיינע ווערטער פאר ריכטיג אז דו האסט נישט געמיינט איהם צו טויטען... און נעהמענדיג אין אכט אז דו ביזט שוין גאנץ אלט, און קיין פיעלע יאהרען צו טהאן שלעכטעס וועסטו שוין נישט האבען, דאריבער וועסטו ווערען ארויסגעשיקט פון אונזער לאנד... איינינע פון מיינע סאלדאטען וועלען דיר באגלייטען ביז דעם גרענעץ פון פלשתים און אויב דו וועסט וואגען זיך צוריקקעהרען אין אונזער לאנד וועסטו זיכער שטארבען... פיהרט איהר ארויס! — האט שלמה באפוילען צו זיינע בעאמטע.

באלד האט מען די אלטע פרוי ארויסגעפיהרט, און די געדריקטע שטי־מונג וואס האט ביז אהער געהערשט אין פאלאץ איז ווידער פארוואנדעלט גע־ווארען אין פרעהליכקייט און מונטערקייט.

פון די אלע וואס זיינען געווען אנוועזענד האט זיך ארויסגעריסען א יובעלנדער געשריי:

— לאנג לעבען זאל אונזער קעניג שלמה, דער חכם פון אלע מענשען...
— גרויס איז די חכמה פון אונזער קעניג...
— געבענשט זאל זיין אונזער קעניג וועמען גאט האט בעשאנקען מיט זיין געטליכע חכמה...

ווען אין פאלאץ איז ווידער שטיל געווארען, האבען ערשט דאן אלע באמערקט ווי אין א ווינקעל איז געשטאנען צרועה מיט א געבויגענעם קאפ... די גאנצע צייט זיינען אלעמענס אויגען געווען געווענדעט אויף שפרה'ן, חלאה'ן און די פלשתית. און אז צרועה'ן האט מען שוין כמעט ווי פארגעסען.

ווען אבער זי האט גענומען לאנגזאם פארלאזען דעם פאלאץ, האט דער קעניג זי צוריקגערופען.

— זאג מיר, צרועה, וואס מאכט דיין זוהן? — האט ער זיך צו איהר אפגערופען.

— געלויבט איז גאט! ער איז געזונט, און געבענשט זאל זיין דער קעניג וואס דורך זיין גרויס גנאד און חכמה האב איך געקראגען מיין זוהן...

— און ווי האסטו איהם א נאמען געגעבען? — האט דער קעניג איהר געפרעגט.

— איך האב איהם א נאמען געגעבען ירבעם! — האט צרועה געענטפערט.
— ירבעם בן נבט!

— עס איז זעהר א פאסענדער נאמען פאר איהם, — האט שלמה באמערקט, — ירב - עם! יא, עס איז ריכטיג! דו האסט זיך געקריגט צוליעב איהם פאר די אויגען פון פאלק! ברייגג אריין דיין קינד צו מיר, איך וויל יעצט נאך אמאל איהם אנקוקען.

צרועה איז ארויסגעגאנגען און באלד צוריקגעקומען מיט איהר זוהן אויף די הענט.

דער קעניג האט גענומען דאס קינד אויף זיינע הענט און צו איהם געשמייכעלט און געגלעט.

— אויב דו וועסט נישט האבען דאגעגען, — האט שלמה זיך אפגערופען צו צרועה'ן, — זאל זיך דיין קינד ירבעם אויפהאדעווען אין מיין פאלאץ... ער זאל מיט דיר בלייבען ביז וואנען ער וועט אונטערוואקסען און נאכהער וועסטו איהם ברייגגען צו מיר... ווייל דורך דיין קינד האט מיר גאט געוויזען דעם וועג ווי צו משפט'ן מיין פאלק מיט גערעכטיגקייט און חכמה.

טרעהרען פון פרייד האבען זיך יעצט באוויזען אין צרועה'ס אויגען. און זי האט זיך פארנייגט און אויסגערופען:

— א, גרויסער קעניג, ווער איז דאס דיין דינסט וואס דו טהוסט אזוי פיעל חסד מיט איהר!...

— דו האסט זעהר פיעל געליטען, צרועה, און דו ביזט נאך אזוי יונג. אויך האב איך נישט פארגעסען וואס חותם האט צו דיר געטהאן, און איך האב איהם מיט די שופטים פון שטאדט געשיקט רופען, און איך האף אז גאט וועט מיר שטארקען און געבען גענוג פארשטאנד אויסצוגעפינען אויב עס איז געגען דיר נישט בעגאנגען געווארען קיין פארברעכען... איך געדענק וואס דו האסט מיר געזאגט, אז דו ביזט זיכער אז דיין פאטער איז חותם'ן קיינמאל גאר נישט שולדיג געווען. דו פארדעכטיגסט אז חותם האט געפעלשט די חתימה כדי אוועקצונעהמען פון דיר דאס שטיקעל פעלד וואס גרעניצט זיך מיט זיין פעלד...

יא, איך וועל אלעס אויספארשען און איך האף אז מיר וועט געלינגען אויס־צו געפינען דעם אמת... דו וועסט דערווייל בלייבען אין פאלאץ ביז וואנען חותם מיט די עדות און די שופטים וועלען קומען. און זיי זיכער, צרועה, אז גע־רעכטיגקייט וועט געטהאן ווערען צו דיר... איך וועל נישט דערלאזען אז מיין לאנד זאל פארפלייצט ווערען מיט אומרעכט און פאלשקייט... שופטים וועלכע נעהמען שוחד וועלען ארונטערגעזעצט ווערען פון זייער אמט... און פאלשע עדות וועלען בעשטראפט ווערען... יעדע עוולה וואס ווערט בעגאנגען אין די שטעדט פון אונזער לאנד וועט מוזען פארגיטיגט ווערען.

שלמה האט איבערגעגעבען צרועה'ן איהר זוהן.

צרועה האט גענומען איהר קינד און מיט טרעהרען פון פרייד האט זי פאר־לאזען דעם פאלאץ ווארטענדיג מיט גרויס אונגעדולד אויף דעם צווייטען טאג ווען חותם און די שופטים וועלען געבראכט ווערען פאר'ן קעניג צום משפט.

גלייך האט זיך איבערן גאנצען לאנד פערשפרייט די נייעס אז דער קלוגער קעניג שלמה געפינט אויס מיט זיין גרויסער חכמה דעם שולדיגען און משפט יעדען מיט גערעכטיגקייט. א פחד האט אנגענומען פיעלע שופטים וועמענס הענט זיינען יישט געווען ריין פון שוחד... יעדער איינער האט גענומען מורא האבען, דער קעניג זאל איהם נישט אויספאדערען אפצוגעבען דין וחשבון פאר די פאלשע משפטים וואס זיי האבען ארויסגעגעבען...

אויך צו די שופטים פון דער שטאדט צרדה, האט דערגרייכט די נייעס ווי שלמה האט אייסגעפונען ווער עס איז שולדיג אין דעם קינד'ס טויט... און ווי דער קעניג האט פעסטגעשטעלט די שולדיגקייט פון דער אלטער פלשתית. די צוויי שופטים האבען בסוד צו זיך פעררופען חותם'ן.

— דו האסט געווים געהערט אז אונזער קעניג שלמה האט אייסגעפונען די שולדיגע און זיי בעשטראפט — האט זיך איינער פון די שופטים צו איהם אפגערופען — און יעצט מאכט דער קעניג אויספארשונגען וועגען אלע משפטים וואס זיינען לעצטענס דורכגעפיהרט געווארען אין אלע שטעדט פון ארץ ישראל... מעגליך אז ער וועט אויך קומען צו אונז...

— און דו דארפסט אויך נישט פארגעסען אז צרועה געפינט זיך נאך אלץ אין שלמה'ס באלאץ... און מיר קענען ערווארטען אז דער קעניג וועט צו יעדער רגע שיקען אויספארשען וועגען דיין משפט מיט צרועה'ן איבער איהר פאטער'ס פעלד...

— דעריבער איז מיין עצה — האט דער ערשטער שופט געזאגט — אז דו זאלסט שיקען אנזאגען צרועה'ן, אז אזוי ווי דיין הארץ איז שטארק געריהרט געווארען פון די נויט און ליידען וואס זי האט אריבערגעטראגען, אין דו ווילסט איהר דעריבער מוחל זיין איהר פאטער'ס חוב און איהר צוריקקעהרען איהר הויז און פעלד...

— ווען דו וועסט אזוי טהאן — וועט דער קעניג פערשפארען מאכען אן אויספארשונג, און דו וועסט קיין שטראף נישט בעקומען.

— אויב איהר ביידע וועט מיר אומקעהרען די הונדערט שקלים וואס איך האב אייך געגעבען, און דערצו צווינגען די פאלשע עדות, זיי זאלען מיר אויך אומקעהרען דאס געלט וואס איך האב זיי געגעבען, דאן וועל איך טהאן ווי איהר ראטה מיר — האט חותם זיך אפגערופען.

— איך קען דיר דייז געלט נישט אומקעהרען — האט זיך דער ערשטער שופט אפגערופען — איך האב דיין געלט לאנג אויסגעגעבען...

און איך האב אויך קיין געלט נישט — האט דער צווייטער שופט געזאגט — דו ביזט געווען רייך און דו קענסט נישט ערווארטען אז מיר זאלען דיר אומקעהרען דיין געלט וואס דו האסט אונז בעצאהלט פאר דער ארבייט וואס מיר האבען פאר דיר געטהאן.

— אבער ווי באלד אז איך וועל דארפען אומקעהרען דאס פעלד און הויז, איז דאך אייער ארבייט גאר נישט ווערטה פאר מיר — האט חותם געזאגט — איך האב אויסגעגעבען אזוי פיעל געלט און יעצט וועל איך בלייבען מיט גאר נישט...

— ווען אבער דו וועסט אונז נישט פאלגען, וועסטו ערגער מאכען... דער קעניג וועט נישט נאר ביי דיר צונעהמען דאס פעלד און הויז און זיי צוריקגעבען צו צרועה'ן, ער וועט דיר זיכער בעשטראפען פאר'ן פעלשען דעם נאמען פון צרועה'ס פאטער...

— דאס וועט דער קעניג קיינמאל נישט אויסגעפינען! האט חותם אויסגערופען — צרועה'ס פאטער איז טויט און ווער קען אפלייקענען אז דאס איז נישט זיין ריכטיגע חתימה!

— אבער זעהסטו נישט אז קיין פערבארגענס איז נישטא פאר דעם קלוגען קעניג... ער געפינט אלעס אויס! — האט דער ערשטער שופט געזאגט.

— ניין, כל זמן איך וועל מיין געלט נישט צוריקקריגען פון אייך און פון די עדות, וועל איך צרועה'ן קיין מאל נישט אומקעהרען איהר הויז און פעלד...

די טיהר האט זיך פלוצלונג געעפענט און חותם'ס א דינער איז אריינגעקומען.

— מיין האר! — האט ער אויסגערופען דעם קעניג'ס בעאמטע זיינען געקומען צו דיר אין הויז, זיי זאגען אז דער קעניג פערלאנגט אז דו זאלסט ערשיינען פאר איהם. ער וועט משפט'ן דעם משפט צווישען דיר און צרועה'ן.

א שוידער איז דורכגעלאפען די לייבער פון די שופטים...

— מיר זיינען פערלארען! מיר זיינען פערלארען! — האבען זיי אויסגעשריען.

— יעצט איז שוין צו שפעט צו טאהן דאס וואס מיר האבען דיר פריהער געהייסען...

— דו קענסט אונז העלפען — האט איינער פון די שופטים זיך אפעגריפען — ווען דער קעניג וועט אויסגעפינען אז דו האסט געפעלשט די חתימה און אז דו האסט געדונגען פאלשע עדות, וועט דאך דיר קיינער נישט צווינגען צו זאגען אז דו האסט אויך אונז אונטערגעקויפט...

— איהר ביידע האט געקראגען מיין געלט און איהר ווילט אז איך זאל אלעס פארלירען און דערצו בעשטראפט ווערען...

— ווען מיר וועלען פערבלייבען די שופטים פון שטאדט וועלען מיר דיר זעהן צו פארגיטיגען אין אנדערע זאכען — האט דער צווייטער שופט זיך אפגערופען — מיר וועלען קיינמאל נישט פערגעסען דיין טובה...

— איך וויל אויך נישט ליידען! — האט חותם אויסגעשריען — און ווען דער קעניג וועט אויסגעפינען דעם אמת וועל איך איהם אויך דערצעהלען וועגען

איך און וויפיעל שוחד איהר האט ביי מיר גענומען... און דעריבער איז מיין עצה, אז אין דער צייט וואס איך וועל אוועקגעהן צום קעניג זאלט איהר זיך זעהן מיט די עדות און זיי פערזאגען זיי זאלען זיך האלטען ביי זייער עדות און זיך נישט אונטערגעבען...

— מיר וועלען אזוי טהאן ! — האבען די שופטים אויסגערופען, אבער גערענק...

איידער זיי האבען געענדיגט ריידען זיינען שוין די בעאמטע פון שלמה געשטאנען נעבען זיי מיט די צוויי פאלשע עדות, ועמען חותם האט נערונגען.

— דער קעניג שלמה האט בעפוילען אז די אלע וועלכע זיינען פערמישט אין דעם דין מיט צרועה'ן נבט'ס פרוי זאלען פאר איהם געבראכט ווערען... און ער וועט משפט'ן דעם משפט פון דער אלמנה צרועה.

די שופטים זיינען געבליבען שטעהן דערשראקענע, מיט אפענע מיילער... זיי האבען געווארפען זייערע בליקען אויף די עדות... און יענע האבען פאר־שטאנען...

אונטער דער אויפזיכט פון שלמה'ס בעאמטע זיינען אלע געבראכט געווא־רען אין ירושלים.

ווען זיי זיינען געבראכט געווארען פאר שלמה'ן, זיינען שוין אין פאלאץ געווען פערזאמעלט אלע חכמים און פיעלע בעאמטע. יעדער איז געווען נייגעריג צו וויסען ווי אזוי דער קעניג וועט קענען אויסגעפינען אויב די חתימה פון דעם פערשטארבענעם איז א ריכטיגע, אדער א נאכגעמאכטע.

שלמה האט צום ערשט'ען אויסגעפרעגט חותם'ן ווי אזוי ער האט געקראגען דעם שטר חוב פון צרועה'ס פאטער.

חותם האט איבערגעגעבען מיט אלע איינצעלהייטען ווי אזוי ער האט איהם דאס געלט געבארגט, און ווי אזוי ער האט געחתמ'עט אז אויב ער וועט נישט האבען אפצוגעבען וועט ער קענען ביי איהם אוועקנעהמען דאס פעלד און זיין הויז.

— און וואו זיינען דיינע עדות ? — האט דער קעניג געפרעגט ?

חותם האט אנגעוויזען אויף די צוויי מענשען וועלכע זיינען געשטאנען נישט ווייט פון איהם. — זייט איהר ביידע עדות אז די חתימה קומט פון צרועה'ס פאטער ? — האט דער קעניג זיי געפרעגט — יע — האבען זיי געענטפערט.

שלמה האט צוגערופען איינעם פון די עדות צו זיך. — פיהרט דעם צווייטען אוועק אין א בעזונדער צימער — האט ער בעפוילען, ווען איך וועל איהם דאר־פען וועל איך שיקען נאך איהם.

מען האט געטהאן ווי שלמה האט פערזאגט.

— יעצט זאג מיר — האט זיך דער קעניג אפגערופען צו דעם פערבליבענעם עדות — וואו האט צרועה'ס פאטער געחתמ'עט דעם שטר חוב, אין זיין אייגען הויז אדער אין דעם הויז פון חותם'ן...

דער עדות איז געווארען אביסעל צוטומעלט אבער ער האט גלייך געענט־פערט :

— אין חותם'ס הויז !

— און אין וועלכער צייט פון טאג איז עס פארגעקומען? אין דער פריה אדער אין אבענד?

אין אבענד! — האט דער עדות געענטפערט — און וואס איז געווען דער קאליר פון דעם בגד וואס צרועה'ס פאטער האט דאן געטראגען.

— איך געדענק נישט!

— געדענקסטו דעם קאליר פון בגד וואס דיין פריינד, דער צווייטער עדות האט דאן געטראגען.

— שווארץ!

— און וואס פאר א בגד האסטו דאן געטראגען?...

— א בלויען בגד! — האט דער עדות געענטפערט. וויסענדיג אז ער האט אזא מאנטעל.

— יעצט ברייננט אריין צו מיר דעם צווייטען עדות! — האט שלמה בעפוילען.

די בעאמטע האבען אריינגעבראכט דעם צווייטען עדות און האבען געוואלט ארויספיהרען דעם ערשטען.

— זאל ער דא בלייבען! — האט שלמה געזאגט.

אין פאלאץ האט געהערשט א שטילקייט ווען דער צווייטער עדות איז צו־געקומען צום קעניג.

— זאג מיר? — האט שלמה איהם געפרעגט — דו האסט אליין, מיט דיינע אויגען צוגעזעהן ווי צרועה'ס פאטער האט דעם שטר חוב גע'חתמ'עט?

— יע, מיין האר קעניג!

— און דער צווייטער עדות איז געווען דיין פריינד וועלכער שטעהט נעבען דיר?

— יע!

— און וואו האט ער דעם שטר חוב געחת'מעט. אין חותם'ס גארטען ארער אין פעלד? — האט שלמה איהם א פרעג געטהאן.

— אין פעלד! — האט דער עדות געענטפערט.

— און ווען איז דאס פארגעקומען, אין דער פריה אדער אין אבענד?

— אין דער פריה!

— און וואס איז געווען דער קאליר פון דיין בגד וואס דו האסט דאן געטראגען?

— ווייס!

— דענקסטו אז דיין פריינד זאגט דעם אמת? — האט שלמה זיך אפ־גערופען צום ערשטען עדות...

— ניין! ער איז א ליגנער! נישט אין פעלד האט ער געחת'מעט דער שטר חוב, נאר אין חותם'ס הויז... און נישט אין דער פריה איז עס געשעהן, נאר אין אבענד!

— ניין! איך זאג דעם אמת און ער זאגט ליגען! — האט דער צווייטער איסגערופען:

— ער זאגט ליגען און איך זאג אמת!

עס האט לאנג נישט געדויערט אוןביידע עדות האבען זיך מודה געווען אז חותם האט זיי געדונגען זיי זאלען זאגען פאלש עדות...

— חותם איז אויך געווען געצוואונגען זיך מודה צו זיין, אבער ער האט בעשולדיגט די שופטים.

— זיי האבען מיר צוגערעדט דאס צו טהאן! — האט ער אנגעוויזען אויף די צוויי שופטים וועלכע זיינען געשטאנען און געציטערט פון שרעק.

שלמה האט ארויסגעגעבען זיין פסק:

צרועה'ס הויז און פעלד זאל אומגעקעהרט ווערען צו איהר און צו איהר זוהן ירבעם... און פאר די ליידען און צרות וואס חותם האט איהר פערשאפט, וועט ער איהר דארפען בעצאהלען צוויי מאהל אזוי פיעל וויפיעל עס האט איהם געקאסט אונטערצוקויפען די שופטים און די עדות.

חותם'ן, די עדות און די שופטים האט ער בעשטראפט מיט געפענגנים...

— און דו צרועה, קענסט יעצט געהן בשלום אויף דיין נחלה, און ווען ירבעם דיין זוהן וועט אונטערוואקסען, זאלסטו איהם ברייגנען צו מיר אין פא־לאץ... און ער וועט אויפגעבראכט ווערען אונטער מיין אויפזיכט.

צרועה האט זיך פארנייגט... מיט טרעהרען אין די אויגען האט זי דעם קע־ניג בעדאנקט און א גליקליכע איז זי אוועק מיט איהר זוהן צו איהר שטאדט צרדה.

## ניינטער קאפיטעל

# שלמה'ס ערשטע ליעבע

א קורצע צייט איז פאריבער, זינט דאן ווען אלע האבען געזעהן ווי קלוג און יושר'דיג שלמה איז, איז זיין משפט'ן די אידען...

דער יונגער קעניג איז שנעל ביי אלעמען בעליעבט געווארען...

די נאכריכט וועגען זיין אויסערגעוועהנליכער חכמה האט אויך דערגרייכט פיעלע פעלקער פון נאהענט און פון ווייט און זיי האבען געשיקט צו איהם קאסט־בארע מתנות... פיעלע קעניגע האבען צו שלמה'ן געשיקט זייערע זיהן און טעכ־טער זיי זאלען זיין אין שלמה'ס פאלאץ און לערנען זיין חכמה.

שלמה האט ליעב געהאט אויפצושטעהן גאנץ פריה, ווען די זוהן האט גענומען אויפגעהן... ער פלעגט ארייננעהן אין זיין גארטען און זיך צוהערען צו דעם געזאנג פון די פויגעל... ער האט ליעב געהאט צו קוקען ווי די ערשטע זונען שטראהלען פארוואנדלען די טוי טראפען פון די גראז און בלעטער איז פערעל און אין שיינענדע בריליאנטען...

און איינמאל ווען ער איז אין דער פריה אריין אין זיין גארטען, האט ער דערהערט א כיענשליכע זינגענדע שטימע.

שלמה האט זיך דערנעהענטערט צו דעם פלאץ פון וואנען דער געזאנג האט זיך דערטראגען און ער האט גלייך דערקענט די שטימע פון אבישג די שונמית...

אומבעמערקבאר האט ער זיך דערנעהענטערט צו איהר און געשטעלט הינ־
טער א בוים און זיך צוגעהערט ווי זי זינגט:

״דיינע קושען, ליעבסטער מיין,
זיינען זיסער פון דעם וויין...
ווי דער ריח פון פערפיום,
גרייכט דיין נאמען אומעטום...
איך לויף, דו ציהסט מיר צו זיך...
אין דיין צימער, ברייננ מיר גיך!
לוסטיג פרעהלאך וועלען מיר דארט זיין;
דיין ליעבע בערוישט מיר מעהר ווי וויין.
שעהן ביזטו מיין ליעבסטער און זיס
ווי אונזער ליעבע רייף און פריש...

שלמה האט בעטראכט איהר שעהנעם פרעכטיגען פנים און איהר זיסע
שטימע מיט דעם ליעבע׳ס געזאנג האט איהם אזוי בעצויבערט אז ער איז
געבליבען שטעהן בעוועגלאז און פון איהר זיינע אויגען נישט ארונטערגעלאזען...
ווי וואונדערשעהן די שונמית איז! ווי זיס און ליעבליך איז איהר שטימע
— האט זיך שלמה געטראכט — אזא פראכטפולער אוצר געפינט זיך אין זיין
פאלאץ און ער האט עס גארנישט בעמערקט...
שלמה האט זיך געגומען דערמאנען ווי אבישג די שונמית האט צוויי מאל
איהם געהאלפען צו בעפעסטיגען זיין מלוכה, דעם ערשטען מאל ווען זי האט
דערציעהלט נתן דעם נביא וועגען דעם וואס אדוניה און יואב האבען איהר איינ־
געלאדען צו דער פייערונג ביי דעם אבן הזוחלת, און דעם צווייטען מאל וואס זי
איז איהם געקומען ווארענען וועגען אדוניה׳ס פערשווערונג... ער האט זיך
געוואונדערט אויף זיך ווי אזוי ער האט אזוי שנעל פערגעסען וועגען דער
שונמית... זי האט זיך די גאנצע צייט געפונען אין דעם פאלאץ וואו די איבעריגע
פרויען פון זיין פאטער געפינען זיך... ״ווי א רויז צווישען דערנער אזוי איז
זי צווישען די פרויען״... אט הערט ער ווי זי זינגט ווייטער:

ווי אן עפּעלבוים צווישען וואלד בוימער,
איז מיין געליעבטער צווישען יונגען, איינער!

אין זיין שאטען, ווי ליעב איך האב צו זיין,
זיינע פרוכט זיינען זיס ווי וויין...
ברייננ מיר, ליעבסטער, אין דעם וויינהויז,
געניסען וועל איך פון דיין ליעבע גרויס!

מיט דיין ווייך, ליעבסטער, שטיץ מיין קראפט.
ערפריש מיר מיט דעם עפעל זאפט!

ווייל מיין הארץ טוט מיר באנג.
איך בין פון ליעבע קראנק...

טעכטער פון ירושלים! בעשווערען
טו איך אייך ביי די אינדיי: און הירשען פון פעלד:
מיין גרוים ליעבע צו איהם נישט שטערען:
ערוועקט זי נישט, ביז זי פון זיך אליין קוועלט...

שלמה איז ארוים פון הינטערען בוים און גענומען צוגעהן צו דער שונמית.

— אבישג! — האט ער אויסגערופען.

— מיין האר קעניג! — האט זי זיך פערנייגט און האט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען... זי האט זיך שטארק פערשעהמט...

— א, ווי זיס און ליעבליך דיין שעהנע שטימע האט געקלונגען אין דעם גלארייכען פריהמארגען, — האט שלמה זיך צו איהר דערנעהנטערט. זאג מיר, אבישג פון וואנען האסטו זיך אויסגעלערענט צו זינגען אזעלכע שעהנע ליעדער?

— אין מיין שטאדט, שונם, מיין האר קעניג! — האט זי געענטפערט — דארטען בין איך א הירטין געווען, געפיטערט די שאף פון מיין פאטער... און אין פעלד, מיט די שעפעלאך און ציעגעלאך ארום מיר, פלעג איך דיזע ליעדער זינגען...

— ווייסטו דען נישט, דו שעהנסטע צווישען טעכטער, אז איך האב גע־ענדערט דעם נאמען פון דיין שטאדט, פון שונם אויף שולם? — האט איהר שלמה געפרעגט.

— ניין, מיין האר קעניג, איך ווייס נישט...

— יע, פון יעצט אן וועט דיין געבורטסשטאדט אנגערופען ווערען שולם... עס קלינגט מעהר ווי שלום. איך וויל אז שלום זאל הערשען אין אלע גרעניצען פון מיין לאנד... און יעצט וועט מען דיך שוין מעהר נישט רופען די שונמית, נאר די שולמית... יע, דיין נאמען וועט פון יעצט אן זיין שולמית...

— שולמית! — האט זי אויסגערופען מיט פרייד איך האב ליעב דיזען נאמען...

— און ליעב און טייער דו ביזט צו מיר, מיין שעהנע שולמית — האט שלמה געזאגט — דיינע בליקען זיינען צו מיר ווי די פריהמארגען זונען־שטראה־לען וואס ווארעמען, ערקוויקען און ערפרישען אלעס וואס לעבט און בליהט.

שלמה האט איהר אנגענומען פאר'ן האנט און געזאגט איך האב אויך פער־פאסט א ליעד פאר דיר. ווילסטו עס הערען?

שולמית האט איהם אנגעקוקט מיט א ליעבליכען שמייכעל און א שאקעל גע־טאהן מיט איהר קאפ...

שלמה האט זיך עטוואס אפגערוקט פון איהר, אבער איהר האנט האט ער נאך אלץ געהאלטען. און ער האט גענומען זינגען:

שעהן ביזטו, מיין ליעבסטע, א פראכט
דיינע אויגען שיינען ווי שטערען באנאכט

ווי פערעל ווייס זיינען דיינע צייהן,
ווי געוואשענע שאף זויבער און ריין.
דיינע ליפען ווי פאדים רויט,
צארט און ליעבליך איז דיין הויט...

דיין האלז געטאקט פון עלעפאנט-ביין
ווי דוד׳ס טורעם איז ער שעהן...

דיינע בריסט ווי יונגע הירשען צוויי
א פראכטפולער צווילינג זיינע זיי.
מיין ליעבלינג, א, דו ביזט שעהן און פרעכטיג
גרויס איז מיין ליעבע צו דיר און מעכטיג...

שולמית איז געשטאנען; בעצוויבערט פון זיין געזאנג איהר האט זיך גערוכט אז דאס טרוימט זי... ער קומט דער ליעבסטער איהרער און זינגט איהר אזעלכע שעהנע ליעבעס ליעדער.

— מיין ליעבע שולמית, — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען — דו האסט מיך באגייסטערט מיט דיין שטימע ווי דייז שעהן פנים האט מיך בעצויבערט... הערסטו, געליעבטע, ווי שעהן די פייגעלעך זינגען, ווי פרעכטיג און גלאררייך די זונן לאכט צו אונז... קום מיט מיר דארטען צו דעם קוואל פון פרישע וואסער... דארטען איז דאך די נאטור אזוי שעהן און צוציהענד.

שולמית איז געשטאנען די גאנצע צייט ווי אין א צויבער־לאנד... דאס זינגט דער קעניג, דער פרינץ פון איהרע חלומות, אזעלכע וואונדער־שעהנע ליעדער צו איהר... זי איז געבליבען שטעהן ווי בערוישט...

שלמה האט איהר אנגענומען פאר׳ן האנד און האט ווידער גענומען זינגען:

קום, מיין ליעבסטע, לאמיר געהן,
די וועלט איז דאך פרעכטיג שעהן . . .
דער ווינטער איז שוין לאנג פאראיבער,
פארשוואונדען איז שוין אויך דער רעגען;
עס קומט דער פריהלינג אז, דער ליעבער,
בלומען בליהען אויף אלע וועגען . . .
די צייט פון זמיר איז געקומען,
אויף די טויבען פאנגען אן ברומען,

דער פייגען־בוים רייפט זיינע פייגען,
די טרויבען ווינקען פון די צווייגען . . .
קום מיין טייבעלע, ליעבלינג מייז,
קום, מיין שעהנע, מיין זונען־שיין!
לאמיר דיין געשטאלט ערבליקען,
מיט דיין שטימע זיך דערקוויקען,
ווייל דיין פנים איז וואונדער־שעהן,
און דיין שטימע קלינגט זיס און ריין . . .

שולמית האט געווארפען איהרע בליקען אויף דעם קעניג און א גליקליכער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף איהרע ליפען. זי איז געוועזען אזוי באגייסטערט פון שלמה'ס זינגען אז זי האט זיך ווי פארגעסען דאס זי שטעהט פאר דעם קעניג און זי האט גענומען זינגען:

אויף מיין געלעגער ביינאכט,
טהו איך טרוימען פון דיר,
דעם גאנצען טאג נאר איך טראכט
אויב דו טראכסט אויך פון מיר!
איך שטעה אויף און זוך דיך ארום.
מיין הארץ געהט אוים נאך דיר,
איך זוך דיך, ליעבסטער אומעטום.
אבער דו ביזט פארשוואונדען פון מיר.

שלמה האט געקוקט אויף איהר מיט באגייסטערונג... זייערע בליקען האבען זיך באגעגענט און שולמית האט זיך פארשעהמט און א רעטה געטהאן איהר קאפ.

שלמה האט איהר א קוש געטהאן און ווידער אנגענומען פאר איהרע צארטע האנט און האט גענומען ווייטער זינגען:

דו האסט מיין הארץ גערויבט
מיט איין בליק פון דיינע אויגען,
מיט איין רעטה פון דיין האלז
האסטו מיר, א, צוגעצויגען! . . .

האניג זיס זיינען דיינע ליפען,
מילך און האניג אונטער דיין צונג,
ווי א שעהנע בלום ביזטו מיין ליעבסטע,
ווי א בליטהע רייצענד און יונג.

א גארטען פארשלאסען ביזטו, כלה מיין,
ווי א פארזיגעלטע פלאש פון גוטען וויין,
א פערמאכטער קוואל פון וואסער פרישען
וואס טהוט פון דעם בארג לבנון פליסען.

איז מיין גארטען וועל איך קומען,
זאמלען דארט די שענסטע בלומען . . .
זיך זעטיגען מיט דיין האניג זיסען . . .
פון דעם ווײַן איז מילך וועל איך געניסען.

שלמה׳ס ליעבע צו שולמית׳ן איז געוואקסען מיט יעדען טאג. ער האט פון איהר טאג און נאכט געטרוימט. און יעדען פריהמארגען פלעגט ער גאנץ פריה אויפשטעהן און זיך טרעפען מיט איהר איז דעם גארטען.

שולמית האט שלמה׳ן אויך ליעב געהאט מיט דעם גאנצען ברען פון איהר יונגער נשמה. זי האט אבער נישט געוואגט דערפון צו טראכטען.

איינמאל ווען דער קעניג האט זיך מיט איהר געטראפען איז זיין גארטען, און נאכדעם ווי ער האט געזונגען פלאם־פייערדיגע ליעבעס־ליעדער צו איהר, האט ער זיך צו איהר אפגערופען:

— מיין ליעבע שולמית, איך האב דיר ליעב מעהר פון אלעס איז דער וועלט. איך וויל דיך מאכען פאר מיין קעניגין... דו וועסט זיך טיילען מיט מיר די מלוכה.

שולמית׳ס פנים האט גענומען פלאמען.

— ווער איז דיין דיענסט ? — האט זי זיך אפגערופען און ארונטערגעלאזט איהרע אויגען, — אז איינפאכע הירטין בין איך געווען... געפיטערט די שאף פון מיין פאטער . . .

— דו בעזיצט אבער א נאבעלע נשמה, שולמית, און וואס דו ביזט א הירטין געווען בין איך נאך מעהר שטאלץ אויף דיר. ווייל, איז דען נישט מיין פאטער דוד געווען א פאסטוך... און דער ערשטער אידישער קעניג האט געפיטערט זיינע שאף אפילו נאכדעם ווי ער איז געזאלבט געווארען קעניג.

— זאג מיר, מיין ליעבע שולמית, האסטו מיך אויך ליעב ?

טרעהרען האבען זיך באוויזען איז איהרע אויגען ווען זי האט געהערט זיינע ווערטער.

— א, מיין האר קעניג, צו גרויס איז דאס גליק פון דיין דיענסט... איך בין נישט ווערטה די שטייב וואס אונטער דיינע פיס.

— דו דארפסט צו מיר אזוי נים ריידען ! — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען, — ווייל דו ביזט מיר טהייערער פון אלעס איז דער וועלט... איך וועל געהן זאגען מיין מוטער וועגען דיר און איך וועל באשטימען אונזער חתונה...

— איך בין די גליקליכסטע צווישען אלע טעכטער פון ארץ ישראל ! — האט שולמית אויסגערופען.

— דו ביזט אויך די שעהנסטע צווישען אלע טעכטער פון ארץ ישראל ! — האט איהר שלמה געענטפערט. — ווי א רויז צווישען דערנער אזוי ביזטו צווישען די טעכטער.

* * *

יענעם טאג איז שלמה אריינגעקומען צו זיין מוטער איז צימער און האט איהר א קוש געטהאן.

— מיין טהייערע מוטער ! — האט ער אויסגערופען מיט פרייד, — איך האב דיר עטוואס ערפרעהענדעס צו פארטרויען.

— מיין זוהן ! — האט בת שבע זיך אפגערופען — דערצעהל מיר שנעלער, די ווייסט דאך ווי אומגעדילדיג איך בין צו הערען פון דיר פרעהליכע נייעס.

— איך האב ליעב שולמית'ן — האט שלמה געזאגט — און איך בין צו דיר געקומען בעטען דיין צושטימונג צו אונזער חתונה...

— שולמית ? ! — האט בת שבע אויסגערופען — ווער איז זי דאס ?

— דאס איז דאך אבישג די שונמית... זינט איך האב געענדערט דעם נאמען פון איהר שטאדט, פון שונם אויף שולם, האב איך אויך געענדערט אבישג'ס נאמען פון שונמית אויף שולמית, און יעצט ווערט זי אנגערופען שולמית...

— מיין זוהן ! — האט בת שבע אויסגערופען, — דאס איז דאך אונמעגליך. דו ווייסט דאך נישט נעהמען שולמית'ן פאר דיין פרוי ?

— אבער מוטער, איך האב שולמית'ן זעהר ליעב געהאט, און איך וויל מיט איהר חתונה האבען.

— האסטו פארגעסען אז אדוניה האט איהר אויך ליעב געהאט, און ווען ער האט געבעטען דו זאלסט איהם ערלויבען חתונה צו האבען מיט איהר, האסטו איהם פאר'משפט צום טויט... ווילסטו יעצט אז דאס פאלק זאל דיך באשולדיגען אז דו האסט דיין ברודער געטויטעט צוליעב דעם ווייל ער האט געוואגט צו ליעבען די פרוי וועלכע דו האסט ליעב געהאט ? !....

— אבער, מוטער, דו ווייסט דאך גאנץ גוט, אז אדוניה איז געטויטעט געווארען צוליעב דער פארשווערונג וואס ער האט געמאכט געגען מיר !...

— יא, מיין זוהן, איך ווייס דאס, און אויך אלע דיינע גוטע פריינד ווייסען אז אדוניה האט דעם טויט פארדיענט. אבער יעצט אז דו ווילסט חתונה האבען מיט דער שולמית, וועלען דיינע שונאים ארויסלאזען א קלאנג אז אדוניה איז געטויטעט געווארען צוליעב דעם וואס ער האט ליעב געהאט אבישג'ן, וועלכע איז געווען די געליעבטע פון שלמה'ן . . .

שלמה איז געבליבען שטעהן עטוואס צוטומעלט.

— איך האב דאך אבער איהר זעהר ליעב ! — האט ער זיך אפגערופען.

— אדוניה האט איהר אויך זעהר ליעב געהאט, — האט בת שבע געענטפערט.

— ביי אדוניה'ן איז זי געווען בלויז א מיטעל צו דערגרייכען זיין צוועק... ער האט געהאפט אז דורך איהר וועט ער אויך ארייבקריגען די מלוכה, — האט שלמה געזאגט.

— מיין זוהן, דו טארסט אויך נישט פארגעסען אז שולמית איז געווען פארערבענט ווי די פרוי פון דיין פאטער... אמת, ער האט מיט איהר נישט געהייראט, אבער דאך ווען דו ווילסט יעצט חתונה האבען מיט איהר וועט עס דען נישט זיין א גרינגשעצונג פאר דיין פאטער'ס כבוד...

— איך זעה נישט אייז, מוטער, פאר וואס דאס זאל זיין א פגיעת הכבוד פון מיין פאטער... זי איז דאך זיין פרוי קיינמאל נישט געווען... זי האט איהם בלויז באדיענט...

— אין די אויגען פון פאלק אבער ווערט שולמית פארערבענט פאר דיין פאטער'ס אייגענטהום... און מיט דיין הייראטען שולמית'ן ווערסטו פאראורזאכען א סך איבריגע רייד צווישען פאלק.

— אבער מיין טהייערע מוטער, ליעבע איז שטארקער און מעכטיגער פון אלעס... איך האב שולמית'ן ליעב מיט מיין גאנצען לייב און לעבען... און איך בין זיכער, אז ווען מיין פאטער וואלט געלעבט וואלט ער געוויס נישט געהאט דאגעגען צו מיין הייראטה מיט שולמית...

— נו, און שולמית, האט זי דיר דען אויך ליעב? — האט בת שבע איהם געפרעגט.

— יא, מוטער, איהר ליעבע צו מיר איז אזוי שטארק ווי מיין ליעבע צו איהר. און איך בעט דיך דו זאלסט מיר דיין ברכה געבען.

— מיין זוהן, אויב שולמית האט דיר אויך אזוי ליעב, דאן ווינש איך דיר גליק.

שלמה'ס פנים האט גענומען שטראהלען, ער איז צוגעגאנגען צו זיין מוטער און האט איהר געהאלזט און געקושט...

כאטש בת שבע האט לפנים ווענען צוגעשטימט צו שלמה'ס פארלאנג, איז זי דאך אין איהר הארצען געבליבען שטארק דאנגען דאס שלמה זאל הייראטען מיט אבישג'ן... זי האט פארשטאנען אז פיעלע פון שלמה'ס שונאים וועלען יעצט האבען א סך וואס צו ריידען... זי איז דאריבער תיכף אוועק צו שולמית'ן איז צימער און זיך צו איהר אפגערופען:

— מיין ליעבע אבישג, פארשפרעך מיר צום ערשטען אז מיין זוהן שלמה וועט זיך קיינמאל נישט דערוויסען פון מיין יעצטיגען באזוך צו דיר... זאגסטו עס מיר צו?

שולמית האט זיך אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ און געזאגט:

— געוויס, מיין הארינטע, דיין פארלאנג וועל איך ערפילען.

— יעצט זעץ זיך, מיין טאכטער, און הער זיך איין צו מיינע רייד.

שולמית האט זיך אוועקגעזעצט און בת שבע האט זיך געזעצט נאהענט צו איהר און זי האט זיך אפגערופען:

— דו ווייסט דאך, שולמית, ווי ליעב און טהייער דו ביזט ביי מיר. איך וועל קיינמאל נישט פארגעסען וואס דו האסט געטהאן פאר מיין ליעבען מאן דוד... דו האסט איהם ערמונטערט, דו האסט ערלינדערט זיינע שמערצען און פערזיסט די לעצטע טעג פון זיין לעבען... אבער נאך גרעסער איז מיין דאנק־בארשאפט צו דיר ווען דו ביזט אין צייט געקומען און מיר אנגעזאגט אז יואב און פיעלע אנדערע שרים פלאנעווען צו זאלבען אדוניה'ן פאר קעניג... און דאס האט געמאכט איך זאל גלייך געהן צו דוד'ן און איהם דערמאהנען אויף זיין צוזאג, אז מיין זוהן שלמה וועט קעניגען... איך בין זיכער אז ווען דו וואלסט מיר אלעם נישט איבערגעגעבען אין דער ריכטיגער צייט, וואלט שוין געווען צו שפעט... אדוניה וואלט געזאלבט געווארען פאר קעניג און אפילו דוד וואלט שוין דאן ניט געקענט העלפען... דעם צווייטען מאל האסטו געהאלפען מיין זוהן ווען דו ביזט געקומען צו איהם ענטדעקען וועגען דער פארשווערונג פון יואב'ן און אדוניה'ן געגען שלמה'ן... יא, מיין טאכטער, איך האב נישט קיין ווערטער אויסצודריקען ווי שטארק דאנקבאר איך און מיין זוהן זיינען צו דיר.

אין שולמית'ס אויגען האבען זיך באוויזען טרעהרען.

— מיין הארינטע, איך האב בלויז געטהאן מיין פליכט צו דעם קעניג פון אונזער לאנד.

— שולמית, דו האסט געטהאן מעהר ווי דיין פליכט! — האט איהר בת שבע א קוש געטהאן — איך ווייס אז דו האסט שלמה'ן ליעב... איך ווייס אויך, אז שלמה האט דיך אויך זעהר ליעב... מיין זוהן האט מיר אלעם דערצעהלט... און איך וואלט זעהר גליקליך געווען אייך ביידען מיין ברכה צו געבען. אבער...

שולמית האט איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג... און נישט ווילענדיג האט זיך פון איהר מויל ארויסגעכאפט:

— אבער וואס? . . .

— איך האף אז דו וועסט מיר גוט פארשטעהן, שולמית. זאג מיר, איך בעט דיר, האסטו מיין זוהן זעהר ליעב?

— איך האב איהם ליעב מעהר פון מיין אייגענעם לעבען! — האט שולמית געזאגט. — און פיעלע מאל האב איך געוואונשען אז שלמה זאל זיין א פאסטוך ווען איך זאל קענען אונגעשטערט ליעבען.

— איך וויים, מיין טאכטער, אז דיין ליעבע צו איהם איז אן אמת'ע און ריינע, און דו ביזט נישט אויסען די קרוין... און טאקע דערפאר וויל איך וויים ווי ליעב און טהייער שלמה איז צו דיר, בין איך געקומען מיט דיר ריידען יעצט. — האט בת שבע זיך אפגערופען. — איך בין זיכער אז דו וואלסט אויף דעם מזבח פון דיין ליעבע געבראכט דעם גרעסטען קרבן פאר מיין זוהן.

— אויב נויטיג וואלט איך מיין לעבען פאר איהם אפגעגעבען, — האט שולמית געזאגט.

— יעצט האף איך, וועסטו מיר געוויס פארשטעהן, שולמית, — האט בת שבע זיך צוגערוקט נאהענטער צו איהר — דו ווייסט דאך געוויס, אז אדוניה איז צו מיר געקומען און געבעטען ביי מיר איך זאל פועל'ן ביי שלמה'ן ער זאל איהם ערלויבען צו הייראטען מיט דיר . . .

א ציטער איז דורך שולמית'עס קערפער.

— איך וויים אז דו האסט אדוניה'ן נישט ליעב געהאט, — האט בת שבע פארטגעזעצט, ווען זי האט באמערקט ווי שולמית האט א ציטער געטהאן, — אבער אדוניה איז געווען זיכער אז דו ליעבסט איהם אויך... און א חוץ דעם, ווייסטו דאך וואס ער איז געווען אויסען דאמיט, איהם האט זיך געדוכט, אז ווי נאר ער וועט הייראטען מיט דיר וועט איהם אנקומען לייכטער אריינצוקריגען דיין מלוכה. דאס פאלק אבער ווייסט נישט פון דעם. דאס פאלק גלויבט אז שלמה האט געלאזען טויטען זיין ברודער צוליעב דעם וואס ער האט געוואלט פארשוועכען דעם כבוד פון זיין פאטער...

— אבער. מיין הארינטע! — איז שולמית אויפגעשפרונגען פון איהר פלאץ. — אלע ווייסען דאך אז איך בין בלויז געווען א דיענסט ביי דעם קעניג דוד.

— געוויס, קיינער צווייפעלט נישט אין דעם! — האט בת שבע געזאגט. — פון דעסטוועגען פיהלט דאס פאלק אז דו האסט בעלאנגט צו זייער בעליעבטען קעניג דוד, און אפילו די אלע וועלכע האבען נישט געוואוסט די ריכטיגע אורזאכע פארוואס דער קעניג האט געלאזט טויטען זיין ברודער, האבען זיי דאך גערעכט־פארטיגט זיין טהאט, ווייל זיי האבען אנגענומען אז אדוניה מיט זיין פארלאנג האט פארשוועכט דעם כבוד פון זיין פאטער... יעצט, מיין טאכטער, ווען שלמה וועט דיר נעהמען פאר זיין פרוי, וואס וועט דאס פאלק זאגען? איבערהויפט זיינע שונאים... און דו ווייסט דאך. אז יעדער קעניג האט פיעלע שונאים אין זיין לאנד, בפרט מיין זוהן, וועלכער איז נאך זעהר יונג און האט גלייך גענומען אייני־פיהרען גערעכטיגקייט אין לאנד... איהם פעהלען געוויס קיין שונאים נישט... און זיי וועלען פארשפרייטען א קלאנג אז שלמה האט געטויטעט אדוניה'ן ווייל ער האט ליעב געהאט די שולמית ווען שלמה האט אליין ליעב געהאט... און יעצט וועט קיינער ניט וועלען גלויבען אז אדוניה האט זיין טויט פארדיענט צוי־

ליעב א פארשווערונג... ווען שלמה וועט מיט דיר הייראטען, וועט יעדער איינער פון פאלק האבען וואס צו ריידען... די וועלכע דיינקען אז עס איז א גרינגשעצונג פאר דעם כבוד פון דעם פארשטארבענעם קעניג דוד, וועלען דאך געוויס זיין גערעכט ווען זיי וועלען זאגען: „אדוניה האט בלויז געוואלט הייראטען מיט אבישג׳ן און שלמה האט איהם בעשטראפט מיט׳ן טויט, און יואב פאר א שטראף האט שוין שלמה אליין פארדיענט ווען ער האט מיט איהר געהייראט?"... יעצט, מיין טאכטער, האף איך אז דו וועסט מיר פארשטעהן און טהאן לויט די דיקטירונג פון דיין שכל... אבער זיי וויסען, שולמית, אז וואס דו זאלסט נישט טהאן וועסטו בלייבען איינגעבאקען אין מיין הארצען ווייל איך האב דיך ליעב ווי אן אייגענע טאכטער...

שולמית האט ארונטערגעלאזען איהר קאפ און האט זיך פאנאנדערגעוויינט בת שבע האט איהר גודריקט צו זיך און געגלעט איהרע האר.

— מיין טאכטער, איך וויס אז מיינע ווערטער האבען דיר פיעל שמערצען פארשאפט. אבער דו ביזט דאך פארנינפטיג און דו קענסט דאך פאראויסזעהן דעם שאדען וואס אן איבערגעאיילטער שריט קען טהאן צו דער מלוכה פון מיין זוהן...

— אה, איך ליעב איהם! איך ליעב איהם מעהר ווי מיין אייגען לעבען און גליק, — האט שולמית געזאגט און די טרעהרען האבען איהר האלז געשטיקט.

— און מיין זוהן׳ס ליעבע צו דיר איז אויך אזוי שטארק, דערפאר וויל ער נישט וויסען פון קיינע שטערונגען, און ער זעהט נישט ווי שלעכט דאס וועט זיך אפרופען ביים פאלק.

— איך בין גרייט אויף דעם גרעסטען קרבן צו ברייגען פאר דעם יעמען איך האב אזוי ליעב! — האט שולמית אויסגערופען, — אבער איך בעט דיר, מיין הארינטע, זאג מיר וואס איך זאל טהאן... דער קעניג האט מיר דאך אויך ליעב . . .

— מיין עצה איז, אז דו זאלסט זאגען מיין זוהן דאס דיר האט זיך פאר־בענקט אהיים אין דיין געבורטס־שטאדט, נאך דיינע עלטערען און דיינע ברידער. און בעט איהם ער זאל דיר ערלויבען צו פארלאזען דעם פאלאץ אויף א קורצע צייט... און ווען ער וועט דיר נישט זעהן וועט ער ביסלעכווייז אז דיר פארגעסען.

— איך וועל טהאן ווי דו האסט מיר גערעטהען, — האט שולמית אויס־גערופען — איך וועל פארלאזען דעם פאלאץ און זיך אומקעהרען אהיים צו מיינע עלטערען און מיינע ברידער... דארטען וועל איך ווידער פיטערען די שאף און זוכען צו פארגעסען ווענען מיין גרויסער ליעבע וואס איך טראג אין מיין הארצען צו דעם קעניג... יא, זיין גליק איז ביי מיר טהייערער ווי מיין אייגען גליק.

— דו ביזט אזא איידעלע נשמה און א נאבעלע הארץ, — האט איהר בת שבע ווידער געקושט, — עס פארשאפט מיר אזוי פיעל שמערצען וואס אייערע ביידענס ליעבע קען נישט פארווירקליכט ווערען צוליעב דער זעהר אונאנגענעה־מער און דעליקאטער לאגע... זאל דיר דער באשעפער פון דער וועלט בענשען און דו זאלסט געפינען דיין גליק אין לעבען.

— איך דאנק דיר, מיין הארינטע, אבער מיין גליק וועט זיין ווען איך וועל וויסען אז דער קעניג איז גליקליך.

— יעצט וועל איך דיר בעטען נאך א זאך, שולמית — האט בת שבע געזאגט, — דו האסט מיר פארשפראכען גארנית צו זאגען מיין זוהן ווענען מיין

נעשפרעך מיט דיר און ווענען די עצה וואס איך האב דיר גענעבען. איך בין זיכער אז דו וועסט דיין פארשפרעכען האלטען. אבער דו וועסט מוזען אויך זעהר פאר־זיכטיג זיין ער זאל זיך אליין נישט אנשטויסען אז דאס וואס דו ווילסט פלוצינג געהן אהיים, שטאמט פון מיר... דו פארשטעהסט, ווען שלמה האט מיר דערצעהלט וועגען זיין גרויסע ליעבע צו דיר, האב איך איהם געזאגט אלעס וואס איך האב מיט דיר גערעדט... אבער זיין ליעבע צו דיר איז אזוי גרויס אז ער וויל גארנישט טראכטען פון די שלעכטע פאלגען וואס סען דערפון ארויסקומען. דאריבער אויב דו וועסט נישט זיין זעהר פארזיכטיג וועט ער גלייך פארשטעהן אז איך האב מיט דיר גערעדט... דו דארפסט בעסער אפווארטען עטליכע טעג, און איהם גארנישט זאגען און ווען דו וועסט קריגען א גוטע געלעגענהייט זאלסטו איהם דאן זאגען...

— איך וועל זעהר פארזיכטיג זיין, מיין הארינטע, — האט שולמית גע־זאגט. — איך וועל שוין זעהן אז ער זאל גארנישט פארדעכטיגען.

— געבענשט זיי צו גאט מיין טאכטער, — האט בת שבע צו איהר געזאגט.

— און זאל דיר אונזער פאטער אין הימעל באגליקען . . .

ווען בת שבע האט פארלאזען איהר צימער, האט זיך ערשט שולמית פאר־נאנדערגעוויינט. קורץ איז איהר גליק געווען... די זון האט אזוי העל א שיין געטהאן צו איהר, און יעצט... יעצט איז איהר ווידער פינסטער... יא, בת שבע איז גערעכט... זי טאר נישט שטעהן אין דעם וועג פון דעם גרויסען קעניג... זיין נאמען מוז בלייבען ריין און אומבאפלעקט ביים פאלק. זי וועט מוזען פאר־לאזען דעם פאלאץ און זיך אומקעהרען צו איהר שטאדט... זי וועט געפינען איהר גליק צווישען איהרע אייגענע...

יענע נאכט האט שולמית נישט געקענט שלאפען... איהרע געדאנקען זיינען געווען פארנומען מיט דעם וואס בת שבע האט איהר געזאגט... זי האט זיך דערמאהנט פון איהרע קינדער־יאהרען ווי גליקליך און זארגלאז זי איז געווען. ווען זי האט איהר פאטער'ס שאף געפיטערט... ווי שטארק זי האט זיך אמוזירט ווען די פאסטוכער האבען איהר ליעבעס־ליעדער געזונגען... דאן זיינען געקומען די שלוחים פון קעניג דוד און האבען איהר פון איהר היים אוועקגענומען און אין דעם פאלאץ געבראכט. וואלט זי דען נישט גליקליכער געווען ווען זי וואלט קיינמאל נישט פארזוכט דעם טעם פון זיין אין קעניגליכען הויף? זי וואלט דאן גאר קיינמאל נישט געטראכט וועגען דעם קעניג... און שלמה וואלט פון איהר קיינמאל נישט געהערט...

אויף איהרע געדאנקען קומט ארויף איהר ליעבע מוטער. ווען זי האט שוין אזא לאנגע צייט נישט געזעהן. זי גערענקט ווי שווער עס איז געווען פאר איהר מוטער זיך מיט איהר צו שיידען, און אפילו דער געדאנק אז איהר טאכטער וועט זיין אין פאלאץ, האט איהר נישט בערוישט... זי וואלט איהר בעסער גע־וואלט האבען ביי זיך אפילו ווען זי איז אן איינפאכע הירטין איידער א קעניגין אין פאלאץ... אבער איהרע ברידער זיינען געווען פער'שכורט פון די גרויסע מעג־ליכקייטען וואס דער פאלאץ וועט איהר געבען... אויך איהר פאטער האט געוואלט זי זאל געהן צום קעניג... און זי אליין — האט שולמית ווידער א טראכט גע־טאהן — איז זי דען נישט גליקליך צו געהן צום קעניג... האט זי דען אין איהר פארשטעלונגס קראפט זיך ניט פארגעשטעלט וואונדערשעהנע בילדער פון דעם לעבען פון פאלאץ... אמת, מען האט איהר זעהר פיין בעהאנדעלט... אבער דיא אונאנגענעהמס וואס זי האט געהאט דורך אדוניה'ן האט א סך איהר פרייד צו־

שטערט... און דען האט זי מיט איהרע אויגען צוגעזעהן דעם טויט פון דעם בע־ליעבטען קעניג...

און יעצט איהר ליעבע צו שלמה'ן... זי האט איהם ליעב בעקומען נאך איי־דער ער איז ארויף אויף דעם טראהן... זי געדענקט נאך די ערשטע צייט ווען אדוניה האט איהר געזוכט צו בעלעסטיגען. ווען ער האט איהר געטראפען אליין אין קעניגליכען גארטען... און ווען אדוניה האט איהר פעסט געהאלטען און זי האט זיך נישט געקענט בעפרייען פון זיינע הענט. איז פלוצלונג ערשינען שלמה און האט בעפוילען אדוניה'ן איהר מעהר נישט צו בעלעסטיגען... ווי שעהן און העלדיש ער איז דאן געווען אין איהרע אויגען, ווי העהל זיינע אויגען האבען געלויכטען, ווען ער האט מיט א דונערענדע שטימע א געשרעה געטהאן אויף זיין עלטערען ברודער אדוניה'ן... יע, זינט דאן האט זי איהם ליעב בעקומען... אבער זי האט נישט געוואגט אפילו צו טראכטען פון דער פערווירקליכונג פון איהר ליעבע... און דא פלוצלונג געפינט זי אויס אז אויך שלמה, דער קלוגער און מעכ־טיגער קעניג, איז אין איהר פערליעבט... ווי שעהן און ערהאבען קלינגען זיינע ליעבעס ליעדער צו איהר... זי האט קיינמאל נישט געקענט חלומ'ען פון אזא גליק... און יעצט איז איהר וועהטאג נאך שטארקער, גרויס איז איהר צער... אזוי שנעל איז איהר גליק פערשוואונדען... אין גיכען וועט זי פערלאזען דעם פאלאץ און זיך מעהר קיינמאל נישט צוריקקעהרען... בת שבע איז גערעכט, ווען ער וועט איהר נישט זעהן, וועט דער קעניג ביסלעכווייז אן איהר פערגעסען... אבער וועט זי איהם פערגעסען... ניין, שטענדיג וועט זי פיהלען דעם וואונד אין איהר הארצען... איהרע ליעדער וועלען יעצט טרויעריג און מעלאנכאליש קלינגען...

עס האט אנגעהויבען טאגען, די זון האט גענומען ארייגשיינען אין איהר פענסטער און שולמית האט זיך גלייך אויפגעשטעלט פון איהר בעט זי האט זיך דערמאהנט אז גאנץ פריה דארף זי זיך זעהן מיט שלמה'ן אין גארטען... און זי האט נישט געוואלט דאס ער זאל ווארטען אויף איהר...

זי האט זיך ארומגעוואשען און אנגעטהאן איהר מארגען קלייד און מיט א שווערען געמיטה און פערוועהטאגטע הארץ איז זי ארונטערגעגאנגען אין גאר־טען צו בעגעגענען דעם קעניג.

שולמית האט שוין געטראפען שלמה'ן אין גארטען נעבען דעם קוואל פון פרישען וואסער. ער איז איהר ענטקעגען געגאנגען און איהר בעגריסט מיט א ליעבעס קוש.

שולמית דערזעהענדיג שלמה'ן, האט זי פערגעסען אן אלע איהרע טרוי־עריגע געדאנקען... איהרע אויגען האבען ווידער געגוכען שטראהלען מיט פרייד איהר פנים האט געלויכטען ווי דער מארגענשטערען.

שלמה האט איהר בעטראכט מיט אזוי פיעל ליעבשאפט ער האט איהר אנ־גענומען פאר'ן האנט און געזונגען:

דו ביזט דעם מארגענשטערן צו גלייך!
ווי די לבנה פרעכטיג-רייך,
ווי די זון קלאר און זויבער,
ווי די פאהנען פול מיט צויבער...

פיעלע פרינצעסינס זיינען דאָ געווען
פיעל שעהנע מיידלאך האָב איך געזעהן
אבער איינע איז מיין ליעבסטע, מיין טויב!
איינע האָט איהר מוטער געבאָרען,
מיידלאך זעהען איהר, און זיינען פול מיט לויב;
פרינצעסינס — פיהלען זיך פערלאָרען...

שולמית האָט איהם אנגעקוקט מיט אויגען פון בענקשאפט און ליעבע...
זי האָט איהם געענטפערט מיט א געזאנג!
איך שלאָף, אבער וואך איז דאָס הארץ אין מיר
איך הער, מיין געליעבטער קלאפט אין מיין טיהר:
„עפען אויף מיין געליעבטע, מען פראכט.
מיין קאָפּ איז פול מיט טוי פון דער נאכט"...

איך האָב אויסגעטהאָן מיין קלייד
און איך ליעג שוין אין בעט.
אומזיסט זיינען דיינע רייד,
דו ביזט געקומען צו שפעט...

איך זעה מיין געליעבטער ציהט זיך צוריק
עס פערשווינדט מיין פרייד — עס פערשווינדט מיין גליק!
איך שטעה שנעל אויף, און איך עפען מיין טיהר,
איך רוף מיין ליעבסטען, איך רוף איהם צו מיר!

מיין ליעבסטער איז פון מיין הויז אוועק;
ער האָט ערנסט גענומען מיין שפּאס
און מיין הארץ ווערט אנגעפילט מיט שרעק
איך געה ארויס איהם זוכען אין גאס...

די שומרים וועלכע היטען די שטאָדט
בעטראכטען מיר פאר אויסגעלאסען
זיי שלאָגען, פערוואונדען מיר... מיט שפּאָט
פערטרייבען זיי מיר פון די גאסען...

זיי רויבען מיר פון מיין שלייער,
אח, די שומרים פון די מויער!

שולמית האָט לאנגזאם צוריקגעצויגען איהר האנט פון שלמה'ס און מעהר נישט קענענדיג בעהערשען איהרע געפיהלען, האָט זי זיך פאנאנדערגעוויינט...
שולמית, מיין ליעבע שולמית! — האָט שלמה זיך צו איהר אָפּגערופען — איך זעה אז עפּעס דריקט דיר אויף'ן הארצען... זאָג מיר, איך בעט דיר, האָסטו מיר נים ליעב... צי דער האָט דען אימיצער אנדערש געוואונען דיין הארץ...

— אה, היין האר קעניג! — האט שולמית געענטפערט — דו ביזט אין מיינע אויגען ווי א מלאך... איך האב דיר ליעב מיט מיין לייב און לעבען... אבער...

— אבער וואס? ! — האט שלמה געפרעגט מיט ערשטוינונג.

שולמית האט זיך באלד דערמאנט אן דער פערשפרעכונג וואס זי האט געגעבען צו בת שבע'ן און האט זיך שנעל פערכאפט...

— עס איז שוין א לאנגע צייט זינט איך בין אוועק פון מיין היים... מיר האט זיך שטארק פערבענקט נאך מיין פאטער און מוטער, נאך מיינע ברידער און נאך מיין געבורטס־פלאץ... איך וואלט דיר געבעטען, מיין האר, דו זאלסט מיר ערלויבען אוועקצוגעהן אויף א קורצע ווײלע צו מיין שטאדט שולם... ווייל מיין הארץ געהט אויס פון בענקעניש נאך מיין היים... נאך מיינע נאהענטע...

— מיין ליעבע שולמית דיין וואונש וועט ערפילט ווערען! — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען — איך וועל דיר אפשיקען אהיים מיט גרויס פאראד... און איך וועל דיר קומען בעזוכען אין דיין מוטער'ס הויז...

— אה, ניין מיין האר קעניג... דאס זאלסטו נישט טאהן! — האט שולמית זיך געגומען ביי איהם בעטען... עס פאסט נישט פאר דעם קעניג צו טאהן אזא זאך, צו געהן בעזוכען א הירטין אין דער ארימער וואהנונג פון איהרע עלטערען... זאגסטו מיר צו, מיין קעניג, אז דו וועסט נים קומען אין מיין שטאדט!...

— אבער, מיין ליעבסטע, פארוואס זאלסטו האבען דאגעגען? איך וויל זעהן דיינע עלטערען, דיינע ברידער, און איך וועל מיט זיי גוטעס טאהן.

שולמית האט מיט טרויעריגע בליקען בעטראכט שלמהן און אנגעפאנגען צו זינגען:

> א, ווען דו וואלסט מיין ברודער געוועזען,
> און געזויגען מייז מוטער'ס ברוסט...
> איך וואלט דיר געהאלזט און געקושט,
> איך וואלט דיר געהאלדזש און גגעקושט,
> אין מיין מוטער'ס הויז דיר געבראכט,
> קיינער וואלט פון מיר נישט געלאכט...
> דו וואלסט געטרונקען מיין ווייז דעם זיסען
> און פון מיין מילגרוים'ס זאפט וואלסטו געניסען...
> קיינער וואלט פון מיר קיין בייז נישט געטראכט
> קיינער וואלט אויף מיר געקוקט מיר פערדאכט...

שלמה האט זיך צוגעהערט צו איהר געזאנג און א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפען...

— דו ביזט אזוי צארט און אומשולדיג, האט ער געזאגט צו איהר, דו ביזט בעשיידען מיין ליעבע שולמית און דעריבער גלויבסטו אז מענשען וועלען טראכטען בייז פון דיר... איך וויל פאר קיינעם נישט פארבארגען די גרויסע ליעבע וואס איך פיהל צו דיר... און ווען איך וועל דיר שיקען אהיים, וועל איך דיר פון מיין פאלאץ בעגלייטען.

— איך בעט דיר מיין האר קעניג! — האט שולמית זיך אפגערופען —

פערשפרעך מיר צו טהאן די נעפעליגקייט, און האלט דערוויל אונזער ליעבע בסוד... זאל קיינער דערפון נישט וויסען ביז די צייט וועט זיין רייף דערצו...

— גוט! — האט שלמה געשמייכעלט — ווי ווייט מעגליך וועל איך עס האלטען בסוד...

צעהנטער קאפיטעל

# שלמה'ס ענטשוישונג

שולמית האט פערלאזען דעם פאלאץ און איז אוועקגעפאהרען צו איהרע עלטערען אין שולם.

שלמה האט מיטגעשיקט מיט שולמית'ן אייניגע פון זיינע קנעכט און דיענסטען זיי זאלען איהר בעגלייטען ביז איהר געבורטסשטאדט.

ווען זיי האבען זיך דערנעהענטערט צו שולם האט שולמית בעגעגענט איהרע ברידער, וועלכע האבען געפיטערט די שאף נישט וויט פון שטאדט...

— אונזער ליעבע שוועסטער, אבישג. — האבען זיך די ברידער דערפרעהט מיט איהר — געבענשט זאל זיין דיין קומען צו אונז... מיר האבען געמיינט אז דו האסט שוין זיך אן אונז אלעמען פערגעסען... צו וואהנען אין דעם פאלאץ פון דעם קעניג איז פיעל מעהר אנגענעהם ווי צו געפינען זיך אין אן ארימע הויז אין שולם...

— זאגט מיר, מיינע ברידער, וואס מאכט דער פאטער און די מוטער?

—פרידען איז צו זיי אלעמען.—האט איינער פון די ברידער געענטפערט...

—א ווי גליקליך די מוטער וועט זיין דיר ווידער צו זעהן — האט זיך דער איינגסטער ברודער אפגערופען, נישט איין מאל האט זי געוויינט פון בענקשאפט נאך דער... זי האט געוואוסט אז דיר איז דארט אין פאלאץ זעהר גוט... אבער דאך האט זי דיר אליין געוואלט זעהן מיט איהרע אויגען...

— און נים איין מאל האבען מיר זיך אלע געקליבען אפצורייזען נאך ירושלים דיר צו זעהן! — האט נאך א ברודער געזאגט — אבער די צייטען זיינען געווען שלעכטע די תבואה פון די פעלדער זיינען די לעצטע צייט נים געווען געראטען, און מיר האבען נישט געקענט בעהויפטען דאס צו טאהן...

גרויס איז געווען די שמחה פון די עלטערען צו זעהן זייער בעליעבטע טאכ־טער אבישג ביי זיך. די מוטער האט פון גרויס פרייד געוויינט...

יואל, איהר פאטער האט איהר דערצעהלט וועגען אלעס וואס עס איז פאר־געקומען אין הויז דורך דער צייט וואס זי איז אין הויז נישט געווען... ער האט איהר דערצעהלט וועגען די שווערע צייטען וואס ער האט דורכגעמאכט, און כאטש ער איז געוואהנט געווען צו פאהרען יעדען יאהר אין ירושלים אויף דעם יום טוב שבועות, האט ער אבער די לעצטע יאהרען דאס נישט געקענט בעהויפטען...

— עס דוכט זיך מיר, מיין טאכטער — האט יואל געזאגט צו איהר — אז זינט דו האסט אונז פערלאזען האט זיך אפגעטהאן די מזל ברכה פון אונזער הויז...

— אויב אזוי, פאטער, וועל איך שוין מעהר נים פערלאזען דאס הויז — האט זי געענטפערט מיט א שמייכעל...

— אָה, ניין טאַכטער! — האָט יואל אויסגערופן — דו דאַרפסט דאָס ניט טהאָן, געלויבט איז גאָט, אין גאַנצן פערלאָזן האָט ער אונז ניט... און דו האָסט דאָך דיין גליק געפונען אין ירושלים...

— איך בין געווען אַ סך גליקליכער ווען איך בין אין דער היים געווען האָט שולמית געענטפערט מיט אַ פערבאָרגענעם זיפץ...

די מוטער און די ברידער האָבען דערוויי גענומען צוגריטען צום טיש און אויך איינגעלאַדען די קנעכט און דיענסטען פון שלמה'ן, וועלכע האָבען מיטגערייזט מיט שולמית'ן, איהר צו בעגלייטען אהיים.

נאָכ'ן מאָלצייט האָבען שולמית'ס עלטערע ברידער זיך גענומען פאַנאַנדער־ריידען מיט די קנעכט וועגען דעם קלוגען קעניג שלמה'ן, וועגען דעם לעבען פון פּאַלאַץ און וועגען זייער שוועסטער.

— שולמית איז זעהר בעליעבט ביי אַלעמען אין פּאַלאַץ — האָט איינער פון די קנעכט זיך אָפּגערופען — דער קעניג אַליין האָט איהר אויך שטאַרק ליעב, און עס האָבען זיך פערשפּרייט קלאַנגען אַז דער קעניג וועט מאַכען שולמית'ן פאַר די קעניגין פון לאַנד...

די אויגען פון די ברידער האָבען גענומען לייכטען פון גליק...

— ווען דאָס זאָל נאָר אמת זיין! — האָט איינער פון די ברידער געזאָגט.
— דאַן וואָלטען מיר אַלע גליקליך געווען... אַ קליינינקייט אונזער שוועסטער די קעניגין פון לאַנד!

— מיר וואונדערט זיך פאַרוואָס אבישג האָט אונז וועגען דעם גאַרנישט דערצעהלט — האָט אַ צווייטער ברודער געזאָגט.

— מעגליך אַז זי האָט זיך עטוואָס געשעהמט.

— שעהמען זיך צו ווערען די קעניגין פון לאַנד!

— זי האָט זיך געשעהמט צו ריידען וועגען דער זאַך!

— איך מוז געהן זאָגען דעם פאָטער וועגען דעם — האָט דער אינגערער ברודער אויסגערופען און פערלאָזען די קנעכט מיט זיינע ברידער אין דרויסען און איז אַליין גלייך אריין אין הויז.

שולמית האָט נאָך דערצעהלט וועגען איהרע איבערלעבונגען אין די לעצטע טעג פון דוד'ן...

— פאַרוואָס דערצעהלסטו אונז בעסער ניט וועגען דעם יונגען קעניג שלמה? — האָט איהר ברודער זיך אָפּגערופען — מיר האָבען דאָך געהערט פון איהם אַזוי פיעל וואונדערבאַרע זאַכען... דאָס גאַנצע לאַנד ווייסט פון זיין קלוגשאַפט, און דו, מיין שוועסטער, מוזט דאָך געוויסען וויסען אַ סך מעהר... דער קעניג האָט דאָך געווים פיעלע מאָל מיט דיר גערעדט.

שולמית'ס פּנים איז רויט געוואָרען... זי איז געבליבען זיצען אין פערלעגענהייט.

— אמת, איך האָב יאָ גערעדט מיט דעם קעניג — האָט זי גענומען שטאַמלען — אָבער איך ווייס נישט מעהר פון דיר וועגען איהם...

— ווייסטו שוין דאָן וויסען, ווען דו וועסט ווערען די קעניגין פון לאַנד! — האָט דער ברודער געזאָגט מיט אַ שמייכעל. שולמית האָט זיך געמאַכט ניט הערענדיג איהר ברודער'ס לעצטע בעמערקונג. זי האָט געזוכט אָפּצואווענדען אויך

איהר מוטער'ס אויפמערקזאמקייט פון זיינע רייד. און האט זיך צו איהר אפגע־רופען:

— יעצט וועל איך דיר שוין מעהר נישט פערלאזען, מיין ליעבע מוטער... איך וועל שוין שטענדיג זיין מיט דיר צוזאמען...

— מיין קינד, דו ווייסט דאך וואס פאר א שמחה דו האסט אונז אלעמען פערשאפט מיט דיין קומען אונז בעזוכען... אבער דאך בין איך זיכער, אז דו ביזט מעהר צוגעפאסט צו דעם לעבען פון פאלאץ... דיין גליק וועסטו געפינען ניט ביי אונז אין שולם, נור אין ירושלים.

— דו מאכסט א טעות, מיין, ליעבע מוטער, איך בין זיכער אז איך וועל זיך געפינען א סך גליקליכער צו זיין דא צוזאמען צווישען מיינע אייגענע... איך וועל ווידער געהן פיטערן די שאף און זיין פריי ווי איך בין געווען אין מיינע קינדער יאהרען.

אין דער צייט וואס שולמית האט גערעדט מיט איהר מוטער, האט איהר אינגערער ברודער אוועקגערופען דעם פאטער אן א זייט און איהם פערטרויט אלעס וואס ער האט נארוואס געהערט פון שלמה'ס קנעכט...

— איז דאס מעגליך אז דאס זאל זיין ריכטיג! — האט יואל אויסגערופען מיט גרויס פרייד — פארוואס האט אבישג וועגען דעם גאר קיין ווארט נישט דערמאהנט?...

— זי איז צו בעשיידען צוריידען וועגען דעם... אבער ווען דו וועסט איהר פרעגען פאטער וועט זי דיר זיכער זאגען דעם אמת.

— איך וועל אביסעל צו ווארטען — האט יואל געענטפערט — פיעלייכט וועט זי אונז אליין איבערגעבען די פרעהליכע בשורה.

אויף מארגען האבען שלמה'ס קנעכט און דיענסטען פערלאזען שולם. די ברידער האבען זיי בעגלייט א היבשע שטרעקע און זיך גלייך צוריקגעקעהרט אהיים. יענעם טאג האבען זיי די שאף נישט געפיהרט פאשען אין פעלד, זיי האבען געוואלט פערבלייבען נעבען זייער שוועסטער.

ווען אלע האבען געזעהן אז אבישג דערמאהנט גארנישט דעם קעניג... זיינען זיי געווארען אומגעדולדיג...

— איז עס אמת, מיין טאכטער — האט זיך יואל צו איהר אפגערופען אין א טאג ארום — אז דער קעניג שלמה האט דיך ליעב, און וועט דיך אין גיכען ערקלערען אלס זיין קעניגין.

— ווער האט עס דיר געזאגט?! — איז שולמית בלאס געווארען.

— מיר האבען דאס געהערט פון דעם קעניג'ס קנעכט... מיר וואונדערט זיך אויף דיר, שולמית, אז דו זאלסט פון אונז וועלען פערבארגען אזעלכע וויכטיגע און ערפרעהענדע נייעס... דאס בעווייזט אז די איינציגע יאהר וואס דו ביזט גע־ווען אוועק פון דער היים, ביזטו ווי אפגעפרעמדט געווארען פון אונז... דו ווילסט אונז נישט אנפערטרויען אזא זאך...

— אבער פאטער! — האט שולמית אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — דאס האט מען ארויסגעלאזען פאלשע קלאנגען... עס איז נישט אמת... ווי קום איך צום קעניג... איך א פשוט'ע הירטין, די טאכטער פון ארימע עלטע־רען... איך בעט דיר פאטער גלויב נישט אין די פאלשע קלאנגען וואס אונפער־אנטווארטליכע מענשען זוכען צו פערשפרייטען...

— אבער מיין ליעבע טאכטער — האט יואל זיך אפגערופען מיט שטאלץ — איז דען פאראן אין גאנץ ארץ ישראל אזא וואונדערשעהנע מיידעל ווי דו?... פארוואס זאל נישט מעגליך זיין אז דער קעניג זאל דיר וועלען נעהמען פאר זיין פרוי...

— ווען דער קעניג וואלט פון דיר נישט געטראכט — האט זיך דער עלטע-רער ברודער אריינגעמישט, וואלט ער דיר נישט געשיקט אהיים מיט אזוי פיעל בעגלייטער...

— דאס האט ער געטהאן צוליעב זיין פאטער דוד... ער האט געוואוסט אז איך האב א סך געטהאן צו פערלינדערען די שמערצען פון זיין קראנקען אל-טען פאטער און דערפאר איז ער מיר דאנקבאר געווען.

— מיינסטו צו זאגען אז דעם קעניג'ס קנעכט האבען עס אויסגעטראכט פון קאפ אז דער קעניג האט דיר ליעב? זיי געפינען זיך דאך תמיד אין פאלאץ און זיי מוזען געוויס וויסען פון אזעלכע זאכען.

— אבער איך וויים עפעס אנדערש — האט שולמית געפרואווט שמייכלען.
— איך וויים אז די קלאגען וואס האבען זיך פערשפרייט אפילו אין פאלאץ זיי-נען אומבעגרינדעט...

— איך יעה מיין טאכטער פון דיינע רייד אז דו זוכט עפעס צו פערבארגען פון דיין משפחה... האבען מיר דען ביי דיר נישט פערדיענט דו זאלסט אונז פון אלעם דערצעהלען...

— איך וואלט זעהר נישט געוואלט אייך מיינע עלטערען ענטוישען, אבער עס איז פארט אמת וואס איך זאג אייך, אז דעם קעניג'ס קנעכט האבען אייך אנגעגעבען זייערע אייגענע השערות... ווי אזוי קען גאר דער קעניג פון מיר טראכטען, ווען איך האב גאר געהערט צו זיין פאטער...

— האט דען דוד מיט דיר געהייראט? — האט דער פאטער איהר גע-פרעגט מיט זארג.

— ניין, דוד האט מיט מיר נישט געהייראט, אבער איך בין פערעכענט פאר זיין אייגענטהום... און עס וואלט געווען א פערשוועכונג פון זיין פאטער'ס עהרע, ווען דער קעניג שלמה וואלט מיר גענומען פאר זיין פרוי...

שולמית'ס לעצטע ווערטער האבען אויף אלעמען זעהר געווירקט און זיי זיינען געבליבען שטיל... יעדער האט זיך געפיהלט שטארק ענטוישט.. זיי האבען שוין אזוי פיעל האפענונג געהאט אז שולמית וועט ווערען די קעניגין אבער יעצט ווייזט אויס, אז זי איז טאקע גערעכט. די קלאגען וואס האט זיך פע-שפרייט אין פאלאץ זיינען פאלשע... שלמה האט זעהר ליעב געהאט און געאכטעט זיין פאטער און ער וועט נישט פארשוועכען דעם כבוד פון דעם פארשטארבענעם קעניג...

שולמית האט בעמערקט די נעדריקטע שטימונג וואס איהרע ווערטער האבען אנגעמאכט, און זי האט זיך גלייך צוריקגעצויגען אין איהר צימער...

זי האט דארטען שטילערהייט געוויינט... שווער, זעהר שווער איז פאר איהר אויפצוגעבען איהר שטארקע ליעבע צו שלמה'ן... זי האט לאנג געקעמפפט מיט זיך אליין... אבער זי זעהט דאך אז בת שבע איז גערעכט... זי טאר נישט דערלאזען איהר ליעבע זאל פערווירקליכט ווערען... עס וועט שלמה'ן ברייננען

גרויס שארען... זי וועט מוזען זעהן אז אלעס פערגעסען... קיינער וועט אפילו נישט טארען חושד זיין אז שלמה האט איהר וועז עס איז ליעב געהאט...

א ציטער איז דורך איהר לייב, ווען זי האט זיך דערמאהנט אז שלמה האט איהר גענאגט פאר איהר אפרייזען, דאס ער וועט איהר קומען בעזוכען אין איהר געבורטסשטאדט... וואס וועט זי דאן טהאן?... איהרע עלטערען און איהרע ברידער וועלען דאך גארנישט פערשטעהן... זי וועט מוזען געהן מיט דעם קעניג! וועט זי דען קענען טאהן אזא זאך... האט זי דען נישט פערשפראכען צו דעם קעניג'ס מוטער... יע, גרויס איז איהר ליעבע צו איהם, און זי דארף זיין געגרייט צו ברייגען דעם גרעסטען קרבן פאר איהר געליעבטען... זי וועט כוזען זעהן אז שלמה זאל זיך אן איהר פארגעסען...

מעהר האט קיינער א"ז הויז נישט גערעדט מיט שולמית'ן וועגען דעם... אלע האבען געזעהן וואס פאר א שלעכטע ווירקונג אזעלכע רייד מאכט אויף איהר...

איניגע וואכען זיינען פאריבער און שולמית האט געבעטען איהר פאטער ער זאל איהר ערלויבען צו געהן פיטערען די שאף, ווי זי האט געטהאן אמאל, איידער זי איז אוועק נאך ירושלים...

— די גאנצע צייט וואס איך בין געווען אין ירושלים האב איך געטרוימט פון יענער צייט ווען איך בין א הירטין געווען... איך האב שטארק געביינקט נאך די שאף נאך די פעלדער און וועלדער וואס געפינען זיך ארום אונזער שטאדט... און איצט ווען איך בין צוריק אין מיין געבורטסשטאדט, ווילי איך ווידער ווערען די זעלבע זארגלאזע הירטין פון אמאל.

— אבער מיין טאכטער — האט יואל זיך אפגערופען — דו ביזט דאך שוין אפגעוואהנט פון אזעלכע שווערע ארבייט... ווי אזוי וועסטו יעצט קענען פערברייגען דעם גאנצען טאג אין פעלד מיט די שאף, אונטער דער ברענענדער זון... קיין סך שאף פערמאג איך אליין איינס נישט... צוויי פון דיינע ברידער פיטערען יעצט די שאף און די איבעריגע העלפען מיר אין פעלד...

— אבער פאטער עס איז שוין צייט אז דו זאלסט אין גאנצען נישט דארפען אזוי שווער הארעווען... זאלען זיי אויך געהן ארבייטען אין פעלד און איך וועל אכטונג געבען אויף די שאף...

יואל האט נישט ווילענדיג איינגעשטימט צו זיין טאכטער'ס פערלאנג און ער האט איהר איבערגעגעבען די שאף... די צוויי איינגערע ברידער וועלכע האבען ביז אהער געפיטערט די שאף, האבען זיך אנגעשלאסען צו דער פעלד ארבייט מיט די איבעריגע ברידער. יואל איז געבליבען אין דער היים.

שולמית פלעגט אויפשטעהן גאנץ פריה און אוועקפיהרען איהרע שאף צו די זעלבע פלעצער וואו זי האט זיי געפיטערט מיט יאהרען צוריק...

פרעהלאך איז געווארען צווישען אלע פאסטוכער, ווען זיי האבען דערזעהן אבישג'ן אנקומען צום ערשטען מאל מיט די שאף... אלע האבען נאך איהר שטארק געביינקט און איהר אפרייזען פון דאנען נאך ירושלים איז פאר זיי געווען א שטארקער קלאפ... מעהר פון אלעמען האט אבער געטרויערט דער יונגער פאסטוך עמיאל... ער האט אבישג'ן זעהר ליעב געהאט און כאטש ער האט קיינמאל נישט געוואגט איהר צו זאגען וועגען דעם, האט ער דאך געהאפט אז עס וועט קומען די צייט און ער וועט פאר איהר זיין הארץ ענטפלעקען... און דא האט ער פלוצלונג אויסגעפונען, אז זי איז גאר אוועק נאך ירושלים, אין דעם

פּאַלאַץ פון דעם קעניג... ער האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטען פון איהר טאָג און נאַכט... און זיינע חברים, פּאַסטוכער וועלכע האָבען געוואוסט פון זיין גרויסע ליעבע וואָס ער טראָגט אין זיין האַרצען צו אבישג'ן, האָבען זיך מיט איהם נאָך מעהר גערייצט...

— דו חלום'סט צופיעל פון דער שעהנער אבישג — פלעגען זיי איהם זאָגען — און דערוויל פערנאַכלעסיגסטו די שאָף...

עמיאל אָבער האָט זיי נישט געענטפערט... ער פלעגט יעדען טאָג אויסמאַרקירען צו פיהרען זיינע שאָף נישט וויט פון דעם פּאַלאַץ וואו אבישג האָט איהרע שאָף געפיטערט. און נישט איין מאָל האָט ער פאַר איהר ליעבעס ליעדער געזונגען...

די פרעהליכע אבישג פלעגט אויך זינגען שעהנע ליעבעס ליעדער און זי פלעגט זיך אוועקלאָזען טאַנצען...

זינט אָבער זי איז אוועק נאָך ירושלים אין פּאַלאַץ, האָט עמיאל אויפגעהערט צו זינגען די פרעהליכע פּאַסטוך ליעדער... טרויעריג האָט זיין שטימע אָפּגעקלונגען אין דער שטילקייט פון פעלד — שטיל און געבויגען האָט ער זיינע שאָף געפיהרט...

און איינמאָל, ווען ער האָט פאַרנאַכט פון דער פּאַשע זיינע שאָף אהיים געטריבען, איז איהם א פּאַסטוך ענטקעגען געקומען:

— דו ווייסט עמיאל איז א גאַסט איז היינט אנגעקומען אין שולם... טרעף ווער דאָס איז ?

דאָס בלויז האָט עמיאל'ן א זעץ געטהאָן אין פּנים... ער איז געבליבען שטעהן ווי צושעשמידט צו זיין פּלאַץ... ער האָט מיט נייגיריגע אויגען אנגעקוקט דעם פּאַסטוך... אָבער ער האָט נישט געוואַגט איהר נאָמען צו דערמאָנען.

— דו קענסט טאַקע נישט טרעפען ווער דאָס איז ? — האָט איהם דער פּאַסטוך איבערגעפרעגט און אָנגעפאַנגען צו שמייכלען.

עמיאל'ס פּנים האָט זיך געביטען קאָליערען און ער האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אויף ניין...

— אבישג איז נאָר וואָס אנגעקומען ! — האָט ער אויסגערופען — נו, פאַר וואָס זשע שטעהסטו ! פאַר וואָס לויפסטו איהר נישט זעהן ?...

— ווען איז זי געקומען ? — האָט עמיאל קוים אַרויסגערעדט פון זיינע בלאַס געוואָרענע ליפען...

— זי איז אנגעקומען אַרום מיטאָג צייט... — האָט ער געענטפערט — אָבער אויב דו דיינקסט אַז זי איז געקומען ווייל זי האָט זיך פערביינקט נאָך דיר, מאַכסטו א טעות ! מען זאָגט אַז אבישג וועט ווערען די קעניגין פון אונזער לאַנד !...

א קאַלטער שוויס האָט עמיאל'ן בעגאָסען... ער האָט זיך געלאָזט געהן... אָבער זיינע קניה האָבען זיך געבויגען. ווען ער איז אנגעקומען אין שטאָדט, האָט ער געהערט ווי אַלע האָבען גערעדט פון אבישג'ן... און איהם האָט נאָך מעהר פערקוועטשט אין האַרצען...

ווען ער איז געקומען אהיים, האָט איהם זיין מוטער אויך בעגעגענט מיט די זעלבע פראַגע :

ווייסטו מיין זוהן, אז אבישג האט זיך חיינט אומגעקעהרט פון ירושלים?
— איך ווייס מוטער — האט ער טרויעריג געענטפערט...
די מוטער האט גלייך געזעהן פון זיין פנים אז עמיאל איז שטארק בעזארגט און אומעטיג... זי האט פערשטאנען פארוואס ער איז יעצט אין אזא שטימונג און זי האט זיך אפגערופען:
— איך בין געוועזן ביי יואל'ן אין הויז און איך האב איהר געזעהן... זיא איז נאך שעהנער ווי זי איז געווען, אבער זי שיינט צו זיין זעהר אומעטיג... קיין שפור איז נישט פערבליבען פון איהר אמאליגע פרעהליכקייט און לוסטיגקייט...
— זי מוז געווים בענקען נאך דעם לעבען פון פאלאץ — האט עמיאל גע־זאגט מיט פערביטערונג — אבער זי וועט דאך דא אלץ איינם לאנג נישט פער־בריינגען... זי קעהרט זיך דאך אום צור פלאץ... און דאן וועט זי שוין מעהר קיינמאל נישט אומעטיג זיין, זי וועט ווערען די קעניגין פון לאנד...
— און איך האב געהערט ווי זי זאגט אז זי וועט שוין קיינמאל זיך מעהר נישט צוריקקעהרען אין פאלאץ — האט עמיאל'ס מוטער זיך אפגערופען... זי זאגט אז זי איז א סך גליקליכער געווען ווען זי האט די שאף געפיטערט...
— האסטו עס אליין געהערט פון איהר מויל, מוטער? — האט עמיא־איהר געפרעגט.
— יע, מיין זוהן, איך און נאך ביעלע פון יואל'ס פריינד זיינען געקומען בעגריסען אבישג'ן, און מיר האבען איהר גענומען אויספרעגען ויעגען דעם לעבען אין פאלאץ און זי האט געזאגט אז באטש דאס לעבען אין אזא גרויסע שטאדט ווי ירושלים איז זעהר פרעהלאך, און בפרט נאך אין דעם קעניגליכען פאלאץ, אבער דאך איז איהר מעהר אנגענעהם צו זיין צווישען איינענע אין דער קליינער שטאדט...
מיר האבען אלע פון איהר געלאכט ווען זי האט אויסגעדריקט איהר ווארנש צו געהן צוריק פיטערן די שאף... אבער זי האט אונז פערזיכערט אז זי בענקט זעהר שטארק נאך די שאף... און וואלט זיך געשעצט גליקליך צו ווערען א הירטין ווי פריהער... יע דו ווייסט אז שלמה האט געענדערט איהר נאמען אויף שולמית...
יעצט רופען איהר אלע אין הויז שולמית — האט די מוטער צוגעגעבען.
— און מעהר האט זי גארנישט גערעדט מיט דיר, מוטער איז עמיאל נייגיריג געווארען.
— זי האט זיך נאכגעפרעגט אויף דיר, און זי האט מיר געבעטען איך זאל דיך צו שיקען צו איהר פאטער'ס הויז...
— מוטער! — האט עמיאל אויסגערופען מיט פרייד — איך לויף שוין אהין... איך מוז איהר זעהן!
— מיין זוהן! דו ביזט דאך נאך הונגעריג, בייס עפעס איבער... בייט איבער דיינע קליידער און נאכהער וועסטו קענען אהין אריבערגעהן...
— דו ביזט גערעכט מוטער! — האט עמיאל אויסגערופען יעצט איז א צייט ווען איך מוז זיך בעהערשען... איך וועל צוואווארטען ביז מארגען... און דאן וועט זי זיין אויסגערוהט, און זי וועט מיט מיר קענען רעדען.
אויף מארגען איז עמיאל ניט געגאנגען אין פעלד מיט די שאף צו דער פאשע. ער האט איבערגעגעבען די שאף צו א אינגערען פאסטוך און אליין איז ער אוועק צו יואל'ס הויז.

ווען ער איז אריינגעקומען אין הויז — האט איהם יואל באגעגענט און זיך צו איהם אפגערופען:

— עמיאל, ווי אזוי קומסטו דא אין דיזער צייט פון טאג, ביזטו דען היינט נישט געגאנגען פיטערען דיינע שאף...

— איך האב איבערגעגעבען די שאף צו איינעם פון די פאסטוכער — האט עמיאל געענטפערט עטוואס פערשעהמט — איך בין זעהר נייגעריג געווען צו זעהן אבישג'ן...

יואל איז געווען שטארק אומצופריעדען מיט עמיאל'ס בעזוך... ער געדענקט אז איידער שולמית איז אוועק נאך ירושלים, פלעגען אלע אין שטאדט ריידען אז עמיעל דער פאסטוך איז שטארק פערליעבט אין איהר... דאן האט ער זיך זעהר ווינציג געקימערט וועגען דעם... יעצט אבער, אז זיין טאכטער וועט מעגליך ווערען די קעניגין פון ישראל, וואלט געווען א סך גלייכער ווען עמיאל וואלט איהר נישט בעלעסטיגט מיט זיין בעזוך...

שולמית האט אבער דערהערט זייז שטימע און איז ארוים צו איהם.

— עמיאל! — האט זי אויסגערופען מיט פרייד — א ווי דו האסט זיך געענדערט די איינינע יאהר זינט איך האב דיך נישט געזעהן.

עמיאל איז געבליבען שטעהן צוטומעלט... ער האט בעמערקט שולמית'ן... ווי שעהן זי איז! נאך שעהנער ווי פריהער! ער האט נישט געפונען קיין ווערטער אויסצודריקען זיינע געפיהלען...

— פארוואס שווייגסטו, עמיאל — האט שולמית זיך צו איהם אפגערופען —דערצעהל מיר ווי דו האסט די גאנצע צייט פערבראכט און ווי דו פיהלסט זיך...

— איך האב זעהר ווינציג וואס צו דערצעהלען — האט עמיאל קוים אייס־גערעדט... דו, שולמית, ביזט דאך געווען אין דער הויפטשטאדט, אין דעם קע־ניגליכען פאלאץ דו מוזט זיכער האבען זעהר וואונדערבארע זאכען צו דער־צעהלען אבער איך... איך בין דער זעלבער פאסטוך, איך פיטער מיינע שאף ווי אין די פריהערדיגע יאהרען...

— און דו זינגסט נאך די זעלבע וואונדערשעהנע ליעדער? — האט שולמית געזאגט מיט א שמייכעל.

— ניין, לעצטענס האט זיך נישט געזונגען אזוי ווי פריהער... אומעטיגע נגונים האב איך געזונגען... ווייל עס איז געווען אזוי אומעטיג און טרויעריג אויף'ן הארצען.

— און איך בענק אזוי נאך יענע ליעדער! — האט שולמית אויסגערופען — א ווי אנגענעהם זיינען זיי געווען צו מיינע אויערען... איך האב געהערט פיע־לע ליעדער אין ירושלים, אבער קיינע פון זיי האט מיר אזוי נישט בעצויבערט ווי די ליעדער וואס דו פלעגסט זינגען צו מיר אין טהאל, וואו דו האסט דיינע שעפעלעך געפיטערט...

— און איך האב געמיינט אז דו האסט שוין לאנג פערגעסען אין אונז, די איינפאכע מענשען פון שטאדט שולם... דו געהערסט נישט מעהר צו דער סביבה פון די פאסטוכער... ווייל עס וועט נישט לאנג דויערען און דו וועסט זיך צוריק אומקעהרען צו דעם קעניגליכען פאלאץ...

— ניין, עמיאל, דו מאכסט א טעות! איך וועל זיך שוין מעהר אהין נישט אומקעהרען... איך וועל פערבלייבען אין שולם...

— דו וועסט שוין מעהר נישט געהן נאך ירושלים? — האט עמיאל אויס־גערופען מיט אן איינגעהאלטענע פרייד — און דאך זיינען פערשפרייט געווארען קלאנגען אז דו...

— יענע קלאנגען זיינען אומבעגרינדעט! — האט שולמית איהם אונ־טערבראכען... איך וועל פערבלייבען א הירטין...

אין עמיאל'ס אויגען האט זיך א פייערעל אנגעצונדען — דו וועסט ווידער געהן פאשען די שאף?

— יע, אזוי האב איך בעשלאסען צו טהאן — האט שולמית זיך אפגערופען...

דערווייל זיינען אריינגעקומען יואל און זיין פרוי.

— שולמית וועט פערבלייבען אין שולם! — האט זיך עמיאל געווענדעט צו זיי מיט א פרייד.

— יע, זי וועט אזוי לאנג פערבלייבען אין שולם ביז וואנען דער קעניג וועט נאך איהר שיקען — האט שולמית'עס מוטער זיך אפגערופען — יע, עמיאל מיר וועלען אלע קענען שטארק שטאלצירען מיט שולמית'ן... דער קעניג שלמה האט ליעב אונזער טאכטער און ער וועט איהר מאכען פאר זיין קעניגין!

— אה, מוטער דאס וועט קיינמאל נישט געשעהן! איך האב דאך דיר שוין לאנג געזאגט אז די קלאנגען זיינען אומבעגרינדעט...

— און איינער פון דעם קעניג'ס קנעכט, האט מיר אנפערטרויעט, איידער ער האט אונזער הויז פערלאזען, אז דער קעניג וועט קומען דיר בעזוכען אין אונזער שטאדט — האט יואל געזאגט און דו, מיין טאכטער, דארפסט זיכער זיין שטאלץ אויף דעם... איך פערשטעה נישט פארוואס דו שעהמסט זיך און זוכסט צו פערלייקענען פון אונז...

עמיאל'ס פרייד איז יעצט ווידער אין טרויער פערוואנדעלט געווארען... ער האט זיך איז גאנצען פערלארען און איז גלייך אוועק אהיים...

שווער איז אנגעקומען שולמית'ן צו איבערצייגען איהרע עלטערען אז דער קעניג וועט מיט איהר נישט חתונה האבען... און ווען עס איז איהר ענדליך יע עטוואס געלונגען, האט זי שוין געפועלט ביי איהר פאטער צו געהן פאשען דיא שאף ווי זי האט עס געטהאן פריהער...

דעם גאנצען טאג איז שולמית געוועזען אין פעלד מיט די שאף... אבער איהרע געדאנקען זיינען געוועזען איז ירושלים. מיט דעם קעניג שלמה... אין איהר הארצען האט זיך א פייערדיגער קאמפף צופלאקערט... איהר ליעבע צו שלמה'ן איז נאך שטארקער געווארען... איהר בענקעניש נאך איהם האט זיך פערגרעסערט... געוואוסט האט זי אז דער קעניג וועט זיכער קומען איהר צו בעזוכען, ווייל גרוים און מעכטיג איז זיין ליעבע צו איהר... און קיין זאך וועט איהם נישט אפהאלטען פון צו קומען... וואס זאל זי טאהן ווען ער וועט קומען און איהר רופען צוריק אין פאלאץ... וועט זי איהם דען קענען אנטזאגען?... זאל זי דער־לאזען אז דאס פאלק זאל קריגען א געלעגענהייט צו ריידען שלעכטעס אויף דעם קעניג... און בת שבע? האט זי דען איהר נישט פערשפראכען צו טאהן אלעס וואס איז מעגליך אפצואווענדען דעם קעניגס ליעבע פון איהר... אבער ווי אזוי זאל זי עס טהאן? וועט זי דען האבען די מעגליכקייט דורכצופיהרען איהר פלאן...

בת שבע האט געדענקט אז ווען זי וועט זיך ניט געפינען אין פאלאץ, וועט זיך דער קעניג ביסלעכווייז פערגעסען אן איהר... א שווידער געהט דורך איהר

ליב ווען זי טראכט פון דעם. אז דעם קעניג'ס ליעבע זאל צו איהר איינגאַנצען אפגעקיהלט ווערען... זאל איהר אבוועזענהייט איהם מאכען אין גאַנצען צו פער־געסען וועגען איהר... ניין! צו שטארק איז זיין ליעבע צו איהר... זי איז זיכער אז דער קעניג וועט זיין צוזאג האלטען און ער וועט קומען איהר בעזוכען אין שולם... ווי אבער זאל זי זיך האַנדלען... זי וועט מוזען זעהר פאָרזיכטיג זיין... זי וועט מוזען זיין געגרייט צו ברייננגען דעם גרעסטען קרבן אויף דעם מזבח פון איהר ליעבע צו שלמה'ן... זיין גליק דארף ביי איהר זיין העכער פון אלעס אין דער וועלט...

גאַנצע טעג פלעגט שולמית אזוי טראכטען וועגען דעם בשעת זי איז אין פעלד געוועזען מיט איהרע שאָף...

איינמאָל זייענדיג אזוי פערטיעפט אין איהרע געדאַנקען, האָט זי פּלוצלונג דערהערט א שטימע, און ווען זי האָט זיך אומגעקוקט האָט זי דערזעהן עמיאל'ן...

— ענטשולדיג מיר שולמית, וואס איך האָב דיך געשטערט פון דיינע געדאַנקען — האָט עמיאל זיך אפּגערופען — איך האָב אבער געפיהלט אז איך מוז דיר זעהן... איך וויים אז אין גיכען וועט דער קעניג קומען בעזוכען אונזער שטאָדט און וועט דיר פון דאַנען אויף אימער אוועקנעמען... און איך האָב גע־וואָלט אמווייניגסטענס דיר נאך איין מאָל אנקוקען איידער דו געהסט אוועק...

— ווער האָט דיר דערצעהלט אז דער קעניג קומט אַן? — האָט שולמית איהם געפרעגט מיט פערוואונדערונג...

— אַלע אין שטאָדט ווייסען שוין דערפון... די בעאמטע גרייטען זיך צו מקבל פנים צו זיין דעם קעניג!

— און ווען דארף ער אנקומען? — איז שולמית בלאַס געוואָרען.

— מיר וואונדערט זיך, שולמית אז דו זאָלסט דערפון גארנישט וויסען... די גאַנצע שטאָדט ווייס אז דער קעניג קומט צוליעב דיר... און דו ווייסט דערפון גארנישט... האָבען דען דיר דיינע עלטערען נישט דערצעהלט...

— ניין! — האָט שולמית געזאָגט און טרעהרען האָבען זיך בעוויזען אין איהרע אויגען...

— ווי איך זעה שולמית, ביזטו נישט גליקליך... און דאָס איז פאַר מיר זעהר א גרויסער וואונדער... דער קעניג שלמה זוכט דיר צו מאכען פאַר זיין קעניגין און די ביזט פערטרויערט.

— א איך בעט דיר, עמיאל! — האָט שולמית אויסגערופען — דו זאָלסט מיר העלפען...

— אבער וואס איז מיט דיר שולמית... ווער בין איך דאס איך זאָל דיר העלפען? — האָט עמיאל איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג... דער קעניג וועלכער ליעבט דיר, ער וועט דאך דיר בעסער קענען העלפען ווי איך, דער ארימער פּאַסטוך...

— אמת, דער קעניג ליעבט מיך — האָט שולמית געזאָגט מיט א נידעריגע שטימע — אבער איך ליעב אימיצען אנדערש...

— וואס, דו האסט דעם קעניג נישט ליעב? — האָט עמיאל אויסגערופען מיט גרויס פערוואונדערונג — דו ליעבסט אימיצען אנדערש!? ווער איז ער דאס דער גליקליכער?

— אויב דו וועסט מיר פערשפרעכען ארויפצוהעלפען וועל איך דיר אויס־זאגען — האט שולמית געענטפערט.

— שולמית! — האט עמיאל אויסגערופען — דו ווייסט דאך אז קיין זאך אין דער וועלט וואלט פאר מיר נישט צו שווער געווען צו טהאן פאר דיר...

— יע, עמיאל איך ווייס דאס! און דו ביזט דאס דער יעניגער וועמען איך ליעב... יע, איך האב דיר ליעב געהאט איידער איך בין נאך ירושלים אוועק און יעצט אויך... איך בעט דיך, פערלאז מיר נישט... און אפילו ווען דער קעניג וועט קומען אהער, זאל ער זעהן אז דו ליעבסט מיר און איך ליעב דיר... דאן וועט ער מיר זיכער אפלאזען... שלמה בעזיצט זעהר א נאבעלע הארץ... ער וועט זיכער אונז נישט צווינגען אויפצוגעבען אונזער ליעבע... ער וועט פערשטעהן אז איך, שולמית די הירטין, בעלאנגט צום פעלד צו מיינע שאף... און נישט אין די קעניגליכע פאלאצען...

— זאגסטו מיר צו עמיאל?

עמיאל איז געבליבען שטעהן ווי פערגליווערט... איהרע ווערטער האבען געקלונגען אין זיינע אויערען... זי ליעבט איהם. א ווי גליקליך ער איז... זי ניעט אויף די קעניגליכע קרוין צוליעב איהם... איז עס א טרוים?...

— עמיאל פארוואס שווייגסטו, פאר וואס זינגסטו מיר מעהר נישט יענע ליעדער וואס די פלעגסט צו מיר אמאל זינגען?... געדענקסטו יענע ליעדער וואס מיר פלעגען זינגען און אפמאכען זיך וואו צו טרעפען, אה איך געדענק זי נאך אזוי גוט!

ליעבסטער פון מיין נשמה, זאג מיר,
וואו פיטערסטו, וואו רוהסטו היינט?
פארוואס זאל איך דארפען זוכען דיר,
צווישען די סטאדעס פון דיינע פריינט?

עמיאל האט זיך דערמאהנט פון יענער גליקליכער צייט ווען ער האט פון איהר די שעהנע ליעדער געהערט און זיין הארץ איז פול געווארען מיט פרייד און גלוטה.

דאס גליק קעהרט זיך צו איהם אום... שולמית ליעבט איהם... עמיאל קוקט אויף איהר מיט גרוים ליעבשאפט און ענטפערט איהר זינגענדיג:

אויב דו ווייסט נישט דעם וועג,
דו שעהנסטע צווישען פרויען?
פאלג נאך דעם קליינעם סטעג,
און דו וועסט זיך נישט בערויען...
נאך די פוס־טריט פון די שאף געה פארט!
און דיינע ציגעלאך פיטער דארט...

— דו געדענקסט נאך גוט יענע וואונדערשעהנע ליעדער — האט שולמית זיך אבגערופען — דו זאלסט זי צו מיר אלע מאל זינגען... אפילו ווען דער קעניג וועט קומען. זאל ער צוהערען ווי שטארק דיין ליעבע איז צו מיר, און ווען ער וועט זיך איבערצייגען אז איך ליעב דיר אויך, וועט ער אונז זיכער נישט שטערען...

עמיאל האט ווידער אויפגעלעבט. זיינע ליעדער זיינען אפגעפרישט געוואָ־רען... זיין שטימע האט העהל און פרעהלאך אפגעהילכט אין פעלד, און יעדען טאג האט ער זיך מיט דער וואונדערשעהנער און רייצענדער שולמית געטראָפען און פאר איהר נייע ליעדער געזונגען...

שולמית האט אויך געזונגען די פרעהלאכע ליעבעס ליעדער פון די פאסטוכער... דאך האט מען געקענט בעמערקען אין איהר שטימע עפעס טרויעריגעס און מע־לאנכאליש... עמיאל אבער האט גארנישט בעמערקט. ער איז געווען פער'שכור'ט פון ליעבע און איז געווען זעהר גליקליך.

די פאסטוכער האבען יעצט ווידער גענומען בעמערקען עמיאל'ן צוזאמען מיט שולמית'ן און גענומען ריידען צווישען זיך.

— ווי איך זעה, האט עמיאל פארט געוואונען דאס הארץ פון דער רייצענ־דער שולמית... אמת'ע שטארקע ליעבע געהט קיין מאל נישט פערלארען... — האט איין פאסטוך געזאגט.

— דען ווייזט אויס אז די קלאנגען דאס דער קעניג וועט קומען בעזוכען אונזער שטאדט זיינען טאקע אומבעגרינדעט—האט א צווייטער זיך אפגערופען...

— אבער איך האב דאך אליין געהערט פון דעם הויפט פון אונזער שטאדט... דער קעניג האט געשיקט שלוחים צו איהם און איהם אנגעזאגט דאס ער וועט גאר אין גיכען קומען בעזוכען די שטאדט...

— און פארוואס זאל פלוצלונג וועלען דער קעניג בעזוכען אונזער שטאדט, זיינען דען נישט פאראן קיין שעהנערע שטעדט אין ארץ ישראל? — האט אן אנדער פאסטוך געפרעגט.

— דאס איז דאך כמעט פאר קיינעם קיין סוד נישט, אז שולמית וועט ווערען די קעניגין פון לאנד.

— אויב אזוי טו ווי קומט עס אז זי זאל ווידער געהן פאשען די שאף און פיהרען א ליעבע מיט עמיאל'ן?...

— אפזייענדיג אין פאלאץ אזוי פיעל יאהרען האט זיך איהר פערבענקט א ביסעלע נאך די שאף...

— אבער ווען זי וואלט געהאט א האפנונג צו ווערען די קעניגין פון לאנד, וואלט זי נישט געפיהרט קיין ליעבע מיט עמיאל'ן דעם פאסטוך — האט אן אנדער פאסטוך זיך אפגערופען.

— איך זעה אז דאס ברענט אין דיר די קנאה, פארוואס שולמית האט מיט דיר קיין ווארט נישט אויסגערעדט... פערגעס נישט אז עמיאל האט נאך מיט איהר פערבראכט ווען זיי זיינען ביידע נאך קינדער געווען... און טאמער רעדט זי אויס יעצט מיט איהם אפאר ווערטער קומט אויס ביי אייך אז זי איז אין איהם פערליעבט...

— איך האב אליין געהערט ווי זי האט צו איהם ליעבעס ליעדער געזונגען. און ווי ער האט איהר געענטפערט מיט ליעבעס ליעדער...

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט אז שולמית ליעבט דעם פאסטוך און זי וועט זיך שוין מעהר נישט אומקעהרען אין פאלאץ...

— דאס צייגט אז שולמית האט גאר אפילו קיינמאל נישט געטרויכט צו ווערען די קעניגין פון לאנד... ווארום אויב נישט וואלט זי דען אומגעביטען דעם קעניג אויף דעם פאסטוך?...

— און איהרע ברידער האבען מיר אליין דערצעהלט אז דער קעניג שלמה ליעבט זייער שוועסטער און אז גאר אין גיכען וועט ער אהער קומען און אוועקנעמען צו זיך נאך ירושלים...

— איהרע ברידער האבען זיך ליעב צו בערימען! אמת שולמית איז זעהר שעהן... אבער אין ארץ ישראל וועלען זיך נאך געפינען שעהנערע פון איהר...

— דו זעהסט דאך אז שולמית איז דאך אפגעוועזען אזא לאנגע צייט אין קעניגליכען פאלאץ... פארוואס האט מען קיין אנדערע נישט געבראכט אין פאלאץ...

— און פארוואס זאל עס נישט מעגליך זיין אז דער קעניג האט טאקע שולמית'ן ליעב און ער וועט איהר קומען נעהמען...

— נו, און פארוואס שפיעלט שולמית א ליעבע מיט דעם פאסטוך?

— דאס איז אן אנדער זאך... מעגליך אז שולמית האט דעם קעניג נישט ליעב... זי ליעבט נאר עמיאל'ן...

— און דו ווילסט אונז איינרעדען אז שולמית וועט אויפגעבען אזא גלענצענדע געלעגענהייט צו ווערען די קעניגין פון לאנד, צוליעב עמיאל'ן?

— און מיר טארען אויך נישט פערגעסען — האט נאך איינער צוגעגעבען אז דער קעניג שלמה, איז נאך יונג שעהן און קלוג, און אפילו ווען ער וואלט אליין א פאסטוך געווען און נישט קיין קעניג וואלט עמיאל אויסגעקוקט אזוי קליין און נישטיג קעגען איהם... און יעצט קומסטו און ווילסט אונז איינריידען אז עס איז מעגליך דאס שולמית האט דעם קעניג נישט ליעב... נאר זי ליעבט נאר עמיאל'ן...

— וואס איהם פעהלט איז שכל! — האט נאך א פאסטוך געזאגט, — בלויז אזא נארישער פאסטוך ווי ער קען האבען אזא בעגריף וועגען דעם קעניג און שולמית'ן.

— אויב דו ביזט אזא חכם, טו מיט וואס ווערסטו דאס ערקלערען, וואס שולמית זינגט ליעבעס ליעדער צום עמיאל'ן...

— איך וויל עס ערקלערען מיט דעם וואס דער קעניג שלמה האט שולמית'ן אפילו נישט אין זינען.

— און מיט וואס וועסטו ערקלערען דאס וואס דער קעניג וועט קומען בעזוכען אונזער שטאדט. אויב נישט צוליעב שולמית'ן, אפשר וועט ער גאר קומען צוליעב דיר?

— איך וועל דיר מודה זיין, אז מעגליך דאס ער וועט קומען צוליעב איהר... אבער נישט צוליעב דעם ווייל ער איז אין איהר פערליעבט. פערגעס נישט אז שולמית איז געוועזען א דיענסט ביי זיין פאטער ביי דעם פערשטארבענעם קעניג דוד, מעגליך אז ער קומט איהר פרעגען וועגען דוד'ן...

— אט דאס צייגט טאקע וואס פאר א גרויסער חכם דו ביזט... אויב ער האט געדארפט איהר פרעגען עטוואס וועגען זיין פאטער, האט ער דאס נישט געקענט טהאן ווען זי איז אין פאלאץ געווען... פארוואס זאל ער גראדע דארפען פרעגען יעצט ווען זי איז דארטען נישטא...

— אויב אזוי — האט ער א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס קען איך טאקע נישט פערשטעהן וואס דא קומט פאר... נו, אז מיר וועלען דערלעבען וועלען מיר אלעס אויסגעפינען...

אין שטאדט שולם האבען זיך אלע געגרייט צו דעם קעניג'ס בעזוך... מען האט אויסגערייניגט די גאסען, יעדער האט געזוכט וואס שענער זיין הויז צו מאכען... אלע האבען גערעדט מיט גרוים קנאה וועגען יואל'ן און זיין טאכטער שולמית, צוליעב וועמען דער קעניג וועט בעזוכען זייער שטאדט... צו דער זעלבער צייט, האבען זיך גענומען שנעל פערשפרייטען די קלאנגען אז שולמית שפיעלט א ליעבע מיט דעם פאסטוך עמיאל... אלע האבען זיך געוואונדערט... פאר אלעמען איז דאס געווען א גרויסע רעטענים... באלד אבער האבען די קלאנגען וועגען שולמית'ן און עמיאל'ן אויך דערגרייכט די אויערען פון שולמית'עס משפחה... פריהער האט יואל דערצו קיין אויפמערקזאמקייט נישט געשאנקען אבער ווען ער האט עס געהערט פון עטליכע מענשען האט ער בעשלאסען די זאך אויסצו־פארשען...

ווען שולמית האט זיך איין אבענד אומגעקעהרט מיט איהרע שאף פון פעלד, האט איהר פאטער אוועקגערופען שולמית'ן אן א זייט און ער האט זיך צו איהר אפגערופען:

— מיין טאכטער, דו ווייסט דאך געווים אז דער קעניג שלמה וועט גאר אין גיכען אנקומען אין אונזער שטאדט...

— איך ווייס, פאטער! — האט שולמית טרויעריג געענטפערט.

— ווייסטו אויך פיעלייכט צוליעב וועמען דער קעניג קומט אונז אנטאהן אזא כבוד?

שולמית האט געשוויגען... טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין איהרע אויגען...

— עס איז אונז אלעמען שווער דיך צו פערשטעהן די לעצטע צייט — האט יואל ווידער געזאגט — עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל נישט, אז דער קעניג קומט צוליעב דיר, און אז ער וויל דיר נעהמען...

— א פאטער! רעד מיט מיר נישט וועגען דעם — האט זיך שולמית פאנאנדערגעוויינט — איך בעט דיך, ליעבער פאטער, פארוואס זאלסטו מיר וועלען וועה טהאן?

— אבער מיין טאכטער, וואס איז געשעהן מיט דיר, קענסטו דען מיר נישט זאגען די אורזאכע פון דיין גרויסער פערצווייפלונג... אנשטאט זיך צו פיהלען די גליקליכסטע אין גאנץ ארץ ישראל, פיהלסטו זיך גאר אומגליק־ליך?!... אלע ווייסען, אז דער קעניג וויל דיך פאר זיין פרוי נעהמען... און דו, איך ווייס נישט צוליעב וואס זוכסט עס אויסצומיידען!

— פאטער האב איך דען דיר נישט פריהער געזאגט — האט שולמית זיך אפגערופען מיט א ציטערענדע שטימע — אז עס איז אוממעגליך דער קעניג זאל מיט מיר הייראטען... ווייל דאס וואלט געווען א פערשוועכונג פון דעם כבוד פון זיין פערשטארבענעם פאטער...

— אבער פארוואס זאלסטו זיך וועגען דעם קימערען מעהר ווי דער קעניג אליין... אויב איהם ארט דאס נישט, טו פארוואס זאל עס דיר ארען? מעגליך אז דער קעניג גלויבט נישט אז מיט זיין הייראטען דיך וועט ער פערשוועכען דעם כבוד פון זיין פאטער...

— ער טראכט נישט וועגען דעם — האט שולמית געענטפערט, אבער ווען ער זאל דערפון א טראכט טהאן וועט ער דאס אליין נישט וועלען טאהן...

— איך בין זיכער אז ער האט וועגן דעם געוויס געטראכט. אבער ער איז געקומען צום בעשלוס, אז זיין פאטערס כבוד וועט דערפון נישט גרינג געשעצט ווערען... אבער דו, מיין טאכטער, האסט זיך דערוויילע גענומען אויפפיהרען נישט ווי עס פאסט זיך פאר א כלה פון דעם קעניג... מען דערצעהלט אז עמיאל קומט דיך ווידער באלעסטיגען מיט זיינע נארישע ליעדער... און דו, אנשטאט איהם צו דערוויטערען פון זיך, ערמוטיגסטו נאך איהם... דו זינגסט אויך פאר איהם ליעדער... יע, די גאנצע שטאדט רעדט וועגען דעם...

— פאטער, איך בעט דיך, — האט שולמית זיך צו איהם אפגערופען — איך בין נישט די כלה פון דעם קעניג...

— איז דאס, ווייל דו ליעבסט דעם פאסטוך? — האט יואל איהר שטרענג א פרעג געטהאן.

שולמית האט געשוויגען.

— ניין, מיין טאכטער דאס טאר אזוי מעהר נישט אנגעהן... דער הויפט פון אונזער שטאדט האט מיט מיר היינט גערעדט און האט מיך פערזיכערט, אז עס איז ביי קיינעם קיין מוד נישט דאס דער קעניג קומט אן נאך שולם מיט'ן צוזעס דיך צוריקצוקעהרען צום פאלאץ... ער האט מיך אויך גראטולירט מיט וואס דו וועסט ווערען די קעניגין פון לאנד... און יעצט שטעל זיך פאר ווי שעהן עס וועט זיין ווען דער קעניג וועט אויסגעפינען אז דו זינגסט ליבעס ליעדער צו דעם פאסטוך...

— פאטער, פערגעס נישט אז איך אליין בין אויך א הירטין... — האט שולמית געענטפערט.

— פון דיינע ווערטער פערשטעה איך אז דו ליעבסט עמיאל'ן דעם פאס־טוך... ווערסטו דען געהן געגען דעם ווילען פון קעניג...

— איך וועל קיינמאל נישט קענען ווערען דעם קעניג'ס פרוי — האט שולמית געזאגט.

— מיין טאכטער, יז רעדסט צו מיר אומפערשטענדליכע ווערטער... איך גלויב נישט אז דאס וואס דו האסט מיר געזאגט אז ווען דער קעניג אל מיט דיר חתונה האבען, וועט עס פערשוועכען דעם כבוד פון זיין פאטער, איז די איינציגע אורזאכע וואס דו ביזט אזוי זיכער דאס דער קעניג וועט דיך נישט קענען נעהמען פאר זיין פרוי... מיר דוכט זיך אז עס איז פאראן נאך עפעס... אבער דו זוכסט עס צו פערבארגען פון מיר...

— דו ביזט גערעכט, מיין פאטער! — האט שולמית זיך אפגערופען נאך א קליינע פויזע — דו געדענקסט ווען אדוניה דעם קעניג'ס ברודער איז געטויי־טעט געווארען?

— יע, איך געדענק עס!

— האסטו פיעלייכט אויך געהערט אז אדוניה האט געמאכט פריהער א פערזוד צו קריגען שלמה'ס צושטימונג ער זאל מיך קענען נעהמען פאר זיין פרוי?

— דאס הער איך צום ערשטען מאל, מיין טאכטער — האט יואל זיך אפ־גערופען מיט ערשטוינונג.

— יע, מיין פאטער — האט שולמית געזאגט — נאך אין דער צייט, ווען דוד האט געלעבט, האט אדוניה געמאכט א פערזוד צו ריידען מיט מיר וועגען זיין גרויסער ליעבע צו מיר. און כאטש איך האב איהם נישט גע־

וואָלט הערען, פלעגט ער דאָך מיר בעלעסטיגען מיט זיין ליבע... איינמאָל, ווען ער האָט מיר אין גאָרטען געטראָפען, איז ער צו מיר אזוי צוגעשטאַנען מיט זיין ליעבעס־ערקלערונג, אַז איך בין געבליבען אין אַ פערלעגענהייט, און ווען נישט שלמה, וואָס איז גראָד אנגעגאַנגען, און בעמערקט ווי איך ראַנגעל זיך מיט איהם, וואָלט מיר אדוניה געוויס שלעכטעס געטאָן... דאַן האָט נאָך שלמה קיין אהנונג נישט געהאָט, דאָס ער וועט ווערען קעניג... אדוניה האָט זיך דאַן געהאַלטען פאַר דעם קרוינפּרינץ.

— און וואָס האָט שלמה צו איהם געזאָגט? — איז יואל געוואָרען נייגיריג.

— ער האָט איהם גוט אנגעזידעלט און אויסגע'מוסר'ט פאַר זיין אויפפיהרונג און זינט דאַן האָט ער מיך אויפגעהערט צו בעלעסטיגען. דאָך ווען ער האָט געפייערט זיין יום־טוב ביי דעם אבן הזוחלת, וואו ער האָט געגלויבט, דאָס ער וועט געזאַלבט ווערען קעניג, האָט ער מיר איינגעלאַדען דורך זיין מוטער און דורך יואב'ן, איך זאָל אהין קומען. אָבער איך האָב זיך אַנטזאָגט.

— דו האָסט זעהר קלוג געטאָן, מיין טאָכטער! — האָט יואל אויסגערופען מיט פרייד — ווען דו וואָלסט אהין געגאַנגען, וואָלסטו אויך פעררעכענט געוואָרען אַלס פעררעטערין...

— איך בין אהין נישט געגאַנגען, ווייל איך האָב אדוניה'ן קיינמאָל ניט ליעב געהאַט... איך האָב בלויז איינעם געליעבט און איהם געוואָלט זעהן גליקליך.

— און דאָס איז געוועזען שלמה? — האָט איהר דער פאָטער געפרעגט.

— יע, דאָס איז געוועזען שלמה... איך בין געוועזען זיכער, אַז ער וועט נישט ווערען קעניג און איך האָב געוואָגט איהם ליעב צו האָבען.

— אָבער, ווי איך ווייס, האָט דאָך דיר שלמה אויך ליעב, טראָץ דעם, וואָס ער איז קעניג! — האָט יואל געזאָגט.

— איך אָבער קען איצט זיין פרוי נישט ווערען! — האָט שולמית טרויעריג געזאָגט — און דאָס איז צוליעב אדוניה'ן.

— צוליב אדוניה'ן!! — האָט יואל זיך אָפּגערופען מיט ערשטוינונג — ער איז דאָך טויט!...

— איך ווייס נישט וואָס אדוניה האָט פון מיר געוואָלט, אָבער ווען ער האָט געמאַכט אַ פערשווערונג מיט יואב'ן געגען שלמה'ן, האָט ער געוואָלט פריהער מיט מיר הייראַטען און ער האָט געבעטען בת שבע'ן, זי זאָל קריגען איהר זוהן'ס הסכמה דערצו... איהם האָט זיך געדוכט, אַז דורך דעם, וואָס איך וועל ווערען זיין פרוי, וועט זיין תביעה אויף דער מלוכה שטאַרקער ווערען. און ער האָט שוין געפּלאַנעוועט צו טויטען שלמה'ן און פערכאַפּען די קרוין, און ער איז צו מיר געקומען און אַלעס פערטרויט... געוועהנליך, מיין ערשטער חוב איז געוועזען צום קעניג, און איך בין גלייך אוועק און אַלעס דערצעהלט. שלמה האָט מיר שטאַרק בעדאַנקט און ער האָט מיר געזאָגט, דאָס ער ווייסט שוין וועגען דעם. אלחנן, דער הויפּט פון די גבורים, מיט וועמען יואב האָט זיך געוואָלט בענוצען צו שטירצען די מלוכה, האָט יואב'ן און

אדוניה'ן אליין פערראטען פאר'ן קעניג. און וואס איז ווייטער געווען, ווייסטו דאך אליין. אדוניה האט מיט זיין לעבען בעצאלט דערפאר.

— נו, ער האט דאך עס פערדינט!

— געווים האט ער עס פערדינט! שלמה האט איהם פריהער אלעס מוחל געווען און ער האט געשוואוארען, דאס ער וועט זיך גוט אויפפיהרען און דא קומט ער און מאכט אזא פערשווערונג. און יעצט, מיין ליעבער פאטער, פיעלע פון דעם קעניג'ס שונאים ווייסען, אז אדוניה האט געזוכט שלמה'ס הסכמה צו זיין הייראט מיט מיר. און ווען שלמה זאל יעצט מיט מיר חיי־ראטען, וועלען זיי אויסטייטשען, אז דאס האט דער קעניג געטויטעט זיין אייגענעם ברודער צוליעב זיין ליעבע צו מיר, און די גאנצע פערשווערונג איז בלויז געווען אן אויסרייד.

— נו, און ווען מען ארט עס, אויב זיי וועלען אזוי אויסטייטשען — דו אבער ווייסטו דאך דעם אמת! — האט יואל געזאגט.

— אבער פאטער, ווען אזעלכע קלאנגען זאלען פערשפרייט ווערען צווי־שען פאלק, וועט עס דען דעם קעניג נישט שאדען? ער וועט פערלירען דעם חן ביים פאלק. און זיינע שונאים זיינען דאך פאראן זעהר פיעל! זיי ווארטען נאר אויף אזא געלעגענהייט.

— אבער שלמה'ס מלוכה איז בעפעסטיגט, און אחוץ דעם איז ער זעהר בעליעבט ביים פאלק פאר זיין קלוגשאפט און גערעכטיגקייט. און איך גלויב נישט, אז עס קען איהם שאדען.

— דו גלויבסט נישט, פאטער, אבער בת שבע, דעם קעניג'ס מוטער, גלויבט זעהר שטארק אין דעם. און ווען שלמה איז צו איהר געקומען און דערצעהלט, אז ער וויל מיך נעהמען פאר זיין פרוי, האט זי איהם שטארק אפגערעדט דערפון. ווען אבער זי האט געזעהן, אז שלמה האט מיך זעהר שטארק ליעב און עס וועט איהר זעהר שווער אנקומען איהם איבערצורעדען, האט זי לפנים וועגען געגעבען איהר הסכמה, אבער זי איז גלייך אוועק צו מיר און מיר געזאגט וועגען דעם גרויסען שאדען, וואס דעם קעניג'ס חתונה־האבען מיט מיר קען איהם ברענגען, און מיר געבעטען, איך זאל טאן אלעס מעגליכעם אפצואווענדען דעם קעניג'ס ליעבע פון מיר.

— דו האסט איהר פערשפראכען עס צו טאן? — האט יואל געפרעגט.

— יא, מיין ליעבער פאטער — האט שולמית אויסגערופען — איך האב גלייך געזעהן, אז זי איז גערעכט, און ווייל איך האב שלמה'ן אזוי ליעב, מוז איך זעהן, אז ער זאל פון מיר קיינמאל אפילו נישט טראכטען. זיין גליק און דאס גליק פון אונזער לאנד איז ביי מיר העכער ווי מיין אייגענעם גליק. איך בין גרייט צו ברענגען דיזען קרבן.

— און איך וויל דיר זאגען, מיין טאכטער, דאס איך בין חושד, אז בת שבע'ן פאסט נישט דאס איהר זוהן, דער קעניג, זאל מיט דיר חתונה'ן, ווייל דו ביזט געווען א הירטין און שטאמסט פון נידעריגען יחוס.

— דו מאכסט א טעות, פאטער, בת שבע האט מיך זעהר ליעב, און עס האט איהר פיעל שמערצען פערשאפט מיר צו זאגען וועגען דעם. אבער זי איז דאך א מוטער און קען בעסער פאראויסזעהן די פאלגען פון אזא שריט. קיי־נער וועט נישט קענען אפלייקענען די בעשולדיגונג פון דעם קעניג'ס שונאים!

— ווי איך זעה, ווייסט דער קעניג גאר נישט דערפון און ער וועט פר־מען אהער, אין שולם, דיך נעהמען. וואס ווערסטו דאן טאן? ווערסטו דען איהם נישט זאגען וועגען דעם אפמאך מיט זיין מוטער!

— אה, ניין! — האט שולמית אויסגערופען — איך האב בת שבע׳ן פערשפראכען, אז איך וועל צו שלמה׳ן דערפון גארנישט ריידען. און איך וועל מיין פערשפרעכען האלטען. דער קעניג וועט דעם מינדסטען חשד ניט האבען, אז זיין מוטער האט מיט מיר דערפון גערעדט.

— אבער איך קען דיך אלץ נישט פערשטעהן! — האט יואל אויס־געשריען — דער קעניג קומט דאך אהער מיט דעם אבזיכט דיך צו נעהמען. ווערסטו דען ענטזאגען דעם קעניג און נישט אנגעבען קיין גענוגענדע אור־זאכע?!

— דער קעניג אליין וועט מיך מעהר נישט וועלען — האט שולמית גע־זאגט — און עמיאל וועט מיר אין דעם ארויסהעלפען.

— עמיאל! — וואס מיינסטו? — האט יואל געשטוינט — ווי אזוי וועט עמיאל דיר ארויסהעלפען?

— פאטער, דו מוזט מיך פערשטעהן. עמיאל און איך זיינען געווען גוטע פריינד זינט אונזער קינדהייט. עמיאל ליעבט מיך זעהר שטארק. און איך... יע, דו זעהס דאך, אז גאט האט נישט געוואלט, אז מיין ליעבע צום קעניג זאל פערווירקליכט ווערען. איך בין דאך בלויז א הירטין. און עמיאל האט מיט זיין שטארקער ליעבע מיין הארץ געוואונען. און ווען דער קעניג וועט אויסגעפינען, אז איך ליעב אן אנדערען, וועט ער פערשטעהן, אז איך בין נישט פאר איהם!

— ווי אזוי אבער ווערסטו עס קענען טאן צום קעניג אזא זאך? דער קעניג וועט דאך אויף דיר אין כעס זיין און וועט געווים זוכען דיך צו בע־שטראפען דערפאר.

— איך קען דעם קעניג זעהר גוט. איך ווייס וואס פאר א נאבעלע הארץ ער פערמאגט. ער וועט בלויז דארפען זעהן ווי שטארק עמיאל האט מיך ליעב און ער וועט פערשטעהן.

יואל איז געבליבען שטעהן ווי צוטומעלט. זיינע אויגען האבען גענומען שווינדלען. יעצט זעהט ער, אז אלע זיינע האפענונגען און חלומות זיינען אוועק ווי א רויך. און אלע אין שטאדט האבען איהם אזוי מקנא געווען. וואס וועלען יעצט זיינע זיהן זאגען און שולמית׳עס מוטער, ווי גרויס איהר ענט־טוישונג וועט זיין. און זי האט זיך שוין אזוי פיעל געגרייט דערצו. זיי האבען אלע זיך געגרייט מקבל-פנים זיין דעם קעניג. ער וועט ווערען זייער איידעם. און זיי וועלען אלע אוועקרייזען נאך ירושלים. אח, ווי זיס זיינען אט די אלע חלומות געווען! און יעצט! די איינוואוינער פון שולם וועלען פון זיי חוזק מאכען.

— פאטער, איך בעט דיך, זיי נישט בעזארגט וועגען דעם — האט שולמית אונטערבראכען זיינע געדאנקען — זאל דיר זיך דוכטען, אז איך בין קיינמאל אין ירושלים נישט געווען. איך וועל זיין גליקליך דא אין שולם צוזאמען מיט מיין משפחה.

— אבער, מיין טאכטער, דו ווייסט נישט ווי אזוי דיין מוטער וועט

זיך דאס נעהמען צום הארצען — אלע האבען איהר מקנא געווען, און איצט וועט זי דאך נישט האבען וואו זיך אהינצוטאן פון שאנדע.

— האב איך דען אייך אלעמען גלייך נישט געזאגט נישט צו האבען פאלשע האפנונג וועגען מיר און דעם קעניג — האט שולמית אויסגערופען.

— איך וועל דיר זאגען דעם אמת, מיין טאכטער, אז איך אליין האב דיינע ווערטער ערנסט נישט גענומען. אלע האבען וועגען דעם גענומען רייד״ען און דא פערשפרייט זיך פלוצלונג א קלאנג, אז דער קעניג קומט בעזוכען אונזער שטאדט און אז ער וועט דיך מאכען פאר זיין קעניגין. ווער האט עס גע־קענט וויסען, וואס עס איז פארגעקומען צווישען דיר און דעם קעניג'ס מור־טער.

— איך בעט דיך, פאטער — האט שולמית זיך אפגערופען — זאג פאר קיינעם ניט וואס איך האב דיר נאר־וואס דערצעהלט. עס קען נאך דערגריי־כען די אויערען פון קעניג און דאן וועט אלעס ערגער זיין.

— אבער וואס וועסטו זאגען דיין מוטער און דיינע ברידער ? — האט איהר יואל געפרעגט.

— ווען דער קעניג וועט אפרייזען פון שולם, וועט עס בלויז בעשטע־טיגען מיינע פריהערדיגע ווערטער צו זיי — האט שולמית געענטפערט — זיי וועלען זיך ארומזעהן, אז איך האב זיי נישט גענארט, ווען איך האב גע־זאגט, אז די קלאנגען וועגען מיר און דעם קעניג זיינען פאלשע. און איך גלויב, אז דאס, וואס איך האב זיך אומגעקערט צו פיטערען די שאף, איז א גוטער בעווייז, אז איך וועל נישט ווערען קיין קעניגין !...

---

שולמית'עס ברידער זיינען געווען זעהר גליקליך, ווען זיי האבען דער־הערט, דאס דער קעניג קומט אן אין שטאדט צוליעב זייער שוועסטער. זיי הא־בען פאר קיינעם נישט פערבארגען זייער שמחה. און פאר אלע זייערע פריינד האבען זיי זיך בעריהמט.

— יעצט אז מיין שוועסטער וועט ווערען די קעניגין — האט זיך דער עלטערער ברודער אפגערופען צו א גרופע פריינד — וועל איך שוין נישט דארפען געהן אקערען די ערד. מיר וועלען צוטיילען אונזער קליינעם פער־מעגען צווישען אונזערע פריינד און אונזער גאנצע משפחה וועט געהן נאך ירושלים. יענעם טאג, ווען איך וועל פערלאזען שולם, וועט זיין א יום־טוב פאר מיר. עס איז מיר שוין נמאס געווארען צו זיין אין אונזער קליינער שטאדט. וואס ווייסט מען דא פון א לעבען. מען שטעהט אויף גאנץ פריה און מען געהט אוועק אין פעלד אדער פיטערען די בהמות און מען קומט איז אוועגר אהיים. דאן געהט מען שלאפען. אבער נישט אזוי איז אין שולם! דארטען איז אימער פרעהליך. ביז שפעט אין דער נאכט פערברייגגט מען.

— און בפרט נאך, אז מיר וועלען זיך געפינען אין פאלאץ — האט אן אנדער ברודער זיך אפגערופען — שולמית דערצעהלט אונז אזעלכע וואונ־דערליכע זאכען וועגען דעם לעבען פון פאלאץ. אה, צו זיין אין פאלאץ ! וועגען דעם האב איך לעצטענס נישט אויפגעהערט צו חלום'ען.

— אבער וואס וועסטו דארטען טאן אין פאלאץ? — האט איינער פון

זיך אַפּגערופֿען — אחוץ אקערען די ערד און פּיטערען די שאַף, האסטו דאָך מעהר קיין ערפאהרונג נישט.

— ווען מיין שוועסטער וועט זיין די קעניגין, וועל איך שוין נישט דארפען זארגען וואס צו טאן — האט ער איהם מיט שטאָלץ געענטפערט.

— און איך וועל זעהן צו ווערען א הויפּט איבער אן ארמעע — האט דער עלטערער ברודער ווידער געזאגט — איך האב אימערצו געהאט א נייגונג צו קעמפען געגען אונזער שונא. און איך בין זיכער, אז דער קעניג, וועלכער וועט זיין מיין שוואגער, וועט גלייך אנערקענען מיין פעהיגקייט און מיך מאכען פאר א שר צבא.

— דו ביסט דאך אלעמאָל געווען מיין בעסטער פריינד — האט א צווייטער זיך צו איהם גערופען מיט א פערבארגענער קנאה — און איצט אז דו וועסט אוועק נאך ירושלים און זיך שטענדיג געפינען אין פאלאץ פון דעם קעניג, וועסטו אינגאנצען אן מיר פערגעסען.

— דו מאכסט א טעות. איך וועל זעהן אריבערצונעהמען אלע מיינע פריינד אין ירושלים, און דו קענסט זיך פערלאזען אויף מיר, אז איך וועל זעהן עפּעס טאן פאר דיר.

— איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, מיינע פריינד — האט זיך נאך אייגער אפּגערופען צו די ברידער — איך צווייפעל נישט אין דעם, אז דער קעניג שלמה קומט בעזוכען אונזער שטאדט שולם צוליעב אייער שוועסטער, שולמית, אבער פונדעסטוועגען קען קיינער פון אונז נישט פערשטעהן ווי אזוי די כלה פון דעם קעניג זאל...

— זאל וואס ? — האט שולמית'ס עלטערער ברודער האסטיג זיך אפּגערופען.

— איך מיין איהר נישט צו בעליידיגען... אבער ווי די פאסטוכער דערצעהלען, טרעט עמיאל די לעצטע צייט נישט אפּ פון שולמית'ן.

— יע, עס איז אמת ! איך האב עס אויך געהערט — האט אן אנדערער צוגעגעבען — עמיאל זינגט איהר ליעבעס-לידער. און זי זינגט אויך שעהנע לידער פאר איהם.

— און מען דערצעהלט אויך — האט א דריטער געזאגט — אז... איך ווייס, אז דאס איז א ליגען, אבער פונדעסטוועגען געהען ארום אזעלכע קלאנגען וועגען שולמית'ן און עמיאל'ן.

— וואס נאך פאר א קלאנגען געהען ארום ! — האט דער עלטערער ברודער אויסגערופען מיט כעס — זאג מיר, ווער פערשפרייט עס אזעלכע קלאנגען וועגען מיין שוועסטער. איך וועל איהם נישט שענקען.

— איך... ע... וויים נישט. — האט ער גענומען שטאמלען — אבער איך האב געהערט ווי די פאסטוכער רעדען צווישען זיך און איינער האט געזאגט, אז עמיאל...

— אז עמיאל וואס ?! — האט ער אויסגערופען אן אויפגערעגטער.

— אז עמיאל האט געקושט שולמית'ן...

— ווער האט עס געוואגט אזוי צו ריידען ! — האט דער עלטערער ברודער געשריגען מיט זיינע צייהן פאר כעס — דו מוזט איהם אנרופען ביים נאמען, אז נישט וועל איך וויסען אז דו ביזט א ליגנער !

— איך שווער אז איך האב עס געהערט פון איינעם פון די פאסטוכער... איך וועל דאך אזא זאך נישט אויסטראכטען פון קאפ... דו ווייסט דאך וואס פאר א גוטער פריינד איך בין דיר און דיין שוועסטער...

— אבער פארוואס ווילסטו איהם נישט אנרופען ביים נאמען! דו האסט גארנישט וואס מורא צו האבען... איך וועל דיר פון איהם בעשיצען! זאג מיר ווער דאס איז און ער וועט שוין טהייער בעצאהלען פאר זיינע ליגענס...

— איך ע... קען דיר נישט זאגען — האט ער גענומען שטאמלען — איך האב עס געהערט פון עטליכע פאסטוכער...

— און איך האב דאס אויך געהערט! — האט נאך איינער פון דער גרופע זיך אפגערופען — אלע ווייסען אז עמיאל שפיעלט א ליעבע מיט דיין שוועסטער! און מיר וואונדערט זיך אז איהר, די ברידער פון שולמית האט דערפון קיין אהנונג!

— איך וועל דיר זאגען דעם אמת! האט זיך א דריטער אפגערופען — עס איז אין גאנצען עמיאל'ס שולד... ער איז געקומען און אנגעפאנגען צו זינגען צו איהר ליעדער, וואס האט איהר דערמאהנט אן איהרע קינדער יאהרען... און זי איז הינגעצויגען געווארען פון זיינע ליעדער... ער האט איר בע'כשופט!

— צו עמיאל'ס חוצפה איז קיין גרעניץ נישטא! — האט דער ערשטער ווי־דער געזאגט — קיינער פון אונז וואלט גארנישט געוואגט צו צוגעהן צו שולמית'ן... ביי אונז איז זי פעררעכענט ווי דעם קעניג'ס כלה...

א סך וואלט דיר דיין וואגען געהאלפען — האט אן אנדערער געלאכט — צו חוצפה דארף מען אויך האבען שכל...

— לויט דיינע ווערטער קומט אויס אז עמיאל איז זעהר קלוג... און אלע אין שולם ווייסען אז ער איז גאנץ ווייט דערפון...

אויב נישט מיט זיין קלוגשאפט, האט ער געוויס געוואונען שולמית'עס הארץ מיט זיין פערזענליכקייט.

— זאל זיין גענוג — האט דער עלטערער ברודער געדריקט מיט זיין פויסט — קיינער פון אייך זאל נישט וואגען דערמאהנען דעם נאמען פון מיין שוועסטער.

— איך וועל עמיאל'ן צו טויט דערשלאגען — האט דער אינגערער ברודער אויסגערופען — איך געה גלייך צו איהם אין הויז!

— פארוואס קומט איהם אז דו זאלסט איהם טויטען! האט נאך אימיצער אויסגערופען מיט א שמייכעל — ווען דיין שוועסטער וואלט וועלען האט זי דאך איהם געקענט פערטרייבען פון זיך...

— ער האט איהר געוויס בעכשופ'ט און איך וועל איהם נישט שווייגען — האט דער אינגערער ברודער גענומען לויפען.

— וואוהין לויפסטו — האט דער עלטערער ברודער איהם אפגעשטעלט.

— איך לויף צו עמיאל'ס הויז!...

— ער איז דאך גאר יעצט אין דערהיים ניטא.

— איך וועל אנזאגען זיין מוטער זי זאל איהם ווארענען דאס ער זאל צורוח לאזען שולמית'ן....

— ווארט! מיר מוזען פריהער אויסגעפינען פון אונזער שוועסטער... מעגליך אז ביזע צינגער האבען א בלבול אויסגעטראכט אויף איהר... איך גלויב א ווארט

נישט וואס זיי האבען מיר יעצט דערצעהלט... — איהר זייט כלומרש'ט מיינע גוטע פריינד! — האט ער זיך אפגערופען צו דער גאנצער גרופע — אבער אין אייערע הערצער ברענט די קנאה... איך וויס אז איהר זייט אונז אלע מקנא וואס אונזער שוועסטער וועט יוערען די קעניגין... געהט אלע אוועק פון מיר איך האס אייך אלעמען! איהר נישט פערגינער!

— אבער איך האב דאך גארנישט געזאגט!... האט זיך איינער אפגערופען

— פראוואס זאלסטו אויך אויף מיר אין כעס זיין...

— איך וויל קיינעם פון אייך נישט קענען — קומט מיינע ברידער, לאמיר געהן אהיים... באלד דארף שולמית אנקומען מיט די שאף:..

— דו האסט אויף אינז נישט וואס צו זיין אין כעס. אויב דו גלויבסט נישט וואס מיר האבען דיר דערצעהלט, קענסטו זיך אליין מארגען איבערציינגען. דו קענסט צוקומען אין פעלד וואו דיין שוועסטער פיטערט די שאף... און דו וועסט אליין מיט דיינע אויגען זעהן... ווי עמיאל און שולמית פערברייננען... און יעצט אז דו האסט שוין יע ארויסגעציינט דיין שנאה צו אונז, קען איך דיר זאגען אז איך האב פון קיינעם נישט געהערט וועגען דעם אז עמיאל האט געקושט שולמית'ן...

— יעצט זעהסטו שוין דו אומווירדיגער ליגנער — האט זיך דער עלטערער ברודער געכאפט שלאגען צו איהם — איך האב גלייך געוואוסט אז...

— אמת איך האב עס פון קיינעם נישט געהערט אבער איך האב עס אליין געזעהן מיט מיינע אויגען — האט זיך יענער פאנאנדערגעלאכט — יע, איך בין פערבייגעגאנגען דעם פלאץ וואו דיין שוועסטער פיטערט איהרע שאף און איך האב בעמערקט ווי זי שטעהט מיט עמיאל'ן. איך האב זיך אומבעמערקטער הייט דערנעהנטערט און געהערט ווי ער האט פאר איהר ליעבעס לידער געזונגען און זי האט איהם אויך געענטפערט און דערנאך האט עמיאל איהר א קוש געטהאן!... נו, וואס וועסטו יעצט זאגען!...

— איך וועל דיר זאגען אז אין מיינע אויגען ביזטו נאך יעצט א גרעסערער ליגנער ווי פריהער... ווארט, איך וועל זיך נאך מיט דיר אפרעכענען, ווען שולמית וועט קעניגין ווערען...

— זי וועט אזוי ווערען קעניגין, ווי איך וועל ווערען קעניג!

— איך וועל דיר באלד ציינען — האט ער אויפגעהויבען זיין האנט און זיך פערמאסטען איהם צו שלאגען!

די איבעריגע האבען זיי פאנאנדערגעטיילט און שולמית'עס ברידער האבען מיט צארן זיך אפגעקעהרט פון דער גרופע און אוועק אהיים...

אויפ'ן וועג האבען זיי זיך צווישען זיך דורכגעשמועסט: — מיר דארפען זעהר פארזיכטיג זיין ווי מיר וועלען ריידען צו שולמית'ן זי קען זיך נאך בעלייידיגען און אונז גארנישט וועלען אפילו ענטפערען — האט דער מיטעלסטער ברודער זיך אפגערופען.

— דו לאז דאס איבער צו מיר! איך וועל שוין וויסען ווי אזוי צו ריידען מיט איהר און אלס עלטסטער ברודער, וועט זי מיר אלעס ערקלערען.

— און מיר דוכט זיך אז שולמית אליין ליינט נישט קיין גרויסע האפענונג אויף דעם דאס זי זאל ווערען די קעניגין... נישט איין מאל האב איך געהערט

ווי זי האט געזאגט אז מיר זאלען זיך אלע ארויסשלאגען אזעלכע געדאנקען פון קאפ — האט דער אינגסטער ברודער א זאג געטהאן.

— און צוליעב וואס קומט דער קעניג אהער אין שולם? ווען ער וואלט איהר נישט געליעבט וואלט ער דאך אהער נישט געקומען!...

— איך האב אבער לעצטענס בעמערקט אז דעם פאטער'ס פנים קוקט אויס זעהר אומעטיג... און ווען ער וואלט געווען זיכער אז שולמית וועט ווערען דעם קעניג'ס פרוי, וואלט ער דאך בעדארפט פרעהלאך זיין...

— און איך האב נישט דעם מינדסטען צווייפעל אז שולמית וועט קעניגין ווערען און מיר וועלען נאך אלע פאהרען נאך ירושלים — האט דער אינגסטער ברודער אויסגערופען, ווען זיי זיינען שוין געווען אין הויז.

---

אויף מארגען, אין א קורצע ווייל נאכדעם, ווי שולמית איז אוועק אין פעלד, איז אנגעקומען א רייטער אין שולם און אנגעזאגט אז דער קעניג שלמה קומט אן.

גלייך זיינען די גאנצע שטאדט ארוים דעם קעניג מקבל פנים זיין... אלע האבען מיט גרויס אומגעדולד געווארט צו זעהן דעם קעניג... און א זייט איז געשטאנען יורם, זיין פרוי און זיינע פינף זיהן.

— פאטער! — האט זיך דער עלטערער זוהן אפגערופען — איך מוז געהן רופען שולמית'ן פון פעלד! איך וועל איבערנעהמען די שאף, און זאל זי שנעל קומען אהיים, זיך ארומוואשען און אומבייטען איהרע קליידער...

— ניין, מיין זוהן! זאל זי בלייבען אין פעלד!

— אבער דער קעניג!

— אזוי איז געווען איהר פערלאנג!

— גוט, איך וועל איהר איבערלאזען אין פעלד מיט די שאף, און איך וועל איהר בלויז אנזאגען אז דער קעניג איז אנגעקומען אין שלום...

— דאס דארפסטו איהר אויך נישט אנזאגען — האט דער פאטער טרויעריג געזאגט — זי וועט שוין אויסגעפינען אהן דיר...

— און פיעלייכט וועט דער קעניג איהר אין פעלד דערזעהן?! — האט ער אויסגערופען צושראקען. איך האב מורא אז ער וועט נאך בעמערקען עמיצ'ן... א, פאטער לאז מיר לויפען שנעלער.

— ניין!

— איך ווייס נישט וואס עס האט פאסירט מיט דיין פאטער, לעצטענס? — האט שולמית'ס מוטער זיך אפגערופען צו איהר זוהן... עפעס טראגט ער זיך ארום מיט סודות און איך קען איהם גארנישט פערשטעהן...

— דער קעניג קומט אן. אלע מיידלעך פון שטאדט פערזאמלען זיך איהם צו בעגריסען און שולמית, צוליעב וועמען ער קומט, איז נאר אין פעלד!... און דער פאטער לאזט מיר אפילו נישט איהר געהן צוריקרופען — האט זיך דער עלטערער זוהן גענומען בעקלאגען פאר זיין מוטער — דער קעניג וועט זיכער זיין אין כעס!

— זעהסטו נישט, יואל ווי אלע ווענדען אן זייערע בליקען אויף אונז... אלע זיינען אונז מקנא און ער איז אזוי טרויעריג! יואל קום צו נעהענטער צו

די טויערן! מיר זיינען דאך די אמת'ע מחותנים! פארוואס שטעהן מיר אן א זייט?!...

דער קעניג קומט! דער קעניג קומט! — האבען זיך געהערט געשרייען... אלעמענס פנימ'ער האבען געפלאמט פון פרייד... אזא גרויסע געשעהעניש קומט פאר אין זייער שטאדט... דער קעניג שלמה בעהערט זיי מיט זיינעם א בעזוך...

די טויערן פון שטאדט שולם זיינען ברייט געעפענט געווארען און דער קעניג שלמה אין בעגלייטונג פון בניהו דער זוהן פון יהוידע, זיין שר צבא און נאך איינע בעאמטע איז ער אריינגעפאהרען אין שטאדט.

— לאנג לעבען זאל אונזער קעניג שלמה!

— ברוך הבא! — האבען שטימען אויסגעשריען. די פארשטעהער פון שטאדט זיינען איהם ענטקעגען געגאנגען מיט ברויט און זאלץ... דער קעניג האט זיך פאר אלעמען פערנייגט און זיך פריינדליך בעגריסט מיט יעדען איינעם.

— און וואו איז שולמית און איהר משפחה? — איז געוועזן שלמה'ס ערשטע פראגע.

א שטילקייט האט געהערשט ארום... און דער הויפט פון שטאדט האט זיך גענומען ארומקוקען... און ווען ער האט דערזעהן יורם'ן אן א זייט, האט ער זיך גלייך פערנייגט פאר'ן קעניג און זיך אפגערופען:

— אן שטעהען זיי דארטען! מיין האר קעניג.

— פארוואס קומען זיי נישט צו נעהענטער! — האט שלמה אויסגערופען.

דער הויפט איז גלייך צוגעגאנגען צו יורם'ן און געזאגט:

— פארוואס שטעהט איהר אלע אן א זייט, קומט שנעלער צום קעניג... זיין ערשטע פראגע איז געוועזן וועגען אייער משפחה און שולמית'ן...

יורם, זיין פרוי און זיינע זיהן, זיינען צוגעקומען נאהענט צום קעניג.

דער הויפט האט זיי פארגעשטעלט:

— דאס איז יורם, דער פאטער פון שולמית, און זיין משפחה!

— און וואו איז שולמית?! — האט דער קעניג אויסגערופען מיט פערוואונדערונג — איז זי דען נישט געזונט.

יורם'ס פנים האט זיך געביטען סאלירען... ער איז געשטאנען פאר שלמה'ן א צוטומעלטער און א דערשראקענער, און האט נישט געוואוסט וואס צו ענטפערען דעם קעניג...

— אונזער האר קעניג פרעגט וואו איז דיין טאכטער שולמית — האט דער הויפט ווידערהאלט שלמה'ס פראגע.

— מיין טאכטער... ע... זי איז אין פעלד... זי פיטערט די שאף... זי האט זעהר ליעב צו פיטערען די שאף... — האט יואל געשטאמעלט.

— שולמית איז אין פעלד מיט די שאף! — האט דער קעניג איבערגעפרעגט.

— אויב מיין האר קעניג וועט מיר ערלויבען, וועל איך איהר גלייך געהן רופען פון פעלד — האט שולמית'ס עלטערער ברודער זיך אפגערופען — עס איז נישט ווייט פון דאנען... זי האט זעהר ליעב די פעלדער, די שאף... עס דערמאהנט איהר אן איהרע קינדער יאהרען!... אט וועט זי באלד קומען... דער קעניג טוט אונז אן גרויס כבוד... מיר שעצען זיך גליקליך דאס דער קעניג... אט געה איך איהר רופען...

— ניין! — האט זיך שלמה אפגערופען מיט א שמייכעל אויף זיינע ליפען — איך וועל אליין געהן אין פעלד! דו וועסט מיר בלויז אנצייגען דעם וועג... אלע מיינע בעגלייטער וועלען פערבלייבען אין שטאדט... איך וועל אהין געהן צו פוס...

— מיין האר קעניג! — האט יורם זיך אפגערופען א דערשראקענער — הם, זאל מיר דער קעניג ענטשולדיגען...

יורם האט פלוצלונג דערפיהלט א ציה ביי זיין ארבעל און דערזעהענדיג זיין פרוי, האט ער זיך אפגעשטעלט...

— האסטו עפעס געוואלט זאגען? — האט שלמה איהם א פרעג געטהאן.

— ניין, מיין האר קעניג — האט זיך יורם פערנייגט — איך האב געוואלט בלויז זאגען דאס דער קעניג זאל זיך נישט מטריח זיין... איינער פון מיינע זיהן וועט אהין געהן...

— שולמית האט ביי מיר פערדיענט דאס איך זאל אליין געהן זיך זעהן מיט איהר! — האט דער קעניג ווייטער געשמייכעלט... זאל נאר איינער פון דיינע זיהן מיר אנצייגען דעם ריכטיגען וועג, און נאכהער קען ער זיך צוריקקעהרען אין שטאדט.

שלמה איז ארונטער פון זיין קארעטע און האט א וואונק געטהאן צו יורם'ס עלטערען זוהן, ער זאל מיט איהם מיט געהן...

— מיין האר קעניג! — האט זיך בניהו זיין שר צבא, צו איהם אפגערופען — זאל איך מיטשיקען איניגע גבורים צו בעגלייטען דעם קעניג אויף'ן וועג... מיין האר איז דאך אויף דעם וועג קיינמאהל נישט געווען... און ווער ווייס אויב עס איז נישט קיין סכנה אליין צו געהן...

— ניין, בניהו, עס איז נישט נויטיג! — האט שלמה געענטפערט — דער וועג איז א קורצער און יעצט איז נאך גרויסער טאג... איך וועל בלויז מיטנעהמען מיין שווערד... קום לאמיר געהן!

שלמה און יורם'ס עלטערער זוהן האבען זיך געלאזען אין וועג, און די אלע פערזאמעלטע האבען מיט נייגיריגע בליקען זיי נאכגעפאלגט ביז וואנען מען האט זיי שוין מעהר נישט געקענט זעהן.

א ווײלע האט געהערשט א שטילקייט צווישען די פערזאמעלטע נעבען די טויערען פון שטאדט. יעדער איינער איז געשטאנען פערגאפט... דער קעניג שלמה, דער קליגסטער פון אלע קעניגען, איז דא נאר וואס געשטאנען פאר זייערע אויגען.. יעצט איז שוין ביי קיינעם קיין ספק נישט געווען אז שולמית וועט ווערען די קעניגין פון ארץ ישראל...

ביסלעכווייז איז די שטילקייט אונטערבראכען געווארען און מען האט זיך אנגעפאנגען צו שושקען איינער דעם צווייטען אין די אויערען.

— איך האב אבער גלייך געזאגט אז דער קעניג קומט בעזוכען אונזער שטאדט צוליעב שולמית'ן... אלע ווייסען אז ער איז אין איהר שטארק פערליעבט...

— דו האסט דאך מיר אבער פריהער פערטרויט דעם סוד, אז שולמית איז פערליעבט אין עמיאל'ן...

— ווייס איך וואס? זי וועט אויפגעבען דעם קעניג צוליב עמיאל'ן דעם פאסטוך!

— איך בין זיכער, אז זי האט זיך דאס מיט עמיאל'ן א רייץ געטהאן.

— וואס דען ? ! א נאר וועט זי זיין ! זי דארף דאך זיין די גליקליכסטע מיידעל אין גאנץ ארץ ישראל. א קליינינקייט ! די פרוי פון דעם בעליעבסטען און קלינגסטען אידישען קעניג !

— און נישט נאר איז ער גרויס אין חכמה און געלערנקייט, אבער ער איז אויך וואונדער־שעהן... קומסטו צוגעהן און ווילסט אונז איינריידען אז שולמית האט גאר ליעב דעם פאסטוך, עמיאל !

— האב איך דאס דיר דען געזאגט ? אזוי האט מען מיר דערצעהלט !... נאר יעצט פערשטעה איך אז מסתמא האבען דאס עטליכע נישט פערגינער עס אויסגעטראכט...

— און איך זאג אייך ! — האט זיך איינער וועלכער איז נאר וואס צונעקומען, זיך אפגערופען — עס איז שוין גאר קיין אויסגעטראכטע זאך נישט... איך בין נאר וואס פערביי געגאנגען דעם פעלד, פלוצלונג האט זיך צו מיינע אויערען דערטראגען א געזאנג... איך האב זיך דערנעהנטערט צו דעם פלאץ פון וואנען דאס געזאנג איז געקומען, און וואס דענקט איהר האב איך געזעהן ?!

— וואס ? !

— איך האב געזעהן ווי שולמית זיצט אויף'ן גראז, נישט ווייט פון איהרע שאף און עמיאל זיצט נעבען איהר און זיי זינגען ליעבעס ליעדער.

— ווי לאנג צוריק איז דאס געווען ?

— אט מיט א קורצע ווילע צוריק...

— איך האב מורא אז דער קעניג וועט זיי נאך דארטען טרעפען צוזאמען...

— אויב דאס זאל טאקע אזוי געשעהן, איז רעכט אויף איהר !... זאל דער קעניג זעהן מיט זיינע אויגען, ווי פאלש זי איז.

— אבער פערגעס נישט אז דאס וועט ברייננען שאנדע צו אונזער גאנצער שטאדט... דער קעניג וועט דיינקען אז אלע אונזערע טעכטער זיינען אזוי פערדארבען...

— עפעס גלויבט זיך מיר נישט אויף שולמית'ן זי זאל זיך אזוי אויפפיהרען... בפרט, ווען זי איז שוין אזוי גוט ווי פער'קנס'ט צום קעניג...

— פארוואס זאלסטו ריידען פוסטע דבורים ! שולמית איז נאך נישט פער'קנסט צום קעניג.

— אויב אזוי צוליעב וואס דיינקסטו איז דער קעניג אהער געקומען, צו זעהן דיך און דיין משפחה...

— גענוג שוין שפאס צו מאכען... מעגליך אז דער קעניג האט געהאט אן אנדער כונה מיט זיין בעזוך אין שולם...

— האסטו דען נישט געהערט אז די ערשטע זאך וואס דער קעניג האט געפרעגט איז געווען : "וואו איז שולמית...

— פון דעם איז נאך אלץ קיין ראיה נישט... נאך ווען ועמען דען זאל ער זיך נאכפרעגען נאך דיין טאכטער אדער נאך מיינע טעכטער ?... שולמית איז דאך געווען אין פאלאץ אויף אזא לאנגע צייט...

— ווער ווייס ! ווער ווייס ! — האבען איינינע אידען געקוועטשט מיט די פלייצעס.

— לאמיר בעסער צוגעהן און הערען וואס יורם האט צו זאגען... מיר דוכט, אז דעם קעניג'ס שר צבא רעדט מיט איהם...

די גרופע אידען האבען זיך באלד א לאז געגעבען אין דער ריכטונג וואו יורם און זיין משפחה זיינען געשטאנען...

אלע אידען פון שולם וועלכע האבען זיך פערזאמעלט צו בעגריסען דעם קעניג, האבען יעצט נאכדעם ווי ער איז אוועקגעגאנגען מיט יורם'ס עלטערען זוהן גענומען אנווענדען זייערע בליקען אויף יורם'ן... זיי האבען גלייך בעמערקט ווי ער שטעהט א צושראקענער, א פערלארענער, זיין פנים איז בלאס און פון זיינע אויגען קוקט ארויס יאוש און פערצווייפלונג... און אט דערנעהענטערט זיך צו איהם בניהו, שלמה'ס שר צבא... זיי שטריינגען אן זייערע אויגען און אויערען און הערער ווי בנידו ווענדעט זיך פריהער צו דעם הויפט פון שטאדט:

— איז דאס מעגליך אז דו האסט יורמ'ס משפחה נישט אנגעזאגט אז דער קעניג קומט היינט אן ?!

— נעווים, האב איך זיי אנגעזאגט, מיין האר! — ענטפערט איהם דער הויפט — ווי נאר די שלוחים זיינען אנגעקומען אין שטאדט און מיר מודיע גע־ עוון, האב איך קיין רגע נישט פערלארען און גלייך אוועק צו יורם'ן און איהם אנגעזאגט. מיין האר קען פרעגען יורם'ן אויב איך זאג ניט דעם אמת...

בניהו האט זיך אפגעווענדעט פון איהם און זיך אפגערופען צו יורם'ן:

— איך קען נישט פערשטעהן, ווי אזוי דו האסט געקענט אוועקשיקען היינט דיין טאכטער אין פעלד, ווייסענדיג אז דער קעניג קומט באלד אן... האסטו דען נישט געקענט שיקען איינעם פון דיינע זיהן אין פעלד מיט די שאף אנ־ שטאדט שולמית'ן ?...

— מייר האר וועט מיר ענטשולדיגען... הם. ער.... ע... — האט זיך יורם גענומען פלאנטערען מיט'ן צונג איך האב נישט געוואוסט...

— וואס ? דו האסט נישט געוואוסט ? — האט דען דיר דער הויפט פון שטאדט נישט מודיע געווען ? — האט בניה געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— את יע, ער איז צו מיר גלייך געקומען אין הויז... אבער שולמית... איך מיין ע...

— מיין מאן איז אזוי איבערראשט פון דעם קעניג'ס בעזוכען אז ער איז גאר צוטומעלט געווארען און ווייס נישט וואס ער רעדט — האט זיך יורם'ס פרוי אפגערופען מיט א שמייכעל... ער מיינט אז פון גרויס שמחה און אויפרע־ גונג האבען מיר פארגעסען אנצוזאגען שולמית'ן וועגען דעם... ווייל זי איז גאנץ פריה אוועק אין פעלד...

— מאדנע מענשען זיינען אט די קליינשטעדטעלדיגע — האט בניה אפגע־ רופען צו זיינע מענשען און א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס — עס איז מיר שווער זיי צו פערשטעהן...

---

יענעם פריהמארגען איז שולמית אויפגעשטאנען נאך פריהער ווי געוועהנליך... זי האט געוואלט וואס גיכער אוועקגעהן פון הויז כדי אויסצומיידען די פראגעס פון איהר מוטער און איהרע ברידער... אבער ווען זי איז ארויסגע־ גאנגען צו די שאף, האט זי שוין געזעהן איהר שטעהענדיג אין דרויסען.

— אזוי פריה, מוטער! — האט שולמית אויסגערופען.

— יע, מיין טאכטער — איז די מוטער צו איהר צוגעגאנגען — עפּעס האָט מיר היינט נישט געלאָזען שלאָפען — א קליינינקייט אזא זעלטענע פּאסירונג... דער קעניג קומט דאך היינט אין שטאדט!

— יע, ליעבע מוטער עס איז א גרויסע געשעהענים. דער קעניג שלמה בעעהרט אונזער שטאדט מיט זיין בעזוך — האָט שולמית זיך בעמיהט צו פערטרייבען איהר אומעט.

— און פערגעס נישט מיין קינד, אז דער קעניג קומט עס בלויז צוליעב דיר — האָט איהר מוטער א פרעהליכע געזאָגט — אבער דו שולמית, איך קען נישט פארשטעהן פּארוואָס דו האָסט זיך אזוי איינגע'עקשנ'ט און ווילסט זיך צו מיר און דיינע ברידער נישט צוהער'ען... אפשר וועסטו זיך פּארט בעזיינען און פערבלייבען היינט אין דער היים... איינער פון דיינע ברידער וועט דיר אויף דיזען טאָג פערבייטען...

— אח מוטער, איך בעט דיר, רייד מעהר נישט וועגען דעם.. אזוי האָב איך בעשלאָסען... איך וועל היינט ווי יעדען טאָג געהן מיט די שאָף אין פעלד...

— אבער ער וועט קומען און זיך נאָכפרעגען אויף דיר.

— ווענסטו איהם זאָגען, אז איך בין אין פעלד.

— עס רעדט זיך ביי דיר איהם זאָגען! — האָט די מוטער איהר נאָכגעקוקט מיט פערשיעדענע בליקען... עפּעס איז דאָס גאר ביי דיר א קליינינקייט! ער וועט זיכער אין כעס ווערער און וועט זיין גערעכט אויך...

— מוטער, איך האָב דיר געבעטען דו זאָלסט וועגען דעם נישט זארגען, היינט ווערסטו אלעס פערשטעהן... דערווייליע האַלט מיר נישט אָפּ... איך וועל מיינע שאָף אין פעלד טרייבען...

— געה מיט שלום מיין טאָכטער! — האָט די מוטער געזאָגט און ארויסגעלאָזען א שטילען זיפץ — אה, ווי דו האָסט זיך געענדערט.

אין שטאָדט האָבען נאך אלע רוהיג געשלאָפען ווען שולמית האָט איהרע שאָף צום פעלד געטריבען... איינער אבער איז געווען וואך, און דאָס איז געווען עמיאל... ער אי זאויך גאנץ פריה אויפגעשטאנען... זיין הארץ האָט אין איהם שטארק געקלאָפּט... היינט וועט ער וויסען אויב שולמית ווערמינט ער ליעבט מעהר פון אלעם אין דער וועלט, וועט געהערען צו איהם... ער צווייפעלט נישט אז שולמית האָט איהם איך ליעב... זי האָט דאך איהם אזוי פערזיכערט... זיא וויל אז דער קעניג זאל אליין מיט זיינע אויגען צוזעהן ווי זיי ליעבען זיך...

אין דערזעלבער צייט האָט עמיאל געפיהלט, אז עפּעס דריקט איהם אויף דער נשמה...

— ווער בין איך — האָט ער זיך געטראכט — דאָ ששולמית זאל אומבייטען דעם קעניג אויף מיר.. דער קעניג וועט איהם דערזעהן... זיין הארץ האָט אין איהם געשראָקען... ער האָט גענומען בעוואונדערען ווי אזוי שולמית וואגט צו טהאָן אזא זאך... אמת ער זעהט, אז זי איז אפטמאל אזוי אומעטיג, און איהרע ליעדער זיינען אזוי מעלאנכאליש... דאָס איז געווים וואָס זי איז נישט זיכער ווי דער קעניג וועט רעאגירען, ווען ער וועט אויסגעפינען אז שולמית האָט נאָר ליעב איהם, עמיאל'ן... באלד האָט עמיאל ווידער גענומען טראכטען! ווער ווייס אויב עס שטעקט פאר ביידען נישט קיין סכנה, ווען דער קעניג זאל אין כעס ווערען אויף ביידען... פאר איהם אליין ארט איהם ניט, אבער טאָמער וועט געטהאָן

ווערן שלעכטעס צו שולמית'ן, אבער ניין... שולמית קען דעם קעניג זעהר גוט און ווען זי זאגט אז ער וועט זיי נישט צווינגען אויפצוגעבען זייער ליעבע, ווייס זי זיכער וואס זי רעדט...

וואס מעהר שולמית האט זיך דערווייטערט פון שטאדט, אלץ גרעסער איז געווארען איהר טרויער... היינט וועט איהר גליק אויף עוויג פערשוואונדען ווער־רען... איהר ליעבע צו שלמה'ן איז געוועזען אזא וואונדערבארער און ליעבליכער טרוים... פריהער האט זי אפילו נישט געוואגט צו חלומ'ען וועגען דעם... און שפעטער ווען דער קעניג האט פאר איהר זיין הארץ געעפענט, איז איהר גליק פערפולט געווארען... דער קרבן וואס זי ברייגנט פאר איהר ליעבע צו איהם איז זעהר גרוים... אבער זי וועט איהם דאמיט זעהר א גרויסע טובה טאהן... זיינע שונאים וועלען אויף איהם קיין שלעכטעס נישט קענען ריידען... דאס וועט זיכער אויך צופריעדענשטעלען זיין מוטער בת שבע...

כאטש זי האט אימער צו ליעב געהאט בת שבע'ן, און זי איז זיכער אז בת שבע איז אויסען געווען די טובה פון איהר אייגענעם זוהן, ווען זי האט איהר געבעטען אפצואווענדען שלמה'ס ליעבע פון איהר, דאך פיהלט שולמית צייטענ־ווייז א שטיקעל כעס אויף בת שבע'ן... ווי אזוי האט זי דאס פון איהר געקענט פערלאנגען אזא שווערען קרבן ? האט זי דען אמאל אליין נישט געליעבט... האט זי זיך דען דאן גערעכענט וואס דאס פאלק וועט זאגען ווען דוד האט מיט איהר חתונה געהאט... קיין זאך איז איהר אין וועג נישט געשטאנען... און דא, בעט זי איהר אויפגעבען איהר ליעבע צו שלמה'ן כדי זיינע שונאים זאלען נישט קענען ריידען קיין שלעכטעס אויף איהם... אמת, בת שבע האט עס פון איהר נישט גע־פאדערט, זי האט בלויז אויסגעדריקט איהר מורא פאר שלעכטע פאלגען... זי האט בלויז געעפענט איהרע אויגען דערצו... ניין זי קען ניט באשולדיגען בת שבע'ן אין בייזוויליגקייט.. ווען זי וואלט געוואוסט אז איהר ליעבע וועט שאדען שלמה'ס מלוכה, וואלט זי דאך אליין אויך אזוי געהאנדעלט... דער כבוד פון דעם קעניג און זיין גליק, שטעהט ביי איהר העכער פון איהר אייגען גליק...

— שולמית ! האט פלוצלונג א שטימע אונטערבראכען איהרע געדאנקען.

שולמית האט זיך אומגעקעהרט און האט גלייך דערזעהן עמיאל'ן.

— א עמיאל ! — האט שולמית זיך בעמיהט צו באגריסען איהם מיט א פרעהליכען פנים — דו ביזט היינט אויך געקומען גאנץ פריה. און וואו זיינען דיינע שאף ?

— ווען איך האב דיך פון ווייטען דערזעהן, האב איך די שאף איבערגעלא־זען אוויילע אין טהאל און איך בין דיר ענטקעגען געקומען — יעצט זאג מיר וואו וועסטו פיטערן דיינע שאף, וועל איך אהין אויך מיינע שאף ברייגנען.

— איך וועל זיין אויף דעם זעלבען פלאץ וואו נעכטען — האט שולמית געענטפערט — זאלען זיך דיינע שאף דערווייליע פיטערן אין טהאל און אביסעל שפעטער וועסטו זיי צוטרייבען צו דעם זעלבען פלאץ, וואו מיינע געפינען זיך...

— און דאן ? ! — האט עמיאל געפרעגט מיט א גליקליכען שמייכעל.

— דאן וועלען מיר ווידער פערברייגנען ווי נעכטען, דו וועסט מיר ליעדער זינגען און איך וועל זיך צו דיר צו הערען מיט פערמאכטע אויגען און חלומ'ען פון אונזער גליקליכער צוקונפט...

— א שולמית! ווי גרויס מיין ליעבע איז צו דיר! — האט עמיאל נע־זאגט — איך בין דאך אזוי גליקליך. וואס דו האסט מיר אויסדערוועהלט...

— יעצט געה, מיין ליעבסטער — האט שולמית צו איהם געזאגט מיט א פריינדליכען פנים און זאם זיך נישט צו לאנג...

— אה, ניין איך וועל באלד צוריקקומען. — האט עמיאל געזאגט און אראפגענידערט אין טהאל.

שולמית איז ווידער געבליבען אליין מיט איהרע געדאנקען... זי איז זיכער אז דער קעניג וועט באלד קומען צו איהר אין פעלד... ער וועט זעהן עמיאל'ן געבען איהר ער וועט הערען דאס געזאנג פון ליעבע... א שוידער געהט דורך איהר לייב. ווען זי נעהמט זיך פארשטעלען וואס דער קעניג וועט טראכטען פון איהר... ער וועט איהר האסען ער וועט איהר פעראכטען. ער וועט זיך אפילו אויף איהר נישט וועלען אומקיקען... און ווער ווייס אויב פון זיינע ליפען וועט זיך קיין פלוך נישט ארויסרייסען... ער וועט איהר האלטען פאר א לייכטזיניגע... פאר א פאלשע פאר א בעטריגעריין... מעגליך אז ער וועט איהר דאס זאגען גלייך אין פנים אריין... אה ווי שרעקליך! ער האט געמאכט אזא ווייטע רייזע צוליעב איהר... און יעצט?... ווי גרויס וועט זיין ענטוישונג זיין! און וואס וועלען אלע אין שטאדט זאגען... איהרע עלטערען און איהרע ברידער, וועלען זיי דען איהר וועלען פערשטעהען?!... איהר מוטער'ס גליק וועט צושטערט ווערען... און די פרייד און שטאלץ פון איהר משפחה וועט אין אומעט און אין שאנדע פערוואנדעלט ווערען... דארף דען נישט דאס גליק פון איהר מומער זיין ביי איהר אזוי טייער ווי דאס גליק פון שלמה'ס מוטער?.. אבער ניין, שלמה'ס גליק אליין איז דאמיט פערוויקעלט זי מוז איהם אויפגעבען... און ווי שלעכט די פאלגען זאלען נישט זיין, וועט זי טהאן ווי זי האט פערשפראכען צו בת שבע'ן...

שולמית האט פון ווייטען בעמערקט עמיאל'ס שאף געהען לאנגזאם אויף דעם בארג און באלד האט זי דערזעהן עמיאל'ן...

זי האט זיך אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ און איהם ענטקעגען געגאנגען.

א פרייד האט זיך ציגאסען אויף עמיאל'ס פנים ווי ער האט דערזעהן שולמית'ן... זי האט אין זיינע אויגען יעצט אויסגעזעהן נאך שעהנער ווי פריהער... ער איז אזוי בעגייסטערט און ענטציקט געווארען אז ער האט אויף א וויילע קיין ווארט נישט געקענט ארויסריידען... ער האט איהר אנגענומען פאר'ן האנט און טיעף אריינגעקוקט אין איהרע אויגען.

— אה ווי גרויס איז ערהאבען איז ליעבע! — האט עמיאל אויסגערופען מיט צערטליכקייט... עס איז נישטא עפעס שעהנע־ס און העכערעס ווי ליעבעס פרייד... דאס איז דאס העכסטע גליק מיט וואס גאט האט דעם מענשען גע־בענשט דורך זיין לעבען... אלע איבעריגע זאכען אין דער וועלט זיינען אזוי נישטיג און אזוי ווערטהלאז אין פערגלייך מיט דער ריינער הייליגער ליעבע...

„ווי פראכטפול און ווי זיס,
ביזטו א, ליעבעס גענוס!"

שולמית האט בעטראכט עמיאל'ן... זי האט יעצט געפיהלט דעם פייער פון זיין ליעבע צו איהר... יע, גרויס און מעכטיג איז זיין ליעבע צו איהר... נישט אזוי־

שנעל קען אזא הייליגער ליעבעס פלאם פערלאשען ווערען... זיינע אויגען האבען איהר ליעבע אין זייז האַרצען פערזיגעלט... עס איינגעזאפט אין זיין נשמה... יע, איז בין פאר איהם און ער איז פאַר מיר!

שולמית האט גענומען צו איהם זינגען:

„ווי א זיעגעל אויף דיין הארץ וויל איך זיין!
ווי א זיעגעל אויף דיין האנט, ליעבסטער מיין!
ווייל שטארק ווי דער טויט איז ליעבעס מאכט,
פורכטבאר ווי די גרוב איז אייפערס קראפט!
ווי פונקען גליהענדע איז ליידענשאפט,
ווי א געטליך פלאם איז ליעבעס פראכט!
פיעלע וואסערען קענען נישט לעשען ליעבעס דורשט,
און טייכען קענען עס נישט פערשווענקען!
ווען איינער באַט זיין גאנץ רייכטום אַן פאר ליעבע,
וואָלט מען איהם מיט פעראכטונג פערדענקען”...

— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

שלמה איז לאנגזאם געגאנגען דורך די לאנקעס אין די בעגלייטונג פון שולמית'עס עלטערען ברודער. ארום איז געווען שטיל, מען האט געקענט הערען זייערע פוס־טריט אויפ'ן ווייטען גראז.

— זאג מיר, ווי קוקט דיין שוועסטער אויס — האט שלמה זיך צו איהם אפגערופען — איך האב שוין שולמית'ן אזא לאנגע צייט נישט געזעהן...

— אין די אויגען פון איהר ברודער קוקט זי אימער אויס שעהן און רייצענד, מיין האר קעניג — האט ער איהם געענטפערט מיט א שמייכעל.

— יע, ווי א רויז צווישען דערנער אזוי איז זי צווישען טעכטער! — האט שלמה צוגעגעבען.

איך בין זעהר צופריעדען וואס איך האב איהר נישט געטראפען אין שטאדט... איך וויל איהר בעגעגענען אלס הירטין, וועלכע פיטערט איהרע שאף צווישען די ליליעס... א ווי בעצויבערנד און פרעכטיג עס וועט זיין צו טרעפען שולמית'ן אין די פראכטפולע זעלדער וואס זיינען בעציערט מיט פערשיעדענע וואונדערשעהנע בלומען. זאג מיר, איז עס נאך ווייט צו יענעם פלאץ וואו דיין שוועסטער פאשעט די שאף?

— ניין מיין האר קעניג. עס איז נישט ווייט... אט דארטען אויף יענעם בערגעל... ווען דער קעניג וועט מיר ערלויבען, וועל איך א פריהער לויפען איהר אנזאגען און זי וועט דעם קעניג ענטקעגנען קומען!

— א, ניין! — האט שלמה אויסגערופען — דו בעסער קעהר זיך צוריק אין שטאדט, איך וועל שוין אליין טרעפען דעם פלאץ... איך וויל אימער איבערראשען...

ער האט זיך פארנויגט פאר'ן קעניג און זיך צוריקגעקעהרט קיין שולם.

שלמה האט יעצט פערשנעלערט זיינע טריט... זיין הארץ האט גענומען פעסטער קלאפען... באלד, באלד וועט ער זעהן די וועלכע ער האט אזוי ליעב... ער וועט הערען איהר זיסע שטימע... איהם וואונדערט זיך אויף זיך אליין ווי אזוי

ער האט געהאט אזוי פיעל געדולד צו ווארטען ביז יעצט... זיין ליעבע צו שולמית'ן, האט זיך, דורך דער צייט פון איהר אבוועזענהייט, נאך מעהר פעסטשטארקט... יע, ער וועט איהר יעצט מיטנעהמען צו זיך אין פאלאץ... יי וועט שוין מעהר קיינמאל נישט איהם פערלאזען... איהר משפחה וועט אויך וואהנען אין ירושלים, און ווען זי וועט זיך נאך זיי פערבענקען, וועט זי נישט דארפען געהן אזוי ווייט...

א פרייד צוגיסט זיך איבער זיין גאנצען קערפער, אלע זיינע אברים יובעלן און זינגען דעם געזאנג פון ליעבע... ער נעהמט זיך דערמאהנען די וואונדערשעהנע ליעדער וואס שולמית האט צו איהם געזונגען אין זיין גארטען... ער געדענקט יעדער ליעד... ער זינגט זיי איבער פאר זיך:

דיינע קושען, ליעבסטער מיין,
זיינען זיסער פון דעם וויין
ווי דער רי חפון פארפיום
גרייכט דיין נאמען אומעטום...
איך לויף, דו ציהסט מיר צו זיך
אין דיין צימער ברענג מיר גיך
לוסטיג פרעהלאך וועלען מיר דארט זיין;
דיין ליעבע בערוישט מיר מעהר ווי וויין...
שעהן ביזטו, מיין ליעבסטער און זיס,
ווי אונזער ליעבע רייף און פריש...

שלמה דערמאהנט זיך אז ער האט דיזעם ליעבעס ליעד צום ערשטען מאל געהערט פון שולמית'ן... ער געדענקט גאנץ גוט יענעם וואונדערבארען פריהמארגען, ווען ער איז אין זיין גארטען אריין און איהר זיסע שטימע האט איהם צו זיך געצויגען... און ווען ער האט זיך דערנעהענטערט און איהר שעהנעם פרעכטיגען פנים דערזעהן, איז ער אזוי בעצויבערט געווארען אז ער איז געבליבען שטעהן בעוועגלאז... און נאך יעצט. וואונדערט איהם ווי ער האט איהר ביז דאן נישט באמערקט... כאטש ער פלעגט איהר יעדען טאג זעהן... ער איז זיכער אז אזא שעהנקייט ווי שולמית איז אין גאנץ ארץ ישראל נישטא .. און באלד וועט ער איהר זעהן... ער וועט איהר זעהן אלם הירטין, אליין וועט זי אין פעלד זיין, דארט פיטערט זי איהרע שאף, אזוי רוהיג און געלאסען, און מעגליך אז זי זינגט נאך דארט יעצט וואונדערשעהנע ליעדער... זי מוז זיכער בענקען נאך איהם ווי ער בענקט נאך איהר...

שלמה האט זיך דערנעהענטערט צום בארג... ער האט גענומען אנרייסען שעהנע בלומען וואס האבען געוואקסען אויף'ן וועג... ער וועט איהר בעגריסען מיט די שמעקענדע בלומען... ער וועט א קרוין פון די בלומען פלעכטען און איהר קריינען דא, וואו די נאטור איז אזוי פרעכטיג, פאר זיין קעניגין...

פלוצלונג האט שלמה דערהערט א שטימע... ער האט א ווילע אפגעשטעלט זיין קלעטערען אויף דעם בארג... יע, דאס איז די זיסע שטימע פון שולמית'ן...

זי זינגט א נייעס ליעבעס ליעד... זי ערוואַרט איהם... זי פיהלט אז ער קומט אן... שלמה שטרענגט אן זיינע אויערען און ער הערט:

„פיעלע וואַסערען קענען נישט לעשען ליעבעס-דורשט
און טייכען קענען עס נישט פערשווענקען.

— אה ווי האַרציג זיס הילכט אָפּ איהר שטימע אין דער שטילקייט פון פעלד — אין שלמה'ס בעגייסטערונג נאך מעהר געשטיגען... ווי אנדערש שולמית איז פון אנדערע פרויען... פיעלע פרויען האט ער געזעהן אבער איינע זי, די געטריוע טויב... און דא דערמאַנט ער זיך ווי ער האט צו איהר זיין ליעד פערפאַסט:

„פילע פּרינצעסינס זיינען דאָ געוועז,
פיעל שעהנע מיידלעך האָב איך געזעהן
אבער איינע איז מיין ליעבסטע, מיין טויב
איינע האָט איהר מוטער געבאָרען,
מיידלאך זעהען איהר און זיינען פול מיט לויב,
פּרינצעסינס פיהלען זיך פערלאָרען."

די זון האט הערליך געשיינט און בעגאָסען אלעס אַרום מיט איהרע גאָלדענע שטראַהלען שלמה האָט זיך געפיהלט אַזוי מונטער און פרעהליך... ער האט מיט באַנייטער ענערגיע און קראַפט גענומען ווייטער קלעטערען דעם באַרג... שולמית'עס שטימע קלינגט נאך העלער און שעהנער... אט איז ער שוין אויף'ן באַרג... ער זעהט איהרע שאָף... דאָרטען לעבען בוים שטעהט זי זיין געליעבטע... אבער זי איז נישט אַליין... ווער קען דאָס זיין! זיין האַרץ האט האַסטיגער גענומען קלאַפּען ער איז נעהענטער צוגעקומען... א יונגער פּאַסטוך שטעהט נעבען איהר... ער האַלט איהר פאַר'ן האַנט... זי זינגט עס צו איהם איהרע ליעבעס ליעדער...

דער קאָפּ האט זיך איהם גענומען דרעהען... די אויגען שווינדלען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א היבשע ווײַלע איז ער אַזוי געשטאַנען און ער האט צו זיך נישט געקענט קומען פון דעם וואס ער זעהט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שולמית האט אינסטינקטיוו גענומען פיהלען דורכדרינגענדע בליקען, און ווען זי האט אויפגעהויבען איהרע אויגען האט זי אויסגעשריען! דער קעניג!

עמיאל האט זיך שנעל א קעהר געטהאן און האט באַמערקט ווי דער קעניג שלמה שטעהט באַוועגלאָז און קוקט אויף שולמית'ן...

א ציטער איז דורכגעגאַנגען זיין קערפּער ווען זיינע בליקען האבען זיך מיט שלמה'ס באַגעגענט...

פּלוצלינג האט ער דערפיהלט ווי שולמית, וועמענס האַנט ער האט געהאַלטען, פאַלט אַנידער אויפ'ן באָדען... ער האט א קוק געטהאָן און גלייך געזעהן אז זי איז אין חלשות געפאַלען...

עמיאל האט איהר קוים דערמינטערט... און ווען שולמית האט איהרע אויגען געעפענט, האט זי אויסגערופען:

— מיין קעניג שלמה!

שלמה אבער איז שוין מעהר נישט געווען.

— איז דאס בלויז א חלום געווען? — האט שולמית גענומען רייבען איהרע אויגען. — האט זיך עס מיר בלויז געדאכט, אז שלמה דער קעניג איז דא נאר וואס געווען?!...

— א, ניין, שולמית, — האט עמיאל געזאגט נאך אלץ ציטערנדיג. — דער קעניג איז דא ווירקליך געווען... איך האב זיינע בליקען געזעהן... אה, שולמית! מיין הארץ שרעקט מיר אזוי... דער קעניג זאל נישט זוכען אונז צו בעשטראפען... זיינע בליקען הא־בען אויף מיר אן אימה אנגעווארפען... ווער בין איך דאס איך זאל זיך קענען פארמעסטען מיט דעם קעניג?!... שולמית, איך בעט דיך, געה צוריק צו שלמה׳ן... פאל דעם קעניג צו זיינע פיס... און ער וועט דיר מוחל זיין... איך בין זיכער אז ער וועט דיר פארשטעהען... און דו וועסט איהם אויך זאגען אז עס איז נישט געווען מיין שולד, דו האסט מיר נישט געזאגט, אז דער קעניג האט דיך ליעב... דו ווייסט דאך, אז דער קעניג וועט נאך זיין גאנצען כעס אויסלאזען אויף מיר און אויף מיין מוטער׳ס הויז...

— ווילסטו איך זאל געהן צום קעניג און איהם איבערבעטען?! — האט שולמית איהם טרוקען א פרעג געטהאן.

— יא, שולמית, דו מוזט זעהן צו שטילען דעם קעניג׳ס כעס אויף מיר, אז נישט בין איך א פארלארענער!... ווער ווייס, אויב ער וועט מיר נישט מיט דעם טויט בעשטראפען, ווי ער האט געטהאן צו אדוניה׳ן, זיין ברודער, וועלכער האט נאר בלויז פארלאנגט זיין הסכמה... דער קעניג האט אליין געזעהן ווי איך האב דיין האנד געהאלטען און ער האט געהערט ווי איך האב צו דיר ליעבעס־ליעדער געזונגען... א, שולמית, העלף מיר... ראטעווע מיר פון זיכערען טויט... איך בין זיכער אז דעם קעניג׳ס צארן האט געברענט אויף אונז ביידען... און ווען ער וועט דיר מוחל זיין, זאלסטו איהם אויך בעטען פאר מיין לעבען... זאג איהם אז איך האב זיך בענארישט...

שולמית איז געשטאנען און געקוקט אויף עמיאל׳ן מיט בליקען פון פער־אכטונג... איהר פנים איז בלאס געווארען און איהרע ליפען האבען געציטערט:

— דו פערלאנגסט איך זאל צום קעניג צוריק געהן! — האט שולמית אויס־גערופען, — אט אזוי שטארק איז דיין ליעבע צו מיר!... דו ווילסט איך זאל פאלען צום קעניג׳ס פיס און זאגען איהם אז דו האסט זיך בענארישט... אט אזוי שטארק און מעכטיג איז דיין ליעבע געווען צו מיר!... דו ציטערסט פאר דיין לעבען... דו ביזט א פייגלינג! און דו האסט מיר קיינמאל נישט ליעב געהאט... איך וויל מעהר נישט דיין פנים אנקוקען! געה פון מיר!

— אה, שולמית, דו ווייסט דאך אז איך האב דיך ליעב... אבער דער קעניג! איז ער נישט וויכטיגער פון מיר?... וועט ער דען מיר שווייגען ווען ער וועט זיך דערוויסען אז איך בין שולדיג אין דעם וואס דו ביזט אפגעפרעמדט געווארען פון איהם?! וואס קען איך האבען פון דיין ליעבע ווען מיין לעבען איז אין סכנה! איך בעט דיך נאך אמאל, שולמית, ראטעווע מיך פון דעם קעניג׳ס צארן.

— געה! — האט שולמית אויסגערופען מיט כעס, — דו מעגסט זיכער זיין אז דער קעניג וועט דיר קיין שלעכטעס נישט טהאן, ער איז נאבעל און גנעדיג און נעווים נישט אזא פייגלינג ווי דו... געה!...

עמיאל איז א ווײלע געשטאנען מיט ארונטערגעלאזענע אויגען און נאכהער האט ער זיך לאנגזאם צוריקגעקעהרט צו זײנע שאף...
אין דער שטילקייט פון פעלד האט זיך אפגעהילכט שולמית'ס געוויין...

עלפטער קאפיטעל

## איינע פון טויזענד קיין רעכטע

שלמה האט זיך באלד צוריקגעקעהרט אין שולם. און צו אלעמענס גרויס איבערראשונג האט ער גלייך באפוילען בניהו'ן זיין געגרייט זיך אומצוקעהרען נאך ירושלים.

דער קעניג האט מעהר נישט דערמאהנט שולמית'ן, און אביתר, און די איבריגע בעגלייטער האבען נישט געקענט פארשטעהן וואס עס איז פארגעקומען.

די גאנצע צייט פון וועג האט שלמה געשוויגען. און ווען ער איז אנגעקומען אין ירושלים, איז זיין מוטער איהם אנטקעגען געקומען און איהם הארציג באגריסט:

— נו, מיין זוהן, האסטו געזעהן שולמית'ן? — האט איהם בת שבע גע־פרעגט.

שלמה'ס פנים איז ווי מיט א וואלקען באצויגען געווארען...

— איך האב איהר געזעהן, מוטער! — האט ער געענטפערט, בעמיהענדיג צו באהערשען זיינע געפיהלען, — לאמיר יעצט דערפון נישט ריידען.

בת שבע האט פון זיין ענטפער פארשטאנען אז שולמית האט איהר פארלאנג ערפילט און זי איז געווען זעהר צופריעדען, און האט מעהר צו איהם נישט גע־רעדט וועגען איהר.

אין איינינע טעג ארום איז געווען ראש חודש, און שלמה האט, ווי זיין שטייגער, איינגעלאדען אלע חכמים צו עסען ביי זיין טיש.

אין מיטען דער סעודה האבען די חכמים זיך צורעדט וועגען חתונה האבען... זיי האבען בכיון געוואלט געבען דעם קעניג אנצוהערען, אז עס איז שוין צייט פאר איהם צו נעהמען א פרוי.

— אין אונזער הייליגער תורה שטעהט געשריבען — האט איינער פון די חכמים זיך אפגערופען — "לא טוב היות האדם לבדו" (עס איז נישט גוט פאר א מאן צו זיין אליין), און יעצט איז געקומען די צייט אז דער קעניג זאל נעהמען א פרוי, כדי די ווערטער פון נביא זאלען מקוים ווערען אז דער טראהן פון דוד'ן וועט עוויג עקזיסטירען.

— יא, — האט נאך איינער פון די חכמים צוגעגעבען, — אין זעלבען פסוק שטעהט געשריבען "אעשה לו עזר כנגדו" (איך וועל מאכען (די פרוי) א הילף געגען איהם), האט דאך געזאלט שטעהן "א הילף פאר איהם", פאר וואס שטעהט "געגען איהם", נאר עס מיינט, אז אויב דער מאן איז ווערטה, איז די פרוי א הילף צו איהם, און אויב ער איז נישט ווערטה, איז זי געגען איהם! און מיר זיינען אלע זיכער, אז די פרוי וועמען דער קעניג וועט אויסקלייבען וועט זיין "א הילף" און נישט "געגען"...

— "א מאן, איינעם צווישען טויזענד האב איך געפונען א רעכטען, — האט שלמה זיך אפגערופען מיט עטוואס פארביטערונג אין זיין שטימע, — אבער א פרוי האב איך אפילו איינע צווישען אזוי פיעל קיין רעכטע נישט געפונען...

— וואס מיינט דער האר קעניג דאמיט! — האט דער עלטסטער פון די חכמים זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ.

— איך מיין, — האט שלמה געענטפערט, — אז צווישען פרויען קען מען זעלטען געפינען איינע וועלכע זאל ליעבען און בלייבען געטריי צו דעם מאן וועלכען זי ליעבט מיט'ן גאנצען הארצען...

— זאל מיר מיין האר קעניג מוחל זיין! — האט נאך איינער פון די חכמים זיך אפגערופען, — אבער איך גלויב, אז די פרוי און דער מאן קענען זיך פאר־גלייכען אין געטריישאפט און אין איבערגעבענהייט...

— ניין! — האט שלמה געענטפערט, — איך קען אייך אלעמען איבער־ציינגען אז איך האב רעכט, — זאל מען אויפזוכען אין מיין לאנד א גליקליכע פאר, א מאן און א פרוי, וועלכע האבען זיך זעהר ליעב און זיינען געטריי און איבערגעבען איינער צום צווייטען מיט לייב און לעבען, און איהר וועט זעהן אויב איך האב רעכט...

די חכמים זיינען געבליבען זיצען אויף זייערע פלעצער און האבען גע־שוויגען.

— ווייסט אימיצער פון אייך וועגען אזא געטרייע און איבערגעבענע פאר פאלק? — האט שלמה זיי געפרעגט.

— איך וויים פון פיעלע אזוינע פאר פאלק! — האט זיך איינער אפגערופען.

— איך וואלט אבער וועלען אז איהר אלע זאלט איינשטימען אז א געוויסע פאר פאלק לעבען זיך זעהר גליקליך און זיינען געטריי און האבען ליעב איינער דעם צווייטען... דאן זאלט איהר מיר קומען באריכטען וועגען דעם און נאכהער וועל איך אייך איבערצייגען אז איך בין גערעכט ווען איך זאג אז א געטרייע פרוי איז שווער צו געפינען אפילו צווישען טויזענד פרויען...

— גיב אונז זיבען טעג צייט און מיר וועלען אויפזוכען אזא פאר פאלק, — האט דער עלטסטער זיך אפגערופען.

— גוט! — האט שלמה געזאגט, — איך גיב אייך זיבען טאג צייט אויפ־צוזוכען אזא פרוי וועלכע זאל אייך אלעמען מאכען צו גלויבען אז זי איז עהרליך און געטריי צו איהר מאן, און דאן וועל איך אייך איבערצייגען אז איך בין גערעכט.

נאך דער סעודה האבען זיך די חכמים בעראטהען וואוהין צו געהן און צו זוכען אזא פאר פאלק.

— איך האב געהערט אז אין ענתות געפינט זיך אזא גליקליכע פאר, — האט איינער זיך אפגערופען.

— אויב אזוי לאמיר אהין געהן, — האבען די איבריגע געזאגט.

---

נישט ווייט פון צפון ירושלים געפינט זיך די קליין שטעדטעלע ענתות. דארטען האבען געוואהנט א יונגע פאר פאלק. דער מאן האט געהייסען נדב, און די פרוי האט מען גערופען מנוחה.

שטיל און רוהיג האבען זיך מאן און פרוי געלעבט. מנוחה האט זעהר ליעב געהאט איהר מאן. זי פלעגט איהם אפט העלפען אין זיין ארבייט... און ווען ער איז געווען פארנומען אין פעלד, פלעגט זי אייניגע מאל א טאג צו איהם אהין קומען און ברייננגען עטוואס צו עסען.

נדב פלעגט אפשטעלען זיין ארבייט, בעטראכטען זיין געטרייע פרוי מיט פיעל ליעבשאפט און אין דער שטילקייט פון פעלד פלעגען אפהילכען זייערע קושען...

— איך בין אזוי גליקליך, מיין ליעבע מנוחה, — פלעגט נדב זיך צו איהר אפרופען, — גאט האט מיר נישט נאר געבענשט מיט אזא שעהנע און ליעבע פרוי, נאר אויך מיט אזא איבערגעבענע און געטרייע...

— און איך לויב און דאנק גאט יעדען טאג, וואס ער האט מיר, דיך נדב, געגעבען פאר מיין מאן, — האט איהם מנוחה געענטפערט מיט א ליעבליכען שמייכעל, — דו ביזט מיר טהייערער פון אלעס אין דער וועלט.

— ווען גאט זאל נאר אונז בענשען און אונז געבען קינדער, דאן וואלט מיין גליק פארפולט געווארען, — האט נדב צוגעגעבען.

— מיין ליעבע צו דיר וועט אויף א האר נישט געמינערט ווערען, ווען אפילו איך וועל קיין קינדער נישט האבען... אזוי לאנג ווי איך האב דיר און דיין ליעבע בין איך צופריעדען, — האט מנוחה ארומגענומען איהר מאן און איהם געקושט.

מיט איינינע יאהר שפעטער האט גאט געהאלפען און מנוחה האט געבוירען א צווילינג צו נדב'ן... זייער שמחה און גליק איז געווען אומגעהייער גרויס... זייער ליעבע און איבערגעבענהייט איינער צום צווייטען איז נאך שטארקער גע־ווארען.

אלע אין שטאדט און ארום האבען גערעדט וועגען דעם גליקליכען פאר... אלע האבען געלויבט זייער געטרייקייט און ליעבע פון מאן און ווייב.

— עס איז א געבענשטע פאר פון גאט! — פלעגט מען אויף זיי זאגען, ווען מען האט זיי צוזאמען באמערקט.

— נישט יעדער איינער איז זוכה צו האבען אזא פרוי, וועלכע א חוץ איהרע מעלות, איז זי אויך אזוי געטריי און איבערגעבען צו איהר מאן.

— א, ווי שטארק זיי האבען זיך ליעב... דאס גליק שיינט דורך זייערע אויגען ווען זיי באגעגענען זיך אין פעלד... און ער, נדב, האט זיך פאר מיר גע־שווארען דאס ער וועט נישט נעהמען קיין אנדער פרוי צו איהר.

יעדעס מאל ווען ער קומט אהיים ברייננט ער איהר א מתנה...

— יא, זיי זיינען די איינציגע מאן און פרוי, וועלכע זיינען אזוי גליקליך... זיי זיינען באשערט איינע פאר דעם צווייטען...

אזוי האבען אלע גערעדט וועגען נדב'ן און מנוחה'ן... זיי זיינען געווארען א מוסטער פאר אין יענעם גאנצען געגענד.

---

ווען די חכמים פון שלמה'ן זיינען אנגעקומען אין ענתות, האבען זיי זיך גלייך נאכגעפרעגט אויף דער וואהנונג פון יענעם גליקליכען פאר.

מען האט זיי געצייגט די וואהנונג, און די חכמים האבען בעשלאסען אז בלויז צווי פון זיי זאלען אריינקומען אין הויז און זיך איבערצייגען ווי ווייט גע־טריי די פרוי איז צו איהר מאן, און ווי שטארק ליעב זי האט איהם.

ווען זיי האבען אנגעקלאפט אין טיהר, איז זיי אנטקעגען געקומען מנוחה און זיי פריינדליך באגריסט.

— מיר קומען נאר וואס אז פון ירושלים! — האט דער עלטסטער פון די

חכמים זיך צו איהם אפגערופען. — ווען דו פיעלייכט האבען ביי דיר אין הויז א פלאץ צום נעכטיגען פאר אונז...

— געווים, מיינע הערען! — האט מנוחה געענטפערט. — מיין מאן האט זעהר ליעב אורחים און ער וועט זיין צופרידען אויב איהר וועט מיט אונז שטעהן עטליכע טעג.

— מיר ווייסען ניט ווי לאנג מיר וועלען דא פארבלייבען, — האט דער צווייטער זיך אפגערופען. — מיר זיינען געקומען צוזאמען מיט נאך עטליכע פריינד, וועלכע שטעהען איין אין אן אנדער הויז.

— איהר מוזט דאך זיכער הונגעריג זיין! — האט מנוחה זיך צו זיי אפגערופען. — אט וועל איך צוגרייטען פאר אייך עטוואס צו עסען.

— און וואו איז יעצט דיין מאן?

— ער איז אין פעלד, ער ארבייט זעהר שווער... פריהער פלעג איך צו איהם קומען און איהם עטוואס ברייגנען צו עסען און [illegible] העלפען, אבער זינט גאט האט אונז געבענשט און איך האב מיין מאן געבארען א צווילינג, קען איך פון הויז נישט ארויסגעהן, סיידען איך זאל מיינע קינדער איבערלאזען אין די הענד פון דער דינסט... אבער מיין מאן האט מיר געזאגט איך זאל עס ניט טהאן... און דעריבער שיק איך איהם דאס עסען מיט דער דינסט... אבער די דינסט קעהרט זיך אום מיט'ן עסען נישט אנגעריהרט.

— און פאר וואס וויל ער נישט עסען ווען די דינסט ברייגגט עס איהם?

— האט דער עלטסטער איהר געפרעגט.

מנוחה האט ארונטערגעלאזען די אויגען און א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף איהרע ליפען.

די צוויי חכמים האבען איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג. און מנוחה האט זיי געענטפערט:

אויף דיזער פראגע וועט אייך פיעלייכט מיין מאן געבען אן ענטפער. ער וועט ווארשיינליך באלד אנקומען.

— איך ווייס שוין דעם ענטפער! — האט דער צווייטער חכם זיך אפגערופען. — דיין מאן האט דיר זעהר ליעב און ווען דו פלעגסט איהם אליין ברייננען דאס עסען, פלעגט ער, דערזעהענדיג דיר, זיין אזוי צופרידען און גליקליך, אז דאס האט אויך זיין אפעטיט פארגרעסערט... אבער יעצט אז די דינסט ברייננט איהם דאס עסען און זיין הארץ לעכצט און בייגקט נאך דיר, זיין ליעבע פרוי, צו זעהן, פארגעהט איהם זיין אפעטיט און ער קען גארנישט עסען.

— מיין האר איז אזוי קלוג ווי א מלאך פון הימעל!... — האט מנוחה אויסגערופען. — דאס איז דער זעלבער ענטפער וואס מיין מאן האט מיר געגעבען, ווען איך האב איהם געפרעגט וועגען דעם... און דערפאר טאקע, האב איך פון איהם פערלאנגט דאס ער זאל נישט בלייבען צו לאנג אין פעלד... געלויבט איז גאט, מיר האבען גענוג!... קיין רייכטהום פארלאנג איך נישט. און צום לעבען וועלען מיר האבען אפילו ווען מיין מאן וועט נישט דארפען אזוי שווער ארבייטען.

ביי דיזע ווערטער איז אנגעקומען נרב. מנוחה האט פאר איהם פארגעשטעלט די געסט און געזאגט:

— עס איז גוט, מיין ליעבער מאן, וואס דו ביזט יעצט געקומען, דו מוזט זיכער הונגעריג זיין און יעצט וועלען מיר אלע צוזאמען מיטאג עסען.

— געבענשט זיי צו גאט, מנוחה! — האט נדב זיך אפגערופען. — איך בין גליקליך וואס דו האסט די ווירדיגע געסט אפגעשטעלט אין אונזער הויז... זאל איך דיר פיעליייכט העלפען מיט׳ן צוגרייטען דאס עסען.

— ניין, מיין ליעבער נדב! — האט מנוחה געזאגט. — דו ביזט זעהר מיעד פון דער ארבייט. דו רוה זיך אפ, און איך וועל שוין אליין אלעס טהאן... די קינדער שלאפען דערווייל און ווען זיי וועלען זיך אויפכאפען וועט די דינסט אויף זיי אכטונג געבען.

דאך האט נדב ניט געקענט איינזיצען, וויסענדיג אז זיין פרוי ארבייט אזוי שווער, און ער האט זיך ענטשולדיגט פאר זיינע געסט און איז אריין אין קיך איהר מיטצוהעלפען.

מנוחה און נדב האבען זיך איבערגעקוקט מיט אזוי פיעל ליעבע און צערטליכקייט.

מנוחה האט איהר מאן דערצעהלט וועגען דעם וואס זי האט גערעדט מיט די געסט.

— ווי עס שיינט, זיינען זיי וויכטיגע מענשען... זיי זיינען זעהר קלוג, — האט מנוחה צוגעגעבען מיט א שמייכעל. — זיי האבען מיך געפרעגט וועגען דיר, און ווען עס איז אויסגעקומען צו רייד אז איך פלעג דיר אמאל ברייגנגען דאס עסען אין פעלד, און יעצט ווען איך שיק דיר דאס זעלבע דורך דער דינסט, עסטו נישט, האט איינער פון די געסט מיר ערקלעהרט די אורזאכע און ער האט גע־זאגט דיזעלבע זאך וואס דו האסט מיר געזאגט.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף נדב׳ס פנים. ער האט ארומגענומען זיין פרוי און ער האט איהר באדעקט מיט קושען... מנוחה האט איהם מיט קושען געענטפערט.

— איך בין זעהר דורשטיג, — האט זיך איינער פון די חכמים אפגערופען צום צווייטען, — אט וועל איך אריינגעהן אין קיך און בעטען אביסעל וואסער צו שטילען מיין דורשט.

ער איז צוגעקומען צום טיהר און איהר עטוואס אויפגעעפענט און ווען ער האט באמערקט ווי מאן און ווייב שטעהען איינגעקלאמערט איינע אין צווייטען און האלזען און קושען זיך, האט ער זיך באלד צוריקגעצויגען, און זיך אפגערו־פען צו זיין פריינד:

— די ־רכה פון גאט רוהט טאקע אין דיזען הויז, — גאט האט אונז אהער געשיקט און מיר האבען געטראפען די ריכטיגע פאר... יעצט וועלען מיר האבען די מעגליכקייט איבערצוציינגען דעם קעניג אז דאס וואס ער האט געזאגט "אז א פרוי איז איינע צווישען טויזענד קיין רעכטע נישטא" איז פאלש און אומבא־גרינדעט... יא, דיזע געטרייע און ליעבענסווירדיגע פרוי וועט איהם איבערציינגען אז מיר זיינען גערעכט.

די חכמים האבען פארבראכט אין נדב׳ס הויז איניגע טעג, און וואס לייגנער זיי האבען זיך אויפגעהאלטען אין הויז, אלץ מעהר זיינען זיי געקומען צו דער איבערצייגונג אז קיין זאך איז דער וועלט וועט נישט זיין בכח צוצוברעכען די ליעבע און געטרייהייט פון דיזער פרוי צו איהר מאן, און פון דיזען מאן צו זיין פרוי...

די איבריגע חכמים זיינען איניגע מאל געקומען באזוכען זייערע פריינד

אין נדב'ס הויז און זיי האבען זיך אויך איבערצייגט אז מנוחה איז דאס גע־טרייעסטע ווייב וואס א מאן קען זיך ווינשען צו האבען...

אין עטליכע טעג ארום האבען די חכמים געבראכט א באריכט צום קעניג שלמה, אז זיי האבען געפונען די אידעאלע פאר...

— מיר האבען נאך אין אונזער גאנצען לעבען נישט געזעהן אזא איבער־געבענע און ליעבענדע פאר ווי נדב און מנוחה פון דער שטאדט ענתות! — האט דער עלטסטער פון די חכמים זיך אפגערופען.

— עס איז ווירקליך זעהר זעלטען צו געפינען אזא פרוי וועלכע זאל אזוי געטריי און הארציג ליעב האבען איהר מאן, — האט דער צווייטער חכם זיך אפגערופען.

— יעצט, מיינע חכמים, — האט זיך דער קעניג אפגערופען, — זאל אימי־צער פון אייך אוועקגעהן אין פעלד און אנזאגען נדב'ן אין מיין נאמען, אז איך וויל איהם זעהן, און ער זאל גלייך צו מיר קומען.

— איך וועל געהן איהם רופען, — האט זיך איינער פון די חכמים אפגערו־פען, — איך ווייס וואו ער געפינט זיך.

— גוט, געה, און קום גלייך צוריק מיט נדב'ן! — האט שלמה געזאגט.

ער איז אוועק אין פעלד וואו נדב האט געארבייט.

— גאט זאל זיין מיט דיר, בראווער מאן! — האט זיך שלמה'ס שליח אפגע־רופען צו נדב'ן.

— זיי אויך געבענשט פון גאט! — האט איהם נדב געענטפערט, — ווער ביזטו, מיין פריינד, און מיט וואס קען איך דיר דיענען?

— איך בין א שליח פון דעם קעניג שלמה! — האט דער חכם אויסגערו־פען, — און דער קעניג האט מיר געשיקט דיר אנזאגען אז דו זאלסט באלד צו איהם קומען אין פאלאץ.

— אבער, מיין האר! — איז נדב בלאס געווארען, — איך האב קיין אומרעכט ניט געטהאן, פארוואס זאל דער קעניג וועלען איך זאל פאר איהם גלייך ערשיינען!

— קיין שלעכטס וועט דיר נישט געשעהן! מיין פריינד! — האט איהם דער חכם געטרייסט, — ווי עס ווייזט אוים האט דער קעניג פון דיר געהערט און ער וויל מיט דיר ריידען וועגען א וויכטיגען עניז...

— וועל איך פריהער געהן אנזאגען מיין פרוי, כדי זי זאל נישט זיין בעזארגט אויב איך וועל זיך פארשפעטיגען, — האט נדב זיך אפגערופען.

— ניין, די זאך פון קעניג איז זעהר דרינגענד! — האט דער שליח גע־זאגט, — און דער קעניג וועט דיר אלץ איינם לאנג ניט פערהאלטען.

— אבער איך וועל דאך מוזען אומבייטען מיינע קליידער! איך קען דאך נישט קומען פאר'ן קעניג אנגעטהאן אין פעלד־קליידער...

— דער קעניג ווייסט אז דו ביזט יעצט אין פעלד ביי דיין ארבייט און אז דו האסט קיין צייט נישט געהאט אומצובייטען דיינע קליידער. ער וועט אויף דיר קיין פאראיבעל נישט האבען דערפאר.

— אבער מיין פרוי, איך וועל צולויפען צום הויז און איהר אנזאגען אז איך בין גערופען געווארען צום קעניג, ווייל אויב דער קעניג וועט מיר אביסעל לייג־נער פערהאלטען און איך וועל צו דער באשטימטער צייט נישט קענען קומען

אהיים, וועט מיין פרוי זיין שטארק בעזארגט... און איך וואלט נישט געוואלט איהר גורם זיין אומזיסטע עגמת נפש...

— פון דאנען ביז ירושלים איז א מהלך פון א האלבע שעה, — האט דער שליח זיך אפגערופען, — און דער קעניג וועט דיר זיכער אויך לאנג נישט פערהאלטען, אזוי אז דו וועסט קענען קומען אין צייט אהיים! דו דארפסט נישט פארגעסען אז דעם קעניג'ס באפעהל איז צו מיר געווען דאס איך זאל מיט דיר גלייך קומען אין פאלאץ.

— אויב דאס איז אזוי דעם קעניג'ס פארלאנג, געה איך גלייך מיט דיר, — האט נדב געזאגט, — און אפטרייסלענדיג פון זיך די שטויב, איז ער אוועק מיט זיין בעגלייטער נאך ירושלים.

ווען מען האט דעם קעניג געמאלדען אז נדב איז דא, האט ער געהייסען זיינע חכמים אריינגעהן הינטער דעם פארהאנג פון זיין טראהן.

— איהר וועט דארט פארבלייבען ביז וואנען איך וועל פארטיג ווערען מיט מיין געשפרעך מיט נדב'ן, — האט שלמה צו זיי געזאגט, — הינטער דעם פארהאנג וועט איהר אלעם קענען הערען...

די חכמים זיינען אריין הינטער דעם פארהאנג און שלמה האט געהייסען אריינשיקען נדב'ן צו איהם.

נדב איז אריינגעקומען... זיין פנים איז געווען בלאס... ער איז געווען עטוואס צושראקען... ער האט זיך פארנייגט פאר'ן קעניג און איז געבליבען שטעהן אין גרויס פארלעגנהייט.

— קום צו נעהנטער צו מיר, — האט שלמה צו איהם געזאגט מיט א מילדער שטימע.

נדב האט זיך דערנעהנטערט צום קעניג און זיך נאך אמאל פארנייגט.

— איך האב געהערט אז דו ביזט זעהר אן עהרליכער מאן! — האט שלמה זיך צו איהם אפגערופען — און איך בין זיכער אז אזא מאן ווי דו קען פיעלע נוצען ברייגנען מיין מלוכה... און יעצט אז איך האב דיין פנים געזעהן, בין איך נאך מעהר אין דעם איבערצייגט... יא, דו ביזט מיר זעהר געפעלען, און איך האב בעשלאסען דיר צו מאכען פאר א שר (הויפט) אין מיין מלוכה...

— מיך פאר א שר! — האט נדב אויסגערופען, — א, מיין האר קעניג! ווער בין איך אז דו זאלסט זיין אזוי גנעדיג צו מיר... איך בין אן איינפאכער אבר און איך בין נישט ווערטה אז דו זאלסט מיך אזוי דערהויבען...

— איך וויל האבען איינעם וועמען איך זאל קענען אנפערטרויען אלע סודות פון מיין מלוכה! — האט שלמה צו איהם געזאגט, — און איך צווייפעל נישט אין דיין עהרליכקייט און אין דיין געטרייהייט וואס דו וועסט מיר ארויסצייגען ווען איך וועל דיר אלעם אנפערטרויען... איך האב בעשלאסען צו מאכען א רייזע איבער מיין לאנד, און איך וועל אויך בעזוכען פרעמדע לענדער, איך וועל מוזען האבען אימיצען וועלכער זאל פארנעהמען מיין טראהן אין דער צייט פון מיין אבוועזענהייט... אבער צווישען אלע מיינע פריינד, צווישען אלע מיינע בעאמטע, קען איך קיינעם נישט געפינען אויף וועמען איך זאל זיך מיט זיכערהייט קענען פארלאזען... און פאר וועמען איך זאל נישט דארפען מורא האבען דאס ער וועט מיר נישט וועלען צוריקגעהרען די מלוכה ווען איך וועל צוריקקומען פון מיין רייזע... אבער אין דיר זעה איך אן עהרליכען און געטרייען מאן...

איך ווייס אז דו וועסט מיר נישט פערראטהען... און אין דער צייט וואס דו וועסט מיין קרוין פארנעהמען, וועסטו אויך משפט'ן דאס פאלק מיט גערעכטיגקייט.

נדב האט אנגעקוקט דעם קעניג מיט פערוואונדערונג. ער איז געווען אזוי איבערראשט פון קעניג'ס ווערטער, אז ער האט נישט געוואוסט וואס צו ריידען.

— דו דארפסט זיך נישט וואונדערען וואס איך קלייב דיר אויס, נדב, ווייל באטש דו ביזט אן אייגפאכער מענש, צווייפעל איך נישט אין דיין עהרליכקייט און ערנסטקייט... יא, איך וועל דיר מאכען פאר מיין משנה למלך. איך וועל לאזען פאר דיר בויען א פאלאץ... און איך וועל דיר דערהויבען איבער אלע מיינע שרים... און ווען איך וועל אוועקגעהן פון ירושלים אויף א קורצע צייט וועסטו מיין טראהן פארנעהמען...

א היבשע ווײלע האט געדויערט ביז וואנען נדב איז צו זיך געקומען... און ווען ער האט באגריפען וואס פאר א גרויס גליק עס שטעהט איהם פאר, האבען זיך טרעהרען באוויזען אין זיינע אויגען.

— אה, מיין האר קעניג! אלעס קומט מיר אויס ווי א חלום! — האט נדב אויסגערופען. — און ווירקליך, האב איך דען ווען עס איז געקענט טרוימען פון אזא פלוצלינגען גליק... דער קעניג האט אזוי פיעל צוטרוי אין זיין קנעכט...

— איך וועל דיר באלד ערקלעהרען פאר מיין שני למלך! — האט שלמה אויסגערופען, — פון יעצט אז און ווייטער פארבלייבסטו אין מיין פאלאץ... דו וועסט די ערשטע עטליכע טעג פארברייננגען מיט מיר, און איך וועל דיר אלע סודות פון דער מלוכה ענטדעקען. און דערווייל וועט מען זיך נעהמען בויען דעם פאלאץ פאר דיר... אט וועל איך הייסען און מען וועט דיר ברייננגען קעניגליכע קליידער...

— אבער, מיין האר קעניג! — האט נדב אויסגערופען מיט שמחה, — איך וועל פריהער מוזען געהן אנזאגען מיין פרוי... זי וועט דאך נישט וויסען וואס מיט מיר האט פאסירט...

— וואס? ! דו האסט א פרוי! ! — האט שלמה זיך געמאכט אויסרופענדיג מיט גרויס פערוואונדערונג.

— יא, מיין האר קעניג! — גאט האט מיר בעשאנקען מיט א ליעבליכע פרוי . . .

שלמה האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ און האט געזאגט:

— איך האב גארנישט געוואוסט אז דו האסט א פרוי?... יעצט איז עפעס אנדערש...

נדב איז געשטאנען און געקוקט אויף דעם קעניג מיט גרויס אנגסט און פארצווייפלונג... איז עס מעגליך אז צוליעב דעם וואס ער האט א פרוי זאל דער קעניג צוריקציהען זיין אנבאט צו איהם? ! . . .

— עס טהוט מיר זעהר לייד! — האט שלמה זיך אפגערופען, — אבער יעצט אז איך ווייס אז דו האסט א פרוי, וועל איך זיין געצוואונגען צו ענדערען מיין בעשלוס, סיידען... יא, סיידען דו וועסט וועלען דורכפיהרען מיין פערלאנג...

— קיין זאך וועט מיר נישט שווער זיין צו טהאן פאר'ן קעניג! — האט נדב אויסגערופען, מורא האבענדיג אז ער וועט פארלירען אלעס וואס דער קעניג האט איהם נאר וואס פארשפראכען.

— מיין פארשפרעכען צו דיר וועט זיין גוט נור דאן ווען דו וועסט מיר ברייננגען דעם קאפ פון דיין פרוי! — האט שלמה זיך אפגערופען.

— אַ, מיין האר קעניג! — איז נדב אפגעשפרונגען אויף צוריק. — דעם קאפ פון מיין פרוי!... איך האב דאך איהר אזוי ליעב!...

— דו האסט די ברירה אויסצוקלייבען צווישען ווערען א הערשער אין מיין לאנד און האבען רייכטהום און כבוד, אדער דיין פרוי... כל זמן דו וועסט מיר נישט ברייגנען דעם קאפ פון דיין פרוי, וועל איך דיר נישט קענען מאכען פאר מיין שני למלך... — האט שלמה געזאגט.

— זאל מיר מיין האר קעניג געבען דריי טעג צייט, און איך וועל זיך גוט בעטראכטען און דאן וועל איך מיין תשובה צו דעם קעניג ברייננען.

— גוט! — האט שלמה אויסגערופען, — איך גיב דיר דריי טעג צייט, און אויפ'ן פיערטען טאג זאלסטו צו מיר קומען און מיר איבערגעבען דיין בעשלוס.

נדב איז אוועק פון קעניג און זיך גלייך אומגעקעהרט אין פעלד צו זיין ארבייט... אבער ער האט שוין מעהר נישט געקענט ארבייטען... אין זיין מח האבען פארשידענע געדאנקען איהם בעאומרוהיגט. דער קעניג וויל איהם גליקליך מאכען... ער וועט איהם דערהויבען ביז זיין משנה למלך... ער קען ווערען דער גליקליכסטער מאן אין גאנץ ארץ ישראל... קיין געלד און כבוד וועט איהם שוין נישט פעהלען... ער וועט אויך האבען מאכט אין זיינע הענד... ווען שלמה וועט אבוועזענד זיין, וועט ער פארנעהמען זיין פלאץ... ער וועט טראגען די קרוין... הארען און הויפטען וועלען קומען און זיך פאר איהם בוקען... גענוג האט ער זיך שוין אנגעמוטשעט... וואס וויים ער פון א לעבען... טאג־טעגליך מוז ער פארשווארצט ווערען פאר דעם שטיקעל ברויט... וואס פאר א צוקונפט קען איהם ערווארטען?... ער וועט זיין גאנצען לעבען אזוי דארפען ארבייטען און מיט דעם שוויים פון זיין פנים עסען דאס שטיקעל ברויט... און דא... וויל איהם דער קעניג באגליקען... האט ער דען געדארפט האבען דעם מינדעסטען צווייפעל... ער האט ביי דעם קעניג געבעטען דריי טעג צייט... אַ, וואס פאר א נאר ער איז געווען... ער האט איהם גלייך געדארפט ענטפערען דאס ער נעהמט אן זיין באדינגונג... ער וועט איהם ברייגנען דעם קאפ פון זיין פרוי און דאן... א שוידער געהט דורך זיין לייב... א קאלטער שוויים באדעקט זיין קערפער...

נדב האט שוין מעהר נים געקענט פארטזעצען זיין ארבייט... אין זיין קאפ האט זיך געמישט פארשידענע געדאנקען... דער קעניג שלמה, דער קליגסטער פון אלע קעניגע, פערלאנגט פון איהם צו טהאן אזא זאך!... פארוואס זאל ער וועלען דעם קאפ פון זיין פרוי?... וואס פאר א נוצען וועט ער דערפון האבען?... באלד אבער האט ער זיך דערמאהנט אז דער קעניג וויל האבען א מענשען וועלכען ער זאל קענען אלעס אנפערטרויען, אפילו די קרוין... אזא מענש מוז זיין געגרייט צו ברייגנען דעם גרעסטען קרבן פאר דעם קעניג, אפילו דעם קאפ פון זיין אייגענער פרוי, וועלכע ער האט אזוי ליעב... נור דאן וועט דער קעניג וויסען אז ער איז איהם געטריי און איבערגעבען מיט לייב און לעבען... א חוץ דעם — האט נדב ווידער געגומען טראכטען — וועט דער קעניג נים וועלען פארטרויען די וויכטיגסטע סודות פון דער מלוכה, וויסענדיג אז ער האט א פרוי... וויל ער פארשטעהט אז א מאן וועט זעהר שווער אנקומען צו פארבארגען זיינע סודות פון זיין פרוי, און ווען די פרוי וועט וויסען דערפון, וועט עס שוין לאנג קיין סוד נישט פארבלייבען... יא, דער קעניג האט רעכט!... ער וועט זיכער קיינמאל נישט וועלען איהם מאכען פאר זיין משנה למלך כל זמן ער האט זיין פרוי... ער וועט איהם נישט געטרויען... אבער זיין ליעבע פרוי! יוי אזוי וועט ער גאר קענען

באַגעהן אַזאַ אומרעכט געגען איהר... בפרט איצט ווען זי האט געבאָרען צוויי קינדער!... וועט ער דען קענען מאַכען זיינע קינדער מוטערלאָז? ניין! ער וועט עס קיינמאָל נישט טהאָן!... איהם וואונדערט נאָר ווי אַזוי ער האט נאָך אין דעם געצווייפעלט... ער האט ביי דעם קעניג דריי טעג צייט געבעטען... ווי אַזוי האט ער גאָר געקענט דערלאָזען אַזאַ בייזע מחשבה!... זיין מנוחה'ן!... ווי ליעב ער האט איהר... זי איז ביי איהם טהייערער פון אַלעם אין דער וועלט.

נדב איז אויף זיך אַליין אין כעס געוואָרען... יאָ, ער וועט גלייך געהן צוריק נאָך ירושלים און געבען דעם קעניג די תשובה... ער איז מוחל די גאַנצע גדולה, רייכטהום און כבוד... ער וועט בעסער וואָהנען אין אָרימקייט און אין נויט מיט זיין ליעבענדע פרוי און קינדער איידער צו וואָהנען אין פּאַלאַצען און לעבען אין לוקסוס און אין פאַרגעניגען.

א היבשע ווייל'ע איז ער אַזוי געשטאַנען נעבען זיין אַקער־אייזען און האט זיך נישט גערירט פון אָרט... פּלוצלינג האט ער אַרויסגעלאָזען דעם אַקער־אייזען פון זיין האַנד און האט אָנגעפאַנגען האַסטיג צו געהן...

ווען ער איז צוגעקומען צום וועג וואָס פיהרט נאָך ירושלים, איז ער ווידער געבליבען שטעהן... ער האט גענומען א טראַכט טהאָן וואָהין ער געהט און וואָס ער וועט דאָרטען טהאָן... זאָל ער דורכלאָזען אַזאַ גלענצענדע געלעגענהייט! זאָל ער דורך א וואָרט פון זיין מויל פאַרלירען דאָס וואָס וואָלט איהם געמאַכט פאַר דעם גליקליכסטען מאַן אין גאַנץ ארץ ישראל... אַלע וואָלטען דאָך איהם מקנא געווען, פון דעם קלענסטען מאַן ביז דעם גרעסטען... אפילו בניהו, דער הויפּט שר צבא וועט דאָך איהם אָנקוקען מיט קנאה... זיין פּאַלאַץ וועט זיין פּראַכטפאָל און די שעהנסטע מיידלעך פון ארץ ישראל וועלען דאָרט טאַנצען און זינגען... ער וועט זיך זיין גאַנצען לעבען אַמוזירען און וועט נישט דאַרפען וויסען פון נויט און אָרימקייט. ער וועט נישט דאַרפען שווער האָרעווען... און ווען דער קעניג וועט אַבריי'זען פון לאַנד, וועט ער פאַרנעהמען דעם טראָהן!... א קליינינקייט. ער וועט הערשען איבער גאַנץ ארץ ישראל... ער וועט באַפעהלען און אַלע וועלען זיינע באַפעהלע דורכפיהרען מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט... ניין, ער טאָר זיך נישט איילען מיט זיין תשובה... ער וועט זיך נאָך איבערלייגען.. ער האט דריי טעג צייט, ביז דאַן וועט ער קענען בעשליסען וואָס צו טהאָן...

באַלד אָבער האט נדב ווידער גענומען חרטה האָבען וואָס ער צווייפעלט נאָך אין דעם... וועט ער דען קענען באַגעהן אַזאַ פאַרברעכען געגען זיין אומשולדיגער פרוי?... אָה, ווי שעהן זיינען דעם קעניגס פּאַלאַצען, ווי גרויסאַרטיג און פּרעכטיג איז די גאַנצע אומגעבונג פון פּאַלאַץ!... וועט ער דען זיין גאַנצען לעבען נישט בעדויערען פאַר דעם וואָס ער האט געלאָזען דאָס גליק זיך אַרויס־גליטשען פון זיינע הענד... אָבער עס איז דאָך לעכערליך!... ער וועט נישט ערמאָרדען זיין פרוי... יאָ, ער וועט גלייך מוזען געהן זאָגען דעם קעניג דאָס ער וועט אַזאַ זאַך נישט טהאָן אפילו ווען עס זאָל פאָרקומען צו פאַרלירען דאָס גרעסטע גליק אין דער וועלט...

נדב איז אָפּגעגאַנגען אייניגע טריט און זיך ווידער אָפּגעשטעלט... עפּעס האט איהם געצויגען צוריק... א געדאַנק האט ווידער גענומען דרעהען זיין מח... שוטה, וואָס איז אַזוי דיין איילעניש... דער קעניג האט דאָך דיר דריי טעג צייט געגעבען... בעטראַכט זיך און בעדענק זיך פאַרוואָס זאָלסטו קיין הנאה נישט האָבען פון דיין לעבען... נישט יעדער קען קריגען אַזאַ גלענצענדע געלעגענהייט...

ניין, ער וועט נישט געהן... נאך אלעמען, ווען ער זאל יעצט אוועק נאך ירושלים, וועט ער נישט קענען צוריק זיין ביז גאנץ שפעט, און זיין פרוי וועט זיין שטארק בעזארגט...

נדב איז געווען צופרידען ווענען דעם אויסרייד אז ער קען יעצט נישט געהן... זיין געוויסען האט זיך גענומען בערוהיגען... ער האט טאקע באלד געוואלט געהן צום קעניג, אבער ער האט עס נישט געקענט טהאן צוליעב זיין פרוי... מארגען אין דער פריה וועט ער אוועק נאך ירושלים און געבען זיין "ניין" תשובה צום קעניג.

נדב האט זיך אומגעקעהרט און איז צוריק אריין אין זיין פעלד... ער האט אבער נישט געקענט ארבייטען, זיינע הענד האבען זיך נישט געהויבען... ער, וועלכער קען ווערען א משנה למלך ווען ער זאל נאר וועלען, זאל ווי אן איינפאכער פויער זיין פעלד בעארבייטען!... ער האט צו זיך אליין א שמייכעל געטהאן ווענען זיינע געדאנקען און האט געמאכט א צווייטען פארזוך צו ארבייטען... ניין!... ער וועט בעסער געהן אהיים צו זיין פרוי און קינדער... מנוחה איז נאך יעצט מעהר געשטיגען אין זיינע אויגען... ער האט איהר אזוי ליעב!...

נדב האט פארשנעלערט זיינע טריט און איז אהיים געגאנגען.

מנוחה איז איהם אנטקעגענגעגאנגען און באגריסענדיג איהם מיט אווארימען קוש, האט זי איהם געפרעגט:

— וואס איז מיט דיר, מיין מאן, וואס דו ביזט היינט אזוי פריה געקומען? פיהלסטו זיך פיעלייכט נישט גוט?

— פריערען איז צו מיר! — האט נדב געזאגט און זיך אנגעשטרענגט צו מאכען א פרעהליך פנים.

מנוחה אבער האט באלד דערקענט אויף זיין פנים אז עפעס איז נים גלאט מיט איהם...

— איך זעה, מיין ליעבער מאן, פון דיין פנים, אז עפעס האט מיט דיר היינט פאסירט... מיר דוכט זיך, אז דו קוקסט אויס זעהר אומעטיג, געוויס ביזטו נישט געזונט!

— איך האב דיר פארזיכערט אז פריערען איז צו מיר! — האט נדב זיך אפגערופען עטוואס אויפגערעגט. באלד אבער האט ער זיך אליין דערשראקען פאר זיין הויכער שטימע. ער האט ארומגענומען זיין פרוי און האט איהר נאך שטארקער ווי אימער געקושט...

— מנוחה, ווי גרויס איז מיין ליעבע צו דיר! — האבען זיינע ליפען געמורמעלט, — דו ביזט מיר טהייערער פון אלעס אין דער וועלט... אחן דיר איז מיין לעבען גארנישט ווערטה...

— און דו ביזט ווי זונענשיין צו מיר, — האט איהם מנוחה געענטפערט מיט קושען.

נדב האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און גענומען בעטראכטען זיין ארים הויז... און ער האט גענומען עס פארגלייכען מיט דעם פאלאץ וואס ער וואלט געהאט ווען ער נעהמט אן דעם קעניג'ס באדינגונג... ווי קליין און נישטיג איז אזא לעבען פון ארימקייט און נויט איז פארגלייך מיט דעם לעבען פון פארנעניגען און לוקסוס... פונקט אזוי שווער ווי אן אקס אונטער'ן יאך וועט ער דארפען הארעווען ביז זיינע לעצטע טעג... און זיינע קינדער?... ווען זיי וועלען עלטער ווערען וועט זיי אויך טרעפען דער זעלבער גורל... און ווער ווייס אויב זיי

וועלען נישט זיין געצוואונגען נאך שווערער צו ארבייטען... דאס ארימע פעלר וואס זיי וועלען פון איהם קריגען בירושה קען קוים קלעקען פאר איין משפחה, און ווי אזוי וועט עס קלעקען פאר ביידען... ווען ער וועט אבער דעם קעניג ענט־פערען אז ער איז מסכים, דאן ערוואַרט אויך זיינע קינדער א גלענצענדע צו־קונפט... דער קעניג וועט זיי זיכער מאכען פאר שרים און זיי וועלען גליקליך זיין זייער גאנצען לעבען...

— וואס האסטו זיך אזוי פערטראכט, נדב ? — האט מנוחה זיך אפגערופען צו איהם מיט א שמייכעל, — איך האב דיר שויז איינינע מאל גערופען און דו האסט נישט געהערט.

ערשט דאן האט זיך נדב ערוואכט פון זיינע חלומות. ער איז עטוואס צו־טומעלט געווארען, אבער באלד איז ער צו זיך געקומען און איהר געענטפערט :

— איך האב נאר וואס געטראכט וועגען אונזערע צוויי קינדער, דעם [illegible] האר ייוין אנגעהויבען זארגען ווי אזוי איך וועל צוטיילען מיין ג'יין פעלר פאר ביידען... ווען זיי וועלען אונטערוואקסען און חתונה האבען, [illegible] זיך קענען ערנעהרען פון מיין פעלד, וואס איז קוים גענוג פאר איין משפחה.

— דו האסט אביסעל צו פריה אנגעפאנגען צו זארגען וועגען דעם, מיין מאן ! — האט מנוחה געלאכט. — דערווייל דארפען זיי זויגען און דו קלעהרסט שוין וועגען זייער צוקונפט...

נדב האט אליין אויך געלאכט, און מנוחה האט איהם אריינגעפיהרט אין צימער וואו דער צווילינג איז געלעגען און רוהיג געשלאפען...

— זעהסטו דען נישט ווי זאט און צופריעדען זיי זיינען, נדב ? — האט זי א שמייכעל געטהאן, — נישקשה, זיי וועלען אויסוואקסען און וועלען נאך גרויסע גבורים זיין... זיי וועלען קעמפען געגען אונזערע שונאים און דער קעניג וועט זיי נאך שטארק באלוינען...

דאס בלוט האט א זעץ געטהאן אין נדב'ס פנים, ווען ער האט דערהערט ווי זיין פרוי דערמאהנט דעם קעניג... זי טרוימט בלויז וועגען דעם, און ביי איהם קען עס ווערען א ווירקליכקייט...

— קום, נדב, דו מוזט דאך געווים הונגעריג זיין ! — האט מנוחה איהם אנגענומען פארן' האנד, — דו הארעוועסט דאך אזוי שווער... די היץ איז גרויס... און דו שטעהסט דעם גאנצען טאג אין פעלד... דו שיינסט היינט צו זיין מעהר מיעד ווי אימער, געווים האסטו געהאט א סך מעהר ארבייט...

נדב'ן האט זיך געוואלט אויסשרייען : "ניין, מנוחה, איך האב היינט גאר קיין ארבייט נישט געטהאן... איך בין ביים קעניג געוועז !..." אבער ער האט עס נישט געטהאן און אנשטאט דעם האט ער איהר געזאגט : "איך האב ווירקליך היינט שווערער געארבייט און איך וועל זיך בעסער געהן עטוואס אויסרוהען".

— אבער דו האסט דאך נאך גארנישט געגעסען ! — האט מנוחה אויסגע־רופען, — געה וואש זיך און מיר וועלען געהן עסען. גראדע האב איך היינט דאס עסען פארטיג געמאכט א סך פריהער... ווי דאס הארץ וואלט מיר געזאגט אז דו וועסט היינט קומען פריהער אהיים...

— איך בין אבער נאך נישט הונגעריג, מנוחה ! — האט נדב זיך געזוכט ארויסצודרעהען.

— נישט הונגעריג! — האט מנוחה אויסגערופען מיט ערשטוינונג, — ווי אזוי איז דאס מעגליך. נישט אנדערש אז דו ביזט נישט מיט אלעמען...

נדב האט איהר נאך אמאל פארזיכערט אז פריערען איז צו איהם... און כדי ארונטערצונעהמען פון איהם יעדען פערדאכט איז ער געגאנגען עסען.

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

יענע נאכט האט נדב נישט געקענט איינשלאפען... א גאנצע נאכט האט ער געטראכט פון דעם קעניג'ס פארלאנג. ער האט זיך פארגעשטעלט: דער קעניג מאכט איהם פאר זיין משנה למלך... אין גאנצען לאנד ווערט שנעל בעוואוסט אז נדב דער אכר פון ענתות איז פלוצים געווארען די צווייטע האנד פון קעניג... אלע קומען אנקוקען מיט גרוים וואונדער... דורכגעהער בוקען זיך פאר איהם... די שרים און הויפטען הערען זיך צו איהם צו מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט... ער פאהרט ארום אין א קעניגליכער קארעטע... ער בעטראכט די שטאדט, ער ענטפערט מיט א שמייכעל צו אלע וואס באגריסען איהם... ווער קען זיך דאס צו איהם גלייכען!...

ווען אבער ער נעהמט זיך דערמאהנען דורך וואס ער קען עס אלעם דערגרייכען, געהט א שוידער דורך זיין קערפער. ער הויבט זיך אויף פון בעט און בעטראכט זיין שלאפענדע פרוי. ווי רוהיג און געלאסען זי שלאפט עס... זי פארדעכטיגט איהם גארנישט... און ער, דער מערדער, טראגט זיך ארום מיט אזא שוידערליכען געדאנק... אראבהאקען דעם קאפ פון זיין פרוי... ווי אזוי קען ער דאס גאר דערלאזען אזעלכע געדאנקען... זיין קאפ נעהמט איהם שווינדלען... ער ווארפט זיך צוריק אין בעט און בייסט זיינע ליפען פון גרוים אויפרעגונג... און ווען ער בערוהיגט זיך א ווילע, פיהלט ער אזא גרויסען האס געגען זיך זעלבסט! פארוואס האט ער באלד נישט געזאגט דעם קעניג אז ער וועט עס נישט טהאן! פארוואס איז ער נישט צוריקגעגאנגען צום קעניג דעם זעלבען טאג און איהם זיין פארלאנג ענטזאגט...

אויף מארגען גאנץ פריה האט נדב געקושט זיין פרוי און זיין צווילינג און זאגענדיג איהר אז ער געהט אין פעלד, האט ער זיך פארנומען אויף דעם וועג וואס עס פיהרט נאך ירושלים... ער איז געוועזען ביי זיך פעסט בעשלאסען צו ענטזאגען דעם קעניג'ס באדינגונג... ער האט זיך דערנעהנטערט צו ירושלים... מיט א קלאפענדע הארץ איז ער אריין אין שטאדט... באלד זיינען זיינע אויגען געפאלען אויף די פרעהליכקייט און לעבעדיגקייט פון דער הויפט-שטאדט... דער טומעל און ריהרעוודיגקייט פון ירושלים האט איהם ווי בארוישט... וואס פאר א גלייכעניש דאס איז צו ענתות — האט נדב געטראכט — דארטען איז טויט שטיל, און דא באוועגט זיך אלעס און רוישט... דא שפרודעלט מיט לעבען און גענוס... א, ווי אנגענעהם איז דאס לעבען אין דער גרויסער שטאדט... וואס וויים דער אכר פון א לעבען... דעם גאנצען טאג איז ער פארנומען אין פעלד, און פארנאכט ווען ער קומט אהיים, איז ער מיעד און פאלט אוועק שלאפען... אבער אין אזא שטאדט ווי ירושלים איז אימער פרעהליך און לוסטיג... באלד קומט איהם ארויף אויף דעם געדאנקען וועגען דעם צוועק פון זיין יעצטיגען אנקומען אין ירושלים... יא, ער געהט עס צום קעניג איהם צו זאגען, דאס ער וויל נישט די גאנצע גדולה, רייכטהום און כבוד וואס ער קען האבען... וויל איך טאקע דאס נישט?... האט ער ביי זיך א טראכט געטהאן... וועט ער זיך

קענען צוריקקעהרען צו זיין שווערער ארבייט אין פעלד, נאכדעם ווי ער האט פארזוכט, כאטש אין זיין פארשטעלונגס קראפט, דעם טעם פון א לעבען פון רייכטהום און לוקסוס?...

טראכטענדיג אזוי האט זיך נדב דערנעהנטערט צום פאלאץ. ער האט א בליק געטהאן פון ווייטען אויף דעם פראכטפאלען פאלאץ, און ער האט זיך דערמאהנט אן זיין ארימען הויז... אט באלד, באלד... פארשווינדט זיין גאנצע אילוזיע... באלד פארלירט ער די גרעסטע גליקזעליגקייט וואס דער קעניג האט איהם געגעבען... פלוצים איז ער שטעהן געבליבען... וואס איז זיין איילעניש... ער האט דאך נאך צוויי טעג צייט...

נדב איז אין פאלאץ נישט אריין. ער האט זיך גלייך אומגעקעהרט צו זיין אקער־אייזען אין פעלד . . .

די איבערגעבליבענע צוויי טעג, האט נדב פארבראכט אין די זעלבע אונ־בעשלאסענהייט ווי אין דעם ערשטען טאג. דער קאמף אין איהם האט זיך צו־פלאקערט; פון איין זייט האט איהם צוגעצויגען דאס וואונדערבארע לעבען פון דער גרויסער שטאדט, און בפרט ווען ער וועט ווערען דעם קעניג'ס משנה למלך... פון דער צווייטער זייט, די ליעבע און צוגעבונדענקייט צו זיין פרוי... ער האט ביי זיך ניט געקענט בעשליסען צו ערמארדען די וועלכע ער האט אזוי ליעב...

אויפ'ן פיערטען טאג גאנץ פריה איז שוין נדב געווען אין ירושלים... ער האט דעם גאנצען וועג געוואויגען און געמאסטען זיינע געפיהלען און זיין גע־וויסען... ביז ענדליך האט די ליעבע צו זיין פרוי געזיעגט און ווען ער איז שוין געשטאנען ביים פאלאץ, האט ער בעשלאסען דעם קעניג צו זאגען "ניין".

— ווער ביזטו? — האבען דעם קעניג'ס לייב־וועכטער איהם געפרעגט.

נדב האט זיך ווי פון א חלום אויפגעכאפט. ער האט זיך ארומגעקוקט און האט דערזעהען די פיעלע לייב־וועכטער פון קעניג מיט זייערע בלויזע שווערדען. ווען ער זאל נאר וועלען, וואלט ער אויך געקענט האבען לייב־וועכטער.

— וואס פערלאנגסטו דא? — איז דער הויפט לייב־וועכטער צו איהם צוגעגאנגען.

— אה, ווי חוצפה'דיג ער רעדט עס צו איהם! — איז נדב'ן דורכגעפלויגען א געדאנק, — ווען ער זאל נאר וויסען אז ער קען נאך היינט ווערען דער משנה למלך, וואלט ער שוין זיך פאר איהם געקניעט און געבוקט.

— אויב דו ועסט מיר באלד ניט זאגען ווער דו ביזט און וואס דו פער־לאנגסט, וועל איך באפעהלען דיר פון די טרעפ ארונטערצושליידערען, — האט דער לייב־וועכטער שטרענג א זאג געטהאן צו איהם.

— געה זאג דעם קעניג אז נדב פון ענתות איז געקומען איהם זעהן.

— נדב פון ענתות! — האט זיך דער הויפט לייב־וועכטער פאנאנדער־געלאכט, — און דו ביזט געקומען זעהן דעם קעניג... פון וואנען ווייסטו אז דער קעניג וויל דיך זעהן!

דא איז שוין נדב איז כעס געווארען... ער וועט איהם שוין אנלערנען ווי אזוי צו ריידען צו איהם אזוי עזות'דיג.

— האב איך דיר דען נישט געזאגט, אז דו זאלסט געהן מעלדען דעם קעניג אז נדב פון ענתות איז געקומען איהם זעהן... טהו שנעלער מיין פערלאנג, אויב נישט, וועט דיין שטראף זיין גרויס.

נדב׳ס שטרענגער טאָן האָט דעם לייב־וועכטער איבערראַשט, און ער איז גלייך אַריין אין פּאַלאַץ און געמאָלדען דעם קעניג וועגען דעם.

— זאָל ער גלייך אַריינקומען! — האָט דער קעניג געזאָגט.

שלמה האָט אַ וואונק געטהאָן צו אַלע חכמים, וועלכע זיינען געזעסען אַרום איהם, און זיי זיינען באַלד אַריין אין אַ צווייטען צימער און זיך געשטעלט הינטער דעם פאָרהאַנג פון זיין טראָהן...

נדב איז אַריין צום קעניג און זיך פאַר איהם פאַרנייגט.

שלמה האָט מיט אַ שמייכעל איהם באַגריסט. אַ ווײַלע האָט אין פּאַלאַץ געהערשט אַ שטילקייט... מען האָט געקענט הערען דאָס שטאַרקע קלאַפּען פון נדב׳ס האַרץ.

— נו, וואָס איז דיין בעשלוס? — האָט שלמה איהם אַ פרעג געטהאָן נאָך אַ קליינער פויזע.

— איך וועל טהאָן דעם קעניג׳ס פאַרלאַנג! — האָט נדב אויסגערופען.

הינטער דעם פאָרהאַנג האָבען די חכמים געגאַפּט... זיי האָבען קוים זייער אָטהעם געקענט אָבכאַפּען.

— גוט, — האָט שלמה געזאָגט, — ווי נאָר דו וועסט מיר ברייננען דעם קאָפּ פון דיין פרוי, אַזוי וועסטו מיין משנה למלך. נעהם דיזען שאַרפען שווערד... דו וועסט נישט דאַרפען שווער אַרבייטען... איין קלאַפּ מיט׳ן שווערד און איהר קאָפּ וועט אָבגעטיילט ווערען פון איהר קערפּער... ווען דענקסטו וועסטו צו מיר ברייננען דיין פרוי׳ס קאָפּ?...

— מאָרגען גאַנץ פריה... מיין האַר קעניג! — האָט נדב געזאָגט.

— פאַרגעס נישט מיר צוריקברייננען אויך דעם שווערד! — האָט שלמה אויסגערופען, — ווייל די שווערד איז מיר טהייער.

— גוט, מיין האַר קעניג, איך וועל נישט פאַרגעסען, איך וועל ברייננען די שווערד צוזאַמען מיט דעם קאָפּ פון מיין פרוי.

שלמה האָט איהם דערלאַנגט די שווערד.

נדב האָט עס גענומען... זיך פאַרנייגט און איז אַרויס פון קעניג׳ס צימער.

דער הויפּט לייב־וועכטער, דערזעהענדיג דעם קעניג׳ס שווערד אין זיינע הענד, האָט זיך דערשראָקען. ער האָט זיך יעצט פאַר איהם פאַרנייגט און זיך אָפּגערופען שטאַמלענדיג:

— ענטשולדיגט מיר, מיין האַר, איך... ע... ע... האָב נישט געוואוסט... איך האָב נישט געמיינט מיין האַר צו באַליידיגען.

נדב האָט אויף דעם לייב־וועכטער פון אונטען אַרויף געקוקט און מיט פעראַכטונג אָפּגעקעהרט זיך פון איהם און איז אַוועקגעגאַנגען. ער האָט בעדראַכט די שווערד און האָט עס פאַרבאָרגען אונטער זיין מאַנטעל...

---

די חכמים זיינען אַרויס פון הינטער דעם פאָרהאַנג. זייערע פּנים׳ער זיינען טויט־בלאַס געווען און זייערע אויגען האָבען אויסגעדריקט שרעק און פאַרצווייפלונג...

— מיין האַר קעניג! — האָט דער עלטסטער פון די חכמים אויסגערופען, — וואָס האָסטו געטהאָן!... פאַרוואָס זאָלסטו טויטען אַן אומשולדיגען נפש... דו האָסט איהם דיין שווערד געגעבען... ער איז געווען צופרידען צו טויטען זיין פרוי און ברייננען איהר קאָפּ צום קעניג... איז דען דאָס נישט גענוג

צו איבערצייגען אז אויב דאס וואס דו האסט געזאגט אז א פרוי איז איינע פון טויזענד קיין רעכטע נישטא איז ריכטיג, קען דאס זעלבע געזאגט ווערען אויפ'ן מאן... יא, די פרוי און דער מאן קענען זיך פארגלייכען אין געטריישאפט און אין איבערגעבענהייט... און ווען דו וועסט גלייך נישט שיקען צוריקרופען נדב'ן, וועט נאך חלילה אן אומגליק פאסירען.

— דו מאכסט א טעות! — האט שלמה זיך אפגערופען צום עלטסטען פון די חכמים, — דאס וואס נדב איז געווען וויליג צו טהאן דאס, פאר וואס איך האב איהם אנגעבאטען אזא הויכען פרייז, איז ווייל ער האט זיך בעת מעשה פארלארען... אבער איך בין זיכער, אז אויב נדב האט ווען עס איז ליעב געהאט זיין פרוי, וועט ער אין דער לעצטער רגע, ווען ער וועט שוין האלטען דעם שווערד אויפגעהויבען איבער זיין פרוי'ס האלז, וועט ער חרטה האבען... יא, ווען א מאן ליעבט אויפריכטיג, וועט ער קיינמאל זיין געליעבטע ניט פערראטהען.

— אבער מיין האר קעניג! — האט זיך א צווייטער חכם אפגערופען, — דו האסט נדב'ן אזוי פיעל פארשפראכען ווען ער וועט דיין פארלאנג אויס־פיהרען, אז איך צווייפעל שטארק אויב ער וועט קענעןביישטעהן אזא נסיון... און ווען ער זאל געשטרויכעלט ווערען און טויטען זיין פרוי, וועט דען דער קעניג נישט האבען בענאנגען א זינד געגען איהר און געגען דעם באשעפער? אה, מיין האר קעניג, איך בין געווען אין איהר הויז, איך האב באמערקט דאס לעבען פון דיזער נאבעלער און ליעבענסווירדיגער פרוי... זאל דען דער קעניג דערלאזען אז דאס לעבען פון דיזער יונגער שעהנער פרוי זאל אזוי שוידערליך אפגשניטען ווערען!...

— ווען ביי מיר וואלט געווען דער מינדעסטער צווייפעל אז נדב וועט דורכפיהרען דאס וואס ער האט פארשפראכען, וואלט איך געשיקט מיינע שלוחים נאך איהם, זיי זאלען איהם אפהאלטען, אבער איך בין זיכער, אז א מאן וועלכער האט ליעב זיין פרוי, וועט זיין ליעבע זיעגען... און קיין געפאהר שטעהט נישט פאר זיין פרוי.

— פיעלייכט וואלט געווען ראטהזאם אז דער קעניג זאל שיקען איינינע פון אונז וועלכע זאלען בעהאלטענערהייד שטעהן אין דרויסען הינטער דעם פענסטער, און ווען זיי וועלען באמערקען אז נדב געהט טאקע דורכפיהרען דיזען שוידערליכען אקט, זאלען זיי איהם פארמיידען דאס צו טהאן.

— דער געוויסען פון אן עהרליכען און אויפריכטיגען מאן איז זיין בעס־טער שומר! — האט דער קעניג געזאגט מיט א שמייכעל... — איהר מעגט אלע רוהיג זיין, אז דער מאן נדב וועט בלייבען לעבען מיט זיין פרוי... ער וועט פארבלייבען דער זעלבער געטרייער און איבערגעבענער מאן צו זיין פרוי.

די חכמים האבען געשוויגען... אבער יעדער פון זיי איז אין זיין הארצען אומרוהיג געווארען... זיי האבען זיך אלע געשראקען פאר אן אומגליק, און האבען מיט דער גרעסטער שפאנונג און אונגעדולד געווארט אויף דעם קומענדען טאג.

---

נדב איז פון פאלאץ צוריק אין פעלד געגאנגען... אבער ער האט קיין ארבייט נישט געטהאן. וואס פאר א ווערדע וועט יעצט ביי איהם האבען דאס שטיקעל פעלד וואס ער פארמאגט, — האט ער זיך געטראכט און ארויסגענומען די שווערד פון אונטער זיין מאנטעל. ער האט לייכט מיט זיינע פינגער אנגע־

ריהרט דעם שארף פון שווערד... יא, עס איז זעהר שארף, — האט ער צו זיך א זאג געטהאן.

דער טאג האט זיך אזוי לאנגזאם געצויגען... ער האט זיך דערמאהנט אז ער האט נאך כמעט גארנישט פארזוכט צום עסען... ער איז אפילו נישט הונגעריג... ער האט א קוק געטהאן אויף דער זון... זי איז נאך אין מיטען הימעל. ווען וועט זי שוין אונטערגעהן !... ער וועט מוזען זיך היינט צוריקקעהרען עטוואס שפעטער, ווען עס וועט טונקעל ווערען, כדי זי זאל גארנישט באמערקען... זי טאר דעם שווערד ניט זעהן.. א, ווען זי זאל איהם נישט קומען אנטקעגען, וואלט ער געהאט א מעגליכקייט צו פארבארגען די שווערד ערגעץ וואו נעבען זיין הויז... ער האט שוין יעצט מעהר נישט געוואלט אפילו א טראכט טהאן פון זיין ליעבע צו זיין פרוי... ער וועט זיין בעשלום דורכפיהרען... ער וועט ווערען א הערשער... דער הויפט לייב־וועכטער וועט שוין דאן האבען דרך ארץ פאר איהם... אלע מיניסטארען און הויפטען פון קעניג וועלען זיך פאר איהם פארנייגען... וואס קען ער ערווארטען פון זיין פעלד ?!... ארבייט... הארעוואניע... א לעבען פון נויט און ארימקייט... יא, היינט ביינאכט מאכט ער אן ענדע צו זיין ארימקייט... און מארגען אין דער צייט וועט ער פארוויילען אין פאלאץ... אלע וועלען איהם לויבען... מען וועט איהר באוואונדערען... ער וועט ווערען דער צווייטער צום קעניג... יא, די שווערד וועט עס היינט ביינאכט פאר איהם טהאן !...

נדב האט ווידער ארויסגענומען די שווערד פון אונטער זיין מאנטעל... די לעצטע זונען־שטראהלען האבען א בליאסק געטהאן אויפ'ן שווערד... היינט ביינאכט וועט ער דערגרייכען זיין גרעסטען גליק...

— עס איז שוין צייט צו געהן אהיים, — האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען צו מערב זייט... ביז וואנען ער וועט אנקומען אין ענתות וועט שוין גאנץ טונקעל ווערען.

ער האט די שווערד טיעפער אונטער זיין מאנטעל פאררוקט, און ער האט גענומען שטעלען פעסטע טריט...

ווען נדב איז אין שטאדט אנגעקומען האט שוין גענומען צופאלען די נאכט. און ווען ער האט זיך צו זיין הויז דערנעהנטערט, האט ער באמערקט ווי זיין פרוי לויפט איהם אנטקעגען.

— נדב ! — האט זי איהם גענומען האלזען און קושען — פארוואס אזוי שפעט ?... איך בין געווען שטארק בעזארגט... איך האב איבערגעקלעהרט מי יודע וואס...

— איך האב געהאט היינט א סך ארבייט, — האט נדב זיך אפגערופען מיט קאלטקייט, — און איך האב עס היינט געמוזט ענדיגען.

— דעם גאנצען טאג האסטו נישט גענעסען, מיין ליעבער מאן, — האט מנוחה מיט טרעהרען אין די אויגען געזאגט, — דו ביזט געווים פארשמאכט, קום שנעלער אריין אין הויז... דער טיש איז שוין געגרייט... טהו אויס דיין מאנטעל און געה וואש זיך ארום...

— נדב האט זיך געפיהלט אביסעל פארלארען. ער איז געבליבען שטעהן, נישט וויסענדיג וואס צו טהאן. זאל ער יעצט אריין מיט זיין פרוי אין הויז, וועט זי דאך געווים באמערקען די שווערד.

— קום, נדב ! וואס האסטו זיך פארטראכט, — האט מנוחה זיך אפגערי־

פעז. — עפעס ביזטו די לעצטע צייט געווארען אזוי מארנע... נאר דו ביזט פארטראכט...

נדב האט אומבעמערקטערהייט מיט זיין האנט א טאפ געטהאן דעם שווערד וואס איז פערהילט אונטער זיין מאנטעל און זיינע בליקען האבען זיך בעגעגנט מיט די בליקען פון זיין פרוי...

וואס זאל ער יעצט טהאן? איז ער נאך מעהר בעאומרוהיגט געווארען... ער דארף דאך באלד אויסטהאן דעם מאנטעל ווי לאנג וועט ער קענען אזוי שטעהן... און ווען זי זאל נאר דעם שווערד דערזעהן... דאן איז שוין אלעס פערפאלען! זי וועט איהם צווינגען ער זאל איהר אלעס דערצעהלען... און אפילו ווען ער וועט מאכען א פערזוך איהר צו זאגען א ליגען וועט איהם אויך נישט געלינגען...

— נדב! א נדב! — איז מנוחה נעהענטער צוגעגאנגען צו איהם, און איהם דורכגעדרונגען מיט איהרע צושראקענע בליקען דיין מארנע אויפפיהרונג שרעקט מיר זעהר! זאג מיר, איך בעט דיר וואס האט מיט דיר פאסירט?

— מיט מיר האט גארנישט פאסירט! — האט נדב פרובירט א שמייכעל טאהן — און זיין פערלעגענהייט איז נאך גרעסער געווארען... פלוצלונג איז איהם ארויף אויף'ן געדאנקען אז ער וועט איהר אפנארען... און ווען זי האט אלץ נאך גענומען צו שטעהען צו איהם ער זאל איהר ערקלערען וואס זיין משונה'דיגע אויפפיהרונג בעדייט, האט ער זיך צו איהר אפגערופען.

— מיין טייערע מנוחה, איך שעהם זיך דיר וועגען דעם צו זאגען...

— אבער נדב! דו מוזט מיר אלעס דערצעהלען, דארפסטו זיך דען שעהמען פאר מיר, דיין ליעבענדע פרוי, זאג דאך מיר וואס האט מיט דיר פאסירט?!

— ווען איך האב געארבייט אין פעלד — האט נדב זיך אפגערופען — האב איך דערזעהן פון ווייטען א סוחר אנקומענדיג פון ירושלים, מיט אן אנגעלאדענעם קעמעל פון סחורה... גלייך איז מיר אויף'ן געדאנק געקומען, דאס איך האב שוין דיר פאר א לאנגע צייט קיין זאך נישט געקויפט... איך האב ביי זיך נעהאט עטליכע שקלים וואס איך האב אפגענומען פאר מיין תבואה, האב איך בעשלאסען פאר דעם געלט דיר א מתנה צו קויפען... איך בין צוגעלאפען צום סוחר און איהם געבעטען ער זאל מיר ציינען זיין סחורה. ווען ער האט מיין פערלאנג געטהאן האב איך צווישען אנדערע זאכען בעמערקט א זיידענע שאל וואס איז געשפונען אין דמשק... מיר האט זיך זעהר געגלוסט צו קויפען דיעזע שאל פאר דיר, איך האב זיך פארגעשטעלט ווי נאך מעהר פרעכטיג דיין שעהנער פנים וועט אויסקוקען אין דיזער שעהנער שאל. איך האב זיך א היבשע ווייל מיט איהם געדונגען ביז וואנען מיר זיינען מושוה געווארען מיט'ן מקח... און דאן האב איך איהם בעצאהלט דאס גאנצע געלט וואס איך האב געהאט פאר דער שאל...

— דאס גאנצע געלט! — האט מנוחה אויסגערופען — אבער נדב ווי אזוי האסטו געקענט טהאן אזא זאך!

— ביזטו דען ביי מיר נישט טהייערער פון אלעם אין דער וועלט, — האט נדב ווייטער געזאגט...

— איך ווייס מיין טייערער מאן אז דו האסט מיר ליעב, אבער איך האב ביי דיר זיכער נישט פערדיענט דו זאלסט יעצט אזוי פיעל געלט אויסגעבען אויף

מיר — האָט מנוחה געזאָגט און גענומען זוכן מיט איהרע אויגען צו זעהן וואו נדב האָלט זיין מתנה...

— ווען איך וואָלט נאָר עטוואס רייכער געווען וואָלט איך פאר דיך נאך גרעסערע מתנות געקויפט — האָט נדב געזאָגט און זיין הארץ האָט אין איהם געשראָקען פיעלייכט וועט זי אנריהרען דעם שווערד, וואס איז אונטער זיין מאַנטעל...

— אבער צייג מיר שוין וואו איז דיין מתנה! — איז מנוחה אונגעדולדיג געוואָרען... דו האָלסט זי זיכער בעהאַלטען אונטער דיין מאַנטעל... אה! יעצט פערשטעה איך פאַרוואס דו האָסט נישט געוואָלט אויסטהאָן דיין מאַנטעל, דו האָסט מיר געוואָלט מאַכען אן איבערראשונג!

— יא, מיין ליעבע מנוחה! — האָט נדב גענומען שטאַמלען... איך האָב דיר געוואָלט איבערראשען! אבער ווען איך בין אריין אין הויז, האָב איך דערפיהלט אז איך האָב דיין מתנה אויף'ן וועג פערלאָרען... איך בין זעהר שנעל אהיים געגאַנגען און פון גרוים איילענים האָב איך נישט בעמערקט אז דער פעקעל איז פון מיינע הענט ארויסגעפאַלען און דעריבער בין איך אזוי צוטומעלט געוואָרען... אט וועל איך געהן עס אויפזוכען... איך ווייס וואו איך האָב עס געמוזט פערלירען... איך געה!

— וואַרט, נדב! — האָט מנוחה אויסגערופען — איך וועל מיט דיר מיטגעהן, די קינדער שלאָפען שוין.

— ניין, ניין! מנוחה — האָט נדב שנעל א זאָג געטהאָן איך וועל אַליין געהן! דו ביזט זיכער מיעד!

— איך בין נישט מיעד מיין ליעבער מאַן, אבער דו ביזט געווים מיעד און הונגעריג — אפשר זאָלסטו דערווייל עפּעס צובייסען און איך וועל געהן דאָס א זוך טהאָן, אויב דו וועסט מיר זאָגען דורך וועלכען וועג דו ביזט געגאַנגען!

דו וועסט געווים עס נישט קענען געפינען... עס איז דאָך שוין גאַנץ טונקעל... עס וועט מיר לאַנג נישט נעמען, און איך וועל עס זיכער געפינען! איך וועל באַלד צוריק זיין.

— דען לאָז מיר דיך בעגלייטען! — האָט זי גענומען צושטעהן צו איהם — אין צווייען וועלען מיר עס זיכער געפינען!

— ניין, מנוחה, דו בלייב אין דער היים! די קינדער וועלען זיך נאָך אייפּכאַפּען דורך דער צייט אין זיי וועלען וויינען... איך בעט דיר בלייב איז דער היים!

— גוט! — האָט מנוחה צוגעשטימט, אבער זעה דו זאָלסט זיך נישט זאַמען... דאָס עסען וועט קאַלט ווערען.

נדב איז גלייך פון זיין הויז ארויס און ער האָט פרייער אפּגעאָטעמט... ער האָט אפּגעווישט זיין שווייס... ער האָט נאָך אמאָל א טאָפּ געטהאָן דעם שווערד ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגען אויב עס איז נאָך דאָרטען דא... און ער האָט זיך גענומען דערווייטערען פון זיין הויז... איהם האָט שטאַרק הנאה געטהאָן, וואָס איהם איז איינגעפאַלען דער געדאַנק וועגען דער פערלאָרענער מתנה... יעצט וועט אַלעס געהן כשורה... ער האָט אויפגעזוכט א פּלאַץ וואו ער האָט דעם שווערד בעהאַלטען נאָכהער האָט ער זיך ערגיץ וואו אויסגעזעצט אייף'ן גראָז... זיינע געדאַנקען האָבען ווידער גענומען וואַנדערען... מאָרגען אין דער צייט וועט ער זיך געפינען אין קעניג'ס פּאַלאַץ... שלמה וועט געווים מאַכען לכבוד איהם

א גרויסארטינען מאלצייט... ער וועט טראגען קאסטבארע קליידער... מען וועט זיך פאר איהם קניהען און בוקען... און דעם קעניג'ס הויפט לייב־וועכטער וועט עס צוזעהן... א וואס פאר א נקמה ער וועט אן איהם זעהן... די העזה וואס ער האט געהאט איהם אזוי צו ערנידערינגען און בעליידיגען... "אויב דו וועסט מיר באלד ניט זאגען ווער דו ביזט וועל איך בעפעהלען דיר פון די טרעפ ארונטער־צושליידערען"! קלינגען נאך יעצט די ווערטער פון דעם קעניג'ס הויפט לייב־וועכטער אין זיינע אויערען... ער וועט איהם שוין ציינען ווער עס וועט וועמען ארונטערשליידערען פון די טרעפ!

די לבנה, ארומגערינגעלט פון מיליאנען בריליאנטענע שטערען, האט לאנגזאם געשוועבט איבער דעם בלויען קריסטאלענעם הימעל, און נדב איז נאך לאנג גע־זעסען אויף'ן גראז און געטראכט וועגען דעם וואס ער וועט היינט ביינאכט טאהן צו זיין פרוי... זי איז יעצט צו איהם ווי אפגעפרעמדט געווארען... ער האט נענר מען זוכען אין איהר חסרונות און איהם איז נישט שווער געווען יעצט צו געפי־נען... זי איז נאך נישט אזוי שעהן ווי ער האט איהר אימער געהאלטען, דערצו איז זי ניט איבעריג קלוג, זי איז נים ריהרעוודיג און לעבעדיג... דארטען אין פאלאץ, וועט ער האבען פיעלע פרויען, זיי וועלען זיין יונגע, פרעהליכע. ער וועט זיך תמיד אמוזירען...

נדב האט זיך בעמיהט מיט אלע זיינע מעגליכקייטען צו פערטרייבען פון זיך די טרויעריגע געדאנקען וועגען דעם שוידערליכען טהאט וואס ער געהט דא באלד בעגעהן נעגען זיין פרוי! ער האט וועגען דעם אפילו נישט געוואלט טראכטען... זיינע געדאנקען זיינען געווען אנגעפילט מיט דעם לוקסוס רייכען און פרעהליכען לעבען פון פאלאץ... אווילע האט איהם גענומען בעאומרהויגען זיין געוויסען, וואס צו טהאן מיט זיינע קינדער... גלייך אבער איז דאס אויך פון איהם פערשוואונדען... ער וועט זי ברייננען אין פאלאץ זיי וועלען זיך דארטען אויסהארעווען און וועלען פערנעמען וויכטיגע עמטער אין דער מלחמה...

נדב האט נישט געוואוסט ווי לאנג ער איז אזוי געזעסען אויף'ן גראז אבער פלוצלונג האט ער פון ווייטען בעמערקט ווי א פיגור האט פערביינעשלייכט... ער האט זיך גלייך אויפגעשטעלט... און גענומען קוקען... יע, עס איז זיין פרוי... ער האט זיך דא לאנג געמוזט פערזאמען און זי איז אומרוהיג געווארען און ארויס איהם זוכען... ער האט זיך בעהאלטען הינטער'ן בוים, און ווען זי האט זיך דער־ווייטערט, האט ער זיך פערנומען אויף א צווייטען זייט וואו ער איז איהר פער־לאפען דעם וועג און זיך געמאכט ווי ער בעגעגענט איהר.

— א מנוחה! — האט ער אויסגערופען.

— נדב! — האט זי מיט שרעק אויסגערופען — געלויבט איז גאט! וואס איך זעה דיר א לעבעדיגען... מיין הארץ האט אין מיר אזוי געשראקען... דו ביזט אוועקגעגאנגען אזוי לאנג... איך האב שוין נישט געוואוסט, וואס איבערצו־קלערען איך האב גענומען מורא האבען פיעליייכט א בייזע חיה... און וואס לענ־גער איך האב געווארט אלץ שטארקער און גרעסער איז מיין שרעק געווארען ביז וואנען איך האב בעשלאסען אליין ארויסצוגעהן דיר זוכען... זאג דאך מיר, נדב, ווי אזוי ביזטו אוועק אויף אזוי לאנג... און דו ביזט נאך דערצו אזוי מיעד און הונגעריג...

— איך האָב ע... איך האָב דעם גאַנצען וועג געזוכט און נישט געפונען — האָט ער גענומען שטאַמלען...

אבער דו האָסט דאָך שוין דורך דער צייט געקענט זיין צעהן מאָל הין און צוריק פון דעם פּלאַץ וואו דו האָסט עס פערלאָרען! — האָט זיך מנוחה גע־וואונדערט.

איך בין זעהר לאַנגזאַם געגאַנגען און פאַרזיכטיג געזוכט אבער איך האָב עס נישט געקענט געפינען... מיר האָט זיך נישט געוואָלט צוריקקומען מיט לעדיגען...

— זאָרג נישט, מיין ליעבער מאַן — האָט מנוחה איהם אנגענומען פאַר׳ן האַנד — ביינאַכט איז זעהר שווער צוגעפינען א פערלאָרענע זאַך... מאָרגען גאַנץ פריה וועסטו אוועקגעהן אויף דעם זעלבען וועג, און דו וועסט עס זיכער געפינען... יעצט קום אהיים, דו מוזט עסען.

ביידע זיינען אהיים געגאַנגען און דעם איבעריגען וועג געשוויגען... אין נדב׳ס אויערען האָט געזשומעט און גערוישט... ער האָט יעצט אויף זיין פרוי אפילו נישט געוואָלט א קוק טהאָן...

מנוחה האָט גענומען צוּוואַרעמען דאָס עסען און עס ווידער צום טיש דער־לאַנגט.

נדב האָט געגעסען אהן אפּעטיט... ער האָט געוואָלט אז מנוחה זאָל זיך שוין געהן לעגען שלאָפען... פון צייט צו צייט האָט ער געוואָרפען א בליק אויף איהר זייט.

— געה שוין שלאָפען! — האָט נדב זיך צו איהר אפּגערופען — דו שיינסט זעהר שלעפעריג צו זיין!

מנוחה׳ס אויגען האָבען זיך טאַקע געקלעפּט... דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס זי געהט אזוי שפּעט שלאָפען...

— איך בין נאָך נישט שלעפעריג! — האָט ער צוגעגעבען ווען ער האָט געזעהן אז זי וואַרט אויף איהם.

מנוחה איז זיך געגאַנגען לעגען שלאָפען, און עס האָט נישט לאַנג גענומען און זי איז איינגעשלאָפען.

נדב האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און ער איז מיט לייכטע טריט אריין אין שלאָף צימער פון זיין פרוי... אווילע איז ער געשטאַנען נעבען טיהר און ווען ער האָט זיך איבערציייגט אז זי האָט שוין גאַנץ געשמאַק איינגעשלאָפען, האָט ער זיך מיט דער זעלבער פאַרזיכטיגקייט צוריקגעצויגען...

ער איז ארויס אין דרויסען און ארויסגענומען דעם שווערד פון זיין בעט־געלטעניש און איז באַלד צוריק אין הויז אריין... ער האָט דעם שווערד פון דעם שייד ארויסגעצויגען און האָט איהם אווילע בעטראַכט, ער האָט מיט זיין האַנט דעם שאַרף אנגעריהרט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגען אויב דאָס שווערט איז גוט שאַרף...

אווילע האָט נדב געהאַלטען דעם שווערד אין האַנט... דאָס וועט איהם באַלד גליק ברייינגען! א שוידער געהט דורך זיין לייב... ער וועט דאַרפען דאַמיט אראָפּהאַקען דעם קאָפּ פון זיין פרוי... אבער דאָס וועט בלויז געדויערען א קליינע רגע... גלייך נאָך דעם וועט דאָס גליק א שיין טאָהן פאַר איהם און וועט זיין מיט איהם דעם גאַנצען לעבען... ער וועט קענען קריגען א שעהנערע פון

מנוחה׳ן... ער וועט מעהר נישט דארפען אפּמוטשען זיך זיין גאנצען לעבען... א סוף וועט זיין צו זיין ארימקייט... אין פּאלאצען וועט ער זיצען. ער האָט מיט זיין האנט נאך שטייפער א קוועטש געטהאָן דעם שווערד.. ער האָט גענומען נעהן מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט אוז איז אריין אין צימער פון זיין פרוי... ער איז צוגעגאנגען צו איהר בעט און ביי דער שיין פון דער לבנה וואס האָט ארייני געשיינט דורך׳ן פענסטער האָט ער בעמערקט ווי זיין פרוי ליגט זיך אזוי רוהיג און גלאָסען... איהרע לאקען האר זיינען צואווארפען איבער׳ן קישען... די צוויי קליינע קינדער ליגען מיט איהר... זי ליגען צוגעטוליעט צו איהר ברוסט...

נדב האָט אויפגעהויבען דעם שווערד...

פּלוצלונג האָט ער זיך בעגאָסען מיט א קאלטען שוויים: "וואס נעהסטו טאהן"! — האָט אין איהם א שטימע אזאָג געטהאָן — דו ווילסט ערמאָרדען דיין ליעבע צערטליכע פרוי די וועמען דו האָסט אזוי ליעב. דו ווילסט מאכען דיינע קינדער מוטערלאז! זיין האנט האָט אנגעפאנגען צו ציטערען... זיין גאנצער קערפּער האָט זיך גענומען טרייסלען פון אויפרעגונג און אנגסט. ער האָט ארונטערגעלאזען דעם שווערד... ניין! איך וועל דאס נישט טאהן! — האָט ער ביי זיך בעשלאָסען — איך וועל נישט ערמאָרדען די וועלכע איז מיר אזוי געטריי און איבערגעבען, די וועלכע איך האָב אזוי ליעב... באלד אבער איז איהם ווידער אויף די געדאנקען געקומען דער קעניג... זיינע וואונדערשעהנע פּאלאצען, דעם קעניג׳ס הויפּט לייב־וועכטער... ער האָט דאך דעם קעניג פערשפּראָכען ער וועט מוזען זיין פערשפּרעכען האלטען... זאל דער קעניג זעהן אז מען קען זיך אויף איהם פערלאזען... דער לייבוועכטער וועט שוין מארגען גאנץ אנדערש צו איהם ריידען... ער האָט ווידער אויפגעהויבען דעם שווערד... איין שטארקען שניט און זי וועט בלייבען ליגען א טויטע אין איהר בלוט... די קינדער וועלען איינגעשמירט ווערען מיט זייער מוטער׳ס בלוט! אה! ווי שרעקליך און שווי־דערליך! וועט ער דען קענען געניסען פון די אלע פערגעניגענס האבענדיג דאס בלוט פון זיין פרוי אויף זיין געוויסען... ער זאל ווערען דער מערדער פון זיין ליע־בענדער פרוי!? א ניין! ניין!... ער וועט בעסער בלייבען דער זעלבער ארימער אבר, ער וועט מיט דעם שוויים פון זיינע הענט עסען זיין ברויט... ער וועט א סך גליקליכער זיין מיט זיין מנוחה׳ן צו לעבען אין נויט און אין ארימקייט אידער צו וואהנען אין פּאלאצען און זיין זאט מיט כבוד און גדולה. און האבען זיינע הענט בעפלעקט מיט דעם ריינעם אומשולדיגען בלוט פון זיין פרוי... ער האָט א קוק געטהאָן אויף דעם שווערד וואס ער האָט געהאלטען אין זיין האנד... און ער איז געבליבען שטעהן ווי א צומישטער! ער האָט זיך ביסלעכווייז גענו־מען אויסניכטערען... וואס טוט ער דאָ מיט דעם שווערד נעבען זיין פרוי!... ער וויל איהר טויטען?! וועמען? זיין מנוחה׳ן!!.... פארוואס? כדי ער זאל נאכ־הער קריגען דערפאר א גרויסע בעלאָהנונג. ניין! ער דארף נישט קיין בעלאה־נונג! ער וויל נישט וואהנען אין פּאלאץ, ער זוכט נישט קיין הערשאפט... ער וועט בעסער פיהרען זיין רוהיגען לעבען אין זיין ארים הייזעל, צוזאמען מיט זיין פרוי און קליינע קינדער...

נדב איז שנעל ארויס פון איהר צימער... ער האָט דעם שווערד צוריק אין דרויסען בעהאלטען און זיך געלעגט שלאָפען א צופריעדענער מיט א רוהיגען געוויסען...

אויף מאָרגען גאַנץ פריה, ווען מנוחה און איהרע צוויי קינדער זיינען נאָך אין בעט געלעגען און געשמאַק געשלאָפען, איז שוין נדב געווען אויף'ן וועג נאָך ירושלים... ער האָט זיך געפיהלט אזוי גליקליך, וואס ער האָט דעם גרויסען נסיון בייגעשטאַנען... א פרייד האָט זיך צוגאָסען אין זיין הארצען אלע זיינע אברים האָבען איהם געזונגען !... געלויבט איז גאָט וואס ער האָט איהם געגעבען גענוג כח און מוטה גובר צו זיין דעם שטן וואס האָט איהם אזוי גערייצט און גערופען צו בעגעהן אזא שוידערליכען פערברעכען...

זיינע פיס האָבען זיך גרינג בעוואויגען... דאס שווערד וואס ער האָט ביי זיך געהאַט, איז איהם געוואָרען שטאַרק דערווידער און ער האָט שוין געוואָלט גלייך פטור ווערען דערפון...

נדב איז אנגעקומען אין ירושלים און איז גלייך געגאַנגען צום פאַלאַץ... ער האָט יעצט גאַרנישט בעמערקט ארום זיך. דעם טומעל און פרעהליכקייט פון שטאָדט האָט מעהר אויף איהם נישט געווירקט... ער האָט זיך אויף קיין זאַך נישט אומגעקוקט... אפילו דעם הויפט לייבוועכטער, וועלבער איז צו איהם צוגעגאַנגען און איהם געפרעגט וואס ער פערלאַנגט, האָט ער איך ניט בעמערקט...

---

דער קעניג שלמה איז יענעם פריהמאָרגען אויך גאַנץ פריה אויפגעשטאַנען : זיינע חכמים זיינען יענעם טאָג, פריהער ווי אלע מאָל אין פאַלאַץ געקומען... יעדער פון זיי איז שטאַרק בעאומרוהיגט געווען. יעדער האָט מיט גרויס שפּאַנונג געוואַרט אויף דער רגע ווען נדב פון ענתות וועט קומען אין פאַלאַץ... און נאָך איידער זיי זיינען אריין אין פאַלאַץ, האָבען זיי זיך צווישען זיך איבערגערעדט :

— מיין הארץ שרעקט אין מיר אזוי ! — האָט דער עלטערער פון דיא חכמים זיך אפגערופען צו זיינע חברים — צוליעב דעם וואס דער קעניג האָט אונז געוואָלט איבערצייגען אז א מאַן קען ער יא געפינען א רעכטען צווישען טויזענד, האָט ער איינגעשטעלט דעם לעבען פון אזא יונגע, שעהנע און נאָבעלע פרוי אין סכנה... לויט ווי נדב איז אין דריי טעג ארום געקומען או זאיעבערגעבען דעם קעניג זיין פעסטען בעשלוס דאס ער וועט איהם ברייגגען די קאָפּ פון זיין פרוי, בין איך כמעט ווי זיכער אז לעצטע נאַכט איז א שוידערליכער מאָרד בעגאַנגען געוואָרען אין ענתות !...

— און איך בין אין דעם אויך זיכער אז עפּעס שרעקליכעס איז פאָרגעקומען צווישען נדב'ן און זיין פרוי... א צו גרויסען נסיון האָט דער קעניג איהם געגעבען... אה ווי מיין הארץ שרעקט אין מיר...

— און איך וואָלט בעסער געוואָלט בלינד ווערען איידער צוצוזעהן מיט מיינע אויגען ווי נדב ברייגגט דעם קאָפּ פון זיין גוטהערציגע און געטרייע פרוי... האָט א דריטער חכם זיך א טרייסעל געטהאָן מיט שוידער...

— און מיר וועלען געווים אויך האָבען א חלק אין דעם פערברעכען ! — האָט נאָך איינער זיך אפגערופען — וויילע צוליעב דעם וואס מיר האָבען נישט געוואָלט צושטימען מיט דעם קעניג'ס מיינונג, האָט ער בעשלאָסען אונז איבערצייגען אויף אזא געפעהרליכען אופן...

— און וואס דען האָבען מיר געזאָלט טאָהן ? — האָט דער עלטסטער זיך

אפגערופען — מיר האָבען דאך נישט געקאנט זיין פאלש... אויב אונזער מיינונג איז אנדערש, האָבען מיר דאך געמוזט זאגען דעם קעניג.

ווען זיי זיינען אין פאלאץ אריין און געטראָפען דעם קעניג זיצענדיג אויף דעם טראהן, האָבען זיי זיך פערנייגט און מי טגעבראָכענע געמיטהער זיך געזעצט אויף זייערע פּלעצער... א שטילקייט האָט ארום געהערשט... שלמה איז געווען שטארק פערטיעפט אין זיינע געדאנקען... און די חכמים זיינען געזעסען ווי בע־וועגלאָזע סטאטועו... זייערע הערצער האָבען געקלאפט און זייערע אויגען האָבען אויסגעדריקט מורא...

פּלוצלונג איז אריינגעקומען דער הויפּט לייב־וועכטער און געמאלדען אז נדב פון ענתות וויל אריינקומען אין פאלאץ...

— זאָל ער גלייך אריינקומען! האָט שלמה געלאסען געזאגט.

די חכמים האָבען זיך אויפגעשטעלט פון זייערע פּלעצער... יעדער פון זיי האָט געוואלט דעם הויפּט לייב־וועכטער א פרעג טאהן: „איז נדב געקומען מיט א קאָפּ פון א פרוי אין זיינע הענט?" אָבער דער קעניג האָט איהם נישט געפרעגט און זיי האָבען דאָס נישט געוואגט צו טהאָן.

— זאָלען מיר אריין הינטער דעם פארהאנג? — האָט דער עלטסטער פון די חכמים געפרעגט דעם קעניג.

— פערבלייבט זיצען אויף אייערע פּלעצער! — האָט שלמה בעפוילען.

די חכמים האָבען זיך צוריקגעזעצט... זייערע הערצער האָבען געציטערט. זייער שפּאנונג האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה... זיי הערען זיינע טריט ער קומט אָן! זיי האָבען מורא א קוק צו טהאָן אויף הינטען... זייערע אויגען זיינען געווען געווענדעט צום קעניג...

— נו, נדב, וואו איז דער קאָפּ פון דיין פרוי? — האָט שלמה זיך אפּגע־רופען צו נדב'ן.

— מיין האר קעניג! האָט זיך נדב פערנייגט פאר שלמה'ן — איך האָב אין גאנצען חרטה אויף מיין פערשפּרעכען, איך וויל בעסער לעבען אַן אייגנפּא־כען אָרימען לעבען צוזאמען מיט דער פרוי וועלכע איך ליעב אזוי שטארק איידער צו וואהנען אין פאלאצען, און האָבען רייכטהום און כבוד און בעצאָהלען דערפאר מיט אזא טייערען אוצר ווי מיין פרוי איז! זאָל מיר דער קעניג מוחל זיין! איך האָב מיין פערשפּרעכען נישט געקענט דורכפיהרען...

— איך האָב צו דיר גארנישט, נדב! — האָט שלמה זיך אפּגערופען — געה זיך דיר בשלום אהיים, און זאָל די ברכה פון גאָט שטענדיג הערשען אין דיין געצעלט... איך אליין בין אויך מיט דיר איינשטימיג... זעה צו לעבען אין פער־גניגען מיט דער פרוי וועמען דו ליעבסט, אלע דיינע טעג, ווייל דאָס איז דער בעסטער חלק וואס גאָט האָט אונז איינגעטיילט. געה נדב צו דיין פרוי און זיי גליקליך מיט איהר ביז די ענדע פון דיינע טעג, ווייל אמת'ע ריינע ליעבע איז ווערטה א סך מעהר ווי רייכטהום, כבוד און הערשאפט!

א גליקליכער און צופריעדענער איז נדב אוועק פון קעניג'ס פאלאץ... ער האָט זיך יעצט געפיהלט ווי נייַ געבאָרען... זיין ליעבע צו זיין פרוי איז נאך יעצט שטארקער געוואָרען... איהם האָט שטארק גענומען פערדריסען אויף דעם אומ־זיסטען צער וואס ער האָט איהר לעצטע נאכט גורם געווען ווען ער האָט איהר דעם ליגען געזאָגט וועגען דער פערלאָרענער מתנה... ער האָט אריינגערוקט זיין

האנט אין קעשענע און האט ארויסגענומען די עטליכע שקלים וואס ער האט נעהאט, און מיט וואס ער האט געוואלט האבען געקויפט די מתנה, די זיידענע שאל... יע, ער האט איהר געזאגט אז ער האט איהר פערלארען לויפענדיג אהיים... ער וועט איהר יעצט אין אמת'ן קויפען אזא שאל זאל זי האבען פערגעניגען... זי טאר קיינמאל נישט וויסען וואס עס איז מיט איהם פארגעקומען דורך די עטליכע טעג...

נדב איז אוועק אויף דעם מארק פלאץ און איינגעקויפט זעהר א שעהנעם זיידענעם שאל, און זיך גלייך צוריקגעקעהרט צו זיין פעלד און גענומען ארבייטען מיט מעהר מוטה און ענערגיע.

---

ווען נדב האט דעם פאלאץ פערלאזען האט זיך שלמה אפגערופען צו די חכמים מיט א נצחון שמייכעל, א מאן א רעכטען האב איך געפונען איינעם צווישען טויזענד...

די חכמים האבען זייערע אויגען נישט ארונטערגענומען פון דעם קלוגען קעניג...

— מיר האבען קיינמאל נישט געצווייפעלט אין דער געטריישאפט פון מאן וועלכער האט אויפריכטיג ליעב זיין פרוי — האט דער עלטסטער פון די חכמים געזאגט — מיר זיינען בלויז געווען געגען דעם וואס דער קעניג זאגט אז א פרוי איז אפילו איינע צווישען טויזענט קיין רעכטע נישטא! לויט אונזער מיינונג קען זיך די פרוי אימער פערגלייכען מיט דעם מאן אין געטריישאפט און אין עהרליכקייט...

שלמה האט זיך דערמאהנט אן אבישג'ן די שולמית... האט ער דען ווען עס איז געהאט דעם מינדסטען צווייפעל אז איהר ליעבע איז געווען אויפריכטיג... ווען ער וואלט עס אליין מיט זיינע אויגען נישט געזעהן וואלט ער דאס קיינמאהל אויף שולמית'ן נישט געגלויבט, אז זי וועט איהם פערראטען... יע, יעצט אין ער איבערצייגט אז צווישען פרויען איז איינע קיין רעכטע נישטא!

— און איך בין נאך אלץ געבליבען ביי מיין מיינונג האט זיך שלמה נעווענדעט צו זיינע חכמים, אז צווישען טויזענט פרויען איז איינע קיין רעכטע נישטא! און איך קען עס אייך איבערצייגען טאקע מיט דער זעלבער פרוי פון נדב'ן...

— מיר זיינען געווען אין נדב'ס הויז, מיר האבען צוגעזעהן ווי געטריי און איבערגעבען מנוחה זיין פרוי איז צו איהם, ווי גרויס און מעכטיג איז איהר ליעבע צו איהר מאן, מיר קענען אויך פאר איהר ערב זיין אז זי וועט בלייבען געטריי איהר מאן, אזוי ווי ער איז איהר געבליבען געטריי און פאר קיין זאך אין דער וועלט וועט זי נישט אויפגעבען איהר ריינע עהרליכע ליעבע צו איהם!

— און איך בין נאך נישט אזוי זיכער אין דעם! — האט שלמה אויסגערופען מיט עטוואס פערביטערונג אין זיין שטימע — איך וועל אייך אלעבען איבערצייגען אז די פרוי וועט גיכער פערראטען איהר געליעבטען ווי דער מאן... און טאקע די זעלבע פרוי פאר וועמען דער מאן האט אויפגעגעבען רייכטום, כבוד און גדולה... זאל מען נאר ברייננען זיין פרוי צו מיר אין פאלאץ און איהר אלע וועט זיך איבערצייגען ווי שנעל זי וועט צושט־מען צו ברייננען דעם קאפ פון איהר מאן,

— ניין מיין האר קעניג, מנוחה וועט עס קיינמאל נישט טהאן! איהר מאן נדב האט נאך געבעטען דריי טעג צייט זיך מישב צו זיין וועגען דעם.. ער האט זיך נאך ארומגעטראגען מיט די געדאנקען פון ערמארדען זיין פרוי, אבער מנוחה, זיין איידעלע און געטרייע פרוי וועט גלייך אויף אן ארט געבען איהר "ניין" אנטווארט... אין דעם בין איך זיכער! — האט איינער פון די חכמים זיך אפגערופען.

— גוט! — האט שלמה אויסגערופען — דו געה אוועק נאך ענתות. און ווען נדב וועט אין פעלד ביי זיין ארבייט זיין, זאלסטו אריינגעהן אין זיין הויז און זאגען מנוחה'ן אז דער קעניג וויל איהר מארגען זעהן, און אז איהר מאן זאל דערוויל דערפון נישט וויסען... און ווען זי וועט צו מיר אין פאלאץ קומען וועט איהר זיך אלע איבערצייגען אז איך בין גערעכט.

דער חכם האט זיך פערנויגט פאר שלמה'ן און האט פערלאזען דעם פאלאץ. ער איז שנעל אוועק נאך ענתות.

ווען ער איז געקומען אין נדב'ס הויז, האט איהם מנוחה זעהר פיין אויפגענומען, און האט איהם געבעטען זיצען.

— דו מוזט זיך געווים וואונדערען! — האט דער חכם זיך צו איהר אפגערופען פארוואס איך בין אזוי שנעל ווידער געקומען בעזוכען דיין הויז.

מנוחה האט א שמייכעל געטהאן!

מיין האר און זיינע פריינד זיינען אימערצו ווילקאמען אין מיין הויז...

— יע, מנוחה! האט דער חכם געזאגט — איך בין איינער פון דעם קעניג'ס חכמים... ווען איך און מיין חבר האבען דיין הויז בעזוכט זיינען מיר געווען אזוי ענטציקט פון אלעם וואס מיר האבען געהערט און געזעהן אז מיר האבען נישט אויפגעהערט דיר צו פערלויבען פאר אונזער נאבעלען קעניג...

א רויטקייט האט בעדעקט מנוחה'ס פנים און זי האט בעשיידען ארונטערגעלאזען איהרע אויגען.

— נישט נאר האבען מיר פערלויבט דיין שעהנקייט און צניעות פאר דעם קעניג מיר האבען אויך געלויבט דיין עהרליכקייט, גוטהערציגקייט און דיין געטריישאפט — האט דער חכם פארט:עזעצט, און ווען דער קעניג האט פון דעם אלעם געהערט, האט ער אויסגעדריט זיין פערלאנג דיך אליין צו זעהן, און מיר געשיקט איך זאל דיר איינלאדען צו קומען אויף מארגען אין ירושלים אין דעם פאלאץ פון קעניג, וואו דער קעניג וועט האבען די מעגליכקייט דיר צו זעהן און צו ריידען מיט דיר...

מנוחה'ס איבערראשונג איז נאך שטארקער געווארען... זי איז געבליבען שטעהן אזוי צוטומעלט אז זי האט נישט געוואוסט וואס איהם צו ענטפערען.

— וועסטו מארגען קומען צום קעניג אין פאלאץ — האט דער חכם איהר ווידער געפרעגט.

— ווער בין איך, אז מיין האר זאל אזוי ריידען פון מיר! — האט מנוחה פערשעהמטערהייט געזאגט — איך האב אזא כבוד נישט פערדיענט... דער קעניג פערלאנגט מיר צו זעהן! א ווי גליקליך מיין מאן וועט זיך פיהלען, ווען ער וועט דערהערען אז דער קעניג האט מיר איינגעלאדען צו זיין פאלאץ...

— דער קעניג פערלאנגט אבער אז דיין מאן זאל דערוויל דערפון גארנישט וויסען — האט דער חכם געזאגט — שפעטער, נאכדעם, ווי דו וועסט שוין

האָבען געזעהן דעם קעניג. וועסטו איהם קענען פון אלץ דערצעהלען, אבער ניש יעצט... וועסטו אזוי טהאָן, מנוחה?

— געוויס מיין האר — האָט מנוחה אויסגערופען מיט גרוים פרייד — ווען אבער זאל איך קומען אין פאלאץ און וואס זאל איך זאגען ווען איך וועל אהין אנקומען.

— ווי נאָר דיין מאן וועט, ווי זיין שטייגער, אוועק אין פעלד צו זיין ארביים, זאלסטו גלייך פערלאזען ענתות און געהן נאך ירושלים. און ווען דו וועסט אין פאלאץ אנקומען זאָלסטו די לייב־וועכטער זאגען אז דו ביזט מנוחה פון ענתות און מען וועט דיר גלייך אריינלאָזען צו זעהן דעם קעניג!

— איך וועל טאהן אלעס וואָס מיין האר האָט מיר געזאגט! — האָט מנוחה אויסגערופען א גליקליכע.

דער חכם האָט איהר בעדאנקט און איז גלייך אוועק פון איהר הויז...

מנוחה איז געווען איבערגליקליך פון דעם געדאנק אז דער קעניג טוט איהר אן אזא כבוד און לאדעט איהר איין צו זיך אין פאלאץ... א ווי איהר האָט זיך יעצט געוואלט טיילען איהר גליק מיט איהר ליעבען מאן... אבער זי האָט פערשפראכען דערווייל נדב'ן וועגען דעם גארנישט זאגען... זי מוז דאך איהר פערשפרעכען האלטען... אזוי פערלאנגט דער קעניג... זי האָט גענומען איבערטראכטען ווי אזוי זי וועט ריידען צום קעניג, און אין פאל ער וועט זיין גנעדיג צו איהר און איהר פרעגען וואס זי פערלאנגט! וואס זאָל זי איהם ענטפערען.... יע, זי וועט בעטען עפּעס פאר איהר מאן, ער זאָל נישט דארפען אזוי פערשווארצט ווערען און הארעווען איבער זיינע כוחות... דער קעניג וועט פיעלייכט טאהן מיט איהר א חסד און געבען איהר נדב'ן א קליינעם אמט... דאס וואלט איהר העכסט גליקליך און צופריעדען געמאכט... זי וואלט דאן געדונגען אן ארבייטער פאר'ן פעלד און נדב וואלט געווען מיט לייטען גלייך... ער וואלט געהאט גרינגע ארבייט...

אין איהר פארשטעלונגס קראפט זעהט זי איהר מאן אלס אן אנגעשטעלטער ביי דעם קעניג, ער קריגט א גרויסע בעלאהנונג, זיי קלייבען זיך אריבער אין דער הויפטשטאדט ירושלים... נדב קומט יעדען אבענד אהיים, א צופריעדענער, נישט אויסגעמאטערט זיי פערברייננגען צוזאמען, ער דערצעהלט איהר וואָס ער האָט דעם טאָג דורכגעמאכט... ער שמייכעלט אזוי רוהיג און געלאסען... א אפשר וועט שוין טאקע גאט רחמנות האָבען אויף איהם, און זי וועט עפּעס קענען אויפטהאָן פאר איהר נדב'ן מיט איהר מארגענדיגען געהן צום קעניג.

מנוחה האָט וויטער גענומען טראכטען ווי אזוי וועט זי מארגען געהן צום קעניג אין פאלאץ, אז איהרע קליידער זיינען שוין אלט און אויסגעטראָגען... זי האָט אפילו נישט קיין שאל צו פערדעקען איהר קאָפּ... זי דערמאנט זיך וואס נדב האָט איהר געזאָגט וועגען דער מתנה וואָס ער האָט פאר איהר געקויפט און זי גלייך פערלארען... א ווי שטארק זי האָט יעצט געוואונשען דאס ער זאל די שאל צוריקגעפינען... מארגען וועט דאס איהר שטארק צוניץ קומען... די זיידענע שאל מיט וואס זי וועט איהר קאָפּ פערדעקען וועט איהר צוגעבען נאך מעהר חן... זי וועט געפינען גנאדע אין דעם קעניג'ס אויגען... זי איז זעהר אומגעדולדיג געווארען, זי איז געווען זעהר נייגעריג צו וויסען אויב נדב האָט די אבדה צוריקגעפונען... דערווייליע האָט מנוחה זיך גענומען צו פערריכטען איהרע קליידער...

פיעלע קליידער האט זי נישט פארמאגט, סך הכל צוויי קליידער און איינע איז געווען מעהר אויסגעטראגען און צוריסען ווי די צווייטע...

— ווי אזוי וועט זי גאר קענען ערשיינען פאר דעם קעניג אין אזעלכע ארימע קליידער — האט זי צו זיך געטראכט... אבער מעגליך אז ווען דער קעניג וועט זעהן איהר ארימקייט און איהר נויט, וועט ער איהר שענקען נייע קליידער... זי האט זיך פארגעשטעלט ווי שעהן זי וועט אויסזעהן אין נייע קליידער, וועלכע די פרויען פון גרויסע שטעדט טראגען... וואס נאך וועט זי דעם קעניג זאגען? יע, זי וועט איהם דערצעהלען וואס פאר א וואונדערבארע קינדער זי האט... א צווילינג האט איהר גאט געשאנקען... ווי שעהן און ליעבליך זיי זיינען...

זי האט זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און איז אריין אין צימער וואו די קינדער זיינען געלעגען און רוהיג געשלאפען. א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף איהר פנים, ווען זי האט בעמערקט ווי איינער פון דעם צווילינג סמאקצעט א פינגער... א ווען דער קעניג זאל זיי נאר זעהן! זי דערמאהנט זיך אז דער געשיכטע וועגען די צוויי פרויען וועלכע זיינען געקומען צום קעניג ער זאל משפט'ן צו וועמען דאס לעבעדיגע-קינד בעלאנגט, יע, נאכדעם ווי דער קלוגער קעניג האט אויסגעפונען אז צרועה איז די ריכטיגע מוטער, האט ער מיט איהר פ על גנארע געטהאן... ער האט איהר רייך געמאכט און איהר זוהן, ירבעם, האט ער גענומען צו ערציהען איהם אין פאלאץ... זי איז זיכער אז ווען דער קעניג זאל דערזעהן איהרעביידע קינדער, וואלט ער איהר גלייך געבעטען זי זאל זיי איבערגעבען די געדאנקען און נאך פארשיעדענע געדאנקען האבען זיך איהר געטומעלט אין מוח, ווען זי האט א טראכט געטהאן וועגען קעניג'ס איינלאדונג... אזעלכע גרויסע האפענונג האט זי אויף דעם געלעגט, און איהר האט בלויז שטארק פערדראסען וואס זי קען זיך דאס נישט טיילען מיט איהר מאן... ווען זי יואלט געווען ערלויבט צו דערצעהלען נדב'ן וועגען דער איינלאדונג פון קעניג, וואלט זי שוין יעצט געווען אין פעלד און ביידע וואלטען געחלומ'ט פון די גרויסע מעגליכקייטען, וואס זי קען ערווארטען.

אין אבענד איז זי איז דרויסען ארוים אפצווווארטען איהר מאן'ס צוריקקעהר פון פעלד... איהר אומגעדולד האט מיט יעדע רגע געוואקסען... ער קומט! זי זעהט איהם פון ווייטען... דוכט זיך אז ער טראגט עפעס אין האנט... יע, נעווים! זי לויפט איהם ענטקעגען.. א ווען זי זאל איהם נאר קענען אנזאגען די גליקליכע בשורה! ניין, נאך אלעמען וועט זיין בעסער ווען ער וועט זיך דערוויסען שפעטער נאך איהר בעזוד ביי דעם קעניג אין פאלאץ... פיעלייכט וועט זי דאן האבען נאך מעהר ערפרעהענדעס איהם איבערצוגעבען... מנוחה האט פארשנעלערט איהרע טריט... נדב האט איהר פון ווייטען בעמערקט... ער האט אויפגעהויבען זיין האנט, איהר בעגריסט און איז גלייך איהר ענטקעגען געלאפען.

— מיין ליעבע טייערע מנוחה! — האט נדב אויסגערופען און איהר ארומגענומען, געהאלדזש און געקושט — אה איך בין אזוי גליקליך וואס דו ביזט מיר יעצט ענטקעגען געקומען איך האב שוין מעהר קיין געדולד נישט געהאט צו ווארטען דיר צו זעהן, דער וועג האט זיך מיר היינט נאך לענגער געצויגען ווי אימער...

מנוחה האט איהם גענומען אנקוקען מיט אביסעל פערדאכט, פארוואס איז ער עפעס היינט נאך מעהר ליעב און צערטליך צו איהר ווי אימער?... זאל דאס

מעגליך זיין אז ער האָט זיך דערוואוסט פון דעם סוד? אבער ווער האָט עס איהם געקענט דערצעהלען? געווים נישט דער חכם וועלכער האָט איהר אין נאמען פון קעניג די איינלאדונג געגעבען... אויב אזוי פון וואנען וויים ער? קיינער איז דאָך דערביי נישט געוועזן ווען דער חכם איז געקומען איהר בעזוכען... באלד אבער האָט זי אלעס פערשטאנען: ער האָט צוריק געפונען די מתנה און איז איבערגליקליך... דעריבער איז ער דאָס אזוי אומגעדולדיג איהר צו זעהן.

מנוחה האָט איהם געענטפערט מיט קושען און באלד זיינען איהרע בליקען געפאלען אויף דעם פעקעל אין נדב'ס האנט.

— דו האָסט דיין אבדה געפונען! — האָט זי א גליקליכע אויסגערופען — דאָס וועט מיר יעצט זעהר שטארק צוניץ קומען... און באלד האָט זי זיך פערכאפּט... איך האָב דאָך קיין שאל נישט... געגלויבט איז גאָט וואָס ער האָט דיין פערלוסט אומגעקעהרט.. וואו האסטו עס פערלארען?

— אויף'ן וועג! אבער וואָס איז דער אונטערשיעד? — האָט נדב'ס פנים גענומען פלאמען. ער האָט גלייך פאנאנדערגעוויקעלט דעם פעקעל און פון דארט ארויסגענומען א פראכטפולע זיידענע שאל. און זי איבערגעגעבען צו מנוחה'ן.

מנוחה האָט געגאפט.

— אה ווי וואונדערשעהן דאָס איז! דאס איז דאָך ווירקליך אזא טייערע מתנה! — האָט זי איהר מאן ווידער גענומען קושען. זי האָט די שאל ארויפגעטאהן אויף איהר קאפּ.

נדב האָט אפּגעטראָטען עטוואס אויף צוריק און בעטראכט זיין פרוי פון א קליינעם מרחק...

— ווי שעהן די שאל פּאסט דיר! — האָט ער אויסגערופען און טרעהרען פון פרייד האָבען זיך בעוויזען אין זיינע אויגען.

— ווי גליקליך ער פיהלט זיך יעצט, דאָס ער האָט דעם שרעקליכען פערברעכען נישט בעגאנגען געגען זיין פרוי... וואלט ער דען נישט זיין לעבען אפּגעגעבען פאר איהר? וויפיעל צויבער און רייץ זי בעזיצט! ער דארף גאָט דאנקען וואס ער האָט איהם מיט אזא ליעבליכע פרוי בעשאָנקען!

זיי זיינען ביידע אין הויז אריין די אלטע וועלכע האָט אכטונג געגעבען אויף די קינדער ווען זי איז ארויסגעגאנגען האָט אויך באלד דערקענט די שמחה פון מאן און פרוי... זי האָט זיך באלד צוריקגעצויגען פון הויז און זיי איבערגעלאזען צו זיך זעלבסט.

נדב איז אריין אין צימער וואו זיינע קינדער זיינען געווען און מיט פאטערליכע ליעבע זיין צווילינג בעטראכט, ער האָט זיי געלאשטשעט און געברומט צו זיי! נאך איין האר און זיינע ליעבע קינדער וואלטען אהן א מוטער געבליבען א שווערער געהט דורך זיין קערפּער, ווען ער גיט נאר א קלעהר פון דעם...

מנוחה האָט געגרייט צום טיש און זיי האבען זיך ביידע געזעצט עסען. נדב האָט שוין לאנג נישט געהאט אזא אפּעטיט צום עסען...

ביינאכט האָט נדב גאנץ געשמאק געשלאָפען, מנוחה אבער האָט נישט געקענט באלד איינשלאָפען... איהרע געדאנקען האבען גענומען וואנדערען און זי האָט זיך פארגעשטעלט ווי זי וועט קומען צו דעם קעניג אנגעטהאן מיט איהר נייער שאל... יע. די שאל איז לאנג און ברייט און זי וועט פערדעקען דעלבסט פון

איהר אויסגעטראָגענע קלייד! אַ וואָס פאַר אַן איבערראַשונג נדב וועט עס האָ־
בען ווען זי וועט זיך צוריקקעהרען פון ירושלים און איהם דערצעהלען אַז זי
האָט גערעדט מיט דעם קעניג!

אויף מאָרגען אין דער פריה, נאָכדעם ווי נדב איז אוועק אין פעלד, האָט
זיך מנוחה אָרומגעוואַשען, אָנגעטהאָן די קלייד וועלכע זי האָט פאַרריכט און זיך
איינגעהילט אין דער נייער זיידענער שאַל. האָט זי איבערגעלאָזען איהרע קינדער
מיט דער אַלטער פרוי און אַליין איז זי אוועק נאָך ירושלים.

דעם גאַנצען וועג האָט איהר דאָס האַרץ געקלאַפּט... אין איהר מוח האָבען
זיך פערשיעדענע געדאַנקען צונויפגעמישט... דער קעניג! ירושלים! דער פּאַ־
לאַץ... זי האָט אַליין נישט געוואוסט אָבער דאָס האַרץ האָט איהר אַזוי געשראָקען
ווען זי האָט זיך גענומען דערנעהענטערען צו ירושלים... ווי אַזוי וועט זי גאַר האָ־
בען דאָס מוטה אַריינצוגעהן אין פּאַלאַץ... וואָס וועט זי זאָגען צו די בעאַמטע.
באַלד אָבער האָט זי זיך דערמאָהנט וואָס דער חכם האָט איהר אָנגעזאָגט. און
זי האָט זיך גענומען בערוהיגען... זי איז צוגעקומען צום פּאַלאַץ... אַ ווײַלע איז
זי שטעהן געבליבען נעבען די טרעפּ און געצעגערט... באַלד אָבער האָט זי ווידער
געקראָגען מוטה און זי אַרויף די טרעפּ, זי איז צוגעקומען צו די טיהרען און
אַ בעאַמטער פון קעניג האָט איהר געפרעגט ווער זי איז און וואָס זי פערלאַנגט.

— איך בין מנוחה פון ענתות — האָט זי עטוואָס צוטומעלט אויסגערופען.

דער בעאַמטער האָט איהר בעטראַכט און ער האָט קוים איינגעהאַלטען זיין
שמייכעל.

— וואַרט דאָ צו אַ ווײַלע! — האָט ער איהר געזאָגט — און איז אוועק
מעלדען דעם הויפט לייב־וועכטער.

דער הויפט לייב־וועכטער איז גלייך אַריין צום קעניג און איהם געזאָגט אַז
מנוחה פון ענתות איז דאָ!

— היים איהר אַריינקומען! — האָט ער בעפוילען זיין הויפט לייב־וועכטער.

ווען דער לייב וועכטער איז אַרויס — האָט שלמה געהייסען אַלע חכמים
זיך ווידער פאַרבאַרגען הינטער דעם פאַרהאַנג פון זיין טראָהן.

מנוחה איז אַריינגעקומען אין פּאַלאַץ... איהרע אויגען האָבען גענומען
שווינדלען פון דעם פּראַכט און גלאַנץ פון דעם פּאַלאַץ... זי האָט קוים איהרע
פיס געקענט בעוועגען אויף די ווייכע טעפּיכער... זי האָט אויפגעהויבען איהרע
אויגען און דערזעהן דעם קעניג זיצענדיג אויף דעם טראָהן... און זי האָט גענו־
מען ציטערען פון שרעק...

— ביזטו דאָס מנוהה פון ענתות?! — האָט שלמה אויסגערופען, בע־
מערקענדיג איהר גרויסע פערלעגענהייט.

— יע! מיין האַר קעניג! — האָט מנוחה קוים אַרויסגערעדט.

— שרעק זיך נישט קיין שלעכטעס וועט דיר נישט געשעהן! — האָט
שלמה זיך אָפּגערופען מיט אַ מילדע שטימע.

דעם קעניג'ס ווייכקייט און צערטליכקייט האָבען איהר עטוואָס בערוהיגט
און זי האָט זיך דערנעהענטערט צום טראָהן און זיך פערנייגט.

— איינינע פון מיינע חכמים זיינען צופעליג אין ענתות געווען און זיי
האָבען מיר איבערגעגעבען ווי פריינדליך דו האָסט זיי אויפגענומען... זיי האָבען
אויך זעהר פיעל דיר פערלויבט פאַר מיר, און איך בין זעהר נייגיריג געווען

דיר צו זעהן... זעץ זיך, מנוחה ! — האט ער איהר אנגעצייגט אויף א שטוהל נעבען טראהן.

מנוחה האט זיך געזעצט אויף דעם שטוהל און זי האט איהר מויל נישט געקענט עפענען.

— ווי עס ווייזט אוים האט דיר גאט בעשאנקען נישט נאר מיט א נאבעלע הארץ און איידעלע נשמה, נאר אויך מיט א וואונדערשעהנעם בעצויבערענדען געשטאלט — האט איהר שלמה געמאכט א קאמפלימענט.

מנוחה'ס פנים איז רויט געווארען... איהר הארץ האט א צאפעל געטהאן... יע, זי געפינט חן אין זיינע אויגען... דער קעניג זאגט אז זי איז זעהר שעהן און בעצויבערענד! א ווען נדב וואלט עס געהערט ווי גליקליך דאס וואלט איהם געמאכט... איז איהר דורכגעלאפען א געדאנק... ווען דער קעניג וואלט געזעהן איהר שעהנעם צווילינג!...

— און דו געפינסט זיך אין ענתות! — האט דער קעניג ווידער זיך אפגערופען — פאר אזא שעהנע פרוי ווי דו וואלט זיך געפאסט צו וואהנען אין ירושלים! אבער ווי איך פערשטעה ביזטו פערהייראט און שטארק צוגעבונדען צו דיין היים אין ענתות...

א בעשיידענער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף מנוחה'ס פנים... זי האט געוואלט עפעס ריידען אבער זי האט נישט געקענט...

— און ווי הייסט דיין מאן — האט שלמה געוואלט איהר ארייגציהען אין א געשפרעך.

— זיין נאמען איז נדב! — האט זיך מנוחה אויפגעשטעלט.

— זעץ זיך, דו שעהנע פרוי! — האט דער קעניג צו איהר געזאגט — דו דארפסט זיך אין מיין פאלאץ פיהלען ווי אין דיין היים...

א ווארימקייט האט זיך צוגאסען דורך מנוחה'ס קערפער ווען זי האט גע־הערט פון קעניג'ס מויל אזעלכע רייד.

— א מיין קעניג, דיין דיענסט איז נישט ווערט די שטויב וואס איז אונ־טער דיינע פים!... — האט זי געזאגט און איהרע אויגען צום באדען ארונ־טערגעלאזען.

— דיין מאן מעג זיכער שטאלץ זיין מיט דיר, מנוחה! האט שלמה איהר ווייטער געזאגט — שווער איז צו געפינען אזא שעהנע פרוי ווי דו אפילו אין ירושלים... און ווען דיין באראקטער און מידות בעציערען נאך מעהר דיין פנים, דאן ביזטו א בענטשונג צו א מאן...

דעם קעניג'ס לעצטע ווערטער האבען אן אומגעהויער איינדריק געמאכט אויף מנוחה'ן... זי האט געוואוסט אז זי בעזיצט א שעהנעם פנים אבער אז אין ירושלים איז שווער צוגעפינען אזא שעהנע ווי זי, דאס איז פאר איהר אן ענדעקונג... און פון וועמען הערט זי דאס? ! פון דעם קעניג'ס מויל !...

— מנוחה — האט דער קעניג פארטגעזעצט — דו האסט געפונען חן אין מיינע אויגען און איך וואלט זעהר געוואלט מיט דיר עטוואס גוטעס טאהן... דו וועסט קומען צו מיר אין א וואך ארום און דאן וועל איך דיר האבען עטוואס וויכטיגעס צו זאגען... דערווייל קענסטו געהן אהיים! אבער דו מוזט מיר פער־שפרעכען דערווייל גארנישט צו דערצעהלען דיין מאן... זאג איהם נישט אז דו ביזט געווען אין ירושלים, און געוויס נישט אז דו האסט מיט מיר גערעדט...

נאך דעם צווייטען מאל וועז דו וועסט קומען, וועסטו קענען דערצעהלען דיין מאן אויב דו וועסט וועלען... אבער נישט יעצט... פערשפרעכסטו עס מיר?

— יע, מיין האר קעניג! — האט זי א שאקעל געטהאן מיט איהר קאפ — איך וועל טהאן אלעס וואס דער קעניג האט מיר געזאגט.

מנוחה איז ארויס פון שלמה'ס פאלאץ, זי איז א קליינע ווילע געבליבען שטעהן אין דרויסען ווי פערשכור'ט, איז דאס א חלום! איז עס מעגליך אז זי האט מיט דעם קעניג גערעדט?... ניין, עס איז נישט קיין חלום! אט זעהט זי דאך דעם פאלאץ... ווי אנגענעהם און שעהן דעם קעניג'ס ווערטער קלינגען נאך יעצט אין איהרע אויערן: "שווער צו געפינען אאז שעהנע פרוי ווי דו, אפילו אין ירושלים"! אז דער קעניג זאל אזוי שטארק לויבען איהר שעהנקייט, אויף דעם האט זי זיך גארנישט גערעכט! זי איז אנגעפילט געווארען מיט שטאלץ... יעצט זעהט זי אז זי האט איהרע יונגע יאהרען פערבראכט אין גארנישט... זי האט געליטען נויט און ארימקייט... פערבראכט אין דער פערוואָרפענער שטעדטעל ענתות... און וועלקט דארטען ווי א בלום... וואס וואלט דער קעניג צו איהר געזאגט ווען ער וואלט איהר געזעהן ווען זי איז נאך א מיידעל געווען... ווער ווייס? א לייכטער ציטער געהט דורך איהר קערפער... זי נעמט זיך שרעקען פאר איהרע אייגענע געדאנקען... נדב איז איהר מאן און זי האט איהם ליעב... פאר וואס זאל זי איבערטראכטען און איבערדענקען וואס עס וואלט געשעהן! א ווען זי קען איהם יעצט דערצעהלען וואס מיט איהר האט נאר וואס פאסירט... ער וואלט זיינע אויערען נישט געגלויבט... ווער וואלט עס גאר אפילו געקענט חלום'ען דערפון... אין א וואך ארום דארף זי ווידער קומען צום קעניג. דאן וועט זי פון קעניג הערען וויכטיגע ווערטער... זי וועט פאר איהם איהר לאגע דערצעהלען... ער וועט איהר העלפען... ער איז דאך אזוי קלוג און גוט... און ווי שעהן דער קעניג איז. דאס גאנצע פאלק איז שטאלץ מיט איהם! וואס פאר א פערגלייכעניש צו נדב'ן... אבער ווייטער נעמען זיך פלאנטערען אזעלכע זינדיגע געדאנקען אין איהר קאפ... זי ליעבט נדב'ן... דער קעניג וועט איהם יעצט זיכער געבען א קליין אמט אין דער מלוכה... זיי וועלען וואהנען אין ירושלים... א ווי לוסטיג און פרעהלאך דארטען איז... אין א וואך ארום וועט זי ווידער דארט זיין! זי וועט נאך אמאל האבען די עהרע צו ריידען מיט דעם קעניג! דעם צווייטען מאל וועט זי זיך שוין אזוי נישט פערלירען... זי וועט איהם דערצעהלען פון איהרע שעהנע צוויי קינדער... ער וועט געוויס זיי הייסען ברייגנען צו איהם אין פאלאץ... שלמה האט שטארק ליעב קליינע קינדער, און ווען ער וועט זיי דערזעהן, וועט זי און נדב שוין נישט דארפען זיין בעזארגט וועגען דער צוקונפט פון זייערע קינדער... א שמייכעל בעוויזט זיך אויף איהר פנים ווען זי דערמאנט זיך ווי נישט לאנג צוריק, איז נדב געווען שטארק בעזארגט וועגען דעם ווי אזוי זייער צווילינג וועלען זיך טהיילען מיט דעם קליינעם פעלד וואס ער פערמאגט... אז ער אליין קען קוים ציהען זיין חיונה פון דעם... נישקשה גאט פערלאזט נישט... אט איז גאר צו איהר אזוי פלוצלונג, אזוי אומגעריכטערהייט געקומען אזא גליק...

ווען מנוחה איז צוריקגעקומען אהיים איז זי גלייך צוגעפאלען צו איהרע קינדער און זיי געגומען האלדזען און קישען... צו איהר שמחה איז קיין גרעניץ נישט געווען... איהר איינציגע זארג איז יעצט געווען ווי אזוי וועט זי קענען

פערבארגען אלעם פון איהר מאן, זיבען טעג. וועט ער דען נישט קענען דערקע־נען איהר פרעהליכקייט און דערהויבענקייט אויף איהר פנים?... זי וועט מוזען זיך בעמיהען צו בעהערשען אלע איהרע געפיהלען... נדב טאר איהר גאר נישט חושד זיין... אין זיבען טעג ארום, ווען זי וועט טאקע האבען וויכטיגע נייעס איהם מיטצוטהיילען, דאן וועט זי זיין ערלויבט איהם אלעם צו דער־צעהלען און ווי גרויס זיין שמחה וועט דאן זיין...

דעם גאנצען טאג איז זי געווען פרעהליך און לוסטיג, זי האט פאר איהרע קינדער שעהנע ליעדער געזונגען, אבער אין אבענד ווען נדב האט זיך צוריקגע־קעהרט פון פעלד איז זי אומעטיג געווארען... זי האט זיך שטארק געוואונדערט אויף זיך אליין ווי אזוי דאס איז געשעהן... האט דען נדב'ס צוריקקעהר פון זיין ארבייט איהר נישט אלע מאל פרעהליכער געמאכט?... גלייך אבער האט זי זיך געגומען פערענטפערען, דאס איז צוליעב דעם וואס זי וויל פון איהם איהר סוד פערבארגען אויף א קורצע צייט...

מיט גרויס אומגעדולד, האט מנוחה געווארט אויף יענעם טאג ווען זי וועט נאך אמאל בעזובען דעם קעניג אין פאלאץ... זי האט נישט אויפגעהערט צו קוקען אין שפיגעל און בעטראכטען איהר פנים... יע, זי איז ווירקליך זעהר שעהן! האט זי אליין צוגעגעבען... אבער וואס האט זי ביז יעצט געהאט פון איהר שעהנקייט... אמת נדב האט איהר ליעב... און ווער וואלט אזא שעהנע פרוי נישט ליעב געהאט... וואס פאר א קליידער טראגט זי. איהר פנים האט דאך געפלאמט ווען זי איז אין פאלאץ אריינגעקומען... איהרע אויגען זיינען פער־בלענדעט געווארען פון דעם פראכט און גלאנץ... זי האט באמערקט וואס פאר א וואונדערשעהנע קליידער דעם קעניג'ס דיענסטען טראגען... א ווען זי קען ווערען דעם קעניג'ס דיענסט דאן וואלטען דאך אלע גליקליך געווען... נדב וואלט שוין פארשפארט צו הארעווען... איהרע קינדער וואלטען אין פאלאץ פארבליי־בען... יע, אויב דער קעניג וועט איהר פרעגען וואס זי פערלאנגט פון איהם, וועט זי איהם זאגען אז זי וואלט געוואלט זיין די דיענסט פון דעם קעניג.

דער בעשטימטער טאג איז אנגעקומען, מנוחה איז גאנץ פריה אויפגעשטאנען זי האט צוגעגרייט דעם פריהשטיק פאר איהר מאן... זי האט נאכהער גלייך אויפגעוועקט נדב'ן...

— פארוואס ביזטו היינט אזוי פריה אויפגעשטאנען מנוחה? — האט נדב געריבען זיינע אויגען.

— איך האב שוין מעהר נישט געקענט שלאפען... דער פריהמארגען איז דאך אזוי שעהן און הערליך... איך וואלט וועלען אז דו זאלסט אויך בעסער אוועקגעהן צו דער ארבייט פריהער אין קומען פריהער אהיים...

נדב האט זיך אייל־ענדיג אנגעטהאן ער האט אפגעגעסען זיין פריהשטיק, געקושט זיין פרוי און אוועק אין פעלד.

מנוחה איז געבליבען קאלט צו נדב'ס קושען. זי האט זיך אליין געוואונדערט אויף דעם... יעצט זיינען זיי עפעס איהר געווען דערווידער... נייז, איהר ליעבע צו איהם האט זיך נישט געענדערט... זי ליעבט איהם אזוי שטארק ווי אימער־אבער דאך... אלעם קוקט איהר אויס אזוי נישטיג אין פערגלייך מיט דעם וואס זי פיהלט יעצט... באלד וועט זי זעהן דעם קעניג... מיט איהם ריידען. זי האט גוט בעטראכט איהר קלייד, און עס איז איהר עטוואס אומעטיג געווארען אויף'ן

הארצען.. ווי אזוי וועט זי קענען ערשיינען פאר דעם קעניג אין אזא קלייד... בפרט נאך יעצט אז דער קעניג האלט איהר פאר זעהר א שעהנע פרוי... זי האט פרובירט פערדעקען מיט דער שאל די לאטעס, אבער זי איז געוועזן זיכער אז מען וועט זיי קענען זעהן... זי איז געווארען שטארק פערצווייפעלט, זינט זי האט מיט נדב'ן געהייראט, האט זי נאך קיין נייע קלייד צו איהר לייב נישט געמאכט, די צוויי אלטע קליידער וואס זי פערמאגט האט זי איבערגעמאכט און איבערגענייט... א ווי נאריש נדב איז! וועט ער וואלט איהר פאר דעם געלט וואס ער האט אויסגעגעבען אויף דער שאל, געקויפט א קלייד, וואלט עס יעצט מעהר צוניץ געקומען... איהרע שיך זיינען אויך צוריסען, אבער דאס איז נישט אזוי שרעקליך די לאנגע קלייד וועט עס פערדעקען... אבער א קלייד, א גאנצע קלייד אהן לאטעס וואו נעמט מען?

באלד איז איהר ארויפגעקומען אויף'ן געדאנק, אז זי וועט געהן בארגען א קלייד פון איהר פריינדין חנה, וועלכע האט נישט לאנג חתונה געהאט... יא, זי וועט איהר געוויס טאהן די טובה... זי וועט איהר בארגען איהר קלייד ביז נאך מיטאג... דאן וועט זי זיין צוריק...

זי איז אוועקגעגאנגען צו חנה'ן וועלכע האט געוואהנט אין צווייטען עק פון שטאדט. און איז אריין אין איהר הויז.

— מנוחה! — האט חנה אויסגערופען מיט ערשטוינונג ווי אזוי קומסטו דא יעצט צו מיר:

מנוחה האט זיך ארומגעקוקט און ווען זי האט געזעהן אז קיינער א חוץ איהר פריינדין איז נישטא, האט זי זיך אפגערופען:

— איך בין געקומען דיר בעטען א טובה... איך בין איינגעלאדען אין ירושלים צו א שמחה פון מיינער א פריינדין.

— דו האסט א פריינדין אין ירושלים! — האט חנה נאך מעהר זיך גע־וואונדערט.

יע, געוויס האב איך! האט מנוחה גענומען שטאמלען.

— און מיר וואונדערט זיך אויף דיר, מנוחה אז דו האסט מיר וועגען איהר קיין מאל נישט דערצעהלט...

מנוחה'ס פערלעגענהייט האט זיך פערגרעסערט, באלד אבער האט זי געזאגט:

יענע איז מיין פריינדין פאר גאר א קורצע צייט... יעצט האט זי געבארען א זוהן און היינט פייערט מען דעם מאלצייט פון ברית, און זי האט מיר שטארק געבעטען איך זאל קומען אויף איהר שמחה... איך האב איהר פערשפראכען צו טהאן... אבער מיין קלייד איז אויסגעטראגען און איך שעהם זיך צו קומען אין ירושלים אין אן אלטע קלייד, וועסטו מיר פיעלייכט טאהן די געפעליגקייט און בארגען דיין יום־טוב'דיגע קלייד. איך וועל זי דיר היינט נאך מיטאג צוריק־ברייגנען.

חנה האט אפילו געצעגערט... זי האט איהר אבער נישט געקענט ענטזאגען. זי האט איהר די קלייד גגעבען מנוחה האט איהר בעדאנקט און א פרעהליכע האט זי צוריקגעגאנגען אהיים... זי האט גלייך אנגעטהאן די נייע קלייד וועלכע האט איהר גוט געפאסט; זי האט זיך איינינע מאל בעטראכט אין שפיגעל, צו־

רעכט געמאכט איהרע האר און איז אוועק מיט א קלאפענדע הארץ, פול מיט האפענונג און ערוואַרטונגען, נאך ירושלים.

שלמה האט איהר ערוואַרטעט, זיינע חכמים זיינען געזעסען אויף זייערע פלעצער... זיי זיינען זיכער געווען אז ווען דער קעניג וועט גאר אנווייזען צו מנוחה'ן איהר מאן צו פערראטען, וועט זי דערפון נישט וועלען הערען.

— וגענען דעם וועט איהר זיך באלד איבערצייגען — האט שלמה זיך צו זיי אפגערופען — נדב איהר מאן, האט אמוויניגסטען ביי מיר געבעטען דריי טעג צייט זיך איבערצולעגען וועגען דעם... זי וועט אפילו דאס אויך נישט טהאן... זי וועט גלייך צושטימען...

— עס איז אונז זעהר שווער צו גלויבען אויף מנוחה'ן אזא זאך! — האבען די חכמים געקוועטשט מיט די פלייצעס.

ווען מען האט געמאלדען דעם קעניג אז מנוחה פון ענתות איז געקומען, זיינען די חכמים ווידער אריין הינטער'ן פארהאנג פון דעם טראהן.

מנוחה איז אריינגעקומען אין פאלאץ מיט אביסעל מעהר געוואגטקייט ווי דעם ערשטען מאל... יעצט אז זי טראגט א שעהנע קלייד וועט זי נאך געפינען מעהר חן אין דעם קעניג'ס אויגען... זי איז צוגעקומען נעהענטער צום טראהן און זיך פערנייגט...

— איך בין זעהר צופריעדען וואס דו ביזט געקומען מנוחה — האט שלמה געזאגט מיט א ליעבליכעןש מייכעל — איך האב טאקע זעהר וויכטיגעס מיט דיר היינט צו ריידען... קיינער געפינט זיך יעצט נישט אין מיין פאלאץ און דער־ריבער וועלען מיר קענען ריידען אונגעשטערט.

מנוחה האט אויף דעם קעניג געקוקט מיט דאנקבארע אויגען... געלויבט איז גאט — האט זי זיך געטראכט וואס ער האט געמאכט איך זאל געפינען חן אין זיינע אויגען. זי איז געווען זיכער אז יעצט קוקט זי נאך שעהנער אויס ווי דעם ערשטען מאל ווען דער קעניג האט איהר דערזעהן.

— זאג מיר, מנוחה — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען — האסטו ליעב דיין מאן?

מנוחה'ס פנים איז רויט געווארען.

— געוויס מיין האר קעניג! איך האב איהם ליעב.

— זאג מיר, האסטו איהם גארנישט דערצעהלט וועגען דעם אז דו ביזט געווען מיר בעזוכען.

— ניין, גנעדיגער קעניג!

— און ער האט די גאנצע וואך נישט געקענט אז דיר דערקענען אז דו פערבארגסט אזא וויכטיגע סוד פון איהם? — האט איהר שלמה ווידער געפרעגט.

— ניין! ער האט אפילו נישט געהאט דעם מינדסטען פערדאכט... — האט מנוחה א צופריעדענע געענטפערט.

— דו ווייסט, מנוחה! — האט שלמה פלוצלונג אויסגערופען — דו האסט געפונען חן אין מיינע אויגען... יעצט זעה איך אויך אז מען קען זיך אויף דיר פערלאזען... מיר האט זיך געדוכט אז דו וועסט לאנג נישט קענען פערבארגען א סוד פון דיין מאן. און דורך דעם האסטו נאך אין מיינע אויגען געשטיגען... יעצט בין איך זיכער אז איך וועל דיר קענען אנפערטרויען זעהר א וויכטיגען סוד... ביזטו געגרייט דעם סוד צו הערען?

— יע, מיין האר קעניג! — האַט מנוחה געשטראַהלט פון שמחה — דיין דיענסט איז געגרייט.

דו וועסט מיר מוזען פאַרשפּרעכען דיזען סוד הייליג צו האַלטען, און קיינ־מאָל אין דיין לעבען פאַר קיינעם עס נישט צו ענטדעקען! —האַט שלמה געזאַגט.

— אפילו נישט צו מיין מאַן? — האַט מנוחה געפרעגט.

שלמה האַט א שמייכעל געטהאָן... צו דיין מאַן געוויס נישט! קענסטו מיר פערשפּרעכען עס צו טהאָן?

— יע, מיין האר קעניג! — האַט מנוחה מיט בעשלאָסענהייט געזאַגט — איך קען דאָס פערשפּרעכען מיט זיכערהייט...

— אויב אַזוי האַט זיך שלמה אויפגעשטעלט פון זיין טראָהן, קום צו עט־וואָס נעהענטער.

מנוחה איז צוגעגאַנגען. זי האַט מיט גרויס שפּאַנונג און נייגעריגקייט געוואָלט הערען וואָס דער קעניג האַט איהר צו זאָגען.

— זינט איך האָב דיר צום ערשטען מאָל דערזעהן האָסטו מיר מיט דיין שעהנקייט בעצויבערט! — האַט שלמה זיך אָפּגערופען — איך האָב די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט צו טראַכטען פון דיר... איך וויים אַז דיר פּאַסט בעסער צו זיצען אין פּאַלאַצען, ווי צו וואָהנען אין אַן אָרעם הייזעל אין ענתות...

מנוחה'ס האַרץ האַט גענומען קלאַפּען שטאַרקער... — ווען דו שטימסט צו וואָלט איך דיר פאַר מיין קעניגין געמאַכט! — האַט שלמה פון איהר זיינע אויגען נישט אַרונטערגענומען...

א מיין האר קעניג! — האַט מנוחה געגאַפט! אָבער דיין דיענסט איז דאָך א פערהייראַטע פרוי!

— יע, איך וויים דאָס — האַט שלמה זיך אָפּגערופען מיט א געמאַכטען ערנסט — דיין מאַן שטעהט צווישען אונז ביידען! האָט ער א רעכט דאָס צו טאָהן?

— אה, מיין קעניג! — האַט מנוחה אויסגערופען א צוטומעלטע פון גרויס איבערראַשונג — האָט עס דען דיין דינסט פערדיענט, אַז דו זאָלסט אַזוי גרויסע דיין גנאָדע צו מיר!

— דו ביזט די שעהנסטע פרוי אין מיין גאַנצען לאַנד — האַט שלמה גע־זאַגט — און אויב דו וועסט צושטימען וועל איך דיר נאָך מאָרגען ערקלערען פאַר מיין קעניגין...

צו מנוחה'ס ערשטוינונג איז קיין גרעניץ נישט געווען. זי איז געווען אַזוי נעריהרט פון דעם קעניג'ס ווערטער אַז זי האָט בעת מעשה נישט געוואוסט וואָס צו זאָגען.

— מנוחה! — האָט שלמה געזאָגט ווילסטו דען נישט ווערען די קעניגין איבער גאַנץ ארץ ישראל.

מנוחה האָט געשוויגען. זי האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדען פון אויפרעגונג... באַלד אָבער איז זי צו זיך געקומען און מיט א שוואַכע ציטערענדע שטימע זיך אָפּגערופען...

— אָבער מיין מאַן! וועט ער דען וועלען צושטימען מיר צו גט'ן!

— מנוחה, מיר וועלען דיין מאַן נישט פרעגען! — האָט שלמה זיך אָפּ־גערופען.

— און ווען ער וועט מיר נישט וועלן געבען קיין גט?

— איך וויל דיר מאכען פאר מיין קעניגין — און איך בין אויף אלעס גע־גרייט... זאג מיר מנוחה ביזטו אויך געגרייט צו טהאן אלעס פאר מיר!

— מיין קעניג! איז מנוחה איהם געפאלען צו די פיס—קיין זאך אין דער וועלט וועט נישט זיין צו שווער פאר מיר צו טהאן פאר'ן קעניג.

— אויב אזוי! האט דער קעניג זיך אפגערופען פערלאנג איך פון דיר דו זאלסט מיר מארגען ברייננען די קאפ פון דיין מאן!...

— די קאפ פון מיין מאן? !... — האט זיך מנוחה גענומען טרייסלען פון שרעק.

— יע, די קאפ פון דיין מאן! — האט שלמה ווידערהאלט אויב דו ווילסט מיר ציינען ווי געטריי דו ביזט צו מיר און אז דו וועסט ווערט זיין צו טיילען זיך מיט מיר די קרוין דארפסטו עס פאר מיר טאהן, און אויב דו וועסט עס נישט טאהן פאר מיר, דאן וועל איך וויסען אז איך האב נישט אויף וואס צו האפען... איך וועל דאן מוזען זוכען אן אנדערע קעניגין... אבער ווי נאר דו וועסט מיר ברייננען די קאפ פון דיין מאן, וועל איך מיט דיר חתונה האבען און דו וועסט הערשען איבער מיין לאנד צוזאמען מיט מיר.

מנוחה האט זיך בעגאסען מיט א שוויים... איהרע אויגען האבען איהר גענומען שווינדלען, דער קאפ האט זיך איהר געדרעהט...

שלמה האט בעמערקט דעם איינדרוק וואס זיינע לעצטע ווערטער האבען אויף איהר געמאכט... ער האט איהר געלאזען זיך אביסעל בערוהיגען... און נאך א קליינע פויזע, האט ער זיך ווידער צו איהר אפגערופען:

— יע, מנוחה דיין מאן איז יעצט א שטרויכלונג צו דיין גליק, און ווען ער וועט מעהר נישט זיין, דאן זיינען די טויערען פון העכסטען גליק און געננים אפען פאר דיר... און נאר דאן וועל איך דיר פאר מיין קעניגין מאכען, ווען איך וועל זיך איבערצייגען אז דיין ליעבע צו מיר שטעהט העכער אפילו פון דיין מיטלייד צו דיין מאן... און בלויז דאן וועל איך אין דעם זיכער זיין, ווען דו וועסט מיר ברייננען דעם קאפ פון דיין מאן! יעצט, מנוחה, קלייב זיך אוים: אדער דו וועסט צוריקגעהן וואהנען אין ענתות מיט דיין מאן, איז ארימקייט און אין נויט ביז די ענדע פון דיינע יאהרען... אדער דו וועסט דורך איין איינ־ציגען געוואגטען טהאט, ווערען מיין קעניגין, דו וועסט הערשען איבער גאנץ ארץ ישראל... דו וועסט דיין גאנצען לעבען פערברענגען אין רייכטהום און אין לוקסוס ווי עס פאסט זיך פאר א קעניגין!... נאר איין זאך מוזטו וויסען, מנוחה, אז מיט דיין וואונדערשעהנעם און בעצויבערענדען פנים, פאסט דיר מעהר צו זיין א קעניגין, ווי די פרוי פון אן ארימען אכר!...

מנוחה האט זיך ביסלעכוויז גענומען בערוהיגען... דעם קעניג'ס ווערטער זיינען טיעף אין איהר הארצען אריין... ווי שטארק דער קעניג האלט פון איהר שעהנקייט... וועט זי נאכדעם זיך קענען צוריקקעהרען צו איהר פריהערדיגען לעבען?... וועט זי שוין ווען עס איז קענען גליקליך זיין מיט איהר נדב'ן, נאכ־דעם ווען זי וועט וויסען אז זי האט אויפגעגעבען א קעניגרייך צוליעב איהם! זי האט געווארפען א בליק אויף דעם קעניג, וועלכער איז קענטיג געווען פאר־טיפט אין זיינע מחשבות... און איהר הארץ האט א צאפעל געטהאן... זי זאל נאר וועלען, און דער גרויסער מעכטיגער קעניג, וועלכער איז קליגער אין שעהנער

פון אלע מענער פון לאנד, וועט ווערן איהר מאן... א פיחלונג, וואס זי האט נאך ביז יעצט קיינמאל נישט געפיהלט, האט דורכגעדרונגען איהר גאנצען וועזען... זי א קעניגין! א הערשערין... מיט דיענסטען און קאמער־מיידלעך אהן א צאהל... זי איז בעהאנגען מיט גאלד און קאסטבארע שטיינער, איהר ווארט איז געזעץ! אלע לויבען איהר שעהנקייט, אלע בעוואונדערען איהר... אט הער'ט זי ווי דער גאנצער המון רופט אויס: ״לאנג לעבען זאל די קעניגי׳ן מנוחה״! און איהר פריינדין חנה! וואס פאר אן איבערראשונג עס וועט פאר איהר זיין... יע, זי וועט איהר בעלוינען פאר דעם וואס זי האט איהר געבארגט איהר קלייד... זי וועט איהר מאכען פאר די הויפט קאמער־מיידעל, דערפאר וועט זי איהר העלפען צופאסען איהרע קליידער... די גאנצע שטאדט ענתות וועט זיין שטאלץ מיט איהר... זיי וועלען קומען אין ירושלים איהר אנצוקוקען און בעוואונדערען... באלד האט זי א לייכטען ציטער געטהאן... וואס וועלען זיי טראכטען פון איהר, ווען זיי וועלען זיך דערוויסען אז זי האט איהר מאן ערמארדעט...

— נו, מנוחה! — האט שלמה אונטערבראכען איהרע געדאנקען — האסטו בעשלאסען וואס פאר אן אויסוואהל צו מאכען?

— יע, מיין האר קעניג! — האט מנוחה מיט א זיכערע שטימע געזאגט — אבער וועט דען דאס פאלק אויף מיר בייז נישט קוקען צוליעב דעם פערברעכען וואס איך וועל האבען בעגאנגען געגען מיין יעצטיגען מאן?... עס וועט דאך פאר קיינעם קיין סוד נישט בלייבען ווען איך וועל דיר דארפען זיין קאפ בריינגען.

— קיינער וועט דערפון נישט וויסען! — האט איהר שלמה געענטפערט — איך וועל שוין געפינען אן אויסוועג... דו וועסט קענען פערשפרייטען א קלאנג אז ער איז צוריסען געווארען פון א ווילדע חיה... זיין קאפ וועסטו גוט איינוויקלען און קיינער וועט דיר נישט חושד זיין און דו וועסט איהם איבערגעבען צו מיר, וועט קיינער דאביי נישט זיין... ביינאכט וועסטו זיין קערפער אין מיטען פעלד איבערלאזען... און איך וועל שוין זעהן אז די אויספארשער זאלען בעשטעטיגען דיינע רייד... און דו וועסט רייגעוואשען ווערען אין די אויגען פון פאלק! און דאן אין גאר א קורצער צייט נאכדעם וועסטו טראגען די קרוין!

— און זיין די קעניגין איבער גאנץ ארץ ישראל!! — האט מנוחה אויסגערופען מיט א בעגייסטערטע פרייד.

— יא, דו וועסט מיין קעניגין ווערען... איך וועל זיך מיט דיר די מלוכה טהיילען... ווייל דיין שעהנקייט האט מיר בעצויבערט... יעצט זאג מיר מנוחה, וועסטו ערפילען מיין פערלאנג?

— יע, מיין גענדיגער קעניג! — האט מנוחה אויסגערופען מיט בעשלאסענהייט — היינט ביינאכט וועט דיין וואונש ערפילט ווערען... מארגען גאנץ פריה וועל איך צו מיין קעניג קומען מיט דעם קאפ פון מיין מאן!...

— ביזטו זיכער אז דו וועסט קיין חרטה נישט האבען? — האט שלמה איהר געפרעגט...

— אין דעם בין איך זיכער, מיין האר קעניג! — האט זי אויסגערופען...

— און איך קען זיך אויף דיר פערלאזען? — האט שלמה ווייטער געזאגט — וועסטו דיין בעשלוס נישט ענדערען, ווען דו וועסט אהיים קומען?...

— ניין, איך וועל מיין בעשלוס נישט ענדערען! — האט מנוחה אויסגערופען מיט שטראהלענדע אויגען...

— אויב אזוי — האט שלמה זיך אפגערופען מיט א נידעריגע שטימע — וועל איך דיר געבען א שארפען שווערד מיט וואס דו וועסט גאנץ לייכט און שנעל קענען ארונטערהאקען דעם קאפ פון דיין מאז...

שלמה האט ארויסגענומען א קורצען שווערד און ער האט עס פאר איהר אין די אויגען אין שייד ארייננעלייגט, און נאכהער עס אין עפעס איינגעוויקעלט און עס איבערגעגעבען מנוחה'ן.

— נעהם דאס שווערד און בעהאלט דאס אונטער דיין שאל... זיי זעהר פארזיכטיג אז קיינער זאל עס נישט בעמערקען... ווי דו וועסט אהיים קומען זאלסטו עס גלייך פערבארגען... און איך בין זיכער אז אויב דיר האט זיך ביז אהער איינגעגעבען צו פארבארגען דעם סוד פון דיין מאן, אז ער האט די גאנצע וואך נישט געקענט אן דיר דערקענען, וועט זיך דיר אויך איינגעבען צו פערבארגען היינט ביינאכט, וואס דו געהסט דורכפיהרען פאר דיין גליקליכען צוקונפט.

מנוחה האט גענומען דעם שווערד, און עס גלייך בעהאלטען אונטער איהר שאל... זי האט געווארפען א חן'עוודיגען בליק צו דעם קעניג און מיט א גליקליכען שמייכעל האט זי פערלאזען דעם פאלאץ.

---

די חכמים זיינען גלייך ארויס פון הינטער דעם פארהאנג: זייערע פנים'ער זיינען געווען בלייך און צושראקען... זיי האבען זיך צוריקגעזעצט אויף זייערע פלעצער.

— נו, האט איהר געהערט? — האט דער קעניג אויסגערופען מיט א שמייכעל — די זעלבע מנוחה וועמען איהר האט אזוי פארגעטערט, אין וועמען איהר זייט אזוי זיכער געווען אז זי וועט אימער בלייבען געטריי און איבער־געבען צו איהר מאן, און זי וועט איהם קיינמאל נישט פערראטען, האט זיך יעצט אונטערגענומען דורכצופיהרען אזא גרויזאמען און שרעקליכען טהאט! זי האט אויף א רגע נישט געצענערט... זי איז געווען גליקליך און העכסט צופריעדען מיט מיין אנבאט...

די חכמים האבען געקוקט אויף דעם קעניג מיט צושראקענע בליקען, און געשוויגען.

— יעצט זעהט איהר שוין אז איך בין גערעכט — האט שלמה פארטגע־זעצט — א מאן א ריכטיגען קענען מיר נאך יע געפינען איינעם פון טויזענט און א פרוי נישט...

— צו גרויס איז דער נסיון געווען פאר מנוחה'ן! — האט א חכם זיך אפגערופען — זי איז באלד ווי פערשכור'ט געווארען פון דעם וואס דער קעניג האט איהר אנגעבאטען... אבער ווען זי וועט זיך אויסניכטערען, דאן וועט זי טאהן די זעלבע זאך ווי איהר מאן האט געטהאן...

— און האסטו מיר דען פריהער נישט געזאגט, אז די איידעלע און גע־טרייע מנוחה וועט גלייך אויף אזא ארט געבען איהר "ניין" אנטווארט? — האט שלמה זיך צו איהם אפגערופען.

— דאך בין איך זיכער אז זי וועט דאס נישט טאהן צו איהר מאן! — האט ער נאך אלץ מיט עקשנות געזאגט.

— און ביי מיר איז קיין צווייפעל נישט אז דיזע פרוי וועלכע איהר האט

גענומען אלס מוסטער פון געטריישאפט און איבערגעבענהייט. ווען נאר תיינט בייגאכט דעם פארברעכען באגעהן! — האט שלמה אויסגערופען.

— אויב מיין האר קעניג איז אין דעם אזוי זיכער, — האט דער עלטסטער פון די חכמים זיך אפגערופען, טו ווי אזוי האסטו איהר געגעבען א שווערד צו טויטען איהר מאן?

— איך האב איהר געגעבען א שווערד פון ציין — האט שלמה געזאגט — מיט אזא שווערד וועט זי איהם בלויז א קלאפ טהאן, אבער זי וועט איהם דאמיט שטארק נישט צושעדיגען... דער מאן וועט זיך פון זיין שלאף אויפכאפען, און ער וועט באלד דערזעהן דעם אונטערשיער צווישען איהם און זיין פרוי...

— ערלויב מיר, גנעדיגער קעניג דיר נאך עפעס צו פרעגען, — האט א צווייטער חכם זיך אפגערופען — נדב און מנוחה האבען ביידע געלעבט אין שלום און אין גרוים צופרידענהייט. ווי האבען זיך איינע דעם צווייטען געליעבט און זיינען געווען די גליקליכסטע פאר אין ארץ ישראל... און יעצט מיט דיין פערזוך אונז איבערצוציינען אז דו ביזט גערעכט ווערסטו צושטערען דעם שלום בית, דעם גליקליכען לעבען פון א ליעבענדע פאר!...

— דו דארפסט וועגען דעם נישט זארגען! — האט שלמה איהם געענט־פערט — זייער ליעבע איינע צום צווייטען, וועט, פון מארגען אן נאך מעהר פערשטארקט ווערען, איך וועל שוין זעהן, אז זייער גליק זאל נישט צושטערט ווערען... איך וועל איהם איבערצייגען אז כאטש מנוחה איז געווען געגרייט איהם צו פערראטען, איז עס נישט איהר שולד, ווייל צווישען פרויען איז שווער צו געפינען איינע וועלכע זאל קענען באשטעהן אזא נסיון... און דאס אליין, וואס איך האב קיין מורא נישט געהאט און איהם געגעבען א ריכטיגע; שארפע שווערד, און זיין פרוי בלויז א שווערד פון ציין, וועט איהם איבערציינען, אז עס איז קיין צווייפעל נישטא אין די ריכטינקייט פון מיינע ווערטער...

---

מנוחה איז אין איהר הויז אנגעקומען, זי האט דעם שווערד בעהאלטען אונ־טער איהר בעט, און עס פערדעקט מיט אלטע זאכען, זי האט זיך איבערגעטהאן און איז גלייך אוועק צו איהר פריינדין חנה׳ן, און איהר צוריקגעגעבען די קלייד.

— איך וועל דיין חסד קיינמאל נישט פערגעסען! — האט מנוחה זיך צו איהר אפגערופען — איך האף אז עס וועט קומען א צייט און איך וועל דיר קאנען אפטהאן א טובה.

חנה האט באמערקט דעם רויט געווארענעם פנים פון מנוחה׳ן. זי האט געזעהן ווי אויפגערעגט און צורודערט זי איז, און זי האט זיך מיט נייגיריגקייט אפגערופען:

— זאג מיר מנוחה ווי אזוי האסטו פערבראכט אין ירושלים, האסטו דאר־טען געזעהן וויכטיגע פערזאנען... דערצעהל מיר אלעס!

— געוויס האב איך גאנץ גוט דארטען פערבראכט... איך האב געזעהן... אבער דו מוזט מיר ענטשולדיגען, חנה, מארגען וועל איך דיר פיעליכט אלעס דערצעהלען וועמען און וואס איך האב געזעהן... יעצט אייל איך זיך צוריק...

ווען מנוחה איז האסטיג ארויס פון איהר הויז, האט חנה א קוועטש געטאהן מיט איהרע פלייצעס, און א היבשע ווילע איהר נאכגעפאלגט מיט איהרע אויגען...

ווען זי איז צוריק אהיים געקומען, איז מנוחה געווען אזוי צעטומלט, אז זי האט נישט געוואוסט צו וואס פריהער זיך צו כאפען. זי האט גלייך אוועקגעשיקט די אלטע פרוי וועלכע פלעגט פערבלייבען מיט די קינדער... זי איז צוגעגאנגען צו איהר צווילינג... האט זיי ביידען בעטראכט, יע, עס וועט פאר זיי אויך א סך בעסער זיין !... זי וועט זיי צונעמען אין פאלאץ, זיי וועלען פעררעכענט ווערען פאר די קינדער פון דעם קעניג...

מנוחה שטעלט זיך פאר ווי זי וועט ערציהען איהרע קינדער אין פאלאץ... זיי וועט גארנישט פעהלען... זיי וועלען זיך שטענדיג נעבען איהר געפינען... זיי וועלען אויסוואקסען און וועלען ווערען הויפטען איבער דער ארמעע. פלוצלונג דערמאהנט זי זיך וועגען נדב'ן... און א קעלט געהט דורך איהר לייב... היינט ביינאכט !... זי פיהלט יעצט אז איהר גאנצע ליעבע צו איהר מאן איז פערשוואונדען... זי טראגט נאך א האס אין איהר הארצען צו איהם... זי וואונדערט זיך יעצט ווי אזוי זי פלעגט איהם ערלויבען איהר צו קושען און האלדזען... ווי קומט ער צו איהר... ער דער איינפאכער אכר, דער ארימער פעלד ארבייטער... און זי א קעניגין !

מיט יעדער רגע פערשטארקט זיך איהר שנאה צו איהם... אזוי פיעל יאהרען האט זי אפגעפינסטערט מיט איהם... יע, היינט ביינאכט וועט נעמען א סוף... און ווען אין א ווינקעל פון איהר נשמה פער'גנב'עט זיך א רחמנות געדאנק וועגען איהר מאן, פערטרייבט זי איהם זעהר שנעל... זי וויל גאר דערפון נישט טראכטען... זי האט מורא פיעלייכט וועט זי נישט קענען דורכפיהרען דעם קעניג'ס פלאן, אויב זי וועט צו לאנג טראכטען וועגען איהר מאן... דאך האט זי שטארק געוואונשען אלעס זאל שוין זיין פאריבער... זי זאל שוין זיין פריי !

מנוחה האט זיך דערמאהנט אז זי האט גארנישט צוגעגרייט פאר איהר מאן ווען ער וועט זיך פון פעלד צוריקקעהרען. זי האט זיך פלייסיג גענומען צו דער ארבייט... ער טאר נישט האבען דעם מינדסטען פערדאכט... זי מוז אויססוקען זעהר רוהיג אין געלאסען... זי האט פיבעריש שנעל גענומען צוגרייטען דעם אבענד ברויט... און ווען זי האט שוין דאס פארטיג געהאט, האט זי גענומען טראכטען ווי אזוי צו בעהאנדלען איהר מאן... ווען ער זאל גלייך איינשלאפען !... א שרעק נעמט איהר אן, ווען זי גיט א טראכט אז פיעלייכט וועט ער זיך אויפכאפען, ווען זי וועט דאס שווערד אין איהר האנד האלטען... דאן איז דאך אלעס פערפאלען ! ניין, דאס טאר נישט געשעהן... זי וועט איהם אנטרינקען מיט שטארקען וויין, ביז וואנען ער וועט זיך גוט אנשכור'ען און געשמאק איינשלאפען, דאן וועט זי נעמען דאס שווערד אין איהר האנט... אבער ווי אזוי זאל זי איהם יעצט פלוצלונג געבען טרינקען וויין... וואס פאר אן אויסרייד וועט זי האבען... זי האט גענומען טראכטען וועגען א פלאן... ווען זיין ארעי איהר געבורטסטאג וואלט היינט געווען וואלט דאס אליין שוין א גוטער אויסרייד געווען, פאר טרינקען ביז צו שכרות... אבער אזוי האט זי נישט קיין אורזאכע פאר א שמחה...

דער אבענד האט שוין גענומען צופאלען באלד דארף נדב אנקומען... און מנוחה האט נאך אלץ נישט געוואוסט ווי אזוי זי וועט איהם בעטען טרינקען וויין... דאס וועט אבער זעהר נויטיג זיין... אהן וויין, — וועט זי זיכער דורכפאלען... ער מוז גוט איינשלאפען... א, ווען ער טרעפט איהר מיט'ן שווערד ! דאן

וועט ער דאך איהר זיכער צום טויט שלאגען.. ניין! זי וועט מוזען זעהר פאר־זיכטיג זיין... זי וועט שוין געפינען אן אויסרייד... זי וועט איהם זאגען אז היינט איז געווארען א וואך זינט ער האט איהר די מתנה געבראכט און דעריבער אלס דאנקבארקייט צו איהם, האט זי געמאכט די מאכלים וואס ער גלייכט... און דאן וועט זי איהם געבען די וויין און אליין זיך אויך מאכען טרינקענדיג...

מנוחה איז געווען אזוי פאר'שכור'ט פון דעם גרויסען גליק וואס איהר ער־ווארט אז זי האט גארנישט געוואלט טראכטען וועגען דעם שרעקליכען פער־ברעכען וואס זי געהט דורכפיהרען דיזע נאכט געגען דעם וועמען זי האט אזוי פיעל יאהרען געליעבט, און וועלכער איז דער פאטער פון איהרע צוויי קינדער... זי האט אויף א רגע נישט געוואלט צולאזען צו זיך די שרעקליכע געדאנקען... זי האט צוגעגרייט דעם וויין, געדעקט דעם טיש שעהנער ווי אימער, און געגאנגען בעגעגענען איהר מאן.

נישט לאנג האט זי אויף איהם געדארפט ווארטען, פון וויטען האט זי איהם דערזעהן אנקומענדיג... איהר הארץ האט שטארק געקלאפט... זי האט זיך בעמיהט צו בעהערשען, און אויסצוקוקען רוהיג און געלאסען... אבער דאס איז איהר שווער אנגעקומען. אט געהט ער אט דער נדב... א לייכטער ציטער נעהמט איהר דורך.... זי וואונדערט אליין אויף זיך ווי אזוי זי האט איהם אזא לאנגע צייט ליעב געהאט... זי פיהלט זיך אזוי פרעמד... ווען ער וואלט יעצט פון א חיה צוריסען געווארען, וואלט זי געווען זעהר צופריעדען... זי האט איהם פיינט... זי וועט איהם אבער דיזען מאל נאך מעהר ליעבע ארויסצייגען, זי וועט איהם שטארק פער'שכור'ען מיט איהר ליעבע און וויין... און דאן וועט זיין דער סוף...

זי איז צוגעלאפען צו נדב'ן איהם ארומגענומען און איהם בעדעקט מיט שטארקע און הייסע קושען...

— א מיין מאן! — האט זי אויסגעשריען — איך האב דאך דיך אזוי ליעב... איך ערווארט דיך מיט גרויס אומגעדולד... דו ווייסט נדב, היינט איז גע־ווארען א וואך זינט דו האסט מיר דיין וואונדערבארע מתנה געקויפט. איך בין אזוי צופריעדען און גליקליך דאמיט... ווייל א חוץ די מתנה וואס איז אזוי שעהן און פרעכטיג, צייגט עס מיר אז דיין ליעבע צו מיר איז נאך שטארקער ווי אימ־מער... און דעריבער האב איך בעשלאסען צו מאכען א פיינעם מאלצייט לכבוד דעם, לאמיר עסען און טרינקען און זיך משמח זיין... לאמיר פייערען אונזער גליק מיט שטארקען וויין...

נדב איז געווען אזוי געריהרט פון זיין פרוי'ס ווערטער אז טרעהרען האָ־בען זיך בעוויזען אין זיינע אויגען... ער האט גענומען א טראכט טאהן אונטער וועלכע אומשטענדען ער האט איהר זיין מתנה געקויפט... א ווען מנוחה וואלט יעצט געוואוסט וואס ער האט דורכגעמאכט דעם טאג איידער ער האט עס גע־קויפט... ווען זי וואלט געוואוסט, אז ער האט איהר אפגענארט. אז ער האט גאר יענע נאכט קיין מתנה פאר איהר נישט געקויפט... אז ער האט אונטער זיין מאנטעל א שארפען שווערד געהאט און אז ער האט זיך ארומגעטראגען מיט אזא בייזען געדאנק איהר צו ערמארדען... ניין, זי טאר קיין מאל דערפון נישט ווי־סען... זי, זיין ליעבע מנוחה טאר נישט האבען דעם מינדסטען פערדאכט אז ער האט ווען עס איז אינטערהאלטען אזעלכע געדאנקען...

ער האט ארומגענומען מנוחה'ן און מיט הייסע ערטליבע קושען געענטפערט.

— יע, מנוחה! — האט ער געזאגט — לאמיר זיך טאקע משמח זיין מיר האבען זעהר פיעל דאנקבאר צו זיין צו גאט... איך בין דאך דער גליקליכסטער מאן אין גאנץ ארץ ישראל. איך בין אפילו גליקליכער פון דעם קעניג...

מנוחה'ס הארץ האט זיך א צאפעל געטהאן...

— פון דעם קעניג! — האט זי נישט ווילענדיג ווידערהאלט זיינע לעצטע ווערטער.

— יע, מיין טייערע אפילו פון דעם קעניג!... ווייל האט ער דען אזא פרוי ווי איך... יא, אין גאנצען לאנד איי נישט צו געפינען איינע וועלכע זאל זיך קענען פערגלייכען אין שעהנקייט און אין גוטסקייט...

— נו, לאמיר שוין אין הויז אריינגעהן! —האט מנוחה זיך אפגערופען, וועלענדיג פערטרייבען פון זיך איהר אומעטיגע מחשבות...

זיי זיינען ביידע אין הויז אריין... נדב האט זיך גלייך ארומגענומען און זיך געזעצט ביים טיש...

מנוחה האט אלעס צום טיש דערלאנגט און זיך נעבען איהם געזעצט.

— לאמיר טרינקען מיין מאן! — האט זי אנגעפילט זיין גלאז מיט וויין...

נדב האט אויסגעטרונקען זיין גלאז וויין.

מנוחה האט איהר וויין צוגעריהרט צו איהרע ליפען, און נאכהער אנגעגאסען א צווייטע גלאז וויין...

— טרינק נדב, פאר דיין געזונט! — האט זי איהם דערלאנגט דעם וויין.

— פאר דיין געזונט! מיין ליעבע מנוחה! — האט ער אויסגערופען און אויסגעליידיגט די צווייטע גלאז וויין.

— און יעצט טרינק פאר דעם געזונט פון אונזער צווילינג — האט מנוחה איהם געגעבען א דריטע גלאז וויין...

נדב האט געטרונקען... ער האט זיך דערוואראעמט און האט ארומגענומען מנוחה'ן, ער האט איהר געקושט און געצערטעלט... מנוחה'ן איז עס אלעס יעצט אזוי דערווידער געווען...

— דער וויין ערפרעהט דאס הארץ פון מענש! — האט מנוחה זיך אפגערופען און ווידער פול געמאכט זיין גלאז — לאמיר טרינקען און זאל צו אונזער פרייד קיין גרעניץ נישט זיין! . . .

זי האט אנגעפילט נדב'ס גלאז איינע נאכ'ן צווייטען. נדב האט געטרונקען ביז ער איז בארוישט געווארען פון גליק און פון דעם וויין.

— דו ביזט מיעד, מיין מאן, און שלעפעריג, — האט זיך מנוחה צו איהם אפגערופען, — געה לייג זיך שלאפען...

נדב האט זיך עטוואס געוואקעלט. זיינע פיס האבען זיך געבויגען. מנוחה האט איהם געהאלפען... זי האט איהם צוגעפיהרט ביז צום בעט... איהר הארץ איז געווען אנגעפילט מיט פרייד... איהר פלאן האט זיך איינגעגעבען... נדב האט זיך גוט אנגע'שכור'ט... עס וועט לאנג נישט געדויערען און ער וועט איינשלאפען. דאן וועט שוין לאנג נישט נעהמען... דאס גליק וועט צו איהר אויף אייביג שמייכלען...

באלד האבען צו איהרע אויערען דערגרייכט דאס בראפען פון איהר מאן.

זי איז אריין אין צימער וואו ער איז געלעגען, ווי זי וואלט זיך פריהער געוואלט איבערצייגען צו ער שלאפט שוין... נאכהער האט זי זיך שטילערהייד ארונטערגעבויגען נעבען איהר בעט און פון דארטען ארויסגענומען די שווערד וואס דער קעניג האט איהר געגעבען. זי איז גלייך ארויס פון צימער און פאנאנדערגעוויקעלט דעם שווערד... נאכהער האט זי עס פון דער שייד ארויסגענומען... און מיט שטילע פארזיכטיגע טריט צוריק אין שלאף־צימער אריין... די שווערד האט זי שטייף אין האנד געהאלטען... זי האט זיך גענומען טרייסלען פון שרעק... איהר האנד האט געציטערט... איהרע אויגען האבען גענומען שווינדלען... עס האט איהר גענומען קלאפען א צאהן אן א צאהן... זי האט זיך פאר זיך אליין דערשראקען און איז גלייך פון צימער ארויס... זי האט זיך א ווייל אוועקגעזעצט און פרובירט זיך בארוהיגען.

— וואס? — האט זי זיך געטראכט — וועט זי דען איהר פלאן נישט דורכפיהרען? וועט זי דען דעם קעניג ענטטוישען? און וואס וועט פון איהר זיין, וועט זי דען קענען וואהנען מיט איהם נאכדעם?... יא, זי מוז דורכפיהרען איהר פלאן... אבער פארוואס ציטערען איהר אזוי די הענד... ניין... זי טאר זיך נישט אפלאזען... זי מוז זיך שטארקען און ניט פארלירען איהר מוטה דעם לעצטען מאמענט... איהר מאן איז יעצט פארזונקען אין טיעפען שלאף. איין קלאפ מיט דער שווערד איבער זיין האלז און דאן ווערט זי פריי... זי ווערט די קעניגין, זי וואהנט אין פאלאצען, און שלמה, דער שעהנער, העלדישער און קלוגער קעניג ווערט איהר מאן... ניין, זי טאר נישט אוועקלאזען אזא גליק פון איהר האנד...

מנוחה האט זיך געשטארקט. זי האט זיך ווידער אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און מיט'ן שווערד אין האנד, איז זי ווידער צוגעקומען צום שלאף־צימער. בלויז א קליינע ווייל און אלעס וועט זיין פאראיבער... זי האט זיך גענומען איינהערען אויב איהר מאן שלאפט נאך... איהר הארץ האט שטארק געקלאפט, איהר פנים האט געפלאמט... און איהרע הענד האבען ווידער גענומען ציטערען... א היבשע ווילע איז זי געשטאנען נעביין דער אפענער טיהר פון שלאף־צימער און בײ זיך נישט געקענט בעשליסען וואס ווייטער צו טהאן...

פלוצלונג האט זי געפאסט מוטה און איז ווידער אריין אין צימער... זי האט זיך געשטעלט צוקאפענס פון איהר מאן... ער איז געלעגען מיט דעם האלז אויסגעצויגען עטוואס אן א זייט... זי האט גענומען בעטראכטען פון וועלכען זייט זי זאל אראפלאזען דעם שארפען שווערד אויף זיין האלז.. .זי האט זיך עטוואס אויסגעדרעהט... זי האט אויפגעהויבען די שווערד ווי זי וואלט זיך געוואלט גוט אנצילעווען...

נדב האט געשמאק געשלאפען...

מנוחה האט א קליינע ווײלע געהאלטען דעם שווערד אויפגעהויבען און פלוצלינג האט זי מיט אימפעט א קלאפ געטהאן מיט'ן שווערד איבער נדב'ס האלז . . .

— — — — — — — — — — — —

נדב האט זיך אויפגעכאפט און מיט גרויס שרעק א שפרונג געטהאן פון בעט.

מנוחה איז געשטאנען מיט איהר שווערד אין האנד א צוטומעלטע, און ווען זי האט געזעהן אז זי האט מיט דעם קלאפ פון שווערד איהר מאן נישט

נעטויטעט. און ער קוקט אויף איהר מיט צושראָקענע אויגען, האָט זי ארויס־געלאָזען א געשריי...

נדב איז געשטאַנען נעבען זיין פרוי און מיט גרויס שרעק און בעווילדערונג איהר אָנגעקוקט... ער האָט זיין האַנד אויף זיין האַלז ארויפגעלייגט... דער שטאַרקער קלאַפּ וואָס ער האָט פון זיין ווייב געקראָגען מיט דער שווערד, האָט איהם נעפעהרליכע שמערצען פאַרשאַפט און ער האָט בעת מעשה גאָרנישט געוואוסט אויף וואָס פאַר א וועלט ער איז. און ווען ער איז געקומען צו זיך, און דערזעהן מנוחה'ן, זיין פרוי, שטעהענדיג נעבען זיין בעט מיט דער שווערד אין איהר האַנד, האָט איהם זיין האַרץ נאָך מעהר פאַרקוועטשט און ער האָט אויסגערופען מיט גרויס אַנגסט און יסורים.

— מנוחה! וואָס האָסטו צו מיר געטהאָן!! פאַרוואָס האָסטו מיר גע־וואָלט טויטען?!...

מנוחה איז נעבליבען שטעהן באַוועגלאָז. די שווערד איז פון איהרע הענד ארויסגעפאַלען.

— מנוחה! — האָט זיך נדב נאָך אַלץ געדרעהט אין דרייען פון יסורים — זאָג מיר, ווער האָט דיר די שווערד געגעבען? און ווער האָט דיר געהייסען מיך טויטען.

מנוחה האָט אויף איהם געקוקט מיט שטאַרע אויגען... איהר קאָפּ האָט זיך איהר געדרעהט און זי איז אין חלשות געפאַלען...

ווען נדב האָט איהר אָפּגעמינטערט און איהר אויף דעם בעט געלעגט, איז ער צו איהר צוגעגאַנגען און מיט גרויס צערטליכקייט געגלעט איהרע האָר.

— זאָג מיר, מנוחה, איך בעט דיך, פאַרלייקען גאָרנישט פאַר מיר, פאַר־וואָס האָסטו מיך געוואָלט טויטען?...

מנוחה האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוויינט.

נדב האָט איהר זיך געלאָזען גוט אויסוויינען און ווען זי האָט זיך עטוואָס בארוהיגט איז ער ווידער צו איהר צוגעקומען און פון איהר פערלאַנגט זי זאָל איהם דערצעהלען דעם גאַנצען אמת.

— איך ווייס אז איך האָב געגען דיר שטאַרק געזינדיגט, נדב! — האָט מנוחה זיך ווידער פאַנאַנדערגעוויינט, — אָבער עס איז נישט אין גאַנצען מיין שולד.

— זאָג מיר, מנוחה, ווער האָט דיך דערצו געטריבען? — איז נדב צו איהר צוגעשטאַנען.

— דער קעניג!! — האָט מנוחה געזאָגט מיט א שוואַכער שטימע.

— דער קעניג! — האָט נדב אויסגערופען מיט ערשטוינונג.

מנוחה האָט טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט איהר קאָפּ.

— דערצעהל מיר, ווי אַזוי קומסטו צום קעניג?

מנוחה האָט איהם דערצעהלט. זי האָט איהם דערצעהלט וועגען דעם חכם, וועלכער האָט איהר איינגעלאַדען צום קעניג און וואָס דער קעניג האָט מיט איהר צום ערשטען מאָל גערעדט, און ווי אַזוי ער האָט איהר צוגעזאָגט צו מאַכען פאַר א קעניגין, אויב זי וועט איהם ברענגען דעם קאָפּ פון איהר מאַן.

ווען נדב האָט אַלעס אויסגעהערט, האָט זיין ערשטוינונג זיך נאָך מעהר פאַרשטאַרקט. וואָס פאַר א כונה האָט דער קעניג דאָמיט געהאַט... איהם האָט

ער דאך אויך געהייסען ברייגנען דעם קאפ פון זיין פרוי... און יעצט האט ער איהר געהייסען ברייגנען זיין קאפ.

— מיר וועלען מארגען גאנץ פריה ביידע געהן צום קעניג! — האט נדב זיך אפגערופען.

— אה, ניין! — האט מנוחה זיך פאנאנדערגעכליפעט, — טויט מיך בעסער, אבער פיהר מיך נישט צום קעניג.

— דער קעניג איז דאך זעהר קלוג, מסתמא, האט ער דאמיט געהאט א כוונה, — האט נדב געזאגט, — לאמיר מארגען געהן צו איהם און אלעס וועט אונז קלאר ווערען.

— איך קען נישט, איך קען נישט! — האט מנוחה נישט אויפגעהערט צו יאמערען.

— יעצט וועל איך דיר זאגען, מנוחה! — האט נדב אויסגערופען, — מיט מיר האט אויך דאס זעלבע פאסירט מיט א וואך צוריק.. איך בין אויך ביי דעם קעניג עגוועזן . . .

מנוחה האט איהם אנגעקוקט.

— יא, דער קעניג האט מיך געשיקט רופען און מיר פארשפראכען צו מאכען פאר זיין משנה למלך, אויב איך וועל איהם ברייגנען דיין קאפ... ער האט מיר מיטגעגעבען א שווערד.

נדב האט איהר אלע איינצעלהייטען דערצעהלט און צוגעגעבען:

— דו זעהסט, איך האב אויך דיר יא רחמנות געהאט. מיין ליעבע צו דיר האט געזיגט, און איך האב אויך מארגען אומגעקעהרט דעם שווערד צו דעם קעניג, זאגענדיג אז מיין ליעבע צו דיר איז גרעסער און טהייערער פון אלעם אין דער וועלט... און דו האסט אויך מיר נישט קיין רחמנות געהאט... ביי דיר איז געווען רעכט מיך צו טויטען און עס איז טאקע א נס אז איך בין יעצט נישט טויט . . .

נדב האט אויפגעהויבען דעם שווערד און עס בעטראכט...

— צו מיין גליק האט דיר דער קלוגער קעניג געגעבען א שווערד פון צין... ווען ער וואלט דיר געגעבען דעם זעלבען שווערד וואס ער האט מיר געגעבען, וואלט איך שוין יעצט געווען אהן א קאפ...

מנוחה האט יעצט גענומען פארשטעהן אז דער קעניג האט בלויז שפאס געטריבען פון איהר... און איהר הארץ האט נאך שטארקער געקלעמט.

די גאנצע נאכט האבען זיי שוין ביידע נישט געשלאפען, און אויף מארגען גאנץ פריה זיינען זיי אוועק נאך ירושלים. ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פאלאץ האט מען זיי גלייך צוגעלאזען צום קעניג...

נדב האט זיך פארנייגט און איבערגעגעבען דעם שווערד פון צין צו דעם קעניג...

— מיין האר, קעניג, איך האב בייגעשטאנען דעם נסיון, און אין דער לעצטער רגע האב איך נישט געקענט דורכפיהרען דעם שוידערליכען טהאט, און מיין פרוי האט עס יא געטהאן. — האט נדב ארויסגעלייגט די האנד אויף זיין האלז.

— איך האב עס געוואוסט! — האט שלמה געזאגט, — און דערפאר האב איך דיר געגעבען א ריכטיגען שארפען שווערד, און צו דיין פרוי, א שווערד פון צין. יעצט אבער האב איך אז איהר ביידע וועט דערפון לערנען אז אמת'ע

ריינע ליעבע שטעהט העכער פון אלעס... און איך וויל אז איהר זאלט ביידע פארגעסען אין דער פאסריוונג... עס איז געוועזן מיין שולד.

שלמה האט א וואונק געטהאן צו איינעם פון זיינע דיענער און יענער האט צוגעטראגען צום קעניג א פעקעל מיט געלד.

דער קעניג האט גענומען דאס געלד און עס איבערגעגעבען צו נדב'ן.

— פאר די אומזיסטע שמערצען וואס איך האב אייך ביידען פאראורזאכט. וועל איך אייך יעצט פארגיטיגען. נעהם נדב דאס געלד און זאל גאט זיין מיט דיר.

נדב האט גענומען דאס געלד און דאנקענדיג דעם קעניג, האבען ביידע, נדב מיט מנוחה'ן, גליקליכע פארלאזען דעם פאלאץ.

שלמה האט מיט א שמייכעל בעטראכט די שווערד פון ציז און ער האט זיך אפגערופען צו די חכמים:

"א מאן, איינעם פון טויזענד, האב איך געפונען, אבער א רעכטע פרוי צווישען אזוי פיעל האב איך נישט געפונען" . . .

## צוועלפטער קאפיטעל

# דער בית המקדש

א היבשע צייט, נאך זיין גרויסע ענטוישונג אין שולמית'עס ליעבע, איז שלמה געווען פערביטערט געגען פרויען... ביי יעדער געלעגענהייט האט ער געזוכט צו בעווייזען ווי פאלש און שלעכט די פרויען זיינען...

און ווען איינער פון די חכמים האט געוואגט און איהם געפרעגט:

— מיין האר קעניג, דאס זאגסטו אז צווישען פרויען איז קיינע מיין רעכטע, נעמסטו דען אויך אריין דיין מוטער אין כלל ?...

— א ניין, ניין! — האט שלמה אויסגערופען — איך גלויב אז אזא וואונדערבארע פערזאן, אזא גוטע ווי מיין מוטער איז נאך אין ערגיץ נישטא!

— יע, גנעדיגער קעניג! קיינער צווייפעלט נישט אין דעם... דאס זעלבע גלויב איך וועגען מיין מוטער! — האט דער חכם זיך אפגערופען — און אזוי איז די מוטער טייער ביי יעדען איינעם... און יעצט, מעכטיגער קעניג, ווי באלד אז די פרוי איז אדער שוין א מוטער אדער א צוקונפטיגע מוטער, האט זי שוין דאמיט אליין פערדיענט פון אלעמען צו ווערען נעאכטעט און געשעצט...

שלמה האט זיך א ווייל פערטראכט און נאכהער זיך אפגערופען מיט א שמייכעל:

— דו ביזט גערעכט! ווי באלד אז גאט האט דער פרוי געגעבען אזא וואונדערבארע מיסיע איז לעבען צו געבווירען קינדער. דאן פערדיענט זי אנערקענונג און אכטונג פון אונז; די קינדער פון דער פרוי...

— אויב אזוי! — האט דער חכם ווייטער געוואגט — וועט דער קעניג פיעלייכט צוריקציהען זיינע ווערטער וואס ער האט נישט לאנג צוריק פאר אונז געזאגט...

— האב איך דען אייך אלעמען נישט איבערציינט אז איך בין גערעכט — האט שלמה געזאגט...

— דען טוט זיך דאך דער קעניג אליין יעצט ווידערשפּרעכען! — האט דער חכם געזאגט.

— דו האסט מיר יעצט צוגעדריקט צום וואנט! — האט שלמה געלאכט — איך בין זיך מודה אז ווען מיין מוטער איז אריינגערעכענט אין ערם כלל פרויען, דאן איז יא דא איינע א רעכטע! און ווען גאט האט געבענשט די פרוי צו זיין די מוטער פון דער מענשהייט דאן איז זי לויבענסווירדיג...

די חכמים האבען אנגענומען שלמה'ס לעצטע בעמערקונג, אלס א סימן אז זיין עקביטערונג געגען פרויען איז שוואכער געווארען...

אין דער אמת'ן איז שלמה נאך לאנג ארומגעגאנגען מיט א ביטערע ענ־טוישונג וועגען דער שולמית... ער האט איהר פון זיינע געדאנקען נישט געקענט ארויסשלאגען... און נישט אלע מאל האט זיך די חכמים איינגעגעבען אריינצו־ברייגגען איהם אין א בעסערע שטימונג, און אפצואווענדען זיינע געדאנקען צו עפּעס אנדערש...

איינמאל ווען שלמה איז געווען אין זעהר א געדריקטער שטימונג, האבען די חכמים, וועלכע זיינען אויך געווען אין דער מלוכה פון דוד'ן, גענומען איהם דערצעהלען וויכטיגע זאכען וואס האט פּאסירט אין דער צייט פון דיד'ן...

— דיין פאטער האט אימערצו געשטרעבט צו בויען דעם בית המקדש — האט דער עלטסטער פון די חכמים זיך צו איהם אפּגערופען — און איך געדענק אז איינמאל איז זיין וואונש געווען אזוי שטארק, אז ער האט קיין געדולד נישט געהאט לענגער צו ווארטען ער האט אין מיטען נאכט געשיקט רופען נתן דעם נביא און איהם פארגעלעגט זיין פּלאן... און דער נביא האט איהם דערמוטיגט און געהייסען בויען דעם בית המקדש. דוד האט זיך שטארק געפרעהט וועגען דעם. אבער אויף מארגען גאנץ פריה איז ער צו איהם געקומען און איהם געזאגט אז צוליעב דעם וואס ער האט געפיהרט זעהר פיעל מלחמות און האט פיעל בלוט פערגאסען, דעריבער איז גאט דאגעגען דאס ער זאל בויען דעם בית המקדש... איך בין געראדע דאביי געווען און האב בעמערקט ווי דיין פאטער'ס פּנים איז בעדעקט געווארען מיט טרייער... ער האט אזוי פיעל געפלאנעוועט וועגען דעם בית המקדש, און זעהר פיעל גאלד און אנדערע מעטאלען אפגעשפּארט... און יעצט איז זיין ענטטוישונג נאך גרעסער געווען.

דער נביא האט עס באמערקט און זיך צו איהם אפּגערופען:

— אויב דו וועסט נישט קענען בויען דעם בית המקדש, וועט עס טאהן דיין זוהן, אין וועמענס צייטען עס וועט הערשען שלום! גלייך איז דיין פאטער גע־ווארען מלא שמחה... "יעצט זעה איך אז מיין טראהן וועט פארטגעזעצט ווערען נאך מיר ביי מיין אייגען קינד! יע, מיין האר קעניג, גאט האט געראלפען דיין מלוכה איז בעפעסטיגט. שלום הערשט אין לאנד און ארום... יעצט איז די צייט דו זאלסט נאר טראכטען וועגען דעם אז דו דארפסט אין גאנצען דורכפיהרען דיין פאטער'ס וואונש...

שלמה האט זיך פלוצלונג א שטעל געטהאן פון זיין טראהן און ער האט אויסגערופען מיט גרויס בעגייסטערונג.

— געבענשט זיי צו גאט וואס דו האסט מיר יעצט דערמאנט מיין פליכט! דו ביזט גערעכט, איך וועל שוין מעהר נישט אפּלעגען דאס בויען פון בית המקדש איך וועל זיך דערצו גלייך נעמען...

באלד האט שלמה גענומען די שליסלען וואס זיין פאטער האט איהם אי־בערגעגעבען, און האט אויפגעעפענט די צימערען וואו אוצרות מיט גאלד זיינען געלעגען... איהם האט זיך געוואונדערט אויף זיך אליין פארוואס ער האט פער־נאכלעסיגט צו טהאן זיין פליכט... יע, זיין ליעבע צו דער שולמית, האט איהם זיין קאפ אין גאנצען פערדרעהט...

שלמה האט זיך אריינגעווארפען אין דער ארבייט מיט גרויס ענערגיע און התלהבות... ער איז אזוי גליקליך געווען דאס אלע זיינע געדאנקען זיינען דאמיט פערנומען געווען.

ער האט צוזאמענגערופען אלע זיינע חכמים, און אויך פיעלע מענשען וועל־כע זיינען געווען גרויסע מומחים אין בויען און האט זיך מיט זיי בעראטהען.

— ווען דיין פאטער האט געבויט זיין פאלאץ — האט זיך איינער פון די חכמים אפגערופען — האט חירם דער קעניג פון צור, איהם געשיקט צעדערבוי־מער וואס געפינט זיך דארטען, האט זיך גוט ענטוויקעלט די בויקונסט... דערי־בער איז מיין עצה אז דו מיין האר קעניג זאלסט שיקען צו איהם שלוחים צו חירם'ן דעם קעניג פון צור ער זאל דיר צושיקען גענוג צעדערען און פיעלע בוי־מייסטער, און זיי וועלען העלפען בויען דעם בית המקדש.

— און מיין עצה איז אז דער קעניג זאל אוועקשיקען שלוחים נאך מצרים צו פרעה'ן... איז מצרים געפינען זיך גרעסערע מומחים אין דער בוי־קונסט. — האט זיך א צווייטער חכם אפגערופען — און איך בין זיכער אז דער יעצטיגער פרעה, דער קעניג וואפרעס, וועט ארויסצייגען זיין פריינדליכקייט און ער וועט דיר שיקען וויפיעל ארבייטער דו וועסט נאר פון איהם פערלאנגען...

— איך וועל זיך ווענדען צו ביידען! — האט שלמה אויסגערופען — איך וויל לעבען בשלום אויך מיט דעם קעניג פון מצרים, און ווען זיינע ארבייטער וועלען אנקומען אין מיין לאנד, וועט דאס במילא פערשטארקען אונזער געגנע־זייטיגען מסחר און פריינדשאפט.

דעם זעלבען טאג האט שלמה אנגעשריבען צוויי בריעף, איינעם צו דעם קעניג חירם פון צור און דעם צווייטען צו פרעה, דעם קעניג פון מצרים.

צו חירם'ן האט ער געשריבען:

„צו דעם קעניג חירם פון צור, שלום!

„איך ווייס אז דו ביזט געווען זעהר א גוטער פריינד צו מיין פאטער דוד, דו האסט איהם געהאלפען בויען דעם שעהנעם פאלאץ אין ירושלים... און עד היום בעוואונדערט איהם יעדער צוזעהער... יא, איך האב געהערט אז דיינע מענשען זיינען זעהר געשיקט און געאיבט אין בוי־קונסט... און ווירקליך, אור־טהיילענדיג פון דעם גרויסארטיגען פאלאץ וואס זיי האבען געהאלפען מיין פא־טער בויען, קען מען זעהן אז זייער גלייכען איז שווער צו געפינען אין וועלכען עס איז אנדער לאנד.

„יעצט, דו גרויסער הערשער, דו קענסט מיט רעכט שטאלץ זיין אויף דיין פאלק. הער זיך צו צו די ווערטער פון דיין פריינד שלמה: מיין פאטער האט זיך שוין לאנג ארומגעטראגען מיט דעם געדאנק צו בויען א פרעכטיגע הויז פאר גאט, א הויז וואס זאל זיין אפען פאר יעדען, און ווער נאר עס וועט וועלען קומען מתפלל זיין און אויסגיסען זיין הארץ פאר גאט, זאל דאס קענען טאהן איננעשטערט... אבער ווי דיר איז בעוואוסט איז ער געווען שטארק פערנומען

מיט פערשיעדענע מלחמות... ער האט דעריבער פאר זיין טויט מיר איבערגעגעבן דאס בויען פון בית המקדש. ער האט מיר אויך געזאגט אז איך קען ערוואר־טען גרויס הילף פון דיר... געלויבט איז גאט, וואס שלום הערשט יעצט צווישען מיר און די ארומיגע פעלקער... איך קען צוליעב דעם אונגעשטערט אנפאנגען די הייליגע ארבייט...

איך וועל שיקען צו דיר אין לאנד א צאהל שטארקע מענשען, און דו וועסט מיטשיקען דיינע מענשען מיט זיי צו דעם בארג לבנון, און צוזאמען זאלען זיי שניידען די צעדערבוימער, איך ווייס אז די מענשען פון צידון זיינען מעהר געשיקט ווי אונזערע אין שניידען בוימער, און וואס אנבעלאנגט די שכירות פאר די ארבייטער וועל איך צאהלען וויפיעל דו וועסט בעשטימען. און פאר דיינע קלוגע בוימייסטער און פאר די צעדער און טאנענבוימער וועל איך דיר בעצאהלען מיט ווייץ און אייל און מיט אנדערע זאכען מיט וואס גאט האט מיין לאנד געבענשט.

איך האף אז דו וועסט איבערטראגען דיין פריינדשאפט, וואס דו האסט געהאט צו מיין פאטער, אויך צו מיר און וועלען בעניידען אונזער בונד פון שלום.

דאס זיינען די ווערטער פון שלמה, מלך ישראל"

שלמה האט פערזיגעלט דעם בריעף און עס איבערגעגעבן צו זיינע שלוחים, וועלכע האבען נאך דעם זעלבען טאג אפגערייזט נאך צור.

ווי שלמה איז פארטיג געווארען מיט דעם בריעף צו חירם'ן האט ער זיך אוועקגעזעצט און אנגעשריבען דעם פאלגענדען בריעף צום קעניג פון מצרים:

"צו דעם קעניג פון מצרים, וואפרעס, זאל די ברכה פון גאט רוהען אין דיין לאנד, און שלום זאל דארט הערשען!

"איך וויל בויען א הייליגען טעמפעל פאר אונזער גאט, דער גאט פון אברהם יצחק און יעקב, און איך האב צו דיר א בקשה: ווי איך ווייס איז דיין לאנד געבענשט מיט פיעל חכמים וועלכע זיינען זעהר גוט ענטוויקעלט און פערשטעהן די קונסט פון בויען טעמפלען... איך ווייס אויך אז דיינע קנעכט זיינען זעהר געשיקט און געאיבט אין דער קונסט, א סך מעהר ווי מיינע. ווייל זינט מיין פאלק איז ארויס פון מצרים, האט עס זיך גענומען בעשעפטיגען מיט ערד ארבייט. און דו ווייסט דאך גאנץ גוט אז ווען מיין פאלק איז געווען אין דיין לאנד, האבען זיי פאר דיינע עלטערען געבויט גרויסע פיראמידען, פיעלע טעמפלען און פאלאצען... און כאטש זיי האבען עס געטהאן אומזיסט, וויל איך אבער בעצאהלען אלע דיינע מענשען, שיק מיר אין ירושלים וויפיעל מענשען דו קענסט און בעשטים זייער לוין און איך וועל זיי בעצאהלען וויפיעל דו וועסט מיר היסען און דערצו נאך קענסטו מיר שטעלען נאך בעדינגונגען און איך וועל זיי זיכער נאכקומען, ווייל איך בין זעהר נייגיריג צו האבען דיינע ארבייטער אין מיין לאנד! און ווען זיי וועלען פארטיג ווערען וועל איך זיי אוועקשיקען מיט גרויס פאראד, און דיר שיקען פיעלע מתנות פון מיין לאנד.

"איך האף אז דו, מעכטיגער פרעה, וועסט מיין וואונש ערפילען, און איך שיק דיר מיין דאנק און ברכה.

שלמה המלך ישראל.

אויף דיזען בריעף האט שלמה פאר׳חתמ׳עט און איבערגעשיקט צום קעניג פון מצרים.

ווען די שלוחים זיינען אנגעקומען אין צור, האט זיי חירם זעהר פיין אויפגענומען, און דורכלעזענדיג שלמה׳ס בריעף, האבען זיינע אויגען געשפראהלט פון גרויס שמחה. ער האט געמאכט א מאלצייט לכבוד די געסט, און גלייך געשיקט זיינע קנעכט צו דעם בארג לבנון צו שניידען די צעדער־בוימער.

דריי טעג זיינען די געסט פארבליבען מיט חירם׳ן און אויפ׳ן פיערטען טאג האט חירם אנגעשריבען אן ענטפער צו שלמה׳ן:

"צו שלמה דעם קעניג פון ישראל, פרידען צו דיר און צו דיין פאלק.

"איך האב זעהר פיעל געהערט פון דיין גרויסער חכמה און פערשטאנד. געבענשט זאל זיין גאט וואס ער האט געגעבען צו מיין פריינד דוד׳ן אזא וואונדערבארען טראהן־נאכפאלגער ווי דו ביזט... ווי מען האט מיר איבערגעגעבען פון דיין קלוגשאפט, ווי אזוי דו רעגיערסט מיט פערשטאנד, און משפט מיט גערעכטיגקייט דיין פאלק... איך שעץ זיך זעהר גליקליך אז דו האסט זיך צו מיר געווענדעט צו העלפען בויען דעם בית המקדש וואס זאל זיין א מוסטער פאר אלע פעלקער. איך בין אויך שטארק צופרידען מיט דיינע בעדינגונגען צו קריגען צוגעשיקט פון דיר אלס באלוינונג, ווייץ און איל... יא, מיר נויטיגען זיך טאקע זעהר פיעל אין די צוויי פראדוקטען. איך האב שוין געשיקט מיינע קנעכט נאך לבנון און זיי װעלען שניידען די צעדער; איך וועל האבען די מעגליכקייט דיך צו בעזארגען מיט וויפיעל געהילץ דו וועסט זיך נויטיגען. און וואס אנבעלאנגט צו שיקען דיינע קנעכט אין מיין לאנד צו העלפען מיינע קנעכט צו שניידען די צעדער בוימער, גלויב איך אז עס איז ניט נויטיג צו שיקען זיי אזוי וויט. זיי קענען דיר ברייגגען מעהר נוצען ווען זיי וועלען ביי דער יעצטיגער צייט פארבלייבען אין ארץ ישראל ווען איך וועל האבען גע.נוג געהילץ פאר דיר וועל איך מאכען פון זיי פליטען און זיי שיקען איבער׳ן ים פון צור ביז יפו, און פון דארטען וועלען דיינע קנעכט זיי אריבערברייגגען נאך ירושלים.

"און יעצט צוזאמען מיט דיינע שלוחים שיק איך דיר איינינע טויזענד מענשען וועלכע צייכענען זיך אויס אין בוי־קונסט און צווישען זיי וועסטו געפינען א מאן פון צור וועמענס מוטער איז א ישראלית און שטאמט פון שבט דן... ער האט געטהאן פיעל קונסט־ארבייט פאר מיין פאטער חורם, און יעצט טהוט ער פאר מיר וואונדערשעהנע ארבייט.. אין מיין גאנצען לאנד קען איך נישט געפינען איינעם זיין גלייכען. איך בין זיכער אז ער וועט דיר אויך זעהר שטארק צופרידענשטעלען, ווייל ער ווייס זיך ווי צו באגעהן מיט פארשידענע מעטאלען און קען גוט צייכענען און אויסשניצען. און אויב דו וועסט זיך נויטיגען אין נאך חילף, זאלסטו מיר גלייך לאזען וויסען און אלע דיינע פארלאנגען וועלען גלייך ערפילט ווערען.

"מיט דער האפנונג צו פייערען צוזאמען מיט דיר דעם חנוכת הבית, פארבלייב איך דיינער מיט אייביגער פריינדשאפט און שלום.

"ח י ר ם, מ ל ך צ ו ר."

אויף דעם פיערטען טאג האט חירם צוזאמענגערופען פיעלע בוי־מייסטער וועלכע זיינען געווען באריהמט מיט זייער קונסט־ארבייט און אויף דעם זוהן פון דער אידישער מוטער, דעם ארכיטעקט פון זיינע פאלאצען און זיי אוועקגעשיקט נאך ארץ ישראל צוזאמען מיט שלמה׳ס שלוחים.

ווען פרעה, דער קעניג פון מצרים, האט ערהאלטען שלמה'ס בריעף, האט ער אויך געגעבען א ווארעמע אויפנאהמע צו זיינע שלוחים.

ווען ער האט איבערגעלייענט דעם בריעף, האט ער צוזאמענגערופען זיינע חכמים און יועצים און זיי עס געצייגט.

— וואס איז אייער ראטה? — האט פרעה זיך צו זיי געווענדעט.

— מיין עצה איז — האט זיך איינער פון די יועצים אפגערופען, — אז אונזער קעניג זאל שליסען א בונד פון שלום מיט שלמה'ן, און אין דערזעלבער צייט ערפילען זיין בקשה... ווייל נאך אלעמען פארלאנגט ער דאך נישט אומזיסט און אונזער לאנג נויטיגט זיך זעהר שטארק אין גאלד און אין זילבער...

— איך בין אויך מיט דער זעלבער מיינונג — האט זיך א צווייטער אפגערופען, — ווי באלד אז דער קעניג שלמה לאזט איבער די בעשטימונג פון דעם געצאהלט, קענסטו דאך טאקע פארלאנגען פון איהם וויפיעל דו ווילסט...

— איך האב געהערט אז שלמה, דער קעניג פון ישראל, איז זעהר קלוג, — האט זיך אפגערופען נאגסארא, פרעה'ח טאכטער, וועלכע איז דאביי געזעסען און זיך צוגעהערט צו זייערע רייד, — און איהם, פאטער, וועסטו נישט קענען אפנארען... דאריבער גלויב איך אז דו זאלסט צו איהם שיקען די מענשען און איבערלאזען די בעשטימונג פון זייער לוין טאקע צו איהם אליין, ווייל איך בין זיכער, אז א חוץ דעם וואס ער איז זעהר קלוג איז ער עהרליך און גוטהערציג און וועט נישט קריוודען דיינע ארבייטער.

— וואס מיר געפעלט ניט איז דאס וואס ער דערמאהנט אין זיין בריעף אז זיינע אור־עלטערן האבען אמאל געארבייט פאר דיינע אור־עלטערן אין מצרים אומזיסט. האט ער דען פארגעסען, אדער ער מאכט זיך נישט וויסענדיג, אז בעת משה האט די אידען ארויסגענומען פון אונזער לאנד, האבען זיי כמעט אויסגעליידיגט גאנץ מצרים... יא, זיי האבען געקראגען בעצאהלט אין פולען פאר זייער ארבייט... און וואס האבען מיר געגאסען פון זייער ארבייט? מכות! — האט זיך איינער פון פרעה'ס מיניסטארען אפגערופען.

— אבער די פיראמידען אין די שטעדט פתום און רעמסס וואס זיי האבען געבויט, זיינען נאך מיט אונז עד היום פארבליבען, — האט א אנדער מיניסטער זיך אפגערופען.

— אבער צו וואס דערמאהנען אזעלכע אונאנגענעהמע זאכען וואס האט אמאל פאסירט! — האט נאגאסארא געזאגט, — עס איז יעצט ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט אז שלמה איז נישט נאר דער קליגסטער קעניג פון אלע קעניגע פון זיין צייט, און אפילו ביז יעצט איז נאך נישט געווען א קעניג וועלכער זאל זיך קענען פארגלייכען אין קלוגשאפט מיט שלמה'ן!

— ווי איך זעה יעצט, מיין טאכטער, — האט זיך פרעה אנגערופען מיט א שמייכעל, — האלטסטו זעהר ווייניג פון דיין פאטער'ס חכמה... ווארט, איך וועל דיר ווייזען אז איך בעזיץ אזוי פיעל חכמה ווי שלמה און אפשר נאך מעהר... שלמה האט געדענקט אז ער וועט מיך אפנארען ווען ער וועט מיר דערצעהלען א מעשה ווי זיינע עלטערן האבען אמאל פאר אונז אומזיסט געארבייט... געמיינט האט ער דאמיט, אז עס קומט איהם נאך ארויס פון מיר, און ווען איך וועל איהם שיקען מיינע קנעכט וועל איך איהם פיעל נישט רעכענען פאר זיי... עס וועט הייסען, אז יעצט טהוען מיינע קנעכט דאס וואס די אידען האבען געטהאן פאר אונז בעת זיי זיינען געווען קנעכט אין מצרים... און דאמיט וועלען מיר זיך

אויסגלייבען... אבער ניין! אויב שלמה האט געהאט אין זינען מיך אפצונארען, וועט ער זעהן ווי גיך ער וועט זיך אפנארען.

— אבער וואס דיינקסטו צו טהאן, פאטער? — האט זיך די פרינצעסין אפגערופען, — דו ווייסט דאך זיכער נישט אפברעכען דיינע פערהאנדלונגען מיט זיינע שלוחים... איך וואלט זעהר נישט געוואלט, אז שלמה זאל ווערען אונזער שונא... איך האב שוין פיעל מאל געטרוימט וועגען דעם אז איך זאל האבען די מעגליכקייט צו זעהן דעם וואונדערבארען קעניג פערזענליך... איך בעט דיך פאטער, טהו מיר די געפעליגקייט און זעה דורכצוקומען מיט איהם בשלום...

— דו מעגסט זיך בערוהיגען, מיין טאכטער, — האט פרעה צו איהר געזאגט, — דיין פאטער'ס מח איז נאך אויך נישט אויסגעראַרט... איך וועל מאכען אזוי אז שלמה וועט גארנישט פיהלען איך נאר איהם אפ...

אלע מיניסטארען און חכמים האבען מיט גרוים שפאנונג געוואַרט צו הערען וואס זייער קעניג האט צו זאגען.

— איהר וועט נאך זעהן אז איך וועל ארייַנקריגען פון שלמה'ן א סך געלד, און דערצו וועט ער מיר שיקען טויזענדע פון זיינע קנעכט, וועלכע וועלען פארבלייבען אייביגע שקלאפען אין מצרים... אזוי ווי זיינע עלטערען זיינען מיט יאהרען צוריק געווען. און דערצו וועט נאך הערשען שלום צווישען מיר און איהם.

— אבער, פאטער! — האט נאגסארא אויסגערופען — ווי אזוי ווייסטו עס קענען טהאן אזא זאך! שלמה'ן ווייסטו זיכער נישט קענען אפנארען.

די אונגעדולד פון די חכמים איז געווארען נאך מעהר אנגעצויגען... קיינער האט נים געקענט פארשטעהן די כוונות פון פרעה'ן.

— איך האב אזא פלאן! — האט פרעה זיך אפגערופען נאך א קליינער פויזע, — איך וועל אויסקלייבען אין מיין לאנד אזעלכע מענשען וועמענס טעג זיינען געצעהלטע און זיי אוועקשיקען צו שלמה'ן... און מיין באדינג וועט זיין הונדערט זילבערנע שקלים פאר יעדען מאן אין שכירות. און פאר יעדען פון מיינע מענשען וועלכער וועט שטארבען ביי איהם דורך דער צייט פון בויען זיין בית המקדש, וועט ער מיר מוזען צושטעלען א מאן פון זיינע קנעכט.

— וועט דען שלמה גלייך נישט דערקענען אז די מענשען זיינען קראנקע און ער וועט דיין באדינג זיכער צוריקווייזען? — האט נאגסארא געזאגט.

— אין לאנד זיינען פאראן פיעלע מענשען וועלכע ליידען פון קראנקהייטען און וועלכע וועלען אפילו איין יאהר נישט קענען איבערלעבען, — האט פרעה זיך אפגערופען, — אין דער זעלבער צייט קען מען אויף זייערע פנים'ער גארנים דערקענען... זיי קומען אויס צו זיין געזונט און שטארק... פיעלע פון זיי ליידען אויף שווינדזוכט און אנדערע קראנקהייטען, און אפילו א געניטען רופא וועט זיין שווער צו דערקענען גלייך אויף זייערע פנים'ער אז זייערע טעג זיינען געצעהלטע... שלמה וועט אפילו גארנישט חושד זיין אין דעם... און ער וועט צושטימען צו אלע מיינע באדינגונגען... און נאך איידער זיין בית המקדש וועט פארטיג ווערען וועלען אלע מיינע מענשען ביי איהם אויסשטארבען, און דאן וועל איך א חוץ די געלד וואס איך וועל גלייך ארויסקריגען פאר מיינע מענשען, וועט ער מיר אויך מוזען אפגעבען איינעם פון זיינע קנעכט פאר יעדען געשטארבענעם פון מיינע...

די חכמים און די מיניסטארען האבען מיט גרויס באגייסטערונג אויסגע־שריען:

"לאנג לעבען זאָל אונזער קעניג, דער קליגסטער פון אלעמען!"

— אונזער קעניג איז פיעל מעהר קליגער אפילו פון שלמה'ן, — האבען איינינע אויסגערופען, — און מיר זיינען זיכער אז שלמה'ס חכמה וועט איהם דיזען מאל נישט העלפען.

די איינציגע וואס האט געשוויגען איז געווען נאגסארא, פרעה'ס טאכטער. איהר האט איהר פאטער'ס חכמה אינגאנצען נישט גענומען. און ווען פרעה האט איהר געפרעגט וואס זי דענקט פון זיין פלאן, האט זי זיך אפגערופען מיט א שמייכעל:

— ביז וואנען דיין פלאן וועט אין גאנצען דורכגעפיהרט ווערען, קען איך קיין מיינונג נישט זאגען.

— און ווען מיין פלאן וועט אין גאנצען דורכגעפיהרט ווערען, וועסטו זעה, מיין טאכטער אויך איבערצייגען, אז דיין פאטער קען זיך נאך פערגלייכען אין חכמה מיט שלמה'ן — האט פרעה א זאג געטהאן צו איהר מיט א שמייכעל.

— נו, געווים! האט זיך נאגסארא אפגערופען, — דאן וועל איך וויסען אז דאס וואס אלע זאגען אז שלמה דער יונגער קעניג פון ישראל איז דער קלינגסטער פון אלע מלכים, איז א סך איבערטריבען... אבער איין זאך וועל איך דיר בעטען פאטער, אין פאל ווען שלמה וועט זיך נישט לאזען נארען, דאן זאלסטו מיר ערלויבען צו פאהרען נאך ארץ ישראל צו בעזוכען דעם אידישען קעניג...

— גוט! — האט פרעה געזאגט — איך פערשפרעך דאס דיר צו טאהן, אויב שלמה וועט ארויסצייגען גרויס קלוגשאפט און פעהיגקייטען אין זיין פער־האנדלונג מיט מיר דאן וועל איך דיר שיקען מיט גרויס פאראד נאך ירושלים, און דו וועסט נאך אין מיין נאמען איבערגעבען גרויסע מתנות צו איהם... ווען אבער מיר וועט געלינגען איהם אפצונארען, דאן דארפסטו מיר צוזאגען אין גאנצען ארויסצושלאגען שלמה'ן פון דיינע געדאנקען... און אפילו קיין פער־לאנג נישט האבען איהם צו זעהן...

— איך שטים איין דערצו — האט נאגסארא זיך אפגערופען און א רויט־קייט האט בעדעקט איהר פנים...

— איך וועל שוין איהם ציינען, — האט וואפרע אויסגערופען, — ער וועט מיר גאר געהן דערמאנען די זינד פון מיינע עלטערן... יעצט קען איך אייך אלעמען פערזיכערען אז אין משך פון איין יאהר וועלען שלמה'ס קנעכט ווערען מיינע קנעכט, און דאס וועט נאך געטהאן ווערען אויף א פריעדליכען אופן, לויט אונזער בעשטימטען אפמאך...

פרעה האט גלייך ארויסגעגעבען א בעפעהל אז אלע מענשען וועלכע ליידען פון אונהיילבארע קראנקהייטען זאלען זיך מעלדען אין פאלאץ. אין דערזעלבער צייט האט פרעה צוזאמענגערופען אלע רופאים און האט פון זיי פערלאנגט זיי זאלען אונטערזוכען די קראנקע.

הונדערטע און טויזענדע קראנקע האבען אנגעפאנגען שטראמען אין פאלאץ.

פרעה האט יעדען אויסגעפרעגט פון וואס ער ליידעט און יעדער איינע־צעלנער האט אויסגעזעהן צו זיין געזונט אויף'ן פנים און די רופאים האבען בע־

שטעטיגט אז ער לײדט אויף אונהײלבארע קראנקהײט און װעט זיכער ניט איבערלעבן דעם יאהר, יענעם האט פרעה אויסגעקליבן איהם אװעקצושיקן נאך ארץ ישראל צו דעם קעניג שלמה.

אײניגע װאכן האט געדויערט דאס אויסקלײבן פון די מענשען, דערװײלע האט פרעה געזעהן אז שלמה׳ס שלוחים זאלען זיך גאנץ גוט פערװײלען און אז זײ זאלען קײן אהנונג ניט האבן װאס עס קומט פאר אין לאנד.

פרעה האט צוזאמענגעקליבן פינף טויזענד מצריים װעלכע יואלטען לויט זײערע קראנקהײטען קוים אויסגעלעבט דעם יאהר, און אין דערזעלבער צײט אבער, איז געװען זעהר שװער צו דערקענען אויף זײערע פנים׳ער אז זײ זײנען קראנקע... אלע האבען געהאט רויטע פנימ׳ער און אויסגעקוקט צו זײן געזונט און שטארק...

װען אלע זײנען שוין געװען געגרײט אפצורײזען נאך ארץ ישראל, האט פרעה אנגעשריבען דעם פאלגענדען בריעף צו שלמה׳ן :

„צו דעם קליגסטען קעניג פון ארץ ישראל, שלום!

דײנע שלוחים האבען מיר איבערגעגעבען דײן פרײנדליכען בריעף... איך פיהל זיך העכסט גליקליך װאס דו האלסט אזוי שטארק פון מײנע בירגער, דו גלויבסט אז זײ זײנען א סך מעהר געאיבט און געשיקט אין דעם בוי־קונסט װי דײנע... יע, אלע װעלען צוגעבען אז מײנע קנעכט האבען ביכלל אויפצובויען א טעמפעל װאס זאל זײן די שעהנסטע געבײדע ניט נאר אין דײן לאנד, נאר אויך אין אלע איבעריגע לענדער.

איך דערפיהל דײן פערלאנג און שיק דיר פינף טויזענט פון מײנע קנעכט װעלכע זײנען געאיבט אין בוי קונסט אבער אזוי װי מײנע עלטערען זײנען פער־בליבען שולדיג א חוב צו דײנע עלטערען, װעל איך דיר קײן סך ניט רעכענען פאר זײער ארבײט, בלויז הונדערט שקלים אין זילבער פאר זײער לוין, דורך דער גאנצער צײט װיפיעל עס װעט געדויערען דאס בויען פון דײן בית המקדש... אבער נאך אײן בעדינג מוז איך דיר שטעלען, אז אין פאל װען אײנער פון מײנע קנעכט װעט שטארבען דורך דער צײט פון בויען דײן בית המקדש, װעסטו מיר אנשטאדט איהם מוזען צושיקען דײנעם א קנעכט... יע, װיפיעל קנעכט עס װעלען דורך דער צײט בײ דיר אויסשטארבען אזוי פיעל װעסטו מיר מוזען אפשיקען פון דײנע...

מײנע שליחים װעלען דיר איבערגעבען דעם שריפטליכען אפמאך און דו זאלסט ארויפלײגען דײן זיעגעל.

איך װינש דיר פיעל גליק צו דײן גרויסער אונטערנעהמונג, און איך האף אז דאמיט װעט אונזער פרײנדשאפט נאך שטארקער װערען... און שלום װעט צװישען אונזערע בײדע לענדער הערשען אויף אײביג.

װאפרע, קעניג פון מצרים.

פרעה האט דיזען בריעף פערזיעגעלט און עס איבערגעגעבען דעם הויפט פון זײנע שליחים און איהם אנגעזאגט :

— װי נאר דו װעסט קריגען שלמה׳ס חתימה אויף מײן שריפטליכען אפ־מאך זאלסטו זיך גלײך אומקעהרען קײן מצרים.

מיט פיעל מוזיק און גרויס פאראד האט פרעה אװעקגעשיקט זײנע קנעכט

צו שלמה'ן... אין הארצען האט ער זיך שטארק געפרעהט וואס איהם וועט גע־ליגגען אזוי אפצונארען שלמה'ן.

— איהר וועט זעהן אז אין משך פון א יאהר וועל איך האבען אין אונזער לאנד מצרים פינף טויזענט אידישע קנעכט... און לויט מיין אפמאך מיט שלמה'ן וועלען זיי מוזען פערבלייבען קנעכט אין מיין לאנד אויף עוויג... און קיינער וועט נישט קענען קימען מיט טענות צו מיר... און ווען א פערזוך וועט געמאכט ווע־רען זיי צו בעפרייען, וועל איך קענען בעווייזען מיין אפמאך מיט שלמה'ן...

---

עס האט לאנג נישט געדויערט און חירם'ס בוימייסטער מיט די ארביטעפ־טען זיינען אנגעקומען אין ארץ ישראל.

שלמה האט דורכגעלעזען דעם בריעף פון חירם דעם קעניג פון צור, און זיינע אויגען האבען גענומען שטראהלען פון פרייד.

— נאך מעהר ווי איך האב ערווארטעט! האט ער דעם בריעף פארגעלייענט פאר זיינע יועצים און חכמים — באלד וועלען אנקומען זיינע צעדערען און ווי איך זעה, זיינען זיינע מענשען טאקע בעהאווענט אין דער מלאכה פון בויען... איך האף אז פרעה דער קעניג פון מצרים וועט אויך מיר ארויסצייגען זיין פריינד־ליכקייט און דאן וועל איך גלייכצייטיג מיט דעם בויען פון דעם בית המקדש אויך איבערבויען און פערשעהנערען די שטאדט ירושלים...

שלמה האט גלייך אוועקגעשיקט פיעלע פון זיינע קנעכט מיט וואגענס אין יפו, זיי זאלען ווארטען ביז וואנען די פליטען פון די צעדערבוימער וועלען אנקומען, און נאכהער זיי איבערפיהרען נאך ירושלים.

אייניגע טעג שפעטער זיינען די פליטען אנגעקומען, און טאג און נאכט האבען זיך די וואגענס געצויגען פון יפו נאך ירושלים...

שלמה'ס קנעכט זיינען געווען פערנומען מיט דעם געהילץ: זיי האבען דאס פריהער אויף די בעשטימטע פלעצער געבראכט, נאכהער האבען זיי גענומען זעגען די בוימער און פון זיי ברעטער געמאכט...

דערווייל האט מען שלמה'ן געמאלדען, אז פינף טויזענד ארבייטער קומען אן פון מצרים, וועמען פרעה האט צו איהם געשיקט.

צו שלמה'ס שמחה איז קיין גרעניץ נישט געווען... יעצט זעהט ער, אז דער שלום אין זיין לאנד איז געזיכערט און אז די ארומיגע פעלקער וועלען נישט נאר איהם שטערען אין בויען דעם בית המקדש, נאר זיי וועלען איהם בעהילפיג זיין אין זיין גרויסע אונטערנעהמונג.

שלמה האט געשיקט זיין שר צבא בניהו דעם זוהן פון יהודא ער זאל געהן מקבל פנים זיין די שליחים פון פרעה'ן און אריינפיהרען זיינע פינף טויזענד ארבייטער אין ירושלים מיט גרויס פאראד...

אלע איינוואהנער פון ירושלים זיינען ארויסגעגאנגען צו זעהן ווי די מצריים קומען אן צו העלפען בויען דעם בית המקדש... עס איז פאר אלעמען געווען א גרויסע פאסירונג...

— ווי צייטען בייטען זיך! — האבען זיך אייניגע אידען דורכגערעדט — מיט הונדערטע יאהרען צוריק — האבען אונזערע עלטערען געבויט פאר די מצריים, יעצט קומען זיי בויען פאר אונז...

— עס איז טאקע א פערגלייכענים — האט א צווייטער געזאגט — אונז

האט מען געפייניגט און בעהאנדעלט ווי קנעכט, און פאר די מצריים מאכט אונ־ זער קעניג א גרויסען פאראד.

שלמה איז געזעסען אין זיין קארעטע מיט זיין מוטער בת שבע'ן און אדום זיינען געווען זיינע מיניסטארען און חכמים.

די שליחים פון פרעה זיינען אנגעקומען פריהער און איבערגעגעבען דעם בריעף צו שלמה'ן...

שלמה האט איבערגעלייענט דעם בריעף און האט א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס... ער האט אבער קיין ווארט צו זיינע חכמים נישט געזאגט. ער האט גלייך פערשטאנען אז פרעה האט דא א בעזונדערע כונה און האט שוין מיט אונגעדולד געווארט צו זעהן די קנעכט וואס פרעה האט איהם געשיקט...

איידער די מצריים האבען אריינגעמארשירט אין ירושלים האט זייער הויפט אלעמען אנגעזאגט זיי זאלען געהן גלייך מיט פעסטע טריט, דעם קאפ אויפגע־ הויבען, און זיי זאלען נישט ארויסצייגען דעם מינדסטען צייכען פון שוואכקייט.

די פינף טויזענד האבען אויסגעפאלגט זייער הויפט'ס בעפעהל און אריינ־ געמארשירט אין ירושלים ווי זיעגרייכע העלדען...

שלמה האט זיי גוט בעטראכט און ער האט גלייך פערשטאנען אז פרעה זוכט איהם אפצוטאהן א שפיצעל... ער האט מיט זיין שארפע אויג גלייך באמערקט אז די אלע קנעכט וואס פרעה האט אזוי "ווילינג" צו איהם געשיקט, וועלען נישט לעבען... ער האט אבער זיי אלעמען זעהר העפליך אויפגענומען און גאנץ פיין בעגריסט...

דער הויפט שליח איז צוגעגאנגען צו שלמה'ן און זיך פאר איהם פערנייגט:

— מעכטיגער קעניג! — האט ער אויסגערופען — איך בין באפאלמעכ־ טיגט פון פרעה דעם קעניג פון מצרים. דיר איבערצוגעבען דעם שריפטליכען אפ־ מאך. און ווען דו מיין האר קעניג וועסט אויף דעם אוועקלעגען דיין חתימה דאן וועלען פרעה'ס קנעכט קאנען גלייך אנפאנגען זייער ארבייט.

— איך וויל זיי געבען פינף טעג צייט זיך אויסצורוהען פון דעם וועג... און נאכהער וועל איך זעהן וואס ווייטער צו טהאן.

שלמה האט בעשטימט א פלאץ פאר פרעה'ס פינף טויזענט קנעכט און פאר'ן הויפט מיט די איבריגע פרעה'ס שלוחים האט ער געמאכט א מאלצייט... שלמה'ס חכמים האבען זיי אונטערהאלטען מיט פערשיעדענע חכמות, און שלמה האט דערווייל צוזאמענגערופען בעלי־מלאכות און בעשטעלט צו מאכען פינף טויזענד טרונעס און פינף טויזענד תכריכים.

אויפ'ן פינפטען טאג, איז דער הויפט געקומען צו שלמה'ן ער זאל בעשטעטיגען דעם אפמאך און ער זאל ארויפלעגען זיין חתימה.

— אלעס איז שוין פארטיג!... — האט שלמה אויסגערופען מיט א שמייכעל — זאלען אלע מצריים זיך אויסשטעלען אין א רייהע.

דער ממונה איבער די קנעכט האט בעפוילען אלעמען זיך אויסצושטעלען אין רייה.

שלמה האט געגעבען א וואונק, און גלייך האבען זיך א שאט געטהאן זיינע ארבייטער מיט טרונעס און תכריכים און זיי האבען איבערגעגעבען יעדען מצרי א טרונע מיט אפאר תכריכים.

— זאָל יעדער פון אייך דאָס האַלטען און ברייגנען צו אייער קעניג, ווייל איהר רייזט נאָך היינט אַפּ נאָך מצרים.

שלמה האָט אָנגעשריבען אַ בריוועל און עס איבערגעגעבען דעם הויפּט שליח פון פּרעה'ן ער זאָל עס איבערגעבען צו פּרעה'ן — אין דעם בריעף האָט ער געשריעבען פאָלגענדעס:

מיין געשעצטער קעניג, פּרעה, קעניג פון מצרים!

— איך דאַנק דיר פאַר די גרויסע בעשטעלונג וואָס דו האָסט געמאַכט, און דערביי וויל איך דיר געבען אַן עצה: ווען דו וועסט צום צווייטען מאָל דאַרפען מאַכען אַ בעשטעלונג פון טרונעס און תכריכים, פאַר דיינע שטאַרבענדע קנעכט, דאַרפסטו זיי נישט מטריח זיין און שיקען אַלעמען צו מיר... די איינציגע זאַך וואָס דו דאַרפסט טאָהן, איז צו שיקען מיר אַ מאָס פון יעדען גוף און איך וועל שוין בעזאָרגען דיינע טויטע מיט אַלע גוטוועגדיגקייטען!"...

"מיט גרויס דאַנק פאַר דיין בעשטעלונג

פערבלייב איך דיין פריינד. שלמה".

ער האָט דעם בריעף פער'חתמ'עט און עס דערלאַנגט צום הויפּט, וועלכער איז געשטאַנען אַזוי צוטומעלט און ערשטוינט... ער האָט נישט געקענט באַגרייפען וואָס דאָ קומט פאָר.

ער האָט גענומען דעם בריעף און גלייך בעפוילען זיך אומציקערען נאָך מצרים.

די פינף טויזענד האָבען אָפּגערייזט נאָך מצרים מיט די "מתנות" וואָס שלמה האָט יעדען געמאַכט.

---

פּרעה האָט מיט גרויס אונגעדולד געוואַרט אויף דעם צוריקקעהר פון זיינע שליחים... ער איז געוועזען זעהר שטאָלץ מיט דעם "קלוגען איינפאַל" וואָס איהם איז איינגעפאַלען ווי אַזוי אָפּצונאַרען שלמה'ן... ער האָט שוין געוואָלט זעהן דעם שריפטליכען אָפּמאַך מיט שלמה'ס חתימה.

די גאַנצע צייט האָט ער נישט אויפגעהערט צו ריידען פון זיין חכמה מיט זיינע מיניסטאַרען!

— עס וועט זיין פאַר שלמה'ן אַ גרויסע איבערראַשונג — האָט פּרעה זיך אָפּגערופען צו זיי — זיי וועלען אָנפאַנגען צו אַרבייטען פאַר איהם, און פּלוצלונג וועלען זיי נעמען אויסשטאַרבען... און פאַר יעדען טויטען, וועט ער מיר גלייך מוזען שיקען זיינעם אַ קנעכט, וועט עס מיינען אַז אין פערלויף פון דעם קומענדען יאָהר וועט שלמה מיר צושיקען פינף טויזענד פון זיינע קנעכט... וועלכע וועלען ביי יעצטיגער צייט שטאַרק צוניץ קומען.

— ווען די ישראלים זיינען צום ערשטען מאָל געקומען אין מצרים, האָבען זיי בלויז פערמעגט זיעבעציג נפשות און אין אַ קורצע צייט האָבען זיי זיך פערמעהרט ביז זייער צאָהל האָט דערגרייכט אין די הונדערטע טויזענדע — האָט זיך אַ מיניסטער אָפּגערופען צו פּרעה'ן — און יעצט אַז פינף טויזענד פון זיי וועלען אָנקומען אין מצרים, וועלען מיר שוין זיין בעזאָרגט מיט קנעכט פאַר דורות.

— און דיעזע קנעכט וועט שוין קיינער קיין רעכט נישט האָבען זיי צו בעפרייען — האָט אַ דריטער זיך אָפּגערופען.

— און די שעהנסטע זאך פון דעם איז, אז דער "קלוגער" קעניג פון ישראל, וועט מיר דארפען נאך צו צאהלען א הונדערט שקלים מיט יעדען גזוונטען קנעכט וואס ער וועט מיר שיקען אנשטאדט מיין טויטען קנעכט... — האט פרעה געלאכט.

אלע חכמים און מיניסטארען וועלכע זיינען געזעסען אין פרעה'ס פאלאץ האבען מיטגעלאכט... זיי האט שטארק הנאה געטהאן וואס זייער קעניג וועט זיך ארויסצייגען צו זיין א גרעסערער חכם ווי דער בעריהמטער שלמה...

פלוצלונג איז מען געקומען אנזאגען דעם קעניג אז זיינע שליחים קעהרען זיך אום פון ארץ ישראל...

— א זיי קומען! — האט פרעה אויסגערופען מיט פרייד — איך האב קיין געדולד נישט צו ווארטען... איך וועל זיי ענטקעגען געהן... איך וועל מיט מיינע אויגען זעהן די חתימה וואס שלמה האט געלעגט אויף מיין אפמאך מיט איהם.

פרעה איז ארונטער פון טראהן און האט גענומען ארויסגעהן פון פאלאץ נאך איהם זיינען ארוים זיינע חכמים און יועצים:

— קום מיין טאכטער! — האט פרעה אויך מיטגערופען נאגסארא'ן — מיינע שליחים קומען יעצט אן פון שלמה'ן. און יעצט וועסטו זיך אליין איבער־צייגען אויב דיין פאטער איז נישט קליגער פון שלמה'ן...

א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף נאגסארא'ס ליפען... — ביזטו דען שוין זיכער אז שלמה האט זיך אונטערגעשריבען? — האט זי איהם געפרעגט — כל זמן איך זעה נישט שלמה'ס חתימה אויף דיינע פאפיערען, ביז איך נאך אלץ נישט איבערצייגט אז דיר איז געלונגען אפצונארען דעם קלוגען קעניג שלמה'ן...

— אבער אט קומען דאך אן מיינע שליחים! — האט פרעה אויסגערופען מיט פרייד ווען ער האט זיי דערזעהן פון וויטען אנקומענדיג.

דער הויפט פון די שליחים איז צוגעקומען און פערנייגענדיג דריי מאל ביז צו דעם באדען — האט ער פרעה'ן איבערגעגעבען שלמה'ס בריעף.

— און וואו זיינען מיינע פאפיערען מיט שלמה'ס חתימה? — האט פרעה איהם שנעל א פרעג געטהאן...

— מיין האר קעניג! זיי קומען אן! — האט דער הויפט שליח א צושרא־קענער זיך אפגערופען... ער האט זעהר מורא געהאט פרעה זאל זיין כעס נישט אויסלאזען אויף איהם...

פרעה האט געהאלטען דעם בריעף אין האנט און האט זיין שליח א פרעג געטהאן!

— ווער קומט אן!

— אט קומען זיי! מעכטיגער קעניג, די לויכטענדע זון פון מצרים — האט ער גענומען ציטערען פון שרעק...

— איך פערשטעה דיר נישט! — האט פרעה אויף איהם א געשריי גע־טאהן — רייד קלארע דבורים!...

— ווען מיין האר קעניג וועט איבערלעזען דעם בריעף פון דעם קעניג שלמה, וועט איהם וואהרשיינליך אלעס קלאר ווערען — האט ער מיט א ציטע־רענדע שטימע געזאגט.

פרעה האט שוין געוואלט עפענען דעם בריעף, ווען פלוצלונג האט ער בעמערקט ווי די פינף טויזענד מצריים מארשירען צום פאלאץ יעדערער מיט א טרונע און תכריכים אין זיינע הענט...

פרעה האט אנגעשטרענגט זיינע אויגען און וואס נעהענטער די מארשירער זיינען צוגעקומען אלס גרעסער איז זיין ערשטוינונג געווארען...

די חכמים און די איבעריגע וועלכע זיינען בעת מעשה אנוועזענד געווען האבען זיך נאך מעהר גענוואונדערט...

— וואס קען דאס בעדייטען ?

אט דיזע פראגע איז געלעגען ביי יעדען אויף די ליפען... א שטילקייט האט געהערשט ארום... אלע האבען אנגעווענדעט זייער צושראקענע בליקען אויף זייער קעניג, וועלכער איז געשטאנען בלאס און בעווענלאז...

— פאטער ! — האט נאגסארא אונטערבראכען די אנגעצויגענע שטילקייט — לייען דורך שלמה׳ס בריעף וועט דיר געווים אלעס קלאר ווערען.

ערשט דא איז פרעה צו זיך געקומען, ער האט שנעל אויפגעבראכען דעם זיעגעל און האט גענומען איבערלייענען דעם בריעף.

ווען ער האט געענדיגט דורכלייענען האט ער נאכהער ווידער א קוק געטהאן אויף זיינע פינף טויזענד קנעכט וועלכע זיינען געשטאנען מיט די טרונעס און תכריכים אין זייערע הענט און ער האט פלוצלונג אויסגעבראכען אין א הילכיגען געלעכטער...

פרעה האט זיך גערדעהט אין דרייהען פון געלעכטער. די מיניסטארען און די איבעריגע וועלכע האבען געזעהן אז זייער קעניג לאכט, האבען אויך אנגעפאנגען צו לאכען...

א היבשע ווייל איז די לופט ארום פאלאץ אנגעפילט געווארען מיט געלעכטער... און ווען פרעה האט זיך עטוואס בערוהיגט, האט ער נאך אמאל דורכגעלייענט שלמה׳ס בריעף...

— פאטער, וואס האט שלמה געשריבען אין דעם בריעף וואס דיר האט אזוי געמאכט צום לאכען ? — האט נאגסארא איהם א פרעג געטהאן.

— לייען מיין טאכטער — האט פרעה איהר דערלאנגט דעם בריעף.

נאגסארא האט עס שנעל דורכגעלייענט און זיך אויך שטארק פאנאנדערגעלאכט.

— יע, מיין טאכטער ! — האט פרעה זיך צו איהר אפגערופען — איך מוז זיך מודה זיין אז דו ביזט גערעכט — שלמה, דער קעניג פון ישראל, איז טאקע דער קליגסטער פון אלע קעניגען...

נאגסארא׳ס אויגען האבען גענומען לייכטען...

— און יעצט, ליעבער פאטער וועסטו נישט האבען דאגעגען איך זאל פאהרען נאך ירושלים אנקוקען דעם וואונדערבארען קעניג ?

— געוויס נישט מיין טאכטער ! — האט פרעה איהר געענטפערט — מיט זיין גרויסער חכמה און פערשטאנד האט שלמה פערדיענט אז דו זאלסט איהם קומען בעזוכען איך בין זיכער אז דו וועסט זעהר פיעל פון איהם זיך קענען לערנען.

צו נאגסארא׳ס פרייד איז נישט געווען קיין גרעניץ... באלד, א באלד וועט פערווירקליכט ווערען איהר חלום... זי האט אזוי פיעל געהערט פון דעם אידישען

קעניג שלמה׳ן. מען דערצעהלט אז אחוץ זיין גרויסער חכמה און פארשטאנד איז ער אויך וואונדער שעהן, ער איז הויך און פעסט געבויט... א ווי שטארק איהר האט זיך פערגלוסט איהם צו זעהען... נישט איינמאל האט זי איהר פאטער געבעטען ער זאל איהר ערלויבען צו מאכען די רייזע נאך ירושלים כדי צו קענען מיט איהרע אייגענע אויגען אנקוקען דעם וואונדערבארען קעניג און צו הערען מיט איהרע אויערען די חכמות פון זיין מויל... זי ווייס אז איהר פאטער האט אימער צו געהאט א פאראורטהייל געגען שלמה׳ן, און ער האט איהר דערפון אפגערעדט... יעצט אבער, איז שוין איהר פאטער אליין מודה אז עס איז כדאי צו פאהרען אנצוקוקען שלמה׳ן.

אין גאנץ מצרים איז גלייך בעוואוסט געווארען וועגען פרעה׳ס נישט גע־לונגענעם שפיצעל און וועגען שלמה׳ס חכמה... אלע האבען אנגעפאנגען צו ריידען וועגען שלמה׳ן מיט גרויס דרך ארץ...

— יע, שלמה׳ס חכמה שטייגט אריבער אפילו די קלוגשאפט פון מצרים. האבען פרעה׳ס מיניסטארען צווישען זיך גערעדט.

פרעה האט צוזאמענגערופען זיינע חכמים און האט זיך גענומען מיט זיי בעראטען וואס ווייטער צו טהאן ווי אזוי צו ענטפערען שלמה׳ן.

— איך וויל שיקען מיין טאכטער נאגסארא צו בעזוכען שלמה׳ן אין ירושלים, וואס פאר א מתנות קען איך איהם שיקען?

— אונזער האר קעניג דארף פריהער פון אלעם ארויסצייגען אז ער האט שלמה׳ס חכמה אנגענומען גוטמוטהיג, און דורך דעם האט זיך נאך זיין פריינד־שאפט צו איהם פערשטארקט. — האט איינער פון די חכמים זיך אפגערופען — דעריבער איז מיין עצה אז דער קעניג זאל בעשטימען מענשען וועלכע וועלען אפשאצען וויפיעל די טרונעס און די תכריכים זיינען ווערט, און איהם אפשיקען דאס געלט פאר זיי...

— אזוי וועל איך טאקע טאהן! — האט פרעה געזאגט — איך וועל איהם בעצאהלען פאר אלע טרונעס און תכריכים, און אחוץ דעם וועל איך איהם שיקען מתנות דורך מיין טאכטער...

גרויסע פארבערייטונגען איז אין גאנצען לאנד פון מצרים געמאכט גע־ווארען ארויסצובעגלייטען פרעה׳ס בעליעבטע טאכטער נאגסארא אויף איהר בעזוך אין ירושלים. אהן א צאהל קאמער־מיידלעד און דיענסטען זיינען מיט איהר מיטגעפאהרען...

פרעה האט מיטגעשיקט פיעל מיליטער, אפיציערען און גענעראלען וועלכע האבען געריטען אויף פערד... קעמלען געלאדען מיט קאסטבארע מתנות פאר שלמה׳ן זיינען מיטגעפאהרען. פרעה האט אוועקגעשיקט צוועלף רייטער וועלכע האבען געזאלט רייטען זעהר שנעל אנצוזאגען דעם קעניג שלמה׳ן, אז די פרינ־צעסין נאגסארא די טאכטער פון פרעה׳ן קומט אן אויף א בעזוך צום קעניג.

נאגסארא איז געזעסען אין א גאלדענע קארעטע מיט צוויי פון איהרע קא־מער־מיידלעך... די איבעריגע דיענסטען זיינען געווען אין אנדערע קארעטעס און א גליקליכע, מיט א קלאפענדע הארץ און מיט פיעל ערווארטונגען האט זי זיך גענומען דערנעהענטערען צו דער הויפט־שטאדט פון ארץ ישראל, צו ירושלים.

דערווייל האט זיך שלמה פיבעריש אריינגעווארפען אין דער ארבייט פון בויען דעם בית המקדש... מיט זיין לייב און לעבען איז ער געווען איבערגעגעבען די הייליגע ארבייט...

— מיט דעם בויען פון בית המקדש — האט שלמה זיך איינמאל אפגערופען צו בת שבע'ן, זיין מוטער, וועל איך באריהמט מאכען מיין פאלק איבער דער גאנצער וועלט. אלע וועלען אין דעם זעהן די גרויסקייט פון דעם פאלק ישראל...

שלמה האט געשיקט רופען די עלטסטע פון אלע שבטים אין ירושלים און ער האט זיי איבערגעגעבען זיין גרויסען פלאן וועגען דעם בית המקדש.

— אין דעם הויז פון גאט וועלען מענשען פון אלע שבטים קומען און מתפלל זיין צו אונזער גאט... דא וועלען די קרבנות פאר גאט געבראכט ווערען און פון דאנען וועט פערשפרייט ווערען די תורה און די געזעצען פאר גאנץ ישראל — האט שלמה צו זיי געזאגט. — און יעצט דיזע אונטערנעהמונג איז זעהר ריזיג און די ארבייט איז גרויס... איך וועל זיך בענוצען פאר די שווערע ארבייט מיט די כנענים די איינוואהנער פון דיזען לאנד וועלכע אונזערע עלטערען האבען געלאזט לעבען... זיי וועלען שלעפען די שווערע שטיינער און מאכען די ציגעל און טהאן אלע פערשיעדענע ארבייט — אבער איין זאך פערלאנג איך אז פון יעדען שבט זאלען קומען א געוויסע צאהל מענשען און העלפען די מענשען פון חירם דעם קעניג פון צור צו שניידען די צעדערען און צו מאכען די פליטען זיי זאלען זיין פארטיג צו שיקען זיי איבער'ן ים. און אחוץ דעם האב איך פערשפראכען דעם קעניג פון צור צו שיקען איהם ווייץ, גערשטען און אייל אלס געצאהלט פאר די צעדער בוימער און אלס שכירות פאר זיינע ארבייטער... און מיין פערלאנג פון אייך איז איבערצוגעבען צו אייערע שבטים, זיי זאלען אפגעבען א מעשר פון אלע זייערע תבואות און עס אפשיקען נאך ירושלים, און פון דאנען וועל איך עס איבערשיקען צו מיין פריינדליכען קעניג חירם'ן...

די פארשטעהער פון די שבטים האבען פערשפראכען שלמה'ן צו ערפילען זיין פערלאנג, און עס איז נישט לאנג אוועק און אין ירושלים האט אנגעפאנגען אריינצושטראמען מענשען און פערשיעדענע תבואות און אייל פון איבער'ן גאנצען לאנד...

שלמה האט צוזאמענגענומען די גאנצע תבואה און אייל און אפגעשיקט צו חירם'ן דעם קעניג פון צור צוואנציג טויזענד טון ווייץ, און צוואנציג טון ריינע אייל פון די איילבערטען... דערצו האט שלמה געשיקט דרייסיג טויזענד אידישע ארבייטער זיי זאלען העלפען שניידען די בוימער און מאכען די פליטען.

אויף דעם פערטען יאהר פון שלמה'ס רעגירען, אין חודש אייר, האט שלמה מיט גרויס פאראד געלעגט דעם פונדאמענט פאר'ן בית המקדש.

אויף דעם בארג מוריה איז דער פונדאמענט פאר'ן בית המקדש געלעגט געווארען... דארטען זיינען צוזאמענגעקומען אלע עלטסטע און וויכטיגע פערזענליכקייטען פון ארץ ישראל. די כהנים און לויים האבען געזונגען און געשפיעלט. די יונגע מיידלעך און פרויען פון ירושלים האבען געיובעלט און געטאנצט. שאלען און געשרייען פון פרייד האט פארהילכט די גאנצע שטאדט.

ארום הונדערט פון שלמה'ס שרים, האבען אליין צוגעפיהרט דעם ווינקעלשטיין פון דעם פונדאמענט.

דער קעניג איז צוגעגאנגען און האט געזאגט א קליינע תפלה:

"אלמעכטיגער גאט, באשעפער פון דער וועלט און פון אלעם וואס עס געפינט זיך אין איהר! דו האסט מיר מיט דיין גרויס חסד אויסערוועהלט פאר קעניג איבער דיין הייליג און וואונדערבאר פאלק ישראל, ווי דו האסט פער־שפראכען צו מיין פאטער, דוד! יעצט האסטו מיר געלאזט לעבען ביז דיזער גליקליכער צייט און מיר מזכה געווען מיט דעם בויען א הייליג הויז פאר דיר... דו האסט געמאכט אז שלום זאל הערשען צווישען מיר און די פעלקער וועלכע געפינען זיך ארום מיר... און אין דער זעלבער צייט האסטו מיר געגעבען חכמה, איך זאל קענען משפט'ן דיין פאלק מיט יושר און גערעכטיגקייט... גיב מיר כח, א, גאט פון מיין פאטער דוד, און פון מיינע עלטערען אברהם, יצחק און יעקב, יעצט ווען איך פאנג אן דיזע הייליגע ארבייט, גיב פיר פארשטענדניס און קלוגשאפט איך זאל בויען פאר דיר א בית המקדש, וואס זאל זיין דער שטאלץ פון אלע פעלקער, און זאל דורך דעם דיין נאמען געגרויסט און געהייליגט ווערען.

"מיט דעם יסוד וואס איך געה יעצט לייגען פאר דעם בית המקדש זאל אויך געלעגט ווערען א יסוד פון שלום, פון גערעכטיגקייט און יושר צו אלע מענשען וועמען דו האסט אין דיין געשטאלט באשאפען. זאלען אלע פעלקער וויסען אז עס איז נישטא אזא גאט ווי אונזער גאט וועמענס הייליגער נאמען דערגרייכט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער.

"בענטש מיר, גנעדיגער גאט מיט שפע און ברכה, איך זאל ערפאלגרייך דורכפיהרען די הייליגע אויפגאבע וואס איך האב זיך אונטערגענומען... צייכען פאר מיר אן דעם ריכטיגען וועג און זאל דאס גאנצע פאלק און איך זוכה זיין צו זעהן דעם בית המקדש אויסגעבויט אין זיין גאנצען גלאנץ און פראכט, פאר־נעהם די תפלה פון דיין קנעכט און שיק מיר דיין ברכה פון די הימלען. אמן".

די פערזאמעלטע זיינען אזוי גערוהרט געווארען פון זייער קעניג'ס הארציגע תפלה אז זיי זיינען אלע געבליבען שטעהן באוועגלאז... א הייליגע שטילקייט האט געהערשט ארום... און שלמה האט געלעגט דעם ערשטען שטיין אויף דעם פונדאמענט.

באלד האט דאס גאנצע פאלק א דונער געטהאן:

— הידד! געבענשט זאל זיין אונזער מעכטיגער קעניג, דער קליגסטער פון אלע קעניגע.

— זאל דאס קעניגרייך פון שלמה'ן זיין באפעסטיגט אויף אייביג!

די לויים האבען אנגעפאנגען צו זינגען מזמורים פון דוד'ן... דער עולם האט זיך געלאזט וואהל געהן. יעדער האט געטרונקען וויין. אלעמענס הערצער האבען געקלאפט מיט פרייד. די אויגען האבען געשטראהלט און אויף אלעמענס פנים'ער האט זיך א יובעל אויסגעגאסען... גליקליך איז געווען דאס פאלק וואס גאט האט זיי געבענשט מיט אזא קעניג, און גליקליך איז געווען דער קעניג וואס גאט האט איהם געבענשט מיט אזא ליבענס־ווירדיגעם פאלק וואס איז געווען גרייט ארייננצואווארפען זיך אין דער הייליגער ארבייט מיט דער גרעסטער התלהבות און באגייסטערונג.

דעם זעלבען טאג האט זיך די געטליכע ארבייט אנגעפאנגען. יעדער איד האט מיט גרויס פארגעניגען געבראכט וויפיעל געלד און זילבער ער האט נאר געקענט... יעדער איז גליקליך געווען ווען ער האט געקענט ברייננגען עטוואס פאר דעם בית המקדש.

נעבען דעם בארג מוריה איז געשטאנען אן אונגעהייער גרויסער קאסטען

און אלע אידען וועלכע זיינען געקומען פון איבער'ן גאנצען לאנד, האט דארטען אריינגעווארפען זייערע מתנות פון גאלד און זילבער און קאסטבארע שטיינער.

אין אבענד האט מען דעם קאסטען פארזיגעלט און געבראכט אין קעניג'ס פאלאץ. און אויף מארגען האט שלכה דעם זיגעל געעפענט און צוזאמען מיט זיינע יועצים איבערגעקוקט די מתנות און אפגעשאצט וויפיעל יעדע זאך איז ווערטה. דעם קעניג'ס מזכיר, יהושפט בן אחילוד, האט אלעס פארשריבען און דערנאך האט מען אלע מתנות אוועקגעלעגט אין קעניג'ס שאץ־קאמער.

* * *

צווישען דעם המון פון פרויען און מיידלעך איז געשטאנען אבישג די שולמית, און כאטש זי האט אויך אנטייל גענומען אין דעם זינגען און טאנצען איז איהר הארץ אבער געווען נישט דאביי... איהר פנים האט זי באדעקט מיט א שלייער. זי האט נישט געוואלט אז אימיצער זאל איהר דערקענען.

זינט דער קעניג איז געקומען אין שולם, איהר שטאדט, איהר צו בע־זוכען, האט שולמית נישט אויפגעהערט צו טרויערען... אזוי קורץ איז איהר גליק געווען... דער קעניג האט דאך איהר אזוי ליעב געהאט, און אין דער צייט ווען זי האט נישט געוואגט אפילו צו טרוימען פון דעם, ווען איהר ליעבע צו שלמה'ן איז בלויז געווען אין איהר פאנטאזיע, איז שלמה צו איהר געקומען און איהר אין ליעבע זיך ערקלעהרט... שטארק און געטריי איז זיין ליעבע צו איהר געווען. סיין זאך אין דער וועלט איז איהם נישט געשטאנען אין וועג... ער האט איהר ליעב געהאט מיט אלע פיבערען פון זיין נשמה... און זי? א ציטער געהט דורך איהר לייב ווען זי דערמאהנט זיך בלויז צו יענער צייט... ווי גליקליך זי האט זיך געפיהלט, ווען ער האט פאר איהר צום ערשטען מאל זיין הארץ ענטדעקט... זי האט זיך גארנישט געקענט פארשטעלען אז דאס איז דער ווירקליכקייט... איהר האט זיך דאן גערוכט אז זי זעהט עס אלעס אין טרוים... ווי איהר הארץ האט געפלאטערט און ווי וויברירט האט יעדעס גליעד אין איהר, ווען שלמה האט איהר צום ערשטען מאל ארומגענומען און א קוש געטהאן... זי איז דאן אין א וועלט פון צויבער אוועקגעטראגען געווארען... נאך יעצט קלינגען אין איהרע אויערען די וואונדער־שעהנע ליעבעס־ליעדער וואס שלמה האט פאר איהר געזונגען... און יענעם טאג וועט זי קיינמאל נישט פאר־געסען... עס איז דאן געווען אזא הערליכער און שעהנער טאג... שלמה האט מיט איהר אוועקגעשפאצירט אין זיין גארטען צום טייכעל... דאס קלארע וואסער ווי קריסטאל האט אזוי שטיל און אנגענעהם זיך געפלאסען... שלמה האט אנגעריהרט איהר האנד.

"שולמית! — האט ער איהר דאן געזאגט, — נאך ווען דו ביזט ביי מיין פאטער געווען און מיט אזוי פיעל הארציגקייט און געטרייהייט געלינדערט זיינע שמערצען אין זיינע לעצטע טעג, האב איך דיר שוין ליעב באקומען".

כאטש דאן איז זי געבליבען שטעהן אזוי צוטומעלט אז זי האט כמעט גארנישט געהערט, דאך געדענקט זי יעצט אזוי דייטליך יעדעם ווארט וואס ער האט ארויסגערעדט:

"דו האסט מיין הארץ געפאנגען מיט דיין וואונדערשעהנעם פנים, — האט ער איהר דאן געזאגט — מיט דיין פרעהליכקייט און לוסטיגע ליעדער האסטו מיר בעצויבערט! שולמית, איך וועל דיר פאר מיין קעניגין מאכען"...

איהר קערפער גיט נאך יעצט א ציטער ווען זי דערמאנט זיך אן יענע

ווערטער. גלייך נאכדעם האט ער איהר אנגעטהאן דעם וואונדער־שעהנעם רינג מיט דעם קאסטבארען שטיין. יא, דער רינג דערצעהלט איהר אלע איינצעלהייטען. ער דערצעהלט איהר ווי איהר גליק איז אין טרויער פארוואנדעלט געווארען. דעם קעניג'ס מוטער בת שבע האט איהר דאן צוגערופען און האט פון איהר פערלאנגט זי זאל אויפגעבען שלמה'ן, ווייל אויב דער קעניג וועט מיט איהר התונה האבען וועט דאס פאלק איהם חושד זיין אז דאס וואס ער האט געלאזט טויטען זיין ברודער ארוניה'ן איז עס נישט געווען פאר זיין פארשווערונג, נאר צוליעב זיין ליעבע צו איהר... זי האט בת שבע'ן פארשפראכען צו טהאן אלעס וואס זי וועט קענען אפצואווענדען שלמה'ס ליעבע פון איהר... און דאן האט זי גלייך ירושלים פארלאזען, און ווען שלמה איז איהר געקומען בעזוכען אין פעלד, האט ער נעבען איהר געטראפען דעם פאסטוך עמיאל זינגענדיג פאר איהר ליעבעס־ליעדער... יא, זי וויים ווי שטארק גרוים איז דעם קעניג'ס צארן אויף איהר געווען... ווען ער וואלט נאר געוואוסט אז זי האט עמיאל'ן קיינמאל נישט ליעב געהאט!... און זי האט עס געטהאן צוליעב איהם, צוליעב זיין מוטער!... אבער ניין!... שלמה טאר דערפון קיינמאל נישט וויסען... זי דארף איהרע ליידען האלטען פארבארגען אין זיך... אין זיינע אויגען וועט זי אלע מאל זיין א פאררעטערין, א פאלשע! ער האט איהר אזוי שטארק געליעבט, זי האט פון איהם דעם רינג גענומען אלס צייכען פון זייער געגענזייטיגער ליעבע און צום סוף האט זי איהם בעטראגען... אזוי דענקט שלמה פון איהר! און גרוים איז זיין פארביטערונג און ענטטוישונג... זי וועט קיינמאל נישט פארגעסען זיינע בליקען פון צארן און ענטריסטונג, ווען זיי האבען זיך מיט איהרע בליקען באגעגענט, אין דער צייט וואס דער פאסטוך האט איהר האנד געהאלטען... ער האט צו איהר קיין ווארט נישט אויסגערעדט און האט זיך גלייך אומגעקעהרט.

שולמית שטעהט צווישען דעם יובעלנדען המון... זי זעהט דעם קעניג'ס שטראהלענדען פנים, ווי ער שטעהט נעבען דעם פונדאמענט. זי הערט אזוי קלאר און דייטליך זיין תפלה וואס ער גיסט אויס פאר גאט... זי באמערקט אויך בת שבע'ן, זיין מוטער... איהר קאפ הויבט אן צו דרעהען און איהרע אויגען שווינדלען... ווען דער קעניג וואלט איהר דא דערזעהן! ווי זי קען נור פאלען צו זיינע פיס און בעטען איהם ער זאל איהר מוחל זיין... אבער וואס א נוצען קען דאס ברייגנען... דאס וואלט בלויז אויפגערייצט די אלטע וואונד. זי האט די גאנצע צייט געזוכט איהם פון איהרע געדאנקען ארויסצושלאגען. אבער עס איז פאר איהר אונמעגליך... איהר האט געצויגען אהער נאך ירושלים... זי האט כאטש נאך איינמאל געוואלט אנקוקען דעם קעניג'ס פנים... איהרע עלטערען און איהרע ברידער זיינען געווען שטארק אויפגעבראכט פאר די בעהאנדלונג וואס זי האט ארויסגעוויזען צום קעניג... און דאריבער ווען זי האט זיך ווען־עס־איז אויסגערעדט דאס זי וואלט וועלען פאהרען נאך ירושלים, האבען זיי גארנישט געוואלט הערען דערפון.

— דו דארפסט דאנקען גאט, — האט זיך דער פאטער צו איהר אמאל אפּ־גערופען, — וואס דער קעניג האט דיך נישט בעשטראפט, און יעצט ווילסט זיך דיר גאר קומען נאך ירושלים. ווען דער קעניג וועט דיך נאר דערזעהן, וועט ער דיר גלייך פון שטאדט פארטאגען... יא, דער פאטער איהרער איז גערעכט... זי וועט שוין קיינמאל נישט קענען קומען נאך ירושלים — אזוי האט זי א לאנגע צייט געטראכט, — אבער יעצט, אז דער קעניג פאנגט אן צו בויען דעם בית

המקדש און פון גאנצען לאנד האט מען אנגעהויבען צו שטראמען נאך ירושלים. איז זי אויך געגאנגען צוזאמען מיט איהר פאטער.

שולמית האט די גאנצע צייט איהרע אויגען נישט אראפגענומען פון שלמה'ן... טרעהרען האבען זיך אין איהרע אויגען געשטעלט ווען זי האט זיין תפלה צוגעהערט...

אט באמערקט זי ווי אלע געהן צו צום קאסטען און ווארפען זייערע מתנות אהין אריין...

זי האט ארונטערגענומען איהר גאלדענעם רינג וואס שלמה האט איהר מיט עטליכע יאהר צוריק געגעבען אלס אנדיינקונג פון זיין ליעבע... זי האט איהם א וויילע בעטראכט און צום הארצען צוגעדריקט. דערנאך איז זי לאנגזאם צוגעגאנגען צום קאסטען און דארטען אריינגעווארפען דעם רינג, צווישען די איבריגע מתנות פאר'ן בית המקדש.

גלייך נאכדעם האט שולמית פארלאזען דעם פלאץ און זיך צונויפגעמישט מיט די איבריגע פרויען.

* * *

ווען שלמה האט אויף מארגען גענומען איבערקוקען די מתנות וואס דאס פאלק האט מנדב געווען פאר'ן בית המקדש, זיינען פלוצים זיינע בליקען געפאלען אויף דעם רינג... זיין הארץ האט אין איהם א צאפעל געטהאן... ער האט ארויס־גענומען דעם רינג פון צווישען די איבריגע ציערונג און ער האט איהם גוט בעטראכט... יא! דאס איז דער רינג וואס ער האט געגעבען שולמית'ן... און יעצט האט זי איהם צוריקגעבראכט... שולמית איז געווען אין ירושלים... א לייכ־טער ציטער איז דורכגעגאנגען זיין קערפער... א, ווי שטארק איהם האט זיך געגלוסט איהר צו זעהן... זי איז געווים געקומען אהער מיט איהר מאן דעם פאסטוך, מיט וועמען ער האט איהר דאן אין פעלד געטראפען... שלמה נעהמט זיך דערמאנען ווי אזוי שולמית האט איהם פעררעטהען... זי האט איהם פאר־זיכערט אז זי ליעבט איהם און צום סוף האט ער איהר גאר דערזעהן ווי זי שפיעלט א ליעבע מיט א פאסטוך פון איהר שטאדט! באלד ווערט ער אנגע־צונדען מיט צארן אויף שולמית'ן... יא, דאס האט זי פאראורזאכט אז ער זאל האבען אזא שלעכטע מיינונג וועגען אלע פרויען!... אפילו יעצט, נאך דעם ווי עס איז שוין עטליכע יאהר אוועק, ווערט ער שטארק אויפגערעגט ווען ער דער־מאנט זיך וועגען דעם...

שלמה האט דעם רינג נאך אמאל בעטראכט און זיינע געדאנקען האבען גענומען וואנדערען אין יענע יאהרען ווען ער איז נאר וואס ארויפגעשטיגען זיין פאטער'ס טראהן... ווי שטארק ער האט איהר דאן געליעבט... איהם האט זיך געדוכט אז אהן שולמית'ן וועט איהם זיין גאנצען לעבען נישט איינגעהן... שולמית האט ארומגענומען זיין גאנצען וועזען... זי איז געווען איינגעבאקען אין זיין הארצען... זי איז געווען אזוי ליעבליך און געטריי צו איהם... ווען אימיצער זאל דאן האבען צו איהם געקומען און זאגען אז שולמית וועט איהם אומבייטען אויף יענעם פאסטוך, וואלט ער יענעם געווים אויסגעלאכט.

א היבשע וויילע האט שלמה געהאלטען דעם רינג אין האנד און איז געווען פארטיעפט אין זיינע מחשבות... פלוצים איז זיין הויפט לייב־וועכטער אריין און תארנייגענדיג זיך פאר איהם האט ער אויסגערופען:

— מיין האר קעניג! צוועלף רייטער פון פרעה דעם קעניג פון מצרים זייד

נען נור וואס צוגעקומען צום פּאַלאַץ... זיי זאָגען אַז זיי האָבען זעהר וויכטיגעס איבערצוגעבען דעם קעניג.

שלמה האָט זיך אויסגעציכטערט פון זיינע געדאַנקען. ער האָט אוועקגעלעגט דעם רינג, און אַ קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס...

— איז עס מעגליך אַז דאָס האָט צו טהאָן מיט דעם שפּאָס פון די טרונעס און תכריכים וואָס ער האָט נישט לאַנג צוריק געמאַכט מיט פּרעה׳ס קנעכט — האָט שלמה ביי זיך אַ טראַכט געטהאָן.

— הייס דעם עלטסטען פון די צוועלף רייטער צו מיר אַריינקומען. — האָט שלמה אויסגערופען.

דער לייב־וועכטער איז אַרויס און באַלד איז אַריינגעקומען פּרעה׳ס רייטער און איז געפאַלען מיט׳ן פּנים צו דער ערד.

— ביזטו געקומען מיט פריעדען? — האָט שלמה זיך צו איהם אָפּגערופען.

— פריעדען, מיין האַר קעניג! — האָט זיך דער רייטער ווידער אַ נייג געטהאָן מיט דעם פּנים צו דער ערד, — איהר האָהייט, די פּרינצעסין פון מצרים קומט אָן! זי איז אַרויסגעפאָהרען צו בעזוכען דעם קעניג פון ישראל!

שלמה האָט זיך אויפגעשטעלט פון טראָהן און מיט נייגעריגקייט אַ פרעג געטהאָן:

— וועלכע פּרינצעסין?

— די פּרינצעסין נאַגסאַראַ, די עלטערע טאָכטער פון פּרעה׳ן, דעם קעניג פון מצרים, קומט אָן! און פּרעה האָט אונז פאָראויס געשיקט אָנצוזאָגען דעם האַר קעניג פון דעם.

שלמה האָט גלייך געגעבען אַ באַפעהל און בניהו מיט אָפיצירען און טויזענדע סאָלדאַטען האָבען געמאַרשירט צו די טויערען פון ירושלים מקבל פּנים זיין די פּרינצעסין... די מוזיק האָט געשפּיעלט און דאָס גאַנצע מיליטער, האַלטענדיג די בלויזע שווערדען אין דער הויך, האָבען ריטמיש געמאַרשירט.

— — — — — — — — — — —

ווען אין גאַנץ מצרים האָט מען זיך דערוואוסט אַז נאַגסאַראַ פאָהרט נאָך ירושלים בעזוכען דעם קלוגען קעניג, האָבען פיעלע געקראַגען גרויס חשק צו זעהן דעם קעניג שלמה׳ן און ביי איהם פרעגען עצות... זיי זיינען צוגעקומען צו די אַלע גליקליכע וועלכע האָבען געזאָלט באַגלייטען די פּרינצעסין און האָבען זיי איבערגעגעבען זייערע שוועריגקייטען און זיי געבעטען אַז ווען זיי וועלען אָנקו־מן אין ירושלים פאָרצולייגען זייערע פּראָבלעמען פאַר שלמה׳ן.

צווישען יענע זיינען געווען דריי ברידער, וועלכע האָבען געהאַט צוטריט צו פּרעה׳ס פּאַלאַץ, און זיי זיינען געקומען צו פּרעה׳ן און זיך צו איהם אָפּ־גערופען:

— מיר האָבען זעהר וויכטיגע עצות צו פרעגען דעם קלוגען קעניג שלמה׳ן. זאָל אונזער גנעדיגער קעניג ערלויבען אונז מיטצורייזען מיט די איבריגע בעגליי־טער פון דער פּרינצעסין.

פּרעה האָט זיי ערלויבט, און די דריי ברידער, גליקליכע פון דעם געדאַנק, אַז זיי וועלען דורך שלמה׳ס עצות אויסגעלייזט ווערען פון זייערע צרות, זיינען מיטגעפאָהרען מיט פּרעה׳ס טאָכטער נאָך ירושלים.

ווען זיי זיינען אנגעקומען אין די טויערען פון מצרים, האבען זיי באגע־גענט די מיליטער וואס שלמה האט געשיקט זיי מקבל פנים זיין. בניהו, שלמה'ס שר צבא איז ארונטער פון פערד און זיך פארנייגט פאר דער פרינצעסין און זיך צו איהר אפגערופען:

— ווילקאמען צו אונזער שטאדט, פרינצעסין פון מצרים!

און ער האט גלייך זיי אלעמען געפיהרט, אין דער באגלייטונג פון דער גאנצער מיליטער, וועלכע האבען געזונגען און געשפיעלט, צום פאלאץ פון שלמה'ן.

דער קעניג שלמה איז געזעסען אויף זיין טראהן און האט מיט גרויס שפאנונג און נייגעריגקייט ערווארטעט דאס אנקומען פון דער פרינצעסין... עס איז דאס ערשטע מאל וואס א פרינצעסין פון אזא מעכטיגען קעניג פון מצרים, זאל קומען איהם באזוכען... אזא באזוך מוז האבען א באזונדערע באדיי־טונג פאר איהם... ער דערמאנט זיך ווי פרעה האט איהם געוואלט אפנארען, און איהם געשיקט פינף טויזענד נוטה למות'דיגע ארבייטער און פון איהם פער־אנגט אז פאר יעדען קנעכט וואס וועט דורך דער צייט שטארבען אין ירושלים, זאל ער איהם שיקען זיינעם א קנעכט... יא, ווי עס ווייזט אויס, ווייסט פרעה ווי אפצושאצען א חכמה. ער איז נישט אין כעס געווארען אויף איהם דערפאר... אויב יא, וואלט ער זיין טאכטער אהער נישט געשיקט אויף א באזוך.

אט עפענט זיך די טיהר... מען זאגט איהם אן אז די פרינצעסין איז שוין אנגעקומען.

שלמה הייסט איהר אריינקומען.

אין דער באגלייטונג פון איהרע קאמער־מיידלעך, איז נאגסארא אריינגעקו־מען אין פאלאץ. דער פאלאץ האט אויף איהר קיין גרויסען רושם נישט געמאכט. איהר פאטער'ס פאלאץ איז א סך שעהנער און פרעכטיגער... זי האט זיך פארגעשטעלט אזא אזא קעניג ווי שלמה דארף וואהנען אין א שעהנערען און א בעסערען פאלאץ... ווער ווייס, האט זי זיך געטראכט, פיעלייכט וועט זי זיין ענטטוישט אויך אין דעם קעניג... זי האט אזוי פיעל זיך אנגעהערט פון איהם און זי האט אין איהר פארשטעלונגס־קראפט איהם געזעהן אזוי גרויס און מעכטיג... נאגסארא האט זיך זעהר געשראקען פאר דיזען געדאנק... וועט זיין איהר גאנצע רייזע אן אומזיסטיגע?... זי האט דאריבער אויך מיט גרויס שפא־נונג געווארט צו זעהן דעם קעניג שלמה'ן... אז ער איז קלוג איז ביי איהר קיין צווייפעל נישט געווען, דאס האט זי דאך געקענט זעהן ווי ער האט געהאנ־דעלט מיט איהר פאטער... אבער ווער ווייס וואס פאר אן אויסזעהן ער האט... מיט א קלאפענדען הארץ איז נאגסארא אריין אין פאלאץ, ווען די טיהרען זיינען ברייט געעפענט געווארען פאר איהר... זי איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום טראהן וואו שלמה איז געזעסען. און ווען שלמה האט זיך פון זיין טראהן אויפגע־שטעלט, און איהר זיין האנד אויסגעשטרעקט, האט זי אויף א ווייַלע צו זיך נישט געקענט קומען פון גרויס איבערראשונג...

שלמה האט איהר געהאלפען זיך אוועקצוזעצען נעבען איהם. ער איז אויך שטארק באצויבערט געווארען פון איהר זעלטענע שעהנהייט... ער האט פאר איהר פארגעשטעלט זיין מוטער, בת שבע'ן, און נאגסארא האט זיך אפ־גערופען:

— געבענטשט איז די מוטער וועלכע האט אזא זוהן געבארען.

א גליקליכער שמייכעל האט זיך באוויזן אויף בת שבע'ס פנים. יעצט זעהט זי אז איהר זוהן איז באריהמט איבער דער גאנצער וועלט.

א קליינע ווײלע האט שלמה פארבראכט מיט נאגסארא'ן. נאכדעם האט מען די פרינצעסין געוויזען די צימערען וועלכע זיינען געווען צוגעגרייט פאר איהר און איהרע באגלייטערינס.

זי איז אהין אריין און האט זיך ארומגעוואשען, זיך אויסגעשמירט מיט דעם שמעקענדען אויל, און באלד נאכדעם איז זי שוין געפיהרט געווארען צו דעם מאלצייט וואס דער קעניג האט געמאכט לכבוד איהר אנקומען.

נאגסארא'ס פלאץ איז געווען נעבען שלמה'ס לינקע האנד. נעבען זיין רעכטע האנד איז געזעסען זיין מוטער, און די פרינצעסין האט גלייך דערפון געדרונגען אז שלמה האט נאך נישט קיין קעניגין.

זיין אויסערגעווערליכער קלוגער פנים און זיינע קלוגע רייד, האבען אויף איהר געמאכט אזא איינדרוק, אז זי האט די גאנצע צייט פון מאלצייט איהרע אויגען פון איהם נישט ארונטערגענומען.

נאכ'ן מאלצייט איז דער קעניג מיט איהר אין זיין גארטען ארוים. ער האט פון ווייטען באמערקט אייניגע פון איהרע באגלייטער, און איהר א פרעג גע־טהאן: ווער זיינען דאס די יעניגע וועלכע ווארטען דא נעבען פאלאץ?

— דאס זיינען אייניגע ליידענדע, און מיין פאטער האט זיי ערלויבט צו קומען פרעגען עצות ביי דיר. פיעלייכט וועלען דיינע קלוגע עצות פארלינדערען אויך זייערע שמערצען.

— בין איך דען א רופא? — האט שלמה איהר געענטפערט.

— ווי עס וויזט אוים זיינען זייערע שמערצען נישט קיין קערפערליכע, — האט נאגסארא געענטפערט מיט א שמייכעל, — זיי ליידען פון אזעלכע זאכען וואס נאר קלוגע עצות קען זיי העלפען.

— אויב אזוי, — האט שלמה אויסגערופען, — זאלען יענע דריי וועלכע שטעהען אזוי דערשלאגען, צוקומען צו מיר און איך וועל הערען אין וואס עס באשטעהט זייערע צרות.

ער האט א וואונק געטהאן צו זיין לייב־וועכטער, וועלכער האט זיי גלייך צוגערופען.

די דריי ברידער זיינען צוגעקומען צום קעניג און האבען מיט גרויס הכנעה זיך פארנייגט ביז צו דער ערד.

דער עלטערער און דער מיטעלסטער ברודער זיינען געווען זעהר דיק, און זיי האבען זיך קוים געקענט באוועגען פון פעטקייט. דער אינגערער ברודער איז געווען זעהר אויסגעמאגערט, און לויט'ן אויסזעהן, האט ער אויסגעקוקט צו זיין דער מעהר ליידענדער ווי זיינע ברידער.

שלמה האט זיי אלעמען בעטראכט און נאכהער האט ער זיך אפגערופען צום עלטערען:

— דערצעהל מיר אין וואס באשטעהט דיינע ליידען?

דער עלטערער ברודער האט זיך אויסגעגלייכט און זיך אפגערופען:

— איך בין א גאנץ רייכער מאן אין מצרים. איך פארמאג פיעלע פעלדער און גערטנער, גאלד און זילבער, איך האב אויך א גוטע פרוי און קינדער, און איך האב געזאלט זיין דער גליקליכסטער מאן, צום סוף בין איך גאר זעהר אומגליקליך...

— און אין וואס באשטעהט דיין אומגליק? — האט זיך שוין שלמה פאראינטערעסירט.

— מיין אומגליק באשטעהט אין דעם וואס איך האב גאר קיין אפעטיט נישט צום עסען, — האט ער געענטפערט. — מיין טיש איז אימערצו אנגעפילט מיט די בעסטע מאכלים... איך זעה ווי אלע עסען מיט אזוי פיעל אפעטיט און איך קען גארנישט אין מיין מויל אריינגעהמען... די מאכלים שמעקען אזוי געשמאק און מיר דוכט זיך אז איך וועל שטארק הנאה האבען פון עסען, אבער ווי נאר איך טראג עפעס צו צו מיין מויל אזוי פארגעהט מיר דער אפעטיט... איך האב שוין געפרעגט ביי די גרעסטע רופאים אין מצרים... זיי האבען מיר שוין פיעלע מיטלען געגעבען און דאס האט גארנישט געהאלפען.

— קענסטו מיר פיעלייכט זאגען אין וואס איז באשטאנען די מיטלען פון דיינע רופאים? — האט איהם שלמה געפרעגט.

— איינער האט מיר געגעבען א מין סארט ביטערע קרייטיכער צום טרינקען; א צווייטער, אזא מין גראז צו עסען; א דריטער, האט מיר געהייסען טרינקען גוטען וויין, אבער קיין זאך האט מיר נישט געהאלפען, פארקעהרט, זינט איך האב אנגעפאנגען צו טהאן וואס יעדער פון די רופאים האט מיר געהייסען, בין איך נאך ערגער געווארען...

שלמה האט א וויילע א טראכט געטהאן און נאכהער האט ער זיך צו איהם אפגערופען:

— געפינט זיך א וואלד נישט ווייט פון דיין הויז?

— פון מיין הויז צום וואלד איז א היבשער מהלך! — האט ער געענטפערט.

— מיין עצה איז, אז דו זאלסט יעדען טאג אוועקגעהן אין וואלד, און ווען דו וועסט דארטען אימיצען טרעפען, זאלסטו איהם נאכטהאן אלעס וואס ער טהוט... און ווען דו וועסט פאלגען מיין עצה וועסטו דיין אפעטיט קריגען צוריק.

— אבער מיין האר קעניג, דער וואלד איז דאך גאנץ ווייט פון מיין הויז, און עס וועט פאר מיר זעהר שווער זיין אהין צו פוס צו געהן, קען איך הייסען איינשפאנען מיין קארעטע און מיין קוטשער זאל מיר אהין צופיהרען.

— ניין, — האט שלמה געענטפערט, — דו מוזט דעם גאנצען וועג אליין צו־פוס געהן...

— איך דאנק דיר, מיין קעניג, — האט דער עלטערער ברודער געזאגט, און איז אוועק עטוואס ענטטוישט. א מאדנע עצה, האט ער געקוועטשט מיט דער פלייצע, ווען ער האט זיך דערווייטערט פון קעניג. ער האט געדענקט אז ער וועט איהם געבען א מין געמישעכץ פון פארשידענע גראזען... אדער ער וועט זאגען וואס פאר א שפייז ער זאל עסען... צום סוף הייסט ער איהם גאר געהן אין וואלד... וואס דענקט דער קעניג, ער איז א חיה? איך זאל געהן אין וואלד און נאכטהאן אלעס וואס איך וועל זעהן אימיצען אנדערש טהוענדיג... און אז ער וועט זעהן אימיצען קלעטערען זאל ער איהם נאכטהאן? נו, אבי מען זאגט אז דער קעניג פון ישראל איז דער קלינגסטער פון אלע קעניגע... עס האט זיך טאקע פאר מיר געלוינט צו מאכען אזא ווייטע נסיעה צו הערען אזא נארישע עצה פון א קעניג ווען אלע האלטען פאר זעהר א קלוגען... ער וועט דא אין ירושלים קיין איבריגען טאג נישט פארבלייבען, ער וועט זיך גלייך אומקעהרען נאך מצרים... און נישט ווארטענדיג אויף זיינע ברידער האט ער מיט זיינע קנעכט גלייך זיך גענומען צוריקקעהרען נאך מצרים.

— און פון וואס ליידעסט דו? — האט שלמה א פרעג געטהאן דעם מיטעלען ברודער.

— דער פאטער האט אונז אלעמען איבערגעלאזען א גלייכע ירושה, אבער אין אלעס וואס מיין ברודער טהוט, קומט אריין די ברכה פון גאט... זיינע פעלדער זיינען אימער געראטען, די בוימער גיבען גוטע פרוכט, און זיינע בהמות זיינען געזונט און שטארק... און ביי מיר איז אלעס פארקעהרט. וואס ווייטער ווערען מיינע פעלדער מאגערער, די פרוכט פון מיינע בוימער ווערען וואס ווייטער שיטערער, און ווען עס זאל אזוי אנגעהן וועל איך גאר אין גיכען זעהר ארים ווערען...

— שטעה אויף גאנץ פריה יעדען פריהמארגען! — האט איהם שלמה געראטהען, — ווי איך פארשטעה שלאפסטו זעהר שפעט!

— אבער מיין האר קעניג, וואס האט מיין שפעט שלאפען צו טהאן מיט דעם אומגליק וואס קומט אויף מיר אן... דאס איינציגע פארגעניגען אין מיין לעבען וואס איך האב, איז וואס איך שלאף שפעט, און ווען איך זאל זיין גע־צוואונגען אויפצושטעהן גאנץ פריה, דאן וועל איך זיך נאך מעהר אומגליקליך פיהלען... אויב מיין האר קעניג מיינט, אז איך דארף טהאן מיין ארבייט אזוי פריה, מאכט ער א טעות... איך האב פיעלע קנעכט און דינסטען וועלכע טהוען מיין ארבייט...

— דאס איז מיין איינציגע עצה, און ווען דו וועסט מיר פאלגען און אויפ־שטעהן גאנץ פריה יעדען פריהמארגען, וועסטו זיכער פארבעסערען דיין לאגע, — האט שלמה איהם געזאגט.

דער צווייטער ברודער איז אויך אוועקגעגאנגען אן ענטטוישטער פון קעניג.

באלד האט דער קעניג צוגערופען דעם דריטען ברודער, וועלכער איז גע־שטאנען א האפנונגסלאזער. ער איז געווען אזוי אויסגעדאדט, און זיינע אויגען האבען אויסגעקוקט זעהר צושראקען צו זיין, אז שלמה האט זיך נישט געקענט איינהאלטען פון א שמייכעל צו טהאן.

— בערוהיג זיך מיין פריינד! — האט שלמה צו איהם געזאגט, — דער־צעהל מיר אלעס וואס עס דריקט דיר אויפ'ן הארצען.

— איך וואלט יעצט געקענט זיין דער גליקליכסטער מאן אין מצרים! — האט ער זיך אפגערופען מיט טרערהען אין די אויגען, — אבער די געטער האבען מיך פארשאלטען... איך האב א פרוי איז זי אזא מרשעת, אז זי פארשטערט מיר דאס ביסעל גליק און פארביטערט מיר מיין לעבען.

— און איז שוין לאנג אז דו ביזט צו איהר פערהייראט? — האט איהם שלמה געפרעגט.

— יא, עס איז שוין פיעלע יאהר און איך געדענק נישט אויב איך האב געהאט איין גוטען יאהר פון איהר... זי פייניגט מיך אהן רחמנות, און איך טהו מיין ארבייט מיט אזוי פיעל פלייס, דערצו האבען מיר די געטער געבענטשט מיט רייכטהום און גוטע געראטענע קינדער, אבער זי, מיין פרוי, הערט מיך נישט אויף צו יאדען און פלאגען, אז מיין לעבען איז מיר נמאס געווארען און איך וואלט שוין געוואלט בעסער שטארבען... איך בין געווארען אויסגעדארט פון די צרות וואס איך לייד זיך אן פון איהר...

— זאג מיר, ווען דו האסט מיט איהר געהייראט האט זי דיך ליעב געהאט?

— געווים, מיין האר קעניג! זי האט מיך זעהר ליעב געהאט. אז נישט וואלט איך דאך מיט איהר נישט חתונה געהאט. איך בין זעהר גליקליך געווען... מיין פרוי איז זעהר א שעהנע, אבער צו איהר שלעכטסקייט איז קיין גרעניץ ניטא... איך האב שוין פיעלע מאל געטראכט וועגען פארטרייבען איהר אין גאנצען פון מיין הויז, אבער איך וויים, אז דאס וועט ערגער זיין... איך וועל דאס נישט אריבערטראגען... זי איז דאך אזוי שעהן און רייצענד.

— געה אין קוזניע! — האט איהם שלמה געראטהען.

— אין קוזניע! — האט ער דעם קעניג אנגעקוקט מיט ערשטוינונג, — וואס וועט מיר די קוזניע העלפען...

— דער איינציגער מיטעל פאר דיר איז צו געהן אין קוזניע און זיך צוקוקען ווי דער שמידט ארבייט! — האט שלמה איהם געענטפערט, — און דאן וועסטו געהאלפען ווערען...

נאגסארא, וועלכע איז די גאנצע צייט געזעסען און זיך צוגעהערט צום קעניג'ס עצות וואס ער האט געגעבען די דריי ברידער, און ווען זיי זיינען אוועק האט זי מיט גרויס פארוואונדערונג אנגעקוקט דעם קעניג. זי האט נישט געקענט פארשטעהן ווי אזוי אזא קלוגער קעניג ווי שלמה איז, זאל געבען אזעלכע מאדנע און נארישע עצות.

— מיין קעניג! - - האט זי זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ, — איך צווייפעל נישט אין דיין לאגישקייט און חכמה, אבער איך קען דאך נישט פאר־שטעהן ווי אזוי אט די אלע עצות וואס דו האסט געגעבען צו יענע ברידער וועלען זיי ארויסהעלפען פון זייערע צרות?...

— איך זעה אז דו, ווירדיגע פרינצעסין, נויטיגסט זיך אויך אין מיין עצה, — האט שלמה געלאכט.

— איך נויטיג זיך אין קיין זאך נישט, מיין האר קעניג, — האט נאגסארא געשמייכעלט.

— דו נויטיגסט זיך אין אביסעל מעהר געדולד! — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען מיט א פריינדליכען שמייכעל, — יעצט קוקען מיינע עצות אוים אין דיינע אויגען צו זיין נארישע און נישט אויסגעהאלטענע... ווען אבער דו וועסט האבען אביסעל געדולד און אויסווארטען, וועסטו פיעלייכט בייטען דיין מיינונג.

— איך צווייפעל נישט אין דעם, מיין האר קעניג, און איך בעט דיר ענט־שולדיגונג פאר מיין איבערראיילטע רייד צו דיר, — האט נאגסארא געזאגט רויט ווערענדיג.

— ניין, גנעדיגע פרינצעסין, איך בין זעהר צופריעדען וואס דו צווייפעלסט אין מיינע ווערטער... ווייל א נאר גלויבט אלעס וואס מען דערצעהלט איהם... און א קלוגער ווארט מיט זיין גלויבען ביז וואנען מען איבערצייגט איהם.

— אויב אזוי וויל איך טאקע זיין איינע פון די קלוגע, — האט נאגסארא געלאכט.

— א קלוגער מוז אבער אויך געדולד האבען, — האט שלמה געזאגט.

— וועל איך אויך געדולדיג זיין, — האט די פרינצעסין געשמייכעלט.

---

מיט אייניגע וואכען שפעטער איז אנגעקומען אין ירושלים א מצרי מיט

א קעמעל אנגעלאדענע פון אל־דאס־גוטס פון מצרים. און איז צוגעקומען צום פאלאץ און פערלאנגט אז מען זאל איהם צולאזען צום קעניג.

שלמה האט גראדע דאן פארבראכט מיט דער פרינצעסין נאגסארא, און איז געווען זעהר ניט צופרידען געשטערט צו ווערען. אבער ווען ער האט דערהערט אז דער מאן איז געקומען פון מצרים, האט ער איהם געבעטען אריינקומען.

— איך בין א קנעכט פון דעם עלטסטען פון די דריי ברידער, וועלכער איז נישט לאנג צוריק געווען אין ירושלים און געבעטען אן עצה ביי דעם קעניג.

— א! — האט שלמה אויסגערופען, — איך געדענק! ער האט קיין אפעטיט נישט געהאט צום עסען.

נאגסארא האט אנגעשטעלט איהרע אויגען און זיך נישט קענענדיג באַ־הערשען, האט זי דעם מצרי א פרעג געטהאן:

— נו, און דעם קעניג׳ס עצה האט איהם געהאלפען?

— אט האב איך א בריעף צום קעניג וועגען דעם, — האט דער מצרי דערלאנגט שלמה׳ן א פארזיגעלטען בריעף.

שלמה האט גלייך דעם בריעף געעפענט און האט אנגעהויבען לעזען אין דער הויך פאר דער פרינצעסין נאגסארא:

"צו דעם קליגסטען און מעכטיגסטען קעניג שלמה!

"איך, דיין קנעכט, בין דער עלטסטער פון די דריי ברידער, וועלכער איז געקומען זיך בעראטהען מיט דעם קעניג פון ישראל וועגען מיינע ליידען. ווען איך האב דיין עצה געהערט, בין איך שטארק ענטטוישט געווארען, ווייל איך האב זיך גארנישט געקענט פארשטעלען אז דו ביזט געווען ערנסט מיט מיר... עס האט זיך מיר געדוכט, אז דער קעניג זוכט צו טרייבען שפאס מיט זיין אומגליקליכען קנעכט... איך בין זיך מודה, אז איך האב פארלאזען דיין לאנד מיט ערביטערונג און שנאה. איך האב זיך שוין מיאש געווען ווען עס איז געהאלפען צו ווערען... איך בין געבליבען זיצען אין מיין הויז טרויעריג און בעזארגט... מיין אפעטיט איז אלץ שוואכער געווארען, און פון גרויס צער האט זיך נאך מיין אפעטיט פארערגערט.

"די מיטגלידער פון מיין משפחה האבען צו מיר געקומען צושטעהן אז איך זאל פרובירען אויספאלגען דיין עצה, אפשר וועט דאס מיר העלפען...

"איך האב אפילו פון דעם נישט געוואלט הערען, ווייל איך האב נישט געקענט זעהן קיין שייכות צווישען מיין געהן אין וואלד, נאכצוטהאן אלעס וואס אימיצער טהוט, און מיין קריגען אן אפעטיט. אבער מיין פרוי איז צו מיר צו־געשטאנען איין פריהמארגען דאס איך זאל פרובירען אויספאלגען דיין עצה... איך האב זיך צו איהר צוגעהערט און יענעם פריהמארגען בין איך וואלד אוועק... ווען איך בין געקומען אין וואלד, בין איך שוין גאנץ מיעד געווען פון געהן אזא לאנגע שטרעקע, איך האב זיך שוין געוואלט צולעגען אויפ׳ן גראז און אפרוהען, ווען פלוצלינג האב איך דערזעהן א האלץ־העקער אויסהאקענדיג די בוימער פון וואלד... איך האב זיך דערמאנט אז איך דארף נאכטהאן אלעס וואס איך וועל זעהן אימיצען אנדערש טהוענדיג, האב איך ביי דעם האלץ־העקער געבארגט א האק און האב אנגעפאנגען צו האקען די בוימער... איך האב אויסגעהאקט אזוי א סך בוימער, ווען... פלוצלינג איז אויף מיר אנגעפאלען א גרויסער הונגער... איך האב זיך גלייך גענומען אומקעהרען אהיים און האב א געשריי געטהאן: עסען! איך בין הונגעריג! אין א רגע איז מיין טיש געווען געגרייט און איך האב

זיך קוים צוגעכאפט צום עסען... מיין אפעטיט איז געווארען אזוי גרויס און שטארק, אז איך האב אלעס אויפגעגעסען... זינט דאן געה איך אלע טאג אין וואלד און בין גליקליך דיר צו מעלדען, גרויסער קעניג, אז דיין עצה האט מיר געהאלפען... איך האב געקראגען א גוטען אפעטיט...

״אלס דאנקבארקייט פאר דיין וואונדערבארע עצה, שיק איך דיר, א קעמעל געלאדען מיט מתנות... איך בעט דיך, מיין האר קעניג, ענטזאג זיך נישט אנצונעהמען די מתנה פון דיין קנעכט, וועלכער דאנקט דיר פאר דעם גרויסען גליק וואס דו האסט איהם געבראכט... זאל דיין גאט דיר געבען נאך מעהר חכמה און זאלסט קענען בריינגען א ישועה פאר מעהרערע אומגליקליכע.

״ דיין קנעכט פון מצרים״.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף נאגסארא׳ס פנים, ווען שלמה האט געענדיגט לעזען דעם בריעף.

— גרויס איז דיין קלוגשאפט, קעניג, — האט זי אויסגערופען, — אבער קליין איז מיין פארשטאנד... איך קען נאך אלץ נישט באגרייפען ווי אזוי דיין עצה האט איהם געהאלפען און פון וואנען ביזטו אזוי זיכער געווען אז דאס איז די איינציגע זאך וואס וועט איהם העלפען.

— ווען איך האב א קוק געטהאן אויף זיין פנים, און געזעהן זיין שווערען גוף, האב איך גלייך פארשטאנען אז דער מאן האט אין זיין לעבען קיין שווערע ארבייט נישט געטהאן... איך האב איינגעזעהן אז ער איז שטארק פויל און אז ער האט זעלטען בענוצט זיינע פיס צו געהן... און וואס ווינציגער ארבייט ער האט געטהאן אלץ מעהר פויל איז ער געווארען און ליעב געהאט צו ליגען און רוהען... און וואס מעהר ער האט גערוהט אלץ קלענער איז זיין אפעטיט געווארען, און ווען ער האט ווינציג געגעסען האט ער געפונען א בארעכטיגונג גארנישט צו טהאן קיין ארבייט... און ווי נאר ער האט גענומען אויספאלגען מיין עצה און איז אין וואלד געגאנגען און דארטען שווערע ארבייט געטהאן, האט ער גלייך געקראגען דעם אפעטיט... יא, מיין פרינצעסין, ביי דעם פוילען איז אפילו א גלייכער אויסגעטראטענער וועג פארשפרייט מיט דערנער. דער פוילער געפינט אימער א תירוץ פאר זיין נישט וועלען געהן און באוועגען זיין קערפער... דא איז דער וועג צו לאנג, דא איז א סכנה ארויסצוגעהן, און אזוי קען ער דורך זיין פוילקייט קיינמאל ניט הנאה האבען פון עסען... דער וואס פוילט זיך צו באוועגען די האנד צו טהאן עפעס אן ארבייט, וועט זיך אויך פוילען צו באוועגען די האנד צו בריינגען די שפייז אין זיין מויל.

נאגסארא האט זיך ניט געקענט אפוואונדערען פון שלמה׳ס חכמה... זי האט אויף איהם געווארפען איהרע דאנקבארע אויגען.

— געבענשט זאלסטו זיין צו גאט! — האט זי אויסגערופען — וואס דו האסט מיך געלערנט מיט דיין גרויסע חכמה פיעלע יאהרען... יעצט זעה איך, אז עס האט זיך שוין מיר געלוינט צו קומען אהער, ווייל זינט איך בין דא, האב איך פיעל חכמה פון דיר געלערנט.

— און זינט דו ביזט דא, האסטו מיין שלאף פון מיינע אויגען גערויבט! — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען.

— שטער איך דיר פון דיין רוה, מיין האר קעניג! — האט נאגסארא אויסגערופען, און זיך אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ — אויב מיין זיין דא פארורזאכט דעם קעניג א שטערונג צו זיין רוה, וועל איך גלייך פון דאנען אפרייזען.

—דו פארשטעהסט מיך נישט, נאגבארא! — האט שלמה איהר געענטפערט, — דיין פארווייליען דא אין ירושלים, האט בלויז צייטווייליג מיין שלאף געראבט פון מיר... אבער אויב דו וועסט אין גאנצען מיר פארלאזען וועט מיר מיין שלאף אויך אין גאנצען פארלאזען.

— דיינע ווערטער זיינען ווי א רעטעניש צו מיר, — האט פרעה׳ס טאכטער זיך אפגערופען, און איהר פנים איז באדעקט געווארען מיט א רויטקייט.

— דו האסט מיך באצויבערט מיט דיין שעהנקייט! — האט שלמה געזאגט, — און זינט דו ביזט צו מיר געקומען באזוכען, האב איך פון דיר נישט אויפגעהערט צו טראכטען און דאס האט מיר פאראורזאכט שלאפלאזע נעכט...

— דיינע ווערטער מאכען מיך שטאלץ און גליקליך, מיין קעניג, — האט נאגסארא געענטפערט, — איך ווייס אז איך האב נישט פארדיענט דו זאלסט פון מיר טראכטען... און איך בין זיך מודה, אז איידער איך האב דיין פנים געזעהן האב איך שוין פון דיר געטראכט... איך האב דיר געהאלטען אין מיין פאנטאזיע אין זעהר שעהנע קאלירען און יעצט זיינען די קאלירען אין דער ווירקליכקייט נאך שעהנער ווי איך האב זיך גאר געקענט פארשטעלען.

— דו האסט מיין הארץ געוואונען, פרינצעסין! — האט שלמה אויסגערופען, — און יעצט לעג איך דיר פאר צו טיילען מיט דיר מיין מלוכה... איך וויל דיר מאכען פאר דער קעניגין איבער גאנץ ישראל. ווילסטו צושטימען דערצו?

— וועגען אזא גליק האב איך אפילו נישט געקענט חלום׳ען, — האט נאגסארא געזאגט, — איך וואלט זיך צופרידענגעשטעלט ווען איך וואלט געקענט זיין דיין דיענסט אבי נור איך זאל שטענדיג זיין לעבען דיר און זיך צוהערען צו דיינע קלוגע רייד...

— און ווען וועסטו מיין פארלאנג ערפילען? — האט שלמה געפרעגט מיט נייגעריגקייט.

— מיין צושטימונג האסטו באלד, מיין ליעבער קעניג! — האט נאגסארא א גליקליכע געענטפערט — און איך בין זיכער, אז דו וועסט קיינע שוועריגקייטען נישט האבען אויך מיין פאטער׳ס צושטימונג צו קריגען... דאך וואלט איך געוואלט ווארטען און זעהן ביז די איבריגע צוויי ברידער וועלען קומען און מיר דערצעהלען ווי אזוי דיינע קלוגע עצות האבען זיי אויך געהאלפען... כדי ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען אין מצרים וועל איך קענען איבערגעבען מיין פאטער וועגען דיין גרויסער חכמה און פארשטאנד...

— און וואס וועסטו טהאן אז די איבריגע צוויי ברידער וועלען מיין עצה נישט וועלען פאלגען און צו מיר נישט קומען מיט זייער באריכט? — האט שלמה א זאג געטהאן, — איז דען אלעם אפהענגיג אן דעם?...

— דו האסט מיר נישט לאנג צוריק געלערנט אז א מענש מוז האבען געדולד... און איך בין זיכער אז פריהער אדער שפעטער וועלען זיי דיין עצה אויספאלגען, און איך בין באוואפענט מיט גענוג געדולד צו ווארטען אפילו ווען עס וועט לאנג דויערען... איך וויל אז ביי מיין פאטער זאל דער מינדסטער צווייפעל נישט זיין וועגען דיין גרויסקייט אין חכמה...

— דו ביזט גערעכט, נאגסארא! — האט שלמה איהר אנגענומען פאר׳ן האנד, — איך האף אז ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען נאך מצרים, וועסטו זעהן פועל׳ן ביי דיין פאטער ער זאל מיר בעזוכען... און דאן וועלען מיר פערשטארקען אונזער פריינדשאפט... איך זעה אז דיין פאטער, דער קעניג פון מצרים, איז אויך

געבענשט מיט פארשטאנד, ווען אנשטאט זיך צו פיהלען בעליידיגט פאר די טרוגעס און תכריכים וואס איך האב איהם געשיקט, האט ער נאך דיר ער־לויבט מיך צו געהן באזוכען...

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

נאגסארא איז פארבליבען פאר א לאנגער צייט אין ירושלים. זי האט זיך גוט צוגעקוקט צו דעם לעבען פון די אידען. זי האט בייגעוואהנט פיעלע משפטים אין קעניגליכען פאלאץ. זי האט זיך צוגעהערט צו די רייד פון שלמה׳ס חכמים, און ערשט דאן האט זי זיך איבערצייגט אז אין חכמה, אין יושר, אין גערעכ־טיגקייט, שטעהען די ירושלים׳ר א סך העכער פאר די מצריים... שלמה׳ן האט זי פארגעטערט... צו זיין חכמה איז קיין פארגלייכעניש... א חוץ דעם איז ער בעגאבט מיט אזא שעהנעם פנים און פעסט־שלאנקען געבוי... איהר ליעבע צום קעניג איז שטארקער געווארען פון טאג צו טאג...

און איינמאל ווען זי איז פון שלמה׳ס פאלאץ ארויס מיט איהרע קאמער־מיידלער, האט זי פון ווייטען דערזעהן דעם מצרי וועלכער איז געווען דער דריי־טער ברודער וועמען שלמה האט אן עצה געגעבען.

— וואוהין געהסטו? — האט איהם די פרינצעסין אפגעשטעלט.

— איך געה צו דעם מעכטיגען און קלוגען קעניג! — האט ער זיך פאר־נייגט פאר איהר.

— האט דען דיר דעם קעניג׳ס עצה געהאָלפען? — האט זי איהם ווייטער געפרעגט מיט גרויס אומגעדולד.

— ווען איך בין צום ערשטען מאל געקומען צום קעניג, בין איך געווען זעהר אן אומגליקליכער מאן... מיר איז נישט געווען כדאי מיין לעבען... איך האב דעם קעניג דערצעהלט מיינע ליידען...

— יא, איך געדענק, — האט נאגסארא אונטערבראכען, — דו האסט געליטען צרות פון דיין פרוי. און דער קעניג האט דיך געראטהען צו געהן אין קוזניע... האסטו געפאלגט דעם קעניג׳ס עצה?!...

— יא! — האט ער געענטפערט.

— און דו האסט קיין צווייפעל נישט געהאט אז דעם קעניג׳ס עצה וועט דיר העלפען?

— איך מוז צוגעבען, אז ווען איך האב דעם קעניג פארלאזען, בין איך אויף איהם געווען זעהר אויפגעבראכט. מיר האט זיך געדוכט אז ער שפאט אפ פון מיר... איך האב נישט געקענט פארשטעהן ווי אזוי דער שמיד און זיין קוזניע וועלען קענען גרינגער מאכען מיינע ליידען... איך בין אוועק אהיים, און געווען פארזונקען אין טרויער... מיין פרוי איז נאך געווארען ערגער צו מיר זינט איך האב זיך צוריקגעקעהרט פון ירושלים...

— און דאך האסטו נישט געוואלט פאלגען דעם קעניג׳ס עצה? — האט נאגסארא געזאגט.

— איך האב נישט געקענט זעהן קיין פארבינדונג פון א קוזניע מיט א שלעכטער פרוי, — האט ער איהר געענטפערט, — ביז איינמאל בין איך גע־קומען אויף א באזוך צו מיין עלטערען ברודער און איך האב באמערקט ווי ער עסט מיט אזא גרויסען אפעטיט. האב איך געפרעגט ווי אזוי ער האט אזא אפעטיט געקראגען... האט ער מיר געענטפערט, אז ער האט געפאלגט די עצה

פון קעניג שלמה און ער איז באלד געהאלפען געווארען... ווי איך האב דאס דער־הערט בין איך גלייך אוועק צום שמיד אין קוזניע.

— נו, און וואס האסטו דארטען געזעהן? — האט זיך נאגסארא פאר־אינטערעסירט.

— איך האב געזעהן ווי דער שמיד האט גענומען א הארטע שטיקעל אייזען און האט עס געהאלטען א ווייעלע איבער'ן פייער, און ווען דאס אייזען איז רויט געווארען האט ער עס גענומען בייגען און טהאן דערמיט וואס ער האט געוואלט.

— און דאן? — האט די פרינצעסין איהם געפרעגט מיט פארוואונדערונג.

— דאן האב איך פערשטאנען וואס דער קלוגער קעניג האט געמיינט ווען ער האט מיר געגעבען זיין עצה, — האט ער איהר געענטפערט, — ווען א הארטע שטיקעל אייזען קען ווייך ווערען דורך פייער, אזוי קען אויך דאס הארץ פון א הארטע און שלעכטע פרוי ווייך ווערען, ווען דער מאן זאל זיך בענוצען מיט דעם פייער פון זיין ליעבע געמישט מיט דעם פייער פון שטרענגקייט ווען עס איז נויטיג... איך בין גלייך אוועק אהיים מיט א פעסטען בעשלוס צו ענדערען די שלעכטע געוואהנהייט פון מיין פרוי... ווי איך בין אריינגעקומען אין מיין הויז, איז מיין פרוי, ווי איהר שטייגער, אויף מיר ארויפגעפאלען מיט זידלערייען און קללות. און איך, אנשטאט איהר צו ענטפערען אדער איז גאנצען צו פארשוויי־גען, האב איך איהר א נעהם געטהאן און געדריקט צו זיך און איך האב גענומען בארעקען מיט פלאם־פייערדיגע קושען... בעת מעשה איז זי געווארען אזוי ערשטוינט אז זי האט נישט געוואוסט ווי אזוי צו האנדלען... ווען אבער איך האב איהר פון מיינע הענט נישט ארויסגעלאזען און נישט אויפגעהערט צו צייגען מיין ברענענדע ליעבע צו איהר, האט זי זיך אין גאנצען געענדערט. זי האט מיר אויך צערטליך ארומגענומען און געקושט און געהאלזט... איהרע אויגען זיינען אנגעפילט געווארען מיט טרעהרען און זי האט מיט א ציטערנדע שטימע אויס־גערופען:

„מיין ליעבער טהייערער מאן! איך האב דאך דיר אזוי ליעב! פארגיב מיר וואס איך האב דיר ביז איצט אזוי שלעכט בעהאנדעלט... פון היינט אן און ווייטער וועל איך זעהן דיר מעהר קיינמאל נישט קיין שמערצען צו פארשאפען. איך וועל דיך ליעב האבען מיט מיין גאנצען לעבען"...

— נו, האט זי איהר פארשפרעכען צו דיר געהאלטען? — האט די פרינ־צעסין נאך אלץ געשטוינט.

— זינט יענעם טאג האט מיין פרוי קיין בייז ווארט נישט ארויסגערעדט. זי ערווארטעט מיין קומען אהיים יעדען טאג מיט גרויס אונגעדולד... איך פיהל זיך יעצט אזוי ווי מיר וואלטען נאר וואס געהייראט... אונזער ליעבע ווערט שטארקער און פייערדיגער פון טאג צו טאג... מיין גליק האט פאר מיר אנגע־הויבען ווידער צו שיינען... מיין פרוי איז אויך זעהר גליקליך... און איינמאל האב איך איהר אלעם דערצעהלט... איך האב איהר דערצעהלט וועגען דער קלוגער עצה פון דעם קעניג שלמה... און מיר האבעןביידע בעשלאסען צו פאה־רען נאך ירושלים און בעדאנקען דעם קעניג פאר זיין גוטע און קלוגע עצה וואס האט געבראכט דאס העכסטע גליק פאר צוויי מענשען... מיין פרוי האט זיך אפגעשטעלט ניט ווייט און זי ווארט אז איך זאל פאר איהר קריגען די ער־לויבניס פון קעניג צו קומען און איהם בעדאנקען...

— און האסטו געהערט פון דיין מיטעלען ברודער, וועלכער איז געקומען

בעטען אן עצה ביים קעניג, וואס צו טהאן וואס די מזל ברכה האט זיך פון איהם אפגעטהאן?

— ניין, איך האב איהם די גאנצע צייט נישט געזעהן! — האט ער גע־ענטפערט, — איך בין געווען אזוי פארנומען מיט מיין אייגען גליק, אז איך האב פון קיין אנדער זאך אין דער וועלט ניט געטראכט.

— יעצט קענסטו געהן זיך מעלדען צום קעניג! — האט נאגסארא זיך צו איהם אפגערופען, — איך בין זיכער אז דער קעניג שלמה וועט העכסט צופרי־דען זיין דיך און דיין פרוי צו זעהן.

---

איבערגליקליך איז נאגסארא געווען צו הערען אז אויך דיזע זאנדערבארע עצה פון קעניג שלמה האט געהאלפען. ווי גוט דער קעניג ווייס דעם נאטור פון פרויען... עס איז איהר אפילו געווען שווער צו פארשטעהן פון וואנען דער קעניג האט געוואוסט אז די שלעכטסקייט און בייזקייט פון יענער פרוי איז געווען א רעזולטאט פון דעם מאן'ס קאלטקייט... זי האט בעשלאסען צו פרעגען דעם קעניג אויך וועגען דעם.

ווען זי האט זיך צוריקגעקעהרט אין פאלאץ האט זי דארט געטראפען דעם מאן און די פרוי, וועמען דער קעניג האט מיט זיין קלוגע עצה גליקליך געמאכט.

— דאס איז דער איינגסטער ברודער פון די דריי, און זיין פרוי, — האט שלמה גענומען זיי פארשטעלען פאר איהר.

— איך האב שוין מיט איהם גערעדט איידער ער איז צום קעניג געקומען, — האט נאגסארא געזאגט, — וועט מיר מיין האר קעניג ענטשולדיגען פאר מיין אומגעדולד און נייגעריגקייט? איך האב זיך ניט געקענט באהערשען און בעשאפטען מיט פראגען ווי נאר איך האב איהם געזעהן.

— דאס איז אויך א טייל פון דער פרוי'ס נאטור! — האט שלמה גע־זאגט מיט א שמייכעל, — און אויב זיינע ענטפער'ס האבען דיך באפרידיגט בין איך העכסט צופרידען.

— יעצט וועל איך דיר נאך עפעס פרעגען, מיין ליעבער קעניג, — האט נאגסארא זיך אפגערופען, ווען דער מאן און זיין פרוי האבען דעם פאלאץ פאר־לאזען, — איך בין זיכער, אז אויך דער מיטעלסטער ברודער וועט קומען. אבער, זאג מיר, פארוואס וועט ער קומען צום לעצטען? איז ער דען נישט געווען דער צווייטער וועלכער האט דיין עצה געקראגען?...

— עס איז דערפאר, ווייל דער וועלכער האט א געוואהנהייט צו שלאפען שפעט, איז איהם זעהר שווער זיך דערפון אפצוגעוועהנען... און א חוץ דעם, וועט יענער ברודער ערשט צום סוף פון יאהר וויסען די רעזולטאטען פון מיין עצה... אויב די מזל ברכה איז צו איהם געקומען.

נאגסארא האט אבער אויך דיזען מאל לאנג נישט געדארפט ווארטען. דער מיטעלסטער ברודער איז א קורצע צייט ארום געקומען צום קעניג איהם צו בעדאנקען פאר זיין קלוגע עצה...

שלמה איז גראדע דאן געווען פארנומען אין א געשפרעך מיט זיינע חכמים. נאגסארא, וועלכע פלעגט די גאנצע צייט זיך צוהערען מיט גרויס שפאנונג צו די וכוחים צווישען דעם קעניג און זיינע חכמים, איז אויך געווען אנוועזענד ווען מען האט דעם קעניג געמאלדען אז א מאן פון מצרים איז געקומען איהם זעהן.

דער מצרי איז אריינגעקומען און האט זיך פארנייגט פאר שלמה'ן.

— איך בין דער צווייטער פון די דריי ברידער וועלכע זיינען מיט א צייט צוריק געקומען פרעגן ביי דיר אן עצה צו אונזערע צרות, און יעצט קום איך בעדאנקען דעם קעניג פאר זיין קלוגע עצה וואס האט מיר געהאלפען.

— דערצעהל מיר אלעס וואס מיט דיר איז פארגעקומען זינט דו האסט פארלארען ירושלים, — האט איהם שלמה געבעטען.

— איך מוז צוגעבען אז איך האב שטארק געזינדיגט געגען דעם קלוגען קעניג אין מיין הארצען, ווען איך האב געהעו׳ט זיין עצה... דער שלאף איז מיר געווען אזוי טייער אז מיר איז געווען זעהר שווער זיך מיט איהם צו שיידען. איבערהויפט דער פריהמארגען־שלאף איז אזוי אנגענעהם און זיס, און מיר איז אנגעקומען זעהר שווער צו ברעכען דיזע געוואהנהייט, און בפרט ווען איך בין געווען זיכער אז דאס וועט מיר גארנישט העלפען... ווייל מיינע פיעלע קנעכט און דינסטען שטעהען אויף גאנץ פריה און טהוען אלע נויטיגע ארבייט. אבער ווען איך האב געהערט אז מיין עלטערער ברודער איז געהאלפען געווארען דורך דעם קעניג׳ס עצה, האב איך ביי זיך בעשלאסען אויך צו פאלגען דעם קעניג... איך האב אנגעפאנגען אויפצושטעהן גאנץ פריה, און דאן בין איך דערגאנגען אז אלע מיינע קנעכט און דינסטען זיינען מיר אונטריי געווען.

”דעם ערשטען פריהמארגען ווען איך בין זעהר פריה אויפגעשטאנען, האט מיך קיינער נישט באמערקט. איך בין שטילערהייד ארויס אין דרויסען און איך האב געהערט ווי צוויי פון מיינע קנעכט בעראטהען זיך וואוהין אוועקצופיהרען עטליכע זעק קארן און ווייץ פון מיינע שפייכלער... איינינע פון זיי האבען זיך געלאזען וואויל־געהן אויף די מילך און אייער וואס זיי האבען נאר וואס ארייני־געקראגען... אומבאמערקטערהייד בין איך געגאנגען צו דעם פלאץ וואו מיינע קנעכט האבען געזאלט אנפאנגען זייער ארבייט... אבער צו מיין גרויסער איבער־ראשונג האבען זיי אלע גאנץ פיין און געמיטיהליך פארבראכט און גארנישט א טראכט געטהאן וועגען ארבייטען... דאן האב איך פארשטאנען, אז אזוי קומט פאר יעדען פריהמארגען... מיינע קנעכט און דינסטען זיינען זיכער אז איך שלאף גאנץ שפעט, דאריבער פאלשעווען זיי אונטער... איינינע גנב׳ענען, אנ־דערע פארנאכלעסיגען זייער ארבייט, און די איבריגע פארברייננגען די צייט אין עסען און טרינקען און טהוען גארנישט... ביז וואנען איך שטעה אויף פון מיין שלאף.

”דעם צווייטען טאג בין איך שוין נאך פריהער אויפגעשטאנען און איך האב מיין שטימע געלאזט הערען... מיינע קנעכט און דינסטען זיינען געווען שטארק איבערראשט מיר צו זעהן אזוי פריה. זיי האבען אלע אנגעפאנגען פלייסיג צו ארבייטען. די מילך און אייער זיינען יענעם טאג פארצעהנפאכט געווארען... אזוי האב איך אנגעפאנגען צו טהאן יעדען טאג... די מזל ברכה האט זיך צו מיר אומגעקעהרט... מיינע פעלדער און גערטנער זיינען בעארבייט געווארען און אלע אנדערע ארבייט זיינען געטהאן געווארען... און ווען איך האב דערזעהן די גרויסע שפע מיט וואס די געטער פון מצרים האבען מיך דיזען יאהר גע־בענשט, האב איך זיך דערמאנט אז דאס איז צו מיר געקומען דורך דער קלוגער עצה פון קעניג שלמה און דאריבער ביז איך געקומען אפגעבען מיין דאנק צו דעם קליגסטען פון אלע קעניגע”.

— יא, — האט שלמה זיך אפגערופען, — אביסעל מעהר שלאפען, אביסעל מעהר דרעמלען אין דער פריה מיט צוזאמענגעלעגטע הענד, דאס דארף קיינעם

ניט איבערראשען אז זיין פעלד וועט זיין באוואקסען מיט דערנער און זיינע בוימער וועלען קיין פרוכט נישט געבען... — דיזער מאן האט זיך פארלאזען אויף זיינע קנעכט און דינסטען צו טהאן זייער ארבייט און ער האט געדענקט אז אלעס וועט געטהאן ווערען אהן איהם... אבער זיינע דיענער האבען זיך ארומגע־זעהן אז עס איז נישטא ווער עס זאל אויף זיי אכטונג געבען, האט יעדער גע־טהאן וואס איהם געפעלט. אזי ווען ער וואלט זיך איז צייט נישט ארומגעזעהן און אויסגעפאלגט מיין עצה אויפצושטעהן גאנץ פריה יעדען פריהמארגען, וואלט ער זעהר גיך אין גאנצען רואינירט געווארען.

ווען נאגמארא האט אלעס געהערט, איז זי צוגעגאנגען צו שלמה'ן און מיט טרעהרען פון פרייד זיך אפגערופען:

— יעצט קען איך אומקעהרען נאך מצרים, און איך בין זיכער, אז דער פאטער וועט זיין צופרידען און מיר געבען צו דיין פארלאנג... איך זעה אז דו ביזט דער קליגסטער מאן פון אלע מענשען... און גליקליך איז דיין דינסט אז דו ביזט צו איהר אזוי גנעדיג געווען.

שלמה האט אנגענומען נאגמארא'ס האנד און זי צוגעטראגען צו זיינע ליפען.

— דו שעהנסטע צווישען פרינצעסינס, איך וועל זיך אויך זעהר גליקליך שעצען ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען צו מיר אין ירושלים אין דער בעגלייטונג פון דיין פאטער, דעם קעניג פון מצרים.

— געוויס וועט מיין פאטער מיט מיר מיטרייזען צום צווייטען מאל — האט נאגמארא אויסגערופען, — ער וועט דאך מוזען אנוועזענד זיין צו אונזער חתונה . . .

שלמה האט געמאכט א גרויסארטיגען מאלצייט לכבוד נאגמארא'ס אבריי־זען פון ירושלים און מיט גרויס פאראד האט ער איהר באגלייט א היבשע וועג צוזאמען מיט א סך מיליטער.

ווען שלמה האט זיך אומגעקעהרט צו זיין פאלאץ, איז ער אריין צו זיין מוטער'ס צימער און מיט שטראהלענדע אויגען זיך אפגערופען צו בת שבע'ן:

—מוטער, איך בין יעצט זעהר גליקליך, גאט האט מיר צוגעשיקט א פרוי וועלכע איך ליעב און וועלכע איז ווערטה געליעבט צו ווערען פון מיר.

— און ווער איז די פרוי וועלכע דו האסט אויסערוועהלט צו ווערען די קעניגין איבער ישראל? — האט איהם בת שבע גלייך א פרעג געטהאן, — פון וועלכען שבט שטאמט זי?

— זי איז פון מצרים! — האט שלמה געענטפערט.

— פון מצרים!! — האט בת שבע אויסגערופען מיט גרויס פערוואונ־דערונג.

— יא, מיין ליעבע מוטער, — האט שלמה געזאגט, — איך וועל הייראטען מיט נאגמארא'ן, די טאכטער פון פרעה'ן!

— דו וועסט הייראטען מיט א מצרית? — איז בת שבע נאך אלץ נישט געקענט קומען צו זיך — און איהר וועסטו מאכען פאר דיין קעניגין!

— יא, מוטער, איך האב איהר דורך דער צייט וואס זי האט פארווײלט אין מיין פאלאץ איהר שטארק ליעב געקראגען.

— אבער מיין זוהן, דו דארפסט נישט פארגעסען אז זי איז א געצענ־דיענעריז, און ווי אזוי וועסטו קענען ערלויבען אז איינע וועלכע דיענט צו פרעמדע געטער זאל ווערען די קעניגין איבער ישראל!

— נאגסארא איז אין גאנצען אנדערש פון די איבריגע געזעגנדיגעצערינס.
— האט שלמה געזאגט — זי באזיצט א פיהלענדע הארץ און זי פארנעהמט אלעס וואס זי הערט... איך וועל איהר די לעהרע פון אונזער תורה לערנען און זי וועט געהן אין דרכים פון אונזער גאט.

— דאך מיין זוהן, דארפסטו נישט פארגעסען, אז דיינע עלטערען זיינען געווען קנעכט אין מצרים, און דאריבער זיינען ביי אונז די מצריים ער היום פערהאסט...

— אויף דעם אבער האט שוין אונזער הייליגע תורה געווארנט: "לא תתעב מצרי כי גר היית בארצו" (דו זאלסט נישט פארהאסען קיין מצרי, ווייל דו ביזט געווען א פרעמדער אין זיין לאנד)... זעהסטו מוטער, אז די הייליגע תורה פערלאנגט אז מיר זאלען זיך נישט ארומטראגען מיט קיין האס צו די מצריים...

— אבער, מיין זוהן, ווילסטו צונויפמישען די בלוט פון דיין פאטער דוד מיט די בלוט פון א פרעמדער פרוי... וואלט דיין פאטער דערצו צוגעשטימט?

— מיין טייערע מוטער, כדי צו לעבען בשלום מיט תלמי, דעם קעניג פון גשור, האט מיין פאטער געהייראט תלמי'ס טאכטער, מעכה'ן... איך האב יעצט אנגעפאנגען צו בויען דעם בית המקדש, איך האב זיך אונטערגענומען צו טהאן אזא גרויסע הייליגע ארבייט און איך נויטיג זיך אין שלום זעהר פיעל, מיט מיין הייראטען די טאכטער פון פרעה, וועל איך פארזיכערען דעם שלום צווישען מיר און מצרים... און ווען אפילו דאס וואלט געווען די איינציגע סיבה, האסטו מיין מוטער אויך געדארפט צושטימען.

— און איך האב געהאפט אז דיין ערשטע פרוי וועט זיין איינע פון אונ־זער פאלק! — האט בת שבע געזאגט מיט ענטטוישונג.

— יא, מיין מוטער, אזוי האב איך אויך געהאפט... איך בין געווען אזוי גליקליך ווען איך האב די איינע געפונען... אבער אזוי איז נישט געווען דער ווילען פון גאט... די, וועמען איך האב אזוי שטארק געליעבט און וועלכע האט מיך אויך געזאלט ליעבען, האט מיר פערראטהען.

בת שבע'ס פנים איז רויט געווארען ווען זי האט דערהערט שלמה'ס לעצטע ווערטער.

— איך פארשטעה דיך נישט, מיין זוהן, וועגען וועמען רעדסטו דאס, און וואס מיינסטו אז זי האט דיך פערראטהען?

— איך האב געליעבט שולמית'ן! — האט שלמה אויסגערופען מיט פאר־ביטערונג, — מיין ליעבע צו איהר איז געווען גרענצלאז, און זי האט מיך אויך שטארק געליעבט, און... פלוצלינג האט זי פון מיר געבעטען ערלויבניש צו געהן אהיים נאך שולם, ווייל, האט זי מיר געזאגט, זי האט זיך שטארק פארבייאנקט נאך איהרע עלטערען... איך האב איהר ערלויבט צו געהן אהיים... און ווען איך בין געווען אין שולם, האב איך איהר געטראפען ווי זי זינגט ליעבעס־ליעדער צו א פאסטוך... איך האב גלייך פארשטאנען אז דאס וואס זי האט מיר געזאגט, אז זי בענקט נאך איהרע עלטערען, איז געווען א ליגען... עס איז געווען אן אויסרייד כדי זי זאל אונגעשטערטערהייט קענען פארברייינגען מיט דעם פאסטוך וועמען זי האט ליעב געהאט... אזוי האט זי מיר גענארט און פערראטהען צוליעב דעם פאסטוך... און דאן האב איך פארלארען מיין גאנצען גלויבען אין פרויען... עס איז געווען א צייט ווען איך האב אלע פרויען פארהאסט... און דאס איז געווען

די אורזאכע וואס איך האב זיך פאר מיינע חכמים ארויסגערעדט אז א מאן איינעם צווישען טויזענד האב איך געפונען א רעכטען, און א פרוי נישט...

— דאך מיין זוהן, גלויב איך נישט אז שולמית זאל דיך האבען פערראטען!

— האט בת שבע זיך אפגערופען, — איך קען די שולמית צו גוט... איהר נאבעלע הארץ און איהר ערליכקייט און זויבערקייט, איז צו מיר גוט בעוואוסט... דא האט געמוזט פארקומען א מיספארשטענדניס צווישען אייך...

— אה, ניין, מוטער! איך האב אלעס אליין מיט מיינע אויגען געזעהן... זי האט מיר אומגעביטען אויף א צווייטען, אויף א פאסטוך פון איהר שטאדט, און איך האב פון איהר טאג און נאכט געטרוימט... און דא ניט לאנג ווען אלע האבען געבראכט ציערונג און גאלד פאר דעם בית המקדש, האב איך צווישען די ציערונג אויך געפונען דעם רינג וואס איך האב שולמית'ן אלס אנדענקונג פון אונזער ליעבע געגעבען... זי האט ווארשיינליך שוין מיט יענעם פאסטוך געהייראט און אין זיין באגלייטונג איז זי געווים אין ירושלים געקומען... אבער איך בין צופרידען וואס איך האב איהר נישט געזעהן... דאס וואלט מיין גרויסע שמחה צושטערט.

בת שבע האט זיך אוויילע פערטראכט... יעצט זעהט זי וואס פאר א נאבעלע נשמה שולמית בעזיצט... זי האט זיך מקריב געווען פאר דעם גליק פון דעם קעניג... זי האט איהר פארשפרעכען צו איהר געהאלטען... זי האט אויפגעגעבען איהר גרויסע ליעבע צו שלמה'ן און זי האט עס געטהאן אזוי אז איהר זוהן זאל קיינמאל נישט אויסגעפינען אז זי איז אין דעם שולדיג... א ווען שלמה וואלט זיך יעצט דעם אמת דערוואוסט... וואלט נאך אפשר געווען מעגליך אז זיין ליעבע צו שולמית'ן וואלט אויף דאס ניי ערוואכט און דאס וואלט איהם אין גאנצען אפגעווענדעט פון נאסגארא, די פרינצעסין פון מצרים! זאל זי איהם פיעלייכט דערצעהלען דעם גאנצען אמת!... אבער דאס וואלט יעצט נאך די לאנגע פער־ערגערט... ער וואלט זיכער געווען אויף איהר שטארק אין כעס פאר די גרויסע ליידען וואס זי האט איהם פארשאפט דורך איהר אריינמישען זיך... אמת, זי האט עס געמיינט פאר זיין טובה ווענען, כדי דאס פאלק זאל איהם נישט חושד זיין אז ער האט אדוניה'ן געטויטעט נישט צוליעב זיין פערשווערונג וואס ער האט געמאכט געגען דער מלוכה, נאר צוליעב דעם וואס ער האט געליעבט שולמית'ן וועלכע איז געווען די געליעבטע פון שלמה'ן... דאך, אבער, גלויבט זי אז זיין חתונה מיט דער מצרית, וועט זיך נאך ערגער אפרופען ביים פאלק, ווי מיט דער שולמית...

— מיין זוהן! — האט בת שבע זיך צו איהם אפגערופען — דו וועסט אויף מיר קיין פאריבעל נישט האבען ווען איך וועל דיר פרעגען, דאס אויב דו וועסט אויסגעפניען אז צווישען דיר און שולמית'ן איז טאקע פארגעקומען א מיספערשטענדניס, וואלסטו מיר ערלויבט איך זאל אויסגלייכען צווישען אייך ביידען און דאן, וואלסטו זיכער אויפגעגעבען די טאכטער פון מצרים!

— א מוטער, איך בעט דיך, פערלאנג נישט פון מיר א זאך וואס איז אוממעגליך... איך האב דאך דיר געזאגט אז איך האב נאגסארא'ן זעהר ליעב בעקומען און א חוץ דעם וועל איך מיט מיין הייראטען מיט איהר פערזיכערען דעם שלום פון מיין לאנד. דו דארפסט ניט פערגעסען אז פרעה איז א מעכטיגער קעניג אין א גרויס לאנד... און ווען א בונד פון שלום וועט צווישען אונז ביידען

הערשען, וועט עס שטארק ווירקען אויף די איבעריגע מלוכות... און דער שלום אין מיין לאנד וועט אנגעהאלטען ווערען...

— אבער, מיין זוהן! — האט בת שבע אויסגערופען — אונזער לאנד איז נאך קיינמאל נישט געווען אזוי שטארק און מעכטיג, ווי אונטער דיין הערשאפט... אלע שבטים זיינען פעראייניגט... דאס לאנד איז געבענשט מיט גרויס שפע, און אין פאל א מלחמה זאל אויסברעכען וועסטו זעהר גרינג בעזיעגען דעם שונא.

— צו פערזיכערען דעם שלום איז א סך וויכטיגער ווי דער גרעסטער נצחון! — האט שלמה איהר געענטפערט — איך וויל אז דאס גאנצע פאלק זאל ווידמען זיינע קרעפטען פאר דעם אויפבויאונג פון דעם בית־המקדש און די הויפטשטאדט ירושלים! און דאס וועט קענען געטהאן ווערען מיט גרויס ער־פאלג, בלויז דאן ווען שלום וועט הערשען צווישען ישראל און די ארומיגע פעל־קער... און מיין הייראט מיט פרעה'ס טאכטער וועט זיין דער ערשטער שריט פאר שלום!

— דאך וואלט איך וועלען וויסען מיין זוהן! — האט בת שבע ווידער געזאגט — ווען דו וואלסט צום ביישפיעל אויסגעפונען אז דאס וואס דו בע־שולדיגסט שולמית'ן אין פערראט און אומטרייהייט איז אומבאגרינדעט, וואלסטו איהר ווידער געקענט ליעב האבען?!

— מיין ליעבע מוטער, ווען אימיצער וואלט געקומען און מיר דערצעהלט אז שולמית האט מיר פארראטען פאר א פאסטוך פון איהר שטאדט, וואלט איך נאך געקענט האפען, אז עס איז נישט ריכטיג און זיין פערדאכט איז אומ־באגרינדעט... אבער ווען איך האב אלעס מיט מיינע אויגען געזעהן קען איך דען האבען דעם מינדסטען צווייפעל אז אלעס איז ריכטיג... ניין, מוטער, איך ליוב נאט וואס מיר האט זיך איינגעגעבען אז איהר אין גאנצען צו פערגעסען... און איך בעט דיר מוטער פארוואס זאלסטו אויפוועקען אלטע וואונדען... שולמית האט זינט דאן אין גאנצען אויפגעהערט צו עקזיסטירען פאר מיר...

בת שבע'ס פערלעגענהייט האט זיך פערגרעסערט... זי איז אין גאנצען שול־דיג אין דעם... און שולמית האט מקריב געווען איהר גרויסע ליעבע צו שלמה'ן, ווייל זי האט פון איהר אזוי פערלאנגט... ווען זי וואלט איהר יעצט געקענט זעהן! וואלט זי זיך מיט איהר פיעלייכט בעראטען און אפשר וואלט זיך אלעס אויס־געגליכען... דאז קען מעגליך זיין אז שלמה וועט אויפגעבען נאגסארא'ן... ווי אזוי אבער וועט זי דאס קענען טהאן? זי וועט דאך דארפען איהם אויסזאגען אז שולמית האט איהם נישט אויפגעהערט צו ליעבען און דאס וואס ער האט איהר געטראפען זינגענדיג ליעבעס ליעדער צום פאסטוך, האט זי דאס געטהאן לויט זיין מוטער'ס פערלאנג, כדי אפצואווענדען זיין ליעבע פון איהר... וועט זי דען איהם קענען דעם גאנצען אמת דערצעהלען? ווען זי ווייס אז דאס יוסט העלפען און שלמה וועט אויפגעבען פרעה'ס טאכטער, וואלט זי זיך שווין איי דעם מודה געווען... אבער ווי עס ווייזט אויס, האט ער זיך שטארק פערליעבט אין דער פרינצעסין פון מצרים, און דערצו שטיצט זיך זיין ליעבע צו איהר מיט א גוטע אורזאכע... וועט שוין גלייכער זיין אז זי זאל גארנישט ריידען מיט איהם וועגען דעם...

בת שבע האט בעמערקט ווי שלמה איז פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און

איהר האט שוין פערדראסען וואס זי האט איהם גורם געווען עטוואס צער און זוכענדיג אפצואוועגדען זיינע געדאנקען, האט זי זיך אפגערופען:

— מיין זוהן, עס איז שוין א היבשע צייט פאריבער און איך בין נישט ארויסגעגאנגען זעהן וואו די ארבייטער האלטען שוין מיט דער בויאונג פון בית המקדש, קום, מיין זוהן און דו וועסט מיר ציינען אלעס וואס עס איז שוין אויפ־געטהאן פאר גאט'ס הויז.

שלמה און זיין מוטער זיינען ארויסגעגאנגען בעאבאכטען ווי די טויזענדע ארבייטער זיינען בעשעפטיגט מיט'ן בויען דעם בית המקדש... ער האט איהר געציינט יעדע זאך בעזונדער און איהר ערקלערט ווי אזוי און וואו דאס וועט זיין.

און ווען די ארבייטער האבען דערזעהן דעם קעניג, האבען זיי זייער ארבייט נאך מיט מעהר חשק און בעגייסטערונג געטהאן...

## דרייצעהנטער קאפיטעל

# שלמה הייראט פרעה'ס טאכטער

גאנץ מצרים איז געגאנגען מקבל פנים זיין זייער בעליעבטע פרינצעסין נאגסארא, וועלכע האט זיך צוריקגעקעהרט פון ירושלים, וואו זי האט פער־בראכט א היבשע צייט...

די פריעסטער האבען געזונגען תפלות און די איבעריגע האבען מיט הילכינע געשרייען בעגריסט די פרינצעסין... אלע האבען זיך זעהר פיעל אנגעהערט פון דעם קלוגען שלמה'ן און זיי האבען געוואוסט אז עפעס וויכטיגעס וועט יעצט פארקומען אין לאנד.

פרעה מיט זיינע מיניסטארען האבען נאסגארא'ן געפיהרט מיט גרויס פאראד אין פאלאץ, וואו א גרויסארטיגער מאלצייט איז געפייערט געווארען לכבוד איהר אנקומען...

נאגסארא האט גענומען דערצעהלען די גרויסע וואונדער וואס זי האט זיך אנגעהערט און אנגעזעהן אין ירושלים; זי האט דערצעהלט וועגען דער אויסער־געוועהנליכער חכמה וואס דער קעניג פון ישראל בעזיצט, און זי האט געבעטען מען זאל איינלאדען צום מאלצייט די דריי ברידער, וועמען שלמה האט מיט זיינע עצות געהאלפען... זי האט פאר אלעמען דערצעהלט פיעלע פון שלמה'ס חכמות, און זי האט אויך געבעטען די דריי ברידער צו דערצעהלען ווי אזוי זיי זיינען געהאלפען געווארען דורך שלמה'ס עצות.

אלע האבען מיט גרויס שפאנונג זיך צוגעהערט צו אלעס וואס איז דער־צעהלט געווארען... נאגסארא איז געזעסען נעבען איהר פאטער און איהר פנים האט געשטראהלט פון גרויס שמחה...

— מיין טאכטער! — האט זיך פרעה צו איהר אפגערופען לויט דיין גרויס בעגייסטערונג מיט וואס דו רעדסט פון שלמה'ן מאכסטו מיר אליין זעהר נייגע־ריג איהם צו זעהן...

— און איך האב איהם טאקע פערשפראכען אז דו וועסט קומען איהם בעזוכען — האט נאגסארא געזאגט און איהר פנים איז בעדעקט געווארען מיט א רויטקייט...

— און דו גלויבסט, מיין טאַכטער, אַז איך וועל זיין ווילקאָמען אין זיין לאַנד?

— אין דעם צווייפעל איך נישט! — האָט נאַגסאַרא געשמייכעלט — לויט דער אויפנאַהמע וואָס ער האָט מיר געגעבען, בין איך זיכער אַז דיין קומען אין ירושלים, וועט שלמה'ן העכסט צופריעדענשטעלען.

— און מיר האָט זיך געדוכט אַז שלמה טראָגט אויף מיר אַ כעס פאַר מיין פערזוך איהם אָפּצונאַרען...

— "כעס רוהט אין דעם בוזים פון נאַראַנים", האָב איך געהערט ווי שלמה האָט איינמאָל געזאָגט — האָט נאַגסאַרא געענטפערט — און אחוץ דעם, האָט ער דאָס אַנגענומען אַלס אַ שפּאַס... יע, פאָטער ביי שלמה'ן וועט דיין אַנקומען צו איהם אַלס זיין גאַסט, זיין זעהר אַנגעלעגט... און ער האָט דיר דורך מיר איינ־געלאַדען צו קומען.

— דאָך ווייס איך נישט אויב איך וועל זיין איינלאַדונג קענען אַננעמען!

— האָט פּרעה געזאָגט — איך בין עלטער פון איהם און דו האָסט איהם גע־דאַרפט איינלאַדען ער זאָל פריהער קומען צו מיר אויף אַ בעזוך...

— אָבער פאָטער, דו וועסט דאָך מוזען קומען אין ירושלים צו מיין חתונה מיט שלמה'ן!

— דיין חתונה! — האָט פּרעה אויסגערופען מיט עשטוינונג.

— יע, מיין ליעבער פאָטער! — האָט נאַגסאַרא געענטפערט און איהרע אויגען האָבען געפינקעלט פון גליק — שלמה, דער קליגסטער פון אַלע קעניגע האָט מיר פאָרגעשלאָגען צו ווערען די קעניגין פון זיין לאַנד!

— און דו האָסט זיין פאָרשלאַג אַנגענומען? — האָט פּרעה איהר גלייך געפרעגט.

— דו וואָלסט דאָך נישט ערוואַרט פון מיר פאָטער, אַז נאָכדעם ווי איך בין אָפּגעווען אַזאַ לאַנגע צייט אין דער אַנוועזענהייט פון אַזאַ קלוגען מאַן ווי שלמה, פון וועמען איך האָב אַזוי פיעל חכמה געלערענט, זאָל איך צום סוף זעהר נאַריש האַנדלען און ענטזאָגען זיין פאָרשלאַג! פאָטער! איך בין גליקליך צו ווערען שלמה'ס פרוי!... און איך קען זעהר שטאָלץ זיין, אַז דער קעניג האָט מיר אויסדערוועלט צו זיין די קעניגין פון ארץ ישראל... און איך בין זיכער, ליעבער פאָטער אַז אויך דו וועסט ניט האָבען דאַגעגען!...

— געוויס ניט, מיין טאַכטער! — האָט פּרעה אויסגערופען מיט אַ לויכ־טענדען פּנים... איך וועל אויך שטאָלץ זיין דאַמיט וואָס איך בין דער שווער פון דעם קלוגען קעניג, שלמה...

— איך דאַנק דיר פאָטער, — האָט נאַגסאַרע אויסגערופען מיט פריידע — איך בין דאָך אַזוי גליקליך...

אייניגע פון די פּריעסטער און מיניסטאַרען וועלכע זיינען געווען אויף דעם מאָלצייט, איז דער שדוך פון פּרעה'ס טאָכטער מיט שלמה'ן זייער שטאַרק נישט געווען צום האַרצען. און ווען זיי האָבען פערלאָזען דעם פּאַלאַץ האָבען זיי זיך דורכגעריערט צווישען זיך.

— דער קעניג שלמה וועט זיכער האָבען אַ געוואַלדיגען איינפלוס איבער דער פּרינצעסין, און זי וועט נאָך פערגעסען די געטער פון מצרים — האָט אַ פּריעסטער זיך אָפּגערופען — זיי פערלאָזען אַלע אונזערע מנהגים און טראַ־

דיציעס און ווער וויס ווי וואנג עס וועט געדויערן און דער הייליגער טעמפעל פון אונזערע געטער וועט פוסטעווען...

— נאגסארא וועט אויך ווירקען אויף פרעה'ן — האט אן אנדער פריעסטער געזאגט — און וואס וועלען מיר טאהן אז זיין הארץ וועט זיך נעהמען בעקעהרען צו דעם גאט פון ישראל... דאן זיינען מיר דאך אלע פערלארען! פרעה וועט מעגליך וועלען איינפיהרען אז די מצריים זאלען דינען צו דעם גאט פון שלמה'ן. און אנשטאדט צו בעזוכען אונזערע טעמפלען, וועט דאס פאלק געהן נאך ירושלים...

— און האבען דען שוין נישט דריי רייכע ברידער אוועקגעשיקט פיעלע מתנות פאר דעם בית המקדש וואס שלמה האלט יעצט אין בויען. ווילע זיי גלויבען אז זיין גאט האט זיי געהאלפען — האט אן עלטערער פריעסטער געזאגט מיט טרויער — אנשטאדט אונז צו ברייגנען מתנות וועלען יעצט אלע ארויספיהרען אל דאס גוטס פון מצרים און עס אוועקגעבען צו די כהנים פון ירושלים! בפרט נאך דאן, ווען פרעה'ס טאכטער וועט ווערען דארטען קעניגין!

— זעהר שלעכטע צייטען וועלען אויף אונז אנקומען... פרעה וועט זיך שוין מעהר מיט אונז נישט וועלען רעכענען... דאס פאלק וועט אנפאנגען צו גלויבען אין שלמה'ן און אין זיין גאט, און זיי וועלען אויפהערען צו אכטען און שעצען אונזערע הייליגטימער, ניין! מיר טארען נישט דערלאזען אז פרעה'ס טאכטער זאל הייראטען מיט דעם קעניג פון ישראל — האט דער ערשטער פריעסטער אויסגערופען.

— ניט נאר וועלען מיר פערלירען אונזער ווירדע אין די אויגען פון פרעה און פון פאלק! — האט דער עלטסטער פריעסטער זיך אפגערופען צו די מיניסטארען — אבער אויך איהר, פרעה'ס יועצים... נאכדעם ווי פרעה וועט זיך מתחתן זיין מיט שלמה'ן וועט ער זיך צוהערען צו זיינע עצות, און אייערע קלוגע עצות וועט ער אפילו נישט וועלען נעמען אין אנבעטראכט... פרעה וועט אייך דערווייטערען פון זיין פאלאץ... און וועט אייך אויסבייטען אויף אידישע חכמים פון שלמה'ס פאלאץ...

— וועגען דעם האבען מיר נישט וואס מורא צו האבען! — האט דער הויפט מיניסטער זיך אפגערופען — פרעה וואלט זיך גלייך איבערצייגט אז ער איז דורכגעפאלען מיט זיין אויסבייט... ווייל ער וויים אז ווען ער זאל צוזאמענברייגען אלע קלוגע מיניסטארען פון דער וועלט וועלען זיי נישט איבערשטייגען אין חכמה זיינע אייגענע מיניסטארען.

— דיין שטאלץ און דיין האלטען פון זיך צופיעל וועט דיר זיכער קיין גוטעס נישט ברייגען! — האט דער העכסטער פון די פריסטער זיך אפגערופען צו איהם מיט אויפרעגונג — ביזטו דען בלינד?! זעהסטו נישט אז די חכמה פון שלמה שטייגט אריבער אלע אייערע חכמות... איז דען נישט בעוואוסט אין גאנץ מצרים, אז די דריי ברידער וועלכע זיינען פריהער אזוי אומגליקליך געווען און ניט די בעסטע רופאים און ניט איהר מיט אייערע קלוגע עצות האבען זיי געקענט העלפען... און ווי נאר זיי זיינען אוועק נאך ירושלים און זיך צוגעהערט צו די עצות פון שלמה'ן זיינען זיי געהאלפען געווארען... און איך קען מיט זיכערהייט בעהויפטען אז די חכמים פון שלמה'ס פאלאץ, שטייגען אויך

אריבער די חכמים פון מצרים... דעריבער איז מיין עצה, מיר זאלען זיך קלינגען און זעהן ווי וויט מעגליך צו פערמיידען די התונה פון נאגסארא מיט שלמה...

— איך גלויב אז דער פריעסטער האט רעכט! — האט זיך א צווייטער מיניסטער אפגערופען — א גרויס געפאהר דראהט אונזער לאנד, נאך א גרעסערע געפאהר ווי אין די צייטען פון אונזערע אור עלטערען, ווען די ישראלים האבען גענומען זיך מעהרען אין אונזער לאנד... דאן אמווייניגסטען זיינען די ישראלים געווען מאכטלאז... יעצט האבען זיי אבער א מעכטיגען קעניג, אלע שבטים זיינען פעראייניגט און לויט די בעריהמטקייט פון שלמה'ן, וועט ער זיכער אויסאיבען א גרויסען איינפלוס איבער אונזער קעניג... און דאס קענען נאך בריינגען א גרויסען אומגליק אויף אונזער לאנד.. די מצריים וועלען אויפהערען צו בריינגען מעשר פאר די פריעסטער, פרעה וועט מעגליך אנפאנגען צו דיענען צו דעם גאט פון ישראל, די פריעסטער פון די געטער וועט ער פערטרייבען צוזאמען מיט אונז, זיינע מיניסטארען... ווײלע וואס פאר א נוצען וועט ער אין אונז קענען געפינען, נאכדעם ווי ער וועט זיך צו הערען צו די ווערטער פון שלמה'ן... איך גלויב אז מיר זאלען זיך אנשליסען מיט די פריעסטער און מיט פעראייניגטע כוחות קעמפפען געגען דעם שדוך צווישען אונזער פרינצעסין מיט דעם קעניג פון ישראל!

איינינע טעג האבען די פריעסטער מיט די מיניסטארען זיך בעראטען וואס צו טהאן ווי אזוי צו ווירקען אויף זייער קעניג נישט צו דערלאזען אז נאגסארע זאל חתונה האבען מיט שלמה'ן... און ווען זיי זיינען פארטיג געווארען מיט זייער בעשלוס, זיינען דער הויפט מיניסטער און דער העכסטער פון די פריעסטער אוועק צו פרעה'ן...

פרעה האט זיי ביידען בעגעגענט מיט א זאנדערבארען שמייכעל: איהם האט זיך געוואונדערט צו זעהן ביידען, זיין הויפט מיניסטער און דעם פריעטסער, וועלכע זיינען אימערצו געווען ביטערע שונאים, זאלען קומען צו איהם מיט אמאל...

— געוויס האט עפעס אויסערגעוועהנליך פאסירט, אז איהר ביידע זייט מיט אמאל צו מיר געקומען — האט פרעה זיך צו זיי אפגערופען.

— מיר זיינען געקומען אונזער קעניג אום צו פערמיידען אן אומגליק וואס דראהט אונזער לאנד! —האט דער פריעסטער זיך אפגערופען — דאס קום איך אין דעם נאמען פון אונזערע געטער, וועלכע בעשיצען אונזער הייליג לאנד פון אל דאס בייז...

— און אין וועלכען נאמען קומסטו יעצט צו מיר — האט פרעה זיך געווענדעט צו זיין הויפט מיניסטער.

— איך קום אין נאמען פון אונזער חכמה, מעכטיגער פרעה! — האט ער געענטפערט — מיר ווילען מיט אונזער חכמה ראטעווען אונזער לאנד פון אונטערגאנג!

— אבער איך פערשטעה איך ביידען נישט! — האט פרעה אויסגערופען

— וואס פאר א געפאהרען דראהען יעצט אונזער לאנד... שלום דוכט זיך הערשט אין לאנד... אונזערע בירגער זיינען זאט און צופריעדען... די תבואה פון די פעלדער זיינען געראטען. דער טייך נילוס טרינקט רעגעלמעסיג אן אונזער ערד און בעפרוכפערט איהר... און דערצו נאך האבען מיר די געטער געהאלפען און דער

קליגסטער קעניג פון אלע מלכים וויל מיין אידעם ווערן... האט איהר דען א רעכט צו זיין בעזארגט?!

— אט וועגען דעם, גרויסער און קלוגער הערשער פון מצרים, זיינען מיר געקומען ריידען מיט דיר — האט דער פריעסטער זיך אפגערופען — מיט גרויס מיה איז אונז געלונגען צופריערענצושטעלען די געטער און זיי האבען אונזער לאנד געבענשט מיט הצלחה... זיי האבען אונז בעשיצט פון אינערליכע און אויסערליכע פיינד, ווייל מיר האבען אפגעהיט זייערע געזעצע און געטהאן רעכטפארטיגקייט אין זייערע אויגען... מיר האבען נישט דערלאזען אז אנדערע געטער זאלען האבען א צוטריט אין אונזערע גרעניצען... די מנהגים און געבאטען פון אנדערע לענדער זיינען געווען פרעמד צו אונז...

— און די עצות פון דיינע חכמים און חרטומים זיינען אימער צו געווען קלוג און לאגיש — האט דער הויפט־מיניסטער צוגעגעבען — און מיר האבען געהאט זעהר א גרויסען חלק אין דעם וואס אונזער לאנד איז געבענשט געווארען מיט שפע און גליק — ווײַלע קיין איינציגער אנדער קעניג פערמאגט נישט אזוינע קלוגע און הערליכע חכמים ווי דו, מעכטיגער פרעה...

— אבער איך פערשטעה נאך אייך אלץ נישט! — האט פרעה זיי אנגעקוקט מיט ערשטוינונג — וואס איז אייער פערלאנג און צוליעב וואס פאר א צוועק זייט איהר צו מיר יעצט געקומען.

— ווי מיר האבען געהערט, גנעדיגער קעניג, ווילסטו אפגעבען דיין טאכטער צו דעם קעניג פון ישראל פאר א פרוי! — האט דער פריעסטער ווייטער געזאגט — און ווען איך בין אין דעם הייליגען טעמפעל געווען, האב איך נעהערט א שטימע פון די געטער, וואס האט געווארענט נעגען פעראייניגונג פון מצרים און ישראל... מיר טארען קיינמאל נישט פערגעסען וואס פאר א מפלות אונזערע עלטערען האבען מיט יאהרען צוריק געליטען, פאר זייער פערזוך זיך צוזאמענצולעבען מיט די ישראלים... מיט צעהן מכות זיינען מיר בעשטראפט געווארען, און נאך עד היום פיהלען מיר די שווערע קלעפ וואס מיר האבען נעקראגען פון אונזערע געטער...

— דאס וואס אונזערע עלטערען זיינען בעשטראפט געווארען איז דאך דאס געווען צוליעב דעם וואס זיי האבען די אידען זעהר שלעכט בעהאנדעלט... דאס איז גאר געקומען אלס שטראף פון זייער גאט! — האט פרעה געזאגט...

— יע, אבער מיט דער צושטימונג פון אונזערע געטער! — האט דער פריעסטער פארטגעזעצט — דאס איז געקומען אלס שטראף צוליעב דעם וואס א פריהערדיגער קעניג פון מצרים, האט ערהויבען דעם איד יוסף'ן צו זיין רעכטער האנט... עד האט איהם גרעסער געמאכט איבער אלע זיינע מיניסטארען און דערצו נאך ערלויבט זיין גאנצע משפחה זיך צו בעזעצען אין מצרים און צו דינען זייער גאט... און אפילו צו די הייליגע פריסטער האט זיך דאן דער קעניג נישט צוגעהערט... ביז וואנען די געטער'ס צארען האט זיך אויסגעגאסען איבער אונזער לאנד, און עס כמעט אין גאנצען חרוב געמאכט...

— אבער ווען מיין טאכטער וועט חתונה האבען מיט שלמה'ן וועט זי דאך בלייבען וואהנען מיט איהם אין ארץ ישראל... שלמה וועט דאך נישט קומען אהער, דאן האבען מיר דאך זיכער נישט וואס מורא צו האבען...

— וועלען דען די געטער שווייגען, ווען די פרינצעסין וועט זיי פערלאזען

און אנפאנגען דינען דעם גאט פון ישראל ? — האט דער פריסטער טרויעריג געזאגט — א חוץ דעם וועלען פיעלע מצרים זיך אפקעהרען פון אונזערע הייליגע געטער און מתפלל זיין צו דעם גאט פון ישראל... ווייל שוין יעצט פאנגען פיעלע אן צו גלויבען אין דעם קעניג פון ישראל... און וויפיעל וועט פעהלען און דאס גאנצע לאנד וועט זיך בעקעהרען צום גאט פון ישראל!

— אונזערע געטער זיינען נאך גענוג שטארק, אז זיי וועלען זיך נאך קענען בעשיצען געגען דעם גאט פון ישראל! — האט פרעה געזאגט — און איך גלויב אז מיר האבען נישט וואס מורא צו האבען פאר דעם... ווען מיין טאכטער אבער וועט חתונה האבען מיט דעם קעניג שלמה'ן וועלען מיר האבען די מעגליכקייט פיעל צו לערנען פון איהם... זיין גרויסע חכמה האט בעוואונדערט די וועלט און פיעלע מעכטיגע קעניגע וואלטען זיך זעהר גליקליך געשעצט צו ווערען מחותנים מיט שלמה'ן...

— אבער גרויסער הערשער! — האט דער הויפט מיניסטער אויסגערופען — אין דיין ערשטען פערזוך צוזאמענצוקומען מיט שלמה'ן האט ער אפגעהאל־טען א נצחון איבער דיר... און ווען דו וועסט זיך מיט איהם נאך איינגער פער־בינדען, וועט ער אימערצו האבען די אויבערהאנט איבער דיר...

— און טאקע צוליעב דעם, וואס ער האט מיר איבערצייגט אז איהם איז שווער אפצונארען, און אז צו זיין קלוגשאפט איז קיין גרעניץ נישטא, שטים איך צו אז מיין טאכטער זאל מיט איהם הייראטען... ווען מיר וואלט דאן געלונגען איהם אפצונארען, וואלט איך זיכער נאגסארא'ן צו איהם נישט געשיקט... און דאס וואס דו האסט מורא אז די פרינצעסין וועט פערלאזען די געטער פון מצרים און אנפאנגען צו דינען דעם גאט פון ישראל — האט פרעה זיך געווענדעט צום פריעסטער, קענסטו דאך מיין טאכטער גאנץ גוט... דו ווייסט דאך ווי פרום זי איז און ווי שטארק איבערגעבען זי איז צו אלע געטער פון מצרים...

— דאך ווען זי וועט זיין ארומגערינגעלט פון די אידישע כהנים, און ווען זי וועט יעדען טאג געהן אין דעם בית המקדש, וועט איהר הארץ ביסלעכווייז זיך אפווענדען פון אונזערע געטער... זי וועט אנפאנגען צו דינען דעם גאט פון ישראל, און זי וועט פערגעסען אן אלע אונזערע פייערטעג און מנהגים...

— אויב אזוי! — האט פרעה אויסגערופען — וועל איך מיט איהר מיט־שיקען איניגע פריעסטער מיט אונזערע הויפט געטער און די פריעסטער וועלכע וועלען זיך דארטען געפינען, וועלען זעהן צו פערשטארקען איהר גלויבען אין די געטער פון מצרים... זיי וועלען זעהן אז זי זאל אפהיטען אלע געבאטען פון אונזערע הייליגע טעמפלען און אמווייניגסטען זאל זי קומען איין מאל א יאהר אין מצרים, זיך צו בוקען אין די טעמפלען פון אונזערע מעכטיגע געטער.

— קלוג און הייליג איז אונזער קעניג פרעה! — האט דער פריעסטער זיך פאר איהם פערנויגט — דיין עצה געפעלט מיר זעהר... אבער ווען וועט דער קעניג מיט איהר מיטשיקען... די פריעסטער וועלכע וועלען איהר בעגלייטען ווע־לען מוזען בעזיצען א הייליג קראפט, און זיי וועלען מוזען זיין אויסדערוועהלטע אויף וועמען מען וועט זיך קענען פערלאזען!

— דו וועסט זיין איינער פון זיי! — האט פרעה אויסגערופען — דו וועסט אויסקלייבען נאך איניגע פון דיינע פריינד און צוזאמען וועל איך אייך אוועק־שיקען אין ארץ ישראל...

— אוידער דו שטימסט צו זייער הייראט — האט דער פריעסטער זיך אפגערופען — ועסטו מוזען זעהן אז שלמה זאל דיך פערשפרעכען זיך גישט צו מישען אין דיין טאכטער'ס רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען... ער זאל אונז נישט שטערען אין אונזער הייליגער גאטעס דיענסט...

— דעריבער וועל איך דאך טאקע מיטפאהרען מיט איהר — האט פרעה ווידער געזאגט — און דו וועסט אונז בעגלייטען.

— דער קעניג שלמה איז דאך אזוי קלוג! — האט דער הויפט מיניסטער געוואלט מקנא זיין דעם פריסטער — און ווען מיין מעכטיגער קעניג וועט דארטען פערברענגען, וועט שלמה מאכען א פערזוך צוזאמען מיט זיינע פיעלע חכמים איינצורעדען דעם קעניג, ער זאל אננעמען זיינע עצות... און וועט זיך רען אונזער גנעדיגער פרעה דאן נישט נויטיגען אויך אין אונזערע עצות?

— דו ביזט גערעכט! — האט איהם פרעה געענטפערט — אויך דו וועסט מיט מיר מיטפאהרען... און אויב דו דיינקסט אז דאס איז נישט גענוג, וועל איך מיטנעהמען נאך איינינע חכמים און יועצים...

— דאס איז נישט נויטיג! — האט דער הויפט מיניסטער זיך אפגערופען — איך אליין וועל האבען די מעגליכקייט צו געבען דעם קעניג די ריכטיגע עצות... פרעה האט א שמייכעל געטהאן, ער האט א וואונק געטהאן צו זיין לייב־וועכטער און איהם געהייסען ארייגרופען די פרינצעסין.

נאגסארא איז אריין צו פרעה'ן אין צימער און ווען זי האט דערזעהן דעם הויפט־מיניסטער און דעם פריעסטער איז זי געבליעבען שטעהן איז מיטען צי־מער. זי האט זיי חושד געווען אז זיי וועלען זיין געגען איהר הייראט מיט שלמה'ן און דעריבער האט זי אויף זיי געווארפען בליקען מיט פעראכטונג און זיך נישט געוואלט דערנעהענטערען צו זיי...

— קום צו, נאגסארא! — האט פרעה צו איהר זיך אפגערופען זיי ביידע וועלען דיך בעגלייטען נאך ירושלים, און אוידער דו רייזט אפ וואלטען זיי געוואלט זיך מיט דיר דורכריידען.

— אבער פאטער! — האט נאגסארא אויסגערופען — דו האסט דאך מיר פערשפראכען אליין אויך מיט־צו־פאהרען כדי אנוועזענד צו זיין אויף מיין חתונה!

— איך וועל מיין פערשפרעכען האלטען! — האט פרעה געענטפערט — דאך ווען איך וועל זיך געפינען אין א פרעמד לאנד וועל איך זיך נויטיגען אין פיעלע עצות, און דו וועסט זיך נויטיגען אין דער הילף פון די פריעסטער, דערי־בער וועלען זיי מיט אונז אויך מיטרייזען.

— א איך דאנק דיר, פאטער! — האט זיך נאגסארא אפגערופען א צופריעדענע, און געווארפען א חן'עווודיגען שמייכעל אויך צו דעם הויפט מיניס־טער און צו דעם פריעסטער — איך ביז געגרייט צו הערען אלעס וואס זיי האבען מיר צו זאגען...

— גנעדיגע פרינצעסין! — האט זיך דער פריעסטער פאר איהר פערנייגט — ווען איך האב זיך דערוואוסט וועגען דיין פלאן צו הייראטען דעם אידישען קעניג, בין איך געווען זעהר נישט געניגט דערצו...

— וואס? — האט נאגסארא אויסגערופען — האסטו דען עטוואס אויס־צוזעצען געגען שלמה'ן דעם קליגסטען פון אלע מלכים?!...

— אה, ניין פרינצעסין! שלמה'ס חכמה האבען אונז אלעמען בעצויבערט
— אבער מיין מורא איז געוועז, אז ווען דו וועסט חתונה האבען מיט דעם אידי־שען קעניג און זיך בעזעצען אין זיין לאנד וועסטו אויפהערען צו דינען אונזערע געטער, און דו וועסט נישט אפהיטען אונזערע געבאטען און מנהגים... אבער אונ־זער מעכטיגער און קלוגער קעניג פרעה האט שוין אויך וועגען דעם געזארגט — ער האט מיר בעשטימט דיך צו בעגלייטען אויף דיין רייזע און אויך צו פער־בלייבען מיט דיר אין ירושלים... כדי איך זאל דיר קענען לערנען די וועגען פון אונזערע געטער און נישט נאר איך אליין וועל מיט דיר דארט פערבלייבען, נאר אויך אנדערע פון די פריעסטער, וועלכע האבען געפונען חן אין די אויגען פון אונזערע הויפט געטער... און יעצט איידער דו געהסט פערלאזען מצרים, וואלט איך פון דיר פערלאנגט דו זאלסט אונז פערשפרעכען צו בלייבען געטריי אונזערע געטער, דו זאלסט אפהיטען אלע זייערע געבאטען און דו זאלסט טהאן אלעס וואס עס וועט זיי צופריערענשטעלען!

— אבער וואס וועט זיין אויב דער קעניג שלמה וועט דערצו נישט צושטי־מען! — האט נאגסארא זיך אפגערופען מיט עטוואס שרעק...

— דאן... דאן... האט דער פריעסטער געשטאמעלט און געווארפען זיינע בליקען צו דעם קעניג ער זאל איהם ארויסהעלפען אין דער שווערער לאגע...

— שלמה וועט מוזען דערצו צושטימען! — האט פרעה געזאגט — אויב ער וויל מיין צושטימונג קריגען!

— פאטער! איך האב שלמה'ן זעהר ליעב און איך וועל מיט איהם הייראַ־טען, אפילו ווען ער וועט פערלאנגען איך זאל אויפגעבען די געטער פון מצרים!

דער פריעסטער איז טויט בלאס געווארען... הענט און פיס האבען איהם אנגעהויבען צו ציטערען... ער איז געפאלען מיט דעם פנים צום באדען און אויסגערופען: זאלען אונזערע הייליגע געטער מוחל זיין די טאכטער פון אונזער קעניג, ווייל זי האט שרעקליך געזינדיגט מיט איהרע ליפען...

— דאן וועסטו פערראטען דיין פאלק און דיין גלויבען?! — האט זיך דער הויפט מיניסטער צו איהר געווענדעט...

נאגסארא האט זיך ניט געקענט בעהערשען און אויסגעבראכען אין א געוויין:

— איך האב ליעב שלמה'ן איך האב איהם ליעב מעהר פון אלעס אין דער וועלט און קיין זאך קען שטעהן אין וועג צו מיין גליק! — איך וועל בעסער שטארבען, איידער איך זאל זיין געצוואונגען אויפצוגעבען מיין ליעבע צו שלמה'ן!!

פרעה האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין טראהן זיין פנים איז רויט געווארען פון אויפרעגונג... אין זיינע אויגען האט זיך א פייערעל אנגעצונדען... א טויט שרעק איז אויף אלעמען אנגעפאלען ווען זיי האבען בעמערקט די פלוצלונגע ענ־דערונג וואס איז פארגעקומען אין קעניג. אלע האבען געציטערט פון שרעק...

— נאגסארא! — האט פרעה אויסגערופען מיט א דונערנדע שטימע — דו האסט יעצט מיט דיינע ליפען געלעסטערט די מעכטיגע געטער פון מצרים! דו האסט נאר וואס געזאגט, אז ביי דיר איז רעכט אויפצוגעבען די געטער פון מיין לאנד צוליעב דיין ליעבע צו שלמה'ן, דעם קעניג פון ישראל... צו אזא הייראט קען איך נישט צושטימען!

— אבער פאטער! — האט נאגסארא נישט אויפגעהערט צו וויינען —

האט דען שלמה מיט זיין חכמה און גרויסקייט דיר נישט איבערצייגט, אז ער פארדיענט צו ווערען געאכטעט און געשעצט פון אלעמען... און ווען איהם וואלט אויסגעקומען צו וואוינען מיט דיר אין מיין לאנד, וואלטען מיר דען אלע נישט ערוואַרטעט פון איהם ער זאל זיך אויפפיהרען ווי מיר פיהרען זיך אויף אין אונזער לאנד?... יעצט, אז איך וועל דארפען וואוינען מיט איהם אין ירושלים, וועל איך דען קענען דיענען צו אנדערע געטער?!

— אנדערע געטער! — האט זיך דער פריעסטער א קרים געטאן — זיי זיינען דאך דיינע אייגענע געטער, וועלכע האבען דיר בעשיצט פון דיין קינדהייט ביז דער יעצטיגער צייט... זיי האבען דיר פון פיעלע קראנקהייטען געהיילט און האבען דיר מצליח געווען אין אלע דיינע וועגען, און יעצט ווילסטו זיי פערלאזען!...

— אין מיין הארצען וועל איך אימער זיין די געטער פון מצרים געטריי — דאך ווייס איך נישט אויב איך וועל האבען א רעכט צו האבען מיינע פריעסטער אין ירושלים... שלמה וועט געווים נישט וועלען ליידען!

— האט דיך שלמה אויך אזוי שטארק ליעב ווי דו האסט איהם? — האט פרעה איהר געפרעגט.

— יע, מיין פאטער! ער האט מיר געזאגט, אז ער האט מיר זעהר ליעב און ער וועט זיך פיהלען גליקליך אויב איך וועל צושטימען זיין פרוי צו ווערען און טיילען זיך מיט איהם די קרוין פון ארץ־ישראל.

— אויב שלמה האט דיר שטארק ליעב, וועט ער דיר נאכגעבען אלע דיינע פערלאנגען! — האט פרעה אויסגערופען — און אז דו וועסט איהם זאגען אז ער זאל דיר ערלויבען צו דינען דיינע געטער, וועט ער נישט זיין דאגעגען... פאר א פרוי וועמען דער מאן האט זעהר ליעב איז קיין זאך נישט צו שווער צו טאהן!

— ווי אזוי אבער וועל איך גאר קענען פערלאנגען פון איהם אזא זאך, אין דער צייט ווען ער בויט אין ירושלים א פראכטפולען בית המקדש פאר'ן גאט פון ישראל... און די אידען פון גאנצען לאנד וועלען קומען אהין און ברענגען זייערע קרבנות און מתפלל זיין צו זייער גאט... און איך וועל זיין די איינציגע, וועלכע וועט דיענען צו די געטער פון מצרים!!

— דו וועסט נישט זיין די איינציגע... מיט דיר וועל איך מיטשיקען עטליכע פריעסטער און אויך פיעלע פון דיינע קאמער־מיידלעך און דיענסטען, וועלכע וועלען צוזאמען מיט דיר דיענען צו אונזערע געטער — האט פרעה געזאגט — און אחוץ דעם וועסטו מיר מוזען פארשפרעכען צו קומען איין מאל א יאהר אין מצרים זיך צו בוקען אין די טעמפלען פון אונזערע מעכטיגע געטער!

נאגסארא איז געשטאנען ווי א פארלארענע... זי האט זיך זעהר שלעכט געפיהלט... איז עס מעגליך, אז פון אלע איהרע חלומות וועגען שלמה'ן וועט זיך גארנישט אויסלאזען... זי איז געווען זיכער, אז שלמה וועט נישט דולדען, אז זי זאל דיענען צו איהרע געטער, און איהר פאטער פאדערט דאך פון איהר, זי זאל מיטברענגען איהרע געטער צוזאמען מיט די פריעסטער...

— איך ווייס נישט! איך ווייס נישט! — האט נאגסארא געוויישט איהרע אויגען און האט גלייך זיך אומגעקעהרט צו איהר צימער.

דער פריעסטער איז צוגעגאנגען צום הויפט אפגאט, וואס איז דערביי גע־

שטאנען, איז געפאלען אויף זיינע קניע און פארשפרייט זיינע הענט און אויס־געראפן מיט א הייזעריגע שטימע:

— "שטיל איין דיין כעס, א מעכטיגער גאט פון מצרים! דיין צארן גיס נישט אויס אויף דיינע קנעכט. פארגיב די פרינצעסין, ווייל זי האט מיט איהרע ליפּען געגעבן דיר געזינדיגט... טו נישט אפּ דיין גנאד פון אונזער גרויסען קעניג פרעה, בעפעסטיג, פארשטארק זיין טראהן אויף עוויג... בעשיץ אונזער לאנד פון די בייזע רוחות... זאלען די שטראהלען פון דיין זון נישט פארטונקעלט ווערען... און שטראף נישט אונזער לאנד ווי דו האסט עס אמאל געשטראפט! בעשענק נאגסארא'ן מיט שכל און פארשטאנד, זי זאל וויסען ווי אונטערצושיידען פון גוט ביז שלעכט... מאך איהר הארץ ווייך מיט דיין געטליכען פייער אזוי ווי וואקס... גיב איהר אריין א ריינעם געדאנק, זי זאל נישט אויפהערען צו דיענען צו די געטער פון מצרים ביז עוויג!"

דער פריעסטער האט זיעבען מאל א קוש געטהאן דעם אפּגאט און זיך אויפגעהויבען פון דער ערד. און פארנייגענדיג זיך צו פרעה'ן האט ער גע־זאגט:

— מיט מיין יעצטיגער תפלה האב איך פארהיט א גרויסען אומגליק וואס האט געזאלט באפאלען אונזער לאנד... איך האב דעם צארן פון די געטער איינגעשטילט, יעצט וועלען מיר אלע מוזען געהן אין טעמפעל פון די געטער און מקריב זיין קרבנות פאר זיי, אום צו בארוהיגען אויך די איבעריגע געטער!

מען האט איינגעשפּאנט פרעה'ס גאלדענע קארעטע און צוזאמען מיט דעם הויפּט־פריעסטער איז פרעה אוועקגעגאנגען צו דעם טעמפעל פון די געטער.

— עס טהוט מיר זעהר לייד פאר מיין טאכטער! — האט פרעה זיך אפּגערופען צו דעם הויפּט־פריעסטער, וועלכער האט געהייסען קפרים — איך וויים אז זי האט שלמה'ן זעהר שטארק ליעב און אויב איך וועל נישט דער־לאזען אז זי זאל מיט איהם חתונה האבען, וועט זי פון גרוים הארצוועהטאג שטארק קראנק ווערען.

קפרים האט א ווייל א טראכט געטאהן, נאכהער האט ער זיך אנגערופען:

— מיין האר קעניג! איך האב יעצט געהערט די שטימע פון אונזער הויפּט־גאט... ער האט מיר געזאגט, אז נור איך אליין וועל האבען די מעג־ליכקייט איבערצורעדען די פרינצעסין צו טאהן דיין ווילען און דעם ווילען פון די געטער... ערלויב מיר, מעכטיגער קעניג, צו קומען צו נאגסארא'ן און רעדען מיט איהר אונטער פיער אויגען... איך בין זיכער, אז מיינע רעד וועלען אויף איהר האבען די געווינשטע ווירקונג און איך וועל איהר אמונה אין אונזערע געטער אין איהר פארשטארקען...

— אויב דיר וועט עס געלינגען וועל איך זיין העכסט צופרידען — האט פרעה געזאגט.

זיי זיינען צוגעקומען צום טעמפעל און פרעה'ס קנעכט האבען די בהמות צוגעפיהרט צום מזבח... קפרים, דער הויפּט־פריעסטער, האט די קרבנות מקריב געווען פאר די געטער, און ווי ער איז פארטיג געווארען מיט זיין ארבייט, איז ער צוגעקומען צו פרעה'ן און געזאגט:

— דער צארן פון די געטער האט זיך איינגעשטילט, זיי האבען די פּרינ־צעסין מוחל געווען...

— זיי געבענשט, קפרים! — האט פרעה זיך צו איהם אפגערופען — דו האסט מיר בארוהיגט... און ווען דיר וועט אויך געלינגען מיין טאכטער צו בערוהיגען, דאן וועל איך קיינע פון דיינע פערלאנגען נישט ענטזאגען.

— איך וויל קריגען ביי דיר ערלויבניש, מעכטיגער פרעה, צו קומען צו נאגסארא'ן צו יעדער צייט... ווייל איך ווייס נישט ווען דער גייסט פון די געטער וועט אויף מיר רוהען... און בלויז דאן, ווען איך בין דערצו געשטימט און ערמוטהיגט פון די געטער, קענען מיינע רעד האבען אויף דער פרינצעסין א ווירקונג.

— איהרע טיהרען זיינען פאר דיר אפען צו יעדער צייט — האט פרעה צו איהם געזאגט — און ברענג א היילונג צו איהר פארוואונדעטער נשמה...

זעהר גליקליך איז קפרים געווען, ווען ער האט געהערט פרעה'ס ווערטער... ער וועט קענען קומען באזוכען נאגסארא'ן צו יעדער צייט... דארטען וועט ער קענען זעהן די וואונדערשעהנע איראסים, נאגסארא'ס קאמער־מיידעל, ער וועט קענען אנקוקען איהרע אויגען, וועלכע לייכטען ווי די שטערען פון הימעל... זיין הארץ געהט אויס נאך איהר, זיין נשמה ווערט פארצערט פון דעם פלאם פון ליעבע צו איהר... און יעצט וועט ער די געלעגענהייט קריגען איהר צו זעהן, ווען נאר איהם וועט זיך פארגעלוסטען...

דער פריעסטער קפרים איז געווען פאררעכענט אין מצרים פאר דעם הייליגסטען פריעסטער... אלע האבען געוואוסט, אז די געטער רעדען מיט איהם מויל צו מויל... און ווען עס האט מיט אימיצען פאסירט עפעס א צרה האט יענער קפרים'ן געבראכט א מתנה און איהם געבעטען ער זאל מתפלל זיין צו די געטער... און כאטש נישט אלע מאל האבען זיינע תפלות געהאלפען, פונדעסטוועגען האט מען אין איהם דעם צוטרוי נישט פארלארען... און ווען פרעה האט געזעהן ווי חשוב קפרים איז ביים פאלק, האט ער איהם ערהויבען צום ראנק פון הויפט־פריעסטער און ער איז געווארען א שטענדיגער אריינגעהער אין פלאץ.

איינמאל, ווען פרעה איז געזעסען אויף זיין טראהן און נישט ווייט פון איהם זיינען געזעסען די מיניסטארען, איז געקומען קפרים און זיך פערנייגט פאר'ן קעניג:

— וואס איז דיין פערלאנג, קפרים? — האט פרעה איהם געפרעגט, — האט עפעס פאסירט?

— מיין האר קעניג, בעליעבטער זוהן פון די געטער! — איז דער פריעס־טער געפאלען מיט'ן פנים צו דער ערד — לעצטע נאכט האט מיר דער הויפט־אפגאט, אזירים, ענטדעקט, אז דיין טאכטער נאגסארא וועט קראנק ווערען... איך בין אויפגעשטאנען גאנץ פריה און האב צו איהם מתפלל געווען, אז ער זאל מבטל מאכען זיין שרעקליכע גזירה...

— נו, האט ער דיין תפלה אנגענומען? — האט פרעה מיט שרעק אויס־גערופען.

— יע, גנעדיגער קעניג, אזירים האט מיין תפלה אנגענומען אבער ער פערלאנגט, אז דיין טאכטער זאל קומען אין דער בעגלייטונג פון איהר קאמער מיידעל און ברענגען צו איהם א קרבן.

— זיין רצון זאל ערפילט ווערען — האט פרעה אויסגערופען — דו געה צו מיין טאכטער און דערצעהל איהר אלעס וואס האט פאסירט און היים איהר

אין מיין נאמען געהן מיט דיר צו דעם טעמפעל פון דעם הויפט אפגאט אזירים.

קאפרים האט אויף א רגע נישט געצעגערט און איז גלייך אוועק צו נאנ־סארא'ן און עס איהר איבערגעגעבען.

נאנגסארא האט מיטגענומען איהר קאמער־מיידעל איראסים און צוזאמען מיט דעם פריעסטער האבען זיי זיך אריינגעזעצט אין איהר קארעטע און גע־פאהרען צום טעמפעל פון אזירים...

דעם גאנצען וועג האט קפרים זיינע אויגען נישט ארונטערגענומען פון דער שעהנער איראסים... ער האט איהר שעהנקייט שטארק באוואונדערט, און ווען די פרינצעסין האט אפגעגעבען איהר תפלה צו אזירים, האט קפרים, דער פריעסטער, זיך אפגערופען צו איראסים:

— אויך פאר דיר האב איך די געטער געבעטען, ווייל דיר האט די פרינצעסין אויסדערוועהלט מעהר פון אלע איבעריגע מיידלעך...

— איך דאנק דיר, מיין הער! — האט איראסים אויסגערופען און זיך פארנייגט — דיין דיענסט האט געפונען גנאדע אין דיינע אויגען...

דעם פריעסטער'ס אויגען האבען זיך אנגעצונדען מיט א פלאם פון ליעבע צו איהר... און זינט דאן האט ער נישט אויפגעהערט צו טראכטען פון איהר... ווי שטארק איהם האט זיך געלוסט צו זיין מיט איהר אליין... אבער דאס האט ער געוואוסט איז אונמעגליך, ווייל די קאמער־מיידעל פון דער פרינצעסין מוז זיך שטענדיג געפינען מיט איהר הארינטע... טאג און נאכט האט דער הויפט־פריעסטער געטראכט וועגען איראסים, און געזוכט עצות ווי אזוי ער זאל איהר קענען זעהן אפטער, אבער אומזיסט... זעהר זעלטען פלעגט איראסים באגלייטען די פרינצעסין צום פאלאץ... און ווען זי פלעגט מיט איהר יע אמאל אריינקומען, האט ער, אלס פריעסטער, געמוזט אפווענדען זיינע אויגען אין א צווייטער ריכטונג... כדי נישט פארשוועכען זיין "הייליגקייט"...

יעצט אבער, אז פרעה האט איהם ערלויבט אריינצוגעהן צו דער פרינצעסין צו יעדער צייט, וועט ער איהר קענען זעהן כמעט יעדען טאג... ער וועט קומען צו נאגסארא'ן מיט אן אויסרייד. אין איהר איינצופלאנצען א גרעסערע אמונה און ליעבשאפט צו די געטער, און דערווייל וועט ער האבען א געלע־גענהייט צו זעהן אויך איראסים, און פיליכט וועט נאך איהם אמאל אויסקומען צו זיין מיט איהר אליין...

דעם זעלבען טאג האט קפרים בעזוכט די פרינצעסין און איהר גענומען לעהרנען די לעהרע פון די געטער. ער האט איהר ערקלעהרט ווי הייליג און מעכטיג אלע געטער זיינען, און אז זי טאר קיין מאל נישט אויפגעבען איהר גלויבען אין זיי אפילו ווען זי וועט חתונה האבען מיט דעם קעניג פון ישראל...

— גרויס און מעכטיג איז מיין ליעבע צו דעם קעניג שלמה! — האט נאגסארא איהם געענטפערט — אהן איהם איז מיין לעבען נישט ווערטה די שטויב אויף וואס איך טרעט... און איך ביז זיכער, אז שלמה וועט נישט וועלען איך זאל דיענען אין ירושלים די געטער פון מצרים... איך בעט דיר, קפרים, דו ביזט דאך א קלוגער מענש, העלף מיר אין מיין נויט, נעהם מיר ארויס פון דער פערלעגענהייט און מאך גרינגער מיין געמיטה... איך וויים אז דו האסט די מעגליכקייט צו ווירקען אויף מיין פאטער ער זאל צושטימען צו מיין חתונה מיט דעם אידישען קעניג... און אויב דו וועסט מיר דיעזע געפעליגקייט טהאן, דאן וועל איך דיין חסד קיינמאל נישט פארגעסען...

דער פריעסטער האט געווארפען זיינע בליקען אויף איראסיס'ן און א געראנק האט פלוצלונג אויפגעבליצט אין זיין מח... ער וועט דורך איהר קענען ערפילען אויך זיין פארלאנג!...

— גנעדיגע פרינצעסין! — האט קפרים אויסגערופען — איך וויל מיט דיר וועגען דעם רעדען, אבער איך מוז דאס טהאן אונטער פיער אויגען...

נאגסארא האט א וואונק געטאן צו איהר קאמער־מיידעל איראסים, און יענע האט אויגענבליקליך פערלאזען איהר צימער.

א קורצע ווײלע איז קפרים געזעסען און געשוויגען... נאגסארא האט מיט גרוים אומגעדולד געווארט אויף איהם ער זאל איהר זאגען ווי אזוי ער וועט איהר קענען העלפען...

— איך פארשטעהע גאנץ גוט דיינע געפיהלען, ווירדיגע פרינצעסין — האט דער פריעסטער אנגעפאנגען — איך ווייס אז דיין ליעבע צו שלמה'ן איז זעהר שטארק, אבער איז דערזעלבער צייט ווייס איך אויך, אז דיין פאטער וועט קיינמאל נישט איינשטימען צו דיין חתונה מיט דעם קעניג פון ישראל, אויב דו וועסט איהם נישט פארזיכערען אז דו וועסט בלייבען געטריי די געטער פון דיין פאטערלאנד...

— אבער ווי אזוי וועט ער פון מיר קענען קריגען אזא פארזיכערונג, — האט נאגסארא אויסגערופען מיט פערצווייפלונג — איך וועל עס דאך נישט קענען טאהן אהן שלמה'ס הסכמה...

— איך האב א גוטע עצה — האט דער פריעסטער געזאגט מיט א נידע־ריגע שטימע און זיין פנים איז רויט געווארען —· איך וועל דיר קענען העלפען אזוי, אז איהר אלע וועלען קענען זיך צופרידענשטעלען...

— ווי אזוי? — האבען נאגסארא'ס אויגען געגומען גלאנצען פון פרייד...

— מיין פלאן איז אויסגעצייכענט! — האט קפרים ווייטער געזאגט — אבער איידער איך געה דיר דאס אויסזאגען, פערלאנג איך פון דיר צוויי זאכען: ערשטענס, אז דו זאלסט מיר שווערען צו די געטער פון מצרים, אז אלעס וואס איך וועל דיר זאגען, זאל בלייבען א סוד, דו זאלסט עס קיינעם נישט דערצעה־לען, אפילו ווען דו וועסט מיין עצה נישט אננעהמען. און צווייטענס, אלס א בעלוינונג זאלסטו מיר אויך ארויסהעלפען צו קריגען א זאך וואס מיין הארץ גלוסטאון שטרעבט שוין פון א לאנגער צייט...

— דיינע ווערטער זיינען צו מיר אונפארשטענדליך, קפרים, — האט נאג־סארא זיך אפגערופען — אבער דאך שווער איך דיר צו ביי די געטער פון מצרים, אז דאס וועט ביי מיר בלייבען א סוד. און אויב די זאך וואס דו פערלאנגסט איז אין מיין כח דיר צו העלפען, וועל איך זיכער דאס טאהן פאר דיר.

— הער זיך איין נאגסארא, פרינצעסין פון מצרים! דו וועסט הייראטען שלמה'ן מיט דיין פאטער'ס הסכמה! — האט דער פריעסטער אויסגערופען.

— אבער ווי אזוי? — האט נאגסארא נישט געקענט באהערשען איהר פרייד.

— איך, אלס דער הויפט־פריעסטער פון די געטער, וועל מיט דיר מיט־פאהרען נאך ירושלים און ווען דיין פאטער וועט זיך צוריקקעהרען קיין מצרים, וועל איך נאך אלץ פארבלייבען מיט דיר אין ירושלים...... איך וועל דארפען

זיין דער פאדמיטלער צווישען דיר און צווישען די געטער פון מצרים... יעצט, וועסטו אזוי טהאן: דו פארשפרעך דיין פאטער צו טאהן אלעס וואס ער פערלאנגט פון דיר... זאג איהם צו, אז דו וועסט דיענען די געטער פון מצרים... איך וועל זיין דיין פריעסטער אויך דארטען, און ווען דער קעניג שלמה וועט פון דיר פערלאנגען, נישט צו דיענען צו זיי, וועסטו איהם קענען פאלגען, און איך וועל באהאלטען דיין פאטער אז דו דיענסט צו די געטער און דיין אמונה און בטחון איז זיי האט זיך אויף א האר נישט געמינערט... און דו ווייסט דאך, אז מיר וועט דיין פאטער געווים גלויבען...

— און וועסטו איינוויליגען אזוי צו טאהן פאר מיר! — האט נאגסארא געזאגט מיט ערשטוינונג — וועסטו דען אליין נישט זינדיגען געגען די געטער...

— איך ווייס אימער ווי אזוי זיי איבערצובעטען און אפצוטאהן זייער צארן פון מיר — האט ער געענטפערט — און א חוץ דעם איז פאר ליעבע אלעס כדאי צו טאהן...

— דו רעדסט דאך אזוינע קלוגע און פארנאנפטיגע ווערטער, קפרים! — האט נאגסארא אויסגערופען מיט גרויס פרייד — איך ווייס דיר נישט ווי אפ־צודאנקען פאר דיין טובה... זאג מיר, וואס פערלאנגסטו פון מיר און איך וועל עס טאהן פאר דיר...

— איך פערלאנג, עה... עה... — האט ער געגומען שטאמלען — איך פערלאנג, אז ווען דו וועסט געהן נאך ירושלים, זאלסטו אויך מיטנעהמען דיין קאמער־מיידעל איראסים!...

— איז דאס אלעס וואס דו פערלאנגסט פון מיר! — האט זי אויסגערופען מיט א שמייכעל — איך וואלט דאך איהר מיטגענומען אפילו ווען דו וואלסט מיר נישט געבעטען!...

— איך האף, אז דו וועסט מיר פארשטעהן, גנעדיגע פרינצעסין — האט דער פריעסטער אויסגערופען און אראנטערגעלאזען זיינע אויגען צום באדען — איך האב איראסים'ן ליעב געקראגען זינט איך האב איהר צום ערשטען מאל דערזעהן מיט דיר... א ליידענשאפטליכע ליעבע האט זיך אין מיר צופלאמט צו איהר... און איך פערלאנג פון דיר אז דו זאלסט מיר ארויסהעלפען איך זאל קענען פארווירקליכען מיינע טרוימען פון דיין קאמער־מיידעל...

— אויב דאס איז אלעס וואס דו פערלאנגסט פון מיר דערפאר, קען איך דיר פארזיכערען, אז איך וועל מיט אלע מיינע מעגליכקייטען דיר ארויסהעלפען אין דעם... ווילסטו איך זאל מיט איהר רעדען דערפון, אדער וועט עס זיין בעסער פאר דיר אויב איך וועל דיר געבען א גוטע געלעגענהייט אליין מיט איהר צו רעדען...

— איך דאנק דיר, גנעדיגע פרינצעסין! — האט זיך קפרים פארנייגט פאר איהר... — איך וועל ביי דער ערשטער געלעגענהייט פריהער אליין פרובירען מיט איהר רעדען, און ווען איך וועל זיך נויטיגען אין דיין שטיצע, דאן וועל איך דיר צו וויסען געבען...

— און איך בין דאך אזוי גליקליך! — האט נאגסארא אויסגערופען — איך וואלט שוין וועלען הערען וואס דער פאטער וועט זאגען דערצו... גלויבסטו, אז דיר וועט געלינגען ביי איהם צו פועל'ן די זאך?

— עס איז ביי מיר גאר קיין ספק נישט! — האט קפרים אויסגערופען —

ביז איך דען נישט דער הייליגסטער מאן פון מצרים, און אויב די געטער טוען מיין ווילען, וועט דער קעניג זיך אויך צו מיר צוהערען... אבער נאך איין זאך וויל איך דיר בעטען, אז אויב דיין פאטער וועט וועלען מיט דיר אפשטעלען אין ירושלים אויך איינעם פון זיינע מיניסטארען, אדער ער וועט וועלען מיטשיקען מיט דיר נאך איניגע פריעסטער, זאלסטו איהם אפרעדען דערפון, ווייל אויב זיי וועלען מיט אונז זיין, וועלען זיי צושטערען אלע אונזערע פלענער... דו ווייסט דאך ווי שטארק אייפערזיכטיג דעם קעניג'ס מיניסטער איז אויף מיר און ווען ער וועט געפינען די קלענסטע זאך מיט וואס ער זאל מיר קענען ערנידריגען אין די אויגען פון דעם קעניג, וועט ער דאס טהאן... איך שטעל זיך פאר ווען ער דערוויסט זיך, אז דו דיענסט ניט צו די געטער פון מצרים און אז מיין באריכט צום קעניג איז א פאלשער, וועט ער דען שווייגען?... און בפרט ווען ער וועט זיך דערוויסען פון מיין ליעבע צו איראסים'ן, דאן וועל איך דאך גאר זיין א פארלארענער!

— דו דארפסט וועגען דעם נישט זארגען — האט נאגסארא איהם בארוהיגט — גלייך נאך מיין חתונה מיט שלמה'ן, ווען מיין פאטער וועט האלטען ביים צוריקפאהרען, וועל איך איהם מיטשיקען אלע מיינע קאמער־מיידלאך, מיניסטארען און פריעסטער, אחוץ דיר און איראסים'ן... בלויז איהר ביידע וועט זיך מיט מיר אפשטעלען אין ירושלים, און דאן וועט קיינער נישט זיין, וועלכער זאל קענען פאר'מסור'ן מיין פאטער אויף מיר און אויף דיר... און איך וועל דיר ארויסהעלפען אין דיין ליעבע צו איראסים'ן...

— גוט, גנעדיגע פרינצעסין! מארגען וועל איך געהן צום קעניג און זאגען אז מיר איז געלונגען דיר איבערצורעדען, אז דו וועסט די געטער פון מצרים נישט פערלאזען — און אויב שלמה וועט זיין דאנגען, וועסטו מיט איהם דערפאר נישט הייראטען... דאס וועט דיין פאטער זעהר צופרידענשטעלען און ער וועט גלייך זיין הסכמה געבען צו דיין חתונה מיט שלמה'ן, און גאר אין גיכען וועלען מיר אפרייזען נאך ירושלים...

— דו האסט מיין טרויער פון מיר פעריאגט, קפרים! — האט נאגסארא א גליקליכע זיך אפגערופען — קיינמאל וועל איך דיין גוטסקייט נישט פארגעסען. דו קענסט דאריבער זיכער זיין, אז דיין פארלאנג צו געווינען איראסים'עס ליעבע וועט אויך ערפילט ווערען, דו וועסט קיינע שטרויכלונגען אין דיין וועג נישט באגעגענען...

אויף מארגען איז דער פריעסטער געקומען צו פרעה'ן און מיט א פרעהליכע מינע זיך פאר איהם פארנייגט.

— מעכטיגער און גרויסער קעניג פון מצרים! — איך קום צו דיר מיט א גוטע בשורה... מיט דער הילף פון די געטער האט מיר געלונגען צו פועל'ן ביי דיין טאכטער צו טאהן דיין ווילען, אזוי גוט ווי דעם ווילען פון די געטער!...

— און זי וועט בלייבען געטריי די געטער פון מצרים, אפילו ווען דער קעניג פון ישראל וועט זיין דאגעגען, זינט איך האב איהר אנגעהויבען צו ערקלעהרען וועגען דער מאכט פון אונזערע געטער, האט זיך איהר פרומקייט פארגרעסערט. זי האט מיר געבעטען, איך זאל מתפלל זיין פאר איהר צו אוזירים, ער זאל איהר מוחל זיין פאר די בייזע מחשבות וואס זי האט פריהער געהאט... זי האט באשלאסען מיטצונעהמען די געטער אין ירושלים און איך וועל זיי באדיענען... און יעדען טאג וועט זי א קרבן ברענגען און מתפלל זיין...

— און וואס וועט זי טאהן, אז דער קעניג שלמה וועט זיין דאגעגען ? — האט פרעה געפרעגט.

— דאן וועט זי מיט איהם נישט הייראטען ! — האט דער פריעסטער אויסגערופען מיט א שטימע פון נצחון.

— יעצט זעה איך, קפרים, אז דו ביזט טאקע דער הייליגסטער צווישען אלע פריעסטער — האט פרעה מיט צופרידענהייט געזאגט — איך האב שטארק מורא געהאט, אז דיר וועט אויך נישט געלינגען איבערצורעדען נאגסארא'ן... ווייל איך קען מיין טאכטער און איך וויים ווי פאר'עקשנ'עט זי איז... און בפרט ווען זי האט שלמה'ן אזוי ליעב געקראגען . . . איך האב זיך שטארק געשראקען פאר איהר געזונט... יעצט האסטו מיט דיין הייליגער מאכט איהר נשמה צוריקגעוואונען פאר אונזערע געטער... נישט מעהר וועלען זיי זיין אין כעס אויף מיר און מיין פאלק... און זייער צארן וועט מעהר נישט זיין אויף מיין טאכטער... איך בין גליקליך...

פרעה האט גלייך געשיקט רופען זיין טאכטער.

זי איז געקומען און געפאלען צו זיינע פיס און אויסגערופען :

— פאטער, דער הייליגער פריעסטער קפרים האט מיר מיינע אויגען געעפענט... יעצט זעה איך, אז איך האב שטארק געזינדיגט מיט מיינע ליפען צו ד י געטער פון מצרים... און איך האב חרטה אויף דעם... קפרים וועט פאר מיר מתפלל זיין און זיי וועלען מיר געוויס מוחל זיין... איך וויים, אז די געטער פון מצרים זיינען גרעסער און שטארקער פאר אלע אנדערע געטער פ' דער וועלט... און איך בין יעצט איבערציינט, אז די הייליגקייט פון דעם ווירדיגען פריעסט קפרים איז גרעסער פון די איבריגע פריסטער . . . . . . . און דארום פערלאנג איך פון דיר, פאטער, אז דו זאלסט מיט מיר מיטשיקען קפרים'ן און ער וועט זיין מיין וועג־ווייזער, ער וועט מיר לערנען ווי אזוי צו דיענען צו די געטער, און ווי אזוי צו געפינען חן אין זייערע אויגען...

— און וואס וועסטו טאן, מיין טאכטער, אויב שלמה, דער קעניג פון ישראל, וועט נישט וועלען ליידען, אז דו זאלסט דיענען צו פרעמדע געטער אין זיין לאנד ? — האט פרעה איהר געפרעגט.

— צו פרעמדע געטער ! — זיי וועלען דאך זיין מיינע אייגענע ! — האט נאגסארא געענטפערט — וואס פאר א רעכט וועט ער האבען מיך צו שטערען ? און אחוץ דעם וויים איך, אז כל זמן איך וועל האבען מיט זיך אזא פריעסטער ווי קפרים, וועט שוין שלמה מיר מוזען נאכגעבען...

— אבער אין פאל ער וועט דיר פארט ניט נאכגעבען ? — האט פרעה געוואלט זיין זיכערער.

— דאן וועל איך זיך מיט דיר אומקעהרען קיין מצרים ! — האט נאגסארא אויסגערופען און געווארפען איהרע בליקען אויף דעם פריעסטער.

— יעצט, נאגסארא, רעדסטו ווי א געטרייע טאכטער ! איך בין יעצט איבערציינט, אז פון דיין פרומקייט און איבערגעבענהייט צו אונזערע געטער וועט אויף א האר נישט געמינערט ווערען... און דעריבער לאז איך דיר וויסען, מיין טאכטער, אז איך גיב מיין פולע צושטימונג צו דיין הייראט מיט שלמה'ן און נאך גאר אין גיכען וועלען מיר אפרייזען נאך ירושלים, וואו מיר וועלען פייערען דיין חתונה... און זאל אזירים דיר געבען זיין ברכה, אז דו זאלסט

זיין גליקליך מיט שלמה'ן, דעם קליגסטען קעניג... און זאל אויך דיין נאמען בעריהמט ווערען פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער!

דער הויפט־מיניסטער, וועלכער האט געהערט און צוגעזעהן אלעס, איז נאר מעהר איינפערזיכטיג געווארען אויף קפרים'ן... ער האט באמערקט ווי גרויס דער פריעסטער איז יעצט געשטיגען אין פרעה'ס אויגען, ער האט געזעהן וואס פאר א כבוד פרעה גיט איהם אפ און זיין שנאה צום פריעסטער האט זיך פארשטארקט... ער האט אויך געהערט אז פרעה רעדט בלויז וועגען מיט־נעהמען דעם פריעסטער מיט זיך אין ירושלים... און ער האט געהאפט, אז אויך ער וועט מיטרייזען און פערבלייבען אין ירושלים...

— גנעדיגער קעניג! — האט זיך דער הויפט־מיניסטער אפגערופען — ווען די פרינצעסין וועט הייראטען דעם קעניג שלמה און פערבלייבען אין ירושלים, וועט זי זיך פיעלייכט אויך נויטיגען אין קלוגע עצות... בין איך איהר גרייט צו דיענען...

— זעהסטו דען נישט, אז קפרים באזיצט ביידע זאכען אין פולער מאס, — האט פרעה געזאגט — ער באזיצט היילינקייט און אויך קלוגשאפט... איך בין זיכער, אז ווען דו וואלסט געמאכט א פארזוך צו איבערצייגען מיין טאכטער ווי אומגערעכט זי איז, וואלט דיר געווים נישט געלונגען... אבער פונדעסט־וועגען, אויב נאנסארא וועט פערלאנגען אז דו זאלסט מיט איהר אויך פער־בלייבען אין ירושלים, וועל איך זיכער נישט האבען דאגעגען...

— א, ניין, פאטער! איך וועל זיך זיכער נישט נויטיגען אין זיינע קלוגע עצות... שלמה וועט דאך מיין מאן זיין!

— איך מיין, פרינצעסין, פיליינט וועסטו זיך נויטיגען אין עצות וועגען זאכען און אנגעלעגענהייטען וואס האבען צו טאהן מיט דיין לאנד... אלס דיין פאטער'ס הויפט־מיניסטער, וועל איך דיר קענען פיעלע נוצען ברענגען — האט דער הויפט־מיניסטער זיך אפגערופען...

— ווגען דעם אלעס וועט מיר קפרים באלייכטען — האט נאנסארא גע־ענטפערט — איך זעה, אז דער געטליכער גייסט פון אזירים רוהט אויף איהם, און ער וועט מיר ראטהען אין אלעס וואס איך וועל זיך נויטיגען. איך גלויב אפילו נישט, אז דו דארפסט אינגאנצען מיטפאהרען מיט מיר און מיט'ן פא־טער... מיט דיין קלוגשאפט וועסטו קענען ברענגען מעהר נוצען פאר מצרים ווען דו וועסט דא בלייבען... אין ירושלים איז פאראן גענוג חכמה אהן דיר — האט זי א שמייכעל געטאן.

— איך גלויב אויך, אז מיין טאכטער איז גערעכט! — האט פרעה צו־געגעבען — דיין פלאץ וועט זיין צווישען די מיניסטארען און מיין זוהן, דער יורש עצר, וועט זיך נויטיגען אין קלוגע יעצות אין דער צייט ווען איך וועל זיין אפוועזענד פון מצרים, דעריבער וועט זיין גלייכער פאר דיר צו פאר־בלייבען אין מצרים...

דער הויפט מיניסטער האט זיך פארנייגט פאר'ן קעניג און געזאגט:

— אלעס וואס דער קעניג וועט באשליסען וועל איך זיין צופרידען.

ער האט געווארפען בליקען פול מיט פעראכטונג און שנאה אויף דעם הויפט־פריעסטער קפרים, און ער האט שוין גענומען טראכטען אין הארצען ווי אזוי נקמה צו נעהמען פון איהם... ווען ער זאל נאר יעצט קענען דער־

צעהלען דעם קעניג װעגען יענער יונגער פרוי, װעלכע איז געקומען איז טעמפעל פון אזירים צו ברענגען א קרבן... װי אזוי קפרים האט זיך צו איהר באנומען... װי אזוי ער האט איהם געכאפּט ביים האנד... װען ער האט ארומגענומען און געקושט יענע פרוי . . . און זי האט זיך מיט איהם געראנגעלט... יא, װען ער קען דאס אלעס דערצעהלען דעם קעניג, װאלט ער געװיס פערלארען זיין צוטרוי אין איהם און זיכער װאלט ער איהם נישט בעשטימט צו פערבלייבען אין ירושלים. אבער ער װייס, אז יעצט איז נישט די צייט... צו גרויס און חשוב איז קפרים געװארען אין די אויגען פון פרעה און װען ער זאל אפילו מאכען א פארזור איהם צו דערצעהלען װעגען אלעס, װעט דען דער קעניג איהם װעלען גלויבען? ער קען נאך בלויז זיך אליין ארייננברענגען אין א צרה... װען ער װאלט דאן געהאט נאך אן עדות, װאלט ער איהם שוין געװען אנגעלערענט... ער װאלט פאר אלעמען ענטדעקט װי "הייליג" דער פריעסטער איז!... אבער יעצט טאר ער זיך מיט איהם נישט אנפאנגען... ער איז שטארק בעליעבט ביים פאלק און אויך די פרינצעסין האלט זעהר פיעל פון איהם.

דאך האט דער מיניסטער ביי זיך אין הארצען געשװארען נקמה צו נעהמען פון קפרים'ן... ער װעט זעהן פריהער אויפצוזוכען די פרוי, און איהר בעטען אז זי זאל זיין באשולדיגונג געגען פריעסטער בעשטעטיגען...

מיט גרויס פאראד און יובעל איז נאגסארא ארויסבאגלייט געװארען פון מצרים... אלע פריסטער און מיניסטארען, גענעראלען און אפיצירען זיינען מיטגעגאנגען א שטיק װעג. דאס גאנצע לאנד איז געװען זעהר פרעהליך און צופרידען װאס זייער פרינצעסין װעט חתונה האבען מיט דעם קלוגען קעניג שלמה. ביז די טויערען פון מצרים, האבען אלע באגלייט דעם קעניג און זיין טאכטער... דארטען האבען זיי אפגעשטעלט זייער רייזע אויף א װיילע און פרעה האט צוריקגעשיקט די אלע װעמען ער האט ניט געהאט ברעה מיטצונעהמען, און צװײשען זיי איז אויך געװען דער הויפט־מיניסטער און די איבריגע פריסטער.

מיט דעם קעניג און נאגסארא'ן זיינען פארבליבען קאפרים, דער הויפט־פריסטער, איראסים, נאגסארא'ס קאמער־מיידעל, און אויסגעקליבענע גענעראלען און אפיצירען מיט א גדוד העלדישע סאלדאטען. אויך פרעה'ס לייב־װעכטער זיינען מיטגעפאהרען מיט איהם.

א פאר װאכען האט די רייזע געדויערט. װען דער קעניג איז מיעד געװארען, האט מען צונויפגעשטעלט געצעלטען און ער האט זיך אויסגערוהט... מיט זיך האבען זיי געפיהרט דאס בעסטע פון מצרים און אויך זעהר קאסטבארע מתנות פאר שלמה'ן...

װען זיי האבען זיך דערנעהנטערט צו ארץ ישראל האט פרעה ארויסגעשיקט זיינע לויפער אנצוזאגען שלמה'ן אז ער און זיין טאכטער קומען אן...

* * *

װען היבשע עטליכע מאנאטען זיינען פאראיבער און שלמה האט גארנישט געהערט פון נאגסארא'ן, איז ער אומרוהיג געװארען.

"איז עס מעגליך, — האט ער ביי זיך געטראכט, — אז פרעה װיל זיין צושטימונג נישט געבען... אדער פיעלייכט האט נאגסארא אליין חרטה... אבער װי איז דאס מעגליך?... האט ער דען ניט באמערקט װי גליקליך די פרינצעסין פון מצרים האט זיך געפיהלט װען ער האט איהר געזאגט אז ער װעט איהר מאכען פאר זיין פרוי..."

ווען ער האט נאגסארא'ן באגלייט פון ירושלים, האט זי אויסגעדריקט איהר האפנונג אז נאר אין ניבען וועט זי זיך אהער צוריקקעהרען און זיי ביידע וועלען אויף שטענדיג פעראייניגט ווערען... וועלען יעצט אלע זיינע פלענער צושטערט ווערען?...

שלמה האט געפיהלט אז ליעב האבען אזוי שטארק ווי ער האט פריהער ליעב געהאט די שולמית, וועט ער שוין קיינמאל ניט... דאס איז געווען זיין ערשטע פלאם־פייערדיגע ליעבע, און זיין ענטטוישונג איז נאך גרעסער געווא־רען... דאך אבער האט ער אין דער פרינצעסין פון מצרים געזעהן א פרוי וועלכע פארדיענט געליעבט צו ווערען, און א חוץ דעם וועט זיין חתונה האבען מיט איהר ברייננען פיעל גליק פאר זיין לאנד און פאלק... דאס לאנד מצרים איז יעצט איינע פון די גרעסטע און שטארקסטע לענדער, און א בונד מיט דיזען לאנד וועט זיין א געזיכערטער שלום... ער וועט קענען ענדיגען בויען דעם בית המקדש, דאס הויז פון פריעדען פאר אלע פעלקער... אבער וואס זאל עס בעדייטען וואס זי איז נאך נישט געקומען?!... האט דען עפעס פאסירט?... ווער ווייס אויב זי וועט איהם נישט ענטטוישען ווי שולמית?... די שוואכקייט פון א פרוי איז דאך איהם בעוואוסט...

שלמה'ס מיניסטארען און חכמים זיינען אויך געווען שטארק בעזארגט וועגען דעם. זיי האבען באמערקט ווי דער קעניג געהט ארום פאראומערט, און דאס האט זיי שטארק בעאומרוהיגט. זיי זיינען געווען געוואוינט צו זעהן דעם קעניג אין א פרעהליכע און מונטערע שטימונג.

— פיעלייכט וואלט דער קעניג געשיקט שלוחים אין מצרים?! — האט זיין שר צבא בניהו זיך איינמאל צו איהם אפגערופען.

שלמה האט א שמייכעל געטהאן. די געטריישאפט און איבערגעבענהייט פון בניהו האט איהם גערירט... אבער דאס וועט ער קיינמאל נישט טהאן... ער וועט ווארטען נאך א קורצע צייט און ווען נאגסארא וועט זיך נישט צוריקקעהרען, וועט ער זוכען איהר צו פארגעסען ווי ער האט פארגעסען שלומית'ן.

— ניין, בניהו! — האט שלמה איהם געענטפערט, — דער שטאלץ פון דעם קעניג פון ישראל איז נאך נישט געבראכען... אויב פרעה איז נישט צו־פריעדען מיט מיר, וועל איך זיך דאך נישט ערנידריגען אין זיינע אויגען...

איין פערזאן איז געווען זעהר צופריעדען וואס די פרינצעסין פון מצרים איז נישט געקומען. און דאס איז געווען שלמה'ס מוטער. בת שבע האט גלייך פון אנפאנג, ווען איהר זוהן האט איהר דערצעהלט אז ער וועט הייראטען מיט נאגסארא'ן, געווען דאגענען... אבער ווען שלמה האט איהר געזאגט אז ער ליעבט די טאכטער פון פרעה'ן און וויל מיט איהר חתונה האבען, האט זי קיין שטארקען ווידערשטאנד נישט ארויסגעוויזען. זי האט זיך געפיהלט זעהר שולדיג געגען איהר זוהן פאר דער צושטערונג פון זיין ליעבע מיט שולמית'ן, און דאריבער האט זי בעשלאסען זיך מעהר נישט צו מישען... אבער יעצט, אז זי זעהט אז פרעה'ס טאכטער האלט נישט איהר פארשפרעכען, איז זי אין הארצען גאנץ צופרידען געווען.

בת שבע האט יעצט גענומען טראכטען ווי אזוי ווידער צוזאמענצוברייננען שולמית'ן מיט איהר זוהן... יעצט, אז אזוי פיעל יאהרען זיינען אוועק נאך דעם טויט פון אדוניה'ן, וואלט דאס פאלק זיכער מעהר נישט פארבונדען שלמה'ס הייראט מיט שולמית'ן, מיט דעם טויט פון זיין ברודער... אמת, שולמית שטאמט

פון איינפאכע עלטערן, און זי איז אליין א הירטין, אבער זי איז דאך פארט אזוי ליעבליך און גוט, זי בעזיצט אזוי פיעל חן און שעהנקייט, און שלמה וואלט מיט איהר גליקליך געווען... און א חוץ דעם וואלט שלמה מעהר נישט געטראכט פון נאגסארא'ן, די טאכטער פון פרעה'ן... יא, זי וועט בסוד שיקען רופען שולמית'ן און זי וועט פאר איהר אלעם דערצעהלען און צוזאמען וועלען זיי פלאנעווען ווי אזוי אלעם רעכט צו מאכען.

בת שבע האט אנגעשריבען א בריעף צו שולמית'ן. זי האט עס איבער־געגעבען צו צוויי פון איהרע דיענער, און בסוד זיי אוועקגעשיקט נאך שולם... זי האט זיי אנגעזאגט אז דעם בריעף זאלען זיי קיינעם נישט איבערגעבען אדער צייגען, אויסער שולמית'ן, און זיי זאלען ווארטען אויף אן ענטפער פון איהר.

די צוויי דיענער האבען געטהאן ווי בת שבע האט זיי געזאגט און זיינען אוועקגעפאהרען נאך שולם.

* * *

ווען שולמית האט מיט איהר פאטער בעזוכט ירושלים, זעהענדיג מיט איהרע אויגען דאס בויען פון בית המקדש, און האט אומגעקעהרט דעם רינג וואס שלמה האט איהר געגעבען, האט זיך איהר אומעט פארשטארקט... זי האט געפיהלט אז איהר לעבען איז יעצט ווערטהלאז... עפעס האט איהר אזוי געצויגען נאך ירושלים... זי האט בלויז נאך איינמאל געוואלט אנקוקען דעם קעניג... און ווען זי האט איהם געזעהן אין זיין גאנצער פראכט און גלאנץ האט איהר נאך דאן מעהר פארדריקט ביים הארצען. זי האט קיין איבריגען טאג מעהר נישט געוואלט פארבלייבען אין ירושלים און צוגעאיילט איהר פאטער ער זאל וואס שנעלער זיך אומקעהרען אהיים...

אין איהר געבורטס־שטאדט שולם האבען אלע איינוואהנער זיך געוואונ־דערט ווען זיי האבען באמערקט די גרויסע ענדערונג אין שולמית...

— וואס איז געווארען פון דער פרעהליכער און לוסטיגער שולמית? — האבען די פאסטוכער צווישען זיך גערעדט, — פארשוואונדען איז געווארען איהר שמייכעל... שטיל זיינען איהרע ליעדער געווארען... און איהר שעהנער פנים איז ווי מיט א וואלקען באצויגען.

— דאס איז צוליעב דעם וואס דער קעניג שלמה האט איהר פאר זיין פרוי נישט גענומען! — האבען איניגע געזאגט זייער השערה.

— אבער עס איז דאך באוואוסט אז דער קעניג איז איהר געקומען נעהמען און זי האט נאך נישט געוואלט, — האבען אנדערע געקוועטשט מיט די פלייצעס — זי האט דאך גאר געליעבט דעם פאסטוך עמיאל'ן.

— ווען זי וואלט איהם געליעבט וואלט זי דאך איהם פון זיך נישט פאר־טריבען... מיר אלע ווייסען דאך אז גלייך נאכדעם ווי דער קעניג האט אונזער שטאדט פארלאזען, האט שולמית אפילו זיך נישט געוואלט אומקוקען אויף עמיאל'ן.

— איך בין דאביי געווען — האט זיך א פאסטוך אפגערופען, — ווען שלמה האט עמיאל'ן אנגעזאגט מיט'ן הארבען ווארט מעהר איהר נישט צו באלעסטיגען.

— אבער דאך איז מיר שווער צו פארשטעהן, פארוואס זי האט פריהער יא געליעבט עמיאל'ן און איז געווען גרייט איהם אומצובייטען אויף דעם קעניג, און פלוצלינג האט זי אויף איהם אז אום'חן געווארפען.

— ווער קען וויסען די געהיימניסע פון א פרוי'ס הארץ, — האט אן אנ־

דער פאסטוך פילאזאפירט. — נישט אומזיסט האט אונזער קעניג שלמה געזאגט, אז צווישען טויזענד פרויען איז איינע קיין רעכטע נישטא!

— און איך ווייס פארוואס זי האט עמיאל'ן פון זיך פארטריבען, — האט א יונגער פאסטוך זיך אפגערופען מיט א שמייכעל.

— דו ווייסט! פון וואנען ווייסטו? — האבען אלע איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— פאר מיר זיינען קיין סודות ניטא, — האט ער מיט שטאלץ געענטפערט.

— און דו מיינסט געוויס אז אט באלד גלויבען מיר דיר אלעס וואס דו דערצעהלסט! — האט מען פון איהם געלאכט. — ווי אזוי קענסטו וויסען די אורזאכע דערפון ווען שולמית האט נאך מיט דיר קיין ווארט נישט אויס־גערעדט.

— מיר האט עמיאל אלעס דערצעהלט. ער האט מיר געזאגט אז שולמית איז אין איהם געווען שטערבליך פארליעבט. און זי האט איהם פארגעצויגען אפילו פאר דעם קעניג... אבער ווען ער האט מיט זיינע אויגען געזעהן דעם קעניג שלמה, האט ער זיך שטארק דערשראקען און ער האט געהייסען שולמית'ן געהן צום קעניג... דאן איז שולמית אויף איהם שטארק אין כעס געווארען און איהם פון זיך פארטריבען...

— דאס קען זיין איז מעגליך! — האבען איייניגע צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— אויף עמיאל'ן קען מען דאס גלויבען. ער איז א גרויסער פחדן... און ווען ער האט איבערצייגט אז דער קעניג איז טאקע געקומען צו שולמית'ן, האט ער מורא געהאט טאמער וועט דער קעניג איהם דערפאר בעשטראפען.

—און יעצט האט שולמית פארלארען אי דעם קעניג און אי איהר גע־ליעבטען.

— עמיאל'ן האט זי נישט פארלארען... איהם האט זי פון זיך פארטריבען.

— ווי עס זאל נישט זיין, דערוויייל איז זי גאנץ טרויעריג... און אבי איהרע ברידער האבען שוין געמיינט אז דער קעניג מאכט זיי אלעמען פאר גענעראלען... אהה, ווי שטאלץ זיי זיינען דאן געווען... זיי האבען גערענקט אז זיי טהוען יעדען א טובה ווען זיי ריידען מיט איהם... יעצט שעהמען זיי זיך צו ווייזען פאר אונז...

* * *

פיעל צייט איז אוועק איידער שולמית'עס משפחה איז צו זיך געקומען פון דער גרויסער ענטטוישונג... זיי זיינען אלע אזוי זיכער געווען אז שולמית וועט ווערען די קעניגין, און דאריבער האבען זיי אנגעהויבען צו פערנאכלעסיגען די פעלדער, און דאס האט זיך גלייך געלאזט פיהלען... זיי זיינען שטארק פאר־ארימט געווארען און האבען דערפון א סך געליטען.

שולמית'עס ברידער האבען איהר קיינמאל נישט געקענט פארגעבען פאר וואס זי האט זיך אזוי בענאריש און מיט איהרע אייגענע הענד אראפגעשטוי־סען פון זיך די מרוין... ווער פון זיי האט זיך גאר געקענט פארשטעלען אז צוליעב דעם פאסטוך עמיאל וועט זי פערראטהען דעם קעניג.

דער אייניציגער וועלכער האט יא געוואוסט די אורזאכע פארוואס שולמית איז געצוואונגען געווען אזוי צו האנדלען, איז געווען איהר פאטער. איהם האט זי אלעס דערצעהלט. און דאריבער האט ער נאך מעהר מיטלייד געהאט מיט זיין

טאַכטער... און ווען זי האָט אויסגעדריקט איהר וואונש אַז זי וויל קומען נאָך ירושלים אַנצוקוקען ווי דער בית המקדש ווערט געבויט, האָט ער פאַר'משכו'ט וואָס ער האָט געקענט, און מיט איהר אוועק אהין... דאָס אָבער האָט נאָך די לאַנגע ערגער געמאַכט. איהר טרויער האָט זיך פאַרשטאַרקט... דעם רינג, די איינציגע זאַך וואָס איז איהר אַלס אַנדיינקונג פאַרבליבען, האָט זי אין דעם קאַסטען פון די ציערונג אַריינגעוואָרפען און זיי האָבען זיך ביידע צוריקגעקעהרט אהיים מיט טרויעריגע הערצער און צובראָכענע געמיטהער.

דער אומעט אין הויז איז פאַרגרעסערט געוואָרען... שולמית פיטערט די שאָף ווי פריהער, אָבער זי איז שוין נישט דאָס וואָס זי איז פריהער געווען... ווען זי פלעגט אַריינקומען אין הויז איז ליכטיג געוואָרען אין אַלע ווינקעלעך... אַלעס אין הויז איז געווען אַזוי לעבעדיג און פרעהליך... עפּעס האָט זיך געדרוכט אַז די כלים פון הויז טאַנצען פון פרייד ווען שולמית קומט אין הויז אַריין... און יעצט האָט אין הויז געהערשט אַן אומעט... שולמית האָט זעלטען אַ וואָרט אַרויסגערעדט... איהרע ברידער זיינען אַרומגעגאַנגען ברוגז'ע און אַנגעבלאָזענע. די מוטער פלעגט שטילערהייט אַ טרעהר פאַרגיסען און דער פאָטער פלעגט אונטערזיפצען ווען קיינער האָט נישט באַמערקט.

און איינמאָל, נאָך מיטאָג, ווען שולמית איז אויף דער פּאַשע מיט די שאָף געווען און די ברידער האָבען דאָס פעלד בעאַרבייט, זיינען פּלוצלינג אַריינגע־קומען צו יואל'ן אין הויז צוויי מענשען.

יואל איז זיי אַנטקעגען געגאַנגען און מיט שרעק זיי געפרעגט:

— וואָס איז אייער וואונש...

— געפינט זיך שולמית אין דיזען הויז? — האָבען זיי איהם געפרעגט.

— יאָ, מיינע הערען, — האָט יואל געענטפערט, און זיין פּנים איז וויים געוואָרען, — אָבער זי איז יעצט נישטאָ... זי איז אין פעלד מיט די שאָף.

— איז זי דיין טאָכטער? — האָט איהם איינער פון די צוויי פרעמדע אַ פרעג געטהאָן.

— יאָ, זי איז מיין טאָכטער, און דאָס איז איהר מוטער, — האָט ער אָנגע־צייגט אויף זיין פרוי וועלכע איז געשטאַנען און געציטערט ווי אַ בלאַט.

— מיר האָבען זעהר אַ וויכטיגע זאַך איבערצוגעבען צו דיין טאָכטער, ועסטו פיעלייכט איהר שיקען רופען.

— אָבער ווער זייט איהר, און פון וואַנען קומט איהר? — איז יואל'ס שרעק נאָך גרעסער געוואָרען.

— מיר קומען פון ירושלים! — האָבען זיי געענטפערט.

— פון ירושלים!! — האָט יואל און זיין פרוי מיט אַמאָל אויסגערופען, — וואָס האָט פּאַסירט?...

— בערוהיגט אייך, — האָט איינער פון זיי זיך אָפּגערופען, — קיין שלעכ־טעס וועט אייער טאָכטער נישט געטהאָן ווערען. דעם קעניג'ס מוטער האָט אונז אהער געשיקט און אונז געבעטען איבערצוגעבען אַ בריעף צו שולמית'ן.

— אַ בריעף פון דעם קעניג'ס מוטער צו מיין טאָכטער! — האָט יואל זיי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג... — קענט איהר מיר עס פיעלייכט איבערגעבען.

— ניין, מיין האר! בת שבע האָט אונז פאַרזאָגט איבערצוגעבען דעם בריעף בלויז צו שולמית'ן אַליין.

— דער פּלאַץ וואו זי פּאַשעט די שאָף איז גאַנץ ווייט פון דאַנען, — האָט יואל געזאָגט, — מיינע זיהן זיינען יעצט אויך אין דער היים נישטאָ. און איך האָב נישט קיין פערד און נישט קיין אייזעל...

— קום מיט אונז, מיר זיינען אהער געקומען מיט אַ רייט־וואַגען!

— איך בעט אייך, זאָגט מיר, — האָט שולמית'עס מוטער זיך צו זיי אָפּגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען, — וועט מיין טאָכטער קיין שלעכטעס נישט געשעהן?

— אָ, ניין! אין דעם זיינען מיר זיכער... דעם קעניג'ס מוטער איז דאָך זעהר גוט־הארציג און גנעדיג און זי וועט דאָך געוויס קיינעם קיין שלעכטעס נישט טהאָן.

— אָבער וואָס שטעהט אין בריעף? — האָט זי זיך נאָך אַלץ ניט געקענט בערוהיגען...

— דער בריעף איז פאַרזיגעלט און מיר ווייסען נישט וואָס דאָרט איז גע־שריבען. אָבער מיר זיינען איבערצייגט אַז דאָרט איז געשריבען אַ זאַך וואָס וועט ברייגנען פרייד און גליק צו אייער טאָכטער. בת שבע האָט אימער צו ליעב געהאַט שולמית'ן און זי וועט איהר קיין שלעכטעס נישט טהאָן.

יואל איז מיט די צוויי דיענער אַרויס אין דרויסען און זיי זיינען צוזאַמען אוועקגעפאָהרען צו שולמית'ן אין פעלד.

שולמית איז געזעסען אויף'ן גראָז... נישט ווייט האָבען זיך געפּיטערט איהרע שאָף... זי איז געווען פערטיעפט אין איהרע טרויעריגע מחשבות... זי האָט אויך געהערט אַז דער קעניג שלמה וועט הייראַטען די פּרינצעסין פון מצרים... און אַלעס איז פאַר איהר אויסגעקומען אַזוי שוואַרץ, אַזוי האָפנונגסלאָז. די יאָהרען פון איהר יוגענד' לויפען פאַרביי איהרע אויגען... דאָ אויף'ן זעלבען פּלאַץ האָט זי איהרע שאָף געפּיטערט איידער זי איז אַנגעקומען אין קעניג'ס פּאַלאַץ... וואָס פאַר אַ גליקליכע און זאָרגלאָזע טעג זי האָט דאָן דאָן פאַרבראַכט... פרעהליך און לוסטיג איז זי געווען, איהרע פּיס האָבען זיך געהויבען און אַלע איהרע גליעדער האָבען אין איהר געזונגען... די וועלט און די נאַטור איז געווען אַזוי בעצויבערנד שעהן, אַזוי צוציהענד און אַנגענעהם... און יעצט איז איהר אַלעס דערווידער... איהרע אויגען באַמערקען מעהר ניט די פּראַכטפאַלע נאַטור... אַלעס האָט פאַר איהר פאַרלאָרען דעם צויבער און גלאַנץ... זי פיהלט זיך טריעב און פאַראומערט... זי איז איינזאַם... קיינער קען איהר ניט פאַרשטעהן און מיטפיהלען איהרע יסורים...

א גערויש האָט פּלוצלינג דערגרייכט איהרע אויערען... זי האָט אויפגע־הויבען איהרע אויגען און זי האָט דערזעהן אַ רייט־וואַגען אַנקומענדיג און איהר ריכטונג... זי האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר פּלאַץ, און דער וואַגען האָט זיך דערנעהנטערט. און זי האָט גלייך דערזעהן איהר פאָטער זיצענדיג מיט צוויי פרעמדע מענשען.

זי איז געבליבען שטעהן עטוואָס צוטומעלט. וואָס קען דאָס בעדייטען? איז אַ געדאַנק דורכגעלאָפען איהר מח... זי האָט שנעל צורעכט געמאַכט איהרע האָר און ערוואַרטעט מיט אונגעדולד זייער אַנקומען.

— מיין טאָכטער! — האָט יואל אויסגערופען ווען ער האָט איהר דערזעהן. ער איז גלייך אַרויס פון וואַגען און צוגעגאַנגען צו שולמית'ן. נאָך איהם זיינען

ארוים פון וואגען די צוויי פרעמדע מענשען. זיי זיינען צוגעגאנגען צו שולמית׳ן און האבען זיך פערנייגט פאר איהר.

שולמית האט זיי אנגעקוקט מיט פרעגענדע בליקען.

— מיין הארינטע, דו ביזט עם שולמית? — איז איינער פון זיי צו איהר נעהנטער צוגעגאנגען.

שולמית האט א שאקעל געטהאן מיט׳ן קאפ אויף יא.

ער האט גלייך ארויסגענומען פון זיין בוזים א פארזיגעלטען בריעף און איהם איבערגעגעבען צו איהר.

מיט ציטערנדע הענט האט שולמית גענומען דעם בריעף אין איהרע הענט און זי האט נאך איהרע אויגען אלץ ניט אראפגענומען פון די צוויי פרעמדע מענשען.

— מיין טאכטער! — האט יואל אויסגערופען, — דאס איז א בריעף פאר דיר פון בת שבע׳ן, דעם קעניג׳ס מוטער.

שולמית׳ן האט א טיאכקע געטהאן אין הארצען... איהר פנים איז רויט געווארען... אבער זי האט נאך אלץ נישט געעפענט דעם בריעף.

די צוויי פרעמדע האבען זיך אפגערוקט אן א זייט, און יואל האט זיך דערנעהנטערט צו זיין טאכטער.

— שולמית, פארוואס עפענסטו נישט דעם בריעף? — האט ער איהר ווידער געפרעגט.

שולמית האט גלייך אויפגעעפענט דעם בריעף און זי האט פאלגענדעס דורכגעלייענט:

„מיין ליעבענסווירדיגע שולמית:

„איך, בת שבע, די מוטער פון קעניג שלמה, שרייב צו דיר דיזען בריעף. איך ווייס גאנץ גוט אז איך האב שטארק געזינדיגט געגען דיר און געגען מיין זוהן... איך האב אייערע צוויי יונגע הערצער וועלכע האבען זיך אזוי שטארק געליעבט, מיט אכזריות פאנאנדערגעשיידעט. אבער איך האף, אז דו וועסט מיר פארגעבען, ווייל דו ווייסט דאך אז איך האב עס דאן געטהאן צוליעב דער טובה פון מיין זוהן און זיין מלוכה... דו ביזט געווען אזוי נאבעל און גוטהערציג און דו האסט דעם גרעסטען קרבן געבראכט פאר מיין זוהן... דו האסט מיין פערלאנג ערפילט... דו האסט דערצו געזעהן אז שלמה זאל דיר אויפהערען צו ליעבען... און כאטש דו האסט געדארפט אויסקוקען אין זיינע אויגען ווי א פאלשע בעטריגערין, האסטו עס געטהאן ווייל דו האסט געוואוסט אז דאס וועט זיין פאר איהם א טובה. שולמית, דו האסט דיין פארשפרעכען צו מיר געהאלטען און מיין זוהן ווייס נאך עד היום נישט אז איך בין אין דעם אין גאנצען שולדיג... ער איז פארביטערט געגען דיר, ווייל ער איז איבערצייגט אז דו האסט איהם אבזיכטליך פארראטהען... און יעצט נישט לאנג צוריק איז געקומען די פרינצעסין פון מצרים און פארבראכט אין דעם פאלאץ א לענגערע צייט, און איידער זי איז צוריקגעפאהרען אהיים, האט מיין זוהן איהר פארשפראכען צו נעהמען פאר זיין פרוי... איך בין זעהר דאגעגען דיזען שידוך... אבער איך פיהל אז איך האב מעהר קיין רעכט נישט זיך אריינצומישען, ווייל איך בין שולדיג אין זיינע פריהערדיגע שטארקע ענטטוישונג... יעצט, נאבעלע שולמית, פיהל איך אז די שטרויכלונגען וועלכע זיינען געלעגען אין וועג צווישען דיר און מיין זוהן זיינען

ארונטערגענומען... דאס פאלק האט שוין לאנג פארגעסען אז אדוניה'ן... און קיינעם וועט מעהר נישט איינפאלען צו פארדעכטיגען אז אדוניה איז געטויטעט געווארען צוליעב שלמה'ס ליעבע צו דיר... ווייל עטליכע יאהר זיינען פאראיבער... איך האב דאריבער בעשלאסען צו דערצעהלען שלמה'ן אלעס וואס איך האב גע־טהאן, און איך דארף דיר האבען דו זאלסט מיר ארויסהעלפען אין דעם... מיין זוהן גלויבט נאך אפילו יעצט אז דו האסט געליעבט יענעם פאסטוך, וועמען ער האט געטראפען מיט דיר אין פעלד... ער דיינקט אז דו האסט שוין מיט איהם לאנג געהייראטעט... און יעצט איידער נאגסארא, די פרינצעסין פון מצרים, וועט זיך צוריקקעהרען נאך ירושלים, וואלט איך געוואלט אז אלעס זאל פאר שלמה'ן קלאר ווערען... איך וועל זיך מודה זיין פאר איהם און איך ווייס אז ער וועט מיר מוחל זיין ווייל איך בין דא דאן אויסען געווען בלויז זיין טובה... איך וועל איהם איבערצייגען ווי אונשולדיג דו ביזט און אז די ליעבע צווישען דיר און דעם פאסטוך איז בלויז געווען אז אפגעמאכטע זאך כדי אפצואווענדען זיין ליעבע פון דיר... אבער ער מעג וויסען אז דו האסט איהם נאך נישט אויפ־געהערט צו ליעבען... און איך בין זיכער אז זינט דאן, האסטו מעהר מיט יענעם פאסטוך אפילו נישט גערעדט. איך בעט דיך דאריבער, שולמית, אייל זיך צו און קום אין ירושלים... מיינע צוויי דיענער וועלען אויף דיר ווארטען און זיי וועלען דיך מיטנעהמען. און אויב עס איז פאר דיר אונמעגליך צו געהן מיט זיי גלייך, זאלסטו מיר יעדענפאלס ענטפערען דורך א בריעף.

"איך האף, אז עס איז נאך נישט צו שפעט... און דו ביזט נאך פריי.

"איך ערווארט דיין קומען מיט גרויס אונגעדולד.

"ב ת ש ב ע".

טרעהרען האבען זיך באוויזען אין שולמית'עס אויגען ווען זי האט גע־ענדיגט לעזען דעם בריעף. איהר פאטער איז געשטאנען א באוישטער פון גליס, און ער האט זיך אפגערופען:

— מיין טאכטער! גאט האט זיך צוגעהערט צו אונזערע תפלות. דו וועסט גלייך פאהרען נאך ירושלים.

— יא, ליעבער פאטער! — האט שולמית געווישט איהרע טרעהרען, — מיר וועלען ביידע נאך אמאל פאהרען... אבער מיין הארץ שרעקט מיך דאך... וועט דער קעניג מיך פארשטעהן... וועט ער מיר גלויבען!

— געוויס וועט ער דיר גלויבען! — האט יואל זיך אפגערופען מיט שטראהלענדע אויגען... וועט דען נישט זיין מוטער באשטעטיגען דיינע ווערטער.

— אבער ער קען דאך מיינען אז זי טהוט עס צוליעב דעם וואס זי איז געגען זיין הייראט מיט דער טאכטער פון פרעה...

— נייז, מיין קינד, דו דארפסט זיך וועגען דעם נישט זארגען. בת שבע איז זעהר קלוג, זי וועט וויסען ווי אזוי צו האנדלען... קום לאמיר זיך נישט פארזאמען און גלייך צוריקפאהרען אין שטאדט... דו זעט זיך אריין אין רייט־וואגען און איך וועל דערווייל טרייבען די שאף אהיים.

— א, נייז, פאטער! — האט שולמית אויסגערופען, — איך וועל דיר נישט לאזען געהן צו־פוס אזא לאנגע שטרעקע... דו זעץ זיך אין וואגען און איך וועל די שאף טרייבען.

יואל האט געוואוסט אז אומזיסט וועלען זיינע רייד זיין... זי וועט נישט

דערלאזען ער זאל טרייבען די שאף אליין און דאריבער איז ער צוגעגאנגען צו די צוויי שלוחים און זיך אפגערופען:

— מיין טאכטער וועט מיט אייך מיטפאהרען אין ירושלים, ווי דעם קעניג'ס מוטער פערלאנגט עס... אבער פריהער וועלען מיר אלע זיך מוזען אומקעהרען צוריק אין שטאדט, כדי זי זאל האבען די מעגליכקייט צו בייטען איהרע קליידער.

— גוט, זאל זי אריין אין אונזער וואגען. עס איז פאראן גענוג פלאץ פאר פיער פערזאן.

— אבער מיין טאכטער קען דאך נישט איבערלאזען די שאף אין פעלד!

— האט יואל געזאגט, — איך האב אפילו געוואלט די שאף אליין טרייבען, אבער מיין טאכטער לאזט מיר דאס ניט טהאן, ווייל זי גלויבט אז איך בין שוין צו אלט פאר דעם.

די צוויי שלוחים האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און דאן האט זיך איינער אפגערופען:

— דו פיהר שולמית'ן מיט איהר פאטער אין שולם און איך וועל די שאף אין שטאדט טרייבען.

יואל איז געווען זעהר צופרידען פון דיזען פארשלאג, און ער האט זיך מיט שולמית'ן אריינגעזעצט אין וואגען און זיינען געפאהרען אין שטאדט... הינטער זיי האט בת שבע'ן דיענער געטריבען די שאף... אלע פאסטוכער וועלכע האבען זיי אויפ'ן וועג באגעגענט האבען גענומען קוועטשען מיט די פלייצעס און לאנג זיי נאכגעפאלגט מיט זייערע אויגען.

שולמית'עס מוטער האט מיט גרויס שפאנונג און זארג ערווארטעט דעם צוריקקעהר פון איהר מאן און טאכטער... כאטש די צוויי פרעמדע מענשען האבען איהר פארזיכערט אז קיין בייז וועט צו שולמית'ן נישט געשעהן, דאך האט איהר הארץ געשראקען. און ווען זי האט פון ווייטען דערזעהן איהר מאן און טאכטער אין וואגען, איז זי זיי אנטקעגען געלאפען.

שולמית איז שנעל ארויס פון וואגען און געפאלען איהר מוטער אויפ'ן האלז.

— וואס האט פאסירט? — האט די מוטער קוים ארויסגערעדט.

— פרידען איז צו אונזער טאכטער און צו אונז אלעמען! — האט יואל איהר געענטפערט. ווארט ביז וואנען מיר וועלען אין הויז אריינגעהן און דאן וועסטו אלעם וויסען.

— און וואו זיינען די שאף? — האט די מוטער אלץ נישט געקענט פארשטעהן וואס דא קומט פאר.

— איינער פון בת שבע'ס דיענער טרייבט די שאף אהיים, — האט יואל שנעל געענטפערט... און ווענדענדיג זיך צו דעם צווייטען דיענער, וועלכער האט דעם רייט־וואגען געטריבען, האט ער איהם איינגעלאדען אריינצוגעהן אין הויז.

— איך וועל ווארטען איז דרויסען ביז וואנען מיין פריינד וועט זיך אומקעהרען מיט די שאף, — האט ער געענטפערט.

שולמית מיט איהר פאטער און מוטער זיינען אריין אין הויז, און זי האט פאר איהר מוטער נאך אמאל איבערגעלייענט בת שבע'ס בריעף.

טרעהרען פון פרייד האבען אנגעפילט די אויגען פון איהר מוטער, און זי האט אויסגערופען.

— מיין טאכטער, ווי אזוי האסטו עס געקענט פון מיר אזא זאך פארבאר־

נען... און איך האב דיר אויך אומזיסט חושד געווען אז דו האסט זיך זעהר שלעכט בעגאנגען געגען קעניג... פון דיין אייגענער מוטער זאלסטו דארפען בעהאלטען אזעלכע זאכען.

— דאס איז מיין שולד! — האט זיך יואל אפגערופען, — דער אפמאר צווישען שולמית׳ן און בת שבע׳ן האט געזאלט בלייבען א סוד... און איך האב געוואוסט אז ווען דו וועסט עס אויך וויסען וועט עס לאנג קיין סוד נישט בלייבען... דו וואלסט זיך נישט געקענט באהערשען און עס דערצעהלט צו אונזערע זיהן און זיי וואלטען עס זיכער צופויקט איבער׳ן גאנצען שטאדט, ביז וואנען עס וואלט דערגרייכט די אויערען פון קעניג.

—און יעצט בעט איך דיך אויך מיין ליעבע מוטער, דו זאלסט דערווייל גארנישט דערצעהלען צו מיינע ברידער וועגען דעם בריעף און וועגען אלעם וואס איז פארגעקומען, — האט שולמית געקושט איהר מוטער.

— אבער, מיין טאכטער, דיינע ברידער וועלען דאך זעהן אז דו פאהרסט נאך ירושלים... וואס פאר א תירוץ וועט מען זיי דערפאר קענען געבען.

— דו וועסט זיי קענען זאגען, אז איך בין גערופען געווארען פון דעם קעניג׳ס מוטער, אבער דעם אינהאלט פון בריעף דארף פאר זיי בלייבען א סוד ביז וואנען אלעס וועט אויסגעגליכען ווערען.

— גוט, מיין טאכטער, איך וועל דיין פערלאנג ערפילען! — האט די מוטער געזאגט, — און ווען פאהרסטו?

— מארגען גאנץ פריה וועט שולמית מיט זיי מיטפאהרען, — האט יואל געענטפערט, — היינט וועט שוין זיין צו שפעט ארויסצופאהרען.

— און דו פאהרסט אויך מיט מיט מיר! — האט שולמית ארומגענומען איהר פאטער.

— איך?! — האט יואל אויסגערופען, — וואס האב איך צו פאהרען... מיר האט דאך בת שבע נישט איינגעלאדען.

— אויב דו פאהרסט נישט מיט מיר, וועל איך אויך נישט פאהרען, — האט שולמית געזאגט.

— געווים וועט ער מיט דיר פאהרען, מיין טאכטער, — האט זיך די מוטער אפגערופען, — און זאל דער באשעפער פון דער וועלט ערפרעהען דיין הארץ און דיר שיקען זיין ברכה פון הימעל.

באלד האבען זיך שולמית׳עס ברידער אומגעקעהרט פון פעלד און זיי זיינען געווארען שטארק איבערראשט צו הערען אז זייער שוועסטער פאהרט ווידער אוועק נאך ירושלים.

אין הויז האט מען זיך גענומען צוגרייטען. די מוטער האט אנגעבאקען און אנגעקאכט גענוג שפייז. אויף מארגען גאנץ פריה האט זיך שולמית מיט איהר פאטער אריינגעזעצט אין רייט־וואגען מיט בת שבע׳ס צוויי דיענער און זיי זיינען אפגעפאהרען נאך ירושלים.

שלמה איז געזעסען אויף זיין טראהן און פארבראכט מיט די חכמים... זיין הארץ איז געווען עטוואס פערביטערט צוליעב זיין ענטוישונג אויך אין נאוסאראן די פרינצעסין פון מצרים.. צוויי מאל האט ער געליעבט און ביידע מאל האבען איהם די פרויען גענארט — האט ער זיך געטראכט... יעצט זעהט ער אז זיין ערשטע מיינונג וועגען פרויען איז געווען ריכטיג... יע, איינע פון טויזענד איז

קיין רעכטע נישטא... זייער צונג טריפט מיט האניג אבער אין הארצען רוהט פאלשקייט און בעטרוג...

— די פרוי איז די גרעסטע רעטענים פון דער וועלט — האט זיך שלמה אפגערופען צו זיינע חכמים — און דער חכם איז נאך ניט געבארען געווארען, וועלכער זאל זי גרינדליך פערשטעהן...

— און איך גלויב אז די פרוי איז גארנישט אזוי שווער צו פערשטעהן ווי דער קעניג מיינט! — האט איינער פון די חכמים איהם געענטפערט — ווען מיר נעמען אין אנבעטראכט אז "נשים דעתן קלות" (פרויען זיינען לייכטזיניג) דאן ווערט דער רעטעניש פערשטענדליך...

— יע, — האט שלמה א ביטערען שמייכעל געטהאן — פרויען זיינען לייכטזיניג, דאס גיב איך צו! פונדעסטוועגען פערדרעהען זיי דעם קאפ פון דעם קלוגסטען און שווערזיניגסטען מאן... צוויי מאל האב איך געהאט צו טהאן מיט פרויען... איך האב געליעבט און געגלויבט אין זייער ליעבע און צום סוף בין איך ביידע מאל ענטוישט געווארען... ווי אזוי קענט איהר דאס ערקלערען!

בת שבע, שלמה'ס מוטער, וועלכע איז אויך דאן געוועזן אין פאלאץ און האט זיך צוגעהערט צו די רייד פון די חכמים און פון איהר זוהן, האט זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און זיך אפגערופען!

— מיין זוהן, מעגליך אז דו און די חכמים האבען רעכט! מאנכע פרויען זיינען טאקע לייכטזיניג... אבער די סבה וואס דער מאן קען די פרוי נישט פער־שטעהן ליגט נישט אין דער פרוי נאר אין דעם מאן זעלבסט!..

— דיינע ווערטער זיינען צו מיר אויך א רעטענים, מיין ליעבע מוטער — איז שלמה צו איהר צוגעגאנגען און איהר א קוש געטהאן אין האנט... זעץ זיך מוטער און ערקלער מיר וואס דו מיינסט דאמיט?!

— איך מיין דאמיט — האט בת שבע זיך צוריקגעזעצט — אז די ליעבע פון א פרוי צו א מאן איז אן אויפריכטיגע און איז נישט קיין אייגענליעבע... א פרוי ליעבט א מאן, איז ווי א מוטער ליעבט איהר קינד... זי איז געגרייט צו ברייגנען דעם גרעסטען קרבן אויף דעם מזבח פון איהר ליעבע... אפילו ווען דער קרבן זאל זיין די ליעבע גופא, וועט די פרוי איהם מקריב זיין אויב דאס גליק פון דעם, וועמען זי ליעבט, פאדערט עס! אבער א מאן'ס ליעבע צו א פרוי איז אין גאנצען אנדערש... פריהער פון אלעס האט ער זיך ליעב... און ווען פון דער שטארקער אייגעליעבע, ענטוויקעלט ער אויך א ליעבע פאר דער פרוי, איז זיין אייגענליעבע אזוי שטארק אז ער וועט נישט אויפגעבען זיין ליעבע פאר דער פרוי, ווען איהר גליק וועט עס פאדערען... ער וועט זאגען דאס ער איז איהר געטריי... אבער אין דער אמת'ן איז ער זיך זעלבסט געטריי און יעצט ווי אזוי קען דער מאן פערשטעהן די פרוי, וועלכע איז פעהיג צו ליעבען אזוי שטארק, אז זי איז גרייט אויפצוגעבען איהר ליעבע פון איהר ליעבענדען, ווען די אומ־שטענדען ברייגנען דאס איהר ליעבע קען ווערען א שטערונג צו דעם גליק פון איהר געליעבטען...

שלמה און די חכמים האבען אנגעקוקט בת שבע'ן מיט פערוואונדערונג... זיי האבען נישט געקענט פערשטעהן ווי אזוי דעם קעניג'ס מוטער האט גענומען אזא שטעלונג וועגען ליעבע... זי האט זיכער א כונה ווענגן דעם... אויב אזוי, וואס זאל דאס בעדייטען?

— מוטער, מיין ליעבע מוטער! — האט שלמה זיך אפגערופען, דו ביזט די איינציגע פרוי וועמען איך האב אימערצו פערשטאנען... דיינע ווערטער האב איך אלעמאל געוואויגען און געמאסטען... דו ביזט שטענדיג געווען מיין וועג־ווייזער... דו האסט מיר געלערענט ווי זיך צו בעגעהן מיט די מענשען וועלכע רינגלען מיר ארום... און יעצט אבער איז מיר שווער צו פערשטעהן קעגען וואס דו צילעוועסט דיינע ווערטער... האב איך דען נישט לאנג צוריק בעוויזען ווי פאלש און בעטריגעריש א פרוי קען זיין... זי וועט זיך נישט אפשטעלען ארונ־טערצוהאקען איהר מאן'ס קאפ, אבי זי זאל ערררייכען איהר גליק... האט נחמה געטראכט פון איהר קינדער וועמען זי האט אזוי ליעב, אז זי וועט זיי בערויבען פון זייער פאטער...

— יע, מיין זוהן! עס זיינען פאראן אויסנאמען צווישען פרויען אויך... איך גיב צו, אז א פרוי איז גענייגט צו זיין מעהר לייכטזיניג ווי א מאן... אבער אין דער זעלבער צייט, איז איהר אמת'ע אויפריכטיגע ליעבע שטארקער פון אלעס אין דער וועלט... ווען זי ליעבט, האט זי זיך זעלבסט גארנישט אין זינען, זי טראכט נישט פון קיין אנדערע מענער נאר פון איהר געליעבטען...

— נו, מוטער, און שולמית?! האט זי מיר אויפריכטיג געליעבט?! — האט שלמה מיט א ביטערען שמייכעל געפרעגט.

— שולמית א שולמית! — האט בת שבע אויסגערופען און זיך אפגע־האלטען.

— יע, שולמית! דו ווייסט דאך ווי שטארק זי האט מיר געליעבט! קענסטו דען עס אנרופען א ליעבע פון זעלבסט אפפערונג? — האט שלמה ווייטער געפרעגט.

— יע! — האט בת שבע אויסגערופען — שולמית'ס ליעבע צו דיר איז געווען די ריינסטע און הייליגסטע ליעבע וואס א פרוי קען געבען דעם מאן!

— מוטער! דו זאלסט אזוי ריידען! ווייסטו דען נישט ווי שולמית האט מיר פערראטען צו דעם פאסטוך!... זי האט מיר די גאנצע צייט גענארט; זי האט מיר פערזיכערט, אז זי ליעבט מיר, אין דער צייט ווען איהר הארץ האט בעלאנגט צו א צווייטען, א פאסטוך פון איהר שטאדט...

— דאס צייגט מיר, מיין זוהן אז דו האסט איהר נישט פערשטאנען!

— נישט פערשטאנען! אה, מוטער ווי אזוי קענסטו אזוי טראכטען?!.. האט זי דען פלוצלונג פון מיר נישט געבעטען ערלויבנים צו פאהרען אהיים, צו איהר געבורטסשטאדט און ווען איך בין געקומען איהר בעזוכען האב איך איהר געטראפען אין פעלד, זינגענדיג ליעבעס ליעדער צו דעם פאסטוך... יע, די די זעלבע ליפען, וועלכען האבען צו מיר געזונגען ליעדער פון ליעבע, האבען נאכהער געטהאן די זעלבע זאך צו א צווייטען!... וועסטו עס דען נישט אנרופען פערראט! איז עס דען נישט פאלשקייט און בעטרוג!

— אה, מיין זוהן! ווען דו וואלסט איהר נאר פערשטאנען! — האט בת שבע אויסגערופען — דאן וואלסטו אנדערש געטראכט פון שולמית'ן! דאן וואלסטו אויך פערשטאנען מיינע פריהערדיגע ווערטער אז א פרוי קען אפפערען א קרבן אויף דעם מזבח פון איהר ליעבע, אפילו איהר ליעבע גופא!...

— און דו מיינסט, מוטער אז שולמית האט איהר ליעבע איבערגעטראגען צו דעם פאסטוך, ווייל זי האט מיר שטארק געליעבט!

— איך האב דעם מינדסטען צווייפעל נישט אין דעם!

— פון וואנען דרינגסטו עס אזוי, מיין ליעבע מוטער! רופסטו עס אז "א קרבן" ווען א פרוי טראגט איבער איהר ליעבע צו א צווייטען, ווייל זי האט איהם מעהר ליעב ווי דעם ערשטען... יע, מעגליך אז זי האט דעם קרבן מקריב געווען פאר דעם פאסטוך... זי האט צוליעב איהם פארלארען די קרוין... אבער פאר איהר ליעבע צו מיר האט זי גאר קיין קרבן נישט געבראכט...

בת שבע האט אנגעקוקט איהר זוהן... זי האט געזעהן מיט וואס א פער־ביטערונג ער רעדט פון שולמית'ן... זי איז געווען גרייט איהם אלעס צו דער־צעהלען... זי איז אבער נישט געווען זיכער, אויב עס איז יעצט די צייט דערצו... זי וועט דאך מוזען נעהמען די גאנצע שולד אויף זיך... ניין! זי וועט שוין צו־ווארטען ביז וואנען שולמית וועט אנקומען... צוזאמען מיט איהר וועט איהר אנ־קומען גרינגער צו ערקלערען איהר זוהן די גאנצע לאגע... דאן וועט ער זיך ארומזעהן, אז זיי ביידע, האבען אין זינען געהאט בלויז זיין גליק...

— מיין זוהן — האט זי זיך צו איהם אפגערופען — עס וועט לאנג נישט דויערען און אלעס וועט צו דיר קלאר ווערען.

— אבער מוטער! — האט שלמה זיך מעהר נישט געקענט בעהערשען — ווי איך זעה פערבארגסטו עפעס פון מיר... שוין נישט איינמאל האב איך פון דיר געהערט לויב געזאנג וועגען שולמית'ן, און איך געדענק נאך יעצט גאנץ גוט, אז דעם ערשטען מאל ווען איך האב דיר דערצעהלט וועגען מיין ליעבע צו שולמית'ן, ביזטו געווען דאגעגען... עס האט מיר גענוג מיה געקאסט איידער איך האב דיר איבערצייגט אז שולמית איז ווערט געווען געליעבט צו ווערען פון מיר... און יעצט זוכסטו מיר גאר איבערצוצייגען אז שולמית האט מיר נישט פערראטען און אז איהר ליעבע צו מיר איז געווען הייליג און ריין!

— גלויב מיר מיין זוהן, אז איך בין נישט מגזם ווען איך רייד אזוי פון איהר... איך פערזיכער דיר אז איך וואלט פון נאגסאראן די מצרית אזוי נישט גערעדט...

— און איך בין איבערצייגט אז די פרינצעסין פון מצרים האט מיר נישט פערראטען... זי האט מיר ליעב!... און זי טראכט גאר נישט וועגען א צווייטען מאן... און דאס וואס זי האלט נישט איהר ווארט און קומט נישט צו מיר ווי זי האט מיר פערשפראכען, איז זי אין דעם אויך נישט שולדיג... איהר פאטער פרעה איז אין דעם שולדיג... ער דערלאזט נישט אז זי זאל קומען צו מיר נאך ירושלים...

— איך ווייס נישט מיין זוהן, ווי אזוי דו קענסט גאר צוגלייכען נאגסאראן צו שולמית'ן!... ערשטענס איז שולמית א סך שעהנער פון פרעה'ס טאכטער און ווידער איז זי דאך איינע פון דיין פאלק!

— אבער נאגסארא איז דאך א פרינצעסין! — האט שלמה א שמייכעל געטהאן — און זי האט מיך ליעב... און א חוץ דעם ווייסטו דאך וואס מיין הייראט מיט איהר וועט מיינען פאר מיין לאנד און פאלק!

— דיין פאטער דוד האט קיינמאל זיך נישט געזוכט זיך משדך צו זיין מיט א טאכטער פון דעם קעניג פון מצרים, פונדעסטוועגען האט איהם גאט גע־האלפען און ער האט בעזיגט אלע זיינע שונאים!

— אבער איך וויל נישט פיהרען קיינע מלחמות, איך וויל לעבען בשלום

מיט אלע ארומיגע פעלקער, און מיין הייראט מיט נאגסארא'ן וואלט געמיינט א גרעסערע פערזיכערונג פון שלום... בפרט נאך יעצט ווען איך האב זיך אונ־טערגענומען צו בויען אזא וואונדערבארען בית המקדש פאר גאט...

בת שבע האט געשוויגען... זי האט געזעהן אז די בעהויפטונג וואס איהר זוהן מאכט וועט זי נישט קענען אפשוואכען... זי האט דעריבער געהאפט אז נאגסארא וועט אזוי גיך נישט קומען און דערווייל וועט זי שלמה'ן צוזאמענז ברייגגען מיט שולמית'ן און ווען ער וועט מיט איהר חתונה האבען פריהער, דאז וועט איהר שוין נישט ארען וועגען דער פרינצעסין פון מצרים... איהר געוויסען וועט דאן זיין ריין... שולמית וועט נישט דארפען ליידען פאר איהר געטרייהייט און זעלבסט אפפערונג...

בת שבע האט געהאפט און געווארט אויף דעם ענטפער פון איהרע דינער. זי איז געווען זיכער אז שולמית וועט מיט זיי אויך קומען... און דאן וועט זי אלעס קלאר מאכען פאר איהר זוהן!

דערווייל האט מען מודיע געווען שלמה'ן אז אייניגע דינער פון פרעה'ן זיינען אנגעקומען אין ירושלים און זיי געפינען זיך נעבען פאלאץ.

— שיקט זיי אריין! און וואס שנעלער! — האט שלמה אויסגערופען מיט פרייד.

— איך בין זיכער אז זיי האבען מיר געבראכט גוטע נייעס! — האט ער זיך אפגערופען צו זיין מוטער און צו די חכמים...

פרעה'ס דינער זיינען אריין אין פאלאץ און פאלענדיג מיט זייערע פנים'ער צום באדען האט דער עלטסטער פון זיי זיך אפגערופען:

— מיר זיינען געשיקט פון אונזער קעניג פרעה'ן אנצוזאגען דעם קעניג שלמה, דאס ער און די פרינצעסין נאגסארא געפינען זיך אין ארץ ישראל, נישט ווייט פון באר שבע און וועלען קירצליך אנקומען אין ירושלים.

— גיט איבער אייער קעניג און זיין טאכטער אין מיין נאמען, אז געבענשט זאל זיין זייער קומען אין מיין לאנד — האט שלמה קוים איינגעהאלטען זיין פרייד — זיי זיינען ווילקאמען אין מיין לאנד...

שלמה האט גלייך גענומען מאכען די נויטיגע הכנות מקבל פנים צו זיין נאגסארא'ן מיט איהר פאטער. די גאסען פון ירושלים זיינען אויסגעפוצט גע־ווארען, און די ארמעען זיינען געווען געגרייט אנטקעגען צו געהן די וויכטיגע געסט.

---

פרעה, זיין טאכטער און זייערע בעגלייטער האבען געלאגערט אין באר שבע... דארטען האבען זיי זיך אפגערוהט... מען האט אויסגעשפאנט די פערד, און ארונטערגענומען די משא פון די קעמלען און זיי האבען זיך דארט רוהיג געפיטערט...

פלוצלונג האבען זיך צוויי פון פרעה'ס בעסטע פערד, פון עפעס דערשראקען און אנגעהויבען צו לויפען... די אויפזעהער פון די פערד האבען גלייך גענומען נאכלויפען, אבער די פערד זיינען פערשוואונדען געווארען פון זייערע אויגען...

ווען פרעה האט זיך דערפון דערוואוסט, האט עס איהם שטארק פערדרא־סען... ער האט די פערד שטארק ליעב געהאט און יעצט ווען ער איז שוין אין

דעם לאנד פון שלמה׳ן, זאל ער זי גאר פארלירען. דעריבער האט ער ארויס־געשיקט פיעלע פון זיינע דינער זיי זאלען אויפזוכען די פערד.

די דינער צוזאמען מיט די אויפזעהר האבען אוועקגעריטען אויף אנדערע פערד און זיינען שנעל געלאפען אין דער ריכטונג וואוהין פרעה׳ס פערד זיינען אנטלאפען...

נאך א האלבען טאג פון זוכען, האבען זיי זיך דערוואוסט אז זייער קעניג׳ס פערד געפינען זיך אין דער שטאדט גזר...

ווען פרעה׳ס דינער זיינען צוגעקומען צו די טויערען פון שטאדט און האבען איבערגעגעבען די שומרים ווער זיי זיינען און נאר וואס זיי זיינען געקומען, האבען זיך די שומרים פון זיי אויסגעלאכט...

— מיר זיינען נישט פון די ישראלים! — האט א בעאמטער זיי געזאגט — און פרעה קומט נישט צו אונז... און דעריבער וועלען מיר די פערד נישט ארויס־געבען...

— מיר זיינען כנענים, אונז האבען אפילו די ישראלים נישט געקענט ביי־קומען... און אין דער צייט ווען זייער העלד יהושע האט איינגענומען כמעט גאנץ כנען, האט ער דאך אונז צורוה געלאזען, ווייל ער האט געוואוסט אז מיט אונז וועט ער זיך נישט קענען אנפאנגען... אונזער שטאדט איז גוט בעפעסטיגט און די איינוואוהנער זיינען שטארק... און נישט דוד און נישט זיין זוהן שלמה, האבען ווען עס איז פרובירט מאכען אפילו א פערזוך מלחמה צו האלטען מיט אונז... דעריבער געהט זיך אייער וועג און די פערד וועלען מיר אייך נישט ארויסגעבען!

פרעה׳ס שלוחים זיינען זעהר ערשטוינט געווארען צו הערען אזעלכע רייד פון די כנענים... זיי האבען זיך אויך געוואונדערט ווי אזוי שלמה דערלאזט עס אז א פערמעדעס פאלק זאל וואהנען אין ארץ ישראל, וואס רעדט אזוי חוצפה׳דיג וועגען די אידישע קעניגע... זיי האבען זיך צוריקגעקעהרט און איבערגעגעבען פרעה׳ן וואס עס האט פאסירט...

פרעה איז אויסער זיך געווארען פון אויפרעגונג און בעס... אזא קליין פאלק זאל איהם אזוי בעהאנדלען!... זיי האבען נישט געוואלט ארויסגעבען די פערד, וויסענדיג אז די פערד בעלאנגען צו איהם...

— ביי די געטער פון מצרים שווער איך! — האט פרעה אויסגערופען צוזאמענדריקענדיג זיין פויסט — אז איך וועל פון דער כנענ׳ישער שטאדט גזר, נישט איבערלאזען קיין שריד און פליט... איך וועל צייגען די מאכט פון פרעה, דעם קעניג פון מצרים...

— זאל איך צוגרייטען אונזער ארמעע פאר דער מלחמה?! — האט דער עלטסטער פון די גענעראלען זיך אפגערופען צו פרעה׳ן.

— ניין, נישט יעצט! — האט פרעה אויסגערופען — דער קעניג שלמה ערווארט אונז... מיר וועלען פריהער געהן נאך ירושלים... איך וויים ווי אומגע־דולדיג נאגסארא איז. און ווען מיר וועלען האבען פערברענגט עטליכע טעג מיט דעם קעניג שלמה׳ן, דאן וועל איך מיטנעמען מיין גדוד גבורים און געהן טהאן צו דער שטאדט גזר ווי איך האב געשווארען.

פרעה און די איבעריגע האבען פארגעזעצט זייער רייזע נאך ירושלים און

ווען זיי זיינען דארטען אנגעקומען, איז שלמה זיי ארויס מקבל פנים זיין מיט גרויס פאראד און יובעל.

א פייערליכער מאלצייט איז געווען צוגעגרייט פאר דעם קעניג פון מצרים און פאר דער פרינצעסין.

בשעת דעם מאלצייט האט זיך פרעה אפגערופען צו שלמה׳ן — ווען איך האב געהערט פון דיין חכמה און גרויסקייט, האב איך קיין אויפמערקזאמקייט נישט געשענקט צו דעם... איך ווייס אז מענשען האבען ליעב מגזם צו זיין... דאז האב איך געמאכט א פערזוך דיר אפצונארען... אבער מיט דיין גרויס פער־שטאנד, האסטו זיך גלייך געכאפט, און דיין קלוגער איינפאל האט מיר און מיינע מיניסטארען אזוי בעגייסטערט, אז איך האב נאכגעגעבען דעם וואונש פון מיין טאכטער זי זאל דיר געהן בעזוכען... זי האט זיך פון דיר אומגעקעהרט מיט נאך מעהר בעגייסטערונג און זי האט מיר דערצעהלט, אז איהר ביידע האט בעשלאסען חתונה צו האבען, און איך בין יעצט צו דיר געקומען צו געבען מיין הסכמה און אויך צו זיין אנוועזענד אויף אייער חתונה....

נאגסארא האט געוואָרפען א ליעבליכען שמייכעל צו שלמה׳ן און שלמה האט איהר געענטפערט מיט א שמייכעל.

— איך בין זעהר גליקליך — האט שלמה זיך אפגערופען צו פרעה׳ן, אז דו ביזט געקומען צו מיר מיט דיין טאכטער... דו בעזיצסט אזא זעלטענעם אוצר און יעצט ווילסטו עס מיר אנפערטרויען...

— און איך בין שטאלץ און גליקליך דיר פאר מיין איידעם צו האבען — האט פרעה איהם געזאגט — יעצט זאג מיר, שלמה אויף ווען האסטו בעשטימט די חתונה מיט נאגסארא׳ן.

שלמה האט א ווייל א טראכט געטאן און נאכהער האט ער זיך אפגערופען:

— אין א וואך ארום וועל איך פייערען די חתונה מיט דיין טאכטער.

— דאס איז אביסעל צו שנעל! — האט פרעה געזאגט — איך ווייס נישט אויב איך וועל זיין פארטיג ביז יענער צייט...

— פאטער! — האט נאגסארא זיך אפגערופען — איך פערשטעה דיר נישט. וואס מיינסטו דו וועסט נישט זיין פארטיג ביז יענער צייט... זיינען מיר דען נישט געגרייט מיט אלעם! די חתונה קען אפילו מארגען פארקומען...

— מיין טאכטער! — האט פרעה א שמייכעל געטהאן — איך בין נאך נישט צוגעגרייט מיט דיין נדן... דיין מאן האט פערדינט אז איך זאל איהם געבען א גוטען נדן.

שלמה און די איבעריגע האבען זיך הארציג פאנאנדערגעלאכט פון פרעה׳ס ווערט...

— איך מיין עס גאנץ ערנסט — האט פרעה זיך אפגערופען.

— אבער פאטער דער קעניג פארלאנגט עס דאך פון דיר נישט — האט נאגסארא אויסגערופען און געווענדעט איהרע בליקען צו שלמה׳ן...

— ביי אונז איז א מנהג אז דער חתן דארף געבען מוהר (נדן) צו דעם פאטער פון דער כלה — האט שלמה זיך אפגערופען — און ביי מיר איז עס אלעם צוגעגרייט און קיין אפהאלט וועט צוליעב דעם נישט דארפען פארקומען!

— אבער אין דיזען פאל וועל איך זיין דער יעניגער וועלכער וועט געבען נדן דעם חתן פון מיין טאכטער — האט פרעה געענטפערט.

אלע האבען געקוועטשט מיט די פּלייצעס... קיינער האט נישט פערשטאנען וואס פרעה מיינט דערמיט.

— יעצט וועל איך דיר עפּעס פרעגען — האט פרעה זיך געווענדעט צו שלמה'ן — ערקלער מיר ווי אזוי איז דאס מעגליך אז אין דיין לאנד וואס איז אזוי מעכטיג און גרויס זאל זיך געפינען א שטאדט מיט א פרעמד פאלק און זיי זאלען זיך פיהלען אזוי זיכער אז זיי קענען ריידען מיט אזוי פיעל חוצפה...

— וואס מיינסטו, מיין קעניג! — האט איהם שלמה געפרעגט.

— איך מיין טאקע וועגען דער שטאדט גזר, וואס געפינט זיך אין ארץ ישראל... ווי אזוי איז דאס מעגליך אז די כנענים די איינוואהנער פון גזר מיט זייער קעניג, זאלען אזוי פיעל יאהר שטעהן אומבערירט... אזא שטאדט מיט א פרעמד פאלק וועט דאך אלע מאל זיין א גרויסע שטערונג צו דער ענטוויקלונג פון דעם לאנד...

— ווען מיינע אורעלטערען, אונטער די פיהרערשאפט פון יהושע'ן האבען איינגענומען ארץ ישראל, האבען זיי איבערגעלאזען די שטאדט גזר, מיט איהרע איינוואהנער... שפּעטער צו, ווען אונזער מלוכה איז מעכטיג געווארען, זיינען מיינע עלטערען געווען פערנומען מיט די מלחמות פון די ארומיגע פעלקער, ווי די פלשתים, די עמונים, עמלקים און פיעלע אנדערע און אזוי לאנג ווי די כנענים האבען נישט געזוכט שלעכטעס צו טהאן צו זיי, האבען אונזערע עלטערען זיי געלאזען... און אפילו מיין פאטער, דוד, האט זיי נישט געטשעפּעט... ווייל אלע זיינע טעג האט ער מלחמה געהאלטען מיט די ארומיגע פעלקער ביז וואנען ער האט זיי אלעמען בעזיעגט...

— און דו?! — האט פרעה איהם געפרעגט פערוואונדערט, איז ביי דיר רעכט איבערצולאזען די שטאדט גזר אין די הענט פון די כנענים... ווייסטו דען נישט אז דאס וועט א סך שטערען צו דער ענטוויקלונג פון דעם לאנד... דו האסט געקענט בויען א קירצערען וועג פון ירושלים ביז דעם ים, דורך גזר...

— איך ווייס עס! — האט שלמה געענטפערט.

— ווי אויב אזוי, וואס האלט דיר אפּ מלחמה צו האלטען מיט זיי און זיי פערניכטען און פריי מאכען דיין לאנד פון פרעמדע פעלקער?

— איך וועל דיר ערקלערען די אורזאכע — האט שלמה זיך אפּגערופען צו איהם — ווען מיין פאטער האט געוואלט בויען א בית המקדש פאר גאט, האט איהם גאט דורך זיין נביא עס פערבאטען צו טהאן... ווייל מיין פאטער האט פיעל בלוט פערגאסען און דער בית המקדש דארף געבויט ווערען דורך הענט, וועלכע זיינען ריין פון בלוט פערגיסונג. דעריבער האב איך בעשלאסען צו לעבען בשלום מיט אלע איבעריגע פעלקער... איך זוך ווי ווייט מעגליך אויס־צומיידען מלחמות און דערווייל האט עס מיר געגאלטען און צוליעב דעם, האב איך צורוה געלאזען די איינוואהנער פון גזר...

— אבער ווי איך פערשטעה, ריידען זיך די כנענים איין, אז דאס וואס מען לאזט זיי צורוה, איז דאס ווייל זיי זיינען גאנץ מעכטיג...

— אבער פון וואנען נעהמסטו דאס אז זיי זיינען ביי זיך אזוי גענארט דאס זיי גלויבען אז איך טו זיי נישט קיין שלעכטס ווייל איך האב פאר זיי מורא.

— דאס נעהם איך פון זייער גרויס חוצפה, וואס זיי האבען געענטפערט מיינע קנעכט.

— דיינע קנעכט ? ! ווי קומען דיינע קנעכט אין גזר.

— צוויי פון מיינע בעסטע פערד זיינען אנטלאפען געווארען און ווען מיינע קנעכט האבען אויסגעפונען אז זיי געפינען זיך אין גזר, זיינען זיי אהין געגאנגען און געבעטען אין דיזן נאמען מען זאל זיי די פערד ארויסגעבען. אבער זיי האבען זיך אויסגעלאכט, זאגענדיג אז דער קעניג פון ישראל, האט מורא זיי זאלען נישט קומען און איינגעהמען די שטאדט ירושלים! — פאר אזא חוצפה האבען זיי זיכער פערדינט דעם טויט...

שלמה האט זיך פאנאנדערגעלאכט...

— דאס דערמאנט מיר אן א קאמישע געשיכטע פון צוויי טויבען.

— דערצעהלט מיר! — האט פרעה איהם געבעטען — איך וויים אז דו האסט אויף יעדער זאך א משל און געוויס האסטו אויך א משל פאר די פוסטע בעל גאוה׳ם פון גזר.

— איינמאל ווען איך בין געזעסען ביי מיין אפענעם פענסטער פון פאלאץ — האט שלמה אנגעפאנגען מיט א שמייכעל — דערהער איך ווי איין טויב רעדט צו דער צווייטער:

— "ווער דענקסטו איז דער קעניג שלמה, און וואס מיינסטו איז זיין פאלאץ, ווען איך זאל נאר וועלען קען איך חרוב מאכען זיין פאלאץ און אלעס וואס עס געפינט זיך דארטען".

ווען איך האב דאס דערהערט, האב איך צוגערופען די טויב און זיך צו איהר אפגערופען מיט כעס:

— ווי אזוי וואגסטו צו ריידען אזוי וועגען מיר און מיין פאלאץ?

די טויב האט זיך גענומען פאר מיר בעטען און וויינען איך זאל איהר מוחל זיין.

— די אנדערע טויב פאר וועמען איך האב זיך בעריהמט איז מיין ווייב... און דו וויים דאך ווי אן ""ער" האט זיך ליעב צו בעריהמען פאר א "זי"... איך האב געוואלט אויסקוקען ווי א העלד אין איהרע אויגען... דעריבער האב איך דאס אזוי געטהאן.

— דיעזען מאל בין איך דיר מוחל — האב איך זיך אפגערופען צו דעם "העלד", אבער מעהר זאלסטו עס אזוי נישט טהאן.

די טויב האט מיר פערשפראכען און איז צוריקגעפלויגען צו זיין ווייב...

— וואס האט דער קעניג פון דיר געוואלט? — הער איך ווי זיין ווייב פרעגט איהם.

— וואס פערשטעהסטו נישט — האב איך געהערט ווי ער ענטפערט איהר — ווען דער קעניג האט דערהערט אז איך האב אין זינען חרוב צו מאכען זיין פאלאץ האט ער מיר צוגערופען און זיך גענומען בעטען ביי מיר, איך זאל עס נישט טהאן, איך זאל איהם נישט אומגליקליך מאכען... און איך האב טאקע אויף איהם רחמנות געקראגען און איהם צוגעזאגט אז איך וועל איהם קיין שלעכטס נישט טהאן.

פרעה, נאגסארא און אלע איבעריגע האבען הארציג געלאכט פון שלמה׳ס חכמה און שלמה האט פארטגעזעצט:

— אזוי איז שוין דער נאטור פון מענשען... יעדער האט זיך ליעב צו בעריהמען און בפרט ווען ער וויים אז ער וועט זיך ארויסדרעהען פון א שטראף

די כנענים ווייסען גאנץ גוט מיין בעשלוס נישט צו פיהרען קיין מלחמות און דעריבער לאזען זיי זיך וואוילגעהן און באריהמען...

— אבער אויב דו האסט בעשלאסען נישט צו פיהרען קיין מלחמות, וועל איך דיעזען מאל דאס טהאן פאר דיר! — האט פרעה אויסגערופען — איך וועל מלחמה האלטען מיט די כנענים און די שטאדט גזר וועל איך דיר געבען אלס נדן פאר מיין טאכטער... יעצט זעהסטו שוין מיין טאכטער וואס איך האב געמיינט ווען איך האב דיר געזאגט אז איך בין נאך נישט צוגעגרייט מיט דיין נדן...

אויף מארגען האט פרעה מיטגענומען זיין גדוד גבורים און די גענעראלען און איז געגאנגען מלחמה האלטען מיט די כנענים פון דער שטאדט גזר...

ווען דער קעניג פון גזר האט דערהערט אז פרעה דער קעניג פון מצרים איז געקומען מלחמה האלטען מיט איהם, האט ער זיך שטארק דערשראקען. ער האט שנעל צוזאמענגעקליבען זיינע סאלדאטען... פריהער האט ער ארויסגעשיקט די צוויי פערד, וועלכע האבען בעלאנגט צו פרעה'ן דורך א שליח, און ער האט זיך ענטשולדיגט פאר פרעה'ן.

פרעה האט אבער פון גארנישט געוואלט הערען... ער האט מיט זיינע העלדען גענומען שטורמען די שטאדט און עס האט נישט לאנג געדויערט און פרעה האט איינגענומען גזר. ער האט אונטערגעצונדען די גאנצע שטאדט און אלע איינוואהנער פון גזר האט ער אויסגעשלאכטעט מיט דעם שווערד. און אין איינינע טעג ארום, האט פרעה זיך אומגעקעהרט אין ירושלים און זיך אפגערופען צו שלמה'ן:

— מיין טאכטער'ס נדן איז געגרייט. די שטאדט גזר גיב איך דיר אפ אלס איהר נדן, דו קענסט בעשטימען די חתונה צו יעדער צייט.

מיט צוויי טעג שפעטער איז פארגעקומען די חתונה פון שלמה'ן מיט נאנסארא'ן, די פרינצעסין פון מצרים...

## בת שבע דערצעהלט...

גאנץ ארץ ישראל האט געפייערט די חתונה פון זייער בעליעבטען קעניג מיט דער פרינצעסין פון מצרים... בניהו דער זוהן פון יהוידע, שלמה'ס הויפט שר צבא, האט ארויסגעשיקט רייטער אויף פערד און זיי האבען פערשפרייט די נייעס.

שולמית מיט איהר פאטער זיינען געזעסען אין דער קארעטע מיט בת שבע'ס צוויי דיענער און זיי זיינען געפאהרען אין דער ריכטונג פון ירושלים... דער וועג איז געוועזען גאנץ לאנג, און זיי האבען עטליכע מאל זיך אפגעשטעלט אין א דארף אדער א שטעדטעל זיך אפצורוהען און צו קריגען פרישע שפייז.

וואס נעהענטער זיי זיינען געקומען צו ירושלים, אלץ שטארקער האט שולמית'עס הארץ געקלאפט פון פרייד און גליק...

באלד וועט דער קעניג וויסען פון אלעס — האט זי זיך געטראכט — ער וועט וויסען אז זי האט איהם קיינמאל נישט פערראטען. אז זי האט ליעב געהאט בלויז איהם. און איהם וועט זי ליעב האבען ביז די ענדע פון איהרע טעג...

זי האט ארויסגענומען בת שבע'ס בריעף און איהם ווידער דורכגעלעזען... יע, זי איז יעצט זיכער אז בת שבע איז נישט געוועזען דאגעגען שלמה זאל מיט איהר הייראטען, ווייל זי האט געהאלטען אז זי איז נישט פאסענד פאר דעם קעניג,

ארער ווייל זי האט איהר נישט געגליכען... דיזער בריעף איבערצייגט איהר אז דעם קעניג'ס מוטער האט איהר ליעב געהאט, אבער מורא האבענדיג אז ווען שלמה ווערט מיט איהר חתונה האבען, וועט דאס פאלק מיספערשטעהן און גלויבען אז אדוניה איז געטויטעט געווארען צוליעב איהר, האט בת שבע דערי־בער דאן פון איהר פערלאנגט זי זאל איהם אויפגעבען... יעצט אבער וועט פאר שלמה'ן אלעס קלאר ווערען... ער וועט וויסען אז דאס וואס ער האט איהר גע־טראפען מיט דעם פאסטוך... איז דאס געטהאן געווארען מיט דער עצה פון זיין אייגענער מוטער און מיט דער כונה אפצואווענדען זיין ליעבע צו איהר... זי וויים נישט אויב שלמה וועט איהר ווידער ווען עס איז קענען ליעב האבען ווי פריהער, אבער זי וועט זיך דאך פיהלען א סך גרינגער, ווען זי וועט וויסען אז שלמה האלט איהר מעהר נישט פאר קיין פערברעכערין... ווען ער וועט איינזעהן דעם גרויסען קרבן וואס זי האט געבראכט פאר זיין גליק...

שולמית האט גענומען טראכטען ווי דער קעניג וועט איהר נעמען בעהאנד־לען נאכדעם ווען ער וועט דעם אמת וויסען. איהרע חלומות האבען זיך צו איהר ווידער צוריקגעקעהרט... אויף איהרע געדאנקען האבען ארויפגעשוואומען יענע גליקליכע צייט, אין שלמה'ס גארטען, ווען דער קעניג האט פאר איהר וואונדער־בארע ליעדער געזונגען און זי האט איהם מיט ליעבע ליעדער געענטפערט... ווער וויים... אפשר וועט זי פון יעצט אן ווידער גליקליך זיין?... זי האט שוין גענוג געליטען... וועט רי זין א שיין טאהן פאר איהר; נאך דעם ווי די הימלען איבער איהר זיינען געווען אזוי פערוואלקענט און שווארץ?

זיי דערנעהענטערען זיך צו די טויערען פון ירושלים... פאר איהרע אויגען נעמען זיך בעווייזען די פראכטפולע פאנאראמא פון דער וואונדערשטאדט... יע־דער בוים איז איהר אזוי בעקאנט... אט פאהרען זיי שוין אריין אין שטאדט... צו איהרע אויערען דערגרייכען שאלען יובעל געשרייען און געזאנגען... א ציטער איז דורך איהר לייב... וואס זאל עס בעדייטען?...

— איז דען היינט א יום טוב אין ישראל? — האט שולמית שטילערהייט א פרעג געטהאן איהר פאטער.

יואל האט זיך אויך אויפגעכאפט פון זיינע זיסע געדאנקען... זעהר זיסע חלומות האט ער געטרוימט... ער פאהרט יעצט צום קעניג אין פאלאץ... דעם קעניג'ס מוטער רופט צוריק זיין טאכטער... געוויס וועט זי באלד געקרוינט ווערען אלס קעניגין... שולמית וועט ווערען די פרוי פון דעם קעניג... קען דען זיין א בעסערער גליק פאר זיין גאנצע משפחה?!...

— הא, מיין טאכטער, וואס האסטו מיר געפרעגט — האט יואל זיך אפ־גערופען צו שולמית'ן.

— איך האב דיר געפרעגט — האט זי ווידערהאלט — איז דען היינט א יום טוב אין ישראל?...

— מיין קינד — האט ער איהר געענטפערט מיט א שמייכעל — איז דען א קליינער יום טוב פאר אלע איינוואהנער פון ירושלים, ווען דו קומסט צוריק צום קעניג?... יע, דו ווייסט דאך ווי שטארק בעליעבט דו ביזט געווען ביים פאלק... און יעצט, האט מען וואהרשיינליך אנגעזאגט בת שבע'ן אז דו קומסט...

און די גרויסע שמחה איז לכבוד דיין קומען... דאס פאלק זינגט, שאלט און פרעהט זיך מיט דיין קומען, ווייל דער קעניג אליין פרעהט זיך...

— אה ניין! פאטער דו מאכסט א טעות... קיינער ווייס גאר נישט אז מיר קומען אן... אפילו בת שבע אליין איז אויך נישט זיכער אויב איך וועל צוריקקומען... זי צווייפעלט אויב איך בין נאך פריי ... דאס פייערען פון פאלק בעדייט עפעס אנדערש!

— בת שבע האט געווים ארויסגעשיקט מענשען אויף'ן וועג און זיי האבען איהר געמאלדען אז קומסט אן... און צוליעב דעם מאכט זי דעם פאראד... יע, מיין טאכטער דאס איז פאר דיר א שעהנע אויפנאהמע וואס דעם קעניג'ס מוטער האט איינגעריכטעט...

שולמית'עס הארץ האט א צאפעל געטהאן... זי ווייס אז עס איז אוממעגליך... דאך אבער האבען איהר פאטער'ס ווערטער געמאכט אויף איהר אן אונגעהויער גרויסען רושם...

די געזאנגען און הילכיגע געשרייען זיינען אלץ שטארקער געווארען, ווען זיי זיינען וואס טיעפער אין שטאדט אריינגעפאהרען... זי האט בעמערקט ווי דער המון טאנצט און שפרינגט פון פרייד... מוזיק שפיעלט אין די גאסען, און ווי עס ווייזט אוים בעמערקט זיי גאר קיינער נישט...

בת שבע'ס צוויי דינער וועלכע זיינען געפאהרען צוזאמען מיט שולמית'ן און איהר פאטער, האבען זיך אויך שטארק געוואונדערט אויף דיזער יום־טוב'־דיגער שטימונג, וואס הערשט אין שטאדט. זיי האבען דעריבער אפגעשטעלט דעם רייטוואגען און געפרעגט א פערבייגעהענדען וועלכער האט געהאלטען א פולען כוס וויין אין האנט ער זאל זיי ערקלערען די בעדייטונג פון דיזער שמחה...

— וואס?! האט דער האלב שכורער זיך פאנאנדערגעלאכט — איהר ווייסט נאך נישט וואס די שמחה בעדייט?... קומט איהר דען אן פון דארף?... כא, כא כא!

— איך בעט דיר, אבער זאג דאך אונז וואס איז געשעהן — האט איהם איינער פון בת שבע'ס דינער געזאגט — מיר קומען נאר וואס אן פון א גאנץ ווייטען וועג און מיר ווייסען גארנישט וואס עס האט פאסירט אין ירושלים...

— היינט איז שוין דער דריטער טאג זינט אונזער קעניג האט חתונה געהאט מיט דער פרינצעסין פון מצרים! — האט יענער אריינגעגאסען דעם כוס וויין אין זיין מויל — איך האב אליין ביינעוואוינט די חתונה... איך האב געזעהן די כלה און אויך פרעה'ן דעם קעניג פון מצרים האב איך געזעהן!

שולמית'עס פנים איז טויט בלאס געווארען... איהרע אויגען האבען אנגעפאנגען שווינדלען און איהר קאפ דרעהען. זי איז גלייך אין חלשות געפאלען...

— מיין טאכטער! מיין טאכטער! — האט יואל א דערשראקענער איהר גענומען מינטערען... די דינער האבען איהם געהאלפען... באלד האבען זיך די יובילענדע מענשען פון גאס א שאט געטהאן צו דעם רייטוואגען... יואל איז נאך געשטאנען איבער זיין טאכטער. זיינע אויגען זיינען פייכט געווען... די קנייטשען פון זיין ווייסען פנים זיינען טיעפער געווארען...

— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

ווען שולמית האט אויפגעעפענט איהרע אויגען, האט זי דערזעהן נעבען איהר שטעהן בת שבע'ן און צוויי קאמער מיידלעך...

— וואו בין איך! — האט שולמית גענומען רייבען איהרע אויגען, ווי זי וואלט זיך געוואלט דערמאהנען וואס מיט איהר איז פארגעקומען...

— בערוהיג זיך, שולמית, דו געפינסט זיך אין מיין צימער, דערקענסטו מיר נישט, איך בין דאך בת שבע!

בישלעכווייז האט זיך שולמית גענומען דערמאהנען וואס מיט איהר האט פאסירט...

— וואו איז מיין פאטער? — איז געווען איהר צווייטע פראגע...

— דיין פאטער איז דא! — האט בת שבע זיך צו איהר אפגערופען מיט גרויס צערטליכקייט... שיק איהם אריין! — האט זי זיך געווענדעט צו א קאמער מיידעל.

יואל איז באלד אריינגעקומען און צוגעלאפען צו זיין טאכטער: — שולמית! מיין ליעבע טאכטער! ווי פיהלסטו זיך יעצט? — האט ער זיך געקניהט ביי איהר בעט...

אה, פאטער, ווי קום איך דא! — האט שולמית איהם גענומען פרעגען.

בת שבע האט צו איהם א וואונק געטהאן, ער זאל דערווייל גארנישט רייד־דען מיט איהר וועגען דעם.

— געלויבט איז גאט, מיין טאכטער, וואס איך קען שוין הערען דיין שטימע! — האט יואל אויסגערופען מיט טרעהרען פון פרייד. בערוהיג זיך מיין קינד, דו ביזט אין גוטע און אין זיכערע הענט...

אין צימער האט געהערשט א שטילקייט... בת שבע איז געשטאנען און געקוקט אויף שולמית'ן מיט אויגען פון מיטלייד... יואל האט געהאלטען זיין טאכטער'ס שוואכע צארטע האנט און זי בעדעקט מיט קושען... שולמית האט געווארפען טרויעריגע בליקען איבער דעם גאנצען צימער.

א היבשע ווײַלע איז יואל געזעסען שווייגענדיג... נאכהער האט ער זיך אויפגעהויבען און האט לאנגזאם פערלאזען דעם צימער.

בת שבע האט א וואונק געטהאן צו די קאמער מיידלעך און זיי האבען איהר איבערגעלאזען אליין מיט שולמית'ן... זי האט זיך אוועקגעזעצט אויף דער בעט וואו שולמית איז געלעגען און האט צו איהר זיך אפגערופען מיט א צערטליכע שטימע:

— זארג נישט, שולמית, אלעס וועט זיך אויסגלייכען... ווען דו וועסט נאר אביסעל קרעפטיגער ווערען וועל איך דיר זאגען מיין פלאן!...

א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף שולמית'עס בלייכע ליפען... זי האט בשום אופן נישט געקענט פערשטעהן ווי אזוי זי קומט עס צו בת שבע'ס הויז... זי דערמאהנט זיך ווען זי און איהר פאטער זיינען אנגעקומען אין ירושלים... ווי דער שיכור'ער מאן האט זיי דערצעהלט אז שלמה האט התונה געהאט מיט פרעה'ס טאכטער... און מעהר געדענקט זי נישט...

איניגע טעג זיינען פאריבער און שולמית האט זיך שוין געפיהלט שטארק גענוג ארונטערצוגעהן פון בעט... איהר פאטער פלעגט צו איהר גאנץ אפט אריינ־קומען. און בת שבע האט כמעט דעם גאנצען טאג מיט איהר פערבראכט... אבער

זיי האבען אלע אויסגעמיטען צו ריידען וועגען דעם וואס האט יעדען פון זיי געדריקט אממעהרסטען אויף'ן הארצען... יואל האט געוואוסט אז דעם קעניג'ס מוטער האט נאך א פלאן ווי אלעס צו פעררינטען אבער וואס דאס איז האט ער נישט געוואוסט... ער האט געווארט ביז וואנען שולמית וועט איהם אליין דערפון דערצעהלען... בת שבע האט אלץ געווארט אויף א פאסענדע געלעגענהייט, ווען זי וועט קענען דורכפיהרען דעם פלאן איהרען... זי האט געוואוסט אז יעצט איז בכלל נישט די צייט צו ריידען דערפון... זי איז געווען שטארק צופריעדען פון דעם וואס איהר זוהן וויים גארנישט אז שולמית געפינט זיך יעצט אין ירושלים און נאך ביי איהר אין הויז דערצו... זי האט אלעמען פערזאגט קיין ווארט וועגען דעם נישט צו ריידען... זאל אוועקגעהן א שטיקעל צייט פרעה וועט זיך צוריקקעהרען מיט זיין ארמעע נאך מצרים... די ערשטע עטליכע וואכען פון איהר זוהן'ס בערוישונג וועלען פאריבער, דאן וועט זי מיט איהם ריידען וועגען דער שולמית... זי וועט איהם דעם גאנצען אמת דערצעהלען: ער וועט זיכער אויף איהר נישט זיין אין כעס אויף דעם, ווייל נאך אלעמען האט זי דאך בלויז אין זינען געהאט זיין טובה... ערשט דאן וועט ער זיך איבערצייגען וואס פאר א נאבעלע נשמה שולמית בעזיצט... און אויב זי איז געקומען צו שפעט צו ווערען זיין ערשטע פרוי, וועט זי ווערען שלמה'ס צווייטע פרוי... זיא וועט שוין זעהן אז שולמית זאל ווערען אזוי פיעל געשעצט און געליעבט ביי שלמה'ן ווי נאגסארא, די פרינצעסין פון מצרים... עס איז ביי איהר קיין צווייפעל נישט אז נאכדעם ווי שלמה וועט זיך דערוויסען דעם גאנצען אמת, וועט ער אויך מיט שולמית'ן הייראטען...

איין פריהמארגען, האט בת שבע ארויסגערופען שולמית'ן אויף א שפאציער און זי האט זיך מיט איהר דורכגערעדט.

— איך וויים אז איך בין בעגאנגען אן אומרעכט געגען דיר... אבער דאך גלויב איך איז נאך אלעס נישט פערפאלען... דיין ליעבע צו מיין זוהן איז געוועזן א הייליגע און א ריינע. און איך בין זיכער אז דו ליעבסט איהם נאך יעצט אויך נישט ווינציגער ווי פריהער... נישט ריכטיג שולמית?

שולמית האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ... טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין איהרע אויגען...

— יעצט מיין טאכטער קען איך דיר זאגען אז אמת'ע ריינע ליעבע רעכענט זיך זעהר ווינציג מיט אומשטענדען... אט האב איך זיך פערליעבט אין דוד'ן, נאך איידער ער האט געהייראט... און דאך האט זיך מיין ליעבע פערווירקליכט נאכדעם ווי דוד האט שוין געהאט איינינע פרויען... איך בין געווען אויך דאן גליקליך... וואס ענדליך איז מיין חלום מקוים געווארען...

ווען איך האב נאך דיר געשיקט, האב איך אלץ געהאפט אז פרעה'ס טאכטער וועט נישט קומען אין ירושלים, און דאן ווען דו וועסט קומען, וואלט איך שוין געזעהן אלעס רעכט צו מאכען... אבער דו ביזט שוין אנגעקומען צו שפעט... מיין זוהן האט געפייערט די חתונה מיט נאגסארא'ן... איך בין אפילו שטארק דאנגען געווען... אבער שלמה האט מיר געזאגט אז אחוץ דעם וואס נאגסארא האט געפונען חן אין זיינע אויגען טוט ער דאס כדי צו פערזיכערען דעם שלום אין ארץ ישראל... און איך האב זיך לעצטענס טאקע איבערצייגט אז ער האט

געהאט רעכט... ווייל פרעה האט אליין מלחמה געהאלטען מיט די כנענים פון שטאדט גזר, און די שטאדט איבערגעגעבען א מתנה צו מיין זוהן... מצרים איז א מעכטיגע מלוכה און א פארבינדונג מיט איהר דורך הייראט, וועט ברענגען גרויסע נוצען פאר אונזער פאלק... איין זאך אבער האב איך מורא, אז זי, פרעה'ס טאכטער זאל נישט נעמען איינפיהרען איז פאלאץ די געטער פון מצרים... איך האב בעמערקט אז מיט איהר איז אויך געקומען א פריעסטער, קאפרים איז זיין נאמען... און איך בין זיכער אז ווען דו וועסט אויך זיין די פרוי פון שלמה וועסטו פיעלייכט ווירקען אויף נאגסארא'ן אויפצוגעבען איהר געצען דיענסט...

— דאס לאז איבער צו מיר! — האט בת שבע געזאגט — איך וועל מיט מיין זוהןריידען... ער וועט מיר פערשטעהן... ער איז דאך אזוי קלוג... ער וויים דאס הארץ פון א מוטער. איך וויל מעהר נישט וויסען אויב דו ביזט צופריעדען מיט מיין פלאן?

שולמית האט געשוויגען... זי האט יעצט גאנץ גוט געוואוסט אז אויב שלמה וועט מיט איהר אויך הייראטען, וועט ער דאס נישט טאהן אויס ליעבע צו איהר. אבער אלס פליכט... זי איז צו שטאלץ ביי זיך... אבער ווען זי האט גענומען בעטראכטען די טרויעריגע לאגע פון איהר משפחה, דער בלייכער פנים פון איהר פאטער איז פאר איהרע אויגען פארגעקומען... יע, זי וועט יעצט דארפען אלעס טאהן וואס בת שבע וועט איהר זאגען...

---

איניגע וואכען זיינען פאריבער, און שלמה האט נאך אלץ נישט געוואוסט אז שולמית געפינט זיך אין זיין מוטערס הויז... ער איז געווען שטארק צופריעדען מיט נאגסארא'ן און האט שוין לאנג פערגעסען אז שולמית'ן...

די מוטער פלעגט איהם בעזוכען איינמאל א וואך. ער פלעגט מיט איהר פערברענגען און איהר דערצעהלען אלעס וואס קומט פאר אין דער מלוכה.

— מיין זוהן! — האט זיך בת שבע איינמאל צו איהם אפגערופען — זאג מיר דעם ריינעם אמת, ביזטו גליקליך מיט נאגסארא'ן...

— יע, טייערע מוטער! — האט שלמה געענטפערט — איך בין זעהר גליקליך מיט איהר ווייל איך האב איהר ליעב. און אויך זי האט מיך ליעב...

— אין דער צייט וואס דו ביזט זעהר גליקליך, מיין זוהן, איז פאראן א פערזאן וואס איז זעהר אומגליקליך.

— מוטער! — האט שלמה זיך אפגערופען דערשראקען — ביזטו דען נישט צופריעדען מיט מיין אויסוואהל?

— מיין זוהן! נישט איך בין די פערזאן — האט בת שבע געענטפערט — איך בין צופריעדען מיט אלעס וואס דו טהוסט... די פערזאן וואס איז אומגליקליך איז שולמית!

— שולמית!! — האט זיך שלמה אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ — וואס האט זי צו זיין אומגליקליך?... זי האט דאך מיר אומגעביטען אויף דעם פאסטוך... איז זי דען מיט איהם נישט גליקליך...

— איך גלויב מיין זוהן, אז עס איז שוין צייט דאס דו זאלסט וויסען דעם גאנצען אמת! — האט בת שבע אויסגערופען

— דעם גאנצען אמת ? וואס מיינסטו, מוטער — האט שלמה איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג...

— געדענקסטו, שלמה, וואס איך האב מיט דיר גערעדט נישט לאנג צוריק אז א פרוי קען אפפערען א קרבן אויף דעם מזבח פון איהר ליעבע, אפילו איהר ליעבע גופא ?...

—יע, איך געדענק, מוטער... און דו האסט מיר אויך געזאגט אז שולמית האט אזא קרבן געבראכט... איך האב דיינע ווערטער גארנישט געקענט פערשטעהן.. און דו האסט דאן צוגעגעבען אז עס וועט לאנג נישט דויערען און אלעס וועט קלאר ווערען צו מיר...

— יעצט, מיין זוהן מוז איך דיר אלעס דערצעהלען, איך האף אז דו וועסט אויף מיר נישט זיין אין כעס, ווייל איך האב דאן עס געטהאן בלויז צוליעב דיין טובה וועגען.

— אבער וואס איז דאס ? ליעבע מוטער — איז שלמה אונגעדולדיג געווארען.

— דו געדענקסט דאך געוויס אז קירצליך נאך ארוניה'ס טויט, ביזטו גע־קומען צו מיר און געזאגט אז דו האסט זעהר ליעב שולמית'ן און אז דו וועסט מיט איהר חתונה האבען... איך האב שולמית'ן אויך זעהר שטארק געשעצט און געליעבט, ווייל איך האב געוואוסט איהר נאבעלען כאראקטער און אלע איהרע מעלות, אבער איך האב געזעהן אז צו טאהן אזא שריט, וואלט פאר דיר זעהר געפעהרליך געווען צו יענער צייט... ווייל דאס גאנצע פאלק האט געוואוסט אז אדוניה האט אויך געליעבט שולמית'ן, און אויב דו וואלסט מיט שולמית'ן דאן געהייראט, וואלטען דיינע שונאים געזאגט, אז אדוניה איז נישט געטויטעט געווארען צוליעב זיין פערשווערונג וואס ער האט געמאכט מיט יואב'ן געגען דיין מלוכה, אבער אז דו האסט איהם אפגעראמט פון וועג צוליעב דעם וואס ער איז געווען דיין ליעבעס קאנקורענט צו שולמית'ן... איך בין זיכער אז דיינע פיעלע שונאים וואס דו האסט דאן געהאט וואלטען זיך דאמיט שטארק בענוצען אויפ־צורייצען דעם פאלק געגען דיר... און ווער וויים וואס די פאלגען וואלטען דאן געווען ?... איך געדענק אז איך האב דאן געמאכט א פערזוך מיט דיר וועגען דעם צו ריידען... אבער דו האכט גאר אפילו דערפון נישט געוואלט טראכטען... דיין ליעבע צו שולמית'ן איז געווען צו שטארק אז דו זאלסט קלערען פון שלעכטע פאלגען.. איך האב געזעהן אז מיט דיר וועל איך גארנישט מאכען... און דעריבער האב איך בעשלאסען צו ריידען מיט שולמית'ן... איך האב איהר אלעם ערקלערט. איך האב איהר אויפגעוויזען וואס פאר א געפאהר עס שטעקט פאר דיר און דיין מלוכה, אויב זי וועט יעצט ווערען דיין פרוי... איך האב איהר געבעטען אז זי זאל דיר אויפגעבען... ווייל דאס פאדערט דיין גליק און אויב זי ליעבט דיר, דארף זי אלעס געגרייט זיין צו טהאן פאר דיר... זעהר שווער איז געווען פאר שולמית'ן צו ברייגגען אזא קרבן... ווייל איהר ליעבע צו דיר איז געווען זעהר שטארק, און טאקע צוליעב דיין גליק האט זי איהר ליעבע געבראכט א קרבן...

— און אזוי שנעל האט זי איהר ליעבע איבערגעטראגען צו דעם זאסטוד פון שולם ! — האט שלמה א פרעג געטהאן. — עס איז קיין מינוט נישט פאריבער ווען זי האט ירושלים פערלאזען און שוין האט זי זיך פערליעבט אין א צווייטען...

— דאָס בעוויזט, שלמה ווי ווינציג דו קענסט פערשטעהן די ליעבע פון א פרוי ווי שולמית איז... זי האָט נאך א גרעסערען קרבן געבראכט ווי דאס וואס זי האָט אויפגעגעבען איהר ליעבע צו דיר... זי האָט געמאכט אז דו זאָלסט איהר נישט נאָר אויפהערען ליעב צו האָבען, אבער אז דו זאָלסט נאר אויך איהר זיך נישט וועלען אומקוקען... דו זאָלסט איהר האסען. און האלטען פאר א פאַלשע...

— ווי אזוי האָט זי דאָס געקענט טאהן! — האָט שלמה אויסגערופען.

— זי האָט עס געטהאָן בלויז פאר דיין גליק... זי האָט מורא געהאַט, אז דו וועסט צו איהר צושטעהן און איהר צווינגען מיט דיר חתונה צו האָבען.. האָט זי זיך געמאכט אז זי איז דיר פאלש. און אז זי ליעבט א צווייטען.

— אבער ווי אזוי האָט זי דאָס געקאָנט טאהן ?, ווי אזוי האָט זי געקענט זינגען ליעבעס ליעדער צו א פרעמדען אין דער צייט וואס זי האָט מיר ליעב געהאט... האָט שלמה זיך אפגערופען.

— ווייל דיין גליק איז ביי איהר געשטאַנען העכער פון אלעס, מיין זוהן — האָט בת שבע איהם געענטפערט — איידער זי האָט ביי דיר געבעטען ערלויבּ־ניס צו געהען אהיים, ווייל זי האָט זיך פערבייגקט נאך איהר משפחה, האָט זי דיר געזאגט, האָט זי בעשלאָסען זיך מעהר נישט צוריקצוקעהרען נאך ירושלים... זי האָט געדענקט צו פערבלייבען אין שולם, ביז וואנען דו וואלסט זיך אָן איהר אין גאנצען פערגעסען... אבער ווען זי האָט געהערט אז דו קומסט איהר בעזובען אין שולם... און דאן וועט דאך מעגליך זיין אז דו וועסט זי נישט אפלאזען, האָט זי בעשלאָסען דיר אָפצונארען, דו זאָלסט דענקען אז זי האָט דיר פערראַטען און אז זי ליעבט א צווייטען... און זי האָט דארטען געטראָפען א נארישען פאסטוך, וועלכער האָט זיך אין איהר געליעבט און זי האָט איהם ערמוטהיגט... און ווען זי האָט זיך דערוואוסט אז דו ביזט אנגעקומען אין שולם, און וועסט געווים קומען איהר בעזובען אין פעלד, דאן האָט זי דעם פאסטוך צו זיך צוגערופען און כלומרש'ט "געשפיעלט" מיט איהם א ליעבע... און דאָס אלעס האָט זי געטהאָן פאר דיין אייגען גליק... יעצט זאָג מיר, מיין זוהן, וועלכער מאן וואלט געווען פעהיג צו ברייגגען אזא קרבן אויף דעם מזבח פון ליעבע?

שלמה איז געשטאַנען צוטומעלט: ער האָט די גאנצע צייט געלעבט אין טעות וועגען שולמית'ן... זי איז איהם געווען געטריי... זי האָט איהם געליעבט... און זי האָט געליטען צוליעב דעם... און ער האָט איהר חושד געווען... און צוליעב זיין ענטטוישונג אין שולמית'ן האָט ער אויך געדרונגען אז צווישען טויזענד פרויען איז איינע קיין רעכטע נישטאָ...

— אָ, מוטער! ווי אזוי האָסטו עס געקענט טאהן אזא זאך צו מיר און צו שולמית'ן...

— ווילע מיר האָבען דיר ביידע ליעב געהאט... יע, מיין קינד שולמית'עס ליעבע צו דיר איז נישט געווען קיין אייגענליעבע. איהר ליעבע צו דיר, איז ווי מיין ליעבע צו דיר, אהן אייגענליעבע, צו עררייכען דאָס אייגען גליק... דו קענסט זיך פאָרשטעלען ווי אומגליקליך דאָס האָט איהר געמאכט, דאך איז זי געווען צופריעדען מיט דעם געדאנק אז דאָס איז פאר דיין טובה וועגען...

— און יעצט? — האָט שלמה אויסגערופען — און יעצט איז ״ דען נישט גליקליך מיט דעם מאן וועמען זי האָט געהייראט?!

— געהייראט ?! — האט בת שבע זיך אפגערופען — ניין, מיין זוהן! שולמית האט קיינעם נישט געהייראט, ווייל זי האט קיינעם אויסער דיר נישט געליעבט!...

— שולמית איז נאך אומפערהייראט! — האט שלמה זיך דערמאהנט אז דעם רינג וואס זי האט איהם צוריקגעקעהרט, וואס ער האט געפונען צווישען די איבעריגע ציערונג וואס דאס פאלק האט מנדב געווען פאר'ן בית המקדש, ער איז דאן געווען אזוי זיכער אז שולמית האט חתונה געהאט מיט יענעם פאסטור...

— אבער מוטער פון וואנען ווייסטו עס אלעם ? — האט ער איהר געפרעגט.

— ווייל שולמית געפינט זיך יעצט ביי מיר אין הויז! — האט בת־שבע געענטפערט.

שולמית געפינט זיך מיט דיר! און דו האסט מיר גארנישט געזאגט דערפון... אבער ווי קומט זי צו דיר יעצט ?

— איך האב נאך איהר געשיקט... ווען איך האב געזעהן אז נאנסארא קומט נישט, האב איך בעשלאסען אז יעצט איז געקומען די צייט אז דו זאלסט פון אלעם וויסען... איך האב געשריבען א בריעף צו שולמית'ן און איהם געשיקט דורך צוויי פון מיינע דינער... ווייל איך האב געגלויבט אז יעצט, נאכדעם ווי אזוי פיעל יאהרען זיינען אוועק, וועט גאר אפילו דיינע שונאים נישט איינפאלען אז דייו חתונה האבען מיט שולמית'ן האט עפעס געהאט צו טהאן מיט דעם טויט פון אדוניה'ן... איך האב געוואוסט, אז ווען דו וועסט זיך דערוויסען דעם גאנצען אמת, וועט דיין ליעבע צו שולמית'ן ווידער ערוואכען... און דו וואלסט מיט איהר חתונה געהאט, און איך וואלט דאמיט פערגיטיגט דאס וואס איך האב געגען אייךביידען געזינדיגט... אבער עס איז שוין געווען צו שפעט... גלייך ווי מיינע דינער זיינען אוועק נאך שולם, איז אנגעקומען נאנסארא מיט איהר פאטער... איך האב שוין מיט דיר דאן נישט געקענט מעהר ריידען וועגען דעם... און שולמית איז אנגעקומען מיט איהר פאטער אין ירושלים, דריי טעג נאך דיין חתונה מיט פרעה'ס טאכטער... און ווען זי האט זיך ערקונדיגט, אז עס איז שוין צו שפעט... אי זזי אין חלשות געפאלען... מיינע דינער האבען איהר גלייך צו מיר געבראכט — וואו זי האט זיך לאנגזאם ערהאלט... און יעצט געפינט זי זיך נאך מיט מיר, זי האט שוין לאנג זיך געוואלט צוריקקעהרען אהיים, אבער איך האב איהר נישט געלאזען, ביז וואנען אלעם וועט פאר דיר קלאר ווערען...

— זיי געבענשט צו גאט מיין מוטער! — האט שלמה איהר א קוש גע־טאהן, וואס דו האסט שולמית'ן פערהאלטען... איך וואלט איהר וועלען זעהן... ווי קוקט זי אויס ? זי האט זיך וואהרשיינליך זעהר א סך געענדערט... א די נאבעלע און גוטהערציגע שולמית... ווי שטארק זי האט געליטען צוליעב מיר...

— זי קוקט נאך אויס שעהנער ווי אימער. האט בת שבע געזאגט — טראטץ איהרע ליידען, האט זי זיך זעהר ווינציג געענדערט.

— אה מוטער וועט זי נישט האבען דאגעגען אויב איך וועל נאך איהר יעצט וועלען נעהמען פאר מיין פרוי ?...

— שולמית האבען דאגעגען ? — האט זי דען דיר אויפגעהערט ליעב צו האבען... פיעלייכט וועט יעצט נאנסארא זיין דאגעגען.

— א ניין, מוטער! נאנסארא וועט דאגעגען נישט האבען, ווייס זי דען נישט

אז א קעניג האט מעהרערע פרויען... און אחוץ דעם, זינט מיין חתונה מיט דער טאכטער פון פרעה, האבען די איבעריגע שכני'שע מלכים מיר נישט אויפגעהערט פארצושלאגען אויך זייערע טעכטער... געלויבט איז גאט, ער האט מיין נאמען געגרויסט... די קעניגען פון די איבעריגע לענדער זוכען זיך מיט מיר מתחתן צו זיין, מיט איי‏ניגע וואכען צוריק האט געשיקט צו מיר דער קעניג פון מואב שלוחים, און זיי האבען מיר איבערגעגעבען אז זייער קעניג האט זעהר א שעהנע טאכטער און אז ער וואלט איהר מיר געוואלט אפגעבען פאר מיין פרוי... דערנאך האב איך אויפגענומען שלוחים פון עמון מיט אן עהנליכע שליחות... אויך דער קעניג פון צידון און דער קעניג פון אדום האבען מיר אנגעבאטען זייערע טעכטער פאר מיינע פרויען... און איידער איך וועל געבען מיין ענטפער צו זיי, וועל איך פריהער פעררי‏כטען די עולה וואס איך האב בעגאנגען אומבעוואוסטזיניג געגען שולמית'ן... איך וועל אויך מיט איהר הייראטען און איך וועל איהר ליעב האבען נישט ווינציגער ווי איך האב ליעב נאגסארא'ן. ברענג איהר מוטער צו מיר, איך בין זעהר נייגעריג איהר צו זעהן און צו ריידען מיט איהר...

— מיין זוהן, יעצט זעה אז נישט נאר האט דיר גאט בעשאנקען מיט חכמה... נאר ער האט דיר אויך געגעבען א גוט הארץ, וואס איז צערטליך און מיטפיהלענד... דו וועסט טאהן חסד מיט דער שולמית אזוי ווי זי איז געבליבען צו דיר געטריי די גאנצע צייט, וואס דו האסט איהר חושד געווען אין אונטרייהייט איך האף אז שולמית וועט נאך גליקליך זיין, און דאס וועט בערוהיגען מיין געוויסען, וואס האט מיר אזא לאנגע צייט געפלאגט... ווייל דו ווייסט דאך מיין זוהן אז אויך איך האב זעהר פיעל געליטען צוליעב מיין ריינע ליעבע פאר דיין פאטער... און דעריבער קען איך נאך טיעפער פיהלען דעם צער און די ליידען וואס שולמית האט די עטליכע יאהר געליטען..

בת שבע האט שנעל פערלאזען שלמה'ס צימער און אין א ווייל ארום האט זי זיך צוריקגעקעהרט מיט שולמית'ן...

שולמית'עס פנים איז געווען עטוואס בלאס, אבער דאס האט איהר נאך צוגעגעבען מעהר חן און רייץ... זי איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום קעניג און האט זיך פאר איהם פערנייגט.

— שולמית! — האט שלמה אויסגערופען און טרעהרען האבען זיך געשטעלט אין זיינע אויגען... ער איז צוגעגאנגען און איהר אנגענומען פאר'ן האנט און איהר אוועקגעזעצט אויף א שטול נעבען זיין טראהן.

שולמית איז געזעסען מיט איהרע אויגען ארונטערגעלאזען. זי איז געווען אזוי איבערראשט פון שלמה'ס צערטליכקייט אז זי האט נישט געוואוסט וואס מיט איהר קומט פאר...

— מיין ליעבע!... האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען — מיין מוטער האט מיר נאר וואס אלעס דערצעהלט... יעצט זעה איך אז דיין ליעבע צו מיר איז געווען די גרעסטע און הייליגסטע וואס א פרוי קען געבען א מאן.. איך האב די גאנצע צייט געלעבט אין טעות און איך ווייס אז איך האב דיר פיעל שמערצען פאראורזאכט... וועסטו מיר, מוחל זיין שולמית...

טרעהרען האבען זיך געשפארט פון איהרע אויגען, שולמית האט זיך מעהר נישט געקענט בעהערשען און אויסגעבראכען אין א געוויין...

א היבשע ווײלע האָט געדויערט ביז שלמה האָט בערוהיגט שולמית'ן... בת שבע איז אויך געשטאַנען מיט פולע אויגען טרערן, זי איז אָבער געווען גליקליך צו זעהן ווי די ליעבע פון איהר זוהן צו שולמית'ן איז אָפּגעפרישט געוואָרען... זי האָט זיך אומבערקטערהייט ארויסגערוקט פון צימער איבערלאָזענדיג שלמה'ן מיט שולמית'ן צו זיך אליין.

שלמה האָט אויף שולמית'ן געקוקט מיט ווייכע מילדע בליקען...

—מיין געטרייע שולמית! — האָט ער זיך אָפּגערופען — פאַר מיינע אויגען שוועבען ווידער פערביי יענע גליקליכע טעג, ווען מיר בײדע האָבען אזוי זאָרגלאָז געזונגען די ליעדער אין גאָרטען... א ווען דו וואָלסט וויסען ווײפעל איך האָב געליטען, ווען מיר האָט זיך געדוכט אז דו האָסט מיר מעהר נישט ליעב... מיין גאַנץ לעבען איז מיר נמאס געוואָרען... די קרוין און מיין גאַנצע קעניגרייך איז געווען אזוי נישטיג און קליין געגען דער פייערדיגער ליעבע וואָס איז אין מיין הארצען געווען פאַר דיר... איך האָב דאַן געגלויבט אז אפילו ווען איך זאָל דאַרפען פערלירען די מלוכה צוליעב אונזער ליעבע וואָלט איך אויף דעם גערן איינגעגאַנגען... איך האָב זיך קיינמאָל נישט געקענט פאָרשטעלען אז דו זאָלסט געהערען צו א צווייטען... און ווי גרויס מיין ערביטערונג און ענטטוישונג איז געווען, ווען איך האָב דיר געטראָפען דאָן אין פעלד מיט יענעם פאַסטוך.. א ווען איך וואָלט יעמאָלט געהאַט דעם מינדעסטען פערדאַכט, אז דאָס איז ביי דיר אַן אָפּגעמאַכטע זאַך מיט מיין מוטער... מיר האָט גאָר נישט געקענט איינפאַלען אז מיין מוטער איז געגען מיין חייראַטען מיט דיר... ווייל איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אז זי האָט דיר אַלע מאָל ליעב געהאַט... דו ביזט ביי איהר טייער געווען ווי איהר אייגען טאָכטער... אָבער געלויבט איז גאָט, עס איז נאָך נישט שפּעט, דו ביזט נאָך פריי... און אויך דיין ליעבע צו מיר איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרען, ווערסט געוויס נישט זיין דאַגעגען, ווען איך וועל מיט דיר חייראַטען...

א גליקליכער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף איהרע ליפּען...

— ווי גרויס איז דיין גנאָדע צו מיר, מיין האַר קעניג! — האָט זי אויסגערופען — און איך האָב געדענקט, אז דו וועסט מיר שוין אויף אימער האַלטען פאַר א פאַלשע און פאַר א בעטריגערין... מיר האָט זיך געדוכט, אז דיזער סוד וועט צו דיר קיינמאָל נישט ענדעקט ווערען.. ווען נישט דיין צערטליכע און ליעבע מוטער... קיינער האָט פון דעם נישט געוואוסט, אחוץ מיין פאָטער און ער וואָלט זיכער עס געהאַלטען פערבאָרגען טיעף אין זיין הארצען.. און יעצט ווי גליקליך מיין פאָטער וועט זיך פיהלען ווען ער וועט זיך דערוויסען אז דער קעניג האָט מיר מוחל געווען...

— דיר מוחל געווען! ! — האָט שלמה צוגעטראָגען איהר ווייכע, צאַרטע האַנט צו זיין מויל — דו ביזט דאָך א מלאך! דיין האַנדלונג איז דאָך געווען מיט אזוי פיעל נאָבעלקייט און זעלבסטאָפּפערונג, אז מיר דוכט זיך דאָס איז גאַנץ ארץ ישראל איז צו דיר קיין גלייכען נישטאָ... דיין ליעבע איז ריין און הייליג... יע, מיין ליעבע שולמית, וואויל איז דיין פאָטער און מוטער וואָס דו

ביזט זייער טאכטער... אט וועל איך שיקען איהם רופען און איהם אליין אלעם דערצעהלען.

שלמה האט פערזאגט אייגעם פון זיינע לייב וועכטער און יענער איז געגאנגען רופען...

מיט א קלאפענדע הארץ און ציטערנדע הענט און פיס איז יואל אריינגע־קומען אין פאלאץ... זיין פנים איז געווען טויט בלאס און זיינע אויגען האבען אויסגעדריקט שרעק און יאוש... ער האט זיך פארנייגט פאר'ן קעניג...

— קום צו נעהענטער, דו געבענשטער פאטער! — האט שלמה אויס־געשריען — איך בין צופריעדען דיר ווידער צו זעהן... דעם ערשטען מאל האב איך דיר געזעהן אין דיין אייגען שטאדט שולם... אבער יעצט זייגען די אומ־שטענדען אין גאנצען אנדערש... יעצט האף איך אז דו וועסט שוין בלייבען אין ירושלים... און איך האף אויך אז דו וועסט נישט זיין דאגעגען צו מיין חתונה האבען מיט דיין טאכטער...

יואל איז געבליבען שטעהן צוטומעלט... איז דאס א חלום?... דער קעניג רעדט צו איהם אזעלכעווערטער... און אט שטעהט זיין שולמית נעבען קעניג ער האלט איהר האנט.. א, גאט האט זיך מרחם געווען אויף איהם און אויף זיין טאכטער מיט זיין גאנצע משפחה... ער האט זיך צוגעהערט צו זיינע תפלות... ווען איהר מוטער און איהרע ברידער וואלטען יעצט דאביי געווען. דאן וואלט אלע־מענס שמחה פערפולט געווארען...

שלמה און שולמית האבען געקוקט אויף יואל'ן און געווארט אויף זיין ענטפער... שולמית האט בעמערקט טרעהרען אין איהר פאטער'ס אויגען... זי האט אזוי גוט פערשטאנען זיינע געדאנקען...

— פאטער — איז זי איהם ארויפגעפאלען אויף'ן האלדז — איך בין אזוי גליקליך! איך וואלט בלויז געוואלט אז מיין מוטער זאל דאביי זיין

— דיין גאנצע משפחה וועט געבראכט ווערען אין ירושלים — האט שלמה זיך אפגערופען צו שולמית'ן.

— איך וועל שיקען נאך זיי און ווען דיין מוטער וועט דא זיין וועלען מיר פייערען אונזער חתונה...

— זאל גאט שיקען זיין ברכה צו אייך ביידען! — האט יואל געזאגט — איך וועל מיטפאהרען כדי איך זאל קענען אנזאגען מיין פרוי די פרעהליכע בשורה...

— אבער פאטער, דו ביזט אפגעשוואכט... דער וועג איז צו לאנג... דו בלייב דא... דעם קעניג'ס מענשען וועלען שוין זעהן צו ברייגגען די מוטער און מיינע ברידער אהער...

פערגעס אבער נישט, מיין טאכטער, — האט יואל געזאגט אז איך וועל דארפען אלעס אין ארדענונג מאכען... דאס הויז, די פעלד און די שאף... וועלען זיי דען קענען אהן מיר פערקויפען?...

— דיר און דיין משפחה וועט גארנישט פעהלען אין ירושלים! — האט שלמה געזאגט מיט א שמייכעל — דו קענסט אנזאגען דורך מיינע מענשען צו־צוטהיילען דיין פערמעגען צווישען דיינע גוטע פריינד. איך וועל נאך היינט שיקען מיינע מענשען נאך שלום מיט קארעטען, קליידער און שפייז איז גאר אין גיכען וועלען זיי אלע אנקומען אין ירושלים.

דורך די עטליכע וואכען וואס שולמית האט מיט איהר פאטער פערבראכט אין ירושלים, זיינען איהרע ברידער מיט איהר מוטער געווען שטארק פערצווייפעלט... זיי האבען נישט געוואוסט וואס איבערצוקלערען... איבערהויפט איז שטארק בעזארגט געווען איהר מוטער, כאטש זי האט געוואוסט אז איהר טאכטער איז אוועקגעפאהרען נאך ירושלים אויף דער איינלאדונג פון דעם קעניג'ס מוטער, וועלכע האט געוואלט זיי ווידער צוזאמענברייגנגען...

די ערשטע צייט האט זי געהאלטען דעם סוד און אפילו איהרע זיהן נישט געוואלט ענטדעקען וועגען דעם ריכטיגען צוועק פון איהר טאכטער'ס רייזע נאך ירושלים.... ווען עטליכע טעג זיינען אוועקגעגאנגען, האבען איהרע זיהן גענומען צו איהר צושטעהן... זיי האבען פערשטאנען אז גלאט איז דער וועלט אריין וועט זיך זייער שוועסטער יעצט נישט אויפהויבען און אוועקפאהרען נאך ירושלים.. און אין אבענד, ווען די מוטער האט איהרע זיהן דערלאנגט עסען האבען זיי זיך צו די שפייז נישט צוגעריהרט.

— פארוואס עסט איהר נישט, מיינע זיהן — האט זי זיי געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— ווי אזוי זאלען מיר עסען! — האט זיך דער עלטערער זוהן אפגערופען — ווען דו ליעבע מוטער בעהאנדעלסט אונז ווי פרעמדע... ווי מיר וואלטען נישט געווען די ברידער פון שולמית'ן... מיר זיינען זיכער אז דו ווייסט צוליעב וואס פאר א צוועק שולמית איז מיט'ן פאטער אוועק נאך ירושלים... אבער דו פערבארגסט עס פון אונז... דו ווילסט אונז נישט געטרויען...

— יע, — האט נאך א זוהן אויסגערופען מיט פעדדרוס — די גאנצע שטאדט רעדט וועגען דעם און ווען זיי פרעגען אונז פאר וואס שולמית איז פלוצלונג ווידער אוועק נאך ירושלים... ווייסען מיר נישט וואס צו ענטפערען עס איז דאך א שאנדע אז מיר זאלען נישט ווייסען וואס עס קומט פאר אין אונזער אייגען הויז...

— נו, זעהט איהר שוין קינדער אז איך בין גערעכט וואס איך האב אייך גארנישט דערצעהלט — האט זי זיך אפגערופען מיט א שמייכעל — שטעלט זיך פאר אז ווען איהר וואלט דערפין געוואוסט, וואלט דען שוין די גאנצע שטאדט נישט געוואוסט פון אלעם? און דאס וואלט שולמית'ן פיעל געשאדט...
— אבער מיר פערזיכערען דיר מוטער אז מיר וועלען צו קיינעם גארנישט ריידען וועגען דעם! — האט דער איינגערער זוהן זיך אפגערופען...
— איהר האט דאך מיר נארוואס געזאגט, אז איהר פיהלט זיך זעהר שלעכט וואס איהר ווייסט נישט וואס צו ענטפערען צו די נייגיריגע מענשען וועלכע פרעגען אייך וועגען אייער שוועסטער...
— אה ניין, מוטער, מיר שווערען דיר צו פאר קיינעם נישט צו ענטדעקען דעם סוד, אבער מיר בעטען דיר אונז אלעס צו דערצעהלען.

איך בין זיכער אז איהר וועט אייער פערשפרעכען טייער האלטען — האט זי זיי געזאגט — און יעצט מעגט איהר וויסען אז דאס וואס אייער שוועסטער האט אזוי געהאנדעלט מיט עמיאל'ן דעם פאסטוך אין דער צייט וואס דער קעניג איז איהר געקומען בעזוכען, האט זי עס געטהאן אויף דעם ראטה פון דעם קעניג'ס מוטער...

— פון דעם קעניג'ס מוטער! — האבען די ברידער אויסגערופען ער־שטוינענד.

— יע, מיינע קינדער, בת שבע האט נישט געוואלט אז איהר זוהן זאל חתונה האבען מיט שולמית'ן, צוליעב דעם ווייל ארוניה שלמה'ס ברודער האט זיך אויך געליעבט אין שולמית'ן און כאטש ער איז געטויטעט געווארען צוליעב זיין פערשווערונג מיט יואב'ן געגען שלמה'ס קרוין, וואלטען אבער זיינע שונאים געזאגט אז דאס האט שלמה בעפוילען צו טויטען זיין ברודער צוליעב דעם וואס ער האט שולמית'ן געליעבט... און כאטש בת שבע האט שטארק ליעב געהאט אייער שוועסטער און זי וואלט געוועהן העכסט צופריעדען אונטער אנדערער אומ־שטענדען זי זאל ווערען די פרוי פון דעם קעניג, האט זי דאך געבעטען ביי איהר זי זאל איהם אויפגעבען און דעריבער האט אייער שוועסטער אזוי געהאנדעלט מיט עמיאל'ן כדי זי זאל פערלירען חן אין די אויגען פון דעם קעניג... און יעצט ווי עס ווייזט אויס האט בת שבע חרטה אויף דעם און געשיקט נאך שולמית'ן... זי וועט דעם קעניג אלעס דערצעהלען און זי האפט אז שלמה וועט איינזעהן אז דאס האט שולמית געאפפערט איהר ליעבע צוליעב זיין גליק. און דאן וועט אלעס רעכט ווערען.

— דען איז נאך דא א האפנונג אז אונזער שוועסטער וועט פארט ווערען דעם קעניג'ס פרוי! — האט דער עלטערער ברודער אויסגערופען מיט פרייד.

— יע, מיינע זיהן — עס איז דא א האפנונג אז דאס גליק זאל זיך ווידער אומקעהרען צו אייער שוועסטער, אבער דערוויילע אידער עס איז זיכער, טאר קיינער דערפון נישט וויסען... געדענקט איהר האט מיר געגעבען אייער ווארט צו האלטען דעם סוד...

— דו מעגסט רוהיג זיין, מוטער! — האבען די זיהן געענטפערט מיר וועלען שוין דיזען מאל וויסען ווי צו האלטען דעם סוד...

שולמית'עס ברידער האבען זיך געפיהלט איבערגליקליך, ווען זיי האבען זיך דערוואוסט פון דער מעגליכקייט אז זייער שוועסטער וועט נאך אלעמען פארט ווערען שלמה'ס פרוי... זיי האבען ווידער אנגעפאנגען צו פאנטאזירען און צו חלום'ען וועגען גוטע צייטען... זיי האבען ווידער זיך געמומען שטאלץ יפהלען אויף זייער שוועסטער...

ווי א דונער פון א קלארען הימעל אזוי האט שולמית'עס ברידער געטראפען די נייעס וואס האט זיך פלוצלונג פערשפרייט אין שטאדט, אז דער קעניג שלמה האט חתונה געהאט מיט די טאכטער פון פרעה'ן... יעצט איז זעהר ענטטוישונג ווער עס בעליידיגט מיין שוועסטער וועט פון מיר נישט אוועקגעהן אומבע־שטראפט!

— און וואס וועסטו טהאן אז מיר וועלען צושטימען צו זייגע ווערטער און דיר אויך זאגען אז דיין שוועסטער איז אוועק נאך ירושלים צו ווערען דארט אן אויסגעלאסענע פרוי — האט איינער פון די צוויי זיך צו איהם א קרים געטהאן.

— דאן וועסטו אויך קריגען ווי יענער! — האט ער אויפגעהויבען דעם פויסט...

דער פאסטוך האט א דרעה געטהאן זיין קאפ און ער האט איהם נישט גע־

טראַפעןָ... אבער שולמית'עס ברודער איז שנעל ארויפגעשפרונגען אויף איהם און איהם גענומען מכבד זיין מיט זיינע פויסטען... דער צווייטער פאסטוך איז גלייך געווען אונטערגעגליך... פריהער האבען זיי נישט געוואלט גלויבען... זיי האבען געדענקט אז זייערע שונאים האבען מיט א כיון פערשפרייט די נייעס... אבער באלד האבען זיי זיך איבערצייגט אז עס איז אמת, שלמה האט טאקע חתונה געהאט מיט דער פרינצעסין פון מצרים די ברידער האבען גלייך פערלאזען זייער ארבייט און זיך צוריקגעקעהרט אהיים טרויעריגע מיט געבראכענע געמיטהער... זיי האבען איבערגעגעבען זייער מוטער וואס זיי האבען געהערט און ווען זי האט געצווייפעלט אין זייערע רייד האבען זיי איהר דערצעהלט אז אין שטאדט גרייטען די בעאמטע צו א פייערונג לכבוד דעם...

אז אומעט און טרויער האט זיך ווידער אנגערוקט אויף דיזען הויז... די מוטער האט אויסגעוויינט איהרע אויגען... זי האט גאנץ גוט געקענט איהר טאכ־טער און זי האט געוואוסט ווי שלעכט דאס וועט זיך אפרופען אויף איהר געזונט...

די ברידער האבען זיך יעצט קיין ארט נישט געפונען פון שאנדע... כאטש זיי האבען געהאלטען זייער פערשפרעכען צו זייער מוטער און צו קיינעם נישט דערצעהלט וועגען דעם צוועק פון שולמית'עס פלוצלונגען אפפאהר נאך ירושלים, האבען זיך אבער במעט אלע אנגעשטויסען אז דאס איז זי געפאהרען צום קעניג... זיי האבען געוועהנליך אפילו נישט געמאכט קיין פערזוך עס אפצולייקענען... און יעצט קומט פלוצלונג אן די ידיעה, אז שלמה האט געהייראט מיט פרעה'ס טאכטער... יעדער איינער וועלכער האט זיי בעגעגענט האט זיי בעגריסט מיט דיזע ווערטער:

— דער קעניג האט חתונה געהאט מיט דער פרינצעסין פון מצרים... וואס רעדען? מיט אן איינפאכע מיידעל וועט שלמה המלך חתונה האבען!!

די ברידער האבען געטראגען זייער ווייטאג אין הארצען... און זיי האבען גארנישט געענטפערט....

אזוי זיינען איניגע וואכען פאריבער... שולמית'עס מוטער און ברידער הא־בען יעדען טאג ערווארטעט זייער צוריקקעהר פון ירושלים... און ווען א לאנגע צייט איז פאריבער און זיי האבען פון שולמית'ן און יואל גארנישט געהערט, זיינען זיי שטארק פערצווייפעלט געווארען... די מוטער איז געזעסען טאג און נאכט און געוויינט און איהרע ברידער זיינען ארומגעגאנגען ווי שאטענס...

— איך האב מורא אז אן אומגליק האט מיט שולמית'ן פאסירט אין ירושלים! — האט די מוטער געיאמערט — איך וויים אז זי וועט עס נישט קענען אריבערטראגען....

נאך טעג און וואכען זיינען פערלאפען און פון שולמית'ען מיט איהר פאטער האבען זיי גארנישט געהערט...

די מוטער האט זיך גענומען בעראטען מיט איהרע זיהן וואס צו טהאן. —

— דער איינציגער וועג איז אז איינער פון אייך מיינע זיהן זאל אפרייזען אין ירושלים און אויסגעפינען וואס האט דארטען פאסירט מיט אייער פאטער און שוועסטער... איך קען שוין מעהר נישט אויסהאלטען...

— ווער זאל געהן? — האבען די ברידער געפרעגט זי האט בעשטימט דעם עלטסטען... און יעצט האבען זיי אנגעפאנגען צו זארגען וואו צונעמען געלט פאר דער רייזע... דאס ביסעל געלט וואס זיי האבען פערמאגט האט יואל מיט זיך

גענומען... יעצט וועלען זיי מוזען פערקויפען איינינע שעפסען... מען האט אריינגערופען איינעם פון זייערע שכנים און איהם פארגעשלאגען ער זאל אפ־קויפען די שעפסען.

— דער נייגיריגער שכן האט זיי אנגעהויבען צו פערוואָרפען מיט פראגען... און די ברידער האבען איהם געמוזט דערצעהלען דעם אמת, אז איינער פון זיי פאהרט אפ נאך ירושלים צו זעהן וואס האט פאסירט מיט זייער פאטער און שוועסטער...

— איך קען נישט פערשטעהן! — האט דער שכן א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס — פארוואס שולמית האט זיך געריסען נאך אמאל צו טאהרען נאך ירושלים... וואס האט זי געדענקט אז דער קעניג וועט זיך אזוי ערנידעריגען און נעמען א פאסטושקע פאר זיין פרוי... און מיר וואונדערט שטארק אויף אייער פאטער, דוכט זיך נישט קיין נארישער איד.. וואס האט ער זיך איינגערעדט, אז ער וועט ווערען דעם קעניג׳ס שווער... נו, זאגט שוין וויפיעל ווילט איהר פאר די שעפסען?

דער כעס פון די ברידער אויף זייער שכן איז געווען גרויס, אבער זיי האבען געוואוסט אז ער איז דער איינציגער וועלכער האט אביסעל געלט און ער וועט פון זיי קויפען די שעפסען.

זיי האבען איהם געזאגט דעם פרייז, און ער האט העלפט אראפגערונגען און אפצעהלענדיג דאס געלד האט ער צוגענומען די שעפסען.

די מוטער האט אנגעפאנגען צו צוגרייטען שפייז און זאכען פאר איהר זוהן... און אויף מארגען גאנץ פריה, זיינען אלע אויפגעשטאנען. דער עלטערער זוהן האט אנגעזאטעלט דעם אויסגעדארטען אייזעל וואס זיי האבען נאך פערמאגט... די ברידער האבען איהם געהאלפען אנלאדען די עטליכע זעקלעך שפייז און לאגלען וואסער וואס די מוטער האט פאר איהם צוגעגרייט.

— מיין זוהן! האט זיך די מוטער אפגערופען וויינענדיג — זאל גאט געבען אז דו זאלסט זיך אומקעהרען מיט דיין פאטער און שוועסטער געזונטע און שטארקע... איך האף אז דו וועסט שוין וויסען ווי אזוי מיט איהר צו ריידען... דו זאלסט איהר טרייסטען, און זאגען אז מיר וועלען א סך גליקליכער זיין צו זיין צוזאמען אין דערהיים און טהאן רוהיג אונזערע ארבייט... געדענק, מיין זוהן... דו זאלסט זיך דארטען לאנג נישט פערזאמען... דו ווייסט דאך ווי אומ־נערולדיג און בעזארגט מיר זיינען...

ער האט געקושט זיין מוטער און ברודער, און זיך געזעצט אויף דעם אייזעל... ווען ער האט זיך ארומגעקוקט האט ער בעמערקט פיעלע נייגעריגע אויגען וועלכע האבען איהם בעגלייט...

— די גאנצע שטאדט ווייס שוין דערפון! — האט די מוטער טרויעריג אויסגערופען — און כאטש עס איז דאך אזוי פריה פונדעסטוועגען, זיינען שוין אלע אויפגעשטאנען...

— זארג נישט מוטער! האט ער אויסגערופען — איך וועל זיך דארטען לאנג נישט פערזאמען... און די אלע וועלכע זוכען ארייננצושטעקען זייערע נע־זער אין יענעמ׳ס עסקים — האט ער הויך אויסגעשריען און אנגעוויזען מיט

זיין פינגער אויף די צושויער, זאל זיי דיזער פערגעניגנען וואויל בעקומען!.... שלום!

ער האט א קלאפ געטהאן דעם אייזעל און איז שנעל פערשוואונדען געווארען, איבערלאזענדיג הינטער זיך א רויך פון שטויב...

די מוטער מיט די זיהן זיינען צוריק אין הויז אריין... אן אומעט און טרויער האט געהערשט אין יעדער ווינקעל פון הויז..

— ער זאל נאר האבען גענוג געלט אויף הוצאות פאר אייער פאטער און שוועסטער — האט די מוטער געווישט איהרע אויגען — ער האט די שעפסען אפגעקויפט האלב אומזיסט... און איך האב מורא אז דאס געלט וועט נישט קלעקען פאר אלעמען דורכצומאכען אזא לאנגע רייזע...

— איך גלויב אז עס וועט זיין גענוג — האט איינער פון די ברידער איהר געענטפערט — איהם האסטו דאך מיטגעגעבען גענוג שפייז און וואסער, און ער וועט פאר זיך כמעט גארנישט דארפען פערנוצען קיין געלט אויף'ן וועג נאך ירושלים און אויף דעם וועג צוריק וועט זיי קלעקען...

— אבער ווער ווייס אויב זיי האבען אין ירושלים נישט אנגעבארגט קיין געלד אויף צום לעבען... און זיי קענען נישט אוועקפאהרען כל זמן זיי וועלען אפצאהלען זייערע חובות... — האט די מוטער געזאגט מיט קימער.

— עס גלויבט זיך קוים אז דאס זאל זיין דער אפהאלט! — האט דער אינגסטער זוהן זיך אפגערופען — ווען זיי וואלט געפעהלט געלט אויף הוצאות וואלטען זיי עס זיכער געקראגען...

— הלואי זאל דאס בעסער זיין די אורזאכע וואס זיי האבען זיך נאך נישט צוריקגעקעהרט אהיים, איידער חלילה עפעס אנדערש — האט זי געזיפצט — ווער ווייס אויב שולמית איז דארטען נישט קראנק געווארען פון עגמת נפש...

רייטענדיג אויף זיין אייזעל דורך'ן שטאדט האבען פארבייגעהער שולמית'עס עלטערען ברודער עטליכע מאל פרובירט אפשטעלען און פרעגען: וואוהין ער געהט... אבער ער האט זיך אפילו נישט געוואלט אומקוקען ער האט געטריבען דעם אייזעל וואס שנעלער. און ווען ער איז שוין געווען הינטערן שטאדט, האט ער פרייער אפגעאטהעמט... יעצט איז ער פטור געווארען פון די דורכדרינגענדע בליקען פון די נייגיריגע צושויער... ער האט געקענט בעמערקען, ווי פיעלע פון זיי האבען זיך אנגעשטויסען אז ער רייזט אפ נאך ירושלים צוריקצובריינגען זיין פאטער און שוועסטער... ער האט געזעהן פון זייערע אויגען, אז זיי האבען שטארק הנאה דערפון... צי זיינע אויערען האבען דערגרייכט עטליכע בעמערקונגען פון די פערבייגעהענדע בעקאנטע וואס האט געמאכט זיין בלוט צו זידען... אין אן אנדער צייט וואלט ער ארונטער פון זיין אייזעל און יענעם געגעבען פיהלען די מאכט פון זיין פויסט... אבער יעצט.... טאר ער קיין צייט נישט פערליערען... ער דארף וואס שנעלער אפרייזען... זיין מוטער איז שטארק בעזארגט און זי וועט זיכער נישט אריבערטראגען אויב דאס וועט זיך לענגער פערציהען...

ווען ער איז שוין אויף'ן וועג געווען, האט ער בעגעגענט עטליכע פאסטוכער פון שולם...

— וואוהין געהסטו אזוי פריה! — האבען זיי איהם א פרעג געטהאן. ער האט זיי נישט געענטפערט... און זיי האבען גענומען מאכען חוזק פון איהם:

— דו מיינסט אז מיר ווייסען נישט אז דו געהסט נאך ירושלים צוריקצו־

ברייננען דיין שוועסטער און פאטער! געה, ברודער, געה אהין און ניכטער זיי ביידען אוים פון זייערע נארישע שכרות... וואס פאר א חלומות האט שולמית געהאט! זי האט געוואלט ווערען דעם קעניג'ס פרוי... כא, כא, כא! ווי קומט זי א פאסטושקע צו חלום'ען פון אזא זאך... זי מיינט אז דאס וואס זי איז אמאל געווען א דיענסט ביי שלמה'ס פאטער, האט זי א רעכט צו טראכטען און חלומ'ען וועגען דער קרוין... ווער איז זי דאס דיין שוועסטער, וואס זי האט זיך אנגעקליידט מיט אזוי פיעל שטאלץ און אפילו זיך אויף אונז נישט געוואלט אומקוקען... זי איז אוועק אין ירושלים... ווייל דארטען, אין דער גרויסער שטאדט, וועט זי קענען ווערען אן אויסגעלאסענע פרוי!

מעהר האט ער זיך נישט געקענט בעהערשען... דאס בלוט האט איהם א זעץ געטהאן אין פנים... פון זיינע אויגען האבען פונקען פייער געשפריצט... ער איז שנעל ארונטער פון זיין אייזעל און איז צוגעגאנגען צו יענעם פאסטוך וועלכער האט די לעצטע ווערטער ארויסגערעדט און האט איהם מיט זיין גאנצע מאכט א זעץ געטהאן מיט זיין פויסט אין פנים... דער פאסטוך איז אומגעפאלען א צובלוטיגטער אויף דעם בארען.

— יעצט וועסטו האלטען דיין מויל צוגעמאכט אויף א ווייל! האט ער אויסגערופען און זיך געוואלט אומקעהרען צו זיין אייזעל, אבער דא זיינען צו איהם צוגעלאפען די איבעריגע צוויי פאסטוכער:

-- ווי וואגסטו עס צו שלאגען אונזערען א ברודער, האבען זיי זיך פארמאסטען מיט די פויסטען געגען איהם.

— ער האט בעליידיגט מיין שוועסטער! — האט ער אויסגערופען — און געקומען זיין פריינד צו הילפע... א גרויסער קאמפף איז ענטשטאנען... שולמית'ס ברודער איז געווען א שטארקער יונג וועלכער האט געקענט געבען א גוטען קלאפ... ער האט גענומען ביידען דערלאנגען. זיי האבען איהם אויך נישט געשאנעוועט... דער קאמפף האט זיך נאך מעהר צופלאקערט... ער האט געזעצט אויף רעכטס און אויף לינקס... די פאסטוכער האבען איהם אויך גוט מכבד געווען... זיי אבער האבען באלד איינגעזעהן אז ער האט די אויבערהאנט.. ער איז שטארקער פון זיי ביידען... און אפשר ווילע ער פיהלט זיך אז ער איז גערעכט און זיי זיינען אומגערעכט.... יעדענפאלס, אט האט ער איינעם פון זיי צום בארען געשליידערט און ער נעהמט זיך צום צווייטען... יענער אבער שטעלט זיך באלד אויך אויף און דער קאמפף צופלאקערט זיך אויף דאס ניי... דערווייל האט זיך דער ערשטער פאסטוך, וועלכער איז געלעגען א צובלוטיגטער פון דעם שטארקען קלאפ, וואס ער האט געקראגען פון שולמית'ס ברודער, זיך גענומען אויפהויבען און צוגעגאנגען העלפען די איבעריגע פאסטוכער... ער האט אויפגעהויבען א שווערען צווייג און איז שוין געשטאנען לעבען איהם...

שולמית'ס ברודער האט איהם אפגעשטויסען מיט זיין פוס און ער אליין האט גענומען לויפען צו זיין אייזעל... די דריי פאסטוכער אבער זיינען איהם נאכגעלאפען און איהם אנגעכאפט און גענומען שלאגען... ער איז אבער ביי זיך נישט געווען געפאלען... ער האט זיך גענומען ראנגלען מיט זיי... בלוט האט גערונען פון זיין מויל און נאז אבער אויך אלע דריי פאסטוכער זיינען געווען צובלוטיגט...

— איהר לײדיגגעהער, איהר פוסטע קעפ! ! פאר וואס שלאגט איהר און

צובלוטיגט זיך איינער דעם צווייטען, האבען די קעמפפענדע דערהערט א שטי־מע... זיי האבען זיך אומגעקעהרט און גלייך אויפגעהערט זיך צו שלאגען... זיי זיינען אלע געבליבען שטעהן מויט בלאסע... זיי האבען דערזעהן די קעניגליכע קארעטען און עטליכע הויכע בעאמטע זיצען דארט מיט זייערע בלויזע שווערדען געצויגען.. אין דער היץ פון זייער געשלעג האבען זיי גארנישט באמערקט ווי די קארעטען האבען זיך צו זיי דערנעהענטערט...

— איהר פוילענצער! אנשטאדט צו טהאן אייערע ארבייט, שלאגט איהר זיך גאר ארום! — האט דער טרייבער פון דער ערשטער קארעטע זיך אפגערו־פען... וואו איז דאס געהערט געווארען אז אייגענע ברידער זאלען זיך אזוי צובלו־טיגען... איהר זייט דאך אלע אידען!

אווילע זיינען זיי געבליבען שטעהן פארשעהמט מיט ארונטערגעלאזענע קעפ, און דערנאך האט זיך איינער פון די פאסטוכער אפגערופען אנצייגענדיג אויף שולמית'עס ברודער:

— ער האט דעם קאמפף אנגעפאנגען, ער האט מיר א זעץ געטהאן מיט זיין פויסט אין פנים און איך בין אנידערגעפאלען א צו בלוטיגטער...

— וואס האסטו געהאט צו איהם? — האט זיך דער טרייבער אפגערופען פארוואס האסטו איהם צובלוטיגט...

— ווייל ער האט בעליידיגט מיין שוועסטער!

דיין שוועסטער — האט זיך דער טרייבער גענומען ארומקוקען וואו איז דיין שוועסטער?

— ער האט קיין רעכט נישט געהאט איהר צו בעלידיגען וואו זי זאל נישט זיין!... פאר בעלידיגען מיין שוועסטער וועל איך קיינעם נישט שענקען!!

— און מיר וועלען דיר צייגען ווי אזוי צו הויבען א האנט געגען אונז! — האט נאך א פאסטוך זיך אפגערופען.

— נו, זאל זיין גענוג! — האט דער טרייבער א שמייכעל געטהאן איהר מאכט שלום צווישען זיך, און בעסער צייגט אונז אן דעם וועג צו דער שטאדט שולם!

— צו שולם! — האבען מיט אמאל אויסגערופען.

— יע, צו שולם! איז עס נאך ווייט צו דער שטאדט? — האט ער ווידער געפרעגט.

— אה ניין! עס איז נישט ווייט פון דאנען — האט איינער פון די פאס־טוכער געענטפערט און אנגעצייגט די ריכטונג וואו שולם געפינט זיך...

— מיר וועלען פון דאנען נישט אפטרעטען ביז וואנען איהר וועט שלום מאבען איינער מיט דעם צווייטען...

— מיר האבען זיך מיט איהם נישט אנגעפאנגען... ער האט געריטען אויף זיין עזעל און ווען ער האט אונז בעמערקט איז ער ארונטער פון זיין אייזעל און זיך פערטשעפעט מיט אונז...

— ער איז א ליגנער! — האט שולמית'עס ברודער אויסגערופען. ער האט פריהער געמאכט זעהר נישט קיין אנשטענדיגע בעמערקונג וועגען מיין שוועס־טער... דאס האט מיר בעוואויגען ארונטערצוגעהן פון מיין אייזעל און איהם בעצאהלען לויט זיין פערדיענסט...

— דו ביזט א בראווער יונג — האט זיך איינער פון די בעאמטע אפגערופען —- אזוי דארף טאקע האנדלען א ברודער ביי וועמען דער גוטער נאמען פון זיין שוועסטער איז טייער... אבער ביזטו דאך איינער געגען דריי... דעריבער איז מיין עצה דו זאלסט בעסער געהן דיין וועג... און איך בין זיכער אז די פאסטוכער וועלען שוין מעהר נישט וואגען אזוי צו ריידען פון דיין שוועסטער...

— איך דאנק דיר מיין האר — האט ער זיך פערנייגט און גענומען געהן צו זיין עזעל.

— און איהר פאסטוכער זאגט מיר בעסער אויב איהר ווייסט וואו דאס הויז פון יואל'ן, שולמית'עס פאטער, געפינט זיך...

די דריי פאסטוכער זיינען געבליבען שטעהן פערגליווערט... זייערע פנימ'ער זיינען בלאס געווארען...

— פארוואס ענטפערט איהר מיר נישט! — האט ער זיי געפרעגט — איז אייך גארנישט בעקאנט דאס הויז פון שולמית'ען?!

— ער... ער... — האבען די פאסטוכער אנגעצייגט אויף שולמית'עס ברודער וועלכער האט זיך שוין געהאט געזעצט אויף זיין אייזעל — ער ווייס!... ווייל ער איז דאס דער ברודער פון שולמית'ען!!...

א ער איז דאס איהר ברודער! — האבען די בעאמטע אויסגערופען מיט ערנסטע פנימ'ער... און וואוהין געהט ער דאס יעצט...

— ער געהט צו זיין שוועסטער אין ירושלים! זיין פאטער געפינט זיך דארטען אויך, און ער געהט אהין זיי צוריקצובריינגען פון דארטען...

— ווארט!! ווארט!! — האט דער בעאמטער אויסגעשריען צו שולמית'עס ברודער, וועלכער האט גענומען שנעל טרייבען דעם אייזעל...

ער האט דערהערט דעם בעאמטען'ס שטימע און ער האט אפגעדרעהט זיין קאפ...

— קעהר זיך אום! — האט ער איהם גערופען מיט זיין פינגער...

ער האט פערקירעוועט זיין אייזעל און איז צוגעריטען צו זיי...

— ביזטו עס שולמית'עס ברודער? — האט דער בעאמטער זיך געווענדעט צו איהם.

— יע, מיין האר! מיין שוועסטער'ס נאמען איז שולמית — האט ער געזאגט, ווארפענדיג א בליק פון פעראכטונג אויף די דריי פאסטוכער וועלכע זיינען געשטאנען טויט בלאס און געציטערט...

— און דיין פאטער'ס נאמען איז יואל?! — האט איהם דער בעאמטער ווידער געפרעגט.

— ריכטיג! — האט ער איהם געענטפערט...

— און וואוהין איילסטו זיך עס יעצט? — האט א צווייטער בעאמטער איהם געפרעגט.

— איך געה נאך ירושלים! — האט ער געענטפערט — מיין פאטער און שוועסטער זיינען דארטע פערהאלטען געווארען און מיין מוטער איז זעהר אומרוהיג געווארען... מיר האבען פון זיי גארנישט געהערט. מיין מוטער האט מיר דעריבער יעצט אוועקגעשיקט נאך ירושלים. און ווען נישט אט די אומווירדיגע פאסטוכער — האט ער א קריץ געטהאן מיט זיינע צייהן — וואלט איך שוין יעצט געווען ווייט אין וועג...

— אויב אזוי דארפסטו טאקע בעדאנקען אט די פאסטוכער וואס זיי האבען דיר פערהאלטען — האט דער בעאמטער א שמייכעל געטהאן — מיר קומען יעצט פון ירושלים, און מיר ברייננען א גערוס פון דיין שוועסטער און פאטער.

— פון מיין שוועסטער און פאטער!? איז פרידען צו זיי?! — האט ער אויסגערופען.

— יע, פריערען איז צו זיי! — האט ער איהם געענטפערט.

— און ווען וועלען זיי זיך צוריקקעהרען נאך שולם?! — האט ער איהם ווייטער געפרעגט — זיינען זיי שוין פיעלייכט ארויסגעפאהרען.

— אה ניין! זיי וועלען שוין זיך אין שולם מעהר נישט אומקעהרען!... זיי געפינען זיך אין דעם קעניג'ס פאלאץ... און דער קעניג האט אונז געשיקט נאך שולם צו ברייננען שולמית'עס מוטער און איהרע ברידער נאך ירושלים... מיר האבען אויך א בריעף פון שולמית'ען צו איהר מוטער. און יעצט קעהר זיך אום מיט אונז צו דיין מוטער'ס הויז...

ער האט זיינע אויערען נישט געגלויבט... איז עס מעגליך אז זיין שוועסטער און פאטער געפינען זיך אין קעניג'ס פאלאץ... ער האט אבער גלייך בעמערקט די שעהנע קעניגליכע קארעטעס און די בעאמטע וועלכע האבען אויף איהם יעצט געקוקט מיט גרויס דרך ארץ... ער האט אויך באמערקט ווי די דריי פאסטוכער שטעהן און ציטערען פון שרעק... האט ער אויסגערופען מיט פרייד!

— קומט שנעל צו מיין מוטער... זי וועט זיך גליקליך שעצען צו האבען אזא גערוס פון שולמית'ען און מיין פאטער!

ער האט זיך שנעל ארויפגעזעצט אויף זיין עזעל... און ער האט בעמערקט ווי די פאסטוכער שושקען זיך איינער מיט'ן צווייטען דערנאך זיינען זיי צו איהם צוגעגאנגען און געפאלען מיט זייערע פנים'ער צו דער ערד...

— דו וועסט דאך אונז ענטשולדיגען! — האט זיך איינער פון זיי אפגערופען מיט א ציטערענדע שטימע — מיר זיינען געשטרויכעלט געווארען מיט דעם צונג... אה, איך בעט דיר פערצייה אונז...

— געהט אוועק פון וועג! — האט דער טרייבער אויסגערופען צו די פאסטוכער — מיר איילען זיך נאך שולם!

די פאסטוכער האבען זיך א רוק געטהאן אן א זייט, און דער טרייבער האט א שמיץ געטהאן די פערד און צוזאמען מיט שולמית'עס ברידער האבען זיי זיך געריהרט פון פלאץ, איבערלאזענדיג די פאסטוכער קניהענדיג זיך אויף דער ערד...

זינט די ברידער פון שולמית'ן האבען צום ערשטען מאל פארשפריט דעם קלאנג אז דער קעניג שלמה וועט נעהמען זייער שוועסטער פאר זיין פרוי, האבען פיעלע שטארק געצווייפעלט אין דער ריכטיגקייט פון דיזע נייעס, און פיעלע אנדערע האבען געקוקט מיט גרויס קנאה אויף יואל'ס גאנצער משפחה... ווער האט זיך גאר געקענט פארשטעלען, אז יואל, דער ארימסטער בעל הבית פון שטאדט, זאל מיט אמאל אזוי אויפגעריכט ווערען... אמת, שולמית איז געווען א זעלטענע שעהנהייט, זי איז געווען באליעבט ביי יעדען איינעם וועלכער האט איהר נאר געזעהן, אבער דאך שטאמט זי דאך פון אזא ארימער און נידעריגער משפחה... און א חוץ דעם זיינען דען וויניג שעהנע מיידלעך פאראן אין ירושלים צווישען די

רייכע און חשוב'ע איינוואהנער פון שטאדט, אז דער קעניג זאל דארפען אויסקליי־
בען איינע פון זייער קליינער שטאדט שולם!

— מן הסתם מוז דאך עפעס זיין, — האבען דאן איניגע צווישען זיך גע־
רעדט, — זיי וועלען דאך ניט אויסטראכטען אזא זאך...

— עס איז מעגליך אז זיי זיינען אליין אין זיך געגארט, — האבען אנדערע
געזאגט... שולמית האט בעדיענט שלמה'ס פאטער, דוד'ן, און ער האט ווארשיינליך
ארויסגעוויזען א פריינדליכען פנים צו שולמית'ן, האבען זיי דאס אנגענומען אלס
א צייכען אז דער קעניג וועט מיט איהר חתונה האבען...

ווען אבער דער בעריכט איז אנגעקומען אין שולם אז דער קעניג וועט בעזו־
כען די שטאדט, האט שוין אין דעם קיינער ניט געצווייפעלט אז דעם קעניג'ס
בעזוך האט א שייכות צו שולמית'ן... יעדער איינער האט שוין דאן גענומען קוקען
מיט גרויס דרך ארץ אויף יואל'ס משפחה, און די יונגע לייט פון שטאדט, האבען
זיך גענומען חנפ'ענען צו שולמית'ער ברידער. יעדער איינער האט זייער פריינד־
שאפט געזוכט... זיי האבען געהאלטען פאר א גרויס כבוד, ווען איהרע ברידער
האבען צו זיי גערעדט... דערפאר אבער נאך שלמה'ס בעזוך, ווען אלע האבען
זיך איבערצייגט אז די קלאנגען זיינען געווען פאלשע, האבען זיי ערשט דאן גע־
נומען אפשפאטען און אפלאכען פון שולמית'עס ברידער... ביי יעדער געלעגענ־
הייט האבען זיי זיך מיט זיי גערייצט.

איבערהויפט די יונגע לייט, וועלכע האבען פריהער געזוכט זיך צו חנפ'ענען
צו איהרע ברידער זיינען יעצט געווען די ערשטע זיי צו באליידיגען.

— אט קומט אן די קעניגליכע משפחה, — פלעגען זיי אויסשרייען, ווען
שולמית'עס ברידער פלעגען פארבייגעהן און אויסשטעלענדיג זיך אין א גלייכע
שורה פלעגען זיי זיך פארנויגען ווי פאר א קעניג.

דאס האט די ברידער שטארק געקרענקט, און זיי פלעגען דאריבער זוכען
אויסצומיידען זיך צו באגעגענען מיט זייערע אמאליגע "פריינד"... זיי פלעגען
גאנץ פריה אויפשטעהן און אוועקגעהן צו דער ארבייט אין פעלד, און זיך צוריק־
קעהרען ווען די זון איז אונטערגעגאנגען.

עמיאל וועלכער האט געזאלט זיין שולמית'עס געליעבטער, און וועמען
שולמית האט פון זיך פארטריבען, האט אויך גענומען בערייד[ע]ן שולמית'ן פאר
זיינע פריינד, די פאסטוכער...

א היבשע צייט איז דאן פאראיבער, און פלוצלינג האבען זיך די איינוואה־
נער פון שטאדט דערוואוסט אז יואל איז אפגעפאהרען מיט שולמית'ן נאך
ירושלים... פיעלע האבען געזעהן די קארעטע מיט בת שבע'ס קנעכט וועלכע
זיינען צוגעפאהרען צו יואל'ס הויז, און אנדערע האבען געזעהן ווי יואל און
שולמית האבען זיך אהין אריינגעזעצט... ווידער האט די שטאדט גענומען קאכען
און פארשידענע קלאנגען האבען זיך גענומען פארשפרייטען... זיי האבען ווידער
גענומען זוכען די פריינדשאפט פון שולמית'עס ברידער, און פיעלע האבען זאגאר
גענומען די ברידער פרעגען וואס די יעצטיגע רייזע פון שולמית'ן נאך ירושלים
באדייטעט...

די ברידער האבען געקוועטשט מיט די פלייצעס און געזאגט אז זיי ווייסען
נישט... און איז אמת'ען האבען זיי טאקע גארנישט געוואוסט די גאנצע צייט
צוליעב וואס פאר א צוועק זייער פאטער און שוועסטער זיינען פלוצלינג אוועק־
געפאהרען געוואָרען נאך ירושלים... און ווייל קיינער האט פון די ברידער גארנישט

געקענט ארויסקריגן וועגן דעם האבן זיי ווידער אנגעפאנגען צו גלויבן אז דער קעניג האט טאקע געשיקט רופן שולמית'ן מיט איהר צו הייראטען.

לאנג אבער האט עס נישט אנגעהאלטען... אין איינינע טעג נאכדעם ווי שולמית מיט איהר פאטער האבן אפגערייזט נאך ירושלים, איז אנגעקומען די ידיעה אז שלמה האט חתונה געהאט מיט די טאכטער פון פרעה, דעם קעניג פון מצרים... און יעצט, נאך מעהר ווי פריהער, האבן די יונגע לייט פון שטאדט זיך געריצט מיט די ברידער און זיי ארייגעלאכט אין פנים, ווי נאר זיי האבן זיך באוויזען אין דרויסען...

פיעלע זיינען געווען נאך מעהר חוצפה'דיג און גענומען ריידען רכילות אויף שולמית'ן. דאס האט די ברידער זעהר שטארק אויפגערייצט. אבער זיי זיינען געווען הילפלאז... זיי וועלען דאך נישט געהן קעמפען געגען אזוי פיעל פון זייערע שונאים... און דאריבער טאקע, ווען דער עלטערער ברודער, וועלכער איז געווען אויפ'ן וועג נאך ירושלים, האט געהערט ווי איינער פון די דריי פאסטוכער באליידיגט זיין שוועסטער, האט ער זיך שוין מעהר נישט געקענט באהערשען און ארונטער פון זיין אייזעל און גענומען קעמפען מיט זיי... גראדע זיינען דאן אנגעקומען דעם קעניג'ס בעאמטע, און פון זיי האט ער זיך דערוואוסט אז דער קעניג שלמה האט געשיקט נאך זיין מוטער און נאך זיין גאנצער משפחה...

* * *

שולמית עלטערער ברודער איז געווען אזוי איבערראשט און צוטומעלט, אז ער האט גארנישט גענומען בעגרייפען די וויכטיגקייט פון דעם אנקומען פון דעם קעניג'ס שלוחים... און ווען זיי האבן זיך דערנעהנטערט צום שטאדט, האט ער נאך אלע זיך געוואונדערט צוליעב וואס דער קעניג האט נאך זיי געשיקט... איהם איז גארנישט איינגעפאלען אז דער קעניג האט בדעה אויף חתונה צו האבן מיט זיין שוועסטער... האט ער דען נישט לאנג צוריק חתונה געהאט מיט דער פרינ־צעסין פון מצרים? ער האט זיך אבער גענומען דערמאהנען וואס זיין מוטער האט איהם דערצעהלט וועגן בת שבע'ן און שולמית'ן... אפשר האט זיך דער קעניג ארומגעזעהן אז עס איז נישט געווען אין גאנצען איהר שולד, און ער זוכט צו פארגיטיגען איהר און איהר משפחה... דאריבער האט ער געשיקט נאך אלעמען... אבער דאס אליין איז שוין ביי איהם אויך געווען א גרויסע פרייד... זיי וועלען אלע וואהנען אין ירושלים... זיי וועלען פארלאזען שולם... זיי וועלען זיך נישט דארפען באגעגענען מיט שפאטענדע בליקען פון די היגע איינוואהנער... דארטען וועט קיינער נישט וואגען צו ריידען שלעכטעס וועגען שולמית'ן, און דערצו וועט געוויס זיי דער קעניג רייך מאכען און זיי וועלען נישט דארפען געהן בעארבייטען די פעלדער אדער טהאן אנדערע שווערע ארבייט...

נישט קיין קליינע איבערראשונג איז געווען זייער אנקומען אין שולם פאר די אלע איינוואהנער... פריהער א ווייל האבן זיי ארויסבאגלייט שולמית'עס עלטסטען ברודער פון שטאדט מיט שפאטישע בליקען, מיט צווייזדייטיגע באמער־קונגען... זיי האבן איהם ארייגעלאכט אין פנים... און יעצט קומט ער פלוצלינג אן צוריק מיט דער קעניגליכער קארעטע און מיט הויכע בעאמטע... וואס זאל דאס יעצט בעדייטען... וואוהין וועט די קארעטע פארפאהרען? און ווי אזוי קומט עס אז יואל'ס זוהן, זאל זיי פיהרען... דיזען מאל האבן זיי זיך נישט באנוגענט מיט נאכפאלגען זיי מיט זייערע בליקען, נאר יעגער איז געווען נייגעריג צו וויסען וואוהין די קארעטע וועט פארפאהרען און דאריבער האבן די אלע וועלכע האבען

דאָס צוגעזעהן, געגומען לאַנגזאַם נאָכפאַלגען די קאַרעטע... און ווי גרויס זייער ערשיטערונג איז געווען ווען זיי האָבען דערזעהן אַז די קאַרעטע און די בעאַמטע האָבען זיך טאַקע אָבגעשטעלט נעבען יואָל'ס הויז...

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען ? — האָבען זיי איינער דעם צווייטען געפרעגט.

— עס בעדייט אַז נאָך אַלעמען טראַכט דער קעניג זעהר פיעל פון שולמית'ן מיט איהר משפחה, — האָט איינער געענטפערט.

— ווייס איך וואָס ! — האָט אַ צווייטער אַ מאַך געטהאָן מיט'ן האַנד — מאַלע וואָס דעם קעניג'ס בעאַמטע שטעלען זיך אָפּ אין יואָל'ס הויז... עס מיינט גאָרנישט...

— און פאַרוואָס זאָלען זיי זיך נישט אָפּשטעלען נעבען דיין הויז ? פאַרוואָס גראָדע אין יואָל'ס הויז ? — האָט איהם אימיצער אַ קרים געטהאָן. — איך זאָג דיר אַז דאָס מיינט שוין יאָ אַ סך...

— איך האָב אָבער אַלע מאָל געזאָגט, אַז סוף כל סוף וועט זיך שולמית צוריקקעהרען אין פּאַלאַץ און מיר זאָלען זיך היטען מיט אונזערע צינגער — האָט אַן אַנדערער אַ זאָג געטהאָן.

— פון דעסטוועגען האָבען מיר אַלע געהערט ווי דו האָסט היינט אין דער פריה אָפּגעלאַכט און אָפּגע'חוזק'ט פון שולמית'ן.

— דאָס איז שוין אַ בלבול אויף מיר ! — האָט ער זיך צושריען, — איך האָב קיינמאָל נישט גערעדט קיין שלעכטעס נישט אויף שולמית'ן און נישט אויף איהרע ברידער.

— האָסטו דען זיך ניט אָפּגערופען צו איהר ברודער אַז זיין שוועסטער שולמית האָט געמוזט ווערען אין ירושלים די קעניגין איבער די ציגען... קענסטו עס פיעלייכט אָפּלייקענען ?... מיר אַלע האָבען דאָס געהערט, נישט אמת ?

— געוויס האָט ער דאָס געזאָגט ! — האָבען זיך געהערט שטימען.

— איך האָב בלויז געמאַכט שפּאַס... איך האָב אָבער נישט געמיינט זי צו בעליידיגען...

— אָבער דו דאַרפסט דאָך נישט זאָגען, אַז מען זוכט אויף דיר אַ בלבול צו מאַכען.

— קיינער פון אונז איז נישט אומשולדיג !... מיר האָבען אַלע איהם בע־ ליידיגט היינט אין דער פריה... און מיר מוזען זעהן דאָס צו פאַרריכטען... ווייל ער וועט אונז זיכער נישט שענקען, ער וועט זוכען נקמה צו נעהמען פון אַלע די וועלכע האָבען איהם בעליידיגט... און ווער ווייס וואָס פאַר אַ שלעכטעס ער קען נאָך טהאָן צו אונז...

— און איך זאָג אייך, אַז אומזיסט איז אונזער מורא... דאָס וואָס דעם קעניג'ס בעאַמטע זיינען געקומען גלייך אין יואָל'ס הויז, האָט עס אַ גאַנץ קליינע בעדייטונג... און וואָס איז געווען ווען דער קעניג אַליין איז אין שולם געקומען און זיך גלייך נאָכגעפרעגט אויף שולמית'ן, האָט עס דען געהאַט אַ וויכטיגע בעדייטונג ?

— דאָך בין איך זעהר נייגעריג צו וויסען וואָס די בעאַמטע האָבען צו טהאָן.

— ווען אימיצער וואָלט געקענט יעצט אַריינגעהן אין יואָל'ס הויז מיט אַ אויסרייד, וואָלט ער געוויס זיך פון אַלעס דערוואוסט...

— לאָמיר פּרובירען אַ פרעג טהאָן דעם שכן וועלכער האָט געסטערן אָפּגע־

קויפט עטליכע שעפסען פון יואל'ס פרוי... פון איהם האבען מיר זיך דאן דערוואוסט אז שולמית'עס ברודער רייזט אפ נאך ירושלים צו ברייננען צוריק זיין פאטער און שוועסטער... פאר איהם וועלען זיי דרך ארץ האבען און איהם וועט נישט שווער אנקומען צו געפינען אן אויסרייד אריינצוגעהן אין יואל'ס הויז.

— אט קומט ער טאקע אן! — האט אימיצער אנגעצייגט מיט'ן פינגער.

— זעהסטו די קארעטע וואס האט זיך אפגעשטעלט נעבען יואל'ס הויז?

— האט איינער זיך אפגערופען צום שכן, — דארטען זיינען געזעסען גאנץ הויכע בעאמטע און זיי זיינען אלע אריין אינעווייניג אין הויז... מיר וואונדערען זיך אלע וואס דאס קען בעדייטען... ווייל ווערליג דו האסט אונז געזאגט, האבען זיי פון דיר געקראגען דאס געלד פאר די שעפסען, כדי צו האבען אויף הוצאות צוריקצוברייננען יואל'ן און שולמית'ן פון ירושלים...

— און דו צווייפעלסט נאך אין די ריכטיגקייט פון מיינע ווערטער! — האט דער שכן אויסגערופען מיט כעס... — איך זאג נישט גלאט אין דער וועלט אריין. איך ווייס וואס איך רייד...

— אבער דו זעהסט דאך אז איהר ברודער וועלכער איז שוין געווען אויפ'ן וועג, האט זיך נאר וואס צוריקגעקעהרט מיט די בעאמטע און זיי זיינען אלע אריין צו איהם אין הויז.

— דאס איז זיך אן אנדער זאך! — האט זיך דער שכן אפגערופען מיט עטוואס געלאסענקייט...

— יא, מיר ווייסען, אז דו ביזט דער איינציגער וועלכער האט צוטריט צו יואל'ס הויז... און דיר וואלט יעצט נים געווען צו שווער צו געפינען אן אויסרייד און אהין אריינצוגעהן... מעגלי. אז דו וואלסט געקענט דערגעהן וואס עס בעדייט דער באזוך פון דעם קעניג'ס בעאמטע...

— איך דארף נישט קיין אויסרייד אריינצוגעהן אין יואל'ס הויז! — האט דער שכן אויסגערופען מיט עטוואס שטאלץ, — איך האב זיי אלעמען גענוג טובות געטהאן...

— מיר אלע זיינען זעהר נייגעריג צו וויסען וואס די בעאמטע טהוען אין יואל'ס הויז, — האט איינער זיך אפגערופען צו איהם, — און אויב דו האסט צוטריט צו זיין הויז, וואלטען מיר דיר אלע דאנקבאר געווען ווען דו וואלסט אויסגעפונען וואס עס קומט דארטען פאר יעצט...

— אט געה איך טאקע באלד אהין אריין! — האט ער געזאגט, — וואס דען, איך וועל זיך שעהמען פאר זיי, די קבצנים... ווינציג געלד האבען זיי ביי מיר ארויסגעקראגען... איך האב דאך זיי איבערגעצאהלט פאר די שעפסען, ווייל איך האב אויף זייער מוטער רחמנות געהאט, זי האט געוויינט פאר מיר מיט ביטערע טרעהרען... זי האט מיר אלעם דערצעהלט, זי האט זיך פאר מיר ארויסגערעדט אז איהר מאן און טאכטער זיינען אין ירושלים און האבען קיין געלד נים אויף הוצאות... זי האט ביי מיר געבעטען איך זאל אפקויפען עטליכע שעפסען... און איך, אנשטאט זיך צו דינגען האב איך איהר נאך געגעבען צוויי מאל אזוי פיעל ווי זי האט פון מיר פערלאנגט. . נו, יעצט זעהט איהר שוין אז איך דארף נישט קיין אויסרייד אריינצוגעהן אין יואל'ס הויז?!...

— מיר וועלען אויף דיר ווארטען דא נישט ווייט, און דו וועסט אונז געוויס אלעם דערצעהלען...

— פאר וואס זאל איך אייך נישט דערצעהלען... וואס פאר א פארגעניגען האט מען ווען מען האלט אזעלכע זאכען בלויז פאר זיך... געוויס וועל איך אייך אלעמען דערצעהלען.

מיט גרויס קנאה האבען אלע איהם נאכגעקוקט ווי ער האט זיך דערנעהנ־טערט צו יואל׳ס הויז...

* * *

ווען שולמית׳עס ברודער האט זיך אומגעקעהרט אהיים, איז די מוטער איהם אנטקעגען געקומען א צושראקענע און א בלאסע.

— וואס האט פאסירט, מיין קינד! פאר וואס האסטו זיך אומגעקעהרט פון וועג? איז מען דיר באפאלען און בארויבט?!...

— א, ניין, מוטער, בערוהיג זיך, — האט ער געענטפערט, — שלום איז צו מיר, אבער מיר האבען א פרעהליכען גרוס פון פאטער און פון שולמית׳ן.

— א גרוס פון יואל׳ן און שולמית׳ן?! — האט זי איבערגעפרעגט מיט איבערראשונג, — ווער האט עס דיר דעם גרוס געבראכט.

— דעם קעניג׳ס בעאמטע! — האט ער אויסגערופען מיט גרויס פרייד, — דער קעניג האט זיי ספּעציעל צו אונז געשיקט... זיי שטעהען איז דרויסען... איך האב נישט געוואלט דו זאלסט זיך דערשרעקען, בין איך פריהער אריין דיר אנ־זאגען וועגען דעם... זיי ווארטען אין דרויסען... זיי האבען אויך א בריעף פאר דיר פון שולמית׳ן.

— זאלען זיי גלייך אריינקומען! — האבען איהרע אויגען גענומען אויפ־לייכטען.

אין א ווייל‏ע ארום זיינען שוין אלע בעאמטע פון דעם קעניג געווען אין יואל׳ס הויז... זיי האבען איהר איבערגעגעבען שולמית׳עס בריעף, און זי האט געבעטען איהר עלטערען זוהן ער זאל עס פאר איהר איבערלעזען...

ער האט שנעל אויפגעפענט דעם פארזיגעלטען בריעף און עס גענומען לעזען:

”מיין ליעבע מוטער!

”איך וויים וואס פאר אן אנגענעהמע איבערראשונג די נייעס וועט אויף דיר מאכען... דער פאטער און איך געפינען זיך אין דעם קעניג׳ס פאלאץ... מיר זיינען ביידע געזונט און פיהלען זיך זעהר גוט.

”דער קעניג שלמה וועט אין גיכען פייערען זיין חתונה מיט מיר, און דער איינציגער אפּהאלט איז וואס דו געפינסט זיך נישט אין ירושלים... יא, ליעבע מוטער, דער קעניג און איך ווארטען מיט גרויס אומגעדולד אויף דיין קומען... זאל קיין זאך דיר נישט אפּהאלטען... דער קעניג האט דיר געשיקט קליידער און שפּייז און אויך געלד, און דו מיט מיינע ברידער זאלען גלייך קענען מיטפאהרען מיט דעם קעניג׳ס בעאמטע נאך ירושלים.

”ליעבע מוטער, דו דארפסט נישט זוכען צו פארקויפען דאס ביסעל ארימ־קייט וואס מיר פארמאגען. דו קענסט עס צוטיילען צו אונזערע פריינד, ווייל אין ירושלים וועט דיר קיין זאך נישט פעהלען.

”זאל גאט׳ס ברכה דיר באגלייטען אויפ׳ן וועג און דו זאלסט אנקומען אין ירושלים פריש, געזונט און גליקליך״.

דיין טאכטער, שולמית.

די שמחה אין הויז איז געווען אונבעשרייבליך גרויס. די זיהן זיינען ארויפ־געפאלען אויף זייער מוטער און איהר גענומען האלזען און קושען.

די מוטער האט פון גרויס פרייד זיך פאנאנדערגעוויינט.

— גאט האט צוגעזעהן אונזערע ליידען און ער האט פארנומען מיין תפלה... געבענשט און געלויבט זאל זיין זיין נאמען... ער דערהויבט דעם געפאלענעם, דערפרעהט דעם טרויעריגען, און טהוט זיין חסד נישט אפ פון די וועלכע ווענדען זיך צו איהם נאך הילף...

אזוי שנעל ווי די מוטער איז געקומען צו זיך פון דער גרויסער איבערראשונג, האט זי זיך געווענדעט צו די געסט, די בעאמטע, וועלכע האבען מיט גרויס צו־פרידענהייט זיך צוגעקוקט צו אלעם וואס עס קומט פאר צווישען דער מוטער מיט איהרע זיהן.

— זעצט זיך צום טיש, איהר געבענשטע פון גאט, זאל איך גאט דער־פרעהען ווי איהר האט מיך דערפרעהט... איך וועל צוגרייטען עסען... איהר זייט געוויס מיעד און הונגעריג.

— מיר האבען מיט זיך גענוג שפייז, מיין הארינטע, — האט דער הויפט בעאמטער זיך אפגערופען, — מיר וואלטען דיר בעסער געראטהען זיך נישט צו לאנג צו פערזאמלען...

— עס וועט מיר לאנג נישט נעהמען און איך וועל האבען פארטיג דעם מאלצייט! — האט זי געזאגט, און זיי דערלאנגט קאלטע און פרישע וואסער וואס איינער פון איהרע זיהן האט נאר וואס אנגעשעפט פון ברונים.

פלוצלינג האט זיך די טיהר אן עפען געטהאן און דער שכן וועלכער האט מיט א טאג צוריק אפגעקויפט די שעפסען, איז אריינגעקומען.

— וואס פאר א שעפסען האט איהר מיר פארקויפט! — האט ער זיך צו־בייזערט, — אזוי פיעל געלד האט איהר ביי מיר פאר זיי גענומען!... ניין!... איך וויל זיי נישט... איך האב חרטה אויף דעם מסחר!... איך וויל מיין געלד צוריק!...

— אבער וואס האסטו זיך אזוי צושריען! — האט דער אינגסטער ברודער זיך צו איהם אפגערופען, — האסטו דען נישט בעצאהלט העלפט פון דער ווערדע פון די שעפסען?

— נו, געוויס, אויב דיר געפעלט נישט דער מסחר, טו ברייננ די שעפסען צוריק און מיר וועלען דיר אומקעהרען דיין געלד, אבער דו האסט נישט קיין רעכט אריינצוקומען און שרייען.

אויף דעם האט זיך דער שכן גאר ניט געריכט... ער איז געווען אזוי זיכער אז זיי וועלען דאס גאנצע געלד שוין נישט האבען, און זיי וועלען זיך ביי איהם ווידער נעהמען בעטען, און דערווייל וועט ער ארויסקריגען די נייעס פון זיי מיט דעם קעניג'ס בעאמטע... אבער יעצט פאדערען זיי צוריק די שעפסען וואס ער האט ביי זיי קויפט אלס מציאה... עס האט איהם אנגעהויבען פארדריסען פאר וואס ער האט זיך אנגעפאנגען מיט זיי.

— נו, וואס שטעהסטו! — האט די מוטער זיך צו איהם אפגערופען, — מיר האבען קיין צייט נישט מיט דיר צופיעל צו פארברייננען. געה ברייננ צוריק די שעפסען און דו וועסט קריגען דאס געלד צוריק... איך וועל זיי בעסער אפגעבען צו ארימע לייט אומזיסט איידער צו דיר פאר געלד.

— זעה נאר אויף די קבצו'טע! — האט ער זיך א קרים געטהאן, — ערשט

נעכטען האסטו פאר מיר געוויינט און היינט ביזטו שוין פלוצלינג אזוי אויפגעריכט געווארען... איך וועל דיר די שעפסען צוריק נישט ברייגגען... איינמאל פארקויפט איז פארפאלען.

— מיר האבען דען נאך דיר געשיקט? דו ביזט דאך אליין געקומען און געזאגט אז מיר האבען דיך אפגענארט, און מיר זיינען וויליג דיר אומצוקעהרען דיין געלד... — האט דער עלטסטער ברודער זיך צו איהם אפגערופען, קוים איינהאלטענדיג זיין כעס.

— און ווער ביזטו דאס אזוי וואס דו רעדסט מיט אזא חוצפה צו מיר... א גאנצער יחוס מיט איהם וואס ער האט א שוועסטער יעצט ערגעץ אין ירושלים... דו ביזט נישט בעסער פאר דיין שוועסטער און זי איז נישט בעסער פאר דיר... דענק נישט אז מיר ווייסען גאר נישט וועגען דיין שוועסטערס אויפפיהרונג...

— ארויס פון אונזער הויז! —האט זיך דער עלטסטער ברודער זיך פארמאסטען מיט זיין פויסט צו איהם.

— דו קבצן, דו שנארער! ווי אזוי וואגסטו מיר צו טרייבען פון דיין הויז.

— האט דער שכן אויפגעהויבען זיין האנד.

באלד זיינען פון צווייטען ציממער ארויס צוויי בעאמטע וועלכע האבען זיך צוגעהערט צו אלעם וואס איז נאר וואס פארגעקומען. זיי האבען אנגענומען דעם שכן און אויפגעפענט די טיהר און איהם ארויסגעשליידערט אין דרויסען... ער האט זיך צוויי מאל איבערגעקוליעט און איז געבליבען זיצען א צוטומעלטער אויף דעם גראז.

די נייגעריגע וועלכע זיינען געשטאנען פון ווייטען און צוגעזעהן ווי מען האט דעם שכן ארויסגעשליידערט פון יואל'ס הויז, זיינען צו איהם צוגעלאפען און קוים איינגעהאלטען זייער געלעכטער.

— וואס האט פאסירט? ווער האט עס דיך געוואגט ארויסצואווארפען פון יואל'ס הויז?

— איך וועל זיי ניט שענקען! — האט ער געמורמעלט און זיך פרובירט אויפשטעלען.

עטליכע מענשען האבען איהם געהאלפען, און ווען ער האט זיך אויפגעשטעלט, האט ער גענומען שילטען שולמית'ן מיט איהר משפחה.

— האסטו דארטען געזעהן די בעאמטע פון קעניג? — האט איהם איינער א פרעג געטהאן.

ער האט זיי אבער נישט געענטפערט. ער איז גלייך אוועק צו זיך אהיים מורמלענדיג אונטער דער נאז.

— נישט נאר האט ער געזעהן די בעאמטע, אבער ער האט זיי אויך געפיהלט! — האט איינער זיך פאנאנדערגעלאכט. — איך האב אליין באמערקט ווי א בעאמטער האט איהם אנגענומען פאר'ן קארק און ארויסגעשליידערט... יע... די טיהר איז געווען אפען און איך האב אלעם צוגעזעהן.

— אבער פאר וואס זאלען זיי איהם אזוי בעהאנדלען! — האט איינער זיך אפגערופען, — לויט ווי ער דערצעהלט האט ער פיעלע טובות זיי געטהאן.

— וואס ער דערצעהלט איז נאך אלץ ווייניג! איך קען איהם גאנץ גוט, ער האט שוין אזא טבע זיך צו באריהמען... און ווי איך האב געהערט, האט ער די שעפסען פון זיי געקראגען בחצי חנם... ווי עס ווייזט אויס האט ער זיי געמוזט בעליידיגען.

— ער האט הארשיינליך געהערט א שלעכט ווארט אויף שולמית'ן און האריבער האבען זיי איהם ארויסגעווארפען.

— ער האט געדארפט האבען מעהר שכל ווי צו ריידען עפעס שלעכטעס וועגען שולמית'ן אין דער אנוועזענהייט פון דעם קעניג'ס בעאמטע.

— און מיר וועלען אויך בעסער מאכען אויב מיר וועלען גלייך פון דאנען אפטרעטען! — האט זיך איינער אפגערופען, — ווייל מיר האבען זיך אלע ניט איבריגס פיין באנומען צו איהרע ברידער.

— אבער וואס קען דאס אלעס בעדייטען? ! אויב דער בעזוך פון די בעאמטע איז פון גרויס וויכטיגקייט, וואלט געווען ראטהזאם פאר אונז אלעמען זיך איבערצובעטען מיט איהרע ברידער, ווענען מיר האבען אזוי פיעל מאל בעליידיגט.

— דו זעהסט מוטער, ווי אלע האבען זיך צוזאמענגעקליבען ארום אונזער הויז!... אט וועל איך ארויסגעהן און זיי צוטרייבען.

— א, ניין, מיין זוהן, זאלען זיי שטעהן! וועמען קימערט עס וואס זיי שטעהן! — האט די מוטער געזאגט מיט א שמייכעל.

— אבער ווען דו וואלסט געוואוסט וויפיעל בעליידיגונגען איך און מיינע ברידער האבען געהאט אויסצושטעהן פון זיי אלעמען... וואלסטו אליין צוגעגעבען אז מען דארף זיי צוטרייבען פון דאנען.

— אט וועל איך צו זיי ארויסגעהן! — האט די מוטער זיך אפגערופען, — איך וועל זיי בעטען זיי זאלען צושיקען צו מיר עטליכע אריםע אלמנות פון שטאדט, צו וועמען איך וועל צוטיילען דאס ביסעל פארמעגען וואס מיר פארמאגען.

די מוטער איז ארויסגעגאנגען צו זיי און זיך אפגערופען:

— וועלען פיעלייכט איינינע פון אייך מיר קענען א טובה טהאן?

— געוויס! — האבען זיך געהערט עטליכע שטימען, — מיר טראגען זיך גלייך אפ פון דאנען!

— א, ניין, נישט דאס מיין איך! — האט זי געזאגט מיט א שמייכעל, — אין שטאדט זיינען פאראן דריי אלמנות מיט קליינע קינדער, וועלכע זיינען אין גרויס נויט. איך וואלט וועלען צוטיילען צווישען זיי מיין קליינעם פארמעגען, מיין הויז און פעלד, איידער מיר פארלאזען די שטאדט... זאלען איינינע פון אייך געהן זיי רופען צו מיר.

— מיר געהען! מיר געהען! — האבען עטליכע אויסגערופען.

די מוטער האט זיי בעדאנקט און נאך אמאל אנגעבעטען זיי זאלען זיך צואיילען... און איז צוריק ארייז אין הויז.

— נו, בין איך נישט גערעכט! — האט זיך איינער פון די פערזאמעלטע אפגערופען, — האב איך נישט געזאגט אז די בעאמטע זיינען געשיקט געווארען פון קעניג צו ברייננען שולמית'ס מוטער און ברידער נאך ירושלים.

— ווער ווייסט, פיעלייכט וועט זי טאקע ווערען דעם קעניג'ס פרוי!

— אבער דער קעניג האט דאך שוין געהייראט מיט דער פרינצעסין פון מצרים.

— נו, איז וואס? ! קען ער אויך נישט הייראטען מיט שולמית'ן.

— יא, דו ביזט גערעכט, עס איז מעגליך.

— איידער זיי פארלאזען אונזער שטאדט וועלען מיר מוזען בעטען ביי זיי אלעמען זיי זאלען אונז פארגעבען, ווייל מיר פיהלען זיך אלע שולדיג געגען זיי.

עס האט ניט לאנג געדויערט און די דריי ארימע אלמנות מיט זייערע קליינע קינדער, די יתומים, זיינען געקומען אין שולמית'ס הויז.

די מוטער האט זיי זעהר פיין צוגענומען און האט צו זיי געזאגט:

— גאט האט מיר געהאלפען... דער קעניג האט נאך אונז געשיקט, ווייל ער געהט הייראטען מיין טאכטער. און דאריבער וויל איך צוטיילען אלעס וואס איך פארמאג, צווישען אייך דרייען...

די אויגען פון די ארימע אלמנות האבען גענומען לייכטען פון גליק... און מיט דאנקבארע אויגען געקוקט אויף איהר.

— אויב עס איז מעגליך פאר אייך אלעמען צו וואהנען אין מיין הויז און צוטיילען זיך מיט אלעס וואס דא געפינט זיך, איז געווים גוט. און אויב נישט, וועל איך אייך ערלויבען צו פארקויפען מיין הויז און צוטיילען זיך דאס געלד אויף גלייך.

— מיר וועלען אלע וואהנען צוזאמען! — האבען די אלמנות אויסגערופען מיט פרייד. טרעהרען האבען זיך באוויזען אין זייערע אויגען.

— גוט! — האט די מוטער געזאגט, — מיר האבען צוואנציג שעפסען, פיער קיה און צוויי אקסען מיט אן אייזעל... דאס אלעס געהערט צו אייך אלעמען. איך וועל אריינרופען עדות און דאס אייך איבערגעבען פאר זיי אין די אויגען.

איינער פון די ברידער האט אריינגערופען צוויי עדות אין הויז און פאר זיי אין די אויגען האט זי איבערגעגעבען אלעס וואס זי האט פארמאגט צו די אלמנות מיט זייערע קינדער.

גלייך נאכדעם האט זיך די מוטער מיט איהרע זיהן געזעצט אין דער קארעטע און צוזאמען מיט דעם קעניג'ס בעאמטע האבען זיי פארלאזען די שטאדט שולם, מיט דער בעגלייטונג פון די נייגעריגע בליקען פון אלע איינוואהנער.

* * *

גרויס איז געווען זייער שמחה ווען זיי זיינען אנגעקומען אין ירושלים און געבראכט געווארען אין דעם פאלאץ פון דעם קעניג... אלעס איז צו זיי געווען ווי א חלום.

שולמית האט זיך שטארק דערפרעהט מיט איהר מוטער און האט איהר גלייך פארגעשטעלט פאר בת שבע'ן.

און מיט א וואך שפעטער האט שלמה געפייערט זיין חתונה מיט שולמית'ן, די שעהנסטע און בעליעבטעסטע מיידעל פון ארץ ישראל.

## בוך צוויי

### פופצעהנטער קאפיטעל

### שלמה המלך׳ס חכמה

דער גרעסטער אויפטהו, וואס שלמה המלך האט אויפגעטהאן דורך זיין רעגיערען, איז, אהן ספק, דאס בויען פון דעם בית המקדש. דאס איז געווען אין יענע צייטען איינער פון די וואונדערס פון דער וועלט.

זיבען און א האלב יאהר האט שלמה געבויעט דעם פראכטפולען בית המקדש. הונדערטער טויזענטער ארבייטער און אויפזעהער, אלע אונטער דער אויפזיכט פון דעם קלוגען קעניג שלמה, האבען די ארבייט געטהאן. מיט זיין לייב און לעבען איז שלמה געווען אריינגעטהאן אין דער היילינגער ארבייט. ער האט געזוכט צו מאכען דאס הויז פון גאט וואס שעהנער און פראכטפולער.

ווען דער בית המקדש האט געהאלטען ביים פארענדיגט ווערען, האט שלמה געשיקט שלוחים צו אלע שכינמ׳שע קעניגע, מיט וועמען ער האט געלעבט בשלום, און ער האט זיי איינגעלאדען צו קומען פייערען דעם חנוכת הבית.

אויף דעם עלפטען יאהר צו שלמה׳ס רעגיערען, אין מאנאט חשון, איז דער בית המקדש געענדיגט געווארען. עלף מאנאטען האבען געדויערט די הכנות צם פייערען דעם חנוכת בית המקדש..

שלמה האט ארויסגעשיקט איינלאדונגען צו די עלטסטע פון די שבטים און צו אלע חשוב׳ע איינוואוינער פון לאנד.

אויף דעם יום טוב סכות זיינען די געסט זיך צונויפגעקומען אין ירושלים און דאס גאנצע פאלק פון גאנץ ארץ ישראל האט עולה רגל געווען קיין ירושלים צו זעהן מיט זייערע אויגען דעם וואונדערבארען בית המקדש, וואס זייער קלוגער קעניג האט אויפגעבויט.

גרויס און ערהאבען איז געווען דער יום טוב פון דעם חנוכת הבית אין ירושלים. יעדען טאג פלעגען אנקומען קעניגע מיט זייערע באגלייטער און יעדען באזונדער האט שלמה געגעבען א גרויסארטיגען קבלת פנים. און אט איז אנגעקומען פרעה, דער קעניג פון מצרים, שלמה׳ס שווער. איהם האט שלמה עפפאנגען מיט גרויס כבוד. מוזיק האט געשפיעלט און שלמה מיט זיין פרוי, נאנסארא, פרעה׳ס טאכטער, זיינען איהם אנטקעגען געקומען.

שלמה האט געצייגט פרעה׳ן דעם בית המקדש מיט אלע וואונדערשעהנע כלים, דעם מזבח, די מנורה און אנדערע זאכען.

פרעה האט געגאפט פון גרויס וואונדער. ער האט יעצט געזעהן, אז אלע פראכטפולע טעמפלען פון מצרים קענען זיך ניט פארגלייכען אין שעהנקייט צום בית המקדש.

דעם ערשטען טאג סכות איז פארגעקומען די גראנדיעזע פייערונג.

די כהנים האבען געטראגען דעם ארון הקודש פון דעם אהל, וואס איז געווען

נאך פון דער צייט פון דוד׳ן. נאך זיי זיינען געגאנגען די לויים, וועלכע האבען געטראגען די פארשיעדענע כלים און האבען געשפיעלט אויף פארשיעדענע מו־זיקאלישע אינסטרומענטען. די טויערען פון בית המקדש זיינען געעפענט גע־ווארען און די כהנים האבען מיט זעהר איינדרוקספולע צערעמאניעס אריינגע־בראכט דעם ארון הקודש אין דעם קדשי הקדשים. נאך זיי זיינען אריינגעקומען שלמה, זיין מוטער, נאנסארא און שולמית. נאכהער זיינען אריין די קעניגע, שלמה׳ס געסט, און נאך די געסט זיינען אריין אלע עלטסטע און פארשטעהער פון די שבטים, די סנהדרין און די איבעריגע חשוב׳ע בעאמטע פון שלמה׳ן.

די לויים האבען גענומען שפיעלען און צוזאמען מיט די כהנים האבען זיי געזונגען מזמורים.

אין דעם חצר פון בית המקדש איז געשטאנען דער גאנצער קהל וויפיעל עס האט נאר געקענט אריינגעהן.

דאס שפיעלען און זינגען האט אויפגעהערט. א הייליגע שטילקייט האט געהערשט אין בית המקדש. אלעמענס אויגען זיינען געווען געווענדט אויף שלמה׳ן.

צדוק הכהן האט אויסגערופען: ״מאכט א וועג פאר דעם קעניג צום מזבח״.

די כהנים און לויים האבען שנעל געמאכט פריי דעם וועג און שלמה, אנ־געטהאן אין זיינע קעניגליכע בגדים און מיט דער קרוין אויף זיין קאפ, איז צוגעגאנגען צום מזבח.

די שטילקייט איז געווארען נאך מעהר אנגעשטרענגט. יעדענס הארץ איז געווען אנגעפילט מיט פרייד. יעדער איינער האט געפיהלט, אז די שכינה רוהט צווישען זיי אלעמען.

שלמה האט אויפגעהויבען זיינע הענט צום הימעל און האט מתפלל געווען די פאלגענדע תפלה צו גאט:

״אלמעכטיגער גאט; באשעפער פון דער וועלט און פון אלץ וואס געפינט זיך אין איהר! עס איז ניטא אזא גאט ווי דו, אויפ׳ן הימעל פון אויבען און אויף דער ערד פון אונטען. דו האלטסט דיין בונד און גנאדע צו די, וועלכע זיינען אויפריכטיג מיט דיר און געהען אין דיינע וועגען. דו האסט דיין פארשפרעכען צו מיין פאטער דוד געהאלטען און מיט דעם היינטיגען טאג האסטו דיין הבטחה צו איהם ערפילט. און יעצט, א, גאט פון ישראל, איך בעט דיך, זיי אויך מקיים דיין צוזאג, וואס דו האסט געזאגט צו מיין פאטער, אז אויב זיינע קינדער וועלען געהן אין דיינע וועגען און היטען אלעס, וואס איז געשריבען אין דיין תורה, וועט די מלוכה נישט אפגעשניטען ווערען פון זיי ביז אייביג.

״יעצט, ליעבער גאט, איך האב פאר דיר געבויט דאס הויז. איך וויים, אז די הימלען זיינען צו קליין פאר דיר, בפרט דיעזער בית המקדש, וואס איך האב געבויט. דאך בעט איך דיך, דו זאלסט זיך צוהערען צו מיין תפלה און פארנעהמען מיין געבעט, וואס איך בעט דיך היינט. זאלען דיינע אויגען זיין אפען צו דיעזען הויז טאג און נאכט. דו זאלסט זי צוהערען צו אלע תפלות און בקשות, וואס דיין קנעכט און דיין גאנץ פאלק ישראל וועלען צו דיר מתפלל זיין פון דיעזען פלאץ און דו זאלסט פארגעבען אלע זינד.

״ווען א מאן וועט זינדיגען געגען זיין פריינד און ער וועט דארפען שווערען, וועט ער קומען פאר דיעזען מזבח אין דיעזען הויז און דו וועסט פון הימעל הערען און משפט׳ן דיין קנעכט מיט גערעכטיגקייט.

"ווען דיין פאלק וועט זיך פאר דיר פארזינדיגען און וועט דעריבער באַזיעגט ווערען פון זיין שונא און זיי וועלען תשובה טהאן צו דיר, זיי וועלען מתפלל זיין און בעטען צו דיר אין דיעזען הויז, וועסטו זיכער זיך צוהערען צו זיי און דו וועסט זיי זיכער לאזען בלייבען זיצען אויף זייער לאנד, וואס דו האסט געגעבען צו זייערע עלטערען.

"ווען עס וועט ווערען א טריקעניש אין לאנד און עס וועט קיין רעגען נישט געהן, ווייל זיי וועלען האבען צו דיר פארזינדיגט, און זיי וועלען זיך צוריקקעהרען צו דיר און קומען אין דיעזען פלאץ און בעטען ביי דיר דו זאלסט זיי פארגעבען, יועסטו, א, בארמהערציגער גאט, פארגעבען די זינד פון דיינע קנעכט און דיין פאלק ישראל. מיט דעם וועסטו צייגען דעם ריכטיגען וועג, אין וועלכען זיי זאלען געהן. דו וועסט געבען רעגען אויף דעם לאנד, וואס דו האסט דיין פאלק פאר א נחלה געגעבען.

"ווען א הונגער וועט זיין אין לאנד, אדער א מגפה, א שטורעם־ווינט, א היישעריק און וואס פאר א צרה עס זאל דיין פאלק נישט באפאלען, איז ווען ער וועט אריינקומען אין דיעזען בית המקדש און אויסשפרייטען זיינע הענט און מתפלל זיין צו דיר, וועסטו זיך צו איהם צוהערען פון הימעל און וועסט איהם פארגעבען, ווייל נאר דו אליין ווייסט דאך, וואס עס טהוט זיך ביים מענשען אין הארצען.

"און ווען אפילו א פרעמדער, וועלכער איז נישט פון דיין פאלק ישראל, און ער וועט קומען פון א ווייטען לאנד צוליעב דיין נאמען, ווייל יעדער וועט דאך הערען פון דיין מעכטיגקייט און גרויסקייט, און ער וועט קומען אין דיעזען הויז מתפלל זיין צו דיר, זאלסטו זיך אויך צוהערען צו דעם פרעמדען, כדי אלע פעלקער זאלען וויסען דיין נאמען און זיי זאלען דיך פירכטען ווי דיין פאלק ישראל.

"ווען דיין פאלק וועט זיך שטארק פארזינדיגען, ווייל עס איז דאך נישטא א מענש, וועלכער זאל נישט האבען דורך זיין לעבען געזינדיגט, און דו וועסט אין כעס ווערען און זיי איבערגעבען אין די הענט פון דעם שונא, אין גלות, און זיי וועלען חרטה האבען אויף זייערע זינד און מתפלל זיין צו דיר פון דעם לאנד פון זייערע פאנגער, און זייערע הערצער און אויגען וועלען זיי ווענדען צו דיין אויסדערוועהלטער שטאדט און צו דעם בית המקדש, וואס איך האב פאר דיין נאמען געבויט, בעט איך דיך, גאט, אז דו זאלסט אויף זיי רחמנות האבען און זיי פארגעבען, ווייל נאכאלעמען זיינען זיי דאך פארט דיין פאלק און דיין נחלה, וועמען דו האסט ארויסגענומען פון מצרים. דו זאלסט דיינע אויגען אימער האלטען אפען צו דיין פאלק ישראל און זיך צוהערען ווען זיי וועלען נאר צו דיר רופען, ווייל דו האסט זיי אפגעזונדערט פון אלע אנדערע פעלקער און זיי געמאכט פאר דיין פאלק!"

שלמה האט געענדיגט זיין תפלה. ער האט געקניהט און געפאלען מיט דעם פנים צום מזבח. ווען דאס גאנצע פאלק האט געזעהן דעם קעניג פאלענדיג כורעים זיינען זיי אויך געפאלען צו דער ערד.

דאן האט זיך שלמה אויפגעשטעלט און אויפגעהויבען זיינע הענט און געבענשט דאס גאנצע פאלק:

"געלויבט איז גאט, וואס ער האט געגעבען רוה צו זיין פאלק ישראל, ווי ער האט פארשפראכען צו זיין קנעכט משה! זאל גאט זיין מיט אונז, ווי ער איז

געווען מיט אונזערע עלטערע, זאָל ער אונז נישט פאַרלאָזען און נישט פאַר־נאַכלעסיגען, כדי אַלע פעלקער זאָלען וויסען, אַז אונזער גאָט איז דער איינציגער און אויסער איהם איז קיין גאָט נישטאָ!"

נאָך שלמה'ס תפלה און ברכה האָט זיך ערשט דאָס פאָלק אָנגעהויבען משמח צו זיין... מען איז אַרוים איבער דער שטאָדט און געזונגען, געשפּיעלט און געטאַנצט. דער המון האָט געיובעלט און געווען גליקליך פאַר זיבען טעג, דורך דעם גאַנצען יום טוב סכות.

אויף דעם זיעבעטען טאָג האָט זיך שלמה אָפּגערופען צו די סנהדרין:

— די שמחה פון דעם חנוכת הבית קומט אוים צוזאַמען מיט דער שמחה פון אונזער שעהנעם יום טוב סכות, און יעצט ווייסען מיר נישט וועלכע שמחה איז א גרעסערע.

— אונזער האַר קעניג איז גערעכט! — האָט זיך אָפּגערופען דער ראש פון דעם סנהדרין. — אין מערבין שמחה בשמחה, מען דאַרף נישט צוזאַמענ־מישען איין שמחה מיט דער צווייטער.

— און דעריבער, — האָט שלמה אויסגערופען — וועל איך ערקלעהרען א יום טוב אויף נאָך זיבען טעג.

אויף דעם אַכטען טאָג פון דעם צווייטען יום טוב איז זיך דאָס פאָלק צע־גאַנגען פרעהליכע און לוסטיגע און געדאַנקט גאָט פאַר אַלדאָסגוטס, וואָס גאָט האָט מיט זיי געטהאָן, וואָס זיי האָבען זוכה געווען צו זעהן דעם בית המקדש אין זיין גאַנצען פּראַכט אוי גלאַנץ.

נאָך די פערצעהן טעג יום טוב האָט שלמה געמאַכט א מאַלצייט פאַר אַלע זיינע חשוב'ע געסט, פאַר די מלכים פון די שכנים'שע לענדער.

די חכמים זיינען אויך געווען אנוועזענד און פאַרבראַכט צוזאַמען הערענ־דיג שלמה המלך'ס חכמות און משלים.

די קעניגע, וועלכע זיינען געווען אייניגע הונדערט אין צאָהל, האָבען זיך נישט געקענט אָפּוואונדערען פון שלמה'ס גרויסקייט און פון זיין קלוגשאַפט. זיי האָבען געשלונגען יעדען וואָרט, וואָס איז אַרויסגעקומען פון שלמה'ס מויל. זיי האָבען עס געהאַלטען פאַר א גרויסען כבוד, דאָס זיי זיצען מיט דעם קליג־סטען קעניג ביי איין טיש.

פרעה, שלמה'ס שווער, איז געזעסען נעבען זיין טאָכטער, וועלכע איז געזעסען נעבען שלמה'ס רעכטער האַנט. אַלע מלכים האָבען געקוקט אויף פרעה'ן מיט בליקען פון קנאה.

— איך האָב א טאָכטער, איז זי נאָר שעהנער פון פרעה'ס טאָכטער. זי איז אויך זעהר קלוג און גוטהאַרציג — האָט דער קעניג פון עמון געזאָגט — און איך וואָלט זיין גליקליך, ווען שלמה וואָלט זי געוואָלט נעהמען פאַר זיין פרוי.

— און מיין טאָכטער איז נאָך גאַנץ יונג, אָבער זי באַזיצט א רייצענדע שעהנקייט. אייניגע קעניגע האָבען מיך באַזוכט אין פּאַלאַץ און פון מיר פאַר־לאַנגט, איך זאָל זיי מיין טאָכטער אָפּגעבען פאַר א פרוי, אָבער איך האָב נישט געוואָלט צושטימען, — האָט דער קעניג פון מואב געזאָגט. — און איינמאָל איז צו מיר געקומען אויף א באַזוך דער קעניג פון ארם און ווען ער האָט מיין טאָכ־טער געזעהן, האָט ער מיר אָנגעבאָטען זעהר פיעל גאָלד און קאָסטבאַרע שטיינער, איך זאָל זי איהם נאָר אָפּגעבען פאַר זיין פרוי. איך האָב אָבער נישט געוואָלט, זי איז נאָך צו יונג — האָב איך איהם געזאָגט. — אָבער דער קעניג פון ארם

האט מיך נישט אפגעלאזען, ער האט מיר אנגעבאטען פיעלע שטעדט אלס א מתנה פאר מיין טאכטער. דיעזע שטעדט וועלכע גרעניצען זיך מיט מיין לאנד, וואלטען זיכער מיין לאנד און פאלק רייכער געמאכט. אבער איך האב זיך דער־וואוסט, אז דער קעניג פון ארם באזיצט נישט קיין גרויסע קלוגשאפט און איך האב איהם ענטזאגט. און יעצט, ווען דער קעניג שלמה וואלט נאר איינגעשטימט צו נעהמען מיין טאכטער צו זיך אין פאלאץ, וואלט איך איהם געגעבען אזוי פיעל גאלד וויפיעל דער קעניג פון ארם האט מיר געוואלט געבען פאר מיין טאכטער.

— און איך האב שוין בעסער געטהאן! — האט זיך צו זיי אפגערופען דער קעניג פון צדון, וועלכער האט זיך צוגעהערט צו זייער געשפרעך. — איך האב מיטגענומען מיין טאכטער. זי געפינט זיך אין דעם פאלאץ פון די פרויען, און איך האף, אז ווען שלמה וועט זי דערזעהן, וועט זי נושא חן זיין אין זיינע אויגען און ער וועט זי נעהמען פאר זיין פרוי.

— און איך האב מיינע צוויי טעכטער מיטגעבראכט, — האט דער קעניג פון אדום זיך אריינגעמישט. — און איינע איז שעהנער פון דער צווייטער, און איך בין זיכער, אז דער קעניג פון ישראל וועט זיכער אויסקלייבען איינע פון זיי. דאן וועל איך האבען די זכיה אנגערופען צו ווערען דער שווער פון קעניג שלמה...

פון וואנען ביסטו עס אזוי זיכער? — האט איהם א צווייטער קעניג א פרעג געטהאן.

ווייל שלמה וויל האבען שלום דורך דער צייט פון זיין רעגיערען; און דורך דעם, וואס ער וועט זיך מיט מיר מתחתן זיין, וועט ער אריינקריגען א מעכטיגען פריינד און וואס מעהר פריינד ער וועט האבען אלס זיכערער וועט דער שלום זיין אין זיין לאנד.

— אויב אזוי — האט דער קעניג פון די חתים אויסגערופען, — וועל איך דאך אויך קענען ווערען זיין בעסטער פריינד, ווייל מיין טאכטער איז אויך א זעלטענע שעהנהייט.

— לאמיר אלע שליסען צווישען זיך א בונד און צוזאמען וועלען מיר אנ־באטען אונזערע טעכטער צו איהם פאר פרויען.

— און וואס וועט זיין, אז ער וועט נישט וועלען נעהמען אונזערע טעכטער פאר פרויען?

— וועלען מיר איהם בעטען, ער זאל זיי נעהמען פאר זיינע פרויען כאטש בלויז אין נאמען, ווייל פאר יעדען פון אונז וועט זיין א גרויסער כבוד צו קענען זיך בארימען, אז שלמה איז אונזער איידעם. און איך בין זיכער, אז ער וועט דיעזען פארלאנג אונזערען זיכער נישט ענטזאגען. זאלען אונזערע טעכטער זיין ביי איהם אין פאלאץ און אפילו ווען זיי וועלען בלויז אנגערופען ווערען זיינע פרויען אין נאמען, וועלען זיי דערפון אויך זעהר פיעל געווינען. זיי וועלען הערען זיינע חכמות און וועלען זעהר פיעל פון איהם לערנען.

— און איידער איך שטים איין צו שליסען מיט אייך א בונד וועגען אפגע־בען מיין טאכטער צו דעם קעניג שלמה אונטער אזעלכע אומשטענדען, וואלט איך פריהער געוואלט זעהן, אויב א חוץ זיין חכמה און שעהנקייט באזיצט אויך שלמה די מידה פון יושר און גערעכטיגקייט. איך וואלט זעהר געוואלט זעהן ווי ער משפט זיין פאלק. בלויז דאן וועל איך צושטימען אפצוגעבען מיין טאכטער

צו שלמה׳ן, אז איך וועל זיך איבערצייגען, דאס זיין משפט איז א גערעכטער, — האט דער קעניג פון צובה געזאגט.

— ווי אזוי וועסטו עס קענען וויסען? — האט איהם א צווייטער קעניג געפרעגט.

— לאמיר ווארטען ביז וואנען א משפט וועט פארקומען פאר איהם און מיר וועלען בעטען דעם קעניג ער זאל אונז ערלויבען צו זיין אנוועזענד בעת דעם משפט און אויב דער אורטייל, וואס שלמה וועט ארויסגעבען, וועט זיך ארויסצייגען צו זיין א גערעכטער, דאן וועלען מיר איינזעהן, אז ער באזיצט אויך א חוש פאר גערעכטיגקייט און יושר, אבער טאמער וועט אונז דער משפט גארנישט איבערצייגען, וועל איך נעהמען מיין טאכטער און פארלאזען ירושלים.

נאך דעם מאלצייט האבען די קעניגע געבעטען שלמה׳ן ער זאל זיי ערלויבען צו זיין אנוועזענד ווען א משפט וועט פאר איהם פארגעבראכט ווערען.

— גוט! — האט שלמה זיי געענטפערט. — פון מארגען אז וועל איך ווידער אנפאנגען צו משפט׳ן מיין פאלק און איהר זיינט אלע איינגעלאדען צו קומען און זעהן ווי איך משפט.

— וועסטו אונז אויך ערלויבען צו ברייגנען אונזערע טעכטער? — האט איינער פון די קעניגע געפרעגט.

— יא, די טירען פון מיין פאלאץ זיינען אפען פאר יעדען איינעם פון אייך און זיין משפחה.

אויף מארגען אינדערפריה איז פארגעבראכט געווארען פאר שלמה׳ן דער ערשטער משפט זינט די עלף מאנאטען, וואס ער איז געווען פארנומען אין מאבען די הכנות פאר דעם חנוכת פון דעם בית המקדש. ביז אהער האבען די אנדערע שופטים גע׳משפט און ווען זיי האבען נישט געקענט באשליסען, האט מען זיך געווענדעט צום סנהדרין, און ווען זיי האבען אויך נישט געקענט באשליסען, האט מען דעם משפט אפגעלייגט ביז נאך דער פייערונג פון דעם בית המקדש.

און ווען עס איז געקומען דער ערשטער טאג פון די וואכעדיגע טעג און די סנהדרין האבען זיך פארזאמעלט אין קעניג׳ס פאלאץ, האבען זיי שוין געטראפען אלע קעניגע מיט זייערע טעכטער זיצענדיג אויף זייערע שטוהלען און ווארטענדיג מיט גרויס שפאנונג און אומגעדולד צו הערען און זעהן ווי דער קליגסטער קעניג משפט זיין פאלק.

שלמה איז געזעסען אויף זיין טראהן, זיין מוטער איז געזעסען נעבען זיין רעכטער האנט און נעבען איהם איז געזעסען שולמית, שלמה׳ס צווייטע פרוי. ביי זיין לינקער האנט איז געזעסען פרעה, זיין שווער, און נעבען איהם איז געזעסען זיין טאכטער, נאגסארא, שלמה׳ס ערשטע פרוי.

אין פאלאץ האט געהערשט א שטילקייט, ווען דער ראש פון דעם סנהדרין האט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און באגריסט דעם קעניג אין נאמען פון די זיבעציג מאן פון דעם סנהדרין און אין נאמען פון גאנצען פאלק. נאכהער האט ער זיך אפגערופען:

— מיין האר קעניג, מיט מאנאטען צוריק זיינען פארגעבראכט געווארען פאר אונז צוויי מענשען מיר זאלען זיי משפט׳ן. יעדער איינער האט געשוואוירען, אז ער איז גערעכט און בשום אופן האבען מיר נישט געקענט דערגעהן ווער איז דער גערעכטער און ווער איז דער שולדיגער.

— זאָל מען זיי אריינברײנגען ! — האָט שלמה באַפוילען.

באלד זיינען אריינגעקומען צוויי אידען. איינער איז געווען א הויכער, א דארער, מיט א שפיציג שווארץ בערדעל, דער צווייטער איז געווען א דיקליכער און עטוואָס נידעריגער פון ערשטען, מיט א געדיכטער געלבליכער באָרד. און אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטען א שטעקען.

זיי האָבען זיך ביידע פארנייגט פאר שלמה'ן און געבליבען שטעהן באוועגלאָז און געוואַרט.

— וואָס האָט פּאַסירט צווישען אייך ? — האָט זיי שלמה א פרעג געטהאָן.

ביידע מיט אמאָל האָבען אָנגעפאַנגען צו ריידען און צו טענה'ן. יעדער האָט געזוכט אריבערצושרייען זיין פריינד. דער טומעל איז געווען גרויס און מען האָט קיין טאָלק נישט געקענט דערגעהן.

— זאָל זיין שטיל ! — האָט שלמה אויסגערופען.

ביידע זיינען באַלד אַנטשוויגען געוואָרען.

— דו דערצעהל מיר וואָס איז צווישען אייך פאָרגעקומען ! — האָט שלמה זיך געווענדעט צו דעם מאַן מיט דעם שפּיציג שווארצען בערדעל.

— מיר זיינען ביידע געווען שכנים פאר פיעלע יאָהרען — האָט ער אָנגעפאַנגען — און מיר האָבען געלעבט איינער מיט'ן צווייטען בשלום. מיר זיינען געוואָרען דורך דער צייט זעהר גוטע און איבערגעגעבענע פריינד. איך פלעג אריינקומען צו איהם אין הויז און ער פלעגט פאַרברײנגען אין מיין הויז. איך בין א סוחר און איינמאָל האָב איך איינגעהאַנדעלט אין וועג א גרויסע מציאה. איך האָב אָפּגעקויפט א טייערען דימענט פאר גאַנץ ביליג. ווען איך בין אהיים געקומען און האָב דעם דימענט געוויזען צו מבינים, האָבען זיי איהם געשאצט אין האָבען די ווערטה צעהן מאָל אזוי פיעל וויפיעל איך האָב פאר איהם באצאהלט. מיין שכן האָט אויך נישט אויפגעהערט צו באוואונדערען דעם דימענט. און ווען איך האָב ווידער געמוזט אפּרייזען צוליעב מסחר, האָב איך מורא געהאַט מיט זיך צו נעהמען דעם דימענט, רויבער זאָלען איהם פון מיר נישט אוועקרויבען. בין איך אריין צו מיין שכן און פריינד, וועלכען איך האָב געהאַלטען פאר א גאַנץ עהרליכען מאַן און איהם איבערגעגעבען דעם דימענט און געבעטען ער זאָל איהם פאר מיר האַלטען ביז וואַנען איך וועל זיך צוריקקעהרען פון וועג. און דערפאַר האָב איך איהם פאַרשפּראָכען, אז ווען עס וועט זיך מיר נאכאמאָל מאַכען אזא מציאה, וועל איך דאָס פאר איהם קויפען. ער האָט צוגעשטימט און גענומען ביי מיר דעם דימענט. איך האָב זיך מיט איהם געזעגענט און אוועק אין וועג. ווען איך בין צוריקגעקומען פון מיין רייזע, בין איך גלייך אריין צו מיין שכן און געבעטען ער זאָל מיר אומקעהרען דעם דימענט. איך בין ערשטוינט געוואָרען צו הערען פון זיין מויל, אז ער האָט מיר שוין דעם דימענט אָפּגעגעבען. איך האָב גענומען שרייען, בעטען מיט טרעהרען אין די אויגען, ער זאָל מיר צוריקגעבען דעם דימענט און ער האָט נישט אויפגעהערט צו טענה'ן, אז ער האָט מיר איהם צוריקגעגעבען. מיר זיינען גלייך אוועק צום שופט פון אונזער שטאָדט, אבער ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טהאָן, ווייל מיין שכן האָט געשוואוירען, אז ער האָט מיר צוריקגעגעבען דעם דימענט.

— און דו האָסט אויך געשוואוירען ? — האָט איהם שלמה געפרעגט.

— יאָ, איך האָב דאָך געשוואוירען דעם אמת. אבער ער האָט פאַלש געשוואוירען.

— א, ניין, מיין האר קעניג! איך האב געשוואוירען דעם אמת! — האט דער איד מיט דער געלבליכער באָרד אויסגערופען.

— יעצט דערצעהל מיר, וואס דו האסט צו זאגען וועגען דעם! — האט שלמה זיך צו איהם אפּגערופען.

— עס איז ריכטיג, אז מיר ביידע זיינען גוטע פריינד און ער האט מיר איבערגעגעבען א דימענט איך זאָל פּאר איהם האלטען ביז וואנען ער וועט זיך צוריקקעהרען אהיים. און טאקע דעם זעלבען טאג, ווען ער איז צוריקגעקומען איז ער צו מיר אריין און פארלאנגט זיין דימענט און איך האב איהם דעם דימענט גלייך צוריקגעגעבען. אבער ווי ערשטוינט ביז איך געוואָרען, אז אין א ווייל שפּעטער איז ער צו מיר ווידער געקומען און האט פון מיר פארלאנגט דעם דימענט.

— איך האב דאָך דיר איהם אפּגעגעבען, — האב איך צו איהם געזאגט. אבער ער האט אנגעפאנגען אפּצולייקענען און האט גענומען ביי מיר מאהנען, איך זאָל איהם אדער אפּגעבען דעם דימענט אדער די ווערדע פון דעם דימענט.

— קענסטו שווערען, אז דו האסט איהם דעם דימענט אפּגעגעבען? — האט שלמה געפרעגט.

— יא, מיין האר קעניג, איך קען שווערען!

— און דו ווילסט שווערען, אז ער האט דיר דעם דימענט נישט צוריקגעגעבען? — האט זיך שלמה געווענדעט צום ערשטען.

— יא, מיין האר קעניג, איך וויל שווערען!

— גוט! — האט שלמה געזאגט. — שווער!

דער הויכער, דארער איד האט אויפגעהויבען זיינע הענט און געשוואוירען:

— איך שווער ביי דעם אלמעכטיגען גאט, אז איך האב דעם דימענט פון איהם נישט צוריקגעקראגען.

— און יעצט, נאכדעם ווי ער האט געשוואוירען ביסטו אויך וויליג צו שווערען? — האט שלמה געפרעגט דעם צווייטען.

— געוויס! — האט ער געענטפערט. — איך וועל שווערען!

שלמה האט איהם א ווייל באטראכט און נאכהער האט ער אויסגערופען:

— שווער!

דער איד מיט דער געלבליכער באָרד האט זיך גענומען ארומקוקען ווי ער וואלט געזוכט א פלאץ, נאכהער האט ער פּלוצלונג זיך אנגערופען צו זיין שכן:

— האלט צו א ווייל דעם שטעקען, איך וויל שווערען.

זיין שכן האט צוגעהאלטען דעם שטעקען און יענער האט אויפגעהויבען די הענט און געשוואוירען: "איך שווער, אז איך האב איהם צוריקגעגעבען דעם דימענט".

שלמה האט א ווייל באטראכט ביידע בעלי דינים און א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זיינע ליפּען.

— מיין פּסק איז, — האט ער אויסגערופען, — אז דער שטעקען זאָל בלייבען ביי דיר! דו דארפסט איהם דעם שטעקען נישט צוריקקעהרען.

— אבער מיין האר קעניג! וואס איז דער שטעקען ווערטה צו מיר? ער קען דעם שטעקען צוריקקריגען, איך דארף איהם נישט! איך וויל ער זאָל מיר אומקעהרען מיין דימענט!

דער צווייטער איד האָט שנעל אויסגעשטרעקט זיין האַנט און געוואָלט צוריקנעהמען זיין שטעקען, אָבער שלמה האָט א געשריי געטהאָן:

— אזוי האָב איך גע׳פּסקנ׳ט און אזוי וועט עס בלייבען. דו נעהם דעם שטעקען פאַר זיך און דער משפט איז געשליכטעט.

די סנהדרין, די קעניגען און אַלע איבעריגע, וועלכע זיינען געווען אנוועזענד אין שלמה׳ס פּאַלאַץ, האָבען געגאַפט פון פאַרוואונדערונג און ערשטוינונג. וואָס איז דאָס פאַר א פּסק? ! וואו איז יושר און גערעכטיגקייט? יענער מאַנט ביי איהם א דימענט, זאָגט דער קעניג, אז ער זאָל נעהמען דעם שטעקען אַנשטאַט דעם דימענט...

— נו, האָבען מיר געדאַרפט אהער קומען הערען ווי דער קעניג גיט אַרויס אַזא אומגערעכטען פּסק דין? — האָבען די קעניגע צווישען זיך שטילערהייט גערעדט. — דער נאַרישסטער און אומגעלומפּערטסטער שופט פון אונזער לאַנד וואָלט אַזא אומרעכט נישט באַגאַנגען.

פּרעה, וועלכער איז געזעסען נעבען שלמה׳ן האָט זיך מעהר נישט געקענט באַהערשען און האָט זיך אָפּגערופען:

— דו ווייסט דאָך, מיין איידעם, ווי שטאַרק איך האַלט פון דיין חכמה און גרויסקייט, אָבער איך קען נישט איינזעהן די גערעכטיגקייט אין דיין פּסק. ממה נפשך, איז דער אייגענטימער פון דימענט גערעכט, דאַרפסטו דאָך פּסקנ׳ען ער זאָל צוריקקריגען זיין דימענט און נישט קיין שטעקען, און אויב דער צווייטער איז גערעכט, צו וואָס זאָל ער איהם אָפּגעבען דעם שטעקען.

— דו ביסט אויך גערעכט, מיין קעניג! — האָט שלמה זיך אָפּגערופען.
— איך וועל טאַקע הייסען דעם שטעקען צעברעכען אין צווייען און יעדער איינער פון זיי וועט קריגען א העלפט.

דאָס האָט שוין אַלעמען אַרויסגעבראַכט פון געדולד:

— שלמה מוז זיין אָדער באַרוישט פון ווין אָדער ער איז פון זינען אַרונטער! — האָבען די קעניגע גענומען מורמלען צווישען זיך. — לאָמיר גלייך צוריקפאָהרען יעדער צו זיין לאַנד.

זיי האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער.

שלמה האָט צוגערופען א בעאַמטען און איהם באַפוילען צו צעברעכען דעם שטעקען אין צווייען.

דער בעאַמטער האָט עס גלייך געטהאָן און פּלוצלונג איז פון שטעקען אַרויסגעפאַלען דער דימענט...

אַלע האָבען אַנגעשטרענגט זייערע אויגען...

— הויב אויף דיין דימענט, ער געהערט צו דיר! — האָט שלמה זיך אָפּגערופען צו דעם הויכען אידען. — און די צוויי האַלבע שטעקענס קענסטו צוריקגעבען צו זייער אייגענטימער.

— אָבער מיין האַר קעניג! — האָט זיך דער ראש פון סנהדרין אָפּגערופען
— וועט ער דען אוועקגעהן אומבאַשטראָפט? ער האָט דאָך געשוואוירען פאַלש אין נאָמען פון גאָט!

— ניין, קיינער פון זיי האָט נישט געשוואוירען פאַלש! — האָט שלמה געזאָגט. — האָט איהר דען נישט באַמערקט, אז איידער ער האָט געשוואוירען, אז ער האָט איהם צוריק אָפּגעגעבען דעם דימענט, האָט ער איהם איבערגעגעבען

דעם שטעקן? און אין שטעקן איז טאקע געווען דער דימענט. האט ער דאך פאלש נישט געשוואוירן.

יעצט האבן זיך אלע ארומגעזעהן ווי גרויס שלמה'ס חכמה איז און אלע קעניגע זיינען געפאלען אויף זייערע קניה און אויסגערופען:

"לאנג לעבען זאל דער קליגסטער קעניג פון דער וועלט!"

א היבשע צייט האבן די קעניגע צו זיך נישט געקענט קומען פון דעם וואס זיי האבן נאר וואס געזעהן אין שלמה'ס פאלאץ... די טענות פוןביידע מענשען זיינען געווען אזוי גערעכט און גלייך אז עס וואלט גאר קיינעם פון זיי זיך נישט איינגעגעבן צו דערגעהן א טאלק און משפט'ן מיט גערעכטיגקייט... שלמה אבער, מיט זיין חכמה און מיט זיין קלארען און לאגישען פארשטאנד, האט שוין באמערקט דאס וואס קיינער האט עס נישט געזעהן... אלע האבן דאך באמערקט ווי דער איד מיט דער געלבליכער בארד האט דעם צווייטען געבעטען צו האלטען דעם שטעקן, אבער קיינעם איז נישט איינגעפאלען אז אין שטעקן געפינט זיך דער דימענט...

די קעניגע האבן צווישען זיך געשלאסען א בונד און זיי האבן אויסגעקליבען צוויי קעניגע און זיי געשיקט צו שלמה'ן איבערצוגעבען איהם זייער בעשלוס.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו שלמה'ס טראהן האבן זיך די קעניגע פארנייגט, און איינער האט זיך אפגערופען:

— "מיר, די מלכים פון די ארומיגע לענדער, האבן צוגעזעהן דיין גרויסקייט און ערהאבענקייט... מיר האבן געזעהן דעם פראכטפאלען און וואונדערליכען בית המקדש וואס דו האסט פאר דיין גאט געבויט... מיר האבן בייגעוואוינט דעם משפט וואו דו האסט דיין אונגעהייער גרויסע חכמה ארויסגעצייגט און גע'משפט מיט גערעכטיגקייט... און יעצט זיינען מיר געשיקט געווארען אין נאמען פון אלע איבריגע מלכים וועלכע האבן געהאט דעם גרויסען כבוד צו זיין דיינע געסט, און מיר וואלטען אלע וועלען שליסען מיט דיר א בונט פון שלום און פריינדשאפט, און כדי דיזער שלום זאל זיין באפעסטיגט און דויערהאפט, האבען מיר בעשלאסען דיר אפצוגעבען אונזערע טעכטער פאר דיינע פרויען, זיי זאלען זיך אנרופען דיינע פרויען איז נאמען, ווייל פאר יעדען פון אונז וועט עס זיין פאררעכענט פאר א גרויסער כבוד, אנגערופען צו ווערען דער שווער פון דעם גרעסטען און קליגסטען קעניג שלמה!"

שלמה האט א שמייכעל געטהאן און ער האט זיך אפגערופען:

— מיין גרעסטער וואונש אין לעבען איז אנצוהאלטען דעם שלום אין מיין לאנד און אין די לענדער פון מיינע שכנים, און אויב דאס וועט זיין איינער פון די מיטלען, וועל איך מיט גרויס צופרידענהייט ערפילען אייער וואונש.

דעם זעלבען טאג זיינען געקומען די מלכים מיט זייערע טעכטער און זיי פארגעשטעלט פאר שלמה'ן.

נאך א צערעמאניע וואס האט געדויערט א קורצע צייט, זיינען די טעכטער פון די מלכים איבערגעגאנגען אין רשות פון שלמה'ן און זיי זיינען אנגערופען געווארען זיינע פרויען.

די יעניגע קעניגע וועלכע האבן זייערע טעכטער מיט זיך נישט געהאט האבן שטארק מקנא געווען די גליקליכע פאטערס. זיי האבן געבעטען ביי

שלמה'ן ערלויבניש צוצושיקען אויך זייערע טעכטער, כדי זיי זאלען אויך קענען אנרופען שלמה'ן אלס זייער איידעם.

* * *

נאכדעם ווי דער בית המקדש איז פארטיג געווארען, האט זיך שלמה גענומען צו בויען א פאלאץ פאר זיך. דער פאלאץ וואס ער האט גע'ירשו'ט פון זיין פאטער איז שוין געווען גאנץ אלט, און נישט אין גאנצען געווען צוגעפאסט פאר שלמה'ן. ער האט געדארפט האבען א פאלאץ וואס זאל זיין שעהנער און פראכט־פאלער פון די פאלאצען פון די איבריגע קעניגע.

שלמה געדענקט נאך די באמערקונג וואס נאגסארא, פרעה'ס טאכטער, האט געמאכט גלייך נאכדעם ווי ער האט מיט איהר חתונה געהאט, אז אין מצרים האט זי געוואהנט אין א שעהנערען פאלאץ ווי דיזער.

— ווי איך וועל פארטיג ווערען מיט דעם בויען פון דעם בית המקדש, — האט ער איהר דאן פארשפראכען, — וועל איך בויען א פאלאץ וואס זיין גלייכען וועט נישט זיין אין דער גאנצער וועלט. און איך וועל אויך בויען א פאלאץ פאר דיר באזונדער וואס וועט אויך אריבערשטייגען דעם פאלאץ פון דיין פאטער אין מצרים.

יעצט האט שלמה גענומען ערפילען זיין פארשפרעכען. ער האט געבויט א פאלאץ פון צעדער־בוימער וואס איז געווען בעציערט און בעפוצט מיט גאלד. אין פאלאץ איז געווען א גרויסארטיגער זאאל וואס האט זיך אנגערופען "דער זאאל פון גערעכטיגקייט". דארטען האט שלמה אוועקגעשטעלט דעם נייעם וואונ־דערבארען טראהן וואס ער האט געבויט פון ריינעם גאלד. דער טראהן האט זיך פאררעכענט אלס איינער פון די גרעסטע וואונדער פון דער וועלט.

דער טראהן האט געהאט זעקס טרעפ, פון ביידע זייטען טרעפ זיינען געווען געמאכט פון ריינעם גאלד לייבען און אנדערע חיות... דער פאלאץ וואו שלמה איז געזעסען איז געווען געפלאסטערט מיט פארשידענע קאסטבארע שטיינער.

ארום דעם טראהן זיינען אויפגעשטעלט געווארען זיבעציג שטוהלען פאר די זיבעציג סנהדרין וועלכע זיינען געווען פאררעכענט פאר דעם העכסטען געריכט אין לאנד, און איין ספעציעלען שטוהל פאר דעם ראש פון דעם סנהדרין.

נאכדעם האט שלמה אויסגעבויט א ספעציעלען פאלאץ פאר זיין ערשטע פרוי, די פרינצעסין פון מצרים, און ווי ער האט איהר פארשפראכען איז טאקע דער פאלאץ פון נאגסארא איבערגעשטיגען דעם פאלאץ פון איהר פאטער פרעה.

* * *

נאגסארא איז געווען זעהר גליקליך און צופרידען וואס שלמה האט פאר איהר אויסגעבויט א באזונדערען פאלאץ. יעצט אז זי וועט זיין אפגעזונדערט פון די איבריגע פרויען, — האט זי זיך געטראכט, — וועט זי אונגעשטערט קענען דיענען צו די געטער פון מצרים. זי האט די גאנצע צייט געבענקט נאך די געטער אבער זי האט ניט געוואלט עס טהאן אין שלמה'ס אנוועזענהייט.

קאפרים, דער הויפט פריסטער וואס איז מיט איהר געווען, האט צוליעב דעם וואס ער האט זיך געפונען אין דער סביבה פון שלמה'ס פאלאץ, האט די גאנצע צייט אויך נישט געקענט דיענען צו די געטער פון מצרים, אבער פרעה'ן האט ער געגעבען א פאלשען באריכט, אז די געטעס־דיענסט פון אזירים ווערט גוט אפגעהיט ביי נאגסארא'ן... יעצט אבער אז זי האט איהר אייגענעם פאלאץ,

וועט ער שוין זעהן דארטען איינצושטעלען די געטער און זעהן אז נאגסארא און איהרע קאמער־מיידלעך זאלען דיענען די געטער אונגעשטערט.

— ווען קאפרים האט אריינגעבראכט די געטער פון מצרים אין נאגסארא׳ס פאלאץ, האט זי זיך עטוואס געשראקען.

— וואס וועל איך טהאן ווען שלמה וועט צו מיר קומען אויף א באזוך און אויסגעפינען אז אין איינעם פון מיינע צימערען געפינען זיך די געטער פון מצרים ?... ער וועט דאך געוויס אין כעס ווערען אויף מיר און מעגליך דאס ער וועט מיך צוריקשיקען נאך מצרים !

— מיין הארינטע די קעניגין דארף זיך וועגען דעם גארניט זארגען, ווייל ערשטענס, וועל איך פאר דיר מתפלל זיין צו אזירים אז ער זאל דיך אפהיטען און בעשיצען און אז ער זאל גיט דערלאזען דאס שלמה זאל אויסגעפינען וועגען די געטער, און צווייטענס, איידער דער קעניג קומט דיך בעזוכען, ווערסטו דאך אנגעזאגט פון דעם, דאן וועסטו יענעם צימער פארשליסען און דער קעניג וועט קיינמאל נישט אויסגעפינען.

— אבער וואס זאל איך טהאן ווען עס קומט א יום טוב אדער ראש חודש, דאן מוז איך דאך געהן מיט דעם קעניג אין בית המקדש זיך צו בוקען דארט פאר זיין גאט, וועלען דען די געטער פון מצרים נישט ווערען בייז אויף מיר ?

— נו, און וואו בין איך ? — האט קאפרים זיך אפגערופען מיט א שמייכעל, — נישט אומזיסט האסטו דאך מיך מיטגענומען... איך וועל מתפלל זיין צו די געטער אויף פאר דעם און זיי וועלען דיר מוחל זיין.

נאגסארא האט בעהאלטענערהייד געגומען אריינפיהרען אין איהר פאלאץ די געטער פון מצרים און יעדען פריהמארגען פלעגט זי מיט איהרע קאמער־מיידלעך מתפלל זיין און בוקען זיך צו זיי...

שלמה האט דערפון גארנישט געוואוסט.

* * *

דרייצעהן יאהר האט געדויערט דאס בויען פון שלמה׳ס פאלאצען און זיין טראהן. ווידער אמאל איז דאס פאלק געקומען זיך משמח צו זיין, ווען אלעס איז פארטיג געווארען. ווידער אמאל זיינען געקומען מלכים און שרים פון אלע שכנ׳ישע מלוכות און נישט געקענט אנזעטיגען זייערע אויגען פון דעם פראכט און גלאנץ פון שלמה׳ס פאלאצען.

שלמה האט אויך געבויט א פעסטונג־וואנט ארום ירושלים, און צום ער־שטען מאל זינט די אידען האבען זיך באזעצט אין ארץ ישראל, האט שלמה געבויט שיפען פאר מסחר מיט פארשידענע לענדער און אינזלען. אזוי האט זיך צוזאמען מיט דעם שלום, אויך פארשטארקט דער מסחר צווישען ארץ ישראל און די ווייטערדיגע לענדער.

## זעכצעהנטער קאפיטעל

# מלכת שבא

וויים, ווייט אין א פארוואָרפענעם ווינקעל פון איינעם פון די אראבישע לענדער האט זיך געפונען דאס לאנד פון שבא.

זעהר א געבענשט לאנד איז שבא געווען. רייך אין די שעהנסטע און בעסטע פרוכטען און תבואות. די טהייערסטע בשמים האבען דארטען געוואקסען. דאס

לאנד איז געלעגען אויף דעם ברעג פון רויטען ים, און דאריבער האט דאס לאנד געשיקט די זעלטענע בשמים מיט שיפען אין אנדערע לענדער. רייכע סוחרים פון פארשידענע אינזלען און לענדער פלעגען פאהרען אנקוקען דאס געבענשטע לאנד, און האבען געפיהרט זעהר א ברייטען האנדעל מיט די איינוואהנער פון שבא.

מלכים און פרינצען פלעגען אויך זעהר אפט באזוכען דאס לאנד, אבער נישט אזוי צו בעאבאכטען דאס רייכע און שעהנע לאנד, ווי צו קומען אנקוקען באלקים, די קעניגין פון שבא.

ווי א ליכטיגער שיינענדער שטערען אין א פארוואלקענדען הימעל, אזוי האט באלקים געשיינט צווישען אלע איינוואהנער פון שבא... איהר פרעכטיגע שעהנקייט און חן האט בעצויבערט יעדע אויג, איהר קלוגשאפט האט פארבשוף'ט יעדען אויער, איהרע ווערטער זיינען געפאלען ווי פערעל צו אלע וועלכע האבען זיך צו איהר צוגעהערט. איז דאריבער טאקע קיין וואונדער נישט וואס די שעהנסטע פרינצען און מלכים זיינען געקומען איהר באזוכען, זיך איהר ערקלעהרט אין ליעבע און געוואלט מיט איהר הייראטען.

די מלכה פון שבא אבער האט אויף א זעהר דיפלאמאטישען שטייגער צוריקגעוויזען זייער הייראטס אנבאט, און זיי צוריקגעשיקט צו די לענדער פון וואנען זיי זיינען געקומען.

יעדען פרינץ אדער קעניג וועלכער האט געהאט גענוג מוטה צו קומען צו באלקים'ן, האט זי געגעבען זעהר א פיינע אויפנאהמע... זי פלעגט מאכען א גרויסארטיגען מאלצייט, און בעת מען האט זיך גוט משמח געווען, פלעגט זי נעהמען פארווארפען איהרע חשוב'ע געסט מיט פערשידענע קלוגע פראגען און רעטעניסען און זי האט זיי צייט געגעבען ביז מארגען איהר צו ענטפערען... געוועהנליך האבען זיי קיין ענטפער אויף איהרע רעטענישען נישט געקענט געפינען און דאריבער האבען זיי זיך געשעהמט צו איהר צוריקצוקומען און האבען אם שנעלסטען פארלאזען איהר לאנד.

באלקים איז ארויף אויף איהר טראהן ווען זי איז נאך גאר יונג געווען, און זי איז גלייך שטארק באליעבט געווארען פאר איהר מוטה און קלוגשאפט, וואס האט געראטעוועט איהר לאנד אריינצופאלען אין די הענד פון זעהר א בייזען און שלעכטען קעניג פון כוש.

רוהיג און געלאסען האט דאס פאלק פון שבא געלעבט אונטער דער הערשאפט פון באלקים פאטער, דער קעניג אשכר...

א קעניג פון גערעכטיגקייט איז אשכר געווען. ער האט אויך ליעב געהאט די חכמה און ער האט פערזאמעלט אלע חכמים פון זיין לאנד און זיי פאר זיינע יועצים געמאכט.

אשכר האט געהאט פינף זיהן און זיין טאכטער באלקים איז געווען די איינגסטע.

ווען באלקים איז בלויז פערצעהן יאהר אלט געווען, איז געקומען דער קעניג פון כוש אויף א באזוך אין שבא... ער איז אהין געקומען מיט דער כוונה צו נעהמען די יונגע באלקים פאר זיין ווייב, ווייל ער האט זעהר פיעל געהערט פון איהר שעהנקייט.

באטש אשכר האט געהערט פון די רשעות פון דעם קעניג פון כוש, האט ער דאך איהם זעהר פיין אויפגענומען און איהם איינגעלאדען צו זיך אין פאלאץ.

ווען ער האט דערזעהן באלקיס'ן, האט ער באמערקט אז זי איז נאך שעהנער ווי ער האט זיך פארגעשטעלט און האט דעריבער גלייך פערלאנגט פון אשכר'ן ער זאל צושטימען איהר אפּצוגעבן איהם פאר זיין פרוי.

— מיין טאכטער איז נאך זעהר יונג, — האט דער קעניג פון שבא געזאגט צו דעם קעניג פון כוש — איך קען דיר יעצט איהר נישט געבען, ווארט צו נאך איינינע יאהר און דאן ווען מיר זעהן.

* — דער קעניג פון כוש איז נישט געוואוינט צו ווארטען! — האט ער איהם געענטפערט, — מיין פערלאנג מוז גלייך ערפילט ווערען.

אשכר האט געוואלט פארמיידען א מלחמה צווישען איהם און דעם קעניג פון כוש, אבער אין דערזעלבער צייט האט ער נישט געהאט קיין גרוים חשק אפּצוגעבען זיין שעהנע און בעליעבטע טאכטער אין די הענד פון אזא שלעכטען און געמיינעם קעניג, דאריבער האט ער זיך צו איהם אפּגערופען:

— איך וועל דיר אפּגעבען מיין טאכטער פאר א פרוי, אבער איידער זי געהט איבער אין דיין רשות, וועט זי דיך פרעגען דריי פראגען, און אויב דו וועסט געבען די ריכטיגע אנטווארטען צו אלע דריי פראגען, דאן וועט באלקיס געהערען צו דיר, אבער טאמער ווערסטו געשטרויכעלט אין איין פראגע, דאן פארלירסטו דאס רעכט צו איהר... און דו וועסט זיך מוזען אומקעהרען צו דיין לאנד אזוי ווי דו ביזט געקומען.

— איך נעהם אן דיין באדינג! — האט ער זיך אפּגערופען, — איך וועל ציינען דיין גאנצען לאנד אז נים נאר איז דער קעניג פון כוש מעכטיג, נאר ער איז אויך קלוג... דו וועסט דאן זעהן אז די חכמה ליגט נים אין שבא, נאר אין כוש. דו קענסט שוין מאכען הכנות צו דער חתונה...

— איך וועל ווארטען מיט די הכנות ווען דו וועסט פארטיג ווערען מיט דיינע אנטווארטען, — האט אשכר געזאגט.

— איז עס דען ביי דיר א צווייפעל אז איך וועל טרעפען די אנטווארטען, — האט ער זיך אפּגערופען א באליידיגטער, — אזוי איז מיין פערלאנג! זאל מען צוגרייטען אלע נויטיגע זאכען צו דער חתונה און זאל דאס בעוואוסט ווערען איבער דער גאנצער שטאדט אז אין זיבען טעג ארום, וועט דער מעכטיגסטער און קליגסטער קעניג הייראטען באלקיס'ן... איך וועל אויך אנזאגען מייז מיליטער וואס געפינט זיך מיט מיר זיי זאלען געהן און שפּיעלען איבער די גאסען פון שבא און פאר אלעמען אויסשרייען וועגען מיין גרויסקייט און חכמה...

— אבער וואלט נישט געווען ראטהזאם אז דו זאלסט זיך פריהער אלייז איבערציינען ווי ווייט דיין חכמה קען גרייכען, איידער דו געהסט עס דערצעהלען דעם פאלק? — האט אשכר זיך צו אים אפּגערופען מיט א שמייכעל.

— ווען איך וואלט געוואוסט אז עס געפינט זיך איינער וועלכער צווייפעלט אין מיין חכמה, וואלט איך יענעם מיט מיין שווערד דעם קאפּ ארונטערגעהאקט!

— האט דער קעניג פון כוש אויסגעשריען, — יא, טהו ווי איך זאג דיר, גרייט אלעס צו צו דער חתונה, ווייל אין זיבען טעג ארום, וועט דיין טאכטער געהערען צו מיר.

— וועסטו דיין ווארט האלטען? — האט איהם אשכר געפרעגט, — ווען דו קומסט נים נאך דעם באדינג וואס איך האב דיר געשטעלט, דאן פארלירסטו אלע דיינע תביעות אויף מיין טאכטער.

— דו דארפסט וויסען זיין אז ווי קלוג דער קעניג פון כוש איז, אזוי

עהרליך איז ער! דו האסט מיין ווארט אז ווען איך וועל נים קענען ענטפערען ריכטיג אויף די פראגען פון דיין טאכטער, דאן וועל איך זיך אומקעהרען צו מיין לאנד אהן באלקיס'ן.

— אויב אזוי! — האט אשכר אויסגערופען, — וועל איך מודיע זיין איבער מיין גאנץ לאנד אז ווען דער קעניג פון כוש וועט ענטפערען ריכטיג אויף דריי פראגען פון מיין טאכטער וועט ער אין זיבען טאג ארום מיט איהר חתונה האבען.

באלד איז די נייעס פארשפרייט געווארען איבער'ן גאנצען לאנד. און ווען באלקיס, די יונגע פרינצעסין פון שבא, האט זיך דערפון דערוואוסט, האט זי אנגעפאנגען צו וויינען... זי האט אויך זעהר פיעל געהערט פון די אכזריות פון דעם קעניג פון כוש, אבער ווען זי האט צום ערשטען מאל דערזעהן זיין גרויזאמען שרעקליכען פנים און זיינע רשעות'דיגע אויגען, איז זי פארציטערט געווארען, און יעצט הערט זי גאר אז ער וויל איהר נעהמען פאר זיין פרוי.

— מיין טאכטער, דו ביזט דאך זעהר קלוג, אנשטאט צו וויינען און טרויערען, טראכט זיך איבער וואס פאר א רעטענישען דו וועסט איהם פרעגען, וויל דיין חתונה מיט איהם איז אבהענגיג אויב ער וועט דיר קענען געבען די ריכטיגע אנטוואָרטען... דריי פראגען וועסטו איהם שטעלען און ווען אפילו ער זאל די ערשטע צוויי פראגען יא ריכטיג ענטפערען און די דריטע נישט וויסען, דאן האט ער מעהר קיין רעכט נישט איבער דיר... אבער ווען ער זאל די ערשטע פראגע נישט וויסען ווי צו ענטפערען, דאן דארפסטו איהם שוין די איבריגע צוויי אפילו נישט פרעגען, און דו ווערסט גלייך פטור פון איהם.

די קלוגע באלקיס האט צו זיך גערופען זעהר א געניטען בלומען-מאכער און איז מיט איהם אריין אין איהר גארטען און ציינענדיג איהם א שעהנע רויז האט זי זיך צו איהם אפגערופען:

— איך וויל אז דו זאלסט מיר מאכען א קינסטליכע רויז, וואס זאל זיין אזוי עהנליך צו דיעזער רויז, אז עס זאל זיין שווער אונטערצושיידען צווישען דער ריכטיגער און קינסטליכער רויז.

דער בלומען-מאכער האט עטליכע טעג פארבראכט אין גארטען, וואו ער האט די רויז גוט באטראכט און גענומען נאכמאכען. ווען ער איז פארטיג געווארען איז איהם אליין שווער געווען אונטערצושיידען צווישען דיביידע רויזען.

ווען באלקיס האט דערזעהן די געקינסטעלטע רויז, האט זי זיך שטארק געוואונדערט אויף דער גרויסער עהנליכקייט צווישען זיי. אפילו די שטעכערס פון דער רויז זיינען אויך ריכטיג נאכגעמאכט געווארען.

באלקיס האט ארויסגעריסען די רויז פון איהר גארטען. זי האט ביידע פערגליכען און זי האט איינגעזעהן, ווי שווער עס איז צו דערקענען די ריכ־טיגע פון דער קינסטליכער רויז... די איינציגע זאך איז, די ריכטיגע רויז האט ארויסגעגעבען א געשמאקען דופטיגען ריח און די קינסטליכע רויז האט נישט געשמעקט... זי איז גלייך אוועק און בעשטעלט אזא פערפיום, וואס זאל שמעקען אזוי ווי די נאטירליכע רויז... מיט דיעזען פערפיום האט זי בעשפריצט די קינסטליכע רויז... יעצט, אז ביידע רויזען האבען ארויסגעגעבען דעם זעלבען דופטיגען ריח, איז שוין גאר אונמעגליך געווען צו אונטערשיידען צווישען זיי.

דערוויל איז איבער'ן לאנד פארשפרייט געווארען דער קלאנג, אז דער

בייזער און שלעכטער קעניג פון כוש וועט חתונה האבען מיט דער שעהנער יונגער פרינצעסין און זי גלייך אוועקפיהרען צו זיך אין לאנד... טרויעריג איז דאס פאלק געווארען ווען דאס איז בעקאנט געווארען, ווייל אלע, פון גרוים ביז קליין, האבען ליעב געהאט די וואונדערשעהנע און ליעבע פרינצעסין... זיי האבען אלע מיט איהר שטאלצירט און יעצט וועט זי דארפען אריינפאלען אין די הענט פון דעם פערהאסטען קעניג פון כוש, וועלכער האט מעדאריזירט פיעלע לענדער און אויך דאס גליקליכע און רוהיגע לאנד פון שבא איז אימער געווען אין גרויס שרעק, ער זאל ניט ארויסצווינגען קיין מלחמה אויף זיי און פארנעהמען זייער לאנד...

אזוי האט דאס פאלק געקלאגט און געוויינט אויף דעם שרעקליכען גורל פון זייער בעליבטער פרינצעסין, און מיט גרויס שפאנונג און זארג האבען זיי געװארט אויף דעם זיבעטען טאג, ווען באלקים וועט אויספרובירען דעם קעניג'ס חכמה.

דער קעניג פון כוש איז דערווייל אויך רוהיג נישט געזעסען. ער האט בעפוילען זיין מיליטער צו געהן איבער'ן שטאדט און שפיעלען און זינגען פרעהליכע ליעדער, און אליין איז ער געזעסען צוזאמען מיט זיינע קלוגע מיניסטארען און געמאכט א פארזוך צו לערנען פון זיי וואס מעהר חכמה.

אויף דעם זיבעטען טאג איז דער קעניג פון כוש, אין דער באגלייטונג פון אשכר'ן און פון אלע מיניסטארען געקומען אין פאלאץ וואו באלקים האט זיך געפונען.

ביידע קעניגען האבען זיך געזעצט. די מיניסטארען און שרים פון ביידע מלוכות זיינען געשטאנען און מיט נייגעריגע אויגען און אויערען צוגעזעהן און צוגעהערט צו אלעם וואס קומט פאר.

באלקים איז אריינגעקומען... זי האט זיך דערנעהנטערט צו דעם קעניג פון כוש און זיך פארנייגט פאר איהם. אין איהרע ביידע הענט זיינען געווען די צוויי רויזען... אין פאלאץ האט געהערשט אן אנגעצויגענע שטילקייט... ביי אלעמען האבען די הערצער שטארק געקלאפט און נאך שטארקער האבען געקלאפט די הערצער פון באלקים'ן און איהר פאטער.

— מעכטיגער און גנעדיגער הערשער! — האט באלקים אויסגערופען — ווי איך פארשטעה וועל איך געהערען צו דיר, נאכרעם ווי דו וועסט וויסען ווי צו ענטפערען ריכטיג אויף די דריי פראגען, וואס איך וועל דיר שטעלען...

און אט איז מיין ערשטע פראגע וואס איך פרעג דיר:

— אין מיינע ביידע הענט האלט איך צוויי רויזען... איינע פון זיי איז א נאטירליכע און די צווייטע איז א קינסטליכע. יעצט מיין האר קעניג, טרעף וועלכע איז די ריכטיגע און וועלכע איז די קינסטליכע.

דער קעניג האט גוט בעטראכט ביידע רויזען. ער האט א קוועטש געטאן מיט די פלייצעס.

— ברענג זיי צו נעהנטער, איך וועל א שמעק טאן, וועל איך באלד דיר זאגען, וועלכע עס איז די נאטירליכע בלום!

באלקים האט צוגעטראגען ביידע רויזען צו זיין נאז און ער האט זיך פריהער גוט אנגעשמעקט מיט דער רויז פון איהר רעכטער האנט. נאכהער האט ער געשמעקט די רויז וואס איז געווען אין איהר לינקער האנט און האט

ווידער געקוועטשט מיט די פּלייצעס און גענומען קנייטשען דעם שטערן. נאָכ־
הער האָט ער ארויסגעמורמעלט:

— איך ווייס נישט!

— דו גיסט צו, אז דו האָסט נישט געטראָפען? — האָט איהם באלקיס איבערגעפרעגט מיט אן איינגעהאלטענע צופרידענהייט...

— א ניין! ניין! — האָט זיך דער קעניג פון כוש האסטיג אויפגע־
שטעלט — לאָמיר זיי נאָכאמאָל בעטראכטען...

באלקיס האָט נאָך אמאָל צוגעטראָגען צו איהם ביידע בלומען און דער קעניג האָט זי ווידער גענומען בעטראכטען. ער האָט געשמעקט פריהער איינע, דערנאָך די צווייטע רויז און פּלוצלונג האָט ער אויסגערופען מיט א פרעה־
ליכער שטימע:

— זיי זיינען ביידע נאטירליכע בלומען! און דו ווילסט מיר בלויז אָפּנארען... אבער דער קעניג פון כוש לאָזט זיך אזוי שנעל נישט אָפּנארען. יעצט פרעגט מיר די אנדערע צוויי פראַגען...

— אבער מיין האר קעניג! דו האָסט די ערשטע פראגע נישט געענט־
פערט. דו האָסט נישט געטראָפען! — האָט באלקיס אויסגערופען און פון איהר הארצען איז ווי א שווערער שטיין ארונטער...

— אָה, ניין! איך האָב געטראָפען! — האָט דער קעניג א געשריי גע־
טאָן — איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז ביידע רויזען זיינען נאטירליכע, וועלכע האָבען געוואקסען צוזאמען אין איין גאָרטען!...

א שמייכעל האָט זיך באוויזען אויף באלקיס' ליפּען. זי האָט א שאָקעל געטאָן מיט איהר קאָפּ און געלאָסען געזאָגט:

— דער קעניג האָט ניט געטראָפען... די נאטירליכע בלום איז די, וועלכע איך האלט אין מיין לינקער האנט און די רויז וואָס איז אין מיין רעכטער האנט איז די קינסטליכע בלום...

— ווי אזוי קענסטו מיר איבערצייגען? — האָט דער קעניג שטרענג א פרעג געטהאָן.

— נעהם אָן די ביידע בלומען אין דיין האנט, און פּרוביר אָפּרייסען די בלעטלעך פון די רויזען, וועסטו אליין זעהן וועלכע איז די ריכטיגע און וועלכע איז די פאלשע.

דער קעניג האָט גענומען ביידע בלומען אין זיין האנט, אלע מיניסטאָ־
רען האָבען זיך אריבערגעבויגען און גענומען נאכקוקען מיט גרויס נייגעריג־
קייט אויב עס איז טאקע ריכטיג וואָס באלקיס האָט געזאָגט.

ער האָט גענומען פליקען די בלעטלאך פון דער נאטירליכער רויז, און באלד זיינען די בלעטלאך פון דער ריכטיגער רויז צושפּרייט געוואָרען איבער'ן באָדען. אָבער ווען ער האָט פּרובירט רייסען די בלעטלאך פון דער קינסטליכער רויז, האָט ער ניט געקענט. באלד האָבען אלע איינגעזעהן אז דיעזע רויז איז טאקע א קינסטליכע...

— יעצט וועסטו צוגעבען, אז דו האָסט נישט געטראָפען?

— נישט געטראָפען! — האָט דער קעניג פון כוש ארויסגעבּרומט אז ענטטוישטער...

— יעצט דארפסטו אויפגעבען דיין תביעה אויף מיין טאָכטער! — האָט

אשכר איהם ווידער געזאָגט — אַזוי האָט געלויטעט אונזער אָפּמאַך, אַז ווען דו וועסט געשטרויכעלט ווערען אין איין פראַגע, דאַן קענסטו מיט באַלקים'ן נישט הייראַטען.

דער קעניג האָט געשוויגען. ער האָט גענומען וואַרפען זיינע בליקען אויף דער וואונדערשעהנער און רייצענדער פּרינצעסין און זיין צאָרן האָט געברענט אויף אשכר'ן, פאַרוואָס ער האָט איהם אַזאַ באַדינגונג געשטעלט...

— באַלקים מוז געהערען צו מיר! — האָט ער מיט אַ דונערנדע שטימע אַ געשריי געטהאָן — זי וועט ווערען מיין פרוי אַחוץ קיינע באַדינגונגען.

— אָבער מיין האַר קעניג, — האָט אשכר אויסגערופען און זיך בעמיהט איינצוהאַלטען זיין כעס, — דו וועסט דאָך זיכער נישט ברעכען דיין וואָרט...

— איך וויל פון גאָרנישט וויסען! — האָט ער נאָך אַלץ געשטורעמט. — איך וויל מיטנעהמען באַלקים צו זיך אין לאַנד און איך וועל מיט איהר דאָרטען חתונה האָבען, אויב דו ווילסט נישט איך זאָל עס טהאָן אין דיין לאַנד.

— דאָס איז אונמעגליך! — האָט אשכר אַ געשריי געטהאָן, — איך האָב ליעב אמת און גערעכטיגקייט, און ווען דו באַשטעהסט אויף דעם, טראָץ דעם אָפּמאַך צווישען אונז און טראָץ דיין וואָרט וואָס דו האָסט מיר געגעבען, פעהלט דיר ביידע זאַכען, אי אמת און אי גערעכטיגקייט. און אויב אַזוי וועל איך דיר מיין טאָכטער געווים נישט געבען.

— אויב דו וועסט מיר נישט אָפּגעבען די פּרינצעסין מיט דיין גוטען ווילען, וועסטו עס טהאָן געצוואונגענערהייד, — האָט דער קעניג פון כוש אויסגערופען, — איך גיב דיר נאָך דריי טעג צייט זיך צו בעטראַכטען.

— איך האָב גאָרנישט וואָס צו בעטראַכטען! — האָט אשכר אויסגע־רופען מיט ביטערקייט אין זיין שטימע, — דו האָסט פאַרלאָרען און דו וועסט מיין טאָכטער נישט קריגען, אַזוי איז בעשלאָסען און עס וועט בשום אופן נים געענדערט ווערען.

— דאַן וועט מיין שווערד אַלעס ענדערען, — האָט זיך דער קעניג פון כוש אַ הויב געטהאָן און זיך ווענדענדיג צו זיינע מיניסטאָרען און בעאַמטע, וועלכע זיינען אויך געווען פאַרזאַמעלט אין פּאַלאַץ, און זיך צו זיי אָפּגערופען:

— גרייט אַלעס צו, מיר רייזען אָפּ נאָך היינט צו אונזער לאַנד כוש! זאָל דאָס גאַנצע מיליטער זיין באַלד גרייט. איך וויל דאָ קיין איבריגע רגע נישט פאַר־בלייבען.

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין פּאַלאַץ... באַלד האָבען זיך געהערט די שווערע טריט פון דעם קעניג און זיינע מיניסטאָרען, וועלכע האָבען שנעל פאַרלאָזען דעם פּאַלאַץ.

דער קעניג אשכר איז געבליבען שטעהן באַוועגלאָז... זיין פּנים איז געווען בלאַס און זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פון אויפרעגונג און כעס.

באַלקים האָט אַנגעקוקט איהר פאָטער און באַלד איז זי אַרויסגעפאַלען אויף זיין האַלז און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

דעם זעלבען טאָג האָט דער קעניג פון כוש פאַרלאָזען שבא צוזאַמען מיט זיינע בעגלייטער.

מיט צאָרנדע בליקען האָבען די איינוואוהנער פון שבא אַרויסבעגלייט דעם קעניג פון זייער לאַנד. אויף יעדענס ליפּען איז געלעגען אַ קללה פאַר דעם גרויזאַ־

מען קעניג פון כוש... דאס הארץ האט אבער ביי יעדען געציטערט... צו גרויס און צו מעכטיג איז ער געווען, אז אזא מלוכה ווי שבא זאל זיך איהם קענען אנטקעגענשטעלען. דארום איז יעדער געווען בעזארגט, יעדער האט געפיהלט אז א וואלקען רוקט זיך אן אויף די לויטערע הימלען פון זייער רוהיגער מלוכה.

מעהר פון אלעמען איז געווען בעזארגט דער קעניג אשכר... ער האט גלייך איינגעזעהן דאס ער האט צו איילינ געהאנדעלט. אמת, יעדער שטאלצער קעניג וואלט אנדערש ניט געדארפט האנדלען ווי ער. עס איז זעהר גוט און ריכטיג צו זיין שטאלץ און ארויסציינען זעלבסטווירדע, ווען מען קען דאס בעהויפטען. אבער ער? קען ער דען אנפאנגען א מלחמה מיט דעם מעכטיגען קעניג פון כוש?...

באלקים האט בעטראכט איהר פאטער. זי האט באמערקט דעם טרויער וואס איז אויסגעגאסען געווארען אויף זיין פנים און דעם יאוש וואס האט זיך אפגעשפיגעלט אין זיינע אויגען. זי האט דאריבער זיך געשטארקט און אפגערופען זיך:

— פאטער, שיק שנעלער שלוחים צום קעניג, זאלען זיי איהם אניאגען און זאגען אז איך שטים איין מיט איהם צו הייראטען...

— א, ניין, מיין טאכטער! — האט אשכר איהר צו זיך געדריקט, — דו ביזט צו באליעבט און טהייער ביי מיר און ביי מיין פאלק אז איך זאל זיין גרייט דיך מקריב צו זיין צו דיזען אומווירדיגען קעניג.

— אבער פאטער, דו ווייסט דאך וואס עס מיינט ווען דו וועסט זיין ווילען ניט ערפילען! — האט באלקים אויסגערופען — ביזטו דען גרייט צו פיהרען א מלחמה געגען איהם?...

— גערעכטיגקייט און יושר איז אויף מיין זייט, מיין טאכטער, — האט אשכר קוים איינגעהאלטען זיינע טרעהרען.

— ווייסטו דען נישט אז ניט אלע מאל זיעגט גערעכטיגקייט! — האט באלקים טרויעריג געזאגט, — איך גלויב, פאטער, אז עס איז דיין פליכט צו פארהיטען אונזער קעניגרייך פון אן אומגליק... יא, איך בין ווילינ צו זיין דער קרבן פאר מיין פאטערלאנד. רוף צוריק דעם קעניג און זאל ער מיך מיט זיך מיטנעהמען.

— באלקים האט רעכט! — האט זיך אשכר'ס עלטערער זוהן, דער קרוינפרינץ, ארייגעמישט. אויב מיר זיינען ניט בכח צו קעמפען געגען איהם, דאן לוינט זיך פאר אונז א סך בעסער איהם נאכצוגעבען... נאך אלעמען, איז עס גאר ניט אזוי שלעכט... באלקים וועט ווערען די קעניגין פון אזא שטארקע מלוכה.

— מיר וואונדערט זיך, מיין זוהן, אז דו זאלסט אזוי ריידען וועגען דיין איינציגער שוועסטער! — האט אשכר איהם פארגעווארפען, — אפצוגעבען באלקים'ן צו איהם איז די זעלבע זאך ווי איבערצוגעבען איהר אין די צייהנער פון א לייב... האסטו דען נישט געהערט פון זיינע אכזריות'ן... ווייסטו דען נישט וואס ער האט געטהאן צו זיינע פריהערדיגע ווייבער?...

— אבער פאטער, וואס קענסטו העלפען? — האט דער צווייטער זוהן זיך אפגערופען, — וואס עס זאל נישט געשעהן, איז דאך אלץ בעסער איידער מיר אלע זאלען זיינע קנעכט ווערען!...

— מיינע זיהן, איהר רעדט ביידע ווי פייגלינגע, — האט אשכר זיך צו זיי געווענדעט מיט צארן, — ווי איך זעה, זייט איהר ביידע נישט גרייט העלדיש צו קעמפען פאר דעם כבוד פון אייער שוועסטער... איך ווייס אז ווען איך זאל

פרענען דאס פאלק וועלען אלע איינשטימיג מיך ניט דערלאזען נאכצוגעבען דעם בייזען ווילען פון דעם קעניג פון כוש.

— ניין, פאטער, ווען דאס פאלק און דיינע מיניסטארען וועלען וויסען וואס פאר א גרויס געפאהר עס ליגט אין דיין ענטזאגונג, וועלען זיי ניט נאר צושטימען מיט מיר, נאר זיי וועלען אויך עס פון דיר פאדערען... מיר קענען נישט בעהויפּטען איינצושטעלען אין גרויס געפאהר אונזער לאנד און קעניגרייך צוליעב... ע... צוליעב איין פערזאן! — האט דער עלטערער זוהן ווידער געזאגט, און געווארפען זיינע בליקען אויף באלקיס'ן.

— גוט, איך וועל זיך פריהער בעראטהען מיט מיינע מיניסטארען און הערען די מיינונג פון פאלק, דאן וועל איך בעשליסען ווי אזוי צו האנדלען! — האט אשכר זיך אפגערופען.

א ווייל שפעטער האבען זיך פערזאמעלט אלע מיניסטארען און בעאמטע פון שבא, אין דעם פאלאץ. באלקיס און איהרע ברידער זיינען אויך דארטען געווען.

— איך האב אייך צוזאמענגערופען, — האט אשכר אויסגערופען, — צו הערען אייער עצה, כדי איך זאל וויסען ווי צו האנדלען.

א שטילקייט האט אין פאלאץ געהערשט. אלעמענס בליקען זיינען געווען געווענדעט אויף דעם קעניג און באלקיס'ן וועלכע איז געזעסען לעבען זיין רעכטער האנד.

— אייך איז דאך שוין בעוואוסט די אומגערעכטע פאדערונג וואס דער קעניג פון כוש האט געמאכט צו מיר, ווען ער האט פערלאנגט איך זאל איהם אפּגעבען באלקיס'ן פאר זיין פרוי טראץ דעם וואס ער האט לויט אונזער אפּמאך איהר פארלארען, — האט אשכר פאָטגעזעצט, — איהר האט אויך געהערט זיינע דראהונגען איידער ער האט אונזער לאנד פארלאזען.

— יא, ער האט אונז געדראהט, אז זיין שווערד וועט אלעם ענדערען, — האט דער קרוינפּרינץ צוגעגעבען, — און מיר אלע ווייסען אז דער קעניג פון כוש האט די מעגליכקייטען דורכצופיהרען זיינע סטראשונקעס... און מיין שוועסטער אליין האט זיך ארומגעזעהן א: עס איז בעסער פאר איהר צוצושטימען צו ווערען זיין פרוי, איידער צוצוזעהן מיט איהרע אויגען דעם חורבן פון אונזער לאנד און מלוכה.

— יעצט בין איך געקומען זיך מיט אייך צו בעראטהען, זאל איך מקריב זיין מיין ליעבענדע טאכטער באלקיס און איהר אפּגעבען צו דעם ברוטאלישען, גרויזאמען קעניג פון כוש? אדער זאלען מיר אנשטרענגען אלע אונזערע קרעפטען און זיך געגענשטעלען געגען איהם אין פאל ער וועט אויף אונז ארויסגעהן אויף מלחמה? איך וועל טהאן ווי איהר וועט מיר ראטהען.

— לאנג לעבען זאל די פּרינצעסין באלקיס! — האט דער הויפּט מיניסטער אויסגערופען, — עס איז זעהר נאבעל פון איהר זייט זיך צו אפּפערען פאר דעם וואהלזיין פון אונזער קעניגרייך, אבער מיר וועלען קיינמאל ניט איינשטימען אויף דעם!... צו טיעף איז איינגעווארצעלט די ליעבע פון פאלק צו איהר, אז מיר זאלען אויף דעם איינגעהן... ניין, מיין האר קעניג, דיין פאלק וועט גרייט זיין צום קאמף געגען כוש, כדי צו ראטעווען דעם כבוד פון זיין בעליעבטער פּרינצעסין! מיין עצה דאריבער איז, אז מיר זאלען זיך גלייך צוגרייטען צו מלחמה... אין פאל דער קעניג פון כוש וועט קומען צו אונז מיט זיין שווערד, וועלען מיר וויסען ווי

איהם צו עמפפאנגען. דאס איז מיין מיינונג. און איך גלויב, אז אויך די איבריגע מיניסטארען וועלען צושטימען צו מיינע רייד.

— מיר שטימען איין! מיר שטימען איין! — האבען די איבריגע מיניס־טארען אויסגערופען, — מיר צווייפלען ניט אז אונזער פאלק וועט וויסען ווי צו פערטיידיגען דאס קעניגרייך.

— נו, יעצט זעהט איהר מיינע זיהן! — האט אשכר זיך אפגערופען, — ווי דער כבוד פון אייער שוועסטער שטעהט ביים פאלק העכער ווי ביי אייך!...

די זיהן האבען געשוויגען און אשכר האט גלייך געגעבען א באפעהל צו זיין גרייט צו מלחמה...

בליץ שנעל איז די נייעס דורכגעלאפען איבער'ן לאנד אז דער קעניג פון כוש וויל מיט געוואלד אוועקרויבען די שעהנע און קלוגע פרינצעסין באלקים, און אלע האבען זיך ווי איין מאן פארזאמעלט ארום דעם פאלאץ און מיט גרויס ענטוזיאזם גענומען שאלען:

— לאנג לעבען זאל אונזער קעניג! לאנג לעבען זאל די פרינצעסין באלקים!

די מוזיק האט גענומען שפיעלען און אשכר און באלקים זיינען ארויס אויף דעם באלקאן פון דעם פאלאץ.

באלד איז די לופט אנגעפילט געווארען מיט הילכיגע געשרייען און שאלען, און ווען דער המון האט זיך איינגעשטילט, האט אשכר פאר אלעמען קלאר גע־מאכט די לאגע.

— יעצט ווענדעט עס זיך אן אייך, מיינע בירגער! — האט דער קעניג פאר־ענדיגט, — אויב באלקים זאל בלייבען מיט אונז אדער זי זאל געהן צום קעניג פון כוש!

מיר ווילען קעמפען פאר דער פרינצעסין! — האבען זיך געהערט שטימען פון המון...

— צו די וואפען! — האט דער קעניג אויסגערופען, — אלע מענער וועלכע זיינען פעהיג צו טראגען וואפען זאלען קומען באוואפענט! דער שונא קען אונז באפאלען צו יעדער צייט.

עס האט ניט לאנג געדויערט און די גאסען פון שבא זיינען פול געווארען מיט מארשירענדע ארמעען וועלכע האבען אונטער די פיהרערשאפט פון קעניג אשכר, מיט זיינע פינף זיהן, געמארשירט צו די טויערען פון שטאדט.

* * *

פארביטערט און בייז האט זיך דער קעניג פון כוש אומגעקעהרט אין זיין לאנד. דער שעהנער פנים פון דער קלוגער, יונגער פרינצעסין באלקים איז איהם געשטאנען פאר זיינע אויגען... זיין צארן האט געשטיגען מיט יעדער רגע ווען ער האט זיך דערמאהנט אז דער קעניג פון אזא קליינער מלוכה ווי שבא, זאל וואגען איהם צו ענטזאגען זיין פארלאנג.

— אנשטאט זיך צו שעצען גליקליך דאס איך וויל איהם אנטהאן אזא כבוד און חתונה האבען מיט זיי, טאכטער, האט ער נאך מיין פארלאנג צוריקגעשליי־דערט! — האט ער זיך אפגערופען צו זיינע מיניסטארען, — ניין, איך וועל איהם דערפאר ניט שענקען! ראכע וועל איך נעהמען פון איהם און פון זיין גאנצען פאלק... ניט לאנג וועט שוין אשכר רעגירען איבער שבא... איך וועל איהם לאזען פיהלען דעם טעם פון מיין שווערד... ביי די נעטער פון כוש, וועלכע האבען

מיר געהאלפען אין אלע מלחמות, שווער איך, אז איך וועל מיט באלקיס'ן חתונה האבען אין שבא.

— מיין האר קעניג! — האט זיך איינער פון די מיניסטארען, מיט'ן נאמען הדורים אפגערופען, — איך זעה ניט איין פארוואס דער קעניג פון שבא האט פארדיענט אזא גרויסע שטראף, האט ער דען מיט דיר ניט אויסגענומען א תנאי, און לויט דעם תנאי האסטו דאך טאקע ניט געהאט קיין רעכט צו פארערען די פרינצעסין פון איהם, ווייל דו האסט דאך פארלארען.

— דו אויך ביזט געגען מיר!! — איז דער קעניג אויפגעשפרונגען פון זיין טראהן און ארויסגעצויגען זיין שווערד — ווי וואגסטו צו צווייפלען אין מיין גערעכטיגקייט... ארויס פון מיין פאלאץ דו אומווירדיגער הונד! אויב דו וועסט זיך נאך אמאל באווייזען פאר מיינע אויגען וועל איך דיין קאפ פון דיר ארונטער־האקען.

הדורים האט זיך גלייך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און פארלאזען דעם פאלאץ... א טויט שרעק איז אנגעפאלען אויף אלע איבריגע מיניסטארען און שרים, און ווען דער קעניג האט זיך צו זיי געווענדעט און געפרעגט אויב ער איז גערעכט מיט זיין פלאן נקמה צו נעהמען פון אשכר'ן און זיין פאלק, האבען אלע איינשטימיג געענטפערט:

— זאל אונזער מעכטיגער קעניג און הערשער לעבען אויף עוויג! גערעכט זיינען אלע דיינע טהאטען!

דער קעניג פון כוש האט ארויסגעלאזען א באפעהל אז אלע זיינע אונטער־טהאנען פון יעדער שטאדט פון זיין מדינה, זאלען זיך פארזאמלען און זיין גרייט צו א מלחמה מיט דעם קעניג פון שבא...

מחנות סאלדאטען האבען גענומען שטראמען פון אלע עקען לאנד. דער קעניג האט צוזאמענגעשטעלט איינע פון די גרעסטע ארמעען, גרעסער פון אלע ארמעען פון די פריהערדיגע מלחמות וואס ער האט געפיהרט.

דער קעניג אליין האט די ארמעען קאמאנדירט און האט זיי געפיהרט צו דעם לאנד שבא.

אשכר מיט זיינע מחנות האבען דעם שונא באגעגענט הינטער'ן שטאדט און א פירכטערליכע שלאכט האט זיך אנגעפאנגען.

דריי טעג און דריי נעכט האט די שלאכט געדויערט. די ארמעען פון שבא האבען העלדיש געקעמפפט, אבער זיי זיינען געווען א סך קלענער אין צאהל און דאריבער זיינען זיי געווען געצוואונגען צוריקצוטרעטען.

דער קעניג פון כוש האט יעצט מעהר קיין שוועריגקייטען ניט געהאט. ער האט מיט זיינע זיעגרייכע ארמעען ארייגעמארשירט אין שבא... דעם קעניג און זיינע פינף זיהן האט ער גענומען געפאנגען, און איצט איז פאר איהם געווען פריי דער וועג צום פאלאץ און צו באלקיס'ן.

— נו, יעצט זעהסטו שוין ווי דער קעניג פון כוש האלט זיין ווארט! — האט ער זיך אפגערופען צו אשכר'ן וועלכער איז פאר איהם געבראכט געווארען געשמידט אין קייטען. — איך האב דיר געזאגט אז אויב דו וועסט מיר ניט אפ־געבען מיט דיין גוטען ווילען די פרינצעסין, וועסטו עס טהאן געצוואונגענערהייד. יעצט וועסטו קומען מיט מיר אין פאלאץ און זעהן ווי איך נעהם דיין איינציגע טאכטער פאר מיין פרוי... יא, ניט מעהר וועסטו קעניגין איבער שבא... איך וועל

פון יעצט אן הערשען איבער דיין לאנד און דיינע מענשען וועלען מיינע קנעבט ווערען! . . .

— זאל דער פלוך פון די געטער דיך פארפאלגען ביז׳ן טויט, זאלסטו און דיינע קינדער פארטיליגט ווערען פון אונטער די הימלען! — —האט אשכר אויסגעשריען מיט פארביטערונג.

— צוליעב דיין שארפען צונג וועסטו באלד פיהלען מיין שארפען שווערד!

— האט דער קעניג געצויגען זיין שווערד — די מיט דיינע זיהן וועלען דא גלייך געטויטעט ווערען פאר מיינע אויגען.

— זאל אונזער בלוט פאלען אויף דיין קאפ! און זאלען די געטער דיר בעצאהלען לויט דיין ווירדע און לויט דיינע מעשים, — האט אשכר אויסגערופען מיט ביטערקייט.

— פארשטום זיין מויל אויף אייביג! — האט דער קעניג דערלאנגט זיין שווערד צו זיין הויפט־לייבוועכטער.

דער לייבוועכטער האט גענומען די שווערד פון קעניג און אין איין אויגענבליק איז שוין אשכר געלעגען א טויטער.

— מיין נקמה איז נאך ניט פארפולט! — האט דער קעניג אויסגעשריען, — זאל מען פאר מיר אויך ברייגנען זיינע פינף זיהן, איך וועל צו זיי טהאן ווי איך האב געטהאן צו זייער טאטער.

די פינף זיהן פון אשכר׳ן זיינען באלד געבראכט געווארען פאר דעם בלוט־דורשטיגען קעניג און ער האט צו זיי געטהאן אזוי ווי ער האט געטהאן צו זייער פאטער. ער האט זיי געטויטעט פאר די אויגען פון פאלק.

די נייעס פון דעם טראגישען טויט פון זייער קעניג און זיינע זיהן האבען דערגרייכט צו אלע איינוואהנער פון שבא... און א טרויעריגע שרעק איז אויף זיי אלעמען אנגעפאלען. זיי האבען אבער גארניט געקענט טהאן, זיי זיינען געווען מאכטלאז געגען דעם טירא. ישען קעניג פון כוש.

באלקיס האט זיך באלד אויך דערוואוסט פון די שרעקליכע נייעס... א שוידער איז דורכגעגאנגען איהר קערפער. זי איז געבליבען שטעהן פארגליווערט. איהרע פויסטען צוזאמענגעדריקט און איהרע אויגען האבען געבליצט מיט פייער. איהרע דינסטען און קאמער־מיידלעך זיינען צום בארען געפאלען און האבען יאמערליך זיך פאנאנדערגעוויינט...

פלוצים האט באלקיס פארריסען איהר קאפ און באפוילען די מיידלעך זיך אויפצושטעלען.

ברייגנט מיר א לאגעל וויין און ברויט! — האט זי אויסגערופען,

מען האט איהר גלייך געבראכט וויין און ברויט און באלקיס האט דאס גענומען אין איהרע הענד און נאכהער זיך אפגערופען:

— ווישט אפ די טרעהרען פון אייערע אויגען און זאלען אייערע פניםע׳ר לייכטען מיט פרייד...

די מיידלעך האבען איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— זי איז געריהרט געווארען פון זינען! — האט א געדאנק דורכגעבליצט זייערע מוחות.

— דארף איך דען זיין נאך אמאל זאגען אז דער טרויער און אומעט פון אייערע געזיכטער זאל אין פרעהליכקייט פארוואנדעלט ווערען! — האט

באלקים שטרענג א זאג געטהאן! שנעלער, טהוט זוי איך זאג אייך, נעהמט די צימבאלען און די הארפען אין אייערע הענד און פאלגט מיר נאך.

צוטומעלטע און צושראָקענע האבען די קאמער־מיידלעך און די דינסטען פון באלקים'ן גענומען זייערע כלי־זמר...

— פאנגט אן שפיעלען! — האט זי זיי באפוילען מיט א שטרענגער שטימע, ווען זי האט באמערקט זייערע טויט־בלאסע פנים'ער, — קומט מיט מיר...

באלקים האט אנגעפאנגען צו זינגען און טאנצען איבער די גאסען פון שבא... זי האט זיך לוסטיג געמאכט און אנגעזאגט אלע איהרע באגלייטערינס איהר נאכצוטהאן.

דער טרויעריגער און צושראקענער המון פון שבא האט גארנישט געקענט פארשטעהן וואס דא קומט פאר.

— פארוואס איז די פרינצעסין פלוצלינג אזוי פרעהליך געווארען ?! — האט זיך איינער אפגערופען צו א צווייטען, — ווייס זי דען נישט פון דעם גרויסען אומגליק וואס האט געטראפען איהר פאטער און איהרע ברידער און אונזער קעניגרייך ?!...

— עס איז טאקע א גרויס וואונדער! דאכט זיך אז באלקים איז פאררעכענט געווארען פאר די קליגסטע אין גאנצען לאנד, זאל יעצט באגעהן אזא נאריש־קייט, זי זאל זיך אזוי פרעהען אויף דעם חורבן פון אונזער לאנד...

— און זעה! — האט א דריטער אנגעצייגט אויף באלקים'עם הענד, — זי טראגט וויין און ברויט און זי געהט אין דער ריכטונג פון וואנען דער קעניג פון כוש קומט אן.

— זי איז א פערעטהערין! — האט דער ערשטער צוזאמענגעדריקט זיינע פויסטען.

— ניין, דאס קען מען אויף באלקים'ן קיינמאל נישט זאגען.

— אבער ביבזטו דען בלינד, זעהסטו דען נישט אז זי געהט דעם קעניג אנטקעגען מיט וויין און ברויט... זי געהט איהם באגריסען צו זיין זיעג!...

— דאס בלוט פון איהר פאטער און איהרע ברידער זיינע נאך ניט איינגעזאפט געווארען אין דער ערד און זי טאנצט און זינגט.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז זי איז משוגע געווארען.

— לאמיר איהר נאכגעהן און זעהן וואס זי וועט ווייטער טהאן.

די פארבייגעהער האבען גענומען נאכגעהן באלקים'ן צו זעהן וואס דא וועט פארקומען.

באלקים האט איהר שטימע נאך העכער אויפגעהויבען ווען זי האט פון ווייטען באמערקט ווי דער קעניג קומט אן. זי האט פארשנעלערט איהרע טריט, זיך דריי מאל פארנייגט, און אויפהויבענדיג די וויין און ברויט, האט זי אויסגערופען מיט א פרעהליכע שטימע:

— לאמיר זינגען א לויב־געזאנג צו דעם זיעגער, צו דעם מעכטיגען קעניג פון כוש! זיי געבענשט א, קעניג!... ווילקאמען זיי אין דעם לאנד פון שבא... בוקט זיך איהרע אלע צו דעם העלדישען קעניג, ווייל ער האט גרויסע ארמעען בעזיעגט! ערלויב מיר, א, קעניג, דיר צובאגריסען איז נאמען פון דיינע נייע אונטערטהאנען מיט דעם וויין און ברויט...

דער קעניג האט בעטראכט באלקיס'ן מיט א שמייכעל, און ער האט צונע־נומען דעם וויין און ברויט פון איהר.

— יעצט זעה אז דו ביזט טאקע קלוג און פארנינפטיג, — האט ער אויפ־געהויבען דעם לאגעל וויין צו זיין מויל... ער האט אבער זיך באלד צוריקגעהאלטען.

— פיעלייכט האט זי ארייגעטהאן גיפט! — איז איהם אריינגעקומען א געדאנק.

— א, ווי ניט אויסגערעכענט איך בין, צו וועלען טרינקען פון דעם וויין וואס דו האסט פאר מיר געבראכט לכבוד מיין גרויסען זיעג! — האט דער קעניג אויסגערופען, — דו פארדינסט ביי מיר אז דו זאלסט טרינקען פון דעם פאר מיר... עפען אויף דיין שעהנע מויל, באלקיס, און פארזוך פון דעם וויין וואס בעלאנגט צום זיעגער...

— געוויס, מיין האר קעניג! — האט באלקיס געעפענט איהר מויל.

דער קעניג האט צוגעטראגען דעם לאגעל צו איהר מויל, און זי האט גע־טרונקען פון דעם וויין.

— יעצט וועל איך טרינקען! — האט ער א פרעהליכער געזאגט, און האט אין זיך אריינגעגאסען דעם גאנצען לאגעל וויין.

—פאר מיין זיעגרייכע ארמעע און פאר דער צוקינפטיגער קעניגין פון שבא און כוש! — האט ער אויסגערופען.

— איך געה צו דיר אויף אייביג, מיין האר קעניג! מיט דיין גלענצענדען זיעג האסטו מיין הארץ געוואונען.

— איך האב אבער גלייך געזאגט אז די שעהנע און קלוגע באלקיס מוז געהערען צו מיר! — האט זיך א ברייטער שמייכעל צושפרייט איבער זיין דיקען פנים! — דער קעניג פון כוש האלט אימער זייןווארט!

—דער שלל בעלאנגט צו דעם זיעגער! — האט באלקיס געענטפערט מיט א שמייכעל.

— קום אריין צו מיר אין רייטוואגען, מיר וועלען ביידע אריינמארשירען אין דיין פאטער'ס פאלאץ, — האט ער זיך צו איהר אפגערופען, — דארטען וועל איך מיט דיר הייראטען.

— איך בין זעהר גליקליך אז דו האסט נאך אן מיר ניט פארגעסען, — האט באלקיס געזאגט און איז אריין צום קעניג אין רייטוואגען.

אלע וועלכע האבען בייגעוואהנט די סצענע צווישען דער יונגער פרינצעסין און דעם קעניג פון כוש, האבען א לאנגע צייט צו זיך ניט געקענט קומען פון באלקיס'עס האנדלונג... די טויטע קערפערס פון איהר פאטער און איהרע ברידער זיינען נאך ניט באגראבען געווארען און זי האט זייער מערדער אזוי פריינדליך און ליעבליך צוגענומען.

— זי ציטערט פאר איהר אייגען לעבען, — האט איינער פון די מיניסטארען פון כוש באמערקט שטילערהייד צו זיין פריינד, — און דאריבער האט זי זיך אזוי שנעל איבערגעגעבען צום קעניג.

— און איך זעה אז זי האט איהם טאקע ליעב בעקומען! — האט דער צווייטער זיך אפגערופען, — אין א קעניג וועלכער צייגט ארויס אזוי פיעל

העלדישקייט וועט זיך אפילו אזא וואונדערשעהנע פרינצעסין ווי באלקיס פאר־ליעבען.

— און בפרט אז יעצט האט זיך די מלוכה פון אונזער קעניג פארגרעסערט... צו די פיעלע לענדער וואס ער האט בעזיעגט איז צוגעקומען דאס לאנד פון שבא.

צווישען דעם איינפאכען המון, פארשטעלט אין פויערשע קליידער איז גע־ווען הדורים, דער מיניסטער וועמען דער קעניג פון כוש האט פון זיין פאלאץ פארטריבען דערפאר וואס ער האט איהם געוואגט צו זאגען דאס ער האט קיין רעכט ניט צו פארלאנגען באלקיס'ן ;נייל ער האט פארלארען.

ווי נאר ער האט מיט שאנד דעם פאלאץ פארלאזען, האט הדורים ביי זיך געשווארען זיך אפצורעכענען מיט דעם קעניג פון כוש... און גרוים איז געווען זיין צער און וועהטאג ווען ער האט געזעהן ווי זיעגרייך ער איז אין דער מלחמה אין שבא... ער האט בעשלאסען אויך צו קומען אין שבא, פארשטעלט מיט די בגדים פון אן איינפאכען פויער. זיין בארד האט ער געלאזט וואקסען, אזוי אז עס איז גאנץ שווער געווען איהם צו דערקענען. ער האט מיט זיינע אויגען צוגעזעהן די ערמארדונג פון אשכר'ן מיט זיינע פינף זיהן, און יעצט האט ער געזעהן ווי באלקיס איז איהם אנטקעגען געקומען, ווי זי נעהמט איהם אויף מיט גרויס שמחה... ער האט עס נישט געקענט באגרייפען... דאריבער איז ער גאנץ נאהענט צוגעקומען און פון א זייט בעטראכט די יונגע פרינצעסין... און פון דעם פייער וואס איהרע אויגען האבען געפלאמט האט ער עטוואס אנדערש פארשטאנען.

— יא, יעצט איז די צייט געקומען וואס ער וועט זיך קענען אפרעכענען מיט דעם קעניג פאר זיין רשעות און פאר דעם בזיון וואס ער האט איהם פאר־שאפט בעת ער האט איהם פון פאלאץ פאריאגט.

לאנגזאם איז ער נאכגעגאנגען מיט דעם איבריגען המון וועלכע האבען נאכגעפאלגט די גאנצע פראצעסיע פון קעניג מיט באלקיס'ן, וועלכע זיינען גע־פאהרען אין פאלאץ אין באגלייטונג פון זיינע מיניסטארען און מיליטער.

די מוזיק האט גענומען שפיעלען, דער קעניג האט באפוילען יעדען פרעהליך צו זיין.

— געה רוף אוים אין שטאדט אז דער קעניג פון כוש האט אויך אוועקגע־נומען דעם טראהן פון שבא, און אין דריי טעג ארום וועט ער פייערען די חתונה מיט דער פרינצעסין באלקיס! — האט דער קעניג זיך אפגערופען צו איינעם פון זיינע שרים — זאלען די מוזיקער דיך באגלייטען מיט זייערע צימבאלען און פויקען. איהר זאלט געהן פון גאס צו גאס און איינלאדען אלע איינוואהנער פון שבא צו דער פייערונג פון מיין חתונה וואס וועט פארקומען איז דער זעל־בער צייט מיט מיין קרוינונג איבער דעם לאנד שבא.

דער שר האט געטהאן ווי דער קעניג האט איהם באפוילען, און באלד האט דאס גאנצע לאנד געוואוסט אז דער קעניג פון כוש וועט אויך זיין דער קעניג פון שבא, און ער וועט הייראטען מיט דער פרינצעסין באלקיס.

פארביטערטע און פארצווייפעלטע האט זיך דאס פאלק פון שבא גענומען פארזאמלען אויפ'ן דריטען טאג ארום דעם פאלאץ וואס האט געהערט צו זייער

בעליעבטען קעניג אשכר... זיי זיינען נאך מיט זייערע אויגען געצוואונגען צו־צוזעהן ווי דער אכזר'ישער קעניג פון כוש פיהרט אויס זיין נקמה. יעדער האט ביי זיך אין הארצען געשאלטען און געפלוכט דעם שלעכטען קעניג, אבער יעדער האט עס מורא געהאט ארויסצוברייגגען אויף זיינע ליפען.

די דריי טעג איז דער קעניג געווען פארנומען מיט זיינע הכנות צו דער חתונה... ער האט געוואלט אז די צערעמאניע זאל זיין זעהר פייערליך... זאלען אלע צוזעהן ווי מעכטיג זייער קעניג איז, און זיי וועלען ניט וואגען צו האבען אפילו שלעכטע געדאנקען וועגן איהם.

פאר באלקים'ן האט ער בעשטעלט צו מאכען א קלייד בעציערט מיט גאלד און א גאלדענע קרוין געפלאסטערט מיט קאסטבארע שטיינער.. זיין פרייד איז געווען אזוי גרוים, אז ער האט די גאנצע צייט ניט אויפגעהערט צו טרינקען.

אויף דעם דריטען טאג ווען באלקים איז א ווײלע ארוים אין הויף פון פא־לאץ, האט זי באמערקט ניט ווייט פון איהר א בעטלער... ער האט זיך דריי מאל פארנייגט און אויסגעשטרעקט זיין האנד.

— וואס פערלאנגסטו ? — האט זי איהם א פרעג געטהאן, — א, איך זעה אז דו ביזט זיכער הונגעריג, ווארט דא צו א ווײלע און איך וועל דיר ארונ־טערשיקען עטוואס צום עסען.

— א, ניין, גנעדיגע קעניגין און איינציגע הערשעריז פון שבא און כוש!
— האט ער אויסגערופען.

— קעניגין! ווער האט דיר געזאגט אז איך וועל ווערען די קעניגין! — האט באלקים זיך אפגערופען מיט א שמייכעל.

— ווייל די נקמה פון די געטער איז נאהענט! און דער רשע וועט בעקו־מען בעצאהלט לויט זיין רשעות! — האט ער שטילערהייד געזאגט.

— ווער ביזטו ? — האט באלקים איהם געפרעגט א צושראקענע.

— מיין הארינטע, איך בין געווען א מיניסטער ביי דעם קעניג פון כוש, איך האב איהם אימער געהאלפען מיט מיינע עצות, און ווען איך האב דערזעהן אז ער קלייבט זיך צו טהאן א גרויסע אומרעכט צו דיין פאטער און צו דיר, האב איך איהם געווארנט נעגען דעם. איך האב איהם געראטהען ער זאל עהרליך האנדלען און אזוי ווי א תנאי איז אפגעמאכט געווארען צווישען איהם און דיין פאטער, און אזוי ווי ער האט פארלארען, האט ער קיין רעכט מעהר דיך ניט צו פארלאנגען.

— און וואס האט דער קעניג דיר געענטפערט ? — האט באלקים איהם געפרעגט.

— אנשטאט איינצוזעהן די גערעכטיגקייט פון מיינע רייד, האט ער זיין שווערד געגען מיר געצויגען. ער האט מיר אומווירדיגער הונט גערופען און מיך פון זיין פאלאץ פארטריבען, אנזאגענדיג אז אויב איך וועל זיך ווען עס איז באווייזען פאר זיינע אויגען, וועט ער מיין קאפ פון מיר ארונטערהאקען. איך בין גלייך אנטלאפען. איך האב געשווארען נקמה צו נעהמען פון אט דעם גרויזאמען שלעכטען קעניג וועמען איך האב אזוי פיעל יאהרען מיט געטרייהייט גע־דיענט, און איך בין אהער געקומען פארשטעלט אין ארימע קליידער, מיינע האר און בארד האב איך געלאזען וואקסען, כדי קיינער זאל מיך ניט דערקענען, און

ווען איך האב מיט דריי טעג צוריק בייגעוואָהנט די סצענע פון דיין עמפפאַנ־גען דעם קעניג און איך האב בלויז גוט אריינגעקוקט אין דיינע אויגען, האב איך פאַרשטאַנען אז עס איז נאָהענט דער טאָג ווען אונזער נקמה וועט דורכגע־פיהרט ווערען... און איך בין דיר יעצט געקומען אנבאָטען מיין הילף.

—אבער... — האָט באַלקינס געגומען שטאַמלען — פון וואַנען וויים איך אז דיינע ווערטער זיינען ריכטיגע?

— איך בין געווען אין דעם פּאַלאַץ בעת דו האָסט פאַר דעם קעניג ביידע רויזען געבראַכט... און איך בין אויך געווען דער לעצטער דעם פּאַלאַץ צו פאַר־לאָזען... צו מיינע אויערען האָט זיך נאָך דיין געוויין דערטראָגען, ווען בו ביזט דיין פאָטער אויפ׳ן האַלז געפאַלען.

— און ווי אזוי קען איך זיכער זיין אז דו ביזט צו מיר נישט געשיקט געוואָרען פון קעניג? — האָט זי איהם ווידער געפרעגט.

— דו קענסט זיך נאָכפרעגען ביי די איבריגע מיניסטאָרען... פרעג זיי וואָס איז געוואָרען פון הדורים, און זיי וועלען דיר אלעס דערצעהלען.

— איך גלויב דיר, מיין פריינד! — האָט באַלקים אויסגערופען מיט פרייד — די געטער האָבען דיך צו מיר געשיקט... ווי א געטליכע נביא האָסטו אין מיינע אויגען דערקענט דעם פּלאַם פון נקמה וואָס האָט זיך אנגעצונדען אין מיין הארצען פאַר דעם בלוטיגען מאָרד פון מיין פאָטער און ברידער... יא, היינט איז אבענד קומט פאַר אונזער חתונה, אבער איידער די זון וועט נאָך פארגעהן וועט ער שוין געהן צו מיין פאָטער... און דו, הדורים, קענסט מיר זעהר פיעל העל־פען... וואַרט דאָ... איך וועל דיר ארויסטראָגען די שליסלען פון די געוועהר סקלאַ־דען און ווען איך וועל דיר געבען דעם צייכען, דאַן זאָלסטו עפענען די סקלאַדען פון די געוועהר און אויסרופען: דער קעניג פון כוש איז טויט, לאַנג לעבען זאָל די קעניגין פון שבא! און גלייך זאָלסטו זעהן אז די ענטוואָפענטע ארמעען פון שבא זאָלען צוריק קריגען זייערע וואָפען.

באַלקים האָט ארויסגעבראַכט די שליסלען און זיי איבערגעגעבען צו הדורים, און זי איז שנעל צוריק פערשוואונדען געוואָרען.

דער קעניגליכער פּאַלאַץ אין שבא איז געווען גרייט צו דער חתונה צערע־מאָניע וואָס דאַרף באַלד פאַרקומען צווישען קעניג פון כוש און באַלקיס׳ן.

דער קעניג איז געווען זעהר שטאַרק בערוישט פון דעם וויין וואָס ער האָט די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו טרינקען, און ארומגערינגעלט ביי אלע זיינע מיניסטאָרען און גוטע פריינד האָט ער זיך געלאָזט וואוילגעהן.

א קורצע ווייַלע איידער די חתונה האָט געזאָלט פאַרקומען, האָט מען דעם קעניג אנגעזאָגט אז איינינע פאַרשטעהער פון דער שטאָדט שבא זיינען געקו־מען בעטען דעם קעניג אז ער זאָל זיי ערלויבען צו בעגראָבען דעם ערמאָרדעטען אשכר׳ן, זייער פריהערדיגען קעניג און זיינע פינף זיהן.

ניין! — האָט דער קעניג א געשריי געטהאָן — זאָל מען אשכר׳ס קערפּער ברייגגען אין פּאַלאַץ, זאָל ער אנוועזענד זיין אין דער צייט ווען איך הייראַט זיין טאָכטער, און בלויז דאַן וועט מיין נקמה פאַרפולט ווערען...

מיט טרויעריגע געמיטהער און געבראָכענע הערצער זיינען די פאַרשטעהער אוועק. מיט א פלוך אויף זייערע ליפען האָבען זיי דעם פּאַלאַץ פאַרלאָזען.

— ווער האט זיך דאס געקענט ריכטען, אי די פרינצעסין זאל אזוי זיין גלייכגילטיג צו איהר פאטער'ס טויט ? — האט איינער זיך אפגערופען.

— זי איז פארבלענדעט געווארען פון דער גרויסקייט פון דעם קעניגרייך פון כוש.

— פון דעסטוועגען ווען זי וואלט עס פערלאנגט, וואלט זי ביי איהם גע־ווים געקענט פועל'ן אז ער זאל אם ווייניגסטען ערלויבען צו באגראבען די קער־פערס פון איהר פאטער און איהרע ברידער, — האט נאך איינער געזאגט, — ער האט דאך באלקים'ן אזוי ליעב און ער וואלט זיכער איהר בקשה ניט ענטזאגט.

— דאס אליין איז מיר שווער צו פארשטעהן ווי אזוי זי איז נאך אנטקעגען געקומען און עמפפאנגען חיים גרוים פרייד !.. האבען מיר זיך נישט אריינגע־ווארפען אין קאמפף געגען דעם מעכטיגען קעניג פון כוש, כדי צו בעשיצען דעם כבוד פון אונזער פרינצעסין ? . . .

— און יעצט וועלען מיר אלע דארפען זיין קנעכט צו דעם קעניג פון כוש.

— אויב באלקים וועט ווערען די קעניגין, וועט זי פיעלייכט זעהן צו פאר־רינגערען אונזער יאך, — האט אן אנדערער אויסגעדריקט זיין האפנונג.

— אויב זי איז נישט בעזארגט וועגען איהר אייגענער משפחה, טא וואס וועט איהר קימערען וועגען אינז ? ! — האט נאך איינער געזאגט מיט יאוש.

אזוי איז דאס גאנצע פאלק פון שבא געוועז שטארק פארביטערט געגען דעם קעניג פון כוש און אויך געגען דער פרינצעסין באלקים, אז זיי האבען עס געהאלטען פאר א גרויסע שטראף וואס זיי זיינען געצוואונגען געווארען צוצו־קוקען מיט זייערע אויגען און צו זעהן די הייראט־צערעמאניע פון דעם ברוטא־לישער קעניג פון כוש מיט באלקים'ן.

ביסלעכווייז האט זיך דער עולם גענומען פארזאמלען ארום דעם פאלאץ... יעדער האט מורא געהאט אויסצוריידען אווארט, פיעלייכט וועלען דעם קעניג'ס פריינד זיי דערהערען, און יעדער האט זיך אפילו בעמיהט צו ציינען א פרעה־ליכען פנים, כדי ארונטערצוווארפען פון זיך יעדען חשד...

צווישען עולם, איז ארימע בעטלער־קליידער, האט זיך ארומגעדרעהט דער פארטריבענער מיניסטער, הדורים. ער האט מיט פארשענדע אויגען צוגעקוקט צו אלעם וואס עס קומט פאר. ער האט זיין אויער צוגעניגט צו יעדען געשפרעך. אין זיין קעשענע האט ער געהאלטען די שליסלען פון די געוועהר־סקלאדען... ער האט זיי צו יעדער ויגע אנגעריהרט מיט'ן האנד.. באלד וועט דורכגעפיהרט ווערען די נקמה וואס ער האט געפלאנט... די קלוגע און שעהנע פרינצעסין, וועט זיך באלד מיט איהם אפרעכענען פאר דעם טויט פון איהר פאטער... ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און זיך ארומגעקוקט... יא, דורך יענעם פענ־סטער וועט זי איהב דעם סיגנאל געבען... עס וועט שוין לאנג ניט דויערען.

די מוזיק האט אנגעפאנגען צו שפיעלען... דער פארזאמעלטער עולם ארום האט אנגעשטרענגט זיינע אויגען און געוואלט צוזעהן אלעס וואס עס קומט פאר. דער קעניג האט אנגענומען באלקים'ן פאר'ן האנד און איהר ארויסגעפיהרט אויף דעם באלקאן.

באלקים איז געווען אנגעטהאן אין א וואונדער־שעהן קלייד בעציערט מיט גאלד, און אויפ'ן קאפ האט זי געטראגען די גאלדענע קרוין געפלאסטערט מיט

קאסטבארע שטיינער.. איהר פנים איז געווען בלאס, אבער זי האט זיך שטארק בעמיהט צו זיין לוסטיג און פרעהליך... זי האט ארויפגעצוואונגען א שמייכעל אויף איהרע ליפען... זי האט באמערקט דעם פערזאמעלטען המון וואס איז געווען געמישט פון בירגער פון איהר לאנד און פון דעם לאנד כוש... זי האט געזעהן ווי אלעמענס בליקען זיינען אנגעווענדעט צו איהר... זי האט אויך באמערקט פיעלע בליקען וואס זיינען געווען פול מיט פעראכטונג... פלוצלינג איז איהר דאס הארץ איינגעפאלען.. פון ווייטען האט זי באמערקט ווי מען פיהרט דעם טויטען קערפער פון איהר פאטער... יא, אזוי האט דער קעניג באפוילען... איהרע אויגען האבען איהר אנגעהויבען שווינדלען... איהר קאפ האט זיך גענומען דרעהען... איהר קערפער האט אנגעפאנגען צו ציטערען... אבער זי האט זיך געפאסט מוטה און כח און זי האט באהערשט איהרע געפיהלען.. ניין, דער אויסדרוק פון איהר פנים טאר זי נישט פערראטהען! — האט זי ביי זיך בעשלאסען, און נאך א ברייטערער שמייכעל האט זיך ביי איהר באוויזען.

— זאל מען דעם קערפער פון דעם פריהערדיגען קעניג פון שבא אויפשטעלען פונקט געגענאיבער אונז, — האט דער שכור'ער קעניג אויסגערופען מיט א באפעהל, און זיך פאנאנדערגעלאכט... — מיין באלקים וועט באלד ווערען קעניגין . . . און זי האט נישט ליעב קיין שוואכלינגע און פייגלינגע . . . זי האט ליעב א העלד!... ווי איך, וועלכער האט איינגענומען פיעלע לענדער, וועלכער שניידט מיט זיין שווערד די קעפ פון זיינע שונאים אויף רעכטס און אויף לינקס... נישט ריכטיג, באלקים? !

באלקים האט צוגעשאקעלט מיט איהר קאפ און א שמייכעל געטהאן.

— זאלען די בעכער אנגעפילט ווערען מיט וויין! — האט דער קעניג אויסגערופען, און זאלען אלע טרינקען פאר דעם לעבען און גליק פון זייער נייעם קעניג און זיין פרוי, די פרינצעסין באלקים! . . .

די בעכער זיינען אנגעפילט געווארען... אלע האבען געווארט אויף דעם קעניג, וועלכער האט אנגעפילט באלקים בעכער און נאכהער זיין אייגענעם.. ער האט אויפגעהויבען זיין בעכער און א ווונק געטהאן צו באלקים'ן זי זאל איהם נאכטהאן.

באלקים האט אויך אויפגעהויבען איהר בעכער און ווען דער קעניג האט זיינעם אין גאנצען אויסגעליידיגט, האט זי איהרען בלויז צו די ליפען צוגעטראגען, און אונבאמערקטערהייד אויס'ן בארען אויסגעגאסען.

די יובעל און הורא געשרייען האבען אנגעפילט די לופט.

דער קעניג האט געגעבען א באפעהל, און די טענצערינס פון כוש האבען גענומען טאנצען... זיי האבען זיך געדרעהט און געבויגען לויט דעם ריטם פון דער מוזיק.

— לאנג לעבען זאל אונזער קעניג פון כוש און שבא!

— לאנג לעבען זאל די קעניגין באלקיס!

א היבשע ווייל האט מען נאך געשפיעלט און געטאנצט ארום פאלאץ... דערנאך איז דער קעניג אריין אינעווייניג אנגעהמענדיג באלקים'ן פאר'ן האנד.

— קום מיט מיר, מיין ליעבענדע פרינצעסין! — האט דער שכור'ער קעניג איהר א נעהם געטהאן פאר'ן האנד.. אין פאלאץ האט מען גענומען פראווען די חתונה פון דעם קעניג פון כוש מיט באלקים'ן...

נאך דער צערעמאניע איז דער קעניג ווי א ווילדע צורייצטע חיה צונעלאפען צו באלקיס'ן. ער האט איהר א הויב געטהאן און איינגעגראבען זיין מויל אין איהר האלז.

באלקיס האט איהם מיט א קאלטע האנד גענומען גלעטען איבער זיין קאפ.

— מיין האר, קעניג! — האט זי איהם ארייגערוימט אין אויער, — דער פאלאץ איז דאך פול מיט מענשען און מיט דיינע מיניסטארען און לייב־וועכטער. אין דער יעצטיגער צייט וואלט זיך מיר געוואלט בלייבען בלויז מיט דיר אליין... צו הייליג איז מיין ליעבע צו דיר, דאס מיר זאלען געשטערט ווערען פון זייטיגע מענשען... איך וויל זיך איבערגעבען צו דיר, מיין העלדישען קעניג, מיט מיין גאנץ לייב און לעבען... אבער די אנוועזענהייט פון די זייטיגע מענשען ווען דיזען הייליגען מאמענט פון מיין לעבען פארשוועכען... א, ווי אין מיר האט זיך צופלאקערט א פלאם־פייערדיגע ליעבע צו דיר, מעכטיגער קעניג... איך בין גליקליך וואס די געטער האבען מיך אויסגעוועהלט דיין קעניגין צו זיין... זינט דו האסט מיר דיין גרויסע גבורה באוויזען האסטו מיין הארץ געפאנגען... און יעצט בין איך דיינע. פיהר מיך, א, קעניג, אין דיינע צימערען, לאמיר געניסען פון אונזער ליעבע אונגעשטערט.

דער קעניג האט באלקיס'ן מיט נאך מעהר פייער געקושט און געהאלזט.

— זאלען אלע דעם פאלאץ פארלאזען! — האט ער א בעפעהל געגעבען, — איך וויל בלייבען מיט מיין קעניגין אליין אונגעשטערט.

די מיניסטארען האבען פריהער גענומען לאנגזאם פארלאזען דעם פאלאץ... אבער די לייבוועכטער זיינען נאך פארבליבען אויף זייערע פלעצער...

— פארוואס פארלאזט איהר נישט דעם פאלאץ, איהר אומריינע הינט!! — האט דער קעניג אויף זיי א געשריי געטהאן מיט א דונערנדע שטימע — ארויס פון פאלאץ! איך וויל פון קיי.עם פון אייך נישט געשטערט זיין... מיין קעניגין איז מיט מיר און איך דארף אייך יעצט קיינעם ניט.

די לייבוועכטער האבען גלייך פארלאזען דעם פאלאץ.

— יעצט, מיין ליעבע באלקיס, זיינען מירביידע אליין.. קיינער וועט אונז נישט וואגען צו שטערען... דו וועסט מיר א יורש געבוירען וועלכער וועט איינעהמען די גאנצע וועלט, וועלכער וועט זיין אזוי קלוג ווי שלמה המלך...

—איז טאקע ווירקליך דער קעניג פון ישראל זעהר קלוג? — האט איהם באלקיס געפרעגט, זוכענדיג וואס לענגער צו פארציהען א געשפרעך מיט איהם.

— יא, שלמה איז דער קליגסטער קעניג פון דער וועלט און איך בין דער שטארקסטער קעניג... און ווען איך וועל פארמעסטען מיין פויסט מיט זיין חכמה, ווער דענקסטו וועט זיעגען?

— געווים דו! מיין האר קעניג! — האט ;יהם באלקיס געענטפערט מיט א קוש, — די מאכט פון שווערד איז שטארקער ווי די מאכט פון צונג!

— און איך וועל דיר נאך צייגען אז איך וועל מיט דיר זיצען אויף דעם נייעם טראהן וואס דער קעניג שלמה האט נישט לאנג געבויט, — האט ער זיך אפגערופען.

— עס איז גאר ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז דו וועסט דיינע ווערטער

ערפילען... יעצט זעה איך אז יעדעס ווארט וואס קומט פון דיין מויל ארוים איז הייליג...

-- מיט דיר אלס מלכה וועל איך יעצט זעהן צו בעהערשען די גאנצע וועלט! — האט ער איהר גענומען דריקען צו זיך.

— איך בין זעהר גליקליך דאס איך בין די אורזאכע וואס וועט דיר באוועגען ארויסצואווייזען מעהר העלדישקייט, — האט באלקים אנגעפילט די בעכער מיט שטארקען ווייז. — לאמיר טרינקען פאר אונזער גליק! — האט זי געזאגט, און איהם דערלאנגט דעם בעכער.

-- איך טרינק פאר דעם גרעסטען נצחון וואס איך האב ווען עס איז אבגעהאלטען, ווען איך האב דיר פאר זיך געקראגען!

ער האט שנעל אויסגעליידיגט דעם בעכער.

-- און יעצט לאמיר טרינקען פאר דיין פארגרעסערטע מלוכה! — האט זי ווידער אנגעפילט זיין בעכער.

דער קעניג האט איז זיך גענאסען איין בעכער ווייז נאכ'ן צווייטען... באלקים האט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין שוים און איהם געגלעט און געצערטעלט. ער איז שוין געווארען גוט שכור, זיינע ווערטער האבען זיך שוין נישט געקלעפט איינער צום צווייטען... זיין צונג האט זיך איהם גענומען פלאנטערען.

באלקים איז ארונטער פון זיין שוים... זי האט איהם אנגענומען פאר'ן האנד און אויסגערופען:

— דו ביזט שוין שטארק מיעד, מיין האר קעניג, יעצט איז געקומען די צייט וואס מיר זאלען זיך ביידע אויסרוהען... קום, מיין ליעבער, מיין הארציגער... דער שלאפצימער איז גרייט... די בעט אויסגעבעט... קום!...

— ווי זיס דיינע ליפען זיינען... דיינע אויגען ווי צוויי ליכטיגע שטערען... און דיינע ע... ע... — ער האט אנגעהויבען צו שטאמלען... קום, געליעבטע!... מיין מיעדער קאפ וועט געפינען רוהה אין דיין בוזעם...

באלקים האט איהם אריינגעפיהרט אין שלאף־צימער. זי האט פון איהם ארונטערגענומען די קרוין מיט די שווערד... מיעד און שכור איז ער געווען... און איידער ער האט נאך באוויזען אראפצוציהען פון זיך זיינע קליידער איז ער איינשלאפען געווארען.

באלקים איז א ווייל געשטאנען נעבען דעם בראפענדען קעניג... זי האט געהערט זיין שווערען כראפען... אין איהרע אויגען האט זיך א פלאם־פייער אנגעצונדען... א פלאם פון נקמה...

— דו אכזר'ישער מערדער! — האבען איהרע ליפען געשעפטשעט, — דו האסט מיט אזא גרויזאמקייט געטויטעט מיין פאטער... מיינע ברידער... און געמיינט האסטו אז איך וועל זיין דיין רויב...

זי איז שטילערהייד צוגעגאנגען צו דעם פלאץ וואו זיין שווערד איז געלעגען און עס פון דער שייד ארויסגעצויגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין א ווייל ארום איז זי געשטאנען מיט דעם קאפ פון דעם קעניג אין איהר האנד נעבען דעם פענסטער.

און פלוצים האט זיך געהערט הדורים'ס הונגערנדע שטימע:

— לאנג לעבען זאל די קעניגין פון שבא!

דער עולם וועלכער האט זיך שויז געהאלטען ביים צוגעהן, האט זיך ווי אויפגעכאפט פון שלאף און גענומען זיך ארומקוקען.

— איהר, בירגער פון שבא, נעהמט זיך צו די וואפען! — האט הדורים נאך העכער געשריען, און ארויסגענומען די שליסלען פון זיין קעשענע.

דער המון איז נאך אלץ געבליבען שטעהן באוועגלאז. זיי האבען געקוקט אויף דעם "ארימען בעטלער" און האבען געדענקט אז ער איז פון זיינע גע־ריהרט געווארען.

— פאר וואס שטעהט א הר, איהר געטרייע דיענער פון קעניג אשכר!.. יעצט איז אייער צייט... די שטונדע פון נקמה איז געקומען... קוקט אויבען!

— האט ער אנגעוויזען מיט זיין האנד אויף דעם פענסטער וואו באלקים איז געשטאנען...

אלע האבען אויפגעהויבען זייערע אויגען, און ווי ערשטוינט זיינען זיי געווארען צו זעהן ווי זייער בעליעבטע פרינצעסין באלקים שטעהט נעבען פענ־סטר און האלט דעם קאפ פון קעניג כוש אין איהרע הענד...

— צו די וואפען! צו די וואפען! — האט הדורים אויסגעשריען, און אויפגעעפענט די סקלאדען פון געוועהר.

דער המון איז שנעל צו זיך געקומען. יעדער האט פארשטאנען וואס זייער קלוגע פרינצעסין האט דא אפגעטהאן... יא.. זי האט נקמה גענומען פאר איהר פאטער און איהרע ברידער... זי האט געטויטעט דעם קעניג פון כוש... בליץ שנעל האבען זיך די געטרייע בירגער פון שבא א ווארף געטהאן צו די סקלאדען פון געוועהר.

די מיניסטארען און לייבוועכטער פון דעם קעניג פון כוש זיינען צוטומעלט געווארען פון די געשרייען.

— וואס איז דא, אמרירה?! — האט איינער פון די מיניסטארען זיך אפגערופען, — זייט גרייט מיט וואפען! — האבען אנדערע אויסגעשריען.

באלד האט זיי איינער אנגעוויזען אויף'ן פענסטער, און זיי האבען מיט א געשריי פון יאוש און פארצווייפלונג אויסגערופען:

— אונזער קעניג איז טויט! מיר זיינען פארלארען!!!

זיי האבען גענומען לויפען אין פארשידענע ריכטונגען אין ווילדען פאניק.

צווישען די באוואפענטע בירגער פון שבא און די ארמעע פון כוש האט אויסגעבראכען א מלחמה... פיעלע פון די סאלדאטען האבען גארנישט געוואוסט וואס דא איז פארגעקומען... זיי האבען געדענקט אז איינינע בירגער פון שבא האבען געמאכט א פארזוך כורר צו זיין אין זייער קעניג, און זיי האבען דאריבער זיך גענומען צו זייער געוועהר.

פלוצלינג אבער האט זיך באוויזען באלקים רייטענדיג אויף א פערד... אין איהר לינקע האנד האט זי געהאלטען א פאקעל פון פייער און אין איהר רעכטער האנד אויף א שפיעז, האט זי געהאלטען דעם קאפ פון דעם קעניג פון כוש...

באלד ווי די סאלדאטען פון כוש האבען דערזעהען אז זייער קעניג איז טויט, האבען זיי אוועקגעווארפען זייער געוועהר און זיך צולאפען.

באלקים איז שנעל דורכגעלאפען איבער'ן שטאדט מיט דעם קאפ פון קעניג... נאך איהר איז געריטען הדורים און האט אויס-געשריען:

— לאנג לעבען זאל די מלכה פון שבא!

א גאנצע נאכט האט געדויערט צו באוואפנען אלע איינוואוהנער פון שבא... און ווי נאר עס האט אנגעהויבען צו טאגען, האט באלקים, די קעניגין פון שבא, געפיהרט איהרע ארמעען נאך כוש.

קיין גרויסען ווידערשטאנד האט די יונגע קעניגין אויפ'ן וועג נישט באגע־גענט... ווי נאר די ארמעען האבען אויסגעפונען אז זייער קעניג איז טויט האבען זיי זיך אונטערגעגעבען... אזוי איז די גאנצע מדינה פון כוש געפאלען אונטער דער הערשאפט פון דער שעהנער און קלוגער קעניגין באלקים.

מיט גרויס נצחון און מיט שאלען פון יובעל און פרייד האט באלקים ארייג־געמארשירט אין די הויפט־שטאדט פון כוש, וואו זי איז באלד געקרוינט גע־ווארען אלס קעניגין.

באלקים האט הדורים'ן בעשטימט פאר איהר הויפט מיניסטער, און פיעלע פון איהרע איבערגעבענע פריינד פון שבא האט זי בעשטימט אלס די גובערנא־טארען פון די איינגענומענע שטעדט.

מיט דעם קרוין פון נצחון האט זיך באלקים צוריקגעקעהרט אין שבא, וואו זי איז יעצט געקרוינט געווארען מיט גרויס שמחה און פאראד...

יעצט האבען אלע פארשטאנען ווי קלוג און בראוו זייער פרינצעסין איז געווען!... זי האט אלעס פאראויסגעזעהן און אויסגערעכענט... זי האט איהם עמפפאנגען מיט זיסע און קלוגע רייד, אבער דורך דער גאנצער צייט האט איז איהר געברענט דאס פייער פון נקמה... ביז יואנען זי האט עס פארלאשען דורך דעם בלוט פון דעם טיראנישען קעניג.

ווי באלקים איז געווארען די קעניגין פון שבא, האט זי גענומען איינפיהרען א סדר אין לאנד. זי האט באפרייט אלע קליינע מלוכות וועמען דער קעניג פון כוש האט איינגענומען און פארשקלאפט... זי האט צוריקגעקעהרט די קרוינען צו די קעניגע און זי האט געזעהן צו לעבען מיט זיי בשלום.

אויס דאנקבארקייט האבען אלע קעניגע געבראכט פאר דער מלכה פון שבא א יעהרליכע מתנה און איהר נאמען איז בעריהמט געווארען אין אלע ארומיגע לענדער.

אזוי זיינען פאראיבער רוהיגע שטילע יאהרען. די מלכה שבא האט מיט גערעכטיגקייט רעגיערט איבער'ן לאנד. פיעלע קעניגע וועלכע האבען געהערט פון איהר שעהנקייט און קלוגשאפט זיינען געקומען איהר בעזוכען און האבען געוואלט מיט איהר הייראטען, אבער זי האט געזאגט, אז זי וועט הייראטען נאר מיט יענעם קעניג וועלכער וועט וויסען ווי צו ענטפערען אויף אלע איהרע רע־טענישען און פראגען... און דאריבער טאקע האט זיך יעדער קעניג אומגעקעהרט אין זיין לאנד אן ענטטוישטער.

נאך אייניגע יאהר זיינען פאראיבער און די מלכה שבא איז נאך אלץ גע־בליבען אונפערהייראט.

יעדען יאהר ווען עס איז געקומען דער טאג וואס באלקים האט אזוי וואונדערליך דורכגעפיהרט איהר נקמה אן דעם אכזר'ישען קעניג פון כוש, האט דאס פאלק געפייערט מיט גרויס פאראד...

די קעניגין איז וואס ווייטער מעהר בעליעבט געווארען ביים פאלק, ווייל זינט זי איז ארויף אויפ'ן טראהן, איז שבא געבענשט געווארען מיט רייכטום.

פיעלע סוחרים פלעגען אנקומען מיט ווייטע שיפען אין דעם האפען פון שבא וואס איז געלעגען אויף דעם ים־סוף. זיי פלעגען טהאן מסחר מיט שבא־ זיי פלעגען זיך בייטען מיט סחורות... די מלכת שבא פלעגט זיי אלעמען זעהר פיין אויפנעהמען. פיעלע פון זיי פלעגט זי אויספרעגען פון זייער סארט לעבן פון די מנהגים און פון אלעס וואס זיי האבען געהערט איבער דער וועלט. איבער הויפט האט די מלכת שבא ליעב געהאט זיך נאכצופרעגען וועגען דעם גרויסן קלוגען קעניג שלמה.

זי האט זעהר פיעל געהערט פון דער חכמה און גרויסקייט פון דעם קעניג פון ישראל... זי האט אזוי פיעל געהערט, אז פיעלע זאכען האט זיך איהר אפילו נישט געוואלט גלויבען. איהר האט זיך געדוכט אז די מענשען וועלכע ריידען וועגען שלמה המלך איבערטרייבען זעהר פיעל.

איינמאל האט מען אנגעזאגט דער קעניגין אז אין האפען איז נאר וואס אנגעקומען א שיף פון שלמה המלך, און דארטען געפינען זיך פיעלע פון שלמה'ס קנעכט.

באלקיס האט גלייך געהייסען איינשפאנען איהר קארעטע און איז גלייך געפאהרען צום האפען כדי אליין מיט איהרע אויגען צו זעהן די שיף און די מענשען וועלכע קומען אן פון ארץ ישראל.

באלקיס האט בעטראכט די שיף און זי איז שטארק ענטציקט געווארען פון דער קינסטליכקייט ווי אזוי די שיף איז געבויט געווארען.

זי האט אלע קנעכט פון שלמה'ן איינגעלאדען צו זיך אין פאלאץ וואו זי האט זיי זעהר פיין אויפגענומען. זי האט פאר זיי א פיינעם מאלצייט געמאכט און בעת דער סעודה האט זי זיי גענומען אויספרעגען וועגען זייער קעניג שלמה.

איז דאס ריכטיג? — האט זי זיי געפרעגט דאס וואס איך האב געהערט דערצעהלען וועגען אייער קעניג, אז ער איז דער קליגסטער קעניג איבער דער גאנצער וועלט?

— עס איז ריכטיג, מעכטיגע קעניגען פון שבא! — האט זיך איינער פון די געסט אפגערופען, — גאט האט געבענשט דאס פאלק ישראל מיט א קעניג מיט וועמען די גאנצע וועלט איז שטאלץ. צו זיין חכמה און פארשטאנד איז היין גרענעץ ניטא... ער האט אויסגעבויט א בית המקדש איז ער איינער פון די גרעסטע וואונדער פון דער וועלט, און ווער עס האט דעם פראכטפאלען בית המקדש ניט געזעהן, יענער יזעט קיינמאל ניט קענען אפשאצען די גרויסקייט פון אונזער קעניג... יא... גנעדיגע קעניגין, פיעלע פון זיינע חכמות איז מעגליך איבערצוגעבען און דערצעהלען, אבער איבערצוגעבען די פרעכטיגקייט און די שעהנקייט פון בית המקדש, די גאונות און די קונסט וואס ער האט אריינגעטהאן אין זיין בעריהמטען טראהן און פאלאץ, איז אונמעגליך, ביז וואנען מען זעהט אליין נישט מיט די אייגענע אויגען.

— און פיעלייכט וועסטו מיר קענען איבערדערצעהלען אייניגע פון שלמה'ס חכמות? — האט באלקיס זיך צו איהם אפגערופען.

— געוויס, מיין גנעדיגע קעניגין! — האט ער געענטפערט, — אבער די

חכמות פון שלמה'ן זיינען פאראן אזוי פיעל אז איך ווייס ניט פון וועלכע אנצופאנגען.

— דערצעהל מיר פון דער ערשטער חכמה וואס שלמה האט ארויסגעוויזען און וואס האט איהם געמאכט אזוי בעריהמט.

— די ערשטע חכמה, — האט דער גאסט אויסגערופען מיט א שמייכעל, — יא, דאס איז פאָרגעקומען גלייך ווי ער איז נאר וואס קעניג געווארען... צוויי פרויען זיינען געקומען צו איהם מיט א קינד...

דער גאסט האט איהר איבערגעגעבען אלע איינצעלהייטען, און ווי אזוי ער האט ענדליך אויסגעפונען די ריכטיגע מוטער... און ער האט צוגעגעבען, — יא, דער זוהן פון יענער מוטער געפינט זיך נאך יעצט אין פאלאץ. ער האט זיך אויפגעהארעוועט די גאנצע צייט אונטער דעם אויפזיכט פון קעניג שלמה. ער איז שוין יעצט ארום צוואנציג יאהר... און זיין מוטער איז זעהר גליקליך, און זי בענשט דעם קעניג יעדע׳ טאג וואס ער האט מיט זיין גרויסער חכמה באווייזען צו טהאן גערעכטיגקייט צו איהר און צו איהר קינד.

נאכדעם האט דער גאסט איהר דערצעהלט די חכמה וואס שלמה האט ארויסגעוויזען צו פרעה'ן, דעם קעניג פון מצרים, ווען ער האט איהם געשיקט גוסס'ע ארבייטער און ווי אזוי שלמה האט איהם געענטפערט. אויך די מעשה מיט די דריי ברידער וועלכע זיינען געקומען פרעגען עצות ביי שלמה'ן, האט ער איהר דערצעהלט. און אפילו וועגען דעם לעצטען משפט מיט דעם דימענט אין דעם שטעקען, האט ער איהר אויך איבערגעגעבען.

— ווי איך זעה! — האט די מלכה שבא אויסגערופען, — האט מען טאקע נישט מגזם געווען ווען מען האט מיר דערצעהלט וועגען דעם וואונדערבארען קעניג שלמה. איך מוז פאהרען צו איהם און אלעס אליין צוזעהן מיט מיינע אייגענע און הערען מיט מיינע אויערען.

א יאהר צייט האט געדויערט דאס צוגרייטען פון מלכת שבא צו דער גרויסער רייזע פון איהר לאנד קיין ירושלים... דאס גאנצע לאנד האט מיט גרויס נייגיריגקייט געקוקט אויף דער גרויסער געשעהענים... באלקיס איז ביי זיי זעהר שטארק בעליעבט געווען און כאטש זיי האבען געוואוסט אז דער באזוך וואס זי געהט מאכען צו שלמה'ן וועט געדויערען אייניגע יאהר, זיינען זיי דאך געווען שטארק צופריעדען, ווייל זיי זיינען געווען זיכער אז אין שלמה'ן וועט זייער קעניגין געפינען דעם ריכטיגען קלוגען קעניג וועלכער וועט וויסען ווי איהר צו ענטפערען אויף אלע פראגען... און דאן פיעלייכט וועט זי איינשטימען צו הייראטען מיט איהם... ווייל שטארק בעזארגט איז געווען דאס פאלק פון שבא וואס זייער קעניגין קען נישט געפינען א מאן וועלכער זאל זיין קלוג גענוג, ער זאל איהר ווערטה זיין.

יעדער פרינץ און קעניג וואס פלעגט קומען זוכען די האנט פון באלקיס'ן, האט זיך אומגעקעהרט צו זיין לאנד מיט גרויס שאנדע, ווייל קיינער האט נישט געוואוסט צו געבען די ריכטיגע אנטווארטען אויף אלע איהרע רעטענישען וואס זי פלעגט זיי פרעגען...

ביסלעכווייז האט דאס פאלק אנגעהויבען צו זארגען, אז זייער שעהנע און קלוגע קעניגין וועט זיי נישט איבערלאזען קיין יורשים אויף איהר טראהן,

און דעריבער ווען די נייעס איז בעוואוסט געווארען אז באלקיס רייזט אפ נאך ירושלים, צו דעם קעניג שלמה, איז ביי אלעמען די האפענונג פערשטארקט געווארען, דאס זייער קעניגין וועט פיעלייכט חתונה האבען.

באלקיס האט בעשטימט צו הערשען איבער׳ן לאנד, דורך איהר אבוועזענ־הייט, איהר געטרייען מיניסטער הדורים, וועלכער האט איהר געהאלפען אין איהר נקמה פלאן געגען דעם קעניג פון כוש...

דער טאג פון איהר אפפאהרען איז געקומען, אלע איינוואהנער פון שבא זיינען ארויסגעקומען זיך געזעגנען מיט איהר יעדער האט מיטגעבראכט טייערע מתנות פאר דער קעניגין. און באלקיס האט אלעס אנגעלאדען אויף איהרע קעמלען, און מיטגענומענדיג אונשאצבארע געשאנקען פאר דעם קעניג שלמה, האט זי, מיט א גרויסע ארמעע און אין בעגלייטונג פון איהרע מיניסטארען, הארען, און קנעכט און דיענסטען, זיך אוועקגעלאזען אין וועג נאך ירושלים.

זיבעצעהנטער קאפיטעל

## מלכת שבא אין ירושלים

מאנאטען לאנג האט די רייזע געדויערט... באלקיס און איהרע בעגלייטער האבען געראפט דורכמאכען מדבריות, קלעטערען אויף בערג און ניעדערען אין טהאלען... די רייזע איז געווען זעהר א שווערע, און פיעלע פון איהרע נא־הענטע האבען גענומען צווייפלען אויב עס האט זיך געלוינט אונטערצונעמען אזא רייזע.

— עס איז מעגליך אז דער קעניג שלמה איז גארנישט אזוי גרויס אין חכמה! — האט איינער פון איהרע מיניסטארען וועלכע זיינען מיט איהר מיט־געררייזט, זיך אפגערופען, איינמאל ווען זיי האבען זיך אפגערוהט אין דער מדבר — יע, עס איז מעגליך אז די מענשען וועלכע זעהן שלמה׳ן און הערען זיינע חכמות, זיינען א סך מגזם...

— דאס וואלט געווען צו ערווארטען בלויז פון שלמה׳ס קנעכט, אז זיי זאלען איבערטרייבען די גרויסקייט און די קלוגשאפט פון זייער קעניג, איך האב אבער געהערט די זעלבע זאך אויך פון פרעמדע מענשען! — האט באלקיס איהם געענטפערט.

— פון דערוויטענס שיינט אלעס צו זיין שעהנער און פרעכטיג? ווי איז דער ווירקליכקייט! — האט ער איהר געענטפערט — ווען די פרעמדע קומען בעזוכען שלמה׳ן אויף א קורצע צייט דוכט זי אוים, אז יעדעס ווארט וואס שלמה זאגט איז קלוג און יעדער טהאט וואס ער טהוט — איז גרויס... אבער איך האב מורא, גנעדיגע קעניגין אז ווען דו וועסט אנקומען אין ירושלים, און מיט דיינע אויגען צוזעהן אלעס וואס טוט זיך און דיינע אויערען וועלען הערען שלמה׳ס רייד, וועסטו זיכער זיין שטארק ענטוישט, דו וועסט זיך ארומזעהן אז עס האט זיך נישט געלוינט צו מאכען אזא געפעהרליכע רייזע... צו ליידען פון די שרעקליכע היץ אין דער מדבר, צו קלעטערען בערג און דורכצומאכען אלערליי שוועריגקייטען.

— דו מאכסט מיין הארץ שווער! — האט באלקיס זיך אפגערופען, דער צווייפעל האט זיך שוין אויך אין מיר אריינגע׳גנב׳עט...

— מיין עצה איז דעריבער מיר זאלען זיך בעסער אומקעהרען אחיים, דאן וועט פיעלייכט דיין ענטוישונג נישט זיין אזוי גרויס: מיר האבען בלויז דורך געמאכט איין צעהנטעל פון וועג, און עס וואלט זיך פאר אונז בעסער געלוינט יעצט זיך צוריקצוקעהרען...

— ניין! — האט באלקיס אויסגערופען — ווען די קעניגין פון שבא נעמט זיך אונטער עטוואס צו טהאן, גיעט זי נישט אויף, ביז וואנען זי פיהרט אלעם ערפאלגרייך דורך... און אויסער דעם, פון די הכמות און קלוגע משפטים וואס איך האב געהערט דערצעהלען פון שלמה'ן, בין איך איבערציינט אז ער מוז ווירקליך זיין א קלוגער מאן. און דעריבער איז כדאי אלעם וואס מיר טוען. כדי אנצוקוקען דעם וואונדערבארען קעניג...

אין איינינע טעג ארום זיינען זיי צוגעקומען צו זעהר א גרויסען מדבר. די קעניגין האט פארזאגט זיך צוצוגרייטען מיט פיעל פרישע וואסער און שפייז איידער זיי טרעטען אריין אין דעם מדבר.

— ווי מיר וועלען אריבערקומען דיזען געפעהרליכען מדבר וועלען מיר שוין כמעט האבען אונזער צוועק ערריכט! — האט זי געזאגט.

זי האט פאנאנדערגעשיקט איהרע מענשען איבער די פערשיעדענע שטעדט און דערפער, וואו זיי האבען אויפגעקויפט גענוג שפייז... זיי האבען אנגעשעפט גענוג פרישען וואסער פון די ברונימער פון וועג און זיי האבען זיך צוגעגרייט דורכצוואוואנדערען דעם געפעהרליכען מדבר.

דער טאג איז געווען זעהר א הייסער. די זון פון מדבר האט געברענט אונ'רחמנות'דיג... שטונדען לאנג האבען זי די קעמלען געשלעפט איבער דעם ברענענדעי זאמד, און איהרע דיענער וועלכע זיינען געווען בעהאוועגט מיט דעם מדבר, האבען געריטען פאראוים אויף זייערע קעמלען... און פלוצלינג האבען זיי אומגעדרעהט זייערע פנים'ער און מיט גרויס שרעק אויסגערופען:

— אונזער גנעדיגע קעניגין! מיר זיינען אין גרויס געפאהר. א זאמד־שטורעם קומט באלד אן פון מזרח זאלען זיך אלע ווענדען מיט זייערע פנים'ער צו מערב... זאל מען פארבינדען די אויגען און ווארטען אויף די קעמלען ביז וואנען דער געפאהר וועט פאריבער געהן.

טויט בלאס און צושראקענע זיינען אלע געבליבען ווען זיי האבען געהערט דיזע שרעקליכע נייעס. די וועלכע זיינען שוין געווען בעקאנט מיט דער סכנה וואס שטעקט אין א זאמד שטורעם אין דער מדבר, זיינען נאך מעהר צושראקען געווארען.

די ערשטע זאך וואס זיי האבען געטהאן איז פלינק צונויפצושטעלען דעם געצעלט פאר זייער קעניגין. זיי האבען אויך פרובירט אוועקשטעלען א הויכע וואנד, צו בעשיצען איהר געצעלט פון דעם זאמד שטורעם, אבער די מעהר ערפאהרענדע רייזענדע האבען געווארענט געגען דעם.

— דער זאמד־שטורעם איז אזוי מעכטיג אז ער וועט זיכער אומווארפען די שטארקסטע וואנט און דאס קען נאך צושעדיגען דעם געצעלט.

— מיר וועלען זיך אלע ארומשטעלען ארום דעם געצעלט פון אונזער קעניגין און זעהן איהר צו בעשיצען מיט אונזערע קערפערס! — האבען איינינע פארגעשלאגען.

— איך וועל אין דעם געצעלט נישט אריינגעהן! — האט די קעניגין אויסגערופען — איך וויל בעגעגענען דעם געפאהר מיט דעם זעלבען מוטה ווי איהר. מיינע געטרייע דיענער טהוען עס. מיר וועלען טהאן ווי אונזערע ערפאהרענע מיטרייזענדע ראטהען אונז, און זאל דער גאט פון שלמה'ן אונז בעשיצען פון אלע אומגליקען!

די קעניגין האט זיך גלייך אומגעקעהרט צו מערב, מען האט איהר גוט צוגעבונדען צו איהר קעמעל און זי האט ארומגעוויקעלט איהר פנים מיט א דיקען שלייער. אלע האבען איהר נאכגעטהאן און זיי זיינען געבליבען אויף זייערע קעמלען.

עס האט לאנג נישט געדויערט און ווירקליך איז דער זאמד שטורעם אנגעקומען... גאנצע וואלקענס פון זאמד האבען זיך געטראגען דורכ'ן מדבר... עס האט געפייפט און געשטורעמט... דער זאמד האט זיך געדרעהט ווי א געווירבעל...

עס האט זיך געהערט פערשטיקטע געשרייען פון פיעלע פון באלקיס'עס סאלדאטען... דאס זאמד האט שוין דערגרייכט ביז'ן האלדז... יעדער רגע האבען זיך די קעמלען אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און געזוכט ארויסצווארפען דעם זאמד פון זיך, באלד אבער זיינען זיי ווידער פערשאטען געווארען מיט זאמד... פלוצלונג איז אלעס ארום שטיל געווארען. באלקיס האט שוין געמיינט אז איהר גאנצע סוויטע זיינען לעבעדיגערהייט בעגראבען געווארען אין זאמד... זי האט שנעל ארונטערגעריסען איהר שלייער פון איהר פנים זיך אפגעטרייסעלט פון זאמד און זי האט באמערקט אז דער שטורעם האט זיך איינגעשטילט אבער אלע איהרע בעגלייטער ליגען איינגעגראבען מיט די פנימ'ער אין זאמד.

זי איז ארונטער פון איהר קעמעל און האט גענומען אויסרופען.

— דער געפאהר איז פאריבער! שטעהט אויף! באלד האבען זיך איינינע גענומען בעוועגען. זיי האבען אויפגעהויבען זייערע קעפ און ווען זיי האבען בעמערקט זייער קעניגין, האבען זיי זיך שנעל אויפגעשטעלט... ביסלעכווייז האבען זיך די איבעריגע גענומען אויפהויבען און אווילע שפעטער זיינען שוין במעט אלע זיך אויפגעשטעלט.

— די קעניגין האט געהייסען איבערצעהלען איהר ארמעע און זיי האבען גלייך אויסגעפונען אז איינינע פון זיי פעהלען.

מען האט גיך גענומען גראבען דעם זאמד פון ארום, און געפונען די פערלארענע סאלדאטען ליגענדיג בעגראבען אין זאמד האלב טויטע מען האט זיי אויפגעמינטערט, און זיי גלייך געגעבען פרישען וואסער צום טרינקען.

— געלויבט איז דער גאט פון שלמה'ן! — האט די קעניגין אויסגערופען, ווען זי האט זיך איבערצייגט אז קיינער פון איהרע דינער פעהלען נישט — ער האט אונז ארויסגענומען פון דיזען שרעקליכען געפאהר און איך האף אז ער וועט אונז דורכפיהרען דיזען געפעהרליכען מדבר בשלום, ווי ער האט עס געטהאן צו שלמה'ס אורעלטערען, ווען ער האט זיי בעפרייט פון מצרים.

איינינע שטונדען נאכדעם האבען זיי גערוהט... זיי האבען געגעסען און געטרונקען און נאכהער האבען זיי זיך ווידער גענומען צום וואנדערען.

ווען זיי זיינען שוין כמעט געווען ביים סוף פון מדבר, איז זיי ווידער אויסגעקומען דורכצומאכען א גרויס געפאהר: די רייטער וועלכע האבען געריטען

פאראוים, האבען בעמערקט אז א ווילדער וואנדערער שבט קומט זיי ענטקעגען.

זיי האבען גלייך געמאלדען די קעניגין, און באלקים האט בעפוילען איהר ארמעע צו זיין געגרייט. די סאלדאטען און אפיציערען, האבען זיך גלייך גענומען צו זייערע וואפען, די קעניגין איז געגאנגען פאראוים.

— איך וועל זעהן פריהער דורכצוקומען מיט זיי בשלום — האט די קעניגין זיך אפגערופען — איך וויל זיך אויסהיטען, ווי ווייט מעגליך, פון בלוט־פער־גיסונג, אויף מיין וועג צו שלמה׳ן, אויף וועמען מען זאגט אז ער איז א קעניג פון שלום... אבער ווען דאס וועט אוממעגליך זיין, דאן וועלען מיר מוזען קעמפפען...

ווען דער ווילדער שבט האט זיך געהאט דערנעהנטערט, איז דער קעניג ארונטער פון זיין קעמעל און צוגעגאנגען צו באלקיס׳ן. ער איז ערשטוינט גע־ווארען פון איהר שעהנקייט... ער האט גלייך בעמערקט די פיעלע רייכטהום וואס זי און איהרע מענשען פיהרען מיט און ער האט זיך אפגערופען:

— איך בין דער קעניג פון מדבר, דו געפינסט זיך יעצט אין מיין רשות... און דו דארפסט טהאן אלעס וואס איך פערלאנג פון דיר.

— גרויסע און מעכטיגע קעניגע זיינען צו מיר געקומען און האבען פון מיר פערלאנגט איין זאך... איך האב צוגעשטימט צו טהאן זייער פערלאנג אויב זיי וועלען קענען נאכקומען אלע מיינע בעדינגונגען. זיי האבען צוגעשטימט, אבער ווען עס איז געקומען דורכצופיהרען די בעדינגונגען — האבען זיי זיך אפגעטראגען אין צייט — האט באלקים מיט א שמייכעל געזאגט — און יעצט לאמיר הערען דיין פערלאנג!

— איך פערלאנג אז דו זאלסט ווערען די קעניגין פון מדבר! יע, איך וויל אז דו זאלסט מיין פרוי ווערען...

— דיין פערלאנג איז דערזעלבער ווי דער פערלאנג פון די פריהערדיגע קעניגען! — האט באלקים געזאגט — און יעצט אויב דו וועסט קענען נאכ־קומען מיינע בעדינגונגען וועל איך דיין פערלאנג ערפילען. ווילסטו איינגעהן אויף דעם...

— גוט! — האט דער קעניג א שמייכעל געטהאן — איך נעהם אן דיינע בעדינגונגען איידער איך האב זיי נאך געהערט...

— איך וועל דיר פרעגען דריי פראגען און אויב דו וועסט האבען די מעג־ליכקייט מיר זיי צו ענטפערען, וועסטו מיר פארשפארען מיין ווייטערדיגע רייזע, און איך וועל טאהן דיין פערלאנג און ווערען דיין פרוי... אבער אויב דו וועסט דורכפאלען אפילו מיט איין פראגע, דאן דארפסטו זיך געהן דיין וועג... שטימסטו איין דערצו?

— איך שטים איין! — האט דער קעניג געענטפערט.

— איידער איך געה דיר פרעגען, וויל איך דיר אבער נאך אמאל ווארענען אז טאמער וועסטו נישט וועלען נאכקומען די בעדינגונגען, וועט דיין ענדע זיין א ביטערע. ווייל דער קעניג פון כוש האט שוין מיט זיין לעבען בעצאהלט, דער־פאר ווייל ער האט נישט געוואלט צוגעבען דאס ער איז באזיעגט.

— איך בין נאך ביז אהער קיינמאל נישט בעזיעגט געווארען! — האט דער קעניג פון מדבר געענטפערט מיט שטאלץ...

— דען מוזטו זעהן יעצט נישט צו באזיעגט ווערען פון א פרוי — האט באלקיס אויסגערופען.

— פרעג דיינע פראגען, ווייל איך בין זעהר אומגעדולדיג! — האט ער אויסגערופען.

— ווער איז דער קליגסטער קעניג פון דער גאנצער וועלט? — האט איהם באלקיס געפרעגט.

— דער קליגסטער קעניג, בין איך! — האט ער גלייך געענטפערט.

— יעצט אז דו ווערסט מיר וויסען ווי צו ענטפערען אויף די איבעריגע צוויי פראגען, וועל איך וויסען אז אויך דיין ערשטער ענטפער איז א ריכטיגער!

— האט באלקיס א שמייכעל געטהאן.

זי האט איהם געפרעגט נאך א רעטעניש און דער קעניג פון ווילדען שבט האט איהר אנגעקוקט און ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען...

— יעצט אז דו קענסט נישט ענטפערען מיין צווייטע פראגע, צייגט מיר אז דיין ערשטער ענטפער איז אויך נישט געווען קיין ריכטיגער...

— אויב אזוי, טו ווער איז לויט דיין מיינונג דער קליגסטער קעניג פון דער וועלט? — האט ער איהר געפרעגט...

— לויט ווי איך האב געהערט איז עס שלמה דער קעניג פון ישראל! — האט זי געענטפערט.

דער ווילדער קעניג האט זיך א קראץ געטהאן אין קאפ... עס איז אמת, ער האט טאקע אויך געהערט אזוי און פארוואס איז עס איהם נישט איינגעפאלען גלייך צו ענטפערען. וואלט ער דאך, אמוויינינגסטען געטראפען די ערשטע פראגע:

— ביזטו דען זיכער אז ער איז דער קליגסטער קעניג פון דער וועלט? — האט ער איהר געפרעגט.

— ניין, אין דעם בין איך אויך נישט זיכער און דעריבער פאהר איך יעצט צו איהם, כדי זיך איבערצוצייגען אויב עס איז אמת וואס מען זאגט אויף איהם...

— און וואס וועט זיין, אז אויך שלמה וועט נישט וויסען ווי אזוי צו פערענטפערען דיינע פראגען, דאן וועל איך זיך אומקעהרען דורך דיזען מדבר, און איך וועל ערפילען דיין פערלאנג, ווייל דו האסט עהרליך דיין ווארט געהאלטען...

דער קעניג איז געבליבען עטוואס צוטומעלט... ער האט גאר בדעה נישט געהאט צו האלטען זיין ווארט, ער האט שוין געפלאנעוועט ווי אזוי צו צווינגען די קעניגין מיט איהם צו הייראטען, יעצט אבער, האט זי איהם אריינגעפיהרט אין א פערלעגענהייט... זי זאגט אז זי וועט מיט איהם הייראטען ווייל ער האט עהרליך זיין ווארט געהאלטען... קען ער דען יעצט אנדערש האנדלען.

דער קעניג פון דעם ווילדען מדבר שבט, האט זיך פארנייגט און זיך אפגערופען:

— איך וועל דיר לאזען געהן דיין וועג בשלום, ווי איך האב פערשפראכען... אבער איך וועל דיר ערווארטען אויף דיין צוריקקעהר...

— דו קענסט זיך אויף מיר פערלאזען — האט באלקיס איהם געענטפערט

— אויב עס וועט זיך ארויסווייזען אז שלמה איז נישט אזוי קלוג ווי איך האב זיך פארגעשטעלט וועל איך געהערען צו דיר.

דער קעניג האט זיך פערנייגט און איז אוועק מיט זיין שבט. טיעפער איז נידבר.

— אלע מיניסטארען און הארען האבען שטארק בעוואונדערט די קלוגשאפט פון זייער קעניגין... זיי האבען שוין געטראכט אז א מלחמה, וועט זיין אומפער־מיידליך, און דא וואלט דערווייליע פערלענגערט זייער רייזע. און דערצו וואלטען נאך פיעלע קרבנות געפאלען, און דא קומט זי און מיט א דיפלאמאטישען אויפגעמאכט פאר דעם קעניג אוממענליך צו בייטען זיין ווארט.

---

ווען די מלכת־שבא איז אנגעקומען אין די גרעניצען פון כנען, האט זי געשיקט שלוחים אנצוזאגען שלמה'ן אז זי, די קעניגין פון שבא און כוש, קומט אן אין ירושלים אויף א בעזוך...

שלמה האט געשיקט זיין שר צבא, בניהו בן יהוידע, מיט זיין גדוד גבורים ער זאל עמפפאנגען די קעניגין און איהר ברייננען אין ירושלים מיט גרויס כבוד, ווי עס פאסט פאר אזא מעכטיגע קעניגין...

בניהו איז געווען זעהר א שעהנער און העלדישער יונג... ער האט פאראויס געריטען אויף זיין פערד אן דער שפיץ פון זיינע אויסדערוועהלטע גבורים...

ווען די מלכת־שבא האט דערזעהן בניהו'ן קומענדיג איהר אנטקעגען, האט זי זיך נישט געקענט אפוואונדערען פון זיין שעהנקייט, און זי איז ארונטער פון איהר קעמעל און זיך טיעף פערנייגט פאר איהם.

בניהו איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער... וואס זעהט ער? די קעניגין פון שבא פערנייגט זיך גאר פאר איהם... ער האט זיך בעת מעשה פערלארען און גאר נישט געקענט ריידען.

ווען ער האט געזעהן אז די קעניגין האט זיך א צווייטען מאל פאר איהם פערנויגט—האט ער זיך שוין מעהרנישט געקענט בעהערשען און זיך אפגערופען:

— פארוואס טוט מיר די קעניגין אן אזא גרויסען כבוד?

— קיין כבוד איז פאר דיר נישט צו גרויס, מיין האר קעניג! — האט זיך באלקיס צו איהם אפגערופען און ווידער זיך פערנייגט.

— איך זעה, אז מיין הארינטע די קעניגין מאכט א טעות! — האט זיך בניהו בן יהוידע אפגערופען — איך בין בלויז איינער פון דעם קעניג'ס דינער...

— דו ביזט א דינער פון שלמה'ן? — האט באלקיס געשטוינט, און זיך ווענדענדיג צו איהרע בעגלייטער האט זי געזאגט:

— אויב איינער פון שלמה'ס דינער, איז אזא ערהאבענער און וויכטיגער פערזאן, הײנט ווי איז שוין דער קעניג זעלבסט...

בניהו האט געפיהרט די קעניגין מיט איהרע בעגלייטער אין ירושלים... די גאנצע מיליטער פון שטאדט זיינען איהר ענטקעגען ארויס... די יונגע פרויען און מיידלעך פון שטאדט האבען געזונגען ליעדער, געשפיעלט אויף צימבאלען און פויקען.

באלקיס אויג האט זיך נישט געקענט גענוג אנזעטיגען פון דער וואונדער־שעהנער שטאדט... און נאך מעהר האט זי געוואונדערט, ווען זי איז צוגעקומען נאהענט צו שלמה'ס פאלאץ, און ווען זי האט פון ווייטען בעמערקט דעם פראכט־פולען בית המקדש...

באלקים האט פערזאנט איהרע דינער אז זיי זאלען אויסלאדען פון די קעמלען פיעלע פון די שעהנע מתנות און זיי זאלען עס איבערגעבען די דינער פון קעניג.

ווען באלקים איז אריין אין פאלאץ פון שלמה און איהם דערזעהן זיצענדיג אויף זיין וואונדערבארען טראהן פון גאלד אין עלפאנט־ביין. און באמערקענדיג די סנהדרין ארום איהם... איז זי געבליבען שטעהן פערגאפט און א ווײלע האט זי קיין ווערטער נישט געפונען אויסצודריקען איהר בעוואונדערונג...

— געגריסט זאל זיין דיין קומען צו מיין לאנד! — האט זי געהערט שלמה'ס שטימע, און איהר האט זיך געדוכט אז זי הערט עס א שטימע פון נאט.

זי האט זיך באלד געקניהט פאר דעם קעניג. שלמה איז שנעל ארונטער פון טראהן און אליין איהר געהאלפען זיך אויפשטעלען. ער האט איהר באלד געזעצט נעבען זיך און איהר געבעטען זי זאל איהם דערצעהלען וועגען איהר לאנד וועגען איהר קעניגרייך און ווער זי איז...

באלקים האט שלמה'ן אלעס דערצעהלט, וואס עס איז פארגעקומען מיט איהר, ווען זי איז נאך גאנץ יונג געוועזן... איהר גרויסען קאמפף מיט דעם קעניג פון כוש, און די נקמה וואס זי האט אין איהם געהאט...

דערווייל האט מען צוגעגרייט א מאלציים לכבוד די קעניגין פון שבא, און שלמה האט אויפ'ן מאלציים פארגעשטעלט די קעניגין פאר זיינע פרויען און מיניסטארען.

די קעניגין פון שבא האט אויך דערצעהלט פון די געפאהרען וואס איהר איז אויסגעקומען דורכצומאכען אויפ'ן וועג צו ירושלים, און זי האט צוגעגעבען — אפילו ווען איך זאל בלויז האבען געזעהן דאס וואס איך האב אין דער קורצער ווײלע צוגעזעהן און בלויז געהערט די עטליכע ווערטער פון דעם גרויסען קעניג שלמה'ן איז שוין כדאי געוועזן דורכצומאכען צעהן מאל אזוי פיעל שווי־ריגקייטען...

נאך דעם מאלציים איז שלמה אריין מיט די מלכת שבא אין בית המקדש, ער האט איהר געצייגט אלע וואונדערבארע כלים, דעם גאלדענעם מזבח, די מנורה, דעם שלחן דעם כיור און פיעלע אנדערע זאכען. ער האט איהר גע־צייגט די וואונדערשעהנע חדרים און אפטהיילונגען פון בית המקדש.

— און וואס איז דארטען? — האט באלקים אנגעצייגט אויף א צוגעמאכ־טע טיהר...

— דארט געפינט זיך דער הייליגסטער פון אלע צימערען — האט איהר שלמה געענטפערט — דארט איז די קדשי־קדשים!

— פיהר מיך אהין אריין, מיין האר קעניג! — האט באלקים זיך אפגערו־פען איך בין זעהר נייגעריג צו זעהן דעם הייליגסטען פון אלע צימערען.

— דאס איז דער איינציגער פערלאנג דיינער וואס איך האב מורא, אז איך וועל נישט קענען ערפילען — האט שלמה זיך אפגערופען — קיינער טאר אין דיזען צימער נישט אריינקומען, אפילו מיר, וואס איך האב דעם בית המקדש געבויט, איז נישט ערלויבט אהין אריינצוקומען... איך בין דארט געוועזן בלויז דאן, איידער דער בית המקדש איז פארטיג געווארען. און יעצט האב איך מעהר קיין רעכט נישט אהין אריינצוגעהן. דער כהן גדול טאר דארט אויך דעם גאנצען

יאהר נישט אריינגעהן, בלויז איין מאל א יאהר, אום יום כפור, קומט דער כהן גדול אין די קדשי קדשים און איז מתפלל זיין תפלה צו גאט פאר'ן כלל ישראל.

— דו וועסט מיר מוזען אנטשולדיגען, מיין האר קעניג, ווען איך וואלט געוואוסט ווי הייליג דאס צימער איז, וואלט איך זיכער נאר אזא זאך נישט פערלאנגט...

פון בית המקדש האט איהר שלמה געפיהרט אין דעם פאלאץ וואס ער האט ספעציעל געבויט פאר זיין פרוי נאנסארא, די טאכטער פון פרעה.

נאנסארא האט פריינדליך אויפגענומען איהר מאן מיט דער קעניגין פון שבא, און זי האט איהר אויך געצייגט די וואונדער פון איהר פאלאץ... זי האט זיי דורכגעפיהרט אלע צימערן און געצייגט באלקים'ן אלע זאכען פון קונסט וואס איז געווען אין איהרע צימערן.

— און פארוואס צייגסטו נישט די קעניגין דיזען צימער? האט שלמה אנגעוויזען אויף דעם פערשלאסענעם צימער...

נאנסארא איז געבליבען שטעהן אין גרויס פערלעגענהייט זי האט גענומען עפעס שטאמלען און איהר פנים האט זיך בעגאסען מיט רויטקייט.

— עפען דאך אויף דיין צימער! — האט שלמה געזאגט כמעט מיט א בעפעהל — מיר דוכט אז איך בין נאך אויך קיינמאל אין דיזען צימער נישט געווען...

— איך וויים נישט וואו דער שליסעל איז! — האט נאנסארא זיך געזוכט ארויסצודרעהען. אבער שלמה'ס נייגעריגקייט האט נאך מעהר געוואקסען.

— וועל איך שיקען רופען דעם שמיעד און ער וועט מיר גלייך צופאסען אן אנדער שליסעל! — האט שלמה געזאגט.

— אבער עס איז נישט נויטיג! — האט נאנסארא זיך נאך שטארקער געררויטעלט — אין דיזען צימער איז גארנישטא וואס צו זעהן און עס לוינט זיך נישט אפילו צו נעמען די טרחה אהין אריינצוגעהן.

— זאל מען גלייך שיקען רופען דעם שמיעד! — האט שוין שלמה בעפוי־לען צו איינעם פון די דינער.

דער דינער איז שנעל געלאפען און געבראכט דעם שמיעד.

— מאך מיר שנעל א שליסעל צו דיזען צימער! — האט דער קעניג צו איהם געזאגט...

נאנסארא איז שטארק אין כעס געווארען אויף שלמה'ן וואס ער האט זיך צו איהר נישט צוגעהערט און פארט בעשטעלט מאכען א שליסעל.

— דיין נייגידיגקייט איז פיעל גרעסער ווי די נייגירינקייט פון א פרוי — האט זי געזאגט קוים בעהערשענדיג איהר צארן.

— מיין נייגירינקייט וועט אבער באלד בערעכטיגט ווערען — האט שלמה זיך אפגערופען.

די קעניגין פון שבא איז די גאנצע צייט געשטאנען און געשטויגט, נישט וויסענדיג, וואס דאס בעדייט...

— אויב עס איז פאר דער קעניגין נישט אנגענעהם מיר צו צייגען דיזען צימער, האט באלקים זיך אפגערופען — וועל איך זיך פיעלייכט צוריקציהען פון דאנען.

— ניין עס איז נישט נויטיג — האָט שלמה איהר געענטפערט דער שמיעד וועט באַלד פערטיג ווערען מיט דעם שליסעל.

— אויב דו וועסט עפענען די טיהר, וועסטו מעהר נישט קענען אנקוקען מיין פּנים! — האָט נאַגסאַרא אויסגעשריען מיט צאַרן.

— איך גלויב אַז נאָכדעם ווי איך וועל דערוועהן וואָס עס טהוט זיך אין דיזען צימער, וועל איך דיין פּנים מעהר נישט וועלען אנקוקען — האָט שלמה געענטפערט...

— האָסטו מיר דען מעהר נישט ליעב? — איז שוין נאַגסאַרא ווייכער געוואָרען... — קענסטו מיר נישט געטרויען ווען איך זאָג דיר אַז דאָרט איז צימער איז גאָרנישטא! איך בעט דיר, שלמה פערשעהם מיר נישט פאַר די אויגען פון דער קעניגין פון שבא און עפען נישט אויף יענע טיהר...

— דו ביזט גערעכט! — האָט שלמה אויסגערופען אין יענעם צימער איז גאָרנישט פאַרהאַן, ווייל דער אפּגאָט פון מצרים וואָס דו האָלסט דאָרטען בעהאַלטען איז "אַ גאָרנישט"...

— ווער האָט עס דיר דערצעהלט דעם סוד ״ — האָט נאַגסאַרא אויסגע־רופען מיט אויפרעגונג — שטאַרבען וועט ער דער פּעררעטער...

— אומזיסט איז דיין אויפרעגונג, נאַגסאַרא, מיר האָט קיינער נישט דערצעהלט... אָבער ווען איך בין יעצט צוגעקומען צו דיזען צימער, האָב איך דערפיהלט אַז דו האָסט מיר די גאַנצע צייט גענאַרט!...

— אָבער אימיצער פון מיינע קנעכט האָט מיר זיכער פערראַטהען! — האָט נאַגסאַרא אויסגערופען, — איך וועל שוין אויסגעפינען ווער ער איז און ער וועט שוין זיין שטראָף זיכער באַקומען.

דער שמיד איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן שליסעל, און שלמה האָט איהם אין האַנד גענומען און אין איהר טיהר אריינגעשטעקט.

נאַגסאַרא'ס פּנים האָט גענומען פלאַמען. זי איז שנעל צוגעגאַנגען און אנגענומען שלמה'ן פאַר'ן האַנד, און ווידער געזאָגט:

— אויב עס איז נאָך בייא דיר פאַרבליבען אַ פונק ליעבע פאַר מיר, בעט איך דיר, אַז דו זאָלסט יעצט די טיהר נישט עפענען.

— ווען איך וועל עפענען די טיהר וועל איך דאַן וויסען אויב דו ביזט נאָך בערעכטיגט צו מיין ליעבע, — האָט שלמה געענטפערט, און אויפגעשלאָ־סען די טיהר...

ווען נאַגסאַרא האָט דערזעהן אַז ער האָט שוין די טיהר אויפגעשלאָסען, און זיין האַנד געפינט זיך אויף דער קליאַמקע פון טיהר, האָט זי זיך אומ־געדרעהט און אוועק מיט גרויס צאַרן, איבערלאָזענדיג דעם קעניג און די מלכת שבא נעבען דעם געהיימניספאָלען צימער.

לאַנגזאַם האָט שלמה די טיהר געעפענט. און באַלד האָט זיך צו זיינע אויערען און צו די אויערען פון באַלקיס'ן דערטראָגען די פאָלגענדע ווערטער:

"אָ, הייליגער און מעכטיגער גאָט אָזירים, גרעסטער גאָט פון אַלע געטער פון מצרים! איך, קאַפּרים, דער פּריסטער, טהו צו דיר מתפלל זיין, און בעט דיך דו זאָלסט בעשיצען נאַגסאַרא'ן, די טאָכטער פון דעם הייליגען פּרעה'ן. דו זאָלסט איהר מוחל זיין אויב זי איז עובר אויף דיינע געזעצען און קומט אַמאָל אריין אין דעם בית המקדש, ווייל אויב זי איז געצוואונגען דאָרט מתפלל

צו זיין צו דעם גאט פון ישראל, איז עס בלויז לפנים וועגען, כדי דער קעניג זאל זיך נישט אנשטויסען אז זי דיענט מיט איהר גאנצען הארצען צו דיר, שטארק־סטער פון אלע געטער... און דאריבער בעט איך דיר, דו זאלסט איהר שיקען דיין ברכה און אויך איהר פאטער, דעם קעניג פון מצרים זאלסטו בענשען מיט רייכטום און מאכט... פארטיליג אלע פיינד פון פרעה'ן און זאל דאס לאנד פון מצרים בעוואסערט און בעפרוכפערט ווערען פון דעם הייליגען טייך נילוס. זעה, א, אזירים, אז נאגסארא זאל געפינען חן אין די אויגען פון שלמה'ן, דעם קעניג פון ישראל, און זאל זי אימער שטעהן העכער און וויכטיגער אין זיינע אויגען פון אלע זיינע איבריגע פרויען".

שלמה און די מלכת שבא זיינען ערשטוינט געווארען דערהערענדיג דיזע ווערטער. און זיי זיינען שטילערהייט אביסעל טיעפער אין צימער אריינגעגאנגען און באלד האבען זיי דערזעהען ווי דער פריסטער קאפרים, ליגט אויסגעשפרייט אויפ'ן בארען מיט זיין פנים געווענדעט צו דעם אפגאט אזירים.

קאפרים האט גלייך דערפיהלט אז אימיצער געפינט זיך אין צימער, אבער ער איז געווען אזוי זיכער אז דאס מוז זיין נאגסארא, וועלכע קומט אפט אריין צוצוהערען זיך צו זיינע תפלות, און וועלענדיג איהר צייגען ווי געטריי און איבערגעבען ער איז צו איהר, האט ער גלייך גענומען מתפלל זיין הויך, אויפ'ן קול, און געבעטען אזירים זאל איהר בעשיצען.

די מלכת שבא האט נאך מעהר געשטוינט. זי האט געזעהן אז שלמה האט פאראויסגעזאגט אז אין דעם צימער געפינט זיך דער אפגאט פון מצרים, כאטש פרעה'ס טאכטער האט איהם די גאנצע צייט געזוכט צו נארען.

דער פריסטער קאפרים, דענקענדיג אז נאגסארא געפינט זיך אין צימער, האט זיך נישט געאיילט אויפצוהויבען פון זיין פלאץ. ער איז נאך אלץ געלעגען אויסגעשפרייט און זיינע ליפען האבען געמורמעלט א תפלה צו אזירים... זאל זי זעהן אז ער פארדיענט זיין לוין ביי איהר. און א חוץ דעם האט ער נאך אלץ געהאט אן אויג אויף פרעה'ס שעהנע קאמער־מיידעל, און מאכענדיג איינ־גע ניט געלונגענע פארזוכען צו געווינען איהר הארץ, האט ער געהאפט אז אפשר וועט איהם פרעה'ס טאכטער אין דעם ארויסהעלפען, ווי זי האט איהם פערשפרא־כען מיט יאהרען צוריק.

— א, דו הייליגער אזירים, — האט קאפרים עטוואס העכער פארטגעזעצט זיין תפלה — דו ווייסט דאך ווי שטארק ליעב איך האב די הויפט קאמער־מיידעל פון פרעה'ס טאכטער, אבער זי ערווידערט נישט מיין ליעבע, און ווען איך האב די ווירדינגע פרינצעסין ארויסגעהאלפען אין איהרע שוועריגקייטען, און דערצו געזעהן איינצופיהרען אין איהר פאלאץ דיר, הייליגסטער און מעכטיג־סטער גאט, האט זי מיר צוגעזאגט אז זי וועט מיר בעהילפיג זיין איך זאל מיין ליעבע קענען פארווירקליכען... א, אזירים!... גיב אריין א געדאנק צו דער פרינצעסין פון מצרים, זי זאל זיך דערמאהנען אן איהר צוזאג צו מיר און זעהן דיירען מיט איהר קאמער־מיידעל, פיעלייכט וועט איהר הארץ ווייכער ווערען און ווי וועט איינשטימען מיינע צו ווערען... ווייל די יאהרען שטעהן נישט... איך האב זיך שוין דורך דער צייט וואס איך בין אין ירושלים, א סך געעלטערט. און דאריבער זאלסטו צו מיין הארינטע צושיקען אלע דיינע ברכות און דו זאלסט ערהויבען און גרויס מאכען פרעה'ן [illegible] פאטער, ביז עוויג.

לאנגזאם האט זיך קאפריס געגומען אויפהויבען פון זיין פלאץ, און ווי צוטומעלט און דערשראקען איז ער געווארען, ווען ער האט אומגערדרעהט זיין קאפ און דערזעהן אנשטאט נאגסארא'ן דעם קעניג שלמה און די קעניגין פון שבא.

שלמה און באלקים האבען קוים געקענט באהערשען זייער געלעכטער, ווען זיי האבען באמערקט דעם אלטען פריסטער מיט דעם צוקנייטשטען פארמעט פנים וועלכער איז מתפלל צו זיין גאט ער זאל איהם באגליקען אין זיין ליעבע. שלמה האט איהם גוט בעטראכט און זיך צו איהם אפגערופען:

— זאג מיר, קאפריס, איז שוין לאנג אז דער אפגאט אזירים געפינט זיך אין דיזען צימער?

קאפריס האט אנגעהויבען צו ציטערען פון שרעק. ער האט נערוועז גענומען באוועגען זיינע הענד און פיס.

— ניין, ע... נישט לאנג... איך מיין... אז זינט דער פאלאץ פון נאגסארא איז פארטיג געווארען, — האט ער גענומען פלאנטערען מיט'ן צונג.

— און וואו האט נאגסארא דיזען אפגאט געהאלטען ביז דאן? — האט שלמה איהר געפרעגט מיט עטוואס אויפרעגונג.

— ביז דאן?... ביז דאן?... — האט קאפריס ווידערהאלט און זיך געקראצט אין קאפ... — ביז דאן... האט זי איהם געהאלטען אין איהר אלטען הויז.

— נעהם מיט דיין אפגאט אזירים און פעקעל זיך אריבער נאך מצרים! — האט שלמה אויסגערופען, — ווייל אין ירושלים איז קיין פלאץ נישטא פאר אפגעטער.

קאפריס'עס פנים איז טויט־בלאס געווארען. ער האט זיך גענומען ארומקוקען. זיינע אויגען האבען געזוכט זיין הארינטע, נאגסארא, זי זאל ארויסהעלפען איהם אין דיזער פארלעגענהייט. אבער זי איז דארט נישט געווען.

— ביז מארגען גיב איך דיר צייט, מיטצונעהמען דיין אפגאט און פארלאזען ירושלים! — האט שלמה שטרענג א זאג געטהאן, און האט מיט באלקים'ן גלייך פארלאזען נאגסארא'ס פאלאץ.

א ווייל[ע] איז נאך קאפריס געשטאנען א צוטומעלטער און זיך ניט געקענט ריהרען פון ארט. ער וועט דארפען פארלאזען ירושלים... די קאמער־מיידעל וועט דא פארבלייבען מיט נאגסארא'ן... איז איהם דורכגעפלויגען א טרויעריגער געדאנק. ער האט זיך קוים דערשלעפט צו נאגסארא'ס צימער און אנגעקלאפט אין איהר טיהר.

נאגסארא'ס צארן אויף שלמה'ן איז נאך נישט איינגעשטילט געווארען.

— אויב ער האט טאקע געעפענט די טיהר, — קאט זי זיך געטראכט, — דאן וועט זי שוין זעהן זיך נוקם צו זיין אן איהם. זי וועט שרייבען צו איהר פאטער וועגען דער גרויסער באליידיגונג וואס שלמה האט איהר פעראורזאכט פאר די אויגען פון דער קעניגין... זי וועט הערען וואס ער וועט איהר ענטפערען. זי וועט איהם פילייכט אין גאנצען פארלאזען, און דאן וועט זי שוין זעהן אז איהר פאטער זאל געהן מלחמה האלטען מיט שלמה'ן... זי ווייס אז שלמה איז יעצט נישט גרייט צו א מלחמה... און ער וועט זעהר גרינג בעזיעגט ווערען פון איהר פאטער'ס מעכטיגע ארמעע.

א קלאפ אין איהר טיהר האט איהר אויפגעוועקט פון איהרע געדאנקען.

זי האט די טיהר געעפענט און האט גלייך דערזעהען דעם טויט־בלאסען פריסטער וועלכער האט איהר אנגעקוקט מיט צושראקענע אויגען.

— וואס איז געשעהן? — האט נאגסארא זיך צו איהם אפגערופען, — פארוואס ביזטו אזוי צושראקען?

— א, גנעדיגע קעניגין, — האט קאפרים אויסגערופען, און טרעהרען האבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען, — איך בין א פארלארענער... דער קעניג שלמה איז אריין אין צימער וואו־אונזער גאט אזירים געפינט זיך און ער האט מיר דארטען געטראפען מתפלל זייענדיג צו איהם.

— ער איז דאך אריין אינעווייניג! — האט נאגסארא אויסגערופען מיט אויפרעגונג — ער האט זיך צו מיר נישט געוואלט צוהערען. און וואס האט ער דיר געזאגט?

— ער האט מיר געהייסען מיטנעהמען אונזער גאט אזירים און געהן גלייך נאך מצרים... אין ירושלים, האט דער קעניג געזאגט, איז קיין פלאץ ניטא פאר אפגעטער.

— אזוי! ער האט אויך בעליידיגט אונזער גאט! — האט נאגסארא אויסגערופען.

— א, ווי אזוי האט זיך דאס דער קעניג דערוויסט אז אזירים געפינט זיך אין דעם פאלאץ, נישט אנדערש אז איםיצער פון דיינע קנעכט האט דאס איהם דערצעהלט און דיך פעדראטהען.

— נקמה וועל איך נעהמען אן דעם קעניג פאר אזא בעליידיגונג! — האט נאגסארא אויסגערופען, — דער קעניג פארלאנגט דו זאלסט פארלאזען ירושלים... זעהר גוט, איך וועל דיר מיטגעבען א בריעף צו מיין פאטער.

— אבער מיין הארינטע, איך בין שוין נישט יונג און פאר מיר אליין דורכצומאכען אזא רייזע איז גאנץ שווער.

— איך וועל מיט דיר מיטשיקען צוויי פון מיינע קנעכט.

קאפרים האט טרויעריג ארונטערגעלאזען זיין קאפ.. עפעס האט איהם גע־דריקט איז הארצען. אבער ער האט קיין מוטה נישט געהאט עס ארויסצוריידען.

— זיי ביי זיך נישט געפאלען, קאפרים! — האט נאגסארא איהם געזוכט צו טרייסטען — אזירים איז נאך גענוג מעכטיג ער וועט דיר קומען צו הילף.

— א, דו ווירדיגע פרינצעסין פון מצרים, דו האסט מיט מיר די גאנצע צייט געטהאן גרויס חסד... איך בין נישט ווערטה צו שטעהן אויף די שטויב וואס איז אונטער דיינע פיס...

— נו, און דו האסט דאך מיר אויך געטריי געדיענט... דו האסט פאר מיר מתפלל געווען צו אזירים יעדען טאג, און דערצו האסטו פאר אזוי פיעל יאהרען געזעהן אז דער גאט פון מצרים זאל זיך געפינען אין מיין וואהנונג.

— און ווען דיין פאטער, דער קעניג פון מצרים, איז געווען געגען דיין געהן נאך ירושלים, ווייל ער האט מורא געהאט דו זאלסט נישט פערגאכלעסיגען די געטער פון מצרים, האב איך דיר ארויסגעהאלפען. ווען איך האב איהם פאר־שפראכען אז איך וועל זעהן דאס דו וועסט נישט אויפהערען דיענען אונזער גאט

— אמת, איך געדענק עס, — האט נאגסארא געענטפערט.

— און דאן האסטו מיר פארשפראכען אז דו וועסט דערפאר מאכען פאר מיר גרינגער דעם וועג, — האט קאפרים שוין געקראגען מעהר מוטה.

— דעם וועג צו וואס ?! — האט נאגסארא איהם אנגעקוקט.

— דעם וועג צו דעם הארץ פון דיין שעהנער קאמער־מיידעל — האט קאפרים געזאגט.

— און דו האסט זיך ערשט יעצט אויסגעקליבען מיר צו דערמאנען ? האסטו דען מיט איהר קיינמאל ניט גערעדט ?

— יא, איך האב געמאכט איינינע פארזוכען מיט איהר צו ריידען וועגען מיין גרויסער ליעבע וואס איך האב פאר איהר, אבער זי האט זיך צו מיר נישט געוואלט צוהערען.

— נו, אויב זי האט זיך צו דיר נישט געוואלט צוהערען דאן ווען דו ביזט א סך אינגער געוועזן, וועט זי יעצט געוויס ניט וועלען זיך צוהערען צו דיר.

— יא, יעצט אז איך וועל מוזען פארלארען ירושלים ! — האט קאפרים מיט טרעהרען געזאגט, — ווען די קעניגין וואלט איהר געבעטען זי זאל מיך באגלייטען אויף מיין וועג נאך מצרים...

— דו קענסט דאך נישט פארלאנגען, קאפרים, אז איך זאל איהר מיט דיך מיטשיקען, — האט נאגסארא א שמייכעל געטהאן, — אבער דו דארפסט שטארק נישט זיין בעזארגט, ווייל איך בין זיכער אז אין א גאר קורצער צייט וועל איך זיך אויך צוריקקעהרען אין מצרים, דאן וועסטו ווידער נאהענט זיין צו איהר...

— וועט דען די פרינצעסין פארלאזען דעם קעניג ?! — האט קאפרים געפרעגט מיט פערשטוינונג.

— איך האב איהם געבעטען אז ער זאל דעם צימער נישט עפענען, און איך בין געווען זיכער אז ער וועט זיך צוהערען צו מיינע רייד, אנשטאט דעם האט ער באשטעלט ביי א שמיד צו מאכען א שליסעל און דאך דעם צימער געעפענט, טראץ דעם וואס איך האב איהם געווארנט דאס אויב ער וועט עפענען די טיהר וועט ער מעהר נישט קענען אנקוקען מיין פנים... ער האט מיך פאר־שעהמט פאר די אויגען פון דער קעניגין פון שבא. און יעצט אז ער האט מיך באליידיגט און אויך אונזער גאט אזירים, וועל איך שרייבען וועגען דעם צו מיין פאטער, און איך וועל הערען וואס ער וועט מיר ראטהען צו טהאן... איך בין זיכער, אז מיין פאטער וועט אזא באליידיגונג אזוי גרינג נישט ארונטער־שלינגען און ער וועט מיר זיך הייסען צוריקקעהרען נאך מצרים, דאן וועט ער געהן מלחמה האלטען מיט שלמה'ן.

נאגסארא האט זיך אוועקגעזעצט און געשריבען דעם פאלגענדען בריעף צו איהר פאטער, דעם קעניג פון מצרים:

„מיין ליעבער פאטער.

„איך, דיין טאכטער נאגסארא, טהו צו דיר שרייבען דיזען בריעף מיט א פארוויטאגטען הארצען... מיין ליעבע וואס איך האב געהאט צו שלמה'ן איז אפגעשוואכט געווארען שוין דאן ווען שלמה האט חתונה געהאט אויך מיט דער הירטין שולמית... אבער אין די לעצטע יאהרען האט ער געהייראט מיט פיעלע אנדערע טעכטער פון קעניגע... און כאטש איך האב דאס אלעס גערולדיג אריבערגעטראגען, קען איך אבער די לעצטע באליידיגונג מעהר נישט אריבער־טראגען. די גאנצע צייט האב איך מיט דער הילף פון דעם פריסטער קאפרים רוהיג געדיענט צו אונזער גאט אזירים... איך האב געהאט א באזונדערען צימער פאר דעם גאט, און שלמה האט אפילו וועגען דעם די גאנצע צייט נישט גע־

וואוסט... אבער לעצטענס איז געקומען אויף א באזוך די קעניגין פון שבא, און שלמה האט איהר געפיהרט ווייזען מיין פאלאץ, ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם צימער וואו אזירים געפינט זיך, האב איך איהם נישט געוואלט געבען דעם שליסעל, און איך האב איהם געבעטען ער זאל יענעם צימער נישט עפענען. אבער ער האט זיך צו מיר נישט צוגעהערט און דעם צימער געעפענט. ער האט דארט געטראפען דעם פריסטער קאפרים און דער צייט ווען ער האט מתפלל געווען צו אזירים'ן. שלמה האט באליידיגט אונזער גאט און האט איהם פאר־טריבען צוזאמען מיט קאפרים'ן פון ירושלים... מיין שנאה צו שלמה'ן איז דאמיט שטארקער געווארען און איך פרעג ביי דיר אן עצה, ליעבער פאטער, וואס צו טהאן... אונטער אזעלכע אומשטענדען איז מיר אויך ווייטער גאנץ שווער צו פארבלייבען אין ירושלים אלס די פרוי פון דעם קעניג.

"איך ערווארט מיט גרויס אונגעדולד דיין ענטפער.

"נ א ג ס א ר א".

זי האט דעם בריעף פארזיגעלט און איבערגעבענדיג עס צו קאפרים'ן, האט זי געזאגט:

— דו זאלסט איבערגעבען מיין פאטער דאס ער זאל זיין ענטפער לאנג נישט אפהאלטען. ער זאל נאך דעם זעלבען טאג בעראטהען זיך מיט אלע מי־ניסטארען... דו קענסט איהם אויך אנווינקען אין מיין נאמען, אז שלמה איז נים גרייט צו א מלחמה. און עס וועט מיין פאטער נים קאסטען זעהר פיעל מיה איינצונעהמען א טייל פון ארץ ישראל... איך האב דאס נישט געשריבען אין בריעף, ווייל איך האב מורא, טאמער וועט דער בריעף אריינפאלען אין די הענד פון שלמה'ן. אבער דו וועסט איהם קענען זאגען אז איך וואלט שטארק נים געווען דאגעגען ווען ער וועט קומען מלחמה האלטען מיט שלמה'ן... איך וואלט איהם געקענט באהילפיג זיין, ווייל איך ווייס פיעלע סודות פון דער מלוכה.

קאפרים האט גענומען דעם בריעף און מיט א טרויעריגען געמיטה זיך אומגעקעהרט צו זיין צימער. אויף מארגען האט ער גענומען איינפאקען זיין גאט אזירים און צוזאמען מיט צוויי קנעכט וואס נאגסארא האט איהם מיט־געגעבען, האט קאפרים פארלאזען ירושלים.

בלויז עטליכע טעג איז באלקים, די מלכת שבא געווען אין ירושלים און שוין האט זי געזעהן די גרויסקייט און חכמה פון שלמה'ן. זי האט באמערקט אלע זיינע וועגען, זי האט בייגעוואהנט פיעלע פון די משפטים און זי האט זיך נישט געקענט אפוואונדערען פון זיין קלוגשאפט וואס ער באוויזט. זי האט זיך גע־פיהלט זעהר גליקליך אין זיין געזעלשאפט. זי האט נישט אויפגעהערט צו בע־וואונדערען אלעס וואס זי האט געזעהן. און ווען זי האט דערזעהן ווי דער קעניג האט פארשטאנען אז זיין ערשטע פרוי נארט איהם, און ער האט געטראפען אז אין דעם פאשלאסענעם צימער געפינט זיך אן אפגאט, האט זי דאן איינגעזעהן אז עס איז נישטא קיין פארבארגענעס פון דעם קלוגען קעניג.

די מלכת שבא האט דאן בעשלאסען אויף אויסצופרובירען שלמה'ן מיט איחרע רעטעניסען וואס זי פלעגט אזוי ליעב האבען צו פרעגען יענע פרינצען און קעניגע וועלכע פלעגען קומען בעטען איהר האנד...

איין פריהמארגען האט זיך די מלכת שבא אפגערופען צו שלמה'ן:

— איך הא בבעוואונדערט דיין חכמה און פארשטאנד און איך ווייס אז

עס איז נאָך נישטאָ אַ זאַך אין דער וועלט וואָס דו זאָלסט נישט וויסן... און יעצט וואָלט איך וועלן דיר אויספּרובירן מיט די רעטענישן... פון מיין יוגנט אָן האָב איך ליעב באַקומען די רעטענישן... איך האָב ליעב געהאַט צו פרעגן רעטענישן און אויך צו ענטפערן. און יעצט אויב דו וועסט מיר ערלויבן וועל איך דיר פרעגן עטליכע רעטענישן:

— דו קענסט מיר פרעגן וויפיעל דיין האַרץ גלוסט, — האָט שלמה גע־ענטפערט מיט אַ שמייכעל, — דו ביזט מיין גאַסט, און דער וואונש פון אַ גאַסט דאַרף אימער צו ערפילט ווערן.

די מלכּת שבא האָט מיטגעבראַכט די קינסטליכע רויז און אַרויסגעהענדיג אין גאַרטען האָט זי אָפּגעריסען אַ רויז וואָס איז געוועזן זעהר ענליך צו דער קינסטליכער. דאַן האָט יז באַשפּריצט די קינסטליכע רויז מיט אַ פּערפיום וואָס האָט געגעבען דעם זעלבען ריח יוו די ריכטיגע רויז און האַלטענדיג ביידע בלומען פאַר דעם קעניג, האָט זי זיך אָפּגערופען:

— מיין האַר קעניג, דאָ האַלט דיך פאַר דיר צוויי בלומען. איין בלום איז אַ נאַטירליכע און די צווייטע איז אַ קינסטליכע. זאָג מיר, ווי אַזוי וועסטו אונטערשיידען צווישען דער ריכטיגער און דער קינסטליכער בלום.

אַ שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף שלמה'ס ליפּען. ער האָט אַ קוק גע־טהאָן אויפ'ן פענסטער און האָט באַמערקט ווי אַ ביהן האָט דאָרט געזשומעט.

— דיין פראַגע איז אַ גרינגע, — האָט ער אויסגערופען, — אַז אפילו אַט די קליינע ביהן וועט דיר קענען דיין רעטעניש ערקלעהרען, — האָט ער אָנגע־וויזען אויף דער ביהן.

שלמה איז צוגעגאַנגען און אָן עפען געטהאָן די פענסטער.

באַלד איז אַריינגעפלויגען די ביהן און זשומענדיג אַ ווײַלע, האָט זי זיך גלייך אָפּגעשטעלט אויף דער נאַטירליכער רויז.

— זעהסטו, אַז די ביהן האָט געטראָפען! — האָט שלמה זיך פאַנאַנ־דערגעלאַכט.

די מלכּת שבא איז געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט. קיינעם פון די פרי־העריגע קעניגע איז גאַר נישט איינגעפאַלען אַז די ביהן, די קליינע נישט־וויכ־טיגע בעשעפענים וועט קענען אַזוי פּינקטליך פּותר זיין דעם רעטעניש.

און ווירקליך, די ביהן וועט קיינמאָל קיין טעות ניט מאַכען. אָבער שלמה האָט אַפילו קיין רגע ניט געטראַכט און איהר גלייך אָנגעוויזען אויף די איינ־ציגע בעשעפענים וואָס וועט אונטערשיידען צווישען די ריכטיגע און קינסט־ליכע בלום.

— איך זעה אַז דיין אַפּרשטאַנד, קעניג, איז גרענצלאָז. ערלויבט דאָר מיר דיר צו פרעגן נאָך איניגע רעטענישען.

— פרעג, אָ, פּרעכטיגע קעניגין פון שבא, און אויב גאָט וועט מיר געבען שכל וועל איך פּרובירען אויף די אַנדערע רעטענישען צו ענטפערן.

—וואָס בעדייטעט דער בוים וואָס טראָגט אויף זיך זעהר פיעל קינדער, אַלע שטאַרבען אָפּ און ווערען גלייך ווידער געבאָרען, העלפט פון זיי זיינען ווייס, קלאָר ווי שנעע און העלפט פון זיי זיינען שוואַרץ ווי די ראָב־פויגלען.

— דער בוים איז דאָס יאָהר! — האָט איהר שלמה גלייך געענטפערט — די קינדער וואָס ער טראָגט זיינען די טעג און די נעכט, וועלכע שטאַרבען אָפּ

און ווערן גלייך ווידער אויפס ניי געבוירען. די טעג זיינען ווייס, און די נעכט זיינען שווארץ.

— געטראפען! — האט אבלקים אויסגערופען מיט באגייסטערונג. און יעצט וועל איך פרעגען א דריטע רעטעניש.

—וואס איז דאס פאר א מין וואסער וואס פליסט נישט פון הימעל און נישט פון דער ערד. מאנכעס מאל איז דאס וואסער ביטער און מאנכעס מאל זיס?

— דאס איז די טרעהרען פון די אויגען! — האט שלמה געענטפערט נישט לאנג טראכטענדיג. — טרעהרען קומען ארויס פון דעם מענשענס אויגען אין דער צייט פון זיין טרויער און אומגליק, און דאן זיינען זיי ביטער... אבער ווען דער מענש איז העכסט גליקליך דאן באווייזען זיך אין זיינע אויגען טרעה־רען פון פרייד און אזעלכע טרעהרען זיינען זיס.

— ריכטיג! — האט אבלקים אויסגערופען — דו האסט די דריי רעטע־נישען געטראפען, וואס קיינער האט ביז אהער נישט געקענט טרעפען, אזוי לייכט געטראפען... און יעצט קען איך דיר זאגען, אז ווען אימיצער פון די פריהערדיגע קעניגע וועלכע פלעגען מיר באזוכען וואלטען פותר געווען אט די דריי רעטענישען, וואלט איך יעצט נישט געווען דא ביי דיר אויף א באזוך. איך וואלט דאן געווען פערהייראט צו דעם טרעפער, ווייל אזא באדינג האב איך אויסגענומען מיט די יעניגע וועלכע זיינען געקומען צו מיר און פארגעשלאגען מיט מיר צו הייראטען. ווען אימיצער וועט טרעפען די דריי רעטענישען, דאן געהער איך צו איהם... צו מיין גליק אבער, האט קיין איינציגער פון זיי קיין איינציגען רעטעניש נישט געטראפען און דאריבער בין איך געווען פריי דיר צו באזוכען.

— אויב אזוי האב איך דאך א תביעה אויף דיר! — האט שלמה זיך אפגע־רופען מיט א שמייכעל.

— איך געהער צו דיר, מיט מיין לייב און לעבען — האט באלקים זיך אפגערופען א גליקליכע.

— אבער איך גלויב אז צו געווינען אאז ליעבליכע שעהנע און קלוגע קעניגין ווי דו, זיינען די דריי רעטענישען ווייט נישט גענוג. דאריבער פארלאנג איך פון דיר אז דו זאלסט מיר פרעגען נאך רעטענישען. פיליכט וועל איך מיט די איבריגע דורכפאלען, און דאן וועסטו זעהן אז איך בין נאך אויך גאנץ ווייט פון צו זיין קלוג.

— גוט! — האט די מלכת שבא צוגעשטימט. — איך וועל דיר פרעגען נאך איינינע רעטענישען.

—וואס איז דאס פאר אאז זאך, וואס נישט איטליכער שעצט עס, און דאך איז עס ווערטה געהאלטען צו ווערען אין קעניג׳ס חענד... עס רייסט און שטעכט און מאכט טויזענדע וואונדען, פון וועלכע עס געהט אבער קיינמאל קיין בלוט נישט. עס האט קיינעם נישט בעריבט און איז בכח יעדען רייך און גליק־ליך צו מאכען... עס איז אפילו פון מעטאל און אייזען. עס האט אבער קיינמאל קיינע מלחמות נישט געפיהרט... יעצט, מעכטיגער קעניג, קענסטו מיר זאגען וואס דאס איז און וואס איז די בעדייטונג דערפון?

— דאס מיינסטו דעם אקער־אייזען מיט וואס מען אקערט די ערד... יא,

די ווילכטיגקייט פון דעם אקער־אייזן איז זעהר גרויס, אז א קעניג דארף זיך דמיט נישט שעהמען, און וואס מעהר ער רייסט און שטעכט די ערד, אלץ בעסער איז דאס פאר די תבואה וואס וואקסט נאכהער ארויס... און ווען א מענש פוילט זיך נישט דאמיט צו בענוצען, וועט ער רייך און גליקליך זיין.

— אווונדערבאר! וואונדערבאר! — האט באלקיס אויסגערופען מיט גרויס ענטציקונג, — און יעצט וועל איך דיר ווייטער פרעגען:

עס איז פאראן אזא זאך, וואס פארנעהמט זעהר א קליינעם פלאץ און דאך איז עס פול מיט אלעם...

עס איז אליין פינסטער און דאך פערמאגט עס זעהר פיעל ליכט און גלאנץ... נישט שטענדיג איז עס גליך, עס איז ווי פון גלאז און דאך קען דאס נישט צו־בראכען ווערען, אליין איז עס טונקעל און דאך קלאהר און ריין ווי א שפיגעל... עס האט קיין מויל נישט און עס וואלט געוואלט פערשלינגען די גאנצע וועלט... קענסטו טרעפען וואס דאס איז.

נישט לאנג געטראכט האט שלמה אויסגערופען: **דאס איז דעם מענשען'ס אויג!**

באלקיס האט געגאפט:

— דיזען רעטעניש האט מיר א קעניג געפרעגט, נאכדעם ווי ער האט נישט געוואוסט צו ענטפערען אויף די פריהעריגע רעטענישען. איך האב זעהר פיעל דאן געטראכט און איך האב אליין נישט געטראפען. דאן האב איך ביי זיך בע־שלאסען אז עס איז גרינגער צופרעגען רעטענישען ווי צו פערשטעהען די מיינונג פון זיי. ביז יעצט האב איך נישט געוואוסט קיין ענטפער צו אט דיזען רעטעניש, ביז וואנען איך האב פון דיר, קליגסטער קעניג פון אלע קעניגען פון דער וועלט, דערהערט דעם אנטווארט. עס איז ריכטיג און צוגעפאסט... יע, דעם מענשענס אויג איז טאקע קליין אבער זי וואלט וועלען פערשלינגען א וועלט. און יעצט מיין האר קעניג וועל איך דיר פרעגעזבלויז נאך איין רעטעניש, וואס א צווייטער קעניג האט מיר געפרעגט און איך האב די תשובה נישט געוואוסט.

— פרעג, דו שעהנסטע צווישען מלכות, — האט שלמה זיך אפגערופען. ווייל דיין קלוגשאפט איז גענוג גרויס, אבער דיין שעהנקייט שטייגט א סך ארי־בער דיין קלוגשאפט.

באלקיס האט געווארפען א ליעבליכען בליק צו שלמה'ן און מיט א שמייכעל אויף איהרע ליפען האט זי זיך אפגערופען:

— וואס איז דאס פאר א זאך וואס עס איז נישט געשטארבען, פונדעסט־וועגען האט מען עס בעגראבען, אבער לאנג האט נישט געדויערט און עס איז אויפגעשטאנען תחית המתים, מיטברייננענדיג מיט זיך פיעלע פריינד. קענסטו מיר ערקלערען וואס דאס איז?

— דאס איז א קערנדעל תבואה וואס מען פערזעעט אין דער ערד, און ווען עס שפאציערט ארויס, ברייגנט עס מיט א סך מעהר ווי עס איז געווען דאן, ווען מען האט עס אין דער ערד בעגראבען

— א מעכטיגער קעניג דו ביזט קלוג ווי א מלאך פון הימעל! — האט באלקיס אויסגערופען — צווישען די שטערבליכע איז צו דיר קיין גלייכען נישטא... יעצט זעה איך אז די מענשען וועלכע זיינען געקומען אין מיין לאנד און מיר דערצעהלט פון דיין גרויסקייט און חכמה, האבען נישט נאר

נישט מגזם געווען, אבער זיי האבען אפילו קיין העלפט פון דיין קלוגשאפט נישט דערצעהלט. א גליקליך זיינען דיינע קנעכט וועלכע האבען די זכיה צו זיין נאָהענט צו דיר און דיר בעדינען, העכסט גליקליך זיינען דיינע פרויען, וועלכע האבען זוכה געווען אנגערופען צו ווערען די פרויען פון קעניג שלמה. גליקליך איז דאס פאלק ישראל, וואס זיין גאָט האט איהם געבענשט מיט אזא וואונדער־באַרען קעניג וועלכער טוט גערעכטיגקייט אין צדקה און משפט יעדען מיט יושר און חכמה... זאל גאט זיין מיט דיר און בעפעסטיגען דיין טראָהן אויף עוויג.

שלמה האט פון דער טיעפעניש פון זיין הארצען בעדאנקט דער קעניגען פון שבא פאר אלע איהרע ברכות און גליקווינשונגען און ער האט צו איהר געזאגט!

— דו ביזט ביי מיר זעהר אן אנגעלעגטער און חשוב'ער גאסט, און אלע דיינע פערלאנגען וועל איך ערפילען מיט גרויס פערגעניגען...

— דערווייל פערלאנג איך פון דיר, מיין האר קעניג, דו זאלסט אננעמען די מתנות וואס איך האב פאר דיר געבראכט פון מיין לאנד.

באלקיס האט בעפוילען איהרע קנעכט און דיענסטען און זיי האבען גענומען אריינברענגען די מתנות צו שלמה'ן. הונדערט צוואנציג צענטערן גאלד, האט זי שלמה'ן געגעבען, פיעלע קאסטבארע שטיינער, און אזוי פיעל בשמים וואס זי האט פאר שלמה'ן געבראכט איז נאך קיינמאל נישט געבראכט געווארען אין לאנד.

## אכצענטער קאפיטעל

# פרעה'ס נקמה פלאן

אויף זיין וועג נאך מצרים, האט קאפרים דער פריעסטער נישט אויפגעהערט מתפלל צו זיין צו אזירים'ן, וועלכער איז פלוצלונג, ווי ער, געצוואונגען געווארען אויסצוואוואנדערען פון ירושלים.

ווען ער איז אנגעקומען אין מצרים, און איבערגעגעבען פרעהן דעם בריעף פון זען טאכטער, האט דעם קעניג'ס צארן אין איהם געברענט...

— איך וועל נקמה נעמען אן שלמה'ן! — האט פרעה בעשלאסען... ער וועט מיט זיין לעבען בעצאהלען פאר דער בעליידיגונג פון מיין טאכטער און פון דעם גרעסטען גאט פון מצרים...

ער האט צוזאמענגערופען אלע מיניסטארען און קלוגע לייט און ער האט זיי געוויזען נאגסארא'ס בריעף...

— דער איינציגער וועג איז מלחמה! — האט זיך דער הויפט מיניסטער אפגערופען — לויט ווי קאפרים גיעט אונז איבער, אין נאמען פון דער פרינצע־סין, איז שלמה יעצט נישט געגרייט צו מלחמה, און אזוי ווי דיין טאכטער וויים פיעלע סודות פון דער מלוכה, וועט אונז נישט גאנץ שווער אנקומען איינצונעמען ירושלים.

— איך גלויב — האט פרעה געענטפערט — אז אנצופאנגען א מלחמה מיט שלמה'ן איז יעצט זעהר נישט ראטהזאם... מיין טאכטער געפינט זיך נאך אלץ אין זיין רשות, און ווען ער וועט זיך דערוויסען אז איך קום מלחמה האלטען מיט איהם, וועט ער איהר פיעלייכט שלעכטס טהאן... אחוץ דעם האט שלמה

זעהר פיעל פריינד צווישען די ארומיגע מלכים, מיט וועלכענס טעכטער ער האט געהייראט, און אין פאל פון א מלחמה וועלען זיי איהם קומען צו הילף... ניין, איך טאר נישט ארויסצייגען קיין שנאה צו שלמה'ן איך וועל איהם קומען ווידער בעזוכען, און איך וועל מיט איהם פערברייננגען אין זיין פאלאץ, אזוי ווי גארנישט וואלט געשעהן, איך וועל ארויסצייגען צו איהם נאך מעהר פריינדשאפט ווי פריהער... איך וועל אויפזוכען א רגע וואס ער וועט נישט בעמערקען און וועל ארייננטהאן גיפט אין זיין וויין, יע, זעהר א שטארקען גיפט, אז ווי ער וועט נאר בלויז איין זופ געבען, וועט ער בלייבען טויט... אט דאס וועט מיין נקמה זיין אז איהם... און דאן וועט פאר מיר אויך נישט גאנץ שווער זיין איינצונעמען גאנץ ארץ ישראל. ווי באלד אז שלמה וועט זיין טויט, וועלען שוין די איבעריגע מלכים נישט מעהר זיין פעראינטערעסירט צו בעשיצען ארץ ישראל... איך וועל צו יעדען קעניג אפשיקען זיין טאכטער בשלום, און זיי וועלען נאך מיינע פריינד־ יוערען... ווייל זיי וועלען דאך נישט וויסען אז איך בין שולדיג אין שלמה'ס טויט... נו, ווי געפעלט אייך מיין פלאן ?...

אלע מיניסטארען און אנוועזענדע אין פאלאץ האבען זיך פערנייגט פאר פרעה'ן און אויסגערופען :

— עס איז נישטא אזא קלוגער קעניג ווי אונזער קעניג פרעה ! דיין חכמה שטייגט אריבער אפילו שלמה'ס... און זיכער ביזטו ווערטה צו פערנעמען אויך זיין טראהן... זאל אונזער גאט אזירים, וועמען דער קעניג שלמה האט אזוי שטארק בעליידיגט, דיר בעהילפיג זיין און בעגליקען אין דיין אונטערנעהמונג...

— איך צווייפעל נישט ! — האט דער הויפט מיניסטער צוגעגעבען אז אונזער מעכטיגער קעניג, פרעה, וועט נאר אין גיכען ווערען אויך קעניג איבער ארץ ישראל, און זיין הערשאפט וועט זיך ציהען פון דעם נילוס ביז דעם ירדן !

— אויב אזירים וועט מיר העלפען, און איך וועל טאקע האבען ערפאלג ! — האט פרעה אויסגערופען — וועל איך דעם פרעכטיגען בית המקדש פון שלמה'ן פערוואנדלען אין א טעמפעל פאר דעם גאט אזירים, וועמען שלמה האט פון ירושלים פערטריבען, און איך וועל צווינגען אלע אידען צו קומען און זיך בוקען צו אזירים'ן, ווייל ער איז דער מעכטיגסטער פון אלע געטער.

— דו וועסט דארפען אויסגעפינען א גוטע אורזאכע וואס זאל בערעכטיגען דיין פלוצלונגען אנקומען אין ארץ ישראל מיט א; ארמעע, מיין העך קעניג ! — האט דער הויפט מיניסטער געזאגט — כדי שלמה'ן זאל גאר נישט איינפאלען דיך חושד צו זיין...

— איך האב א גוטע אורזאכע ! — האט פרעה אויסגערופען מיט צופריע־ דענהייט — דעם יאהר ווערט צוואנציג יאהר זינט מיין טאכטער נאנסארא האט געהייראט מיט שלמה'ן, בין איך דען נישט בערעכטיגט צוקומען זיך משמח זיין דעם יאהר... יע, איך וועל איהם פריהער אנשרייבען א בריעף און עס צושיקען מיט מיינע קנעכט, און דאן וועט געוויס ארונטער פון מיר יעדער פערדאכט.

קאפריס, דער פריעסטער וועלכער האט אלעס צוגעהערט איז געווען גליק־ ליך... אויב פרעה ווע טאויספיהרען זיין נקמת פלאן — האט ער זיך געטראכט — דאן וועט ער דאך ווידער קענען קומען אין ירושלים, און דאן וועט נאנסא־ רא'ס קאמער מיירעל איהם אנדעריש בעהאנדלען. זי וועט דאך זעהן אז אז ער

האט א האנט אין דער גאנצער איבערקעהרעניס. אחוץ דעם וועט פרעה איהם געוויס ערהויבען פאר דעם וואס ער האט אזוי געליטען פון שלמה'ן... איז ער רען נישט פערטריבען געווארען צוזאמען מיט אזירים'ן...

פרעה האט אנגעשריבען דעם פאלגענדען בריעף צו שלמה'ן:

"מיין ליעבער איידים, שלמה.

עס איז שוין לאנג זינט איך האב דעם כבוד און פערגעניגען געהאט דיר צו זעהן און מיט דיר פארברייינגען... און צו הערען דיינע קלוגע רייד, ווי איך האב געהערט, ביזטו זינט דאן נאך קליגער געווארען... דו ביזט נאך העכער געשטיגען, און מיין חשק איז זעהר גרויס דיר צו בעזוכען נאך אמאל... אויסער עם וויל איך דיר אויפמערקזאם מאכען, אז היינטיגס יאהר ווערט צוואנציג יאהר זינט דו האסט געהייראט מיט מיין טאכטער, און איך קום פייערען דיזען יאהר צוזאמען מיט דיר, גרויסער און קלוגער קעניג, אין דיין שטאדט ירושלים... איך האף אז איך וועל נישט פאלען צו לאסט צו דיר. און איך האף אויך אז עס וועט לאנג נישט געדויערען און דו וועסט מיר אפצאהלען מיט א בעזוך אין מיין לאנד, און איך וועל קענען ארויסצייגען מיין גרויסע שמחה צו דיין בעזוך אין מצרים... איך בעט דיר, שלמה, צו האלטען מיין יעצטיגען אנקומען בסוד פון מיין טאכטער, איך וויל איהר איבערראשען. איך האב צוגעגרייט זעהר פיינע מתנות פאר איהר און איך וואלט וועלען אז דאס זאל צו איהר קומען אלס א גרויסע איבערראשונג."

פרעה, מלך מצרים.

פרעה האט דעם בריעף פערזיגעלט און איהם איבערגעגעבען צו זיינע פערטרויענסווערטהע קנעכט און זיי אפגעשיקט נאך ירושלים.

אין דער זעלבער צייט האט פרעה געמאכט גרויסע הכנות צו זיין אפרייזען נאך ארץ ישראל. ער האט צוגעגרייט א גרויסע ארמעע, און מיטגענומענדיג פיעלע פון זיינע מיניסטארען, און העלדישע גענעראלען האט ער מיט גרויס פאראד און פיעלע ערווארטונגען פערלאזען מצרים.

* * *

ווען שלמה האט דערהאלטען פרעה'ס בריעף, האט ער זיך זעהר דערפרעהט. ער האט שוין לאנג געטראכט וועגען בעזוכען מצרים. יעצט וועט ער נאך פרעה'ס יעצטיגען בעזוך, אויך קומען צו איהם אויף א בעזוך... איהם האט זיך געוואלט זעהן די וואונדערבארע פיראמידען און אויך די שטערט וואס די אידען האבען אמאל געבויט אין מצרים... שלמה האט שוין אין גאנצען געהאט פערגעסען אז דעם צופאל מיט נאגסארא און איהר פריעסטער.

שלמה האט זיך גענומען צוגרייטען צו געבען פרעה'ן א פיינע אויפנאמע. אין דערזעלבער צייט האט ער אויך געזעהן אז נאגסארא זאל נישט אויסגעפינען דאס איהר פאטער קומט אן אין ירושלים, כדי עס זאל פאר איהר זיין א גרויס איבערראשונג, ווי פרעה האט געוואונשען.

ווען פרעה איז אנגעקומען אין ירושלים, איז שלמה איהם אליין געקומען בעגעגענען. פרעה האט איהם געהאלדזט און געקושט.

— צו זעהן דיין פנים, שלמה, איז ביי מיר אזוי ווי איך וואלט געזעהן דעם פנים פון א מלאך.

שלמה האט איהם איינגעלאדען צו זיין פאלאץ אבער פרעה האט געזאגט אז פריהער וועט ער געהן צו זיין טאכטער אין פאלאץ און איהר מאכען די איבערראשונג און נאכהער וועלען זיי צוזאמען אנקומען.

שלמה האט איהם בעגלייט ביז די טויערען פון נאגסארא'ס פאלאץ און נאכהער האט ער זיך צוריקגעקעהרט.

פרעה איז אריינגעקומען אין פאלאץ און זיין טאכטער דערזעהענדיג איהם דורך איהר פענסטער איז איהם ענטקעגען געלאפען מיט גרויס פרייד.

— געלויבט איז אזירים אז דו ביזט געקומען! — האט זי אויסגערופען.

זי האט איהר פאטער צו זיך אין צימער אריינגענומען און זי האט אלע איהרע קאמערמיידלעך און דיענסטען פון דארטען ארויסגעשיקט.

— א מיין ליעבער פאטער — האט זיך נאגסארא פאנאנדערגעוויינט. ווען דו וואלסט וויסען וואס איך האב זיך אנגעליטען, זינט שלמה האט דעם פריעסטער און מיין גאט אזירים פערטריבען... ער האט דאך מיר זעהר שרעקליך בעליידיגט, באד די אויגען פון דער מלכת שבא... און ווי עס וויזט אויס קליינט זיך שלמה אויך מיט איהר צו הייראטען... און ווער ווייס אויב ער פלאנעוועט נישט איהר אפצוגעבען מיין פאלאץ...

— זארג נישט, מיין טאכטער! — האט פרעה זיך צו איהר אפגערופען אין דער שטיל... עס וועט לאנג נישט דויערען און גאנץ ארץ ישראל וועט געהערען צו מיר!

— האסטו אנגענומען מיין עצה און געקומען מלחמה האלטען מיט שלמה'ן?

— האט נאגסארא אויסגעזרופען מיט פרייד — איך וועל דיר ענטדעקען אלע סודות, פון דער פעסטונג פון ירושלים... דער אריינגאנג צום פעסטונג איז מיר גוט בעקאנט...

— ווען איך וועל פארטיג ווערען, וועל איך שוין נישט דארפען די סודות פון פעסטונג! — האט פרעה געענטפערט מיט א שמייכעל — דאן וועט שוין שלמה זיין טויט!

— וואס מיינסטו?! — האט נאגסארא אויסגערופען.

— זאג מיר דעם אמת! — האט פרעה איהר געפרעגט — האסטו נאך אלץ ליעב שלמה'ן?

— א נייז פאטער, איך האס איהם! מיין שנאה צו איהם יעצט איז גרעסער ווי די ליעבע וואס איך האב צו איהם געהאט בעת מיר האבען ביידע געהייראט... א ווען איך זאל נאר קענען זעהן נקמה אן איהם, דאס וואלט מיר ווידער גליקליך געמאכט...

— צוליעב דעם, מיין טאכטער בין איך יעצט געקומען אהער! — האט פרעה זיך ארומגעקוקט. אויב קיינער הערט איהם נישט — איך האב שלמה'ן געשריבען א זעהר פריינדליכען בריעף, איך האב איהם געזאגט אז איך ביז געקומען פייערען דעם צוואנציגסטען יאהר פון דיין חתונה מיט איהם. און ווען איך האב זיך מיט איהם בעגעגענט האב איך איהם געקושט כדי אראפצונעמען פון מיר יעדען פערדאכט... מארגען וועט דאך שלמה מאכען א מאלצייט... און דאן...

פרעה האט ארויסגענומען א קליין פלעשעלע און עס געציינט צו זיין טאכטער.

— דא געפינט זיך א זעהר שעדליכע גיפט... איין טראָפּען פון דעם איז גענוג צו טויטען א מענשען אויגענבליקליך... מאָרגען ווען מיר וועלען זיצען ביי שלמה׳ס טיש, וועט ער דאַך מיר, ווי זיין שטייגער זעצען נעבען איהם, דאַן וועל איך שוין זעהן אז א טראָפּען פון דיזען טויטליכען סם זאָל אריינגעטאָן ווערען אין זיין בעכער וויין... און ווי נאָר ער וועט אויסטרינקען וועט ער פאַלען טויט... מיינע לייב־וועכטער וועלען זיך געפינען נעבען פאַלאַץ, און ווען זיי וועלען קריגען א סיגנאַל פון דיר, וועלען זיי גלייך אריינבערענגען אין פּאַלאַץ מיינע גבורים און זיי וועלען אויסרופען: אז דער קעניג פרעה פון מצרים, איז געוואָרען אויך קעניג פון ירושלים!

— אבער ווי אזוי פאָטער וועסטו קענען אריינטהאָן דעם סם אין שלמה׳ס בעכער אז קיינער זאָל נישט בעמערקען? — האָט איהם נאַגסאַרא געפרעגט פערוואונדערט.

— וועגען דעם טאַקע וויל איך זיך מיט דיר בעראַטען! — האָט פרעה איהר געענטפערט — דו וועסט מיר דאַרפען אנצייגען דעם פענסטער וואס איז נאָהענט צו שלמה׳ס שטוהל. נעבען יענעם פענסטער וועל איך אוועקשטעלען איינינע פון מיינע לייבוועכטער... איך וועל זיי אנזאָגען צו מאַכען א שטאַרקען טומעל אונטערן פענסטער... זיי זאָלען זיך מאַכען ווי זיי קריגען זיך און שרייען זעהר הויך, דאַן זאָלסטו זיך אויפהויבען פון דיין פּלאַץ און צוגעהן צום פענסטער און ארויסלאָזען א געשריי, וועט אויך שלמה און די איבעריגע זיך אויפהויבען פון זייערע פּלעצער צו זעהן וואָס עס קומט פאָר אין דרויסען... דאַן וועל איך שנעל אריינטהאָן דעם גיפט אין שלמה׳ס וויין...

— אח, מיין ליעבער פאָטער! — האָט נאַגסאַרא איהם גענומען האַלדזען און קושען — דיין עצה איז זעהר גוט. איך בין זיכער אז דיין וואונדערליכער פּלאַן וועט דורכגעפיהרט ווערען און מיין נקמה אין שלמה׳ן וועט פערווירקליכט ווערען... איך בין זיכער אז אונזער גאָט אזירים וועט דיר קומען צו הילף. א ווי גליקליך איך וועל זיך שעצען ווען דו וועסט זיצען אויף שלמה׳ס טראָהן.

— און דעם בית המקדש וואס שלמה האָט פאַר זיין גאָט געבויט וועל איך איהם פערוואַנדלען אין א טעמפּעל פאַר אזירים׳ן — האָט פרעה צוגעגעבען — און דאַן וועל איך צווינגען אלע איינוואוהנער פון ארץ ישראל צו דיענען צו אונ־זער גאָט...

— א איך בין אזוי אומגערולדיג! — האָט נאַגסאַרא אויסגערופען און איהרע אויגען האָבען געגלאַנצט.

פרעה האָט גלייך געשיקט רופען זיינע לייב־וועכטער און ער האָט זיי אנגעזאָגט:

— מאָרגען, ווען דער מאַלצייט פון קעניג שלמה׳ן וועט זיין אין פולען גאַנג, זאָלט איהר זיך שטעלען אונטער דעם פענסטער פון פּאַלאַץ, וואו איך וועל אייך אנצייגען און פּלוצלונג זאָל אויסברעכען א קריעג צווישען אייך און איהר זאָלט מאַכען אזא רעש און טומעל אז מען זאָל אייך קענען הערען אין פּאַלאַץ...

— מיין קעניג׳ס בעפעהל וועט אויסגעפיהרט ווערען — האָט דער הויפּט פון די לייבוועכטער זיך אפּגערופען — יעצט וויל איך פרעגען מיין האַר, זאָל דער קריעג זיין א ריכטיגער קריעג און דער געשלעג זאָל זיין א ווירקליכער?

— ניין! — האָט פרעה געענטפערט — איך וויל אז איהר זאָלט עס בלויז

טאהן און עס זאל אויסקומען אז איהר האט זיך צווישען זיך צוקריעגט און צו־שלאגען אויף אן אמת... זאלען די וועלכע וועלען אייך זעהן דענקען אז א ריב־טיגע קריעג איז צווישען אייך אויסגעבראכען.

— איך האב אימער געטראכט, מיין ליעבער פאטער, — האט נאגסארא זיך אפגערופען צו פרעה'ן, — אז דיין חכמה שטייגט אריבער די חכמה פון שלמה'ן, און יעצט בין איך אין דעם איבערצייגט.

— דו געדענקסט נישט מיין טאכטער, — האט פרעה איהר פארגעווארפען מיט א שמייכעל, — ווי פארקאכט דו ביזט געווען אין שלמה'ן, דיר האט זיך געדוכט אז עס איז נאך נישטא איינער וועלכער זאל קענען שלמה'ן אפנארען. און ווען שלמה האט צוריקגעשיקט מיינע מענשען צוזאמען מיט טרונעס און תכריכים, האסטו געמיינט אז דאס איז א גרויסע חכמה פון קעניג. יעצט וועסט ער דורך מיין פלאן דארפען האבען א טרונע פאר זיך זעלבסט און מארגען וועט עס געשעהן.

— בלויז איין זאך וועל איך דיר בעטען, ליעבער פאטער, — האט נאגסארא ווידער געזאגט, — ווען דו וועסט פארנעהמען שלמה'ס טראהן און צונעהמען זיינע פרויען, זאלסטו מיר איבערגעבען שולמית'ן אין מיינע הענט... ווייל איהר דאס איך מעהר ווי אלע איבריגע פרויען וועמען שלמה האט גענומען נאך מיר.

— און פארוואס איז דיין האס צו איהר מעהר ווי צו אלעמען? — האט ער איהר געפרעגט.

— ווייל אין דעם טאג וואס שלמה האט מיט איהר געהייראט, האט ער איבערגעטראגען זיין גאנצע ליעבע צו איהר, און מיר האט ער גענומען פער־נאכלעסיגען... אפילו ווען ער האט פאר מיר געבויט דעם ספעציעלען פאלאץ, האב איך אויך געפיהלט אז די וויכטיגסטע פון זיינע פרויען איז שולמית און נישט איך, וועלכע איז זיין ערשטע פרוי... עס איז אויסגעקומען אין מיינע אויגען אז זי איז די קעניגין פון לאנד און נישט איך... און דערפאר וויל איך איהר יעצט ארייננקריגען פאר מיין דינסט, כדי איך זאל זיך קענען מיט איהר אפרעכענען... די איבריגע פרויען קענסטו צוריק שיקען צו זייערע לענדער, ווייל זיי זיינען די טעכטער פון קעניגע, און דו וועסט דארפען זעהן מיט זיי צו לעבען בשלום... אבער שולמית איז געווען אן איינפאכע פאסטושקע, און שלמה האט איהר אזוי דערהויבען אז זי איז פאררעכענט געווארען פאר די אפיציעלע קעניגין פון לאנד.

— דיין בקשה וועל איך ערפילען! — האט פרעה געזאגט, — דו וועסט זיך אומקעהרען נאך מצרים מיט שולמית'ן אלס דיין דינסט. דארטען וועסטו קענען מיט איהר טהאן וואס דו ווילסט.. אבער נישט דא, אין ירושלים, ווייל דאס וועט מעגליך אויפרעגען די אידען נאך מעהר.

— דו קענסט זיך יעצט פארשטעלען ווי ווייט שלמה איז פון צו זיין א חכם! — האט נאגסארא זיך אפגערופען, — ער ווייסט דאך ווי שטארק אויפ־געבראכט איך בין געגען איהם פאר דער באליידיגונג וואס ער האט מיר פאר־אורזאכט און פאר דעם וואס ער האט פארטריבען דעם פריסטער קאפרים און אונזער הויפט־גאט אזירים. פון דעסטוועגען גלויבט ער נאך אז דו ביזט אהער געקומען מיט פריינדליכע אבזיכטען.

— איך האב איהם געזאגט, — האט פרעה א שמייכעל געטהאן, — אז צו זעהן זיין פנים איז ביי מיר גלייך ווי איך וואלט געזעהן דעם פנים פון א מלאך, און ער האט מיר גענומען אזוי ערנסט אז ער האט מיר גלייך איינגע־לאדען צו זיך...

— יא, מארגען וועט ער שוין געהן צו די מלאכים אין הימעל! — האט נאגסארא געזאגט, — און די מלכת שבא וועט פארלירען איהר קלוגען שלמה'ן מיט אלע איהרע האפנונגען...

— איך וועל דארפען עטוואס פארזיכטיג זיין מיט דער מלכת שבא! — האט פרעה געזאגט, — ווייל זי איז א מעכטיגע קעניגין און זי קען מיר פאר־אורזאכען א סך אונאנגענעהמעס...

— ווען זי וועט זעהן אז דו האסט בעזיעגט דעם קלוגען שלמה'ן, און דו ביזט געווארען אויך הערשער פון ארץ ישראל, וועט זי נישט וואגען צו טראכטען אפילו מיט דיר מלחמה צו האלטען... זי וועט מיט גרויס חרפה זיך אומקעהרען צו זיך אהיים...

אויף מארגען האבען זיך אין פאלאץ געגומען פערזאמלען די וויכטיגע שרים, וועמען שלמה האט איינגעלאדען צום מאלצייט, און האבען זיך געזעצט ארום די טישען אויף זייערע בעשטימטע פלעצער.

ווען פרעה און נאגסארא זיינען אנגעקומען האבען אלע זיך אויפגעשטעלט און זיי פריינדליך בעגריסט.

שלמה האט פרעה'ן געזעצט נעבען זיין לינקע האנט און נאגסארא'ן נעבען איהר פאטער. נעבען זיין רעכטער האנט, איז געזעסען, זיין אלטע מוטער בת שבע, נעבען איהר איז געזעסען באלקיס, די קעניגין פון שבא און נעבען איהר איז געזעסען שולמית.

דער מאלצייט האט זיך אנגעפאנגען די גאלדענע בעכער זיינען אנגעפילט געווארען מיט גוטען וויין, שלמה האט אויפגעהויבען זיין כוס און געטרונקען פאר דעם גליק און געזונט פון זיינע געסט, פרעה'ן און די מלכת שבת.

די איבעריגע אנוועזענדע האבען נאכגעטהאן און אויך געטרונקען.

— יעצט, מיין קעניג! — האט זיך שלמה אפגערופען צו פרעה'ן דערצעהל אונז פון דיין געבענשטען לאנד, מצרים... איך האף צו מאכען א רייזע נאך מצרים צוצוזעהן מיט מיינע אויגען די וואונדערבארע פיראמיעדען... אגב בין איך זעהר נייגעריג צו זעהן די שטעדט וואס מיינע אורעלטערן האבען דארט אמאל געבויט...

— דו וועסט ביי מיר זיין זעהר אן אנגנעלעגטער גאסט, מיין קעניג שלמה! —האט פרעה איהם געענטפערט מיט א שמייכעל — עס איז ווירקליך פאראן זעהר פיעל צו זעהן אין מיין לאנד... און די שטעדט וואס דיינע אורעלטערן האבען געבויט בעת זיי זיינען געווען קנעכט אין מצרים, זיינען נאך גאנץ און קוקען אויס ווי זיי וואלטען ערשט נישט לאנג געבויט געווארען... ווען, שלמה, וועל איך האבען די עהרע דיר צו האבען פאר מיין גאסט, אין מצרים?

— מיט דער הילף פון גאט, האף איך אז אין דעם קומענדען יאהר, וועט פאר מיר מעגליך זיין אזא רייזע צו מאכען... אויב איך וועל נאר דאן זיין ביים לעבען...

— דו ביזט נאך יונג און שטארק און דו וועסט נאך זיבער לעבען פיעלע יאהרען — האט פרעה קוים געקענט איינהאלטען זיין שמייכעל.

— דאס לעבען פון מענשען איז אין די הענט פון גאט! — האט שלמה אויסגערופען — און אויב דער מענש איז זוכה פערלענגערט גאט זיינע יאהרען, און אויב נישט — פערקירצט ער זיי.

— אבער דו האסט דאך געווים זוכה געווען... האסטו דען נישט פאר דיין גאט געבויט א פראכטפולען בית המקדש און ביזטו דען נישט מקריב פאר איהם קרבנות יעדען טאג?...

— די וועגען פון גאט איז פארבארגען פאר דעם מענשען און עס איז שווער פאר איהם צו וויסען, ווען גאט איז צופריעדען מיט זיינע מעשים און ווען נישט...

---

אונטען, נעבען פענסטער, וואס איז געווען נאהענט צו דעם פלאץ וואס שלמה איז געזעסען זיינען געשטאנען פרעה'ס לייב־וועכטער און האבען צווישען זיך שטילערהייט געשמועסט.

— באלד, א באלד וועלען אלע אנדערע פעלקער וויסען ווער עס איז ווירק־ליך דער קליגסטער קעניג פון אלע קעניגען, פרעה אדער שלמה! — האט זיך איינער אפגערופען...

— וואס וועט זיין דער סיגנאל וואס אונזער קעניג וועט אונז געבען? — האט א צווייטער איבערגעפרעגט.

— ווען מיר וועלען דערהערען דעם געשריי פון דער פרינצעסין וועלכע וועט צולויפען צום פענסטער צוליעב דעם טומעל וואס מיר וועלען מאכען, וועט איינער פון אונז, וועלכער וועט נישט נעמען קיין אנטהייל אין אונזער קריעג, ארויפקוקען אויבען אין פענסטער און ווי נאר ער וועט דערזעהן דעם סיגנאל פון דער פרינצעסין, וועט ער גלייך געהן רופען די גבורים און מיר אלע וועלען אויסרופען: "זאל לעבען פרעה פון מצרים, וועלכער איז אויך קעניג פון ירושלים!

— אויב מיר וועלען דאס אלעס גוט דורכפיהרען — האט נאך איינער זיך אפגערופען גאנץ שטיל — דאן קענען מיר ערווארטען א גוטע בעלויכונג פון אונזער קעניג!

מיר וועלען באלד עס דארפען אנפאנגען! — האט דער ערשטער לייב־וועכטער זיך אפגערופען — און מיר וועלען עס מוזען מאכען אזוי, אז קיינעם זאל גארנישט איינפאלען אז דאס איז אן אפגעמאכטע זאך.

— שא! — האט נאך איינער אויסגערופען — לאמיר זיך צוהערען אויב דער מאלצייט האט זיך אנגעפאנגען.

אלע האבען אנגעשטרענגט זייערע אויערען...

— יע, פון די געשפרעכען, וואס איהר הערט, פערשטעה איך אז דער מאלצייט האט זיך אנגעפאנגען.

— מיר וועלען ווארטען בלויז נאך א קליינע ווייל.

---

ווידער אמאל זיינען די בעכער אנגעפילט געווארען מיט וויין...

פרעה האט נישט אראפגענומען זיינע אויגען פון דעם בעכער, וואס איז געשטאנען נעבען שלמה'ן... ער האט געזוכט ווייטער אריינצוגעהן מיט איהם אין א געשפרעך כדי שלמה זאל נישט אויסטרינקען אויך דיזען כוס, ביז ווען ער וועט

דורכפיהרען זיין פּלאַן... זיינע בליקען האָבען זיך בעגעגענט מיט נאַגסאַראַ'ס וועלכע איז געזעסען די גאַנצע צייט זעהר אומרוהיג און נערוועאיש בעוועגט איהרע הענט. פּלוצלונג איז דערהערט געוואָרען אַ גרויסער טומעל אין דרויסען... אַלע האָבען אַנגעשטעלט זייערע אויערען... נאַגסאַראַ האָט זיך אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ און שנעל צוגעגאַנגען צום פענסטער... זי האָט אַרויסגעבויגען איהר קאָפּ... דער געשריי און טומעל האָט זיך נאָך פערגרעסערט...

נאַגסאַראַ האָט אַרויסגעלאָזען אַ געשריי.. שלמה האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער די איבעריגע געסט האָבען אויך אַנגעווענדעט זייערע בליקען אין דער ריכטונג פון פענסטער...

פּרעה האָט די קליינע פלעשעלע מיט דעם גיפט געהאַלטען אַנגעגרייט, ער האָט זיך אויך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און ווען ער האָט זיך אַרומגעזעהן אַז אַלעמענס אויגען זיינען געווענדעט צום פענסטער, האָט ער פאַרבייגעהענדיג אויף שנעל אַריינגעגאָסען די גיפט פון זיין פלעשעלע אין שלמה'ס בעכער...

ער איז אויך צוגעגאַנגען צום פענסטער און ווענדענדיג צו נאַגסאַראַן האָט ער מיט געלאַסענהייט געפרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט, מיין טאָכטער?

— דיינע לייב וועכטער האָבען זיך צווישען זיך צושלאָגען און ווען איך וואָלט נישט אַרויסגעלאָזען אַ געשריי וואָלט איינער פון זיי געהאַט אַריינגערוקט זיין שווערד אין זיין פריינדס האַרץ... עס איז אַ גליק וואָס זיי האָבען מיר איז צייט באַמערקט און זיך אויפגעהערט צו שלאָגען!

— זיי וועלען מוזען באַשטראָפט ווערען פאַר שטערען אונזער רוה! — האָט פּרעה אויסגערופען — איך וועל אויסגעפינען ווער עס האָט דעם געשלעג אַנגעפאַנגען.

שלמה האָט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין פּלאַץ און אַלע איבעריגע געסט האָבען ווידער פערנומען זייערע פּלעצער.

— איך בעט דיר דו זאָלסט מיר ענטשולדיגען, שלמה! — האָט זיך פּרעה צו איהם געווענדעט ווען ער האָט זיך געזעצט אויף זיין שטוהל — עס טרעפט מיר דאָס ערשטע מאָהל, אַז מיינע לייבוועכטער זאָלען זיך צווישען זיך צושלאָגען... איך וועל נאָך היינט זיי בעשטראָפען!

— ווי עס ווייזט אויס וויסען נישט דיינע לייבוועכטער פון מיין בעשלוס צו האָבען שלום אין מיין לאַנד! — האָט שלמה געלאַכט — דאָך בעט איך דיך, מיין קעניג דו זאָלסט נישט זיין צו שטרענג מיט זיי... מעגליך אַז די יונגען האָבען עס געטהאָן בלויז אויף שפּאַס.

— און מעגליך אַז זיי זיינען הונגעריג און זיי האָבען געוואָלט מיר זאָלען זיך אין זיי דערמאַהנען! דעריבער וואָלט איך געראַטען מען זאָל זיי אַרויסשיקען עטוואָס שפּייז! — האָט זיך די קעניגין פון שבא אָפּגערופען.

— ווען מיינע קנעכט האָבען זיך פאַרזינדיגט, האָבען זיי דאָך געוויס נישט פערדיענט קיין בעלוינונג! — האָט פּרעה זיך אָפּגערופען — אָבער עס איז נישט כדאי מיר זאָלען אפילו וועגען דעם רעדען. לאָמיר בעסער יעצט טרינקען פאַר דעם געזונט פון מיין טאָכטער נאַגסאַראַ, וועלכע איז געווען גליקליך גענוג צו זיין די ערשטע פרוי פון דעם קליגסטען קעניג פון אַלע קעניגען.

פרעה האט אויפגעהויבען זיין כוס און געווארט אויף שלמה'ן, ער זאל אנ־פאנגען צו טרינקען.

שלמה האט אויך אויפגעהויבען זיין כוס און געזאגט:

— איך וויל טרינקען פאר דעם געזונט פון פרעה'ן, דעם קעניג פון מצרים, וועלכער איז געווען אזוי גנעדיג און איינגעשטעלט זיין לעבען אין סכנה און דורכגעמאכט איינציגע מאל אזא לאנגע און געפעהרליכע רייזע כדי מיר אנצוטהאן גרויס כבוד...

פרעה האט געהאלטען זיין כוס אין האנט און האט זיינע אויגען נישט ארונ־טערגענומען פון שלמה'ן, דאס זעלבע האט אויך נאגסארא געטהאן.

שלמה האט לאנגזאם צוגעטראגען דעם בעכער צו זיינע ליפען...

פלוצלונג האט זיך באלקיס, די מלכת שבא אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ און האסטיג ארויסגעריסען דעם בעכער פון שלמה'ס האנט און אויסגעגאסען דעם וויין אויף דעם בארען...

א שרעק האט אלעמען אנגענומען ווען זיי האבען דאס צוגעזעהן... פרעה און נאגסארא זיינען בלאס געווארען ווי דער טויט...

— איך דאנק דיר, באלקיס! — האט שלמה זיך אפגערופען, געלאסען — אבער נישט דעם ריכטיגען בעכער האסטו אויסגעגאסען... אויב דו ווילסט ווירק־ליך ראטעווען א מענשען פון א זיכערען טויט, דאן רייס ארויס דעם בעכער פון דער האנט פון אונזער גוטהערציגען גאסט, פרעה'ן, דעם קעניג פון מצרים... ווייל ער ווייס נישט אז אין זיין בעכער וויין געפינט זיך א טויטליכער גיפט.

באלקיס און די איבעריגע האבען אנגעקוקט שלמה'ן מיט גרויס פארוואונ־דערונג.

— אויב דו צווייפעלסט נאך, גנעדיגע קעניגין אין מיינע רייד, וועל איך דיר באלד איבערצייגען — האט שלמה זיך אפגערופען און ווענדענדיג זיך צו פרעה'ן האט ער זיך אפגערופען מיט א שמייכעל.

— דו וועסט דאך מיר זיכער מוחל זיין ווען איך וועל נעמען דיין בעכער וויין פון דיין האנט בלויז אויף א קליינע ווייל...

שלמה האט ביי פרעה'ן גענומען דעם בעכער וויין, און ער האט בעפוילען צו ברייגגען א הונט.

ווען דער הונט איז געבראכט געווארען האט שלמה זיך אפגערופען, דער־לאנגענדיג פרעה'ס בעכער וויין צום קנעכט.

— גיעב אביסעל וויין צו דעם הונט.

דער קנעכט האט אזוי געטהאן און עפענענדיג דעם הונט'ס מויל, האט ער אריינגעגאסען אהין עטליכע טראפען וויין... אלע האבען אומגעקעהרט זייערע קעפ און מיט ערשטוינונג געקוקט וואס דא וועט פארקומען...

עס האט לאנג נישט גענומען און דער הונט איז אנידערגעפאלען א טויטער אויף דעם בארען...

א שרעק האט אנגענומען אלע פערזאמעלטע... מיט אפענע מיילער און צושראקענע אויגען האבען זיי געקוקט אויף שלמה'ן... קיינער האט נישט געקענט פארשטעהן וואס דא איז פלוצלונג פארגעקומען...

פרעה און נאגסארא זיינען געבליבען זיצען אויף זייערע פלעצער... זייערע

פנים׳ער זיינען נאך בלאסער געווארען און זייערע אויגען האבען אויסגעדריקט צושראקענהייט און ענטטוישונג...

ווען פרעה האט זיך פון זיין פלאץ אויפגעהויבען — האט נאסטארא איהם נאכגעפאלגט.

— אויב דו וועסט בעשליסען נאך היינט זיך אומצוקעהרען מיט דיין ארמעע נאך מצרים! — האט שלמה צו איהם געזאגט מיט א שמייכעל — דארפסטו זיך פאר קיין זאך נישט שרעקען. וויל מיין גאנצע ארמעע וואס געפינט זיך ארום דער פעסטונג פון ירושלים, איז גרייט צו יעדער צייט דיך צו באשיצען.

— איך דאנק דיר, איך וועל קיין שוץ נישט ברויכען! — האט פרעה קוים ארויסגערעדט און צוזאמען מיט נאגסארא׳ן פערלאזען דעם זאל.

— גרויס איז דיין חכמה מיין האר קעניג! — האט באלקיס אויסגערופען — וואונדערליך זיינען דיינע ווענען, מעכטיגער קעניג, אבער איך קען עס נאך אלץ נישט בעגרייפען ווי אזוי דאס האט פאסירט... איך האב פון א זייט בעמערקט ווי פרעה האט דעם גיפט אריינגעטהאן אין דיין בעכער, און דעריבער ווען איך האב בעמערקט אז דו ווילסט שוין נעמען טרינקען האב איך שנעל ארויסגעריסען דעם בעכער פון דיר און אויסגעגאסען דעם וויין... מיר האט זיך געדוכט אז דו וועסט עס אננעמען בלויז פאר א שפאס און דערווייל וועל איך האבען געראטעוועט דיין לעבען... אבער ווי אזוי קומט עס אז דער בעכער מיט דעם סם זאל גאר שטעהן נעבען פרעה׳ן... איך בט דיר מיין האר קעניג, דערציעהל אונז, ווי אזוי דאס האט פאסירט?...

— דו געדענקסט דאך, גנעדיגע קעניגין פון שבא! — האט שלמה זיך אפגערופען געלאסען — ווען איך האב דיר אריינגעפיהרט צייגען דעם פאלאץ פון נאגסארא׳ן. דארטען איז געווען איין צימער א פערשלאסענער און זי האט פון מיר פערלאנגט איך זאל דעם צימער נישט עפענען...

יע, יע, איך געדענק עס? — האט באלקיס געענטפערט און ווען דו האסט דעם צימער יע געעפענט, האבען מיר דארטען דערזעהן א פריסטער מיט אן אפּ־נאט פון מצרים.

— און איך האב דעם פריעסטער מיט זיין אפגאט ארויסגעשיקט פון מיין לאנד — האט שלמה פארטגעזעצט — און דו געדענקסט דאך געוויס, ווי שטארק אין כעס און אויפגעבראכט נאגסארא איז אויף מיר געווען... און ווען קירצליך נאכדעם, אז איך האב ערהאלטען א ידיעה פון פרעה׳ן אז ער קומט בלומרש׳ט פייערען דעם צוואנציגסטען יאהר זינט זיין טאכטער איז צו מיר פערהייראט, האב איך גלייך פערשטאנען אז דאס איז אן אויסרייד... און אז נאגסארא האט איהם וועגען אלעם געשריבען.. איך האב גלייך אין דער שטיל נעהאט צוגענרייט מיין ארמעע, און ווען איך האב איהם דערזעהן, האב איך גלייך פערשטאנען פון זיין פנים אז ער טראגט זיך ארום מיט שלעכטע געדאנקען וועגען מיר, כאטש ער האט זיך בעמיהט מיר ארויסצוציינען אזוי פיעל פריינדליכקייט. זיין באלדיגער אוועקגעהן צו זיין טאכטער און דאס וואס ער האט מיט איהר פערבראכט דעם גאנצען טאג, האט נאך מיין פערדאכט פארשטארקט... ווען זיי זיינען היינט ביידע געקומען צום מאלצייט, האב איך בעמערקט ווי שטארק צורודערט און נערוועאיש זיי זיינען... און ווען נעבען מיין פענסטער האט אויפגעבראכען דער טומעל, און נאגסארא איז די ערשטע אהין

צוגעלאפען... בין איך אויך גלייך צום פענסטער צוגעגאנגען... איך האב בעמערקט ווי פרעה'ס לייבוועכטער שלאגען זיך צווישען זיך... דאן איז מיר גלייך אריינגעפאלען א געדאנק, אז די גאנצע זאך איז אן אפגעמאכטע ווײלע לייבוועכטער, וועלכע זיינען אוועקגעשטעלט געווארען צו בעוואכען זייער קעניג וועלען זיך פלוצלונג, נישט אריינלאזען אין א געשלעג... איך האב באלד פערשטאנען אז דאס איז אן אפגעמאכטע זאך, און אז נאגסארא האט אויך אין דעם א חלק און דעריבער האט זי ארויסגעלאזען א געשריי כדי צוציהען אלעמענס אויפמערקזאמקייט צום פענסטער... איך האב אויך בעמערקט אז פרעה איז געוועזען דער לעצטער צוצוגעהן צום פענסטער, פון דעם האב איך פערשטאנען אז פרעה זוכט מיר אומצובריינגען פון דער וועלט. און ער האט געוויס אריינגעטהאן א ניפט אין מיין בעכער וויין, איך האב זיך דעריבער גלייך צוריקגעצויגען צו מיין פלאץ און שנעל אומבעמערקבאר, זיך געביטען מיט פרעה'ס בעכער... און ווען דו גנעדיגע קעניגין, האסט פון מיר ארויסגעריסען דעם בעכער וויין, האב איך איינגעזעהן אז איך האב קיין טעות נישט געמאכט... און דעריבער גלייך געגעבען פרעה'ן אנצוהערעניש אז דער גיפט וואס ער האט אריינגעטהאן איז מיין בעכער געפינט זיך גאר אין זיין בעכער! און דאן האב איך אייך אלעמען איבערצייגט...

— געלויבט איז גאט! — האט דער ראש פון דעם סנהדרין זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופען — וואס ער האט דיר געגעבען אן אומבעגרעניצטע פערשטאנד און פיעל חכמה פאראויסצוזעהן די סכנה און דאמיט געראטעוועט דעם לעבען פון ישראל'ס בעליעבסטען קעניג.

— דיין חכמה איז געטליך! — האט באלקים אויסגערופען מיט גרויס ענטציקונג — ווי ריכטיג דו האסט עס אלעס פאראויסגעזעהן! און איך האב געדענקט אז איך בין געוועזען די איינציגע וועלכע האט בעמערקט ווי פרעה טוט עפעס אריין אין דיין בעכער... א ווי מיין הארץ האט געשראקען... איך האב פריהער געוואלט דיר שטילערהייט געבען א צייכען אז דו זאלסט נישט טרינקען פון דעם וויין, אבער איך האב קיין געלעגענהייט נישט געהאט... דאן האב איך געוואלט צו דיר א וואונק טאהן, אבער דיינע אויגען זיינען די גאנצע צייט געווען געריכטעט ערגעץ אנדערש... ביז וואנען איך האב בעשלאסען אויף דיזען שריט...

— דו האסט מיין הארציליכען דאנק! — האט שלמה אויסגערופען דאס וואס דו האסט בעמערקט אז פרעה האט אריינגעטהאן גיפט אין מיין וויין, צייגט אז דו האסט אויך בעגריפען די לאגע אז נישט וואלט דאך דיר קיינמאל נישט איינגעפאלען צו ווענדען דיין בליק צו פרעה'ן.

— איך בין זיך מודה אז איך האב ביז אהער קיין חשד נישט געהאט אויף פרעה'ן — האט באלקים געענטפערט — ווער האט זיך געקענט ריכטען אז דער קעניג פון מצרים וועט זיין אזוי געמיין!...

בת שבע די מוטער פון שלמה, וועלכע איז שוין געווען גאנץ אלט, איז געווען אזוי ערשיטערט פון דער גאנצער פאסירונג, אז פאר א היבשע ווײלע האט זי צו זיך נישט געקענט קומען פון אויפרעגונג. ווען זי האט זיך עטוואס בע־

רוהיגט האט זי זיך אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ און איז צוגעגאנגען צו שלמה'ן און האט איהם א קוש געטהאן אין קאפ.

— מיין זוהן! — האט זי קוים ארויסגערעדט מיט ציטערענדע ליפען. איך זעה אז גאט איז מיט דיר... ער האט דיר יעצט פון א זיכערען טויט גערעטעט און דאמיט אויך פערמיטען א גרויסען אומגליק אויף אונזער פאלק און לאנד... יעצט מיין זוהן האף איך אז דו וועסט וויסען וואס צו טהאן. פרעה און זיין טאכטער געפינען זיך יעצט אין דיין לאנד... ער האט געמאכט א פערזוך דיך צו טויטען, דיין ערשטע פרוי נאנסארא האט דערפון געוואוסט און עס איז דאך געווען זעלבסט פערשטענדליך אז זי האט איהר פאטער געוואלט ארויסהעלפען אין דעם, זי האט געוואלט זיך אפרעכענען מיט דיר פאר וואס דו האסט בעלייריגט איהר אפגאט. און יעצט מיין זוהן, וועסטו לאזען פרעה'ן מיט זיין גרויסע ארמעע ארומגעהן פריי אין ירושלים... און וואס וועסטו טהאן ווען ער וועט פלוצלונג מאכען אן איבערפאל אויף דער שטאדט?...

— מיין ליעבע מוטער — האט איהר שלמה ארומגענומען — אין דיין גרויס אויפרעגונג און ערשיטערונג האסטו נישט געהערט וואס איך האב געזאגט פרעה'ן ווען ער האט געהאלטען ביים פערלאזען מיין פאלאץ צוזאמען מיט נאנסארא'ן. איך האב איהם געזאגט אז מיין גאנצע ארמעע געפינט זיך ארום דער פעסטונג פון ירושלים, און איז גרייט צו יעדער צייט איהם צו בעשיצען... און אייב פרעה האט יע געהאט פריהער אזא פלאן, וועט ער דאך יעצט געוויס נישט וואגען צו טהאן.

— און וואס וועסטו טהאן מיט נאנסארא'ן? — האט בת שבע איהם ווייטער געפרעגט.

— זי וועט נישט פערבלייבען אין ירושלים, לענגער ווי איהר פאטער — האט שלמה געענטפערט — און איהר פאלאץ וועל איך אפגעבען צו דער וועלכע האט געזאלט זיין מיין ערשטע פרוי, נאר צוליעב א מיספערשטענדניס, האט נאנסארא פערנומען איהר פלאץ.

— שולמית! — האט בת שבע אויסגערופען און איהרע אויגען האבען געלויכטען פון פרייד — געלויבט איז גאט וואס יעצט וועל איך קענען שטארבען מיט א רוהיגען געוויסען.

שולמית האט זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און פערנייגט פאר שלמה'ן און פאר בת שבע'ן.

— איך דאנק דיר, מיין הארינטע פאר דיין גנאדע וואס דו האסט מיר די גאנצע צייט ארויסגעוויזען... אבער איך גלויב, אז מעהר פון מיר איז בארעכטיגט די מלכת שבא אויף דעם פאלאץ פון נאנסארא, ווייל אין דער צייט וואס מיר איז גארנישט איינגעפאלען חושד צו זיין פרע'ן און נאנסארא'ן אז זיי טראגען זיך ארום מיט שלעכטע כונות וועגען אונזער קעניג, האט די קעניגין פון שבא איהרע אויגען פון איהם נישט ארונטערגעלאזען, ביז וואנען זי האט בעמערקט וואס ער האט געטהאן און זי האט דעם קעניג'ס לעבען געראטעוועט.

— דער קעניג האט זיין לעבען גערעטעט דורך זיין אייגענער חכמה — האט באלקים געשמייכעלט — אבער איך בין גליקליך אז גאט האט מיר געמאכט

זעהן אלעס מיט מיינע אויגען... און ווי גליקליך דו, שולמית דארפסט זיך שעצען אז דו ביזט די פרוי פון דעם קליגסטען און גרעסטען קעניג פון דער וועלט... איך בין אהער געקומען פון א גאנץ ווייט לאנד... מיינע בירגער ווארטען מיט גרויס אומגעדולד אויף מיין צוריקקעהר... אבער אלע מיינע האפנונגען און וואונשען וועלען נישט ערפילט ווערען, אויב איך וועל נישט קענען דערצעהלען פאר אלע מיינע געטרייע בירגער און בעאמטע אז איך בין די פרוי פון שלמה'ן...

— דיזער וואונש וועט אויך ערפילט ווערען! האט שלמה איהר גלייך געענטפערט — איך האב זעהר פיעל דיר דאנקבאר צו זיין און בפרט פאר דעם וואס האט נאר וואס פאסירט... איך וויל ערקלעהרען פאר אלעמען אז אויב דו וועסט נישט האבען דאגעגען וועל איך מיט דיר חתונה האבען...

— דאגעגען ?! — האט באלקיס געענטפערט מיט א שטראהלענדען שמייכעל — ווען דו האסט מיר געגעבען די בעדייטונג פון אלע רעטענישען, האב איך שוין צו דיר געהערט... ווייל אזוי האב איך געהאט ביי זיך אפגעמאכט אז דער וועלכער וועט טרעפען בלויז דריי רעטענישען זאל האבען דאס רעכט אויף מיר... און בפרט אז דו האסט געטראפען אלע רעטענישען וואס איך האב דיר געפרעגט.

— אין פינף טעג ארום וועט זיין ראש חודש! — האט שלמה אויסגערופען און דאן וועל איך אויך פייערען מיין חתונה מיט דיר.

— און שולמית וועט זיך טיילען דעם פאלאץ פון נאגסארא מיט באלקיס'ן — האט בת שבע געזאגט מיט א שמייכעל.

— איך וועל קענען פערבלייבען מיט דעם קעניג שלמה בלויז דריי יאהר, ווייל איך האב פערשפראכען מיינע בירגער זיך אומצוקעהרען אין דריי אדער פיער יאהר ארום... אבער איך קען אייך אלעמען פערזיכערען אז די דריי יאהר וועלען פאר מיר זיין די גליקליכסטע יאהרען פון מיין לעבען... ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען אהיים צו מיין געבורטסלאנד, וועל איך אימער קוקען צוריק אויף די דריי יאהר מיט גרויס צופריעדענהייט זיי וועלען זיין א קוואל פון גליק פאר מיין גאנצען לעבען, און ווען גאט וועט געבען און איך וועל געבוירען א זוהן פון שלמה דאן וועט דאס גליק פון מיין גאנץ לאנד פארפולט ווערען.

ענטוישטע און טרויעריגע זיינען פרעה מיט זיין טאכטער ארויס פון שלמה'ס פאלאץ...

— אויף דעם האב איך זיך גארנישט געריכט! — האט פרעה זיך אפגערופען צו נאגסארא'ן — דוכט זיך איך בין געווען אזוי פארזיכטיג און דאך האט שלמה אויסגעפונען.

— אין דעם איז שולדיג די פערפלוכטע קעניגין פון שבא! — האט נאגסארא זיך אפגערופען מיט פערביטערונג.

— אבער האסטו דען נישט געזעהן אז שלמה האט זיך וועגען דעם דערוואוסט איידער די באלקיס האט פון זיין האנט ארויסגעריסען דעם בעכער... ער האט אומגעביטען זיין בעכער אויף מיינעם איידער איך האב זיך ארומגעזעהן... און איך מוז דיר זאגען דעם אמת, אז איך האב שטארק חרטה אויף מיין שריט וואס איך האב גענומען, ווייל וויפיעל האט געפעהלט אז איך זאל אליין אויסטרינקען דעם גיפט וואס איך האב אריינגעטהאן פאר שלמה'ן...

יעצט זעה איך אז נישט נאר איז שלמה קליגער פאר מיר, אבער אויך זיין

מענשליכקייט איז גרעסער פון די אלע קעניגען מיט וועמען איך בין געקומען אין בעריהרונג... שטעל זיך פאר, ווען דאס וואלט פאסירט מיט אימיצען אנדערש... ווער וואלט פארמאגט אזוי פיעל גרויסקייט אין זיך צו רעטען זיין גרעסטען שונא פון טויט... ווען שלמה וואלט פון מיר נישט אוועקגענומען דעם בוס וויין, וואלט איך דאך זיכער געטרונקען און גלייך געפאלען טויט... יעצט זעה איך נאגסארא אז דו האסט נישט ווי געהעריג אפגעשאצט די גרויסקייט פון דיין מאן, דעם קעניג פון ישראל.

— און וואס בלייבט יעצט צו טאהן ?! — האט נאגסארא איהם געפרעגט.

— איך וועל זיך אומקעהרען מיט מיין ארמעע נאך מצרים, און דיר מיין טאכטער, ראטה איך צו פאלען צו שלמה'ס פיס און בעטען ענטשולדיגונג... איך ווייס אז ער בעזיצט א ברייטע הארץ און ער וועט דיר געוויס מוחל זיין...

— דאס וועט קיינמאל נישט געשעהען ! — האט נאגסארא אויסגערופען מיט שטאלץ — שלמה האט מיר בעליידיגט און ער דארף זיך פאר מיר ענטשולדיגען און נישט איך פאר איהם !... ניין, פאטער איך וועל זיך בעסער אומקערען מיט דיר קיין מצרים, איידער זיך צו ערנידעריגען פאר דעם קעניג פון ישראל.

— אבער דו וואלסט דאך אמווייניגסטען געדארפט דאנקבאר זיין דעם קעניג פון ישראל פאר ראטעווען דעם לעבען פון דיין פאטער !

— דאס האט אונזער גאט אזירים דיר פון טויט געראטעוועט ! — האט נאגסארא געזאגט — איהם וועל איך דאנקבאר זיין ! צו שלמה'ן וועל איך זיך נישט צוריקקעהרען, סיידען ער וועט פון זיין לאנד ארויסשיקען די מלכת שבא, וועמען איך האס נאך מעהר ווי איך האב געהאסט שולמית'ן, ווען שלמה האט איהר פאר זיין פרוי גענומען.

— און וואס גלויבסטו, זאל איך יעצט טאהן ! — האט פרעה איהר געפרעגט — זאל איך נאך אלץ נישט אויפגעבען דעם פלאן מלחמה צו האלטען מיט שלמה'ן...

— אויב דו קענסט שלמה'ן נישט בעזיעגען מיט'ן שכל, קענסטו דאך איהם זיכער בעזיעגען מיט'ן שווערד ! — האט נאגסארא געזאגט — איך ווייס אלע סודות פון דער פעסטונג און זיין ארמעע... איך בין איבערציינגט אז אין א מלחמה וועסטו ארויסקומען דער זיעגער...

— איך גלויב אז דו מאכסט א טעות, נאגסארא, ווייסטו דען נישט אז אין א מלחמה מיט שלמה'ן וואלטען אלע זיינע פריינד געקומען איהם צו הילף ?... זעהסטו, ווען מיר געלינגט פריהער צו טויטען שלמה'ן, דאן וואלט איך נישט געדארפט מורא האבען אז זיינע פריינד וועלען איהם קומען צו הילף... יעצט אבער איז עס פאר מיר אוממעגליך...

— אויב עס איז פאר דיר אוממעגליך מלחמה צו האלטען מיט שלמה'ן — האט נאגסארא זיך אפגערופען — דאן איז מיין פערלאנג פון דיר מיין פאטער, מלחמה צו האלטען מיט דעם לאנד שבא... יעצט וועסטו קיין שוועריגקייטען נישט האבען ; די קעניגין געפינט זיך אין ירושלים, און איך גלויב אז זי וועט דא פערבלייבען זעהר לאנג... דערווייליע קענסטו צוגרייטען א גרויסע

ארמעע און דו וועסט דאס לאנד זעהר גרינג איינגעהמען... און ווען באלקים וועט זיך אומקעהרען אהיים וועט זי אויסגעפינען אז זי איז א קעניגין אהן א לאנד! און דאס וועט פאר מיר זיין א גרויסע נקמה... ווײלע זינט זי איז געקומען, האב איך זעהר שטארק געליטען... ווען זי וואלט נישט געווען צו נייגעריג, וואלט שלמה קיינמאל נישט אויסגעפונען אז דער גאט אזירים געפינט זיך אין איינעם פון די צימערען פון מיין פאלאץ... אפילו ווען שלמה וואלט יע חושד געווען וואלט ער נישט געוואגט מיר אזוי צו בעליידיגען... יע, מיין פאטער אויב עס איז נאך ביי דיר אין הארצען פארבליבען א שטיקעל ליעבע פאר דיי זטאכטער וועסטו מיר דיזע טובה נישט ענטזאגען!

— אבער מיין טאכטער, ווען דו וועסט זיך בעזינען וועסטו איינזעהן, אז דו באגעהסט א גרויסען פעהלער... אויב דו וועסט פערבלייבען אין ירושלים מיט שלמה'ן וועסטו נאך אלץ פעררעכענט ווערען די קעניגין פון ארץ ישראל, אבער ווען דו פערלאזט איהם, פערליערסטו אויך דיין קרוין...

— און דאס אליין וועט זיין פאר דיר א גענוגענדע אורזאכע פארוואס דו זאלסט מלחמה האלטען מיט שבא, ווייל ווען דו וועסט דאס לאנד איינגעמען, וועסטו מיר מאכען פאר דער קעניגין פון שבא אנשטאדט באלקים'ן...

— איך זעה מיין טאכטער אז דו ביזט זעהר קלוג, — האט פרעה געזאגט — צו מאכען דיר פאר די קעניגין פון שבא איז מיר אליין גארנישט איינגעפאלען, אבער גלויבסטו נישט, אז ווען שלמה וועט זיך דערוויסען וואס איך האב געטהאן צו דער מלכת שבא, וועמען, ווי איך פערשטעה, ער ליעבט און פערעהרט זעהר פיעל, וועט ער דען נישט צוזאמען מיט די איבעריגע קעניגען קומען זיך אפרע־כענען מיט מיר!

— צוואנציג יאהר האב איך געלעבט מיט שלמה'ן — האט נאגסארא גע־זאגט — און באטש איך וועל צוגעבען אז ער איז דער קליגסטער קעניג פון דער וועלט, ווייס איך אבער אז ער האט נישט ליעב קיין מלחמות און ער וועט זוכען אלע מעגליכקייט צו פערמיידען א מלחמה, דעריבער האסטו זיך נישט וואס צו שרעקען פאר איהם.

אויב אזוי, מיין טאכטער, פערזיכער איך דיר אז ווי נאר איך וועל זיך צוריקקעהרען נאך מצרים, וועל איך פערזאמלען מיין גאנצע ארמעע און געהן מלחמה האלטען מיט דעם לאנד פון שבא...

— א, וואס פאר א שרעקליכער קלאפ די נייעס וועט זיין פאר באלקים'ן, אז דו ביזט געגאנגען איינגעמען איהר לאנד! — האט נאגסארא אויסגערופען מיט פרייד, איך בין זיכער אז זי וועט צונויפזאמלען אלע איהרע מענשען וועלכע זיינען איהר געגאנגען בעגלייטען, און וועלכע געפינען זיך יעצט מיט איהר אין ירושלים און שנעל לויפען צוריק נאך שבא.

— אבער זי וועט שוין שבא נישט דערגרייכען האט פרעה זיך אפגערופען — איך וועל שוין זעהן אז מיינע א צווייטע ארמעע זאל איהר איבערנעמען אין מיטען וועג און ברייננען געפאנגען אין מצרים.

— ערשט דאן וועט מיין דורשט נאך נקמה געשטילט ווערען — האט נאגסארא געענטפערט, און צוזאמען מיט איהר פאטער אריין אין איהר פאלאץ.

שטיל, אהן פאראד און אהן דער געוועהנליכער בעגלייטונג פון שלמה'ס מיליטער, האט פרעה און נאגסארא פערלאזען ירושלים צוזאמען מיט דער ארמיע.

מיט דעם בעשלוס צו געהן מלחמה האלטען און איינגעמען דאס לאנד שבא האט פרעה פערלאזט ארץ ישראל און ווען ער האט זיך דערנעהענטערט צו מצרים האט ער דארט געטראפען א גרויסע איבערקערענים. שישק, דער גרינ־דער פון דער בובאסטישע דינאסטיע. האט פערכאפט פרעה'ס טראהן... פרעה האט געמאכט א פערזוך מלחמה צו האלטען מיט שישק'ן אבער זיין ארמעע איז געווען אזוי אויבעדייטענט קליין קעגען די מעכטיגע ארמעען פון שישק, אז פרעה מיט זיין טאכטער נאגסארא זיינען גענומען געווארען אין געפאנגשאפט. און מיט איניגע טעג שפעטער זיינען ביידע הינגעריכטעט געווארען.

די מצרים, וועלכע האבען געוואוסט מיט וועלכע כונות פרעה איז אוועק נאך ירושלים, האבען אין דעם געזעהן די מאכט פון שלמה'ס גאט.

גלייך ווי נאגסארא האט פערלאזען ירושלים, האט שלמה געפייערט זיין חתונה מיט באלקיס, די קעניגין פון שבא. הערליך און גרויסארטיג איז די פייע־רונג פארגעקומען אין ירושלים, איבערגליקליך האט זיך די מלכת שבא געפיהלט. איהר טרוים האט זיך פערווירקליכט... זי איז געווארען די פרוי פון דעם קלינס־טען קעניג אין דער וועלט... נאך גרעסער איז איהר פרייד און גליק געווארען ווען זי האט אין א צייט ארום געבארען א זוהן צו שלמה'ן. זי האט איהם א נאמען געגעבען מנלך. ווען דאס קינד איז צוויי יאהר אלט געווארען, האט זיך די קעניגין פון שבא גענומען גרייטען פאר איהר רייזע.

שווער, זעהר שווער איז פאר איהר געווען זיך אפצושיידען פון שלמה'ן ווע־מען זי האט געליעבט מיט איהר גאנצען לייב און לעבען.

— ווער ווייס אויב איך וועל דיך שוין ווען עס איז זעהן, מיין ליעבער קעניג — האט באלקיס געוויינט ביים געזעגענען זיך מיט איהם, א ווען איך וואלט געקענט בלייבען מיט דיר אויף אימער... אבער מיין לאנד נויטיגט זיך אין מיר. איך האב פערשפראכען זיך אומצוקעהרען אין דריי יאהר און אויב איך וועל דאס נישט טאהן, וועט מיין לאנד רואינירט ווערען.

שלמה האט איהר צוגעוואונשען גליק און מיט גרויס פאראד ארויסבעגלייט די מלכת שבא פון ארץ ישראל.

איניגע מאנאטען איז די מלכה שבא געווען אין וועג און ווען זי איז א.. געקומען אין איהר לאנד, איז די שמחה און גליק פון איהרע ברידער געווען אזן א שיעור. זי האט פאר אלע איהרע מיניסטארען און גוטע פריינד דערצעהלט וועגען דעם וואונדערבארען קעניג שלמה, און אנצייגענדיג מיט גרויס שטאלץ אויף איהר זוהן האט זי מיט א בעזונדער פרייד אויסגערופען:

— מיין זוהן און יורש מנלך, איז שטארק עהנליך צו זיין פאטער שלמה, איך האף אז ער האט אויך געירש'נט א טייל פון זיין חכמה.

דרייסיג טעג האט געדויערט די פייערונג פון די איינוואהנער פון שבא לכבוד דער צוריקקעהר פון זייער בעליעבטער קעניגין... און לכבוד איהר זוהן, מנלך, דעם יורש עצר ביי יעדען מאלציית האט באלקיס דערצעהלט פון מעהר

חכמות און וואונדער וואס זי האט זיך אנגעהערט און אנגעזעהן זייענדיג אין ירושלים, נעבען שלמה'ן.

— איך האב ביי זיך בעשלאסען, — האט באלקיס איינמאל זיך אפגערופען צו אלע איהרע געסט וועלכע האבען בעטראכט מיט גרויס פערעהרונג איהר זוהן — אז ווען מנלך וועט אונטערוואקסען וועל איך איהם אוועקשיקען צו זיין פאטער שלמה'ן אויף איניגע יאהר זאל ער פון איהם פיעל חכמה לערנען... און ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען אהיים, בין איך זיכער, אז ער וועט ווערטה זיין צו פערנעמען מיין פלאץ.

— לאנג לעבען זאל אונזער קעניגין באלקיס מיט איהר זוהן, דעם טראהנ־פאלגער, מנלך — האבען די געסט אויסגערופען.

— איך האף אז מיר וועלען אלע שטאלץ זיין מיט מיין זוהן — האט באלקיס'עם פנים געשטראהלט. זאל דער גאט פון שלמה אויך מיין זוהן בעשיצען אזוי ווי ער בעשיצט זיין פאטער פון אל־דאס בייז.

דא האט באלקיס דערצעהלט וועגען פרעה'ס און נאנסאראען ווי אזוי זיי האבען געוואלט פער'סמ'ן שלמה'ן און ווי אזוי ער מיט זיין גרויסער חכמה האט עס אלעס פאראויסגעזעהן און זיך דערפון אויסגעהיט.

— דאס דערמאנט מיר — האט זיך דער הויפט מיניסטער אפגערופען אז אין געפענגנים געפינט זיך א מצרי וועלכען מיר האבען אנגענומען פאר א שפיאן און מיר האבען איהם גלייך ארעסטירט.

— וואס האט דיך געמאכט צו גלויבען אז ער איז א שפיאן פון מצרים?

— האט באלקיס דעם מיניסטער געפרעגט.

— קיינער פון אונז האט איהם נישט געקענט פערשטעהן, און איך אליין קען אויך נישט די מצרישע שפראך, בלויז עטליכע ווערטער האב איך פון איהם פערשטאנען. ער האט ווייזט אויס געדערט פון מלחמה... נו, האבען מיר אלע בעשלאסען איהם צו פערשפארען אין געפענגנים ביז וואנען דו וועסט זיך אומקעהרען. און פון אונזער גרויסע שמחה האבען מיר אין גאנצען אן איהם פערגעסען.

— ברייגנט איהם צו מיר! — האט די קעניגין בעפוילען — זייענדיג אין שלמה'ס פאלאץ און קומענדיג דארטען אין בעריהרונג מיט פיעלע מצריים, האב איך זיך אויסגעלערנט זייער שפראך, איך וועל מיט איהם ריידען און אויסגע־פינען צו איהר זייט געוועזען בערעכטיגט איהם צו ארעסטירען.

מען האט דעם ארעסטירטען גלייך געבראכט בעפאר דער קעניגין.

— ביזטו דען נישט געוועזען דער פריעסטער פון נאנסארא'ן וועמען איך און שלמה האבען געטראפען אין יענעם צימער פון נאנסארא'ס פאלאץ? — האט באלקיס איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— יע, גנעדיגע קעניגין! — האט ער זיך פערנייגט — איך בין דער פריעס־טער קאפרים, וועלכער איז געוועזען א קנעכט צו פרעה'ן און צו זיין טאכטער... איך האב מיין ארבייט מיט גרויס פליים געטהאן... טאג און נאכט האב איך צו די געטער מתפלל געוועזען פאר דעם געזונט און פריערען פון דעם קעניג און זיין טאכטער.... אבער א גרויסער אומגליק איז בעפאלען מיין לאנד און מיין קעניג... אין דעם האבען מיר אלע געזעהן "א פינגער" פון דעם גאט פון ישראל....

א ווען איך דערמאהן זיך אן דעם אומגליק, געהט דורך א שוידער איבער מיין קערפער.. אלע מיינע גערערים ווערען אין מיר איינגעשרומפען. איך זעה ווי מאכטלאז אפילו אונזער מעכטיגער גאט אזירים איז געווען נעגען גאט פון ישראל... א שטארק זעהר שטארק האט פרעה געזינדיגט געגען שלמה'ן דעם איז אנגעקומען אין ירושלים... ער מיט זיין טאכטער האבען געוואלט אומברייגען איסדערוועהלטען קעניג פון ישראל... שלעכטע כונות האט פרעה געהאט ווען ער געגען שלמה'ן און צונעהמען זיין לאנד און דעריבער האט גאט אנגעשיקט אויף זיי ביידען א בראד. וואס זיי האבען געוואלט טאהן צו דעם קעניג שלמה און נאכ־הער צו דער קעניגין פון שבא, האט גאט מיט זיי געטהאן...

— אבער איך פערשטעה נאך דיר אלץ נישט קאפרים! — האט באלקים זיך צו איהם אפגערופען — ווי קומט פרעה צו מיר...

— מיין קעניגין מוז דאך געווים וויסען, וועגען דעם דורכפאל וואס פרעה און זיין טאכטער האבען געהאט בעת זיי האבען געמאכט א פערזוך צו פער־סמ'ען שלמה'ן — האט קאפרים ווייטער געזאגט. זיי זיינען געווען געצוואונגען גלייך צו פערלאזען ירושלים... אבער נאגסארא אין איהר גרויסע שנאה צו דיר, האט) פערלאנגט פון איהר פאטער, ער זאל איינגעמען דאס לאנד פון שבא און איהר דארטען מאכען פאר א קעניגין...

— אט דאס האט זי געוואונשען ? ! — האט באלקים א שמייכעל געטהאן.

יע, מעכטיגע קעניגין, דאס איז געווען איהר שטארקסטער וואונש, נאכדעם ווי זי איז אוועק פון שלמה'ן. פרעה האט שוין געמאכט אלע פלענער צו נעהן מלחמה האלטען מיט דיין לאנד. און ביידע פרעה און זיין טאכטער האבען בע־שלאסען דיר צו טויטען, ווען דו וועסט זיין אויף דיין וועג צוריק אהיים...

— און דאס דערצעהלסטו מיר זייערע סודות, דו, א געטרייער דינער פון פרעה'ן און נאגסארא'ן. ווי אזוי קען איך דיר גלויבען אז דו פערראטסט דיין איינענעם קעניג.

— איך פערראט זיי ווייל זיי קענען מיר שוין ביידע גארנישט טאהן, זיי זיינען שוין ביידע טויט.

— פרעה און נאגסארא טויט ? — האט די מלכת שבא איהם איבערגע־פרעגט מיט ערשטוינונג.

— יע, זיי זיינען ביידע געטויטעט געווארען, איידער זיי זיינען נאך אריינ־געקומען אין מצרים. און א נייער קעניג זיצט אויף פרעה'ס טראהן.

— ווי אזוי איז עס געשעהן ? — האט באלקים געפרעגט.

— אין דער צייט ווען פרעה איז געווען אין ירושלים פלאנענדיג דעם טויט פון קעניג שלמה — האט קאפרים געענטפערט האט שישק א פיהרער פון בו־באסטישען פאלק, פערכאפט די מלוכה. און גלייך ענטקעגען געקומען פרעה'ן מיט זיין ארמעע. און נאך א קורצען קאמפף האט ער בעזיעגט פרעה'ן און איהם און זיין טאכטער גענומען אין געפאנגשאפט... און שפעטער־צו האט ער זיי ביי־דען געטויטעט. איך האב שטארק מורא געהאט אז שישק זאל אויך זיין צארן נישט אויסגיסען אויף מיר, בין איך אנטלאפען געווארען... איך האב געוואנדערט איבער פיעלע לענדער ביז וואנען איך בין אנגעקומען אין שבא. און דא האט מען מיך גלייך אריינגעזעצט אין געפענגנים...

— מיינע בעאמטע האבען דיר נישט פערשטאנען — האט באלקים געענט־פערט און זיי האבען געמיינט אז דו ביזט אהערגעקומען אויסצושפיאנירען דאס לאנד... אבער פון יעצט אן ביזטו פריי! און גלויבט איז גאט וואס ער האט בעצאהלט צו די רשעים ווי זיי האבען פערדיענט!...

— איך האב געמיינט אז פיעלייכט וועסטו האבען בעשעפטיגונג צווישען דיינע געטער —- האט קאפרים זיך אפגערופען — איך בין געווען זעהר א גוטער פריעסטער צו אזירים און יעצט קען איך אויך בעדיענען דיינע געטער.

—זינט איך האב זיך אומגעקעהרט פון ירושלים, האב איך אויפגעגעבען אלע געטער, ווייל איך האב איינגעזעהן אז דער איינציגער גאט וועלכער האט בעשאפען די וועלט איז דער גאט פון שלמה'ן און ווי דו ווייסט שוין קענסטו קיין פריעסטער נישט זיין צו דעם גאט פון ישראל... די פריעסטער פון ישראל זיינען די בהנים און לויים וועלכע שטאמען פון שבט לוי... האט באלקים געזאגט — אבער נאבדעם ווי דו ביזט מיר געקומען אנזאגען די בשורה פון פרעה'ס מפלה, וועל איך דיר דערפאר מיט ליידיגען נישט לאזען געהן. איך וועל דיר בעשטימען פאר דעם אויפזעהער איבער מיינע פערד. און אזוי ווי דו האסט אכטונג געגעבען אויף דיינע געטער וועסטו זיכער וויסען ווי אכטונג צו געבען אויף מיינע פערד.

## ניינצעהנטער קאפיטעל

# שלמה אין גלות

גרויס און מעכטיג איז געווען שלמה המלך. באליעבט און געאכטעט איז ער געווען נישט נאר ביי זיין אייגען פאלק אבער אויך ביי אלע פעלקער צו וועמען זיין נאמען האט דערגרייכט.

קעניגען פון ווייטע לענדער פלעגען צו איהם שיקען זייערע שלוחים מיט פיעלע מתנות און זיי זיינען געווען גליקליך צו שליסען א בונד מיט שלמה'ן. און כמעט יעדען טאג איז אין שלמה'ס פאלאץ געווען א יום טוב, יעדען מאל ווען די געסט זיינען אנגעקומען האט שלמה געמאכט א מאלצייט... איז זיין הויז פון גערעכטיגקייט זיינען שטענדיג געווען געסט פון פערשיעדענע פעלקער וועל־כע זיינען געקומען צו הערען די גערעכטע משפטים מיט וואס שלמה משפט זיין פאלק.

איין מאל איז צו שלמה'ס פאלאץ צוגעקומען אן אלטער מאן, זיינע קליידער זיינען געווען צוריסען, קיין שיך האט ער נישט געטראגען אויף זיינע פיס, זיינע האר זיינען געווען צושויבערט און אין גאנצען איז ער געווען זעהר ווילד בע־וואקסען.

ווען ער איז צוגעקומען צום פאלאץ און שלמה'ס ליבוועכטער האבען איהם דערזעהן, האבען זיי איהם פערטריעבען.

דער אלטער האט אבער נישט אפגעטראטען — איך וועל פון דאנען נישט אוועקגעהן ביז וואנען איך וועל זעהן דעם קעניג און מיט איהם ריידען — האט דער צושויבערטער אלטער זיך אפגערופען.

—דער ביזטו עס אזעלכער אז דער קעניג זאל מיט דיר ריידען! — האט בען די לייב־וועכטער פון איהם געלאכט.

— איך וועל פון דאנען נישט אוועקגעהן ביז וואנען איך וועל זעהן מיט מיינע אויגען דעם קעניג.

וואס מעהר די לייבוועכטער האבען איהם פערטריבען אלץ אפטער איז דער אלטער צוגעקומען צום פאלאץ...

דעם קעניג'ס לייבוועכטער זיינען געבליבען אין גרויס פערלעגענהייט און זיי האבען געמאלדען דעם קעניג שלמה וועגען דעם.

— אן אלטער מאן, וואס איז זעהר ווילד בעוואקסען אין צוריסענע קליי־דער, קומט יעדען טאג און שרייט אז ער וויל זעהן דעם האר קעניג! — האט איינער פון די לייבוועכטער זיך אפגערופען צו שלמה'ן.

— ווער איז ער און פון וואנען קומט ער? — האט שלמה געפרעגט.

— ער זאגט נישט ווער ער איז און מיר וויסען אויך נישט פון וואנען ער קומט — אבער מיר דוכט זיך אז ער מוז זיין עטוואס געריהרט...

—אויב אזוי! — האט שלמה זיך אפגערופען מיט א שטרענגע שטימע — צו וואס דארפט איהר מיר בעלעסטיגען דאמיט. אויב ער וויל פון דאנען נישט אפטרעטען, דאן ווארפט איהם אריין אין תפיסה... איך בין דאך אזוי פערנומען: דארף איך דען בעזארגט זיין וועגען יעדען איינעם וועלכער קומט צו אייך.

די לייבוועכטער האבען זיך צוריקגעקעהרט צו זייערע פלעצער און ווען דער אלטער איז ווידער אמאל צו זיי צוגעקומען, זיינען זיי איהם בעפאלען און איהם גענומען פיהרען אין תפיסה...

— איז דאס די גערעכטיגקייט וואס מען קריגט אין דעם לאנד וואו אזא קלוגער און גערעכטער קעניג ווי שלמה רעגיערט! — האט דער אלטער אויסגע־רופען.

— אונזער קעניג טוט גערעכטיגקייט בלויז צו קלארע מענשען, וועלכע האבען זייער פערשטאנד נישט פערלארען, אבער פאר אזא משוגענעם ווי דו איז דער אייניציגער פלאץ די תפיסה! — האבען זיי איהם געענטפערט און פערשפארט די טיהרען.

אויף מארגען, ווען שלמה איז געגאנגען צום בית המשפט און די לייב־וועכ־טער האבען זיך פאר איהם פערנייגט, האט ער זיך דערמאהנט וואס זיי האבען איהם דערצעהלט וועגען אלטען מאן.

— נו, וואס האט איהר געטהאן צום אלטען, וועלכער האט פון מיין פאלאץ נישט געוואלט אפטרעטען.

— מיר האבען איהם אריינגעזעצט אין תפיסה! — האבען זיי איהם געענטפערט.

— און איהר זייט זיכער געווען אז דער אלטער איז געריהרט? — האט שלמה נאך אמאל זיי געפרעגט.

— עס איז ביי אונז קיין צווייפעל נישטא.

— און וואס האט ער צו אייך געזאגט, ווען איהר האט איהם געפיהרט אין תפיסה? — האט שלמה געפרעגט.

— ער האט געזאגט: ״איז דאס די גערעכטיגקייט וואס מען קריגט אין דעם לאנד וואו אזא קלוגער און גערעכטער קעניג ווי שלמה, רעגיערט״.

— אה, ניין יענער מאן איז ביי זיין קלארען פערשטאנד! — האט שלמה אויסגערופען שוין זאל מען איהם בעפרייען און ברייננען צו מיר.

מען האט דעם אלטען בעפרייט און איהם גלייך געבראכט אין פאלאץ בעפאר דעם קעניג שלמה.

דער אלטער איז געפאלען אויף זיינע קניע און פערניינט פאר שלמה'ן.

— געלויבט איז גאט וואס ער האט מיר דערפיהרט ביז ירושלים און איך האב זוכה געווען צו זעהן דעם קליגסטען קעניג פון דער וועלט מיט מיינע אויגען.

— ווער ביזטו מיין פריינד און פון וואנען קומסטו? — האט שלמה גלייך געפרעגט, בעטראכטענדיג איהם פון קאפ ביז די פיס.

— פון דעם גאנץ ווייטען מזרח קום איך, מיין האר קעניג... דיין וואונדערבארער נאמען האט דערגרייכט אויך אונזער לאנד... איך האב געהערט פון דיין גרויסער חכמה און פערשטאנד, און איך האב ביי זיך בעשלאסען צו אויסוואנדערען פון מיין לאנד ביז וואנען איך וועל צוקומען צו ירושלים... איך האב פערקויפט אלעס וואס איך האב געהאט און גענומען וואנדערען פון שטאדט צו שטאדט. באלד איז מיין אייזעל געשטארבען. און איך האב דעריבער געוואנדערט צו פוס. דריי יאהר האב איך אזוי געוואנדערט ביז וואנען איך האב דערגרייכט ירושלים... איך בין אויסגעשטאנען הונגער, דורשט, קעלט און היצען... און וואס נעהענטער איך בין געקומען צו מיין ציעל אלץ גליקליכער האב איך זיך געפיהלט... אט באלד, האב איך געטראכט וועל איך זעהן דעם קעניג וועמענס נאמען דערגרייכט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער... איך וועל הערען זיינע רייד וועלכע זיינען פול מיט חכמה... און ווען איך האב ענדליך, נאך אזוי פיעל וואגלען און מידיגקייט, זיך דערשלאגען צו ירושלים און צוגעקומען צו דיין פאלאץ, האבען מיך דיינע קנעכט פעריאגט... יעדען טאג בין איך אהער צוגעקומען און זיך געבעטען מיט טרעהרען ביי דיינע קנעכט זיי זאלען מיר בלויז אויף א קליינע ווייל אריינלאזען אין פאלאץ איך זאל דיך קענען אנקוקען... אבער זיי האבען צו מיינע רייד זיך נישט צוגעהערט און האבען מיר מיט כעס פון דאנען פערטריבען... איך בין געווען שטארק הונגעריג און מיעד... מיינע קליידער און שיך זיינען צוריסען און צופוילט געווארען פון דעם לאנגען וועג... איך האב אבער אויף דעם נישט געקוקט... מען האט מיר אוועקגעטריבען און איך בין צוריק געקומען... ביז וואנען דיינע קנעכט זיינען אויף מיר אין כעס געווארען און מיר אין געפענגנים אריינגעווארפען... געמיינט האב איך שוין אז איך וועל דארטען שטארבען איידער איך האב די געלעגענהייט געהאט צו זעהן דיין געטליבען פנים... אבער געלויבט איז גאט וואס איך האב זוכה געווען דיר אנצוקוקען...

פלוצלונג איז דער אלטער אומגעפאלען.

שלמה איז שנעל ארונטער פון זיין טראהן. די לייב וועכטער זיינען צוגעלאפען און איהם אויפגעהויבען, אבער דער אלטער איז שוין געווען טויט...

— איך בין שולדיג אין זיין טויט! — האט שלמה אויסגערופען און זיין פנים איז בלאס געווארען... דריי יאהר איז א מאן נע ונד געווען... געליטען אזוי פיעל צרות און זיין איינציגער וואונש איז געווען צו זעהן מיר... און איך בין געווען אזוי פערטהאן אין זיך אז איך האב גאר נישט גענומען אין אכט וואס מען האט מיר געזאגט... איך האב איהם געהייסען אריינשפארען אין תפיסה... א

ווי נאבעל און ריין איז זיין הארץ געווען, אז ער האט מיר אפילו קיין קללה נישט געגעבען פאר מיין אכזריות...

— אבער מיין האר קעניג! — האט זיך בניהו דער זוהן פון יהוידע אפגע־רופען — דיינע קנעכט האבען דאך דיר געזאגט אז דער מאן שיינט צו זיין געריהרט... פון וואנען האסטו געזאלט וויסען אז ער איז געווען א ווינשענס־ווערטער גאסט?...

— אבער איידער איך האב מיין שוידערליכען בעפעהל געגעבען האב איך פריהער געזאלט אויסגעפינען וועגען איהם... יע, איך וויים אז איך האב געזינדיגט געגען גאט און איך בין שולדיג אין זיין טויט.

שלמה האט געמאכט א גרויסארטיגע לויה פאר דעם אלטען... אלע איינ־וואהנער פון ירושלים זיינען נאכגעגאנגען צו בעגלייטען דעם אלטען צו זיין אייביגער רוה...

אויף זיין קבר האט שלמה א הספד געמאכט... און יענעם גאנצען טאג האט ער גאר נישט געגעסען.

אן אומעט איז אנגעפאלען אויף שלמה'ן זינט דיזער פאסירונג... זיין גע־וויסען האט איהם שטארק גענומען פלאגען...

— דער שפאס פון שיקזאל! — האט שלמה זיך איינפריהמארגען אפגע־רופען צו די סנהדרין און די איבעריגע וועלכע זיינען געווען פערזאמעלט אין פאלאץ — געוואנדערט אין געוואגעלט האט אן אלטער מאן... דורך פעלדער און וועלדער, דורך מדבריות און איבער טייכען... מיט איין צוועק אין זיין מוח... און ווען ער האט זיין צוועק במעט עררייכט, האט ער איהם פון זיך פערשטויסען...

א ווי גרויזאם איך בין געווען... איך האב קיינמאל נישט געוואוסט פון ליידען און זארג... פון הונגער און דורשט... און ווי אזוי האב איך גאר געקענט מיטפיהלען דעם ארימען פערוואגעלטען וואנדערער?!... דריי יאהר האט ער געליטען ביז וואנען ער איז אנגעקומען אהער און דא איז ער געשטארבען נעבען מיינע פים..

— גאט וועט דיר דיזען זינד מוחל זיין! — האט דער ראש פון די סנהדרין אפגערופען — ווייל דו האסט עס דאך געטהאן אומגערען, נישט ווי־סענדיג ווער דער וואנדערער איז?

— ניין, איך האב עס געטהאן ווייל איך האב נישט געקענט מיטפיהלען און פערשטעהן די נשמה פון א וואנדערער... ווי גאט לעבט! — האט שלמה אויסגערופען — אז איך וועל אליין מוזען פערזוכען דעם טעם פון וואנדערען אין דער פרעמדע, פון ליידען נויט און הונגער... בלויז דורך דעם וועט מיין נשמה גערייניגט און געלייטערט ווערען... דאן וועל איך בעסער פערשטעהן די נשמה פון דעם ארימען ליידענדען און נויט בעדערפטיגען...

— וואס רעדט מיין האר קעניג! האט בניהו אויסגערופען א דערשראקענער — ווי אזוי וועסטו פערלאזען די קעניגרייך און געהן וואנדערען.

— אזוי האב איך בעשלאסען און אזוי וועל איך טהאן! — האט שלמה זיך אפגערופען — רוהיגקייט און שלום הערשט אין מיין לאנד... איך וויים אז איך קען זיך אויף דיר פערלאזען, דו, בניהו וועסט פיהרען די קעניגרייך און משפט'ן דאס פאלק מיט גערעכטיגקייט אין מיין אבוועזענהייט און איך האט

צו גאָט אז איך וועל זיך אומקעהרען בשלום, וועל איך קענען זיין א בעסערער קעניג צו מיין פאָלק איך וועל דאן קענען בעגרייפען די ליידען און שמערצען פון דעם געפייניגטען... איך וועל קענען זיך טיעפער אריינדרינגען אין דער נשמה פון דעם פערוואגעלטען און פון דעם געדריקטען...

די סנהדרין און אלע בעאַמטע האָבען געזוכט אפצורייִדען שלמה פון זיין גע־פעהרליכער אונטערנעהמונג אבער זיי האָבען באלד איינגעזעהן דאס זייערע רייד זיינען אומזיסט.

— דען זאָל דער קעניג מיטנעהמען איינִיגע גבורים וועלכע וועלען איהם בעגלייטען און בעשיצען אין פאל פון נויט...

— אויב איך וועל האָבען בעגלייטער האָט שלמה געענטפערט וועל איך דען עס קענען אנרופען וואנדערען און וואגלען! ניין, איך וועל זיך אליין אוועקלאזען איבער דער וועלט, איך וועל וואנדערען פערשטעלט אונטער א פרעמדען נאמען... קיינער זאָל נישט וויסען ווער איך בין... איך וועל בעזוכען פיעלע לענדער און ריידען מיט פיעלע מענשען און אליין מיט מיינע אויערען הערען וואס די מענ־שען אין די ווייטע לענדער ריידען וועגען מיר... איך וויל דערגעהן דעם סוד, פארוואס פיעלע מענשען זיינען אזוי נייגיריג מיר צו זעהן...

— דאס דאַרף ביי דיר קיין סוד נישט זיין, מיין האר קעניג — האָט בניהו אויסגערופען — גאָט האָט דיר געבענשט מיט איבערמענשליכע חכמה און פארשטאנד... און דעריבער גרייכט דיין נאמען אין פיעלע ווייטע לענדער... גליקליך איז דאס פאָלק ישראל וואס דו ביזט זייער קעניג.

— ווי איך זעה איז מען וועגען מיר זעהר א סך מגזם אין דער־ווייטענס — האָט שלמה געזאגט מיט א שמייכעל און איך בין זיכער אז דורך מיין וואנדע־רען וועל איך הערען וועגען זיך אזוי פיעל זאכען וואס איך אליין האָב נישט געוואוסט. אבער דאס וועט נישט זיין די הויפט אורזאכע פון מיין געהן אין דער פרעמד... מיין וואונש איז דורך צו מאכען און איבערצולעבען א טהייל פון דעם וואס דער אלטער האָט דורכגעמאכט אין זיין וואנדערען אין דער פרעמד פאר דריי יאהר צייט... מיט גאָטעס הילף, האָף איך אז אין דריי יאהר ארום וועל איך זיך צוריקקעהרען אין ירושלים אויסגעלייטערט, און ערשט דאן וועל איך בעסער וויסען און פערשטעהן די מענשען וועלכע קומען זוכען גערעכטיג־קייט אין מיין פאלאץ... און אויב איך וועל זיך נישט צוריקקעהרען אין דריי יאהר ארום, זאלסטו אוועקזעצען אויף מיין טראָהן מיין זוהן רחבעם. וועלכער וועט שוין ביז יענער צייט זיין עטוואס אונטערגעוואקסען.

— און וואס זאָל איך זאָגען דיינע פריינד און דאס פאָלק! — האָט בניהו איהם געפרעגט.

— קיינער דאַרף דערפון נישט וויסען אז איך בין אוועק וואנדערען — זיי וועסטו זאָגען אז שלמה האָט בעשלאָסען צו מאכען א רייזע אין א ווייטע לאנד און ער וועט זיך אומקעהרען אין דריי יאהר ארום... און איהר אלע וועלכע געפינען זיך יעצט דאָ, וויל איך, דאס איהר זאָלט מיר געבען א שבועה צו קיינעם נישט ענטדעקען מיין סוד און טאָהן אלעס ווי איך האָב אייך פערזאָגט.

בניהו און די סנהדרין האָבען אויפגעהויבען זייערע רעכטע הענט און האָבען געשוואוירען.

— יעצט, וועל איך דיר איבערגעבען מיין זיגעל רינג און דורך דעם וועסטו קריגען מיין מאכט. דו וועסט האבען די מעגליכקייט צו בעפעהלען וואס דו וועסט געפינען פאר נויטיג.

— און ווען זאל איך זאגען אלעמען אז דו האסט אפגערייזט פון ירושלים?

— האט בניהו איהם געפרעגט.

— זיעבען טאג נאכדעם ווי איך וועל פערלאזען ירושלים — ראן קענסטו ערקלעהרען אזוי ווי איך האב פלוצלונג געמוזט אפרייזען פון דאנען און עס איז קיין צייט נישט געווען צו מאכען די נויטיגע הכנות... דו קענסט אויך זאגען אז בלויז געצעהלטע מענשען בעגלייטען מיר אויף מיין וועג.

איינינע וואכען האט זיך שלמה נישט געשארען, ער האט געלאזען וואקסען זיינע האר.

איין מאל איז ער אויפגעשטאנען גאנץ פריה און איז אריין צו זיין אלטע מוטער אין צימער. בת שבע האט נאך געשלאפען. שלמה איז געשטאנען א היבשע ווייל נעבען איהר בעט און איהר בעטראכט... ער האט איהר נישט געוואלט שטערען פון איהר שלאף... אויף זיינע געדאנקען זיינען יעצט ארויסגעשוואומען זיינע קינדער יאהרען, ווען זיין ליעבע און געטרייע מוטער האט איהם פון איהר אויג נישט ארונטערגעלאזען... טאג און נאכט האט זי וועגען איהם געזארגט... נישט איינמאל פלעגט ער אויפעפענען זיינע אויגען און טרעפען זיין מוטער שטעהענדיג נעבען איהם, אזוי ווי ער שטעהט יעצט נעבען איהר.. זיין טייערע מוטער! וויפיעל זי האט דורכגעמאכט דורך איהר לעבען... וויפיעל בעליידיגונגען זי האט געהאט אויסצושטעהן פון זיין פאטער׳ס איבעריגע פרויען... אבער זי האט בראוו געקעמפפט און געזיעגט. ער געדענקט נאך ווען זיין מוטער האט זיך דערוואוסט אז אדוניה זיין ברודער זוכט צו פערכאפען די מלוכה... זי האט אויף א רגע נישט גערוהט זי האט אלעס מעגליכעס געטהאן אום צו פערזיכערען אז איהר זוהן זאל ירשנ׳ען דעם טראהן... זי איז געקומען צו זיין פאטער מיט דעם נביא נתן און נישט אפגעטראטען ביז וואנען זי האט פון דעם קעניג׳ס ליפען געהערט אז ער שלמה, וועט זיין קעניג נאך איהם און נישט אדוניה...

א ווי שווער עס וועט פאר איהם יעצט זיין צו זאגען זיין מוטער אז ער מוז פערלאזען זיין מלוכה פאר א היבשע צייט... ער ווייס אז זי וועט זוכען איהם אפצוריידען דערפון אפילו ווען ער וועט איהר זאגען דאס ער רייזט אפ צו בעזוכען א וויטע לאנד, צו פערשטארקען דעם מסחר צווישען ארץ ישראל און יענע לאנד... ער איז געצוואונגען צום ערשטען מאל אין זיין לעבען איהר צוזאגען א נישט אמת... אבער גאט וועט איהם מוחל זיין... צו וואס זאל ער איהר פערשאפען אומזיסטע עגמת נפש און זארג... ער קען דאך זיין בעשלוס אלין איינעם נישט ענדערען.. ער האט דאך געשווארען אין נאמען פון גאט...

בת שבע האט זיך אנגעפאנגען אויפצוכאפען און שלמה האט איהר א קוש געטהאן אין שטערען.

— מיין זוהן! — האט בת שבע זיך אויפגעהויבען און אנידערגעזעצט אין איהר בעט — וואס טהוסטו אזוי פריה ביי מיר?

— מוטער איך רייז אפ היינט פון דאנען אויף א לענגערע צייט... איך וועל בעזוכען א גאנץ וויטע לאנד כדי צושליסען א בונד פון שלום און צו פערשטאר־

קען אונזער מסחר... איך בעט דיר מוטער פרעג מיר יעצט קיינע פראגעס נישט... איך אייל זיך... און לאנג ווייס נאך דערווייל קיינער נישט אחוץ בניהו בן יהוידע און די סנהדרין וועלכע האבען מיר געגעבען א שבועה צו טאהן אלעס וואס איך האב זיי פערזאגט... און דו אויך מיין מוטער, איך בעט דיר אז דו זאלסט דערווייל אויך קיינעם דערפון נישט זאגען ביז די זיבען טעג וועלען פאריבער.

— אבער מיין זוהן! — האט בת שבע אויסגערופען א דערשראקענע — פארוואס זאלסטו דארפען אזוי פלוצלונג אפרייזען פון דאנען... ווארט צו איינינע טעג און איך וועל זעהן אז די נויטיגע הכנות זאלען געמאכט ווערען.

— איך האב דאך געזאגט ליעבע מוטער אז מיין יעצטיגער אפרייזען מוז בלייבען א סוד אין פערלויף פון זיבען טעג... און איך בעט דיר נישט צו זארגען וועגען מיר... איך האף צום אלמעכטיגען אז ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען וועל איך דיר טרעפען געזונט און מונטער אזוי ווי איך פערלאז דיר.

בת שבע איז ארויפגעפאלען אויף שלמה'ס האלדז און זיך פאנאנדערגעוויינט.

— בערוהיג זיך מוטער! — האט שלמה איהר געקושט — און זעה גיב גוט אכטונג אויף מיין זוהן רחבעם און אויף אלע מיינע טעכטער... לערען זיי אזוי ווי דו האסט מיט מיר געלערענט. ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען וועלען זיי שוין זיין היבש אונטערגעוואקסען. איך וועל זיך אפילו מיט זיי יעצט נישט קענען געזעגענען, און דו ליעבע מוטער וועסט זיי זאגען אין זיבען טאג ארום, אז צוליעב גרויס וויכטיגקייט, האב איך דרינגענד געמוזט פערלאזען ירושלים...

בת שבע האט שלמה'ן געהאלדזט און געקושט און שלמה האט ארומגענומען זיין ליעבע צערטליבע מוטער און מיט טרעהרען אין די אויגען האט ער זיך מיט איהר געזעגענט.

— זאל דיר גאט בעשיצען אין דיין וועג מיין זוהן. — האט בת שבע אויסגערופען, ווען שלמה איז שוין געווען ביים טיהר.

שלמה איז גלייך אריין צו זיך אין צימער, ער האט אנגעטהאן איינפאכע קליידער פון אן אכר, ער האט מיט גענומען א שטעקען און אביסעל שפייז און אין דער צייט ווען גאנץ ירושלים איז נאך געווען פערזונקען אין א טיעפען שלאף האט שלמה דער קעניג איינער אליין פערלאזען די שטאדט.

די זון איז נאר וואס אויפגעגאנגען און ארויסגעשיקט איהרע ווארעמע שטראהלען, ווען שלמה איז שוין געווען הינטער'ן שטאדט ירושלים. אלעס ארום איז געווען שטיל... די גאנצע נאטור האט זיך ערשט אנגעפאנגען אויפצועפענען. מיט דעם פעקעל שפייז אויף זיין שולטער און מיט דעם שווערען שטעקען אין האנד, האט שלמה גענומען שטעלען פעסטע טריט... ער האט זיך געפיהלט גאנץ שטארק און קרעפטיג...

איניגע שטונדען איז ער אזוי אפגעגאנגען און האט קיין לעבעדיגע נפש נישט געזעהן. עס איז געווען אין אנפאנג פריהלינג. די בוימער האבען זיך צור בליהט, די בלומען האבען ארויסגעגעבען א דופטענדען ריח, דער געזאנג פון פויגעל האט זיך געהערט פון ארום... ערשט איצט האט ער זיך גענומען דער־מאהנען אז זיין יוגענד ווען ער האט זיינע ערשטע ליעבעס־ליעדער פארפאסט צו שולמית'ן... ער איז דאן נאר וואס געווארען קעניג... אט זיינען איהם פאר־ביינעלאפען די שטורמישע יאהרען פון זיין רעגירען... גאט האט איהם מיט חכמה געבענשט... יעדער האט איהם געעהרט... קעניגע זיינען געווען צופרידען מיט

איהם פריינדשאפט צו שליסען... ער האט די גאנצע צייט בלויז לויב-געזאנגען געהערט... ער האט נאך קיינמאל אין זיין לעבען נישט געהערט א בייזווארט וועגען זיך... יעצט איז פאר איהם די צייט אויסצוגעפינען וואס אנדערע טראכטען וועגען איהם... וואס מען רעדט וועגען קעניג אונטער די אויגען... איז דאס פאלק ווירקליך גליקליך ווי זיינע בעאמטע גיבען איהם איבער?...

פון וויטען האט ער באמערקט ווי פאסטוכער טרייבען זייערע בהמות אין פעלד... ער איז אויך אהין אוועק, און ווען די פאסטוכער האבען זיך אוועקגעזעצט אפרוהען, איז שלמה צו זיי צוגעגאנגען.

— שלום, מיינע פריינד! — האט זיי שלמה באגריסט.

— שלום, וואנדערער! — האבען איהם די פאסטוכער געענטפערט. — עס איז נאך גאנץ פריה און דו שיינסט צו זיין מיעד... זעץ זיך נעבען אונז און מיר וועלען צוזאמען צובייסען.

— א דאנק! — האט שלמה זיי געענטפערט. — איך בין נישט הונגעריג, איך וועל זיך בלויז אפרוהען פאר א קליינע ווייל'ע, איך האב נאך א לאנגע שטרעקע צו געהן.

ער האט זיך אוועקגעזעצט נעבען די פאסטוכער... זיי האבען איהם מכבד געווען מיט עטליכע טייטלען און ער האט זיי אויפגעגעסען...

— פון וואנען, קומסטו, פריינד? — האט איהם איינער פון די פאסטוכער געפרעגט.

— איך קום פון צפון! — האט שלמה געענטפערט.

— ביזטו נישט געווען אין דער וואונדער-שטאדט ירושלים? — האט איהם א צווייטער געפרעגט.

— וואס איז דא צו זעהן אין ירושלים! — האט שלמה געזאגט.

די פאסטוכער האבען זיך איבערגעקוקט און געשמייכעלט, און שלמה האט ווייטער געזאגט.

— פיעלייכט פאר רייכע איז זעהר גוט צו קומען אין דער גרויסער שטאדט און געניסען פון די אלע תענוגים און לוקסוסען... אבער וואס פאר א נוצען קענען מיר, ארימע, האבען פון דער גרויסער שטאדט.

— ביזטו דען נישט נייגעריג צו זעהן אונזער קלוגען קעניג, שלמה? — האט מען איהם ווייטער געפרעגט.

— דער קעניג שלמה, וואס פאר א נוצען האט ער געבראכט פאר'ן פאלק. — האט שלמה געזאגט און בעטראכט די פאסטוכער צו זעהן וואס פאר א רושם זיינע ווערטער האבען אויף זיי געמאכט.

— פון דיינע רייד קענען מיר זעהן אז דו ביזט ווייט פון צו זיין א גוטער פריינד פון אונזער קעניג! — האט איין פאסטוך זיך אפגערופען מיט כעס צו איהם. — דו ווייסט גארנישט אז אונזער פאלק ישראל איז נאך קיינמאל אזוי גליקליך נישט געווען ווי יעצט אונטער די הערשאפט פון אונזער מעכטיגען און קלוגען קעניג, שלמה.

— איך זעה נישט דאס גרויסע גליק וואס איהר, ארימע פאסטוכער, האט פון שלמה'ן... זייט איהר דען אין א בעסערען צושטאנד ווי אייערע עלטערען און אור-עלטערען זיינען געווען?

— דו רעדסט ווי א פערזאן וואס האט פארלארען זיין פארשטאנד אדער ווי

איינער וואס האט איהם קיינמאל נישט געהאט. — האט א פאסטוך אויסגערו־פען — האבען דען אונזערע עלטערען ווען עס איז געלעבט אין זיכערקייט און רוהינקייט?! אונזערע זיידעס זיינען קיינמאל ניט געווען זיכער מיט זייערע לעבענס, און זייער פארמעגען. און נישט איינמאל האט זיך געמאכט אז זיי פלעגען ארויסקומען אין פעלד מיט זייערע שאף אין־דער־פריה, און זיך אומקעה־רען אהיים מיט ליידיגע הענט, און געדאנקט גאט וואס זיי האבען זייערע לע־בענס געראטעוועט פון פלשתים וועלכע פלעגען זיי אזוי אפט באפאלען... און יעצט, זינט די הערשאפט פון שלמה'ן האט נאך נישט פאסירט אז אימיצער זאל מאכען אפילו א פארזוך צוצושטערען אונזער רוה... יא, שלום הערשט אין אונזער לאנד, און מיט שלום קומט אויף דאס גליק...

— אבער האט דען דער קעניג נישט ארויפגעלייגט אויף אונז צו גרויסע צינזען און מיר ווערען שוין מיעד צו טראגען דעם שווערען יאך!

— און איז געווען בעסער ווען מיר האבען געדארפט צאהלען אונזערע שונאים, די פלשתים, און אנדערע פעלקער, וועלכע פלעגען דריקען אונזערע עלטערען... דו דארפסט נישט פארגעסען אז מיט די צינזען וואס דער קעניג האט פון אונז גענומען, האט ער געבויט דעם וואונדערבארען, פראכטפאלען בית המקדש וואס האט אונזער פאלק געגעבען רוהם און כבוד...

— אבער דער בית המקדש איז דאך שוין לאנג פארטיג און די צינזען זיינען נאך נישט פארקלענערט געווארען! — האט שלמה ווידער געזאגט.

— ווי גרויס די צינזען זאלען נישט זיין זיינען זיי אלץ קלענער ווי די צינזען וואס אונזערע עלטערען האבען געצאהלט פאר די פיעלע מלחמות וואס זיי האבען געפיהרט... אונזער קעניג האט זעהר פיעל פריינד... מלכים פון ווייטע לענדער קומען איהם בעזוכען, און די געלד פון די צינזען ווערט פארנוצט אויף די אויפנאהמעס וואס די געסט קריגען, און דאס פארשטארקט דעם שלום אין אונזער לאנד.

שלמה איז אוועק פון די פאסטוכער אין זעהר א געהויבענער שטימונג... די רייד פון דיזע ארימע פאסטוכער האבען איהם ערמוטיגט. יעצט איז ער זיכער אז ער קען פארלאזען זיין קעניגרייך, און ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען, וועט איהם דאס פאלק ווידער אויפנעהמען מיט גרויס פרייד...

ער האט ווייטער גענומען וואנדערען, און ווען די זון האט שוין געהאלטען ביים אונטערגעהן, איז ער צוגעקומען צו דער שטאדט בית לחם.

א לייכטער ציטער איז דורכגעגאנגען זיין קערפער ווען ער איז אריין אין שטאדט... דא איז זיין פאטער געבארען געווארען... זיין זיידע, ישי, האט דא געהאט זיין הויז... ער האט געוואוסט דעם פלאץ וואו זיין זיידענ'ס הויז איז געשטאנען... ער איז אהין אוועק... עס איז שוין געווען גאנץ טונקעל... שלמה האט אנגעקלאפט אין א טיהר...

אן עלטערע פרוי האט די טיהר געעפענט און האט געפרעגט וואס זיין פארלאנג איז.

— איך בין א דורכוואנדערער, — האט ער איהר געזאגט, — וועל איך פילייכט קריגען א נאכטלעגער אין דיין הויז...

— קום אריין, פרעמדער! — האט זיך די אלטע פרוי אפגערופען, — מיינע טיהרען זיינען אפען פאר יערען וואנדערער...

שלמה איז אריין אינעווייניג און די פרוי האט פארטגעזעצט:

— אט דאס הויז האט בעלאנגט צו ישי'ן, דעם פאטער פון דוד המלך, און דער זיידע פון אונזער יעצטיגען קעניג שלמה... און זינט דאס הויז איז געבויט געווארען איז נאך פון דאנען קיין איין איינציגער מענש אוועקגעשיקט געווארען איידער ער האט געקראגען א נאכטלעגער און שפייז.

— ביזטו פערוואנדעט צו דער משפחה פון ישי'ן? — האט שלמה איהר געפרעגט, אוועקלייגענדיג זיין פעקעל.

— איך בין אין גאנצען פרעמד צו דער משפחה, אבער דאס הויז האט נאך דער פארשטארבענער קעניג דוד אוועקגעשאנקען צו מיין מוטער, וועלכע האט זיך אנגערופען "די פרוי פון תקוע", ווענען יואב האט געשיקט זיך דורכ־צורייד̈ען מיט'ן קעניג, ער זאל זעהן מוחל זיין זוהן אבשלום און איהם צוריק־רופען אהיים... כאטש קיין גרויס נחת האט דוד פון זיין זוהן נאכדעם נישט געהאט, פון דעסטוועגען האט ער אין מיין ארימער מוטער נישט פארגעסען און איהר אוועקגעשאנקען דאס הויז וואס האט בעלאנגט צו זיין פאטער.

— מעגליך אז ווען אבשלום וואלט יעצט געלעבט, וואלט ער געווען קעניג אנשטאט שלמה'ן — האט זיך שלמה אפגערופען, — און ווער ווייסט אויב ער וואלט נישט געווען א בעסערער קעניג פון איהם.

— א, מיין האר, — האט די אלטע אויסגעשריען, — ווי אזוי קענסטו זינדיגען מיט דיינע ליפען געגען גאט און געגען אונזער בעליעבטען קעניג שלמה! דער אלמעכטיגער האט מיט אונז אזא גרויס חסד געטהאן, ער האט זיין פארשפרעכען צו דוד'ן געהאלטען, און איהם געגעבען א יורש וועלכער איז דער שטאלץ פון אונזער פאלק... קענען מיר דען ערווארטען צו האבען א בעסערען קעניג פון שלמה'ן?! . . .

שלמה האט געזוכט צו פארבארגען זיין צופרידענעם שמייכעל. ער האט איינגעזעהן דאס אויב ער וויל דא קריגען א נאכטלעגער, דארף ער היטען מעהר קיין שלעכטעס צו ריידען אויף שלמה'ן.

אויף מארגען גאנץ פריה האט ער גענומען ווייטער וואנדערען.

— צו זיין נע ונד אין ארץ ישראל, — האט זיך שלמה געטראכט, — איז גאר ניט אזוי שלעכט... אויף יעדען טריט און שריט טרעפט מען גוטהערציגע מענשען וועלכע שטיצען דעם ארימען וואנדערער... — גליקליך בין איך, א, גאט, — האט ער אויסגערופען, וואס איך בין דער קעניג איבער דיין אויסערוועהלטעס פאלק! ווי איך זעה, בין איך טאקע בעליעבט ביים פאלק... און איך האף, אז ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען אין ירושלים, האבענדיג דורכגעמאכט די זעלבע שווערינגקייט און ליידען וואס דער אלטער האט געהאט, ווען ער האט געוואנדערט פון זיין לאנד צו מיר, דאן וועל איך זיך פיהלען מעהר אויסגעלייטערט, און ערשט דאן האף איך, ווערטה צו זיין אנגערופען צו ווערען דער קעניג פון ישראל!

אזוי האט שלמה געוואנדערט עטליכע טעג ביז ער איז צוגעקומען צו א קליין דערפעל וואס איז געווען נישט ווייט פון ים המלח.

זיין שפייז האט זיך שוין געענדיגט. ער האט אנגעפאנגען צו פיהלען הונ־גער און דורשט... און די גרויסע היצען האבען איהם שטארק אויסגעמאטערט. ער האט ביי זיך בעשלאסען, איידער די זון פארגעהט, אריינצוגעהן אין דארף,

פיליכט וועט ער דארטען געפינען אז אפרוה פאר דער נאכט, און עטוואס וואסער און שפייז... ער האט קוים געשלעפט זיינע מידע פיס, און זוכענדיג מיט זיינע אויגען א הויז, האט ער פון ווייטען באמערקט אימיצען אנקומענדיג איהם אנטקעגען.

שלמה האט זיך אפגעשטעלט און געווארט ביז יענער וועט זיך צו איהם דערנעהנטערען.

— ווייסטו פיעליכט, מיין פריינד, פון א הויז וואו איך וועל זיך קענען אויסרוהען איבער דער נאכט? — האט שלמה זיך געווענדעט צום פרעמדען.

דער מאן איז צוגעגאנגען עטוואס נעהנטער צו שלמה'ן און איהם בעטראכט פון קאפ ביז די פיס, נאכהער האט ער א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אויף ניין...

שלמה האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג... ער האט אין איהם גלייך דערקענט אז ער איז א זוהן פון ישראל. ער האט אויסגעקוקט גאנץ יונג, זיין פנים איז געווען איידעל און שעהן, זיינע געזיכטסציגע ווי געטאקט... זיינע האר זיינען געווען געקרייזעלט... אבער זיינע קליידער זיינען געווען צוריסען, און אויף זיינע פיס האט ער קיין שיך נישט געטראגען.

— איז דען דיזער דארף נישט באוואוינט מיט מענשען? — האט שלמה איהם ווייטער געפרעגט.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף דעם יונגען מאנס ליפען. און שלמה האט באמערקט א רייהע ווייסע צייהנער וואס האט נאך איהם צוגעגעבען א בעזונדערען חן.

— מיין האר, — האט ער זיך אפגערופען, — אויב דו ביזט מיעד, הונגעריג און דורשטיג, דארפסטו זיך גלייך אומקעהרען אויף צוריק, ווייל נישט אין דיזען דארף וועסטו עס קריגען... דא געפינען זיך פיעלע איינוואהנער אבער זיי זיינען אזוי שלעכט ווי די מענשען פון סדום, וועמענס לאנד גאט האט צושטערט.

— און פון וואנען ווייסטו וועגען די שלעכטסקייט פון יענע מענשען? — האט איהם שלמה געפרעגט.

— ווייל דעם גאנצען טאג בין איך ארומגעגאנגען פון איין הויז צום צווייטען און געבעטען עטוואס שפייז און וואסער, און קיינער האט מיר נישט געוואלט געבען... און יעצט בין איך שטארק מיעד געווארען און עס איז שוין שפעט צוצוקומען צו א אידישען דארף... ווען איך וואלט נישט געווען אזוי שטארק הונגעריג און דורשטיג, וואלט איך צוריקגעוואנדערט אין ארץ ישראל... יא, צווישען אונזערע ברידער וועט קיינער נישט פארפאלען ווערען... עס האט נאך נישט געטראפען אז איינער פון ישראל זאל פארמאכען זיין טיהר אפילו צו א פרעמדען.

— ווער ביזטו און פון וואנען קומסטו, יונגערמאן? — האט איהם שלמה געפרעגט.

— איך קום פון דער שטאדט זיף! — האט ער געענטפערט, — און מיין נאמען איז חנן!...

— און ווי אזוי קומסטו אהער? — האט איהם שלמה ווידער געפרעגט.

— עס איז זעהר פיעל צו דערצעהלען, מיין פריינד, און איך בין אזוי הונגעריג און מיעד, — האט חנן א זיפץ געטהאן.

— קום, לאמיר זיך אוועקזעצען... איך האב מיט זיך עטוואס שפייז און

אביסעל וואסער, מיר וועלען צובייסען און דאן וועלען מיר ביידע האבען גענוג קרעפטען ווייטער צו געהן.

— איך דאנק דיר, מיין האר, — האט חנן׳ס פנים אנגעפאנגען צו שטראה־לען, — געלויבט איז גאט וואס ער האט מיר צוגעשיקט א מאן פון ישראל.

זיי האבען זיך ביידע צוגעזעצט אויפ׳ן גראז, און שלמה האט זיך געטיילט זיין לעצטע ביסעל שפייז מיט דעם יונגען מאן.

— יעצט וועט שוין זיין צו שפעט צו געפינען א שלאף־פלאץ פאר אונז, — און מיר וועלען זיין געצוואונגען איבערצונעכטיגען די נאכט אונטער׳ן פרייען הימעל! — האט שלמה געזאגט, — לאמיר אויפזוכען א פלאץ וואו מיר וועלען זיין זיכער פון די חיות.

זיי זיינען ביידע אוועקגעגאנגען זוכען, און ווען די זון איז שוין אין גאנצען אונטערגעגאנגען, האבען זיי זיך אפגעשטעלט נעבען א גרויסען שטיין, וואו זיי האבען זייער נאכטלעגער געמאכט.

— יעצט קענסטו מיר דערצעהלען וואס מיט דיר האט פאסירט, זייט דו האסט אנגעפאנגען ארומוואנדערען אזוי יונג, — האט שלמה זיך צו איהם אפגערופען.

— איך וועל דיר אלעס דערצעהלען, אבער דו מוזט מיר פארשפרעכען, מיין האר, אז דו וועסט עס האלטען בסוד... קיינער טאר דערפון נישט וויסען... ווייל ווען דאס זאל דערגרייכען די אויערען פון דעם קעניג, דאן בין איך, און מיין בעסטער פריינד, פארלארען.

— דו מוזט זיכער זיין אז איך וועל דעם קעניג נישט דערצעהלען, — האט שלמה געזאגט קוים איינהאלטענדיג זיין שמייכעל.

— איך וויל אז דו זאלסט מיר פארשפרעכען פאר קיינעם עס נישט ארויס־צוריידען! — האט חנן נאך אמאל געזאגט, — ווייל איך ציטער נישט אזוי פיעל פאר מיין לעבען ווי פאר דעם לעבען פון מיין פריינד.

שלמה האט איהם ווידער פערשפראכען און חנן האט אנגעפאנגען:

„מיט איינינגע יאהר צוריק, איז אין מיין געבורטסשטאדט זיף, אנגעקומען א יונגער מאן פון שלה, און זיין נאמען איז אחיה, און מען פלעגט איהם רופען אחיה השלני... ווען איך האב זיך מיט איהם בעקאנט, זיינען מיר ביידע צוגע־צויגען געווארען איינער צום צווייטען... איך האב אויסגעפונען אז ער איז זעהר געלערנט און הוט אפּ אלעס וואס אונזער הייליגע תורה הייסט. איך האב פון איהם פיעלע זאכען געלערנט, און ווען איך בין מיט איהם בעסער בעקאנט גע־ווארען האט ער מיר ענטדעקט דעם סוד דאס ער איז א נביא און א גרויסער אנהענגער פון נתן דעם נביא, וועלכער איז געבליבען דער איינציגער פון שמואל׳ס תלמידים... ווען דער נביא נתן איז געשטארבען, האט ער אליין פרובירט נביאות זאגען, אבער אזוי ווי ער איז נאך צו יונג, הערט מען זיך צו איהם נישט צו . . .

„איינמאל זאג איך צו איהם אין א שפאס: „אויב דו ביזט שוין יא א נביא, טא זאג מיר ווער וועט מיין באשערטע זיין? איך בין זעהר נייגעריג עס צו וויסען".

מיין פריינד אחיה האט זיך א ווייל פארטראכט און זיך צו מיר אפגע־רופען:

— דו וועסט חתונה האבען מיט איינע פון די שענסטע טעכטער פון ירושלים!

— און ווער איז זי? בין איך שוין אומגעדולדיג געווארען.

— זי איז נעמי, די עלטערע טאכטער פון קעניג שלמה!

— די עלטערע טאכטער פון קעניג שלמה! — האט שלמה אויסגערופען מיט פערוואונדערונג, — פון וואנען וויים אט דיין פריינד פון דעם קעניג'ס עלטערע טאכטער!

— ער איז געווען אין ירושלים און האט איהר איינינע מאל געזעהן, — האט חנן געזאגט.

— און דו האסט איהר אויך געזעהן? — האט שלמה איהם א פרעג געטהאן.

— יא, מיין האר, איך האב איהר געזעהן... בעת מעשה ווען מיין פריינד האט מיר דערפון געזאגט האב איך זיך פון איהם אויסגעלאכט, ווייל ווי קום איך, דער ארימסטער בחור פון מיין שטאדט, גאר צו קלעהרען וועגען חתונה האבען מיט דעם קעניג'ס טאכטער! אבער אחיה האט פרובירט פאר מיר זאגען ווייטערע נביאות און דאריבער האב איך בעשלאסען צו בעזוכען ירושלים און זעהן שלמה'ס טאכטער מיט מיינע אויגען!

— און אין וואס זיינען בעשטאנען זיינע ווייטערע נביאות? — איז שלמה אומגעדולדיג געווארען.

— ער האט מיר געזאגט אז נישט לאנג וועט דאס הויז פון דוד אנהאלטען די הערשאפט איבער אלע שבטים. נאך דעם טויט פון קעניג שלמה וועלען זיך פיעלע שבטים אפרייסען פון דער מלוכה פון זיין יורש און וועלען גרינדען א באזונדערע מלוכה.

— און אויף וואס האט ער זיינע נביאות באגרינדעט! — איז שוין שלמה געווארען עטוואס דערשראקען.

— ער האט מיר געזאגט אז דאס פאלק איז זעהר שטארק געדריקט... עס טראגט זעהר א גרויסע לאסט פון צינזען, און כאטש יעצט אין דער צייט ווען שלמה לעבט, איז דאס פאלק וויליג צו ליידען צוליעב דעם גרויסען כבוד וואס ישראל האט זיך ערווארבען דורך זייער קלוגען קעניג, וועלען זיי אבער נאך זיין טויט מעהר נישט וועלען טראגען אזא יאך!

איך האב זיך פון איהם אויסגעלאכט, ווען איך האב דערהערט דיזע רייד פון איהם.

— איך וויים פאר וואס דו רעדסט אזוי וועגען דער מלכות פון בית דוד! — האב איך איהם דאן פארגעווארפען — ווייל דו שטאמסט פון דעם שבט אפרים און דו קומסט פון דער שטאדט שלה. און אזוי ווי פריהער, איידער דוד האט געמאכט ירושלים פאר די הייליגע שטאדט און דעם צענטער פון רעליגיאן, איז דיין שטאדט שלה דאס געווען. דארטען פלעגט שטעהן דער ארון און אהין פלעגען זיך פארזאמלען די אידען פון גאנץ ארץ ישראל, איז עס זעלבסטפאר־שטענדליך אז די מענשען פון דיין שבט און איבערהויפט די איינוואהנער פון שלה זאלען מקנא זיין דעם נייעם צענטער פון רעליגיאן, ירושלים... וואו עס געפינט זיך יעצט דער פראכטפאלער בית המקדש, און זייער כעס און שנאה זאל זיין גרויס אויף דוד'ס קעניגרייך, און דאריבער זאגסטו אזעלכע נביאות.

— איך גלויב אז דו ביזט גערעכט, — האט זיך נישט ווילענדיג ארויסגעבאפט פון שלמה׳ס מויל.

— געוויס בין איך גערעכט! — האט חגן אויסגערופען, — ווארום אויב מיר ווע׳לען נעהמען און א קוק טהאן אויף צוריק, וואס האבען מיר געהאט פון שאול׳ס קעניגרייך? מלחמות, צרות און טומלענישען... א גרויסע מפלה וואס מיר האבען ערליטען פון אונזערע גרעסטע שונאים, די פלשתים, דאס איז אונז געבליבען א ירושה פון שאול׳ן... און ווען די מלוכה איז געווען צוטיילט צווישען דוד׳ס הויז און שאול׳ס הויז, איז דען אונזער פאלק גליקליך געווען?!... יעצט אבער אז אונזער פאלק האט דערגרייכט דאס גרעסטע גליק אונטער די הערשאפט פון אונזער קלוגען און מעכטיגען קעניג שלמה, יעצט ווען דער איד זיצט זיך רוהיג אונטער זיין פייגען־בוים און אין זיין וויינגארטען, פארוואס זאלען זיי ווע׳לען מאכען א פארזוך זיך אפצוטיילען פון דוד׳ס קעניגרייך?!...

— נו, און יענער פאלשער נביא האט דיר צוגעגעבען אז דו ביזט גערעכט?!

— האט איהם שלמה געפרעגט.

— מיין האר, מיין חבר האט נישט פערדיענט אנגערופען צו ווערען א פאלשער נביא... ער געהט אין די וועגען פון אונזער גאט און היט אפ אלע געבאטען פון דער תורה... א פאלשער נביא איז דער, וועלכער זוכט צו זאגען נביאות אין דעם נאמען פון די אפגעטער... אבער אחיה השלני איז פרום און געלערענט... נישט מעהר דאס ער מאכט א טעות צוליעב דער אייפערזוכט פון זיין שבט... און ער האט מיר נישט געוואלט צוגעבען... ער האט מיר בלויז געזאגט: ״אזוי ווי מיין ערשטע נבואה, דאס דעם קעניג׳ס טאכטער נעמי, וועט דיין פרוי זיין, וועט מקויים ווערען אזוי וועט אויך מיין צווייטע נבואה מקויים ווערען״. ער האט גערעדט מיט אזא פעסטקייט און זיכערקייט אז איך האב באשלאסען צו בעזוכען ירושלים, פיעלייכט וועל איך האבען א מעגליכקייט צו זעהן די שעהנע טאכטער פון דעם קעניג.

— און ווען האסטו בעזוכט ירושלים? — האט איהם שלמה געפרעגט.

— מיט אייניגע חדשים צוריק אין דעם יום טוב פון סכות, ווען מיין משפחה איז צוזאמען מיט מיר האבען עולי רגל געווען פון זיך קיין ירושלים.

— און דאן האסטו אויך נעמי׳ן געזעהן?

— יע, איך האב איהר געזעהן. זי איז דאן מיט דעם קעניג אין בית המקדש געווען... איך האב פון איהר מיינע אויגען נישט ארונטערגענומען... זי איז דאך אזוי וואונדער שעהן... איהרע בליקען האבען זיך בעגעגנט מיט מיינ־ און זי האט צו מיר א שמייכעל געטהאן... און ווען דער פרעהליכער יום טוב איז פאריבער, און אלע פון מיין משפחה האבען זיך אחיים אומגעקעהרט, בין איך פערבליבען אין ירושלים... מיר איז זעהר שווער געווען צו פערלאזען די שטאדט... איך האב פיעלע טעג געוואנדערט ארום פאלאץ, מיט דער האפענונג, פיעלייכט וועל איך ווידער אמאל קענען זעהן איהר וואונדערבארען געשטאלט... וואכען ויינען פערלאפען און איך האב איהר נישט געקענט זעהן... מיין ליעבע צו דער פרינצעסין האט זיך אזוי צופלאקערט, אז איך האב זיך בעת מעשה נישט אפגעגעבען קיין חשבון... איך האב גארנישט געוואלט טראכטען פון דעם אז איך קום פון אן ארימע און נידריגע משפחה פון מיין שטאדט. און ווי אזוי קום איך צו ווערען דעם קיניג׳ס איידעם, אבער די נבואה פון מיין פריינד האט

מיר פערפאלגט איך האב גישט ווילענדיג גענומען גלויבען אין די רייד פון אחי־ה דעם שלוני... איך בין נישט אפגעטראטען פון פאלאץ, ביז וואנען איך האב איהר א צווייטען מאל דערזעהן. זי האט ווידער צו מיר געשמייכעלט... איך האב געוואלט צוגעהן נעהענטער צו איהר, אבער איך האב נישט געוואגט... מיט איינינע טעג שפעטער האב איך איהר ווידער געזעהן... איך האב דאן געטראגען עטוואס מעהר מוטה און זיך עטוואס דערנעהענטערט צו איהר. זי האט מיר דערלאנגט איינע פון איהרע בלומען, און איז שנעל פערשוואונדען געווארען פון מיינע אויגען... יענע נאכט האב איך שוין נישט געשלאפען, איך האב געהאלטען איהר בלום אין מיינע הענט... מיין ליעבע צו איהר האט זיך נאך מעהר צופלאקערט... איך האב אנגעפאנגען שרעקליך צו לידען... איך האב געוואוסט אז איך אונטערהאלט פוסטע חלומות... ווי אזוי איך האב גאר גע־קענט אונטערהאלטען אזעלכע געדאנקען וועגען דער פרינצעסין, קען איך אליין ביז יעצט נישט פערשטעהן. ווער בין איך און ווי קום איך צו איהר! אבער דאס האט מיר מיין פריינד אזוי מיין קאפ פערדרעהט... ער האט פיעלייכט גע־וואלט מאכען שפאס מיט מיר, אבער דערווייל איז צו מיין לידען קיין גרעניץ נישט געווען... איך האב געזעהן אז לייגער בלייבען אין ירושלים וועל איך נישט קענען, און איך בין אוועק צוריק נאך מיין געבורטסשטאדט... אבער אויך דארטען האב איך זיך נישט געקענט בערוהיגען איך האב געזוכט פערשיעדענע מיטלען ווי אזוי איך זאל קענען פערגעסען אן דעם קעניג'ס טאכטער, אבער זי איז פון מיינע געדאנקען נישט ארויס... איך האב ווידער אמאל געוואלט געהן נאך ירושלים, אבער אנשטאט צו געהן אהין בין איך גאר אוועק נאך שלה אויפצוזוכען מיין פריינד אחיה'ן.

— און דו האסט איהם דארט געפונען? — האט שלמה איהם געפרעגט מיט גרויס אינטערעס.

— יע, איך האב איהם דארטען געטראפען... מיין כעס אויף איהם איז געוועזן אזוי גרויס אז איך האב איהם געדראהט דאס איך וועל דערצעהלען דעם קעניג פון זיין נבואה וועגען די צוטיילונג פון דיין קעניגרייך...

— וואס האסטו צו מיר געהאט! — האב איך זיך צו איהם אפגערופען — איך בין געוועזן אזוי גליקליך... איך האב נישט געוואוסט פון קיין זארג און הארץ ווייטאג... ביז וואנען דו ביזט געקומען און מיר געזאגט אזא אוממעגליכע זאך... יעצט איז מיין גאנצער לעבען צובראכען... מיט דיינע רייד האסטו אין מיר אנגעצונדען א הייליגען פייער פון ליעבע צו די טאכטער פון שלמה'ן.. וועגען וועמען איך האב אפילו קיין רעכט נישט צו דענקען... האסטו דען נישט געקענט געפינען א צווייטען פון וועמען חוזק צו מאכען...

— און וואס האט ער דיר געענטפערט?

— ער האט מיר ווידער אמאל פערזיכערט אז זיין נבואה וועט מקויים ווערען די ערשטע אזוי גוט ווי די צווייטע... אבער דאס האט נאך מיין לאנגע פערערגערט... מיין הארץ האט נאך מעהר גענומען ציהען צו דער שעהנער פרינצעסין... און איך, איינער פון פאלק, וועלכער שטאמט פון אן איינפאכער אבר משפחה... איך האב שוין ווידער געוואלט געהן נאך ירושלים... אבער איך האב געוואוסט אז אויב איך וועל זיך נישט בעהערשען און טאקע געהן נאך

ירושלים וואו די פּרינצעסין געפינט זיך, וועט עס זיין אזוי גוט ווי איך וואָלט געגראָבען מיין אייגענעם קבר... איך וואָלט עס זיכער מעהר נישט געקענט אריבערטראָגען... און דעריבער האָב איך געשוואָרען מיט א הייליגער שבועה צו גאָט נישט צו קומען אין ירושלים פאַר פינף יאָהר צייט... און כדי איך זאָל ביסלעכווייז ארויסשלאָגען פון מיינע געדאנקען די פּרינצעסין, האָב איך בעשלאָסען די פינף יאָהר צו וואנדערען... ביז וואנען איך וועל האָבען אין גאנצען פערגעסען אז דער פּרינצעסין. און יעצט זיינען שוין איינינע מאָנאטען אריבער זינט איך האָב אנגעפאנגען צו וואנדערען פון שטאָדט צו שטאָדט און דאָרף צו דאָרף... און דאָס טרעפט מיר דאָס ערשטע מאָל ווען איך זאָל אנקומען אין א דאָרף און קיינער זאָל מיר נישט וועלען אריינלאָזען צו זיך אין הויז.

— דיזער דאָרף איז טאקע נישט ווייט פון דעם לאנד פון סדום! — האָט שלמה זיך אפּגערופען — און אזוי ווי די איינוואוינער זיינען דאָך נישט קיין אידען, טו וואָס קענסטו פון זיי ערווארטען. אבער זאָג מיר, חנן, גלויבסטו אז דו וועסט קענען דיין שבועה האַלטען, און פאַר די קומענדע פינף יאָהר נישט קומען אין ירושלים...

— מיין האר, אז איך האָב געגעבען אזא שבועה וועל איך איהר זיכער האַלטען... איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבען נישט געבראָכען מיין שבועה צו גאָט. איך ווייס ווי שווער עס וועט פאַר מיר זיין דאָס דורכצופיהרען. אבער אזוי וועט עס זיין!

א שווערעניש איז אראָפּ פון שלמה'ס הארצען... ווען דער וואנדערענדער בחור האָט איהם דערצעהלט די נביאות פון אחיה דער שלוני, איז ער שטארק בעאומרוהיגט געווארען. ווער ווייס — האָט ער ביי זיך געטראַכט וואָס עס קען פּערלויפען אין משך פון די דריי יאָהר... מעגליך אז חנן וועט זיין אין ירושלים און זיין ליעבע צו זיין טאכטער איז אזוי שטארק, קען דאָך זיין אז אין דער צייט פון זיין אבוועזענהייט זאָל זיין טאכטער מיט איהם חתונה האָבען און אזוי ווי די ערשטע נבואה וועט מקויים ווערען, וועט דאָך שוין אויך די צווייטע נבואה פערווירקליכט ווערען און דאָס האָט איהם שטארק געשראָקען... ער האָט שוין ביי זיך געגומען טראַכטען, ער זאָל זיך אומקעהרען אין ירושלים און אויפגעבען זיין פּלאַן צו וואנדערען דריי יאָהר צייט און זעהן מיט אַלע מעגליכקייטען צו פערמיידען אז זיין טאכטער זאָל חתונה האָבען מיט חנן. אבער ער האָט געוואוסט אז דאָס איז אוממעגליך, ווייל האָט ער דען נישט געשוואָרען אין דעם נאָמען פון גאָט, ארומצוואנדערען פאַר דריי יאָהר צייט?... יעצט אבער אז חנן האָט איהם געזאָגט דאָס ער האָט געשוואָרען אַ פאַר פינף יאָהר צייט וועט ער נישט קומען אין ירושלים, וועט ער קענען רוהיג זיין אז די ערשטע נבואה פון אחיה השלני וועט נישט מקויים ווערען דורך דער צייט פון זיין אבוועזענהייט, און ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען נאָך ירושלים וועט ער דאַן שוין זיכער קענען פערמיידען אזא זאַך...

בײדע, שלמה און חנן האָבען זיך געלייגט שלאָפען. אבער כאָטש שלמה איז געווען זעהר מיעד, האָט ער דאָך נישט געקענט אזוי שנעל איינשלאָפען... ער האָט לאנג געטראַכט פון דעם וואָס חנן האָט איהם דערצעהלט... ווער איז ער, דאָס אָט דער יונגער מאַן אחיה דער שלוני... מערקווירדיג, ער האָט איהם קיינ־

מאל נישט געזעהן און אפילו פון איהם נישט געהערט... יע, חנן מוז זיין גערעכט, ער האט עס געערדט אזעלכע נביאות צוליעב די גרויסע קנאה, וואס די איינוואהנער פון שלה האבען צו דער שטאדט ירושלים... שלה, וואס איז פון שטענדיג אן געווען אזא פרעהליכע שטאדט, און די איינוואוינער האבען גענאסען זעהר פיעל פון דעם וואס דאס פאלק האט אהין עולי רגל געווען. יעצט איז די שטאדט פוסט און די מענשען זיינען פעראריטט געווארען. איז עס נאטירליך אז א מאן וועלכער קומט פון יענער שטאדט זאל פיהלען אזוי פערביטערט געגען דער מלכות פון בית דוד... אבער איין זאך קען ער נישט פערשטעהן פארוואס אחיה, האט געזאגט דאס ער, חנן וועט ווערען זיין אידעם... זאל עס זיין אז א געטליכער גייסט האט איהם בעהערשט אין דער רוח הנבואה איז אויף איהם געקומען... אבער פיעלייכט האט ער עס גלאט אזוי גערעדט און זיינע רייד האבען נישט קיין טעם און קיין ממשות נישט...

אזוי האט שלמה געטראכט, ביז וואנען ער איז ענטשלאפען געווארען.

אויף מארגען, ווען זיי זיינען ביידע אויפגעשטאנען האט שלמה זיך געזעגענט מיט דעם יונגען מאן.

— מיין האר, איך האב דיר דערצעהלט ווער איך בין! — האט זיך חנן אפגערופען — אבער דו האסט מיר נישט דערצעהלט ווער דו ביזט?

— איך בין א וואנדערער פון צפון! — האט שלמה געענטפערט און ער איז ווייטער געגאנגען זיין וועג.

די באגעגעניש מיט דעם אומבעקאנטען יונגען מאן חנן האט אויף שלמה'ן געמאכט זעהר א גרויסען איינדרוק. פון זיינע רייד האט ער געזעהן אז ער איז שטארק פארליעבט אין זיין טאכטער, און דערמאנענדיג זיך אן זיינע יונגע יאהרען, ווען זיין ליעבע צו שולמית'ן האט זיך אזוי צופלאקערט, האט ער שטארק מיטלייד געקראגען צו דעם ארימען בחור, וועלכער זוכט צו פארגעסען זיינע ליעבעס־שמערצען דורך די ליידען פון וואנדערען. פינף יאהר וועט ער אפריכטען גלות, ביז וואנען ער וועט זיך איז גאנצען פארגעסען אן זיין נעמי'ן... ארימער בחור! ווען ער וואלט עס געוואוסט אז ער האט זיין סוד פארטרויט צו דעם קעניג אליין... יא, ווען ניט די שרעקליכע נבואה פון אחיה השלני וועגען דער צוקונפט פון זיין קעניגרייך נאך זיין טויט, וואלט ער אליין געזעהן צו העלפען חנן צו געווינען זיין טאכטער'ס הארץ... ער איז שעהן, איידעל און שיינט צו זיין גאנץ גוט געלערנט... אבער יעצט איז דאך דאס אן אונמעגליכע זאך... פארקעהרט, ער וועט דארפען אנווענדען אלע מיטלען, כדי צו פארמיידען דיזען שדוך, ווארום אויב עס זאל חנן יא געלינגען חתונה צו האבען מיט נעמי'ן, דאן וועט דאך אויך פארווירקליכט ווערען די צווייטע נבואה פון אחיה'ן וועגען דער צושפליטערונג פון זיין מלוכה נאך זיין טויט ... יא, דאמיט וואס ער האט איהם ענטדעקט דעם גאנצען סוד, האט ער פארלארען יעדע אויסזיכט צו ווערען זיין איידעם...

פיעלע טעג פון זיין וואנדערונג האט שלמה דערפון געטראכט, און דאס אליין האט שלמה'ן געגעבען נאך מעהר מוטה דורכצופיהרען זיין בעשלוס צו וואנדערען און ליידען, ווייל אויב ער האט געזינדיגט געגען גאט, וועט ער דורכדעם אפקומען פאר זיינע זינד, זיין נשמה וועט אויסגעלייטערט ווערען, און

אפילו ווען גאָט האָט געהאַט אין זינען איהם צו בעשטראָפען וועט ער איהם יעצט מוחל זיין...

ווען שלמה האָט זיך דערנעהנטערט צו דעם מדבר, האָט ער ביי זיך נישט געקענט בעשליסען, אויב ער זאָל דורכגעהן דעם מדבר צו מערב־זייט אָדער ער זאָל זיך פאַרנעהמען צו מזרח זייט, און געהן וואַנדערען אין מצרים. אין איינ־גע פלעצער וואו ער האָט זיך אָפּגעשטעלט האָט ער געקראַנגען שפּייז און וואַסער וואָס וואָלט איהם געקלעקט אויף עטליכע טעג און דער מדבר איז נישט אַזא גרויסער... אָבער דאָך זיינען פאַראַן פיעלע געפאַהרען... ווען ער האָט זיך שוין געוואָלט פאַרנעהמען אין דער ריכטונג פון מזרח, האָט ער פּלוצלינג באַמערקט א קאַראַוואַן אַנקומענדיג. ער האָט אָפּגעוואַרט ביז וואַנען זיי האָבען זיך דער־נעהנטערט צו איהם און ער האָט דערקענט אַז זיי זיינען אדומים.

שלמה, וועלכער האָט געקענט פיעלע שפּראַכען פון די שכנים'שע לענדער האָט זיך צו זיי געווענדעט אין זייער שפּראַך און זיי געפרעגט אויב זיי געהן דורכקרייצען דעם מדבר.

— יאָ, — האָט דער עלטסטער זיך אָפּגערופען, — מיר געהן צוריק צו אונזער לאַנד. מיר זיינען סוחרים און מיר ברייננגען מיט זיך סחורה פון ארץ ישראל, צו אונזער לאַנד אדום.

— וועט איהר פיעלייכט מיר ערלויבען צוצושטעהן צו אייך ? — האָט זיי שלמה געפרעגט.

— און וואוהין געהסטו ? — האָט דער הויפּט איהם געפרעגט, בעטראַכטענ־דיג איהם פון קאָפּ ביז די פיס, — דו ביזט דאָך נישט קיין אדומי ? און קיין סחורה פיהרסטו מיט זיך אויך נישט !...

— איך וויל אַנקומען אין דעם לאַנד פון מואב, — האָט שלמה געזאָגט — איך בין אַן אָרימער וואַנדערער, און אין מואב האָב איך בעקאַנטע און איך בין זיכער, אַז זיי וועלען מיך נישט פאַרלאָזען.

— אויב דו האָסט גענוג שפּייז און וואַסער קענסטו מיט אונז מיטגעהן !

— האָט דער אַנפיהרער פון קאַראַוואַן זיך צו איהם אָפּגערופען. — אין דעם מדבר וועט זיך קיינער פון אונז מיט דיר נישט טיילען זיין שפּייז און וואַסער.

— די שפּייז און וואַסער וואָס איך האָב, וועט פאַר מיר קלעקען, — האָט שלמה געענטפערט. — איך וועל פון אייך קיין זאַך נישט פאַרלאַנגען, בלויז ערלויבט מיר צוצושטעהן צו אייער קאַראַוואַן, כדי איך זאָל קענען בשלום אריבערגעהן דעם מדבר.

— גוט, מיר האָבען נישט דאַגעגען דו זאָלסט זיך באַהעפטען מיט אונז, אָבער מיר וועלען דיך באַזוכען אויב דו פיהרסט מיט זיך גאָלד אָדער זילבער, וועסטו אונז דאַרפען אַלעס אָפּגעבען פאַר דער טובה וואָס מיר טהוען מיט דיר.

— איך בין אַן אָרימער וואַנדערער, — האָט שלמה אויסגערופען, — אויסער דאָס ביסעל שפּייז און דעם לאַגעל וואַסער פאַרמאָג איך קיין זאַך נישט.

די אדומים האָבען איהם בעזוכט, און ווען זיי האָבען ביי איהם גאָרנישט געפונען, האָבען זיי איהם ערלויבט צוצושטעהן צו זייער קאַראַוואַן און זיי האָבען אָנגעפאַנגען דורכצוגעהן דעם מדבר.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס שלמה האָט זיין פוס געשטעלט אין דעם מדבר. ער האָט גענומען טראַכטען אַז דאָס איז איינע פון די מדבריות וואו

די אידען האבען געוואנדערט ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים און געגאנגען איינגעהמען ארץ ישראל . . .

אויף דעם צווייטען טאג פון דער רייזע ווען שלמה איז געווארען מעהר באפריינדעט מיט די ארומים פון קאראוואן, האט ער מיט זיי גענומען פארפיהרען א געשפרעך וועגען זייער ערפאהרונג אין ארץ ישראל און וואס זיי דענקען פון דעם קעניג פון ארץ ישראל.

— איינמאל האב איך געזעהן דעם קעניג שלמה, — האט דער הויפט פון קאראוואן זיך צו איהם אפגערופען, — און דאס איז געווען אין דער צייט ווען אונזער קעניג פון ארום האט געבראכט זיין טאכטער זי זאל הייראטען מיט שלמה'ן... אונזער גאנצעס לאנד האט אויפגענומען די נייעס אז שלמה, דער קליגסטער פון אלע מלכים, ווערט אויך דער איידעם פון דעם קעניג פון ארום... ביי יעדען פון אונז האט זיך ערוועקט א פארלאנג אליין צו זעהן דעם קעניג מיט די אויגען און צו הערען פון איהם זיין חכמה, און איך מיט מיינע מיטרייזענדע האבען געהאט דיזע געלעגענהייט.

— און וואס דענקט איהר פון דעם קעניג פון ישראל? — האט זיי שלמה געפרעגט, — זייט איהר דען נישט געווען שטארק ענטטוישט ווען איהר האט איהם געזעהן פנים אל פנים?

— דאס פאלק ישראל איז זעהר גליקליך וואס זיי זיינען געבענשט מיט אזא קעניג ווי שלמה איז, — האט אן עלטערער רייזענדער זיך אפגערופען, — לויט ווי מיינע עלטערען האבען מיר דערצעהלט, איז געווען א צייט ווען דאס פאלק ישראל האט שטארק געליטען פון דעם יאך פון זיינע שונאים, און יעצט זיינען זיי א מעכטיג און רייך פאלק... און זיכער זיינען מיר ניט ענטטוישט געווארען ווען מיר האבען געהערט זיינע חכמות און געזעהן דעם פראכטפאלען בית המקדש און די אנדערע געביידעס וואס ער האט געבויט... און יעצט אז מיר וועלען זיך צוריקקעהרען צו אונזער לאנד, וועלען מיר איבערגעבען אונזערע ברידער אז שלמה'ס גרויסקייט איז נאך פיעל מעהר ווי מיר האבען זיך פארגעשטעלט, און מיר מעגען טאקע שטאלץ זיין דאס וואס אונזער קעניג'ס טאכטער ווערט פאררעכנט פאר איינע פון שלמה'ס פרויען.

זעהר אנגענעהם איז געווען צו שלמה'ס אויער צו הערען אזוי פיעל לויב וועגען זיך פון פרעמדע... געלויבט איז גאט וואס ער האט מיט איהם אזא גרויסען חסד געטהאן און איהם געגעבען א גוטען נאמען וואס דערגרייכט זעהר וויים „א גוטער נאמען איז בעסער ווי גוטער בוימאייל" — האט ער זיך געטראכט. און ווען זיי זיינען ארויס פון דעם מדבר האט ער זיך מיט זיי פריינדליך געזעגנט.

יעצט האט שלמה געטראטען אויף א פרעמדען באדען. ער האט געזעהן פרעמדע מענשען און זיך גוט צוגעקוקט צו זייער ארט לעבען... פארנאכט, ווען די זון איז אונטערגעגאנגען, האט ער געמאכט א פארזוך צו קריגען א נאכטלעגער, אבער שלמה איז געווען אזוי ווילד באוואקסען, זיינע קליידער און שיך זיינען שוין געווען צוריסען, או קיינער האט איהם צו זיך אין הויז נישט געוואלט אריינלאזען.

שלמה איז געווען געצוואונגען צו נעכטיגען אין דרויסען. בייטאג פלעגט ער זיך זעטיגען מיט די פרוכט וואס האט געוואקסען ביי די זייטען פון וועג, און

טרינקען פון דעם וואסער פון די קליינע טייכעלעך... אזוי האט ער געוואנדערט ביז וואנען ער איז צוגעקומען צו דעם לאנד עמון...

עס איז שוין געווען די לעצטע טעג פון הערבסט. די תבואה פון די פעלדער און די פרוכט פון די בוימער זיינען שוין געווען ארונטערגענומען... שלמה איז ארומגעגאנגען איבער די גאסען פון דער הויפטשטאדט... זיינע בארוויסע פיס זיינען געווען פארוואונדעט פון ארומגעהן... זיינע באקען זיינען געווען איינגעפאלען... און זיינע אויגען אויסגעסטארטשעט... דער הונגער האט איהם וואס ווייטער אלץ מעהר גענומען דריקען... אויב ער וועט נישט שנעל קריגען קיין שפייז וועט ער שוין זיך מעהר נישט קענען שלעפען אויף זיינע פיס... ער האט פרובירט אויסשטרעקען זיין האנד צו די פארבייגעהענדע, אבער קיינער האט זיך אויף איהם נישט אומגעקוקט... ער איז געווארען אזוי אפגעשוואכט, אז ער האט שוין מעהר קיין כח נישט געהאט זיך צו ריהרען פון ארט...

— ווען ער וואלט געוואוסט אז ער וועט דארפען ליידען אזוי פיעל יסורים וואלט ער זיך קיינמאל נישט אונטערגענומען צו וואנדערען... וואס וועט ער יעצט טהאן? ער וועט דאך דארפען אויסגעהן פון הונגער... ער וועט זיכער שטארבען אויב ער וועט נישט קריגען קיין שפייז ביז מארגען... אזוי פיעל מענשען געהען פארביי און קיינער קוקט זיך אפילו אויף איהם נישט אום... ער וועט זיין געצוואונגען אויסצוזאגען ווער ער איז, — האט שלמה געטראכט ביי זיך, — ער וועט מוזען אויסרופען אז ער איז שלמה, דער קעניג פון ישראל... עס איז איהם אפילו זעהר שווער דאס צו טהאן, ווייל ווי נאר מען וועט דיך דערוויסען אז ער איז שלמה, וועט זיך זיין גלות ענדיגען... און ער האט דאך אויף זיך גענומען צו וואנדערען אין גלות דריי יאהר... אבער וואס קען ער העלפען... גאט וועט איהם מוחל זיין... ווען ער זאל דאס נישט טהאן, וועט ער שטארבען פון הונגער און קיינער וועט זיך אויף איהם נישט אומקוקען...

— אני שלמה!... איך בין שלמה!... איך בין געווען קעניג אין ירושלים!...

— האט ער פלוצים אויסגערופען ווען ער האט באמערקט עטליכע מענשען פארבייגעהענדיג.

די מענשען האבען זיך אפגעשטעלט און איהם בעטראכט, און אויסשיסענדיג מיט א הילכיגען געלעכטער, זיינען זיי געגאנגען זייער וועג.

— איך בין שלמה, דער קעניג פון ירושלים!... — האט ער אויסגעשריען נאך אמאל.

באלד האבען איהם ארומגערינגעלט יונגע אינגלעך און האבען גענומען אפשפאטען פון איהם. איינינגע האבען גענומעןווארפען אויף איהם שטויב, אנדערע האבען איהם גענומען שלעפען פאר זיין צוריסענעם מאנטעל.

— קוקט נאר אן דעם קעניג שלמה! — האבען איינינגע איהם גענומען שלעפען פאר'ן בארד.

— לאמיר מאכען פאר איהם א טראהן און איהם אנטהאן א קרוין, — האבען אנדערע אינגלעך געזאגט.

ביסלעכווייז זיינען צוגעקומען עלטערע מענשען און זיך אפגעשטעלט.

— איך בין שלמה, דער קעניג פון ארץ ישראל! — האט ער אויסגערופען, און אויסגעשטרעקט זיין האנד.

— ער איז גוט משוגע! — האט איינער זיך אפגערופען און צונעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— איך בין שלמה המלך! איך בין געווען קעניג אין ירושלים... יעצט בין איך אין א פרעמד לאנד... איך בין הונגעריג און דורשטיג... וועט פיעלייכט אימיצער פון אייך רחמנות האבען אויף מיך און מיר געבען עסען... ווייל איך געה אוים פון הונגער . . .

— פאר וואס שרייסטו ניט אז דו ביזט דער קעניג פון עמון! — האט א מאן א שמייכעל געטהאן.

— איך בין שלמה! איך בין שלמה! — האט ער נישט אויפגעהערט צו יאמערען... איך געה אוים פון הונגער.

— קום אין מיין הויז און איך וועל דיר געבען עסען, — האט זיך א רייכער מאן, וועלכער איז געשטאנען מיט זיין פרוי, אפגערופען צו איהם.

— זאל דיך גאט בענשען, דו גוטער מענש! — האט זיך שלמה אפגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען, און איז איהם נאכגעגאנגען.

— דו מיינסט טאקע אריינצוברייננען אין אונזער הויז דיזען אומריינעם משוגענעם! — האט זיך די פרוי גענומען בייזערען אויף איהר מאן.

— איך טהו עס כדי מיר זאלען האבען אביסעל שפאס אין דער צייט פון אונזער מאלצייט! — האט זיך דער מאן פארענטפערט.

דער רייכער מאן האט אריינגערופען שלמה'ן צו זיך אין הויז און האט זיך אפגערופען מיט א שמייכעל צו זיינע זיהן און טעכטער, וועלכע זיינען געזעסען ארום דעם טיש:

— איך האב אהער געבראכט דעם קעניג פון ירושלים, נישט אמת?! — האט ער זיך געווענדעט צו שלמה'ן.

— ריכטיג! איך בין שלמה! איך בין געוועזן קעניג אין ירושלים! — האט שלמה זיך אפגערופען.

— און וואו זיינען דיינע ווייבער? — האבען די זיהן פון רייכען מאן איהם געפרעגט לאכענדיג, — פארוואס האסטו זיי נישט מיטגענומען?

— אפשר וועסטו מיר מאכען פאר דיין קעניגין! — האט די עלטערע טאכטער זיך פאנאנדערגעלאכט. — איך האב שוין פיעלע יאהרען גע'חלום'ט צו ווערען שלמה'ס ווייב! און יעצט, איז "דער קעניג אליין איין אונזער הויז".

— יא, דער קעניג פון משוגעים! — האט איהר פאטער זיך אפגערופען...

שלמה איז געווען אזוי גליקליך פון דעם געדאנק, אז ער וועט באלד קריגען עטוואס צו עסען, אז ער האט אראפגעשלונגען אלע שפאסען און בעליידיגונגען וואס יעדער מיטגליעד פון דיזער רייכער משפחה האט געמאכט אויף זיין חשבון.

צו יעדען געריכט וואס מען האט דערלאנגט צום טיש, האט מען אפגעלאכט פון דעם ארימען גאסט... ווען אלע האבען געהאלטען פאר א משוגע'נעם.

ווען שלמה האט עטוואס איינגעשטילט זיין הונגער האבען איהם שוין די איבריגע ביסענס גענומען שטיקען אין האלז... און כאטש מען האט אנגעהויבען דערלאנגען נאך גוטע און געשמאקע שפייזען, האט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און בעדאנקענדיג זיי פאר'ן עסען, האט ער פארלאזען דאס הויז.

— געלויבט איז גאט דערפאר, — האט שלמה זיך געטראכט, — טאקע די מענשען גלויבען מיר ניט און האלטען מיך פאר א משוגע'נעם, אבער דערפאר

קוקען זיי זיך אום אויף מיר... מיין שרייען "אני שלמה" ציהט זייער אויפמערקזאמקייט.

אויף מארגען האט זיך שלמה ווידער געשטעלט אין גאס און גענומען בעטען מען זאל איהם געבען שפייז. און ווען ער האט געזעהן אז קיינער קוקט זיך אויף איהם נישט אום, האט ער ווידער גענומען אויסשרייען: "איך בין שלמה! איך בין געוועזן קעניג פון ירושלים"... באלד האבען איהם ווידער פיעלע מענשען ארומגערינגעלט, און מען האט גענומען חוזק מאכען פון איהם.

— קום צו מיר אין הויז, פרעמדער! — האט זיך צו איהם אפגערופען אן אריםאן, וועלכער האט מיט איהם מיטלייד געקראגען.

שלמה איז איהם נאכגעגאנגען, און ביידע זיינען אריין אין א קליין הייזעל.

דער ארימאן האט שטילערהייט זיך אפגערופען צו זיין ווייב:

— דיזער אומגליקליכער מאן איז געריהרט פון זינען צוליעב הונגער, ער וועט מיט אונז היינט עסען.

דער מאלצייט איז בעשטאנען פון א שטיקעל ברויט, עטליכע גרינסען און וואסער... אבער שלמה האט עס געגעסען מיט גרויס אפעטיט.

אין הויז איז געוועזן רוהיג. יעדער האט זיך באמיהט איהם צופרידענצושטעלען.

ווען שלמה האט אפגעגעסען און זיך געזעגענט מיט דעם בעל הבית און זיין פרוי, האט זיך דער ארימאן ענטשולדיגט:

— דו מוזט מיר פארגעבען, פרעמדער, וואס מיין מאלצייט איז געוועזן אזא מאגערער, וויל גאט האט מיך נישט געבענשט מיט רייכטום.

— עס איז בעסער צו עסען א מאלצייט פון גרינסען אין הויז וואו עס הערשט ליעבשאפט און רוהיגקייט, איידער צו עסען א געבראטענעם אקס אין א הויז וואו עס הערשט פיינדשאפט און קריעג, — האט שלמה געזאגט.

איינינע טעג איז שלמה'ן געלונגען צו ציהען די אויפמערקזאמקייט פון די פארבייגעהער ווען ער פלעגט אויסשרייען "איך בין שלמה!" באלד אבער האבען זיך שוין די מענשען צוגעוואוינט צו איהם און צו זיינע אויסרופען און האבען זיך שוין מעהר נישט אפגעשטעלט.

שלמה האט אנגעפאנגען ווידער צו הונגערען... ער האט געזוכט צו טהאן די שווערסטע ארבייט כדי ער זאל זיך קענען ערנעהרען. אבער נישט שטענדיג האט ער געקענט געפינען ארבייט.

ער פלעגט יעדען טאג געהן אויף דעם מארק־פלאץ פון עמון און אנגעבאטען פיעלע קויפער צו העלפען אוועקטראגען זייער סחורה, אבער נישט יעדער האט איהם דערפאר בעלוינט.

איינמאל איז אויף דעם מארק־פלאץ געקומען דעם קעניג'ס קוכער מיט זיין געהילף צונויפצוקויפען פארשידענע עסענווארג פאר'ן קעניג'ס מאלצייט.

ער האט אנגעקויפט אזוי פיעל, אז עס איז געוועזן שווער פאר ביידען דאס צו פיהרען צום פאלאץ.

שלמה האט דאס דערזעהן און זיי אנגעבאטען זיין הילף.

— גוט, — האט דער קוכער אויסגערופען, — דו וועסט אונז העלפען ביז'ן פאלאץ פון דעם קעניג און דערפאר וועל איך דיר געבען עטוואס שפייז...

ביידע, דער קוכער און זיין געהילף, האבען ארויפגעלייגט אויף שלמה'ן

די גאנצע משא. שלמה איז געגאנגען געבויגען אין דרייען אונטער דעם שווערען לאסט... דער שוויים האט זיך פון איהם געגאסען. ער האט אבער עס צוגעבראכט ביז'ן פאלאץ, און ווען דער קוכער האט איהם באפרייט פון דער משא, האט שלמה זיך אויסגעגלייכט און אפגעכאפט זיין אטעם.

— איך זעה, אז דו ביזט זעהר א שטארקער יונג! — האט דער קוכער זיך צו איהם אפגערופען, — דו וועסט קענען קריגען יעדען טאג עטוואס ארבייט ביי מיר, אבער דו קענסט נישט צוקומען צום פאלאץ אין אזעלכע צוריסענע קליידער און אזוי ווילד באוואקסען... בייט אום דיינע קליידער, שער זיך ארום און ווען דו וועסט עס טהאן, קענסטו קומען יעדען טאג און איך וויל דיר געבען עטוואס באשעפטיגונג.

— איך בין זעהר ארעם און איך פארמאג נישט קיין אנדערע קליידער! — האט שלמה איהם געזאגט.

—ווארט צו א ווײלע! איך וועל דיר געבען מיינע אלטע בגדים, — האט דער קוכער צו איהם געזאגט, און איז אריין אינעווייניג אין פאלאץ.

אין א ווײלע ארום איז ער ארויסגעקומען און איבערגעגעבען שלמה'ן זיין אלטען מלבוש און א פאר שיך.

שלמה האט דעם מלבוש גענומען און זיך אפגערופען:

— איך בין הונגעריג, מיין הער, פיעלייכט קענסטו מיר געבען עטוואס שפייז.

— א, וועגען דעם האב איך גאר פארגעסען! — האט ער אויסגערופען, און באלד איהם ארויסגעטראגען א שיסעל פול מיט שפייז.

שלמה האט איהם בעדאנקט און אויך אויסגעליידיגט די שיסעל. ווען ער איז זאט געווארען, איז ער אוועקגעגאנגען צום טייך און זיך אויסגעבאדען און אנגעטהאן די בגדים וואס דער קוכער האט איהם געשאנקען.

ווען דער קוכער האט שלמה'ן דערזעהן אין גאנצע קליידער און שיך, האט ער אויסגערופען:

— דו קוקסט גאר אויס א גאנץ אנדער מענש צו זיין... יעצט וועל איך דיר געבען א שער און דו זאלסט זיך ארומשערען, און דאן וועט זיין מעגליך דיך צוצולאזען צו די טויערען פון פאלאץ.

דעם צווייטען טאג איז שלמה צוגעקומען צום פאלאץ אן ארומגעשארענער און ארומגעוואשענער און דער קוכער האט זיך ניט געקענט אפוואונדערען פון זיין שעהנקייט...

יעצט פאסט פאר דיר זיך צו געפינען אפילו אין דעם קעניג'ס קיך!

— האט דער קוכער אויסגערופען, — קום מיט מיר אין קיך, און פון היינט אז וועסטו זיין מיין געהילף, דו וועסט מיר ארויסהעלפען אין אלעם, און פאר דעם וועסטו קריגען דייז שפייז... און שלאפען וועסטו קענען אין גארטען, איז דעם ביידעל וואו דער נאכט־וועכטער פלעגט שלאפען... און אין דער זעלבער צייט וועסטו טאקע אפהיטען דעם קעניג'ס גארטען.

— און וואו איז דער פריהעריגער וועכטער! — האט איהם שלמה געפרעגט.

— דער פריהעריגער וועכטער איז טויט, און דו קענסט פארנעהמען זיין פלאץ, דו וועסט דארפען אכטונג געבען אז קיין גנבים זאלען זיך נישט אריינ־כאפען אין קעניג'ס גארטען אז אויפעסען די פרוכט, אויך וועסטו מוזען אכטונג

געבען אז די בלומען זאלען נים פארוויאנעט ווערען, ווייל דעם קעניג׳ס טאכטער האט זעהר ליעב די בלומען, און יעדען פריה־מארגען קומט זי ארויס אין גארטען און רייסט פאר זיך אפ א שעהנע בלום.

— גוט! איך בין צופרידען צו טהאן אלעס וואס דו וועסט מיר הייסען! — האט שלמה אויסגערופען.

איינינע טעג זיינען פאראיבער. שלמה האט גאנץ שווער געארבייט אין קיך. ער האט דארטען אלע שווערע ארבייט געטהאן און ווען ער פלעגט פארטיג ווערען מיט זיין ארבייט ביינאכט, פלעגט ער אריינגעהן אין דעם ביידעל פון גארטען און זיך אוועקלייגען אויף דעם געלעגער פון גראז און אזוי געשמאק אפשלאפען ביז אין גרויסען טאג.

דער קעניג פון עמון האט געהאט א טאכטער און איהר נאמען איז געווען נעמה... זי איז געווען זיין איינציגע טאכטער, שעהן און קלוג איז זי געווען, און דער קעניג האט איהר זעהר ליעב געהאט. און ווען זי איז אונטערגעוואקסען און איהר צייט איז געקומען חתונה צו האבען, האבען פיעלע פרינצען געקומען בעטען דעם קעניג ער זאל זיי אפגעבען זיין טאכטער.

— מיין טאכטער וועט אליין אויסקלייבען איהר באשערטען! — האט זיי דער קעניג געענטפערט, און זיי צוריקגעשיקט צו זייערע לענדער.

די פרינצעסין נעמה האט זעהר פיעל געהערט פון דעם קלוגען קעניג פון ישראל, און איהר האט זיך פארגלוסט צו מאכען א רייזע נאך ארץ ישראל כדי צו זעהן דעם קעניג שלמה. אבער איהר פאטער האט געוואוסט, אז ווען זי וועט קומען אין ירושלים און דערזעהן שלמה׳ן און הערען זיינע חכמות, וועט זי ווי די אנדערע פרינצעסינס נישט וועלען זיך צוריקקעהרען אהיים.

— דו ווייסט דאך, מיין טאכטער, ווי ליעב איך האב דיך! און ווען איך געהם זאר טראכטען אפילו פון דער מעגליכקייט אז דו וועסט פארבלייבען אין אן אנדער לאנד, געהט א ציטער דורך מיין לייב. דאריבער מיין טאכטער, קענסטו זיך אויסקלייבען א מאן וועמען דו וועסט ליעב האבען און מיט איהם חתונה האבען, און איך וועל דיר נישט שטערען אין דיין אויסוואהל.

נעמה האט אבער אזא מאן וועלכער זאל באזיצען אלע אייגענשאפטען וועגען וואס זי האט גע׳חלום׳ט, נישט געטראפען, און דערפאר האט זי טאקע נישט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען מאכען א רייזע נאך ירושלים.

איין פריהמארגען, ווען די פרינצעסין איז אריין אין גארטען, ווי דער שטייגער איהרער איז געווען, אפצורייסען א פרישע בלום, האט זי דערהערט א בעצויבערנדען געזאנג פון א פויגעל. זי איז געגאנגען אין יענער ריכטונג פון וואנען דער געזאנג איז געקומען ביז וואנען זי איז צוגעקומען צו דעם ביידעל. און צו איהרע אויערען האט דערגרייכט א שטארקען כראפען. זי איז צוגעגאנגען נעהנטער צו דעם ביידעל און האט אהין אריינגעקוקט און באמערקט א מאן שלאפענדיג גאנץ געשמאק.

— יוער קען ער דאס זיין? — האט זי זיך געוואונדערט — און גוט בעטראכט זיין פנים.

— ער קוקט אוים צו זיין זעהר שעהן און בעזיצט אן איידעלען פנים — האט די פרינצעסין געטראכט, און זי האט שוין געוואלט אוועקגעהן.

שלמה האט זיך אבער פלוצלונג אויסגעכאפט פון שלאף ווײַלע ער האט דערפיהלט איהרע דורכדרינגענדע בליקען.

— א עס פערדריסט מיר זעהר וואס איך האב דיר פון דיין געשמאקען שלאף געשטערט! — האט זיך די פרינצעסין פאר איהם ענטשולדיגט — זאג דאך מיר, אומבעקאנטער, ווייסטו פיעלייכט וועגען א מיטעל פון שלאפלאזיגקייט?

— מיין פרינצעסין! — האט שלמה אויסגערופען — "זיס איז דער שלאף פון דעם ארבייטער, צו ער עסט ווינציג אדער א סך אבער די זאטקייט פון די רייכע לאזט זיי נישט שלאפען".

— דאס איז זעהר קלוג געזאגט! — האט נעמה אויסגערופען מיט א שמייכעל — אבער זאג דאך מיר ווער ביזטו און ווי אזוי קומסטו אהער?

— איך העלף ארויס דעם קעניג'ס קוכער אין זיין ארבייט אין קיך.

— און ווי איז דיין נאמען? און פון וואס פאר א לאנד קומסטו.

— מיין נאמען איז קהלת — האט ער אויסגערופען און איך קום פון ארץ ישראל.

— דו קומסט פון ארץ ישראל? — האט נעמה'ס אויגען אנגעפאנגען צו גלאנצען, האסטו דאך זיכער געזעהן דעם וואונדערבארען, קלוגען קעניג שלמה?

— איך האב איהם געזעהן! — האט שלמה געענטפערט און קוים בעהערשט זיין שמייכעל.

— אה, איך בעט דיר דערצעהל מיר פון זיין גרויסער חכמה, דערצעהל מיר ווי ער קוקט אויס און ווי אזוי ער פיהרט זיך אין זיין קעניגרייך... איך בין זעהר נייגעריג פון איהם צו הערען...

— ער איז א מענש ווי איך און ווי פיעלע אנדערע ווי איך! — האט איהר שלמה געענטפערט.

— אבער מען דערצעהלט דאך אזוי פיעל וואונדער פון איהם, וואס ער האט אויפגעטהאן פאר זיין לאנד און פאלק!

— עס איז נישטא קיין נייעס אונטער דער זוהן! — האט שלמה זיך אפגערופען אלעס וואס איז געוועזן וועט זיין און אלעס וואס וועט זיין איז שוין געוועזן!

— און האסטו אויך געהערט ווי אזוי דער קעניג שלמה משפט זיין פאלק? — האט די פרינצעסין איהם געפרעגט.

— איך בין געוועזן אנוועזענד אויף די אלע משפטים וועלכע זיינען פארגעבראכט געווארען פאר דעם קעניג! און איך מוז צוגעבען אז נאט האט איהם געגעבען פערשטאנד כדי ער זאל וויסען ווי צו משפט'ן זיין פאלק מיט גערעכטיגקייט.

— אויב דו האסט אזוי פיעל ערפאהרונג מיט די משפטים, וויל איך דיר איינלאדען היינט צו זיין אנוועזענד אין דער צייט ווען מיין פאטער וועט משפט'ן... דו, וועלכער האסט געזעהן ווי אזוי שלמה משפט, וועסטו זיכער קענען זעהן דעם אונטערשייד צווישען די גערעכטיגקייט וואס ווערט געטהאן אין דיין לאנד און די גערעכטיגקייט פון אונזער לאנד

— ווער בין איך ? — האט שלמה אויסגערופען — דאס איך האב געפונען חן אין די אויגען פון מיין הארינטע...

— איך זעה אז דו ביזט זעהר א קלוגער מאן ! — האט נעמה געזאגט און איך בין זיכער אז מיין פאטער וועט נישט האבען דאגעגען, ווען דו וועסט קומען אין דעם געריכטסזאל. זאגסטו מיר צו ?

—וועט מען מיר דען ארייגלאזען אהין ? — האט שלמה איהר געפרעגט.

— איך וועל שוין זעהן אז מען זאל דיר צולאזען ! — האט נעמה געזאגט.

— איך בין דאך אבער פערנומען דעם גאנצען טאג מיט ארבייט און דער קוכער וועט מיר זיכער נישט ערלויבען דאס צו טאהן — האט שלמה ווייטער געזאגט.

— דאס וועל איך שוין אויך בעזארגען — האט די פרינצעסין געזאגט און איז צוריק אריין אין פאלאץ.

שלמה האט זיך ארומגעוואשען, און אויסגערייניגט זיינע קליידער און איז אוועק צו דעם קעניגליכען געריכטס הויז.

דער קעניג איז געזעסען אויף זיין טראהן און ארום איהם זיינען געזעסען די מיניסטארען, נעבען קעניג'ס רעכטע האנט איז געזעסען די קעניגין און נעבען זיין לינקער האנט — זיין טאכטער.

שלמה האט קיין שוועריגקייטען נישט געהאט ארייגצוגעהן אין פאלאץ, וויל נעמה האט אנגעזאגט אלעמען אז מען זאל איהם ארייגלאזען.

— ווער איז אט דער פרעמדער ?—האט זיך דער קעניג פון עמון אפגערופען:

א. פאטער, ער קומט פון ירושלים און איז געווען אנוועזענד צו יעדען משפט וואס דער קלוגער קעניג שלמה האט געמשפט, און איך האב איהם אהער איינגעלאדען ער זאל זעהן ווי ביי אונז אין לאנד משפט מען די מענשען.

באלד האט מען פארגעבראכט פאר דעם קעניג צוויי יונגע מענשען. איינער איז געווען הויך געוואקסען און גאנץ דאר, און דער צווייטער איז געווען א דיקער מאן מיט א רויטען פנים.

— וואס האט פאסירט צווישען אייך ביידע ? — האט דער קעניג זיי געפרעגט.

— ער איז א שווינדלער !

— ניין, ער איז א ליגנער און א שווינדלער ! — האבען ביידע מיט אמאל אויסגערופען.

— דו לייג פאר פאר מיר דיינע טענות פריהער ! — האט זיך דער קעניג אפגערופען צו דעם הויכען יונגען מאן, — און נאכהער וועל איך הערען אויך זיינע טענות.

דער הויכער יונגערמאן האט זיך עטוואס דערנעהנטערט צום קעניג און פארנייגענדיג זיך, האט ער זיך אפגערופען:

— מיין פאטער איז געווען זעהר א רייכער מאן, און איך בין געווען זיין איינציגער זוהן. ווען איך בין נאך גאנץ יונג געווען האט מיר מיין פאטער געשיקט אין א צווייטער שטאדט צו באזוכען איינעם פון מיין פאטער'ס קרובים... אבער אויפ'ן וועג זיינען מיך רויבער באפאלען און מיך גענומען געפאנגען... פיעלע יאהר האבען זיי מיך געהאלטען געפאנגען, ביז וואנען מיר איז געלונגען

פון זיי צו אנטלויפען. ווען איך בין צוריק געקומען אין מיין געבורטס־שטאדט האב איך אויסגעפונען אז מיין פאטער איז שוין לאנג געשטארבען. איך בין אריין אין מיין פאטערס הויז, האב איך געטראפען אט דעם מאן, וועלכער איז געווען מיין פאטערס קנעכט, און ווען איך האב איהם געזאגט, אז איך בין דער יורש פון מיין פאטערס פארמעגען, האט ער זיך פון מיר אויסגעלאכט און ער האט אויסגערופען, אז ער איז גאר דער ריכטיגער זוהן און האט מיך פון מיין פאטערס הויז פארטריבען.

— ער איז א ליגנער און א שווינדלער! — האט זיך דער דיקער יונגערמאן אפגערופען, — איך בין דער זוהן און מיין פאטער האט מיר איבערגעלאזט דאס גאנצע פארמעגען.

— ער איז א קנעכט, דער זוהן פון א קנעכט! און יעצט האט ער מיר בעשווינדעלט, ער האט גע'ירש'נט מיין פאטער'ס רייכטהום און איך, זיין אמת'ער זוהן, האב נישט געקראגען אפילו א שקל ירושה.

— זיינען פאראן פיעלייכט שכנים וועלכע וואלטען דיך דערקענט? — האט דער קעניג זיך אפגערופען צו דעם הויכען יונגען מאן.

— איך צווייפעל אויב אימיצער פון די שכנים וואלטען מיר דערקענט, וויל עס זיינען שוין פיעלע יאהרען אוועק און די שכנים וועלכע האבען מיר געקענט און געוואוסט אז ער איז מיין פאטער'ס קנעכט, זיינען שוין מעהר דארטען נישטא, און די נייע שכנים האט דער קנעכט איינגערעדט אז ער איז דער ריכ־טיגער זוהן, און יעצט האלטען מיר אלע איהם פאר א שווינדלער...

— דו ביזט טאקע א שווינדלער און א ליגנער! — האט דער צווייטער אויסגערופען — איך בין דער ריכטיגער זוהן און מיין פאטער האט מיר אי־בערגעלאזען די גאנצע ירושה.

דער קעניג האט זיך פארטראכט: ביידענס טענות זיינען גערעכטע אבער ביידע קענען דאך נישט זיין גערעכט. איינער איז בלויז דער ריכטיגער זוהן פון דעם פערשטארבענעם רייכען מאן... ווער איז ער?

די מיניסטארען וועלכע זיינען געזעסען נעבען איהם האבען געקוועטשט מיט די פלייצעס... זיי האבען אויך קיין עצה נישט געפונען ווי אזוי צו בע־שטימען ווער עס איז דער אמת'ער זוהן...

דער קעניג האט נאך אמאל יעדען בעזונדער אויסגעפרעגט אבער ביידענס טענות זיינען געווען אזוי איבערצייגענד אז עס איז שווער געווען צו אורטהיילען ווער פון זיי איז דער ליגנער...

— פאטער! — האט זיך די פרינצעסין אפגערופען — דא געפינט זיך דאך קהלת, דער מאן וועלכער האט בייגעוואוינט פיעלע משפטים אין שלמה'ס געריכט'ס הויז. פרעג איהם ווי אזוי וואלט שלמה המלך געהאנדעלט אין אזא פאל.

דער קעניג האט איהם צוגערופען גאנץ נאהענט און זיך צו איהם אפגע־רופען:

— מיין טאכטער האט מיר געזאגט אז דו ביזט א מאן פון ארץ ישראל און דיר איז פיעלע מאל אויסגעקומען צו זיין אין דעם געריכטס הויז פון דעם

קליגסטען קעניג אין דער וועלט... קענסטו מיר פיעלייכט זאגען ווי אזוי וואלט דיין קעניג שלמה גע׳משפט אט די צוויי מענשען ?...

— איך ווייס נישט ווי שלמה וואלט זיי גע׳משפט! — האט שלמה געזאגט

— אבער ווען איך וואלט געווען שלמה וואלט איך שוין וויסען וואס צו טהאן!

— ווי איך זעה האלטסטו פון זיך גאנץ שטארק! — האט זיך דער קעניג אפגערופען מיט כעס — אויב איך און מיינע מיניסטארען ווייסען נישט ווער עס איז דער גערעכטער און ווער דער אומגערעכטער, ווי אזוי קענסטו, א קנעכט צו שלמה׳ן, וויסען ווי זיי צו משפט׳ן!!

— דאך, פאטער וואלט געווען כדאי צו הערען וואס ער אליין האט וועגען דעם צו זאגען! — האט נעמה זיך אפגערופען — לאמיר זעהן צו וועט ער קענען אויסגעפינען וועלכער איז דער ריכטיגער זוהן און יורש און ווער עס איז דער קנעכט.

— מיין טאכטער, ווילסטו איך זאל זיך ערנידעריגען און פרעגען אן ארימען קנעכט פון שלמה׳ן, ווי צו משפט׳ן מיינע בירגער ?

— איך האב מיט איהם בלויז איניגע ווערטער גערעדט און איך האב אויסגעפונען, אז ער בעזיצט חכמה אין א גרויסער מאס... — האט די פרינצעסין געזאגט — און איך בין זעהר נייגיריג צו וויסען, אויב איך האב קיין טעות נישט געמאכט. טו עס פון מיינטוועגען, פאטער, און הייס איהם משפטן אט די צוויי מענשען!

— קהלת! — האט זיך דער קעניג צו איהם אפגערופען מיין טאכטער האלט דיך פאר א חכם! יעצט ווייז אונז אן ווי אזוי וואלסטו געמשפט, ווען דו וואלסט טאקע געווען שלמה המלך!

— ווען איך וואלט געווען שלמה — האט ער געענטפערט — וואלט איך אזוי גע פסקנ׳ט: זאלען ביידע, וועלכע גיבען זיך אן פאר די זיהן פון דעם פערשטארבענעם רייכען מאן, נעמען לויפען פון דאנען צו דעם קבר פון זייער פאטער און ווער עס וועט צוקומען דארט צום ערשטען, זאל ער אויסשרייען דריי מאל: מיין פאטער האט זיך בענארישט! און דער וועלכער וועט אזוי טאהן, איז א סימן אז ער איז דער ריכטיגער זוהן און יורש פון זיין פערמעגען... און דער צווייטער איז א ליגנער און בעטריגער!

די מיניסטארען האבען זיך איבערגעקוקט... זיי האבען געקוועטשט מיט דיא פלייצעס און קוים איינגעהאלטען זייער שמייכעל.

— און יעצט דארפען מיר דאנקען די געטער פון עמון אז דו ביזט נישט שלמה! — האט זיך דער קעניג פאנאנדערגעלאכט ווענדענדיג זיך צו זיין טאכ־טער אויב זיין קעניג פארמאגט אזוי פיעל חכמה ווי ער, דאן דארף דיר נישט פערדריסען וואס דו ביזט נישט געפאהרען נאך ירושלים!

— פונדעסטוועגען פאטער וואלט נישט געשאדט, ווען דו פרובירסט אויס זיין עצה! — האט די פרינצעסין געזאגט.

— זיין עצה איז דאך אזוי נאריש און נישט אויסגעהאלטען! — האט דער קעניג זיך אפגערופען — ווי אזוי וועט ער קענען אורטהיילען ווער עס איז דער ריכטיגער זוהן, לויט זייער פלינקייט... קען דען נישט געמאלט זיין אז דער

קנעכט זאָל קענען לויפן שנעלער ווי דער אמת'ער זוהן... ניין! עס איז זעהר א נארישער אורטהייל!

— און דאך שיינט מיר אז קהלת האט איז דעם אן אנדער כונה! — האט נעמה געזאגט — וואס קענסטו פערלירען פאטער, אויב ער וועט דורך דעם נישט קענען דערגעהן ווער עס איז דער ריכטיגער זוהן, וועט ער אבער אויך נישט ערגער מאכען... איך בעט דיר פאטער טו ווי ער ראטה דיר.

— איך וועל דיר פאָלגען, מיין טאכטער, אבער דו מוזט מיר פערשפרעכען, אז ווען דו וועסט אליין זעהן ווי א קנעכט פון שלמה האט זיך בענארישט, זאָלסטו שוין מעהר נישט טראכטען וועגען געהן אין ירושלים צו זעהן דעם קעניג!

— איך פערשפרעך דיר! — האט נעמה אויסגערופען:

— גוט, קהלת, יעצט וועלען מיר זעהן ווי אזוי דו וועסט אויסגעפינען ווער דער אמת'ער זוהן איז פון זייער לויפען צו דעם קבר פון דעם רייכען מאן.

דער קעניג און די אלע פערזאמעלטע מיט די צוויי בעלי דינים האבען פאר־לאזען דעם פאלאץ.

— האט איהר געהערט, וואס דער פרעמדער האט געראטהען — האט זיך דער קעניג אפגערופען צו די צוויי מענשען — דער וועלכער וועט דערגרייכען פריהער דעם קבר פון זיין פאטער, און אויסשרייען אויף'ן קבר דריי מאל! "מיין פאטער דו האסט זיך בענארישט!" יענער איז דער ריכטיגער זוהן, יעצט גיעב איך אייך ביידען א גלייכע געלעגענהייט, אנצופאנגען צו לויפען פון דאנען... איך וועל שיקען רייטער אויף פערד וועלכע וועלען קענען אורטהיילען ווער פון אייך איז אהין צוגעקומען פריהער. ווארט, ביז וואנען איך וועל אייך געבען דעם סיגנאל!

אלע האבען אנגעשטרענגט זייערע אויגען צו זעהן ווער עס וועט ווערען אריבעריאגען.

דער קעניג האט געגעבען דעם סיגנאל און ביידע יונגעלייט, דער הויכער און דער דיקער האבען אנגעפאנגען צו לויפען...

דער געלאף גייענג איז אלעמען געפעלען... מען האט נאכגעפאלגט דעם געלאף.

— דער הויכער און דארער וועט געווינען! — האט זיך איין מיניסטער אפגערופען צום צווייטען — ער קען לויפען א סך שנעלער ווי דער דיקער. אבער דאס וועט נאך אלץ קיין ראיה נישט זיין אז ער איז דער אמת'ער זוהן!

— געוויס נישט! דער צווייטער איז א סך דיקער פון איהם און עס וועט איהם אנקומען שווערער צו לויפען...

— דער הויכער איז שוין א היבש ביסעל וועג ווייטער פון דעם דיקען! — האבען זיך געהערט שטימען.

— יע, דער דיקער איז הינטערשטעליג.

— וואס איז געשעהן?! — האט דער קעניג אויסגערופען — דער הויכער האט זיך אפגעשטעלט! ער לויפט מעהר נישט!

— יע, דער דיקער לויפט נאך אלץ מיט זיין גאנצען איםפעט... יעצט וועט ער געווינען!

אין א ווילע ארום האבען זיך ביידע יונגע לייט צוריקגעקעהרט. דער דיקער

מאן איז געקומען מיט א שטאלצע אויפגעהויבענע קאפ, און מיט א שמייכעל פון א זיעגער: דער הויכער יונגער מאן איז צוריקגעקומען מיט א געבויגענעם קאפ, א פערשעהמטער און פול מיט יאוש.

די עדות זיינען געקומען און בעשטעטיגט אז ער איז געקומען פריהער צו דעם קבר, און אז זיי האבען אליין געהערט ווי ער האט דריי מאל אויסגעשריען! "מיין פאטער, דו האסט זיך בענארישט!

— ער איז דער ריכטיגער זוהן! האט דער קעניג אנגעצייגט אויף דעם דיקען מאן...

— מיין האר קעניג, דו ביזט אביסעלע צו איילig! — האט זיך שלמה אפגערופען מיט א שמייכעל — ער איז דער קנעכט, און דער ריכטיגער זוהן איז אט דער הויכער יונגער מאן, וועלכער האט זיך אפגעשטעלט אין מיטען וועג.

— אבער לויט דיין עצה, דארף דאך אויסקומען אז דער וועלכער האט דער־גרייכט דעם קבר צום ערשטען, יענער איז דער ריכטיגער זוהן! — האט דער קעניג זיך אפגערופען צו איהם.

— זאל דער קעניג איהם צורופען — האט שלמה געזאגט.

דער קעניג האט צוגערופען דעם הויכען יונגען מאן און שלמה האט איהם געפרעגט:

— זאג מיר פארוואס האסטו זיך אפגעשטעלט און ווייטער נישט געוואלט לויפען, דו וואלסט דאך דיין געגנער זיכער אריבערגעלאפען!

— ווען איך האב אנגעפאנגען צו לויפען, האב איך זיך בעת מעשה נישט אריינגעטראכט וואס איך דארף טאהן אויף דעם קבר פון מיין פאטער... אין מיטען לויפען אבער, האב איך זיך דערמאהנט אז איך וועל פאר עדות אין די אויגען דארפען בעליידיגען מיין פאטער... איך וועל פערשוועכען זיין כבוד צו־ליעב דער ירושה... און איך האב גלייך אויפגעהערט צו לויפען... איך בין וויליג בעסער צו פערלירען מיין פאטער'ס ירושה, איידער איהם צו בעליידיגען!

— יעצט זעהסטו שוין אז ער איז דער ריכטיגער זוהן! האט שלמה אויס־גערופען... דעם קנעכט האט נישט געארט וואס ער וועט בעליידיגען דעם טויטען...

— דו ביזט גערעכט! — האט זיך דער קעניג אפגערופען — ער איז טאקע דער אמת'ער זוהן פון דעם פערשטארבענעם רייכען מאן.

מען האטביידען ווידער צוגערופען און ווען דער קעניג האט פאר אלעמען איבערגעזאגט דאס וואס קהלת האט איהם אויפגעוויזען האבען אלע צוגעגעבען אז ער האט רעכט... דער דיקער יונגער מאן, האט איינגעזעהן אז ער איז דורכ־געפאלען, האט זיך באלד מודה געווען אז ער איז דער קנעכט און האט געבעטען אז מען זאל איהם נישט בעשטראפען...

דער קעניג און זיינע חכמים און מיניסטארען האבען זיך נישט געקענט אפוואונדערען פון די גרויסע חכמה וואס דער קנעכט פון שלמה'ן בעוויזט.

— יעצט קענסטו זיך פארשטעלען, פאטער, ווי קלוג דער קעניג שלמה אליין איז! — האט נעמה זיך אפגערופען מיט א שמייכעל פון נצחון.

— און דו העלפסט ארויס מיין קוכער? — האט דער קעניג איהם געפרעגט.

— יע, איך העלף איהם מיט זיין ארבייט אין קיך!

— פון יעצט אן וועט מיין קוכער דיר ארויסהעלפען! — האט דער קעניג

זיך אפגערופען — מיט דיין קלונשאפט האסטו מיינע אויגען געעפענט, און דו האסט זיכער פערדיענט א העכערע שטעלע ווי צו זיין דער געהילף פון א קוכער.

א ניין, מיין האר קעניג! — האט שלמה זיך אפגערופען — דער קוכער האט מיר ארויסגעוויזען פיעל גנאד, ער האט מיר אין מיינער גרויס נויט ארויס־געהאלפען, און ווען איך בין טויט הונגעריג געווען, איז ער געווען דער איינציגער אין רבת עמון וועלכער האט מיר געגעבען עטוואס צו פערדיענען... ווען עס רעדט זיין יושר׳דיג פון מיין זייט, ווען איך זאל פארנעמען זיין שטעלע.

— איהם האסטו גערארפט בעשטימען פאר איינעם פון דיינע ריכטער! — האט די פרינצעסין שטילערהייט געזאגט צו איהר פאטער.

— קען איך דען דערלאזען אז אימיצער פון א פרעמד פאלק זאל ווערען א שופט איבער מיינע בירגער ? !

— איך וועל זיין העכסט צופריעדען ווען דער האר קעניג וועט מיר ערלויבען צו פערבלייבען אין דער קיך, אלס געהילף צו זיין קוכער ! — האט שלמה געזאגט.

— גוט, זאל זיין ווי דו זאגסט ! האט דער קעניג צוגעשטימט — איך האף אז ווען עס וועט נאך אמאל פארקומען אזא שווערער משפט אין מיין הויז, וועסטו מיר קומען צו הילף.

שלמה האט פארטגעזעצט זיין ארבייט אין קיך, ער האט געשלעפט וואסער און געהאקט האלץ און געטהאן אלעס וואס דער קוכער האט איהם געהייסען.

איינמאל ווען ער האט געטראגען א קרוג וואסער אויף זיין שולטער איז איהם די פרינצעסין ענטקעגען געקומען.

— א, קהלת! מיין הארץ ברעכט דיך צו זעהן אין אזא ארעמקייט און נויט! פארוואס האסטו צוריקגעוויזען מיין פאטער׳ס אנבאט.

— ווייל — האט שלמה געענטפערט — ״עס איז בעסער ארעמקייט אויסגעבעט מיט חכמה, איידער רייכקייט אהן פערשטאנד!״

— איך האב אבער גלייך איינגעזעהן אז דו בעזיצסט חכמה! — האט נעמה געזאגט — און איך האף אז מיין פאטער וועט דיר ווען עס איז מאכען פאר א בעאמטען אין דער מלוכה.

—איך דאנק דיר פרינצעסין, פאר דיין גוטע ווינשונג — אבער איך דאנק גאט אז ער שיקט מיר צו יעדען טאג מיין שפייז!

— איך בעט דיר קהלת, שטעל אוועק דעם קרוג וואסער און לאמיר זיך צוזעצען אויף׳ן גראז... איך האב זעהר ליעב צו ריידען מיט דיר און צו הערען פון דיין מויל ווענען דער גרויסקייט פון דיין גאט און קעניג!

— די גרויסקייט פון גאט איז אוממעגליך איבערצוגעבען! — האט שלמה אויסגערופען — אבער דער קעניג, שלמה איז דאך שטערבליך און ער דארף ערווארטען דעם זעלבען סוף וואס דער נאר ערווארט.

— דו ווייסט, קהלת, אז דו האסט געפונען חן אין מיינע אויגען פון דעם ערשטען טאג וואס איך האב דיר דערזעהן! איך וואלט נישט מיעד געווארען טאג און נאכט צו הערען פון דיין מויל קלוגע רייד... זעץ זיך, איך בעט דיר, און דערצעהל מיר ווענען דיינע פערגאנגענע יאהרען.

— אבער גנעדיגע פרינצעסין, דעם קעניג'ס עסען וועט נישט קענען גע־קאכט ווערען אהן וואסער, און דער קוכער ווארט אויף דעם.

— ווען ער וועט האבען שכל וועט ער אליין געהן שעפען וואסער! — האט די פרינצעסין געזאגט — ניין, קהלת, דו ביזט נישט בעשאפען געווארען צו שעפען וואסער!

— גוט ברייננ דעם קוכער דאס וואסער און איך וועל אויף דיר צוואווארטען, וועסטו באלד ארויסקומען!

— אויב דער קוכער וועט מיר אפלאזען! — האט שלמה געזאגט און האט ארויפגעטהאן דעם קרוג וואסער און איהם ארייננעטראגען אין קיך.

נעמה די פרינצעסין האט אויף איהם געווארט אין דרויסען... זי האט פון איהם נישט אויפגעהערט צו טראכטען... אט דיזער וואונדערבארער פרעמ־דער האט איהר צוגעצויגען... זי האט איהם ליעב בעקומען... זיינע קלוגע רייד זיינען א באלזאם צו איהר הארצען... און זיין שעהנער פנים האט איהר פער־כשופט... זיינע ליכטיגע קלוגע אויגען האבען איהר בעצויבערט... זי האט פלוצ־לונג דערפיהלט אז אט דער ארימער וואנדערער פון ישראל האט געפאננען איהר הארץ... זי האט שוין אויפגעהערט צו חלומ'ען וועגען דעם קליגסטען קע־ניג שלמה... זי איז צופריעדען מיט קהלת'ן וועלכער איז בלויז א קנעכט פון שלמה. זי וועט בעסער ליידען ארעמקייט און נויט און זיין צוזאמען מיט איהם איידער צו וואהנען אין איהר פאטער'ס פאלאץ און זיין אפגעזונדערט פון איהם...

נעמה האט בעשלאסען צו ריידען מיט איהם, און איבערגעגעבען איהם אלע איהרע געפיהלען.

א היבשע צייט האט זי אויף איהם געווארט אין דרויסען און ווען ער איז פארטיג געווארען מיט זיין ארבייט איז ער ארויסגעקומען.

— לאמיר ארייננעהן אין גארטען און צוגעהן צו דעם זעלבען פלאץ וואו איך האב דיר צום ערשטען מאל דערזעהן! — האט זיך די פרינצעסין אפגערופען.

זיי זיינען ביידע איהן אוועק.

— לאמיר זיך דא צוזעצען — האט זי צו איהם געזאגט — קיינער וועט אונז דא נישט שטערען...

זיי האבען זיך אוועקגעזעצט און א ווײלע האבען זיי געשוויגען. נאכהער האט זיך נעמה אפגערופען:

— זינט איך האב געהערט וואס מען דערצעהלט וועגען שלמה דעם קלוגען קעניג פון ישראל, האב איך נישט אויפגעהערט צו טרוימען פון איהם... איך האב איהם קיינמאל נישט געזעהן און דאך האב איך איהם ליעב בעקומען! איך האב פיעל געטראכט וועגען מיין רייזע אין ירושלים, כדי דארטען צו ווערען די פרוי פון דעם קליגסטען קעניג!

— ווייסטו דען נישט אז שלמה האט פיעלע פרויען? — האט ער איהר געפרעגט.

— איך ווייס! און דאך בין איך וויליג געווען צו ווערען זיין פרוי, כדי איך זאל זיין נאהענט צו איהם און קענען שטענדיג הערען זיינע קלוגע רייד, זיינע משלים און שפריכווערטער... אבער זינט איך האב דיר דערזעהן, טראכט איך שוין מעהר נישט פון דעם קעניג שלמה'ן, אבער מיינע געדאנקען זיינען פער־

נומען בלויז מיט דיר! אַ קהלת! איך וויל ווערען דיין פרוי!, איך וויל זיין שטענדיג נעבען דיר!...

— אבער פרינצעסין, דו זוכסט דאך חוזק צו מאכען פון אַן ארימען, הילפּלאָזען וואַנדערער! אַנדערש קען איך נישט ערקלערען דיינע רייד, סיידען דו האָסט געוואָלט מאכען שפּאָס פון מיר!

— שפּאָס און חוזק זיינען גאַנץ ווייט פון מיינע געדאַנקען! — האָט נעמה אויסגערופען — איך ליעב דיר מיט מיין גאַנצען לייב און לעבען...

— און וואָס וועט דיין פאָטער זאָגען? ! וועט ער דען דערלאָזען אַז זיין איינציגע טאָכטער זאָל חתונה האָבען מיט אַן ארימען וואַנדערער ?...

— מיין פאָטער האָט מיר שוין לאַנג געזאָגט, אַז ער וועט מיר לאָזען אויסקלייבען אַ מאַן וועמען מיר וועט געפעלען.

— דאָס האָט ער בלויז געמיינט וועלכען קעניג אָדער פּרינץ דיר וועט געפעלען, אבער ער וועט דיר זיכער נישט דערלאָזען צו הייראַטען מיט דעם געהילף צום קוכער!

— אָבער מיין ליעבע צו דיר איז שטאַרקער פון מיין פאָטער׳ס ווילען! — האָט נעמה געזאָגט. — אויב ער וועט נישט צושטימען, וועל איך עס טהאָן געגען זיין ווילען!

— איידער דו באַשליסט אויף אַזאַ שריט, וויל איך דיך וואָרענען! — האָט שלמה זיך צו איהר אָפּגערופען. — דיין פאָטער קען נאָך אויף דיר איז בעס ווערען און דיך פון זיין פּאַלאַץ פאַרטרייבען... און איך וועל דאַן אויך געצוואונגען זיין צו פאַרלירען מיין שטעלע אַלס געהילף צו דיין פאָטער׳ס קוכער. מיר וועלען ביידע געצוואונגען זיין צו וואַנדערען אין דער פרעמד, דו וועסט דאַרפען ליידען, צוזאַמען מיט מיר, הונגער און נויט... ניין, גנעדיגע פּרינצעסין! אונזער ביידענס וועג וועט נישט זיין אויסגעשפּרייט מיט רויזען, נאָר מיט דערנער...

— איך בין גרייט צו ליידען נאָך צעהן מאָל מעהרער ווי דו שטעלסט מיר פאָר, נאָר צו זיין מיט דיר... איך וועל מיט דיר מיטוואַנדערען און זיך טיילען מיט דיר אַלע שוועריגקייטען, וואָס דיר וועט אויסקומען דורכצומאַכען, ביז וואַנען מיר וועלען אָנקומען צו דיין היימלאַנד ארץ ישראל, און ערשט דאַרטען וועלען מיר גליקליך זיין!

— דו דאַרפסט אָבער וויסען זיין, נעמה, אַז אויך אין ארץ ישראל בין איך ווייט פון צו זיין רייך... איך האָב נישט קיין פעלד און קיין רינד... איך וועל דאַרפען אָנקומען צו פרעמדע זיי זאָלען מיר ארויסהעלפען...

— דיין גאָט, דער גאָט פון ישראל, וועט דיך נישט פאַרלאָזען. אין דיין לאַנד וועלען מיר פון קיין הונגער נישט שטאַרבען — האָט נעמה געזאָגט — און אפילו ווען מיר זאָל אויסקומען צו ליידען הונגער און דורשט, וועל איך זיך אַלץ שעצען גליקליך, וואָס דו ביסט מיין מאַן, ווייל שטאַרקער פון אַלעם איז דער וועלט איז ליעבע...

— דיין ליעבע צו מיר איז אַ הייליגע! — האָט שלמה אויסגערופען. — זי איז נישט געבויט אויף רייכטום, אויף כבוד און גדולה... און איך שעץ זיך העכסט גליקליך אַנצונעהמען דיין ליעבע־אַנבאָט און מיט דיר חתונה האָבען... אבער איידער דו געהסט דיעזען שריט מאַכען, זאָלסטו זיך גוט באַזינען... דו

ביזט געוואוינט צו לעבען אין פאלאצע, דינסטען און קאמער־מיידלער פלעגע דיך באדיענען און יעצט וועסטו דארפען אלעס פארלאזען און וואנדערען מיט מיר איבער שטעדט און דערפער, בעטען יעדען איינעם ער זאל זיך איבער אונז מרחם זיין און אונז געבען שפייז, וואסער און א נאכטלעגער. קענסטו עס, פרינ־צעסין, אלעס פאראויסזעהן, דאן וועל איך מיט דיר חתונה האבען.

— יא, איך זעה עס אלעס! איך בין גרייט צו ברענגען דעם גרעסטען קרבן אויף דעם מזבח פון מיין ליעבע... ווארים וואס פאר א ווערדע האבען צו מיר מיין פאטער'ס פאלאצען, זיין כבוד און רייכטום, ווען מיין הארץ בענקט און לעכצט נאך אמת'ער ריינער ליעבע?... איך האף נאר, אז מיין פאטער וועט ענדליך צושטימען צו מיין הייראטען דיך און וועט דיך פיליכט נישט פאר־טרייבען פון זיין פאלאץ... איך וועל איהם נאך היינט זאגען וועגען מיין באשלוס און אויב ער וועט נישט וועלען איינשטימען, וועל איך פארלאזען זיין פאלאץ און מיט דיר וואנדערען ביז וואנען מיר וועלען דערגרייכען דיין לאנד.

שלמה האט זיך מיט נעמה'ן געזעגענט. זי האט איהם ארומגענומען און איהם געהאלדזט און געקושט. שלמה איז אריין אין זייןביידעל, וואס איז געווען דאביי און נעמה האט זיך אומגעקעהרט אין פאלאץ צו איהר פאטער.

דעם זעלבען אווענט, ווען דער קעניג פון עמון האט זיך צוריקגעצויגען צו זיין צימער זיך אפצורוהען, איז נעמה צו איהם אריינגעקומען.

— וואס איז דיין פארלאנג, מיין טאכטער? — האט איהר דער קעניג געפרעגט.

— א פאטער! איך בין אזוי גליקליך! ענדליך האב איך געפונען דעם מאן, וועמען איך ליעב מעהרער פון אלעס אין דער וועלט! ער איז דער קליגסטער פון אלע איבעריגע, וועלכע זיינען ביז יעצט געקומען צו מיר בעטען מיין האנט!

— און ווער איז ער דאס, דער גליקליכער? — האט דער קעניג אויסגערו־פען. — איז ער א זוהן פון א קעניג אדער ער איז אליין א קעניג? זאג מיר שנעלער.

— זיין נשמה איז א פרינצליכע און זיין הארץ איז ברייטער און בעסער ווי דאס הארץ פון א קעניג, און זיין חכמה און פארשטאנד איז ביי מיר אזוי גרויס ווי די חכמה פון שלמה המלך...

— אבער זאג דאך מיר שוין ווער ער איז!! — איז דער קעניג אומגעדולדיג געווארען.

— זיין נאמען איז קהלת, וועלכער איז יעצט דער געהילף פון דיין קוכער! — האט נעמה געזאגט.

— קהלת! — האט דער קעניג אויסגעשריען. — דער ארימער וואנדערער, איבער וועמען מיין קוכער האט זיך מרחם געווען און איהם געגעבען עטוואס ארבייט. ער זאל נישט דארפען אויסגעהן פון הונגער?! מיין טאכטער! טרייבסטו דען שפאס מיט מיר?!

— מיין ליעבער פאטער! איך בין ערנסט! איהם האב איך ליעב און מיט איהם וועל איך הייראטען! דו האסט מיר נישט איינמאל געזאגט, אז דו וועסט מיר לאזען אויסקלייבען פאר א מאן וועמען איך וועל נאר וועלען... און יעצט האב איך איהם, קהלת'ן, אויסגעקליבען. דו וועסט דאך אליין צוגעבען, אז ער איז דער קליגסטער פון אלע דיינע מיניסטארען און געוויס קליגער פון די קעני־

נען און פרינצען, וועלכע זיינען צו מיר געקומען און זיך אנגעבעטען מיט מיר צו הייראטען!

— אבער נעמה! ביסטו דען געריהרט פון דיין זינען?! ווי קומסטו צו דיעזען ארימען קנעכט, וועלכער האט ארומגעוואנדערט איבער מיין לאנד און געבעטען נדבות?! א ניין, דאס וועט קיינמאל נישט געשעהן! איך וועל נישט דערלאזען, אז מיין איינציגע טאכטער זאל אפטהאן אזא שריט, פון וואס זי וועט חרטה האבען איהר גאנץ לעבען!

— אויב דו וועסט נישט צושטימען, פאטער, דאן וועל איך, צו מיין שטאר־קען באדויערען, זיין געצוואונגען, צום ערשטען מאל אין מיין לעבען, דיך נישט צו פאלגען! — האט נעמה אויסגערופען. מיין ליעבע צו איהם איז שטארקער פון אלעם און קיין זאך וועט נישט שטעהן אין מיין וועג!

— ווען דו וועסט הייראטען מיט דעם ארימען וואנדערער, דאן וועסטו מוזען מיט איהם מיטוואנדערען, ווייל ווי נאר דו ווערסט זיין פרוי, וועסטו מעהר מיין טאכטער נישט זיין! איך וועל דיך פון מיין פאלאץ פארטרייבען!

— מיך ארט נישט וואס דו וועסט טהאן צו מיר... איך בין געגרייט צו ליידען פאר מיין ליעבע... איך וועל מיט איהם מיטוואנדערען און זיך טיילען מיט קהלת׳ן זיין לייד און פרייד. נאר בלויז צו זיין מיט איהם צוזאמען.

— אויב דו וועסט ארויסשלאגען דעם ארימען וואנדערער פון דיינע גע־ראנקען, דאן וועל איך דיר ערלויבען צו פאהרען נאך ירושלים... און דו וועסט קענען הייראטען מיט דעם קעניג פון ישראל, ווי דו האסט שוין פון לאנג גע־טרוימט...

— מיין ליעבע צו דיעזען ארימען וואנדערער פון ישראל איז גרעסער אפילו פון דער ליעבע וועגען וועלכער איך האב געטרוימט פון דעם קעניג שלמה. יענע ליעבע מיינע איז בלויז געווען א חלום! איך האב דאך דעם קעניג שלמה קיינמאל נישט געזעהן, איך האב פון איהם בלויז געהערט... אבער מיין ליעבע צו קהלת׳ן איז א ווירקליכע... יע, מיט איהם וועל איך הייראטען!

— און איך זאג דיר, אז דאס וועט נישט געשעהן! — האט דער קעניג א קלאפ געטהאן מיט זיין פויסט אן טיש, מיט אויפרעגונג. — איך וועל דיר נישט דערלאזען טהאן אזא זאך!

— פיעלע וואסערען קענען נישט אויסלעשען דעם פלאם פון ליעבע און טייכען קענען זי נישט אוועקשווענקען! האט מיר קהלת אמאל געזאגט. און איך שטים איין מיט איהם... קיין זאך וועט מיין באשלוס נישט ענדערען.

— איך וויל מעהר דיין פנים נישט אנקוקען, דו אומווירדיגע טאכטער! — האט דער קעניג פון עמון אויסגעשריען מיט גרויס צארן.

נעמה האט גענומען פארלאזען איהר פאטער׳ס צימער. אבער דער קעניג האט זי אנגענומען פאר דער האנט.

— מיין טאכטער! — איז ער עטוואס ווייכער געווארען. — דו ווייסט דאך ווי שטארק ליעב איך האב דיך. דו ביסט מיין איינציג קינד. באטראכט זיך. וואס דו געהסט טהאן... פארגעס וועגען יענעם ארימען קנעכט... אין קורצען וועל איך פייערען דיין געבורטסטאג, פיעלע פרינצען און קעניגען וועלען איינגעלא־דען ווערען און דאן וועסטו האבען דיין אויסוואהל.

— מיין אויסוואהל האב איך שוין געמאכט... און דאס איז קהלת! — האט נעמה געזאגט און פארלאזען איהר פאטער'ס צימער.

דער קעניג פון עמון האט געברענט פון צארן. ווי אזוי האט ער צוגעלאזען יענעם ארימען וואנדערער צו קומען אין זיין פאלאץ. זיין טאכטער האט שוין מיט איהם נישט איינמאל פארבראכט און ער האט דערפון נישט געוואוסט! ניין! ער וועט נישט דערלאזען צו אזא זאך! נעמה האט איהר קאפ פארלוירען... ער האט איהר, מיט זיינע קלוגע און כיטרע רייד בא'כשופ'ט. ניין, דאס טאר קיינמאל נישט געשעהן! באשטראפען וועט ער דעם חוצפה'דיגען קנעכט.

דער קעניג האט באפוילען זיינע דינער מען זאל צו איהם ברייגנען דעם געהילף צום קוכער.

די דינער זיינען אריין אין קיך און געפרעגט דעם קוכער וואו זיין געהילף געפינט זיך.

— ער איז אין גארטען, און דעם ביידעל פון דעם וועכטער, וועט איהר איהם געפינען.

זיי האבען איהם דארטען געפונען און געבראכט פאר דעם קעניג.

— דו, קהלת! דו ארימער קנעכט! — האט דער קעניג אויסגערופען און זיינע אויגען האבען געברענט פון כעס. — ווי אזוי וואגסטו צו בעאיינפלוסען מיין טאכטער זי זאל דיך ליעב האבען! ווייסטו דען נישט, אז דו ביסט א געהילף צו מיין קוכער און אז דו קריגסט דיין שפייז בלויז דורך זיין גנאד?!

— מיין האר קעניג! — האט שלמה זיך אפגערופען. — דיין טאכטער'ס ליעבע צו מיר איז מעכטיג. איך האב איהר אויך ליעב, אבער ווען דו זאגסט, אז איך האב זי בעאיינפלוסט, מאכסטו א טעות! איהר ליעבע צו מיר איז געקומען פון זיך זעלבסט. איך האב גארנישט געטהאן זי צו בעאיינפלוסען.

— אבער דיין זינד איז שוין גרויס דערמיט, וואס דו האסט דערלאזען עס זאל קומען דערצו! איך וועל דיך הייסען שמידען אין קייטען און אריינווארפען אין געפענגעניש ביז וואנען מיין טאכטער וועט קומען צום שכל און וועט זיך ארומזעהן, אז זי האט זיך באנארישט.

— דו קענסט מיט מיר טהאן וואס דו ווילסט, מיין האר קעניג! אבער אויב דו דענקסט, אז מיט די קייטען, וואס דו וועסט מיר אנטהאן, וועסטו צעברעכען די קייטען פון אונזער ליעבע, מאכסטו א טעות.

— איך וועל דאן אויך זעהן אויפצואווייזען מיין טאכטער וועגען דיינע פיעלע חסרונות און זינד! ביז וואנען זי וועט זיך אויף דיר מעהר נישט וועלען אומקוקען.

— ליעבע פארדעקט אלע זינד און חסרונות! — האט שלמה געענטפערט.

— און דאס געפענגעניש וועט מאכען אז ענדע פון איהר ליעבע צו דיר!

— האט דער קעניג אויסגערופען. ער האט אריינגערופען זיינע לייבוועכטער און זיי באפוילען:

— שמידט דיעזען מאן אין קייטען און ווארפט איהם אריין אין געפענגעניש.

די לייבוועכטער האבען אנגענומען שלמה'ן, איהם געשמידט אין קייטען און אוועקגעפיהרט אין געפענגעניש.

אויף מארגען גאנץ פריה, איז נעמה אויפגעשטאנען און איז אריין אין גאר-

טען... זי איז צוגעגאנגען צו דעםביידעל און אויסגערופען:
— קהלת!

זי האט א ווײלע געווארט און ווען זי האט קיין ענטפער נישט באקומען, איז זי אריין אין דעם ביידעל, און, צו איהר גרויס באוואונדערונג, האט זי איהם דארט נישט געטראפען.

— וואו קען ער דאס זיין אזוי פריה? — האט זי זיך געטראכט.

זי איז גלייך אוועק אין קיך און געפרעגט דעם קוכער.

— לעצטע נאכט זיינען צו מיר געקומען דעם קעניג'ס דינער און האבען מיך געברענגט, וואו מיין געהילף געפינט זיך. איך האב זיי געזאגט, אז ער געפינט זיך אין דעם ביידעל פון גארטען. זיי זיינען גלייך אהין אוועק און ווייטער ווייס איך ניט.

נעמה איז גלייך אוועק אין געפענגנים. די וועכטער זיינען געווען ערשטוינט צו זעהן די פרינצעסין נעבען דער טיהר פון געפענגנים... דער הויפט פון די וועכטער איז צו איהר צוגעגאנגען און האט זיך פארנייגט.

— געפינט זיך דא דער געהילף פון מיין פאטער'ס קוכער? — האט זי איהם א פרעג געטהאן.

— יא, ווירדיגע פרינצעסין. דעם קעניג'ס באפעהל איז געטאהן געווארען. קהלת איז געשמידט אין קייטען און ער געפינט זיך אין געפענגנים אונטער אונזער אויפזיכט זינט לעצטען אבענד... זיין זינד האט געמוזט זעהר גרויס זיין אז דעם קעניג'ס צארן האט אויף איהם אזוי שטארק געברענט... און טאקע דאריבער האבען מיר איהם אלע גוט מכבד געווען... ער וועט שוין יעצט מעהר נישט וואגען אויפצורעגען דעם קעניג...

— וואס האט איהר צו איהם געטהאן?! — האט נעמה א צושראקענע געפרעגט.

— גלייך ווי דעם קעניג'ס לייבוועכטער האבען איהם געבראכט אין געפענגנים, האבען זיי אונז געזאגט אז דער קעניג איז שטארק אויפגעבראכט אויף איהם, פון דעם האבען מיר פארשטאנען אז ווען מיר זאלען דעם געהילף פון קעניג'ס קוכער גוט אנברעכען די ביינער, וועט עס דעם קעניג שטארק געפעלען...

— און איהר האט איהם געשלאגען? — האט זי זיי ווייטער געפרעגט.

— מיר האבען איהם שטארק געשלאגען, און צו יעדען קלאפ וואס ער האט פון אונז באקומען, האט דער אומווירדיגער פרעמדער קנעכט דערמאנט דעם נאמען פון אונזער גנעדיגער פרינצעסין.

— לאז מיר צו צו איהם! — האט זי באפוילען דעם הויפט־וועכטער.

ער האט פאר איהר געעפענט די טיהר וואו שלמה איז געזעסען א צוגע־שמידטער.

— זאל ווער פון אונז מיטגעהן מיט דער פרינצעסין אום איהר צו בעשיצען פון דעם פרעמדען.

— ער איז דאך געשמידט אין קייטען! — האט נעמה אויסגערופען, — ער וועט מיר קיין שלעכטעס נישט טאהן... ניין, איך וועל אליין צו איהם אריינ־געהן!

די וועכטער זיינען גלייך אוועק און איבערגעלאזען די פרינצעסין אליין. נעמה איז צוגעגאנגען צו שלמה'ן, וועלכער איז געזעסען א צוקיילטער

און צובייליטער פון די קלעפ וואס ער האט געקראגען פון די וועכטער פון גע־פענגנים.

— קהלת ! — האט נעמה איהם גענומען האלזען און קושען, — דו ליידסט אזוי פיעל שמערצען צוליעב מיר... איז דיין ליעבע צו מיר אויף א האר נישט געמינערט געווארען צוליעב דעם... איך האב זיך ערשט היינט גאנץ פריה דערפון דערוואוסט... איך בין אין גאנצען שולדיג אין דיינע ליידען... איך האב געוואלט גלייך וויסען אז מיין פאטער וועט נישט צושטימען צו אונזער הייראטה... מיר האבען ביידע גלייך געוואלט אנטלויפען אהן מיין פאטער'ס וויסען... אבער עס איז נאך נישט צו שפעט !

— אה, ניין, גנעדיגע פרינצעסין ! — האט שלמה אויסגערופען, — צו שטארק איז מיין ליעבע צו דיר, אז איך וויל דיר נישט גורם זיין אזוי פיעל יסורים וואס דיר וועט אויסקומען צו ליידען ווען דו וועסט זיך מיט מיר פארבינ־דען... געה, פרינצעסין, און פאלג דיין פאטער... קלייב זיך אויס פאר דיין מאן איינעם וועלכער בעלאנגט צו א קעניגליכער משפחה און זיי גליקליך מיט איהם !...

— קהלת . — האט נעמה אויסגערופען, — מיין לעבען אהן דיר איז נישט ווערטה די שטויב וואס אונטער מיינע פיס, איך האב דיך ליעב מעהר פון אלעם אין דער וועלט, און די יסורים, וואס דו זאגסט, ווי שטארק זיי זאלען נישט זיין, שרעקען מיך נישט אפ... איך וועל זיי הייסען דיך באפרייען אין דעם נאמען פון מיין פאטער און מיר וועלען גלייך פארלאזען די שטאדט און וואנדערען צוריק צו דיין לאנד, ארץ ישראל... דארטען וועלען מיר ביידע גליקליך זיין...

— וועסטו דען קענען געפינען גליק אין ארימקייט און אין נויט ? — האט ער איהר געפרעגט.

— האסטו דען אליין נישט געזאגט, אז עס איז בעסער א טרוקען שטיקעל ברויט מיט ליעבע, איידער געשטאפטע אקסען מיט פיינדשאפט ? !... יא, קהלת, קיינע שטערונגען און שטרויכלונגען וועלען מיך נישט אפהאלטען פון צו ליעבען דיך און פון צו פארבינדען מיין לעבען מיט דיינעם... מיר זיינען דערווידער אט די אלע פרינצען און קעניגע וועלכע קומען טאג־טעגליך צו מיין פאטער און בעטען איהם ער זאל מיר זיי אפגעבען פאר א פרוי... יא, קהלת, מיר געהען צוזאמען... בלויז דער טויט וועט אונז פאנאנדערטיילען.

— איך זעה, נעמה, אז דיין ליעבע איז שטארקער ווי דער טויט... דו זוכסט נישט קיין כבוד, יחוס און געלד... דיין ליעבע איז ריין און הייליג...

— איך וועל דיך הייסען באפרייען און דו וועסט אויף מיר ווארטען אין דעם וואלד וואס איז ניט ווייט פון דאנען, און פון דארטען וועלען מיר ביידע אנטלויפען, — האט זי איהם געזאגט.

נעמה איז צוגעגאנגען צו דעם הויפט וועכטער און זיך צו איהם אפגערופען :

— מיין פאטער האט מיך געשיקט דיר זאגען אז דו זאלסט קהלת'ן באפרייען. ער האט אויסגעפונען אז א מיספארשטענדניס איז פארגעקומען... אין קהלת איז אומשולדיג... נעהם גלייך ארונטער די קייטען פון איהם און לאז איהם ארויס פון געפענגנים.

— יא, גנעדיגע פרינצעסין, דעם קעניג'ס פארלאנג וועט ערפילט ווערען.

ער איז צוגעגאנגען און ארונטערגענומען די קייטען פון שלמה'ן.

שלמה האט זיך אויסגעגלייכט. ער האט אפגעטרייסעלט פון זיך די שטויב.

— גיב איהם ברויט און וואסער! — האט די פרינצעסין צו איהם געזאגט.
— דער קעניג פארלאנגט אז ער זאל פארלאזען אונזער לאנד און ער וויל אז דו זאלסט איהם בעזארגען מיט שפייז און וואסער פאר עטליכע טעג.

דער הויפט וועכטער האט געבראכט ברויט און וואסער און דאס געגעבען צו שלמה'ן.

— עס איז דעם קעניג'ס פארלאנג אז דו זאלסט פארלאזען אונזער לאנד, — האט ער איהם געזאגט. — אונזער גנעדיגער קעניג האט אויף דיר רחמנות געקראגען און אונז געהייסען דיר מיטגעבען ברויט און וואסער.

שלמה האט פון איהם גענומען די שפייז און וואסער און ער איז שנעל ארויס פון געפענגניס.

די פרינצעסין איז נאך געבליבען א ווייל און גערעדט מיט די וועכטער. זי האט זיי געפרעגט וועגען די איבריגע ארעסטירטע... דאס האט זי געטהאן כדי צו געווינען צייט און כדי ארונטערצונעהמען פון זיי יעדען חשד...

א ווייל שפעטער איז זי ארויס פון געפענגניס און איז געגאנגען צו דעם בעשטימטען פלאץ וואו זי האט איהם באגעגענט.

— יעצט, קהלת, וועט אונז קיין זאך אין דער וועלט נישט צושיידען... מיר וועלען ביידע וואנדערען ביז וואנען מיר וועלען געפינען א רוה־פלאץ אין דיזן לאנד... גיב מיר א העלפט פון דיין משא, איך וועל דיר העלפען טראגען... דו ביזט דאך געוויס מיעד און אפגעשוואכט.

שלמה האט איהר געגעבען אביסעל פון דעם שפייז, און זיי זיינען דורכ־געגאנגען דעם וואלד.

— יעצט קענען מיר זיך אפרוהען! — האט נעמה געזאגט. — דא וועלען מיר זיכער זיין... קיינעם וועט נישט איינפאלען אונז צו געהן זוכען אין דיזען פלאץ...

זיי זיינען ביידע געווען שטארק מיעד און הונגעריג פון לאנגען וועג... זיי האבען זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן גראז און גענעסען פון דעם ברויט וואס זיי האבען געהאט און פארטרונקען מיט'ן וואסער...

— איך בין די גליקליכסטע אין דער גאנצער וועלט, — האט נעמה זיך אפגערופען צו איהם — און איך האב נאך קיין מאל נישט אזוי שטארק הנאה געהאט פון א מאלצייט ווי פון דיזען מאלצייט פון ברויט און וואסער וואס מיר האבען ביידע גענעסען.

— יעצט קענען מיר ווייטער געהן! — האט זיך שלמה אויפגעהויבען, — וואס ווייטער מיר וועלען זיין אוועק פון דער הויפטשטאדט פון עמון אלץ זיכערער וועלען מיר זיין.

זיי האבען ווייטער געוואנדערט איבער פעלדער און דורך וועלדער. זיי האבען געקלעטערט אויף בערג און געגידערט אין די טהאלען, ביז וואנען עס האט שוין אנגעפאנגען טונקעל צו ווערען.

— מיר וועלען זיין געצוואונגען איבערצונעכטיגען אין דרויסען אונטער'ן פרייען הימעל! — האט שלמה צו איהר געזאגט, — און ארונטערגענומען זיין מאנטעל און איהם אויסגעשפרייט אויפ'ן גראז. — דו, ליעבע נעמה, ביזט שטארק מיעד און שלעפעריג, לעג זיך צו און איך וועל אכטונג געבען אז קיין בייז זאל דיר נישט געשעה...

— אבער דו ביזט דאך מעהר מיעד! — האט נעמה זיך אפגערופען, — דו לעג זיך צו א פריהער און שלאף.

— איך בין נישט מיעד! איך בין שוין געוואוינט געווארען צו וואנדערען, און צו מאכען דעם פייכטען גראז פאר מיין בעט, און דעם בלויען הימעל פאר מיין צודעק... איך וועל ווארטען ביז וואנען די זון וועט אויפגעהן.

נעמה האט זיך צוגעלייגט אויפ'ן גראז און זי איז באלד איינגעשלאפען.

שלמה איז די גאנצע צייט געזעסען נעבען איהר. ער האט בעטראכט איהר וואונדערשעהנעם פנים... זי האט אזוי געשמאק געשלאפען... א גליקליכע פרייד האט זיך צוגאסען דורך זיין קערפער... אט דאס איז ריכטיגע ליעבע... ביז אהער, ווען א פרוי האט איהם ליעב געהאט, האט ער נישט געקענט אויף ריכטיג בעשטימען אויב זי האט איהם ליעב אלס פערזאן אדער אלס קעניג... כאטש די ליעבע פון שולמית'ן צו איהם איז געווען א הייליגע און אן אמת'ע, דאך וואלט ער קיינמאל נישט געווען זיכער אויב זי וואלט איהם אזוי שטארק ליעב געהאט, ווען זי וואלט איהם געטראפען אלס ארימער וואנדערער, וועלכער איז א געהילף צו א קוכער... א חוץ דעם איז דאך שולמית אליין אויך געווען אן ארימע הירטין, און איהר קרבן וואס זי וואלט געהאט געבראכט אויף דעם מזבח פון איהר ליעבע, וואלט דאך נישט געווען אזוי גרויס, ווי דער קרבן פון דער פרינצעסין, וועלכע האט געלעבט אין א פאלאץ, און קיינמאל אין איהר לעבען נישט געוואוסט פון זארג און נויט... קעניגע און פרינצען האבען איהר געוואלט נעהמען פאר א פרוי, און זי האט זיי אלעמען פאר'מיאוס'ט און אויסגעקליבען איהם, ווען זי קען נור אלס ארימער וואנדערער פון ישראל! יא, איהר ליעבע איז ווירקליך א הייליגע... אן אמת'ע, א ריינע, און יעצט אז ער איז דורכגעלייטערט געווארען דורך דער גאנצער צייט פון זיין גלות, האפט ער אז ער האט איהר אויך פערדיענט. אח, ווי ליעב און אנגענעהם איז ליעבע!... אט איז ער דאך אזוי מיעד און שלעפעריג... אבער ער האט יעצט אזוי פיעל כח און מוטה אז ער וואלט אזוי געקענט זיצען און וואכען איבער זיין ליעבענדע נעמה נאך פיעלע נעכט און טעג.

אין מזרח האט א שפראץ געטהאן אויף טאג... באלד האט זיך א רויטער פלעק באוויזען אויפ'ן הימעל... נעמה האט נאך אלץ געשמאק געשלאפען... דער הימעל האט זיך געפורפורט, די זון האט זיך באוויזען אין איהר פולען פייערדיגען פראכט און גלאנץ... די נאטור האט גענומען אויפוואכען פון שלאף... די פויגלען האבען זיך צוזונגען... די פליגען און ביהנען האבען געזשומעט...

נעמה האט איהרע אויגען געעפענט. זי האט דערזעהן שלמה'ן זיצענדיג נעבען איהר. א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף איהרע ליפען... שלמה האט איהר באגריסט מיט א קוש...

נעמה האט זיך אויפגעזעצט און זיך אפגערופען:

— א, מיין ליעבער קהלת, עס טהוט מיר אזוי באנג וואס איך האב אפגעשלאפען די גאנצע נאכט! איך האב געמיינט אז איך וועל שלאפען בלויז א קורצע ווייլע און נאכהער וועל איך דיר לאזען שלאפען...

— און איך בין זעהר צופריעדען! — האט איהר שלמה ווידער געקושט. — דו האסט זיך אויסגערוהט און מיר וועלען קענען פארטזעצען ווייטער אונזער וועג.

— אבער דו מוזט קריגען עטוואס שלאף איידער מיר גייען ווייטער! — האט נעמה געזאגט.

— גוט, מיר וועלען דערקוויקען אונזער הארץ מיט א שטיקעל ברויט און וואסער און נאכהער וועל איך כאפען א דרעמעל...

— און איך וועל דערווייל גייען אנקלייבען בלומען! — האט נעמה גע־זאגט. — און ווי איך זעה, געפינען זיך דא פרוכט־בוימער, איך וועל צונויפ־זאמלען אביסעל פרוכט און מיר וועלען קענען ווייטער גייען.

נאכדעם ווי זיי האבען ביידע אפגעגעסען זייער פריהשטיק, האט זיך שלמה צוגעלעגט שלאפען... ווען ער האט איינגעשלאפען האט זיך נעמה שטילערהייט אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און איז געגאנגען נישט ווייט אנצוקלייבען אביסעל בלומען... זי האט פון זיי אויסגעפלאכטען א קראנץ... נאכהער האט זי אנגעקליבען פארשידענע פרוכטען פון די דערבייאיגע בוימער. זי האט זיך נישט דערווייטערט פון דעם פלאץ וואו איהר געליעבטער איז געלעגען און געשלאפען. פון צייט צו צייט, האט זי איהרע בליקען געווארפען אין יענער ריכטונג צו זעהן אויב ער שלאפט.

לאנג האט שלמה נישט געשלאפען. ער האט זיך אויפגעכאפט און געפונען נעבען זיך די בלומען און די פרוכט... ער האט זיך אויפגעשטעלט און נישט געזעהען זיין געליעבטע.

— נעמה!! נעמה!! — האט ער גערופען.

באלד האט ער דערהערט איהר זיסע שטימע.

— קהלת!! איך קום!...

שלמה האט א קוק געטהאן אין דער ריכטונג פון וואנען איהר שטימע איז געקומען, און ער האט באמערקט ווי זי טראגט עפעס אויף איהר שולטער.

ער איז איהר אנטקעגען געלאפען.

— אזוי שנעל ביזטו אויפגעשטאנען?! — האט זי איהם מיט אווארימען שמייכעל באגריסט.

— עס איז גענוג פאר מיר! — האט ער איהר געענטפערט, און צוגענומען פון איהר דעם לאגעל וואסער, — יעדע רגע וואס איך געפין זיך מיט דיר, איז דאר אזוי טהייער, טו ווי אזוי זאל איך עס פארשלאפען... אבער זאג מיר, וואו האסטו געקראגען פרישע וואסער?

— איך האב דערזעהן א בוים מיט זעהר גוטע פרוכט, בין איך אויף איהם ארויפגעקלעטערט און אפגעריסען אביסעל פרוכט פאר אונז, און זייענדיג אויפ'ן בויב האב איך באמערקט אז א פליסענדער טייכעל געפינט זיך נישט ווייט פון דאנען... איך בין געווען זעהר צופרידען, אונזער וואסער האט זיך געהאלטען ביים ענדיגען, האב איך גענומען דעם לאגעל און אנגעשעפט פרישע וואסער. און יעצט לאמיר זיך גוט אנטרינקען און אנשעפען נאך וואסער, ווייל דער טאג שיינט צו זיין זעהר א הייסער און מיר וועלען זיין דורשטיג אויפ'ן וועג.

זיי האבען צוגעביסען די פרוכט און פארטרונקען מיט'ן וואסער, און ווען זיי האבען אנגעפילט נאך אמאל דעם לאגעל מיט וואסער, האבען זיי מיטגע־נומען זייער שפייז און געגאנגען ווייטער...

די זון האט שטארק געברענט, און שלמה און נעמה האבען פארטגעזעצט זייער וואנדערען...

— מיר זיינען שוין נישט ווייט פון דעם טייך ירדן, — האט שלמה זיך צו איהר אפגערופען, — מארגען וועלען מיר שוין זיין אין ארץ ישראל...

— ווי גליקליך איך בין! — האט נעמה אויסגערופען, — אז מיר זיינען שוין אזוי נאהענט צו אונזער ציעל... ווי שנעל די צייט איז פארפלויגען... איך האב זיך גארנישט ארומגעזעהן אז מיר זיינען שוין א פאר טעג אין וועג... אבער דו ווייסט וואס איך האב דיר פארגעסען צו בעטען, — האט זיך נעמה צו איהם געווענדעט. — מיר קומען מארגען אן אין דיין לאנד וואו איך וועל ווערען א אידישע בירגערין מיט אלע אידישע פרויען צוגלייך, און דו האסט מיר נאך גארנישט געלערנט וועגען דיין גאט און זיין תורה... דערצעהל מיר, סהלת, פון אלעם, לערען מיט מיר די געבאטען פון דיין רעליגיאָן... איך ווייס, אז נישט אין איין טאג וועל איך קענען אלעם וויסען... אבער עפעס וועל איך דאך וויסען.

שלמה האט איהר דערצעהלט די געשיכטע פון זיין פאלק, זינט עס איז געווען אין גלות אין מצרים. ער האט איהר דערצעהלט פון משה'ן און די וואנ־דערונג אין דער מדבר און פון ישראל'ס גרויסע העלדען אין ארץ ישראל... ער האט איהר אויך דערצעהלט וועגען די ערשטע אידישע קעניגע, שאול און דוד...

— איך בין זעהר גליקליך וואס איך געה באלד ווערען א טאכטער פון אזא מעכטיג פאלק ווי דיין פאלק איז! — האט נעמה געזאגט. — איך האף, אז איך וועל אויך קענען זעהן מיט מיינע אויגען דעם זוהן פון דעם מעכטיגען קעניג דוד, וועלכער איז דער קליגסטער קעניג פון דער וועלט.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף שלמה'ס פנים.

— געוויס וועסטו איהם זעהן, באלד ווי מיר וועלען אנקומען אין ירושלים.

— וועלען מיר דען פריהער געהן נאך ירושלים, און נישט נאך דיין גע־בורטס־שטאדט? — האט איהם נעמה געפרעגט.

— ווילסטו דען נישט געהן אין ירושלים פריהער און זעהן דעם קעניג שלמה? — האט ער איהר געפרעגט.

— יא, אבער איך וואלט געוואלט אנקומען אין ירושלים מיט דיר אלס מאן און ווייב.

— וועגען דעם דארפסטו נישט זארגען. מיר וועלען באלד אנקומען אין א דארף וועל איך דיר דארטען מקדש זיין פאר צוויי עדות, און ווען מיר וועלען אנקומען אין ארץ ישראל וועסטו שוין זיין מיין פרוי, לויט דעם דין פון משה און ישראל.

פארנאכט, נאך איידער די זון איז פארגאנגען, זיינען ביידע צוגעקומען צו א דארף נישט ווייט פון בית חרם, וואס איז געווען ניט ווייט פון דעם ירדן.

זיי זיינען צוגעקומען צו א הויז און געפרעגט אויב זיי קענען זיך דארטען אפרוהען.

— איהר זייט געוויס מאן און פרוי, — האט א מיטעל־יעהריגער מאן זיך צו זיי אפגערופען, — מיר האבען אן איבריגען צימער און איהר וועט קענען ביידע א בערנעכטיגען די נאכט.

— ווי איך זעה ביזטו א ישראל! — האט שלמה זיך צו איהם אפגערופען. — זאג מיר, וואס פאר א נייעס הערט זיך אין ארץ ישראל? איך בין שוין א לאנגע צייט נישט געווען אין לאנד.

— זעהר טרויעריגע נייעס, מיין פריינד! — האט ער איהם געענטפערט.
— שוין באלד דריי יאהר ווי דער קעניג שלמה האט געמאכט א רייזע אין א ווייטען לאנד, און ער האט זיך נאך נישט צוריקגעקעהרט... קיינער ווייסט נישט וואס מיט איהם האט פאסי'ט...

— ווייס מען דען נישט אין לאנד וואוהין דער קעניג איז געגאנגען?
— האט נעמה געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— קיינער ווייס נישט! מען זאגט, אז ער האט אפגערייזט אין א גאנץ ווייטען לאנד צו בעזוכען א מעכטיגען קעניג און צו שליסען מיט איהם א בונד פון שלום...

— און ווער פארנעהמט דערווייל דעם טראהן? — האט איהם שלמה געפרעג.

— דערווייל רעגירט איבער ישראל בניהו דער זוהן פון יהוידע. לעצטען מאל ווען איך בין אין ירושלים געקומען צו פייערען דעם יום טוב פון פסח, האבען אלע אידען וועלכע זיינען געווען אין בית המקדש, שטארק געוויינט און געבעטען גאט, ער זאל זיך מרחם זיין איבער זיין פאלק ישראל און זיי צוריקשיקען זייער קעניג... און דאן האב איך געזעהן ווי בניהו דער זוהן פון יהוידע האט זיך אוועקגעשטעלט אויף א בימה אין בית המקדש און ער האט געטרייסט דעם פאלק... און זיי פארזיכערט אז עס וועט לאנג נישט נעהמען און דער קעניג שלמה וועט צוריקקומען.
— און דאס פאלק האט זיך געטרייסט? — האט איהם שלמה געפרעגט.
— אה, ניין, דאס פאלק איז זעהר אומרוהיג. פיעלע זיינען חושד בניהו'ן אז ער וויל פארלייקענען פון פאלק דעם אמת. ער וויל מיט א ביזן מאבען דעם פאלק גלויבען אז שלמה וועט זיך צוריקקעהרען, כדי ער זאל דערווייל רעגירען איבער'ן לאנד... אבער איך בין זיכער, אז לאנג וועט דאס פאלק נישט דולדען! איך גלויב, אז ווען דאס פאלק וועט זיך פערזאמלען צום צווייטען יום טוב אין ירושלים וועלען זיי פאדערען פון בניהו'ן און פון די סנהדרין צו קרוינען שלמה'ס יונגען זוהן, רחבעם, פאר קעניג... ער איז נאך אפילו צו יונג, אבער ער איז דאך יארט א זוהן פון אונזער בעליעבטען קעניג שלמה... אבער וואס האב איך זיך פאררעדט! — האט זיך דער מאן אפגערופען, — איהר זייט דאך געוויסביידע הונגעריג און דורשטיג, אט וועל איך הייסען מיין פרוי און זי וועט פאר אייך צוגרייטען וואס צו עסען.
— און וועסטו דען נישט מיטעסען מיט אונז? — האט איהם שלמה געפרעגט.
— ניין, איך און מיין פרוי וועלעןווארטען ביז וואנען מיינע זיהן וועלען זיך אומקעהרען פון פעלד, און דאן וועלען מיר עסען אונזער אבענד-ברויט צוזאמען... אבער איהר דארפט נישט ווארטען אויף זיי, ווייל איהר קומט אויס צו זיין מיעד און הונגעריג.
— עס ווערט דאך שוין טונקעל, און ווארשיינליך וועט לאנג נישט נעהמען און דיינע זיהן וועלען אנקומען, וועלען מיר עסען צוזאמען, — האט שלמה געזאגט.
— אויב אזוי, וועל איך אייך געבען וואסער, און וואשט זיך ארום, ווייל איהר קומט געוויס פון א ווייטען וועג!

שלמה און נעמה האבען זיך ארומגעוואשען, און נאכהער האבען זיי זיך געזעצט ביים טיש צוזאמען מיט דעם מאן און זיין פרוי.

— ווי איז דיין נאמען, און פון וואנען קומסטו? — האט דער מאן געפרעגט שלמה׳ן.

— מיין נאמען איז קהלת, און איך קום יעצט אן פון דעם לאנד עמון, — האט שלמה געענטפערט. — און זי — האט ער אנגעוויזען אויף נעמה׳ן, — איז מיין כלה!... יא, איך וועל ווארטען ביז דיינע זיהן וועלען זיך צוריקקעהרען פון פעלד, דאן וועל איך איהר מקדש זיין לויט׳ן דין פון משה פאר עדות.

באלד זיינען אנגעקומען די צוויי זיהן פון פעלד, און די מוטער איז זיי אנטקעגען געקומען און דערצעהלט וועגען איהרע געסט.

ווען זיי האבען זיך ארומגעוואשען און געווען געגרייט צו געהן עסען האט זיך דער פאטער צו זיי אפגערופען:

— מיינע זיהן, אונזערע געסט האבען אויף אייך געווארט, מיר וועלען באלד האבען א שמחה אין אונזער הויז... דער גאסט וועט פאר אונז אין די אויגען מקדש זיין זיין כלה.

די מוטער האט אנגעצונדען ליכט און אין הויז איז געווארען גאנץ ליכטיג.

— מיר זיינען גרייט, קהלת! — האט דער בעל הבית געזאגט.

שלמה איז צוגעגאנגען מיט נעמה׳ן, און האט אראפגענומען פון זיין פינגער דעם רינג וואס ער האט געטראגען און האט מקדש געווען נעמה׳ן פאר די אויגען פון בעל הבית און זיינע זיהן.

— זאל גאט געבען! — האט די מוטער זיך אפגערופען, — אז איהר זאלט זיין א געבענשטע פאר... איהר זאלט האבען גליק...

— און איהר זאלט האבען פעלדער און גערטנער און איהר זאלט נישט דארפען וואנדערען, — האט דער בעל הבית צוגעגעבען.

שלמה און נעמה האבען זיי בעדאנקט פאר זייערע ברכות.

— יעצט לאמיר געהן עסען! — האט די פרוי געזאגט, — מיין מאלצייט איז אן איינפאכער, ווייל איך האב זיך נישט גערעכנט אויף די געסט, דערפאר אבער וועל איך צוגרייטען מארגען א גרויסארטיגען מאלצייט, ווי עס פאסט פאר א יונגע פאר, וועלכע האבען נאר וואס חתונה געהאט.

— איך דאנק דיר, מיין הארינטע! — האט זיך שלמה אפגערופען, — אבער מארגען גאנץ פריה מוזען מיר געהן אויף אונזער וועג.

— פארוואס זאלט איהר נישט פארבלייבען מיט אונז די זיבען טעג? איהר וועט פייערען די שבע ברכות אין מיין הויז און נאכהער וועט איהר געהן!

— ניין, מיין האר, מיר מוזען נאך מארגען גאנץ פריה אריבערגעהן דעם ירדן... איך וויל גלייך געהן נאך ירושלים צו צייגען מיין פרוי דעם בית המקדש און דעם קעניג און זיין פאלאץ.

— אבער מיר האבען דאך דיר געזאגט, אז דער קעניג שלמה איז נישטא אין ירושלים... ווער ווייס צי ער וועט שוין ווען עס איז דארט זיין.

— איך האף אז ווען מיר וועלען אנקומען אין ירושלים, וועט שוין דער קעניג זיך דארט געפינען! — האט שלמה געזאגט מיט א שמייכעל.

— הלואי זאלען דיינע ווערטער מקוים ווערען, דאן וועל איך וויסען אז דו ביזט א נביא.

ווען שלמה האט דערהערט דעם ווארט "נביא", האט ער זיך געגומען דער־מאנען וואס ער האט געהערט וועגען דעם נביא אחיה דעם שלני, פון חנן דעם יונגען מאן וועמען ער האט באגעגנט אין די ערשטע טעג פון זיין וואנדערען.

— האסטו געהער־ט פון א נביא מיט'ן נאמען אחיה השלני? — האט איהם שלמה געפרעגט.

— יא, איך האב פון איהם געהערט! — האט דער בעל הבית זיך אפגערו־פען, — און איך האב איהם געזעהן אין ירושלים דעם לעצטען יום טוב... ער איז געשטאנען אויף א בימה נעבען בית המקדש און נביאות געזאגט, און ווי ער האט אנגעפאנגען צוריידען געגען דעם קעניג, האט מען איהם אוועקגעטרי־בען פון דארטען.

— האסטו פילייכט געהערט וואס ער האט גערעדט? — האט איהם שלמה געפרעגט.

— קיינער האט זיך צו זיינע רייד נישט צוגעהערט, — האט דער בעל הבית זיך אפגערופען.

— איז ער געוועזן אליין אדער מיט א פריינד?

— ער איז געוועזן גאנץ אליין... און לאנג פלעגט ער נישט פארברייגגען אין ירושלים.

— און דעם קעניג'ס מוטער, לעבט זי נאך? — האט שלמה ווייטער גע־פרעגט.

— יא, זי לעבט נאך, אבער זי איז שוין גאנץ אלט און איז שטארק בעזארגט וועגען איהר זוהן!...

— ווייסטו פילייכט אויב איינע פון דעם קעניג'ס טעכטער האט געהייראט דורך דער צייט וואס איהר פאטער איז נישט געוועזן? — האט איהם שלמה ווייטער געפרעגט.

— ניין! די טעכטער פון אונזער קעניג זיינען שטארק בעזארגט וועגען זייער פאטער, טא ווי אזוי וועט זיי ליגען אין זינען יעצט צו הייראטען!

— געלויבט איז גאט דערפאר! — האט זיך ארויסגעכאפט פון שלמה'ס מויל.

דער בעל הבית און זיין פרוי האבען איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג. שלמה האט עס גלייך באמערקט און זיך אפגערופען;

— איך מיין, געלויבט איז גאט וואס ער האט געגעבען אונזער קעניג אזעלכע גוטע און געטרייע קינדער...

דער טיש איז שוין געווען געגרייט און אלע האבען זיך געזעצט עסען.

נאכדעם ווי זיי האבען אפגעגעסען, האט נאך שלמה מיט דעם בעל הבית א היבשע צייט גערעדט וועגען די פאסירונגען וואס האבען געטראפען אין ירושלים פאר די לעצטע דריי יאהר זינט דער קעניג האט פארלאזען ירושלים.

אויף מארגען גאנץ פריה האבען שלמה און נעמה זיך געזעגנט מיט'ן בעל הבית און זיין פרוי און זיי האבען פארטגעזעצט זייער וואנדערען.

נעמה איז געווען אזוי גליקליך וואס ענדליך האט זי פארווירקליכט איהר חלום. זי האט געהייראט מיט קהלת'ן און יעצט וועט זי אנקומען אין ארץ ישראל אלס זיין פרוי.

— ווי אנדערש זיינען די מענשען פון דיין לאנד ווי אונזערע מענשען, —

האט נעמה זיך צו איהם אפגערופען, — ביי אונז אין עמון וויס מען נישט פון אזא גאסטפריינדליכקייט... שטעל זיך פאר, אז די גוטע מענשען האבען געוואלט מיר זאלען מיט זיי פארבלייבען זיבען טעג... זיי האבען געוואלט פייערען אונזער חתונה אזוי ווי מיר וואלטען געווען זייערע אייגענע קינדער.

— די גוטע מדה פון הכנסת אורחים האט מיין פאלק גע־ירשנ׳ט נאך פון זייערע אור־עלטערען, אברהם, יצחק און יעקב — האט איהר שלמה געזאגט.

— און איצט דאנק איך גאט וואס איך וועל ווערען א טאכטער פון דיין פאלק... איך בין זעהר נייגעריג צו זעהן דיין משפחה און דיין געבורטסשטאדט, און פיליכט וואלטען מיר בעסער געגאנגען גלייך צו דיין שטאדט... דער קעניג איז דאך אלץ איינס נישטא אין ירושלים.

— ניין, מיר וועלען געהן גלייך נאך ירושלים! — האט ער איהר געזאגט.

— און אויב דיר וועט אונזער הויפטשטאדט געפעלען, וועלען מיר זיך פיליכט דארט באזעצען...

זיי זיינען צוגעקומען צום ירדן און שלמה האט איהר אנגעוויזען אויף א פלאץ אין ירדן וואו דאס וואסער איז ניט טיעף, און זיי זיינען אריבערגעגאנגען דעם טייך.

זיי האבען זיך א ווייל צוגעזעצט אויף דעם צווייטען זייט ירדן און אויס־געטריקענט זייערע קליידער אויף דער זון!

— יעצט זיינען מיר נישט ווייט פון ירושלים! — האט שלמה זיך אפגע־רופען, — מיר וועלען אהין אנקומען נאך איידער די זון וועט אונטערגעהן.

— אה, ווי שנעל די צייט איז פארלאפען! — האט זיך נעמה אפגערופען, טוליענדיג זיך צו שלמה׳ן, — און מיר דוכט זיך אז אט יעצט האט עס ,פאסירט... אט רייד איך מיט מיין פאטער וועגען דיר... ער ווערט אזוי אויפגערעגט און הייסט דיר פארשפארען אין געפענגניס, און אט קום איך צו דיר און נאר אפ דעם הויפטוועכטער, דו ווערסט פריי, און מירביידע אנטלויפען פון עמון...

— דיין פאטער האט זיך ווארשיינליך באלד דערוואוסט פון אלעס, — האט שלמה געזאגט מיט א שמייכעל, — ער מוז אונז נאך אפילו יעצט זוכען...

— עס טהוט מיר ווירקליך לייד צו האבען איהם פארשאפט שמערצען, — האט נעמה געזאגט, — אבער איך האב זיך נישט געקענט העלפען... מיין ליעבע צו דיר איז טהייערער פון אלעס אין דער וועלט... און אויב מיין פאטער האט נישט געוואלט צושטימען איז עס זיין אייגענע שולד... אביסעל שפעטער, ווען מיר וועלען שוין זיין אין אונזער אייגענע היים, וועל איך שיקען א שליח אנצו־זאגען מיין פאטער אז איך בין די פרוי פון קהלת און אז מיר געפינען זיך אין ארץ ישראל.

— און דאן וועלען מיר איהם מעגליך שיקען אן איינלאדונג ער זאל אונז קומען בעזוכען, — האט שלמה געזאגט מיט א שמייכעל.

— אויב מיין פאטער האט ווען עס איז געהאט אין זינען צו קומען אין ארץ ישראל בעזוכען דעם קעניג שלמה׳ן, וועט ער עס שוין יעצט געוויס ניט טהאן! — האט נעמה געענטפערט.

— און איך זאג דיר, אז אויב איך וועל איהם שיקען אן איינלאדונג וועט ער געוויס קומען... — האט שלמה געזאגט.

— אויב ער וועט קומען, וועט ער ביי מיר זיין אן אנגעלעגטער גאסט, — האט נעמה געלאכט.

שלמה און נעמה האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און אנגע־פאנגען צו געהן, און ווען די זון האט זיך שוין געהאט א רוק געטהאן צו מערב, זיינען שוין ביידע געווען ביי די טויערען פון ירושלים.

## צוואנציגסטער קאפיטעל.

## שלמה צוריק אין ירושלים.

ווען שלמה און נעמה זיינען אנגעקומען אין ירושלים האבען זיי באגעגענט פיעלע מענשען מיט באזארגטע פנימער, וועלכע זיינען געגאנגען אין דער ריכטונג פון בית המקדש.

— לאמיר נאכגעהן אט די מענשען — האט שלמה זיך אפגערופען צו נעמהן — ווי עס ווייזט אויס מוז היינט עפעס פארקומען אין בית המקדש.

— דו קענסט דאך אפשטעלען איבייצען און פרעגען — האט איהם נעמה געזאגט.

— ניין, מיר טארען קיין צייט נישט פארלירען! מיר מוזען גלייך געהן צום פאלאץ!

— אבער וואס וועסטו יעצט טאהן אין פאלאץ, ווען דער קעניג איז ניטא...

— מעגליך אז מיר וועלען דארטען טרעפען דעם קעניג שלמה'ן — האט ער געזאגט און קוים איינגעהאלטען זיין שמייכעל.

ווען זיי האבען זיך דערנעהנטערט צום פאלאץ, האט שלמה'ס הארץ גע־נומען שטארקער קלאפען... זיין פנים האט אנגענומען אן ערנסטען אויסדרוק, און ער איז געווען זעהר אויפגערעגט און צוטומעלט.

— וואס איז מיט דיר, קהלת!? — האט איהם נעמה געפרעגט — עס דוכט זיך מיר אז דו שרעקסט זיך פאר עפעס...

— יא, נעמי, איך שרעק זיך זעהר שטארק... איך ווייס גאנץ גוט, אז דו האסט מיך ליעב, אבער דאך ווייס איך, אז אלע דיינע יאהרען האסטו גע־חלומ'ט וועגען דעם קעניג שלמה'ן, און יעצט ציטער איך, אז אויב דו וועסט טאקע דערזעהן דעם קעניג, וועסטו שוין מעהר קיין ליעבע נישט קענען האבען פאר מיר... ווארים ווי קום איך זיך צו פארגלייכען צו איהם! איך, אן איינפאכער מענש, אן ארימער וואנדערער, זאל הייראטען מיט אזא שעהנע און נאבעלע פרינצעסין. א, נעמה! איך האב דיר זיכער נישט פארדינט!

— קהלת! — האט נעמה זיך צו איהם אפגערופען — מיין ליעבע צו דיר איז שטארקער פון אלעם אין דער וועלט... דו ווייסט דאך, אז איך האב פארלאזען מיין פאטער, מיין לאנד און איך בין מיט דיר אוועק וואנדערען און דורך דער גאנצער צייט, בין איך געווען די גליקליכסטע אין דער וועלט, און יעצט מעגסטו זיכער זיין, קהלת, אז אפילו ווען שלמה המלך וועט זיין צעהן מאל אזוי קלוג און מעכטיג, ווי איך האב זיך איהם פארגעשטעלט, וועט מיין ליעבע צו דיר נישט שוואכער ווערען... קיין זאך וועט אונז מעהר נישט פאנאנדערטהיילען, בלויז דער טויט!

— אט זיינען מיר שוין נעבען שלמה'ן פאלאץ! — האט ער אויסגערופען צו איהר — דו ווארט דא, נעבען די טויערען פון פאלאץ און איך וועל אריינגעהן אינווייניג, אויסגעפינען וועגען דעם קעניג.

— ווען אימיצער וועט מיך פרעגן ווער איך ביז, וואס זאל איך זאגן ?— האט נעמה איהם געפרעגט.

— זאג זיי, אז דו ביזט די פרוי פון קהלת ! — האט שלמה געזאגט — אה, יא, דאס דערמאנט מיר — האט ער ארויסגענומען א פארוויקעלטען פארמעט פון זיין בוזים — האלט דאס ביי זיך ביז וואנען איך וועל ארויסקומען... דאס האב איך אנגעשריבען א מגילה אין דער צייט פון מיין וואנדערען און איך רוף דאס אן מיט מיין נאמען "קהלת".

נעמה האט פון איהם גענומען דעם פארוויקעלטען פארמעט און שלמה איז ארויף אויף די טרעפ פון פאלאץ...

— וואס איז דיין פארלאנג און וואוהין געהסטו ! ? — האבען איהם די וועכטער באגעגענט מיט זייערע שווערדען און שפּיזען.

— איך וויל זיך זעהן מיט דעם קעניג שלמה ! — האט ער אויסגערופען.

די וועכטער האבען זיך איבערגעקוקט און געשמייכעלט.

— ווער האט דיר געזאגט, אז ער געפינט זיך אין פאלאץ ?

— בניהו דער זוהן פון יהוידע ! — האט ער געענטפערט.

— דו ביזט זיכער פון דיין זינען געריהרט ! — האט דער וועכטער גע־זאגט — עס איז שוין דריי יאהר זינט דער קעניג שלמה איז פארשוואונדען געווארען פון פאלאץ... אלע זיינען זיכער אז ער איז טויט און די סנהדרין האבען באשלאסען מארגען צו קרוינען שלמהס זוהן, רחבעם !

— אויב אזוי — האט שלמה אויסגערופען — געה זאג אז דיין האר, בניהו, אז א וואנדערער וויל איהם זעהן.

— קעהר זיך אום צוריק פון וואנען דו ביזט געקומען ! — האט דער וועכטער זיך אפגערופען. — פיעלע וואנדערער קומען יעדען טאג און ווילען זעהן בניהון, וועמען שלמה האט איבערגעלאזען צו פארטרעטען די מלוכה, אבער ער האט קיין צייט נישט און קיין געדולד נישט זיי אויפצונעהמען... דעריבער וואלט איך דיר געראטען : געה זיך בעסער דיין וועג...

— אויב אזוי, לאז מיך צו צו דעם קעניגס מוטער, בת־שבע. איך האב צו איהר א גערוס פון איהר זוהן !

— וואס ? — דו האסט געזעהן דעם קעניג שלמה ? ! — האט דער וועכטער זיך אפגערופען.

— יא, איך האב איהם געזעהן ! און איך האב זעהר וויכטיגע נייעס פאר זיין מוטער !

—יעצט זעה איך אז דו ביזט א באטריגער און א שווינדלער ! — האט דער וועכטער געזאגט — און אויב דו קעהרסט זיך באלד נישט אום צוריק וועסטו אריינגעווארפען ווערען אין געפענגניס.

— ניין ! איך וועל פון דאנען נישט אפּטרעטען ביז וואנען דו וועסט מיר צולאזען צו בניהו'ן אדער צו בת שבע'ן — האט שלמה אויסגערופען.

— נעהמט איהם אין פיהרט איהם אין געפענגניס ! — האט דער הויפּט פון די וועכטער באפוילען.

די וועכטער זיינען איהם באפאלען, געבונדען און האבען איהם דורך א זייטיגער טיהר אוועקגעפיהרט אין געפענגניס.

— פּונקט מיט דריי יאהר צוריק איז אן אלטער וואנדערער געקומען

באזוכען דעם קעניג און מען האט איהם אויך אריינגעווארפען אין געפעננגנים פאר וועלען באלעסטיגען דעם קעניג! — האט שלמה אויסגערופען — און יעצט טוט מען די זעלבע זאך צו מיר, אונטער דעם אויסרייד אז איך וויל באלעסטיגען בניהו'ן.

— וואס ווינציגער דו וועסט רעדען אלץ קלענער וועט דיין שטראף זיין! — האט זיך דער וועכטער צו איהם אפגערופען און פארמאכט די טיהר פון געפענג־ניס הינטער זיך.

---

נעמה האט געווארט אויף איהר מאן ער זאל זיך צו איהר צוריקקעהרען, אבער ווען עס איז אריבער א היבשע צייט און ער איז נאך אלץ נישט ארויס־געקומען, איז זי געווארען אומרוהיג...

זי האט גענומען ארומגעהן הין און צוריק נעבען די טויערען פון פאלאץ, ביז וואנען אייניגע באוואפענטע סאלדאטען האבען איהר באמערקט.

— וואס טוסטו דא? — האבען זיי איהר געפרעגט.

— איך ווארט אויף מיין מאן! — האט זי געענטפערט.

— דיין מאן? ווער איז ער? — האבען זיי אויף איהר געקוקט מיט פאר־דאכט.

— ער איז אריין אין פאלאץ א היבשע ווייל צוריק און איז נאך פון דארט נישט ארויסגעקומען.

— דאס איז פריהער געווען א מאן, זעהר ווילד באוואקסען, אבער ער שיינט צו זיין געריהרט פון זינען — און ווען ער איז צוגעשטאנען און די וועכטער באלעסטיגט, האבען זיי איהם אוועקגעפיהרט אין געפענגנים...

— א, דאס איז מיין מאן!! — האט נעמה אויסגעשריען.

— דיין מאן! — האט דער הויפט איהר באטראכט — אזא יונגע און שעהנע מיידעל ווי דו ביזט פאסט ניט צו זיין די פרוי פון א משוגע'נעם, ווילד־באוואקסענעם וואנדערער.

— אבער ער איז דאך א ישראל, איינער פון אייער פאלק, פארוואס זאל מען איהם פארשפארען אין תפיסה? — האט נעמה אויסגעבראכען אין א געוויין.

באלד זיינען אנגעקומען די איבעריגע וועכטער און ווען זיי האבען זיך דערוואוסט אז נעמה וויינט, ווייל זיי האבען ארעסטירט איהר מאן, האבען זיי איהר גענומען בארוהיגען:

— ווארט ביז מארגען — האבען זיי איהר געטרייסט — מען וועט איהם דארטען לאנג נישט האלטען... .

— אבער מיט וואס האט ער פארזינדיגט, אז מען האט איהם ארעסטירט, און אין וואס באשולדיגט מען איהם?

— מען באשולדיגט איהם אין שווינדעל! — האט דער וועכטער אויסגע־רופען — ער איז צוגעשטאנען צו אונז מען זאל איהם אריינלאזען זיך צו זעהן מיט דעם קעניג'ס בארטרעטער בניהו'ן, אדער מיט בת שבע'ן, דעם קעניג'ס מוטער!

— האט ער דען דאמיט בעגאנגען א פארברעכען? — האט נעמה גע־זאגט — און געווישט איהרע טרעהרען.

— זיין פארברעכען איז באשטאנען אין דעם, וואס ער האט אונז געוואלט

אפנארען. ער האט אונז געוואלט איינריידען אז ער האט זיך לעצטענס געזעהן מיט דעם קעניג שלמה...

— ער האט זיך לעצטענס געזעהן מיט דעם קעניג שלמה!! — האט זי אויסגערופען מיט ערשטוינונג. — איהר האט איהם זיכער מיספארשטאנען...

— ניין, מיר האבען איהב גאנץ גוט פארשטאנען! ער האט געוואלט, אז מיר זאלען איהם צולאזען צו דעם קעניג'ס מוטער, ווייל, האט ער געזאגט, ער האט צו איהר א גערוס פון איהר זוהן.

— איז עס דען נישט מעגליך, אז ער האט זיך גוט געקענט מיט דעם קעניג'ס מוטער און דאס האט ער זיך מיט איהר געוואלט זעהן?...

— זיין גאנצער באנעהמען זיך איז אויסגעקומען צו אונז פארדעכטיג און דעריבער האב איך איהם געהייסען פארשפארען אין תפיסה ביז מארגען, ביז וואנען מיר וועלען אויסגעפינען ווער ער איז און וואס פאר א כונה ער האט געהאט מיט זיין קומען אין קעניגליכען פאלאץ.

— אבער מיין מאן איז זעהר מיעד פון וועג... מיר האבען ביידע געוואנדערט פיעלע טעג ביז וואנען מיר האבען דערגרייכט ירושלים, און יעצט איז ער אויסגעמאטערט און הונגעריג... ער דארף זיך אויסרוהען. האט איהר גענומען און איהם ארעסטירט... א, איך בעט אייך, באפרייט איהם!

— מיר קענען איהם בלויז ארעסטירען, אבער באפרייען טארען מיר איהם נישט בל־זמן מיר קריגען ניט קיין ערלויבנים נישט פון בניהו, דעם קעניג'ס פארטרעטער.

— א, איך בעט אייך, לאזט איהם ארויס פון געפענגניס... איך בין דא א פרעמדע און אהן מיין מאן וועל איך נישט וויסען וואוהין זיך צו ווענדען און איך וועל זיין געצוואונגען איבערצונעכטיגען אויף דער גאס...

— דו דארפסט זיך נישט באאומרוהיגען וועגען דעם — האט איהר איינער פון די וועכטער געזאגט — איך וועל דיך צופיהרען צו מיין היים. מיין פרוי וועט זיין זעהר צופרידען דיך אויפצונעהמען, ווייל איך וועל דארפען שטעהן די גאנציע נאכט אויף דער וואך און מיט דיר וועט פאר איהר פרעהליכער זיין.

— א, ניין! איך וועל פון דאנען נישט אוועקגעהן, ביז וואנען קהלת, מיין מאן, וועט באפרייט ווערען!... — האט נעמה נישט אויפגעהערט צו וויינען — וואס פאר א גערעכטיגקייט איז דאס, ווען איהר נעהמט אן אומשולדיגען מאן און איהר ארעסטירט איהם... איך בין זיכער, אז ווען אייער קלוגער קעניג שלמה וואלט יעצט געזעסען אויפ'ן טראהן וואלטען אזעלכע עוולות נישט באגאנגען געווארען אין ירושלים!

— ווען דיין מאן וואלט אונז געזאגט, אז זיין פרוי ווארט אויף איהם נעבען די טויערען פון פאלאץ וואלטען מיר איהם פיליייכט נישט ארעסטירט... — האט איינער פון די וועכטער געזאגט.

— און מיר וואונדערט זיך טאקע פארוואס ער האט דיך נישט דערמאנט פאר אונז — האט א צווייטער געזאגט.

— איהר האט איהם קיין געלעגענהייט נישט געגעבען צו רעדען — האט נעמה געזאגט — איהר האט איהם באהאנדעלט ווי ער וואלט געווען א שונא פון אייער לאנד...

— קיינער האט קיין רעכט נישט צו קומען אין פאלאץ און מאכען א

פארזוך צו שטערען די רוה פון דער קעניגליכער משפחה — האט דער הויפט געזאגט.

— אויב אזוי, וויל איך איהר זאלט מיר אויך ארעסטירען, ווייל איך וועל זוכען אריינצודרינגען אין פאלאץ און דארטען פארבלייבען ביז וואנען מיין מאן וועט באפרייט ווערען.

די וועכטער זיינען געשטאנען און נישט געוואוסט וואס צו טאן מיט איהר.

— פיליכט זאלען מיר געהן מעלדען אונזער האר בניהו'ן? — האט איינער פארגעשלאגען.

— איך גלויב אז דאס וואלט געווען א גלייבע זאך! — האט אן אנדערער זיך אפגערופען — מיר טארען אויף זיך נישט נעהמען דיזע פאראנטווארט־ליכקייט.

— ווארט דא צו א ווייליע און מיר וועלען מעלדען בניהו'ן וועגען דיר! — האט דער הויפט זיך אפגערופען און איז אריין אין פאלאץ וואו בניהו בן יהוידע איז געזעסען אויפ'ן טראהן. ער האט איהם איבערגעגעבען אלעס וואס האט פאסירט.

— און וואו איז זיין פרוי? — האט בניהו געפרעגט.

— זיין פרוי געפינט זיך לעבען די טויערען פון פאלאץ.

— זאל זי אריינקומען צו מיר! — האט בניהו זיך אפגערופען.

מען האט פארגעבראכט נעמה'ן פאר בניהו'ן.

— איז דאס דיין מאן וועמען מיינע וועכטער האבען ארעסטירט? — האט בניהו איהר געפרעגט.

— יא, מיין האר! — דאס איז מיין מאן! מיר האבען ביידע געוואנדערט פון עמון... פיעלע טעג פון הונגער און דארשט האבען מיר דורכגעמאכט און ווען מיר האבען ענדליך דערגרייכט ירושלים, האבען זיי מיין מאן ארעסטירט.

— האט ער דיר דען נישט געגעבען אן אורזאכע פאר וואס ער האט גע־וואלט געהן אין פאלאץ? — האט איהר בניהו ווייטער געפרעגט.

— ער האט מיר געזאגט, אז ער געהט אויסגעפינען אין פאלאץ וועגען דעם קעניג שלמה'ן... ער האט מיר איבערגעגעבען א מגילה פון פארמעט, איך זאל עס פאר איהם האלטען ביז וואנען ער וועט צוריקקעהרען.

— ציינ מיר די מגילה! — האט בניהו זיך צו איהר אפגערופען.

נעמה האט איהם איבערגעגעבען די מגילה און בניהו האט גענומען לייענען:

"דברי קהלת בן דוד מלך בירושלים" (די ווערטער פון קהלת, דוד'ס זוהן, דער קעניג אין ירושלים!)

— בניהו'ס פנים איז בלאס געווארען. ער האט באטראכט די מגילה נאך אמאל און אויסגערופען:

— דאס איז די האנדשריפט פון אונזער קעניג שלמה! יא, עס איז זיין האנדשריפט! זאג מיר שנעלער וואו האט עס דיין מאן גענומען די מגילה?...

— איך ווייס נישט — האט נעמה זיך אפגערופען א צוטומעלטע — ער האט מיר געזאגט, אז דאס האט ער אנגעשריבען די מגילה אין דער צייט פון זיין וואנדערען און ער רופט עס אן מיט זיין נאמען "קהלת".

— א, עס איז א פארשווערונג! עס איז א פארשווערונג! — האט בניהו זיך אויפגעשטעלט — דיין מאן האט אונזער קעניג בארויבט!

— א, מיין האר! ווי אזוי קענסטו באשולדיגען מיין מאן אין אזא שרעקליכען פארברעכען! — מיין מאן איז דאך אזוי עהרליך! — האט נעמה אויסגערופען — ער וועט מיר קיין ליגען נישט זאגען.

— איך דערקען מיין קעניג'ס האנדשריפט! עס איז ביי מיר קיין צוויי־פעל נישט, אז ער איז איהם באפאלען און בארויבט, און ווער וויים אויב ער האט איהם נישט געטויטעט און ער איז געקומען צו פארכאפען די מלוכה! יא, עס איז א פארשווערונג! ברייננט איהר מאן צו מיר, אבער זעהט אז ער זאל זיין גוט געשמידט אין קייטען!

די וועכטער זיינען אוועקגעגאנגען אין געפענגנים און נעמה איז געבליבען אין פאלאץ.

— זינט ווען ביזטו פארהייראט צו דיין מאן! — האט בניהו איהר גע־פרעגט.

— נעכטען, ווען מיר זיינען אנגעקומען אין א אידישע הויז אין בית הרם, האט מיר קהלת מקרש געוועזן פאר די אויגען פון דעם בעל הבית און זיינע צוויי זיהן! — האט נעמה געזאגט מיט א וויינענדיגע שטימע — אט מיט דיעזען רינג האט ער מיר מקדש געווען...

— צייג מיר דעם רינג! — האט בניהו געזאגט צו איהר...

נעמה האט אראפגענומען דעם רינג פון איהר פינגער און איהם איבער־געגעבען...

בניהו האט באטראכט דעם רינג און אויסגערופען מיט שרעק:

— יא, דער רינג באשטעטיגט מיין פארדאכט! דיין מאן האט ערמארדעט אונזער קעניג שלמה'ן און ביי איהם אוועקגערויבט די מגילה און דיזען רינג!

— מיין מאן איז נישט קיין מערדער און נישט קיין רויבער! — האט נעמה זיך שטארקער פאנאנדערגעוויינט...

— אויב ער האט איהם נישט ערמארדעט, האט ער איהם אהן צווייפעל בארויבט... איך בין זיכער, אז ער איז געקומען אין ירושלים מיט דער כוונה צו פארכאפען די מלוכה...

— עס איז א בלבול אויף מיין מאן! — האט נעמה אויסגעשריען.

— וואס וועסטו זאגען דערויף, אז איך האב דערקענט דעם רינג און זיין האנדשריפט! — האט איהר בניהו געפרעגט — דו דארפסט וויסען זיין, אז אויב ער וועט געפונען ווערען שולדיג וועסטו אויך באשטראפט ווערען גלייך מיט איהם!

— אט ברענגט מען איהם! — האט א וועכטער אויסגערופען.

אין פאלאץ האט געהערשט א שטילקייט... דער קלאנג פון די קייטען וואס זיינען געווען אויף שלמהס הענט און פיס האט אונטערבראכען די שטילקייט.

צוויי וועכטער האבען איהם גענומען פיהרען נעהנטער צו בניהו'ן.

— קהלת, מיין מאן! — איז נעמה אויף איהם ארויפגעפאלען און איהם גענומען האלדזען און קושען... — ניין, איך וועל נישט דערלאזען מען זאל מיין ליעבען מאן שלעכטעס טאן!

— בערוהיג זיך, נעמה! — האט שלמה אויסגערופען מיט א שמייכעל — קיינער וועט מיר קיין שלעכטעס נישט טאן...

— אבער זיי באשולדיגען דאך דיר, אז דו האסט בארויבט און ערמארדעט

דעם קעניג... ער זאגט, אז דער רינג מיט וואס דו האסט מיר מסרש געווען בעלאנגט צו דעם קעניג!

— נו, געווים בעלאנגט ער צו דעם קעניג! — האט שלמה געזאגט מיט א געלאסענע שטימע. — וואו איז דיין רינג?

— ער האט איהם ביי מיר צוגענומען! — האט זי אנגעצייגט אויף בניהו'ן.

— גיב איהר צוריק דעם רינג, בניהו! — האט שלמה אויסגערופען, ווען ער איז עטוואס נעהנטער צוגעקומען צו איהם.

בניהו האט אויסגעשטארטשעט זיינע אויגען, אויפגעעפענט זיין מויל און באטראכט דעם ארעסטירטען...

באלד איז ער אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ און ארויסגעלאזען א געשריי: "א, אונזער קעניג שלמה!"

בניהו איז געפאלען מיטן פנים צו דער ערד און אויסגערופען: "געלויבט איז גאט! אונזער גרויסער מעכטיגער קעניג איז דא צוריק!!"

שטעה אויף בניהו! — האט שלמה איהם באפוילען — זאג מיר שנעלער וואס מאכט מיין מוטער?

— שלום איז צו דיין מוטער, מיין האר קעניג! — האט בניהו זיך אויפגעשטעלט... זיין גאנצער קערפער האט גענומען ציטערען...

נעמה האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג... זי האט גארניט געקענט פארשטעהן; וואס דא קומט פאר.

די לייב־וועכטער זיינען געבליבען באוועגלאז. יעדער האט מורא געהאט זיך צו ריהרען פון זיין פלאץ...

בניהו האט געוואלט עפעס ווייטער רעדען, אבער די ווערטער האבען איהם ווי געשטיקט אין האלדז...

— ווען איהר האט געזעהן אז איך קום ניט רעגירען איבער מיין לאנד מיטן גוטען ווילען, האט איהר מיר געבראכט צוריק צו מיין טראהן אין קייטען! — האט שלמה אויסגערופען מיט א שמייכעל.

— א, מיין האר קעניג, זיי מיר מוחל! — איז בניהו צוגעקומען און איהם גענומען באפרייען פון די קייטען — ווען איך האב דערזעהן דעם קעניגס האנדשריפט און דעם רינג, איז מיין צוטומעלטקייט געווען אזוי גרויס, אז איך האב נישט געוואוסט וואס איך טו... א געלויבט איז דער גאט פון ישראל, וואס ער האט אומגעקעהרט זיין פאלק דעם פארלוסט!

די דינער האבען גלייך געבראכט פאר שלמה'ן די קרוין און זיינע קעניגליכע קליידער, אבער שלמה האט זיך אפגערופען:

— איך מוז גלייך געהן זעהן מיין ליעבע מוטער! קום, נעמה, אריין צו מיין מוטער אין צימער! — האט ער אנגענומען איהר האנט.

נעמה, א צוטומעלטע און א צושראקענע, איז נאך אלץ צו זיך נישט געקומען פון דיזער גרויסער איבערראשונג... דאס איז געווען דער קעניג שלמה אליין פארשטעלט אלס א ארימער וואנדערער! איהר איז אויסגעקומען, אז זי זעהט עס אלעס אין א חלום.

— קום, מיין ליעבע נעמה! — האט איהר שלמה א קוש געטהאן, — דו האסט זיכער פארדינט, אז מיין מוטער זאל דיר זעהן גלייך מיט מיר... דו האסט פארלאזען דיין פאטערס פאלאץ, דו האסט ענטזאגט קעניגע און פרינצען צוליעב דיין גרויסער, הייליגער ליעבע פאר מיר. דו ביזט געגאנגען צוזאמען

מיט מיר אין גלות. און באטש דו האסט אימער געה׳חלום׳ט וועגן דעם קעניג שלמה׳ן, וועגן וועמען מענשען האבען ווארשיינליך צו דיר א סך מגזם געווען, פונדעסטוועגען האסטו מיר, א געהילף צו דיין פאטער׳ס קובער, ליעב געהאט... דו האסט מעהר פון קיינעם נישט געטראכט נאר פון דעם ארימען וואנדערער... נעמה, נאך אזא ליעבע האב איך געטרוימט מיין גאנצען לעבען... און געלויבט איז גאט, וואס ער האט מיר מיט דיר באגליקט!

טרעהרען האבען זיך געשטעלט אין איהרע אויגען, טרעהרען פון פרייד און גליק... זי האט אויף איהם געקוקט מיט גרוים ליעבשאפט:

— און דו ביזט עס די גאנצע צייט פארשטעלט אלס ארימער איינפאכער וואנדערער... דו האסט אזוי פיעל געליטען, און דאך נישט אויסגעזאגט ווער דו ביזט! — האט נעמה אויסגערופען און איהר פנים האט געלויכטען פון גליק.

זיי זיינען ביידע אריינגעקומען אין בת שבע׳ס צימער.

— מוטער! — האט שלמה אויסגערופען.

בת־שבע איז שוין געווען גאנץ אלט און שוואך. זי איז געלעגען אין בעט, און איהרע קאמער־מיידלאך זיינען געשטאנע, נעבען איהם און האבען איהר באדיענט.

— מוטער! — האט שלמה נאך אמאל אויסגערופען — דערקענסטו מיך נישט?

מיט שוועריגקייטען האט זיך בת שבע אנידערגעזעצט אויף איהר בעט און האט גענומען באטראכטען איהר זוהן.

— דאס ביזטו, שלמה? ! — האט זי זיך אליין נישט געקענט גלויבען...— דו ביזט צוריקגעקומען!

— יאָ, מוטער! — האט איהר שלמה ארומגענומען און געקושט — מיין ליעבע, טייערע מוטער! זאג מיר ווי פיהלסטו זיך?

— מיין קינד! דו לעבסט נאך! געלויבט איז גאט אז איך קען דיך נאך זעהן איידער איך שטארב... וואו ביזטו געווען די גאנצע צייט, מיין זוהן? איך האב געמיינט אז דו ביזט שוין לאנג טויט!

— האט דיר דען בניהו נישט געזאגט אז איך בין אוועק אפריכטען גלות!— האט שלמה איהר געפרעגט.

— יאָ, ער האט מיר געזאגט. אבער דאס האט נאך מיין זארג פארשטארקט. דיין פאטער, דוד, איז אויך געווען אין גלות, אבער ער איז דאך אנטלאפען געווארען פון זיין זוהן, אבשלום... ער איז אפגעקומען פאר די זינד וואס ער האט געזינדיגט צו גאט... אבער דו, מיין זוהן, דו האסט דאך קיינע זינד נישט באגאנגען...

— ניין, מוטער! עס איז נישטא קיין מענש אויף דער וועלט, וועלכער זאל נישט האבען בעגאנגען קיין זינד... דער גרעסטער צדיק ווערט אפט־מאל געשטרויכעלט, בפרט א קעניג, וועמעס פאראנטווארטליכקייטען צו גאט און צו זיין פאלק זיינען אזוי פיעל... איך וויים, אז איך האב א סך געזינדיגט געגען גאט, און מיין וואנדערען אין גלות, מיינע לײדען וואס איך האב דורכ־געמאכט דורך דער גאנצער צייט פון מיינע דריי יאהר וואנדערען, וועלען עטוואס דערלייטערען מיין זינדיגע נשמה פאר גאט... אבער גאט האט מיר אין מיין ערגסטער צייט צוגעשיקט א גרויס גליק. מוטער, איך וועל דיר פארשטעלען נעמה, די טאכטער פון דעם קעניג פון עמון. ווען זי האט מיר

דערזעהן בין איך געווען אן ארימער געהילף צו איהר פאטער'ס קוכער... איך בין געווען איז א פרעמד לאנד, געליטען הונגער און דארשט... מענשען האבען פון מיר אפגעשפאט און אפגעלאכט, און נעמה איז געווען די איינציגע טאכטער פון דעם קעניג. זי איז געווען אויסערגעוועהנליך שעהן... זי איז געווען א פרינצעסין, וועמען פיעלע פרינצען און קעניגען האבען געזוכט איהר צו נעהמען אלס א פרוי... אבער ווען זי האט מיר דערזעהן, האט זי מיך ליעב באקומען, און כאטש איהר פאטער האט געסטראשעט איהר פון זיין פאלאץ צו פאר־טרייבען, און מיר אליין האט ער אין געפענגניס אריינגעזעצט, האט זי איינ־געשטעלט איהר לעבען און גליק, זי האט מיך פון געפענגניס באפרייט און מיט מיר צוזאמען זיך געלאזט וואנדערען... יא, ליעבע מוטער: בין מיט א קליינע ווייל'ע צוריק האט זי נישט געוואוסט, אז איך בין דער קעניג שלמה!

— זיי געבענשט, מיין טאכטער! — האט בת־שבע איהר ארומגענומען און געקושט — אמת'ע ריינע ליעבע איז די הייליגסטע זאך אין דער וועלט און טאקע דעריבער איז דאס אזא זעלטענהייט... אין מיין יוגענד האב איך אויך געליעבט... און כאטש פיעלע מענשען האבען מיר מיספארשטאנען, איז אבער מיין ליעבע צו דוד'ן געווען אזוי ריין און הייליג, אז גאט האט מיר געבענשט מיט אזא זוהן ווי שלמה! יא, קען דען זיין א גליקליכערע מוטער פון מיר?!

---

בניהו האט גלייך צוזאמענגערופען די סנהדרין און די בעאמטע און האט זיי אנגעזאגט די פרעהליכע בשורה, אז דער קעניג שלמה האט זיך אומגעקערט פון גלות.

— זאלען די לוים נעהמען זייערע מוזיקאלישע אינסטרומענטען און געהן איבער אלע גאסען שפילען דעם שיר השירים, און אנזאגען די איינוואוינער פון ירושלים, אז דער קעניג שלמה איז דא! — האט בניהו באפוילען.

באלד האבען זיך די לוים אוועקגעלאזען איבער'ן שטאדט מיט געזאנג און מוזיק... די בעאמטע האבען געטראגען פאקעלען און זיי האבען אויסגעשריען:

— פרעה זיך, ישראל! דיין קעניג איז צוריקגעקומען!

זיינען די מענשען ארויס פון זייערע הייזער און מיט יובעלענדע שאלען מיטגעזונגען און אויסגעשריען:

— לאנג לעבען זאל אונזער קעניג שלמה!

טויזענדע מענשען האבען זיך גענומען פארזאמלען ארום דעם בית־המקדש און ארום שלמה'ס פאלאץ. יעדער האט געוואלט אנקוקען דעם קעניג, וועמען פיעלע האבען שוין געהאלטען פאר טויט...

אלעס איז געווען געגרייט און מען האט דעם קעניג שלמה ארומגעוואשען און ארומגעשארען. ער האט אנגעטאן זיינע קעניגליכע קליידער. צו זיינע אויערען האבען זיך דערטראגען די שאלען פון פאלק און ער איז גלייך ארויס־געקומען און זיך באוויזען אויף דעם באלקאן פון זיין פאלאץ...

טויזענדע דונערענדע שטימען האבען איהם באגריסט. א היבשע ווייל'ע איז ער אזוי געשטאנען, און ווען ער האט זיך צוריקגעצויגען אין פאלאץ איז באלד אנגעקומען שולמית, און שלמה האט איהר מיט אזוי פיעל ליעבשאפט געקושט. ער האט פאר איהר פארגעשטעלט נעמה'ן און האט געזאגט:

— איך בין זיכער, שולמית, אז דו וועסט נעמה'ן אזוי ליעב האבען ווי דיין איינענע שוועסטער, ווייל איהר ליעבע צו מיר איז געווען אזוי ריין און הייליג ווי דיינע...

א ווײלע שפּעטער זיינען צוגעקומען די איבעריגע פרויען, די טעכטער פון פארשידענע קעניגע, וועלכע זיינען געווען די גליקליכע אנגערופענע צו ווערען שלמה'ס פרויען. נאכהער האט שלמה געהאלדזש און געקושט זיין זוהן רחבעם און זיינע טעכטער. איבערהויפּט האט שלמה ארומגענומען זיין עלטערע טאכ־טער, נעמי.

— מיין קינד! — האט שלמה צו איהר געזאגט — איך האב אזוי שטארק געבענקט נאך דיר. איך האב געמיינט אז דו האסט שוין גאר געהייראט אהן מיין וויסען...

— אָ, מיין ליעבער פאטער! — האט איהם נעמי געקושט — פארוואס האסטו אזוי געבענקט נאך מיר? — האט זי איהם געפרעגט און איהר פנים איז רויט געווארען.

— ווייל דו ביזט דאך אזוי שעהן און רייצענד! — האט שלמה געזאגט מיט א שמייכעל — און אין ירושלים זיינען דאך פאראן אזוי פיעל שעהנע יונגע־לייט... איך ווייס, אז דיין הארץ ציהט נישט צו די פּרינצען פון פרעמדע פעלקער. איך וואלט דיר קיינמאל נישט מוחל געווען, ווען דו וואלסט געהייראט מיט א קעניג אדער א פּרינץ פון א געצענדינערישען פאלק... איך ווייס אז איך אליין האב שטארק געזינדיגט דערמיט געגען גאט און מיין פאלק. אבער איך האב עס געטאָן כדי איינצוהאלטען דעם שלום איז לאנד... און נעמה, די פּרינצעסין פון עמון איז דאך אינגאנצען אנדערש פון די איבעריגע פּרינצעסינס. זי האט דאך נישט געוואוסט פון מיין גרויסקייט, פון מיין קעניגרייך און פון מיין כבוד. ווען זי האט מיט מיר געהייראט בין איך פאר איהר געווען בלויז אן ארימער בעטלער... יא, מיין טאכטער, נישט איינמאל בין איך אין דער פרעמד געווען געצוואונגען אויסצושטרעקען מיין האנט און בעטען א נדבה פון א פארבייגעהענדען צו דערהאלטען מיין נשמה!...

— אָה, מיין ליעבער פאטער! — האט איהם נעמי שטארקער ארומגע־נומען — ווי גרויס זיינען דיינע ליידען געווען!

— יא, מיין טאכטער! און אין אלע מיינע ליידען האב איך פון דיר געטראכט און האב זיך תמיד געשראקען, אז איידער איך וועל צוריק קומען וועסטו שוין זיין פארהייראט...

— יעצט מעגסטו זיכער זיין — האט נעמי געענטפערט — אז איך וועל שוין קיינמאל נישט הייראטען!

— פאר וואס, מיין טאכטער? — האט איהר שלמה אנגעקוקט מיט ער־שטוינונג.

נעמי האט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען... איהר פנים האט אויסגעדריקט צער און בענקשאפט. זי האט געשוויגען. עס איז איהר יעצט געווען זעהר שווער צו רעדען מיט איהר פאטער וועגען דעם...

— קענסטו מיר נישט זאגען די אורזאכע, נעמי? — האט שלמה איהר געפרעגט.

— נישט יעצט, פאטער, אן אנדערס מאל! איך ווייס אז דו וועסט מיר פארשטעהן... אבער יעצט איז מיר שווער פון דעם צו רעדען.

שלמה האט בעטראכט זיין טאכטער. ער האט דערקענט פון איהר פנים אז עפעס דריקט איהר אויפ'ן הארצען... ער האט פון איהרע אויגען געסענט באמערקען אז זיין עלטערע טאכטער נעמי, ליידעט פון "ליעבעס קראנקהייט"... זאל עס זיין אז דאס האט עפעס צו טהאן מיט דעם יונגען מאן חנן, וועמען ער האט באגעגענט מיט דריי יאהר צוריק, דורך די ערשטע טעג פון זיין וואנדערען?... ניין! דאס איז דאך אונמעגליך!

א לייכטער ציטער איז דורך זיין קערפער, ווען ער האט זיך גענומען דערמאהנען וואס דער יונגער וואנדערער חנן האט איהם דערצעהלט וועגען די נבואה פון אחיה השלוני... זאל דאס האבען א שייכות מיט יענעם יונגען מאן?

שלמה האט בעשלאסען אויסצופארשען פון זיין טאכטער וועגען אלעס, כדי ער זאל זיך וויסען ווי אויסצוהיטען דערפון.

אין שלמה'ס פאלאץ איז ערצויגען געווארען ירבעם, דער זוהן פון נבט. זיין מוטער צרועה, וועלכע איז געווען איינע פון די צוויי פרויען, וועלכע זיינען געקומען צו שלמה'ן ער זאל משפט'ן צו וועמען דאס לעבעדיגע קינד זאל געהערען, האט זיך געפונען אין איהר שטאדט צרדה. גאנץ אפט פלעגט זי קומען בעזוכען איהר זוהן אין ירושלים. זי איז געווען זעהר גליקליך וואס דער קעניג איז געווען צו איהר אזוי גנעדיג און ער האט איהר זוהן ערצויגען אין זיין פאלאץ.

ירבעם איז געווען זעהר שעהן, הויך און פעסט געבויט. ער איז געווען בראוו און העלדיש, און שלמה האט איהם בעשטימט פאר דעם אויפזעהער איבער די צינזען וואס איז געזאמעלט געווארען פון די שבטים אפרים און מנשה.

פיעלע מאל, ווען ירבעם פלעגט בעזוכען דעם שבט אפרים פון וואנען ער אליין האט געשטאמט, פלעגט איהם אויסקומען צו הערען ווי פיעלע מענשען באקלאגען זיך אויף דעם שווערען יאך וואס זיי קומט אוים צו טראגען צאהלענדיג אזעלכע שווערע צינזען.

ער האט געוואוסט אז די מענשען פון שבט אפרים זיינען שטארק פארביטערט געגען שלמה'ן... אבער ער האט זיך נישט וויסענדיג געמאכט, און איז זיין באריכט וואס ער האט אפגעגעבען פאר דעם קעניג בעת די צינזען זיינען אריינגעטראגען געווארען, האט ער גארנישט אנגעדייטעט וועגען דער פארביטערונג און אונצופרידענהייט פון פאלק.

דורך דער צייט וואס שלמה איז געווען אין גלות, האט ירבעם זיך א סך פרייער געפיהלט... ער האט געוואוסט אז דער איינציגער יורש פון שלמה'ס מלוכה איז רחבעם. אבער ער צייכענט זיך נישט אוים מיט קיינע פעהיגקייטען, און איז נישט גאנץ איבריג בעליעבט ביים פאלק... דאריבער האט ירבעם נישט אויפגעהערט צו חלום'ן וועגען דער מלוכה. ער וויים אז ער ווערט געאכטעט ביי אלעמען וועלכע קענען איהם... און אויב שלמה וועט זיך נישט אומקעהרען פון גלות, וועט איהם נישט שווער אנקומען צו פארכאפען די מלוכה, און ווערען קעניג איבער ישראל.

ירבעם האט געווארפען זיין אויג אויף נעמי'ן, שלמה'ס עלטערע טאכטער, און האט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען איהר צו געפעלען. ווען זי וואלט איינגעווילigט צו ווערען זיין פרוי, — האט ער ביי זיך געטראכט — וואלט איהם א סך גרינגער געווען אויסצופיהרען זיין פלאן... אבער ווי עס ווייזט אוים, האט איהם נעמי נישט ליעב געהאט, זי האט איהם די גאנצע צייט געזוכט אויסצומיידען און זעלטען מיט איהם גערעדט... דאך האט ירבעם נישט אויפגעגעבען זיינע

פלענער... ער האט געוואַרט מיט אונגעדולד אויף דעם טאג ווען דאס פאלק האט זיך געזאלט צוזאמענקלייבן אין ירושלים און צו בעשליסען וועגען קרוינען שלמה'ס זוהן רחבעם... אבער דא זיינען פלוצלינג זיינע האפנונגען צורונען געווארען... שלמה האט זיך אומגעקעהרט פון גלות, די געמיטהער פון פאלק האבען זיך בארוהיגט, און דאס לעבען אין ארץ ישראל האט גענומען פליסען ווי פריהער... אפילו די געגנער פון שלמה'ן זיינען יעצט געווען שטארק צופרידען וואס זייער קעניג האט זיך אומגעקעהרט.

ירבעם, האט זיך יעצט, נאך מעהר ווי פריהער, געפלייסט מיט זיין ארבייט, ער האט געזוכט נושא חן צו זיין ביי שלמה'ן.

שלמה האט דערזעהן אז ירבעם טהוט זיין ארבייט מיט איבערגעבענהייט, האט ער איהם נאך מעהר דערהויבען.

איינמאל האט שלמה באמערקט דורך זיין פענסטער, אז ירבעם רעדט מיט זיין טאכטער נעמי, און באלד איז איהם ארויפגעקומען א געדאנק, אז עס וואלט געווען נישט קיין שלעכטער פלאן. ווען ירבעם זאל מיט זיין עלטערער טאכטער התונה האבען... ירבעם איז א שעהנער העלדישער יונג און א חוץ דעם וואלט דורך דעם ארונטער זיין גרויסע זארג וואס ער טראגט ביי זיך אין הארצען זינט הנן האט איהם געזאגט וועגען זיין גרויסער ליעבע צו זיין טאכטער... יא, ווען נעמי וועט הייראטען מיט ירבעם, וועט שוין ממילא זיך גארנישט אויסלאזען פון אחיה'ס נבואה...

דיזער געדאנק האט שלמה'ן נישט אפגעלאזען, און ווען ער האט געזעהן אז זי האט גערעדט מיט ירבעם'ן, האט ער בעשלאסען מיט איהר צו ריידען גאנץ אפען וועגען דעם. ער האט איהר איינמאל ארייננערופען, און זיך צו איהר אפגערופען:

— נעמי, מיין טאכטער! איך האב שוין לאנג דיר געוואלט פרעגען די אורזאכע פון דייז אומעט, אבער ווען איך האב געזעהן אז דו זוכסט אויסצומיידען מיט מיר וועגען דעם צו ריידען, האב איך דיר צו־רוה געלאזען. יעצט פרעג איך דיר, מיין טאכטער, זאג מיר דעם אמת, פארלייקען גארנישט פון מיר, איז ירבעם, דער זוהן פון נבט, די אורזאכע פון דיין בענקען?... איך קען דיר זאגען נעמי, אז ירבעם האט ביי מיר זעהר נושא חן געווען און אויב דו האסט איהם ליעב, וועל איך געוויס נישט זיין דאגעגען... ווי איך פארשטעה, האט ירבעם דיך שטארק ליעב, און איך וועל אייך ביידען מיין ברכה געבען!

— אָה, ניין, פאטער! — האט נעמי אויסגערופען, — איך האב ירבעם'ן נישט ליעב... איך טראכט נישט פון איהם...

— אויב אזוי, זאג מיר, מיין טאכטער, וועמען דו האסט ליעב, דו קענסט מיר דיין הארץ ענטדעקען, פיעלייכט וועל איך דיר קענען ארויסהעלפען אין דעם.

נעמי האט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען. א רויטקייט האט זיך באוויזען איבער איהר פנים.

שלמה האט פון איהר זיינע אויגען נישט ארונטערגענומען. ער האט איהר אנגענומען פאר'ן האנד און ארייננעקוקט טיעף אין איהרע אויגען...

— מיין טאכטער, ווילסטו דען פארבארגען פון מיר די סודות פון דיין הארצען?... ווייסטו דען נישט, אז איך זוך דיין גליק, און דו קענסט מיר אלעס דערצעהלען. זאג מיר, האסטו איכיצען ליעב? . . .

נעמי האט אויפגעהויבען איהרע אויגען און א לייכטער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף איהרע ליפען...

— יא, פאטער! — האט זי זיך אפגערופען, — איך ליעב אימיצען!... אבער איך האב שוין כמעט פארלארען מיין האפנונג ווען עס איז צו זעהן דעם נאך וועמען מיין הארץ געהט אויס!

— ווער איז ער דאס?! — איז שלמה זעהר נייגעריג געווארען.

— איך ווייס נישט! — האט נעמי געענטפערט — איך האב איהם בלויז דריי מאל געזעהן און מיט איהם אפילו נישט גערעדט... זיינע אויגען האבען מיך באצויבערט, זיינע בליקען האבען צו מיר גערעדט... ער איז געשטאנען א היבשע ווייל'ע און נישט געוואגט זיך צו דערנעהנטערען צו מיר... זיין פנים האט געלויכטען... ער האט אויסגעקוקט ווי א מלאך... און ווען איין עטליכע טעג ארום האב איך איהם ווידער דערזעהן, האט ער איין גאנצען מיין הארץ געפאנגען... איך האב אין מיין האנד געהאלטען א בלום און דאס איהם דערלאנגט... איך האב פון ווייטען באמערקט ווי ער האט צוגעטראגען די בלום צו זיינע ליפען... איך האב איהם געוואלט צורופען, אבער ער איז שוין פארשוואונדען געווארען... איך האב מיינע קאמער־מיידל'ער געפרעגט אויב זיי ווייסען ווער ער איז, און איינע האט מיר געזאגט, אז אלעס וואס זי ווייס פון איהם, אאז ער קומט פון דער שטאדט זיף, און אז ער איז א חבר פון דעם נביא אחיה דער שלוני.

שלמה'ס פנים איז בלאס געווארען ווען ער האט דערהערט זיין טאכטער דערמאהנענדיג דעם נבי אחיה השלוני.

— און פון וואנען ווייסטו ווער דער נביא אחיה איז? — האט איהר שלמה געפרעגט.

— אחיה פלעגט גאנץ אפט קומען אין ירושלים דורך דער צייט פון דיין אבוועזענהייט, — האט נעמי געזאגט — און ווען איך פלעג זיך דערוויסען אז ער געפינט זיך אין שטאדט, פלעג איך מיט מיינע קאמער־מיידלעך אוועק־שפאצירען צו דעם פלאץ וואו דער נביא פלעגט האלטען זיינע דרשות. ווייל איך האב געמיינט אז דארט נעבען איהם וועל איך אויך טרעפען דעם יונגען מאן פון זיף.

— פלעגסטו זיך צוהערען צו די דרשות פון יענעם נביא? — האט איהר שלמה געפרעגט.

— ניין! איך בין געווען שטארק בעזארגט ווענען זיין פריינד, און מיינע געדאנקען זיינען די גאנצע צייט געווען פארנומען מיט איהם. שוין אריבער דריי יאהר אז איך האב פון איהם נישט געהערט!

— פון דאמאלס אן האסטו פון דעם יונגען מאן נישט געהערט? דו ווייסט אפילו נישט אויב ער לעבט, טא פאר וואס זאלסטו זיך אזוי נעהמען צום הארצען. פאלג מיר, מיין טאכטער, פארגעס וועגען איהם, און דו האב חתונה מיט ירבעם, ער איז דאך אויך שעהן און העלדיש און צו וואס ער נעהמט זיך איז ער ער־פאלגרייך.

— א, ניין! ליעבער פאטער — האט נעמי אויסגערופען, — איך וועל מיט קיינעם נישט הייראטען אויסער מיט דעם וועמען איך האב אזוי ליעב געהאט... איך וועל ווארטען אויף איהם אזוי לאנג ביז וואנען ער וועט קומען...

— און וואס וועסטו טהאן אויב דו וועסט איהם מעהר קיינמאל נישט זעהן? — האט שלמה איהר געפרעגט.

נעמי האט א ציטער געטהאן. איהר פנים איז בלאס געווארען.

— איך וועל איהם זעהן, פאטער! ער וועט מוזען קומען צו מיר!

— פון וואנען ביזטו עכ אזוי זיכער? דו ווייסט דאך אפילו נישט זיין נאמען. ווער ווייס וואס מיט איהם האט פאסירט דורך די דריי יאהר צייט...

— איך האב זיך איינמאל באגעגענט מיט דעם נביא און איך האב איהם גענומען אויספרעגען וועגען זיין חבר, און ער האט מיר געזאגט, אז מיט פינף יאהר שפעטער, נאכדעם ווי ער איז פארשוואונדען געווארען, וועט ער זיך צוריקקעהרען אין ירושלים! — האט נעמי געזאגט, — און יעצט האף איך איהם צו זעהן אין קנאפע צוויי יאהר.

— אבער ניין, מיין טאכטער! דו וועסט מיט יענעם מאן נישט חתונה האבען! — האט שלמה אויסגערופען, — ניין, צו דעם וועל איך קיינמאל נישט דערלאזען.

נעמי האט איהר פאטער אנגעקוקט מיט ערשטוינונג:

— פאטער! דו קענסט דאך איהם נישט!... פארוואס ביזטו נעגען איהם?

— מיין טאכטער, וועסטו דען וועלען נעהמען א מאן, איינעם וועלכער איז מיינער א שונא, וועלכער זוכט צו שטירצען מיין מלוכה?!

— דער יונגער מאן פון זיף, דיינער א שונא!! — האט נעמי אויסגערופען, — ווי אזוי קומט ער צו זיין דיינער א שונא?!...

— אויב ער פערזענליך איז נישט מיין שונא, איז דאך זיכער זיין פריינד, אחיה השלוני מיין שונא... האט ער דען נישט גערערט עפענטליך נעגען מיר.

— אבער דו וועסט דאך נישט בעשטראפען איינעם פאר די זינד פון זיין חבר! — האט נעמי געזאגט.

— אומזיסט זיינען דיינע רייד! — האט שלמה אויסגערופען, — איך וועל נישט דערלאזען אז דו זאלסט הייראטען מיט יענעם ארימען בחור פון זיף, וועלכער שטאמט פון א נידריגע משפחה.

— ווי עס ווייזט אויס, פאטער, האסטו פארגעסען וואס מיט דיר האט פאסירט אין גלות?... די פרינצעסין נעמה האט מיט דיר חתונה געהאט טראץ דעם וואס איהר פאטער איז געווען דאגעגען, און יעצט... איז זי דען מיט דיר נישט גליקליך!... איך און יענער יונגער מאן פון זיף, זיינען באשערט איינער צום צווייטען פון הימעל, און קיין זאך אין דער וועלט וועט אונז נישט קענען שטערען פון צו ווערען מאן און ווייב...

נעמי איז ארויסגעגאנגען פון צימער איבערלאזענדיג איהר פאטער אליין מיט זיינע געדאנקען.

לאנג נאכדעם האט שלמה געטראכט וועגען נעמי'ן און וועגען חנן, דעם וואנדערער, וועמען ער האט באגעגענט ביי די גרעניצען פון ארץ ישראל... ער ווייס אז ער האט קיין רעכט נישט זיך אריינצומישען און שטערען זיין טאכטער פון איהר ליעבע... אבער ער טאר דאך נים דערלאזען אז די ערשטע האלבע נבואה פון אחיה זאל פארווירקליכט ווערען.

עטליכע טעג איז שלמה געוויזן שטארק בעזארגט וועגען דעם וואס ער האט זיי דערוואוסט אז זיין טאכטער האט ליעב יענעם ארימען וואנדערער.

— דער איינציגער מיטעל איז צו זעהן אז נעמי זאל חתונה האבען אײדער חנן וועט זיך אומקעהרען נאך ירושלים, — האט שלמה בעשלאסען — ער וועט מיזען זעהן אז א פריינדשאפט זאל זיך ענטוויקלען צווישען נעמי'ן און ירבעם.

דעם זוהן פון נבט... יא, ווען זיי ביידע זאלען הייראטען, דאן וועט ער זיך מעהר נישט האבען וואס צו שרעקען. ער וועט דאן זיין זיכער אז אחיה איז נישט קיין נביא, און אז די שנאה פון זיין שבט האט עס אין איהם גערעדט...

שלמה האט איינמאל צוגערופען ירבעם'ן און זיך צו איהם אפגערופען:

— דו האסט געפונען חן אין מיינע אויגען, איך זעה אז דו טהוסט דיין ארבייט מיט גרויס פלייס און איבערגעבענהייט... איך ווייס אויך אז דו האסט ליעב מיין עלטערע טאכטער, נעמי'ן, און יעצט קען איך דיר זאגען אז אויב דו וועסט קענען געווינען דאס הארץ פון מיין טאכטער, וועל איך זיין צופרידען דו זאלסט מיין איידעם ווערען.

— מיין האר קעניג! האט זיך ירבעם פאר איהם פארנייגט — ווער בין איך אז דו זאלסט מיט מיר טהאן אזא גרויסען חסד!... איז דען נישט גענוג דער חסד וואס דו האסט געטהאן צו מיין מוטער, ווי דו האסט מיט דיין גרויסער חכמה אויסגעפונען ווער פון די צוויי פרויען איז מיין ריכטיגע מוטער, דאן האסטו נאך דיין חסד געגרויסט און מיר ערצויגען אין דעם פאלאץ... וועל איך דען דעם קעניג ווען עס איז קענען בעארנקען פאר אלעם וואס ער האט מיט מיר און מיין מוטער געטהאן?!...

— דו האסט נושא חן געווען ביי מיר און איך וועל דיר העלפען צו געווינען מיין טאכטער'ס הארץ, — האט שלמה זיך צו איהם אפגערופען.

ירבעם איז אוועק א גליקליכער פון שלמה'ן. א ברייטער שמייכעל האט זיך צוגאסען איבער זיין פנים... שלמה אליין וויל איהם העלפען צו קריגען די פרינצעסין נעמי'ן, דאס וועט זיין א שריט נעהנטער צו דער פארווירקליכונג פון זיינע חלומות... ווען שלמה וואלט געוואוסט וועגען זיינע פלענער, וואלט ער זיכער נישט געווען אזוי נייגעריג חתונה צו מאכען זיין טאכטער צו איהם!...

ירבעם האט געקראגען מעהר מוטה. ער פלעגט קומען גאנץ אפט צו נעמי'ן און זוכען אריינצוגעהן מיט איהר אין א געשפרעך... אבער וואס מעהר ער האט געזוכט צו פארבינדען א פריינדשאפט מיט איהר, אלץ מעהר האט נעמי איהם אויסגעמידען. דאס האט ירבעם'ן שטארק געערגערט... ער האט איהר אנגעפאנגען מעהר צו ליעבען און יעצט האט ער נאך מעהר גענומען טראכטען צו ווערען קעניג איבער ארץ ישראל... זאל נאר שלמה שטארבען!... יעדעס מאל וואס ער פלעגט באזוכען די שטעדט פון זיין שבט, פלעגט זיך ביי איהם דיזע האפנונג פארשטארקען.

איינמאל איז ער געקומען אין דער שטאדט שלה איינצומאנען די צינזען. זיינען צו איהם צוגעקומען אייניגע פארשטעהער פון שטאדט און האבען זיך צו איהם אפגערופען: עס איז נאך נישט גענוג וואס דער קעניג שלמה האט גע־לאזט אונזער שטאדט ארים ווערען, פערלאנגט ער נאך אז מיר זאלען איהם צאהלען הויכע צינזען; איידער ער האט געבויט דעם בית המקדש, פלעגען אלע אידען פון איבער'ן גאנצען לאנד קומען נאך שלה, וואו דער משכן האט זיך געפונען, זיי פלעגען דא מתפלל זיין און ברייגען קרבנות, און אונזער שטאדט איז רייך געווארען. אבער זינט שלמה האט געבויט דעם בית המקדש איז אונזער שטאדט אין גאנצען פערנאכלעסיגט געווארען, און מיר, די איינוואהנער פון שטאדט, זיינען פאראריממט געווארען. ניין, מיר וועלען מעהר נישט צאהלען קיין הויכע צינזען...

— איך זעה אז אייערע טענות זיינען גערעכטע! — האט ירבעם זיך צו זיי

אפגערופען, — אבער וואס קען איך טהאן. איך בין דאך בלויז א קנעכט. ווען איך וועל מיין פליכט נישט טהאן ווי געהעריג וועט ער באשטימען איינעם, א פרעמדען, נישט פון אונזער שבט, און יענער וועט אייך נאך שווערער דריקען...

— פארוואס זאלען מיר דארפען אויסהאלטען אזוי פיעל ווייבער פאר אונזער קעניג ?! — האט אן עלטערער איינוואהנער פון שלה זיך אפגערופען. — מען זאגט, אז פיעלע פון זיינע ווייבער האבען איינגעפיהרט די געטער פון זייערע לענדער אין זיין פאלאץ, און ער שטערט זיי אפילו נישט ! ניין, מיר וועלען אזא לאגע נישט דולדען...

— איך בין מיט אייך איינשטימיג אז די ציגזען וואלטען געדארפט פאר־קלענערט ווערען, אבער יעצט איז נאך צו פריה עפעס צו טהאן — האט ירבעם זיי געזאגט — דער קעניג שלמה איז שטארק באליעבט ביים פאלק און אונזער איינציגער שבט אפרים וועט גארנישט קענען אויפטהאן... ווען שלמה וועט שטארבען, דאן וועלען אלע שבטים מיט רעכט פאדערען אז דער יורש פון זיין מלוכה זאל ארונטערלאזען פון די ציגזען וואס דאס פאלק צאהלט, און אויב ער וועט נישט וועלען פאלגען, וועט דאס פאלק קרוינען אימיצען אנדערש פאר א קעניג !

ירבעם'ס ווערטער האבען געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף די מענשען...

— ווען ער וואלט אונזער קעניג געווארען — האבען איינציגע מענשען צווי־שען זיך גערעדט — וואלט דאן אלעס אנדערש געווען.

— נישט נאר וואלט ער פארגרינגערט די ציגזען, ער וואלט אויך געזעהן אז אלע איבריגע שבטים זאלען קריגען א גלייכע געלעגענהייט, און נים בלויז דער שבט יהודה און בנימין זאל רייך ווערען.

ירבעם האט זיך צוגעהערט צו פיעלע פון די געשפרעכען און זיין הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט פרייד און שטאלץ. ער זעהט ווי שטארק די מענשען האלטען פון איהם... און ער באמערקט אויך אז צוליעב די פיעלע ווייבער וועלכע געפינען זיך אין שלמה'ס פאלאץ, און וועלכע האבען ביסלעכווייז גענומען עפענט־ליך דיענען צו זייערע אפגעטער, האט שלמה פארלארען זיין חן ביים פאלק, און ווען ער זאל יעצט אנפאנגען צו מאכען א מרידה געגען שלמה'ן וואלט ער געווען ערפאלגרייך... אבער דערווייל וועט ער מוזען זעהר פארזיכטיג זיין... ווען איהם זאל נאר געלינגען ארייגצוקריגען די פרינצעסין פאר זיין פרוי, דאן וואלט שוין אלעס רעכט געווען.

מיט מעהר מוטה און מיט פיעל האפנונג האט זיך ירבעם אומגעקעהרט אין ירושלים. ער האט אריינגעבראכט די ציגזען אין דעם קעניגליכען אוצר, און ווען שלמה האט איהם געפרעגט וועגען דעם צושטאנד פון די שבטים, האט ירבעם איהם גענטפערט :

— מיין האר קעניג ! די איינוואהנער פון די שטעדט זיינען זעהר גליקליך און צופרידען וואס דער קעניג שלמה האט זיך אומגעקעהרט... און ווען זייערע ציגזען וואלטען געווען צוויי מאל אזוי פיעל, וואלטען זיי זייערע ציגזען אפגעגע־בען מיט צופרידענהייט פאר'ן קעניג.

— און וואס האסטו אויסגעמאכט מיט מיין טאכטער ? — האט איהם שלמה געפרעגט.

— איך האף אז איך וועל געפינען חן אויך אין איהרע אויגען ! — האט ירבעם געענטפערט.

— איך וועל זיין גליקליך צו פייערן אין ניכען די חתונה פון מיין ערשט־געבארענער טאכטער ! — האט שלמה געזאגט — און אויב דיר וועט געלינגען צו געווינען איהר הארץ, וועסטו עס זיין דער גליקליכער, און איך וועל דיר מאכען פאר איינעם פון מיינע מיניסטארען.

ירבעם האט נאך יעצט מעהר ווי פריהער אנגעפאנגען צו בעזוכען נעמי'ן ער האט איהר איבערגעגעבען דאס וואס איהר פאטער האט איהם צוגעזאגט.

— מיין ליעבע נעמי, — האט ער געזאגט און אנגענומען איהר האנד, — איך האב דיך שוין פון לאנג ליעב געהאט, אבער איך האב נישט געוואגט צו דיר דערפון צו ריידען... אבער ווען איך זעה אז דיין פאטער האט דערצו צוגעשטימט, וויל איך דיך בעטען צו ווערען מיין פרוי.

— אומזיסט וועט זיין דיין מיה ! — האט נעמי זיך צו איהם אפגערופען, — מיין הארץ געהערט שוין צו א צווייטען !

ירבעם איז בלאס געווארען ווען ער האט דאס דערהערט, ער האט זיך אבער געשטארקט און איהר געפרעגט :

— קענסטו מיר פיעלייכט זאגען, פרינצעסין, ווער דער גליקליכער איז ?

— ער איז שעהן און קלוג, זיינע אויגען לייכטען ווי שטערען, און זיין ליעבע צו מיר איז שטארקער ווי דער טויט ! יעצט ווייסטו שוין ווער ער איז ? — האט נעמי געזאגט און זיך פון איהם אפגעקעהרט.

ירבעם איז ווידער אוועק אן ענטטוישטער פון איהר. יא, ער וועט איהר נאך צייגען אז זי וועט זיך שעצען גליקליך צו ווערען זיין פרוי ! — האט ער ביי זיך געטראכט.

ווען שלמה האט אויסגעפונען אז זיין טאכטער האט ווידער ענטזאגט ירבעם'ן און אז זי איז ענטשלאסען צוווארטען אויף חנן פון זיף, האט איהם דאס הארץ געגעבען מעהר שרעקען. ער האט גענומען טראכטען וואס פאר א מיטלען ער זאל אנווענדען צו פארמיידען אז זיין טאכטער זאל מיט יענעם וואנדערער נישט הייראטען, כדי די נבואה פון אחיה דעם שלוני זאל ניט מקוים ווערען.

שלמה האט זיך בעראטהען מיט בניהו, דעם זוהן פון יהוידע, און מיט נאך איניגע חכמים וועלכע זיינען געווען שלמה'ס נאהענטסטע פריינד.

— ווען איך בין אין די ערשטע טעג פון מיין וואנדערען אנגעקומען אין א דארף נישט וויים פון ים המלח, — האט שלמה אנגעפאנגען, — האב איך דארטען באגעגענט א יונגען מאן וועלכער האט אויף מיר געמאכט זעהר אן אנגענעהמען איינדרוק. ער האט אויסגעקוקט צו זיין זעהר איידעל און געלערנט, אבער זיינע קליידער זיינען געווען צוריסען. ער האט מיך נישט דערקענט. און ווען איך האב זיך מיט איהם פאנאנדערגערעדט, האב איך אויסגעפונען אז ער איז פאר־ליעבט אין מיין טאכטער, נעמי'ן... איך וואלט זיכער נישט געווען דאגעגען... אבער ער האט מיר דערצעהלט דערצו נאך עפעס וואס עס האט מיר אנגעהויבען שטארק צו בארוהיגען...

בניהו און די חכמים האבען זיך צוגעהערט מיט גרויס נייגעריגקייט. און שלמה האט פארטגעזעצט :

—"ער האט מיר דערצעהלט אז אין שלה געפינט זיך איינער א נביא מיט'ן נאמען אחיה, וועלכער איז זיינער א גוטער פריינד, און ער האט נביאות געזאגט אז ער, חנן, וועט הייראטען מיט דעם קעניג'ס עלטערע טאכטער... אין דער זעל־בער צייט האט ער פאר איהם אויך נביאות געזאגט, אז דאס הויז פון דוד וועט

נישט לאנג אנהאלטען די הערשאפט איבער אלע שבטים, און אז נאך מיין טויט וועלען זיך פיעלע שבטים אפרייסען פון דער מלוכה פון מיין יורש און וועלען גרינדען א בעזונדערע מלוכה... כאטש ווען איך האב דערהערט פון איהם דיזע ווערטער, בין איך עטוואס בעאומרוהיגט געווארען און איך האב שוין געהאט בדעה זיך אומצוקעהרען אהיים, כדי צו פארמיידען די מעגליכקייט פון מיין טאכטער'ס חתונה מיט איהם, אבער ווען ער האט מיר ווייטער געזאגט, אז ער האט אויף זיך גענומען א נדר צו וואנדערען פינף יאהר כדי ער זאל קענען פארגעסען מיין טאכטער פון זיינע געדאנקען, און ווען איך האב זיך צוריקגעקעהרט פון מיין וואנדערען האב איך צו מיין גרויסער איבערראשונג אויסגעפונען אז מיין טאכטער איז אויך שטארק פארליעבט אין יענעם פריינד פון דעם נביא... מיין הארץ שרעקט מיך, פיעלייכט וועט זי מיט איהם הייראטען, און דאמיט פארווירקליכען די נבואה פון אחיה'ן, וואס וועט מיינען אז אויך די אנדערע נבואה וועגען דער צוטיילונג פון מיין מלוכה וועט מקוים ווערען... איך האב געטאכט א פארזוך איינצורעדען מיין טאכטער זי זאל הייראטען מיט ירבעם בן נבט, אבער זי וויל דערפון נישט הערען.... יעצט וויל איך זיך מיט אייך בעראטהען וואס צו טהאן".

בניהו און די חכמים האבען זיך א ווײלע פארטראכט.

— מיין האר קעניג טאר בשום אופן ניט דערלאזען אז זיין טאכטער זאל הייראטען מיט יענעם יונגען מאן! — האט בניהו זיך אפגערופען.

— ווי אזוי אבער וועל איך דאס קענען אויספיהרען! — האט שלמה גע־פרעגט, — איך ווייס דאך וואס עס האט פאסירט מיט מיין פרוי נעמה'ן, די פרינצעסין פון עמון, איהר פאטער, נישט ווימענדיג ווער איך בין, האט נישט געוואלט זיין טאכטער זאל מיט מיר הייראטען, און דאס איז דאך געטהאן גע־ווארען געגען זיין ווילען.

— מיין עצה איז, — האט איינער פון די חכמים זיך אפגערופען, — אז מען זאל אויפזוכען דעם יונגען מאן און איהם פארשפארען אין געפענגנים ביז וואנען נעמי, דעם קעניג'ס טאכטער, וועט איינווויליגען צו הייראטען אימיצען אנדערש.

— האט דען דער קעניג פון עמון דיזעלבע זאך נישט געטהאן צו מיר! — האט שלמה געזאגט — ער האט מיר פארשפארט אין געפענגנים... האט עס דען געהאלפען?

— מיין עצה איז, — האט בניהו אויסגערופען, — אז דער קעניג זאל אוועק־שיקען זיין טאכטער אויף אן אינזעל און איהר האלטען דארטען ביז וואנען זי וועט איינווויליגען צו הייראטען דעם וועמען דער קעניג וועט באשטימען.

— איך דענק אז דו האסט רעכט, בניהו! — האט שלמה געזאגט, — איך וועל אויסזוכען אן אינזעל וואו עס קומען זעלטען מענשען, און דארטען וועל איך פאר איהר לאזען בויען א פראכטפאלען פאלאץ און יעדען מאנאט וועל איך שיקען פאר איהר א שיף מיט שפייז און קליידער. איך וועל אויך מיט איהר מיטשיקען אלע איהרע קאמער־מיידלער וועלכע וועלען איהר זוכען צו אמוזירען מיט פארשידענע פארוויילונגען זי זאל זיך דארטען אזוי שטארק נישט לאנגווײלען אוי ווען זי וועט איינווויליגען חתונה צו האבען, דאן וועל איך איהר פון דארטען צוריקרופען.

— דאס וועט זיין דער איינציגער מיטעל צו פארמיידען אז די פרינצעסין זאל נישט הייראטען מיט יענעם יונגען מאן, — האבען אלע צוגעשטימט.

## איין-און-צוואנציגסטער קאפיטעל

# ווען עס איז באשערט

קיינער אין פאלאץ, א חוץ בניהו און די חכמים, האבען נישט געקענט פארשטעהן פארוואס דער קעניג שלמה איז אזוי נייגעריג דאס זיין טאכטער נעמי זאל הייראטען וואס שנעלער. נישט איינמאל האט נעמי'ס מוטער פרובירט ריידען מיט שלמה'ן דאס ער זאל זייער טאכטער ניט צווינגען צו הייראטען געגען איהר ווילען, אבער שלמה איז געווען זעהר איינגעשפארט און האט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען צו ווירקען אויף זיין טאכטער דאס זי זאל הייראטען, איידער די בעשטימטע פינף יאהר, ווען דער וואנדערער חנן וועט זיך דארפען צוריקקעהרען וועלען זיין פאראיבער.

שלמה האט איינמאל צוגערופען נעמי'ן און ער האט איהר געזאגט:

— איך האב בעשלאסען דיר חתונה צו מאכען גאר אין גיכען, און אויב דיר געפעלט נישט ירבעם, דער זוהן פון נבט, קענסטו זיך אויסקלייבען וועמען דיין הארץ געלוסט, אבער דאס דארף געטהאן ווערען דורך דער צייט פון דרייסיג טעג.

— א, פאטער! איך האב אויסגעקליבען דעם וועמען מיין הארץ געלוסט!

— האט נעמי געענטפערט, — און אויף איהם וועל איך ווארטען ביז מיינע לעצטע טעג.

— אויב דו וועסט זיך צו מיר נישט וועלען צוהערען און חתונה האבען אין משך פון דרייסיג טעג, דאן וועל איך דיר פארשיקען אויף אן אינזעל, וואו קיין פרעמדער נפש קען נישט צוקומען, און דארטען וועסטו פארבלייבען אזוי לאנג ביז וואנען דו וועסט איינוויליגען חתונה צו האבען.

— פאטער! מיין ליעבע צו יענעם יונגען מאן איז זעהר מעכטיג און קיין זאך אין דער וועלט וועט מיר נישט צווינגען איהם אויפצוגעבען... איך וועל ווארטען אויף איהם ביז דעם טאג פון מיין טויט, און אפילו ווען איך וועל אויף דעם אינזעל זיין וועל איך מיינע האפנונגען נישט אויפגעבען!...

— דאן וועסטו דארפען פארבלייבען אויף דעם אינזעל דיין גאנצען לעבען, אדער ביז וואנען חנן, דער יונגערמאן פון זיף, וועט שטארבען!

נעמי האט א ציטער געטהאן ווען זי האט געהערט אזעלכע רייד פון איהר פאטער.

— וואס האט דער יונגערמאן פון זיף דיר געטהאן און מיט וואס האט ער פארזינדיגט געגען דיר אז דו זאלסט זוכען זיין טויט?! — האט נעמי געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — איז עס צוליעב דעם וואס זיינער א געוועזענער פריינד איז דיינער א שונא, אז דו זאלסט איהם זוכען צו בעשטראפען... א, פאטער, דו ביזט אזוי בעליעבט ביים פאלק מיט דיין גערעכטיגקייט און יושר וואס דו טהוסט צו אלעמען, זאלסטו דען וועלען באגעהן אן עולה געגען אן אומשולדיגען מענשען און אויך געגען מיר?!...

שלמה'ס הארץ איז גערירט געווארען פון זיין טאכטערס רייד... ער האט איינגעזעהן אז איהרע טענות זיינען גערעכטע, אבער דאך האט ער ניט געקענט דערלאזען אז די נבואה פון אחיה השלוני זאל מקיים ווערען. דאס וואלט דאך פארביטערט די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען... ער האט בעשלאסען צו דערצעהלען זיין טאכטער דעם גאנצען אמת. ער איז געווען זיכער, אז ווען זי וועט דערהערען אלעס וואס מיט איהם האט פאסירט, וועט זי קענען פארשטעהן זיין געגנערשאפט און איהם פאלגען.

— הער מיך אויס, נעמי! — האט ער זיך אפגערופען, — ניט פון די שלעכטסקייט פון מיין הארץ טהו איך דאס צו דיר. איך האב אויך גארנישט צו דעם יונגען מאן חנן, פארקעהרט, ווי נאר איך האב איהם דערזעהן, האט ער געפונען חן אין מיינע אויגען...

— דו האסט איהם דערזעהן?!! — האט נעמי אויסגערופען מיט ערשטוינונג, — אח, ליעבער פאטער, זאג מיר דאך וואו איז ער און ווי אזוי האסטו איהם געזעהן?...

— אין די ערשטע טעג פון מיין וואנדערונג, האב איך איהם דערזעהן! — האט שלמה זיך אפגערופען, — א וואנדערער מיט צוריסענע בגדים און צוריסענע שיך. מיר זיינען ביידע גלייך בעפריינדעט געווארען. ער האט מיך נישט דערקענט און מיך אנגענומען פאר אן ארימען וואנדערער ווי ער אליין איז... איך האב איהם אנגעהויבען צו פרעגען די אורזאכע פון זיין וואנדערונג, האט ער מיר דערצעהלט אז דאס וואנדערט ער צו פארגעסען די שטארקע ליעבע וואס איז איהם האט זיך פלוצלינג צופלאקערט.

— צו פארגעסען די שטארקע ליעבע, — האט נעמי ווידערהאלט איהר פאטערס רייד, — זאג מיר דאך, א, פאטער, ווענען האט ער דאס ליעב געהאט אזוי שטארק?! . . .

— ווען דו וועסט האבען עטוואס גערולד, מיין טאכטער, וועל איך דיר אלעס דערצעהלען, — האט שלמה זיך אפגערופען, — איך האב איהם געשטעלט דיזעלבע פראגע און ער האט מיר געענטפערט, אז ער איז פארליעבט אין דעם קעניג'ס עלטערע טאכטער.

— אח! — האט נעמי אויסגערופען מיט א זיפץ פון פארלייכטערונג, — דאס האט ער מיך געמיינט. ער האט מיר אויך אזוי שטארק ליעב ווי איך איהם.

— ווען איך האב דערהערט פון איהם דיזע רייד, בין איך בעת מעשה שטארק צופרידען געווען, ווייל ווי איך האב דיר שוין געזאגט, איז מיר דער יונג שטארק געפעלען געווארען. ער שיינט צו זיין איידעל, קלוג און געלערנט... איך האב איהם געפרעגט ווי אזוי ער קומט צו דיר, די פרינצעסין, אין דער צייט ווען ער איז אן איינפאכער יונג פון ארימער משפחה, האט ער מיר דערצעהלט פאלגענדעס: "ער האט א גוטען פריינד, וועמעס נאמען איז אחיה פון שלה, און פיעלע פון די אידען האלטען איהם פאר א נביא... אט דער אחיה האט איהם געזאגט, אז שלמה'ס עלטערע טאכטער נעמי וועט זיין זיין פרוי... אין דער זעלבער צייט האט ער אויך נביאות געזאגט, אז ניט לאנג וועט מיין קעניגרייך אנהאלטען, און אז נאך מיין טויט וועט מיין מלוכה צוטיילט ווערען". יעצט, מיין טאכטער, פארשטעהסטו פארוואס איך בין דאגענען דו זאלסט חתונה האבען מיט יענעם יונגען מאן?...

— ניין, פאטער, איך פארשטעה גאר אלץ ניט... וואס וועט האבען מיין חתונה מיט איהם צו טהאן מיט דיין מלוכה?... איך קען דיר פארזיכערען, אז נישט איך און נישט ער וועלען אפילו טראכטען וועגען דער מלוכה... מיר וועלען זיך ביידע שעצען גליקליך אויב מיר ביידע וועלען קענען לעבען צוזאמען אונגעשטערט ערגעץ־וואו אלס איינפאכע מענשען... איך בין זיכער, אז חנן טראגט זיך קיינמאל נישט ארום מיט אזעלכע געדאנקען... און איך קען דיר זאגען, פאטער, אז אויב עס איז פאראן א מאן וועלכער טראגט זיך ארום מיט חלומות וועגען הערשאפט, איז דאס ירבעם, דער זוהן פון נבט!

— אט דאס רעדט די שנאה אין דיר, מיין טאכטער! — האט שלמה זיך אפגערופן, — פארגעס נישט אז ירבעם וועט מיר זיין נאנצען לעבען דאנקבאר זיין פאר די פיעלע טובות וואס איך האב געטהאן צו זיין מוטער און צו איהם... און איך האב אויך נישט מורא אז חנן טראגט זיך ארום מיט שלעכטע מחשבות. ניין, דו מאכסט א טעות... וואס איך וויל נישט דערלאזען איז אז די נבואה פון אחיה השלוני זאל נישט מקוים ווערען... ווען דו וועסט הייראטען אימיצען אנ־דערש, דאן וועל איך זיך בארוהיגען... איך וועל וויסען אז איך דארף נישט לייגען קיין געוויכט אויף זיינע רייד! און איך וועל זיין זיכער אז קיין שלעכטעס וועט נישט טרעפען צו מיינע קינדער וועלכע וועלען ירשנ'ען מיין טראהן... יעצט האף איך, וועסטו איינזעהן, נעמי, אז דו דארפסט זעהן צו פארגעסען אט יענעם יונגען מאן, צוליעב מיין רוהיגקייט און צוליעב דער צוקונפט פון מיינע קינדער.

— איך בעט דיך, מיין ליעבער פאטער, פארלאנג נישט פון מיר אזא זאך... איך האב איהם ליעב מעהר ווי מיין אייגען לעבען... איך בין גרייט צו ברייגנען דעם גרעסטען אפפער פאר מיין ליעבע צו איהם... און בפרט יעצט, אז איך ווייס ווי גרויס אויך זיין ליעבע איז צו מיר... מיין לעבען איז גארנישט ווערטה אהן איהם...

— אויב אזוי, — האט שלמה אויסגערופען מיט כעס, — וועסטו דארפען געהן אויף דעם אינזעל און דארטען אזוי לאנג פארבלייבען ביז וואנען דו וועסט קומען צום שכל און וועסט טהאן ווי איך ראטה דיר.

— איך בין גרייט אפילו צו שטארבען פאר מיין ליעבע, — האט נעמי מיט בעשלאסענקייט געזאגט, — ווייל מיין ליעבע איז שטארקער פון טויט!...

שלמה'ס צארן האט אין איהם געברענט. ער האט זיין טאכטער אוועקגעשיקט פון זיך אוי אליין איז ער געבליבען פארטיעפט אין זיינע געדאנקען.

— נאך אלעמען, — האט ער געטראכט, — האט ער קיין רעכט נישט צו־צושטערען דאס גליק פון זיין טאכטער בפרט ווען איהר ליעבע איז אזוי שטארק און מעכטיג. ער האט שוין גענומען חרטה האבען וואס ער האט איהר פארשאפט אזוי פיעל שמערצען. ער האט בעשלאסען דערווייל איהר צו־רוה לאזען, ער וועט בלויז זעהן אכטונג געבען אז חנן זאל קיין געלעגענהייט נישט האבען זיך מיט איהר צו זעהן.

אזוי זיינען פארביינעלאפען עטליכע וואכען. דערווייל האבען ווייטער גענומען דערגרייכען צו שלמה'ס אויער ווענען די רייד פון אחיה השלוני, אז ער זאגט נביאות, און זיין הארץ האט איהם ווידער גענומען שרעקען... ער האט בע־שלאסען אנצונעהמען בניהו'ס עצה און אויפבויען א פאלאץ פאר זיין טאכטער אויף איינעם פון די ווייטע אינזלען און איהר אהין אוועקשיקען ביז וואנען ער וועט קענען זיכער זיין אז חנן וועט ניט ווערען זיין איידעם.

שלמה האט צוזאמענגערופען פיעלע קינסטלער־בויער, ארכיטעקטען און אנ־דערע בעלי מלאכות און ער האט זיי איבערגעגעבען זיין פלאן ווענען בויען א פאלאץ מיט א קונציגען אריינגאנג, און האט פון זיי פערלאנגט זיי זאלען איהם צושטעלען די פלענער וואס אם שנעלסטען.

דערווייל האט ער אוועקגעשיקט פיעלע פון זיינע בעאמטע אויף דריי שיפען איבער'ן ים, זיי זאלען געפינען א פארווארפענעם אינזעל, וואו קיין לעבעדיגער נפש געפינט זיך דארטען נישט.

זעקס מאנאטען האבען די שיפען ארומגעשוואומען און געזוכט א פאסיגען

אינזעל וואו זייער קעניג וועט קענען דורכפיהרען זיין פלאן. און ענדליך האט זיך איין שיף צוריקגעקעהרט און געבראכט א באריכט צום קעניג אז זיי האבען געפונען אן אבגעזונדערטען קליינעם אינזעל.

אהין האט שלמה געשיקט די בויער, די ארכיטעקטען, מיט גענוג בוי־מאטעריאל צו בויען דעם געפלאנטען פאלאץ. ער האט אויך מיטגעשיקט שיפען מיט שפייז. א גאנץ יאהר האט געדויערט דאס בויען פון פאלאץ, און ווען אלעס איז פארטיג געווארען, האט דער קעניג נאך אמאל גערופען צו זיך זיין טאכטער און צו איהר געזאגט:

— דער פאלאץ אויף דעם אינזעל איז שוין פארטיג. איך בין גרייט דיך אהין צו שיקען. יעצט האסטו נאך די ברירה אויב דו ווילסט פארבלייבען אין ירושלים. דאן דארפסטו אויפגעבען אלע דיינע געדאנקען וועגען חנן און חתונה האבען מיט ירבעם'ן אדער מיט אימיצען אנדערש וועמען דו וועסט אויסערוועהלען. און אויב נישט וועסטו מוזען גלייך געהן אויף דעם אינזעל וואו איך האב געלאזען פאר דיר בויען א פאלאץ מיט אלע באקוועמליכקייטען... דארטען וועסטו פאר־בלייבען אזוי לאנג ווי דער געפאהר אז דו זאלסט הייראטען מיט חנן וועט זיין פאראיבער... ערשט דאן וועל איך דיר שיקען צוריקרופען... יעדען מאנאט וועל איך שיקען צו דיר א שיף מיט שפייז און קליידער פאר דיר און פאר דיינע דינסטען, און איינמאל א יאהר׳ וועל איך מיט דיין מוטער דיך קומען בעזוכען.

— פאטער, גיב מיר זיבען טעג און איך וועל זיך בעטראכטען וועגען דעם!

— האט נעמי געזאגט, — דאן וועל איך דיר געבען מיין ענדגילטיגע תשובה!

— איך וועל דיר אויך דאס נאכגעבען! — האט שלמה געזאגט, — כאטש דו האסט שוין געהאט גענוג צייט זיך צו בעזינען...

ווען די זיבען טעג זיינען פאראיבער, האט נעמי געזאגט, אז זי וועט בעסער געהן אויף דעם אינזעל. דאן האט שלמה בעגלייט זיין טאכטער ביז יפו, וואו די שיף איז געשטאנען אין האפען און נעמי מיט איהרע דינסטען האבען זיך אריינגע־זעצט אין שיף וואס איז אוועקגעשוואומען אין דער ריכטונג פון דעם אינזעל.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

פינף יאהר האט חנן פון זיך געוואנדערט איבער פארשידענע שטעדט און לענדער. צו זיינע לײדען און צרות איז קיין גרענעץ ניט געווען. אבער שטארקער און גרעסער פון זיינע קערפערליכע יסורים זיינען געווען די יסורים וואס ער האט געליטען פון זיין גרויסער ליעבע צו דעם קעניג'ס טאכטער. ער האט געמיינט אז דורך דיזער צייט וועט איהם געלינגען איהר ארויסצושלאגען פון זיין קאפ, און ער וועט זיך צוריקקעהרען אהיים אן אויסגעלייטערטער און אויסגעניכטערטער פון זיין אונערגרייכבארער ליעבע צו דער פרינצעסין. אבער וואס נעהנטער ער איז צוגעקומען צו די גרעניצען פון ארץ ישראל, אלץ שטארקער האט זיך זיין ליעבע צופלאקערט... ער האט געוואוסט אז עס וועט פאר איהם זיין אונמעגליך זיך צו באהערשען און ניט צו געהן נאך ירושלים אנצוקוקען דעם שעהנעם פנים פון דער פרינצעסין. ער האט אויך געוואוסט אז ווען ער וועט קומען אין ירושלים, דאן וועט ער אין גאנצען פארצעהרט ווערען פון זיין ליעבע. דאריבער האט חנן, ווען ער איז שוין געווען נעבען די גרעניצען פון ארץ ישראל, בעשלאסען זיך אומצו־קעהרען און פארטזעצען זיין וואנדערען... מיט א פארביטערט הארץ האט חנן זיך געלאזט ווייטער וואנדערען. ער האט יעצט בעשלאסען מעהר זיך קיינמאל

נישט צוריקצוקעהרען אין ארץ ישראל. אין דער פרעמד וועט ער פארבלייבען ביז זיינע לעצטע טעג.

אין דער צייט פון זיין גלות, האט חנן זיך בעקאנט מיט פארשידענע מענשען פון פארשידענע לענדער. ער האט זיך אנגעהערט מיט פיעלע מעשיות פון זייער ערפאהרונג. אבער מעהר פון אלעם איז ער בעצויבערט געווארען פון די מעשיות וואס ער פלעגט זיך אנהערען פון די מאטראזען וועמען ער פלעגט אפט טרעפען אין פארשידענע האפענס. ווען ער זאל נאר קענען פאהרען אויף א שיף, וואלט ער זיך גליקליך געפיהלט... די כוואליעס פון ים וואלטען איהם געמאכט אין אלע זיינע צרות פארגעסען.

חנן איז צוגעקומען צו א פארווארפענעם פלאץ ביים ברעג ים. דארטען אויף דעם זאמד פלעגט ער אפזיצען שטונדען לאנג און בעטראכטען דעם ברויזענדען ים, די כוואליעס וואס שלאגען זיך אן די פעלזען־שטיינער ... און ערשט דא, בע־טראכטענדיג די בלויע וואסער פון ענדלאזען ים, זיינען צו איהם ארויפגעשוואר־מען די זכרונות פון יאהרען צוריק ווען ער איז אין ירושלים געווען... ווען ער האט דעם געשטאלט פון דער פרינצעסין געזעהן... ער דערמאנט זיך ווי זי האט איהם א בלום געגעבען, כאטש זי איז שוין פארדארט און צעוויאנעט... זי איז ביי איהם זעהר טהייער... ער נעהמט ארויס די צוטריקענטע בלום פון זיין קעשענע און וויקעלט פאנאנדער דאס טיכעל... ער בעטראכט עס... דוכט זיך גארנישט איז דערפון געבליבען בלויז דער שטאם און א פאר פארגעלטע בלעטלעך, דאך איז דאס אזוי טהייער צו איהם... ער טראגט עס צו זיינע ליפען... זיין הארץ טהוט א צאפעל ווען ער נעהמט טראכטען אז דאס איז אמאל געווען אין דער האנד פון דער פרינצעסין... זי האט איהם געגעבען די בלום... די ליעב און אנגע־נעהם עס איז איהם צו טראכטען וועגען יענע גליקליכע טעג...

ער האט צוגעמאכט זיינע אויגען און זיין פאנטאזיע האט איהם אוועקגע־פיהרט צוריק אין ירושלים... ער האט זיך פארגעשטעלט אז אט זעהט ער די וואונדער־שעהנע פרינצעסין... ער קושט איהר הענד און זי גלעט זיינע האר, און ער הערט איהר קלינגענדע שטימע... זי זאגט איהם אז זי האט איהם אויך ליעב... און זיי צוקושען זיך ביידע...

א הילכיגער געלעכטער וואס האט אפגעקלונגען אין דער לופט, האט חנן'ען פון זיינע געדאנקען אויפגעוואכט. ער האט אומגעדרעהט זיין קאפ און דערזעהן צוויי יונגע מענשען שטעהען נעבען איהם.

— דו ביזט זיכער פון זינען געריהרט! — האט זיך איינער פון די צוויי פרעמדע צו איהם אנגערופען, — דו קושסט א שטיקעל פארטריקענט גראז מיט אזוי פיעל ליידענשאפט ווי דאס וואלט געווען א שעהן מיידעל!

חנן האט זיך גלייך אויפגעהויבען פון פלאץ און האט בעטראכט ביידע יונגען. לויט זייער קליידונג האט ער געקענט זעהן אז זיי זיינען מאטראזען.

— זייט באגריסט מיינע פריינד! — האט זיך חנן פאר זיי פארנייגט, — פריעדען צו אייך ביידען!

ביידע מאטראזען האבען בעטראכט זיינע צוריסענע בגדים און זיין פאר־וואקסען פנים, און זייער געלעכטער איז נאך שטארקער געווארען.

— זאג מיר, ווער ביזטו און פון וואנען קומסטו? — האט א מאטראז זיך צו איהם אפגערופען.

— איך בין א וואנדרערער, און קום פון ארץ ישראל! — האט חנן זיי געענטפערט.

— און פארוואס אנטלויפסטו פון דיין לאנד? — האט איהם דער ערשטער געפרעגט.

— איך אנטלויף פון זיך אליין! — האט חנן געענטפערט מיט א ביטערען שמייכעל.

— און דאס האסטו זיך אליין געקושט? — האט דער צווייטער מאטראז צו איהם געזאגט און זיך ווייטער פאנאנדערגעלאכט.

חנן האט זיי נישט געענטפערט. ער האט שנעל איינגעוויקעלט די פארוויא־נעטע בלום אין דעם זעלבען טיכעל און עס צוריק ארייגעלייגט אין זיין קעשענע.

— פיעלייכט האסטו געקושט דיין גאט! — האט דער ערשטער מאטראז פרובירט מאכען שפאס מיט איהם.

— איך בין אן עברי און מיר דיענען בלויז צו דעם גאט אין הימעל און מיר טראגען זיך נישט ארום מיט אפגעטער! — האט חנן געזאגט.

— אבער זאגט מיר, מיינע פריינד, ווער זייט איהר און ווי קומט איהר אהער?

— אונזער שיף געפינט זיך נישט ווייט פון דאנען, — האט איהם איינער געזאגט.

— אייער שיף?! — האט חנן אויסגערופען מיט בעגייסטערונג, — א, איך האב שוין לאנג קיין שיף נישט אנגעזעהן.

— אויב דו ווילסט קום מיט אונז אויף אונזער שיף, — האט דער ערשטער זיך אנגערופען צו חנן.

— אבער וואס קען איך טהאן אויפ'ן שיף ווען איך האב קיינע ערפאהרונגען נישט אויפ'ן ים? — האט חנן צו זיי געזאגט.

— מיר וועלען שוין דיך אויסלערנען... קום מיט אונז...

— איהר זוכט ווידער צו טרייבען שפאס מיט מיר! — האט חנן געזאגט, — פארוואס זאלט איהר מיר וועלען נעהמען צו אייך אויפ'ן שיף, איך זאל אייער האר, דעם קאפיטאן, פאלען צו לאסט!

— מיר פארזיכערען דיך, אז דו וועסט אונז צו לאסט נישט פאלען! — האט דער צווייטער געזאגט, — ווי איך זעה, האסטו פיעלע געוואנדערט אויף דער יבשה, וועסטו יעצט עטוואס וואנדערען אויף דעם ים.

חנן איז מיטגעגאנגען מיט זיי, ביז זיי זיינען אלע צוגעקומען צו דער שיף וואס איז געווען פעראנקערט אין האפען.

— דו ווארט דא צו און מיר וועלען מעלדען אונזער קאפיטאן וועגען דיר.

די צוויי מאטראזען זיינען אריין אינעווייניג און באלד צוריק ארויסגעקומען און א וואונק געטהאן צו חנן ער זאל ארויף אויפ'ן שיף.

חנן איז באלד ארויפגעקומען און די צוויי מאטראזען האבען איהם אריינגע־פיהרט אין דעם קאפיטאנ'ס קאיוטע.

א ציטער איז אנגעפאלען אויף חנן ווען ער האט דערזעהן דעם מורא'דיגען פנים פון קאפיטאן. ער איז געווען הויך און דיק, זיינע מיט בלוט־פארלאפענע אויגען האבען ווי מיט פייער געברענט.

א ווייל'ע האט דער קאפיטאן בעטראכט חנן פון אויבען ארונטער, נאכהער

איז ער צו איהם צוגעגאנגען און ארויסגעליגט זיין אייזערנע האנד אויף חנן'ס פלייצע און איהם א שלעפ געטהאן צו זיך. ער האט איהם אנגענומען פאר'ן בארד און א בויג געטהאן זיין קאפ ארויף־צו. נאכהער האט ער איהם א שליידער געטהאן פון זיך און חנן איז אומגעפאלען.

ער האט שוין געוואלט אומקעהרען זיך און אנטלויפען פון שיף, אבער א פאר געזונטע הענד האבען איהם אנגענומען און צוריקגעשליידערט.

די צוויי מאטראזען האבען איהם ארייגעלאכט אין פנים.

— בינדט איהם! — האט דער קאפיטאן באפוילען, — מיר וועלען איהם קענען פארקויפען פאר א שקלאף און קריגען בעצאהלט פאר איהם.

א טויט־שרעק איז אנגעפאלען אויף חנן ווען ער האט דאס דערהערט. יעצט זעהט ער אז ער איז אריינגעפאלען צווישען ים־רויבער... זיי וועלען איהם פאר א שקלאף פארקויפען. און ער איז שולדיג אין דעם. ער האט זיך געלאזט פארפיהרען פון זיי.

צוויי טעג איז ער געווען געבונדען; מען האט איהם צוגעווארפען עטוואס שפייז און ער איז געווען אזוי הונגעריג אז ער האט איינגעבויגען זיין מויל צום בארען און געגעסען.

ווי די שיף האט זיך גערירט פון ארט האבען איהם די צוויי מאטראזען פאנאנדערגעבונדען און איהם געגעבען א רודער אין האנד.

וואס טיעפער זיי זיינען פארפאהרען אין ים, אלץ שוואכער זיינען חנן'ס האפנונגען געווען זיך צו באפרייען פון די הענד פון די ים־רויבער. יעצט זעהט ער ווי אומגליקליך ער איז. זיי וועלען איהם זיכער פארקויפען פאר א שקלאף אין א פרעמדע לאנד, אדער זיי וועלען איהם אריינווארפען אין ים... ער וועט זיין שפייז פאר די פיש פון ים.

חנן האט זיך פרובירט בעטען ביי די מאטראזען זיי זאלען איהם קיין שלעכטעס ניט טהאן.

— איך בין אזוי אויך אן אומגליקליכער מאן, — האט ער צו זיי געזאגט, — איך האב מיין גליק פארלארען און איך האב אנגעפאנגען צו וואנדערען כדי מיינע צרות צו פארגעסען... און דא זייט איהר געקומען און אויף מיר נאך גרעסערע צרות ארויפגעבראכט.

— ווען דו וואלסט נישט געקושט דעם צעוויאנעטען גראז, וואלטען מיר דיך זיכער צו־רוה געלאזען! — האט איין מאטראז א וואונק געטהאן צום צווייטען און זיי האבען זיך ביידע פאנאנדערגעלאכט.

— ווען דו וועסט אונז דערצעהלען פארוואס דו האסט געקושט דעם גראז וועלען מיר בעטען אונזער קאפיטאן ער זאל דיך נישט פארקויפען פאר א שקלאף, נור פערהאלטען ביי אונז אויפ'ן שיף... מיר וועלען דיך אויסלערנען ווי אזוי צו רויבען און פלינדערען אנדערע שיפען.

— אבער האט איהר גארנישט מורא פאר גאט! — האט חנן אויסגערופען.

— גאט האט פארבאטען צו רויבען און צו פלינדערען.

— אפשר האט עס דיין גאט פארבאטען! — האט איין מאטראז געזאגט, אבער אונזער גאט הייסט אונז רויבען און גנב'ענען. מיר רייזען דורך דעם ים און ווען מיר בעמערקען א שיף, בעפאלען מיר זיי, מיר הרג'ענען אויס די מענשען און מיר נעהמען אוועק די געלד...

חנן׳ס טרויער און צער האט זיך פערגרעסערט... ער זעהט אז ער איז אריינגעפאלען אין א גרויסען אומגליק... אבער איידער צו ווערען א שותף צו די רויבער, וועט שוין זיין גלייכער, ווען זיי וועלען איהם פאר א שקלאף פערקויפען... ער וועט דאן אמווייניגסטען נישט האבען אויף זיין געוויסען אומשולדיגע בלוט... ער האט זיך אפגעקעהרט פון די מאטראזען און זיך גע־נומען צום רודער.

פינף טעג זיינען זיי אזוי געפאהרען איבער׳ן ים... און דורך דיזער קורצער צייט, האט זיך חנן אנגעליטען נאך מעהר ווי דורך די פינף יאהר פון זיין וואנדערונג... יעדער איינער פון די מאטראזען, האבען פון איהם גע׳חוזק׳ט. יעדער איינער האט איהם מכבד געווען מיט קלעפ... איבערהויפט האט דער קאפיטאן פון דער רויבער שיף איהם שטארק געפייניגט...

אויף דעם זעקסטען טאג אין דער פריה ווי נאר די זון איז אויפגעגאנגען, האט דער קאפיטאן צוזאמענגערופען אלע מאטראזען און בעדינטע און זיי געזאגט.

— איך זעה פון ווייטען א שיף! גורט אן איהר אלע אייערע שווערדען, נעהמט זיך צו די פיילען און בויגען, ווייל מיר וועלען בעפאלען די שיף!

א טומעל, א גערויש, א קלאנג פון שווערדען, געשרייען פון פרייד, האבען דערגרייכט חנן׳ס אויערען... א ציטער איז דורך זיין קערפער, ווען ער האט דערהערט דעם קאפיטאנ׳ס שטימע דערלאנגענדיג איהם א שווערד. ״נעהם דיין וואפען און דו וועסט אונז מיטהעלפען אין אונזער קאמפף... געדענק אבער אז דער ים וועט זיין דיין קבר, ווען דו וועסט ארויסווייזען שוואכקייט און זיך נישט וועלען בעטייליגען אין קאמפף!...

מיט ציטערענדע הענד האט חנן גענומען דעם שווערד און זיך געשטעלט אין דער רייהע צוזאמען מיט די איבעריגע מאטראזען. דער קאפיטאן האט אנגעשטריינגט זיינע אויגען און גענומען נאכקוקען די שיף... די דינער שקלא־פען האבען שנעל געארבייט ביי די רודערס... דער קאפיטאן האט גענומען פיהרען זיין שיף אין דער ריכטונג פון וואנען די פרעמדע שיף קומט אן.

— זייט געגרייט! — האט דעם קאפיטאנ׳ס שטימע א דונער געטהאן — די שיף וואס קומט אן ענטקעגען, שיינט צו זיין געלאדען מיט פיעל גאלד און זילבער און קאסטבארע שטיינער... יע, דאס איז א קעניגליכע שיף! זי בעלאנגט צו דעם קעניג פון ישראל, שלמה׳ן... און מיר קענען פיעלעס ערוואַרטען פון אזא רויב! זייט אלע געגרייט, ציהט ארויס די שווערדען פון די שיידען! האלט געגרייט אייערע שפיזען, ווייל מיר זיינען שוין גאר נאהענט!

די מאטראזען האבען געצויגען זייערע שווערדען... חנן איז געשטאנען צווישען זיי א בלאסער, א צושראקענער מיט זיין שווערד אין האנט און זיין גאנצער קערפער האט געציטערט... וועט ער דארפען קעמפפען געגען זיינע ברידער! אה, ניין! ער וועט זיך בעסער אין ים אריינווארפען, איידער צו פער־גיסען דאס בלוט פון זיינע אייגענע ברידער... פלוצלונג איז איהם איינגעפאלען א געדאנק אז ער וועט ראטעווען זיינע ברידער און שטארבען ווי א העלד!

— א מעכטיגער קאפיטאן! — האט חנן אויסגערופען פערנייגענדיג זיך פאר איהם... יעצט איז געקומען מיין צייט צו נעהמען ראכע פון מיינע שונאים!

— שונאים! — האט דער קאפיטאן אויסגערופען ביזטו דען נישט איינער פון זייערינע, דו ביזט דאך אליין אן עברי!

— איך בין אן עברי אבער דער קעניג האט מיר פון זיין לאנד פערטריבען... שוין פיעלע יאהרען אז איך וואנדער און קען נישט געפינען קיין רוהע פלאץ פאר זיך... און יעצט האט מיר גאט זיי איבערגעגעבען אין מיינע הענט! איך וועל זיין דער ערשטער מיט זיי צו קעמפפען! איך וועל זיך שעצען גליקליך ווען מיר וועט געלינגען צו פערגיסען זייער בלוט אזוי ווי זיי האבען מיין בלוט פערגאסען! איך געה! — האט ער אויפגעהויבען זיין שווערד גאנץ הויך!

—ווארט! — האט דער קאפיטאן צו איהם א געשריי געטהאן. — די קעניגליכע שיף, ווייזט אויס צו זיין שטארק בעוואפענט... און דעריבער וואלט איך געוואלט פערמיידען א קאמפף אויב מעגליך... און דו זייענדיג איינער פון זיי, פערשטעהסט זייער שפראך, קענסטו אונז ברייגנען א סך נוצען... דו געה צו צום ברעג און רוף אויס צו דעם קאפיטאן פון דעם קעניג שלמה'ס שיף אז אויף אונזער שיף געפינען זיך הונדערטע בעוואפענטע ים רויבער און אין א קאמפף מיט אונז וועלען זיי אלע פערלארען געהן צוזאמען מיט זייער שיף... אבער אויב זיי וועלען אונז אפגעבען די גאנצע רייכטום פון זייער שיף, וועלען מיר זיי קיין שלעכטעס ניט טהאן... אבער, אויב זיי וועלען אונז ניט וועלען אפגעבען די אוצרות פון שיף וועלן מיר זיי אלעמען פערניכטען!

— גוט! איך בין צופרידען צו טהאן מיין האר'ס בעפעהל — האט חנן אויסגערופען...

— געדענק אבער ווען איך וועל אויסגעפינען אז דו האסט אונז פערראטען, וועל איך דיר גלייך אויף אן ארט טויטען!...

חנן האט ארויפגעקלעטערט גאנץ הויך... די רויבער שיף איז שוין געווען גאר נאהענט... באלד איז דער קאפיטאן פון שלמה'ס שיף ארויס זעהן וואס דא האט פאסירט... חנן האט א מאך געטהאן צו איהם מיט דער האנט...

די מאטראזען פוןביידע שיפען זיינען אנטשוויגען געווארען. דער רויבער קאפיטאן האט זיך אוועקגעשטעלט נעבען חנן'ען.

— געדענק האט ער צו איהם געזאגט — אויב זיי וועלען נישט טהאן ווי איך שלאג פאר, וועל איך דאס אננעהמען פאר א סימן אז דו האסט זיי נישט ריכטיג איבערגעגעבען מיינע רייד! און דאן וועסטו גלייך באצאהלען מיט דיין לעבען! ווי נאר דו וועסט ענדיגען ריידען וועל איך דיר בינדען און ווי נאר איך וועל אויסגעפינען. אז אנשטאט אונז איבערצוגעבען זייער רייכטום און פערמיידען א צוזאמענשטויס זיינען זיי נעגרייט צום קאמפף, וועל איך דיר מיט מיין שווערד דעם קאפ ארונטערהאקען!

— וואס איז אייער פערלאנג און פארוואס זייט איהר אונז אנטקעגען געקומען! — האט דער קאפיטאן פון דער אידישער שיף אויסגערופען.

— מיין האר האט חנן זיך אפגערופען צו איהם אין העברעאיש — איך האב דיר זעהר וויכטיגעס צו זאגען... דער אידישער קאפיטאן איז צוגעגאנגען גאנץ נאהענט צום ברעג פון זיין שיף, און צוגעלייגט זיין רעכטע האנט צו זיין אויער, ער זאל גוט קענען זיך צוהערען...

— די שיף אויף וועלכער איך געפין זיך יעצט, איז א רויבער שיף... מען האט מיך געפאנגען, און יעצט פערלאנגט דער רויבער קאפיטאן פון מיר, איך

זאָל איך אפּנארען כדי ער זאָל קענען ארײַנקריגען די אוצרות פון דײַן שיף... ער האָט מיר געבעטען אז איך זאָל אײַך אנשרעקען און זאגען אז אויף דיזער רויבער שיף געפינען זיך הונדערטע ים רויבער בעוואפענט... כדי איהר זאָלט זיך אונטערגעבען... איך ווייס אז דורך דעם וואס איך גיב דיר יעצט זאגען, וועל איך מײַן לעבען פארלירען, אבער איך וויל בעסער מײַן אייגען לעבען פערלירען און ראטעווען דעם כבוד פון אונזער קעניג... אויף אונזער שיף געפינען זיך בלויז פערציג ים רויבער און דער קאפּיטאן האָט שטארק מורא מיט אײַך ארײַנצוגעהן אין א קאמפּף... דעריבער, מײַנע ברידער נעהמט זיך צום קאמפּף און איהר וועט זיי שנעל בעזיעגען... און צו ווײַזען אײַך אז מײַנע רייד זײַנען ריכטיגע, וועל איך זיך גלײַך ארונטערוואַרפען אין ים ארײַן, איך וועל בעסער פערשלונגען ווערען פון די כוואַליעס פון ים, איידער געטויטעט צו ווערען פון די אומרײַנע הענט פון דעם קאפּיטאן, וועלכער שטעהט נעבען מיר!

— נו, האסטו זיי אלעס געזאגט ווי איך האב דיר געהייסען?!... — האָט דער קאפּיטאן איהם שטרענג א פרעג געטהאָן!

— יע, מײַן האַר! — האָט חנן געענטפערט און איהם איבערגעגעבען דעם שווערד... יעצט קענסטו טהאָן מיט מיר וואס דו ווילסט!

דער קאפּיטאן זאָט בײַ איהם צוגענומען דעם שווערד און איהם געהייסען ארונטערגעהן.

— אָה, מײַן האַר זעה וואס עס טהוט זיך דאָרטען! — האָט חנן אָנגעצייגט מיט זײַן פינגער.

— ווי נאָר דער רויבער קאפּיטאן האָט אומגעדרעהט זײַן קאָפּ, האָט חנן שנעל א שפּרונג געטהאָן אין ים ארײַן...

פערראַט! פערראט! — האָט דער רויבער קאפּיטאן אויסגערופען און האָט א שלײַדער געטהאָן זײַן שווערד אויף חנן'ען, וועלכער האָט גענומען שווימען, אבער ער האָט איהם נישט געטראָפען...

דער קאפּיטאן פון דער אידישער שיף האָט באלד באפוילען:

— נעהמט זיך צום וואפען! לאָמיר באשיצען אונזער שיף פון די ים רויבער!

בליץ־שנעל האבען זיך אלע מאטראזען א נעהם געטהאָן צו זייערע וואפען. אין א קלײנע ווײַלע זײַנען זיי שוין אלע געשטאנען גרייט צום קאמפּף.

— וואַרפט א שטריק און לאָמיר ראטעווען דעם אידישען געפאנגענעם — —האָט דער קאפּיטאן אויסגערופען — ניט ארונטערנעהמענדיג זײַנע אויגען פון חנן, וועלכער איז שיעור ניט פארשלונגען געוואָרען פון די גרויסע כוואַליעס.

צוויי מאטראָזען זײַנען צוגעקומען צום ברעג פון שיף און האבען ארונ־טערגעוואָרפען א שטריק, און האבען געשריען מיט זייערע גאנצע כוחות. ער זאָל זיך אנהאלטען אין די שטריק.

מיט גרויס מאטערניס איז חנן צוגעשוואומען צו דעם פּלאַץ וואו די שטריק איז געווען, און האָט זיך מיט זײַנע לעצטע כוחות אנגעהאלטען אן די שטריק. די צוויי מאטראָזען האבען איהם ארויפגעצויגען און איהם ארײַנגעטראגען אין א קאיוטע, וואו זיי האבען איהם אוועקגעלייגט אויף א בעטעל. און אלע האבען

זיי זיך אומגעקעהרט און נעהמענדיג זייערע וואפען, זיך אנגעשלאסען אן דער רייהע פון די איבעריגע באוואפענטע מאטראזען.

דער קאמפף האט זיך אנגעפאנגען. די ים רויבערס שיף איז געווען גאנץ נאהענט צו דער אידישער שיף. די אנקערס פוןביידע שיפען זיינען געווען ארונטערגעלאזען... די מאטראזען זיינען געשטאנען מיט אנגעצויגענע פייל און בויגען... די מאטראזען פון דער אידישער שיף זיינען געווען צוויי מאל אזוי פיעל ווי די ים רויבער... אין דער ערשטער רייהע זיינען ארויסגעקומען די אידישע מאטראזען מיט גאנץ לאנגע שפיזען אין זייערע רעכטע הענט. און אין זייערע לינקע הענט האבען זיי געהאלטען שילדען צו באשיצען זיך פון דעם שונא'ס פיילען... הינטער זיי זיינען געשטאנען די בויגען שיסער. דער אידישער קאפיטאן, באשיצט פון א גרויסען שילד, איז געשטאנען אויף א הויכען פלאץ און קאמאנדירעוועט:

— פאר דעם כבוד פון אונזער קעניג און אונזער לאנד — האט דער קאפיטאן אויסגערופען — גאט אין הימעל איז אונזער עדות, אז מיר האבען קיין קאמפף ניט געזוכט, מיר זיינען געפאחרען אין פריעדען.

א טומעל און געשריי האבען זיך געהערט פון דער רויבער שיף. אלע ים רויבער זיינען געווען שטארק צושראקען. ווען זיי האבען דערזעהן די פיעלע מאטראזען פון דער אידישער שיף, וועלכע זיינען געווען אזוי גוט באוואפענט און באשיצט... דער רויבער קאפיטאן איז אויך געווען פארצווייפעלט. ער האט איינגעזעהן, אז דער קאמפף איז א פארלארענער, אבער זיך אומצוקעהרען איז שוין געווען צו שפעט. ער האט דאריבער זיך אוועקגעשטעלט ביי דער ענדע פון זיין שיף, באשיצענדיג זיך הינטער א דיקע ברעט און אויסגערופען:

— קעמפפט ביז דעם לעצטען טראפען פון אייער בלוט! צילעוועט זיך מיט אייערע פיילען צום קאפיטאן פון דער שיף!

פיילען זיינען געפלויגען פון ביידע זייטען... די אידישע מאטראזען האבען זיך אבער פלינק באשיצט מיט זייערע שילדען...

— ברענג מיר א פאקעל פייער! — האט דער רויבער קאפיטאן זיך אפגערופען צו דעם הילפס־קאפיטאן, וועלכער איז געשטאנען נעבען איהם. — יעצט, אז אלעמענס אויגען זיינען געווענדעט אויף די קעמפפענדע מאטראזען, וועל איך אומבאמערקטערהייט א שליידער טהאן דעם פאקעל פייער אויף זייער שיף און זי אונטערצינדען... און ווען זייער שיף וועט זיין איינגעהילט אין פלאמען, וועלען מיר זיך קענען ראטעווען פון זיי!

דער געהילף איז שנעל ארונטערגעגאנגען און באלד צוריקגעקומען מיט א פאקעל פייער און דאס איבערגעגעבען זיין קאפיטאן.

דער רויבער קאפיטאן איז ארויס פון זיין באהעלטעניס און ער האט אויפגעהויבען זיין האנד א שליידער צו טהאן דעם פאקעל פייער אויף דער צווייטער שיף, פלוצלונג אבער האט ער ארויסגעלאזען א געשריי און אנידערגעפאלען מיט א פייל שטעקענדיג אין זיין הארצען.

— אונזער קאפיטאן איז פארוואונדעט! — האט דער געהילף אויסגעשריען — מיר זיינען פארלארען! מיר זיינען פארלארען! לאמיר בעטען שלום!

חנן האט זיך צוגערוקט עטוואס נעהנטער און זיך אפגערופען:

— אויב איהר ווילט שלום, מוזט איהר דאס ערשטע זאך אריינוואַרפען אייערע שווערד, פייל און בויגען אין ים, בלויז דאן וועל איך איבערגעבען דעם קאַפּיטאַן וועגען אייער פאַרלאַנג.

צו דעם גרויס באַוואונדערען פון דעם אידישען קאַפּיטאַן און זיינע מאַט־ראָזען האָבען זיי באַמערקט ווי אַלע ים רויבער שליידערען אַריין זייער גאַנצע וואָפען אין ים.

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען ? — האָט דער קאַפּיטאַן זיך אָפּגערופען.

— ער האָט אונזער שיף געראַטעוועט ! — האָט דער קוכער אָנגעוויזען אויף חנן'ען, וועלכער איז געשטאַנען אַ זייט מיט זיין פייל און בויגען — איך בין געבליבען אַכטונג צו געבען אויף איהם, איהם צו העלפען צו קומען צו זיך פון זיין גרויסע אָנשטרענגונג. איך האָב איהם געבראַכט אַביסעל וואַסער, און ער האָט געטרונקען... פּלוצלונג האָט ער זיך אויפגעשטעלט און נעהמענדיג מיין בויגען און פיילען איז ער אַרויפגעגאַנגען אויף דעם דעק... און דאַ האָב איך דערזעהן ווי דער רויבער קאַפּיטאַן האַלט אַ פּאַקעל פייער געגרייט עס אַ שליידער צו טהאָן אויף אונזער שיף... און איידער איך האָב באַוויזען זיך אומצוקעהרען און אויסשרייען וועגען דער געפאַהר וואָס דראָהעט אונזער שיף האָט שוין אַט דער פּרעמדער אַריינגעשאָסען אַ פייל אין דעם רויבער קאַפּי־טאַן'ס האַרצען און איך האָב געזעהן ווי ער איז גלייך אומגעפאַלען מיט דעם פּאַקעל פייער...

— זאָל דיך גאָט באַלוינען, דו פּרעמדער ! — האָט דער קאַפּיטאַן זיך אָפּגערופען — דו האָסט אונז אַלעמען פון אַ שרעקליכען טויט געראַטעט !

— זיי ווילען מאַכען שלום מיט אונזער האַרר ! — האָט חנן אויסגערופען — און איך האָב זיי געזאָגט, אַז איידער איך וועל רעדען מיט מיין האַרר וועגען דעם, דאַרפען זיי אַלע זייערע וואָפען אין ים אַריינשליידערען, און דאָס האָבען זיי באַלד געטהאָן... מיין האַר קען מיט זיי יעצט טהאָן וואָס זיין האַרץ געלוסט.

— געה זאָג זיי, אַז זיי זאָלען וואָס שנעלער פון דאַנען אַנטלויפען ! — האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט מיט אַ שמייכעל, — מיר זיינען ניט בלוט־דורשטיג און אַזוי לאַנג ווי עס האָט קיינעם פון אונז ניט געשאַדט, זוכען מיר אויך קיין נקמה פון זיי צו נעהמען !

חנן איז גלייך צוגעגאַנגען צום ברעג שיף. ער האָט דערזעהן ווי די מאַט־ראָזען שטעהען מיט טויט־בלאַסע פּנים'ער און ציטערען. זיינע בליקען באַגע־געגענען זיך מיט צושראָקענע בליקען פון די צוויי מאַטראָזען, וועלכע האָבען איהם אַריינגענאַרט אויף זייער רויבער שיף...

זיי האָבען געקוקט אויף חנן'ען מיט בעטענדע אויגען, קוים איינהאַלטענ־דיג זיך אויף זייערע פיס... זיי זיינען געווען זיכער, אַז חנן וועט זיך מיט זיי באַלד אָפּרעכענען... זיי האָבען זיך דריי מאָל פאַרנייגט פאַר איהם... און דאָס איז חנן'ען אויסגעקומען אַזוי קאָמיש. אַז ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון געלעכטער.

— אַנטלויפט איהר אַלע מיט אייערע לעבענס, כל זמן איהר האָט נאָך צייט ! — האָט חנן צו זיי אויסגערופען — אויב ניט, וועט פון אייך אַלעמען קיין געדעכניס ניט איבערבלייבען !

א גרויס פרייד האט אנגענומען אלע מאטראזען און דעם געהילפס־קאפי־טאן... שנעל האבען זיי אויפגעהויבען דעם אנקער און באלד האט זיך זייער שיף געגומען ריהרען פון ארט ביז וואנען זי האט זיך שוין קוים געקענט זעהן...

חנן איז געבליבען שטעהן אויף זיין פלאץ, נאכקוקענדיג ווי די רויבער שיף פארשווינדט... ער האט גארניט באמערקט, אז ארום איהם האבען זיך פארזאמעלט אלע מאטראזען און דער קאפיטאן.

— ווי א מלאך פון הימעל האט גאט דיך צו אונז צוגעשיקט! — האט דער קאפיטאן געדריקט חנן'ס האנט — דו האסט אונז אלעמען געראטעוועט פון די רויבער! אה, ווי דאנקבאר מיר דארפען זיין צו דיר. אבער קום דאך אריין אין מיין קאיוטע, מיין פריינד, און בייט איבער דיינע קליידער... דו ביזט דאך אין גאנצען דורכגעווייקט...

— יע, איך בין דורכגעווייקט און מיער! — האט חנן אויסגערופען. איך וויל זיך עטוואס אויסרוהען.

איינינע מאטראזען האבען צורעכט געמאכט א בעטעל פאר איהם און חנן האט פון זיך אראפגעווארפען זיינע צוריסענע און נאסע קליידער און ער האט זיך געלייגט אפרוהען. דער קאפיטאן האט געגעבען א באפעהל און די מאטראזען האבען אנגעשטעלט די זעגלען און פארטגעזעצט זייער רייזע.

אויף מארגען, ווען חנן איז אויפגעשטאנען אן אויסגערוהטער, האט מען איהם געבראכט פריהשטיק און נאכדעם ווי ער האט אפגעגעסען, און ער האט זיך געפיהלט ערפרישט און שטארק, איז צו איהם אריינגעקומען דער קאפיטאן און איהם געפרעגט:

— יעצט זאגט מיר, מיין פריינד, ווער דו ביזט און ווי אזוי דו ביזט אריינגעפאלען אין די הענט פון די ים רויבער?

— איך בין א וואנדערער פון יהודה! — האט חנן זיך אפגערופען — און ווען איך בין אנומעלט געזעסען ביים ברעג ים, האבען מיך צוויי מאטראזען אריינגענארט צו זיך אין שיף און דארטען האט מען מיך גענומען געפאנגען... אבער געלויבט איז גאט וואס איך בין באפרייט געווארען פון זייערע הענט...

— און געלויבט איז גאט וואס דו האסט אונז איז צייט געווארענט, אז די ים רויבער זיינען ניט זעהר פיעל און אז מיר וועלען זיי קענען בייקומען. ווען ניט דאס וואלטען מיר זיי געוויס אפגעגעבען אלעס וואס מיר האבען און מיר וואלטען געקומען צום אינזעל מיט א ליידיגער שיף.

— צום אינזעל! — האט חנן אויסגערופען — פאהרט איהר דען צו אן אינזעל. און איך האב געמיינט, אז איהר פאהרט נאך ארץ ישראל!

— יערען מאנאט פאהרט אן אנדער שיף צו דעם אינזעל, וואו די טאכ־טער פון אונזער שלמה געפינט זיך — האט דער קאפיטאן זיך אפגערופען — מיר פיהרען שפייז און קליידער פאר דער פרינצעסין און איהרע דיענסטען, און אויך שפייז פאר די סאלדאטען, וועלכע היטען אפ דעם אינזעל.

חנן האט איהם אנגעקוקט מיט פארוואונדערונג. ער האט ניט פארשטאנען וועגען וואס דער קאפיטאן רעדט.

— ווי איך זעה, ווייסטו ניט וועגען וואס דא האנדעלט זיך — האט דער קאפיטאן פארטגעזעצט — דער קעניג האט געלאזט בויען א פראכטפולען פא־

לאַז אויף א קליינעם אינזעל, וואס געפינט זיך ניט ווייט פון גרויסען אינזעל קפריסין. דארטען געפינט זיך יעצט די פרינצעסין נעמי... איין מאל א מאנאט שיקט דער קעניג שפייז און קליידער פאר זיין טאכטער.

— די פרינצעסין נעמי געפינט זיך אויף דיזען אינזעל! — האט חנן אויסגערופען און זיין פנים האט זיך געביטען סאלירען...

— יע, עס איז שוין אכט מאנאטען ווי זי געפינט זיך דארטען מיט איהרע דיענסטען און קאמער־מיידלאך. א וואך מיט באוואפאנטע סאלדאטען היטען אפּ דעם אינזעל, און מיט יעדער שיף שיקט דער קעניג דרייסיג סאלדאטען זאלען אומבייטען אנדערע דרייסיג, וועלכע געפינען זיך צווישען דעם וואך... און עס איז אונזער גליק וואס מיט אונז האבען זיך געפונען יענע סאלדאטען, וועלכע האבען אונז געהאלפען אין קאמפף מיט די ים רויבער...

— אבער... הם... פארוואס האט דער קעניג אוועקגעשיקט זיין טאכטער אויף אן אינזעל? — האט חנן געשטאמעלט — וואס קען זי דא טהאן?

— דאס איז א סוד וואס קיינער פון אונז ווייסט ניט — האט דער קאפיטאן געענטפערט — די איינציגע זאך וואס מיר ווייסען איז צו טהאן אונזער פליכט צום קעניג. ער האט אונז אנגעזאגט, אז אויף אונזער שיף טאר זיך ניט געפינען קיין איין איינציגער פרעמדער פאסאזשיר, און כאטש לויט דעם קעניג'ס באפעהל האב איך ניט געהאט קיין רעכט דיך ארויפצונעהמען אויף מיין שיף, אבער איך האף, אז דער קעניג וועט ניט האבען דאגעגען. ווען ער וועט אויסגעפינען ווי בראוו דו ביזט געווען, אז דו האסט געוואלט אפּגעבען דיין לעבען אונז צו ראטעווען... און א חוץ דעם האסטו געראטעוועט אונזער שיף פון רויבער, און דערצו האסטו פארמידען א קאמפף וואס כאטש מיר וואלטען ארויסגעקומען זיעגרייך, וואלטען דאך איניגע פון אונז געהאט פארלארען זייערע לעבענס...

— אבער ניין, מיין האר! — האט חנן אויסגערופען — איך וויל ניט ארויפגעהן אויף דעם אינזעל! איך וועל בעסער ווארטען אויף'ן שיף ביז וואנען איהר וועט זיך אלע צוריקקעהרען נאך ארץ ישראל!

— אויב דו וועסט האבען גענוג געדולד צו זיין אויף דער שיף איינער אליין גאנצע דריי טעג און זיך ניט לאנגווייליגען, וועל איך גארניט האבען דאגעגען... ווייל ווי איך פארשטעה איז דאס וואס דער קעניג שלמה האט מיר פארבאטען צו פיהרען פרעמדע מענער אויף מיין שיף, ווייל ער וויל ניט דאס א פרעמדער מאן, אויסער זיינע סאלדאטען און מאטראזען זאלען ארויף אויף דעם אינזעל. וועל איך אפילו ניט דארפען זיך פארענטפערען פאר דעם קעניג!

— א, ניין! איך וועל זיך ניט לאנגווייליגען! — האט חנן אויסגערופען.
— איך וועל זיך בעסער אויסרוהען אויף דער שיף... איך וועל פון שיף ניט ארונטערגעהן ביז וואנען זי וועט זיך ניט אפּשטעלען אין ארץ ישראל...

— איך בין זיכער, אז ווען דער קעניג וועט זיך דערוויסען פון דיין העלדישקייט, וועט ער דיך מאכען פאר אן הויכען באאמטען — האט דער קאפיטאן זיך צו איהם אפּגערופען. און דו וועסט שוין ניט זיין געצוואונגען צו זיין א וואנדערער אין דער פרעמד.

נאָר פינף טעג זיינען זיי געפאָהרען איבער'ן ים ביז וואַנען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם קליינעם אינזעל.

מען האָט גלייך פאַראַנקערט די שיף. און דער קאַפּיטאַן מיט די מאַטראָזען און סאָלדאַטען האָבען אַרויסגעשטיגען אויף דער יבשה... מען האָט גענומען אויסלאָדען די שיף און אַרויסגענומען די שפּייז, די קליידער און די אַנדערע זאַכען וואָס שלמה האָט מיטגעשיקט.

די סאָלדאַטען האָבען די שפּייז צוגעטראָגען צו דעם פּאַלאַץ, וואו די פּרינצעסין איז געווען... דער קאַפּיטאַן איז געגאַנגען אויף פריהער צו באַגריסען שלמה'ס טאָכטער.

— וואָס מאַכען מיין פאָטער און מיין מוטער? — האָט נעמי אויסגערופען, ווען זי האָט דערזעהן דעם קאַפּיטאַן.

— פריידען איז צו דעם קעניג און פריידען איז אויך צו דיין מוטער! — האָט ער איהר געענטפערט.

— דערצעהל מיר די נייעס פון ירושלים און פון דיין רייזע — האָט איהם נעמי געבעטען.

— פון ירושלים האָב איך דיר גאַנץ ווייניג נייעס צו דערצעהלען! — האָט דער קאַפּיטאַן זיך אָפּגערופען — עס איז שטיל און רוהיג אין דער הויפּטשטאָדט... דער קעניג האָט מיר געזאָגט, אַז גאָר אין גיכען וועט ער אַליין מאַכען אַ רייזע צו דיר אויף דיעזען אינזעל.

— אָ, ווען וועט ער קומען? — האָט נעמי געזאָגט — מיר איז אַזוי לאַנגווייליג דאָ... איך וואָלט שוין מיט איהם זיך געוואָלט זעהן... מיר טהוט זעהר באַנג וואָס איך מוז פאַרבלייבען אויף דעם אינזעל.

— נו, עס וועט שוין לאַנג ניט נעהמען און דער קעניג וועט אַליין אַהער קומען! — האָט דער קאַפּיטאַן איהר געטרייסט.

— און ווי האָסטו דורכגעמאַכט די רייזע אויף דעם ים? — האָט נעמי איהם ווידער געפרעגט.

— מיר האָבען דורכגעמאַכט זעהר פיעל! מיר האָמען געקעמפּפט מיט אַ רויבער שיף!

— מיט אַ רויבער שיף! ! — האָט די פּרינצעסין אויסגערופען — אָ, קאַפּיטאַן, איך בעט דיך, דערצעהל מיר אַלע איינצעלהייטען פון דיין ערפאַהרונג מיט די ים רויבער. איך האָב זעהר ליעב צו הערען אַזעלכע געשיכטעס. קום, לאָמיר זיך אַוועקזעצען אויף'ן גראָז און דו וועסט מיר דערצעהלען אַלעס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דיין שיף אויף'ן מיטען ים.

זיי האָבען זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף'ן גראָז נעבען פּאַלאַץ און דער קאַפּיטאַן האָט אָנגעפאַנגען זיין ערצעהלונג:

— איינינע טעג זיינען מיר געפאָהרען אויף דעם ים גאַנץ רוהיג, פּלוצלונג האָבען מיר דערזעהן ווי אַ שיף קומט אונז אַנטקעגען. איך האָב געמיינט, אַז די שיף האָט פאַרלאָרען איהר וועג, אָדער איז באַשעדיגט געוואָרען און קומט בעטען הילף פון אונז. און ווי ערשטוינט בין איך געוואָרען, ווען איך בין אַרויס אויף'ן דעק, האָב איך דערהערט ווי איינער רעדט צו מיר אין אונזער שפּראַך. איך האָב באַטראַכט דעם מאַן. ער קוקט אויס זעהר יונג און אָנציהענד, אָבער

נעבען איהם האב איך באמערקט שטעהט א צווייטער מאן, הויך,ברייט און מגושם'דיג. איך האב באלד דערקענט, אז ער איז ניט פון אונזעריגע... מיר איז די זאר נעווען גאנץ אויפפאלענד. איך האב זיך דעריבער אריבערגעבויגען, איך זאל זיך קענען בעסער צוהערען צו די רייד פון דעם אידישען יונגען מאן.

— נו, און וואס האט ער דיר געזאגט? — האט נעמי אומגעדולדיג געווארען.

— ער האט מיר געזאגט, אז די שיף אויף וועלכער ער געפינט זיך איז א רויבער שיף, און ער איז דארטען א געפאנגענער און אז דער רויבער קאפיטאן פארלאנגט פון איהם ער זאל אונז נארען און אנשרעקען, ער זאל זאגען, אז אויף דער רויבער שיף געפינען זיך הונדערטע באוואפענטע ים רויבער, כדי מיר זאלען זיך דערשרעקען און זיי אפגעבען די אוצרות פון אונזער שיף. — איך וויים, — האט דער יונגערמאן אויסגערופען — אז דורך דעם וואס איך געה דיר יעצט זאגען, וועל איך מיין לעבען פארלירען. אבער איך וועל בעסער שטארבען און ראטעווען דעם כבוד פון אונזער קעניג....

—״ האט מיר געזאגט, אז אויף זיין שיף געפינען זיך בלויז ארום פערציג ים רויבער און אז דער קאפיטאן האט שטארק מורא ארייצוגעהן אין א קאמפף. און דאריבער ראטה ער אונז זיך שנעל צו באוואפענען און קעמפפען געגען די פיינגלינגע רויבער. און אלס סימן אז מיינע ווערטער זיינען ריכטיגע — האט ער אויסגערופען — וועל איך זי דגלייך ארייגווארפען אין ים, איך וועל בעסער פארשלינגען ווערען פון די כוואליעס פון ים איידער געטויטעט צו ווערען פון די אומריינע הענט פון דעם קאפיטאן, וועלכער שטעהט נעבען מיר... און פלוצלונג האט ער א שפרונג געטהאן פון שיף אין ים אריין!...

— נו, און דער העלדישער יונגערמאן איז דערטרונקען געווארען? — האט נעמי איהם געפרעגט מיט טרעהרען אין די אויגען...

— אה, נייו, מיינע מענשען האבען איהם געראטעוועט. איך האב זיי געהייסען ארויסווארפען א שטריק און זיי האבען איהם ארויפגעצויגען.

— אה, געלויבט איז גאט וואס איהר האט זיין לעבען געראטעוועט!

—האט די פרינצעסין אפגעזיפצט מיט ערלייכטערונג — און א קאמפף איז טאקע פארגעקומען צווישען דיין שיף און די רויבער שיף?

— יע, פרינצעסין, און דא האבען מיר נאך אמאל צו פארדאנקען דעם פרעמדען יונגען מאן, וואס ער האט פארהיט אונזער שיף פון א פייער...

נעמי האט אנגעשטעלט איהר אויגען און אויערען.

— אלע מיינע מאטראזען האב איך גלייך באפוילען זיך צו נעהמען צום וואפען און אין א קליינע ווילע זיינען זיי שוין געשטאנען געגרייט צום קאמפף מיט זייערע שפיזען און שילדען, פייל און בויגען. דער קאמפף האט זיך שוין אנגעפאנגען... אייניגע פון די רויבער זיינען פארוואונדעט געווארען... פלוצלונג דערהערען מיר א געשריי און א טומעל אויף זייער שיף... זיי האבען גענומען זיך בעטען מיר זאלען זיי ניט פארניכטען און זיי לאזען געהן זייער וועג, ווייל זייער קאפיטאן איז פארוואונדעט געווארען, און ווי גרויס איז מיין איבערראשונג געווען, ווען איך האב אויסגעפונען, אז דער פרעמדער יונגערמאן, וועלכער איז געווען אזוי מיעד, אז איך האב געהייסען מיין קוכער אכטונג צו געבען אויף

איהם און זעהן ער זאל איהם געבען עטוואס שפייז און וואסער. האט דער קאַ־פיטאַן פארוואונדעט... און דאס איז געווען איז דער צייט. ווען דער קאפיטאן איז געווען געגרייט צו ווארפען א פאקעל פייער אויף אונזער שיף און זי אונטערצינדען.

— און יעצט האט איהר אלע איהם צו פארדאנקען, וואס ער האט אייער שיף געראטעוועט — האט נעמי זיך אפגערופען.

— יע, מיין הארינטע, איך האב דעם ונגען מאן פארשפראכען, אז ווען איך וועל זיך אומקעהרען אין ירושלים, וועל איך דערצעהלען דעם קעניג פון זיין העלדישקייט און בראווקייט און דיין פאטער וועט איהם זיכער באלוינען פאר אלעם.

— אבער וואו איז ער יעצט, אט דער העלדישער יונגער מאן ? — האט נעמי האט איהם געפרעגט.

— —ער געפינט זיך אויף דער שיף ! — האט דער קאפיטאן געענטפערט.

— און פאר וואס איז ער נישט ארונטער פון שיף צוזאמען מיט די איבריגע ?

— איך האב איהם דערצעהלט אז דער קעניג האט מיר אנגעזאגט נישט צו פיהרען קיין פרעמדען מאן צו דיזען אינזעל, און דאריבער האט ער מיר געזאגט אז ער וועט פון שיף נישט ארונטערגעהן ביז וואנען מיר וועלען זיך אומקעהרען אין ארץ ישראל.

— אבער פאר איהם האסטו געמעגט מאכען אן אויסנאהמע, און איך בין זיכער, אז אפילו מיין פאטער וואלט נישט געהאט דאגעגען ווען ער קומט ארויף אויף דעם אינזעל.

— דאס האב איך איהם טאקע געזאגט, — האט דער קאפיטאן אויסגערו־פען, — אבער ווי עס שיינט איז ער אליין נישט געווען נייגעריג ארונטערצוגעהן, און ער האט מיר געזאגט, אז וויבאלד דער קעניג האט פארבאטען וועט ער גליי־כער בלייבען אויפ'ן שיף.

— אה, ניין ! — האט די פרינצעסין אויסגערופען, — ער האט פארדיענט געהרט צו ווערען ביי אונז אלעמען פאר זיין העלדישקייט וואס ער האט ארויס־געוויזען... איך וועל מאכען א גרויסארטיגען מאלצייט לכבוד איהם... מיינע קאמער־מיידלעך און דינסטען וועלען טאנצען און שפיעלען און מיר וועלען דא אלע פארוויילען... גיה, לאד איהם איין אין מיין נאמען... און איך נעהם אויף זיך די שולד אויב מיין פאטער וועט זיך בייזערען.

— איך וועל שיקען צוויי פון מיינע מאטראזען — האט דער קאפיטאן אויסגערופען, — און דערוויל וועל איך צוזאמענרופען אלע סאלדאטען און הערען פון זיי א באריכט ווייל אזוי האט דער קעניג פון מיר פערלאנגט.

דער קאפיטאן האט צוגערופען צוויי פון זיינע מאטראזען און ער האט צו זיי געזאגט :

— געהט אריין אין שיף דארטען וועט איהר טרעפען דעם יונגען מאן וועל־כער האט אונז אלעמען געראטעוועט. ער געפינט זיך אין מיין קאיוטע, זאגט איהם אז די פרינצעסין האט איהם איינגעלאדען אויף א מאלצייט וואס זי מאכט לכבוד איהם, אלס אנערקענונג פאר זיין העלדישקייט.

די צוויי מאטראזען זיינען אריין אין שיף און האבען דעם יונגען מאן ניטרא־

פען זיצענדיג מיט זיין קאפ אנגעשפארט אויף זיינע הענט, פארטיעפט אין זיינע געדאנקען.

— וואס ביזטו אזוי פארזארגט און אומעטיג! — האט איין מאטראז זיך צו איהם אפגערופען, — דו ווייסט גארנישט וואס פאר א כבוד דיר ערווארטעט אויף דיזען אינזעל... יא, די פרינצעסין האט געהערט פון דייז העלדישקייט און זי מאכט אויסשליסליך פאר דיר א מאלצייט און זי האט אונז געשיקט דיר איינצולאדען.

חנן האט זיך אויסגעגלייכט און א קוק געטהאן אויף די מאטראזען, און זיך אפגערופען:

— ניין, איך קען נישט ארונטערגעהן פון שיף... עס איז פארבאטען פון דעם קעניג... א פרעמדער מאן טאר אויף דעם אינזעל נישט ארויפקומען.

— אבער די פרינצעסין האט דאך נאך דיר געשיקט! — האט דער צווייטער מאטראז זיך אפגערופען, — קום, דו וועסט קריגען א גוטען מאלצייט און דערצו נאך וועסטו האבען פיעל כבוד.

— מיין קעניג'ס פארבאט איז ביי מיר הייליג, — האט חנן אויסגערופען, — ניין, איך וועל נישט געהן.

די צוויי מאטראזען האבען איבערגעגעבען דעם קאפיטאן אז דער פרעמדער ענטזאגט זיך צו פארלאזען די שיף.

— אויב אזוי וועל איך אליין מוזען צו איהם אריבערגעהן, — האט דער קאפיטאן געזאגט, און איז גלייך אוועק צו דער שיף.

— פארוואס ווילסטו נישט אננעהמען די איינלאדונג פון דער פרינצעסין? — האט זיך דער קאפיטאן צו איהם אנגערופען, — איך האב איהר דערצעהלט פון אלעם וואס דו האסט געטהאן, און יעצט האט זי בעשלאסען צו מאכען א מאלצייט לכבוד דיר... און זי האט דיך איינגעלאדען.

— אבער, איך בעט דיך מיין האר, — דאט חנן געזאגט — איך קען נישט קומען... די פרינצעסין וועט מיר מוחל זיין... דו ווייסט: דאך אז דער קעניג האט פארבאטען ארויפצולאזען א פרעמדען מאן אויף דעם אינזעל... פארוואס זאלסטו, מיין האר, פאר זיך נעהמען אזא שווערע פאראנטווארטליכקייט.

— אבער די פרינצעסין האט מיר געזאגט אז זי וועט זיין פעראנטווארטליך פאר דעם; — האט דער קאפיטאן זיך אפגערופען.

— ניין, איך וועל נישט געהן, — האט חנן געזאגט מיט בעשלאסענהייט. — איך קען נישט! איך קען נישט! . . .

— נו, צווינגען וועל איך דיר געוויס נישט! — האט דער קאפיטאן געזאגט, און איז ארויס פון שיף.

ער איז גלייך אוועק צו דער פרינצעסין און איהר איבערגעגעבען אז דער פרעמדער יונגער מאן וויל בשום אופן נישט ארונטערגעהן פון שיף... ער האט מיר געזאגט, אז דעם קעניג'ס פארזאג איז ביי איהם זעהר טהייער און ער וויל דאריבער נישט אז אימיצער זאל געשטראפט ווערען און נישט פאלגען דעם קעניג'ס באפעהל.

— האסטו איהם געזאגט, אז איך נעהם די פעראנטווארטליכקייט און די פאלגען אויף זיך! — האט נעמי איהם געפרעגט.

— יא, ווירדיגע פרינצעסין, דאס האב איך איהם אויך געזאגט, אבער ווי עס ווייזט אויס, וועט איהם קיין זאך נישט מאכען ענדערען זיין בעשלוס.

— ליב אזוי, וועל איך אליין אריבערגעהן צו איהם, — האט נעמי געזאגט, און צוגערופען צוויי פון איהרע קאמער־מיידלער.

— קומט מיט מיר צום שיף! — האט זי זיי געזאגט, — דארטען געפינט זיך א שעהמעוודיגער יונגערמאן וועלכער וויל נישט ארויפשטעלען א פוס אויף דיזען אינזעל.

די פרינצעסין, מיט איהרע צוויי קאמער־מיידלער, און אין דער בעגלייטונג פון קאפיטאן, זיינען אוועק צום שיף.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

חנן'ס אומעט און טרויער האט זיך נאך מעהר פארשטארקט. פינף יאהר האט ער געוואנדערט און זיך אנגעליטען אזוי פיעל צרות כדי ער זאל זיך ארויס־שלאגען פון קאפ זיין גרויסע ליעבע וואס ער טראגט ביי זיך אין הארצען צו דעם קעניג'ס טאכטער... און געדענקט האט ער, אז איהם איז שוין געלונגען זיך צו פארגעסען אן איהר... ער האט שוין געהאט בדעה זיך אומצוקעהרען אהיים. צו זיין געבורטסשטאדט זיף, און זיך נעהמען ווידער צו זיין ארבייט אין פעלד... און יעצט דארף זיך גאר מאכען אז די פרינצעסין געפינט זיך אויף דיזען אינזעל... יא, זיין וואונד איז אפגעפרישט געווארען. זיין ליעבע צו איהר האט פון דאס ניי אויפגעפלאמט... וועט ער דאס יעצט קענען אריבערטראגען... ער ווייס דאך אז זיין ליעבע צו איהר קען קיינמאל נישט פארווירקליכט ווערען, און ווער ווייס אויב זי איז שוין נישט פערהייראט צו אימיצען... זיין הארץ ציהט איהם... ער וואלט איהר וועלען זעהן... כאטש בלויז איין בליק געבען אויף איהר... אבער קען ער דאס באהויפטען?... וועט דאס דען זיינע יסורים און ליידען נישט פארשטאר־קען?... ניין! ער מוז זיך בעהערשען... ער טאר נישט ארונטער פון שיף... ער טאר איהר נישט אנקוקען...

פלוצלינג האט ער דערהערט א קלאפ אין טהיר פון זיין קאיוטע.

— ווער קען דאס זיין?! — האט ער א טראכט געטהאן, — דער קאפיטאן אדער די מאטראזען וועלען דאך נישט קלאפען אין זיין טיהר איידער זיי קומען אריין.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און איז צוגעגאנגען צום טיהר.

א ווייל איז חנן געשטאנען ביי דער טיהר און האט געווארט... זיין הארץ האט א צאפעל געטהאן... איהם האט זיך געדוכט אז ער הערט א פרויען שטימע פון דער אנדער זייט טיהר.

באלד האט זיך דאס קלאפען ווידערהאלט. און חנן האט אויפגעעפענט די טיהר... פאר זיינע אויגען איז געשטאנען די וואונדער שעהנע פרינצעסין נעמי... ער איז געבליבען שטעהן ווי פערגליווערט, זיין פנים איז בלאס גע־ווארען...

נעמי האט אויסגעשטארטשעט איהרע אויגען און האט מיט גרויס אי־בערראשונג און פערוואונדערונג איהם אנגעקוקט...

— חנן! — האט זי אויסגערופען — און זי האט זיך אנגעהאלטען אז עפעס זי זאל נישט איבפאלען! — דאס ביזטו עס חנן!

חנן׳ס צוטומעלטקייט און ערשטוינונג איז נאך גרעסער געווארען. די פרינ־צעסין האט איהם דערקענט!... אבער פון וואנען ווייס זי זיין נאמען? איז דאס מעגליך אז זי האט פון איהם אויך די גאנצע צייט געטראכט... זיין בלאסער פנים האט יעצט גענומען רויט ווערען... ער האט ארונטערגעלאזען די אויגען...

— איהר ווארט אויף מיר, דארטען! — האט די פרינצעסין זיך אפ־גערופען צו איהרע צוויי קאמער מיידלעך, אנצייגענדיג זיי א פלאץ, און אליין איז זי אריין אינווייניג, אין דער קאיוטע וואו חנן איז געשטאנען.

— מיין ליעבער חנן! — האט נעמי אויסגערופען און איהרע אויגען האבען געשטראהלט פון גליק — איז עס מעגליך אז דאס ביזטו וועגען וועמען איך האב נישט אויפגעהערט צו טרוימען שוין איבער פינף יאהר?!

חנן׳ס פערלעגענהייט איז נאך גרעסער געווארען... ער האט זיינע אויערען נישט געגלויבט... ער האט קיין ווארט נישט געקענט ארויסריידען...

חנן! איך ווייס אז דו האסט מיר אויך שטארק ליעב געהאט, דו האסט צוליעב מיר זיך געלאזט וואנדערען... דו האסט געזוכט צו פערגעסען דיין ליעבע צו מיר... דו האסט מיר מעהר קיינמאל נישט געוואלט אנקוקען... און יעצט האט דיר גאט געבראכט צו מיר פנים צו פנים!... יעצט פערשטעה איך פאר־וואס דו האסט נישט געוואלט ארונטערגעהן אויף דיזען אינזעל! — זאג מיר חנן, האסטו מיך מעהר נישט ליעב?

טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין חנן׳ס אויגען ווען ער האט געהערט די ווערטער פון דער פרינצעסין... זי ווייס פון אלע זיינע סודות... ווער האט איהר געקענט ענטפלעקען די אינערליכע געפיהלען פון זיין הארצען?! ער האט אריינגעשטעקט זיין האנט אין זיין בוזים קעשענע און פון דארט עפעס ארויסגענומען און עס לאנגזאם פאנאנדערגעוויקעלט.

נעמי האט פון איהם איהרע אויגען נישט ארונטערגענומען... זי האט בעטראכט זיין יעדע בעוועגונג... זיינע געזיכטסציגע זיינען דאך אזוי איידעל... ער איז שעהן, טראטץ זיין בעוואקסענקייט... זי האט בעמערקט אין חנן׳ס האנט א פערדארט צעוויאנעטע בלום...

— וואס איז דאס? — האט זי איהם געפרעגט.

— דאס איז די בלום וואס מיין הארענטע האט מיר געגעבען מיט פינף יאהר צוריק! האט חנן געזאגט.

— און דו האסט זי די גאנצע צייט געהאלטען ביי זיך? — האט נעמי מיט צופרידענהייט איהם געפרעגט...

— יע, אין דער צייט פון מיינע שטארקע ליידען און פלאגען, האב איך אין דיזער בלום א טרייסט געזעהן... דאס האט מיר געגעבען פיעל מוטה און האפנונג.

— חנן! ווען דו וואלסט געוואוסט וויפיעל שמערצען און ליידען דיין פלוצלונגער פערשווינדען פון ירושלים, האט מיר פערשאפט! איך האב דיך יעדען טאג געזוכט... איך האב זיך געטראפען מיט דיין בעסטען פריינד אחיה השלני און איהם וועגען דיר געפרעגט

— און ער האט דיר אלעם דערצעהלט וועגען מיר?

— ניין, פון איהם האב איך גאר נישט געקענט דערגעהן! — האט נעמי געענטפערט — ער האט אליין נישט געוואוסט פארוואס דו ביזט פלוצלונג פערשוואונדען געווארען...

— און פון וואנען ווייסטו, מיין הארינטע פון דעם ציעל פון מיין פערשווינדען? — האט איהר חנן געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— מיין פאטער האט מיר פון אלעם דערצעהלט!

— דיין פאטער, דער קעניג שלמה!! — איז חנן'ס פערוואונדערונג נאך גרעסער געווארען — קען ער מיר דען? האט ער מיר דען ווען עס איז נע־זעהן?

— יא, ער האט מיט דיר גערעדט! און דו האסט איהם פארטרויט וועגען דיין גרויסע ליעבע צו מיר...

חנן האט איהר אנגעקוקט... ער האט נישט געקענט פערשטעהן וואס די פרינצעסין מיינט דאמיט... זאל עס זיין אז זי מאכט שפאס פון איהם?... יע, זיכער האט איהר אחיה פון שלה געמוזט דערצעהלען פון זיין ליעבע און יעצט זוכט זי חוזק צו מאכען פון איהם...

— וואס קוקסטו מיר, אן? גלויבסטו דען נישט וואס איך זאג דיר אז דו האסט פאר מיין פאטער דיין הארץ ענטפלעקט...

— פאר:וואס זאל מיין הארינטע זוכען אפצושפאטען פון אן אומגליקליכען, ארימען וואנדערער! — האט חנן קוים ארויסגערעדט מיט טרעהרען אין די אויגען.

— אבער חנן! — האט די פרינצעסין איהם אנגענומען פאר'ן האנט — גלויבסטו אז איך מאך שפאס פון דיר... ווייסטו דען נישט אז צוליעב דיר געפין איך זיך דא אויף דיזען אינזעל! איך האב אויך שטארק געליטען. אבער יעצט זעה איך אז גאט האט זיך איבער מיר דערבארימט און דיר דורך אזא זעלטענעם צופאל צו מיר געבראכט!

— דיינע ווערטער זיינען א רעטענים צו מיר! — האט חנן געזאגט — איך פערשטעה נאך אלץ נישט וואס דו מיינסט! ווי אזוי קום איך צו ריידען מיט דיין פאטער... ווער בין איך אז איך זאל וואגען צוצוקומען צום קעניג און איבערגעבען איהם וואס איך פיהל... דו מוזט אדער מאכע, א טעות, אדער...

— איך מאך נישט קיין טעות, און איך בין גאנץ ווייט פון צו טרייבען שפאס, חנן, — מיין פאטער האט מיר אלעס דערצעהלט...

חנן האט א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס.

— האסטו דען קיינמאל פאר קיינעם נישט פערטרויט אז דו ליעבסט מיר? — האט זי איהם געפרעגט.

— ניין! דער איינציגער וועלכער האט פיליכט יע געוואוסט פון מיינע ליידען איז געוועזן אחיה... אבער דו האסט דאך מיר נאר וואס געזאגט אז פון איהם האסטו גאר נישט דערגאנגען.

— האסטו דען פערגעסען אז דו האסט אנפערטרויט דיין סוד צו א וואנדערער?

חנן האט אויסגעשטראשעט זיינע אויגען.

— יע! — האט ער אויסגערופען — איך דערמאן זיך, אז איך האב באגעגענט א וואנדערער און פאר איהם אויסגעגאסען מיין הארץ...

נעמי האט א שמייכעל געטהאן.

— יעצט קען איך דיר זאגען אז יענער וואנדערער מיט וועמען דו האסט גערעדט איז געווען מיין פאטער!

— דיין פאטער! — האט חנן אפגעטראטען עטליכע טריט צוריק — דער קעניג!

— האסטו דען נישט געהערט אז מיין פאטער האט געוואנדערט דריי יאהר?! יע, חנן, דו האסט מיין פאטער דערצעהלט וועגען דיין גרויסער ליעבע צו מיר...

א רויטקייט האט בעדעקט חנן'ס פנים...

— זיי מיר מוחל, ווירדיגע פרינצעסין... איך בין געשטרויכעלט געווארען... מיר איז דאן גאר נישט איינגעפאלען אז איך האב מיין סוד צו דעם קעניג זעלבסט ענטדעקט... איך האב זעהר פיעל געליטען... און ווען איך האב געטראפען אימיצען וועלכער האט זיך אין מיר פעראינטערעסירט, האב איך איהם אלעם דערצעהלט...

— ביזטו דען שטארק בעזארגט וועגען דעם? — האט נעמי א שמייכעל געטהאן — זעהסטו דען נישט אז גאט האט דיר צו מיר געפיהרט.... איך האב פון דיר נישט אויפגעהערט צו טרוימען און מיין פאטער האט פון מיר פערלאנגט איך זאל חתונה האבען מיט אימיצען אנדערש... אבער איך האב נישט איינגעשטימט... ווייל... איך האב דיך ליעב... און דאס איז די אורזאכע וואס מיין פאטער האט מיר אוועקגעשיקט אויף דיזען אינזעל... ער האט מורא געהאט טאמער וועסטו זיך אומקעהרען אין ירושלים און דאן וועסטו מיט מיר חתונה האבען!

א קליינע ווייל איז חנן געשטאנען און געשוויגען... איהם האט זיך נישט געגלויבט אז דאס רעדט צו איהם די פרינצעסין אזעלכע ווערטער... ער האט זיך דערמאהנט אן די נביאות וואס דער נביא אחיה השלני האט איהם געזאגט... יעצט זעהט ער אז גאט האט איהם צוזאמענגעבראכט מיט איהר...

— איך בעט דיר חנן! — האט נעמי געזאגט — קום מיט מיר ארויס אויף דיזען אינזעל... איך האב נאך זעהר פיעל צו ריידען מיט דיר!...

נעמי איז ארויסגעגאנגען פון דער קאיוטע און חנן איז איהר נאכגעגאנגען... ער איז נאך געווען עטוואס צוטומעלט פון דער פלוצלונגער איבערראשונג.

די קאמער מיידלעך זיינען צו איהר צוגעקומען און נעמי האט זיי געהייסען געהן פאראויס.

דו האסט מיר נאך נישט געענטפערט אויף מיין פראגע, חנן — האט זי זיך צו איהם אפגערופען — האסטו מיר נאך יעצט אויך ליעב?!

— גנעדיגע פרינצעסין! — האט חנן געזאגט מיט א ציטערענדע שטימע, ווער בין איך אז איך זאל וואגען צו קלעהרען פון דיר... איך האב א טרוים געטרוימט און דאס געזוכט צו פערגעסען...

— אבער איך האב דיך נישט פערגעסען... איך האב דיך ליעב געהאט

און איך וועל דיך ליעב האבען ביז די לעצטע טעג פון מיין לעבען! — האט נעמי געזאגט...

— א ווי וואונדערבאר זיינען די וועגען פון גאט! — האט חנן אויסגערופען און זיינע אויגען האבען געגלאנצט פון שמחה.

— דו וועסט מיט מיר חתונה האבען אויף דיזען אינזעל! — האט נעמי געזאגט א גליקליכע.

— אבער דו זאגסט דאך אז דער קעניג איז דאגעגען... ער וועט דאך נישט דערלאזען...

— מיין פאטער האט מיר געשיקט אויף דיזען אינזעל כדי צו זיין זיכער אז דו וועסט צו מיר נישט קענען קומען... יעצט זעהסטו אז גאט האט דיך צו מיר געבראכט...

— אבער מיט וואס האב איך געגען דיין פאטער געזינדיגט! — האט זיך חנן אפגערופען — פאר וואס איז ער אזוי פארביטערט נעגען מיר, איז דאס ווייל איך שטאם פון א נידעריגער משפחה!

— ניין, ליעבער חנן! — האט איהם נעמי געענטפערט — דו ביזט מיין פאטער שטארק געפעלען... אבער ווי עס ווייזט אוים האסטו פערגעסען אז דו האסט מיין פאטער אנפערטרויט די גאנצע נבואה פון דיין פריינד, אחיה... און פאר דעם שרעקט זיך מיין פאטער זעהר שטארק...

אך! — האט זיך חנן אפגערופען עטוואס דערשראקען — איך בין נעשטרויכעלט געווארען מיט מיין צונג... איך האב זיך פאר דיין פאטער ארויסגערעדט וועגען דער נבואה פון מיין פריינד, וואס ער האט נביאות נעזאגט אז נאך דעם קעניג'ס טויט, וועט זיין מלוכה צוטיילט ווערען... און יעצט וועט ער געווים זוכען צו בעשטראפען אחיה'ן פאר זיינע נביאות... און איך וועל זיין אין דעם שולדיג!

— מיין פאטער וועט דעם נביא נישט בעשטראפען! — האט נעמי געזאגט — ער האט בלויז געזוכט צו נישט צו מאכען זיין נבואה דאמיט וואס ער האט נישט געוואלט דערלאזען איך זאל מיט דיר חתונה האבען. דעריבער האט ער געוואלט איך זאל וואס שנעלער חתונה האבען מיט ירבעם, דעם זוהן פון נבט!...

— מיט ירבעם'ן!?

— יע, מיט איהם! און ווען איך האב איהם געזאגט אז איך ליעב איהם נישט, האט ער געוואלט איך זאל הייראטען וועמען איך וועל וועלען, נאר נישט דיר!... פערשטעהסטו, ווען איך וואלט געהייראט, וואלט ער דאך גלייך איינגעזעהן אז מען דארף נים לייגען קיין געוויכט אויף אחיה'ס נבואה...

— אבער יעצט, אויב ע... איך מיין אויב דו וועסט נעהן נעגען דיין פאטער'ס ווילען...

זעהסטו דען נישט אז דאס איז דער ווילען פון גאט! — האט נעמי צו איהם געזאגט... און כאטש מיין פאטער האט מיר געשיקט אהער און אנגעזאגט די קאפיטאנען פון די שיפען נישט צו ברייננען קיין פרעמדען מאן צו דיזען אינזעל, האט אבער גאט געמאכט אז דו ביזט אהער געבראכט נע־

וואַרען אלס העלד... דו האסט נעראטעוועט מיין פאטער'ס שיף מיט דער מאַנשאַפט...

— און דו מיין האַרינטע, וועסטו דען נישט גורם זיין פיעל צער צו דעם קעניג, מיט דעם וואס דו ווידערשפעניגסט זיין מויל?

— ווען איך וואָלט געוועזן זיכער אז דאמיט וואס איך וועל דיר נישט הייראטען, וועלען דעם נביא'ס ווערטער אין גאנצען ניט מקוים ווערען, וואָלט איך מיין ליעבע צו דיר מקריב געווען... אבער זעהסטו דען נישט אז גאט וויל אי דיין פר יגר'ס נבואה זאָל מקוים ווערען. און ער האט דיר צו מיר געפיהרט...

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פאַלאַץ, איז חנן געשטאנען פערגאפט. ער האט זיך נישט געקענט פאָרשטעלען אז אויף דיזען 'אינזעל זאָל שטעהן אזא פראכטפאָלער פאַלאַץ...

ער האט פלוצלינג בעמערקט ווי דער קאַפּיטאַן און פיעלע פון די וועכטער פון פאַלאַץ ווענדען אַן זייערע בליקען אויף איהם, און דאס האט איהם געמאַכט זעהר אונבעקוועהם... און ער איז געבליבען שטעהן אין א פערלעגענהייט...

— קום אריין אינעווייניג, חנן! — האט די פרינצעסין זיך צו איהם אפגערופען — דו וועסט זיך ארומוואשען, ארומשערען און איבערבייטען דיינע קליידער... מיין פאטער האט מיר מיטגעגעבען מענערשע קליידער פאר די אפיצערען און בעאמטע ווען זיי קומען מיר בעזוכען אויף דיזען אינזעל.

חנן איז מיט דער פרינצעסין אריין אין פאַלאַץ און זי האט איהם אנגעצייגט אויף א צימער — אהין האט זי אריינגעשיקט איינעם פון די וועכטער און געבעטען ער זאָל איהם ארומשערען. עס האט לאנג נישט געדויערט און חנן איז ארויסגעגאנגען פון פאַלאַץ, א ריינער, ארומגעוואשענער און ארומגעשאָרענער. דער קאַפּיטאַן און די איבעריגע וועלכע האבען איהם בעמערקט, האבען זיך נישט געקענט אפוואונדערן פון זיין שעהנקייט... זיי האבען יעצט אלע פערשטאנען אז דער ווילד בעוואקסענער וואנדערער, איז אן אידעלער מאַן.

נעמי האט אויך אנגעטהאן איהרע שעהנע קליידער און זי איז ארויסגעקומען. דערזעהענדיג חנן, האט זיך א פרייד צוגאסען איבער איהר גאנצען קערפער... זי איז געווען זעהר ענטציקט פון זיין שעהנעם אויסזעהן... איהר דוכט זיך אז יעצט איז ער נאך שעהנער ווי דאן, ווען זי האט איהם צום ערשטען מאָל דערזעהן... זיינע געזיכטסציגע זיינען אזוי צארט און אידעל, און זיינע אויגען זיינען אזוי מילד און ליעבליך...

— חנן — האט נעמי זיך צו איהם אפגערופען — קום לאמיר אוויילע שפאַצירען, ביז וואנען דער מאהלצייט וועט פארטיג ווערען.

זי האט איהם אנגענומען פאר'ן האנט און מיט איהם זיך ערוויטערט פון די דורכדרינגענדע בליקען פון דעם קאַפּיטאַן און די איבעריגע בעאמטע, וועלכע זיינען דאביי געשטאנען.

— איך קען דאס נישט פערשטעהן! — האט זיך איין בעאמטער געווענדעט צום קאַפּיטאַן, — דוכט זיך אז נאר וואס האט זי איהם, דעם פרעמדען דערזעהן, און שוין איז זי מיט איהם באפריינדעט געווארען און זי האט

אים איינגעלאדן צו זיך אין פאלאץ, און יעצט שפאצירט זי מיט איהם.

— פערגעס נישט, מיין פריינד אז אט דיזער פרעמדער איז א בראווער, העלדישער יונגערמאן, וועלכער האט אונז אלעמען געראטעוועט און דאס גיט איהם די פרינצעסין אפ אזא כבוד, אויס דאנקבארקייט.

— ווען דער קעניג זאל זיך דערפון דערוויסען, וואלט ער זיכער נישט געווען שטארק צופרידען — האט יענער ווידער געזאגט — ער האט דאך אונז אלעמען שטרענג פערבאטען צו פיהרען צו דעם אינזעל יונגע לייט...

— איך גלויב אבער אז דער קעניג וועט איינזעהן אז אן אויסנאהמע האט געמענט געמאכט ווערען אין זיין פאל... וואס האבען מיר געזאלט טהאן מיט דעם העלדישען יונגען מאן? צוריקווארפען אין ים? זעהסטו דען נישט אז ער אליין האט פארגעצויגען צו פארבלייבען אויפ'ן שיף ביז וואנען מיר וועלען זיך אומקעהרען אין ירושלים... און דאס האט די פרינצעסין איהם פון שיף ארונטערגעבראכט.

— אט דאס זאג איך דאך, אז עס וואלט געווען א סך גלייבער ווען דו דערצעהלסט איהר גאר נישט וועגען איהם.

— ווי אזוי האב איך דאס געקענט טהאן? — זי האט דאך מיר גענומען אויספרעגען וועגען אלעם וואס מיט אונז האט פאסירט אויפ'ן ים... האב איך דען געקענט פערלייקענען פון איהר אזא וויכטיגע געשעהניס?!

— ווייסטו דען נישט די אורזאכע פארוואס דעם קעניג'ס טאכטער געפינט זיך דא? — האט א צווייטער בעאמטער זיך אפגערופען צום קאפיטאן.

— איך האב געהערט פערשיעדענע קלאנגען, אבער די ריכטיגע אורזאכע גלויב איך ווייס קיינער נישט!

— און איך ווייס! — האט ער אויסגערופען מיט שטאלץ, — מיר האט ירעבם בן נבט פערטרויט דעם סוד.

— און וואס איז דאס?

דער בעאמטער האט זיך ארומגעקוקט און ווען ער האט בעמערקט אז קיינע פרעמדע געפינען זיך נישט ארום — האט ער זיך שטילערהייט אפגערופען:

— ירעבם האט מיר דערצעהלט אז דער קעניג האט פערלאנגט פון זיין טאכטער דאס זי זאל מיט איהם, מיט ירעבם'ן חתונה האבען, און זי האט נישט געוואלט. דעריבער האט איהר דער קעניג אוועקגעשיקט אויף דיזען אינזעל, ביז וואנען זי וועט קומען צום שכל און איהם פאלגען.

— מיר גלויבט זיך קוים אז צוליעב ירעבם'ן זאל דער קעניג אוועקשיקען זיין טאכטער — האט דער קאפיטאן אויסגערופען — נאך אלעמען ווער איז ער דאס אט דער ירעבם? קיינער פון אונז האט נאך נישט פערגעסען ווי אזוי די צוויי פרויען, מיט צוויפעלהאפטע כאראקטערען זיינען געקומען צום קעניג ער זאל משפט'ן צו וועמען דער לעבעדיגער זוהן געהערט... באשר דער קעניג האט רחמנות געהאט אויף דער ארימער אלמנה צרועה און ער האט ערצויגען איהר זוהן אין פאלאץ... איך ווייס נישט וואס דער קעניג האט אזוינס אין איהם געפונען, אז ער זאל וועלען צווינגען זיין טאכטער חתונה צו האבען נעגען איהר ווילען...

— און איך האב געהערט אז ירעבם האפט נאך דאס דער קעניג וועט

איהם איבערגעבען די מלוכה — האט א דריטער בעאמטער זיך אפגערופען — ער גלויבט אז דער קעניג האט איהם אזוי ליעב ווי זיין אייגענעם זוהן... און אזוי ווי רחבעם איז שלמה'ן נישט צום הארצען...

— פארוואס זאל רחבעם איהם נישט זיין צום הארצען?

— ווייל רחבעם'ס מוטער האט אנגעפאנגען צו דיענען צו די געטער פון איהר לאנד און שלמה איז אויף איהר זעהר אויפגעבראכט געווארען... איך האב אויך געהערט אז דער קעניג האט איהר פערבאטען זיך אפצוגעבען מיט די ערציהונג פון רחבעם'ן... און זי איז פון גרויס עגמת נפש קראנק געווארען. יא, זי האלט זעהר שמאל...

— קיין גרויסער פארלוסט וועט נישט זיין, אויב זי וועט זיך אפטראגען

— האט דער קאפיטאן געזאגט — פיעלע פון שלמה'ס פרויען האבען געבראכט שאנדע פאר דעם קעניג און זיין פאלק... זיי האבען אנגעפאנגען צו דינען צו די געצען... יא, זינט שלמה איז אוועק אין גלות, האבען פיעלע פון זיינע פרויען מקריב געווען קרבנות צו די אפגעטער... דער קעניג איז יעצט הילפלאז, ווילע ער וויל נישט עס זאל קומען צו עפענטליכע סקאנדאלען, און ווען ער זאל צוריקשיקען זיינע פרויען פון וואנען זיי זיינען געקומען, וועלען נאך אויסברעכען מלחמות...

— פונדעסטוועגען גלויב איך אז דאס האט גארנישט צו טהאן מיט רחבעם'ן, ער איז פארט זיין איינציגער יורש און ער וועט קעניגען נאך שלמה... און אויב ירבעם זוכט זיך צו פערוויגען אין אזעלכע חלומות, וועט ער זעהר שנעל ערוואכען...

— אבער פארוואס וויל דער קעניג אז זיין טאכטער זאל חתונה האבען מיט ירעבם'ן.

— דאס איז א בעזונדערע זאך! — ירעבם, קען זיין האט געפונען חן אין זיינע אויגען... יא, ער קען זיך חנפ'ענען און זיין ארבייט טהוט ער אויך מיט איבערגעבענהייט...

— דאס וואלט אבער דעם קעניג נישט גערעכטפארטיגט צו צווינגען נעמי'ן זי זאל מיט איהם הייראטען.

— און איך ווייס פון אן אנדער זאך — האט זיך נאך א בעאמטער אפגערופען — מיין פעטער איז דאך איינער פון די סנהדרין, און ווען איך בין געווען אין זיין הויז האב איך געהערט ווי ער האט זיך דורכגערעדט מיט זיינעם א פריינד, אויך א מיטגליעד פון דעם סנהדרין.

— און וואס האט ער געזאגט? — האט דער קאפיטאן געפרעגט מיט נייגעריגקייט.

— איך האב געהערט ווי ער זאגט אז נעמי האט ערגיץ וואו א געליעבטען און דער קעניג איז שטארק דאגעגען זי זאל מיט איהר געליעבטען חתונה האבען, דעריבער האט ער איהר געוואלט חתונה מאכען מיט ירעבם'ן, כדי צו פערמיידען איהר הייראט מיט איהר געליעבטען...

— מעגליך אז דו האסט רעכט — האט דער קאפיטאן געזאגט — יעצט לעגט זיך אויפ'ן שכל פארוואס דער קעניג האט זיין טאכטער אוועקגעשיקט אויף דיזען אינזעל, און אונז שטארק אנגעזאגט אז קיינע יונגע לייט זאלען אהער נישט געבראכט ווערען... ווילע ער האט מורא נעהאט אז איהר געליעב־

שער קען נאך אמאל זיך בעטען מען זאל איהם ארויםלאזען אויפ׳ן שיף.

— אבער ווער קען דאס זיין אט דער געליעבטער, און פארוואס זאל דער קעניג זיין אזוי שטארק דאגענען? — האט דער ערשטער בעאמטער געזאגט.

— דאס האב איך אליין נישט געקענט דערגעהן, איך האב בלויז געהערט ווי מיין פעטער׳ס פריינד האט געזאגט — אז שלמה וואלט געוועזן וויליג איבערצוגעבען זיין טאכטער צו וועמען עס איז אבי זי זאל נישט חתונה האבען מיט איהר געליעבטען...

— אט קומען זיי אן! — האט איינער אויסגערופען.

— זיי קוקען אויס ווי א פערליעבטע פאר! — האט א צווייטער בע־מערקט.

— ווען זי וואלט מיט דיזען יונגען מאן חתונה געהאט וואלט דער קעניג לויט דיינע רייד נעדארפט זיין זעהר צופרידען, דאס וואלט דאך געווים פער־מיטען איהר הייראט מיט יענעם, צו וועמען דער קעניג צייגט ארוים אזא שטארקע געגנערשאפט — האט דער קאפיטאן געזאגט — און דאן קען זיין אז שלמה וואלט איהר צוריקגערופען אין ירושלים...

די פרינצעסין און חנן האבען זיך דערנעהנטערט און נעמי האט זיך אפגערופען צו אלעמען:

— איהר זייט אלע איינגעלאדען צו קומען צו מיין פאלאץ וואס איך מאך היינט אין אווענר לכבוד דעם בראווען גאסט... איך האב פאר אייך אלעמען א גרויסע איבערראשונג!

---

די דינסטען און קאמער מיידלעך, האבען דעם גאנצען טאג געמאכט הכנות צו דעם פאלאצייט וואס די פרינצעסין האט פאראָרדענט. די טישען זיינען געווען געגרייט און יעדער פון די בעאמטע איז געזעסען אויף דעם פלאץ וואס נעמי האט בעשטימט.

א פרעהליכקייט האט געהערשט אין פאלאץ... וויין און שפייז איז געווען לרוב.

פלוצלונג האט זיך די פרינצעסין אויפגעהויבען פון איהר פלאץ... אלע זיינען שטיל געווארען... אלעמענס בליקען זיינען געווענדעט געווארען אויף איהר.

— יעצט קומט די אנגענעהמע איבערראשונג! — האט נעמי אויסגע־רופען — אויף דיזען מאלצייט וועלען מיר אויך פראווען מיין חתונה מיט דיזען יונגען מאן, וועמען גאט האט צו מיר געשיקט אויף אזא וואונדערליכען אופן!

די שטילקייט אין פאלאץ איז נאך מעהר אנגעצויגען געווארען... די פער־זאמעלטע האבען אויף אוויילע צו זיך נישט געקענט קומען... יעדער האט גע־קוקט אויף חנן, וועלכער איז געזעסען נעבען דער פרינצעסין און זיין פנים איז געווען בלאס...

נעמי האט זיך איינגעבויגען און עפעס אריינגערוימט חנן אין אויער. ער האט זיך גלייך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און האט ארויסגענומען א גאלדענעם רינגעלע און איהר מקדיש געווען אין דער אנוועזענהייט פון אלע געסט.

באלד האבען זיך אלע אויפגעשטעלט פון זייערע פלעצער און אויסגע־שריען מיט איין קול:

לאנג לעבען זאל די פרינצעסין מיט איהר אויסערוועהלטען!

זיין נאמען איז חנן! — האט נעמי א גליקליכע אויסגערופען — און עס איז שוין פיעלע יאהרען ווי איך האב געווארט מיט גרויס אומגעדולד אויף דיזע רגע... איך האב צו גאט מתפלל געוועזן און ער האט מיין תפלה אנגענומען... ער האט איהם צו מיר געשיקט אויף א וואונדערבארען אופן און יעצט בין איך די גליקליכסטע אין דער וועלט.

ביז שפעט אין דער נאכט האבען זיך אלע משמח געוועזן און ווען די געסט זיינען זיך צוגאנגען האבען זיי נאך לאנג גערעדט וועגען דער איבערראשונג:

— ווי עס ווייזט אויס האט די פרינצעסין לאנג נישט געקומען זיך צו פערליעבען אין חנן! — האט איינער זיך אפגערופען — היינט איז ער גע־קומען און איז שוין איהר מאן. איך בין זיכער אז זי האט איהם היינט צום ערשטען מאל דערזעהן.

— אבער האסטו דען נישט געהערט אז זי האט געזאגט אז עס איז שוין פיעלע יאהרען ווי זי האט אויף דעם געווארט.

— מיט דעם האט זי געמיינט, אז זי האט שוין זעהר לאנג געטרוימט צו קריגען איהר חתן אויף אזא מערקווירדיגען אופן.

— מיר וואונדערט זיך וואס דער קעניג וועט דערצו זאגען! — האט נאך איינער געזאגט.

— איך גלויב אז שלמה וועט אויך דארפען זיין שטארק צופרידען, ווייל יעצט איז דאך זיין שרעק, אז זי זאל הייראטען מיט יענעם וועמען ער האט נישט געוואלט אין גאנצען פאראיבער.

— דאך שרעקט מיר דאס הארץ אז דער קעניג זאל מיר נישט זוכען צו בעשטראפען פאר וואס איך האב צום אינזעל צוגעפיהרט דיזען פרעמדען יונגען מאן — האט דער קאפיטאן אויסגערופען. ווען ער האט איהר אוועק־געשיקט אויף דיזען אינזעל, האט ער זיכער געוואלט אז זי זאל פערבלייבען אומפערהייראט און יעצט ווען ער וועט אויסגעפינען אז איך האב פאר איהר א מאן געבראכט וועט דען זיין צארן נישט ברענען אויף מיר?

ער וועט דיר נאך דאנקבאר זיין — האט איהם דער געהילפס קאפיטאן געטרייסט — דער קעניג וועט דאך זיין צופרידען ווען ער וועט זיך דערוויסען אז זיין טאכטער האט געהייראט נישט מיט איהר געליעבטען...

אויף דעם דריטען טאג האט דער קאפיטאן פארטיג געמאכט זיין שיף אפצורייזען צוריק נאך ארץ ישראל. די פרינצעסין און חנן זיינען געקומען זיך געזעגענען מיט דעם קאפיטאן און זיין מאנשאפט.

— גיעב איבער מיין פאטער ווי וואונדערליך גאט האט מיר צוגעשיקט מיין בעשערטען — האט נעמי צו איהם געזאגט און א גליקליכער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף איהרע ליפען...

ווען די שיף האט זיך גערירט פון האפען, איז חנן נאך אלץ געבליבען שטעהן אויף זיין פלאץ פערטיפט אין זיינע געדאנקען.

— וואס טראכסטו יעצט, חנן! — האט די פרינצעסין זיך צו איהם אפגערופען — ביזטו דען נישט גליקליך?

— איך בין דער גליקליכסטער מאן...

— אויף דיזען אינזעל! — האט נעמי פערכאפט מיט א שמייכעל.

— ניין פון גאנץ ארץ ישראל! — האט חנן מיט ליעבשאפט איהר אריינגעקוקט אין איהרע אויגען...

— דאך דוכט זיך מיר אז דו ביזט וועגען עפעס בעזארגט! — האט נעמי איהם אנגענומען פאר'ן האנט.

— איך בין שטארק בעזארגט וועגען דעם גורל פון מיין פריינד אחיה השלוני! — האט חנן אויסגערופען — ווען דער קעניג וועט אויסגעפינען אז איך בין געווארען זיין איידעם, וועט ער זיכער וועלען בעשטראפען איהם פאר זיין נבואה וועגען דער צוטיילונג פון דער מלוכה.

— אויב אזוי, חנן, קענסטו נישט מיין פאטער! — האט נעמי גע־זאגט — פערקעהרט ווען מיין פאטער וועט זעהן אז אחיה פון שלה איז ווירקליך א נביא און אז זיין נבואה אז דו וועסט מיר הייראטען איז מקוים געווארען, וועט ער איהם פערעהרען און בעהאנדלען ווי א נביא... ער וועט דאך איינזעהן אז דאס איז דער ווילען פון גאט, און דאן וועט ער פיליכט זוכען צו פעררעכטען דאס וואס ער האט פריהער פערזעהן... דאן וועט איהם גאט מוחל זיין און וועט זיין קעניגרייך בעפעסטיגען אויך אויף שפעטער...

— יעצט זעה איך ליעבע נעמי, ווי א מענש מוז היטען זיין צונג, וואלט מיר דאן איינגעפאלען אז איך רייד מיט דעם קעניג און דערצעהל איהם די וויכטיגסטע סודות וואס דער נביא האט מיר אנפערטרויט?...

זעהסטו דאך אז דאס איז געווען אזוי בעשערט פון גאט... ווען דו וואלסט פאר איהם זיך נישט אויסגערעדט, וואלט ער דאך מיר נישט אוועקגעשיקט אויף דעם אינזעל, און דו וואלסט זיכער מעהר אין ירושלים נישט געקומען, דו וואלסט שוין מעגליך פערבליבען א געפאנגענער ביי די ים רויבער און איך וואלט דיר שוין מעהר קיינמאל נישט געזעהן... יעצט פערשטעהסטו ווי אזוי גאט האט געפיהרט דו זאלסט מיט מיר חתונה האבען... ער האט געמאכט דו זאלסט זיך צוזאמענטרעפען מיט מיין פאטער ווען ער האט געוואנדערט און דו זאלסט איהם אלעס דערצעהלען... און ער האט מיך דעריבער אוועקגעשיקט אהער, און געשיקט א שיף מיט שפייז פאר מיר... דו ביזט געפאנגען געווארען און די רויבען ווילען בעפאלען די שיף פון מיין פאטער, דו ראטעוועסט אלעמען און ווערסט געבראכט צו מיר און... ביידענס ליפען האבען זיך צו־זאמענגעטראפען. דער קוש האט אפגעהילכט אין דער שטילקייט פון אינזעל...

— און — האט חנן פערענדיגט — קען א פשוט'ער בשר ודם פערשטעהן די וועגען פון דעם בעשעפער...

יע, ער האט בעשאפען זיין וועלט און פיהרט זי מיט דער גרעסטער הכמה! — האט נעמי א גליקליכע געזאגט און איז מיט איהר מאן צוריקגע־גאנגען צום פאלאץ.

## צוויי און דרייסיגסטער קאפיטעל

## ירבעם בן נבט

נאכדעם ווי שלמה האט אוועקגעשיקט זיין טאכטער אויף דעם אינזעל, האט ער זיך בארוהיגט.- יעצט, אז חנן וועט נישט הייראטען מיט זיין טאכטער,

איז א סימן אז אחית השלוני איז נישט קיין ריכטיגער נביא און ער האט נישט וואס מורא צו האבן אז זיין נבואה, דאס זיין מלוכה וועט צוטיילט ווערן נאך זיין טויט וועט מקויים ווערן... ער איז זיכער, אז די קנאה פון דעם שבט אפרים דאט אין איהם אזוי גערעדט. אין דער זעלבער צייט איז שלמה אויך געווען צופרידען וואס זיין טאכטער האט נישט געוואלט הייראטען מיט ירבעם'ן, ווייל לויט ווי זיין איידים, בן אבינדב, וועלכער האט געהייראט מיט זיין טאכטער טפת, האט איהם איבערגעגעבען, פערברענגט ירבעם צופיעל מיט די מענשען פון אפרים... דאס האט אויך באשטעטיגט זיין צווייטער איידים אחימעץ, דער מאן פון זיין טאכטער בשמת... פריהער האט ער גע־רעכנט אז זיינע איידעמס זיינען עטוואס אייפערזיכטיג אויף ירבעם'ן צוליעב זיין הויכען אמט וואס ער האט געקראגען. אבער אין דער לעצטער צייט האט ער געהערט אויך פון פיעלע אנדערע, אז ירבעם איז פאלש צו איהם און אז ער זאל זיך פון איהם היטען... מען האט איהם איבערגעגעבען, אז ווען ירבעם איז איינמאל געווען אין דעם לאנד פון אפרים'ן אויפצומאהנען די ציגזען פאר דער מלוכה, האט ער פארבראכט א היבשע ווייל מיט אחיה דעם שלני.

שלמה האט דאן גלייך צוגערופען ירבעם'ן און איהם געפרעגט וואס דער נביא אחיה האט מיט איהם גערעדט.

— נביא? — האט ירבעם א שמייכעל געטאן — אחיה איז נישט קיין נביא, נאר א משוגע'נער... זיינע רייד האבען קיין געוויכט נישט.

— דאך זאג מיר! — האט שלמה איהם געפרעגט — וואס האט ער צו דיר גערעדט?

— ווען איך בין געווען אויפמאהנען די ציגזען אין אפרים איז מיר אנט־קעגען געקומען אחיה, און האט מיר אוועקגערופען אן א זייט און צו מיר גע־זאגט, דאס איך זאל זעהן פועל'ן ביים קעניג צו פארגרינגערען די ציגזען פון שבט אפרים. — פארוואס, האט ער צו מיר גע'טענה'ט, זיינען די שטעדט חברון, בית־לחם און ירושלים, די הויפטשטעדט פון יהודה, איז גאנצען פטור פון ציגזען?...

— און וואס האסטו איהם געענטפערט? — האט שלמה איהם מיט נייגע־ריגקייט געפרעגט.

— איך האב איהם געענטפערט, אז עס איז אמת, אז ניט אלע שבטים צאהלען גלייכע ציגזען, אבער דאס איז ווייל די נחלות פון יערען שבט זיינען נישט גלייך אין זייער פרוכטבארקייט און רייכקייט... דער שבט אפרים, האב איך איהם געזאגט, פארמאגט זעהר גוטע לאנד, קומט זיי אויס צו צאהלען עטוואס גרעסערע ציגזען. און אויב די הויפט־שטעדט פון יהודה צאהלען נאר נישט קיין ציגזען, שטעלען זיי אבער צו מעהר סאלדאטען פאר דעם קעניג'ס מחנות.

שלמה'ן איז געפעלען געווארען ירבעם'ס ענטפער... ער האט איהם גע־גלויבט, און זיין פארדאכט איז קלענער געווארען.

נאך אלעמען — האט זיך שלמה געטראכט — טהוט ירבעם זיין ארבייט געטריי. ער ווייס ווי צו רעדען צו די נישט צופרידענע, און עס איז נאטירליך, אז פיעלע זיינען איהם מקנא און דעריבער האט ער פיעלע שונאים.

מיט איינינע טעג שפעטער האט שלמה ווידער אמאל צוגערופען ירבעם'ן און צו איהם געזאגט:

— איך האב גוט באטראכט די ווערטער, וואס אחיה האט צו דיר גערעדט און איך האב באשלאסען טאקע צו פארקלענערען זייערע צינזען.. איך וויל נישט דערלאזען, אז צווישען די שבטים זאל הערשען א קנאה און שנאה... ישראל מוז זיין איין פאלק און איין קעניגרייך, און עס זאל קיין אונטערשייד נישט זיין צווישען איין שבט און א צווייטען!... יא, דעם צווייטען מאל ווען דו וועסט קומען אין אפרים, זאלסטו זיי איבערגעבען אין מיין נאמען, אז איך האב באשלאסען דאס זיי זאלען צאהלען בלויז א העלפט פון די צינזען, וואס זיי האבען געצאהלט ביז יעצט.

— אבער מיין האר קעניג! — האט ירבעם געזאגט איהם א חניפה צו טאהן — די מענשען פון אפרים קענען עס פיליינט אננעהמען אלס א צייכען פון שוואכקייט, און זיי וועלען נאכהער פאדערען, דאס דער קעניג זאל אינגאנצען אפשאפען די צינזען פון זייער שבט.

— מיין ווארט וועל איך נישט בייטען! — האט שלמה אויסגערופען — און אויב זיי וועלען נישט וויסען ריכטיג אפצושאצען די הנחה וואס איך האב זיי געגעבען, וועל איך דאן האבען צייט זי צוריקצוציהען.

— עס איז אבער מעגליך, אז ווען די אנדערע שבטים וועלען דערהערען, אז אפרים'ס צינזען זיינען פארקלענערט געווארען וועלען זיי אויך די זעלבע פאדערען.

— וועגען דעם דארפסטו זיך נישט זארגען! — האט שלמה איהם געענטפערט — איך וועל שוין זעהן צופרידענצושטעלען אלע שבטים... איך האב ליעב מיין פאלק און איך וויל קיינעם נישט שעדיגען... יא, אזוי וועסטו טאן. דו זאלסט גלייך אוועקגעהן נאך אפרים און זיי איבערגעבען אין מיין נאמען, אז פון יעצט אן וועלען זיי בלויז דארפען צאהלען א העלפט פון זייערע צינזען!

ירבעם האט זיך פארנייגט און איז ארויסגעגאנגען זעהר א צופרידענער. ער וועט שוין וויסען ווי אזוי דאס אלעס אויסצונוצען פאר זיין אייגענער טובה.. עס איז פאר איהם קיין סוד נישט, דאס ער איז אין זיין אייגענעם שבט אפרים שטארק באליעבט און געאכטעט, און יעצט, ווען ער וועט נאר וויסען ווי אויסצונוצען די פארקלענערונג פון די צינזען אלס זיין אויפטהו, וועט ער אלעמען געווינען אויף זיין זייט... און אין דערזעלבער צייט האט ער דעם קעניג געמאכט צו דענקען, אז ער איז איהם געטריי און אז ער זוכט בלויז די טובה פון זיין מלוכה.

ווען ירבעם איז געקומען אין שבט, די הויפטשטאדט פון אפרים, האט ער גלייך געשיקט רופען איינינע פון די פיהרער און ער האט זיי איבערגעגעבען:

— עס זיינען שוין פיעלע יאהרען ווי איך פיהר פארהאנדלונגען מיט דעם קעניג, אז ער זאל פארקלענערען אייערע צינזען... אבער ער איז געווען איינגע'עקשנ'ט און נישט געוואלט נאכגעבען... און יעצט קען איך אייך זאגען, אז מיט א קורצע צייט צוריק איז מיר געלינגען איבערצורעדען שלמה'ן און ער האט פארקלענערט די צינזען פון דעם גאנצען שבט אפרים אויף העלפט!

— אויף העלפט!! — האבען אלע מיט אמאל אויסגערופען און זייערע אויגען האבען געלויכטען פון פרייד.

— יא, אויף העלפט! — האט ירבעם מיט שטאלץ געזאגט — ווען איך האב געזעהן, אז שלמה וויל מיר נישט נאכגעבען, האב איך איהם געווארענט, אז דער שבט אפרים וועט לאנג ניט דולדען אזעלכע הויכע צינזען און אויב ער וועט די צינזן נישט פארקלענערען, וועט דער שבט מאכען אן אויפשטאנד... און ווי עס ווייזט אוים האבען מיינע לעצטע ווערטער געטראפען אין ציעל. דער קעניג האט זיך שטארק דערשראקען אָן, ער האט מיר גלייך נאכגעגעבען.. יעצט האף איך, אז עס וועט לאנג נישט נעהמען און איהר וועט גאר קיין צינזען נישט דארפען צאהלען צו דעם קעניג שלמה, וועלכער שטאמט פון יהודה!

די פיהרער פון שבט האבען הערצליך באדאנקט ירבעם'ן פאר זיין טובה וואס ער האט מיט זיין געטאן.

— מיר וועלען איבערגעבען אלע אונזערע ברידער, וואס פאר א גוטען און איבערגעבענעם פריינד מיר האבען אין דיר, — האבען זיי איהם געזאגט.

— איהר קענט זיך, מיינע ברידער, אויף מיר שטענדיג פארלאזען — האט ירבעם זיי געזאגט — אזוי לאנג ווי איך געפין זיך אין קעניג'ס פאלאץ וועל נישט דערלאזען אז מען זאל אייך נישט ריכטיג בעהאנדלען.

ירבעם האט אויך באזוכט שלה און אנדערע גרויסע שטעדט פון אפרים און זיי איבערגעגעבען ווי אזוי ער האט זיך פאר זיי משתדל געווען... אין אלע־מענס אויגען איז ירבעם געשטיגען.

ווען ירבעם האט זיך צוריקגעקעהרט נאך ירושלים האט ער איבערגעגעבען שלמה'ן אז די איינוואוינער פון אפרים האבען מיט גרוים פרייד אויפגענומען די פארקלענערונג פון די צינזען און אז זיי שיקען זייער הערצליכען דאנק צו דעם קעניג פאר די גוטסקייט וואס ער צייגט זיי ארוים.

שלמה איז אויך געווען שטארק צופרידען פון דעם. ער האט געוואוסט, אז דורך דעם וועט זיין מלוכה נאך מעהר באפעסטיגט ווערען.. און דאן וועט ער נישט דארפען זארגען וועגען דער צוקונפט.

איין מאל, ווען שלמה איז געזעסען אויף זיין טראהן, ארומגערינגעלט פון דעם סנהדרין און זיינע חכמים, האט מען איהם אנגעזאגט, אז בת שבע, זיין מוטער, וויל זיך מיט איהם גלייך זעהן.

שלמה איז שנעל אריין אין בת־שבע'ס צימער. זיין מוטער איז שוין לאנג געווען גאנץ שוואך און קראנק, אבער די לעצטע עטליכע טעג האבען די רופאים שוין אויפגעגעבען די האפענונג, אז זי זאל אויפשטעהן פון איהר קראנקהייט.

— מוטער! — האט שלמה איהר א קוש געטהאן, — זאג מיר, מיין ליעבע מוטער, ווי פיהלסטו זיך יעצט?

— מיין זוהן — האט בת־שבע געזאגט מיט א שוואכע שטימע — איך פיהל אז מיינע טעג זיינען געצעהלטע, און באלד־באלד וועל איך געהן צו דיין ליעבען פאטער דוד.

— אבער מיין טייערע מוטער — האט זיך שלמה אוועקגעזעצט נעבען איהר — לאמיר האפען, אז דו וועסט נאך געזונט ווערען...

— ניין, מיין קינד! — האט בת־שבע געזאגט — איך בין שוין זאט

איז יאהרען און אין נחת... דער ליעבער גאט איז צו מיר זעהר גוט געווען. איך האב זוכה געווען דיר צו זעהן אין דיין העכסטע שטופע פון גליק... איך האף אויך, אז דורך דיינע לײדען וואס דו האסט זיך אנגעליטען זייענדיג אין גלות, וועט דיר גאט מוחל זיין דיינע זינד... און ער וועט מיט דיר גוטעס טאהן און זיין אויך גנעדיג צו דיינע קינדער נאך דיר.

— איך דאנק דיר, מוטער, פאר דיין ברכה! — האט איהר שלמה ווידער געקושט.

— יעצט, מיין זוהן, וויל איך מיט דיר ריידען איידער איך שטארב... איך האב די גאנצע צייט געזעהן און נאכגעקוקט ווי אזוי דיינע פרויען פיהרען זיך אויף און איך מוז דיר צוגעבען, אז אלע פרויען וועלכע דו האסט גענומען פון אנדערע פעלקער האבען זיך זעהר שלעכט אויפגעפיהרט... יעדע פון זיי האט איינגעפיהרט אין איהר הויז די געטער פון איהר פאלק און זי האט צו זיי געדיענט... איך וויים, אז עס איז געווען א צייט, מיין זוהן ווען דו האסט געקיינט ווירקען אויף דיינע פרויען און זיי זאגאר באשטראפען. איך געדענק זעהר גוט, וואס דו האסט געטאן צו אנגסארא'ן, די טאכטער פון פרעה'ן. אבער זינט דו ביזט אוועק אין גלות זיינען פיעלע פון דיינע פרויען זעהר פארדארבען געווארען... איבערהויפט האט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר פארדארבענקייט און שלעכטסקייט רחבעם'ס מוטער. געלויבט איז גאט, וואס איך האב שוין לאנג געוואוסט פון איהר רשעות, און דעריבער האב איך אכטונג געגעבען אז רחבעם זאל זיך נישט געפינען אין זיין מוטער'ס הויז, כדי זי זאל איהם נישט בעאיינפלוסען צום שלעכטען... איך האב איהם ערצויגען אין דעם גייסט פון אונזער תורה... איך האב געהאט פיעל אויסצושטעהן פון זיין מוטער, וועלכע האט געזוכט אוועקצונעהמען רחבעם'ן פון מיר און איהם ערציהען אין דעם גייסט פון איהרע געצען... געלויבט איז גאט וואס ער האט איהר באשטראפט און איהר אוועקגענומען פון דער וועלט, אין דער צייט ווען רחבעם איז נאך יונג געווען... אז נישט וואלט רחבעם, דיין איינציגער יורש, פריהער אדער שפעטער, געקומען אונטער איהר איינפלוס און וואלט געווען אזוי פארדארבען ווי זיין מוטער איז געווען... דיר, מיין זוהן, האב איך נישט געוואלט מצער זיין... און אחוץ דעם האב איך נישט געוואלט עס זאל קומען צו עפענטליכע סקאנדאלען. איך האב אויך נישט געוואלט צייגען, אז איך מיש זיך אין דיינע אינערליכע אנגעלעגענהייטען. אבער יעצט, מיין זוהן, דארפסטו וויסען, אז די רשעות און פארדארבענקייט פון רחבעם'ס מוטער זיינען באוואוסט ביי אלעמען און זי האט נישט פארדינט דערמאנט צו ווערען אלס די מוטער פון דעם צוקינפטיגען קעניג פון ישראל...

— אבער, מוטער! — האט שלמה זיך אפגערופען — רחבעם איז דאך פארט דער איינציגער יורש...

— דו פארשטעהסט מיך נישט, שלמה! — האט בת־שבע זיך אפגערופען — איך וויים אז רחבעם איז דיין איינציגער יורש פון דיין קרוין און איך האף אז ער וועט קעניגען מיט חכמה און יושר ווי דו, מיין זוהן, אבער דו דארפסט זעהן, אז דער כבוד אנגערופען צו ווערען די מוטער פון דעם צוקינפטיגען קעניג זאל איבערגעגעבען ווערען צו איינער פון דיינע פרויען, וועלכע האט עס פארדיענט... און דאס וועסטו קענען זעהר גרינג טהאן.

אזוי ווי רחבעם'ס מוטער איז טויט, וועסטו באשטימען איינע פון דיינע פרויען אלס זיין ערציהערין און זי וועט נאכהער אויך אנגערופען ווערען די מוטער פון רחבעם'ן.

— מוטער, איך וועל דיין וואונש ערפילען... איך בין זיכער, אז דו ביזט גערעכט. אבער ווער, לויט דיין מיינונג, האט פארדיענט צו ווערען די ערציהערין פון רחבעם'ן, און אויך אנגערופען צו ווערען זיין מוטער?

— נעמה די עמונית! — האט בת־שבע אויסגערופען — זי האט עס פארדיענט:

—נעמה! — האט שלמה איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— יא, מיין זוהן. נעמה די עמונית... ווייל פון אלע דיינע פרויען אחוץ שולמית'ן האב איך נישט געפונען איינע, וועלכע זאל זיין אזוי פרום און איבערגעבען צו אונזער תורה און לאנד ווי נעמה, דיין נייע פרוי, וועמען דו האסט מיט־עבראכט, ווען דו האסט זיך צוריקגעקעהרט פון גלות... איך ווייס אז נעמה קומט יעדען טאג אין בית המקדש מתפלל צו זיין. זי איז זעהר גוטהערציג און איהר ליעבע צו דיר איז אויך זעהר גרויס. אלע באוואונדערען איהר איבערגעבענהייט צו אונזער גאט און דעריבער גלויב איך, אז זי האט פארדיענט אנגערופען צו ווערען רחבעם'ס מוטער און איך בין זיכער, אז זי וועט אויך האבען א גוטען איינפלוס איבער רחבעם'ן...

שלמה איז געווען זעהר צופרידען וואס זיין מוטער האט אויסגעקליבען נעמה'ן אלס ערציהערין פון רחבעם'ן... ער האט נעמה'ן ליעבער געהאט פון אלע זיינע פרויען, ווייל איהר ליעבע צו איהם איז אויך געווען א ריינע און א הייליגע... ווען זי האט זיך אין איהם פארליעבט, איז זי געווען א פרינצעסין און די איינציגע טאכטער פון קעניג פון עמון, און ער איז דאן געווען א נעהילף צו איהר פאטער'ס קוכער... ווען זיינע איבעריגע פרויען האבען איהם ליעב באקומען, האבען זיי דאך געוואוסט, אז ער איז דער קעניג... און עס איז א ספק אויב זיי וואלטען איהם ליעב געהאט אויך דאן, ווען זיי וואלטען געמיינט אז ער איז אן ארימער וואנדערער...

— מוטער, דיין פערלאנג וועל איך באלד דערפילען! — האט שלמה זיך אפגערופען — איך וועל שיקען רופען נעמה'ן און איך וועל איהר איבערגעבען דיין וואונש פאר דיר אין די אויגען.

באלד האט שלמה געשיקט רופען זיין באליעבטסטע פרוי, נעמה, און ווען זי איז אריינגעקומען אין בת־שבע'ס צימער איז זי צוגעקומען צו בת־שבע'ן און איהר א קוש געטאן.

— דאס ביזטו, נעמה, מיין טאכטער! — האט בת־שבע זיך אפגערופען און האט איהר אנגענומען פאר'ן האנט.

שלמה האט איהר איבערגעבען זיין מוטער'ס וואונש, און א גליקליכע פרייד האט באדעקט נעמה'ס פנים.

— דו ביזט דאך זיכער נישט דאגעגען! — האט בת־שבע זיך באמיהט אויסצוזעצען.

נעמה האט אונטערגעלעגט די קישען אזוי, אז בת־שבע זאל קענען אנשפאַרען איהר קאפ.

— איך בין העכסט גליקליך! — האט נעמה אויסגערופען — אז פון אלע פרויען, האט מיך דעם קעניג'ס מוטער אויסגעקליבען צו טאהן אזא

כבוד... איך וועל זיכער שטאַלץ זיין אנגערופען צו ווערען די מוטער פון רחבעם'ן.

— און יעצט וויל איך, מיין זוהן, אז דו זאָלסט שיקען רופען רחבעם'ן און איהם איבערגעבען ווענען אונזער באשלוס.

א ווייל שפּעטער איז אריינגעקומען רחבעם. ער איז געווען נאָך גאַנץ יונג. זיין פּנים האָט אויסגעקוקט בלייך... זיינע טונקעלע אויגען האָבען זיך אומרוהיג באַוועגט.

— רחבעם — האָט שלמה זיך צו איהם געווענדעט — דיין מוטער איז געשטאָרבען און דו ביזט נאָך יונג, דו נויטיגסט זיך אין א מוטערליכע צערטליכע האַנט, וועלכע זאָל אויף דיר אכטונג געבען און דיר בעזאָרגען מיט אלעס.

די גאַנצע צייט וואָס שלמה האָט גערעדט האָט רחבעם פון איהם זיינע אויגען נישט אַרונטערגענומען. ער האָט נישט גערעדט, נאָר בלויז צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דיין באָבע האָט פאַר דיר אויסדערוועהלט איינע פון מיינע פרויען, וועלכע וועט צו דיר, פון היינט אָן, פאַררעכענט ווערען אלס דיין מוטער — האָט שלמה ווייטער געזאָגט — און אָט איז זי, נעמה! — האָט ער אנגעצייגט אויף איהר מיט'ן פינגער.

רחבעם האָט אויסגעדרעהט זיין קאָפּ און האָט געוואָרפען א בליק אויף נעמה'ן, און באַלד צוריק אויסגעדרעהט זיין קאָפּ.

— מיין קינד! — האָט זיך בת־שבע אָפּגערופען צו רחבעם'ן — אפילו ווען דיין מוטער האָט געלעבט, האָט זי זיך מיט דיר קיין סך נישט אָפּגעגעבען. זי האָט זיך די גאַנצע צייט פאַרנומען מיט געצענדינעריי... איך וויס, אז זי האָט געוואָלט אויך אויף דיר ווירקען, אז דו זאָלסט דינען צו איהרע אָפּגעטער. אָבער דער ליעבער גאָט האָט מיר געגעבען גענוג כח, איך זאָל דיר ערציהען אין דעם אמת'ען גייסט פון אונזער תורה און אונזער פאָלק... יא, רחבעם, מיינע טעג זיינען געצעהלטע... איך וועל אינגיכען פאַרלאָזען אייך אלעמען. און איך וואָלט געוואָלט, אז דאָס וואָס איך האָב מיט דיר די גאַנצע צייט געלערענט זאָל עס ביי דיר פאַרבלייבען... דו זאָלסט זיך נישט אָפּקעהרען דערפון רעכטס אָדער לינקס... איך גיב דיר יעצט איבער אין די הענט פון נעמה, וועלכע איז מיט איהר גאַנצען לייב און לעבען איבערגעגעבען צו אונזער גאָט און זיין תורה... אויף איהר קען איך זיך פאַרלאָזען, אז זי וועט דיך ערציהען לויט מיין וואונש... דו ביזט דער איינציגער יורש פון דיין פאָטער'ס מלוכה, דו וועסט דאַרפען זעהן נישט צו פאַרשעהמען דיין פאָטער, ווי ער האָט נישט פאַרשעהמט דיין זיידען... זאָל גאָט געבען, אז די מלוכה זאָל איבערגעהן פון דיר צו דיינע קינדער און קינדס־קינדער ביז אייביג... און דיר, מיין זוהן — האָט זי זיך געווענדעט צו שלמה'ן, ווינש איך, אז דו זאָלסט נאָך לעבען פיעלע יאָהרען און גאָט זאָל מיט דיר זיין ווי ער איז געווען מיט דיין פאָטער, דוד!

בת־שבע'ס שטימע איז געוואָרען שוואַכער און שוואַכער. זעהר א גע־דריקטע שטימונג איז געוואָרען אין צימער. א טויטע שטילקייט האָט גע־הערשט אַרום... בת־שבע האָט אומגעדרעהט איהר קאָפּ צום וואַנט יעדערער האָט געגלויבט פיהלען, אז דער טויט שוועבט אַרום אין צימער.

שלמה האט זיך איבערגעבויגען איבער זיין מוטער און פלוצלונג האט ער אויסגעבראכען אין א געוויין:

— ליעבע מוטער! אה, מיין טייערע מוטער איז טויט!

נעמה און רחבעם האבען אויך גענומען וויינען.

באלד האבען זיך אלע איינוואוינער פון ירושלים דערוואוסט, אז בת־שבע איז געשטארבען און יעדער האט נאך איהר געטרויערט.

די גאנצע שטאדט מענשען זיינען געקומען באגלייטען די באליעבטע מוטער פון זייער באליעבטען קעניג צו איהר אייביגער רוה, און א טרויער פון זיבען טעג איז אויסגערופען געווארען אין ירושלים.

---

עס זיינען שוין געווען איניגע מאנאטען נאך בת־שבע'ס טויט, ווען דער קאפיטאן מיט זיין מאנשאפט האבען זיך אומגעקעהרט פון אינזעל.

ער איז גלייך געקומען צו שלמה'ן איהם איבערצוגעבען זיין באריכט.

— וואס מאכט מיין טאכטער און ווי פיהלט זי זיך אויף דעם אינזעל? — איז געווען שלמה'ס ערשטע פראגע.

— פריעדען איז צו איהר און צו איהר מאן!

— איהר מאן?! — איז שלמה א שפרונג געטאן פון זיין פלאץ — וואס מיינסטו איהר מאן? וועלכער מאן?!

— איהר מאן, מיט וועמען זי האט געהייראט! — האט דער קאפיטאן געענטפערט.

— מיין טאכטער נעמי האט געהייראטעט! — איז דער קעניג אויפגערעגט געווארען.

— יא, מיין האר קעניג! — האט דער קאפיטאן געענטפערט מיט שרעק.

— ווי קומט א פרעמדער מאן אויף דעם אינזעל?! — האט שלמה אויסגעשריען.

דער קאפיטאן האט דערצעהלט פאר שלמה'ן אלעס וואס איז מיט זיי פארגעקומען: ווי אן אומבאקאנטער יונגער העלד האט, איינשטעלענדיג זיין אייגען לעבען אין געפאהר, געראטעוועט זיין שיף מיט דער גאנצער מאנשאפט און — האט דער קאפיטאן פארענדיגט — ווען איך האב דעם יונגען מאן דערצעהלט וועגען דעם קעניי'ס פארבאט, נישט צו דערלאזען קיין פרעמדע מענער אויף דעם אינזעל, האט ער נישט געוואלט ארונטערגעהן פון שיף. אבער די פרינצעסין האט זיך דערפון דערוואוסט, און איז אליין אוועק צום שיף, וואו זי האט איהם געטראפען און זיך שנעל אין איהם פארליעבט... דאן האט זי מיט איהם התונה געהאט אין אונזער אנוועזענהייט, אויף דעם מאלצייט וואס זי האט געמאכט.

— און ווער איז ער, יענער יונגער און בראווער מאן? — האט שלמה געפרעגט.

— זיין נאמען איז חנן! — האט דער קאפיטאן געזאגט — און פאר מיין אפרייזען פון דעם אינזעל האט מיר די פרינצעסין געבעטען איבערגעבען מיין האר קעניג, אז גאט האט איהר צוגעשיקט איהר באשערטען אויף זעהר א וואונדערליכען אופן.

א קאלטער שוויס האט באנאסען שלמה'ס פנים. יעצט זעהט ער, אז

אלעס איז פארפאלען... אומזיסט איז געווען זייז קליגען זיך... אזוי איז עס געווען באשערט פון הימעל... א מענש קען נעגען גאט'ס ווילען נישט געהן... און יעצט, אז די ערשטע האלבע נבואה פון דעם נביא, אחיה השלני איז מקויים געווארען... וועט דאך זיין צווייטע נבואה אויך מקוים ווערען... א שווידער געהט דורך שלמה'ס קערפער... יא, ער איז געווען זינדיג געגען גאט... ער האט צופיעל פרויען גענומען... ער איז געגאנגען געגען דער תורה, וואו עס שטעהט געשריבען: "ולא ירבה לו נשים", אז דער אידישער קעניג זאל נישט נעהמען צופיעל פרויען, בפרט פרויען פון געצענדינערשע פעלקער... כאטש ער האט עס געטאן מיט דער כונה אנצוהאלטען דעם שלום, אבער זיינע פרויען האבען פארדארבען זייערע וועגען, ער האט אויף זיי גארנישט געקענט ווירקען. ניט לאנג האט ער זיך דערוואוסט וועגען שענדליכע מעשים פון רחבעם'ס מוטער און פון פיעלע אנ־ערע פון זיינע פרויען... וועט איהם גאט דען מוחל זיין ?... מיט זיין גאנצען הארצען טהוט ער תשובה צו גאט, אבער ער וויים אז זיין תשובה וועט איהם נישט העלפען כל זמן אין ירושלים געפינען זיך זיינע פיעלע פרויען, וועלכע דיענען צו זייערע אפגעטער... איין זאך פאר־בלייבט איהם צו טאן, ער זאל זיי אלעמען פארטרייבען פון ארץ־ישראל... אבער דאס מיינט אויפרייצען געגען איהם אלע מלוכות פון ארום, מיט וועמעס טעכטער ער האט זיך משדך געווען.

דער קאפיטאן האט באמערקט, וואס פאר א שטארקען איינדרוק זיינע ווערטער האבען געמאכט אויף דעם קעניג, און זיין שרעק ,אז דער קעניג וועט איהם באשטראפען פארוואס ער האט געפיהרט אויף זיין שיף א פרעמדען מאן האט זיך פארגרעסערט.

— מיין האר קעניג — האט ער זיך גענומען בעטען — איך וויים, אז איך האב געגען קעניג געזינדיגט. איך האב זיין באפעהל נישט פינקטליך דורכ־געפיהרט, אבער איך האב נישט געוואוסט וואס צו טאהן מיט דעם בראווען יונגען מאן... איך בין געווען געצוואונגען איהם מיטצונעהמען אויף מיין שיף...

— נו, געוויס האסטו געטאהן גוט וואס דו האסט איהם גענומען אויף דיין שיף... האסטו איהם דען געקענט איבערגעבען צ. די ים־רויבער אין די הענט ? אדער איהם לאזען דערטרונקען .ווערען אין ים ? ! יא, אזוי איז געווען דער רצון פון גאט ! איך דארף זיך שעצען גליקליך וואס מיין טאכטער האט חתונה געהאט. און יעצט איז מיין באפעהל אז דו זאלסט באלד צוגרייטען דיין שיף און זיך אומקעהרען צו דעם אינזעל און ברענגען צוריק מיין טאכטער מיט איהר מאן אין ירושלים, וואו איך וועל מאכען א גרויסארטיגען מאלצייט לכבוד זייער חתונה.

— דעם קעניג'ס באפעהל וועט זאפארט דורכגעפיהרט ווערען ! — האט דער קאפיטאן זיך פארנייגט — זאלען אויך אלע וועכטער פון אינזעל זיך צוריקקעהרען מיט מיר ?

— געוויס ! יעצט, אז מיין טאכטער וועט שוין מעהר אויף יענעם אינזעל נישט זיין, דארף מען איהם שוין אויך נישט באוואכען.

אויף מארגען האט דער קאפיטאן מיט זיין מאנשאפט ווידער פארלאזען ארץ־ישראל און אפגעריזט צו דעם אינזעל, וואו שלמה המלך'ס טאכטער האט זיך געפונען.

שלמה איז גאנץ אומרוהיג געווען... זיין פרייד האט זיך פון איהם איז גאנצען אפגעטאן. ער האט צוזאמענגערופען די סנהדרין און בניהו בן יהוידע און ער האט פאר אלעמען דערצעהלט וואס עס האט פאסירט.

— יעצט זעה איך — האט שלמה אויסגערופען — אז אלעס איז הבל הבלים! יא, עס איז גארנישט מיט גארנישט! דוכט זיך איך בין גרויס געווארען און מיין חכמה איז געווען גרעסער פון יעדען איינעם, וועלכער איז געווען פאר מיר אין ירושלים... מיין הארץ האט געזעהן פיעל חכמה און וויסענשאפט... אבער דער פועל־יוצא דערפון איז, אז עס איז אלעס נארישקייט... קיין מענש קען זיך נישט קליגען, און וואס עס דארף פאסירען, פאסירט עס צו דעם קלוגען, אזוי גוט ווי צו דעם נארען...

— אבער דער קעניג דארף נישט ארייניפאלען אין אזא יאוש! — האט דער ראש פון דעם סנהדרין זיך אפגערופען — עס איז דאך נישטא א מענש א.י.' דער וועלט, וועלכער זאל נישט זינדיגען. אבער מיר האבען א גאט, וועלכער איז א רחום וחנון, ער איז בארמהערציג און גנעדיג צו אונז... ער וויס דעם מענשענס שוואכקייטען און ער איז אימער געגרייט איהם צו פארגעבען. אזוי האט גאט מוחל געווען דיין פאטער דוד, און ער האט דערלעבט צו זעהן נחת פון זיין זוהן...

— אבער מיינע פרויען! זיי האבען מיין גליק צושטערט!... ביטערער פון טויט איז די פרוי, וועמעס הארץ איז א נעץ צו פאנגען דעם, וועלכער איז געניינגט צו זינד... ווען איך האב גענומען אט די אלע פרויען האב איך געטראכט, אז איך וועל דאמיט אנהאלטען דעם שלום אין ארץ־ישראל, אבער יעצט זעה איך, אז זיי האבען פאראומווירדיגט אונזער הייליג לאנד מיט זייערע געצענדינעריי, מיט זייערע שלעכטע זיטען און פארדארבענע געוואוינ־הייטען... צו דעם איז קיין מיטעל נישטא סיידען איך זאל זיי אלעמען פאר־טרייבען און זאל זיי אויסווארצלען פון מיין לאנד... אבער דאן וועל איך דארפען זיין געגרייט צו פארגיסען בלוט... מיין גאנצען לעבען האב איך מיין לאנד פארהיט פון מלחמות, און יעצט, אויף מיינע עלטערע יאהרען, זאל איך באפלעקען מיינע הענט מיט בלוט...

— אבער דער קעניג דארף נישט פארגעסען, אז נישט אלע זיינע פרויען זיינען פארדארבען און שלעכט. דער קעניג האט אויך פרויען מיט וועמען אונזער גאנצע פאלק שטאלצירט... שולמית איז ביי אלעמען געווארען א בייד שפיעל פון טוגענד און פון הייליגער ליעבע... יעדער איינציגער זינגט דעם שיר־השירים, די אלע ליעבעס־ליעדער וועלכע דער קעניג און שולמית האבען געזונגען אין זייער יוגענד!

— ווען דער יורש פון מיין טראהן וואלט געווען א זוהן פון שולמית'ן, וואלט איך גאר נישט געזארגט! אבער קיין זיהן האט מיר שולמית נישט געבוירען, און אייך אלעמען איז דאך באוואוסט ווער רחבעם'ס מוטער איז געווען!

— אבער יעצט, מיין הארר קעניג! — האט זיך בניהו אפגערופען — ווערט דאך נעמה פאררעכענט פאר רחבעם'ס מוטער, און עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט, אז איהר גוטער איינפלוס אויף רחבעם'ן איז זעהר גרויס.

— דאָך אָבער ווייזט אויס, אז די נבואה פון אחיה דעם שלוני וועט מקוים ווערן — האָט שלמה געזאָגט מיט זאָרג.

— קיינער קען נישט וויסן וואָס די צוקונפט וועט ברענגען! — האָט דער ראש פון סנהדרין ווייטער געזאָגט — דער קעניג דאַרף זאָרגן, אז זיין יורש זאָל אָפּהיטן אַלע געזעצן פון דער תורה... און דאַן וועט זיכער קיין זאַך נישט דראָהען די גאַנצקייט פון זיין מלוכה.

— דאָס וואָס דער קעניג האָט געהייראַט מיט נעמה די עמונית — האָט בניהו געזאָגט — האָט באַוויזען, אז נישט אַלע פרעמדע פרויען זיינען פאַרדאָרבען... איך ווייס, אז אַלע אידען בענשען זיך מיט איהר, אזוי ווי זיי האָבען זיך געבענשט מיט דיין פאָטער'ס עלטער־באָבען, רות די מואבית.

— איך זעה, אז דאָס זאָרגען איז אויך נאַרישקייט! — האָט שלמה זיך אָפּגערופען — וואָס גאָט וועט טאָן וועט זיין צום גוטען.

ווען ירבעם בן נבט האָט זיך דערוואוּסט אז די פּרינצעסין נעמי האָט חתונה געהאַט אויף דעם אינזעל, האָט אין איהם זיין כעס געברענט. איהם האָט זיך געדוכט אז דאָס וואָס דער קעניג האָט איהר פאַרשיקט אויף דעם אינזעל איז דאָס צוליעב דעם וואָס זי האָט זיך ענטזאָגט מיט איהם חתונה צו האָבען, און פריהער אָדער שפּעטער וועט זי צושטימען צו ווערען זיין פרוי... דאַן וועלען זיינע חלומות פאַרווירקליכט ווערען צו פאַרנעהמען די מלוכה אנשטאָט רחבעם'ן. יעצט אָבער אז נעמי האָט שוין געהייראַט, האָט ער שוין נישט אויף וואָס צו האָפען.

ירבעם האָט יעצט גענומען טראַכטען וועגען א פאַרשווערונג אויף שלמה'ן. ער האָט געוואוּסט ווי שטאַרק בעליעבט ער איז ביי דעם שבט אפרים. זיי אַלע גלויבען אז ער איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער פאַרקלענערונג פון די צינזען. ווען ער זאָל ביידע שבטים, אפרים און מנשה, געווינען אויף זיין זייט, דאַן וועט שוין זעהר לייכט זיין צו געווינען די איבריגע שבטים פון צפון.

ירבעם האָט גענומען מאַכען אָפטע בעזוכען אין שכם און אין אנדערע שטעדט פון אפרים... ער האָט געזוכט זיך צו ערווערבען פיעלע גוטע פריינד.

איינמאָל, ווען ירבעם איז אַרויס פון ירושלים, צו געהן נאָך שכם, האָט איהם באַגעגענט דער נביא אחיה השלני.

— וואוהין געהסטו, מיין פריינד? — האָט דער נביא געפרעגט ירבעם'ן.

— איך געה צו מיינע ברידער, צום שבט אפרים! — האָט ירבעם געענט־פערט, — מיר איז ענג אין ירושלים!

— וואָס מיינסטו? — האָט אחיה איהם געפרעגט פאַרוואונדערט.

— איך מיין, אז איך האָב פריהער געהאַט אזוי פיעל האָפנונג, איך האָב געגלויבט אז עס וועט לאַנג נישט נעהמען און די פּרינצעסין נעמי וועט זיין מיין פרוי.

— דיין פרוי?! — האָט אחיה אויסגערופען, — ווי אזוי קומסטו צו איהר?

— דער קעניג אַליין האָט מיר שוין געהאַט פאַרשפּראָכען איהר אָפּצוגע־בען פאַר מיין פרוי! — האָט ירבעם געענטפערט, — נעמי אָבער האָט נישט צוגעשטימט... און ווייסטו דען נישט, מיין פריינד, פאַרוואָס שלמה האָט איהר אוועקגעשיקט אויף דעם אינזעל? יאָ, ווייל זי האָט איהם נישט געוואָלט פאָלגען

און הייראטען מיט מיר, און יעצט האב איך זיך דערוואוסט אז זי האט שוין געהייראט געגען איהר פאטער'ס ווילען.

— פון וואנען ווייסטו אז זי איז פערהייראטעט? — האט דער נביא איהם געפרעגט.

— דער קאפיטאן פון שיף האט געבראכט די ידיעה... גאנץ ירושלים ווייס שוין אז שלמה'ס טאכטער איז פארהייראט. און דער קעניג האט געשיקט איהר צוריקצורופען פון אינזעל און פייערן איהר חתונה מיט איהר אויסערוועהלטען

— און ווער איז איהר אויסערוועהלטער? — האט אחיה געפרעגט.

— איך האב געהערט אז זיין נאמען איז חנן, און ער קומט פון דער שטאדט זיף.

— חנן פון זיף! — האט אחיה ווידערהאלט.

— יא, חנן פון זיף. קענסטו דען איהם, מיין האר?

אחיה האט איהם נישט געענטפערט. ער האט שטילערהייט ווי צו זיך גערעדט: חנן פון זיף... חנן פון זיף!...

פלוצלינג האבען אחיה'ס אויגען אויפגעלויכטען... זיין פנים איז רויט געווארען, און אזוי ווי א נייער גייסט איז אויף איהם ארויפגעקומען. ער האט אנגענומען ירבעם'ס נייעם אויבערמאנטעל אין זיין האנט.

— דאס איז מיין נייער בגד! — האט ירבעם געזאגט, נישט פארשטעהעניג פארוואס אחיה האט אנגענומען זיין בגד.

— דאס איז דיין נייער בגד! — האט אחיה אויסגערופען, און ארונטערגעריסען דעם אויבערמאנטעל פון ירבעם'ס שולטערען.

ירבעם האט איהם מיט פארוואונדערונג אנגעקוקט... און באלד איז זיין ערשטוינונג געווארען אזוי גרויס אז ער האט געמיינט דאס אחיה איז געריהרט געווארען פון זינען. ער האט געזעהן ווי דער נביא נעהמט און צורייסט זיין אויבערמאנטעל אויף צוועלף שטיקער.

— וואס טהוסטו? — האט ירבעם איהם אנגעקוקט מיט שרעק.

— נעהם דיר צעהן שטיקער, — האט אחיה אויסגערופען, — ווייל אזוי האט גאט געזאגט: "איך צוריים די קעניגרייך פון שלמה און צו דיר וועט בעלאנגען צעהן שבטים... שלמה'ס נאכפאלגער וועט בלויז קריגען די צוויי שבטים, יהודה און בנימין... ווייל שלמה האט דערצארנט גאט מיט דעם וואס ער האט געהייראט פיעלע פרעמדע פרויען, וועלכע האבען אנגעפאנגען צו דיענען זייערע אפגעטער און ער האט זיי נישט געשטערט".. פארדינט האט שלמה אז די מלוכה זאל אין גאנצען אפגעשניטען ווערען פון זיינע קינדער, אבער דאס וועט גאט נישט טהאן צוליעב דוד'ן, וועלכער איז נעגאנגען אין זיינע וועגען צו היטען די תורה און אלע געזעצען.

ירבעם איז געבליבען שטעהן ווי פארגליווערט... ער האט נאך צו זיך נישט געקענט קומען פון איבערראשונג.

— ירבעם! — האט אחיה געזאגט, — דאס וואס דעם קעניג'ס טאכטער האט געהייראט מיט חנן פון זיף, איז א גוטער סימן אז אלעס וואס איך האב דיר נאר וואס געזאגט איז ריכטיג... חנן איז געוועזן מיין פריינד, און איך האב צו איהם נביאות געזאגט אז ער וועט חתונה האבען מיט דער פרינצעסין נעמי,

און איך האָב צו איהם אויך ענטדעקט אז נאָך שלמה׳ס טויט וועט זיין מלוכה צוטיילט ווערען... און יעצט דארפסטו זיין צופרידען וואָס עס האָט זיך אזוי אויסגעלאָזט, אז נעמי זאָל הייראטען מיט מיין פריינד חנן... ווייל אזוי ווי די נבואה וועגען איהם איז מקוים געוואָרען אזוי וועט אויך מקוים ווערען וועגען דיר... אָבער דו, ירבעם, האָף איך, וועסט געהן אין דעם ריכטיגען וועג און טהאָן גוטעס, וועט גאָט זיין מיט דיר און דערלייגערען דיין מלוכה...

ירבעם האָט בעטראַכט די צעהן צוריסענע שטיקער פון זיין אויבער בגד... און א גרויסע פרייד האָט איהם דורכגענומען. ער האָט פלוצים גענומען פיהלען אז ער בעזיצט מאכט און וועט אין ניכען ווערען קעניג...

— דערווייל מוז עס אלעס בלייבען בסוד! — האָט אחיה זיך אָפּגערופען צו ירבעם, — נעהם צונויף די שטיקער פון דיין בגד און קעהר זיך אום אין ירושלים. און דערצעהל קיינעם נישט וואָס מיט דיר האָט דאָ יעצט פּאַסירט.

— איך דאַנק דיר, מיין האר! — האָט ירבעם זיך אָפּגערופען, און איז גלייך צוריק אַוועק נאָך ירושלים. דעם גאַנצען וועג איז ער געגאַנגען און נאָכגעטראַכט פון דעם וואָס דער נביא האָט איהם נאָר וואָס געזאָגט... יעצט, אז ער וועט זיין קעניג קימערט איהם שוין נישט וואָס נעמי האָט געהייראַט מיט א צווייטען... ווען ער האָט געזוכט צו געווינען די פּרינצעסין, איז דאָך געווען מיט דער כוונה, כדי עס זאָל איהם גרינגער זיין צו פאַרכאַפּען די מלוכה... יעצט אָבער אז ער האָט די פאַרזיכערונג פון דעם נביא, אז ער וועט ווערען קעניג נאָך שלמה׳ס טויט, וועט ער שוין קענען הייראַטען חלאה׳ן, די שענסטע מיידעל פון זיין געבורטסשטאָדט צרדה.

חלאה האָט שוין לאַנג ליעב געהאַט ירבעם׳ן, און כאָטש ער האָט איהר אויך געליעבט, האָט ער זיך אָבער די גאַנצע צייט ארומגעטראָגען מיט מחשבות וועגען דער פּרינצעסין. זיין מוטער צרועה האָט זעהר געוואָלט דאָס ירבעם זאָל הייראַטען מיט חלאה׳ן, און יעדעס מאָל ווען ער פלעגט איהר קומען בעזוכען, פלעגט זי אין איהר הויז איינלאַדען חלאה׳ן.

ווען ירבעם איז אָפּגעוועזן אין ירושלים אייניגע טעג, האָט ער זיך געלאָזט אויפנעהען א נייעם בגד, און מיטנעהמענדיג די צעהן צוריסענע שטיקער פון זיין פריהערדיגען בגד, איז ער אַוועקגעגאַנגען נאָך צרדה.

זיין מוטער, צרועה, האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס פרייד, און גלייך געמאַכט א מאָלצייט לכבוד איהם.

— מוטער! — האָט ירבעם זיך אָפּגערופען, — איך האָב א סוד דיר צו פאַרטרויען, וואָס וועט זיכער ערפרעהען דיין הארץ.

— וואָס איז, מיין זוהן? — האָט צרועה מיט נייגעריגקייט אויסגערופען.

ירבעם האָט ארויסגענומען די צעהן צוריסענע שטיקער פון זיין אויבער־מאַנטעל און דאָס איהר געצייגט.

— וואָס בעדייטעט דאָס? — האָט איהם צרועה אַנגעקוקט מיט ער־שטוינונג.

— דאָס בעדייט אז איך וועל ווערען קעניג איבער ישראל! — האָט ירבעם מיט גרויס שמחה געזאָגט.

— איך פאַרשטעה דיך נישט, מיין זוהן?!

ירבעם האָט איהר דערצעהלט אלעס וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט מיט

איינינע טעג צוריק ווען ער האט באגעגנט דעם נביא אחיה'ן אויפ'ן וועג, און ער האט צוגעגעבען:

"דער נביא האט מיר געזאגט, אז איך וועל ווערען קעניג ערשט נאך דעם טויט פון שלמה'ן און בלויז איבער צעהן שבטים"... אבער איך, מיין ליעבע מוטער, וועל אזוי לאנג נישט ווארטען... דו ווייסט דאך ווי שטארק בעליעבט איך האב זיך געמאכט ביים פאלק, איבערהויפט ביי די שבטים אפרים און מנשה... איך וועל גלייך זעהן צו מאכען אן אויפשטאנד געגען שלמה'ן...

— וואס רעדסטו, מיין זוהן?! — האט צרועה זיך אפגערופען א דערשראקענע. — ווי אזוי וועסטו קענען טהאן אזא זאך צום קעניג, וועלכער איז צו דיר די גאנצע צייט אזוי גנעדיג געווען... דו ווייסט דאך אז דורך דעם חסד פון שלמה'ן ביזטו לעבען געבליבען בעת איך און די צווייטע פרוי זיינען געקומען צום קעניג ער זאל משפט'ן צו וועמען פון אונז ביידען דו געהערסט... נישט נאר האט ער דורך זיין גרויסער חכמה דערגאנגען די ריכטיגקייט, ווייל די צווייטע פרוי האט זיך דאך מודה געווען, נאר דער קעניג האט דיך גענומען אז דו זאלסט ערצויגען ווערען אין פאלאץ... און זינט דאן, איז שלמה געווען זעהר גוט צו דיר, ער האט דיר דערהויבען צו א הויכען אמט... יא, דו דארפסט זיין שעצען גליקליך און דאנקבאר זיין דעם קעניג דיין גאנצען לעבען... ווי אזוי קענסטו גאר טראכטען וועגען א מרידה.

— אבער מוטער, דו זעהסט דאך אז גאט האט מיר אויסערוועהלט צו זיין קעניג... אזוי האט מיר דער נביא פארזיכערט.

— יא, ער האט דיר פארזיכערט אז נאך שלמה'ס טויט.

— און ווער ווייס ווי לאנג שלמה וועט נאך לעבען! — האט ירבעם געענטפערט. — ניין, איך וועל נישט האבען אזוי פיעל געדולד צו ווארטען! איך האב בעשלאסען אויסצונוצען די געלעגענהייט דאס וואס איך בין געשטיגען אין די אויגען פון דעם המון, און איך וועל גלייך אויפהויבען א מרידה געגען שלמה'ן, וועלכער האט שוין פון לאנג פארלארען דעם חן אין די אויגען פון פאלק, און ווי איך וועל ווערען קעניג וועל איך גלייך הייראטען מיט חלאה'ן.

— מיין זוהן! — האט זיך צרועה ביי איהם גענומען בעטען, — דו וועסט דיין לעבען אין גרויס געפאהר שטעלען ווען דו וועסט זיך יעצט אונטערנעהמען צו טהאן אזא זאך. מעגליך אז די מענשען פון אונזער שבט זיינען עטוואס פארביטערט געגען שלמה'ן, אבער די איבריגע שבטים האבען שלמה'ן ליעב און זיי שטאלצירען מיט זייער קלוגען קעניג.

— מוטער, איך ווייס בעסער ווי דאס פאלק פיהלט, ווייל איך קום אין בארירהונג מיט פיעלע מענשען... עס וועט מיר לייכט אנקומען צו פארכאפען די מלוכה... און דיר בעט איך יעצט צו זיין זעהר פארזיכטיג און זיך פאר קיינעם נישט ארויסריידען וועגען מיינע פלענער...

— זאל דיר גאט בעשיצען, מיין זוהן! אבער דיינע פלענער געפעלען מיר גארנישט... אפילו ווען דו וואלסט זיכער געווען זיי דורכצופיהרען, האסטו עס אויך נישט געדארפט טהאן צו שלמה'ן וועלכער איז צו דיר געווען ווי א פאטער זינט דו ביזט געבארען געווארען!

— און ביי דיר איז רעכט, מוטער, אז איך זאל איבערלאזען די מלוכה צו רחבעם'ן, — האט ירבעם זיך אפגערופען, — וואס וועל איך טהאן אז שלמה וועט

בעשליסען איבערצוגעבען די מלוכה צו זיין זוהן, איידער ער שטארבט, ווי דוד האט עס געטהאן?... דאן וועט דאך מיינע האפנונגען אין גאנצען אפגעשוואכט ווערען... ניין, מוטער, איך בעט דיך, שטער מיר נישט... אין גיכען וועסטו אונגערופען ווערען די מוטער פון דעם קעניג פון ישראל!...

* * *

אלע איינוואהנער פון ירושלים האבען זיך משמח געווען לכבוד דעם צוריק־קעהר פון דער פרינצעסין מיט איהר מאן פון דעם אינזעל... קיינער א חוץ בניהו און די סנהדרין האבען נישט געוואוסט די ריכטיגע אורזאכע פארוואס שלמה האט זיין טאכטער אוועקגעשיקט אויף דעם אינזעל... פארשידענע קלאנ־גען האבען זיך ארומגעטראגען און דאריבער זיינען אלע געווען זעהר נייגעריג צו זעהן נעמי'ן און איהר מאן.

דער קעניג האט אויפגענומען זיין טאכטער און זיין איידעם מיט גרויס פרייד.

— איך זעה יעצט, מיין ליעבע טאכטער, אז חנן איז געווען דיין אמת'ער באשערטער, און דער באשעפער האט אייך צוזאמען געבראכט אויף אזא וואונ־דערבארען אופן... איצט קען יעדער זעהן די השגחה פון הימעל — האט ער זיך געווענדעט צו חנן, — געדענקסטו ווען דו האסט מיין באגעגענט אלס וואנדערער און דו האסט פאר מיר אויסגעגאסען דיין הארץ, נישט וויסענדיג אז דאס רעדסטו מיט דעם פאטער פון דיין געליעבטער... יעצט פיהל איך זיך גליקליך וואס מיין טאכטער האט דיך אויסערוועהלט, ווייל דו האסט מיט דיין העל־דישקייט און בראווקייט ארויסגעציינט אז דו פארדינסט צו זיין מיין איידעם, זאל אייך גאט ביידען בענשען איהר זאלט ביידע גליקליך זיין.

נעמי האט איהרע אויערען נישט געגלויבט. זי האט געמיינט אז איהר פאטער וועט זיין בייז אויף איהר פארוואס זי איז געגאנגען געגען זיין ווילען, און יעצט זעהט זי אז ער איז העכסט צופרידען.

שלמה האט געמאכט א גרויסארטיגען מאלצייט און איינגעלאדען אלע חשוב'ע לייט פון ירושלים. ער האט פאר אלעמען דערצעהלט ווי שטארק ער איז געווען געגען דעם שידוך פון דעם ארימען וואנדערער חנן, נישט אנגע־בענדיג די אורזאכע.

דער עולם האט גאנץ פיין פארבראכט, מען האט געטרונקען לכבוד די באשערטע פאר פון הימעל.

פלוצים איז אריינגעקומען דער הויפט לייב־וועכטער און געמאלדען שלמה'ן אז אדורם האט צו ריידען מיט איהם וועגען זעהר א וויכטיגע און דרינגענדע זאך.

שלמה האט זיך ענטשולדיגט פאר זיינע געסט און איז אריין אין זיין צימער און אהין האט ער געהייסען אריינשיקען אדורם'ן.

— וואס איז געשעהן? — האט שלמה געפרעגט אדורם'ן ווען ער איז אריינגעקומען אין צימער.

— מיין האר קעניג! — האט זיך אדורם פארנייגט, — איך האב אויס־געפונען אז ירבעם זוכט צו מאכען אן אויפשטאנד געגען קעניג!

— אן אויפשטאנד! — האט שלמה איהם אנגעקוקט — ירבעם וויל מאכען אן אויפשטאנד?!... דו מוזט מאכען א טעות.

—א, ניין, מיין האר קעניג, איך מאך נישט קיין טעות, — האט אדורם געענטפערט.

שלמה האט בעטראכט אדורם׳ן מיט א שמייכעל. ער ווייס אז אדורם און ירבעם זיינען זיך שונאים איינער דעם צווייטען. אדורם וואלט געוויס געוואלט פארנעהמען ירבעם׳ס פלאץ אויפצופאהנען די צינזען אויך פון די שבטים אפרים און מנשה... ירבעם, פון דער צווייטער זייט, איז אייפערזיכטיג אויף אדורם׳ן וואס ער איז דער הויפט אויפמאהנער פון די צינזען פון די איבריגע שבטים... זעלבסטפארשטענדליך אז זיי זוכען איינער דעם צווייטען שלעכטעס צו טהאן... ער ווייסט אז נישט איינמאל האט פאסירט דאס אדורם פלעגט אנריידען שלעכטס אויף ירבעם׳ן און ירבעם פלעגט זוכען צו ערנידריגען אדורם׳ן אין די אויגען פון דעם קעניג.

— איך בין זיכער אז דיין חשד איז אומבאגרינדעט, — האט שלמה זיך צו איהם אפגערופען, — ירבעם איז מיין געטרייער קנעכט און איך האב מיט איהם פיעל גוטעס געטהאן... או, ער וועט דאך זיכער נישט טהאן אזא זאך צו מיר.

— אבער מיין האר קעניג! — האט אדורם אויסגערופען, — איך האב אויסגעפונען אז ירבעם געפינט זיך יעצט אין זיין געבורטסשטאדט צרדה, ער האט באפעסטיגט די שטאדט און ער האט זיך איינגעשאפט דריי הונדערט רייטוועגען.

— פון וואנען האסטו זיך דאס דערוואוסט?! — האט שלמה אויסגערופען, און זיין פנים איז בלאס געווארען.

— ווען איך בין געוועזען אין איינער פון די שטעדט פון דעם שבט נפתלי אויפצומאהנען די צינזען פאר מיין האר קעניג, — האט אדורם געזאגט, — האב איך געהערט ווי צוויי מענשען ריידען צווישען זיך, אז עס וועט שוין לאנג ניט דויערען און זיי וועלען מעהר נישט דארפען צאהלען קיין צינזען. איך האב גלייך גענומען אויספארשען די באדייטונג פו׳ זייערע ווערטער, און איך האב זיך דערוואוסט אז ירבעם האט ארומגערייזט פון שטאדט צו שטאדט און פארשפראכען אלע איינוואהנער אז ווען עס וואלט זיך געווענדעט אין גאנצען אן איהם, וואלט ער אין גאנצען אפגעשאפט די צינזען... איך האב גלייך גענומען חושד זיין אז ירבעם זוכט שלעכטעס צו טהאן דעם קעניג, ווען איך האב אויסגעפונען אז ער געפינט זיך אין צרדה האב איך גלייך געשיקט אהין צוויי פון מיינע מענשען און זיי האבען מיר איבערגעגעבען אז ירבעם האט זיך באפעסטיגט אין שטאדט, האט זיך איינגעשאפט דריי הונדערט רייטוועגען, און ער האט א׳ויסגעלאזט אן אויסרוף צו די איינוואהנער פון שטאדט און ארום אז זיי זאלען זיך פרייוויליג אנשליסען אן זיין ארמעע כדי צו באקעמפען דעם קעניג פון ירושלים וועלכער אונטערדריקט דאס פאלק דורך שווערע צינזען... ווי איך האב דאס דערהערט, האב איך זיך שנעל אומגעקעהרט אין ירושלים אנצוזאגען מיין האר קעניג וועגען דעם גרויסען געפאהר וואס לויערט אויף דער מלוכה.

שלמה האט גלייך אריינגערופען בניהו, דעם זוהן פון יהוידע, און איהם איבער׳געגעבען וואס אדורם האט איהם נאר וואס דערצעהלט.

— זאמעל שנעל צונויף די ארמעע פון די גבורים און געה בעלאגער די שטאדט צרדה! — האט שלמה איהם באפוילען, — זעה אבער צו זיין זעהר פארזיכטיג נישט צו פארגיסען אומשולדיגע בלוט... דו וועסט פאנגען ירבעם׳ן און איהם ברייגנען צו מיר... איך וועל בלויז איהם בעשטראפען, ווייל די איב־

ריגע מענשען זיינען אומשולדיג... איך קען ירבעם'ן! ער בעזיצט זעהר א גלאטען צונג און ער קען גאנץ שנעל בעאיינפלוסען די אומוויסענדע מענשען.

— אין פאל ער וועט זיך נישט אונטערגעבען, זאל איך שטורמען די שטאדט צרדה? — האט בניהו געפרעגט שלמה'ן.

— דאן האסטו דאס רעכט צו טהאן ווי דו פארשטעהסט, — האט איהם שלמה געענטפערט.

בניהו האט גלייך פערזאמעלט זיין גדוד פון גבורים און איז שנעל ארויס פון ירושלים.

* * *

ערמוטיגט פון אחיה'ס נבואה, איז ירבעם ארומגעגאנגען איבער דעם גאנצען שבט פון אפרים און ביסלעכווייז גענומען צוגרייטען די איינוואהנער צו דעם געדאנק אז ווען ער וואלט געהערשט איבער ישראל וואלט ער פאר אלעמען גרינגער געמאכט דאס לעבען.

ביסלעכווייז האבען זיך ארום איהם פערזאמעלט די וועלכע זיינען געווען שטארק פארביטערט געגען שלמה'ן, און צו זיי זיינען צוגעקומען נאך לייכטזיניגע מענשען וועלכע האבען זיך געלאזט פארפיהרען פון ירבעם'ס זיסע רייד.

ירבעם האט געזעהן ווי שנעל די מענשען זיינען גרייט איהם נאכצופאלגען, האט ער בעשלאסען צו מאכען אן אפענעם אויפשטאנד געגען שלמה'ן. ער האט צוזאמענגערופען אלע פארשטעהער פון ביידע שבטים, אפרים און מנשה, און זיי געזאגט, אז ער האט א באפעהל פון שלמה'ן ווידער אמאל צו העכערען זייערע צינזען... דאמיט האט ער זיי שנעל אריינגעבראכט אין גרויס צארן אויף שלמה'ן, און זיי האבען זיך מאסענווייז גענומען אנשליסען אין זיין ארמעע. גלייך האט ירבעם גענומען באפעסטיגען זיין געבורטסשטאדט... ער האט געשיקט רופען חלאה'ן און האט זיך צו איהר אפגערופען:

— עס איז שוין פון לאנג ווי מיין הארץ געהט אויס נאך דיר, חלאה, און דו ווייסט אויך אז דו האסט געפונען חן אין די אויגען פון מיין מוטער... און איך האב געווארט אויף א געלעגענהייט צו ריידען מיט דיר.

— ירבעם! ווי גליקליך איך בין צו הערען פון דיר אזעלכע רייד! — האט חלאה אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען.

ירבעם האט ארויסגענומען די צעהן צוריסענע שטיקער פון זיין בגד און ער האט עס געצייגט צו חלאה'ן.

— דו זעהסט דאס! — האט ער זיך צו איהר אפגערופען, — דאס האט דער נביא אחיה געטהאן צו מיין בגד ווען ער האט מיר מיט איניגע מאנאטען צוריק באגעגענט אין וועג. ער האט מיר געזאגט, אז גאט האט זיך אפגעקעהרט פון שלמה'ן ווייל ער האט געגען איהם שטארק געזינדיגט, און ער האט ערלויבט זיינע פרויען צו דיענען צו זייערע אפגעטער... זיי האבען פארדארבען זייערע וועגען און דער קעניג האט זיי נישט געשטערט, דאריבער האט אחיה געזאגט, אז גאט האט מיר אויסערוועהלט צו הערשען איבער צעהן שבטים און שלמה'ס יורש וועט הערשען בלויז איבער צוויי שבטים.

— און דו וועסט ווערען דער קעניג איבער ישראל! — האט חלאה אויסגע־רופען און איהרע אויגען האבען אויפגעלויכטען פון פרייד.

— יא, מיין ליעבע חלאה, — האט איהר ירבעם א קוש געטהאן, — דו וועסט

ווערען די קעניגין איבער גאנץ ישראל. איך וועל צו דיר קיין אנדערע פרויען נישט נעהמען און איך וועל אלעמען צייגען וואס פאר א גוטער קעניג איך וועל זיין, אז אפילו דער שבט יהודה און בנימין וועלען אויך זיין צופרידען זיך אנ־צושליסען אן מיין קעניגרייך...

— מיין ליעבער ירבעם! — האט חלאה זיך אפגערופען. — איך ווייס ווי שטארק בעליעבט דו ביזט ביי אלעמען... דאס פאלק איז מיט דיר! און אויך גאט וועט דיר העלפען.

— און יעצט פערלאנג איך, אז מיר זאלען ביידע מארגען חתונה האבען, ווייל איך וויל אז דו זאלסט געקרוינט ווערען קעניגין אין דער זעלבער צייט ווען דאס פאלק וועט מיך קרוינען פאר קעניג איבער ישראל.

— דיין פארלאנג וועט ערפילט ווערען! — האט חלאה איהם געזאגט — מארגען פייערען מיר אונזער הייראט.

— און אויך מארגען וועל איך אנערקענט ווערען אלס דער קעניג פון ישראל!

— האט ירבעם איהר געזאגט, — יעצט לאמיר ביידע געהן צו מיין מוטער און איהר אנזאגען די בשורה.

ירבעם און חלאה זיינען אוועק צו צרועה'ן. ביידע זיינען באגלייט געווארען פון דריי הונדערט רייטוועגען... טויזענדע מענשען פון אנדערע שטעדט האבען אנגעפילט די גאסען פון צרדה... די לופט איז אנגעפילט געווארען מיט אויס־געשרייען:

— לאנג לעבען זאל אונזער נייער קעניג ירבעם!

א ברייטער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף ירבעם'ס ליפען, און ער האט זיך שטילערהייט אפגערופען צו זיין כלה:

— מיין חלום ווערט פארווירקליכט א סך פריהער איידער איך האב זיך געקענט פארשטעלען.

צרועה, ירבעם'ס מוטער, האט דערהערט דעם טומעל און איז שנעל ארויס אין גאס... ווען זי האט דערזעהן אז איהר זוהן זיצט אין דער קארעטע מיט חלאה'ן און די פיעלע רייטוועגען, און ווען זי האט דערהערט די אויסגעשרייען, איז איהר פנים בלאס געווארען.

— מיין ליעבע מוטער, — איז ירבעם שנעל ארויס פון דער קארעטע, — איך קום דיר אנזאגען אז מארגען וועל איך הייראטען חלאה'ן.

— זאלסט זיין געבענשט פון גאט, מיין זוהן; — האט צרועה אויסגערו־פען. — אבער זאג מיר, ירבעם, וואס באדייט אט דיזער טומעל פון דיזען המון...

— עס בעדייט, מוטער, אז אחית'ס נבואה ווערט שנעל מקוים...

— אבער ער האט דאך נישט נביאות געזאגט אז דו וועסט ווערען קעניג אין דער צייט ווען אונזער בעליעבטער קעניג שלמה לעבט! — האט צרועה אויסגערופען מיט א ציטערנדיגע שטימע. — גיין, מיין זוהן, דו באגעהסט א גרויס אומרעכט און מיין הארץ שרעקט זיך.

— דאס גאנצע פאלק איז מיט מיר! — האט ירבעם געזאגט מיט שטאלץ— אין איניגע טעג ארום וועל איך האבען פארזאמעלט אזא גרויסע ארמעע אז איך וועל קענען געהן אויף ירושלים!

— אבער ווי אזוי וועסטו קענען טהאן שלעכטעס צו דעם קעניג וועלכער האט מיט דיר און מיט מיר אזוי פיעל גוטעס געטהאן?!...

— פארוואס זאל איך ווארטען אויף שפעטער ווען איצט האב איך א בעסערע געלעגענהייט ! — האט ירבעם געזאגט, — איך בעט דיך, ליעבע מוטער, שטער מיר נישט אין מיינע פלענער... מארגען וועל איך געקרוינט ווערען קעניג...

דער המון איז פלוצלינג שטיל געווארען. ירבעם האט זיך גענומען ארומ־קוקען און ער האט בעמערקט ווי אלעמענס אויגען זיינען געווענדעט צום בארג. ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און ער האט באמערקט ווי צוויי רייטער אויף פערד גאלאפירען שנעל ארונטער, און זיי דערנעהנטערען זיך צו איהם.

יעדער האט אנגעשטרענגט אויג און אויער און מיט אן איינגעהאלטענעם אטהעם ערווארט מיט גרויס אומגעדולד צו הערען וואס פאר א נייעס די צוויי רייטער האבען געבראכט.

— מיר זיינען פארלארען ! מיר זיינען פארלארען ! —האבען ביידע רייטער מיט אמאל אויסגעשריען, ווען זיי זיינען צוגעקומען נאהענט צו ירבעם, — בניהו, דעם קעניג'ס שר צבא, קומט אן אויף אונזער שטאדט מיט אן אונגעהייער גרויסער מחנה פון גבורים !...

עס איז גלייך געווארען א טומעל, א געשריי און א יללה...

דער המון האט אנגעפאנגען זיך צוצולויפען... יעדער צו זיין היים. די וועל־כע זיינען געזעסען אין די רייטוועגען האבען איבערגעלאזען די פערד און די רייטוועגען און זיך אויך צולאפען.

ירבעם איז שנעל צוגעלאפען צו זיין קארעטע און אנגענומען חלאה'ן פאר'ן האנט, האט ער איהר צוגעפיהרט צו זיין מוטער.

— וואס האט פאסירט ? — האט חלאה זיך פאנאנדערגעוויינט און איהם גענומען האלזען און קושען.

— מיר טארען קיין צייט נישט פארלירען ! — האט ירבעם געזאגט, — דו וועסט זיך געפינען אין מיין מוטער'ס הויז. איך בין זיכער, אז ער וועט מיין מוטער נישט בעשטראפען. אלע ווייסען דאך, אז זי איז געווען גענגען מיין פריה־צייטיגען אויפשטאנד... פארבלייב מיט איהר, חלאה.

— און דו, מיין ליעבער ירבעם ! — איז חלאה היסטעריש געווארען.

— מיין זוהן ! מיין זוהן ! — האט צרועה געיאמערט.

— וועגען מיר זארג נישט, איך וועל פון דאנען אנטלויפען... איך ווייס אלע וועגען... יא, איך וועל אנטלויפען נאך מצרים, צו דעם קעניג פון מצרים... איך ווייס אז ער איז שלמה'ס א שונא שוין פון לאנג, און ער וועט מיך בעשיצען אין זיין לאנד, ביז וואנען די צייט וועט קומען. דאן וועל איך זיך צוריקקעהרען. ...ג, מוטער, איך זעה אז דו ביזט געווען גערעכט ! — האט ירבעם איהר געקושט. — איך האב זיך געראפט צוהערען צו דיר, אבער איצט איז שוין צו שפעט... איך האף נאך אז איך וועל זיך צוריקקעהרען.

— מיין זוהן ! — האט צרועה איהם נישט אויפגעהערט צו קושען, — זאל דיר גאט בעשיצען אויף דיין וועג...ווארט, איך וועל דיר מיטגעבען עטוואס שפייז.

— ניין, מוטער, שפייז וועל איך קריגען... זעה צו בעשיצען חלאה'ן... זי איז אויך אין גארנישט שולדיג... שלום ! . . .

ירבעם האט גענומען שטעלען שנעלע טריט... צו זיינע אויערען האבען זיך נאך דערטראגען דער געוויין פון ביידע פרויען, זיין מוטער און זיין כלה.

צרועה און חלאת האבען איהם נאכגעקוקט ביז וואנען ער האט זיך שוין מעהר נישט געזעהן.

— מיין קינד! — האט צרועה זיך אפגערופען, — קום שנעל אריין אין הויז. אויב אימיצער וועט זיך נאכפרעגען אויף דיר וועל איך איהם זאגען אז דו ביזט מיין טאכטער.

עס האט נישט לאנג געדויערט און בניהו מיט זיין ארמעע זיינען אריינגע־קומען אין שטאדט. ער האט באמערקט די דריי הונדערט ליידיגע רייטוועגען מיט די פערד, און ער האט פארשטאנען אז די מענשען האבען זיך דערוואוסט פון זיין אנקומען און בעצייטענס צולאפען.

בניהו האט גלייך ארויסגעגעבען א באפעהל אז מען זאל איהם איבערגעבען ירבעם'ן, וועט ער גלייך פארלאזען די שטאדט, און אויב נישט, וועט ער אלעמען בעשטראפען.

דערווייל האט ער געשיקט זיינע סאלדאטען צו זוכען ירבעם'ן.

ווען זיי האבען זיך צוריקגעקעהרט מיט ליידיגען, איז ער אוועק צו ירבעם'ס מוטער... אימיצער האט איהם פארטרויט א סוד, אז ער האט געזעהן ירבעם'ן אין זיין מוטער'ס הויז.

— גיב אונז ארויס דייז זוהן! — האט בניהו איהר באפוילען, — ער האט פארדיענט דעם טויט, ווייל ער האט געוואלט אויפהויבען א האנד געגען אונזער קעניג!

— איך ווייס אז מיין זוהן האט געזינדיגט! — האט צרועה איהם געענט־פערט, — איך האב געזוכט איהם צו שטערען, אבער ער האט מיך נישט געוואלט פאלגען... יעצט איז ער אנטלאפען געווארען... ער אליין האט שוין חרטה גע־קראגען אויף זיינע מעשים.

— דיין זוהן האט פארגעסען די פיעלע חסדים און טובות וואס דער קעניג האט מיט איהם געטהאן, — האט בניהו אויסגערופען.

— דאס זיינען געווען אויך מיינע ווערטער צו איהם, מיין האר, אבער איך שווער דיר ביי דעם גאט פון ישראל אז ער געפינט זיך נישט אין מיין הויז... יא, ער איז פון צרדה אנטלאפען געווארען.

— און פיעלייכט ווייסטו דורך וועלכען וועג ער איז אנטלאפען? — האט איהר בניהו געפרעגט.

— מיין האר, ווי אזוי קענסטו פערלאנגען פון מיר אזא זאך. אפילו ווען איך וואלט געוואוסט, וואלט איך דיר ניט געקענט זאגען... וועל איך דען קענ.ןן איינשטעלען דאס לעבען פון מיין זוהן אין סכנה!... ניין, מיין האר, פרעג מיך נישט, ווייל איך וועל דאס נישט קענען ענטפערען.

— איך ווייס, צרועה, אז דו ביזט נישט שולדיג אין די שרעקליכע מעשים פו' דיין זוהן! — האט בניהו אויסגערופען, — מיר האט מען אויף דעם וועג שוין איבערגעגעבען אז דו האסט געזוכט איהם צו שטערען, און דאריבער וועל איך דיך ניט צווינגען מיר צו זאגען, א זאך וואס איז געגען די מוטערליכע געפיהלען, אבער דיין זוהן האט שוין פארדיענט דעם טויט דאמיט אליין וואס ער האט נישט געוואלט פאלגען זיין מוטער.

בניהו איז ארויס פון איהר הויז... ער האט צוזאמענגערופען זיינע גבורים

און זיי איינגעטיילט אין עטליכע אפטיילונגען און זיי באפוילען נאכצויאגען ירבעם'ן...

— יעדע אפטיילונג וועט גײן אויף א באזונדערען וועג, און אויב איהר וועט איהם ביז אָווענט נישט טרעפען זאָלט איהר זיך אלע אומקעהרען צוריק.

די גבורים האבען זיך געזעצט אויף די פערד און שנעל אוועקגעריטען אין פערשיעדענע ריכטונגען.

נישט געפונען און זיך צוריקגעקעהרט מיט ליידיגען צו בניהו'ן.

— איך וועל יעצט מוזען איבערלאָזען עטליכע גבורים אין יעדער וויכטיגער

דעם גאנצען טאָג האבען די גבורים געזוכט ירבעם'ן, אָבער זיי האבען איהם שטאָדט אכטונג צו געבען אז ירבעם זאָל זיך ווידער נישט אומקעהרען און פאר־אורזאכען אויפרעגונג צווישען המון — האט בניהו געזאגט — און ווי איהר וועט זיך דערוויסען אז ירבעם געפינט זיך ערגעץ־וואו זאָלט איהר גלייך שיקען אנזאַ־גען דעם קעניג.

בניהו האט זיך אומגעקעהרט אין ירושלים און האט איבערגעגעבען שלמה'ן אז פון ירבעם'ס אויפשטאנד איז גארנישט געוואָרען און אז ירבעם איז אנטלאָפען געוואָרען.

— מיין הארץ זאָגט מיר, — האט שלמה טרויעריג אויסגערופען, — אז די נבואה פון אחיה דעם שלוני הויבט אָן מקוים צו ווערען... ווען ירבעם, דער זוהן פון נבט, קען דאָס טהאָן צו מיר, נאכדעם ווי איך בין צו איהם ווי א פאטער גע־ווען, איך האב איהם דערהויבען און געטהאָן מיט איהם בלויז חסד...

— אָבער מיין האר קעניג! — האט בניהו געזאגט, — אויב אבשלום האט געקענט פאראורזאכען אן אויפשטאנד געגען זיין אייגענעם פאטער, דאַרף געווים קיין וואונדער נישט זיין, אז ירבעם האט געמאכט א פארזוך... יעצט איז א סך בעסער ווען מיר ווייסען ווער עס איז דעם קעניג'ס שונא, מיר וועלען וויסען ווי זיך אויסצוהיטען פון איהם...

— ניין, בניהו, יעצט אז ירבעם'ן איז געלונגען צו אנטלויפען איז נישט קיין גוטער סימן... איך זעה אז ער האט מיר די גאנצע צייט גענאַרט... ווען איך האב איהם אנפערטרויט צוזאַמענצונעמען די צינזען פון די שבטים, אפרים און מנשה, האט ער זיך בענוצט מיט דיזער געלעגענהייט זיך בעליעבט צו מאכען אין די אויגען פון פאָלק און אין דערזעלבער צייט האט ער געזוכט צו פארשאַרפען די שנאה וואָס דיזע שבטים טראגען צו מיר. ער האט די גאנצע צייט פארזעעט האס, און יעצט וועט איהם ניט שווער אנקומען צו געווינען די הערצער פון יענע שבטים... יא, איך וועל זיך נישט בארוהיגען ביז וואנען מיר וועט געלינגען צו כאפען ירבעם'ן און איהם באשטראָפען...

— אויב דאָס איז דעם קעניג'ס פארלאנג! — האט בניהו געזאגט, — וועט מען דארפען שיקען מיליטער אין יעדער שטאָדט אין ארץ ישראל. דער קעניג וועט אויך דארפען באשטימען א באלוינונג פאר דעם וועלכער וועט כאפען ירבעם'ן און איהם איבערגעבען אין אונזערע הענט.

— דאָס גיב איך דיר איבער! — האט שלמה געזאגט, — דו האסט די מאכט צו האנדלען ווי דו פארשטעהסט, ביז וואנען דיר וועט געלינגען איהם צו פאנגען.

בניהו האט זיך ענערגיש גענומען צו זוכען ירבעם'ן. ער האט אוועקגעשיקט

געהיימע מענשען אין יעדער שטאדט וואו ער האט געהאט א חשד אז ירבעם געפינט זיך דארט... ער האט פארגרעסערט די ארמעע אין די שטעדט פון שכם, שלה און צרדה.

אין צוויי וואכען ארום זיינען געקומען מענשען און האבען מודיע געווען דעם קעניג אז ירבעם איז אנטלאפען געווארען קיין מצרים, און ער געפינט זיך אונטער דעם שוץ פון שישק, דעם קעניג פון מצרים . . .

---

איינינע יאהר זיינען פאראיבער און שלמה איז געווארען זעהר אומעטיג און פעסימיסטיש. כאטש אין לאנד האט געהערשט רוהיגקייט און פריעדען, און אויך די שבטים אפרים און מנשה האבען זיך בערוהיגט... אלע זיינען געווען צופרידען וואס דער אויפשטאנד געגען שלמה'ן האט זיך געענדיגט אהן בלוט־פארגיסונג, פון דעסטוועגען איז שוין שלמה ניט געווען דערזעלבער וואס פריהער. ער האט זיך געפיהלט שוואך און מיעד... זיינע פרויען פון די פרעמדע פעלקער זיינען געווארען מעהר חוצפה'דיג און האבען גענומען איינפיהרען מזבחות פאר זייערע געטער אין אפענע פלעצער... שלמה האט זיך אויפגעהערט אין גאנצען צו מישען און זיי נישט געשטערט אין זייער ארבייט... ער האט געזעהן דאס ער איז אריינגעפאלען וואס ער האט חתונה געהאט מיט אזוי פיעל פרויען, די טעכטער פון פערשידענע קעניגע... ער האט געזעהן אז ווען ער זאל זיי שטערען אין דעם וועט קיינע גוטעס נישט ארויסקומען... דאס וועט אויפרייצען די קעניגע און ער וועט דארפען פיה־רען מלחמות מיט זיי... די גאנצע צייט האט ער געשטרעבט עס זאל הערשען שלום אין זיין לאנד, זאל ער דען אויף זיין עלטער באפלעקען דאס לאנד מיט בלוט ? !

דאס פאלק אבער האט שלמה'ן מיספארשטאנען... זיי זיינען געווען אין כעס אויף שלמה'ן וואס ער האט דערלאזען אז זיינע פרויען זאלען עפענטליך דיענען צו זייערע געטער און צו זיי מקריב זיין קרבנות. און כאטש די שבטים זיינען נאך אלץ געווען שטאלץ מיט זייער קלוגען קעניג, דאך אבער איז זעהר ליעבשאפט צו איהם א סך שוואכער געווארען. זיי האבען איהם נישט געקענט מוחל זיין וואס זייער קלוגער קעניג שלמה וועלכער האט די גאנצע צייט געהערשט מיט גע־רעכטיגקייט און יושר, וועלכער האט געבויט דעם פראכטפאלען בית המקדש און געבראכט צו א שטארקער פאראייניגונג צווישען אלע שבטים, זאל ארויסצייגען אזא שוואכקייט און דערלאזען זיינע פרויען צו פארשוועכען די הייליגע שטאדט ירושלים.

שלמה האט זיך אפגעגעבען אין זיינע לעצטע טעג מיט די ערציהונג פון זיין זוהן רחבעם און איהם צוגרייטען אלס זיין נאכפאלגער. ער האט אנגעשריבען זיין ספר "משלי" וואו ער צייגט אויף מיט קלוגע רייד און באווייזע ווי אזוי א מאן זאל זיך אויפפיהרען, איבערהויפט זאל ער זיך היטען נישט אריינצופאלען אין דעם נעץ פון אומווירדיגע פרויען. ער האט אויך פארבראכט פיעל צייט מיט די סנהדרין און די חכמים וועלכע האבען זיך יעדען טאג פארזאמעלט צו הערען חכמה און משלים פון זייער בעליעבטען קעניג.

ווען שלמה האט געזעהן אז זיינע טעג זיינען געצעהלטע האט ער צוגערופען זיין זוהן רחבעם'ן, און ער האט זיך צו איהם אפגערופען :

— איך פיהל אז גאר אין גיכען וועל איך געהן צו מיין פאטער דוד. די מלוכה גיב איך איבער צו דיר. אויב דו האסט פארדיענט ביי גאט וועסטו הערשען איבער

גאנץ ישראל מיט גערעכטיגקייט... זעה אנצוהאלטען דעם שלום אין לאנד, ווייל שלום איז דער הויפט יסוד פון דעם גליק פון א פאלק... איך ווייס, אז איך האב פיעלייכט געבראכט צו גרויסע קרבנות אויפצוהאלטען דעם שלום, אבער איך וועל יעצט קענען שטארבען מיט א רוהיגען געוויסען אז דורך מיין צייט איז קיין בלוט נישט פארגאסען געווארען... זעה, מיין זוהן, צו געהן אין די וועגען פון גאט, טהו גערעכטיגקייט צו דיין פאלק, און משפט זיי מיט יושר. זעה, מיין זוהן, נישט נאכצוטהאן מיין ביישפיעל צו נעהמען פיעלע פרויען פון פרעמדע פעלקער... איך האב זיך געקליגט און זיך געטראכט אז מיינע פרויען וועלען זיין אונטערווארפען מיין ווילען... אבער יעצט זעה איך ווי שטארק איך האב זיך גענארט... דאריבער געפין איך פאר נויטיג דיך צו ווארענען וועגען דעם...

שלמה האט אויך געשיקט רופען זיינע צווי בעליעבטעסטע פרויען, שלומית און נעמה, מיט זיינע טעכטער, און ער האט זיי פארזאגט וואס צו טהאן נאך זיין טויט. און ווי ער האט פארענדיגט זיין צוואה, האט שלמה המלך אויסגעהויכט זיין נשמה . . .

— — — — — — — — — — — — — —

גאנץ ארץ ישראל איז איינגעהילט געווארען אין גרויס טרויער ווען עס איז בעוואוסט געווארען אז שלמה המלך איז געשטארבען... יעדער האט געקלאגט אויף דעם גרויסען פארלוסט, אפילו זיינע פריהערדיגע געגנער האבען יעצט זיך ארומ־געזעהן ווי גליקליך דאס פאלק האט זיך געלעבט די פערציג יאהר פון שלמה'ס הערשאפט.

הונדערטע טויזענדע אידען פון פארשידענע שטעדט און שטעדטלעך פון איבער'ן גאנצען לאנד זיינען געקומען אין ירושלים אפצוגעבען זייער ליעבסטען קעניג זיין לעצטען כבוד.

א טרויער פון זעקס חדשים איז אויסגערופען געווארען ביי אלע שבטים... און ווען עס איז אנגעקומען דער יום טוב סכות און פון גאנץ ארץ ישראל האט מען עולי רגל געוועזן אין ירושלים און ווען דאס פאלק האט זיך פארזאמעלט אין בית המקדש, האט יעדער געפיהלט דעם גרויסען פארלוסט... עס איז דארט מעהר נישט געוועזן דער קלוגער ליעבליכער קעניג צו באגריסען זיין פאלק און בענשען זיי מיט א גליקליכען יום טוב...

# עפילאג

## די צוטיילונג פון דער מלוכה

כמעט דאס גאנצע פאלק ישראל האט געטרויערט איבער שלמה'ס טויט, איז דאך געוועזן איין פערזאן וואס איז געוועזן צופריעדען וואס דער קעניג איז געשטארבען. דיזע פערזאן איז געוועזן חלאה, ירבעם'ס כלה... ווען חלאה האט דערהערט אז שלמה איז טויט, האט א פרייד איהר ארומגענומען... יעצט האט זי געהאפט ווען ירבעם, איהר חתן, זיך אומקעהרען אין ארץ ישראל... ער וועט מיט איהר חתונה האבען... איהרע חלומות וועגען דער מלוכה האט ביי איהר ווידער אנגעהויבען אויפצולעבען... ווי נאענט איז איהר גליק געוועזן ווען זי האט געזעהן ווי שטארק בעליעבט ירבעם איז ביים פאלק, און בלויז איין טאג האט געזאלט פארבייגעהן און זי וואלט געווארען ירבעם'ס פרוי... אבער איהר גליק איז

פלוצים צושטערט געווארען. ירבעם איז געצוואונגען געווען צו אנטלויפען און איהר גליק איז אזוי פלוצים צושטערט געווארען.

באלד צוויי יאהר זיינען פאראיבער און זי האט פון ירבעם׳ן גארנישט גע־הערט... זי האט געמיינט אז ער איז טויט... זי פלעגט יעדען טאג קומען צו זיין מוטער, צרועה, און צוזאמען פלעגען זיי טרויערען איבער ירבעם׳ן... איינמאל איז דער נביא אחיה פון שלה אריינגעקומען אין צרועה׳ס הויז און זיך אפגערופען:

— איך האב צו דיר א גרוס פון דיין זוהן, צרועה!

— פון מיין זוהן? לעבט ער נאך? — האט צרועה אויסגערופען מיט פרייד.

— ירבעם לעבט! — איז חלאה וועלכע איז אויך גראדע געווען דאביי צוגע־לאפען צו אחיה׳ן.

— מיינער א פריינד האט זיך נאר וואס צוריקגעקעהרט פון מצרים, און ער האט מיר געזאגט אז ער האט ירבעם׳ן דארט געזעהן. ער געפינט זיך אין פאלאץ פון שישק, דעם קעניג פון מצרים... ער האט געבעטען, אז ווען עס וועט פאר איהם מעגליך זיין זיך צוריקצוקעהרען, זאל מען איהם אנזאגען.

די שמחה פוןביידע פרויען, צרועה און חלאה איז געווען זעהר גרויס... חלאה האט מיט גרויס אומגעדולד געווארט אויף דעם טאג, און ווי נאר זי האט דערהערט אז שלמה איז געשטארבען, האט זי אוועקגעשיקט איהר ברודער ער זאל גלייך צוריקרופען ירבעם׳ן פון מצרים.

נאך איידער עס האבען זיך געענדיגט די טעג פון טרויער פון שלמה׳ס טויט, איז שוין ירבעם אנגעקומען אין ארץ ישראל פון מצרים. ער איז גלייך אוועק נאך צרדה און זיך בעראטהען מיט זיינע פריינד וואס צו טהאן און ווי אזוי צו האנדלען.

— דאס פאלק איז נאך יעצט שטארק פארטרויערט איבער דעם פערלוסט פון שלמה׳ן — האט איינער פון זיינע גוטע פריינד זיך צו איהם אפגערופען, — און דאריבער וועלען ניט אלע צושטעהן צו דיר ווען דו וועסט ערקלעהרט ווערען קעניג. דאריבער איז מיין עצה אז דו זאלסט ווערען דער פיהרער פון די שבטים און פארלעגען אונזערע פאדערונגען צו רחבעם׳ן, און אויב ער וועט נישט וועלען ערפילען אונזער פארלאנג, דאן וועט דאס פאלק שנעל ווערען ענטטוישט אין איהם און די פארביטערונג וועט וואקסען צווישען די שבטים, און דאן וועט מען דיר אהן קיינע שוועריגקייטען ערקלעהרען אלס קעניג פון ישראל.

צרועה און חלאה האבען צוגעגעבען אז דיזע עצה געפעלט זיי בעסער.

— עס וועט זיין א סך זיכערער צו ווערען פריהער דער פיהרער פון די שבטים פון צפון — האט חלאה געזאגט, — איידער גלייך צו פארפיהרען אי אפענעם קאמפף מיט רחבעם׳ן.

— און איידער איך וועל עפעס אנדערש טהאן, — האט ירבעם אויסגערו־פען, — וועל איך מיט דיר חתונה האבען, מיין ליעבע חלאה. איך וועל שוין מ:הר נישט אפלייגען אויף שפעטער כדי עס זאל זיך עפעס ניט טרעפען, ווי עס האט שוין פאסירט דאן.

אין איינינע טעג ארום האט ירבעם געפייערט זיין חתונה מיט חלאה׳ן. אויף זיין שמחה זיינען געווען פיעלע פארשטעהער פון פארשידענע שטעדט, און טאקע אויף זיין חתונה האבען זיי איהם אויסגעקליבען צו זיין דער הויפט־פארשטעהער

**ווען עס וועט אויסקומען צוריידען צו רחבעם'ן און פארצולעגען פאר איהם די פארערונגען פון די נארדליכע שבטים.**

---

גלייך נאך זיין פאטער'ס טויט איז רחבעם געווארען קעניג איבער די צוויי שבטים יהודה און בנימין. קיינער האט גאר אנדערש ניט געטראכט, אז שלמה'ס זוהן וועט ווערען זיין נאכפאלגער. אלע האבען גלייך אנערקענט רחבעם'ן פאר זייער קעניג.

די איבריגע שבטים האבען געשיקט אנזאגען רחבעם'ן אז זיי ווילען איהם קרוינען אין שכם, גלייך ווי די טרויער־טעג פון זיין פאטער וועט פאראיבער.

ווי די זעקס מאנאטען באשטימטע טרויער־טעג האבען זיך געענדיגט, האט רחבעם, מיטנעהמענדיג אלע זיינע גוטע פריינד, די חכמים וועלכע זיינען געווען מיט זיין פאטער, און אויך די יונגע לייט מיט וועמען ער האט זיך גע'חבר'ט נאך פון זיין קינדהייט, און אויך א קליינע ארמעע און א'ז מיט גרויס פאראד אבגע־פאהרען נאך שכם געקרוינט צו ווערען אלס קעניג אויך פון די איבריגע שבטים.

ווען רחבעם איז אנגעקומען אין שכם, האבען איהם די דארטיגע איינוואה־נער געגעבען זעהר א פיינע אויפנאהמע. אין דעם גרויסען פאלקס־הויז האבען זיך דער קעניג מיט זיינע מענשען פארזאמעלט און א מאלצייט איז געמאכט געווארען לכבוד זיי.

דארטען האט מען איבערגעגעבען רחבעם'ן אז איידער מען וועט איהם קרוינען אלס קעניג האט דאס פאלק איהם פארצולעגען איייניגע פאדערונגען, און אז אויף מארגען וועלען די פארשטעהער זיין ביי איהם און איהם דאס איבער־געבען.

רחבעם'ן האט עס אפילו נישט איבריג געשמעקט, אבער ער האט זיי גע־ענטפערט, אז ער וועט אויפנעהמען די פארשטעהער און אויסהערען די פא־דערונגען.

אויף מארגען איז צו רחבעם'ן געקומען ירבעם אין דער בעגלייטונג פון נאך צעהן פארשטעהער פון די צעהן שבטים.

ווי רחבעם האט פון ווייטען דערזעהן ירבעם'ן, האט אין איהם זיין בלוט אויפגעקאכט. אט דער זעלבער ירבעם, וועלכער האט געמאכט א פארזוך צו מאכען אן אויפשטאנד געגען זיין פאטער, איז גאר יעצט דער הויפט פארשטעהער פון די שבטים.

איידער ער איז ארויס אויפצונעהמען די פארשטעהער, האט ער זיך דורכ־געערדט מיט זיינע מענשען :

— ירבעם, דער זוהן פון נבט, איז דאך אנטלאפען פון מיין פאטער, ער האט פארדיענט דעם טויט און יעצט שיקט איהם דאס פאלק אלס זייער הויפט־פאר־שטעהער צו מיר ! ניין, איך וועל איהם נישט אויפנעהמען ! אנשטאט דעם וועל איך באפעהלען מיינע וועכטער איהם צו פאנגען און טויטען גלייך אויפ'ן ארט.

— אונזער האר קעניג איז גערעכט ! ירבעם האט פארדיענט דעם טויט ! — האבען רחבעם'ס יונגע פריינד זיך אפגערופען, — עס איז זעהר א גרויסע בעליי־דיגונג פאר דעם קעניג אז דער אומווירדיגער ירבעם זאל געשיקט ווערען צום קעניג אלס זייער פארשטעהער... יא, א טויט צו ירבעם'ן ! א טויט צו ירבעם'ן !...

— טהו נישט קיין איבעראײלטען שריט, מיין האר קעניג, — האט זיך אפגערופען אן עלטערער מאן, וועלכער איז געווען איינער פון שלמה'ס חכמים. — פארגעס נישט, אז דו ביזט יעצט זייער גאסט, און אויב דו וועסט יעצט פארגיסען בלוט, בפרט די בלוט פון דעם וועמען זיי האבען אויסגעקליבען צו זיין זייער פארשטעהער, וועט עס אויפרעגען דאס גאנצע פאלק און קיין גוטעס וועט דיר דאפון נישט ארויסקומען. אויב די סנהדרין פון ירושלים וועלען בעשליסען אז ירבעם האט פארדיענט דעם טויט, וועסטו עס קענען טהאן שפעטער ווען דיין מלוכה וועט באפעסטיגט ווערען איבער גאנץ ארץ ישראל.

— גוט! — האט רחבעם אויסגערופען, — איך וועל זיי אויפנעהמען.

ירבעם און די איבריגע זיינען אריינגעקומען און זיך פארנייגט פאר רחבעם'ן. זיי האבען זיך אלע אוועקגעזעצט אויף די שטוהלען וואס איז פאר זיי געבראכט געווארען.

— נו, יעצט זאגט מיר אייער פארלאנג! — האט זיך רחבעם געווענדעט צו זיי, בעמיהענדיג נישט צו קוקען אויף ירבעם'ס פנים.

ירבעם האט זיך אויפגעשטעלט און האט זיך דערנעהנטערט צו רחבעם'ן.

— דיין פאטער, — האט ירבעם אויסגערופען, — האט אויף אונז ארויסגעלייגט זעהר א שווערען יאך פון צינזען. דאס פאלק האט שטארק געליטען און געשווינען... ווייל שלמה איז געווען דער קליגסטער קעניג און איז ביי אלעמען באליעבט געווארען. יעצט אבער פארלאנגט דאס פאלק אז דו זאלסט פארקלענערען די צינזען אויף אזוי פיעל אז עס זאל מעהר צו קיינעם נישט פאלען צו לאסט... דאס פאלק איז נישט מחויב אויסצוהאלטען די צאהלרייכע פרויען וואס דעם קעניג וועט זיך פארגלוסטען צו נעהמען, אדער תענוגים וואס דער קעניג און זיין משפחה פארווילט זיך צו האבען. דאס פאלק איז שוין מיעד צו צאהלען אזעלכע צינזען!

ווען רחבעם האט דערהערט די חוצפה'דיגע רייד פון ירבעם'ן, האט איז איהם זיין כעס געברענט... ער האט זיך אבער באהערשט און זיך אפגערופען:

— קומט אין דריי טעג ארום און איך וועל אייך געבען מיין ענטפער.

ירבעם מיט די איבריגע זיינען ארויסגעגאנגען, און רחבעם איז גלייך אוועק זיך צו בעראטהען מיט זיינע חכמים. פריהער האט ער צוזאמענגערופען די עלטערע חכמים, וועלכע זיינען געווען אויך די ראטהגעבער פון זיין פאטער, און ער האט זיי איבערגעגעבען וואס ירבעם האט פארלאנגט אין נאמען פון די שבטים.

— ער האט גערעדט מיט אזוי פיעל חוצפה אז איך האב זיך קוים באהערשט. — האט רחבעם זיך אפגערופען, — איהם נישט צו פארטרייבען פון מיינע אויגען. יעצט ראטה מיר וואס צו טהאן און ווי אזוי צו האנדלען מיט די פארשטעהער פון די שבטים.

א ווײלע זיינען די חכמים געבליבען שטיל און בעטראכט וואס צו טהאן.

— מיין עצה איז — האט זיך אפגערופען דער עלטסטער פון די חכמים — אז דו זאלסט זיי געבען א מילדען ענטפער. ווען דו וועסט זיי יעצט נאכגעבען און זיין א קנעכט צום פאלק, און דו וועסט מיט זיי ריידען גוטע ווערטער, זיי בארשפרעכענדיג צו ערפילען זייערע פארלאנגען, וועט דאס פאלק פארבלייבען אייביגע קנעכט צו דיר.

— און וואס איז אייער מיינונג? — האט זיך רחבעם געווענדעט צו די איבריגע חכמים.

— מיר זיינען אויך איינשטימיג מיט דער מיינונג פון אונזער עלטסטען, — האבען די איבריגע חכמים געזאגט.

— דיין פאטער, דער קלוגער קעניג שלמה, פלעגט אלע מאל זאגען: "מענה רך ישוב חמה" (א ווייכער ענטפער פארטרייבט דעם כעס). יא, ווען דו וועסט יעצט זיין נאכגעביג, וועסטו גאנץ גרינג געווינען דאס הארץ פון פאלק.

א ווײלע שפעטער האט רחבעם צוזאמענגערופען זיינע יונגע ראטה־געבער, די יונגע לייט מיט וועמען ער איז געוועזן באפריינדעט פון זיין יוגענד. ער האט זיי דערצעהלט ווי אזוי ירבעם האט צו איהם גערעדט און וועגען די פארערונגען וואס ער האט געפאדערט פון איהם אין נאמען פון די שבטים.

— דאס איז אן אונערהערטע חוצפה! — האט איינער פון רחבעם'ס בעסטע פריינד אויסגערופען, — איך האב אבער פריהער געראטהען אז ירבעם זאל גלייך געטויטעט ווערען... דאס האט ער געוואגט אזוי צו רייד׳ען ווייל ער גלויבט אז דער קעניג האט פאר איהם מורא.

— נו, וואס איז דיין מיינונג, וואס פאר א תשובה זאל איך געבען דעם פאלק? — האט איהם רחבעם געפרעגט.

— מיין מיינונג איז, אז דער קעניג טאר נישט ארויסווייזען קיין שוואכקייט ווען ער וועט מיט זיי פערהאנדלען.

— אבער די עלטערע חכמים פון מיין פאטער האבען מיר געראטהען איך זאל רײדען צו זיי ווייכע רייד און זיין נאכגעביג... יא, איך זאל דערווייל זיין א קנעכט צום פאלק.

— דאס איז א גרויסע בעליידיגונג פאר דיר, מיין האר קעניג, אויב דו וועסט זיי יעצט נאכגעבען וועלען זיי דאס אננעהמען אלס סימן אז דו האסט מורא פאר זיי און זיי וועלען באלד ארויסשטעלען נאך גרעסערע פארערונגען.

— איך האב אבער גלייך פארשטאנען אז אזוי וועט זיין! — האט זיך א צווייטער פון זיינע חברים אפגערופען, — מיר האבען דיר געראטהען גלייך צו טויטען ירבעם'ן און דו האסט זיך צו אונז נישט צוגעהערט, דו האסט אנגענומען די עצה פון די אלטע חכמים וועלכע זיינען שוין פון לאנג אויסגעוועפט געווארען. און יעצט, אויב דו וועסט זיך ווידער צוהערען צו די אלטע לייט, דאן וועסטו נישט הערשען איבער'ן פאלק, נאר דאס פאלק וועט הערשען איבער דיר!

— נו, און וואס איז אייער עצה? — האט רחבעם זיך געווענדעט צו זיי.

— אונזער עצה איז, — האט רחבעם'ס יוגענד־פריינד זיך אפגערופען, — אז דו זאלסט דעם פאלק געבען א הארבע תשובה... זאלען זיי וויסען אז דו בויגסט זיך נישט פאר'ן המון, וועלען זיי האבען פאר דיר מעהר דרך ארץ... יא, אזוי זאל זיין דיין ענטפער צו ירבעם'ן און צו די איבריגע פארשטעהער פון די צעהן שבטים: "מיין קליינער פינגער איז דיקער פון מיין פאטער'ס לענדען": מיין פאטער האט אויף אייך ארויפגעלייגט א שווערען יאך, און איך וועל נאך דעם יאך שווערער מאכען פאר אייך... מיין פאטער האט אייך געשטראפט מיט בייטשען, און איך וועל אייך בעשטראפען מיט שטעכיגע דערנער!... יא, אזוי

זאלסטו ריידען צום פאלק, און דאן וועסטו זעהן ווי דאס פאלק וועט פאר דיר ציטערען, און דו וועסט פארבלייבען א זעלבסטשטענדיגער הערשער!

— יא, דו ביזט גערעכט! — האט רחבעם אויסגערופען, — יעצט זעה איך, אז איך האב געטהאן א נארישקייט וואס איך האב זיך צוגעהערט צו מיין פאטערס אלטע חכמים, איך וועל זיך צוהערען צו אייער עצה. אזוי וועט מיין תשובה זיין צו די פארשטעהער... און איך וועל טאקע באלד העכערען זייערע צינזען און ארויסשיקען אדורם'ן אויפצומאהנען די צינזען.

---

אויפ'ן דריטען טאג איז ירבעם אריין מיט די איבריגע פארשטעהער צו רחבעם'ן און געווארט ביז וואנען דער קעניג וועט ארויסקומען זיי צו געבען זיין תשובה.

באלד איז אריינגעקומען רחבעם אין דער בעגלייטונג פון זיינע לייבוועכטער. א שטילקייט האט געהערשט אין צימער. באלד אבער האט זיך ירבעם אויפגע־הויבען פון זיין פלאץ און איז צוגעקומען צו רחבעם'ן און זיך פארנייגענדיג פאר איהם, האט ער אויסגערופען:

— וואס איז דעם קעניג'ס ענטפער צום פאלק!...

רחבעם האט אויף איהם געווארפען א בליק פול מיט צארן און האס, און ער האט זיך אפגערופען מיט א שטרענגער שטימע:

— גיב איבער דעם פאלק אין מיין נאמען, אז מיין פאטער האט אויף זיי ארויפגעלייגט א שווערען יאך פון צינזען, אבער איך וועל... יא, איך וועל נאך זייער יאך שווערער מאכען... איך וועל זייערע צינזען גלייך פארגרעסערען... אויב מיין פאטער האט אייך בעשטראפט מיט בייטשען, וועל איך אייך בעשטראפען מיט שטעכעדיגע דערנער... זאלען זיי וויסען ווי צו שטעלען מיר אזעלכע חוצפה'דיגע פאדערונגען.

ירבעם און די איבריגע פארשטעהער האבען קיין ווארט נישט גערעדט און האבען גלייך פארלאזען דאס הויז.

א גרויסער המון האט זיך געהאט פארזאמעלט אין דרויסען וואס האט מיט גרויס אומגעדולד געווארט צו הערען רחבעם'ס תשובה.

ירבעם איז ארויסגעקומען און האט זיך אוועקגעשטעלט אויף א הויכען פלאץ און איבערגעבענדיג דעם פאלק רחבעם'ס תשובה, האט ער אויסגערופען מיט ערביטערונג:

— מיר האבען מעהר קיין חלק נישט אין דעם הויז פון דוד!... זאל ער געהן צו זיין שבט.

אין דערזעלבער צייט האבען זיך גענומען פארזאמלען וואס מעהר אידען, און ירבעם האט זיי גענומען פיהרען.

— נידער מיט רחבעם'ן!! ! ארונטער מיט די הויז פון דוד!! — האבען זיך געהערט געשרייען צווישען פאלק.

דערווייל האט רחבעם גלייך ארויסגעשיקט אדורם'ן אויפצומאהנען די צינזען. און ווי נאר ער איז ארויס און געזאגט אין נאמען פון קעניג אז יעדער זאל איהם ברייגנען די צינזען, איז דער המון אויפגעבראכט געווארען אויף איהם, און איהם גענומען פארווארפען מיט שטיינער ביז וואנען ער איז געפאלען טויט.

גלייך נאכדעם האט זיך דער המון געלאזט לויפן צו דעם פלאץ וואו רחבעם האט זיך געפונען.

אדורם'ס בעגלייטער וועלכער האט זיך געראטעוועט, איז גלייך אנטלאפען צו רחבעם'ן און האט איהם מיט גרויס שרעק איבערגעגעבען ווי אזוי דאס פאלק האט פארשטיינט אדורם'ן און ער האט איהם אויך געזאגט, אז דער אויפגערעגטער המון קלייבט זיך צו קומען אהער.

— מיין הער קעניג! — האט ער אויסגערופען מיט א ציטערנדע שטימע, — אויב דיין לעבען איז דיר טהייער, אנטלויף! ווייל ירבעם פיהרט דעם המון, און ער וועט דיר געוויס זוכען שלעכטעס צו טהאן.

רחבעם האט זיך שנעל אריינגעזעצט אין זיין קארעטע און זיינע לייבוועכטער האבען זיך געזעצט אויף זייערע פערד און זיי האבען שנעל גענומען לויפען נאך ירושלים.

---

ווי רחבעם איז אנטלאפען געווארען פון שכם, האבען זיך פארזאמעלט די אידען פון די שבטים אפרים און מנשה און האבען געמאכט ירבעם'ן פאר זייער קעניג. זיי האבען איהם געקרוינט מיט גרויס פאראד אין שכם... באלד האבען גענומען צושטעהן צו איהם אויך די איבריגע שבטים, און אזוי איז אין גאר א קורצע צייט ירבעם געווארען קעניג איבער צעהן שבטים...

רחבעם האט צונויפגעזאמעלט א גרויסע ארמעע אין ירושלים, און ער האט געוואלט געהן מלחמה האלטען מיט ירבעם'ן צוריקצוקריגען די צעהן פארלארענע שבטים, אבער דער נביא שמעיה האט איהם דערפון אפגערעדט:

— דו ווילסט אנפאנגען דיין קעניגרייך מיט בלוט-פארגיסונג. דאס וועט דיר קיינע נוצען נישט ברייגגען... דו קענסט נישט צווינגען צעהן שבטים צו ווערען דיינע קנעכט געגען זייער ווילען... אויב דו וועסט יעצט ארויסגעהן אויף מלחמה געגען ירבעם'ן, וועסטו זעהר ווינציג געווינען, אבער דיר שטעהט פאר א סך צו פארלירען. דאריבער ראטה איך דיר דו זאלסט ניט געהן קעמפפען מיט דיינע ברידער, אזוי איז עס באשערט פון הימעל.

רחבעם האט זיך צוגעהערט צו די ווערטער פון נביא, און ער האט פאנאנדערגעשיקט זיין ארמעע.

---

ירבעם האט זיך באזעצט אין שכם, און לויט די עצה פון דעם נביא אחיה השלוני האט ער אויך אויפגעגעבען זיין געדאנק צו געהן מלחמה האלטען מיט רחבעם'ן און צונעהמען פון איהם אויך די צוויי שבטים, יהודה און בנימין...

ווען דער יום טוב סכות האט זיך גענומען דערנעהנטערן, האט זיך ירבעם גענומען שרעקען. ער ווייס אז דאס פאלק איז שוין זייט פיעלע יאהרען איינגעוואוינט עולי רגל צו זיין אויף יעדען יום טוב נאך ירושלים צו דיענען גאט אין דיים בית המקדש וואס שלמה האט געבויט. יעצט אויב דאס פאלק וועט דארט קומען יעדען יום טוב, דאן איז זיין מלוכה נישט געזיכערט. ביסלעכווייז וועט דאס פאלק צוריקצוציגען ווערען צו ירושלים און צו רחבעם'ן, און ער קען נאך דורך דעם פארלירען זיין מלוכה. ער האט זיך גענומען בעראטהען מיט זיינע יועצים און זיינע גוטע פריינד וואס צו טהאן.

— זינט די מלוכה איז צוטיילט געווארען — האט ירבעם זיך אפגערופען, — האבען די כהנים און די לויים וועלכע זיינען געווען צושפרייט איבער'ן לאנד, פארלאזען זייערע וואהנונגס-פלעצער און זיך אומגעקעהרט נאך ירושלים... יעצט אז דאס פאלק וועט וועלען מקריב זיין קרבנות וועט ער מוזען אנקומען צו די כהנים און לויים. יעדער וועט מוזען קומען נאך ירושלים, וועל איך דען זיין זיכער מיט מיין מלוכה? דאריבער האב איך באשלאסען צו באשטימען כהנים פון איינפאכען פאלק, וועלכע זיינען נישט פון שבט לוי, און איך וועל אויך אוועקשטעלען צוויי גאלדענע קעלבער, איינעם אין בית אל און איינעם אין דן, און דאס פאלק וועט אויפגעפאדערט ווערען צו קומען דארטען און מקריב זיין קרבנות פאר די גאלדענע קעלבער. אזוי וועלען מיינע צעהן שבטים אין גאנצען אפגעפרעמדט ווערען פון ירושלים. זיי וועט שוין אהין מעהר ניט ציהען.

— אזוי ווי דער יום טוב סכות קומט באלד אן — האט איינער פון ירבעם'ס ראטהגעבער זיך אפגערופען, — וואלט איך געראטהען אז דער קעניג זאל דעם יום טוב אפלייגען אויף א מאנאט, אנשטאט דעם פופצעהנטען טאג אין זיבעטען מאנאט, זאלסטו אויסרופען אז דער יום טוב סכות זאל געפייערט ווערען דעם פופצעהנטען טאג פון דעם אכטען מאנאט.

ירבעם האט אזוי געטהאן. ער האט פריהער אפגעלעגט די פייערונג פון יום טוב סכות אויף א מאנאט. דערווייל האט ער געהאט מעהר צייט צוצוגרייטען די גאלדענע קעלבער אין בית אל און אין דן.

ער האט גלייך בעשטימט כהנים פון פאלק און זיי האבען גענומען איינרייִדען דעם פשוט'ען המון צו קומען מקריב זיין זייערע קרבנות אין די טעמפלען פון די גאלדענע קעלבער.

ביסלעכווייז האט דאס פאלק אויפגעהערט צו קומען אין ירושלים. די אנהענגער פון ירבעם האבען גענומען איינריידען אלעמען מעהר ניט צו געהן נאך ירושלים. דאס פאלק האט אנגעהויבען צו דיענען צו די גאלדענע קעלבער.

אזוי איז דאס פאלק ישראל צוטיילט געווארען אין צוויי בעזונדערע קעניגרייכען. די מלוכה פון יהודה, וואו רחבעם האט געקעניגט איבער די צוויי שבטים, יהודה און בנימין, און די מלוכה פון ישראל, וואו ירבעם האט געקעניגט איבער צעהן שבטים. די פעראייניגטע מאכט פון ישראל איז צוזאמענגעבראכען געווארען.ביידע מלוכות האבען געלעבט ווי צוויי בעזונדערע פיינדליכע פעלקער.

דאס איז געווען דער אנפאנג פון די אידישע צרות וואס האט זיך מיט עטליכע דורות שפעטער געענדיגט אין דער פארטרייבונג פון די עשרת השבטים ביי דעם קעניג פון אשור, און שפעטער — צום חורבן פון דעם בית המקדש, און די פארטרייבונג פון די שבטים יהודה און בנימין דורך נבוכדנצר אין בבל.

**ענדע.**